# פעלשטין

## זאַמלבוך

### צום אָנדענק פון די פעלשטינער קדושים

רעדאַקטירט פון בוך קאָמיטעט

יונה בוים סעקרעטאַר

אַלעף כץ, טעכנישער רעדאַקטאָר

צייכנונגען פון נאָטע קאָזלאָווסקי



ארויסגעגעבן פון פעלשטינער פאראיין

ניו יאָרק, 1937

# FELSHTEEN

Published by

FIRST FELSHTEENER BENEVOLENT ASS'N

40 East 7th St., New York, N. Y.



●

דער פעלשטינער פאַראיין דריקט אויס זיין דאַנק און אַנערקענונג צו יעדען מיטגליד פונ׳ם בוך־קאָמיטעט פאַר זייער אונערמידליכער אַרבייט ביים צוזאַמענשטעלען און אַרויסגעבען דעם דאָזיגען זאַמלבוך.




●

POSY-SHOULSON PRESS
19 W. 21st St., New York City



# פעלשטין
# זאַמלבוך



**ארויסגעגעבען פון פעלשטינער פאראיין דורך אן ערוועהלטען קאָמיטעט
פון די פאָלגענדע מיטגלידער:**

**דר. מ. האָפמאן**, פאָרזיצער

**ב. פאָרמאַן**, קאַסיר — **דר. י. קלינג**, איניציאַטאָר פון בוך
**ש. ח. פאָרטנאָי**, פינ. סעק. — **ה. אוילשטיין**
**וו. קום**, פרעז. פונ׳ם פאראיין — **וו. שענקמאַן**
**ל. שליגאוויץ**, עקס־פרעזידענט — **י. א. פישביין**, פאראיינס פינ. סעק.
**ש. צוויג** — **ב. בוים**
**מאיר האָפמאן** — **א. בייזער**

**י. בוים**, סעקרעטאר



דער מאטעריאל איז געזאמעלט און צוגעגרייט געווארען פאר׳ן בוך־קאמיטעט פונ׳ם סעקרעטאר.



**טעכנישע רעדאַקציע:** אנגעפאנגען פון **ה. ראָזענפעלד** און פארענדיגט פון **אלעף קאַץ**.
דער בוך קאמיטעט דריקט אויס זיין אנערקענונג צו **אלעף קאַץ** פאר דער פיל מי און שווערער ארבעט, וואס ער האט געווידמעט אט דעם זאמלבוך.

## דרוק פעלער

דורך אַ פֿאַרדריסליכען טעות איז אויף זייט 270 איבער דעם אַרטיקעל „אַ בליק אויף פּעלשטין״ אַרויסגעלאָזט געוואָרען דער פאַמיליען־נאָמען פונ׳ם מחבר. דער אַרטיקעל איז געשריבען געוואָרען פון —

**יצחק אייזיק פישביין**

# מיטגלידער פון פעלשטינער בוך-קאָמיטעט



נ. פאָרמאַן



דר. מ. האָפמאַן



ל. שליגאָוויץ



וועלוועל קום



מאיר האָפמאַן



ש. ח. פאָרטנאָי



שלמה (שמואל־חיים׳ס) צוויג

## מיטגלידער פון פעלשטינער בוך-קאָמיטעט



יונה בוים



דר. י. קלינג



א. בייזער



בערל בוים



וועלוועל שענקמאן



הערשל אוילשטיין



י. א. פישביין




בילדלעכע מאפע פון פעלשטין

# אינהאַלט

## אַריינפיר

זייט



## דריטער טייל — אין דער נייער היים

דר. י. קלינג

# אַריינפיר

ווען אַ מענש מאַכט צו די אויגען און שטאַרבט — וואָס טוען די, וועלכע פאַרבלייבען נאָך איהם?

די משפחה וויינט און קלאָגט אויף דעם בראָך: פריינט און באַקאַנטע טרויערען אויף זיין טויט — דער גורל פון יעדען מענשענקינד.

נאָכדעם ברענגט מען איהם צו קבורה. ביים אָפענעם קבר שטעלט מען זיך אַרום מיט געבויגענע קעפ, און ווען מען לאָזט אַראָפ דעם בר מנן אין גרוב, ברעכט ווידער אויס אַ געוויין, ביז מען פאַרשיט איהם. און מען צוגייט זיך. אויפ'ן בית־עולם בלייבט בלויז אַ בערגעל ערד.

און די צייט היילט די וואונד.

אָבער ווי די צייט זאָל ניט היילען, פאַרגעסען מיר ניט די נפטרים. מיר שטעלען אַ מצבה, אַ דענקמאָל פאַר די קומענדיגע דורות. מיר היטען אָפ דעם יאָהרצייט.

---

זיבעצען יאָהר זיינען שוין אַוועק זינט די קאַטאַסטראָפע האָט, ווי אַ העלייש פייער, אַרומגעכאַפט אונזער געבורט־שטעדטעלע פעלשטין. אַ שוידערליכע שחיטה, וואָס האָט ניט קיין גלייכען צו זיך אין דער מאַרטירער־געשיכטע פון אונזער פאָלק, איז געמאַכט געוואָרען אויף אונזער בלוט און פלייש — אויף זויג־קינדער און זקנים, אויף מענער און פרויען צוגלייך. מיט דער גרעסטער רציחה האָט מען זיי פאַרפייניגט צום טויט. ווי רינדער האָט מען געשאַכטען דעם זקן, וואָס איז שוין געשטאַנען מיט איין פוס אין קבר, און דאָס ניי־געבוירען קינד, וואָס האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן די ליכטיגע וועלט...

אונזער שטעדטעלע איז פאַרפלייצט געוואָרען מיט בלוט. פינף הונדערט הרוגים האָבען זיך אַרומגעוואַלגערט אויף פעלשטינער ערד, ביז מען האָט זיי אויפגעקליבען און באַהאַלטען אין איין גרויסען ברודער־קבר, אין איין פינסטערער גרוב, אָהן אַ מצבה, אָהן אַ דענקמאָל, וואָס זאָל אַרויסשרייען צו דער וועלט די שוי־דערליכע טראַגעדיע, וועלכע האָט אונז געטראָפען.

דער הימעל שפּרייט זיין וואונדערליכען בלוי איבער דעם ברודער־קבר. די זון וואַרימט איהם און באָדט איהם אין גאָלד. דער נאַכטיגער טוי זעצט זיך אָפּ אויף זיינע גראָזען, ווי פּערעל־טרערען אין די אויגען פון אַ צאַרט קינד.

יאָ. די נאַטור איז פול מיט רחמים. די נאַטור איז קיינמאָל ניט אַזוי גרויזאַם, ווי דער מענש. די נאַטור האָט דעם קבר אויס־געגלייכט, איהם באַדעקט מיט געדיכטע גראָזען און בלומען. זי וויל פאַרווישען די אכזריות'דיגע שפּורען, וואָס די חיה אין מענשען־געשטאַלט האָט נאָך זיך געלאָזען. באַלד וועט שוין אפילו קיין זכר ניט בלייבען אויף דעם אָרט, וואו עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דער פינאַל פון דער בלוטיגסטער טראַגעדיע, וואָס דער גורל האָט אָנ־געצייכענט פאַר אונזער שטעדטעלע.

אָבער ניט בלויז די הרוגים און קדושים זיינען איצט באַגראָבען און באַדעקט מיט אַ דיקער שיכט ערד און וועלען באַלד פאַרגעסען ווערען — כמעט דאָס זעלבע איז אויך געשעהן מיט'ן גאַנצען לעבען פון אונזער שטעדטעל: דאָס פיזישע, ווי דאָס גייסטיגע לעבען, איז שוין טיילוויז אָפּגעמעקט געוואָרען, ווי פאַרצייטיגע שטעדט, וואָס זיינען אומגעקומען אין א נאַטור־קאַטאַסטראָפע.

דאָס לעבען, וואָס מיר האָבען אַמאָל איבערגעלאָזט הינטער אונזערע פּלייצעס, ווען מיר האָבען אָפּגעטרייסעלט די היימישע ערד פון אונזערע פיס — דאָס לעבען פון אונזער קינדהייט און יוגענט, וואָס מיר האַלטען טיף אין האַרצען, אין אונזער נשמה — אָט דאָס לעבען איז אַציינד אָפּגעווישט געוואָרען, אַקוראַט ווי עס וואָלט גע־ווען בלויז אַ חלום.

דאָס גאַנצע לעבען אונזערס פון דורות און דורות, ליידען און פריידען, דער גאַנצער לעבענסשטייגער, וואָס מיר האָבען ביז איצ־טער דאָרט געהאַט געשאַפען — אַלץ האַלט ביים פאַרשווינדען, ביים צעבלאָזען ווערען, ווי שטויב פאַר אַ ווינט. די מענשען, מיט וועמען מיר האָבען געלעבט און געליטען, מיט וועמען מיר האָבען אונזערע קינדערשע יאָהרען פאַרבראַכט, גע'חלום'ט אונזערע קינ־

דערשע חלומות — ווערן פֿאַרגעסען ווערען און ניט איבערלאָזען נאָך זיך קיין סימן, קיין שפור פון זייער טראַגישען לעבען און נאָך טראַגישערען טויט.

ווען מיר, פעלשטינער, פֿאַרמאָגען צווישען זיך מאָלער און דיכ־טער, פֿאַראייביגען מיר אונזער שטעדטעלע אין פערז און אין פֿאַרב, און מיר לאָזען איבער אַ דענקמאָל פון אונזערע ברידער און שוועס־טער און פון יענעם גאַנצען לעבען פֿאַר אונזערע קינדער און פֿאַר'ן פֿאָלק.

ליידער פֿאַרמאָגען מיר ניט קיין גרויסע טאַלאַנטען, איז אונזער אויסוועג געווען אַ קאָלעקטיווע שאַפונג. מיט אונזערע אָרימע כוחות באַמיען מיר זיך אַלע צוזאַמען אויפצושטעלען אַ דענקמאָל צו פֿאַר־אייביגען די הרוגים און קדושים און דאָס אַלטע פעלשטינער לעבען, וואָס איז פֿאַרלענדט און פֿאַרטיליגט געוואָרען אויף אייביג.

אין איין וועג מאַכען מיר שוין אויך אַ פֿאַרזוך אַנצואוואַרפען אַ פֿאָר שטריכען פון דעם נייעם לעבען, וואָס מיר, פעלשטינער, האָבען אָנגעהויבען צו פירען דאָ, אין אונזער נייער היים — אַמעריקע.

יעדער איינציגער פון אונז טראָגט צו צו אָט דעם דענקמאָל זיין חלק — אַ פּראָסט, רוי שטיינדעל, אפילו נישט אָרומגעהאַקט, אודאי ניט פֿאָלירט, אַ שטיינדעל אַרויסגעריסען פון דער רויער ערד. און שטיינדעל צו שטיינדעל לייגען מיר צוזאַמען אַ בערגעל ווי אַ פּרי־מיטיווען דענקמאָל, אָן קינסטלערישער שעהנקייט, אָן גראַציע, דער־פֿאַר אָבער שטאַרק, עכט און אמת'דיג, ווי דאָס האַרץ פון פּשוט'ן פֿאָלק.

זאָל דער דאָזיגער דענקמאָל — דאָס בוך — וואָס מיר האָבען אַלע צוזאַמען געשאַפען, בלייבען אַ געדעכעניש פֿאַר אונזערע קינדער און אפשר אויך פֿאַר'ן גאַנצען פֿאָלק לדור דורות צו פֿאַראייביגען דאָס טראַגישע לעבען און דעם נאָך טראַגישערען טויט פון אונזערע קדושים.

## יונה בוים

# אַ דערקלערונג



דער בוך נויטיגט זיך ניט אין דערקלערונגען, און מיר וואָלטען אויך ניט געמאַכט קיין „דערקלערונג", ווען עס וואָלט ניט געווען א וואונדער ווי אזוי אזא קליין פאַראיינדעל ווי די פעלשטינער לאַנדסמאַנשאַפטען אין ניו־יאָרק, ניט האָבענדיג אפילו איין ערפאַרענעם שריפטשטעלער צווישען די מיטגלידער, האָט זיך געקאָנט אונטערנעמען אַרויסצוגעבען אזא בוך.

וואָס־זשע האָט געגעבען דעם פעלשטינער פאַראיין דעם כוח, דעם מוטה, אונטערצונעמען אזא שווערע, אזא פאַראַנטוואָרטליכע ארבייט? —

דער ענטפער איז: דער פעלשטינער פּאָגראָם, וואָס האָט פאַרלענדעט און פאַרטיליגט ניט נאָר א קליין שטעטעלע מיט אידען, נאָר כמעט א גאַנץ אידיש וועלטעלע...

דער פעלשטינער פּאָגראָם האָט אויפגעשווידערט די גאַנצע פעלשטינער לאַנדסמאַנשאַפט ביז משוגעת, ביז הילפלאָזער היסטעריקע...

א קליינינגקייט! מען האָט אויסגע׳הרג׳עט טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער, יונג און אַלט, וועמען מען האָט מיט יאָהרען צוריק איבער־געלאָזט אין אָרימקייט און אָן שום האָפענונג אויף א בעסערען טאָג. יאָה־רען־לאַנג האָט מען געשפּאָרט צו פאַרגרינגערען זייער ביטער לעבען, געהאָפט נאָך אמאָל צו זעהען זיך, און פּלוצים אויס!... אויסגעקוילעט, געשענדעט, דערשאָסען, דערשטאָכען און פאַרברענט מיט א ווילדער אכזריות, וואָס האָט גאָר קיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע פון אידישען מאַרטי־רערטום . . .

נאָכ׳ן פּאָגראָם האָט מען זיך ממש אויסגעבראכט און אוועקגעשיקט געלט מיט א דעלעגאַט צו ראַטעווען די פאַרקריפּעלטע, און די וואָס האָבען מיט נסים זיך געראַטעוועט פון א מיתה משונה׳דיגען טויט.

פילע פּאָגראָמירטע זיינען אריבער קיין גאַליציע, געהאָפט אָפּצופּאָה־רען קיין אמעריקע מיט דעם געלט וואָס דער דעלעגאַט האָט געבראכט פאר

זיי. צום אומגליק איז דעמאָלט אָפּגעשטעלט געוואָרען די עמיגראַציע קיין אמעריקע. דאָס געלט איז ביי זיי, אין גאַליציע, צערונען געוואָרען און די אומגליקליכע, פאַרלוירענע עמיגראַנטען האָבען זיך געמוזט צוריקקערען צו דעם חרוב׳ן פעלשטין... און נאָך געדאַנקט גאָט דערפאַר וואָס די באַל־שעוויסטישע מאַכט האָט זיי אַריינגעלאָזט צו זיך אין דער פאַרלאָזענער חרוב׳ער היים...

פון יאָהר צו יאָהר האָבען זיך די פעלשטינער לאַנדסלייט פאַרזאַמעלט צום יאָהרצייט, געזאָגט קדיש נאָך די „קדושים", באַוויינט און באַקלאָגט דאָס אומגעקומענע אייגען בלוט און פלייש...

פופצען יאָהר זענען אַזוי אַריבער און קיינער האָט נאָך דעם ביטערען אומגליק ניט פאַרגעסען.

אייניגע פאַראיין מיטגלידער האָבען זיך אַרומגעטראָגען מיט אַ געדאַנק — אויפצושטעלען אויף דעם פעלשטינער בית־הקברות אין סטעטען־איילענד אַ שטיינערנעם מאָנומענט מיט אַ רשימה פון אַלע הרוגים, אויס־געקלאַפּט אויף אַ קופּערנעם טאַפעל.

צו דעם געדאַנק האָט די לאַנדסמאַנשאַפט — ווי עס האָט זיך אַרויס־געוויזען — זיך באַצויגען זעהר קאַלט, און מען מעג אויך צווייפלען צו אַזאַ מאָנומענט וואָלט ווען עס איז געווען געשטעלט געוואָרען.

דאָך האָט דער פאַראיין ניט אויפגעגעבען אין גאַנצען דעם געדאַנק וועגען אַ דענקמאָל נאָך די געפאַלענע קרבנות. נאָר ווי אַזוי אַ דענקמאָל, וואָס פאַר אַ דענקמאָל — דאָס האָט קיינער ניט געקאָנט זאָגען...

איין מאָל, ביי אַ פאַראיין אָוועגט, זענען געזעסען דר. י. קלינג צוזאַ־מען מיט דעם שרייבער פון די שורות און באַוואונדערט ווי די אמעריקאַנער יוגענט — דער אָפּשטאַם פון פעלשטינער עלטערען — אַמוזירט זיך אַזוי פיין.

אינ׳ם געשפּרעך האָט דער חשוב׳ר דר. קלינג אַ פרעג געטאָן: „דענקסטו ניט, יונה, אַז ס׳וואָלט מעגליך געווען פאַר דעם פעלשטינער פאַראיין אַרויסצוגעבען אַ „יזכור־בוך" פון פעלשטין?"

דעם דאָקטאָר׳ס פראַגע האָט אונז אויפגעוועקט ווי פון אַ שווערן שלאָף... מיר האָבען אַ קלעהר געטאָן אַ רגע און גלייך געענטפערט: מעגליך?!... יאָ!... זעהר און זיכער מעגליך!

און איצט, אויב די אונטערנעמונג האָט זיך אונז, ווען אפילו נאָר טיילווייז, איינגעגעבען, איז עס נאָר צו פאַרדאַנקען אונזער חשוב׳ען און באַשיידענעם לאַנדסמאַן דר. יחיאל קלינג.

# ואלה

שמות הקדושים
אנשים נשים וטף
שהומתו שנהרגו
שנשחטו שנשרפו
שנטבעו ושנחנקו
על קדוש השם
בעיר פעלשטין
ביום י״ח אדר א׳ תרע״ט
תנצב״ה

גאטע קאזלאווסקי

## רשימה פון די הרוגים, וואָס זיינען אומגעקומען אין א צייל הייזער דעם 18טען פעווראַל און דעם 6טען יוני, 1919.



1. **סאַסטשיק ראובן חיימ׳ס** — מאָנטאג ביינאכט אים גע׳הרג׳עט און אריינגעוואָרפען אין א קעלער ....55 יאָהר
2. **סאַשטשיק ציפּע,** זיין פרוי ....53 ״
3. **סאָשטשיק אברהם ראובנ׳ס** ....28 ״
   ביידע דער׳הרג׳עט מיט דער שאַשקע אין גאַס.
4. **סאשטשיק חיים ראובנ׳ס** ....18 ״
5. **סאשטשיק טובע ראובנ׳ס** ....15 ״
   ביידע דערשטאָכען אין שטוב מיט׳ן שטיך.
6. **מלך יוסף יעקב׳ס,** עזרא כהן׳ס איידעם ....45 ״
7. **מלך טובע עזראַ׳ס** ....40 ״
8. **מלך נוניא יוסף׳ס** ....22 ״
9. **מלך חנה יוסף׳ס** ....11 ״
10. **מלך רויזי יוסף׳ס** ....9 ״
    אלע דערשאָסען אין שטוב און דערנאָך אהין אריינגע-וואָרפען א גראַנאַטע.
11. **קופּער בירך דוד׳ס,** דערשאָסען נעבן פּוילישען בית הקברות ....60 ״
12. **גאָלדמאַן פּנחס הירש׳ס** ....48 ״
13. **גאָלדמאן רבקה לייב׳ס** ....45 ״
14. **גאָלדמאן טובע פּנחס׳ס** ....18 ״
    אלע געשאָסען נעבן באָד.
15. **קאָרן מאָטל משה׳ס** (מאָטל זלאטע׳ס) ....40 ״
16. **קאָרן סאַסיע נחמנ׳ס** (זיין צווייטע פרוי) ....35 ״
17. **קאָרן פּעסי מאָטל׳ס** ....2 חדשים
    אלע דריי האָבען זיך באַהאַלטען אין א ליים-גרוב.

א פויער האָט אויף זיי אָנגעוויזן, האָט מען זיי דאָרט דערשאָסן.

18. **פליישער משה אברהם'ס** (משה נעכא'ס) ........................40 יאָהר
19. **פליישער חייקע אברהם'ס** (חייקע נעכא'ס) .................... 38 "
20. **דאקטאר מאזאר, י. א., און אדעסער** ............................... 36 "
אלע דריי דערשטאָכען מיט'ן שטיך.
21. **רויזמאַן יוסף גרשון'ס** (יאָסל חייצי'ס משה יעקב'ס איידעם) אנטלויפענדיג, מיט דער שווערד צוהאַקט........ 46 "
22. **רויזמאן חייצי משה־יעקב'ס** ............................................... 40 "
23. **רויזמאן שרה יוסף'ס** ......................................................... 15 "
24. **רויזמאן מנוחה יוסף'ס** ..................................................... 13 "
געשענדעט און דערנאָך אלע דריי דער'הרג'עט אין גאַס.
25. **שולזינגער אָשר פון גאַלאַציע** (א לעהרער אין קולטור־ליגע שולע) ..................................................................... 32 "
26. **שולזינגער פייגע פון גאַליציע** — צוערשט געשענדעט, דערנאָך איר אויסגעשניטען א שטיק ליטקע ................. 30 "
27. **קיטיוועך יוסף ישראל'ס** — א פאַראַליזירטער, הרב ר' ישראל קיטיווער'ס א זוהן ........................................ 65 "
28. **קיטיווער אברהם יוסף'ס** .................................................... 23 "
29. **זילבערג סאָסי ישראל'ס** (ישראל שניידער'ס א טאָכטער) אין גאַס נאַקעט זי געשטאָכען. ...................................... 22 "
30. **סיגאל מאָטי אהרן שמואל'ס** ............................................. 23 "
31. **הובערמאן חייה־שרה וואָלף'ס** (אברהם משה'לעם פרוי) דערשטאָכען אין שטוב מיט דער שווערד ....................... 62 "
32. **בראַוער קיינע ישעיה'ס**, אראָפגעשלעפט פון פעקעליק אין א פרעמדער הויז און דאָרט דער'הרג'עט ............. 26 "
33. **בראַוער דוד אַנטשיל'ס** ...................................................... 2 "
34. **רויזמאַן בינה אלטער'ס** — דערשטאָכען אין גאַס מיט דער שווערד ........................................................................... 65 "
35. **זאלצמאַן יחיאל**, בינה'ס איידעם—געוואוינט ביי משה בראַווער ........................................................................ 35 "
36. **זאלצמאַן ישראל יחיאל'ס** .................................................. 8 "
37. **זאלצמאַן דאניא יחיאל'ס** ................................................... 1 "
אלע אין שטוב דערשטאָכען.
38. **גערשגאָרן ביילע מכיל'ס** .................................................. 50 "
39. **גערשגאָרן אברהם־אליו אָרית'ס** ........................................ 19 "

40. **גערשגאָרן יחיאל אָרינ׳ס** ...................................... 18 ״
דערשטאָכען אין א פרעמדער שטוב;ביילע און איר זוהן יחיאל האָבען נאָך אוספּי״עט ארויסצולויפען אין גאַס, וואו זיי זענען ביידע, ארומנעמענדיג זיך, איינס אויפ׳ן צווייטען געפאַלען טויט.

41. **סווינער שמואל ישעיהו אברהם׳ס,** געהילפס פאַרזיצער פון קהלה־ראַט, פאַרזיצער פון דער ציון אָרגאַניזאציע, געשטאָכען מיט׳ן שטיך ...................................... 36 ״

42. **סווינער שפרה ארינ׳ס, שמואל׳ס פרוי** — געקוילעט ........ 27 ״

43. **פאַרטיגאַל יעקעל לייב׳ס** ...................................... 68 ״

44. **פאַרטיגאַל איטע אברהם׳ס** ...................................... 65 ״

45. **פאַרטיגאַל רבקה יעקעל׳ס** ...................................... 40 ״

46. **פאַרטיגאל אסנה יעקעל׳ס** ...................................... 34 ״
אלע דערשטאָכען אין שטוב מיט דער שווערד.

47. **זוסמאַן שמחה** פון גאַליציע (פאַרטיגאַל יעקעל׳ס איידעם) געשאָסען אין א פויער׳ס גאָרטען ...................................... 30 ״

48. מינדלען **שלמה יעקב־זוסיא׳ס** ...................................... 49 ״

49. קאָרנבליט **יעקב אליעזר׳ס** ...................................... 70 ״

50. קאָרנבליט אליה־משה יעקב׳ס — געשטאָכען נעבן בית־מדרש. ער האָט נאָך געלעבט א טאָג ...................................... 36 ״

51. קאָרנבליט **יחיאל יעקב׳ס** ...................................... 42 ״

52. קאָרנבליט **מרים משולמ׳ס** ...................................... 36 ״

53. קאָרנבליט **חנצי יחיאל׳ס** ...................................... 81 ״

54. קארנבליט **ציפּה יחיאל׳ס** ...................................... 15 ״

55. קאָרנבליט **רחל יחיאל׳ס** ...................................... 8 ״

56. קאָרנבליט **יהודה־יצחק יחיאל׳ס** ...................................... 2 וואָכען

57. **ציטים אברהם חיים־יואל׳ס** (באַסי וואלפ׳ס איידעם) ליגענדיג קראַנק אויפ׳ן בעט איז ער געשטאָכען געוואָרן 37 יאָהר

58. **בערמאַן בערל** (דער טיטין־שניידער) ...................................... 46 ״

59. **בערמאַן רבקה,** זיין פרוי ...................................... 45 ״

60. **בערמאַן חייקע בערל׳ס** ...................................... 20 ״

61. **בערמאַן פּערל בערל׳ס** ...................................... 18 ״

62. **ברענמאַן אברהם־אליו וועלוויל׳ס און די מוטער** ........... 28 ״

63. ברענמאַן אברהם מרדכי'ס (אברהם זשושקיוויצער),
פאָרזיצער פון קהלה־ראַט .................................... 62 ″
64. ברענמאַן גאָלדע, זיין פרוי ........................................ 60 ″
65. ברענמאַן נחמן אברהם'ס .......................................... 23 ″
66. ברענמאַן גיטעל אברהם'ס .......................................... 18 ″
67. רויז זוסיא, משה'ס — געשאָסען אויפ'ן פאַרפרוירענעם
טייך ........................................................................ 34 ″
68. קאַפּילאָוויטש הירשל (משה דעם רב'ס א חתן) געקומען
פון קאמעניץ ............................................................ 23 ″
69. גערשגאָרן מענדל אבא'ס (יחיאל רופא'ס איידעם) ........ 31 ″
70. גערשגאָרן מינדי יחיאל'ס .......................................... 26 ″
71. גערשגאָרן חייקע מענדעל'ס .......................................... 6 ″
72. גערשגאָרן ראָזא אבא'ס (מענדעל'ס שוועסטער) ........... 20 ″
גע'הרג'עט אויפ'ן פעלד. הרוגים פון 6טען יוני.
73. וויינטרויב מאַלי חיים'ס (חיים מאלי'ס א טאָכטער)
געשטאָכען מיט'ן שטיך .................................................. 38 ″
74. וויינטרויב רחל משה'ס .................................................. 5 ″
75. וויינטרויב חיים משה'ס .................................................. 1½ ″
מיט'ן שטיך.
76. זילבערמאַן גדליהו זלמן־יעקב'ס — געפונען זיצענדיג מיט
א קוואָרט וואַסער אין האַנט. דער'הרג'עט אין שטוב 67 ″
77. זילבערמאַן שרה־ריבע ישעיהו'ס. דער'הרג'עט אין שטוב 65 ″
78. בארנבוים יעקב אפרים'ס (פרוים שרקה'ס א זון)
(יאַנקויע) .................................................................... 40 ″
79. בארנבוים העטי משה'ס, זיין פרוי — זי האָט אליין
גערופען א פעטלוראַוויץ ער זאָל זי הרג'ענען ............... 35 ″
80. בארנבוים מרדכי יעקב'ס — אלע בארנבוים'ס דער־
שטאָכען הינטער דער שטוב אויפ'ן באַרג ....................... 10 ″
81. שמוראַק חנה אפרים'ס (פרוים שרקה'ס טאָכטער) ........ 40 ″
82. שמוראַק גיטיל אייזיק'ס ............................................... 10 ″
דערשטאָכען מיט'ן שטיך.
83. שמוראַק בעהר־לייב אברהם'ס — דערשטאָכען נעבן
גאַניק פון שוואָגער'ס הויז .......................................... 23 ″
84. הובערמאַן שלומה מכיל משה'ס (שלומה גאָלדע'ס)
דערשטאָכען אין שטוב ................................................ 55 ″

85. **קאַפּלאַן חיים געצי אלטער'ס** — נאָך מאָנטאג ביינאכט איהם דערוואָרגען און דערנאָך איהם אין א קעלער אריינגעוואָרפען ................................................................ 55 ″

68. זייגערמאַן פראַדל פּנחס'ס **(אהרנצי איצי־בידאָנים פרוי)** 65 ″

87. **פליישער חיים וואָלפ'ס** (זייגערמאַן פריידל'ס איידעם) געשאָסען דעם 6טען יוני ................................................ 32 ″

88. **שוחט נתן משה'ס** (אברהם קירזשנער'ס איידעם) ......... 38 ″

89. **שוחט גיטעל אברהם'ס** ................................................ 33 ″

90. ...**שוחט משה נתן'ס** ........................................................ 6 ″

91. **קאגאן שבע יצחק'ס** (שלומה דעם קאַסירס פרוי, וועלכע האָט געוואוינט ביי לייביש שאָבסים) ............................... 44 ″

92. **קאַגאַן יעקב שלומה'ס** — אין שטוב מיט'ן שווערד ......... 15 ″

93. לעקמאן משה מכיל'ס .................................................... 65 ″

94. **לעקמאן סימע עזריאל'ס** ............................................... 55 ″

95. **וואָגהאַלט יעקב משה'ס** (זייער אייניקעל פון קופין)........15 ″ דערשטאָכען מיט'ן שווערד.



דאָ ענדיגט זיך די רשימה פון דער צייל הייזער.

די איבעריגע נעמען פון דעם טראַגישען צעטעל זענען אויפגעכאפּט געוואָרען צווישען די לאַנדסלייט און אויך ארויסגענומען געווארען פון די צייטונגען, אין וועלכע זיי זענען געווען אָפּגעדרוקט מיט א יאָהר זיבעצען צוריק. דאָס איז א צעטעל פון הרוגים כמעט אָן נעמען. מעגליך אז אין דעם צעטעל געפינען זיך נעמען פון מענשען וואָס זענען געשטאָרבען נאָכ'ן פּאָגראָם און זיי ווערען דאָ אריינגערעכענט. עס איז אבער ווייט, ווייט ניט דאָס גאַנצע צעטעל פון די פעלשטינער הרוגים.



# צווייטער טייל פון דער רשימה



יאָסעל אברהם־איצים (כלה'ס) פרוי מיט די קינדער ...........4 נפשות
אפרים חיים פרוים'ס פורמאן (שרה איטע פרידעלס מאַן) 1 ״
שלום קצב און די פרוי מיט די קינדער ..............................7 ״
אַלטער שניידער קאַרשענבוים און זיין טאָכטער שלומה'ס
פרוי מיט צוויי קינדער ...............................................4 ״
הירשעל דוכאָווני ..........................................................1 ״
משה חיים ווייסטרויב און זיין פרוי רב"צי ..........................2 ״
מאיר קלאַרעס, מעקלער ביי פריצים און גלחים .................1 ״
זוסיע פסח'ס (קרישטאַל) און זיין פרוי רח'ציע
מיט די קינדער ..............................................................7 ״
פייפער, געהילף פראָוויזאָר ...........................................1 ״
אייזיק גענענדילס—ברענמאן ...........................................1 ״
יאָסעל אופה, (יאָסעל חנא'ס) ..........................................1 ״
דבורה וועלוויל זאַפרין'ס מיט א קינד פון צעהן טעג .........2 ״
מיכל ווייסטרויב מיט דער פאַמיליע.....................................3 ״
יאַנקעל מאנים שטיינשלעגער ...........................................1 ״
אברהם חיים פרוים'ס פורמאן פון איינפור הויז .................1 ״
משולם מרדכי יואל'ס (קאַוולער) ........... .. ..................1 ״
יואל סאָסטשיק מיט א קינד אויף די הענט ..........................2 ״
הירש שמואל'ס פרוי סאָסיע גאָלדמאַן ..............................1 ״
אברהם לייב־בנימינ'ס (קרישטאָל) מיט דער פרוי ..............2 ״
יאָסעל שמואל־אייזיקס קערדמאן מיט דער פרוי און קינדער 4 ״
שמעון האַנטמאַן (פאָטשטאָר) ..........................................1 ״
הערץ גרינבוים (שוסטער) ................................................1 ״
זלמן בלעכערס זון, פארוואונדעט אין ערשטען פאָגראָם,
דער'הרג'עט אין צווייטען פאָגראָם ..................................1 ״
מאיר סגל, חיים שלום'ס זון ...........................................1 ״
לייזער באָנדערס זון .......................................................1 ״

זעליג פיגרישעס, קירזשנער ........................................ 1 ״
לייב שוסטערס זון ........................................ 1 ״
איציק דוד באַרזאַך ........................................ 1 ״
יהושע באַרזאַך און זיין פרוי ........... .... ...................... 2 ״
מחליע שפירט, שמחה גאָלדמאנ׳ס טאָכטער מיט פינף
קינדער ........................................ 6 ״
פרוי פון הרב מרדכי דעם רב׳ס (קיטיווער) און זעקס קינדער,
מיט איהר פאָטער און איידעם סאָלאָפקיוויצער רב,
פארברענט געווארען אויף אַש ........................................ 9 ״
זיסיע סטערניק מיט זיין פרוי פרומע ........................................ 2 ״
פיני בייזער מיט זיין זון מאָטיל ........................................ 2 ״
אברהם יוזפ׳ס (באַרג) צוויי זיהן ........................................ 2 ״
חיה שרה הובערמאנ׳ס אייניקעל, מאיר־בער אברהם׳ס
א זון ........................................ 1 ״
אברהם איצי כהן׳ס פאַמיליע ........................................ 2 ״
באבע דוד־לייב׳ס (ראָזען) מיט איהר זון לייב ................ 2 ״
ירחמיאל זייגערמאן מיט זיין פרוי און טאָכטער ................ 3 ״
יאַנקיל גדליה׳ס און זיין פרוי ........................................ 2 ״
שייקע שרה־יאנקעל׳ס (אָקסמאַן) און זיין ברודער .......... 2 ״
גרשון וואטענמאכער מיט א זון און זיין זון יוזפ׳ס פאמיליע 5 ״
זוסיע קיטאי (הייבערס) ........................................ 1 ״
משה חיים הירשעלעס (שטיינבארג) ................................ 1 ״
בנימין משה־אברהם אהרן׳ס (שמש) און זיין שוואָגער זוסיע 2 ״
יאסיל מאָדיק׳ס פרוי שיינדעל מיט די קינדער ................ 6 ״
יהודה בער שענקמאן (שמש אין בית־מדרש) מיט צוויי
קינדער שלמה און זלאטע ........................................ 3 ״
פרידעל קום (דער ווערטעלזאָגער פון שטאָט) מיט דער פרוי
און זייער אייניקעל, א פיצעל קינד ............................ 3 ״
הירשעל פרידעלס־קום מיט דער פרוי און קינד (דאָס קינד
איז פארפרוירען געווארען וויינענדיג) ........................ 3 ״
יחיאל שוחט מיט א זון ........................................ 2 ״
אברהם קירזשנער מיט דער פרוי ........................................ 2 ״
העניך כינים פרוי, חיה ליבע קליינער מיט איהרען
א פלימעניק בעריל ........................................ 2 ״
הירשעל זלמנ׳ס פרוי (נייגעלאך) מיט א קינד .................. 2 ״
יאָסיל שוחט און זיין פרוי ........................................ 2 ״

שכנא פייערמאַן'ס פרוי מיט זיינע פינף קינדער ........6 ״
מרדכי יוזפ'ס פרוי (בוים) ........1 ״
חיים חנה סלאוועס (גרינבוים) ........1 ״
שלומה מיכל קירזשנער'ס זון נחום ........1 ״
אייזיק כץ, צוויי זין — דוד־לייב און משה־יואל ........2 ״
(משה יואל איז דער'הרג'עט געוואָרען אין גריידינג)
הירשעל־לייב פאַליק'ס פרוי מרים־דבורה און זון משה...... 2 ״
נתן חסיד און זיין פרוי ........2 ״
יאָסעל ריזשולינעצער מיט דער פרוי ........2 ״
חיים וואַסער־פירער מיט זיין פרוי און קינדער ........6 ״
יאסעל דעם רויטענס זון חיים ........1 ״
אברהם גוטמאַן (שוסטער) ........1 ״
מאַיר קירזשנער ........1 ״
משה סטאָליער און זיין פרוי ........2 ״
הירשעל ירחמיאל'ס (זייגערמאַן) ........1 ״
נאָטע פאַסטיוועס מיט זיין פרוי ........2 ״
דוד קליבאַן ........1 ״
איציק אלטער שניידערס (קארשענבוים) מיט דער פאַמיליע 5 ״
פיני לאָזערס (קערדמאַן) מיט זיין פרוי ביילע ........2 ״
יעקב לייב שניידער מיט דער פרוי און צוויי קינדער ........4 ״
וועלוועלע חנה־מענים שווינדלער ........1 ״
אברהם לייזער לייב'ס ........1 ״
עקיבא העלפאַנד, זיין פרוי חיה ריבע מיט דריי זין און
א טאָכטער ........6 ״
ישראל אברהם, מלמד (געוועזענער יאיעטשניק) ........1 ״
חיים משה אברהם אהרן'ס (שמש) מיט זיין פרוי און קינד 3 ״
איציק אברהם אליהו'ס מיט זיין פרוי ........2 ״
מענדיל וויינטרויב, מכיל מאַיר מענדעל'ס זון ........1 ״
נתן בעריל קאָריטנער'ס ........1 ״
מענדעל משה ריזשילניצער מיט זיין פרוי ........2 ״
שלום און משה בעקער ........2 ״
משה מלמד (שטעמפעל) מיט זיין פרוי און זייער זון יחיאל
מיט דער פרוי און קינד ........5 ״
גיטיע נענציס און איהר טאָכטער ........2 ״
איציק לייב יאַריד'ס איידעם (קירזשנער) מיט דער פאַמיליע 4 ״
זלמן בלעכער מיט זיין פרוי און קינדער ........5 ״

דאָבריש קלוג (בירך קופּערים טאָכטער) ............................ 1 ″
באָזי הובערמאַן, שמואל זעליג׳ס טאָכטער .......................... 1 ″
חיים קליבאַן ...................................................................... 1 ″
שלומה־יוסף אייזיקס קצב מיט זיין פרוי .......................... 2 ″
אשר נחמה׳ס מיט זיין פרוי .................................................. 2 ″
סאָסיע פּרינציפּאַלקע מיט איהר טאָכטער .......................... 2 ″
וועלוויל פּייוועשעס (האָכמאַנ׳ס) פרוי ................................ 1 ″
משה (לעמעשקעס) פּרעס הויזגעזינד .................................. 8 ″
מנשה בלאכ׳ס פרוי מיט די קינדער .................................... 5 ″
שמחה בערשטין און זיין זון שלומה .................................. 2 ″
מנחם ווערבוך׳ס פרוי בעטי ................................................ 1 ″
פּסח בנימינ׳ס (קרישטאָל) .................................................... 1 ″
יעקב יאָסי׳ס פרוי שרה־איטע סיגאל .................................. 1 ″
שלומה איינקויפערס פרוי .................................................... 1 ″
איטע קרישטאל ................................................................ 1 ″
יענטע סאָשטשין מיט איהר מיידעל חיה .......................... 2 ″
מאנעלע זילבערמאַן ............................................................ 1 ″
נפתלי לייזער לייבס מיט זיין פרוי און קינדער .................. 6 ″
רחל שלומה ראבא׳ס מיט איהר זון ...................................... 2 ″
טובע־ביילע ענים און אייניקעל (אורבאַנד) .......................... 2 ″
שמואל בער־גיצעס פרוי (גלאַנצאָוו) .................................... 1 ″
פּאָליק שוחט׳ס פרוי (ראַבער) ............................................ 1 ″
פּייסע טשיבאַנער מיט זיין גרויסער פאַמיליע .................... 8 ″
גיטעל לייב פּאָליקס (שייע אהרן־נטע׳ס פרוי)
ראַכמילאָוויטש מיט איהרע צוויי קינדער .......................... 3 ″
רחל בלאָך און איהר זון ...................................................... 2 ″
חיים שמש און פרוי מיט זיין זון משה .............................. 3 ″
צירל וואָלף־עלים (שטיינשלאגער) ...................................... 1 ″
יאָסיל שמואל־חיים׳ס (צווייג) ............................................ 1 ″
חזן מפּעלשטין .................................................................... 1 ″
מיכל איציק־הירש׳ס א קינד ................................................ 1 ″
אברהם חיים־הירשעל׳ס פרוי .............................................. 1 ″
שלומה לייב־ישראל הירש׳ס כץ און די פרוי מיט צוויי זין 4 ″
שלום שכנא׳ס (הארעוויץ) דריי טעכטער ............................ 3 ″
שמעון הירש־לייב׳ס פרוי (הארוויץ) .................................... 1 ″
רחל חיים־מענדעל׳ס מיט דער פאמיליע ............................ 4 ″

איציק יאָסעל קעלענזאָן ........ .. ......................................1 "
נתן יאַנגרים — אהרן בעדאָנעס אַן איינקעל ...................1 "
מאָטי טוט ..................................................................1 "
יאָסעל סיגאל׳ס זון ..........................................................1 "
זאב ראַכמאַן און פרוי ......................................................2 "
חיה גאָלדע און טאָכטער ......................................................2 "
פייגע עלי־חיים הירשל׳ס, כהן ..........................................1 "
מאָטעל יעקב־לייבס ............................................................1 "
יונה הערצאווען (פּאָרמאַן) מיט דער פרוי יכבד און
טאָכטער לאה ....................................................3 "
ברכה אלטער פּאָליאַקס א טאָכטער (א שטומע) .............1 "
לייבעניו שוסטערס טאָכטער (א שטומע) ...........................1 "
יאָסעל האָנטמאַן ..............................................................1 "
שמואל נענציעס מיט דער פרוי און א טאָכטער ...................3 "
הרב נאָוויסעלער׳ס פרוי מיט צוויי קינדער ........................3 "
אברהם שלומה יוסף־אייזיק׳ס (פליישער) ...........................1 "
עזרא שלומה יוסף אייזיק׳ס פרוי ........................................1 "
איתמר ליכאָוויצקי ...........................................................1 "
נח קארשענבוים׳ס איידעם ....................................................1 "
אסתר עלי־חיים הירשעלס פרוי און די טאָכטער פייגע .......2 "
שלומה בער־ליבס (שמוראק) ...........................................1 "
יחיאל בעריש אסתר חיה׳ס ...............................................1 "
זיידע ראָסיע׳ס פרוי ..........................................................1 "
א סאָטאַנאָווער מיידעל און צעהן פרעמדע.



עס איז זעהר מעגליך, אז עס ווערען ניט אָנגעגעבען אלע הרוגים אפילו פון די פאמיליעס וואָס ווערען אויסגערעכענט אין דעם צעטעל. זיכער איז, אז עס פעלט ארום א פערטל פון דער צאָל קרבנות פון דער שחיטה.

זאָלען די ניט־דערמאָנטע קדושים און זייערע לעבעדיגע קרובים אונז מוחל זיין פאר ניט פארצייכענען זיי אין דעם בוך... מיר האָבען בעסער ניט געקאָנט.

י. ב.



# דער ערשטער הרוג אין פּעלשטין

יוזף בוים דערציילט, אז דער ערשטער הרוג אין פּעלשטין איז געפאלען נאָך אין קערענסקי'ס צייטען. דאָס איז געווען שלום בעריש וועלוועלי'ס שווינדלער. אויפ'ן וועג קיין נפתליוועקע, האָבען איהם אין טאָהל אָפּגעשטעלט טשערקעסן, צוגערויבט דאָס געלט, וואָס ער האָט מיט זיך געהאט, און איהם באפוילען צו האלטען דאָס מויל. פּונקט דעמאָלט איז אָנגעפאָרען א פוהר, האָט שלום גענומען שרייען און די סאָלדאטען האָבען איהם דערשטאָכען. ווען מען האָט איהם מיט א טאָג שפּעטער גע־פונען ליגען אויפ'ן וועג קיין נפתליוועקע, האָט שלום נאָך געזיפּעט און דער־ציילט וואָס מיט איהם איז געשעהן. האָפּענדיג איהם צו ראטעווען, האָט מען זיך געלאָזט מיט איהם קיין פּראָסקוראָוו, אָבער ער האָט אויפ'ן וועג אויסגעהויכט די נשמה.

י. ב.



## י. בוים

# ווי אַזוי מיר האָבען געזאַמעלט די רשימה



שווער איז אונז אָנגעקומען צו זאַמלען און צוצוגרייטען דאָס בוך. נאָך שווערער איז אָבער געווען צו זאַמלען די „רשימה" פון די הרוגים.

די רשימה האָט געזאָלט זיין דער וויכטיגסטער טייל פונ'ם בוך. און דאָך איז אונז ניט געלונגען, ווי מיר האָבען געהאָפט—צונויפזאַמלען און צו פאַראייביגען אַלע פעלשטינער מאַרטירער.

מיר האָבען זיך אָפּגעשריבען די הענט קיין פעלשטין, געבעטען זיך ביי די פעלשטינער צוצושטעלען אונז אַזאַ רשימה, און מיר האָבען פון דאָרט אפילו ניט באקומען קיין ענטפער אויף אונזערע בקשות. און ביז היינט־צו־טאָג קאָנען מיר זיך בשום־אופן־ואופן ניט ערקלערען די אמת'ע סיבה פונ'ם פעלשטינער פאַרשוויינען אויף אונזער הארציגען געבעט.

באשולדיגען אונזערע פעלשטינער אין גלייכגילטיגקייט? דאָס וואָלט געווען לעכערליך. מעגליך, אַז זיי דאָרטען ווילען זיך ניט דערמאָנען אין יענער טראַגישער צייט, ווילען אפשר פאַרגעסען אין יענער, שוידערליכער קאַטאַסטראָפע. מעגליך, אַז דאָס לעבען דאָרט איז איצט אַזאַ לעבען, אַז זיי ווילען ניט אויפרייסען די אַלטע וואונדען, ווילן ניט פירען מעהר קיין אַלטע חשבונות, בכדי די אַמאָליגע שונאים זאָלען ניט זאָגען: „איהר זעהט, זיי ווילען ניט פאַרגעסען די פאַרגאַנגענהייט, זיי ווילען ניט שליסען קיין שלום.

מעגליך, אַז זייער פאַרצווייפלונג איז אַזוי גרויס, אַז זיי צווייפלען אויך אין דער וויכטיגקייט פון אונזער אונטערנעמונג.

עס קען אויך זיין, אַז אונזערע הארציגע בריעף צו אונזערע פעלשטינער, אויף יענער זייט ים, זענען גאָר ניט דערהאַלטען געוואָרען. און עס קאָן אויך זיין, אַז זייערע בריף צו אונז זיינען פאַרלוירען געגאַנגען... אַלץ קאָן מעגליך זיין ביי היינטיגע צייטען. — עס איז דאָך עפּיס היינטיגע צייטען... אַ וועלט־איבערקערעניש!... הגם דאָס מעגליכע שיינט פאַר אונז צו זיין — אוממעגליך און אומגלויב־

ליך. דאָך איז עס א פאַקט — אזוי ווי פעלשטין איז חרוב געווארען, אזוי איז עס פאַרשווייגען געוואָרען... אין קול ואין עונה. אמאָל, אמאָל דער־הערט מען פון דאָרט עפּיס אזוי ווי א גוסס'דיגען קרעכץ...

צו ווענדען זיך נאָך אזא רשימה ערגיץ, וואו עס זענען פאַראַן וועלט־ליכע ארכיוועז, זענען מיר מודה, האָבען מיר ניט געוואוסט וואוהין און צו ווענדען זיך צו ווענדען.

זעהר מעגליך, אז עמיצער וועט ארויסשפּרינגען מיט אזא רשימה פאַר אונזערע אויגען, איצט ווען דאָס בוך איז שוין ערשינען. אויב עס זאָל אזוי געשעהן, וועט דאָס אונז שטאַרק פאַרדריסען און פיל ערגערען, ווייל מיר האָבען געטאָן אַלץ וואָס ס'איז נאָר געווען מעגליך צו טאָן.

א רשימה פאַר'ן בוך האָט אָבער געמוזט געשאַפען ווערען, ווען אפילו ניט קיין פּינקטליכע. די רשימה וואָס איז געווען געדרוקט אין די צייטונגען, באַלד נאָכ'ן פּאָגראָם, האָט בלויז פאַרצייכענט אפשר א פערטעל פון אונזערע פאַרטיליגטע פעלשטינער. ענדליך האָבען מיר זיך געווענדט מיט א בריף קיין קליוולאַנד צו אונזער באַליבטען לאַנדסמאַן און מיט־ארבייטער שמואל לאַנדוי, אז ער, — וואָס האָט אליין איבערגעלעבט דעם פּאָגראָם—זאָל פון זכרון שאַפען פאַר'ן בוך אזא רשימה. דאַרויף האָבען מיר פון איהם באַקומען דעם פאָלגענדען ענטפער:

טייערער יונה!

דו פאַרלאַנגסט פון מיר, אז איך זאָל דיר העלפען שאַפען א רשימה פון די אומגע־קומענע, און די ביאָגראַפיעס פון אונזערע שוועסטער און ברידער — די פעלשטינער קדושים. גלויב מיר, אז איך האָב אַלץ געוואָלט טאָן פאַר אונזער זאַמעל־בוך. צו דער ארבייט אָבער האָב איך זיך מורא צוצורירען...

לאָז מיך דיר מגלה זיין א ביטערען סוד:

מיין טייערער יונה! פון די שרעקליכע איבערלעבונגען, דעמאָלט, בעת די שחיטות אין פּראָסקוראָוו און אין אונזער פעלשטין, איז מיר פאַרבליבען א שווערע קראַנקהייט, „היסטעריקע" רופט מען איהר. נאָך היינצוטאָג, אז איך דערמאָן זיך אין יענע שוידער־ליכע טעג, פאַל איך אריין אין דער „היסטעריקע", אז איך רייס זיך די האָר פון קאָפּ, שריי מיט באַנומענע קולות, אז מען לויפט זיך צונויף אויף מיין בייז־וואונדער... איך זעה דאַן אזעלכע שרעקליכע וויזיעס, אזעלכע שוידערליכע אילוזיעס, אז איך פאַל אין חלשות... שעה'ן לאַנג נעמט ביז איך קום צו זיך... ביז מען דערמינטערט מיך...

מיין טייערער יונה! מיין פרוי מיט די קינדער, זאָלען געזונט זיין, וואָלטען מיך פאַרשאָלטען, ווען איך זאָל זיך אונטערנעמען צו טאָן די ארבייט וואָס דו בעטסט ביי מיר.

דארום טייערער יונה! האָף איך, אז דו וועסט מיר מוחל זיין אויף דעם וואָס איך קאָן דיין ביטע ניט ערפילען. איך בין תמיד גרייט ארויסצוהעלפען אין דער ארבייט פון זאַמעל־בוך, אָבער ניט אין ד ע ר ארבייט. גאָט איז דער יודע־האמת, איך קאָן נישט.. איך קאָן נישט!...

בלייב געזונט און גליקליך, ווי עס ווינשט דיר, ידידך מוקירך ומכבדך...

שמואל לאַנדוי

מיר זיינען זיכער מוחל אונזער באליבטען חבר ש. לאנדוי. מיר דארפען אפשר אויך מוחל זיין אלע פעלשטינער פאר ניט וועלען זיך באטיי־ ליגען אין דער ארבייט פון זאמעל־בוך. ווער ווייסט, אפשר איז אויך פון זיי געבליבען ניט מעהר ווי צובראָכענע שארבענס...

דער בוך האָט אָבער פאָרט ניט געקענט און אויך ניט געטאָרט דער־ שיינען אָן א רשימה פון די פעלשטינער קרבנות. האָבען מיר גענומען פרעגען ביי דעם לאנדסמאן, ביי יענעם לאנדסמאן: איז ד ע ר ווייסט ניט דעם נאָמען, י ע נ ע ר ווייסט ניט דעם פאָטער'ס נאָמען; און ווייסט מען דעם ערשטען נאָמען, ווייסט מען ניט דעם פאמיליע־נאָמען. ווער עס ווייסט שוין דעם פאמיליע־נאָמען, ווייסט ער ניט ווער פון די פארוואונ־ דעטע איז געבליבען לעבען און ווער עס איז דערנאָך געשטאָרבען פון די וואונדען. אָט אונטער אזעלכע אומשטענדען איז אונז אויסגעקומען צו זאמלען די רשימה פון די פעלשטינער הרוגים.

אונז איז אָבער דאָך געלונגען צו באקומען א פינקטליכע רשימה פון איין צייל הייזער, ארום דרייסיג אין צאָל. אין דער איינער צייל הייזער זענען געפאלען פינף־און־ניינציג קרבנות. אין פעלשטין האָבען זיך געפונען ארום צוויי הונדערט מיט צעהן הייזער. די רשימה פון דער צייל הייזער איז די ערשטע אויפ'ן צעטעל.

# אַ בריוו פון שמואל לאַנדוי

ב"ה. יום ג' י"ט ימים לעומר, שנת תרצ"ה, לפ"ק.

פה קליבלאַנד.

מיין טייערער, יונה באאוס, שלום!

דיין בריוו פון י"ז אדר שני האָט מיך געטראָפען אַ געפאַלענעם צו בעט, און דאָס איז טאַקע די סיבה, וואָס איך האָב ביז היינט זיך אַזוי צו־געשפעטיגט מיט מיין שרייבען. ערשט צוויי וואָכען פאַר פסח האָב איך זיך אָנגעהויבען בעסערען, בעזהשי"ת, אין געזונד. דער ערב יו"ט האָט מיך אָפּגעהאַלטען פון שרייבען. און שרייבען, ווייסטו דאָך שוין מסתמא, איז די שווערסטע ארבייט, דאַרום איז דאָס ארויס אביסעל שפעטליך. אָבער, בעסער שפעטער ווי ניט קיינמאָל. ענטשולדיג.

טייערער יונה! דער מאַנוסקריפּט וועגן דער שחיטה אין פעלשטין, קען זיין, וועט עמיצען אָנטרעטען אויף די הינעראויגען. איך קען זיך אָבער ניט העלפען. פילע היסטאָרישע אמתין זענען, אָפּטמאָל, פאַר אי־מיצען פריקרע. דער אמת איז אָבער, אַזוי אמת, אַז ווען אפילו דו באַ־גראָבסט אים אין דער ערד, וועט ער פון דאָרט אויך ארויס שפּראָצען. ווי זאָגט דאָרט דער נביא: „אמת מארץ תצמח".

באַראַט זיך מיט דער קאָמיטע, און וועלכעס איר פאַרשטעהט, אַז עס וועט זיך לויענען צו דרוקען — דרוקט. איך קען זיך ניט העלפען. איך האָב געמוזט שרייבען דעם ריינעם אמת, און אזוי, אות באות, האָב איך געשריבען. אויך באַלד נאָך די פּאָגראָמען, צום אַדוואָקאַט מאַרגאָלין, פון קיעוו, ווען ער האָט זיך צו מיר געווענדעט נאָך אינפאָרמאַציע וועגען די פּאָגראָמען אין פּראָסקוראָוו און אין פעלשטין.

שרייב מיר, ווי האַלט איר מיט דער ארבייט פון דעם בוך? צי פּראָגרעסירט איר? צי שטעהט איר נאָך ווייט פון דער השלמה?

שרייב מיר, צי האָט איר עפּעס געפונען אַ סליאַד צו די ספרים פון הרה"ג ר' ישראל קיטובער?

שרייב מיר, און איך וועל מיט כל אמצי כוחי דיר זעהען ארויס־העלפען.

בלייב געזונט. גריס אַלע פעלשטינער.

דיין בעסטער פריינד, מיט רעספּעקט.

**שמואל לאנדוי.**

## שמואל לאַנדוי

# ווי אַזוי איז געקומען צום פּאָגראָם אין פּעלשטין



פּאַרוואָס איז פון אלע ארומיגע שטעט און שטעטלאך גראד אויסגעפאלען ביי פּעטלורע׳ן דער גורל צו מאַכען זיינע ערשטע שחיטות אין פּראָסקוראָוו און אין פעלשטין ?

צו ענטפערען אויף דער פראַגע, מוז מען קלאָר מאַכען אַ בלעטעל אַלגעמיינע היסטאָריע, באַטראַכטען וואָס עס איז פּאָר־געקומען צו יענער צייט, אין אוקראינע בכלל, און אין קיעוו בפרט.

סוף אויגוסט, 1918, האָבען די דייטשען, וועלכע האָבען אָקו־פּירט כמעט גאַנץ אוקראַינע, אַרויפגעזעצט דעם העטמאַן סקאָ־ראָפּאַדסקי אַלס רעגירער איבער אוקראַינע. אין יענער צייט האָבען די סאָלדאַטען אוועק געוואָרפען דאָס געווער, איבערגעלאָזט די פּאָזיציעס און צולאָפען זיך אהיים, אָהן א ריי־געזונט. ממילא, איז שוין דעמאָלס געפאַלען, אויך דעם העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי׳ס רע־רעגירונג. דעמאָלט האָט דער כוליגאנסקער פּאָלקאָווניק פּעטלורע פאַרכאַפּט די מאַכט אין קיעוו, פּראָקלאַמירט זיך אַלס „באַטקאָ” פון גאנץ אוקראינע, און ארויסגעשטעלט די לאָזונג: „אוקראינע פאַר די אוקראינער”, כדי נישט צו לאָזען די באָלשעוויקעס פון מאָסקווע צו ווערען די רעגירער איבער אוקראינע.

באַלד ווי דער פּאָגראָמטשיק האָט פאַרכאַפּט די מאַכט, האָט ער גענומען זיך ארומרייסען מיט די אידישע פיהרער, אָנגעפאַנגען צוריק צונעמען די אידישע גלייכבאַרעכטיגונג, וועלכע אידען האָבען פאַר זיך אויסגעקעמפט אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, באַקומענדיג גלייכע בירגער רעכט פון דער „אוקראַינסקע ראַדאַ” אין קיעוו, אין יאָר 1917. אין יענער צייט איז באָרוכאָוו, דער גרויסער אידישער ארבייטער־פיהרער אין קיעוו, געקומען מיט פּעטלורא׳ן צו גרויסע שאַרפע קאָנפליקטען און קריגערייען, פאַר־טיידיגענדיג די אידישע רעכט, וועלכער דער פּאָגראָמטשיק האָט

געהאַלטען אין איין צוריקציהען פון די אידען, כאָטש ער האָט זיך פּראָקלאַמירט פאַר אַ ליבעראַל, און אפילו פאַר אַ סאָציאַליסט.

אָנהויב נאָיאַבר, 1918, האָבען די באָלשעוויסטיש-געשטימטע קריסטליכע קיעווער אַרבייטער געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען דעם כוליגאַנסקע דעמאַגאָג פּעטלורא, און האָבען אים מיט זיינע סאָל-דאַטען-כוליגאַנעס פאַרטריבען פון קיעוו, שטופּענדיג אים צו מערב ביז וויניצע, פּאָדאָליער גובערניע. דאָן האָט דער כוליגאַן פּעט-לורא אויסגעשטרעקט די הענט צו די אידישע ארבייטער מאַסען נאָך הילף, זיי זאָלען איהם העלפען צו בלייבען ביי דער מאַכט אין קיעוו. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז די אידישע פיהרער האָבען זיך ענטזאַגט צו מישען זיך אין דעם קאַמף, צו געבען איינעם פון אָט די צוויי צדדים הילף. די ענד איז געווען, אַז פּעטלורא מיט זיינע כו-ליגאַנעס האָבען אָפּגעצויגען צו מעריב זייט, ביז צו דער גאַליציאַ-נער גרעניץ.

אָרגאַניזירענדיג אַ רעגירונג אין וויניצע, האָט פּעטלורא דאָרט געגעבען זיך דאָס וואָרט נקמה צו נעמען פון אידען, פאַר נישט וועלען העלפען אים, צו בלייבען ביי דער מאַכט אין קיעוו. ער האָט געוואָרפען די גאַנצע שולד פון זיין מפּלה אין קיעוו אויף די אידען און זיי פּראָקלאַמירט פאַר שונאים פון אַ זעלבסטשטענדיגער פרייער אוקראַינע.

אין וויניצע גופא צו מאַכען אַ שחיטה אויף אידען האָט דאָך אים ניט געפּאַסט פאַר דער אויסערליכער וועלט, ווייל דאָרט איז דאָך געווען זיין הויפּטשטאָט, מיט'ן שטאַב, מיט דער גאַנצער רע-גירונג. דערפאַר האָט ער געוואָרפען זיין, מלאך-המות'דיג אויג, אויף פּראָסקוראָוו: אַ גרויסע שטאָט, אַ סך אידען, אַ גרויסע צאָהל אַרבייטער. וועט מען קענען אויסטראַכטען אויף זיי, דאָס זיי זענען באָלשעוויקעס, שונאים פון „אוקראַינע פאַר די אוקראַי-נער”, מענשען וואָס ווילען אַ סאָוועטען-רעגירונג אונטער מאָסקווער פּראָטעקטאָראַט. מען דאַרף נאָר זיי, די אידישע אַרבייטער, פּראָ-וואָצירען, אונטערשטעלען זיי אַ פּיסעל, וועט שוין ארויסשפּרינגען אַ שחיטה אויף אידען, און די נקמה וועט גענומען ווערען. געזאָגט און געטאָן.

צו יענער צייט, אין פעווראל 1919, איז אין דער פּראָסקוראָווער אַרבייטער באַוועגונג אויך געווען אַ שפּאַלטונג, ווי די סיטואַציע איז דאַן געווען איבער גאַנץ רוסלאַנד. אויך אין פּראָסקוראָוו זע-נען געווען צוויי פּאַרטייען: מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס.

די מענשעוויקישע פּאָליסי איז געווען, אַז ס'מעג זיך זיין וואָס פאַר אַ רעגירונג ס'ניט איז, אַ אוקראַינער אָדער אַ רוסישע, זיי די מענשעוויקעס, דאַרפען קעמפפען בלויז פאַר'ן וואוילזיין פונ'ם ארבייטער און ניט מעהר. די באָלשעוויקעס אָבער, האָבען שוין געהאַט גאָר אַן אַנדער פּאָליסי: זיי האָבען געוואָלט אַ גרויס פאַראייניגט סאָוועטען-רוסלאנד, מיט אַ צענטראַלער רעגירונג אין מאָסקווע. דער פיהרער פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי אין פּראָסקוראָוו איז געווען אַ אידישער אינגעל, אַ סטודענט פון דער רעאַל-שול, אַן אומערפאַרענער בחור, מיט אַ שאַרף צינגעל, אָבער נאָך כמעט אַ קינד. געהייסען האָט ער סאָבאָל. ער האָט דאָס געפירט די לינקע ארבייטער. ער האָט זיי פאַרזיכערט, אַז ער וועט אַראָפּברייגגען דעם קאָמוניסטישען גן עדן, פונ'ם הימעל אויף דער ערד. די באָלשעוויקעס זענען דאַן געווען צווישען דער פּראָסקוראווער ארבייטערשאַפט אין דער מינדערהייט — האָבען זיי זיך גע'קהל'ט אין דער שטיל. קיינער האָט זיך פון זיי קיין צימעס ניט געמאַכט. אָט די ליליפּוטישע באָלשעוויסטישע פּאַרטיי האָט דער כוליגאַן פעטלורא פאַרטראַכט צו פּראָוואָצירען. ווייל זייער פירער איז אַזוי אומערפאַרען און אומוויסענד, וועט איהם, פעטלורע'ן, געראָטען ארויסצופירען זיינע כוליגאַנסקע סאָלדאַטען צו אוים-שחט'ן די אידען פון פּראָסקוראָוו, און זיך נוקם זיין אין דעם גאַנצען כלל ישראל, דערפאַר וואָס די אידען אין קיעוו האָבען אים ניט געוואָלט העלפען פאַרטרייבען די באָלשעוויקעס פון קיעוו. און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן.

מיטוואָך, דעם 12טען פעווראַל, 1919, האָבען זיך אויף די פּראָסקוראָווער טראָטואַרען באַוויזען פאַרדעכטיגע שיכור'ע פאַרשוינען, אין סאָלדאַטסקע און אָפיצערסקע מונדירען, — ביי אַ פערציג פאַרשוין, כוליגאַנסקע צוקרימטע פּנים'ער, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען חוצפּה'דיג אויפפיהרען. ס'האָט זיך געפיהלט אין דער לופט, אַז עפּעס שוידערליכעס וועט פאָרקומען. אָבער ווער, וואָס, ווען, האָט קיינער ניט געוואוסט...

אין אָוועגט, דעם זעלבען מיטוואָך, זענען אריין אין הויז פון דעם אינגעל-באָלשעוויקישען פירער סאָבאָל, דריי פערזאָן, געקליידעט אין פיינע ציווילע קליידער, און האָבען זיך נאָכגעפרעגט, צי קענען זיי זעהען דעם גרויסען ארבייטער-פירער, הער סאָבאָל. נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך מיט אים באַקאַנט, האָבען זיי אים פאַרטרויט אַ סוד, דאָס זיי זענען איבערגעטאָנענע אָפיצירען פון פעט-

לורא׳ס אוקראינער אַרמיי, אַז זיי געהערען צו דער אוקראינער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך געשטעלט דעם ציל איינצופירען אין אוקראינע אַ סאָוועטען רעגירונג, אונטער דעם פּראָטעקטאָראַט פון מאָסקווע. אַלזאָ, זענען זיי איצט געקומען צו אים, צו דעם באָלשעוויסטישען גרויסען ארבייטער־פירער פון די אידישע ארבייטער מאַסען אין פּראָסקוראוו, ער זאָל זיי העלפען מאַכען דעם אויפשטאַנד אויף פּעטלורא׳ס רעגירונג. זיי, די אָפּי־צירען, וועלען שוין באַזאָרגען די אַרבייטער מיט געווער און מען זאָל שוין טאַקע באַלד, מאַכען דעם אויפשטאַנד אין פּראָסקוראָוו און איבערנעמען די מאַכט.

דער אונערפאַרענער אינגעל סאָבאָל האָט זיך געלאָזט אריינ־נאַרען אין דער געפעהרליכער פּראָוואָקאַטאָרישער נעץ פון פּעט־לורא׳ס כוליגאַנסקע פּאָגראָם־אַגענטען. ער האָט זיי געגעבען זיין צושטימונג אַרויסצופירען אין קאַמף — די פון אים געפירטע, באָל־שעוויסטיש־געשטימטע — אידישע ארבייטער, אין פּראָסקוראָוו, וועלכע זענען געוועזען, צו יענער צייט, כמעט אַ זשמענקעלע, וואָס האָבען אפילו ניט געוואוסט, ווי אזוי צו באַגעהן זיך מיט געווער, — ווירקליכע „משה׳לאך און שלמה״לאך״ מיט צושראָקענע אויגע־לאַך...

אָפּגערעדט האָט מען דעם אויפשטאַנד צו מאַכען פרייטאָג ביינאַכט, דעם 14טען פעווראַל, באַשטימט אַ פּלאַץ, וואו די אידישע אַרבייטער זאָלען יענע נאַכט זיך צונויפקומען, כדי צו נעמען דאָס געווער און מאַרשירען גלייך אין קאַמף.

דער „גרויסער פירער״, סאָבאָל, איז באַלד אַוועק צו זיינע „ארבייטער־מאַסען״, זיי געלאָזט וויסען פון דער גאולה, וועלכע קומט באַלד, דורך די אוקראינער מיליטערישע באָלשעוויקעס. ער האָט זיי באַפוילען אין נאָמען פון דעם גרויסען, הייליגען קאָמוניסטישען אידעאַל, צו זיין גרייט צו דער באַשטימטער שעה, אריינצוווארפען זיך, מיט געווער אין די הענט, אין קאַמף פאַר דעם קאָמוניס־טישען גן עדן אויף דער וועלט.

איז געוואוינטליך, האָט זיך די גרעסטע טייל ארבייטער אָפּ־געזאָגט צו מאַכען אַזאַ געפערליכען שריט. אָבער אַ קליינע צאָל יונגע בחורים׳לאַך, נאַרישע קינדער, איז צוגעשטאַנען צו סאָבאָל׳ן. די בחורים׳לאך האָבען אים פאַרשפּראָכען צו העלפען דער אוק־ראינער מיליטערישער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע צו מאַכען

דעם אויפשטאַנד, ריזיקירענדיג, אפילו, מיט זייערע לעבענס פאַר דעם גרויסען, הייליגען קאָמוניסטישען אידעאַל.

צווישען די אידישע ארבייטער-אינגלאַך, וואָס זיינען ארייגעפאַלען אין דער פּראָוואָקאַטאָרישער נעץ, אין פּראָסקוראָוו, האָט זיך געפונען אויך אַ פּעלשטינער אינגעל, — לייב יאַריד'ס, דעם בעקערס אַן אייניקעל. אויך איז דאָרטען געוועזען איציע שמש'ס אַ אייניקעל. ער איז אויך געוועזען אַ פאַרברענטער רעוואָלוציאָנער-קאָמוניסט, און ער האָט דאָס פאַרגעשלאָגען פאַר דעם גרויסען פירער, סאָבאָל, אַז ער זאָל אים געבען אַ מיליטערישע אָפּטיילונג מיט געווער און ער וועט זיך אַראָפּכאַפּען דעם זעלבען פרייטאָג-צו-נאַכטס. אין אַ נאָך „וויכטיגען פּאָליטיש-סטראַטעגישען צענטער" — קיין פּעלשטין — און דאָרט אויך מאַכען דעם אויפשטאַנד אויף דער פּעטלורע-רעגירונג, און איינפירען אויך דאָרט דעם סאָוועטישען גן עדן. ער דאַרף ניט מער ווי פינף סאָלדאַטען. אין רייקעוויץ וועט ער נעמען פויערשע ארבייטער, אָרימע באַטראַקעס, — אַ פופצען אין צאָל. ער וועט זיין דער רעוואָלוציאָנערער קאָמאַנדיר, און דער אויפשטאַנד אין דעם וויכטיגען פּאָליטישען צענטער, פּעלשטין — איז אַ געזיכערטער מיט אַ פאָלקאָמענעם זיג. און אזוי איז טאַקע געווען:

פרייטאָג-צו-נאַכטס, דעם 14טען פעווראַל, 1919, אַרום צעהן אזייגער, זענען עטליכע פּעטלורישע פּראָוואָקאַטאָרישע סאָלדאַטען מיט אַ פופצען אידישע ארבייטער-אינגלאַך, אונערפאַרענע קינדער, אריין אין פּראָסקוראָווער פּאָסט-אָפּיס און האָבען פאַרנומען די טעלעגראַף- און טעלעפאָן-אַפּאַראַטען, באַזייטיגט די פּעטלורא-בעאַמטע, איבערלאָזענדיג דאָרט באָלשעוויקישע בעאַמטע, וועלכע האָבען אפילו ניט געוואוסט, ווי אַזוי צו באַגעהן זיך מיט אָט די אַפּאַראַטען. אויך אין דער פּאָליציי האָבען זיי באַזייטיגט די פּעטלורסקע בעאַמטע, און איבערגעלאָזט זייערע. קיין שום ווידערשטאַנד האָט מען זיי ניט געגעבען, ווייל ס'איז דאָך אינגאַנצען געוועזען אַן אָפּגעשמועסטע פּראָוואָקאַציע.

אָבער אַזאַ שטילער אויפשטאַנד, אָן איין שאָס, איז פאַר די פּראָוואָקאַטאָרס נישט געווען גענוג סענסאַציאָנעל. מען מוז פאַר דער אויסערליכער וועלט באַווייזען, דאָס די אידישע באָלשעוויקעס האָבען געוואָלט אַוועק'הרג'ענען טאַקע אויף טויט, די גאַנצע אוקראַינער רעגירונג... האָבען די פּראָוואָקאַטאָרס אָנגערעדט די אידישע ארבייטער-אינגלאַך, זיי זאָלען אַוועק אויך צום קאָמענדאַנט סימאָסענ-

קאָ און ביי איהם איבערנעמען די מאַכט. אָבער פריהער מוזען זיי באַשיסען די קאָמענדאַטור־געביידע, וואו זיין אָפּיס געפינט זיך. די נאַרישע אונוויסענדע אידישע קינדער האָבען זיך געלאָזט אָנריידען אויך צו אַזאַ נאַרישען געפערליכען שריט. און זיי זיינען די זעלבע נאַכט אוועק, מיט עטליכע סאָלדאַטען אין דער שפּיץ, צו דער קאָמענדאַטור. די פּראָוואָקאַטאָרישע סאָלדאַטען האָבען די אידישע קינדער געקאָמאַנדעוועט צו שיסען (!) און אליין האָבען זיי זיך באַהאַלטען הינטער די מויערען און הינטער די פּלויטען. עטליכע ביקסען האָבען אויסגעשאָסען גלייך אין קאָמענדאַנטס פענסטער אריין. אָבער פון דאָרט איז קיין שום ווידערשטאַנד נישט געקומען, גלייך ווי מען איז דאָרט אינוויינינג, אין דער קאָמענדאַטור, אויסגעשטאָרבען.

דעמאָלט ערשט האָבען די אינגלאַך זיך געכאַפּט, אַז דאָ איז עפּעס נישט גלאַטיג. דער גרויסער פירער, סאַבאַל, האָט זיך אומגעקוקט, און דערזעהן, אַז די פּעטלורא־סאָלדאַטען זענען זיך אין דער נאַכטיגער פינסטערניש, צולאָפען, נישט געוואָרען. דאַן האָט ער שוין דערשפּירט, דער גרויסער אינגעל־פירער, אַז דאָס איז געווען נישט מעהר ווי אַ פּראָוואָקאַציע. ער האָט זיך שוין דאַן געכאַפּט וואָס פאַר אַ נאַרישען געפערליכען שריט ער האָט געמאַכט. און ער האָט זיך באַלד אַפּגעטראָגען. ער איז אַוועק צו־פוס קיין מעכאַנפאָליע צו זיינעם אַ פעטער און האָט זיך דאָרט אויף דעם אויוון באַהאַלטען.

שבת אינדערפרי, אַרום 10 אַזייגער, האָט זיך אָנגעהויבען פּעטלורע'ס שדים־טאַנץ — דער שוידערליכער נקמה אקט, די נקמה פון אומשולדיגע אידען אין פּראָסקוראָוו, וועלכע האָבען אפילו ניט געוואוסט, נעבאַך, וואָס עס איז ביינאַכט אין שטאָט פאָרגעקומען. אַרום 10 אַזייגער אינדערפרי האָבען זיך דערהערט עטליכע שאָסען פון אַ קאַנאָן. דאָס האָט מען געלאָזט וויסען פּעטלורע'ס כוליגאַנישע סאָלדאַטען, אַז זיי זאָלען זיך מאָמענטאַל צונויפקומען מיט אַל־די וואָפען, וואָס זיי האָבען אין זייער באַזיץ, ווייל דער שונא איז נאָהענט. באַלד זיינען אַלע פּעטלורע'ס סאָלדאַטען געקומען צולויפען אויף דעם פּלאַץ, פון וואַנען די שאָסען האָבען זיך געהערט. מען האָט די גאַנצע אַרמיי אויסגעסטרויעט — גרייט צום קאַמף. פאַר זיי איז אַרויסגעטראָטען פּעטלורע'ס רעכטע האַנט, דער באַוואוסטער פּאָגראָם־אַגענט, סעמעסענקאָ. ער האָט געהאַלטען אַ פייערדיגע העצערישע רעדע פאַר די סאָלדאַטען, פאַרשטע־

לענדיג די אידען פאַר די בלוטיגע שונאים פון אוקראַינע, פאַר די גרעסטע רעוואָלוציאָנערען, און ער האָט פאַרזיכערט די סאָלדאַטען, אַז זיי וועלען האָבען די גרעסטע מצוה און דעם ליכטיגען גן־עדן, ווען זיי וועלען אָהן רחמנות אויס׳שחט׳ן די אידען, נישט שוינענדיג קיין פרויען, קינדער און זקנים. ער האָט געפרעגט די סאָלדאַטען, וועלכע פון זיי ווילען נעמען אויף זיך די מצוה פון הרג׳ענען אידען, די שונאים פון אוקראַינע, און זיי געהייסען אַרויסקומען אין דער פראָנט־ליניע. דאַן האָבען זיך אָפּגערופען 120 סאָלדאַטען. און ער האָט זיי גענעבען אַ באַפעל ניט צו געהן אין קיין הייזער אַיינ־ווייניג, בלויז אין די גאַסען, וויפיל אידען, זיי וועלען טרעפען, זאָלען זיי די אידען, פרויען, קינדער און זקנים, אָהן רחמנות אויס־שלאַכטען. אין פּראָסקוראָוו, אַזאַ גרויסע אידישע שטאָט, שבת בייטאָג, און אַ שעהנער טאָג אויך דערצו, איז כמעט די גאַנצע אי־דישע באַפעלקערונג געווען אויף די גאַסען.

צוויי אַזייגער בייטאָג זענען אַריין אין סאַמע מיטען שטאָדט, 120 סאָלדאַטען באַוואָפּענט פון קאָפּ ביז די פיס און האָבען גע־הרג׳ט און גע׳שחט׳ן די אומשולדיגע אידען, נעבאך, אָהן רחמנות. דריי שטונדען כסדר האָבען די באַוואָפענטע משחיתים געאַרבייט אויף דער אומבאַהאָלפענער, אומבאַוואָפענטער אידישער באַפעל־קערונג: געשניטען אויף רעכטס און לינקס, ביז פינף אַזייגער פאַר־נאַכט. דער רעזולטאַט איז געווען — 850 הרוגים בלויז אידען, פרויען, קינדער און זקנים.

דאָס זעלבע האָט פּאַסירט אויך אין פעלשטין. דעם זעלבען פרייטאָג, דעם 14טען פעוורואַל, איז דער אויבענדערמאָנטער פעלשטינער בחור, מיט פינף סאָלדאַטען פּראָוואָקאַטאָרען, אַוועק קיין פעלשטין. דורכפאָרענדיג דורך דעם דאָרף רייקאָוויץ, האָבען זיי מיטגענומען פון דאָרט אַ פופצען פויערשע יונגען, זיי זענען אויך דאָרט אַריין געקומען אין פעלשטינער פּאָסט־אָפּיס, און האָבען איבערגענומען די מאַכט אָהן אַ שום ווידערשטאַנד. אויך אין דער פּאָליציי האָבען זיי איבערגענומען די מאַכט, באַזייטיגט דעם דאָ־מאָלסטדיגען פּאָליציי־קאָמיסאַר, צימאַר, און דאָס, האָבען זיי גע־זאָגט, טוען זיי אין דעם נאָמען פון דער פּראָסקוראָווער צייטווייליגער סאָוועטישער רעגירונג.

שבת אינדערפרי, דעם 15טען פעוורואַל, זיינען זיך די רייקאָווי־צער שקצים, אויף דעם באַפעל פון די פּראָוואָקאַטאָרישע סאָלדאַ־טען, צולאָפען אַהיים, די סאָלדאַטען זענען אויך באַלד נישט גע־

סטייעט. ערשט דער אינגעל, דער אָנפירער פון דער רעוואָלוציע, האָט זיך געכאַפּט, אַז מען האָט אים איבערגעלאָזט איינעם אליין. האָט ער זיך אויך באַלד אָפּגעטראָגען.. דער פּאָסטמייסטער מיט דעם פּאָליציי־קאָמיסאַר, צימאַר, זענען שבת ביי־טאָג אַוועקגעפאָרען קיין פּראָסקוראָוו צו דעם כוליגאַן סעמעסענקא, אים איבערצוגעבען אַ ראַפּאָרט פון דעם אויפשטאַנד אויף דער פעלשטינער רעגירונג.

זיי זענען אָנגעקומען קיין פּראָסקוראָוו שוין נאָך דער שחיטה. זיי האָבען געטראָפען אויף די גאַסען הונדערטער אידען הרוגים. זיי האָבען איבערגעגעבען דעם כוליגאַן סעמעסענקא דעם ראַפּאָרט פון דעם אויפשטאַנד אין פעלשטין. און סעמעסענקא האָט זיי באַרוהיגט ער האָט זיי געהייסען אַהיים פאָרען צוריק קיין פעלשטין. ער האָט זיי פאַרזאָגט אין פעלשטין ניט צו דערצעהלען גאָרניט, פון דער שחיטה, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּראָסקוראָוו. זיי צוגעזאָגט מאָנטאַג אַראָפּשיקען אַ שטראָף־עקספּעדיציע אָפּצורעכענען זיך מיט די פעלשטינער אידען, פאַר דעם אויפשטאַנד וואָס זיי האָבען געמאַכט אויף דער אוקראַינישער רעגירונג — פאַר דעם אויפשטאַנד, פון וועלכען די אומשולדיגע, נעבאך, פולשטינער אידען האָבען אפילו ניט געוואוסט בשכבם ובקומם.

די דאָזיגע צוויי פעלשטינער פּעטלורישע רעגירער, דער פּאָסטמייסטער און פּאָליציי־קאָמיסאַר צימאַר, זענען זונטאַג, דעם 16טען פעוורואַל, אַהיים געקומען פון פּראָסקוראָוו קיין פעלשטין, באַרוהיגטע, קיין וואָרט אפילו ניט געלאָזט פאַלען, וואָס אין פּראָסקוראָוו האָט זיך אָפּגעטאָן.

מאָנטאַג אינדערפרי, דעם 17טען פעוורואַל, זיינען קיין פעלשטין אָנגעקומען אַ ראָטע פּעטלורצעס, רייטער, באַוואָפענט פון קאָפּ ביז די פיס. פאַרנאַכט דעם זעלבען טאָג, האָט מען זיי צונויפגענומען אויף דעם בערגעל פאַר זעליג משה׳לעס דירה. זייער קאָמאַנדיר האָט פאַר זיי געהאַלטען די זעלבע דרשה, וואָס מען האָט פאַר זיי גע׳דרש׳נט אין פּראָסקוראָוו, צו־זאָגענדיג זיי דעם גן עדן פאַר ראַטעווען אוקראַינע דערמיט, וואָס זיי וועלען טאָן די מצוה פון אויס־שחט׳ן די פעלשטינער אידען, נישט שוינענדיג קיין פרויען, קינדער און זקנים. זיי זאָלען נישט זוכען צו ראַבעווען קיין געלד. און ניט נעמען קיין געלט ביי קיינעם, וואָס וועט זיך מיט געלט וועלען אָפּקויפען פון טויט. זיי דאַרפען בלויז הרג׳ענען און אויסשלאַכטען די אידען, די שונאים פון אוקראַינע.

און טאָקע באַלד, דינסטאג פארטאָג, האָט זיך אָנגעהויבען די שחיטה, וועלכע האָט געדויערט ביז איינס אזייגער בייטאָג. די רוצחים האָבען איבערגעלאָזט אויף די פעלשטינער גאסען 600 הרוגים. רוהיג האָבען די סאָלדאטען אוועקגעלאָפירט צוריק קיין פראָסקוראָוו. דעם באוואוסטען צימארם פאָטער, דער אלטער חזיר-הענדלער וואַווריק צימאַר, איז ארומגעגאַנגען צווישען זיינע פויערישע שכנים און האָט זיי געהייסען ארויסלאָזען זייערע חזירים, זיך אָנצופרעסען מיט בלוט און פלייש פון די אידישע הרוגים, אז די חזירים זאָלען נאָך מעהר פעט ווערען...

די שעהנע בלויע הימלען מיט דער ליכטיגער זון פון ערב פריהלינג, די ריינע ערד אָפגעוואשען פון דעם צעגאַנגענעם שניי — האָבען אַזוי רוהיג דאָס צוגעזעהן, און האָבען זיך ניט וויסענדיג געמאַכט, גלייך ווי גאָרנישט איז געשעהן . . .

הפנים זיי האָבען געוואַרט אויף שלום שוואַרצבאַרד'ס רעוואָל־ווער אין פאַריז . . . פון דער גאַנצער קריסטליכער באַפעלקערונג אין פעלשטין, דאַרף דערמאָנט ווערען צום גוטען, בלויז איין קריסט־ליכע פרוי, און דאָס איז דעם פעלשטינער'ס גלח'ס פרוי — איך וויים נישט גענוי איהר נאָמען, אַ שאָד . . . זי האָט מאָנטאָג ביינאַכט זיך אַרויסגעלאָזט אויף קידוש השם, און האָט אריינגערופען צו זיך אין אַ סטאָדאָלע ביי 30 אידישע נפשות, און האָט זיי דאָרט געהאַלטען בסוד פון איהר מאַן, דעם גלח, זיי געגעבען עסען און טרינקען, מילך און פוטער, און זיי פאַרזאָגט, זיי זאָלען קיין טומעל ניט מאַכען, ווייל ווען איהר מאַן, דער גלח, וועט זיך דערוויסען ,אַז זי באַהאַלט אוים אידען ביי איהם אין אַ סטאָדאָלע, וועט ער זי, צוזאַמען מיט די אידען אַרויסטרייבען אויף דער גאַס, און וועט זיי איבערגעבען צו די רוצחים אין די הענט... און אַזוי אַרום האָט אָט די קריסטליכע פרוי אָפגע־ראַטעוועט דרייסיג אידישע לעבענס. פאַרט נאָך געוועזען אַ מענטש אויף דער וועלט . . .

## משהיקע בן זוסיע זילבערמאַן

# פעטליורע—דער פעלשטינער מלאך־המות

(דער אָריגינאַל איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין 1926 צו דער קאָמיטע, וואָס האָט געזאַמעלט מאַטעריאַל אין פאַרבינדונג מיט דעם שוואַרצבאַרד־פּראָצעס).



אַלס אַ איד, וואָס האָט דורכגעלעבט אַלע געשעהענישען פון דער רוסישער רעוואָלוציע און בירגער־קריג, וועלכער האָט צוגעזען מיט זיינע אויגען טייכען בלוט און טרערען, צעשמעטערטע קערפּערס, צעקלאַפּטע קעפּ, אויפגעשניטענע בייכער, אָפּגעהאַקטע הענט, פיס, נעזער, אויערען; וועלכער האָט געהערט מיט זיינע אויערען די האַרצרייסענדע געשרייען, די הימעל־שפּאַלטענדע געוואַלדען פון געפייניגטע, פאַרמוטשעטע, געשלאָגענע, פאַרגוואַלדיגטע, פאַרדי־שיטע אלמנות און יתומים, און א. אַ. וו., וויל איך איבערגעבען וועגען אַטאַמאַן פעטלורע און זיינע שרעקליכע מעשים, וואָס איך האָב אַליין מיט מיינע אויגען געזען.

איך בין אין אַמעריקע 5 יאָר, איך קום פון שטעטעל פעלשטין, פּראָסקוראָווער אויעזד, קאַמענעץ־פּאָדאָליער גובערניע, אוקראַינע. איך האָב אַליין דורכגעלעבט די שרעקליכע פּאָגראָמען פון פעטלורעס סאָלדאַטען, (היידאַמאַקעס־סוטשעוויקעס) פּאָגראָמען, וועלכע זיי האָ־בען דורכגעפירט אין דעם דערמאָנטען שטעטעל פעלשטין.

מאָנטאָג, מיטאָגצייט, י״ז חדש אדר ראשון, תרע״ט, (17טען פעברואַר, 1919), ווען פעטלורעס באַנדעס זיינען צום ערשטען מאָל פון פּראָסקוראָווער שרעקליכען פּאָגראָם אריין אין שטעטעל פעל־שטין, האָבען זיי די רגע פון זייער אָנקומען ארומגערינגעלט דאָס שטעטעל מיט פיל באַוואָפענטע רייטער־סאָלדאַטען, און אַזוי איז די אידישע שוצלאָזע באַפעלקערונג געבליבען געפאַנגען ווי פיש אין אַ נעץ. איך מיט מיין פרוי האָבען נאָך ניט געוואוסט פון דעם

שטרענגען פּאַטרול אַרום דער שטאָט און אַז מיר געפינען זיך גע־פאַנגענע, האָבען מיר נאָך ריזיקירט מיט אונזערע לעבענס און זיך געלאָזט זוכען אַן אָרט ערגעץ אויסצובאַהאַלטען. נאָר אונז איז דאָס שוין ניט געלונגען, ווייל פאַר אונזערע אויגען איז שוין פיל קרבנות געפאַלען, און דורך אַ גרויסען נס זיינען מיר צוריקגעקומען אין אונזער הויז. איך און מיין פרוי זיינען גלייך אַרויף אויף דעם בוי־דעם, וואו מיר האָבען אויסגעפונען אַ באַהעלטעניש אין קוימען, און צעשראָקענע, כמעט האַלב טויטע, דאָרט, אין קוימען, געשטאַ־נען אַ גאַנצע נאַכט, ביז מיטאָג צייט דעם צווייטען טאָג, דינסטאָג, י"ח אדר א׳, תרע"ט, דעם 18טען פעברואַר, 1919. מיר זיינען שיעור ניט אויסגעגאַנגען פאַר קעלט און דאָרשט. ווען דער פּאָגראָם זאָל נאָך געווען אָנהאַלטען, וואָלטען מיר דאָרט, אין דעם קוימען, סיי ווי געווען אומגעקומען.

אָנקומענדיג מאָנטאָג, האָבען זיך די באַנדעס צעשפּרייט אי־בער דער שטאָט און תיכף זיך גענומען צו דער אכזריות׳דיגער אַר־בייט פון אַלע זייטען. אידישע מענער אויף די גאַסען זיינען געכאַפּט און געצוואונגען געוואָרען זיך אויסצוטאָן נאַקעט און באָרוועס, און זיינען מערדערליך געשלאָגען און געפּייניגט געוואָרען אויף דעם שרעקליכסטען און ווילדסטען אופן, ניט קוקענדיג אויף דעם דעמאָלט־דיגען שרעקליכען פראָסט און טיפען שניי. די געוואַלדען פון אַלט און יונג, אַרום זיי קליינינקע קינדערלאַך, זייערע שרעקליכע געוויינען, דאָס קלאַפּען פון די רוצחים־רייטער, נאָכיאָגענדיג זיך נאָך פרויען, דאָס קלינגען פון ביקסען — און פּאַלעמיאָטען שיסעריי, האָט זיך דעמאָלט אויסגעמישט אין איין טומעל. איך קען יעצט פּשוט ניט פאַרשטעהן, ווי אַזוי מיר האָבען יענע ביטערע צייט גע־קענט איבערטראָגען, און דאָס אַלץ קלינגט נאָך איצט אין מיינע אויערען.

אַ גאַנצע נאַכט, מאָנטאָג אויף דינסטאָג, האָבען די גזלנים געראַבעוועט, מען טראָגט מלבושים פון די הייזער, סחורות פון קלייטען, איינער כאַפּט פון צווייטען, לייגט מען עס אויף פורען, מעבעל ברענט מען, בעטגעוואַנט רייסט מען, און מיטאַמאָל באַ־ווייזען זיך שרפות פון אָנגעצונדענע הייזער און קלייטען. אין שטאָט איז אויסגעוואָקסען אַ בלינדער יאָמער, וועלכען קיינער האָט ניט געזעהן, נאָר אַלע האָבען אים געהערט און געפילט. אַ ווילדער טומעל הענגט איבער דער שטאָט. דאָס גאַנצע אָנגעראַבעוועטע אידישע האָב־און־גוטס איז אַרויסגעפירט געוואָרען אויף זייערע

וועגענער, וועלכע זיי האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט. אין דער זעל־בער נאַכט האָבען זיי פאַרנומען פיל פרויען, זיי געפּייניגט, געשענדעט אויף דעם שרעקליכסטען אופן און אַלע אויסגעה׳רג׳עט, אַזעלכע אומגליקליכע, אַ 80 נפשות, האָבען מיר געפונען אין איציק בן אַלטער קאַרשענבוים׳ס הויז (אַ דאַמען שניידער).

צומאָרגענס, 7 אַזייגער, דינסטאַג, י״ח אדר א׳, תרע״ט, 18טען פעברואַר, 1919, האָט זיך דורך אַ סיגנאַל די גרויסע מחנה רוצחים צוזאַמענגענומען ניט ווייט פון מיין הויז. הערענדיג אַזאַ סיגנאַל, האָבען זיך פיל באַהאַלטענע אידען באַוויזען אויף די גאַסען, מיי־נענדיג, אַז די רוצחים, פאַרלאָזען שוין די שטאָט. דעמאָלט האָט איינער פון דער באַנדע רוצחים באַשטימט ווי אַזוי זיך צו באַגעהן אין דער אידישער שחיטה, און געענדיגט האָט ער מיט די פאָלגענדע ווערטער, וועלכע איך האָב געהערט, ליגענדיג אין קוימען, און וועלכע קלינגען מיר נאָך ביז היינט אין מיינע אויערען: „כליאָפּצי, בירימסי זאַ ראַבאָטו״, ד. ה. קינדער, לאָמיר זיך נעמען צו דער אַרבייט. ווי נאָר ער האָט די ווער־טער געענדיגט, אַזוי האָבען זיך די רוצחים, ווי ווילדע חיות, מיט אַלע מינים כלי־זין אין זייערע הענט, אַ לאָז געטאָן איבער דער שטאָט נאָכיאָגענדיג זיך נאָך די אידען, וועלכע האָבען זיך אויף די גאַסען געפונען. אַלע באַהאַלטענע פון די קעלערס, בוידעמער און אַנדערע לעכער אַרויסגעשלעפּט און אַלע אויסגעה׳רג׳עט, צעשניטען אויף שטיקלאַך, ניט צו דערקענען ווע־מעס אברים עס איז געווען, פרויעשע אויפגעשניטענע בייכער מיט שמאַטעס און שמוץ אָנגעפילט, קליינע קינדער אויף פּיקעס געטראָ־גען. אין די קעלערס ברויזט וואַרעם בלוט, אויף די בוידעמער רינען רויטע ריטשקעס, אויף די גאַסען וואַלגערען זיך צעשניטענע קערפּערס און די ערד איז רויט פון מענשליך בלוט. די שטאָט איז חרוב געוואָרען דורך די שרפות, וואָס זיי האָבען אָנגעמאַכט, אין וועלכע עס זיינען פאַרברענט געוואָרען 26 נפשות. בתוכם דעם רב׳ס פאַמיליע. דער רב איז געבליבען לעבען. און אַזוי זיינען די אידישע אומגליקליכע מענער, פרויען און קינדער אויסגעשאָכטען געוואָרען ווי די שאָף. דאָס גאַנצע שטעטעל איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שלאַכטהויז, פול מיט הרוגים. ריטשקעס בלוט האָבען זיך גע־צויגען איבער דער שטאָט. אונז האָט זיך דאַן געדאַכט, אַז די גאַנצע וועלט האָט אין אונז פאַרגעסען און די ווילדע האַידאַמאַ־

קישע באַנדעס, פעטלורעס סאָלדאַטען, ווילען אונז אויסשעכטען — אַלע ביז איינעם.

דינסטאָג, 1 אַזייגער בייטאָג, האָט די ווילדע באַנדע פּלוצים פאַרלאָזט די חרוב׳ע שטאָט, וועלכע האָט אויסגעזען ווי אַ בית-עלמין מיט אירע עטליכע הונדערט קדושים אויף אַלע גאַסען.

איך קען גענוי ניט זאָגען, ווי אַזוי מיר האָבען זיך דערוואוסט, אַז מיר מעגען שוין אַרויסקריכען פון די באַהעלטענישען. דעמאָלט האָבען מיר אויסגעזען משוגע מיט טויט-שרעק אין די אויגען. דערזעענדיג די גרויסע צאָל הרוגים אין טייכען בלוט אויף די גאַסען, האָב איך זיך תיכף געווענדעט צום וואָלאָסטנאָי סטאַרשינאַ מאַטאַ-סיאַק, (מיט וועלכען איך בין געווען באַפריינדעט), ער זאָל געבען הילף אַפּצוראַמען די הרוגים פון די גאַסען, איבער וועלכע גוים זיי-נען געגאַנגען ווי אויף שטיינער פון גאַס. געוועהנליך האָב איך מיט דעם דערמאָנטען סטאַרשינאַ קיין אַנדער געשפּרעך ניט געהאַט, ווי פון דער שחיטה, און ער, מאַטאַסיאַק, האָט מיר דעמאָלט געצייגט אַ טעלעגראַמע, וועלכע ער האָט נאָך זונטאָג, דעם 16טען פעברואַר, 1919, באַקומען פון פּראָסקוראָוו, און איז געווען געשריבען אין אוק-ראַיניש. דעם אינהאַלט פון דער טעלעגראַמע, וועל איך אייביג ניט פאַרגעסען. דאָס זיינען די פאָלגענדע ווערטער: „וואָלאָסטנאָמו גאָלאָווי מאַטאַסיאַקאָווי, פּראָסקוריווסקי זשידיווסקי פּאָווסטאַני זאַקינטשינאַ. 17 פּיד וועטשער נאַשי קאָזאַקי בודוט אַ וואָס אי ספּראַווליאַטסי איז פילשטעינסקימי זשידאַמי. סימאָן פּעטלוראַ”. ד. ה. „דער פּראָסקוראָווער אידישער אויפשטאַנד איז פאַרענדיגט און דעם 17טען פאַרנאַכט וועלען אונזערע סאָלדאַטען זיין ביי אייך און זיך רעכענען מיט די פעלשטינער אידען”. דער סטאַרשינאַ מאַטאַ-סיאַק האָט מיר דערביי צוגעגעבען, אַז נאָך שבת, דעם 15טען פעב-רואַר, איז ער אַרויסגערופען געוואָרען זיך פאַרצושטעלען פאַר׳ן אַטאַמאַן (באַטקאָ) פעטלורע, וועלכער האָט מיט אים פאַרבראַכט אין אַ געשפּרעך אַ האַלבע שעה און שטרענג אָנגעזאָגט, אַז עס זאָל זיין אַ סוד, אַז דעם 18טען פעברואַר איז באַשטימט דורכצופי-רען אין פעלשטין אַ פּאָגראָם אויף אידען. דאָס זעלבע האָט מיר דעמאָלט געזאָגט דער נאַטשאַלניק מיליציע, פּעטראָ צימאַר, מיט וועלכען איך בין אויך געווען באַפריינדעט.

נאָך דעם פּאָגראָם, האָב איך און אפרים קאַפּלאַן געמאַכט אַ רעגיסטראַציע און דעמאָלט האָט זיך דערוויזל אַרויסגעצייגט אַ 300 הרוגים. שטאַרק פאַרוואונדעטע זיינען אויך געווען כמעט אין

דער זעלבער צאָל. אַ סך פון די פאַרוואונדעטע זיינען ביסלעכווייז אויסגעשטאָרבען און דער טויט האָט זיי אויסגעלייזט פון זייערע שרעקליכע יסורים, און אַ סך זיינען ביז היינט לעבעדיגע מתים: בלינדע, אָהן הענט, פיס און אַזוי געפערליכע קאַליקעס, יתומים און אלמנות. אַ חוץ דעם זיינען אַ סך הרוגים אין עטליכע טעג אַרום געפונען געוואָרען אין די אַרומיגע פעלדער, וואו זיי האָבען געווים געזוכט זיך צו ראַטעווען פון די בלוטדאָרשטיגע הענט.

עטליכע טעג האָט גענומען ביז מיר האָבען אָפּגעראַמט די הרוגים פון די גאַסען, וועלכע האָבען זיך געוואַלגערט און חזירים האָבען געפרעסען די טויטע קערפּערס פון אונזערע דערמאָרדעטע און געשענדטע ברידער און שוועסטער. אויף דעם בית-עלמין איז אין עטליכע טעג צייט אָנגעפירט געוואָרען בערג טויטע, פאַרפרוי־רענע קערפּערס, אין באַגלייטונג פון זייערע איבערגעבליבענע אלמנות, יתומים, עלטערען און פריינט. זייערע האַרצרייסענדע, הימעל־געשרייען, די טרויעריגע קלאַנגען פון „אל מלא רחמים" האָבען זיך אויסגעמישט אין איין טומעל און געציטערט אין דער לופט און זיך אַריינגעשניטען אין אונזערע צעשראָקענע הער־צער, און אַזוי שרייענדיג האָבען מיר זיך גענומען קברים גראָבען און די טויטע צו 2-3 אין איין קבר צונויפגעוואָרפען.

די שרעק איז דעמאָלט ניט אָפּגעטראָטען פון אונזערע אויגען, און מיר האָבען געוואוסט, אַז אַלע טאָג שטעהען אונז פאַר אַזעלכע שחיטות. און באַלד, אין אַ קורצער צייט, איז ביי אונז אין שטאָט אַרוים אַ קלאַנג, אַז פּעטלורע איז אָנגעקומען. איך און נאָך עטלי־כע בעלי־בתים, מיטנעמענדיג מיט זיך אַלע אלמנות, קאַליקעס און יתומים, זיינען געגאַנגען אים בעטען, עס זאָל שוין זיין רואיג. ער, פּעטלורע האָט די דעלעגאַציע צוגענומען, ער האָט אונז גוט באַ־טראַכט, און מיר פילענדיג ווי אַזוי נידעריג מיר קוקען אויס אין זיינע אױגען, האָבען מיר מיט בלוטיגע טרערען צו אים זיך גע־ווענדעט און געבעטען, ער זאָל פון אונז אָפּקערען די דאָזיגע צוררי היהודים. מיר האָבען אים באַגעגענט מיט ברויט, מיט דער האָפע־נונג צו הערען פון אים ווערטער פון טרייסט און בטחון. נאָר אומ־זיסט! אויף אונזערע האָפענונגען, האָט ער אונז מוסר געזאָגט מיט פיל שטעך-ווערטער. ער האָט אַליין געזען דעם גרויסען חורבן און טרויער, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסען אויף אונזער שטאָט און האָט געענטפערט די פאָלגענדע ווערטער: „זשידי, יאַק ווי זאַראָבילי, טאַק ווי איזילי". ד. ה. „אידען, וואָס איר האָט פאַרדינט, דאָס האָט

איר אויפגעגעסען". הערענדיג אזעלכע פאָגראָם-ווערטער, האָט דאָס גאַנצע אידישע שטעטעל אויסגעבראָכען אין זעהר א שטאַרק געוויין און יללה, וועלכעס האָט פשוט געקענט שטיינער רירען.

דאָס איז געווען פעטלורע'ס באַגעגעניש מיט א אידישער דע־לעגאַציע. און באַלד נאָך זיין אַפּפאָרען, דעם 2טען טאָג שבועות, איז ווידער ביי אונז אין שטאָט דורכגעפירט געוואָרען א 2טער פּאָ־גראָם, אין וועלכען עס זיינען געפאַלען א 30 קרבנות.

ווי מיר האָבען נאָך דעם ערשטען פּאָגראָם אויסגעפונען, איז די שחיטה דעם 18טען פעברואַר, 1919, אָרגאַניזירט געוואָרען בסוד־סודות. היינו: שבת, דעם 15טען פעברואַר, 1919, איז אַרום אַלע דערפער פון פעלשטינער וואָלאָסט, (20 דערפער), אַרומגעפאָרען פעטלורע'ס אַרום א 100 סאָלדאַטען, אין יעדען דאָרף א סכאָד גע־רופען און די גוים אָנגעזאָגט, אַז דער באַטקאָ פעטלורע באַפעלט אַלע אידען אומברענגען און זייער גאַנץ פאַרמעגען דאַרף איבערגעהן צו די גוים. און אויב א ניט-איד וועט וועלען טאָן א אידען א טובה, אַזוי וועט זיין א קאָפּ פאַר א קאָפּ. די אַלע פּאָגראָם-אַגיטאַציעס האָבען די פויערים איבערגעגעבען שוין נאָך אַלע איבערגעקומענע צרות, וועלכע די גיהנום-שליחים מיט'ן רצון פון פעטלורען האָבען אָנגעטאָן.

דאָס אַלץ קענען באַשטעטיגען אַלע מיינע לאַנדסלייט וועלכע האָבען איבערגעלעבט צוזאַמען מיט מיר די אַלע פינסטערע פעטלו־רע'ס צייטען.

איך זאָג עדות געגען דעם הויפּט-שעכטער פון אוקראַינע, סימאָן פעטלורע, וועלכען שלום שוואַרצבאַרד האָט דערמאָרדעט אין פּאַריז אַלס נקמה פאַר דעם אידישען בלוט, וואָס האָט זיך טייכענווייז געגאָסען איבער אוקראַינע.

## שמואל ווערבוד

# אין די טעג פון פּאָגראָם

(פון מיין טאָג בוך)



זונטאָג, דעם 15טען פעברואר, 1919.

היינט איז די שטימונג אין שטעטל זעהר א געדריקטע. עס שוי־דערט פון דער בשורה, אז פּראָסקוראָוו איז געוואָרען אוים אידישע שטאָט. א טייך פון אידיש בלוט, א בריק פון אידישע קערפּערס . . . אלע געהען ארום נידערגעשלאָגען אוים מורא פארן מאָרגענדיגען טאָג, און אויך פאר שאנדע פאר דער ארומיגער קריסטליכער באפעלקערונג . . .

דער רב האָט געהייסען פארמאכען די קלייטען און קומען אין בית המדרש. ער וויל עפּעס זאָגען.

דאָס בית המדרש איז געפּאקט. די דערוואַרטונג איז גרוים. איז עס א גוטער אָנזאָג, אָדער עפּעס אנדערש? . . .

טרויעריג און מיט א ציטערדיגער שטימע האָט דער ווירדיגער רב גערעדט. ער האָט אָנגעוויזען, אז זינט חורבן בית המקדש שטייען אידען אוים פּאָגראָמען און רציחות, געהען אידען מיט אויסגעשטרעקטע העל־זער אנטקעגען דעם מלאך המות על קידוש השם. עס איז גאָט׳ס שטראָף . . . דארפען עס אידען אָננעמען פאר ליב און מתפלל זיין. אפשר וועט ער זיך מרחם זיין.

צום סוף האָט ער גוזר תענית געווען . . .

שווער צו באשרייבען דעם איינדרוק וואָס דעם רב׳ס עטליכע ווערטער האָבען געמאכט. יעדער האָט זיך אויסגעגלייכט אביסעל, שווער אָפּ־געאָטעמט און זיך געלאָזט ארויסגעהן פון שול. אלע האָבען געשוויגען. ס׳האָט זיך געפיהלט, ווי נאָר די הערצער ריידען צווישען זיך און טרוי־ערען . . .

לאנגזאָם, פארטראכט אין זיינע טרויעריגע מחשבות, איז זיך יעדער אוועק אהיים. אייניגע האָבען געעפענט צוריק די געוועלבען, ניט ארויס־

צואווייזען כאָטש די שאַנדע און מורא פאַר די גוים; נאָר דאָס האַרץ האָט געזאָגט, עפּעס פאַרגעפּיהלט און זיך געשראָקען . . .

דער טאָג איז געווען אַ וואַרימער. די זון האָט געשיינט און געוואַרימט, דער שניי האָט געלאָזט. ס'איז געוואָרען אַביסעל בלאָטיג.

די זון האָט געשיינט, יאָ! אָבער פאַר וועמען? . . . זי האָט געשיינט און געשמייכעלט, אָבער צו וועמען? . . .

דאָס האָט יעדער איינציגער איד געפילט, און ס'האָט איהם אָנגעהויבען עפּעס צו קלעמען ביים האַרצען. — זעה! אפילו די נאַטור איז קעגען אונז! — זעה נאָר, ווי זי שמייכעלט אין אַזאַ פינסטערער פאַר אונז צייט! — וואָלט דען ניט גלייכער געווען, אַז די זון זאָל פאַרלאָשען ווערען, אַז אַ שטורעם רעגען זאָל אַלעס פאַרטרינקען און פאַרניכטען, אַז די ערד זאָל אָנהויבען ציטערען און די וועלט זאָל זיך איבערקערען!?

אָך, ווען ס'עפּענט זיך אַ גרוב און מיר פאַלען אריין צוזאַמען מיט די גוים, און . . . דעמאָלט . . . אוי, די שאַנדע . . .

דער טאָג האָט זיך לאַנגזאַם געצויגען, און דאָס האָט געבראַכט צו מער נערוועזיטעט און האַרץ-קלעמעניש. אָך! וויפיל וואָלט יעדער געווען אָוועקגעגעבען ס'זאָל שוין, גלייך, פינסטער ווערען, נאַכט ווערען. וועט מען כאָטש ניט זעהען די געזיכטער, וועלכע וואַרטען אויף דעם טאָג, אויף דעם שרעקליכען טאָג . . .

פאַרנאַכט:

אַלע זיינען זיך צונויפגעקומען אין בית-המדרש אריין דאַווענען, אפילו אַזעלכע, וואָס האָבען קיינמאָל דעם בית המדרש רעכט ניט אָנגעקוקט.

אין בית המדרש איז געווען שטיל. עס האָט זיך נאָר געהערט די ציטעריג טרויעריגע שטימע פון דעם חזן און דאָס שטילע מורמלען פון דעם עולם. יעדער האָט געדאַווענט, ניט מיטן מויל, נאָר מיטן האַרץ, און ס'האָט אויסגעזעהן, אַז אין שול געפינען זיך ניט לעבעדיגע מענשען, נאָר אַ קיבוץ פון נשמות . . . באַלד אָבער איז דאָס דאַווענען אריין אין עקסטאַז, און יעדער איינציגער האָט געוואָלט איבערשרייען דעם צווייטען. ס'איז אויסגעקומען, אַז יעדער וויל פאַרטרייבען זיינע טרויעריגע מחשבות מיט דעם, וואָס ער וועט העכער שרייען. און די שלעכטע שטימונג איז טאַקע אויף אַביסעל ווי צוגענומען געוואָרען. נאָר קוים האָט זיך געענדיגט דאָס דאַווענען, האָט זיך צוריק אריינגע'גנב'עט די פריערדיגע שטימונג, און טרויעריג איז זיך יעדער צוגאַנגען אַהיים.

וואו נעמט מען ווערטער צו באַשרייבען די שטימונג פון דער אָפּגעשטאָרבענער גאַס, די סודות פון דער טויטער פינסטערניש, דעם קאַנ־

טראסט פון דעם נעכטיגען פרעהליכען לעבעדיגען און היינטיגען פוסטען פאר׳מרה־שחורה׳דיגען אָווענט.

אויף דער גאס האָט מען קיין מענשען ניט געזעהן, א חוץ אמאָל א שיכור׳ן גוי, וואָס האָט נאָך מעהר שרעק ארויפגעוואָרפען אויף אַלעמען. אַלע שטיבער זיינען געווען פעסט פארמאכט, די פענסטער פארהאנגען. אויף דער גאס האָט זיך געכמארעט און ס׳האָט געבלאָזען א קליין, נאס ווינטעל.

נאכט.

די נאכט איז קיינער ניט געשלאָפען. אַלעמאָל האָט זיך אָן אנדער פאָרהאנג פון א פענסטער אויפגעהויבען און שנעל זיך אראָפּגעלאָזט. מיט שרעק האָט מען איבערגעלעבט די נאכט. ס׳האָט זיך יעדען געדאכט, אז די נאכט איז נישט נאָר צוויי מאָל גרעסער פונם טאָג, נאָר יאָרען לאנג, און מיט אומגעדולד האָט יעדער געווארט אויפן טאָג, פיליכט וועט דער טאָג עפּעס נייעס ברענגען.

מאָנטאָג, דעם 16טען פעברואר.

דער טאָג איז געקומען און געבראכט א ביסעל נייעס, נישט קיין גוטע, נאָר נאָך עטליכע שוידערליכע מעשות פון פּראָסקוראָוו, וואָס ביי יעדען האָבען זיך די האָר געשטעלט קאַפּויר זיי הערענדיג.

די זון האָט זיך לאנגזאם געשפּאצירט איבערן הימעל, און דער טאָג האָט לאנגזאם געשפאנט נעהענטער צו דער נאכט.

פארנאכט.

אויף דער גאס האָבען זיך צונויפגעזאמעלט עטליכע רעדלאָך אידען און גערעדט איבער דעם פּראָסקוראָווער בראָך . . . פּלוצים האָבען זיך דערהערט קולות: „אידען, ראטעוועט אייך! די מחבל׳ניקעס זיינען שוין דאָ. מיר זיינען אַלע פארפאלען!״ . . .

ס׳איז געוואָרען א גרויסע מהומה, א געפּילדעריי, א לויפעריי, א געשריי. קינדער האָבען פארלאָרען זייערע עלטערען, ברידער — שוועסטער; מען איז ארומגעלאָפען צעטומעלט, זוכענדיג איינער דעם אנדערען. פון אייניגע שטיבער האָט מען זיך געלאָזט לויפען אויסערען שטאָט אין פעלד אריין. און ווי מיטאמאָל איז אזוי שטיל געוואָרען, גלייך ווי קיינער איז אין שטעטעל ניט געבליבען . . .

די „טשיפּעקעס״ זיינען דורכגעפאָרען די שטאָט מיט א געזאנג, אז זיי וועלען אַלע „באָלשעוויקעס״ פארניכטען, און זיינען פארשוואונדען . . . אָווענט.

די זון האָט זיך געזעצט און ס'איז פינסטער געוואָרען. איינינע זיינען אוועק צום קאָמיסאר פרעגען, וואָס וועט זיין? — צי וועט ער, חלילה, צולאָזען צו אַן אומגליק? — דער קאָמיסאר האָט יעדען באַרוהיגט און פאַרזיכערט, אַז דאָס זיינען גאָר 25 מיליציאָנערען, וואָס ער האָט אראָפּגעבראַכט פון דעם נאָהענטען דאָרף, כדי ער זאָל זיין ביי זיך זיכערער געגען אַן אָנפאַל און ס'זאָל זיין אַ גרעסערע שוץ פאַר דער שטאָטישער באַפעלקערונג (אריינגעפאָרען אין שטעטעל זיינען נאָר 25 און די איבעריגע האָבען באַלאַגערט דאָס שטעטעל, מען זאָל ניט קענען אַנטלויפען).

די טרייסט האָט זיך איינגיכען איבערן שטעטעל צוטראָגען. מען האָט אַביסעל אָפּגעזיפצט, נאָר דער חשד איז געבליבען און דאָס האַרץ האָט פאָרגעפיהלט . . .

ביינאַכט.

אויף דער גאַס איז געווען שטיל. דער הימעל איז געווען לויטער. ס'האָט געבלאָזען אַ קליין ווינטעלע און די בלאָטע האָט ווידער געפרוירען.

די שטילקייט האָט יעדען איינעם דורכגענומען, ווען ער האָט נאָר אַ קוק געגעבען אויף דער גאַס. ס'האָט יעדער געפילט, אַז די שטילקייט איז ניט עפּעס אַ געוויינליכע שטילקייט, וועלכע איז אַן אנגענעמע. אין דער שטילקייט האָט יעדער געפיהלט איז דאָ עטוואָס פאַרבאָרגענס, וואָס לאַקערט אויף איהם, נאָר ער קאָן עס ניט אָנזעהן . . .

די שטילקייט האָט אַמאָל אויפגערודערט דאָס ארומשפּאַנען פון אַ „באַשיצער", אויך אַמאָל דאָס הוסטען פון אַ „פּאָסטאָוואָי". ס'האָט זיך אַמאָל דערטראָגען פון ערגיץ דאָס אָנקלאַפּען פון אַ פּאָר „באַשיצער" אין אַ טהיר, און זייער עניוות'דיג בעטען מען זאָל זיי עפענען און אריינלאָזען . . . ס'איז אויך אָפּט דורכגעפאָרען אַ פוהר מיט אָנגערויבט אידיש גוטס, פאַרנומען פון די רייכע הייזער. ס'האָט זיך אַמאָל דערטראָגען צו די אויערען אַ געוואַלט פון עמיצען, און מיט אַן „אוי" אנטשוויגען געוואָרען . . .

שרעקליך איז געווען די נאַכט איבערצוטראָגען . . . שרעקליכער איז געווען די מורא פון די קירזשנערס און שוסטערס. מיט די שפּיזען אַנטקעגען זיינען געשטאַנען די „באַשיצער" אַ גאַנצע נאַכט און זיי באַפוילען אויפצוהייען אַ גרויסע צאָל היידאַמאַטסקע שאַפּקעס און שטיוועל.

דינסטאָג, דעם 17טען פעברואַר.

שרעק האָט אויך אַ גרונט, אַ גרענעץ: ווען ס׳קומט צו צו דער לעצטער מדרגה פון שרעק, דעמאָלט פאַרלירט דער מענש אינגאַנצען זיין מורא און בלייבט פאַרשטיינערט, גלייכגילטיג צו דער ערגסטער געשעה־ניש ...

ווען ס׳האָט אָנגעהויבען צו טאָגען און ליכטיגער ווערען, אַזוי איז יעדען אַביסעל ליכטיגער געוואָרען אין די אויגען. פּלוצים האָבען זיך דערהערט פון פילע זייטען געוואַלדען און לויפעררייען, עטליכע שאָס, דאָס שעלטען פון די „טשיפּעקעס" — דאַמאָלט האָט יעדער פאַרשטאַנען, אַז דער טאָג האָט ניט נאָר קיין גוטס ניט געבראַכט, נאָר, פאַרקעהרט, האָט אויפ־געדעקט דעם שלייער פון די שרעקליכע סודות פון נאַכט, און יעדער האָט דערפיהלט, אַז יעצט איז געקומען די אַנטשיידענע מינוט, פאַר וועלכער מען האָט זיך אַזוי געשראָקען . . . און דאָס הארץ איז מיט אַמאָל פאַרשטיינערט געוואָרען . . .

אין מאַרק איז געווען שטיל, אַ שטילקייט, וואָס ס׳פיהלט זיך ביי יעדער באַפעסטיגטער פּאָזיציע קעגען דעם שונא . . . און אויפן שאָסיי זיינע געשטאַנען עטליכע „פּוליעמיאָטען" מיט זייערע שרעקליכע מיילער געווענדעט אין אַלע פיר זייטען. פּאָסטען זיינען געווען צעשטעלט אין יעדען ווינקעל; ס׳האָט אינגאַנצען געהאַט אַזאַ מין אויסזעהן, ווי מען וואַרט אויף דעם שונא, ער זאָל ניט באַפאַלען צו יעדער מינוט, ביי יע־דער געלעגענהייט . . .

ס׳האָט זיך דערהערט פון מאַרק טרובען — דאָס צונויפרופען פון די „באַשיצער". פילע האָבען שוין געדענקט, אַז דאָס רופט מען זיי צונויף, צו שיקען זיי צוריק פון וואַנען זיי זיינען געקומען, און אַ פּונק פון האָפנונג האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט . . .

אויפן קול פון טרובען האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט די „היידאַמאַקעס" כחול הים. אַ פּאַלקאָם שטילקייט האָט געהערשט צווישען זיי. אַלעמאָל האָבען זיי זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען, ווי אַ חיה, איידער זי באַ־דאַרף באַפאַלען איהר רויב . . . באַלד איז אָנגעקומען דער אַטאַמאַן זיי־ערער, אויף וועלכען אַלע האָבען אומגעדולדיג געוואַרט. בלישטשענדע חיה׳שע אויגען האָבען זיי געווענדעט צו זייער אַטאַמאַן, מיט גרויסער טהי־רישער באַגייסטערונג האָבען זיי זיך צוגעהערט צו זיין רעדע, אין וועל־כער ער האָט זיי געגעבען מוט צו טאָן זייער „הייליגע ארבייט" אָהן מורא . . . און נאָכ׳ן גלח׳ס תפילה צו גאָט — זיי מיטהעלפען אין זייער הייליגער אַרבייט, — האָבען זיי זיך אַלע איבערגע׳צלמ׳ט און ווי חיות זיך צולאָזט צווישען די אידישע שטיבער נאָך רויב און מאָרד.

## מעכצי רובינשטיין

# תמות נפשי על קידוש־השם



אינ'ם יאָהר 1919, באַלד נאָך דער אָראָפּזעצונג פון „קערענסקי'ס רעגירונג" האָבען זיך גענומען אָרגאַניזירען אַלערליי באַנדיטען אין באַנדעס, אונטער פעטלורע'ס פיהרערשאַפט, כדי מלחמה צו האַלטען מיט די „באָלשעוויקעס". זיי האָבען זיך גערופען אוקראַינער פּאַ־טריאָטען. די באַנדעס האָבען באַלד גענומען באַשולדיגען די אידען, אַז זיי שטיצען די באָלשעוויקעס און אָנגעהויבען פּאָגראָמירען און הרג'ענען אָהן רחמנות אנשים, נשים וטף...

אין פּראָסקוראָוו האָבען זיי געמאַכט דעם ערשטען פּאָגראָם און אויסגעהרג'עט לערך 4000 מענשען. א פּאָר טעג שפּעטער, נאָך דעם פּראָסקוראָווער פּאָגראָם, זיינען קיין פעלשטין אָראָפּגעקומען א ראָטע באַנדיטען אויסצוראָטען דעם באָלשעוויזם. היימישע כוליגאַ־נעם — דער נאַטשאַלניק פון דער פּאָסט און דער פּאָליציי קאָמיסאָר, וואָווריק ליסעם זון, צימאַר — האָבען געשריבען צו דער מאַכט, אַז עס געפינען זיך אין פעלשטין באָלשעוויקעס, מיינענדיג אודאי די „פּאַראייניגטע", וואָס האָט זיך דעמאָלט אָרגאַניזירט דורך אליהו משה'ן, אלעזר בייזער, שלום־חיה הינדעס זון — און נאָך אייניגע יונגע מענשען.

ווי איך האָב דערהערט, אַז די באַנדיטען זיינען דא, האָב איך זיך ניט געוואָלט פּאַרלאָזען אויף קיין ניסים און ניט געפּאָלגט דעם רב, וואָס האָט דעם טאָג אויסגערופען א תענית ציבור און מבטיח געווען, אַז גאָט וועט שוין היטען. איך האָב גענומען מיין פאַמיליע און מיר זיינען אַרויפגעלאָפען אויף דער „אורבאַניפקע" צו באַהאַלטען זיך ביי היימישע גוים. אָבער צו וועלכען ערל מיר זיינען ניט צו־געקומען, האָט ער אונז ניט געוואָלט אַריינלאָזען. אַלע האָבען אָנגעגעבען דעם תירוץ, אַז מען האָט פּראָקלאַמירט: ווער עס וועט

אויסבאהאַלטען אַ אידען, וועט מען איהם טאָן דאָס אייגענע, וואָס מען וועט טאָן דעם אידען...

נאָך גרוים מאַטערניש און לאַנגען ארומשלעפּען זיך אין טיפען שניי איבער דעם דאָרף מיט מיינע צוויי קליינע קינדער און שוואַכער פרוי, האָט מיך וואסיל טשאָרני פאַר 200 רובעל אריינגענומען.

כעלות השחר האָט ער אונז אָנגעטאָן גויעשע בגדים און אוועק־געפירט מיט זיין עגלה אין דאָרף קאַריטנע.

אָט אַזוי בין איך מיט מיין פאַמיליע ניצל געוואָרען פון די מערדער.

און איצט אין קאַריטנע! דאָרטען האָבען זיך געפונען נאָך אידען, וואָס זיינען אוועק פון שטאָדט. האָבען די ערלים פון דאָרף געמאכט אַ „סכאָד" און באַשלאָסען אונז ארויסצושיקען צוריק אין שטאָדט אַריין. דען דער גלח פון דאָרף האָט אָנגעזאָגט, אַז מען וועט זיי באַשטראָפען דערפאַר וואָס זיי לאָזען ביי זיך באַהאַלטען אידען.

און אַזוי האָט מען אונז, לערך דריי און צוואַנציג אידען, טאַקע גלייך אַרעסטירט, און מיט באַוואָפענטער פּאָליציי גענומען פירען אין שטאָדט אַריין.

אָבער איידער מיר האָבען פאַרלאָזען, איז צוגעקומען צו מיר אַ היימישער גוי און מיר איינגערוימט אין אויער, אַז איך זאָל אויף דעם פעלד זעהן זיך אויסקויפען, וואָרים ס'איז אַ גרויסע שחיטה אין שטאָדט... ער, דער ערל, הייסט עס ,וועט שוין מיט נאָך עט־ליכע ערלים, אונז נאָכקומען און מען וועט אונז אַוועקפיהרען אין וואַלד לעבען קאַריטנע, ביז דער רעש וועט אַריבער. און אַזוי איז טאַקע געוועזן.

איך האָב די פּאָליציי אָפּגעקויפט פאַר שעהנע עטליכע טוי־זענטער, וואָס אַלע אידען האָבען צווישען זיך צונויפגענומען, און מען האָט אונז אָפּגעלאָזט.

די גוים האָבען געהאַלטען וואָרט און האָבען אונז באַגעגענט אין פעלד און אַוועקגעפיהרט צום וועכטער פון וואַלד, אין אַ בודקע. פון אָפּגעפּאַלענע בלעטער, וואָס מיר האָבען צונויפגעשאַרט, האָבען מיר אויף דעם שניי געמאַכט אַ געלעגער. און אַזוי זיינען מיר, אַרום אַ דרייצעהן פערזאָן, אַריבער אַ מעת־לעת געלעגען אָהן עסען, צונויפגעדריקט ווי די שאָף אין דעם ביידעל, וואו נאָר איין מענש האָט געקענט ליגען.

ציטערענדיג פון שרעק און קעלט, האָבען מיר אין דער טיפער נאַכט פּלוצלונג דערהערט אַ שיסעריי הינטער אונזערביידעל און טאַקע באַלד האָט זיך דערהערט אַ קול:

— וויכאָדי!...

פאַר שרעק האָבען אַלע גענומען שרייען „שמע ישראל!" מיט גרוים געיאָמער. מיר האָבען געמיינט, אַז די באַנדיטען האָבען אונז אויסגעפונען.

אָבער אַזוי ווי מיר זיינען אַרויס און זיך אויסגעשטעלט, לויט זייער קאָמאַנדע, האָבען מיר גלייך דערקענט, אַז דאָס איז די פּאָליציי, וועלכע האָט אונז אויפ'ן פעלד באַפרייט. זיי זיינען איצט געקומען אויסלייזיגען ביי אונז די קעשענעס.

זיי האָבען יעדען איינציגען באַזוכט און צוגענומען אַלץ, וואָס זיי האָבען אין די קעשענעס געפונען.

נאָכדעם האָבען זיי אונז געזאָגט, אַז מיר זאָלען זיך ניט שרעקען, זיי קומען פון שטאָדט, און דאָרט איז שוין רוהיג...

אויף צו מאָרגענס זיינען מיר אָנגעקומען אין שטאָדט אַריין און געטראָפען אויף די גאַסען ליגען פיעל טויטע קערפּערס, וואָס מען האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט צו באַהאַלטען.

האָבען מיר אַלע גענומען העלפען אַרויספיהרען די מתים אויפ'ן בית-עלמין לקבורה.

דערנאָך האָבען מיר זיך גענומען מתעסק זיין מיט די פאַרוואונדעטע מענשען, וואָס פיעל פון זיי זיינען אויסגעגאַנגען איידער ס'איז געקומען הילף.

מיר האָבען געלאָזט וויסען צו אַלע אַרומיגע נאָענטע שטעדטלאַך, צו שיקען הילף. פון זינקאָוו איז אָנגעקומען אַ דאָקטאָר מיט קראַנקען-שוועסטער און מעדיצינען.

אָט דאָס האָב איך מיט מיין פאַמיליע און פיל אַנדערע איבערגעלעבט בעת דעם ערשטען פּאָגראָם.

אַזוי איז איבערגעלאָפען אַ צייט פון פחד ביז שבועות.

יום טוב, זייענדיג אין די בתי מדרשים, האָט מען דערהערט אַז אַ פּאָלק באַנדיטען קומען אין שטאָדט אַריין. איז מען זיך גלייך צולאָפען באַהאַלטען.

איך מיט מיין פאַמילע און אויך מיין שכן, שלום שכנא האָרעוויץ, מרדכי פּאָרטנאָי, און די שכנה פייערמאַן, זיינען געוועזן באַהאַלטען ביי מיר אין „סקלאַד" — אַ קעלער, וואו מען האָט אָפּגעוואָרפען די שמאַטעס אוןביינער פון נבלות.

האָב איך זיך באַדענקט: אַז אויב מען וועט זיך ניט ווייזען פאַר זיי, וועט זיין ערגער. און איך האָב געפּאַסט ביי זיך: תמות נפשי על קידוש השם. און איך האָב זיך אַרויסגעריסען פון קעלער, ניט הערענדיג דאָס געוויין פון מיין פרוי און קינדער, און בין אַרויף אין מאַרק אַריין.

באַלד זיינען מיינע אויבענדערמאָנטע שכנים אויך אָנגעלאָפען און צוגעקומען צו מיר.

ווי דער עלטסטער האָט אונז דערזעהן, האָט ער צו אונז, מיט דער האַנט, אַ צייכען פון שלום געוויזען. איך בין צו איהם צו־געגאַנגען מיט אַ סאַלוט, ווי אַן אונטערטאַן.

גלייך האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן, וואָרום מען האָט זיך פאַר זיי באַהאַלטען.

האָב איך איהם געענטפערט, אַז מען איז אָנגעשראָקען פון דעם פּאָגראָם.

רופט ער זיך אָן צו מיר: „האָסט גוט געטאָן וואָס דו ביסט אַרויסגעקומען. דען מיינע יונגען זיינען הונגעריג און זיי וואָלטען זיך גלייך אַוועקגעלאָזען איבער דער שטאָדט און פון דעם וואָלט גאָר קיין גוטס ניט אַרויסגעקומען"... און שמייכעלט זיך דערביי צו.

„אויב איהר וועט זיין רוהיגע מענשען, ניט קיין באָלשעווי־קעס, וועט אייך זיין גוט ביי אונז", זאָגט ער און גיט צו נאָך אַזעלכע טייערע שטעך־ווערטלאַך...

צו די סאָלדאַטען האָט ער זיך געווענדעט און געזאָגט אַזוי: „קינדער! איהר זאָלט וויסען אַז די שטאָדט איז אָנגעשראָקען. זיי דענקען, אַז מיר זיינען געקומען זיי אויסצוקוילענען. אָבער איך גיב זיי מיין וואָרט, אַז מיר וועלען לעבען מיט זיי מענשליך, אויב זיי וועלען זיך אויפפיהרען מענשליך מיט אונז...

און גלייך איז געקומען דער ענטפער: „טאַק טאָטשנאָ!"

צו אונז האָט ער זיך ווידער געווענדעט און געזאָגט: „איהר גייט גלייך איבער דער שטאָדט און לאָזט וויסען, אַז מען זאָל זיך ניט שרעקען פאַר אונז. און זאָל די שטאָדט עפענען די קלייטען און פאַרקויפען אַלץ צו די סאָלדאַטען, נאָר ניט רייסען קיין הויכע פּרייזען. און פאַר די הויפּטען, זאָגט ער אונז אָן, זאָלען מיר זעהן צוגרייטען אַ גוטע וועטשערע. ער גיט מיר טאַקע גלייך — אויב איך מאַך ניט קיין טעות — דריי הונדערט רובעל.

און אַזוי האָבען זיך די באַנדיטען איינגעשטעלט אויף קוואַר־טיר.

איך, פערזענליך, האָב באַקומען פון דעם קאָמאַנדיר אַ צייכען, אַז ווען איך וועל איהם וועלען זעהן, זאָל מען מיך צולאָזען צו איהם.

די שטאָדט איז טאַקע גלייך באַרוהיגט געוואָרען. נאָר איך האָב פאַר מיין שליחת־מצוה באַקומען דעם אמת'ן שכר...

אין אָווענט האָב איך געזעהן דעם קאָמאַנדיר אויף זיין קוואַר־טיר. ווען איך האָב איהם פאַרלאָזען און געגאַנגען אַהיים, האָט מיך איינער פון די באַנדיטען אַריינגעשלעפּט צו חיים פראַים'ס אין פיר־הויז, מיך געוואָרענט ניט צו שרייען, און אויסגעליידיגט מיינע קעשענעס לערך פופצעהן הונדערט רובעל... איך בין נאָך געווען צופרידען, וואָס ער האָט מיך אָפּגעלאָזט מיט גאַנצע ביינער...

אויף מאָרגען בין איך ווידער געווען ביים קאָמאַנדיר, אָבער כ'האָב איהם ניט דערצעהלט אַ וואָרט, ווייל ער וואָלט, אפשר, גלייך געהייסען מיר דערקענען דעם סאָלדאַט. אַזוי ווי אָבער ס'איז געווען שטאָק פינסטער, און איך האָב סיי־ווי ניט געזעהן די וועלט פאַר זיך, בשעת ער האָט מיך אַרומגערייניגט, וואָלט איך דאָך זיכער גע־בליבען דער שולדיגער. דאַן וואָלט מיר שוין מעהר ניט געפעהלט...

יענעם טאָג, אַרום איינס אַזייגער, האָט מען דערהערט, אַז די באָלשעוויקעס קומען. און גלייך זיינען אַנטלאָפען די באַנדיטען.

אַ קליינער אָטריאַד באָלשעוויקעס האָט זיי נאָכגעיאָגט אויף דעם קוזמינער וועג.

די באַנדיטען האָבען, ווי עס ווייזט אויס, באַמערקט, אַז די באָלשעוויקעס זיינען ווייניג אין צאָהל, האָבען זיי אָנגעהויבען אַ געגען אַטאַקע און אַריינגעשיקט באָמבעס אין שטאָדט אַריין. צום גליק זיינען זיי צוריק אין שטאָדט ניט אַריין, ווייזט אויס פאַר מורא, טאָמער זיינען אין שטאָדט דאָ מעהר באָלשעוויקעס.

זיי זיינען אַזוי מיט די פעלדער אַוועק נאָך פּראָסקוראָוו, אי־בערלאָזענדיג די שטאָדט ניט־באַריהרט!... דאָך זיינען לערך 25 אידען, וואָס פאַר מורא זיינען זיי געלאָפען אויף די פעלדער, מיי־נענדיג אַז די באַנדיטען וועלען צוריק אַריין אין שטאָדט, געפאַלען פון די שראַפּנעלען. דאָס איז געווען מוצאי יום טוב שבועות.

גלייך נאָך יום־טוב איז געקומען מיין זוהן און אונז פאַרנומען קיין אַמעריקע.

צום סוף פון דעם עפיזאָד וויל איך נאָך צוגעבען א קליין ביסעל באָלשעוויסטישע געשיכטע, וואָס איך האָב בייגעוואוינט אין דער צווישען־צייט.

כאָטש די באָלשעוויקעס זיינען געווען די זעלבע ערלים — זיינען זיי אָבער געווען, שוין גאָר אַנדערש אינסטרואירט. זיי זיינען געקומען פאַריאָגען די פעלשטינער מאַכט וואָס האָט אָקופירט דעם גאַנצען אוקראַינישען ראיאָן.

איך האָב דעמאָלט ווידער געמוזט אָננעמען שטאָדטישע פאַר־שטעהערשאַפט. דען עס האָט זיך, צום באַדויערען, ניט געפונען קיין אַנדערער.

דאָס מאָל אָבער האָב איך שוין אָהן שרעק אָלעם געטאָן. דען דאָס פריינדליכקייט וואָס זיי האָבען צו אונז אַרויסגעוויזען און די נקמה וואָס זיי האָבען גענומען פון אונזערע שונאים — דעם פּאָסט נאַטשאַלניק דערשאָסען, וואַווריק ליסעם פאַמיליע. די צימאַרס, אויסגעקאַריניעט. דאָס האָט אַלעמען אין שטאָדט באַרוהיגט. און אַזוי איז דער גאַנצער זומער, וואָס איך בין נאָך געבליבען אין פעלשטין, געווען, אין פארגלייך מיט דער צייט פון יענע באַנדי־טען, ששון־ושמחה . . .

מסחר איז אָנגעגאַנגען רעגעלמעסיג. מענשען זיינען געווען זיכער מיט'ן לעבען. די מלוכה איז פאַר דעם אידען געווען אַ טרייסט פאַר זיינע ליידען, און די אידען האָבען דאָס אַנערקענט און אַרויס־געוויזען טריישאַפט צו דער מלוכה אויף יעדען געביט.

**אַן אויסצוג פון א בריף פון מעכצי רובינשטיין צום רעדאקטאר**

. . . ענטשולדיגט פריינט באָום! וואָס איך נעם זיך דאָס רעכט אייך צו בעטען, איהר זאָלט זעהן אַז דער פעלשטינער פאַריין זאָל אָהן ווייטערע אונטערזוכונגען שטעלען אַ מצבה דעם פאָגראָם געליטענעם רויזענצווייג, שואל דער בערטשיכעס זוהן, וואָס איז אזוי יונג און עלענד, נאָך א לאַנגער קראַנקהייט געשטאָרבען דאָ אין לאַנד. זיין מוטער, אַן אָרעמע אלמנה, וויינט און קלאָגט אין איהרע בריף און פרעגט זיך רק נאָך צי שטעהט שוין אַ מצבה אויף זיין קבר.

אייער פריינד און לאַנדסמאַן,
מעכצי רובינשטיין.

איציק כץ

# גזלנים יאַגען אונז פון אַלע זייטען



איך שרייב אייך א ביסעל פון דעם פאָגראָם, וואָס איך מיט מיין פאַמיליע און נאָך אַ 40-50 אידען האָבען איבערגעלעבט.

ביום א', י"ז אדר, אז מיר האָבען דערהערט די וויסטע בשורה פון פראָסקוראָוו, האָט מען ביי אונז אין פעלשטין גוזר־תענית געווען.

אויף דעם צווייטען טאָג, מאָנטאָג, האָבען מיר אַלע געפאַסט. און ווען ס'איז געקומען צו מנחה, און מען האָט געלייענט „ויחל", האָט מען געזאָגט, אַז די „טשיפקעס" זיינען דאָ... האָט מען שוין אָנגעהויבען צו לויפען אויף דעם דאָרף.

ביי אַ גוי (וואַסיל ווערבע) איז געשטאַנען אַ פוסטע שטוב, זיינען זיך אַהין צונויפגעלאָפען אַ סך מענשען.

אין איין זייט שטוב איז געלעגען אַביסעל שטרוי. האָבען זיך אויף דער שטרוי געלעגט די ווייבער מיט די קינדער, און די מאַנסבי־לען האָבען זיך אַנידערגעלייגט אויף דער הוילער ערד. און מען האָט ניט אויסגערעדט קיין וואָרט: מען האָט מורא געהאַט צו רעדען, מען זאָל זיך ניט דערוויסען, אַז מיר זיינען דאָ. וואָרים אַלע מאָל האָבען מיר געהערט פרעגען ביי דעם גוי, צי ס'איז דאָ אידען. די נשמה איז שיעור אַרויס.

אַזוי האָט געדויערט ביז אַרום 10 אַזייגער ביינאַכט. פלוצים זיינען אַריין אין דער שטוב זעקס „טשיפקעס" מיט בלויזע שווערדען, באַהאָנגען פון אויבען ביז אַראָפּ מיט געווער, און זיי האָבען אַ געשריי געטאָן: „וויכאָדי!..." און גענומען שלעפען און וואַרפען די ווייבער מיט די קינדער פון דער שטרוי. האָבען מיר געוואָלט

אַרויסגעהן אינדרויסען. האָבען זיי געגעבען אַ פּאַרקלאַפּ די טיר און אַ געשריי געטאָן, אַז מיר זאָלען זיך אויסטאָן!...

די ווייבער מיט די קינדער האָבען זיך, נעבאַך, באַהאַלטען הינטער אונז, מאַנסבילען... און מיר האָבען דערזעהן וואו מיר זיינען!...

די ראַזבויניקעס האָבען אונז אָנגעקוקט, און ווידער געגעבען אַ געשריי, אַז מיר זאָלען זיך אויסטאָן... האָבען מיר זיך אָנגעהויבען אויסצוטאָן.

אין מיטען אויסטאָן, האָבען זיי געגעבען אַ געשריי: גענוג. גיט אַהער געלט...

האָט איטליכער אַוועקגעגעבען וויפיל געלט ער האָט געהאַט. נאָר ביי מיר איז פאַרבליבען אַכט הונדערט רובעל — „קאַרטלען". השי"ת האָט אַזוי געפירט, אַז מיר זאָלען זיך האָבען מיט וואָס אָפּצוקויפען אַ צווייטען מאָל.

אַז זיי האָבען פון אונז אַוועקגענומען דאָס געלט, האָבען זיי געזאָגט צו אונז: „זייט דאָ ביז אינדערפרי. געהט ניט אין ערגעץ, וואָרים מען וועט אייך איבערנעמען. אינדערפרי וועלען מיר קומען צו אייך". און זיי זיינען אַוועק.

אַז זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען, האָבען מיר אָנגעהויבען איבערצורעדען וואָס האָבען זיי עפּעס געזאָגט, אַז זיי וועלען קומען צו אונז אינדערפרי? זיי האָבען דאָך שוין צוגענומען ביי אונז דאָס געלט... ניט אַנדערש — זיי וועלען קומען אונז הרג'ענען!... און אַזוי וואָלט געווען פּאַסירט. זיי וואָלטען אונז געוועזן דער'הרג'עט.

האָבען מיר „גערעשעט" (באַשטימט), אַז מיר דאַרפען אַוועק אין פעלד אַריין. און אַזוי האָבען מיר געטאָן.

השי"ת האָט געהאָלפען: מיר זיינען געקומען אין פעלד אַריין.

נאָס איז געווען אין פעלד און אויך אַ טומאַן. ניט קוקענדיג אויף דעם, האָבען מיר זיך אַנידערגעזעצט אין אַ דאָלינע אין וואַסער, מיט די ווייבער און קינדער. איך מיט מיין ווייב און קינדער, די קליינע און די גרויסע.

נאָר ניט לאַנג זיינען מיר געזעסען. ערשטענס, איז אונז געוואָרען נאָס און קאַלט. צווייטענס, האָט זיך אונז אויסגעדאַכט, אַז מען לויפט אונז נאָך. און מיר האָבען זיך געמוזט אַרומדרייען אַ גאַנצע נאַכט מיט די קליינע קינדער. מיין מוזיניקעל פון זעקס יאָר האָט נעבאַך גענומען אַלע מאָל אַביסעל שניי אין מויל אַריין, איך זאָל ניט זעהן.

און עס איז געקומען דינסטאָג פאַרטאָג, האָבען מיר דערזעהן פון דער ווייטענס פיער רייטערס. זיי האָבען געגעבען פיער „ווים־טרעלען" און מען האָט דער׳הרג׳עט פיער מענשען!...

צוויי רייטערס האָבען זיך געטאָן אַ לאָז צו אונז. האָבען מיר אָנגעהויבען צו לויפען. נאָר מיר האָבען זיך תיכף אָפּגעשטעלט, ווארים מיר האָבען געוואוסט, אַז מיר קענען ניט אַנטלויפען פון זיי.

ווי זיי האָבען געטאָן אַ פאָר צו צו אונז, האָבען זיי געגעבען אַ געשריי: „רוקי ווערך!" אַזוי זיינען מיר געפאַלען אויף די קני מיט די הענט אַרויף. זיי האָבען אונז באַטראַכט און איינער האָט געזאָגט צום צווייטען: „זעהסט ווי זיי זיינען אומגליקליך... נאָר לעבען ווילען זיי! גיט אַהער געלט!..."

איך האָב געטאָן אַ צוטייל מיין געלט צו די מענשען, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין געלט, און איטליכער האָט עס זיי אַוועק־געגעבען. צוגענומען דאָס געלט, האָבען זיי ערשט געזאָגט, אַז מען זאָל זיי געבען פינגערלאַך. האָבען מיר אַלע אָנגעהויבען צו וויינען פאַר זיי, און זיי געוויזען די הענט אַז מיר האָבען ניט קיין פינגער־לאַך אויף די פינגער.

האָבען זיי געזאָגט: „נו, מיר פאָרען אַוועק — ראַטעוועט זיך ווי אַזוי איר קענט!..."

אַז זיי זיינען אַוועקגעפאָרען פון אונז, האָבען מיר אָנגעהויבען געהן, ביז מיר זיינען פאַרגאַנגען צום דאָרף קאָריטנע. איז ביים דאָרף קאָריטנע געשטאַנען אַ „סטראַזשע" וואָס האָט ניט אַריינ־געלאָזט אין דאָרף אריין, מחמת ס׳האָבען זיך געיאָוועט אין דאָרף אריין הונדערטער פּראָקלאַמאַציעס, וואו עס איז געווען געשריבען: „ווער עס וועט אַנטרעפען אַ אידען, מעג ער אים דער׳הרג׳ענען... און אויב ער וויל אים אַליין ניט הרג׳ענען, זאָל ער אים צושטעלען אין שטאָדט אריין". האָבען די גויים געזאָגט — געהט אייך וואוהין איר ווילט... צו אונז אין דאָרף אריין, קענט איהר ניט אריינקומען... זיינען מיר אַוועק ווייטער.

נאָר באַלד איז מען אונז נאָכגעלאָפען און מען האָט אונז אום־געקערט צוריק.

לעבען דאָרף האָבען מיר אָנגעטראָפען נאָך אַ סך מענשען, וואָס האָבען זיך באַהאַלטען אין דאָרף קאָריטנע און מען האָט זיי פון דאָרט אַרויסגעטריבען. זיינען שוין געווען אַרום הונדערט מענ־שען.

מען האָט אונז גענומען טרייבען אין שטאָדט אריין. האָב
מיר מורא געהאַט צו געהן, וואָרים מיר האָבען געוואוסט, אַז נ
הרג'עט אין שטאָדט. האָבען מיר אַלע אָנגעהויבען צו וויינען און ..
שרייען, און מיר האָבען אָנגעהויבען צו בעטען די מיליציאַנטען:
„פאַרוואָס זאָלען מיר גע'הרג'עט ווערען? !...״

מיר האָבען זיי אַוועקגעגעבען פינף הונדערט רובעל, אַז זיי
זאָלען אונז ניט טרייבען אין שטאָדט אריין.

זיי זיינען באַשטאַנען אונז אָפּצולאָזען, אָבער נאָר ווען מען
זאָל זיי געבען עמיצען אַוועקצופירען אין שטאָדט אריין, וואָרים
זיי האָבען געהאַט אַ „פּאַקעט״ (אַן אָפיציעלען פּאַפּיר). האָבען
זיך „סאָגלאַסעט״ (איינגעשטימט) צוויי ווייבלאַך מיט קליינע קינ-
דער צו פאָרען אין שטאָדט אריין, נאָר מען זאָל זיי געבען אַ פור.
האָט מען זיי געגעבען אַ פור.

און עס איז אַוועקגעפאָרען די פור מיט די צוויי ווייבלאַך און
זייערע קינדער. איינינע עלטערען האָבען אויך געגעבען זייערע
קינדער אַזוי, אַז ס'איז געווען אָנגעפּעקעלט דער שליטען מיט קינ-
דער.

מיר האָבען אָפּגערעדט מיט די צוויי ווייבער, אַז זיי זאָלען
צופאָרען צו באָבע דוד לייב'ס, באָבע רויזען, און אַז זיי זאָלען
אונז תיכף שרייבען, —מיט דער פור, וואָס וועט זיך צוריקקערען,
— וואָס ס'הערט זיך אין שטאָדט...

נאָר ס'האָט לאַנג ניט געדויערט און די פור איז צוריקגעקומען
מיט אַ יאָמער!...

עס איז זיי אויפ'ן וועג אַנטקעגענגעקומען אַ גוי פון שטאָדט
און האָט געזאָגט צו די מיליציאַנטען: „וואוהין פירט איר די
קינדער?... עס איז שוין דאָ געוווג הרוגים אין שטאָדט, וואָס
דאַרפט איר נאָך, מען זאָל די קינדער אויך דער'הרג'ענען?...״ און
דער גוי האָט געבעטען די מיליציאַנערען, אַז זיי זאָלען דאָס ניט
טאָן. און זיי האָבען אים געפאָלגט.

און זיי האָבען זיך אומגעקערט און זיינען צוריקגעקומען מיט
דער בשורה צו אונז... דאַרפט איר שוין פאַרשטעהן ווי אַזוי
עס איז אונז ליכטיג געוואָרען אין די אויגען, ווען מ'האָט אונז אויס-
גערעכענט ביי די נעמען, ווע מען מ'האָט דער'הרג'עט...

און מיר האָבען זיך צוטיילט אויף עטליכע קאָמפּאַניעס: מיר
האָבען שוין מורא געהאַט צו געהן אַ סך מענשען אינאיינעם. מען

האָט זיך צולאָזט, איטליכער, וואו די אויגען האָבען געטראָגען...
און איך מיט נאָך עטליכע מענשען זיינען אָנגעקומען דינסטאָג פאַר-
נאַכט אין א פולוואַריק. מיר האָבען געבעטען מען זאָל אונז אריינ-
לאָזען איבערנעכטיגען. מיר האָבען געוואָלט באַצאָלען, אבער מ'האָט
ניט געוואָלט פאַר קיין שום געלט אונז אַריינלאָזען. עס זיינען געווען
אויפ'ן פולוואַריק עטליכע הינט אויף קייטען, האָט מען זיי אָפּגע-
לאָזט, און מיר זיינען קוים אַנטלאָפען מיט'ן לעבען...

עס איז געוואָרען נאַכט, און עס האָט זיך אָפּגעריסען א זאַווע-
רוכע, און מיינע פיער קינדער, וואָס זיינען געווען מיט מיר, האָבען
שוין קיין כח ניט געהאַט צו געהן. האָבען זיי אָנגעהויבען צו
שרייען און צו וויינען און האָבען זיך אַנידערגעלייגט אויף דער
ערד מיט דער נעץ פון אונטען און דער זאַווערוכע פון אויבען...
זיי האָבען, נעבאַך, געוויינט: עסען!... וואָרים עס איז שוין
געווען אַ מעת-לעת מיט אַ האַלבען אַז זיי האָבען קיין ביסעל וואַ-
סער ניט געהאַט אין מויל.

פּלוצים האָט זיך אונז אויסגעדאַכט, אַז מען לויפט אונז נאָך.
איז איטליכער זיך צולאָפען. איך האָב ניט געקענט איבערלאָזען
די קינדער, בין איך געבליבען שטעהן לעבען זיי. דאַרף מען שוין
פאַרשטעהן — ווי אַזוי איך בין געשטאַנען... נאָר מיר האָבען
אַ טייערען בורא עולם, און עס האָט לאַנג ניט געדויערט, השי"ת
האָט געהאָלפען...

עס איז אָנגעפאָרען א פור: א גוי און א גויע מיט זייערס
אַ קינד זיינען געזעסען אויפ'ן שליטען. איך מיט מיין אידענע מיט
די עלטערע קינדער האָבען אָנגעהויבען צו וויינען און געבעטען
דעם גוי, ער זאָל מיטנעמען די קינדער אין דאָרף אַריין.

מיר האָבען געוואָלט איהם געבען געלט, האָט ער געזאָגט,
אַז קיין געלט וויל ער ניט, נאָר אַז מען וועט אים אַריינלאָזען אין
דאָרף אַריין מיט די קינדער, נעמט ער זיי מיט מיט זיך און וועט זיי
געבען עסען. נאָר טאָמער לאָזט מען אים אין דאָרף ניט אַריין
מיט זיי, זאָלען מיר צו אים ניט האָבען קיין טענות, און ער וועט
זיי אָפּלאָזען הינטער'ן דאָרף.

מיר האָבען געזעהן, אַז אויב די קינדער וועלען נעכטיגען אין
פעלד, וועלען זיי חו"ש ניט דערלעבען ביז טאָג, און אַזוי, וועט
השי"ת אפשר העלפען אַז מען וועט זיי יאָ אַריינלאָזען אין דאָרף
אריין, וועלען זיי בלייבען לעבען. אזוי ווי עס איז שוין געווען
שפּעט ביינאַכט, האָבען מיר גערעכענט, אַז ס'שטעהט שוין ניט קיין

סטראַזשע ביים דאָרף. און אַזוי איז טאַקע געווען. ער האָט זיי אַריינגעפירט אין דאָרף אַריין.

נאָר מיר האָבן געהאַט אַ גרויס דערשרעק: אַזוי ווי זיי זיינען אַפּגעפאָרען, אין עטליכע מינוט אַרום, האָבן מיר דערהערט אַ גרויס גוואַלד פון די קינדער. האָבן מיר געמיינט, אַז רוצחים זיינען זיי באַפאַלען, אָדער דער גוי אַליין הרג'עט זיי, חו"ש!... נאָר דאַנקען השי"ת, ס'איז געווען אַן אומזיסטער דערשרעק. דער שלי־טען האָט זיך איבערגעקערט...

נו, דאַנקען השי"ת! די קליינע קינדער האָבן מיר שוין פאַרזאָרגט...

און מיר מיט די עלטערע קינדער און נאָך צוויי מיידלאַך פון מיינעם אַ שכן האָבן זיך געלאָזען ווייטער גיין. מיר זיינען פאַרגאַנגען אין אַ טאָל, וואו מיר האָבן געטראָפען עטליכע מענ־שען זיצען אין וואַסער.

ניט קוקענדיג אויף דעם וואַסער האָבן מיר זיך אויך אַני־דערגעזעצט אין וואַסער און אַלע מאָל האָבן מיר זיך אויפגעהויבען און אויסגעדרייט די מלבושים און זיך ווידער געזעצט אין וואַסער, וואָרים מיר האָבן מורא געהאַט אַרויסצוגעהן פון דעם טאָל.

אַזוי האָט געדויערט ביז אינדערפרי.

אינדערפרי האָט זיך אונז ווידער אויסגעוויזען, אַז רייטער לויפען אונז נאָך. האָבן מיר אָנגעהויבען צו לויפען. נאָר מיר האָבן געזעהן, אַז מיר וועלען גאָר ניט מאַכען מיט דעם לויפען, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. און פון די רייטער איז געוואָרען פּראָסטע גויים. ס'איז געווען היימישע גויים, און זיי האָבן אָנגע־הויבען אויסצורעכענען וועמען מען האָט דער'הרג'עט... זיי האָ־בען אונז געזאָגט, אַז די ראַזבויניקעס זיינען שוין אַוועקגעפאָרען, אַז מיר מעגן שוין געהן אין שטאָדט אַריין. זיינען מיר שוין געגאַנ־גען אַהיים.

דאָס איז געווען מיטוואָך. מיר זיינען אָנגעקומען קיין „נפתליווּר־קע", אַ דאָרף, דריי ווייאָרסט פון פעלשטין, און מיר האָבן געדונגען פורען מען זאָל אונז אָפּפירען אַהיים.

זיינען מיר געקומען אין אַנדערען עק דאָרף, איז דאָרט גע־שטאַנען דאָס גאַנצע דאָרף גויים און מען האָט אונז ניט געלאָזען פאָרען. נאָר מען האָט איבערגעקערט די פורען און מיר זיינען שיעור ניט דער'הרג'עט געוואָרען.

האָבען מיר שוין געמוזט געהן צופוס.

און איטליכער איז אַוועקגעגאַנגען. איך מיט מיין פאַמיליע זיינען געבליבען אַליין. וואָרים מיין אידענע האָט ניט געקענט געהן מער: אַ פוס האָט איר וועה געטאָן. געהן אָבער, האָבען מיר געמוזט.

געהענדיג האָבען מיר ווידער געהאַט עטליכע דערשרעקען. נאָר דאַנקען השי״ת! פּוסטע דערשרעקען.

אַזוי ווי מיר זיינען אָנגעקומען אין אָנהויב שטאָדט, איז שוין ארויסגעגאַנגען אַ גוי׳ע און האָט אונז געזאָגט, אַז מען האָט מיין זון פון 22 יאָר, מיין דוד לייב׳ן, ערשט ארויפגעפירט אויף דעם הייליגען אָרט... האָט שוין אָנגעהויבען מיין פאַמיליע צו שפּי-לען!... און איך מיט זיי!... און מיר זיינען שוין געגאַנגען אויף דעם הייליגען אָרט.

דאָרט האָבען מיר דערזעהן אַ סצענע!... דער נאַקעט, דער צושלאָגען, דער געקוילעט!... אַז השי״ת זאָל אונז שוין אָפּהיטען, מיר זאָלען שוין אַזוינס פאַר אונזערע אויגען ניט זעהן און ניט הערען!...

איך האָב קוים געפונען מיין גע׳הרג׳עטען זון, און איך האָב זיך גענומען גראָבען אַ קבר פאַר מיין קינד!...

איך האָב אים אַליין אַריינגעלייגט אין גרוב אַריין. איך האָב אים אַליין פאַרשאָטען...

נו, איך קען שוין מער ניט שרייבען... עס איז שוין גענוג...

נאָך אַ פּאָר ווערטער וויל איך אייך שרייבען און ווען קאָנ-טשען.

ווען איך האָב מיך גענומען אַראָפּלאָזען מיין זון אין גרוב אַריין, קענט איר זיך פאָרשטעלען ווי אַזוי מיין פאַמיליע האָט געקלאָגט און איך מיט זיי!...

האָט זיך נאָך געיאַוועט דער באַנדיט, וואָס ער האָט אָנגעפירט אויף אונז די רעזניאַ (שחיטה), און האָט אונז געשלאָגען אָן רחמנות...

נו, איך קאָנטשע.

איך בעט אייך, איר זאָלט דאָס אַריינשרייבען אין דעם בוך, וואָס איר מאַכט פון דעם פּאָגראָם.

## ליבע כץ

# צוויי זין געטראָפּען פון דער זעלבער פּייל



איך בין אייזיק משה־יואל׳ס שנור. אייזיק׳ס זוהן, משה יואל קאַץ, איז געווען מיין מאַן. אליין בין איך א גריידינגער. ווען עס איז אָנגעזאָגט געוואָרען די וויסטע בשורה פון דעם פּעלשטינער פּאָגראָם און אז דער שוואָגער, מיין מאַנ׳ס ברודער, דוד ליבּ, איז דער׳הרג׳עט געוואָרען, איז מיין מאַן געגאַנגען צו הרב וויצמאַן און אים געבעטען, אז ער זאָל זאָגען קדיש נאָך א י ם.

שווער און שוויגער אין פּעלשטין האָבען זיך געטרייסט וואָס מיר האָבען געוואוינט אין גריידינג, און אזוי ניצול געוואָרען פון טויט.

עס זיינען ניט אוועק קיין דריי חדשים און מען האָט דער׳הרג׳עט אויך מיין מאַן, אין גריידינג.

שווער און שוויגער זיינען געקומען קיין גריידינג. מיר האָבען זעהר געוויינט... — צוויי זין, איינער אין פּעלשטין, דער צווייטער אין גריידינג, און די זעלבע פּייל האָט זיי ביידען געטראָפען!... — האָבען שווער און שוויגער געקלאָגט.

דעמאָלט האָט מיך דער רב געשיקט רופען און מיך געפרעגט, וואָס ער זאָל טאָן. איך האָב אפילו ניט געוואוסט וואָס ער פרעגט מיך. דער רב האָט מיר דערצעהלט, אז ער האָט צוגעזאָגט משה יואל׳ן צו זאָגען קדיש נאָך דעם ברודער דוד ליב׳ן. צי וויל איך, אז ער זאָל אויך זאָגען קדיש נאָך משה יואל׳ן.

מיט טרערען אין די אויגען האָב איך אים געענטפערט, אז אויב משה יואל׳ס בקשה איז געווען, אז ער זאָל זאָגען קדיש נאָך דוד ליב׳ן, זאָל דער קדיש זיין פאַר דוד ליב׳ן. — מיין עלטסט קינד איז א אינגעלע פון פיר יאָר — האָב איך אים געזאָגט — זאָל דאָס קינד זאָגען קדיש. — און אזוי איז געווען.

מיין קינד איז געגאַנגען יעדען טאָג אין שוהל, וואו מיין מאַן האָט געדאַווענט, און געזאָגט קדיש. די שוהל איז געווען וווייטליך פון מיין

שטוב. אין אַ שלעכטען וועטער האָב איך געבעטען דאָס קינד, אַז ער זאָל אריינגעהן אין בית־מדרש, וואָס איז געווען נאָענט לעבען מיין שטוב, און דאָרט זאָגען קדיש. דאָס קינד האָט ניט געוואָלט. ער האָט נאָר גע־וואָלט זאָגען קדיש וואו דער טאַטע האָט געדאַווענט...

איך בעט דעם פעלשטינער סעקרעטאר פון בוך אָפּצודרוקען וואָס איך שרייב וועגען מיין מאַן, משה יואל קאַץ, און זיין ברודער דוד לייב. זאָל בלייבען אַן אָנדענק פון די צוויי ברידער — אידישע מאַרטירער — וואָס זיינען געווען מילען וויט צעשיידט און דאָך געטראָפען געוואָרען פון דער זעלבער אייביג פארניפטעטער פייל.

## שרה אָקסמאַן

# אונזער גרויסער בראַך



מיר האָבען געוואוינט צוויי מייל פון פּראָסקוראָוו, אין שטעטעל פעלשטין, פּאָדאָליער גובערניע. אז מען האָט דערהערט ביי אונז פון דעם גרויסען בראַך, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּראָסקוראָוו (שבת, דעם 16טען טאָג אין חודש אדר ראשון) איז מען זיך צונויפגעקומען צום רב און מען האָט געהאַלטען אַן עצה וואָס צו טאָן. דער רב האָט געהייסען פאַסטען דעם טאָג און מען האָט טאַקע אַזוי געטאָן. דערצו האָט מען אויך צונויפגענומען עטליכע הונדערט רובעל אָפּצוקויפען די כוליגאַנעס, ווען זיי וועלען אָנקומען אין שטאָט אריין: „אפשר וועט מען זיך קענען אויסקויפען ביי זיי"

מאָנטאָג פאַרנאַכט, נאָך דעם פאַסטען, האָבען זיך געגעבען אַ לאָז אריין אין שטאָט חיל, אָנגעטאָן אין טשיפקעס, ווי אין כמעלניצקי'ס צייטען. עס איז אָנגעפאַלען אַ טויט-שרעק אויף אַלע מענשען פון שטאָט. האָט מען איבערגעלאָזט אַלץ אויף הפקר און מען האָט זיך אָנגעהויבען צעלויפען וואוהין די אויגען האָבען געטראָגען.

דאָס חיל האָט אָבער געהאַט ארומגעצאַמט די וועגען און האָט שוין ניט ארויסגעלאָזט פון שטאָט.

די גויים פון שטאָט און פון די דערפער ארום, האָט מען פאַרזאָגט, אַז אויב זיי וועלען אריינלאָזען אַ אידען צו זיך, וועט מען זיי הרג'ענען צוזאַמען מיט די אידען. האָבען די גויים פּינקטליך מקיים געווען און האָבען ניט אריינגעלאָזט קיין אידען צו זיך אין שטוב. האָט מען זיך באַהאַלטען אויף די בוידעמער און אין די קעלערם.

מאַנטאָג אויפדערנאַכט האָט דאָס חיל אָנגעהויבען אַרומגעהן צווישען די הייזער און פאַרלאַנגט געלט. האָט מען זיי געגעבען געלט.

דערווייל האָבען זיי אָנגעהויבען פאַרנעמען מענשען. מען האָט ניט געוואוסט וואָס זיי טוען מיט די מענשען. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זיי האָבען די מענשען דער׳הרג׳עט און אַריינגעוואָרפען זיי אין אַ קעלער.

דינסטאָג אינדערפרי האָבען מענשען אָנגעהויבען באַווייזען זיך אין גאַס.

איך בין יענעם אינדערפרי געווען אין אַ אידישער שטוב, וואָס האָט זיך געפונען צווישען גוי׳אישע שטיבער. איך האָב געקלערט אַז דאָס חיל וועט רעכענען יענע שטוב פאַר אַ גוי׳אישער און אַז זיי וועלען די שטוב ניט טשעפּען. נאָך מענשען האָבען אַזוי געקלערט און עס זיינען זיך אַהין אַנגעלאָפען אַרום דרייסיג מענשען.

אַז איך בין אַנטלאָפען פון מיין הויז, זיינען מיטגעלאָפען מיט מיר מיינע דריי זין. די עלטערע צוויי זיינען אָבער אַנטרונען געוואָרען פון מיר, אַז איך האָב ניט געוואוסט וואוהין זיי זיינען אַהינגעקומען און נאָר דער אינגסטער זון איז געבליבען מיט מיר.

גאַנץ פרי זאָגט מיין אינגסטער זון צו מיר: „מאַמע! איך וועל אַרויסגעהן אַ קוק טאָן, אפשר וועל איך געפינען די קינדער״. אַזוי ווי ער איז נאָר אַרוים אין דרויסען, לויפט אָן מיין עלטסטער זון און זאָגט: „מאַמע! איך געה אַוועק אין דאָרף אַריין איבער דעם טייך. קום מיט, מאַמע! דער טייך איז שטאַרק פאַרפרוירען!״ זאָג איך צו אים: „ניין, זון מיינער! איך האָב קיין כח ניט... דער טויט-שרעק פון דער נאַכט האָט מיך אויסגעמוטשעט. געה געזונט, מיין זון!״

און אַזוי ווי ער איז אַרוים פון שטוב, האָט ער דערזען ווי מען שלעפּט מיין אינגסטען זון. איז ער צוגעלאָפען. ער האָט גערעכנט, אַז ער וועט דעם ברודער אויסקויפען פאַר געלט, אָבער די רוצחים האָבעןביידע מיינע זין אַוועקגעשלעפּט אין אַ שטוב, וואו ס׳זיינען שוין געלעגען אַ סך גע׳הרג׳עטע, און זיי ביידע דער׳הרג׳עט... וועה דער מאַמען פאַר מיינע צוויי קינדער...

אין דעם שטיבעל, וואו איך בין געווען און וואו מיט מיר האָבען זיך געפונען אַ סך מענשען, איז אַריין אַ רוצח. ער האָט זיך געשטעלט פאַר דער טיר און אַ וואָרף געטאָן אַ „באָמבע״. צוואַנציג מענשען זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרען אויפ׳ן אָרט זיי

האָבען אפילו ניט אַרויסגעלאָזט קיין קרעכץ... מיין שוועגערין מיט פיר קינדער זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרען אין דעם שטיבעל. אַ צען מענשען האָבען זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דאָרט.

ווען מיר זיינען לעבעדיגע אַרוים אינדרויסען, זיינען געשטאַנען אַרום אונז אויסגעשטעלט די פעטלורעווצעס. זיי האָבען אונז געהייסען זיך אויסלעגען אויף צו דערשיסען. מיר האָבען געהאַט געלט מיט זיך, האָבען מיר דאָס געלט געוואָרפען פאַר זיי. האָבען זיי אונז געהייסען אַנטלויפען. זיינען מיר געלאָפען אַראָפּ אויף דעם טייך.

אויף דעם טייך זיינען אונז נאָכגעלאָפען צוויי סאָלדאַטען אויף פערד, האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט. איינער פון די פעטלורעווצעס איז אַראָפּ פון פערד און אָנגעשטעלט די ביקס אויף מיר. האָב איך אים אָנגעכאַפּט בייביידע הענט און אָנגעהויבען צו וויינען: „איך בין אַן עלטערע פרוי, פאַרוואָס ווילסטו מיך הרג׳ענען?!״ איז אים אָפּגעגאַנגען די רציחה און ער האָט געזאָגט צו אונז: „אַנטלויפט!...״ זיינען מיר שוין געבליבען ליגען אויף דעם אייז ניט טויט, ניט לעבעדיג... וואָס איז געוואָרען מיט די רוצחים ווייס איך ניט...

ליגענדיג אַזוי אויפ׳ן אייז, האָבען מיר דערהערט שיסערייען און גרויסע געוואַלדען קומען פון שטאָט. מיר האָבען אויך דערזען אַ גרויס פייער... מיר האָבען זיך קוים אויפגעהויבען פון אייז און געלאָזט זיך געהן מיט די פעלדער...

איך האָב גערעכנט, אַז מיינע קינדער זיינען אַנטלאָפען אין דאָרף אַריין, אַז איך וועל זיי בשלום טרעפען אין דאָרף, ווייל מיין זון האָט מיר געזאָגט צו וועלכען גוי ער געהט זיך באַהאַלטען. איך האָב זיך מיט באָרוועסע פיס קוים פאַרשלעפּט אין דעם דאָרף אַריין אויף ביינאַכט.

האָב איך דאָרט אָנגעהויבען זוכען מיינע קינדער. איך האָב געפונען נאָר דעם מיטעלסטען זון. דער גוי האָט געהאַנדעלט מיט אונז, האָט ער אַריינגענומען מיין קינד צו זיך אויף איבערנאַכט.

אַז ס׳איז טאָג געוואָרען, איז דער גוי אַרוים און איז באַלד צוריקגעקומען מיט דער גוטער בשורה, אַז מיינע צוויי זין זיינען דער׳הרג׳עט... אוי! ווי גרוים איז געווען מיין בראָך!... ביז דעם היינטיגען טאָג האָב איך נאָך ניט אויפגעהערט צו וויינען אויף מיינע צוויי ליבע קינדער און אויף דעם אומגליקליכען שטעטעל...

זעקס הונדערט מענשען! זויג-קינדער ביי די מאמעס אויף די הענט! אויסגעשאכטען!... גאנצע פאמיליעס אפגעווישט!... אכ-צען טאג אין אדר ראשון. .. וועה דער מאמען!...

ווען איך האב יארען שפעטער דערזען אין „מארגען זשורנאל“, אז פעטלורע איז דער׳הרג׳עט געווארען, בין איך א צעטומעלטע גע-ווארען... אוי! גאט איז אן אל נוקם!...

איך, די שרייבערין, בין א באטריבטע פרוי. די מוטער פון צוויי אומגעקומענע זין. דער עלטסטער, ישעיה בן חיים, איז 28 יאר אלט געווען, און דער אינגסטער, צבי בן חיים, 15 יאר אלט געווען. זיי זיינען אפגעריסען געווארען פון דער מאמען און דער-הרג׳עט געווארען מיט א מיתה משונה... שוין זעקס יאר, אז איך בין דא ביי מיינע קינדער מיט מיין מיטעלסטען זון, זאל לעבען.



באמערקונג: שרה אקסמאן „שרה יאנקעלעס“ איז געווען איינע פון די אומגליק-ליכע פעלשטינער פרויען, וועמען עס איז געלונגען צו דערשלאגען זיך קיין אמעריקע צו אירע קינדער באלד נאכן פאגראם. זי איז געשטארבען מיט עטליכע יאר צוריק.

די קינדער האבען געפונען צווישען אירע זאכען די באשרייבונג פון פאגראם, געשריבען מיט איר אייגענער האנטשריפט. זי האט געשריבען די עראינערונגען אין דער צייט פון שווארצבארד׳ס פראצעס. געוואלט ארייגשיקען אין „מארגען זשורנאל“. זי האט עס אבער ניט באוויזען צו טאן. — י. ב.

שרה איטע פריעדעלס

# וואָס מיינע אויגען האָבען געזעהן זאָל שוין קיין מענש ניט זעהן

●




זוי ווי עס האָט זיך שבת אָנגעפאַנגען דער פּאָגראָם אין פּראָסקוראָוו, — מיר האָבען נאָך פון גאָרניט געוואוסט — איז טאַקע שבת אינדערפרי אָנגעקומען קיין פעלשטין ביי א צוויי הונדערט סאָלדאַטען. זיי זיינען ארומגע־לאָפען צווישען די גוים, אָנגעזאָגט וואָס ס׳וועט פּאָרקומען ביי אונז אין שטעטעל און זיי פאַרזאָגט קיין אידען צו זיך ניט אריינלאָזען, און אויב זיי וועלען ניט אויספאָלגען, איז וואָס מען וועט טאָן צו די אידען, דאָס וועט מען טאָן צו זיי.

שבת ביינאַג, ווען די סאָלדאַטען זיינען שוין אוועק פון שטאָט, האָט מען זיך דערוואוסט, וואָס עס טוט זיך אין פּראָסקוראָוו — אַז מען קוילעט מענשען ווי עופות... עס איז געוואָרען אַ גרויסער פּחד.

זונטאָג אינדערפרי קומען אָן גוים און דערצעהלען וואָס עס טוט זיך דאָרט אין פּראָסקוראָוו. מען געהט אום טויטע מענשען... אייניגע מענשען זיינען זיך צעפאָרען אין דערפער, אין שטעטלאָך — קיין גריידינג, קיין סאַטאַנאָוו.

עס איז געקומען מאָנטאָג. אַלע מענשען האָבען געפאַסט. פּאַרנאַכט איז מען געגאַנגען דאַווענען. פּלוצלונג איז געוואָרען אַ כמאַ־רע: מען האָט גאָר ניט געזען נאָר סאָלדאַטען. גזלנים מיט לאַנגע טשיפּיקעס זיינען אַרומגעלאָפען אויף די פערד. עס איז ניט געווען קיין פּלאַץ דורכצוגעהן.

איך שטעה ביי מיר אין שטוב און זעה די גרויסע צרה. מיין פּראַאים איז נאָך אין שול. איך האָב פיר קליינע קינדער, דאָס

קלענסטע — אַן עופה'לע. וואוהין זאָל איך געהן?... קומט אַן פראַאים און זאָגט:

— הער, נעם די קינדער און געה צו מיין טאַטען. איך וועל אָנקומען. — עס איז געווען אין הויז זאַכען צו פאַרזאָרגען.

איך געה מיט די קינדער און די סאָלדאַטען פליען איבער די קעפּ. קיין שלעכטס האָבען זיי נאָך ניט געטאָן. איך קום אַריין צו חיים פראַאים'ס, מיין שווער, און פרעג מיין מאַנ'ס ברודער, אברהם:

— וואָס וועלען מיר טאָן?

ענטפערט ער מיר:

— איך קען יעצט גאָר ניט זאָגען. דו האָסט קליינע קינדער, עס איז שלעכט. איך וועל לויפען מיט מיין פאַמיליע אין די פעלדער. דו טו וואָס דו קענסט.

בין איך מיט די קינדער אַראָפּגעגאַנגען אונטען. ביי חיים פראַאים'ס איז געווען אַ קאַמער, איז זי פּונקט געווען ווי אַ קבר. דאָרט האָט געוואוינט יוכבד לייב שוחט'ס. איך קום אַריין: זי ווייסט פון גאָר ניט. איך האָב איר שוין איבערגעגעבען וועגען דעם נחת...

מיר האָבען פאַרהאָנגען די פענסטער און פאַרמאַכט די טיר. קיין ביסעל וואַסער איז נישטאָ. פראַאים איז אָנגעקומען.

עס איז געוואָרען אַכט אַזייגער אין אָוונט, קומט אַן אברהם מיט זיין פאַמיליע פאַרסאָפּעט:

—עס איז שלעכט, — זאָגט ער, — גוים לאָזען ניט אַריין.

עס קומט אַן אַלטע אברהם אידע'ס מיט אירע קינדער. מאָטעל הירש שמואל'קעס מיט זיין פאַמיליע... און מיר ווייסען וואָס עס געהט קומען...

אברהם גלויבט זיך נאָך ניט, אַז עס קען אַזעלכעס פאַרקומען. ער האָט אין קעלער ניט געקענט זיין. עס האָט זעהר געשטיקט. איז אברהם מיט זיין פרוי און פראַאים אַרויפגעגאַנגען אויבען, מיט דעם געדאַנק, אַז מיט געלט וועלען זיי זיך ראַטעווען.

עס איז אַזוי געווען. מיר זיינען געלעגען אַ גאַנצע נאַכט אין דער קאַמער אויף געהאַקטע שטיקלאַך האָלץ און זיך געפּלאָגט מיט די קליינע קינדער.

אינדערפרי איז פראַאים אַרונטערגעקומען, אַז מיר זאָלען אַרויפגעהן, ווייל עס איז ניט שעהן. די סאָלדאַטען פרעגען אויף די פאַמיליעס. ער דערצעהלט:

— אַ גאַנצע נאַכט זיינען אַלעמאָל אַריינגעקומען סאָלדאַטען און האָבען זיך געהייסען געבען געלט. האָבען מיר זיי געגעבען. זיי זענען ניט אויס קיין גזלנים. זיי ווילען נאָר געלט.

האָב איך אים געענטפערט:

— ניין, פראָאים! איך וועל ניט אַרויסגעהן, און איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט אַרויסגעהן ביז מיר וועלען ניט וויסען, אַז די סאָלדאַטען זיינען אַוועקגעגאַנגען.

ענטפערט ער מיר:

— גוט. איך קען אָבער דאָ ניט זיין: עס נודיעט מיך. איר זייט דאָ, און איך וועל אַרויסגעהן זען, וואָס עס טוט זיך.

ביים אַרויסגעהן האָט מען שוין געקוילעט מענשען. ער האָט שוין געוואָלט צוריקגעהן. ער האָט אָבער מורא געהאַט, אַז מען וועט אים זען אַריינגעהן, וועט מען אונז אַלע אויס׳הרג׳ענען. ווי ער איז נאָר אַרויסגעגאַנגען, זיינען באַלד אַריינגעקומען צוויי סאָלדאַטען און זיי האָבען אַרויסגעפירט אברהמ׳ען מיט מיין פראָאים׳ען און זיי גלייך גע׳הרג׳עט. אברהמ׳ס פרוי איז דערביי געווען און דאָס צוגעזען. זי האָט אויסגעזען ווי אַ גוי׳ע, און אַ שכנה אַ גוי׳ע האָט געזאָגט, אַז זי איז ניט קיין „יעווריעיקאַ״, איז זי פאַרבליבען לעבען. זי האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט צו אונז אין קאַמער אַריין און געזאָגט: — אַז מען הרג׳עט מענשען און אַז אברהם מיט פראָאים׳ען זיינען אַנטלאָפען אין דאָרף אַריין.

מיר זיינען אָפּגעלעגען אין דער קאַמער ביז מיטוואָך.

אין דער צייט וואָס מיר האָבען געהערט געוואָלדען און קוויטשערייען, האָבען די גוים געטראָגען אידישע פאַרמעגענס... אַלץ האָבען מיר געהערט. אונז האָט קיינער ניט געהערט. און אונז האָט אָפּגעראַטעוועט אַ גוי׳אישע שכנה, אַ קאָוואַליכע. זי האָט געוואוסט, אַז איך בין דאָרט מיט די קינדער, ווען סאָלדאַטען זיינען צוגעקומען צום הויז, האָט זי זיי געזאָגט, אַז ס׳וואוינען דאָ ניט קיין אידען. און דאָס האָט אונז געראַטעוועט.

עס איז שוין מיטוואָך ביי טאָג. מיר האָבען ניט געוואוסט ווען עס איז טאָג אָדער נאַכט. די גאַנצע צייט האָט קיינער ניט געגעסען און די קינדער האָבען אויך קיין עסען ניט פאַרלאַנגט. אין דער שרעקליכער מורא איז מען אַזוי געזעסען אויף די שייטלאַך האָלץ. מיר האָבען דערהערט אַ קול:

— עפענט! האָט ניט מורא!

דאָס איז געווען מיין שוועסטער חוה. זי איז אריינגעקומען שווארץ, פאַרפינסטערט. איך פרעג זי:

— וואָס טוט זיך?

ענטפערט זי מיר:

— מען האָט אויסגע׳הרג׳עט אונזערע עלטערן, אונזערע ברי־דער און זייערע פרויען... דאָס אַלעס וואָס מיר זיינען געבליבען... קום צו מיר!

זי האָט געוואוינט ביי משה לעטמאַן. איך מיט די קינדער געהען. איך טו אַ קוק — עס ליגען טויטע מענטשען: ישראל אברהם... אברהמ׳קע לייזער לייב׳ס. לעבען עקיבה גלעזער איז אַ גרויסער טייך בלוט. דאָס איז פון מאַכליע יאַנקעל איצע׳ס, פון איר מיט אירע קינדער. אַביסעלע ווייטער ליגט אַ שוואַרצע קוטשמע מיט אַ ביין — אַ שטיק קאָפּ... דאָס איז פון שלמה יוסף־אייזיק׳ס... עס ווערט מיר פינסטער אין די אויגען... אוי!...

איך געה צוריק מיט דעם געדאַנק, אַז איך וועל אויסוואַרטען ביז פּראָאים וועט קומען. איך קום צו מיין שווער׳ס שטוב, קומען מיר אַנטקעגען אברהמ׳ס קינדער. זאָגט מיר אַ מיידעל:

— מומע! וואָס זענט איר צוריקגעקומען?

— ווייל איך קען ניט געהן, — זאָג איך, — איך וועל אויס־וואַרטען ביז פּראָאים וועט קומען.

ענטפערט זי מיר:

— מומע! פּראָאים׳ען האָט מען גע׳הרג׳עט און דעם טאַטען אויך!...

בין איך געבליבען שטעהן און טראַכט: וואוהין זאָל איך שוין יעצט געהן?!... איך מיט די קליינע קינדער... איך געה... ביז איך קום אָן אין מאַרק אריין. עס איז פינסטער. עס איז אָפּ־געברענט די קלייטען, צערויבט. און דער רויך שטיקט. מען זעט ניט קיין מענשען...

איך האָב דערזען יונה דער הערצאָוועס פרוי, יוכבד. זי ליגט ביי די צערויבטע „בודקעס" און איז בלוי. זי זאָגט מיר:

— שרה איטע! מיין יונה׳ן האָט מען דער׳הרג׳עט... און מיין לאה׳ן האָט מען אויך דער׳הרג׳עט און איך לעב און מוטשע זיך...

איך געה ווייטער. איך קום צו צו מיין שטוב. ביי מיין טיר ליגט בער־לייב, אברהם בער־לייב׳ס אַ בחור אויסגעצויגען... און דער אַלטער אברהם באַטאַפּט אים און זוכט אין זיי־

נע קעשענס. אין מיין הויז — די פענסטער אויסגעהאקט. די מער־סטע זאכען פון הויז צוגענומען, דאס איבעריגע צעוואָרפען. איך געה אוועק ווייטער. עס ליגט א טויטע פרוי, איינגעוויקעלט אין א שאל. דאס איז יאנקעל גדליה'ס מיט זיין פרוי.

מיינע אויגען זיינען מיד פון קוקען אויף די גרויסע צרות.

מען שלעפּט ארוים זיסיע הייבערס פון א אילימשקעלע לעבען יחזקאל־קריינים. ער איז אנטלאָפען פון די סאָלדאטען, זיינען צוויי סאָלדאטען אים פארלאָפען דעם וועג און דאָרט אים דער'הרג'עט.

איך געה צו מיין טאטענ'ס הויז. מיין טאטען האט מען גע־הרג'עט אין גאס. ווייל אזוי ווי עס איז טאָג געוואָרען, דינסטאג, איז ער געגאנגען זען, וואס זיין שוואגער גרשון „וואטענמאכער" טוט. ער איז געהאט געוועז זעהר קראנק. אז מיין טאטע איז אריינ־געקומען אין שטוב, זיינען אנגעקומען סאָלדאטען און אים גע־פרעגט: „ווער ביסטו? געה דיר אהיים". איז ער אוועקגע־גאנגען. אזוי ווי ער איז געגאנגען אהיים האט מען אים דער־זען און געפרעגט:

— ר' פרידעל! וואס געהט איר אזוי ארום? מען וועט אייך דאך קוילען!

זאגט ער:

— וואס הייסט, זיי וועלען קוילען? זיי קענען דען מאכען א ברכה?

דערווייל האט מען מיין פעטער גרשון גע'הרג'עט, און די מומע האט מען געשטאכען — אבער לייכט — האט זי זיך אוועק־געלייגט לעבען פעטער און דערמיט האט זי זיך געראטעוועט. אירע א שנור, יוזפ'ס פרוי, און צוויי קינדער האט מען גע'הרג'עט, יוזפ איז ארונטער אונטער'ן בעט, און האט אלץ געזען, און געשוויגען, און געבליבען לעבען.

ווען מיין טאטע איז אהיים געגאנגען, האט מען אנגעפאנגען הרג'ענען און אים דער'הרג'עט אין גאס. זיין קערפער האט זיך נאָך געוואָרפען. חזירים האבען זיין בלוט געטרונקען. מענשען האבען דאס געזען... מענשען, וואס זיינען געלעגען באהאלטען אויף די בוידימער.

# וואָס איך האָב געזען שפּעטער

אין מיין טאַטענ'ס הויז זיינען די פענסטער געווען אויסגע־בראָכען. מיין מאַמע ליגט אויף אַ בעט. אין איין האַנט האַלט זי אַ שטיקעל טעפּעלע. די האַנט איז פאַרשטאַרצט. מיין זיסיע'ס אַ קינד, פינף יאָר אַלט, האָט די מאַמע געגעבען אַ גאַנצע נאַכט טרינ־קען. זיסיע מיט זיין פרוי און אַ קינד פון דריי יאָר זיינען אַנטלאָפען. מיין מאַמען, זיסיע'ס שוואָגער און מיין הירשלען האָט מען גע־הרג'עט אין מיין טאַטענ'ס הויז. מיין הירשעל'ס פרוי האָט מען געשטאָכען, האָט זי זיך געמוטשעט צוויי וואָכען און זי איז גע־שטאָרבען. מיין הירשעל'ס פיר קינדער זיינען געלעגען אונטער'ן בעט, זיי האָבען אַלעס געזען און געשוויגען און געבליבען לעבען. מיין זיסיע'ס קינד פון פינף חדשים האָט מען גע'הרג'עט.

זיסיע מיט זיין פרוי און זיין דריי יאָריג אינגעלע זיינען אַ גאַנצע נאַכט אומגעגאַנגען אין פעלד. זיסיע'ן מיט זיין פרוי האָט מען אינדערפרי גע'הרג'עט לעבען דעם אַלטען בית־עולם. דאָס קינד האָט מען ניט דער'הרג'עט. עס האָט אַזוי לאַנג געוויינט ביז עס איז פאַרגליווערט געוואָרען.

מענשען זיינען געלעגען אין די „ריוועס" און האָבען אַלעס געהערט און מורא געהאַט זיך צו רירען. זיי האָבען געזען ווי גוים האָבען אַרונטערגענומען פון די טויטע זייער אַנטועכץ. אַז מען האָט זיי באַערדיגט איז געווען זייער פלייש אויפגעגעסען. מיינע אויגען האָבען דאָס אַלעס געזען. איך גלויב ניט מיינע אויגען, וואָס איך האָב געזען.

מען האָט געפירט צום בית־עולם ביי אַ צוואַנציג מתים אויף אַ שליטען. איך האָב געזען ווי מען האָט אַרויסגעטראָגען פּייסי טשיבאַנער מיט זיין גאַנצער פאַמיליע טויט מען האָט געפירט יחיאל יעקעל'ס מיט זיין פאַמיליע. אַ מיידעל גיטיע חיי'צעס, זעהר אַ שעהנע, מיט לאַנגע האָר, האָבען זיך די האָר געשלעפּט נאָכ'ן שליטען אויף דער ערד. איך האָב געזען ווי משה לעטמאַן איז געלעגען אין גאַס. זיין פרוי און זיין טאָכטער'ס אַ אינגעלע, צען יאָר אַלט, וואָס איז געקומען צו־גאַסט, איז געלעגען גע'הרג'עט אויף דעם גאַניק. זיין בלוט האָט זיך געגאָסען אין קעלער אריין. מיין חוה האָט געוואוינט ביי משה לעטמאַן. זיכער אַ חודש צייט איז מען געגאַנגען אין דעם בלוט.

ביז מען האָט די אַלע טויטע באַערדיגט האָט געדויערט ביז פרייטאָג.

עס זיינען געווען אַ סך פאַרוואונדעטע, וואָס האָבען זיך גע־מוטשעט. זיינען אַלע טאָג פון דינסטאָג אָן געווען אַנדערע טויטע.

אין דער גרוב, וואו מען האָט באַערדיגט מיין טאַטען, ליגט מיין הירשעל, מיין זיסיע׳ס אינגעלע פון דריי יאָר. יעגע מינוט קומט. ווייסט מען ערשט ניט, וואו עס איז פראָאים און אברהם און יאָסעל חנא׳ס...

אין איין גרוב ליגט מיין מאַמע מיט זיסיע׳ס פרוי, זיסיע׳ס שווי־גער, ירחמיאל איצי בעדאַנעס פרוי, א מיידעל, רויזע אברהם בער־לייבס (פרייטאג איז געווען ביי איר די חופה און דינסטאג האָט מען זי גע׳הרג׳עט...) נאָך מיט אַ שענדליכען טויט...

איך זאָלט ניט דענקען, אַז איך האָב אַלעס געשריבען וואָס איך האָב איבערגעלעבט. עס צערודערט מיר מיינע נערוועז...

נאָך דעם גרויסען אומגליק בין איך פאַרבליבען עלענט, אליין מיט מיינע קינדער. אָרים... עס איז פון אַלץ געוואָרען אַ תל, פון אַלץ געוואָרען גאָר ניט... אפילו אויף אַ ברויט האָב איך ניט געהאַט. און צו דערצו האָב איך אַלע טאָג געדאַרפט לויפען זיך באַהאַלטען. אַז איך האָב דערזען אַ סאָלדאַט בין איך געוואָרען אַ טויטע. איך האָב מורא געהאַט איבערצונעכטיגען אין שטוב. אויס־טאָן זיך צו לייגען שלאָפען, האָט מען זיך ניט, ביז עס איז געקומען שבועות. דעמאָלט זיינען שוין געוואָרען נייע צרות.

דעמאָלט זיינען ביי אונז געווען באָלשעוויקעס. דעם צווייטען טאָג שבועות זיינען אָנגעקומען פעטלורעוועצעס, און עס איז גע־וואָרען אַ געשלעג אין שטאָט. די באָלשעוויקעס זיינען אַנטלאָפען. אַלע מענשען פון שטאָט זיינען נאָכגעלאָפען און די קוילען זיינען געפלויגען איבער די קעפ...

איך מיט די קינדער בין אויך געלאָפען. מען האָט ניט געוואוסט, וואוהין מען לויפט. איך בין אָנגעקומען קיין רייקאָוויץ, האָט א גוי רחמנות געהאַט אויף מיר און מיך אַרויפגעלאָזט אויף אַ בוידעם, און געזאָגט מיר: „ליגט שטיל”. איך טו אַ קוק — עס פעלט מיר אַ קינד... אַ מיידעלע. ניט איך ווייס פון ווען זי פעלט, ניט איך ווייס וואו זי איז. און דאָ דאַרף מען שווייגען... ווייל אין דעם זעלבען שטיבעל האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ „קאָנצעלאַריע” פון

סאָלדאַטען און זיי שרייען: „וואו איז דאָ אידען? זיי זיינען אַנט-לאָפען מיט די באָלשעוויקעס. מיר וועלען זיי אויס׳הרג׳ענען”...
דאָס האָט געדויערט ביז אינדערפרי. אינדערפרי האָב איך געהערט, אַז די סאָלדאַטען פאַרנעמען זיך, זיינען אַפּגעפאָרען. דער גוי קומט אַרויף און נעמט אונז אַרונטער פון בוידעם און זאָגט:
— איך קען אייך מער ניט האַלטען. איך האָב מורא פאַר זיך אַליין. איך וויל אייך העלפען, אָבער איך קען אייך גאָר ניט העלפען.
— ער רעדט צו מיר אין אַ גוטען וועג:
— הער זיך איין, — זאָגט ער צו מיר, — איך האָב זיי גע-הערט רעדען, אַז זיי וועלען אויס׳הרג׳ענען אַלע אידען. סיי ווי, מיך וועט מען אויך הרג׳ענען, אַז ניט יעצט איז מאָרגען. איך וויל זיך ניט איינשטעלען, — זאָגט דער גוי, — איר קענט זיך געהן, וואוהין איר ווילט.
האָט איינס פון מיינע קינדער, די צווייטע פון דער עלטערער, אָנגעפאַנגען וויינען. איז דערביי געשטאַנען דעם גוי׳ס אַ ברודער, ער האָט ניט געהאַט קיין קינדער. האָט דאָס אים פאַרקלעמט ביים האַרצען און ער האָט געזאָגט:
— איך נעם אייך צו מיר. איך וויל ניט וויסען, וואָס מיט מיר וועט זיין. איך וועל אייך באַהאַלטען. יעצט געה איך אין שטאָט אַריין זען, וואָס עס טוט זיך דאָרט און איר קומט צו מיר!...
און וועגען מיין גרויסער מיידעל האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מען האָט זי גע׳הרג׳עט. דער גוי איז אַוועקגעגאַנגען און איז צוריק-געקומען און געזאָגט, אַז עס איז אויסגע׳הרג׳עט געוואָרען אידען. עס איז אָבער שוין שטיל. מען טשעפּעט קיינעם ניט.
מיר זיינען אַהיימגעגאַנגען פאַר׳צרה׳ט. דעמאָלט זיינען מיר פאַרבליבען מיט פּעטלורעווצעס.
מיין היים איז נאָכאַמאָל צעראַבירט געוואָרען. אפילו קיין קאָלדרע, קיין לעפעל האָב איך ניט פאַרמאָגט. עס האָט געדויערט דריי טעג מיט מורא, מיט פּחד. עס האָט געדויערט דריי טעג, האָט זיך אָפּגעזוכט מיין קינד. מענשען האָבען זי מיטגענומען קיין יאַר-מאָלינעץ.
עס איז אַוועקגאַנגען אַ צייט. מיר זיינען געלעגען אין די קע-לערס. איין אינדערפרי, דאָס איז געווען אַ פרייטאָג, קומט אַ גוי, אַ אידישער פריינט, צו בנימין האַבער׳ס און זאָגט אים:

— זאָלסט וויסען אַז ביי מיר שטעהט דער „שטאַב", דאָס הייסט, די גרעסטע גזלנים, און זיי האָבען גערעדט, אַז פרייטאָג אויף דער נאַכט וועט מען אַריינגעהן אין שטאָט און וויפיל אידען עס זיינען פאַרבליבען, וועט מען אויס׳הרג׳ענען. וואָס דו קענסט זאָלסטו טאָן און איר זאָלט זיך ראַטעווען.

דאָס איז געווען דערפאַר ווייל זיי האָבען געוואוסט אַז די באָל־שעוויקעס האַלטען אין קומען.

עס איז געוואָרען אַ גרויסע פּאַניקע. יעדער האָט געזוכט אַ שטיקעל אָרט, וואו זיך צו באַהאַלטען. דאָס איז שוין געווען נאָך ליכט־בענשען.

פלוצים האָט מען געהערט שיסען. די באָלשעוויקעס זיינען אָנגעקומען מיט זייער „לידעל" און די פּעטלאָרעווצעס זיינען אַנט־לאָפען. זיי האָבען שוין קיין צייט ניט געהאַט צו געהן...

אין שטאָט פון דעמאָלט אָן זיינען געווען באָלשעוויקעס. אָבער צרות האָבען מיר געהאַט: זיי האָבען ניט געלאָזט לעבען און ניט געלאָזט שטאַרבען... אַז איך האָב אָפּגעבאַקען ברויט, זיי האָבען שוין דערפילט ווען, איז מען אַריינגעקומען און צוגענומען...

אַ ביטער לעבען!

פלוצים איז אַרוים אַ קול, אַז מען נעמט יתומים קיין אַמעריקע. בין איך רייך!... איך מיט מיינע פיר קינדער, און פון מיין זיסיע׳ן איז פאַרבליבען אַ קינד פון צוויי יאָר. איך האָב פאַרמאַכט מיין שטוב און אפילו ניט גענומען קיין שטיקל קישן זיך צו היטען פון דער קעלט, ווייל מען האָט מורא געהאַט, אַז מען וועט זיך דערוויסען אַז מען פאָרט אָפּ, וועלען זיי הרג׳ענען.

מיר האָבען זיך געפּלאָגט און אַרויסגעגאַנגען אין פעלד אַריין, און דאָרט האָט געוואַרט אַ באַשטעלטער גוי, מיט אַ שליטען און מיר זיינען אַוועקגעפאָרען קיין „טאַרנירידע", און מיט דעם וועג פאָרענדיג, זיינען אונז נאָכגעלאָפען סאָלדאַטען און געשאָסען אויף אונז. מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט. זיי האָבען געזען אַז עס פאָ־רען פינף קליינע קינדער, האָבען זיי געזוכט צי מיר האָבען געלט. עס איז גאָר ניט געווען, האָבען זיי אונז געלאָזט פאָרן.

מיר זיינען שוין געקומען קיין טאַרנאַרידע. דאָרט האָט געוואַרט אַ מאַן מיט דעם נאָמען קאַצמאַן און געזאָגט, אַז אַמעריקע האָט אים געשיקט נאָך יתומים. זאָל זיין אַזוי!... ער האָט אונז איבער־געפירט די גרענעץ לייכט און ער האָט אונז אַריינגענומען אין אַ שול און מען האָט אונז געגעבען עסען און טיי טרינקען.

עס איז אונז געוואָרען ליכטיג אין די אויגען. ווייל אַ צייט איז פאַרגאַנגען, אַז מיר האָבען ניט אַנגעזען קיין ליכטיגקייט אויף דער נאַכט? מיר האָבען ניט געהאַט קיין ליכט און מיר האָבען מורא געהאַט פאַר אונזער לעבען. פון דעם פּאָגראָם ביז דער לעצטער צייט זיינען מיר נאָר געווען אין דער פינסטער. ווען מיר זיינען געקומען איבער דער גרענעץ איז שוין געוואָרען ליכטיג, אָבער ניט אין די אויגען.

אויף דעם צווייטען טאָג האָט מען שוין דעם טראַנספּאָרט קינדערלאַך געפירט קיין סקאָלאַט. עס זיינען אָנגעקומען אַ סך קינדער. פעלשטין האָט געהאַט אַ סך יתומים. מיר זיינען אָפּגעשטאַנען אין סקאָלאַט עטליכע טעג, אין אַ שול. מענשען האָבען געטראָגען עסען און טרינקען. עס איז געווען אַ לעבעדיגע וועלט.

דער קאַצמאַן איז דער פאָטער פון די קינדער. די קינדער וואָס האָבען מאַמעס, זיינען די מאַמעס נאָכגעלאָפען. מען פאָרט קיין אַמעריקע.

פּלוצים פאַנגען זיך אָן נייע צרות מען נעמט נאָר „קיילעכדיגע" יתומים, און די יתומים, וואָס האָבען געהאַט מאַמעס, האָבען נישט געטויגט. וואָס טוט מען? פאַרלייקענען זיך אַלע מאַמעס. עס איז נישטאָ קיין מאַמעס... מען נעמט צו די קינדער קיין לעמבערג און די מאַמעס פאַרבלייבען אין סקאָלאַט. וואָס האָבען צו טאָן די מאַמעס אָהן קינדער? פאָרט מען נאָך. איך פאָר קיין לעמבערג.

איך בין געווען צופרידען. זאָל מען נאָר צונעמען די קינדער קיין אַמעריקע, איך וועל שוין נאָכפאָרען. איך האָב געוואוסט, מיינע קאָזינס וועלען מיך ניט לאָזען פאַלען.

די קינדער זיינען אין לעמבערג. איך בין שוין אין לעמבערג. דער „פאָטער" פון די קינדער טאָר ניט וויסען, אַז איך בין אין לעמבערג: אַזוי ווי ער געפינט אויס, גיט ער מיר צוריק די קינדער. וואָס קען איך טאָן מיט די פיר קינדער? זיסיע'ס קינד נאָר איז אַ גוטס: עס איז אַ „קיילעכדיגס". מיינע האָבען אַ מום. איך האָב זיך אויסגעבאַהאַלטען, און די קינדער האָט דער קאַצמאַן אַריינגעגעבען אין אַ יתומים-הויז. עס איז מיר שוין ווייטער גוט. איך בין שוין ניט אין פעלשטין. איך האָב אָנגעפאַנגען שרייבען צו מיינע אייגענע, אַז זיי זאָלען מיר העלפען. אָבער מיט די קינדער איז שווער. זיי האָבען מיר געשיקט געלט, אַז איך זאָל קומען און נאָכדעם וועט מען טראַכטען וועגען די קינדער.

פון דעם קאַצמאַן איז געוואָרען גאָר ניט. ער איז געווען אַ פאַרדעכטיג אידעל. דאָס געלט וואָס ער האָט גענומען פאַר די יתומים׳ס וועגען, איז ביי איהם צורונען געוואָרען און ער האָט אָן די אַלע קינדער פאַרגעסען. מען האָט די קינדער צעשטעלט אין יתומים־הייזער און זיי זיינען צעשיקט געוואָרען איבער דער וועלט.

אַז עס איז מיר אָנגעקומען געלט צו פאָרען קיין אַמעריקע און איך האָב באַקומען אַ „וויזע" איז מיר געוואָרען זעהר ביטער. ווי אַזוי לאָזט מען קינדער אין דער פרעמד?

איך האָב זיך ניט געקענט העלפען. איך בין אַוועקגעפאָרען אָהן די קינדער...

אַז איך בין געקומען קיין אַמעריקע, האָב איך באַדאַרפט פאָרען קיין קענזעס סיטי. איך האָב באַדאַרפט פאָרען, ווייל מיינע פאַפּירען זיינען געווען אַהין צו פאָרען. איך בין געקומען קיין קענזעס סיטי. איך האָב אָנגעפאַנגען אַרבייטען און איך האָב גוט פאַרדינט.

צום יאָר האָב איך געשיקט צו מיינע קינדער זיבען הונדערט דאָלאַר, אַז זיי זאָלען פאָרען מיט ערשטען קלאַס. די קינדער זיינען געקומען געזונט און מיר זיינען אין אַמעריקע.

דעם ריכטיגען אמת זאָג איך אייך, אַז אפילו איינס פּראָצענט פון מיין איבערלעבען שרייב איך ניט.

עס איז ניט מעגליך.

## יאָסעל פּאָמעראַנץ

# דריי הרוגים



מיין ברודער דוד, מיין פעטער מעכצי רובינשטיין, פאַליק, משה־לייב פאַליק׳ס, און איך אליין, צוזאַמען מיט נאָך עטליכע יונגע בחורים, וואָס זיינען ניצל געוואָרען פון פעטליורע׳ס „היידאַמאַקעס״, זיינען געוואָרען קברנים אויף איין טאָג.

פרייטאָג, דעם 14טען פעברואַר, 1919, האָבען מיר פון אין דער פרי ביז אין דער פינסטערער נאַכט, געבראַכט צו קבר־ישראל איבער אַכציג (80) הרוגים...

דער טויט פון דריי פון יענע הרוגים האָט זיך ביי מיר באַזונדערס איינגעקריצט אין זכרון...

ווען איך דערמאָן זיך אָן יענע דריי הרוגים — הגם איך בין אַ געוועזענער סאָלדאַט און האָב זיך באַטייליגט אין דער וועלט־מלחמה — ווען איך דערמאָן זיך אָן זיי, קען איך זיך בשום אופן ניט צוריקהאַלטען פון טרערען...

איינער פון די הרוגים איז געווען אונזער משה מלמד — אַ תמימות׳דיגער איד, ווייט צו זוכען. ער איז געווען אָנגעטאָן אין טלית און תפילין, געהאַלטען אַ סידור אין דער רעכטער האַנט, פון וועלכער דער אָנצייג־פינגער איז געווען פאַרדריקט צווישען די בלעטער פון „שומר ישראל״...

די אַנדערע צוויי הרוגים זיינען געווען: אַ יונגע מוטער וואָס אין אירע אָרעמס איז געלעגען איינגעפּלאַכטען און שטאַרק צוגעדריקט איר זויגענדיג קינד פון אָרום צען חדשים — אַ בלאָנדס, מיט אָפענע, בלויע אויגעלאַך, אין וועלכע עס זיינען געשטאַנען צוויי פאַרפרוירענע פערעלדיגע טרערען, קייקעלאַך האָגעל, וואָס זיינען געבליבען שטעקען אויף די שטייפע ווילאַך. אויף די צוויי טרערען האָט זיך קוים באַמערקט אַ שטויבעלע. קענטיג, אַז דער טויט האָט

פאַרכאַפּט דאָס עופה'לע, ווען עס האָט שוין ניט געקענט אַרומ־לאָזען מער ווי צוויי טרערען פון די אָפענע אויגעלאך...

דער טאָג איז געווען ווינטערדיג. דער שניי — ווייך און טונקעל. דער הימעל — פארצויגען. א רעגען איז געהאנגען אין דער לופטען און איז ניט אַראָפּגעפאַלען...

קנא ונוקם... וואו ביסטו געווען יענעם מאָנטאָג און דינסטאָג ?

## אייזי סיגאַל

# איך זוך מיין קינד אין פייער און אין פלאַם



ווען דער ערשטער פּאָגראָמשטשיק איז אריינגעלאפען אין שטאָט, מיט אַ גראַנאַט אין זיין אויסגעצויגענער האנט, האָב איך פאַרשטאַנען, אז דאָס איז א ראַז־וויעדטשיק פון די פּאָגראָמשטשיקעס.

אין יענעם מאָמענט בין איך געווען אין מאַרק. איך האָב דאָרט זיך באַגעגענט מיט הירשעל ירחמיאל׳ס זינגערמאַן, און מיר האָבען איבערגערעדט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין פּראָסקוראָוו, און גאָט ווייסט, וואָס עס וועט פּאָרקומען ביי אונז אין פעלשטין.

אין שטעטעל איז געווען שטיל. קיין סך מענשען האָט מען שוין אין מאַרק ניט געזען. די לופט אין די גאַסען איז שוין געווען אָנגעפילט מיט פחד. עס האָט אויסגעזען, ווי מען דאַרף שוין מאַכען אַ „מלא” די מתים...

ווי איך און מיין פריינט הירשעל האָבען דערזען דעם רייטער, האָב איך אַ זאָג געטאָן צו הירשלען: „מען דאַרף געהן אַהיים”. און מיר זיינען זיך צעגאַנגען.

איך בין אַריינגעלאָפען צו מיר אין שטוב און אַ זאָג געטאָן צו מיין פרוי: „נעם די קינדערלאַך און קום!...”

מיר זיינען אַרויס פון שטוב, אפילו די טיר ניט פאַרמאַכט. מיר זיינען אַראָפּגעלאָפען דעם באַרג וואָס פירט צו דער שול. לויפענדיג אַזוי, האָבען מיר באַגעגענט יאָסעל דעם רויטען און ער האָט אַ זאָג געטאָן צו אונז: „לויפט און באַהאַלט זיך — עס איז שלעכט”.

די פּאַניק איז געוואַקסען פון מינוט צו מינוט. דערוואָק־סענע מענשען מיט קינדער האָבען אָנגעהויבען לויפען פון אַלע עקען שטאָט.

אין דעם געלויף האָט זיך אָפּגעריסען פון אונז מיין זעקס־יאָריג מיידעלע, און מיר האָבען שוין ניט געקענט לויפען צוריק זי אָפּזוכען. מיין פרוי האָט זיך אפילו געריסען לויפען צוריק אין דעם פייער אַריין צו זוכען דאָס קינד. איך האָב זי אָבער אָפּגעהאַלטען און געזאָגט צו איר: לאָמיר לויפען און באַהאַלטען די צוויי איבע־ריגע קינדער, ווייל זיי לעבען נאָך״... און מיר זיינען געלאָפען ווייטער, ניט וויסענדיג וואוהין צו לויפען...

מיר זיינען אַזוי פאַרלאָפען ביז צום עק שטאָט און מיר זיינען אַריין צו דודיע בעדער אין שטוב. דאָרט איז מיין פרוי גלייך געוואָ־רען היסטעריש. זי האָט געלאַכט און געוויינט...

ווען איך האָב זי אַביסעל באַרואיגט, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז לויפענדיג איז אָנגעלאָפען מיין ברודער, „מאָטיע״, און האָט אוועקגעכאַפּט דאָס קינד פון אונז, ווייל ער האָט דערזען ,אַז מיט די דריי פּיצלאַך קינדער — דאָס איז געווען דאָס עלטסטע — וועט זיין שווער פאַר אונז צו ראַטעווען זיך פון׳ם טויט.

איך דענק, אַז דאָס איז געווען מאָנטאָג נאָך האַלבען טאָג. און אַזוי זיינען מיר שוין איבערגעזעסען דעם איבעריגען האַלבען טאָג בא דודיע בעדער אין שטוב, און ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך אין שטאָט.

ביינאַכט זיינען מיר און נאָך מענשען, וועלכע זיינען זיך אָנגע־לאָפען אין דער שטוב, וואָס אין עק שטאָט, געזעסען אין דער פינס־טער, קיין לאָמפּ ניט אָנגעצונדען. מען זיצט אין איין שרעק... מען שיסט... און קולות טראָגען זיך ביז׳ן הימעל, און מיר זיצען אין דער פינסטער און וואַרטען אויפ׳ן טויט...

מיטאַמאָל, מען הערט עמיצען צוקומען צו דער שטוב. מען וויל אויפמאַכען די טיר. די טיר איז געווען פאַרשפּאַרט. עס דער־הערט זיך א געשריי: „וויטשיני!״ — מיר זיינען אלע פאַרגליווערט געוואָרען.

וואָס טוט מען? דער אַלטער דודיע זאָגט, אַז ער וועט עפענען די טיר, ווייל אַז מען וועט ניט עפענען, וועט מען די טיר סיי ווי אויפברעכען, און עס וועט נאָך ערגער זיין. און מיר האָבען אַלע געמוזט איינשטימען.

אַ סאָלדאַט איז אַריינגעקומען און געהייסען אָנצינדען אַ לאָמפּ. מיר זיינען אַלע געזעסען פאַרגליווערט. דער סאָלדאַט האָט אָנגע־ריבען אַ שוועבעלע און אָנגעצונדען דעם לאָמפּ. ער איז צוגעגאַנגען צו יעדען איינעם, אַריינגעקוקט אין די אויגען און אַ פרעג געטאָן: „וואָס זיצט איר אַלע דאָ?" ער האָט אַ באַפעל געטאָן מען זאָל אים געבען געלט. ער האָט צונויפגענומען ביי די מענשען דאָס געלט, וואָס זיי האָבען געהאַט. די קינדער האָבען זיך צעוויינט, און די עלטערע מענשען האָבען געציטערט.

דער סאָלדאַט האָט קיין בייז ניט אָפּגעטאָן, האָט אַלעמען באַ־רואיגט און פאַרלאָזט די שטוב.

מיר האָבען צוריק פאַרשפאַרט די טיר און געבליבען זיצען אַזוי אין שרעק ביז עס איז געוואָרען טאָג.

עס איז געווען דינסטאָג אינדערפרי. איך האָב אַ זאָג געטאָן צו מיין פריינט ציניק, דודיע בעדער׳ס זון: „לאָמיר געהן אויסגע־פינען, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט. אפשר וועל איך געפינען מיין קינד, וואָס מיין ברודער, מאָטיע, האָט אַוועקגעכאַפּט פון מיר". און ציניק האָט צוגעשטימט צו געהן.

מיר האָבען זיך געלאָזט געהן ביז מיר זיינען צוגעקומען צו זלמן בלעכער׳ס שטוב. דאָרטען האָבען מיר דערזען די ערשטע קרבנות — זלמן בלעכער מיט זיין פרוי.

ווען מיר האָבען דאָס דערזען, האָבען מיר שוין ווייטער ניט געקענט געהן און מיר האָבען זיך אומגעקערט צוריק. מיר האָבען אָבער שוין ניט געהאַפּט צו דערגרייכען דודיע בעדער׳ס שטוב, ווייל מענשען זיינען שוין געלעגען טויט אין די גאַסען. נאָר מיט אַ נס עפּעס זיינען מיר צוריקגעקומען און דערוווּשט יעדען ביים לעבען. נאָר מיין פרוי האָט געשריען אַ פאַרצווייפעלטע: „וואו איז מיין קינד?!..."

וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? איך האָב איר אַביסל באַרואיגט און געטראַכט צו זיך, אַז מיין קינד איז שוין טויט!... איך האָב זיך אַוועקגעדרייט פון מיין פרוי און איך מיט ציניק׳ן זיינען מיר צו און פאַרשפאַרט און פאַרהאַקט די טיר. אַ גוט באַוואָרעניש, הא?!...

עס האָט ניט גענומען לאַנג. מען זעצט די פענסטער... וואָס טוט מען? איז געבליבען צו קלעטערען אויפ׳ן בוידעם. און אַלע האָבען זיך אָנגעהויבען שטופען אויפ׳ן בוידעם. מיר זיינען געבליבען פון די לעצטע. מיין פרוי, אַ שוואַכע, און די צוויי קינדערלאַך. מיט אַלע מיינע כחות האָב איך געהאָלפען מיין פרוי וואָס גיכער אַרויפ־

צוקלעטערען אַרויף אויף דעם בוידעם און דאָס צווייטע קינד איז געבליבען אונטען ביים לייטער און זיך אַליין געדראַפּעט. ס'האָט אָבער ניט געקענט אַרויפדראַפּען זיך. בין איך אַראָפּ צוריק, אַ כאַפּ געטאָן דאָס קינד און נאָך באַוויזען אַרויף צוריק אויף דעם בוידעם.

די כוליגאַנעס האָבען שוין געבושעוועט אין שטוב. איך האָב אַרויפגעשלעפּט דעם לייטער און פאַרמאַכט מיט דעם לייטער דעם אַרויפגאַנג.

וויפיל מענשען מיר זיינען געווען אויף דעם בוידעם, האָבען מיר אָנגעוואָרפען אַלץ אויף דעם לייטער, אַז די כוליגאַנעס זאָלען ניט קענען צוקומען צו אונז.

די כוליגאַנעס האָבען גענומען זוכען און איינער דעם אַנדערען פרעגען: „גדיע עטי זשידי?" און זיי זיינען צוגעקומען צו דעם אָרט, וואו עס איז געהאַט געשטאַנען דער לייטער. איין כוליגאַן טוט אַ זאָג צום צווייטען: — „אָני נאַוועָרנאָ נאַווערכו, דאַוואַי פּאַסמאָט-רים" — (זיי זיינען אודאי אויבען, לאָמיר אַ קוק טאָן). און זיי האָבען צוגעשטעלט אַלטע פעסלאַך, בענקלאַך און גענומען קריכען...

איך האָב געכאַפּט מיינע צוויי קינדער און האָב זיי פאַרשטופּט אונטער דער סטריכע און פאַרדעקט זיי מיט אַ זאַק פעדערען און אָנגעוואָרפען אויף זיי אַלערליי שמאַטעס.

אַלע מענשען, וואָס האָבען זיך געפונען אויף דעם בוידעם, האָבען זיך צעשטופּט אין די לעכער און געבליבען שטיל, ניט אַרויסלאָזענדיג קיין אָטעם.

ציניק און איך זיינען מיר געשטאַנען לעבען דעם אַרויפגאַנג און געוואַרט אויף דעם טויט.

אַז ציניק האָט דערזען אַז די כוליגאַנעס זיינען שוין באַלד אויפ'ן בוידעם, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיק אייזען און אַ זאָג געטאָן צו מיר: „נעם אַ שטיק האָלץ! מיר זיינען שוין סיי ווי פאַרלוירען!... לאָמיר זיך שטעלען אַנטקעגען און אפשר זיך ראַטעווען"...

איך האָב אָבער געפילט, אַז מיר וועלען בעסער ניט מאַכען מיט דעם, און איך האָב אים געבעטען, אַז ער זאָל אַוועקלייגען דאָס שטיק אייזען און ציניק האָט מיך געפאָלגט.

אין אַ פּאָר מינוט נאָך דעם זיינען צוויי כוליגאַנעס אַרויף אויף דעם בוידעם, מיט די ביקסען און מעסערס אין זייערע הענט, און זיי האָבען אַ געשריי געטאָן:—„מנאַגאָ וואָס יעסט?"—איך און ציניק האָבען זיי אָנגעהויבען בעטען און וויינען און מאַליען און פאַלען צו זייערע פיס: — שענקט אונז דאָס לעבען! וואָס וועט אייך אַרויס-

קומען, אַז איר וועט אונז שוין הרג'ענען ?! ... מיר זיינען על־טערען פון קליינע קינדער. מיר ווילען אייך אַוועקגעבען אַלץ...

אונזער געוויין האָט געקאָנט רירען אַ שטיין, אַז די כוליגאַנישע הערצער האָבען דאָס דערפילט און זיי האָבען אַ זאָג געטאָן: — „טישע, ניע פּלאַטש, מי וואָס נע טראָגים. דאַוואַי דענגי*)". מיר האָבען זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטען און אַוועקגעגעבען זיי אַלץ, וואָס מיר האָבען געהאַט.

אַראָפּגעהענדיג פון בוידעם, האָבען זיי אונז געזאָגט, מיר זאָלען פאַרמאַכען צוריק דעם אַרויפגאַנג אויף דעם בוידעם און זיצען שטיל, אפשר ווועלען מיר בלייבען לעבען.

מיר האָבען אַזוי געטאָן און געזעסען שטיל אַרום אַ פּאָר שעה אויף דעם בוידעם.

דאָס קרעכצען און די געשרייען פון אונזערע שוועסטער און ברידער אין דרויסען איז אָבער געווען ניט איבערצוטראָגען. אַזעלכע ענויים קשים האָט מען זיי אָנגעטאָן, אַז ציניק און איך האָבען אָפּגעמאַכט ביי זיך צו נעמען זיך דאָס לעבען איידער צו הערען דאָס קרעכצען און די געשרייען פון אונזערע ברידער און שוועסטער. מיר האָבען מורא געהאַט, אַז די כוליגאַנעם זאָלען זיך ניט אומקערען צו אונז און מיר זאָלען זיך אויך ניט דאַרפען אַזוי מוטשען.

אָבער צו אונזער גליק איז באַלד שטיל געוואָרען. עס זעט אויס, אַז מיר האָבען באַדאַרפט בלייבען לעבען.

איך בין אַביסעל געקומען צו זיך, און זיך געלאָזט געוואויר ווערען צו מיינע צוויי קינדער, וואָס איך האָב פאַרדעקט מיט אַ זאַק פעדערען און פאַרלייגט מיט שמאַטעס. די מוטער האָב איך געטראָפען ליגען לעבען די קינדער. איר צושטאַנד, ליגענדיג לעבען אירע צוויי קינדער, איז ניט צו באַשרייבען...

איך האָב אַוועקגעשלעפט די שמאַטעס, צוגענומען דעם זאַק פעדערען פון די קינדערלאַך. איך האָב זיי געטראָפען שלאָפען. קוקענדיג אַזוי אויף די צוויי אומשולדיגע נשמה'לאַך, האָב איך אַ זאָג געטאָן: „איך דאַנק דיר גאָט, וואָס מיינע צוויי קינדערלאַך לעבען!..."

איך האָב זיך אומגעקערט צו ציניק'ן. זאָגט ער צו מיר: „עס איז עפּעס אַזוי שטיל געוואָרען". האָב איך זיך צוגעהערט.

---

*) שטילער, וויינט ניט. מיר וועלן אייך ניט טשעפּען. גיט געלט.

עס איז טאַקע שטילער געוואָרען. ווייזט אויס, אַז זיי זיינען פאַרטיג געוואָרען, אַז אַלץ איז אַריבער...

„נו, פרעג איך, וואָס טוט מען איצט?" ענטפערט מיר ציניק: „איך וועל פּאַמעלאַך אונטערהויבען אַ טשערעפּ פון דאַך און אַרויס־קוקען". און ער האָט אַזוי געטאָן.

קוקענדיג דורך דער שפּאַרונע, זאָגט צו מיר ציניק, אַז ער זעט, דאַכט זיך, זיסיע יעקב יוסי'ס מיט זיין פרוי אין גאַס. „אַ נו, זאָגט ער, גיב נאָר דו אַ קוק און זע צי איך זע ריכטיג".

איך קוק אַרויס דורך דער שפּאַרונע. יאָ, עס איז טאַקע זיסיע מיט זיין פרוי.

האָבען מיר אַלע אָנגעהויבען אַראָפּקריכען פון דעם בוידעם, צו געפינען אַ שטיקעל ברויט און אַ טרונק וואַסער פאַר די פאַר־שמאַכטע קינדער.

נאָכדעם האָבען מיר זיך געלאָזט געהן אין שטאָט אַריין. גע־הענדיג, האָבען מיר געשפּאַנט איבער טויטע מענשען. שווער געוועזען זיי צו דערקענען, ווייל זיי זיינען געוועזען זעהר צעהאַקט. און אַזוי בין איך צוגעקומען צו מיין שטוב. אַלץ איז געוועזען צעראַבירט. מיך האָט דאָס אָבער ניט געאַרט,אַבי מיר זיינען געבליבען לעבען.

איך בין געבליבען שטעהן פאַרגליווערט: צווישען די הרוגים האָב איך דערהערט אַ מענשליכען קרעכץ. איך האָב גענומען זוכען צווישען די הרוגים צו געפינען דעם, וואָס קרעכצט. איך קוק זיך איין: עס איז אַלטער מאָנטאַג (ישראל'עוויטש). ווי ער האָט מיך דערזען, האָט ער מיר געוויזען מיט אַ פינגער, איך זאָל אים דערלאַנגען אַ טרונק וואַסער. אַז ער האָט באַנעצט די ליפּען, האָט ער קוים אַרויסגערעדט: „זוך, דאָ, ועסטו, געפינען, דיין ברודער, מאָטיע". איך האָב גענומען זוכען און טאַקע געפונען מיין ברודער... טויט. איך ווייס ניט וואָס אויף דעם צו זאָגען, מיין האַרץ און אַלע־מענס הערצער זיינען געוועזען פאַרשטיינערט... אַז ווייגען האָט מען ניט געקענט...

מיין פרוי שרייט פלוצים אויס: „וואו איז מיין קינד?! דיין ברודער איז טויט, ער האָט דאָס קינד געהאַט מיט זיך. דאָס קינד איז ניטאָ, ניט צווישען די טויטע, ניט צווישען די לעבעדיגע, וואו איז מיין קינד?!..."

וואָס זאָל איך איר ענטפערען?... מיר פאַרלאָזען דעם חורבן אין דער שטוב און מיר לאָזען זיך געהן אין מאַרק אַריין — דער מיטעלפּונקט פון שטאָט.

אויפ׳ן מארק — די קלייטען ברענען, מענשען ליגען אויף דער גאַס ווי געשאָכטענע שאָף... און איך מיט מיין פרוי זוכען צווישען די טויטע. ניטאָ קיין זכר פון מיין קינד. מיר זיינען גע־בליבען שטעהן און באַטראַכט דעם חורבן און ניט געוואוסט וואָס ווייטער צו טאָן.

אַזוי שטעהענדיג, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, קומט צו אונז צו נחום מאיר שענבארג און זאָגט צו מיר, אַז אין דער „היסטאָריע" (דאָס אַמאָליגע ראַטענהויז) איז ער געווען מיט נאָך אַ הונדערט מענשען, און אַז דאָרט איז אויך געווען מיין ברודער מאַטיע מיט מיין מיידעלע. די היסטאָריע האָבען די כוליגאַנעס אונטערגעצונדען און די מענשען זיינען זיך צעלאָפען וואוהין זיי האָבען נאָר געקענט און וואו מיין ברודער מיט׳ן מיידעלע זיינען אַהינגעקומען, ווייסט ער ניט.

איך ענטפער אים, אַז מיין ברודער מאַטיע ליגט טויט ביי יאָסעל שמואל חיים׳ס אין שטוב און מיין מיידעלע איז אודאי פאַרברענט געוואָרען אין דעם פייער... ווייל ווי האָט זיך אַ קינד פון זעקס יאָר געקאָנט אַליין ראַטעווען? נחום און מיין פרוי געבען שוין אויך צו, אַז דאָס איז דער סוף פון אונזער קינד...

האָב איך און מיין פרוי מיט אונזערע צוויי קינדערלאַך פאַר־לאָזט נחום׳ען און געגאַנגען ווייטער צווישען די טויטע קערפּערס, ניט פילענדיג און ניט וויסענדיג, וואוהין מיר געהען. און אַזוי זיינען מיר פאַרגאַנגען צוריק צו דודיע בעדער׳ס שטוב, וואו מיר זיינען ניצול געוואָרען פון טויט.

צוקומענדיג צו דער שטוב, איז דעם בעדער׳ס גאַנצע פאַמיליע געשטאַנען אין דרויסען. עס איז שוין געווען אַרום פינף אַזייגער פאַרנאַכט.

מיין פריינט ציניק זאָגט צו מיר: „אייזיק, איך קאָן שוין די נאַכט ניט זיין אין שטאָט. לאָמיר געהן וואוהין די אויגען וועלען אונז טראָגען..." און מיר האָבען זיך געלאָזט געהן מיט די פעל־דער, ביז מיר זיינען פאַרגאַנגען אַרום דאָרף „געלעטעניץ". עס איז אָבער דאָרט אויך ניט געווען קיין הילף פאַר אונז. און מיר האָבען באַשטימט געהן צוריק אין שטאָט אַריין.

געהענדיג צוריק אין שטאָט אַריין, זיינען מיר דורכגעגאַנגען דורכ׳ן הייליגען אָרט. אויפ׳ן הייליגען אָרט זיינען שוין געלעגען אַ טייל פון די הרוגים. דאָס איז שוין געווען אַרום צוועלף אַזייגער ביינאַכט.

מיר קוקען איבער די הרוגים. אונזער קינד איז אַלץ ניטאָ. ניט ווייט פון דעם הייליגען אָרט איז געווען דער שפּיטאָל. זיינען מיר אַהין אַריינגעגאַנגען. וואָס מיר האָבען אין דעם שפּי־טאָל געזען, קאָן איך גאָר ניט באַשרייבען... איין בילד וויל איך דערמאָנען:

מיין פריינט, הירשעל ירחמיאל׳ס, מיט וועמען איך האָב זיך צעשיידט מאָנטאָג פאַרנאַכט, איז געלעגען און געשריען צו מיר מיט אַזעלכע באַנומענע קולות: „אייזי! פריינט מיינער! טו עפּעס פאַר מיר! ראַטעווע מיך! איך שטאַרב!...״ און איך האָב אים גאָרניט געקאָנט העלפען... סיידען מיט אַביסעל קאַלטע וואַסער צולייגען צו די וואונדען... און אַזוי איז ער אויסגעגאַנגען...

די שווידערליכע נאַכט איז איבערגעגאַנגען. זעקס אַזייגער אינ־דערפרי, דאָס איז שוין געווען מיטוואָך, האָב איך געלאָזט מיין פרוי מיט די צוויי קינדער אין שפּיטאָל, ווייל מיין פרוי האָט שוין ניט געקאָנט מער אַרומגעהן פון שוואַכקייט און אויסגעמאַטערט־קייט. און איך אַליין בין אַוועק אין שטאָט.

אין שטאָט, וויפיל לעבעדיגע מיר זיינען געבליבען, האָבען מיר צונויפגענומען די הרוגים און זיי אַרויפגעפירט צום הייליגען אָרט. מיין ברודער איז צווישען די הרוגים און מיין קינד איז ניטאָ!... ניט אַנדערש, נאָר דאָס קינד איז צוזאַמען מיט אַנדערע פאַרברענט געוואָרען אין דער „היסטאָריע״...

עס איז שוין געווען אָרום פיר אַזייגער בייטאָג. אַזוי פירענדיג די הרוגים, קומט צו מיר צו אַ גוי, וואָס האָט מיך גוט געקאָנט, און זאָגט צו מיר: :דו ווייסט? דיין מיידעלע איז ביי מיר... פאַרוואָס קומסטו איר ניט אָפּנעמען?״ איך בין געבליבען שטעהן, ווי אַ שטיין, און ווייטער ניט געקאָנט געהן. עס איז אַוועק אייניגע מינוט, ביז איך בין געקומען צו זיך. איך האָב זיך גע־שטאַרקט, און מיט אַלע מיינע קרעפטען אַ פרעג געטאָן ביי דעם גוי: — ווי קומט מיין קינד צו דיר?!

ענטפערט דער גוי: „קום, איך וועל דיר שוין אַלץ דערצעה־לען״.

איך לאָז איבער די טויטע אויף די עטליכע לעבעדיגע און געה מיט דעם גוי אָפּנעמען ביי אים דאָס קינד. אויף דעם וועג צום גוי, האָט ער מיר איבערגעגעבען, ווי אַזוי מיין קינד קומט צו אים.

דינסטאָג אויף דער נאַכט, איז דער גוי ניט אַרויסגעגאַנגען פון זיין שטוב, ווייל ער האָט געוואוסט, וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט.

ווי דער מנהג איז ביי די גוים — אָפּגעגעסען וועטשערע און געלעגט זיך שלאָפען.

אין שלאָף האָט ער דערהערט זיינע הינט שטאַרק בילען. איז ער אַראָפּ פון געלעגער, אַרויס אין דרויסען אויסצוגעפינען פאַרוואָס די הינט בילען אַזוי שטאַרק. ער קומט צו, וואו די הינט בילען, און ער זעט גאָרניט און קאָן די הינט ניט איינשטילען... ער הויבט אָן זוכען און קומט צו אַ סטערטע שטרוי, באַמערקט ער, אַז די סטערטע שטרוי איז אונטען צעריהעט. האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָ מוז עמיצער זיין פאַרשטעקט. ער האָט זיך צוגעהערט און האָט דערהערט דאָס אָטעמען פון אַ מענשען. האָט דער גוי אַ פרעג געטאָן: — „איקטאָ טאַם?" און דאָס קינד איז אַרויסגעקראָכען מיט אַ געוויין... דער גוי פרעגט דאָס קינד. „ווי קומסטו אַהער?" „און וועמענס ביסטו?" און דאָס קינד ענטפערט אים: „איך בין דעם טשאַסאָוואָי מייסטער'ס קינד". דער גוי האָט דאָס קינד אַריינגענומען צו זיך אין שטוב, אפשר ווייל ער האָט מיך געקאָנט. ער פלעגט מיר פיל מאָל ברענגען זיין זייגער צורעכט מאַכען. איך בין געוועזן דער איינציגער זייגער־מאַכער אין שטעטעל.

דאָס פלאַץ, וואו דער גוי האָט געוואוינט און וואו ער האָט מיין קינד געפונען, האָט מען גערופען „פאַרטשעווסקי'ס פולוואַריק". כאָטש דער פריץ פאַרטשעווסקי איז שוין לאַנג אַוועק פון דעם פולוואַריק. דער גוי האָט אַלע זיינע יאָרען געאַרבייט אויף דעם פולוואַריק, אפילו אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, ווען קיין פריצים זיינען שוין מער ניט געווען.

דער פולוואַריק איז אַ גרויסער מהלך פון שטאָט. ווי אַזוי דאָס קינד איז אין דער פינסטערער נאַכט אַהין פאַרגאַנגען, ווייסט נאָר איין גאָט.

דער גוי האָט דאָס פאַרוויינטע, פאַרשמאַכטע קינד אַריינגענומען צו זיך אין שטוב, דערוואַרעמט עס, אויסגעטריקענט די קליידעלאַך, ווייל ס'איז געווען אַ נאַסער דרויסען, געגעבען עפּעס עסען און געלייגט עס שלאָפען. אָבער דאָס קינד איז ניט געשלאָפען, ס'האָט געהאַלטען אין איין וויינען און זיך געבעטען ביי דעם גוי, אַז ער זאָל דאָס פירען צו די עלטערען. דער גוי האָט געטרייסט דאָס קינד אַז אינדערפרי וועט ער דאָס פירען צו די עלטערען, — כאָטש געטראַכט האָט ער, ווער ווייסט צי וועט ער אירע עלטערען שוין געפינען...

מיטוואָך אינדערפרי האָט זיך דער גוי אַרויסגעלאָזט אין שטאָט אַריין אויסצוגעפינען צי דער „טשאַסאָוואָי-מייסטער" לעבט נאָך. ער האָט מיך אַרומגעזוכט כמעט אַ גאַנצען טאָג און ענדליך מיך געפונען, פירען די הרוגים אויפ'ן הייליגען אָרט.

צוקומענדיג מיט דעם גוי צום פולוואַריק, באַמערק איך אַז דאָס קינד קומט אַרויס פון שטוב און לאָזט זיך אַוועק ווייטער וואַנדערען אויף די פעלדער. ווייזט-אויס, ניט האָבענדיג מער קיין געדולד צו וואַרטען אויף דעם גוי, וואָס האָט איר צוגעזאָגט צו ברענגען אירע עלטערען, האָט זי זיך אַליין אַוועקגעלאָזט אונז זוכען.

איך האָב אָנגעהויבען צו שרייען און רופען צוריק דאָס קינד. און ניט מיט מיין כוח בין איך צו איר צוגעלאָפען און איך האָב זי אַרויפגעכאַפּט אויף מיינע הענט... דאָס קינד האָט מיך געכאַפּט קושען און וויינען: „וואו איז די מאַמע? און מיין שוועסטער'ל און ברודער'ל?" מיין האַרץ איז מיר שיעור ניט צעריסען געוואָרען צוצוזען, וואָס אַזאַ אומשולדיג קינד האָט נעבאָך געמוזט דורכמאַכען אין די לעצטע דריי טעג, וואָס זי איז געווען אָפּגעריסען פון טאַטע-מאַמע!...

איך האָב דעם גוי באַדאַנקט, צוגעזאָגט צו באַלוינען אים און אים קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

מיט דעם קינד אויף די הענט, לאָז איך זיך אין שטאָט אַריין. אויפ'ן וועג פרעג איך זי: — ווי קומסטו צום פולוואַריק? — און דאָס קינד נעמט וויינען און דערצעהלען:

„טאַטע! דו געדענקסט? ווען מיר זיינען געלאָפען, איז אָנגעקומען דער פעטער מאָטיע און ער האָט מיך צוגענומען פון אייך? ער איז אַריינגעלאָפען מיט מיר אין אַ קעלער. אין דעם קעלער איז געווען אַזויפיל מענשען און אַלע מענשען האָבען געשריען אויף מיר, אַז איך זאָל שווייגען, נאָר זיצען שטיל, האָט מיך דער פעטער מאָטיע גענומען אויף די הענט און געבעטען, איך זאָל זיין שטיל. איך האָב אָבער געוואָלט ער זאָל מיך פירען אַהיים. דער פעטער מאָטיע האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל זיין אַ גוט מיידעלע און וועל ניט וויינען, וועט ער מיך פירען אַהיים צו דער מאַמען. ער האָט מיך אָבער ניט אַהיים געפירט. ער איז געגאַנגען רופען די מאַמע צו מיר. איך וואַרט און וואַרט און דער פעטער מאָטיע קומט ניט און די מאַמע קומט ניט. און אין קעלער איז געוואָרען אַזאַ רויך, אַז אַלע מענשען זיינען אַרויסגעלאָפען. בין איך אויך אַרויסגעלאָפען און נאָכגעלאָפען די מענשען איבער די גערטנער

און איך בין געבליבען איינע אַליין. איך האָב ניט געוואוסט וואוהין צו געהן. בין איך אַזוי לאַנג געגאַנגען, ביז איך בין צוגעקומען צו דעם באַרג שטרוי. איך האָב שוין ניט געהאַט קיין כוח, האָב איך זיך אַוועקגעלעגט לעבען דעם שטרוי. איך האָב אַזוי מורא גע־האַט... און די הינט האָבען געהאַוקעט אויף מיר, האָב איך אַרויסגעשלעפּט אַביסעל שטרוי פון דעם באַרג און בין אַריינגעקראָ־כען אינעווייניג און זיך פאַרדעקט מיט דעם שטרוי. איך בין גע־זעסען שטיל... און די הינט האָבען ניט אויפגעהערט צו האַוקען. מיטאַמאָל, הער איך, ווי עמיצער קומט צו צו דער שטרוי און שטעלט זיך אַוועק, און טוט אַ געשריי: — „איקטאָ טאַם?" בין איך אַרויסגעקראָכען און אָנגעהויבען צו וויינען...

„דער גוי פרעגט מיך, ווער איך בין, האָב איך אים געזאָגט. האָט ער מיך אַריינגענומען אין שטוב און מיר געגעבען עסען.

„היינט האָט ער געזאָגט, אַז ער געהט ברענגען די מאַמע. ער האָט זיך אָבער צו לאַנג געזאַמט, האָב איך שוין געוואָלט אַליין געהן אַהיים".

דאָס אומשולדיגע קינד האָט גאָרניט באַגריפען אין וואָס פאַר אַ לאַגע עס האָט זיך די גאַנצע צייט געפונען. און גאָט ווייסט, וואָס דער מאָרגען וועט ברענגען!... דער טויט שוועבט יעדע מינוט פאַר די אויגען. „וואָס טוט מען ווייטער?" פרעג איך זיך, טראַ־גענדיג דאָס קינד אויף די הענט. „וואָס טוט מען מיט דעם קינד? און וואָס טוט מען מיט מיינע אַנדערע צוויי קינדער, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט אין דעם אַנטיסעמיטישן שפּיטאָל? קיין אויסוועג איז ניטאָ!" דערווייל האָב איך געוואָלט ברענגען דאָס קינד צו דער אומגליקליכער מוטער, וואָס האָט שוין ניט גערעכענט דאָס קינד צווישען די לעבעדיגע.

אין שפּיטאָל איז שוין מיין פרוי ניט געווען. עס איז שוין געווען אַרום זיבען אַזייגער אין אָוונט. זי האָט שוין ניט געהאַט קיין געדולד מער צו זיצען אין שפּיטאָל און צו הערען די קולות פון די פאַרוואונדעטע.

איך בין אַוועק מיט דעם געפונענעם קינד אין שטאָט אַריין. קיין שיין פון ליכט האָט מען ניט אָנגעזען. פינסטער, מרה־שחורה'־דיג. האָב איך זיך אַרומגעדרייט מיט נאָך עטליכע מענשען. עס איז קיין פּלאַץ ניט געווען, וואוהין אַריינצוגעהן. אַלץ צעבראָכען,

צעברענט — כאַטש וואַרף זיך אין וואַסער אַריין. ענדליך האָב איך געפונען מיין פרוי מיט די קינדער ביי אשר נחמה׳ס אין שטוב.

אַז איך האָב אַריינגעבראַכט דאָס קינד, און די אומגליקליכע מוטער האָט דאָס דערזען — וואָס פאַר אַ היסטעריקע!... וואויל איז דעם, וואָס האָט עס ניט צוגעזען...

מיר האָבען שוין אַלע איבערגענעכטיגט ביי אשר נחמה׳ס.

אויף צו מאָרגען, דאָנערשטאָג, נעם איך מיין פרוי און קינדער־לאַך און מיר געהען אַרויס אין גאַס.

די הרוגים זיינען שוין אַרויפגעפירט געוואָרען אויפ׳ן הייליגען אָרט. מיר, די עטליכע איבערגעבליבענע מאַנסבילען, נעמען זיך צוזאַמען און מיר געהען אויף דעם הייליגען אָרט, איבערלאָזענדיג מיין פרוי מיט די קינדערלעך מיט נאָך אַזעלכע פאַר׳חושכ׳טע פרויען מיט קינדער אַרומדרייען זיך אויף דער גאַס. מיר געהען מקבר זיין די הרוגים.

אויף דעם הייליגען אָרט האָט יעדער געזוכט צו דערקענען זיינע אייגענע. איך האָב געפונען מיין ברודער, נעבן אים איז געלעגען נאָך אַזאַ יונגער קרבן ווי ער, דאָס איז געווען אברהם בער לייב׳ס אַ בחור.

איך האָב אַליין אויסגעגראָבען אַ קבר פאַר די צוויי יונגע קרבנות, און האָב אַליין אַריינגעלייגט די צוויי אומשולדיגע אָפּגע־האַקטע יונגע בוימער אין דער פינסטערער גרוב, פאַרדעקט זיי מיט דער ערד און געמאַכט זיך אַ סימן אויף דעם ברודער־קבר, געזאָגט קדיש נאָך זיי און אָפּגעזעגענט זיך מיט׳ן ברודער אויף אייביג...

איך בין אַוועקגעגאַנגען אויף אַ זייט און זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און באַטראַכט וואָס איך האָב דאָ אָפּגעטאָן... איך האָב שוין אָבער מקנא געווען מיין ברודער. און אַלע וואָס זיינען געבליבען לעבען האָבן מקנא געווען די טויטע... וואָרים, ווער ווייסט, צי עס וועט עמיצער בלייבען פון אונז צו ברענגען אונז צו „קבר ישראל"... ווייל עס האָט זיך געטראָגען אַ קלאַנג, אַז מען וועט אויס׳הרג׳ענען אַלע אידען...

מיר האָבען זיך פון הייליגען אָרט צוריקגעקערט אין שטאָט. קיין היים האָט קיינער ניט געהאַט. איך אויך ניט. מיר האָבען זיך אַרומגעוואַלגערט. וואו מען האָט געטאָגט, האָט מען ניט גע־נעכטיגט. קיין הילף איז ניט געווען סיידען אַנצוכאַפּען זיך אין דער שאַרף פון אַ שווערד.

און אַזוי איז די צייט געגאַנגען אין פּחד און אין שרעק.

אַלע מאָל האָט זיך אָפּגעריסען אַ באַנדע, אַריינגעקומען אין שטעטעל און אָנגעהויבען אַ נייע שטיקעל מלחמה, וועלענדיג אַרויסטרייבען די באַנדע, וואָס איז שוין געווען אין שטעטעל. און מיר האָבען ווידער און ווידער אַמאָל געדאַרפט לויפען אין די קע־לערס, אין די לעכער. און אַלע מאָל זיינען ווייטער געפאַלען קרבנות פון אונזערע ברידער און שוועסטער . . .

אין אַ שטיקעל צייט אַרום זיינען אַריינגעקומען די באָלשע־וויקעס און אָנגעפאַנגען אַרויסטרייבען די פּאָגראָמשטשיקעס — די פּעטלורעווצעס, און עס איז זיי געלונגען. די באָלשעוויקעס האָבען זיך געהאַלטען אַ שטיקעל צייט אין שטעטעל. קיין צדיקים זיינען זיי אויך ניט געווען, אָבער קיין מענשען האָבען זיי ניט גע׳הרג׳עט.

איך האָב איינגעזען, אַז אין פעלשטין וועלען מיר שוין ניט קאָנען לעבען, ווייל אויף יעדען טריט און שריט האָט זיך געגאָסען דאָס בלוט פון אונזערע שוועסטער און ברידער.

איך האָב ענדליך איינגעזען, אַז דער איינציגער אויסוועג איז אַמעריקע, און איך האָב אָנגעהויבען פּלאַנעווען צו פאָרען קיין אַמעריקע.

אָבער ווי אַזוי קומט מען קיין אַמעריקע ? קיין פאַרבינדונגען מיט אַמעריקע האָב איך ניט געהאַט. איז אַזוי געגאַנגען די שרעק־ליכע צייט ווייטער און ווייטער, ביז עס איז אָנגעקומען אַ פעלשטי־נער דעלעגאַט פון אַמעריקע. איך האָב באַקומען פון אים אַדרעסען פון מיינע ברידער און איך האָב באמת גענומען פּלאַנעווען און צו־גרייטען זיך צו דער רייזע.

עס טוט זיך אָבער ניט, ווי עס רעדט זיך. און אין אונזער שטעטעל ווערט ווידער אַן איבערקערעניש, מיט שיסערייען אין אַלע זייטען און מיר זוכען שוין ווידער, וואו זיך צו באַהאַלטען.

מיר זיצען איבער אין אַ קעלער אַרום אַ פּאָר שעה און עס ווערט ווידער שטיל. איך זאָג צו מיין פרוי : „דו זיץ דאָ מיט די קינדער, און איך וועל אַרויסגעהן אין דרויסען אויסגעפינען וואָס פאַר אַ מאַכט עס איז אַריין. אויב עס זיינען די באָלשעוויקעס, ווע־לען מיר אַרויסגעהן און אויב די פעטלורעווצעס, דאַרפען מיר ווייטער ליגען באַהאַלטען אין קעלער.

איך בין אַרויס אין דרויסען. עס איז טאַקע שטיל. עס נעמט אָבער ניט קיין פינף מינוט, קומען אַן עטליכע פעטלורעווצעס, ריי־

טענדיג אויף פערד, און איך קאָן שוין ניט געהן צוריק צו מיין פרוי און קינדער...

בין איך אראָפּגעלאָפען צו אַ באַקאַנטען גוי אויף דער גוי׳אישער גאַס און בין געווען זעהר דערשראָקען... און נאָך איידער איך ענטפער דעם גוי, פאַרוואָס איך בין אַזוי דערשראָקען, לויפט אַריין אין שטוב אַ פּעטלורעוועץ, מיט אַ ביקס אויפן אַקסעל און מיט אַ נאַהאַיקע אין האַנט, און טוט מיך אַ פרעג: „וואָס טוסטו דאָ?״ איך ענטפער אים, אַז איך בין געקומען צום שוסטער פאַרריכטען מיינע שטיוועל. דער גוי איז טאַקע געווען אַ שוסטער. און דער פּעטלורעוועץ טוט אַ זאָג צו מיר: „טרי שאַגאַ וופּעריאָד״... דאָס מיינט צו געבען אים אַ געלעגענהייט צו קענען מיך שיסען.

אַזוי ווי איך האָב דאָס דערהערט, בין איך גלייך צוגעלאָפען צו אים און אים אַרומגעכאַפּט...

מיר זיינען ביידע געפאַלען צו דער ערד. איך בין אין יענעם מאָמענט אַזוי ווילד געוואָרען, אַז איך האָב דעם פּאָגראָמשטשיק געביסען מיט די ציין און מיט אַלע מיינע כוחות צוגעהאַלטען זיין ביקס און ניט געגעבען אים קיין מעגליכקייט מיך צו שיסען... און אַזוי האָב איך זיך געראַנגעלט מיט אים אויף דער ערד און ווי דורך אַ נס זיך אַרויסגעריסען פון אים. איך בין אַרויס אין דרויסען און איידער דער פּאָגראָמשטשיק האָט זיך אויפגעהויבען און אויסגעגלייכט זיין ביקס, בין איך שוין ניט געווען און ער האָט מיך שוין ניט געקענט געפינען...

איך בין געלאָפען אַרונטער מיט די גערטנער, אודאי אַן ערך פון פופצען מינוט, ביז איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און זיך אַרומגעקוקט. איך האָב קיינעם ניט געזען, און וואו דער פּאָגראָמשטשיק איז אַהינגעקומען, ווייס איך ניט ביז היינט צו טאָג.

איך האָב זיך צוגעזעצט אַביסעל אָפּצוכאַפּען דעם אָטעם. איך קוק זיך אַרום, איך האָב ניט מיינע פּאָר רובעל אין קעשענע, און אויך ניט די אַדרעסען פון מיינע אַמעריקאַנער ברידער. ניט אַנדערש, נאָר דער פּאָגראָמשטשיק האָט דאָס זיי ביי מיר אַרויסגע׳גנב׳עט בעת איך האָב זיך געראַנגעלט מיט אים...

— וואָס טוט מען איצט?... — מיר האָט זעהר באַנג געטאָן די אַדרעסען. איידער איך האָב זיי באַקומען!...

אָבער אַ דאַנק גאָט, וואָס איך בין אַרויס אַ לעבעדיגער פון דעם פּאָגראָמשטשיק׳ס הענט...

איך געה צוריק אין שטאָט אריין. געהענדיג, האָב איך זיך דערוואוסט פון א היימישען גוי, אַז ס'איז שטיל אין שטאָט.

די באָלשעוויקעס האָבען פארטריבען די פעטלורעווצעס און האָבען איבערגענומען די מאַכט.

איך בין געוואָרען אביסעל רואיגער און פעסטער ביי זיך.

אריינקומענדיג אין מארק, קומט מיר דאָס ערשטע מיין פרוי אנטקעגען, א פארצווייפעלטע: „וואו בין איך אהינגעקומען?"

וואָס זאָל איך איר דערצעהלען? !...

מיט מיין אָנקומען אליין האָט זי זיך שוין אָבער בארואיגט.

מיר האָבען זיך צוגעוואוינט צוביסלאָך צו דער באָלשעוויסטישער מאכט. פון וואנען צו לעבען איז נאָך אַלץ ניט געווען. אָבער אין די קעלערס האָט מען שוין ניט באדארפט לויפען.

מיר האָבען אָבער געפּלאנעוועט צו אַנטלויפען אפילו פון דער נייער מאכט... און, א דאנק גאָט, מיר זיינען געקומען קיין אמעריקע.

מיינע קינדער זיינען פיין געלערענטע. דאָס מיידעלע, וואָס מיר האָבען געהאלטען שוין פאר פארלוירען, איז שוין, א דאנק גאָט, פארהייראַט, און מיר האָבען גרויס נחת פון איר.

## יאָסעל הייבטמאַן

# געיאָגט און געטריבען פון ווילדע חיות



מאָנטאָג פּאַרנאַכט, ווען די מערדער זיינען אָנגעקומען אין שטאָט אריין, בין איך געווען אין שוהל. מיין יונגער זון, שמואל, איז געקומען אין שוהל אריין נאָך מיר. מיט אַ ציטערדיג קול האָט ער מיר דערצעהלט, אַז עס איז אָנגעקומען חיל אין שטאָט אריין. איך צוזאַמען מיט די איבעריגע אידען האָבען זיך אַרויסגעלאָזט פון שוהל. איך בין געגאַנגען מיט מיין זון אַהיים. איך האָב געוואָלט צונויפזאַמלען מיין פאַמיליע, פאַרמאַכען דאָס הויז און אַנטלויפען מיט זיי...

ביי מיר האָט געדינט אַ קריסטליך מיידעל. זי האָט בשום אופן ניט געוואָלט איבערלאָזען דאָס הויז. זי האָט, ווייזט אויס, זיך געגרייט אויסצונוצען דעם געלונגענעם מאָמענט, אויף וועלכען זי האָט געוואַרט. איך האָב דורך פאַרשיידענע מיטלען אַרויסגענאַרט זי פון דער שטוב. מיין פרוי מיט די קינדער האָבען שוין ניט געוואַרט אויף מיר, זיי זיינען נאָך פון פריער אַנטלאָפען, איבערלאָזענדיג דאָס הויז אויף הפקר.

פּטר'נדיג די דינסט, האָב איך פאַרמאַכט די טיר און אַרויסגעלאָפען פון שטוב.

לעבען מאַניש ברענמאַנ'ס הויף האָבען צוויי סאָלדאַטען מיך גענומען יאָגען און אויף מיר געשאָסען. איך האָב זיך אויסגעדרעהט פון זיי און בין אַנטלאָפען צו אַ באַקאַנטען קריסט, מאַיעווסקי. דער גוי האָט מיך מיט זלזולים און געוואַלד אַרויסגעטריבען פון שטוב. איך בין פון מאַיעווסקי'ן אַרויס און זיך געלאָזט לויפען ווייטער. לויפענדיג, האָב איך באַגעגענט אַ באַקאַנטען פויער, מיכאַלקי־סידער, פאָרענדיג מיט זיין וואָגען. — דער פויער האָט זיך גענוג אָנגעגעסען ביי מיר אין שטוב. — איך האָב זיך געוואָלט אַרויפּכאַפּען אויף זיין פור, האָט ער מיר דערלאַנגט עטליכע מאָל מיט

דער בײטש איבער׳ן קאָפּ... און איך בין אַ צעטומעלטער אָפּגעטראָטען פון וואַגען.

עס האָבען מיך ווידער דערזען סאָלדאַטען און זיי האָבען זיך געלאָזט יאָגען נאָך מיר. איך האָב זיך ווידער אויסגעדרעהט פון זיי און בין אַריין אין אַ טאָל אין טיפען שניי. ליגענדיג אין שניי אַ שטיקעל צייט, האָב איך זיך אײנגעשטעלט און בין אַרויס פון גרוב. איך בין אַריינגעלאָפען צום אידישען לערער פינגערמאַן.

ביי פינגערמאַנען אין שטוב האָב איך זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטען און האָב אָנגעהויבען יאָמערען און קלאָגען!...

פינגערמאַן האָט מיך געטרייסט. אָבער שרעק האָט זיך געפילט אין זיינע טרייסט-ווערטער. אויף דער נאַכט האָבען מיר זיך פאַרקליבען אויף דעם בוידעם. מיט אונז זיינען דאָרט געוועזן נאָך פיל מענשען. ביינאַכט איז געקומען צו פינגערמאַנ׳ען אויך אייזי סיגאַל מיט זיין פאַמיליע. מיר זיינען איבערגעלעגען די נאַכט אויפ׳ן בוידעם. אינדערפרי האָבען מיר געוואָלט וויסען, וואָס עס טוט זיך אין דער היים. מיין שוואָגער, אייזי סיגאַל, מיט „ציני" שניידער, פינגערמאַנ׳ס שוואָגער, זיינען געגאַנגען זען וואָס עס הערט זיך.

אויף דעם וועג האָבען זיי דערזען, אַז עס הויבט זיך אָן דער גרויסער אומגליק... זיי זיינען שוין ניט דערגאַנגען אַהיים. זיי האָבען זיך צוריקגעקערט. קומענדיג צוריק, האָבען זיי אויסגעשריען: „אוי, ס׳איז ביטער און פינסטער!..."

מיר האָבען שוין געוואוסט אָהן זיי וואָס ס׳קומט פאָר אין שטאָט. פון פינגערמאַנ׳ס הויז, וואָס איז לעבען טייך, האָבען מיר שוין געזען ווי עס ווערען אויף דעם טייך גע׳הרג׳עט מענשען, וואָס פרואוווען אַנטלויפען פון דער שטאָט. דער טייך איז שוין געוועזן באַזייט מיט טויטע קערפּערס...

מיר האָבען זיך אַלע ווידער אַרויפגעקליבען אויף דעם בוידעם. כאָטש דער בוידעם איז ניט געוועזן פיל זיכערער ווי די שטוב. די מערדער האָבען נאָך ביינאַכט אויסגעליידיגט אונזערע קעשענעס, איבערלאָזענדיג אונז אין טויט-שרעק.

מיר האָבען דעם בוידעם פאַרמאַסקירט. אינדערפרי האָבען זיך די סאָלדאַטען ווידער אַריינגעריסען אין שטוב. ניט געפינענדיג קיינעם אין שטוב, האָבען זיי פאַרשטאַנען, אַז די דערשראָקענע אידען געפינען זיך ערגעץ אין אַ פאַרבאָרגען אָרט, האָבען זיי

געוואָרפען באַמבעס אויף דער שטוב. צו אונזער גליק האָבען זיך די באַמבעס ניט אויפגעריסען.

נאָך עטליכע שעה, זיינען צו אונז אויף דעם בוידעם אַרויף עטליכע מערדער און זיי האָבען אונז געוואָלט אַראָפּנעמען.

מיר האָבען זיי שטאַרק געבעטען און געוויינט פאַר זיי, זיי זאָלען אונז לאָזען לעבען. זיי האָבען איינגעוויליגט, אַראָפּנעמענדיג פון אונז וואָס מיר האָבען געהאַט אויף זיך...

מיר זיינען אַזוי איבערגעלעגען אויפ'ן בוידעם ביז פאַרנאַכט, ווען די מערדער זיינען שוין אָפּגעפאָרען.

ווי מיר זיינען אַראָפּ פון בוידעם, און נאָך נישט באַוויזען צו דערוויסען זיך ווי גרויס דער אומגליק איז, האָבען מיר ווידער דערזען אידען לויפען צום צווייטען מאָל. די סיבה פון דעם לויפען נאָך דעם אָפּפאָרען פון די מערדער — איז געווען דער פאַלשער קלאַנג, אַז עס געהט אַ אידישע אַרמיי צו נעמען נקמה פון די גוים.

דער קלאַנג איז בכיון פאַרשפּרייט געוואָרען, כדי אויפצובונטעווען די גוים, אַז זיי זאָלען אויסשעכטען דאָס איבערגעבליבענע ביסעל אידען וואָס האָבען זיך אויסבאַהאַלטען. מיר האָבען זיך אויך געלאָזט לויפען און מיר זיינען אַזוי פאַרלאָפען אין דאָרף זשישקעוויץ. אין דעם דאָרף זשישקעוויץ האָט יאָרען לאַנג געוואוינט אַ גאַסטפּריינטליכער אַרענדאַטאָר אברהם ברענמאַן, אים האָבען די מערדערישע פויערים אַרויסגעטריבען פון דאָרף אין שטאָט אריין און אים גע'הרג'עט מיט דער פאַמיליע...

אויפ'ן וועג קיין זשישקעוויץ זיינען אונז גויים נאָכגעלאָפען. מיר זיינען דאָך פאַרלאָפען אין דאָרף אַריין, געמיינט אַז אין זשישקעוויץ וועלען מיר געפינען רוה. פאַלש זיינען געווען אונזערע האָפענונגען.

אַ גרופּע יונגע פויערים האָבען אונז אַרומגערינגעלט און געוואָלט אַרויספירען פון יענער זייט דאָרף, כדי צו מאַכען אַ סוף צו אונז. און מיר זיינען געגאַנגען אויף זייער באַפעל — אַ ברירה האָבען מיר געהאַט ? ...

מיר זיינען געגאַנגען ביז מיר זיינען צוגעקומען צום לעצטען הויז פון דאָרף. דאָרט האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט צו די פויערים : זיי זאָלען אונז דאָ אויפ'ן אָרט הרג'ענען און ניט אויסען דאָרף ערגעץ אויפ'ן פעלד, ווי די הינט...

אַ יונגער פויער האָט רחמנות באַקומען אויף אונז, און אַ דאַנק אים זיינען מיר נצול געוואָרען פון טויט...

מיר האָבען פאַרלאָזען דאָס דאָרף אין דער פינסטערער נאַכט און אומגעקערט זיך צוריק אין שטאָט אריין.

אין שטאָט זיינען מיר געגאַנגען אויף טויטע קערפערס ביז מיר זיינען צוגעקומען צום שפיטאָל.

מיר זיינען אריינגעגאַנגען אין שפיטאָל. דאָרט האָבען מיר געפונען אָהן אַ שיעור פאַרוואונדעטע אידען. זיי האָבען זעהר געקרעכצט און געוויינט. הירשל זייגערמאַן (הירשל דער שוואַר־צער) אַ פאַרוואונדעטער, האָט אונז געבעטען, אַז מיר זאָלען אריינ־געהן צום דאָקטאָר דויטשער, וואָס האָט געדינט אין שפיטאָל און אים בעטען, אַז ער זאָל אריינקומען צו די פאַרוואונדעטע צו שטילען אין זיי די גרויסע וועהטאָגען און די היץ, וואָס האָט אין זיי גע־ברענט... צווישען די פאַרוואונדעטע האָבען זיך געפונען אַלטער ישראלעוויטש, אליהו משה קאָרענבליט, הירשעל קומ׳ס אַ יאָריג קינד, זוסיעניו... איך בין אריינגעגאַנגען צום דאָקטאָר און אים גערופען, האָט ער אונז אַרויסגעטריבען פון דער וואוינונג, דראָענ־דיג אונז, אַז אין פאַל מיר וועלען נישט פאַרלאָזען דעם שפיטאָל, וועט ער אַרויסרופען די מיליציע, אַז זי זאָל זיך מיט אונז אָפּרע־כענען...

מיר האָבען געמוזט פאַרלאָזען דעם שפיטאָל און נעכטיגען די צווייטע נאַכט אין פעלד...

## ציפּע פּאָמעראַנץ

# פּאָגראָם בילדער



מאָנטאָג, ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבען צו טאָגען, זאָגט צו אונז מיין ברודער יאָסעל: „לויפט וואוהין די אויגען וועלען אייך טראָגען”...

האָב איך — נאָך אליין אַ קינד — געכאַפּט מיין ברודער'ס אינגעלע ביים הענטעל און בין אַנטלאָפען מיט איהם. מיר האָבען אַרומגעוואַנדערט ערגעץ אַרום אַ דאָרף אַ גאַנצען מעת־לעת, און געוואָרען זעהר פאַרמאַטערט. דאָס קינד האָט שוין טאַקע מער ניט געקענט פּלאָנטערען מיט די פיס. עס האָט זיך געבעטען ביי מיר, איך זאָל אים לאָזען זיך אַוועקלייגען אויפ'ן שניי אָפּצורוען זיך אַביסעל. האָב איך מורא געהאַט, אַז עס זאָל חלילה ניט קומען דערפון צום גרעסטען אומגליק, און אים ניט געלאָזט.

די גאַנצע צייט האָב איך דאָס קינד געהאָדעוועט מיט שניי. פיר־און־צוואַנציג שעה האָבען מיר אַזוי אַרומגעבלאָנדזשעט. דאָס קינד האָט שטאַרק געוויינט און איך, קוקענדיג אויף דעם מידען קינד, האָב אויך געהאַלטען אין איין וויינען...

מיך האָט שוין ניט געאַרט דער טויט. איך האָב אָבער ניט גע־קענט צוזען דעם צער פון דעם קינד. אוי, ווי ער האָט זיך געהאַלטען אין איין בעטען ביי מיר: „לאָז מיך זיך אַביסל אָפּרוען אויף דעם שניי!...

מיין מאַמע מיט די איבעריגע קינדער און מיט נאָך אַ סך מענשען האָבען אויך געבראָדזשעט אין דעם טיפען שניי און פונדער־ווייטענס דערהערט אונזער געוויין. די מאַמע האָט זיך געלאָזט לויפען צו אונז. זי איז אָבער ניט צוגעקומען צו אונז, ווארים זי האָט זיך באַדאַרפט אָפּרייסען פון די איבעריגע קינדער.

מיר האָבען אַזוי אַרומגעבלאָנקעט נאָך אַ לאַנגע צייט, ביז מיר האָבען זיך דערשלאָגען צוריק אַהיים.

אין דער היים האָבען מיר געפונען דעם אויוועז פאַרלייגט מיט ציגעל. די כוליגאַנעס האָבען אונז אין שטוב אָרומגעזוכט און ניט געפונען. האָבען זיי אודאי געמיינט, אַז מיר זיינען באַהאַלטען אין אויוועז.

דעם ערשטען טאָג נאָכ'ן פּאָגראָם, ווען איך בין אַריינגעקומען צוריק אין שטוב, איז שוין מיין פאַמיליע געווען אין דער היים. ביי אונז אין שטוב איז געלעגען אויף אַ „סאָפּקעלע" יוכבד יונה־הערצאָוועס אַ צעשלאָגענע, מיט אַ בלוי־פאַרשוואָלענעם פּנים. מען האָט די אויגען ניט אַרויסגעזען. אויפ'ן לייב האָט זי געהאַט אַ סך וואונדען. ס'איז געווען אַ שרעק צו קוקען אויף איר. זי איז געלעגען מיט פאַרקלעמטע ליפּען. נאָר אַלע מאָל האָט זי אַרויס־געלאָזט אַ שוידערליכען געוואַלד און געקלאַפּט זיך אין האַרצען אויף אירע ברענענדיגע וואונדען:

— זלאַטעניו! ציפּעניו! — האָט זי געקלאָגט און געיאָמערט פאַר מיר מיט מיין מאַמען, — מיין יונה'ן האָט מען דער'הרג'עט... מיין לאה'לען דער'הרג'עט... און איך קוויק זיך מיט...

די מאַמע האָט איר געגעבען טיי מיט לימענע. זי האָט פאַרקלעמט די ציין און ניט געוואָלט טרינקען...

זי האָט שוין טאַקע ניט מער ווי געזיפּעט. זי האָט זיך נעבאַך געראַנגעלט מיט דעם טויט ביז זי האָט דערפילט אָנקומען די לעצטע מינוטען.

מיין מוטער, מיט וועמען יוכבד יונה'ס האָט זיך זעהר גוט פאַרהאַלטען, האָט געטאָן אַלץ אין דער וועלט פאַר איר. ס'האָט אָבער ניט געהאָלפען.

יוכבד האָט זיך געבעטען מען זאָל זי אַריבערנעמען צו אירע קאָזינס — ראובן יונה־שמעונ'ס קינדער. האָט מען זי אַהין אַרי־בערגעטראָגען און דאָרטען זיינען שוין טאַקע געווען אירע לעצטע מינוטען.

מיט פאַרשלאָסענע אויגען, פאַרקלעמטע ציין און פאַרשמאַכטע ליפּען, מיט וואונדען אָרום און אָרום, האָט זי נאָך געהאַט אין זי־נען צו מאַכען אַ צוואה, און צו באַזאָרגען, מען זאָל געבען ליכט אַ גאַנץ יאָר פאַר איר לאה'לען און פאַר איר מאַן יונה־הערצאָוועס. זי האָט נאָך פאַרמאָגט אַביסעל געלט האָט זי דאָס איבערגעלאָזט פאַר דעם בית־מדרש און פאַר אירע אָרימע קרובים.

מיט אַ פּאָר טעג פאַר דעם פּאָגראָם איז די פערצען־יאָריגע לאה'לע יונה'ס געפאָרען קיין פּראָסקוראָוו איינקויפען סחורה פאַר

זייער קלייט. ווען זי איז צוריקגעקומען פון פראָסקוראָוו, האָט מען זי דער׳הרג׳עט ווי מען דער׳הרג׳עט אַ חיה. דאָס מיידעלע איז געווען אַ זעלטען שעהן קינד, באַליבט ביי יעדען איינעם פון שטאָט. מיינע ברידער האָבען זי געבראַכט צו קבורה. מיין ברודער דוד האָט זי דערקענט צווישען די טויטע, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו מיין ברודער יאָסל: „דאָס איז דאָך לאה יונה׳ס!״ מיין ברודער דוד איז געווען אין אירע יאָרען און ער פלעגט זיך מיט איר גוט פאַרהאַלטען, איז אים ניט גוט געוואָרען, ווען ער האָט זי דערקענט צווישען די הרוגים. דער „ריסקעל״ איז איהם אַרויסגעפאַלען פון די הענט. מיין ברודער יאָסעל האָט אים דערמינטערט מיט אַביסעל בראַנפען און ער האָט אים געצוואונגען ווייטער צו גראָבען... עס איז געווען פרייטאָג שוין שפעט אין דער נאַכט, ווען מען האָט געבראַכט די קרבנות צו קבר ישראל.

ווען מען האָט צונויפגענומען די הרוגים נאָך דער שחיטה, בין איך געשטאַנען לעבען מיין זיידען — משה פּאָמעראַנצ׳ס שטוב, האָב איך געזען, ווי איין גוי האָט אַנגענומען דעם גע׳הרג׳עטען „נטע גרשון־פּאָסטיוועס״ ביי די הענט און אַ צווייטער גוי ביי די פיס, זיי האָבען דעם הרוג אַ וויג געטאָן און אַרויפגעשליידערט אויפ׳ן וואָגען, ווי ער וואָלט געווען אַ געשאָכטענע שאָף. דער קנאַק פון דער „טאַראַדייקע״ האָט אָפּגעהילכט איבער דער לענג און ברייט פון גאַס, אַז איך האָב עס אַזש דערהערט לעבען מיין זיידענס שטוב...

אַ שעהנעם כבוד האָבען די גוים אָפּגעגעבען די הרוגים...

איבער דער שטאָט האָט דעמאָלט געשוועבט אַ פּחד. דער וואָס האָט עס ניט איבערגעלעבט, קען זיך עס גאָר ניט פאָרשטעלען.

לעבען וועלעוועלע קצב׳ס שטוב איז געלעגען וועלעוועלעס טלית־קטן איינגעטונקען אין בלוט און צוגעפרוירען צום שנײ. לעבען שלמה יוסף אייזיקס האָט זיך געוואַלגערט ר׳ שלמה׳ס פאַרבלוטיגטע יאַרמולקע... דער שניי איז דעמאָלט צעלאָזט געוואָרען, האָט מען געקענט זען לעבען יעדער שטוב ווי דאָס בלוט פון די הרוגים רינט אָפּ מיט די ריטשקעלאַך...

דבורה חוה׳ס, וועלוועל זאָפרענ׳ס טאָכטער, איר׳ס אַ קינד, צען טעג אַלט, האָבען די רוצחים גענומען אויף דער „פּיקע״... די רוצחים האָבען זיך געפרעהט איבער דעם: „אַ ציפּליאָנקע האָבען מיר״, האָט אַ רוצח אויסגעשריען — אַ נאַר וואָס געבוירען הינדעלע...

954144A

שמואל בער גיטיעס גלאַנצאָוו האָט נעבאך געטראָגען אליין זיין דערמאָרדעטע פרוי, איינגעוויקעלט אין א ווייסער „וואַרעטע״, גע־טראָגען ערגעץ פון וואַנען מען האָט געבראַכט א סך הרוגים צו דער קבורה.

ביי יענטע סאָסשטשין האָט געוואוינט „עטיע פּאַרטיגולע״, יעקעל פּאַרטיגולעס טאָכטער, אַן עלטערע מיידעל ,וואָס ביי איר איז געווען ערשט צען טאָג נאָך דער חתונה. איר מאַן איז ערשט ניט לאַנג אהיים געקומען פון דער בלוטיגער מלחמה, האָט מען אים אום־ברחמנות׳דיג דער׳הרג׳עט, און עטיע פּאַרטיגולע איז געבליבען אַן עלענדע אלמנה. מען האָט אויסגע׳הרג׳עט איר גאַנצע פאַמיליע.

באַמערקונג: יוזף בוים, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון דער שחיטה, דערצעהלט: ווען דבורה און איר מאַן מיט דעם קינד זיינען געלעגען אין טייכען בלוט, האָט די „שיקסע״, וואָס איז געווען ביי דבורה׳ן שוין יאָרען לאַנג, גענומען אַרונטערשלעפּען די שטיוועל פונ׳ם מאַן. — ער איז נאָר געווען שטאַרק פאַרוואונדעט און פאַר׳חלש׳ט — איז דער מאַן געקומען צו זיך, האָט ער געזאָגט צו דער „שיקסע״: „וואַרט כאָטש ביז איך וועל אויסגעהן!...״ די שיקסע האָט פאַרנומען אַ גרויסען פּאַק זאַכען און איז ארויס פון שטוב, איבערלאָזענדיג די מענשען אין די טייכען בלוט. י. ב.

## אברהם גאָלדמאַן

# אין די שרעקליכע טעג



מאָנטאָג, דעם 21טען פעברואר, 1919, האָט זיך קיין פעלשטין דערטראָגען אַ קלאַנג פון פּראָסקוראָוו, אַז דאָרט איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שחיטה אויף די אידען און אַז כוליגאַנעס געהען אויף פעלשטין.

ביי אונז, אידען, איז דער ווידערשטאַנד געגען אונזערע שונאים אַריינגעטאָן אין תפילה. זיינען טאַקע אונזערע באַלעבאַטים געלאָפען אין בית-מדרש אַריין זאָגען תהלים און איבערגעלאָזט דאָס שטעטעל מיט די פרויען און קינדער הילפלאָז און אין טויט שרעק...

אַ ראָטע סאָלדאַטען, מיט קאַנאָנען און פוליעמיאָטען, האָבען טאַקע דעם זעלבען טאָג אַריינגעמאַרשירט מיט מיליטערישען פּאַראַד אין שטאָט אַריין. אפילו אַ „קראַסני קרעסט" מיט דאָקטוירים האָט זיי נאָכגעפאָלגט. אויך אַ סך גויים מיט ליידיגע פורען זיינען אָנגעקומען, כדי אוועקצופירען דאָס געראויב פון שטאָט. אַלץ איז געווען צוגעגרייט, לויט אַ פאָראויס-באַשטימטען פּלאַן.

עס איז, געוויינליך, געוואָרען אַ גרויסע בהלה אין שטאָט. מענשען האָבען אָנגעהויבען צו לויפען פון שטאָט. פילע האָבען זיך געמאַכט באַהעלטענישען אין זייערע אייגענע שטיבער.

עטליכע באַלעבאַטים, מיט אייניגע יונגעלייט האָבען זיך מוסר נפש געווען: געלאָפען צו דער שטאָט-מאַכט, בעטען שוץ, אָדער אפשר אויסצוקויפען די אידישע לעבענס מיט געלט.

געניי, ווי אַזוי די רוצחים האָבען זיך נוקם געווען אין יענע מאַרטירער, איז מיר ניט באַקאַנט. אָבער אַז זייערע נעמען מעגען פאַרשריבען ווערען אין אַ גאָלדענעם בוך — וועגען דעם איז גאָר קיין צווייפעל ניטאָ. זייערע נעמען זיינען: אברהם ברענמאַן און שמואל סווינער, ע"ה.

זוכענדיג מיין פאָטער אין שול, האָב איך זיך אָפּגעריסען פון די איבעריגע און פון מיין פאַמיליע. איך מיט מיין פאָטער האָבען שוין געמוזט אַנטלויפען דורך זייטיגע וועגען אין פעלד אריין.

מיר זיינען געלאָפען איבער פאַרשנייעטע פעלדער, ביז מיר זיינען אריין אין א גרוב און זיך באַהאַלטען. אָפּליגענדיג אין דעם גרוב ארום אַכט און פערציג שטונדען, האָבען מיר, ממש געזעהען דעם טויט דערנעהענטערען זיך צו אונז.

מיר האָבען זיך ענדליך אָנגענומען מיט מוט און זיך צוריק־גע'גנב'עט אין שטאָט אריין. עס איז שוין געווען נאָך דער שחיטה. די סאָלדאַטען זיינען שוין געווען אוועק פון שטאָט. דעם ערשטען „מת" האָבען מיר געפונען אין פעלד, ניט ווייט פון שטאָט. דאָס איז געווען ברוך קופער, ע"ה.

אַריינקומענדיג אין שטאָט אריין, האָבען מיר געטראָפען עט־ליכע אידען וועלכע זיינען שוין אַרויסגעקומען פון זייערע באַהעל־טעניש‏ען, שרייענדיג מיט אוממענשליכע קולות, צו די באַהאַלטענע אין די קעלערס, אויף די בוידימער, אַז זיי מעגען שוין אַרויסקומען אויף די גאַסען 'צו זען דעם חורבן"...

אויף די גאַסען זיינען געלעגען הרוגים און אויך גוסס'ע מענשען. די שטאָט־פּאָליציי האָט צונויפגעטריבען עגלות, אַרויפגעוואָרפען אויף זיי די מתים צוזאַמען מיט די גוסס'ע, און אַרויפגעפירט זיי אויפ'ן בית־עולם.

דאָס ראַבעווען פון די היימישע גויים איז נאָך אָנגעגאַנגען.

ניט קוקענדיג מער אויף דעם געפאַר פאַר אונזערע לעבענס, האָבען מיר — עטליכע יונגעלייט — אָנגעהויבען צונויפזאַמלען די פאַרוואונדעטע און צוגעגרייט א דערוויילינגען „סאַניטאַר־פּונקט", וואו עס איז געגעבען געוואָרען ערשטע הילף, מ'שטיינס געזאָגט...

פון די אַרומיגע שטעטלאַך איז אויך אָנגעקומען הילף און אויך א פּאָר דאָקטוירים. צום באַדויערען, איז קיינער פון די פאַרוואונ־דעטע ניט געבליבן לעבען. זייערע ליידען, זייערע קרעכצען, זייערע געשרייען און געוואַלדען איז ניט צום באַשרייבען...

ווען מיר זיינען אַרויפגעקומען אויפ'ן בית־עולם, האָבען מיר דאָרט געפונען ליגען הונדערטער מתים אויף איין קופּע.

מיט ציטערדיגע הענט האָבען מיר זיך גענומען אויסצוקלייבען די מתים. און מיט די לעצטע כוחות, אין דעם שטאַרקען פראָסט, האָבען מיר אָנגעהויבען גראָבען קברים — ווער פאַר זיינע עלטערען, ווער פאַר א שוועסטער, פאַר א ברודער, פאַר א כלה. און די אי־

בעריגע האָבען מיר באַגראָבען אין איין גרויסען ברודער-קבר...

אומגלויבליך זיינען די גרויזאַמע פאַקטען פון פעלשטינער פּאָ־גראָם. זיי זײַנען אָבער אמת'ע פאַקטען. דער, וואָס גלויבט ניט, אַז זיי האָבען פּאַסירט, ווייסט ניט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער לעבט...

עלטערען האָבען צוגעזען ווי מען האָט זייערע קינדער דער־הרג'עט. מאַנסבילען האָבען געזען ווי מען האָט זייערע פרויען אַטאַ־קירט און דערנאָך פון זיי, דאָס לעצטע ביסעל לעבען אַרויסגעשלאָגען.

מחליה בת שמחה גאָלדמאַן איז אַראָפּגעשלעפּט געוואָרען פון בוידעם צוזאַמען מיט אירע פינף קינדערלאַך. די קינדער האָבען זיי אויף די פּיקעס געהויבען אין דער געגענוואַרט פון דער מוטער, ביז די נשמה'לאַך זיינען זיי אויסגעגאַנגען. די מוטער האָבען זיי אַטאַקירט און דערנאָך מיט אַ פּיקע זי דורכגעלעכערט דורכ'ן מויל...

אין שטאָט איז געווען אַ חולה-נופל, מיט דעם צונאָמען „וואוי־פעניו" — גרשון וואַטענמאַכערס אַ זון. אַ רוצח האָט אים, מיט זיין בלויזער שווערד צעשפּאַלטען דעם קאָפּ. ער איז געליגען אין גאַס און גע'גוסס'ט. אַ חזיר האָט אָנגעהויבען גריזשען זיין פּוס. מיט זיין לעצטען ביסעל כח האָט דער גוסס אָפּגעשטופּט דעם חזיר פון'ם פּוס, האָט זיך דער חזיר אויסגעדרעהט און אויסגענוגט אַ האַלבען קאָפּ.

אַ מאַן איז געליגען באַהאַלטען מיט זיין פרוי און קינד אויף אַ בוידעם. ווען די סאָלדאַטען האָבען זיך אַרויפגעכאַפּט אַהין, האָבען זיי געפונען נאָר די פרוי און קינד. זיי האָבען זי אַטאַקירט און דערנאָך דער'הרג'עט אינ'ם מאַנס געגענוואַרט...

עס האָבען זיך באַהאַלטען אין אַ קעלער עטליכע פאַמיליעס. האָבען די רוצחים אונטערגעצונדען די שטוב. ווען די מענשען האָבען גענומען אַרויסלויפען פון זייער באַהעלטעניש, האָט מען זיי געטריבען צוריק אין פייער אַריין. און אַזוי זיינען זיי אַלע פאַרברענט געוואָרען אויף קויל!...

שרייבענדיג, וואַכען ווידער אויף די בילדער פאַר מיינע אויגען. איך דערהער ווידער די געשרייען און די קולות פון די גוסס'ע קרבנות, אַז איך פאַרליר דעם מוט צום לעבען אויף דער וועלט, אפילו היינט צו טאָג... זאָל שוין זיין גענוג!...

## זעליג ברענמאַן

# אַנטלאָפענע פון חורבן דערציילען



**געזאַמעלט אין דער לעמבערגער שול צווישען די פּעלשטינער עמיגראַנטען, דורך דעם לערער פון דער פּעלשטינער אידישער שול — זעליג ברענמאַן**

משה צוויג (משה יאָסעל שמואל חיים׳ס) דערצעהלט :

„מאָנטאָג, ווען די שטאָט איז אַרומגערינגעלט געוואָרען פון די כוליגאַנעס, זיינען מיר אַריינגעלאָפען צו אונזער שכנה, ביילע גערש־גאָרען, אין קעלער אַריין. דאָרט זיינען מיר זיך צוזאַמענגעקומען מיט ביילע׳ס פאַמיליע און מיט איר טאָכטער שפרה און איר מאַן שמואל סווינער — פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

„צען אַזייגער אויף דער נאַכט זיינען צו אונז אַריינגעקומען די רוצחים און געפאָדערט געלט פון אונז. מיר האָבען זיי אַוועקגע־געבען אַלץ. די רוצחים האָבען אונז פאַרשלאָסען אין קעלער און מיר זיינען דאָרט געבליבען אין פּחד און אין שרעק ביז פינף אינ־דערפרי.

„פינף אַזייגער אינדערפרי זיינען צו אונז נאָך אַמאָל געקומען די כוליגאַנעס, דאָס מאָל שוין מיט בלויזע מעסערס, און געוואָלט אונז אויסקוילען. מיר האָבען זיך אויסגעבעטען צום צווייטען מאָל, אַוועקגעבענדיג זיי אונזערע מלבושים. נאַקעט און באָרוועס זיינען מיר געבליבען.

„זעענדיג,אַז דער קעלער איז ניט זיכער, האָבען מיר זיך פון דאָרט אַרויסגעריסען און איבערגעלאָפען אין הויז אַריין. דאָרט האָבען מיר זיך פאַרמאַכט. באַלד אָבער האָבען זיך דערהערט גע־שרייען אינדרויסען און אַ קלאַפּען אין די פענסטער. איך האָב זיך געלאָזט אַרויסלויפען פון שטוב אויף דעם בוידעם...

„די כוליגאַנעס, וועלכע האָבן אויפגעבראָכן די טיר, האָבן מיך אַראָפּגעצויגען פון דעם לייטער. זיי האָבן מיר דערלאַנגט עטליכע שטעך. אויך מיין מוטער, פאָטער, ברודער און שוועסטער האָבן זיי שטאַרק פאַרוואונדעט. ביילע גערשגאָרן מיט איר טאָכטער און איידעם און אינגערען זון, יחיאל, זיינען געטויט געוואָרן.

„ווי מען האָט מיך געשטאָכן, בין איך געפאַלען חלשות. די מערדער האָבן אודאי געמיינט, אַז איך בין טויט, און מיך אָפּגעלאָזט.

„ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך דערהערט קרעכצען: מיין מוטער, מיין שוועסטער, מיין ברודער האָב איך געהערט קרעכצען, אָבער ניט מיין פאָטער. האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער טאַטע איז טויט! . . .

„די וואונדען האָבן מיר אָנגעהויבען זעהר ברענען. איך האָב ניט געקאָנט איינליגען אויף דער ערד. האָב איך זיך געוואָלט צושלעפּען צו דער סאָפע. איך האָב אָבער ניט באַוויזען צושלעפּען זיך צו דער סאָפע, ווי נייע מערדער זיינען אָנגעקומען און זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר מיט די מעסערס, מיט אַ געשריי: — דו לעבסט נאָך? ! . . . און איינער האָט מיך געוואָלט דערשטעכן, נאָר די איבעריגע האָבן אים אָפּגעהאַלטען, ווי איינער רעדט — זאָל ער זיך בעסער מוטשען איידער שטאַרבען מיט אַ גרינגען טויט . . .

„פאַרנאַכט האָט מען אונז אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל. די שוועסטער חנה האָט געהאַט אַכט וואונדען, די מאַמע האָט געהאַט דריי וואונדען אין קאָפּ, און איך האָב געהאַט דריי וואונדען".

יצחק קאַוולער דערצעהלט:

„דינסטאָג אינדערפרי האָבן זיך די מערדער אַריינגעריסען אין אונזער הויז און גע'הרג'עט מיט דער גרעסטער אכזריות אונזער פאָטער, משולם קאַוולער.

„מיר האָבן זיך געלאָזט אַנטלויפען אונטער די פליענדע קוילען צו די פעלדער און וועלדער. אין פעלד זיינען מיר געלעגען פאַרבאָרגען אין טיפען שניי, אונזער קראַנקע מוטער צוזאַמען מיט אונז. אויך דאָרט האָבן מיר מורא געהאַט פאַר די ווילדע מערדער.

„דריי מעת-לעת זיינען מיר געלעגען אין פעלד. מיר האָבן שוין מער ניט געקענט איבערטראָגען דעם הונגער און די קעלט.

האָבען מיר באַשלאָסען צו געהן אין שטאָט אַריין, ניט רעכענענדיג זיך מער מיט קיין געפאַר.

„מיר זיינען געגאַנגען אין שטאָט אַריין און געטראָגען אויף זיך די קראַנקע מוטער אונזערע.

„אין שטאָט זיינען די מערדער שוין ניט געווען. מיר האָבען באַקומען די טרויעריגע ידיעה, אַז אונזער שוועסטער מרים, יחיאל קאָרענבליט'ס פרוי, איז גע'הרג'עט געוואָרען האַלטענדיג אויף דער האַנט איר 8-טאָגיג קינד. לעבען איר איז גע'הרג'עט געוואָרען מיט ווילדער אכזריות איר מאַן — יחיאל קאָרענבליט. אירע צוויי קינדער — דאָס אַכט-טאָגיגע קינד און אַ מיידעלע פון דריי יאָר — זיינען שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרען. איטע קאָרענבליט, דאָס קינד פון דריי יאָר, האָט געהאַט זעכצען וואונדען, און איז טראָץ דעם געבליבען לעבען. דאָס עופ'עלע אָבער איז געשטאָרבען פון די וואונדען. די מוטער האָט די צרות ניט געקאָנט איבערטראָגען און איז אויך געשטאָרבען. פון אַ פאַמילע פון אַכט פערזאָן זיינען מיר געבליבען דריי פערזאָן. פון יחיאל קאָרעבנבליט'ס פאַמיליע, וועלכע איז באַשטאַנען פון זיבען פערזאָן, איז געבליבען דאָס איינ-ציגע קינד פון דריי יאָר — איטע קאָרענבליט".

דבורה דובעשטער דערצעהלט:

„ווען די מערדער זיינען אָנגעקומען, איז אונזער פאָטער גע-ווען אין שול ביים דאַווענען. קומענדיג אַהיים, האָט ער מיט ציטער דערצעהלט וועגען דער פּאַניקע, וואָס קומט פאָר אין שטאָט. ער האָט פאַרלאָשען דעם לאָמפּ און געהייסען זיך באַהאַלטען.

„אַ גאַנצע נאַכט זיינען מיר איבערגעזעסען אין איין שרעק, אין איין פּחד. אַרויסגעקוקט אויף דעם אינדערפרי...

„גאַנץ פרי איז געווען שטיל אויף דער גאַס. אידען האָבען זיך רואיג געדרייט אַהער און אַהין.

„די מערדער האָבען ניט געמאַכט קיין שטערונגען, ווייזט אויס, מיינענדיג מיט דעם אַרויסצונאַרען די אידען פון די באַהעלטע-נישען אויף די גאַסען.

„דער פאָטער אונזערער האָט זיך אויך באַרואיגט, און געע-פענט די טיר פונ'ם הויז. עס האָט ניט גענומען לאַנג, און די מערדער, וואָס האָבען אויסגעהערט די רעדע פון זייער אַטאַמאַן, מיט דער וואָרענונג זיינער: „ניט רחמנות צו האָבען אויף די פאַר-פלוכטע אידען, ניט צו געבען זיי די מעגליכקייט זיך אויסצוקויפען מיט

זייער געלט״, — זיינען די ערשטע אַריינגעלאָפן צו אונז אין שטוב. זיי האָבן דער׳הרג׳עט מיין פאָטער, אברהם־יצחק כהן, מיט דער מוטער און מיין טאָכטער פייגע״.

מינדיע קעלענזאָן (הערץ יוזפ׳ס טאָכטער) דערצעהלט:

„מאָנטאָג פאַרנאַכט האָב איך מיט מיינע קינדער און מיין פאָטער, הערץ באַרענבוים, זיך געלאָזט אַרויסלויפן אויף דעם דאָרף. מיר זיינען אָנגעקומען צו אַ באַקאַנטן פויער. דער פויער האָט אונז אַרויסגעטריבען. מיר זיינען געגאַנגען צו אַן אַנדער פויער, האָט ער אונז אויך אַרויסגעטריבען. מיר זיינען געגאַנגען צו אַ דריטען. דער דריטער פויער האָט אונז אויך ניט געלאָזט אַריינגעהן צו זיך. נאָך פיל בעטען און וויינען פאַר אים, האָט דער פויער איינגעוויליגט אָפּטרעטען אונז אַן אָרט — אין אַ חזירים־„כליעוו״ (שטעלכעל).

„מיר מיט די קינדער זיינען איבערגעלעגען אויף דער נאַסער ערד אין דעם „כליעוו״ די גאַנצע נאַכט.

„פאַרטאָג, ווען עס איז שוין שטיל געוואָרען אויף אַ ווייליע, זיינען מיר אַריינגעגאַנגען צום פויער אין הויז. זיצענדיג אין הויז, האָבען מיר שוין געהערט, אַז אין שטאָט האָט זיך שוין אָנגעהויבען די בלוטיגסטע „וואַקכאַנאַליע״...

„איך האָב זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף דעם אויווען מיט די קינדער.

„ליגענדיג אויף דעם אויווען אַרום אַ שעה צייט, האָט אַ אידיש מיידעל מיט געוויין אָנגעקלאַפּט אין פענסטער. איך האָב דאָס מיידעל ניט דערקענט. דער פויער איז ניט געגאַנגען עפענען די טיר. דאָס מיידעל איז פאַרשוואונדען פון טיר, מורא האָבענדיג צו שטעהן אויף אַן אָרט. באַלד איז דאָס מיידעל צוריקגעקומען און ווידער אָנגעקלאַפּט. דער פויער האָט אַלץ ניט געעפענט די טיר. דאָס מיידעל איז צום דריטען מאָל צוגעקומען צום פענסטער און געקלאַפּט מיט ציטערדיגע הענט. דאָס מאָל האָט דער פויער געעפענט די טיר.

„פאַר׳חושכ׳ט איז אַריינגעקומען דאָס מיידעל. איך האָב איר ממש ניט דערקענט — דאָס איז געווען לייקע מינדלין. איך האָב איר געפרעגט וואָס ס׳טוט זיך אין שטאָט, האָט זי מיר געענטפערט מיט אַ געוויין...

„זי האָט דערצעהלט, אַז צוויי סאָלדאַטען האָבען איר מיט׳ן פאָטער אָנגעיאָגט און אָוועקגעפירט דעם פאָטער. זי האָט זיך

אויסגעדרייט פון די מערדער און געקומען אהער. זי האט פאר־טראכט א פלאן צו שיקען דעם פויער אין שטאט אריין געוואר ווע־רען, וואס עס טוט זיך אין שטאט. דער פויער האט שוין איינגע־וויליגט און געגרייט זיך גערן. פלוצים איז די פויערטע פון הויז אריין מיט א געשריי, מיר זאלען זיך גלייך פארנעמען פון איר הויז.

„איך מיט מיינע קליינע קינדער, מיט א קינד אויף דער האנט, האב זיך געלאזט גייען אין פעלד אריין.

„לייקע מינדלין איז ארויף אויף דעם פויערס בוידעם אהן דעם פויער׳ס וויסען.

„ביי דעם ארויסגאנג פונ׳ם דארף, האט אונז באגעגענט א סאלדאט, ער האט אונז אפגעשטעלט מיטן רעוואלווער אין האנט.

„מיר האבען זיך אויסגעבעטען ביי אים. ער איז אפגעפארען און מיר האבען פארטגעזעצט אונזער וועג...

„נאר דא האב איך דערזען, אז אויף די פעלדער לויפען ארום די סאלדאטען אויסצוזוכען די אנטלאפענע אידען, האב איך בא־שלאסען אומצוקערען זיך צוריק אין שטאט אריין.

„אויף דעם וועג צוריק האבען מיך אנגעיאגט צוויי סאלדא־טען, איינער פון זיי האט שוין אויסגעשטרעקט די ביקס צו שיסען אין מיר. דער אנדערער האט אים אבער צוריקגעהאלטען. זעענ־דיג, ווי איך שלעפ זיך מיט די קינדער מיט מיינע לעצטע כוחות, האט ער דעם צווייטען געראטען צו שפארען „פאטראנעס", ווארים זי וועט סיי ווי פאלען פון די כוחות און פארלוירען ווערען.

„איך האב זיך אומגעקערט אין דארף אריין, וואו איך בין אריבערגעגאנגען צו א פויער אין גארטען און זיך באהאלטען, געלע־גען דארט מיט די קינדער ביז אינדערפרי — מיטוואך — אין א חזירים־„כליעוו" (שטעלכעל).

„מיין מאן איז געראטעוועט געווארען פון דעם ערשטען פא־גראם, איז ער געפאלען א קרבן אין דעם צווייטען פאגראם, וואס איז פארגעקומען דעם זעקסטען יולי אין דעם זעלבען יאר".

ווערטער סעקרעטאר פון דעם פעלשטינער בוך, י. באום!

איך בין איציק יאסעל גוטמאנ׳ס און מינדע הערצ׳ס עלטסטע טאכ־טער.

מיין פאטער, איציק־יאסעל, איז דער׳הרג׳עט געווארען אין צווייטען פאגראם וואס איז פארגעקומען שבועות. אין יענעם פאגראם איז אויך אומגעקומען אויף קידוש השם מיין זיידע, הערץ יוזפ׳ס.

מיין מוטער, מינדע הערצ׳ס, איז אנטלאָפן מיט אונז, דריי קליי־נע קינדער יתומים — קיין לעמבערג, גאַליציע. אין לעמבערג האָט מען אונז צעשיידט און די מאַמע האָט געמוזט זיין אין אַן אַנדער שטאָט. אַ מאַמע, האָט זי זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון אונז. פון יענער שטאָט, וואו זי איז געווען, איז זי געקומען אונז זען. דאָס איז איר ניט אָנגעקומען גרינג...

איין מאָל האָט זי פאַרשפּעטיגט דעם צוג. דער צוג האָט זיך שוין אָנגעהויבן רירען ווען זי האָט דערגרייכט דעם וואָקזאַל. זי איז נאָכגע־לאָפן און אָנגעכאַפּט זיך אין צוג. זי איז אַנידערגעפאַלען און דער צוג האָט איר אָפּגעשניטען די פיס!...

די מאַמע האָט זיך געמוטשעט זיבען וואָכען ביז זי איז געשטאָרבען און מיר זיינען געבליבען אין לעמבערג דריי קיילעכדיגע יתומים.

איך, די עלטסטע, בין דעמאָלט אַלט געווען אַכט יאָר, די אַנדערע פינף און דריי יאָר אַלט.

ווען מיין פאָטער איז דער׳הרג׳עט געוואָרען, איז ער אַלט געווען 40 יאָר. ווען מיין מוטער איז געשטאָרבען, איז זי אַלט געווען 36 יאָר.

מיט דעם בריוו שיק איך אייך מיין מוטער׳ס אַ בילד. איך בעט אייך, שטעלט עס אריין אין בוך. זאָל דאָס בלייבען אַן אָנדענק פאַר אונז.

איך דאַנק אייך פון טיפען הארצען.

שבע קעלענזאָן

**פאַליק ראַבער דערצעהלט:**

„מאָנטאָג ביינאַכט האָבען מיר, פערצען פּערזאָן, זיך באַהאַל־טען אויף דעם בוידעם אין מיין פעטער הירשל׳ס שטוב.

„ביינאַכט האָט מען געוואָלט אונטערצינדען די שטוב. מיר זיינען אין גרויס שרעק אַזוי איבערגעלעגען די נאַכט אויף דעם בוידעם.

„אינדערפרי בין איך איבערגעגאַנגען צו מיר אין הויז. ביי מיר אין הויז איז געווען מיט מיר: מיין פרוי, מיין שוועסטער גיטעל מיט אירע צוויי קינדער.

„די רוצחים האָבען זיך אריינגעריסען דורכ׳ן פענסטער אין הויז אריין. מיין פרוי האָט מיך געראָטען צו באַהאַלטען זיך אונ־טער׳ן בעט און איך האָב איר געפאָלגט...

„די רוצחים האָבען גע׳הרג׳עט מיין פרוי, מיין שוועסטער מיט איינס פון אירע קינדער, דאָס צווייטע קינד האָבען די רוצחים שטאַרק פאַרוואונדעט...

„ווען דאָס פאַרוואונדעטע קינד איז געקומען צו זיך, האָט עס אָנגעהויבן קרעכצען און געבעטען הילף.

„איך, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס עס טוט זיך אין גאַס, בין אַרויס אינדרויסען מיט דעם קינד אויף די הענט. געזוכט אַ שטוב, וואו עס געפינען זיך מענטשען, מען זאָל ראַטעווען דאָס קינד.

„איך בין געלאָפען אומזיסט... איך האָב אין קיין שטוב ניט געטראָפען קיין מענשען...

„ביז דריי אַזייגער בייטאָג האָט געדויערט דער ווילדער פּאָגראָם. נאָך פיל אַרומלויפען, האָב איך דאָס קינד אַוועקגעטראָגען אין שפּיטאָל. דאָרט האָב איך זיך באַמיט מיט־צוהעלפען צו ראַטעווען די שווער־פאַרוואונדעטע ברידער און שוועסטער.

„צווישען די פאַרוואונדעטע האָט זיך אויך געפונען מיין חבר, יחיאל שוחט, מיט עטליכע שטעך אין הארצען.

„די פאַרוואונדעטע האָבען געוואָלט עסען, בין איך מיט בנימין וויינטרויב אַוועקגעגאַנגען זוכען ברויט. איך בין אַריינגעגאַנגען צו אברהם ברענמאַן אין הויז, האָפענדיג צו געפינען דאָרט ברויט. הרוגים האָב איך דאָרט געפונען, ניט קיין ברויט. און אַזוי אין יעדען הויז, וואוהין איך בין אַריינגעקומען.

„איך בין אַרויפגעלאָפען אויפ׳ן בית־הקברות. דאָרטען זיינען געלעגען מענשען ווי סנאָפּעס.

„איך האָב אויף איין פור אַרויפגעלייגט אַלע מיינע הרוגים: די פרוי, די שוועסטער מיט׳ן קינד, מיין מומע מרים־דבורה, היר־שעל לייב פאַלקים פרוי.

„איך בין געקומען אויף דעם בית־הקברות. נאָך מיר איז אָנגעקומען שלום־שכנא הורוויץ. ער האָט געבראַכט צופירען זיינע דריי יונגע מיידלאַך אויף דעם בית־הקברות.

„איך בין געוואָרען אַ „קברן" און מקבר געווען עטליכע און צוואַנציג מענשען...

„אין דעם צווייטען פּאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען אסרו־חג שבועות, בין איך אַנטלאָפען פון דער היים און זיך באַהאַלטען אויף אַ טייך אין אָטשערעט. ניט קענענדיג זיך לאַנג האַלטען דאָרט, האָב איך זיך געלאָזט געהן אין דאָרף אַריין.

„אויף דעם וועג האָבען מיך באַגעגענט די מערדער און האָבען מיך געוואָלט הרג׳ענען, האָב איך זיך פון זיי אויסגעבעטען,

געבענדיג כפר־נפש. מיט א נס האָב איך זיך געראַטעוועט פון זייערע הענט.

„אויף דעם וועג ווייטער האָב איך געפונען מיין פעטער הירשל'ס זון, משה'ן, ליגען טויט... מיט נאָך פיל הרוגים.

„אין' בין אָנגעקומען אין נאָענטען דאָרף „נפתליוועקע", וואו איך האָב מיך מיט גרויס מי אַריינגעבעטען צו אַ פויער. צוויי טעג בין איך געזעסען אין דעם דאָרף. נאָכדעם האָב איך זיך אומגע־קערט. אין שטאָט האָב איך נאָכאַמאָל געפונען צוויי און צוואַנציג הרוגים".

**יוסף צווייג** דערצעהלט:

„דינסטאָג אנדערפרי בין איך אַרויסגעגאַנגען פון אונזער הויז, האָב איך דערזען אונזער שכן, עזרא זייגערמאַן, דורכלויפען מיט אַ געוואַלד־געשריי. איך האָב אים אַ פרעג געטאָן אויף דער סיבה פון זיין געוואַלד־שרייען. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז עס האָבען זיך אַריינגעריסען צו אים מערדער און האָבען אים באַראַבעוועט.

„איך האָב ניט געקאָנט איבערטראָגען די עולה און געגאַנגען מיט אים ראַטעווען זיין פאַרמעגען פון די רויבערס הענט.

„אַריינקומענדיג אין זיין הויז, האָבען מיר דאָרט שוין קיינעם ניט געטראָפען. מיר האָבען נאָר געזען פאַר זיך — ס'ערשטע מאָל — דאָס שרעקליכע בילד פון אַ פּאָגראָם: די כלי־הבית זיי־נען געווען צעבראָכען. קיין זאַך איז ניט געווען אויפ'ן אָרט. וואָס ס'האָט געקאָנט צעבראָכען ווערען, איז געווען צעבראָכען, וואָס ס'האָט געקאָנט צעריסען ווערען, איז געוואָרען צעריסען...

„דער יונגערמאַן האָט ביטער געוויינט, ווייל מען האָט ביי אים צוגענומען דאָס פאַרמעגען... דאָן האָט מען נאָך געקאָנט וויינען, ווייל מען האָט נאָך ניט געהאַט קיין פאָרשטעלונג פון דעם, וואָס מען האָט שפּעטער איבערגעלעבט...

„אַרויסגעהענדיג פון דעם הויז, האָבען מיך באַגעגענט צוויי פּעטלורעווצעס. זיי האָבען מיך צוגערופען און ביי דער האַנט אַריינגעפירט אין פראַאים קאַפּלאַנ'ס הויף און האָבען מיר געהיי־סען אָפּשלאָגען דעם „שלאָס" פון דעם פערד־שטאַל, וואו עס איז געשטאַנען אַ פערד, וועלכעס זיי האָבען געוואָלט צונעמען. איך האָב זיי געזאָגט: „גיט מיר די ביקס, איך זאָל קאָנען אָפּהאַקען דעם שלאָס", דאָס האָבען די מערדער זיך אַנטזאָגט.

„זיי האָבען מיך אַרויסגעפירט אויף דעם מאַרק, וואו איך האָב געזען אָפענע געוועלבען. אָבער קיין אידען האָב איך שוין ניט געזען אויף דעם מאַרק.

„נאָכדעם האָבען זיי מיך ווידער אַריינגעפירט אין פּראָאים קאַפּלאַנ׳ס הויף און האָבען ווידער געפּאַדערט, איך זאָל אָפּשלאָגען דעם שלאָס. איך האָב זיך אַנטזאָגט!...

„זיי האָבען מיך אָנגעכאַפּט ביי דעם האַלז און גענומען שלאָגען. איך האָב זיך מיט שטאַרקייט אויסגעריסען פון זייערע הענט און מיט גרויס פּחד בין איך געקומען אַהיים און דערצעהלט, וואָס עס איז מיט מיר פאָרגעקומען.

„יחיאל דעם פּעטער משה׳ס — משה מלמד׳ס זון — האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז נאָך ניט קיין באַוויז פון קיין געפאַר און צוגעגעבען, אַז די אידען זאַמלען זיך צונויף אין שול, וואו מען וועט צונויפקלייבען געלט אויף צו באַשענקען די סאָלדאַטען, און עס וועט קיין שלעכטס ניט פאָרקומען.

„ער האָט גענומען דעם טלית און תפלין און געגאַנגען אין שול אַריין. אונזערע בני־בית האָבען ניט געוואָלט וואַרטען ביז יחיאל וועט קומען און דערצעהלען וואָס מ׳האָט באַשלאָסען אויף דער שול־פאַרזאַמלונג. זיי האָבען מיר געראָטען צו געהן מיט אים אין שול אַריין. בין איך געגאַנגען מיט אים.

„ביי יחיאל שוחט׳ס שטוב, וואָס איז געגענאיבער דער שול, האָבען אונז באַגעגענט צוויי סאָלדאַטען. זיי האָבען אונז פריי דורכגעלאָזט. אַריינקומענדיג אין שול, האָבען מיר דאָרט קיינעם ניט געטראָפען, חוץ אברהם קירזשנער מיט אליעזר באַנדער.

„אויף מיין פראַגע „וואו איז דיין אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג?" האָט מיר יחיאל געענטפערט, אַז ער איז פאַרטומלעט...

„מיר האָבען זיך געשטעלט דאַוונען. בעת׳ן דאַוונען האָב איך אַרויסגעקוקט דורכ׳ן פענסטער. פּלוצים האָב איך געזען דעם רב׳ס חתן, הירשל קאַפּעלאָוויטש, לויפען אויף דעם באַרג לעבען יחיאל שוחט׳ס הויז. פון דער אַנדערער זייט האָט זיך אויך געהערט אַ געוואַלד־געשריי. איין סאָלדאַט פון די, וועלכע זיינען געשטאַנען געגענאיבער דער שול, איז נאָכגעלאָפען דעם רב׳ס חתן, און דער אַנדערער האָט זיך געלאָזט לויפען נאָך דעם צווייטען געוואַלד־שרייער...

„עס האָט לאַנג ניט געדויערט און אין שול זיינען אַריינגעלאָפען שמואל העלפאַנד, דער לערער פון דער העברעאישער שול, און

אברהם-אליהו ברענמאַן. זיי זיינען מיט שרעק אַריינגעלאָפען און דערצעהלט, אַז ביי אברהם ברענמאַן האָט מען גע'הרג'עט די פאַמיליע. דאָס איז געווען די ערשטע פאַמיליע, וואָס מיר האָבען געהערט, אַז זי איז אויסגע'הרג'עט געוואָרען.

„ווי עס ווייזט אויס, האָבען די רוצחים צוערשט געזוכט מיט אַ צעטעל די אָנגעזעענסטע מענשען צו הרג'ענען. אברהם ברענמאַן איז געווען דער פאָרזיצער פון דעם קהילה-ראַט, און ער איז דער ערשטער געפאַלען אַ קרבן.

„דערהערענדיג, וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט, בין איך איבערגעגאַנגען פון דעם קליינעם שולכעל אין דער גרויסער שול אַריין. נאָך מיר זיינען אויך אַריינגעקומען אברהם-אליהו און שמואל העלפאַנד.

„די רוצחים האָבען זיך אַריינגעריסען אין שולכעל און זיך געוואָרפען אויף די צוויי אידען, אברהם קירזשנער און יחיאל שאַפער, וועלכע זיינען געשטאַנען אין טלית און תפילין. דעם אַלטען 70-יאָריגען אידען, אברהם קירזשנער, האָבען זיי אָפּגעהאַקט די לינקע האַנט מיט די תפילין. דעם אַנדערען, יחיאל'ן, האָבען זיי גע'הרג'עט מיט אַ מיתה-משונה.

„נאָכדעם האָבען זיך די מערדער אַריינגעריסען אין דער גרויסער שול. פאַר דער צייט, ווען די מערדער האָבען דער'הרג'עט די אידען אין דעם קליינעם שולכעל, האָב איך זיך באַהאַלטען אונטער דער „בימה". אָפּרייסענדיג צוויי ברעטער פונ'ם דעק, האָב איך זיך באַהאַלטען אונטער דער „בימה". די אויבען-דערמאָנטע צוויי יונגעלייט האָבען זיך באַהאַלטען אונטער אַ באַנק.

„ווי די רוצחים האָבען זיך אַריינגעריסען, האָבען זיי מיט'ן ערשטען קלאַפּ דער'הרג'עט דעם לערער, שמואל העלפאַנד, און שווער פאַרוואונדעט אברהם-אליהו ברענמאַן. די רוצחים זיינען אויך אַרויף אויף דער בימה און האָבען דערזען די שפורען פון צענומענע ברעטער. זיי האָבען אויפגעהויבען די ברעטער און געזוכט מענשען אונטער דער בימה. איך האָב זיך פאַררוקט אין אַ ווינקעל און כמעט ניט געאָטעמט. זיי האָבען געזוכט, געשטאָכען מיט דער ביקס און מיך ניט געטראָפען.

„אין שול זיינען אַריינגעקומען משה, דעם רב'ס אַן איינִיקעל, אַ קליין מיידעלע, און אברהם ברענמאַנ'ס עטליכע קוזינעס. די קליינינקע קינדער האָבען די רוצחים ניט באַרירט...

„נאָכדעם ווי די רוצחים זיינען אַוועקגעגאַנגען, האָבען די קינדער געטראָגען אברהם-אליהו ברענמאַנ׳ען שניי צום טרינקען.

„אזוי האָבען די קינדער געגעבען אברהם אליהו׳ן שניי צום טרינקען אַ שטיקעל צייט. נאָכדעם זיינען זיי אַוועקגעגאַנגען, אי-בערלאָזענדיג אברהם אליהו׳ן ליגען.

„אברהם-אליהו, בלייבענדיג אָהן רעטערס (הילף) האָט אָנגע-הויבען מיך רופען נאָך הילף. איך האָב זיך ניט אָפּגערופען, ווייל פּאַרטיעסוייז זיינען די מערדער אַרוים און אַריינגעקומען.

„צום סוף האָט זיך אברהם-אליהו דערשלעפּט צו דער בימה, און איך האָב אים אַריינגענומען צו זיך.

„ביידען איז געווען שווער צו ליגען. חוץ דעם האָט ער שוין ניט געקאָנט איינליגען און ער האָט מיך געבעטען צו דערוואַרעמען אים.

„איך האָב אַראָפּגעוואָרפען מיין פּוטער, אָנגעטאָן אברהם-אליהו׳ן, און אים אָנידערגעזעצט ביי דער הרובע, וואָס איז אויסגע-הייצט געוואָרען פון דעם שול-שמש, שמואל פּוקס, וועלכער איז דערנאָך דער׳הרג׳עט געוואָרען.

„איך בין אַריינגעגאַנגען צוריק אין מיין פאַרבאָרגען ווינקעל. אברהם-אליהו האָט געקרעכצט. נאָר קיינער איז ניט געקומען. איך האָב געמיינט, אַז קיין איד געהט ניט אויף דער גאַס, בין איך אַזוי געלעגען אונטער דער בימה די גאַנצע נאַכט ביז מיטוואָך אינ-דערפרי.

„אינדערפרי איז מיין ברודער, שמואל צווייג, געגאַנגען מיך אַרומזוכען צווישען די הרוגים. ביי אונז אין הויז האָט ער מיך ניט געפונען, איז ער אַריינגעקומען אין שול און געפרעגט דעם פאַר-וואונדעטען אברהם-אליהו׳ן. נאָר אברהם-אליהו האָט שוין ניט גערעדט דייטליך. אברהם-אליהו׳ן האָט מען שפּעטער אַוועקגעפירט אין אידישען שפּיטאָל. איידער ער איז אָפּגעפירט געוואָרען אין שפּיטאָל, האָט ער איבערגעלאָזט אין שול מיין פּוטער. מיין ברודער שמואל האָט ניט געקאָנט רוען און איז געקומען אין שול אַריין צום צווייטען מאָל מיך זוכען.

„ווען ער האָט דערזען מיין פּוטער באַגאָסען מיט בלוט... האָט ער אָנגעהויבען שרייען — געוואַלד! איך האָב דערהערט זיין קול און בין אַרוים פון מיין באַהעלטעניש צו אים.

„מיר זיינען ביידע אַריינגעגאַנגען צו אונז אין הויז. אין אונזער הויז האָבען מיר געפונען: דעם פעטער משה מיט דער מומע מיט

די קינדער אַלע גע׳הרג׳עט. אויך מיין שוועסטער איז געלעגען צווישען די הרוגים. די מאַמע האָבען מיר ניט געזען: זי איז געשטאַנען לעבען בעט. דער קאָפּ אירער איז געווען צעשפּאָלטען אויף צווייען. דער קערפּער איז געווען באַגאָסען מיט בלוט. דערפאַר איז געווען שווער צו דערקענען זי. מיר האָבען זי גערעכענט פאַר אַ פרעמדען מענשען. ווען מיר האָבען זי אַרויפגעלעגט אויף דער סאָפע, האָבען מיר זי דערקענט לויט אירע מלבושים.

„דעם טאָג האָבען מיר אַלע אונזערע הרוגים אַליין מקבר געווען...״

**חנה סאָסטשין דערצעהלט:**

„זונטאָג פאַר דעם פּאָגראָם איז מיין מאַן, יואל סאָסטשין, ניט געווען אין דער היים. ערשט מאָנטאָג פאַרנאַכט, ווען די שטאָט איז שוין געווען אַרומגערינגעלט מיט די מערדער, איז ער אָנגעקומען אין דער פאָרשטאָט. די מערדער האָבען אים שוין ניט אַריינגעלאָזט אין שטאָט. זיין סחורה האָט ער איבערגעלאָזט ביי אַ פויער און אַליין האָט ער זיך בגנבה אַריינגעכאַפּט אין שטאָט אַריין. ער האָט אָבער ניט געקאָנט קומען אַהיים און האָט גענעכטיגט ביי אַ פויער.

„דינסטאָג אינדערפרי איז ער געקומען אַהיים. זעענדיג, אַז אַלע זיצען אין הויז אין גרויס פּחד, האָט ער אונז געטרייסט, אַז עס וועט חלילה ניט פאָרקומען קיין געפערליכעס, אַז עס וועט אפשר קומען צו רויבערייען און ניט מער. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט שוין ניט געגעסען צוויי טעג! איך האָב אים געגעבען עסען. ער האָט אָבער ניט געגעסען און גענומען דאָס דריי־יאָריגע קינד אויף די הענט.

„ווען ער האָט גענומען דאָס קינד אויף די הענט, האָבען זיך די רוצחים אַריינגעריסען אין שטוב און געוואָרפען זיך צו ערשט אויף מיין מאַן מיט׳ן קינד. ער האָט זיך אָנגעהויבען בעטען ביי זיי... די רוצחים האָבען אים אַרויסגעפירט אין דרויסען מיט דעם קינד אויף די הענט און איך האָב ניט געוואוסט וואוהין ער איז פאַרשוואונדען געוואָרען.

„אין הויז זיינען געבליבען, איך מיט אַ קינד, מיין שוויגער און שוועגערין מיט׳ן שוואָגער, די שכנה, סאָסיע גאָלדמאַן, מיט איר טאָכטער צייטעל און עטי פאָרטוגאַל מיט איר מאַן.

„ס׳האָט לאַנג ניט גערויערט און עס האָבען זיך אַריינגעריסען אַ גאַנצע פּאַרטיע מערדער און אָנגעהויבען שניידען רעכטס און לינקס. סאַסיע גאָלדמאַן, עטי פּאַרטוגאַל׳ס מאַן און מיין שוועגערין זיינען געפאַלען קרבנות גלייך אויפ׳ן אָרט. מיר, די איבעריגע, זיינען שווער פאַרוואונדעט געוואָרען. נאָר ציימעל מיט מיין מיידעלע האָבען זיך געראַטעוועט, ווייל זיי זיינען אַנטלאָפען געוואָרען אין צייט.

„די שוויגער, יענטע סאָסטשין, איז געווען זעהר שווער פאַר־וואונדעט און האָט מורא׳דיג געקרעכצט. איך האָב איר געוואָרענט זי זאָל זיך איינהאַלטען פון קרעכצן, ווייל די מערדער זיינען אין דרויסען.

„ניט געענדיגט האָב איך מיינע ווערטער, און עס איז אַריין אַ נייע פּאַרטיע מערדער. זיי האָבען נאָכאַמאָל געוואָלט שטעכען די שוויגער, ווייל זי האָט נאָך געוויזען סימנים פון לעבען. נאָר איינער פון די מערדער האָט זיי אָפּגעהאַלטען פון דעם שריט — נאָך וואָס? זי איז שוין גלייך ווי טויט...

„די מערדער זיינען אַרויסגעגאַנגען, און מיין מיידעלע איז צו־ריק אַריינגעלאָפען אין הויז. זי האָט זיך געלייגט לעבען מיר. פון מיר האָט געפלאָסען דאָס בלוט... איך האָב געזאָגט דעם פיר־יאָריגען קינד, עס זאָל זיך לייגען מיט דעם קאָפּ אַראָפּ, עס זאָל זיך מאַכען פאַר טויט, ווייל די געפאַר איז נאָך ניט פאַראיבער... און ווידעראַמאָל איז אַריינגעקומען אַ דריטע פּאַרטיע מערדער. זיי האָבען שוין אָבער קיין אַרבייט ניט געהאַט און פאַרלאָזען די שטוב.

„איך האָב צופעליג אויפגעהויבען דעם קאָפּ און דערזען מנחם ווערבוכ׳ס שטוב, וועלכע איז אין שכנות מיט אונזערער, ברענען. די גאַנצע גאַס איז געווען באַדעקט מיט אַ געדיכטען רויך.

„איך האָב מורא געהאַט פאַר דער שרפה, וועלכע האָט גע־קאָנט אויסברעכען ביי אונז אין שטוב, און איך בין מיט דעם קינד אַרויס פון הויז, לאָזענדיג זיך לויפען, וואוהין די אויגען האָבען מיך געטראָגען...

„איך בין דורכגעלאָפען די גאַס וואָס איז שוין געווען באַזייט מיט טויטע. צווישען די קערפּערס איז געלעגען מיין מאַן מיט דעם טויטען קינד לעבען אים. זיי זיינען גע׳הרג׳עט געוואָרען ניט ווייט פון דער קלויז. איך האָב דעם מאַן ניט דער־קענט. דאָס קינד האָט אים דערקענט... ניט קוקענדיג אויף

דעם, האָב איך זיך דאָך ניט אָפּגעשטעלט, און בין אַריין אין קלויז, וואו איך האָב געטראָפען נאָך מענשען.

„פון דעם אויבערשטען שטאָק איז אַראָפּגעקומען צו אונז אברהם פרעס. ער האָט אַרומגעהילט מיין פאַרפרוירן קינד מיט זיין פוטער. נאָכדעם האָט ער אונז אַרויפגענומען אויפ'ן בוידעם, וואו מיר זיינען איבערגעלעגען אַ גאַנצע נאַכט, ביז מיטוואָך אינדערפרי.

„מיר האָבען געהערט די ווילדע געשרייען פון פויגעל, בהמות און הינט, וועלכע האָבען גענעכטיגט אויף די טויטע קערפּערס...

אינדערפרי זיינען אַריינגעקומען אין קלייזעל עטליכע פּויערים און האָבען אונז גערופען און געזאָגט: „ס'וויל זיך, אונז דער'הרג'ענען אַ פּאָר אידען". מיר האָבען זיך ניט אָפּגערופען און זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען.

„ווען עס איז רואיג געוואָרען, בין איך אַראָפּגעגאַנגען פון דעם בוידעם. פון מיינע וואונדען האָט געשטראָמט דאָס בלוט. ווען איך בין אַריינגעגאַנגען אין דעם ערשטען הויז, האָב איך גע'חלש'ט. מען האָט מיך אָפּגעפירט אין שפּיטאָל, וואו איך בין געלעגן אַ לאַנגע צייט, שוועבענדיג צווישען לעבען און טויט...

יאַנקעל באַרענבוים דערצעהלט:

„ווען אין פּראָסקוראָוו האָט אויסגעבראָכען דער פּאָגראָם, בין איך דעם טאָג געווען דאָרט. שבת אינדערפרי בין איך אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס, ניט וויסענדיג וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט אויף די אידישע גאַסען. איך בין אַרויסגעגאַנגען אויף דער גרעסטער גאַס אין פּראָסקוראָוו — אויף דער אַלעקסאַנדראָווסקי גאַס — דאָרט האָט מיך באַגעגענט אַ קאָזאַק רייטענדיג אויף אַ פערד. דער קאָזאַק האָט אַ וואָרף געטאָן זיין „קינזשאַל" איבער מיין קאָפּ. צו מיין גליק, האָט דער קאָזאַק געטראָפען מיט'ן קינזשאַל אין מיין היטעל, וואָס איז אַרונטערגעפאַלען פונ'ם קאָפּ...

„נאָכדעם האָב איך שוין געזען, וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט. איך האָב זיך געלאָזט לויפען אין שפּיטאָל אַריין, וואו איך האָב גערעכענט, אַז דאָרט וועט זיין אַ מעגליכקייט צו ראַטעווען זיך. אויף דעם וועג אין שפּיטאָל אַריין, האָבען סאָלדאַטען מיר נאָכגעשאָסען און עס איז זיי ניט געלונגען מיר צו טרעפען.

„אין דעם שפּיטאָל בין איך אָבער אויך ניט זיכער געווען. דאָרט זיינען געווען פאַרוואונדעטע סאָלדאַטען. צו די סאָלדאַטען

איז געקומען אַן „אַטאַמאַן״ זיי מבקר־חולה זיין. דער אַטאַמאַן האָט נאָר געוואָלט מיך שיסען. מיט נסים האָב איך זיך אויסגע־דרייט פון זיינע הענט, און בין אַוועק.

„זונטאָג אינדערפרי בין איך געווען פון די וואָס האָבען צו־נויפגעזאַמעלט די קרבנות, זיי זאָלען ניט ליגען אויף די גאַסען, געשענדעט צו ווערען פון יעדען מערדער. מיט דעם גרעסטען שפּאָט האָבען די מערדער געטראָטען די מתים מיט די פיס.

„דאָ איז אָבער די געפאַר אויך ניט פאַראיבער. די קאָזאַקען האָבען אַלץ געזוכט אַ צופאַל נוקם צו זיין זיך אין די אידען. מען האָט מיך שטאַרק געשלאָגען, ווען איך האָב געהאָלפען צונויפנעמען די הרוגים.

„מאָנטאָג פאַרנאַכט בין איך אָפּגעפאָרען מיט אַ פור קיין פּעל־שטין. אויף דעם וועג האָבען מיך נאָכגעיאָגט סאָלדאַטען. דאָס איז געווען אין דאָרף „מאַלינעטש״, ניט ווייט פון פּראָסקוראָוו. זיי האָבען מיך אָבער ניט דעריאָגט.

„ווען איך בין אַריינגעקומען קיין פעלשטין, האָב איך שוין געטראָפען די מערדער. זיי זיינען אַריין קיין פעלשטין דורך אַן אַנדער וועג.

„די נאַכט זיינען מיר איבערגעזעסען אין דער היים. גאַנץ פרי איז צו אונז אין הויז אַריינגעקומען אַן אַטאַמאַן מיט דער בלויזער שווערד, געשטעלט זיך ביי דער טיר און געדראָט מיט טויט... מיר זאָלען אים געבען געלט. מיר האָבען אַלץ אַוועקגעגעבען, און ער האָט אונז אַרויסגעלאָזט פון שטוב...

„די מאַמע האָט נאָך געהאַט די מעגליכקייט אַרויפדראַפּען זיך אויף דעם בוידעם. איך מיט דער שוועסטער זיינען אַרויסגע־לאָפען פון דער שטוב. פאַר דער טיר איז שוין געלעגען שכנא פייערמאַנ׳ס פרוי, מיט אירע פינף קינדער גע׳הרג׳עט. איך בין אַראָפּגעלאָפען הינטער דער שטוב. דאָרט זיינען שוין געלעגען פנחס גאָלדמאַן מיט דער פרוי און טאָכטער גע׳הרג׳עט.

„איך בין געלאָפען דורך דעם גאָרטען פון נאָענטסטען פויער אַרויס אין פעלד אַריין.

„אויף דעם פעלד בין איך איבערגעלעגען דריי טעג. איך בין געלעגען אויף דעם שניי, אָהן עסען און אָהן טרינקען״.

**ברײנע הײפּטמאַן**, יוסף הייפּטמאַנ׳ס טאָכטער, 13 יאָר אַלט, דערצעהלט:

„מאַנטאָג פאַרנאַכט, ווען עס זיינען אָנגעקומען די רוצחים אין שטאָט אַריין, איז מיין ברודער שמואל געלאָפען אהיים נעמען דעם פאָטער פון דער שול, וואו עס האָבען זיך פאַרזאַמעלט אַלע אידען.

„אַהיים קומענדיג, האָט דער טאַטע אָנגעהויבען קלערען און זוכען פאַר אונז אַן אָרט וואו זיך צו באַהאַלטען. מיך מיט דער פאַמיליע האָט ער אַוועקגעשיקט צו אַ פויער. אויף דעם וועג צום פויער האָט זיך אָבער די מאַמע אומגעקערט אהיים נאָכ'ן טאַטען, וועלכער איז נאָך געבליבען אין הויז. זי האָט שוין אָבער ניט גע־קאָנט צוקומען צו דער שטוב, ווייל דער גאַנצער „באַזאַר" איז שוין געווען ארומגערינגעלט מיט סאָלדאַטען.

„מיר זיינען אַנטלאָפען אָהן דעם טאַטען צו דעם פויער יאַנקאַ דונאַ. דער פויער האָט אונז איבערגעהאַלטען די גאַנצע נאַכט.

„אינדערפרי, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די שחיטה, איז פאַר אונזערע אויגען, לעבען דעם פויער'ס פלויט, געפאַלען אַ דער־הרג'עטער ישראל־אברהם — אַ פעלשטינער מלמד, און געוועזענער „יאַיעטשניק". ווען דער פויער האָט דערזען אַז זיין „פאַדווירע" איז שוין באַגאָסען מיט בלוט, האָט ער זיך דערשראָקען און געבעטען אונז צו פאַרלאָזען זיין הויז.

„מיר האָבען געמוזט פאַרלאָזען זיין „שטאַל".

„די מאַמע מיט צוויי קינדער, דערזעענדיג די רוצחים, זיינען צוריק אַריינגעלאָפען צו דעם פויער אין שטאַל. איך מיט צוויי ברידערלאַך זיינען אַנטלאָפען ווייטער. די רוצחים זיינען אונז נאָכ־געלאָפען, נאָכגעשאָסען. איך בין געלאָפען אין טיפען שניי, פאַר־לירענדיג די שיך... באָרוועס בין איך געלאָפען אויף די פעלדער, וואו איך האָב באַגעגענט נאָך פיל אומגליקליכע מענשען וואָס האָבען מורא געהאַט פאַר דעם שיין פון דער זון...

„איך מיט אַ פאַרטיע זיינען געלאָפען אויף די פעלדער, ביז מיר זיינען פאַרלאָפען אין דעם דאָרף „נימוטשינעץ".

„די פויערים פון נימוטשינעץ האָבען אונז געגעבען דעם אמת'ן קבלת־פנים. מען האָט אונז געוואָלט הרג'ענען...

„מיר האָבען זעהר געוויינט... אונזער ביטער געוויין האָט ווייכער געמאַכט די „נימוטשיניצער" פויערים. זיי האָבען אונז אָפּגעלאָזט נאָר מיט קלעפּ...

„מיר זיינען אַרוים קוים לעבעדיגע פון דעם דאָרף און זיך געלאָזט ווייטער לויפען אין דעם טיפען שניי. מיר האָבען פלוצים

באַגעגנט משה גלאַנצאַוו, און מיט אים זיינען מיר געלאָפן ווײַ־טער...

„אונז האָט ווייטער באַגעגנט אַ פּויער, אָפּשטעלענדיק מיין ברודער מיט דעם יונגנמאַן משה גלאַנצאַוו, האָט דער פּויער זיי געהייסן אויפהויבן די הענט, דראָענדיק זיי מיט דעם רעוואָלווער. איך האָב איבערגעלאָזט דעם ברודער און בין אַנטלאָפן מיט דעם קלענערן ברודערל.

„אויף דעם וועג האָט אונז דעריאָגט דער ברודער און, צוזאַמען מיט אים, זיינען מיר ווייטער געלאָפן, בלאָנדזשענדיק איבער די טיפע שנייען און פעלדער.

„ווייטער אויף דעם וועג האָבן מיר באַגעגנט אַ פּויער מיט אַ פור, וואָס איז געפאָרן אין דאָרף „זשילענצי". דער פּויער האָט זיך צוערשט מרחם געווען און אונז אַרויפגענומען אויף דער פור צו פאָרן מיט אים קיין „זשילענצי". נאָר באַלד איז דעם פּויער'ס רחמנות אויסגעבלאָזן געוואָרן ווי אַ זייפן־פּאַכירעל, און ער האָט אונז פון פור אַראָפּגעוואָרפן.

„מיר האָבן ווייטער געבלאָנדזשעט ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין דאָרף „דאַניוק". דאָרט האָט מען אונז אויך געוואָלט הרג'ענען, און מיר זיינען ווייטער אַנטלאָפן אין פעלד אַריין.

„מיר האָבן שוין קיין כוח ניט געהאַט צו געהן אין דעם טי־פען שניי אויף די פעלדער און איך בין נאָך געווען באָרוועס... האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעגראָבן זיך אין פעלד אַ שניי־גרוב, אין וועלכען מיר זיינען איבערגעלעגען ביז אינדערפרי...

„אינדערפרי האָבן מיר זיך ווייטער געלאָזט געהן און זיך דערשלאָגן צו אַ וועג, וואָס האָט אונז צוגעפירט אַהיים, וואו מיר האָבן נאָך געפונען די שטאָט פול מיט די הרוגים"...

יעקב פורמאַן דערצעהלט:

„איך מיט דער מומע שרה־איטע'ס פאַמיליע האָבן זיך באַ־האַלטען אין אונזער הינטערשטער הויז. די קינדער מיט די פרויען האָבן מיר פאַרמאַכט אין אַ באַזונדער חדר. איך מיט אונזער קוואַרטיראַנט, מאָטי גאָלדמאַן, זיינען געבליבען אין הויז, פון וואַ־נען מיר האָבן די גאַנצע צייט אַרויסגעקוקט דורך די שפּאַלטען.

„דינסטאָג אינדערפרי האָבן מיר געזען, אַז מענשען לויפען און נאָך זיי יאָגען זיך די רוצחים. מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז די לאַגע איז אַן ערנסטע. מיר האָבן נאָך ניט באַוויזען אָפּצו־

געבען זיך אַ דין־וחשבון וועגען אונזער לאַגע, ווי די מאַמע, וואָס איז געווען מיט אונזער פאַטער און פעטער פראַאים פורמאַן אין אויבערשטען הויז, איז אַראָפּגעקומען צו אונז אין איין שרעק און דערצעהלט די טרויעריגע בשורה, אַז דער פעטער פראַאים מיט אונזער פאַטער אברהם זיינען שוין דער׳הרג׳עט געוואָרען...

„מיך האָט די מאַמע געוואָלט ראַטעווען און זי האָט מיך געבעטען, אַז איך זאָל אַנטלויפען פון דאַנען. איך האָב זיך געלאָזט אַרויסלויפען אויף דעם דאָרף. די פויערים אויף דעם דאָרף האָבען מיך ניט געוואָלט אַריינלאָזען צו זיך. בין איך אַוועק מיט די גערטנער אויף דעם פעלד, וואו איך בין געלעגען אין שניי, ביז עס איז שטיל געוואָרען...

„איצט ליג איך אין לעמבערגער שול, פון וואַנען איך רוף און בעט נאָך הילף. מיין נויט איז גרויס. איך וויל מען זאָל מיר העלפען אַפּפאָרען פון דאַנען.

מיכל מילשטיין דערצעהלט:

„דער ערשטער פאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 18טען פעווראַל, האָט אונזער פאַמיליע ניט געשאַדט. מיר זיינען אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. מיר זיינען די גאַנצע צייט געווען באַהאַלטען אין דער היים.

„אין דעם צווייטען פאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען שבועות, האָבען מיר פאַרלוירען אונזער ברודער, בערעל מילשטיין.

„מיר זעלבסט האָבען איבערגעלעבט די גרעסטע געפאַר, וועלכע מיר האָבען אויסגעמידען מיט גרויסע נסים.

„איצט געפין איך זיך אין לעמבערג אין דער טיפסטער נויט און איך בעט הילף פון אַמעריקע, פון נאָענטע און פרעמדע״.

יוסף קופער דערצעהלט:

„מאָנטאָג פאַרנאַכט האָב איך איינגעשפּאַנט מיין פערד אין וועגעלע, פאַרנומען די פאַמיליע און אַוועקגעפאָרען מיט אַ פאַרלאָזענעם וועג אין דעם נאָענטען דאָרף מאַסקאַליוווקע. דער פאַטער אונזערער, ברוך קופער, איז געבליבען אין דער היים. ער האָט ניט געוואָלט מיט־פאָרען מיט אונז. ער, ווי די מערסטע אידען, האָט זיך ניט געוואָלט שיידען מיט דעם ביסעל פאַרמעגען — „אדם דואג על אבוד דמיו, ואינו דואג על אבוד ימיו״. ער האָט

זיך געווים ניט פאַרגעשטעלט דאָס שרעקליכע, וואָס איז אויף אונז אָנגעקומען אַזוי אומדערוואַרט...

„מיר זיינען אָנגעקומען קיין מאַסקאַליווקע. דאָרט האָט מען אונז צונויפגענומען אין דער אָרטיגער שול, כדי אונז צוריקצושטעלען אין שטאָט אַריין, אָדער צו דער׳הרג׳ענען אונז אויפ׳ן אָרט... לויט דעם באַפעל פון די מערדער.

„מען האָט אונז אַרויסגעפירט פון דאָרף צוריק אין שטאָט אַריין.

„אין שטאָט זיינען מיר אָנגעקומען דינסטאָג פאַרנאַכט. פאַר דער שטאָט, לעבען קריסטליכען „צווינטער", האָבען מיר געפונען אונזער פּאָטער׳ם טויטען קערפּער: ווייזט אויס, ער האָט זיך געלאָזען אין מיטען געפאַר לויפען אויף דעם וועג, וואו מיר זיינען אַנטלאָפען.

„די פּויערים, וועלכע האָבען אונז געפירט אין שטאָט אַריין, האָבען אונז דאָ ביים „צווינטער" אָפּגעלאָזט, ווייל זיי האָבען באַקומען אַ ידיעה, אַז אין שטאָט זיינען שוין די רוצחים ניטאָ.

„זעענדיג, אַז זייער מי איז געוועזען אומזיסט, האָבען זיי אונז נאָר באַטיילט מיט עטליכע קלעפּ... ס׳האָט זיי פאַרדראָסען, וואָס זיי האָבען ניט געקאָנט אויספירען דעם ברוטאַלסטען פּסק-דין אויף אונז. מיט כעס און פאַרדרוס האָבען זיי אונז אָפּגעלאָזט".

גרשום פּאָסיטיווע דערצעהלט:

„מאָנטאָג פאַרנאַכט זיינען צו אונז אין הויז אַריינגעפאַרען די פּויערים, וועלכע האָבען געבראַכט די מערדער צו אונז קיין פעלשטין. זיי האָבען שטאַלצירט מיט זייער הייליגער אַרבייט און געוועזען זיכער, אַז זיי זיינען באַרעכטיגט צו אַ רייכען לוין פאַר זייער אַרבייט.

„צוערשט האָבען זיי פאַר אונזערע אויגען אָנגעהויבען אַרויסטראָגען דאָס גאַנצע ביסעל פאַרמעגען, וואָס אין שטוב האָט זיך געפונען און דערנאָך גענומען אונז שלאָגען...

„איך מיט מיין גאַנצער פאַמיליע זיינען געוועזען אין הויז, טראָץ דעם וואָס מיר האָבען געהאַט אַ פאַרבאָרגען אָרט, וואו זיך צו באַהאַלטען. מיר האָבען זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז ס׳וועט פאָרקומען אַזאַ בלוט-וואַקכאַנאַליע...

„אינדערפרי האָט מען אָנגעהויבען קלאַפּען אין אונזערע פענסטער. איך מיט דער פאַמיליע זיינען אַרויס צום הינטערשטען

טויער. עפענענדיג דעם טויער, האָבען מיר דערזען פאַר זיך אַ מערדער מיט אַן אַרויסגעשלעפּטער שווערד.

„די מאַמע האָט שוין ניט געקאָנט אַנטלויפען און איז די ערשטע אַריינגעפאַלען צו דעם מערדער אין די הענט. דער טאַטע איז צוגעלאָפען צום מערדער, דענקענדיג אודאי צו באַשיצען די מוטער... ער איז געפאַלען דער צווייטער קרבן. מיין איינגערער ברודער, משה, איז שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרען. ער האָט געהאַט אין זיך עלף שווערע וואונדען. איך בין אַרויף אויף דעם בוידעם, וואו איך האָב זיך באַהאַלטען. דער פאַרוואונדעטער ברודער האָט זיך נאָך מיר אַרויפגעצויגען מיט דעם לייטער אויף דעם בוידעם צו מיר אין באַהעלטעניש.

„איך האָב אים געמינטערט. מיט וואָס האָב איך אים שוין געקאָנט מינטערען?

„פאַרנאַכט ווען עס איז שטיל געוואָרען, בין איך מיט מיין פאַרוואונדעטען ברודער אַרויסגעקראָכען פון דעם פאַרבאָרגענעם ווינקעל אויפ׳ן בוידעם. איך האָב געמיינט, אַז עס איז שוין טאַקע שטיל. מיך האָט באַגעגענט אַ פּאָליציימאַן פון דער „אָרטיגער" פּאָליציי, וועלכער האָט מיך געוואָלט הרג׳ענען, וואַרפענדיג אויף מיר אַ באָמבע. איך בין אַנטלאָפען אין צייט און אַזוי זיך געראַטעוועט...

„איך בין איצט אין לעמבערג אין גרויסער נויט, איך בעט הילף".

**הירשעל וואַסערמאַן** (יחיאל שוחט׳ס זון) דערצעהלט:

„מאָנטאָג פאַרנאַכט בין איך מיט אונזער גאַנצער פאַמיליע אַריבערגעגאַנגען צו אונזער פעטער יוסף ראַבער (יוסף שוחט). די גאַנצע פאַמיליע אונזערע מיט דעם פעטער׳ס פאַמיליע האָט זיך אַרויפגעקליבען אויף דעם בוידעם; דער פעטער יוסף מיט מיין טאַטען יחיאל זיינען געבליבען אין שטוב: זיי האָבען געוואָלט זיין די פאַרהיטערס פון די פאַמיליעס.

„מיר זיינען געלעגען אַ קורצע צייט אויפ׳ן בוידעם און אַזוי ווי קיין סימנים פון געפאַר האָבען מיר ניט באַמערקט, האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזט אין שטוב אַריין. דער פעטער מיט דעם פאָטער האָבען פיל געקרעכצט, ווי זיי וואָלטען געזען אָנקומען עטוואָס מוראדיגעס, שרעקליכעס... איך בין תיכף אַרויף צוריק אויף דעם בוידעם, וואו איך בין געלעגען מיט די איבעריגע ביז אינדערפרי.

„אינדערפרי איז געקומען דער שטאָט־שמש רופן דעם פעטער יוסף אויף אַ ברית־מילה. דער בעל־ברית איז געווען נחום זילבער־מאַן (נחום גדליה׳ס). מיין פעטער, דער מוהל, און מיין פאָטער האָבן דוקא געוואָלט געהן. נאָר עפּעס אַן אינערליכע קראַפט האָט זיי געצוואונגען אָפּצוהאַלטען זיך. שמואל שמש איז אַרויסגעגאַנ־גען, און די טיר פון דער שטוב איז ווידער פאַרמאַכט געוואָרען.

„ניט פיל צייט איז פאַראיבער און די מערדער האָבן אָנגעהויבען זייערע גרויזאַמע, ווילדע, מערדערליכע טאַטען אין אונזער גאַס.

„זיי האָבן זיך אַריינגעריסען אין דעם פעטער יאָסל׳ס הויז, וואו זיי האָבן דער׳הרג׳עט אונזער פעטער, די מומע העני, מיין פאָטער און אויך מיין אינגערען ברודער, וועלוועל, וועלכער האָט בשום אופן ניט געוואָלט אָפּטרעטען פון דעם פאָטער...

„גע׳הרג׳עט זיינען זיי געוואָרען ניט פונקט אין שטוב, נאָר לעבען דעם בית־השחיטה, וואָס האָט זיך געפונען נאָענט פון בעריש וועלוועל׳ס (שווידלער) שטוב. ווי עס ווייזט אויס, זיינען זיי אַרויס־געטריבען געוואָרען פון שטוב. איידער מען האָט זיי אַרויסגעטרי־בען, האָבן זיי זיך זעהר געבעטען ביי די מערדער... מיר האָבן פון דעם בוידעם געהערט זייער געבעט... נאָר עס האָט זיי ניט געהאָלפען.

„מיר זיינען געלעגען ביז פאַרנאַכט אויף דעם בוידעם. ווען מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, האָבן מיר געהערט פון אַ נייער „פּראָוואָקאַציע", וועלכע האָט זיך פאַרשפּרייט אין שטאָט, אַז אַ אידישע אַרמיי קלייבט זיך צונויף און געהט נעמען נקמה פאַר דעם פּאָגראָם.

„די פּראָוואָקאַציע האָט אַרויסגערופען אַ נייע באַוואָפענונג פון דער פויערישער באַפעלקערונג, און אַ נייע גרויסע מהומה איז געוואָרען צווישען די איבערגעבליבענע אידען.

„איך מיט דער געראַטעוועטער פאַמיליע זיינען געלאָפען אויף דעם דאָרף. די פויערים האָבען אונז צוריקגעטריבען אין שטאָט אַריין.

„איך בין אַריינגעקומען אין דער ערשטער שטוב — צו יוסף שמוראַק׳ס (יוסף יונה׳ס) — און זיך געזעצט דאָרט אָפּרוען. אין שטוב איז אַריינגעקומען דער שכן, שלמה־מיכל שערמאַן, און ער האָט געזאָגט, אַז לעבען דעם פלויט פון זיין שטוב ליגט אַ גוסס

און קרעכצט. איך בין אַרויסגעגאַנגען, און דערזען דעם טאַטען ליגען ראַנגלענדיג זיך מיט'ן טויט.

„איך האָב אים נאָך געפרעגט: „וואָס טוסטו, טאַטע!?"

„ער האָט מיר קוים געענטפערט: „גזלנים!... דער'הרג'עט!..." געענטפערט האָט ער מיר שוין ניט מיט קיין דייטליכער אויסשפּראַך. דער טאַטע האָט געהאַט פיר און צוואַנציג וואונדען. איך האָב אים אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל, וואו ער איז אין עטליכע שעה שפּעטער אויסגעגאַנגען...

„מיטוואָך אינדערפרי בין איך געגאַנגען זוכען מיין אינגערען ברודער. אים האָב איך שוין געפונען צווישען די הרוגים אויף דעם בית־הקברות.

„אינ'ם צווייטען פּאָגראָם, שבועות, האָט מען מיך געפונען אין פעלד, וואו מען האָט מיך געוואָלט הרג'ענען. מיט אַ נס האָב איך זיך געראַטעוועט. ווייזט אויס, כדי איך זאָל באַניים ליידען. די גאַנצע צייט, זייט די פּאָגראָמען, לייד איך אויסערגעוויינליך. יעצט בין איך אין לעמבערג און לייד. איך בעט הילף".

משה און סאָסיע מופליג דערצעהלען:

„מאָנטאָג, ווען עס זיינען אָנגעקומען די רוצחים, האָבען מיר פעסט פאַרמאַכט די טיר און מיט שרעק זיך פאַרקליבען אין די ווינקעלאַך פון דער שטוב.

„אינדערפרי זיינען מיר אַרויסגעגאַנגען אינדרויסען, וואו עס איז געוועזען כמעט רואיג. די רואיגקייט האָט אָבער ניט געדויערט לאַנג.

די מערדער האָבען אָנגעהויבען זייער טייפעלשע אַרבייט.

„די רוצחים האָבען זיך אַריינגעריסען צו אונז אין שטוב דורך דער הינטער־טיר. מיר האָבען זיי אָפּגעקויפט מיט פיל געלט, און זיי האָבען פאַרלאָזט די שטוב. פון עס צימער האָבען מיר געזען דורכ'ן פענסטער הירשעל דוכאָווני מיט אַ קליין קינד אויף דער האַנט — ביידע דער'הרג'עט.

„מיר האָבען פאַרשטאַנען, אַז מיר זיינען געבליבען לעבען מיט ניסים, און מיר האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער אַריין. אונזער שוועסטער סאָסיע — אַן אמת'ע העלדין — האָט באַשלאָסען צו בלייבען אויבען, כדי זי זאָל קאָנען פאַרמאַכען די טיר פון דעם קעלער און צו פאַרמאַסקירען זי.

„אלע — חוץ אונזער שוועסטער סאָסיע — זיינען מיר אַראָפּ־גענאַנגען אין קעלער.

„ניט לאַנג זיינען מיר געזעסען אין קעלער, און אַ טראַך פון אַ באָמבע האָט זיך דערהערט. די באָמבע האָט אויפגעריסען אין אונזער שטוב. נאָך דעם טראַך האָבען מיר דערהערט אַ קוויטש... מיר האָבען גלייך געוואוסט, אַז דאָס איז אונזער שוועסטער סאָסיע שוין דער׳הרג׳עט!... מיר זיינען געוואָרען זייער אומרואיג. מיר זיינען אָבער געזעסען שטיל.

„פּלוצים האָבען מיר דערהערט, אַז איבער אונזערע קעפּ וואַרפט מען דאָס האָלץ, וויזט אוים, ווילענדיג געפינען די קעלער־טיר, וועל־כע האָט אונז פאַרדעקט און פאַרבאָרגען. שטיל זיינען מיר געזעסען. אפילו אונזער קליין ברודערל שואל׳יק, וואָס איז אַלט געווען אַנדער־האַלבען יאָר, האָט פאַרשטאַנען, אַז דער בעסטער מיטעל צו בלייבען לעבען איצט, איז צו שווייגען.

„מיר האָבען אָבער געהערט דאָס קול פון אונזער שוועסטער סאָסיע!... איך האָב זיך אויפגעהויבען אויף דעם לייטער צו דער טיר איבער אונז און געוואָלט זי עפענען. די טיר האָט זיך אָבער ניט געעפענט...

„איך האָב געקלאַפּט מיט׳ן קאָפּ אין דער טיר... די טיר האָט זיך אונטער דעם דראַנג געעפענט. פון דעם שטאַרקען קלאַפּ מיט מיין קאָפּ האָט מיך דאָס בלוט באַגאָסען. מיט אַ פאַרגאָסען פּנים בין איך אַרוים פון קעלער. איך האָב די שוועסטער אַרומגעכאַפּט, געפרעגט איר, וואָס זי טוט און וואָס טוט זיך אין שטאָט. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און געזען, אַז אין שטאָט איז גאַרניט רואיג, האָב איך זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט אין קעלער. מיין שוועסטער סאָסיע איז נעבאַך אַ פאַרוואונדעטע געבליבען אין שטוב, מאַכענדיג זיך פאַר טויט...

„פאַרנאַכט האָט די שוועסטער סאָסיע אונז אַרויסגערופען פון קעלער. זי איז געווען שטאַרק פאַרוואונדעט. מיר האָבען זי אָפּ־געפירט אין שפּיטאָל. זי האָט געהאַט צען וואונדען, אַ שטאַרקע וואונד אין באַק, די צונג איז ביי איר געווען איבערגעשניטען.

„די שוועסטער האָט זיך לאַנג און שטאַרק געמאַטערט ביז זי איז געזונט געוואָרען.

„נאָך פיל שווערע איבערלעבונגען, האָבען מיר געמוזט אַנט־לויפען פון פעלשטין. מיר געפינען זיך אין לעמבערג. מיר וואַר־טען אויף הילף״...

**דוואָסיע לערנער דערצעהלט:**

„שבת אויף דער נאַכט בין איך מיט מיין שוועסטער, גאָלדע, געווען אויף אַ פאַרזאַמלונג ביז צוועלף דעם זייגער. גאָר פּלוצים דערטראָגט זיך צו אונז די ווידעס בשורה, אַז אין פּראָסקוראָוו איז אַ גרויסע שחיטה... מען קוילעט אידען אין די גאַסען. אויף דער פאַרזאַמלונג איז געוואָרען אַ גרויסער רעש און יעדער איינ־ציגער איז געלאָפען אַהיים אין איין שרעק.

„איך, מיט מיין שוועסטער, בין אויך געלאָפען אַהיים. איך קום אַריין אין שטוב, וויים און זעהר דערשראָקען. די עלטערען, קוקענדיג אויף מיר, זיינען נאָך מער דערשראָקען געוואָרען. פרעגען זיי מיך: וואָס איז מיט מיר?

„איך זאָג זיי: — „מען הרג'עט אידען אין פּראָסקוראָוו... לאָמיר אַנטלויפען!" דער טאַטע, מיינענדיג מיך צו באַרואיגען, זאָגט צו מיר: — „זיי ניט אַזוי דערשראָקען, קינד! עס וועט דאָ גאָר ניט זיין".

„מיר האָבען אָבער דאָך פאַרלאָשען דעם לאָמפּ און זיינען אין דער פינסטער איבערגעזעסען די נאַכט.

„זונטאָג איז דעם גאַנצען טאָג געווען שטיל. מען האָט גאָרניט געהערט פון פּראָסקוראָוו.

„מאָנטאָג האָט דער רב געהייסען יעדען פאַסטען, אפילו קליי־נע קינדער אין די וויגען זאָל מען אויך ניט געבען קיין עסען. און עס איז אַזוי געווען. ווען עס איז געקומען די צייט אַנצובייסען, איז גאָר פּלוצלונג געוואָרען אַ גרוים געלויפעריי...

„איך בין אַרוים אינדרויסען און געפרעגט, וואָס מען לויפט אַזוי. זאָגט מען מיר: „אַנטלויפט!... די קוילערם זיינען שוין געקומען!" איך בין אַריין אין שטוב מיט אַ גרוים געוואַלד: „לאָמיר אַנטלויפען! מען איז אונז געקומען אויסקוילען!" די שטאָט איז שוין געווען אַרומגערינגעלט מיט די קוילערם. זיי האָבען שוין ניט אַרויסגעלאָזט פון שטאָט. מיר האָבען זיך צוריקגעקערט אַהיים, פאַרשפּאַרט די טיר, ניט אָנגעצונדען דעם לאָמפּ און אַזוי געזעסען ביז צען דעם זייגער.

„פּלוצים דערהערען מיר אַ קלאַפּ אין אַ פענסטער. דער קלאַפּ אין פענסטער איז געווען אַ גרינגער קלאַפּ. אין דער טאַטע גע־זאָגט, אַז דאָס מוז אודאי זיין אַ היימישער מענ[illegible] גיב איך אַ קוק אין פענסטער און דערזע אַ „ביקס". מיר זיינען ז[illegible] דערשראָקען גע־

ווארען, האבען מיר זיך געזוכט ערטער וואו זיך צו באהאלטען... ניטא קיין ארט! מיר זעען, אז מיר ווערען געקוילעט!...

רופט זיך אפ דער טאטע: „מען דארף געהן עפענען די טיר. אפשר וועלען מיר זיך אויסקויפען דאס לעבען...

„און דער טאטע איז געגאנגען עפענען די טיר, כאטש דאס הארץ האט זיך אים אפגעריסען.

„עס זיינען ארײן זעקס ראזבויניקעס. מיר זיינען זעהר דער־שראקען געווארען... רופען זיך אן די ראזבויניקעס: „זייט ניט דערשראקען, מיר זיינען ניט געקומען הרג'ענען, מיר זיינען נאר געקומען רויבען...

„זיי האבען אוועקגערויבט וואס מיר האבען געהאט געלט און זיי זיינען אוועקגעגאנגען. מיר האבען ווידער פארמאכט די טיר און ווידער אזוי געזעסען אין דער פינסטער אין איין מורא. די גאנצע נאכט איז געווען שטיל.

„אינדערפרי רופט זיך אן דער טאטע: „אז די נאכט איז גע־ווען שטיל, וועט שוין, חלילה, גארניט זיין".

„מיר זיינען געווען אין שטוב ביז אכט דעם זייגער אינדער־פרי. אכט אזייגער דערהערט זיך א קלאפ אין טיר... מיר האבען די טיר ניט געעפענט, און מען איז אוועקגעגאנגען.

„איז מען צוגעגאנגען צו דער צווייטער שטוב. דארט האבען זיי די טיר צעבראכען, די פענסטער אויסגעקלאפט און זיינען ארײן אינעווייניג.

„אין דער צווייטער שטוב איז געווארען זעהר א גרויס גע־שריי... די געשרייען זיינען געווען, ווי דער חלף ליגט שוין אויפ'ן האלז...

„אזוי ווי מיר האבען דערהערט די געוואלדען פון דער שטוב לעבען אונז, האבען מיר גענומען לויפען, וואו די אויגען האבען אונז געטראגען. אזוי לויפענדיג, זיינען אונז אנגעלאפען אנטקעגען פינף „קוילערס" און האבען אונז געטריבען צוריק אין שטוב ארײן.

„איך מיט מיין שוועסטער רבקה האבען זיך נאך געקאנט ארויפדראפען אויפ'ן בוידעם. די איבעריגע האבען שוין ניט גע־קאנט!...

„די קוילערס זיינען ארײן אין שטוב און האבען שוין אנגע־הויבען צו קוילען. איך האב געהערט די לעצטע ווערטער פון מיין מאמען: ... — בעט אייך, — האט זי צו זיי געזאגט, — איך גיב אייך אוועק, אלץ וואס איך פארמאג, אבי איר זאלט

אונז לאָזען לעבען״... זיי האָבען געזאָגט: „ניין! דאָס ניט! לאָזען לעבען וועלען מיר ניט!״... רופט זי זיך אָן: „קוילעט זשע מיך פריער און דערנאָך מיינע קינדער!... איך וויל ניט, איך קאָן ניט צוזען ווי מיינע קינדער וואַרפען זיך ווי געקוילעטע שאָף!...״

„זיי האָבען דער מאַמען צוליב געטאָן... פאַר אירע אויגען האָבען זיי אויסגעקוילעט די קינדער, און דערנאָך זי...

„מיר, אויפן בוידעם, האָבען די אַלע קולות אויסגעהערט און זיינען פון בוידעם ניט אַראָפּ... איך האָב געמיינט, ווען זיי וועלען אַרוים פון שטוב, וועל איך נאָך קאָנען ראַטעווען עמיצען... מיר האָבען אָבער ניט געקאָנט צוהערען די קולות אויף דעם בוידעם און מיר זיינען פון דאָרטען אַראָפּ...

„די קוילערס זיינען אונז אַנטקעגען געקומען און געטראָפען אונז ביי דער טיר. זיי האָבען רבקה׳ן תיכף גענומען אויף דער שווערד און איך בין — איך ווייס ניט ווי אַזוי — אַרויף צוריק אויפ׳ן בוידעם.

„רבקה האָט ניט געשריען, זי האָט זיך געמאַכט פאַר טויט. האָבן זיי איר אָפּגעלאָזט און זיינען געגאַנגען מיך זוכען אויפ׳ן בוידעם מיט ליכט. איינער האָט אויף מיר געטראָטען און ניט געוואוסט. ער האָט געשריען: — געה אַפּיר פון באַהעלטעניש. טאָמער וועסטו אַליין ניט געהן, וועט דיר זיין פיל ערגער. — און איך ליג און טראַכט: „זאָל איך זיך אַליין געבען אונטער׳ן מע־סער?...״

„זיי האָבען מיך ניט געפונען, און זיי זיינען אַראָפּ פון בוידעם און אַוועקגעגאַנגען.

„איך בין אַראָפּ אין שטוב זען, וועער עס לעבט נאָך און וועמען איך קאָן ראַטעווען. איך גיב אַן עפען די טיר: די מאַמע ליגט אויסגעצויגען און דאָס בלוט גיסט זיך ווי וואַסערלאַך פון קוואַ־לען... איך געה אריין אין שטוב, זע איך ווי דער טאַטע ליגט אונטער דעם טיש צונויפגעלייגט ווי אַ זאַך וואָס פאַלט צוזאַמען און לעבען אים שטייט אַ טייך בלוט... איך קום אַריין אין זאַל — זע איך ווי ביידע קינדער ליגען אויף דעם „סאָפּקעלע״ אַנגעלייגט איינס אויף דעם צווייטען, אַזוי ווי געקוילעטע שאָף... און כאַצקעל ליגט און שרייט!...

„איך האָב זיין קול ניט דערקענט. איך האָב אים דערקענט אַן דעם פּידזשאַק. מיין קליין ברודערל, גדליה, פון ניין יאָר, ליגט

אויף דעם בעט. דאָס בעטגעוואַנט איז פאַרגאָסען מיט בלוט...
ער רופט זיך אָן: „זאָג מיר, איידער איך שטאַרב, ווער איז געבלי-
בען לעבען? זאָג מיר דעם אמת... איך וויל וויסען מיט וועמען
איך געה אַזוי יונג אין דער נאַסער ערד אריין!... איך האָב
געהערט דעם טאַטענס קולות. זאָג מיר, וואָס גיכער, איך געה
אוים!..."

„איך האָב אים געזאָגט אַלץ.

— „דו זאָלסט ניט שרייען, — זאָגט ער צו מיר, — ווייל מען
וועט נאָך דערהערען. — ביי די ווערטער איז ער אויסגעגאַנגען!...

„איך בין געבליבען מיט פיר טויטע און צוויי פאַרוואונדעטע.
עס איז געוואָרען נאַכט. די צוויי פאַרוואונדעטע האָב איך ארונטער-
געלייגט אונטער דעם בעט און האָב די גאַנצע נאַכט געשפּאַנט אי-
בער די גע'הרג'עטע, נעמען וואַסער צו ראַטעווען די לעבען-געבלי-
בענע...

„אינדערפרי בין איך געלאָפען זוכען אַ מענשען, אַז מען זאָל
כאַצקלען אויפהויבען פון דער ערד. איך בין ארומגעלאָפען אַזוי
אַ גאַנצען טאָג... איך האָב קוים געקראָגען אַ גוי, וועמען איך
האָב זעהר געבעטען און געוויינט פאַר אים, איז דער גוי געקומען
און האָט אים אויפגעהויבען פון דער ערד.

„דריי פאַרוואונדעטע קינדער זיינען געלעגן דריי טעג מיט
די הרוגים, ביז עס איז צוגעפאָרען אַ פור און מען האָט זיי פאַר-
נומען אין שפּיטאָל. און אין צוויי טעג אַרום, נאָכדעם ווי מען
האָט צוגענומען די פאַרוואונדעטע, האָט מען ערשט פאַרנומען אויף
אַ פור די הרוגים. עס איז אפילו קיינער ניט געווען אין שטוב, ווען
מען האָט זיי אַרויפגעלייגט אויף דער פור. אויף דעם בית-עולם
זיינען זיי אויך געלעגען דריי טעג, ביז מען האָט זיי מקבר געווען...

„די קינדער זיינען געלעגען צוויי חדשים אין שפּיטאָל, און מען
האָט זיי אויסגעהיילט. נאָר כאַצקעל איז געלעגען פיר חדשים און
ער איז געבליבען מיט אַ פעלער: ער האָט ניט געקאָנט רירען
מיט אַ האַנט און מיט אַ פוס. מיר האָבען אים גענומען אַהיים.
ער האָט קיין סך ניט געדויערט. עס איז געווען שבועות זיינען די
קוילערס געקומען נאָך אַמאָל און מען האָט אים גע'הרג'עט אויפ'ן
פעלד".

**איטע קאָוולער** (משולם׳ס טאָכטער) דערצעהלט:

איך, איטע קאָוולער, די טאָכטער פון מיין גע׳הרג׳עטען פאָ־טער הר׳ משולם קאָוולער, באַשרייב אין קורצען, וואָס איך האָב אי־בערגעלעבט אין דער צייט פון דעם מערדערישען און בלוטיגען פאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען אין אונזער שטעטעל פעלשטין צו־ריק מיט צוויי יאָר, י״ח אדר א׳, תרע״ט.

אין יענעם פינסטערען, ביטערען פרימאָרגען, ווען מיר זיינען נאָך געלעגען אויף די „געלעגערס״, האָבען מיר שוין דערפילט ווי דער מלאך־המות שוועבט איבער די גאַסען פון אונזער שטעטעל...

פלוצים האָבען מיר דערהערט אַ ברעכען פון טיר־און־טויער, מיט דעם מורא׳דיגען בריאַזג פון אויסגעזעצטע פענסטער. אין איין סעקונדע האָבען זיך דערטראָגען צו אונזערע אויערען די יאָמער־געשרייען פון אונזערע נאָענטע שכנים. די „אָך־און־וועה״־געשרייען פון די צעשטאָכענע, צעהאַקטע און צעבראָקטע וואָס האָבען זיך געוואָלגערט און געצאַפּעלט אין טייכען בלוט אין דרויסען, אויף דעם טיפען שניי, האָבען אונז פון די געלעגערס געוואָרפען...

מיין ליבער פאָטער, וואָס האָט תיכף דערפילט, אַז עס איז גע־קומען אַן עת צרה ליעקב, האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם צרור־הכסף וואָס איז געלעגען אונטער זיין צוקאָפּענס און האָט אַ געשריי געטאָן: „קינדער! באַהאַלט זיך. איך וועל אייך אויסקויפען, נאָר שטעהט ניט און וואַרפט זיך ניט אין די באַנדיטישע אויגען״...

ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער שטוב־טיר, נאָכדעם צו דעם טויער פון הויז. אין דער מינוט זיינען שוין די באַנדיטען באַפּאַלען אונזער שטוב און אָנגעהויבען ברעכען דעם דרויסען־טויער. דער פאָטער האָט גערעכענט, אַז ער וועט פאַר זיי אַליין עפענען דעם טויער, וועט ער מיט דעם שטילען זייער כעס, און אפשר אויך זיי פאַרבלענדען די אויגען מיט דעם געלט, וואָס ער האָט געהאַלטען אין האַנט.

מיר זיינען ניט געלאָפען זיך באַהאַלטען: מיר האָבען ניט געוואָלט איבערלאָזען דעם געטרייען טאַטען אַליין. מיר זיינען נאָר געשטאַנען אַביסעל אָפּגערוקט פון אים. דער פאָטער האָט פאַר זיי דעם טויער געעפענט. אין דער זעלביגער סעקונדע, וואָס ער האָט געעפענט דעם טויער פאַר די רוצחים, איז ער געשטאָכען גע־וואָרען. מ׳האָט אים אַוועקגעשלעפּט אַביסעל ווייטער און מיט דער שווערד האָבען זיי אים געהאַקט איבער׳ן קאָפּ. מיר זיינען פאַר־

גליווערט געוואָרען!... אומבאַוואוסטזיניג זיינען מיר זיך צעלאָ־
פען באַהאַלטען אין שטוב, ווייל מען האָט שוין ניט געקענט אַנט־
לויפען אין דרויסען...

די באַנדיטען האָבען זיך אַריינגעריסען אין שטוב, צעשמע־
טערט די פענסטער, צעבראָכען דאָס מעבעל, אַל־דאָס גוטס פאַרנו־
מען: די מלבושים, די פוטערס. דערנאָך האָבען זיי זיך גענומען
זוכען מענשען...

אומגליקליך בין איך געווען אין דעם שרעקליכען מאָמענט. איך
האָב ניט געטראַכט וועגען זיך, נאָר וועגען מיין קראַנקער מוטער...
מיר האָבען די קראַנקע מוטער אַראָפּגעשלעפּט אַ נאַקעטע פון׳ם
געלעגער און מיר, אַלע דריי, מיין שוועסטער רייזע, די מאַמע און
איך, האָבען זיך אויסגעצויגען אין „קאַמער”, הערענדיג די שווערע
טריט פון די באַנדיטען, וואָס האָבען זיך דערנעענטערט צו אונז.
מיר האָבען געפּאַכט מיט די נשמות און געבעטען גאָט, ער זאָל אונז
צושיקען אַ פרידליכען שטילען טויט!

אַ באַנדיט האָט געעפענט די טיר פון דער קאַמער און אַזוי ווי
דאָרט איז געווען פינסטער, האָט ער אָנגעריבען אַ שוועבעלע. די
גזלנ׳ישע אויגען האָבען תיכף דערזען מיין שלאַפע מוטער וואָס האָט
זיך אויפגעשטעלט צו פאַרשטעלען אירע קינדער...

דער מערדער, אַ קוק געבענדיג אויף דעם טויט־ווייסען פּנים,
זעענדיג ווי דער טויט איז שוין סיי ווי ניט ווייט פון דער געטרייער
מוטער, האָט דאָך געשריען מיט זיין מערדער־שטימע: „וויכאַדי,
ווילאַז!...” און מיין מוטער בעט זיך ביי אים: „איך געה דאָך
סיי ווי אוים!... איך ווער פאַרפרוירן!...

דאָס געבעט פון מיין מוטער האָט דאָך דערוועקט עפּעס אַ
פונק פון רחמנות, אַ גלעט געטאָן דעם מערדער, דעם רוצח, און
ער איז זיך געגאַנגען צוריק אין שטוב אַריין רויבען, וואָס ער האָט
נאָר געוואָלט און אָנגעלעגט גאַנצע „פּאַוואָזקעס”.

מיין ברודער, יצחק, איז געלעגען אויף דעם בוידעם און האָט
דערקענט די קולות, די קוויטשערייען פון די געשטאָכענע מענער,
פרויען און עוללים ויונקים.

די גזלנים האָבען געברענט די קלייטען, די הייזער און אויף
דעם בוידעם איז געוואָרען אַ דושענדער רויך. ער האָט געמיינט,
אַז מען האָט אונטערגעצונדען אונזער שטוב. האָט ער מורא געהאַט
טאָמער ווייסען מיר דאָס ניט און קאָנען אַזוי פאַרברענט ווערען.
איז ער געגאַנגען דעם מלאך המות אַנטקעגען און האָט אונז אָנגע־

הויבען זוכען. געפונען האָט ער נאָר אונז דריי, מיין מוטער, מיין שוועסטער, רייזע, און מיך.

מיט מסירת־נפש האָבען מיר זיך גענומען לויפען... די גוים האָבען ניט אַריינגעלאָזט, מען האָט אונז באַמערקט און נאָכגעשריען נאָך אונז. לעבען אונזערע פיס זיינען געפאַלען צוויי „זשערטוועס" (קרבנות): אברהם גוטמאַנ'ס פרוי און קינד...

אָהן שכל און אָהן געדאַנקען האָבען מיר געשפּאַנט אין די טיפע שנייען פון פעלד, און יעדער האָט געטראָגען די שלאַפע מוטער אויף די פּלייצעס און יעדער האָט אונטערגעהאַלטען מען זאָל חלילה ניט פאַלען מיט איר...

צוויי מעת־לעת זיינען מיר געלעגען אין אַ טיפען גרוב פון שניי — נאַקעט און באָרוועס... ביינאַכט איז געגאַנגען אַ רעגען און אינדערפרי איז געוואָרען אַ פראָסט... די קעלט, דער הונגער און דאָרשט, דער פחד, די מורא האָבען אונז שוין מער ניט געלאָזט ליגען אין פעלד און מיר האָבען אָפּגעשמועסט צווישען זיך, אַז עס איז גלייכער גע'הרג'עט צו ווערען פון שונא'ס האַנט אין שטאָט, איידער פאַרפרוירן צו ווערען און אויסצוגעהן אין פעלד פון הונגער און קעלט.

מיר האָבען גענומען די קראַנקע מוטער אויף זיך. יעדער ביז דער כוח איז אויסגעגאַנגען און געלאָזט זיך צוריק צום מלאך המות אין די הענט אַריין...

קומענדיג בשער העיר, איז מען אונז אַנטקעגענגעקומען מיט הונדערטער גע'הרג'עטע שוועסטער און ברידער... אַך! פאַר־וואָס בין איך דעמאָלט ניט בלינד געוואָרען?! דאָס בילד פון יענעם טאָג פיינינגט מיך ביז צום טויט!... אַלע אידישע בלוט־פאַרגיסונ־גען פון אַמאָליגע יאָרען, מיט דער אינקוויזיציע פון מיטעלאַלטער, זיינען אפשר איינס פראָצענט, איין בלוטיגער פלעק אין פאַרגלייך אַנטקעגען דעם בלוט, וואָס די אכזריות'דיגע מערדער האָבען פאַר־גאָסען אין דעם שטעטעל אין דעם אויבען־דערמאָנטען טאָג...

מען האָט געפירט הרוגים אָהן קעפּ, אָהן הענט, אָהן פיס, דער מאַרך פון די ביינער, די געהירען פון די קעפּ, האָבען גערונען און געלאָזט סימנים אויפ'ן וועג צום בית־הקברות...

אַ נאַכריכט האָט מען אָפּגעגעבען, אַז אונזער עלטסטע שוועס־טער, מרים, מיט איר מאַן, יחיאל קאָרענבליט, וואָס האָבען דער־פילט פריער פאַר אונז די געפאַר פון אומגליק און זיינען נאָך ביי־נאַכט אַנטלאָפען צו אַ גוי, וואָס האָט זיי איבערגעהאַלטען די גאַנצע

נאכט און אינדערפרי, פונקט צום אומגליק, זיי ארויסגעטריבען — אז זיי האָבען זיך געמוזט לאָזען צוריק אהיים, ווייל מיין שוועסטער מרים איז ערשט געווען ארויס פון קימפעט מיט א ניין טאָגיג אינגעלע אויף די הענט... ערשט נעכטען געווען דער ברית-מילה. דער שוואָגער יחיאל מיט אַ מיידעלע אויף די הענט, נאָך קיין דריי יאָר ניט אַלט, מיט נאָך דריי קינדער, שוין דערוואקסענע, האָבען באין ברירה געמוזט געהן אהיים. און פונקט ווי זיי האָבען אריבער־געטראָטען די שוועל פון זייער שטוב, האָבען זיי די רוצחים באַפאַ־לען, גע׳הרג׳עט זיי אָהן רחמנות... דאָס ניין טאָגיגע אינגעלע איז דערשטאָכען געוואָרען אויף דער שוועסטער׳ס ברוסט צוזאַמען מיט דער מוטער...

ווען מען איז געקומען פאַרנעמען די טויטע, האָט מען נאָך געטראָפען די צוויי קינדער זשיפען. האָט מען די קינדער אריינ־גענומען אין שפיטאָל. זיינען מיר תיכף געלאָפען זען די קינדער. מיר האָבען זיי ניט דערקענט. זיי זיינען געווען צעשלאָגען און באַגאָסען מיט בלוט...

מיר האָבען אהיים גענומען די קינדער, ווייל מע האָט זיי אין „באַלניצע״ (שפיטאָל) סיי ווי סיי ניט געקאָנט ראַטעווען. זיי זיינען געווען זעהר שווער פאַרוואונדעט און קיין דאָקטוירים זיינען ניט געווען... דאָס קימפעט-קינד איז אָבער נאָך דריי וואָכען שווערע ליידען געשטאָרבען. נאָר דאָס איין און איינציגע, דריי יאָריגע מיידעלע, 16 וואונדען האָט זי געהאַט, איז, מיט גאָט׳ס הילף, פריי־ער, און מיט אונזער ענערגישער אויפפאַסונג, אונז געלונגען, נאָך אַ האַלב יאָר מוטשען זיך מיט איר, זי שטעלען אויף די פיס און מאַכען פון דעם אַ לייט.

אַן אוצר׳ל, אַ זעלטען-שעהן קינד איז דאָס און די חכמה אַליין. דאָס קינד הייסט איטע קאָרענבליט, איצט שוין פינף יאָר אַלט. מיר האָבען זיך פאַר׳ן קינד כמעט מוסר נפש געווען און זיינען זיך פאַר דעם מפקיר...

אונזערע עלטערען׳ס פאַרמעגען און אויך דעם קינד׳ס עלטע־רען׳ס פאַרמעגען האָט מען צעראַבירט, צוויי קלייטען מאַנופאַקטור האָט מען פאַרברענט. דאָס קינד איז געבליבען אַ קיילעכדיגע יתומה׳לע. מיר האָבען עס גענומען אונטער אונזער שוץ...

כאָטש דער פעלשטינער אומגליק האָט אונז פאַרטריבען פון אונזערע היימען; כאָטש מיר געפינען זיך איצט אין לעמבערג, נאַקעט און באָרוועס, הילפלאָז און אָהן אַ צוקונפט; כאָטש איך

מיט דעם קינד זיינען אין לעמבערגער בית-יתומים און מיר עסען „לאסקאָווע" ברויט ; כאַטש מיין ברודער, יצחק קאָוולער, מיט מיין שוועסטער, רייזי, וואַלגערען זיך אויף די גאַסען פון לעמבערג און זייער רו געפינען זיי אין די שולען און הקדש'ן — ווילען מיר דאָך אַלע שטעהן אויף דער וואַך און היטען דער שוועסטער'ס קינד...

ווען מיר וואַרפען נאָר אַ בליק אויף דעם יונגען צווייגעלע, ווער־רען מיר מונטער און פריילאַך... אונזער איינציגע האָפנונג, איז נאָר צו מאַכען לייט פון דעם אומגליקליכען קינד. מיר בעטען גאָט, אַז ער זאָל צוליב דעם קינד אונז געבען כוח און מוט צום לעבען. מיר מוטשען זיך, מיר זיינען זיך מפקיר פאַר אונזער שוועסטער'ם קינד. מיר בעטען פריער גאָט און דערנאָך מענשען צו העלפען אונז, אַז מיר זאָלען זיך קיינמאָל ניט דאַרפען שיידען פון דעם קינד.

**מאַיקע שיינבאַרג** דערצעהלט :

איך, מאַיקע שיינבאַרג, און מיינע צוויי שוועסטערלאַך, טויבע, 14 יאָר אַלט, און חיה, 12 יאָר אַלט, וואָס געפינען זיך איצט אין לעמבערג, באַשרייבען אין קורצען וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט אונז דעם 18טען טאָג אין אדר.

אינ'ם טאָג, ווען די סאָלדאַטען זיינען אָנגעקומען קיין פעל־שטין, איז יענעם אויפדערנאַכט געקומען צו אונז אַ גוי'ע קויפען אַ טיכעל. מען האָט זיך מיט איר ניט געקאָנט אויסגלייכען און זי איז אַוועקגעגאַנגען. אינדערפרי איז זי געקומען און האָט אָנגע־הויבען צו קלאַפען אין דער טיר. מיר האָבען זי ניט אַריינגעלאָזט. איז זי געגאַנגען זוכען סאָלדאַטען און האָט זיי תיכף געבראַכט. די סאָלדאַטען האָבען אויסגעקלאַפט די פענסטער און זיינען אַריין אין שטוב מיט דער גוי'ע. די גוי'ע האָט אונז אָנגעהויבען זוכען, זיינען מיר אַריבער צום פעטער עלי. נאָר דער טאַטע האָט שוין ניט געקאָנט אַנטלויפען, און מען האָט אים געכאַפט. דער טאַטע האָט זיך געבעטען ביי זיי : „איך בין אַ טאַטע פון קינדער, לאָזט מיך לעבען !..." רופען זיי זיך אָן : „וואו זיינען די קינדער ?" האָט דער טאַטע געזען, אַז עס איז שלעכט, האָט ער זיי געזאָגט, אַז זיי זיינען זיך צעלאָפען, און ער ווייסט ניט וואוהין. און זיי האָבען גענומען שרייען : „גיב גאָלד און זילבער... ווילען מיר דיך לאָזען לעבען". האָט זיך דער טאַטע אָנגערופען : „קיין גאָלד האָב איך ניט... נאָר איך האָב פיר טויזענט קערבלאַך גיב איך זיי אייך און לאָזט מיך לעבען".

זיי האָבען די פּאָר טויזענט קערבלאַך צוגענומען און דערנאָך האָבען זיי אים צעשפּאָלטען דעם קאָפּ מיט דעם מעסער און מיר זיינען געלעגען אויף דעם בוידעם און האָבען נאָך געהערט דעם לעצטען קרעכץ און נאָך דעם קרעכץ האָבען זיי צוויי מאָל אויסגע־שאָסען, אים געטראָפען אין הארצען אריין. און דער טאַטע איז דערגאַנגען! . . .

מיר זיינען געבליבען יתומים אָן שום מיטלען צום לעבען. מיר האָבען געהאַט אַן איינציגען ברודער — שמחה — איז ער אין 1919 פאַרשלאָפּט געוואָרען אויף „טיפוס". ער איז אָפּגעלעגען צוויי וואָכען אויף דעם קראַנקען־בעט און איז געשטאָרבען. ער איז אַלט געווען 21 יאָר. מיר האָבען געלייגט אַלע האָפנונגען אויף אים. יעצט זיינען מיר געבליבען זעקס יתומים, אָהן שום מיטלען צום לעבען. די פאַמיליע האָט זיך געמוזט צעטיילען. די מאַמע האָט געמוזט אַוועקשיקען אונז, 3 קינדער, קיין לעמבערג אין „פריוט" (יתומים־הויז), כדי מיר זאָלען געראַטעוועט ווערען פון דעם מע־סער וואָס פּעטלורע האָט אַלע מאָל אָנגעשיקט אויף אונז.

איצט געפינען מיר זיך אין לעמבערג אין אַזאַ ביטערער לאַגע, אַז מיר באַוויינען אונזערע יונגע יאָרען, וואָס פּעטלורע מיט זיינע מערדער (ימח שמם!...) האָבען אונז אַזוי פאַרביטערט... פילע מאָל טראַכטען מיר, אַז ס'וואָלט שוין בעסער געווען ווען פּעטלורע'ס שווערד וואָלט אונז אומגעבראַכט, איידער צו מוטשען זיך אַזוי ווי מיר מוטשען זיך . . .

טרערען באַגיסען מיך, ווען איך טראַכט וואָס ס'וועט פון אונז ווערען... עלענט אויף אַזאַ גרויסער וועלט... זיינען נישטאָ שוין קיין אידען אויף דער וועלט וואָס זאָלען רחמנות האָבען אויף גע־קוילעטע און ניט דערקוילעטע יתומים? ! . . .

**בריינצע פּאָמעראַנץ** (10 יאָר אַלט) דערצעהלט:

טייערע און ליבע אומבאַקאַנטע פעלשטינער אין אַמעריקע:

מיר אַלע, קינדער פון פעלשטין, וואָס געפינען זיך אין לעמ־בערגער „פריוט" (יתומים־הויז), און מוטשען זיך, ווענדען זיך צו אייך מיט אַ גרויסער ביטע, אַז איר זאָלט זיך דערבאַרעמען איבער אונז, אומגליקליכע קינדער. מיר בעטען אייך, אַז איר זאָלט אונז אַרויס־נעמען אין אייער פרייען לאַנד, וואו יעדערער פילט זיך פריי און האָט ניט מורא, אַז אָט וועט מען הרג'ענען... מיר בעטען: נעמט אונז אַרויס אין אייער לאַנד, וואו מען פילט זיך מיט'ן לעבען זיכער...

מיר, די יתומים פון פּעלשטינער אומגליק, וואָס מען האָט אויס־געקוילעט אונזערע עלטערען און וואָס געפינען זיך אין לעמבער־גער „פּריוט״, בעטען איך: נעמט אונז אַרויס אין אייער לאַנד, וואו מען לאָזט לעבען!...

דאָס שרייב איך און בעט פאַר אַלע קינדער־יתומים.

א. בייזער

# ווען שפּענער פּאַלען



י יעדער נייער לעבענס שטייגער, איז אויך די רעוואָלוציע געקומען אין שטעדטעל אריין אביסעל שפּעטלאַך. אין די גרויסע שטעדט, באַזונדערס אין פּעטראָגראַד און אין מאָסקווע, איז דער האָניג-חודש פון דער רעוואָלוציע שוין לאַנג געווען פאַראיבער. אייניגע האָבען געצויגען רעכטס, אַנדערע לינקס. און דער קערענסקי רעזשים האָט זיך פאַרקוקט אויף רעכטס, א נויג געטאָן זיך אויף לינקס — און איז אַלץ געבליבען שטעהן אין מיטען, נישט גערירט זיך פון אָרט. אין שטעדטעל אָבער האָט זיך די רעוואָלוציע ערשט דענסטמאָל אָנגעהויבען.

עס וואָלט געווען פאַלש צו באַהויפּטען, אז אין שטעדטעל האָט מען זיך מיט דער רעוואָלוציע נישט אינטערעסירט. פאַרקערט, יעדעס שטיקעל נייעס פון׳ם רעוואָלוציאָנערען פראָנט האָט מען געשלונגען מיט א פאַרכאַפּטען אָטעם.

פלעגט דער פּאָטשטאַליאָן זיך באַווייזען אין גאַס מיט נייע ציטונגען, האָט מען אים ממש צעריסען אויף שטיקער, און די ציטונגען געלייענט פון אלף ביז תו. איז עמיצער אָנגעקומען פון דער אויעזדנער שטאָדט פּראָסקוראָוו, האָט מען אים אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען: וואָס הערט זיך עפּעס נייעס? דער אינטערעס איז געווען ווי צו א זאַך, וואָס איז דיר זעהר נאָהענט, אָבער דאָך נישט דיינס. און דאָס לעבען אין שטעדטעל איז זיך אַנגעגאַנגען, ווי פריער, א חוץ א פּאָר אויסנאָמען. דער פּריסטאַוו איז באַלד נעלם געוואָרען. און די „האָזען״, די יונגעלייט, וואָס האָבען זיך אויסבאַהאַלטען פון מיליטער דינסט און געצאָלט דעם פּריסטאַוו כאַבאַר פאַר דער דאָזיגער פּריווילעגיע, האָבען זיך אַרויס-

געדרוקט פון זייערע לעכער און געשפּאַנט פראַנק און פריי איבער'ן שטעדטעל: ס'איז דאָך רעוואָלוציע.

אין די פייערונגען, וואָס די דאָרפישע פּויערים האָבען דורכגע־פירט לכבוד דער רעוואָלוציע, האָבען די אידען קיין אַנטייל נישט גענומען. טאַמער האָט זיסי סטערניק, אַ געוועזענער בעל־טאַקסע און סתם אַ בכבוד'יגער איד, אַרויסגעטראָטען מיט אַ רעדע פאַר די פּויערים און זיי דערצעהלט, אַז אַמאָל און אַמאָל האָט אברהם אבינו פאַרוואָרפען דאָס געצענדינערייי און נאָך פאַר קריסטוס'ן גע־גלויבט אין ה' אחד — איז קיינער האָט אים נישט געשיקט און קיינער איז נישט געווען פאַראַנטוואָרטלאָך פאַר זיינע רייד.

נאָך פּסח ערשט האָט זיך אָנגעהויבען די רעוואָלוציע אין שטעדטעל. מ'האָט אַראָפּגעוואָרפען דעם סטאַראָסטע. אַזוי פיל יאָהרען האָט געהערשט אין שטעדטעל דער סטאַראָסטע און אַלע דריי יאָהר, פאַר נייע וואַלען, איז אָנגעגאַנגען אַ שטאַרקע מחלוקת צווישען איין צד און צווייטען (אין שטעדטעל זיינען תמיד געווען צוויי צדדים) — האָט מען איצט רעוואָלטירט און אַראָפּגעוואָרפען דעם סטאַראָסטע. און אפילו דאָס איז פאַרגעקומען צוליב אַ אי־דישען זעלנער, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטען אין שטעדטעל אַ פּאָר טעג. דער אידישער זעלנער, וואָס האָט שוין געזעהן די רעוואָלוציע אין די גרעסערע שטעדט, האָט אַ פרעג געטאָן די שטעדטעלשע אידען: — וואָס הערט זיך עפּעס ביי אייך מיט דער רעוואָלוציע?

— גאָרנישט.

— אַלץ ווי געווען?!

— נו, זיכער.

— און דעם סטאַראָסטע האָט איר נאָך נישט אַראָפּגעוואָר־פען? — (ער האָט מסתמא געהאַט אַ האַרץ אויפ'ן סטאַראָסטע פון זיין געבורט־שטעדטעל).

— ניין, נישט אַראָפּגעוואָרפען.

האָט דער אידישער זעלנער צונויפגערופען אַן אסיפה פון די שטעדטעלשע אידען אין פינגערמאַנ'ס פּריוואַטער שולע און געפאָדערט אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע, אַז מ'זאָל תיכף ומיד אַראָפּוואַרפען דעם סטאַראָסטע, דעם דינער פון צאַרישען רעזשים.

צו דער אסיפה איז אויך געקומען דער סטאַראָסטע, זיסי זיי־גערמאַן. ער איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל, געטרויכערט איין פּאַ־פּיראָס נאָכ'ן צווייטען, געפינטעלט מיט'ן רעכטען אויג און גע־ציטערט, ווי אַ פיש אין וואַסער. „מען נעמט ביי אים צו זיין שטי־

קעל ברויט. וואָס זשע וועט ער טאָן? און וואָס אַרט עס זיי, אַז ס'איז דאָ אַ סטאַראָסטע — איך טו עמיצען שלעכטס?"

אַ סך אידען האָבען זיך טאַקע איינגעשטעלט פאַר זיסי סטאַראָסטע. זיי האָבען גע'טענה'ט: און אַז אַ רעוואָלוציע איז וואָס? מען דאַרף דאָך האָבען עמיצען, וואָס זאָל אַרויסגעבען אַ פּאַס. זאָל ער זיך זיין סטאַראָסטע.

דער אידישער זעלנער האָט גערעדט עטליכע מאָל. ער האָט זיך געבייזערט, הלמאי דאָס שטעדטעל איז נאָך געבליבען אין דער פינסטערניש, ווען אין רוסלאַנד לויכט שוין לאַנג דאָס פייער פון דער רעוואָלוציע.

מיט אַ קליינער מערהייט, האָט די אסיפה באַשלאָסען, אַז דער אַמט פון סטאַראָסטע, ווי אַן איבערבלייבאַכץ פונ'ם אַלטען רעזשים, ווערט בטל ומבוטל אויף אייביג און אייביג.

אָן אַ „וולאַסט" האָט דאָך דאָס שטעדטעל נישט געקענט בלייבען, איז אויף אַ שטאָדטישער פאַרזאַמלונג אויסגעוועלט געוואָרען דער אידישער קאָמיטעט מיט פינגערמאַנ'ען בראש.

סעקרעטאַר פון קאָמיטעט איז געווען מאָשקע דעם סטאַראָסטע'ס (מאָשקע זילבערמאַן). געפירט די גרענדע אין קאָמיטעט האָבען נאָר דריי — פינגערמאַן, הערשקע גדליה'ס און משה'לע אברמ'ס. די איבעריגע מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבען זיך אין גאָרנישט נישט געמישט. ווער זשע זיינען די דריי, וואָס האָבען פאַר־כאַפּט די מאַכט אין שטעדטעל? פינגערמאַן — אַ לערער פון רוסיש אין אַ פּריוואַטער עלעמענטאַר־שולע. ער איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָבען אַראָפּגעבראַכט ליכט אין שטעדטעל אַריין.

דאָס ליכט איז געווען די גרויס, ווי פון אַ גראָשענדיג ליכטעל, דערפאַר טאַקע איז זיין השפעה גיך געפאַלען און ער איז געוואָרען אַ יורד. דאָך איז ער געווען אַ גאַנצער שמעלקע מיט דער רו־סישער „אינטעליגענציע" פון שטעדטעל — פּריסטאַוו, גלח, פּאָטשט־נאַטשאַלניק און אַנדערע.

ה. ג. איז געווען דער גברן אין שטעטעל. מיט איהם האָט זיך ניט יעדער געוואָלט פאַרמעסטען אין כוח. ער איז געווען פאַרמישט אין יעדער מחלוקת פון שטעטעל — רב, שוחט, בעל־טאַקסע און סטאַראָסטע.

מ. א.'ס איז געווען, אַזוי צו זאָגען, דער אינטריגאַנט. ער האָט געבורעט פון אינוויינינג. איהם איז ניט געווען גרינג צו קוקען יענעם גלייך אין די אויגען אריין, ווייל ניט תמיד האָט ער געמיינט דאָס

וואס ער האט געזאגט. אַט די דריי אידען זיינען געווען דער רוקען־ביין פון דער נייער „רעוואָלוציאָנערער" מאכט אין שטעטעל.

די אידישע יוגענט האט געפראוועט רעוואָלוציע אויף איר שטייגער. זי האט זיך אָרגאַניזירט אין פּאַרטייען. נישט אַלע אי־דישע פּאַרטייען האבען זוכה געווען צו זיין פּאַרטראַטען אין שטעד־טעל. נאָר די אַלגעמיינע ציוניסטישע פּאַרטיי און די „פּאַראייניגטע" האבען זיך באַפעסטיגט אין שטעדטעל. די ציוניסטישע פּאַרטיי האט צוגעצויגען צו זיך די בירגערליכע מאסע, דעם רוב מנין ובנין פון'ם שטעדטעל. איז זי דערפאר געווען די שטאַרקסטע פּאַרטיי. איר פּאַרזיצער איז געווען שמואל סווינער, אַן ענערגישער מענש מיט אַ שוואַכקייט צו אויסערליכען גלאַנץ. צו דער פּאַרטיי „פּאַראייניגטע" האבען באַלאַנגט די אינטעליגענטען, וואס זיינען געווען געשטימט אי סאָציאַליסטיש, אי נאַציאָנאַליסטיש, און די אַרבייטער מאסען — שניידער, שוסטער, נייטאָרינס. א. בייזער איז געווען דער אָנפירער פון די „פּאַראייניגטע".

ס'האט זיך גראדע געמאכט, אַז צווישען דער שטעדטעלשער אינ־טעליגענציע האט זיך נישט געפונען קיין איין בונדיסט אָדער פּועל־ציון, איז דערפאר מסתמא נישט באַשערט געווען, אַז דער „בונד" און די פּועלי ציון זאָלען צילען איינע אין די אַנדערע קליינשטעדטעל־דיגע פיילען.

די קלוב צימערען פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי האבען זיך געפונען אין מאנישעס הויז, אויף'ן צווייטען שטאָק, אין סאַמע מזרח וואַנט פון שטעדטעל. די קלוב צימערען פון די „פּאַראייניגטע" — אין מרדכי דעם רב'ס הויז, אין קעלער שטוב. פון ציוניסטישען קלוב האט זיך תמיד געהערט די התקוה און אַלערליי קלאַנגען — געזאַנג, פּיאַנאָ און אפילו פידעל. ס'איז געווען פרעהליך, רעש'יג, זאָרגלאָז, ווי אויף אַ חתונה.

מ'האט דערגרייכט דאָס העכסטע, צו וואס מ'האט געשטרעבט שוין לאַנגע יאָרען — מ'קען פראנק און פריי פריידיגען ציוניזם און זאַמלען שקלים. צו פאַרלאָזען רוסלאַנד און באַזעצען זיך אין ארץ ישראל — איז קיינעם נישט געלעגען אפילו אין דער לינקער פּיאה. פאַרזאמלונגען, טענץ, פאַרלעזונגען, רעפעראַטען האבען געפאַלגט איינע נאָך די אַנדערע, ווי אַקאָרדען פון איין סימפאָניע — התקוה הנושנה.

אין סאָציאַליסטישען קלוב איז אויך געווען לעבעדיג. אויף די פאַרזאַמלונגען און רעפעראַטען האט זיך אָפּגעשפּיגעלט דער זיג־

זאגישער גאנג פון דער רוסישער רעוואָלוציע. רעכטס, לינקס; לינקס, רעכטס און ווייטער לינקס — זיינען געווען די טריט, וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט געמאַכט. די דאָזיגע רעכטע און לינקע טריט האָבען בולט אָפּגעקלונגען אין די מוחות, אָפּטער אין די הערצער, פון די „פּאַראייניגטע”, ווי די זון שפּיגעלט זיך אָפּ אין אַ טראָפּען וואַסער. ס׳איז געווען באמת לעבעדיג. מ׳האָט אפילו נישט אַנטיילגענומען אין רעוואָלוציאָנערען כאַר, אָבער מיטגע־שפּילט האָט מען.

באַזונדערס איינדרוקספול איז געווען די דעמאָנסטראַציע פונ׳ם ערשטען מאַי.

רויטע פאָנען האָבען געפלאַטערט איבער׳ן שטעדטעל פראַנק און פריי. מסתמא דאָס ערשטע מאָל, זינט דאָס שטעדטעל איז אַ שטעדטעל. סאָציאַליסטישע לאָזונגען זיינען הילכיג פּראָקלאַמירט געוואָרען. די דעמאָנסטראַנטען זיינען באַהאַנגען געווען מיט רויטע לענטעס. און דאָס זינגען פון אַרבייטער־לידער האָט אָפּגעקלונגען איבער׳ן גאַנצען שטעדטעל, ווי אַן אָנזאָג, אַז אַ נייע צייט קומט אָן.

געוואָרפען זיך אין די אויגען מער פון אַלעמען האָט יעקב־הערש שטילערמאַן (יחיאל דעם רופא׳ס זון). ער איז געווען דאָ און דאָרט און אומעטום. זיין קלייענדיג פּנים איז געווען רויט ווי קאַרמעזין און זיין אויסגעקרומטע פּלייצע האָט זיך עטוואָס אויס־געגלייכט — אָראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם יאָך פון צאַריזם.

אין אָוונט איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג אינ׳ם קלוב פון די „פאַראייניגטע”. אליהו־משה קאָרנבליט, סימאָן סטער־ניק, א. בייזער האָבען גערעדט וועגען דער באַדייטונג פונ׳ם ער־שטען מאַי, וועגען די צילען פון דער רעוואָלוציע. אַ פאַרזאַמלונג מיט אַלע פּיטשעווקעס, ווי אין גרויסע אַרבייטער צענטערען. די ציוניסטען האָבען אין דער ערשטער מאַי דעמאָנסטראַציע קיין אָנ־טייל ניט גענומען.

ווען די פּאַרטייען האָבען זיך באַפעסטיגט און זייערע פּאָזי־ציעס (איינע — אויבען, די אַנדערע — אונטען), האָט מען זיך גענומען גרייטען איןביידע לאַגערען צו די וואַלען אין דער צייט־ווייליגער אידישער קהלה.

דאָקטאָר צימערמאַן, פון טשערנאָ אָסטראָוו, אַן אַנגעזעהענער כלל־טוער מיט אויסגעשפּראָכענע סימפּאַטיעס צום בונדיזם, האָט אַ פּאָר מאָל באַזוכט דאָס שטעדטעל. אין בית־המדרש, פאַר אַ גרוי־סען עולם, האָט ער געהאַלטען אַ רעדע וועגען דער נויטיגקייט צו

אָרגאַניזירען דאָס אידישע לעבען אויף נייע וועלטליכע יסודות. פרעמד האָט אָפּגעקלונגען אין די אויערען פון׳ם אַלטען דור דר. צימערמאַנ׳ס רוף. „וואָס האָקט ער דאָרט אַ טשייניק מיט וועלטליך־שמעלטליך יסודות־שמודות. אַזוי אַ מיט גלאַטינקע ריידעלאַך וויל ער אומברענגען אידישקייט״. דער עולם איז צום שטים־קאַסטען גע־גאַנגען שיטערלאַך. אין קהלה־ראַט זיינען דערוועהלט געוואָרען: מאיר פויגעל, מארקוס לאַפּאַטין, אַ. בייזער, אליהו משה קאָרנבליט, משה חיים וויינטרויב, דוד גאָלדמאַן. אין נאָמען פון׳ם קהלה־ראַט האָבען מ. לאַפּאַטין און א. בייזער זיך געווענדעט צו פינגער־מאַנ׳ען, ער זאָל זיי איבערגעבען די „פעטשאַטען״ פון׳ם שטאָדט־קאָמיטעט. פינגערמאַן האָט זיך געמאַכט תמ׳עוואַטע און גאָרנישט ניט געענטפערט. ה. ג. אָבער האָט געלאָזט וויסען בקול רם אויפ׳ן שטעדטעלשען מארק, אז דעם שטאָדטישען קאָמיטעט וועט ער קיינעם נישט איבערגעבען — און רוף אים קנאַקניסעל!

איז וואָס זשע געבליבען צו טאָן?

אין נייע געשלעגען וועט זיך די יוגענט נישט אַריינלאָזען. דער קהלה־ראַט האָט זיך געווענדעט צום פּראָסקוראָווער שטאָדט־קאָמיטעט, ער זאָל אים העלפען פטור ווערען פון די מאַכט פאַר־כאַפּער. דער אויעזדנער שטאָדט־קאָמיטעט האָט אָפּיציעל באַפאָל־מעכטיגט דעם קהלה־ראַט, ער זאָל אויפלעזען דעם שטאָדט־קאָמי־טעט און איבערנעמען זיינע „פעטשאַטען״. ווען דער קהלה־ראַט האָט געלאָזט וויסען וועגען דעם פינגערמאַנ׳ען, האָט ער געענט־פערט, אַז ער האָט אַזאַ באַפעהל נישט באַקומען און איז נישט מחויב קיינעם צו גלויבען אויפ׳ן וואָרט. פאַר׳עקשנ׳ט איז פינגער־מאַן מיט זיין חברה געווען נישט צוליב׳ן פּרעסטיזש פון מאַכט, ווי צוליעב די פּריוואַטע, גרינגע פּאַרדינסטלאַך. ווייל צו יענער צייט האָט זיך שוין געפּאָדערט אַן ערלויבעניש פון דער אָרטיגער מאַכט ארויסצופירען אָדער אַריינצופירען אין שטעטעל אריין תבואות און אַנדערע סחורות. אַזוינע לייכטע פאַרדינסטלאַך האָט זיך זיי נישט געוואָלט אַרויסלאָזען פון די הענט. ה. ג. האָט אפילו געפּרובירט דאָס אַלטע גוטע מיטעל פון אָנשרעקען דעם געגנער. ער האָט זיך איינמאָל געווענדעט צו א. בייזער בזה הלשון: „הער אויף, דו שגץ איינער, האָבען צו טאָן מיט׳ן שטאָדטישען קאָמיטעט. איך וואָרען דיך מיט גוטען, מיט מיר נישט צו זאַטשעפּען!״ א. בייזער האָט איהם גאָרנישט געענטפערט און איז אויפ׳ן צווייטען טאָג מיט לאַפּאַ־

טינען אפגעפארען קיין פראסקוראוו צום אויזעדנעם קאמענדאנט שאם־טאקאוו און אים געבעטען אין נאמען פון קהל־ראט, ער זאל איינמאל פאר אלע מאל מאכען א סוף צו דער גאנצער געשיכטע. דער קאמענ־דאנט שאסטאקאוו האט צוגעזאגט צו האנדלען שנעל—און אין א פאר טעג שפעטער האט לאפאטין, אין באגלייטונג פון צוויי מיליציאנטען איבערגענומען די „פעטשאטען” פון פינגערמאנ׳ען.

ה. ג. האט זיך א שטיק צייט נישט געוויזען אין גאס. „סטייטש, אזא שאנדע! אזוינע שנעקעס זאלען וואגען ארויס־צורייסען אזא טייערען ביסען פון זיינע הענט”. ער האט זיך אבער גארנישט געקענט העלפען — די צייט פון בלוטיגע געשלעגען איז פאראיבער מיט׳ן אנקומען פון דער נייער מאכט. פינגערמאן האט זיך גענומען צו זיין אלטער מלאכה, צו לערעריי. אין די בתי מדרשים האט ער צעהאנגען מודעות: „אוים פרעדסעדאטעל, ווידער א לע־רער”.

אין ביידע קלובען איז געווען ששון ושמחה. ענדליך פטור גע־ווארען פון דער אלטער מכה אין שטעדטעל, — קריגערייען, אוים־געהאקטע פענסטער און אונטערגעהאקטע זייטען.

דער זומער איז פאראיבער אין שטעדטעל אן שום וויכטיגע פאסירונגען, א חוץ וואס אין די קלובען האבען ביידע פארטייען נישט אויפגעהערט צו שיטען פעך און שוועבעל איינע אויף די אנדערע.

---

זעהר וויכטיגע ענדערונגען זיינען פארגעקומען אין שטעדטעל. פרנסה איז געווען בריות. אפילו דער גרעסטער ארימאן האט גע־האט ברויט צו זאט. אין בית אשר אין שם פרנסה. דער דארפישער פויער האט געקראגען פאר זיין תבואה און בהמות קנאקענדיגע „קערענסקים”, האט ער געלאזט זיך וואויל געהן. ער האט איינ־געקויפט אין שטעדטעל פון אלדאס גוטס: שניט סחורה, באקא־ליי, שטיוועל און פעלצען, אפילו באטינקעס און קאלאשען פאר די יונגע פראנטיכעס. דער פויער האט פארשטאנען מיט זיין פראק־

טישען שכל, אז ס'איז בעסער אָנצוזאַמלען סחורה אין די קאַס־טענס, איידער — די קליינע „קערענסקים" און אפילו די גרויסע ניקאָלאַיעווסקעס אונטער די בעבעכעס. אין די שטעדטעלשע קראָ־מען איז מען נישט געזעסען, ווי פריער, מיט פאַרלייגטע הענט, און זיך אויסגעקוקט די אויגען אויף אַ קונה. פאַרקערט, מען האָט זיך געדאַרט דעם קאָפּ, וואו צו קריגען נייע סחורה. די קעשענעס זיינען אָנגעשוואָ־לען געוועען מיט „קערענסקים" און די סחורה אויף די פּאָליצעס האָט געדאַרט. אייניגע געוואָגטע יונגען האָבען זיך אַזש אוועקגעלאָזט מיט דער אַקס קיין מאָהילעוו אויפ'ן דניעסטער נאָך שניט־סחורה און באַקאַליי.

און אז פרנסה איז דאָ בריוח, טראַכט אַ איד, וועגען רוחניות, וועגען גידול בנים, נישט דעם אַלטמאָדישען! לאַנג טראַכטען האָט דער פאַרמעגליכער איד דאָס מאָל נישט באַדאַרפט. ווייל די „בנים און בנות" האָבען זיך אַליין אוועקגעלאָזט אין די גרעסערע שטעדט, געזאַמט זיך דאָרט אַ שטיקעל צייט און צוריקגעקומען אין „פּאָלנער אוניפאָרם". אינגלאַך — אין גימנאַזיטשעסקע פוראַזשקעס, און מיידלאַך — אין גרינע קליידלאַך און שוואַרצע פאַרטיכלאַך. די טויערען פון די רוסישע גימנאַזיעס האָבען זיך פּאַמעלאַך געעפענט פאַר די אידישע קינדער נאָך פאַר דער רעוואָלוציע. מיט יעדער נייער רוסישער מפלה אויפ'ן דייטשען פראָנט האָבען זיך אין די קאַזאַרמע־ווענט פון די רוסישע גימנאַזיעס באַוויזען אַלץ נייע שפּאַל־טען, דורך וועלכע די ספּריטנע אידישע קינדער האָבען זיך אַהין אַריינגעריסען. נאָכ'ן פאַלען פון די ראָמאַנאָווס האָבען זיך די טויע־רען פון די רוסישע גימנאַזיעס צעעפענט מיט אַ פּראַל. און די אידישע בחורים און מיידלאַך האָבען אַהין אַריינגעשטראָמט ווי אַ פאַרפלייצונג. איז אין שטעדטעל געוועען הימעל און ערד און גימנאַזיעס. ווי נאָר אידישע בחורים און מיידלאַך האָבען זיך באַ־געגענט, האָבען זיי גערעדט וועגען קלאַסען — פערטער, פינפטער, זעקסטער קלאַס גימנאַזיע. און די אידישע קינדער פון די ווייניגער פאַרמעגליכע באַלעבאַטים, וואָס זיינען נישט געוועען בכח אוועקצו־שיקען זייערע זין און טעכטער אין די גרעסערע שטעדט, האָבען זיך אין דער היים געלערענט ביי אידישע סטודענטען, כדי צו זיין גרייט, ביי דער קלענסטער מעגליכקייט, אַריינצוטרעטען אין וועל־כען ס'איז קלאַס פון אַ רוסישער גימנאַזיע. אָרימע אידישע סטו־דענטען האָבען מפסיק געוועען זייער שטודיום אין די אוניווערזי־טעטען, האָבען זיך אַראָפּגעכאַפּט אין די קלענערע שטעדטלאַך,

האָבען געלערענט מיט די אידישע קינדער רוסישע למודים און פאַר־דינט אויף נאָך אַ יאָר שכר לימוד, ווייל צו שטודירען אין די רוסישע אוניווערזיטעטען האָט געקאָסט געלט. דער אָרימער אידישער סטו־דענט מאַראַנץ, אַן אַראָפּגעקומענער פון פּראָסקוראָוו, האָט אָנגע־פירט מיט דער ציוניסטישער שולע און איז שנעל געוואָרען דער שיינדלונג פון דער ציוניסטישער יוגענט.

ווען מאַראַנץ איז געשטאָרבען פון דער שפּאַנישער אינפלוענ־ציע, האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אַראָפּגעבראַכט וואָלף שניידער, אַ סטודענט פון כאַרקאָווער פּאָליטעכניקום. אַ באַהאַ־וועגטער אין פּאַרטיי פּראָגראַמען און אַ גוטער רעדנער, האָט וואָלף שניידער צוגעגעבען אַ געוויסען גלאַנץ דער ציוניסטישער באַווע־גונג אין שטעדטעל. אויך די „פּאַראייניגטע” האָבען געגרינדעט אַ שולע, אַ אידישע. אין איר האָבען זיך געלערענט די אָרימע אידישע קינדער שרייבען און לייענען אידיש. אין קלאַס פאַר דערוואַקסענע האָבען די נייטאָרינס און לערען־אינגלאַך זיך באַקענט מיט די ווערק פון די אידישע קלאַסיקער. די אידישע שולע האָט זיך נישט געקענט גרויסען מיט אַ רייכער דירה און אַ באַקוועמער אויסשטאַ־טונג, ווייל אירע שטיצער זיינען געווען אָרימע מענשען פון באַל־מעלאָכישען קלאַס.

---

אין יענעם יאָר האָט דער אָסיען זיך צו פרי אָנגעזעצט אויפ׳ן שטעדטעל מיט זיינע טיפע בלאָטעס און מעת־לעת׳דיגע רעגענס. גאַנצענע טעג האָט געליאַפּעט ווי מיט צעבערס. און פון די גרויסע שטעדט קומען אָן נישט קיין פרעהליכע ידיעות. אין פּעטראָגראַד האָבען די באָלשעוויקעס פאַרכאַפּט די מאַכט און אין מאָסקווע געהען אָן ביטערע שלאַכטען צווישען די באָלשעוויקעס און זייערע געגנער. דאָס שטעדטעל האָט אויפגענומען אָט די אַלע ידיעות ווי דעם רע־גענדיגען אָסיען — פּע, אַ פּאַסקודנע דרויסען. אָבער טיף אין הארצען האָט מען זיך נישט מיאש געווען — זיי וועלען זיך לאַנג נישט האַלטען, די באָלשעוויקעס! אין אוקראַינע איז די מאַכט געווען אַ לויזע, ווי אויף פּאַסטריגעס גענייט, איין ריר און אַלץ צעפאַלט זיך. אַ סמוטנע צייט!

איין ליכטיגער שטראַל האָט אַ בלישטשע געטאָן: — די באַל־פור דעקלאַראַציע. אין שטעדטעל איז געווען ששון ושמחה. באַלפור, דער צווייטער כורש, האָט אומגעקערט דעם אידישען פאָלק זיין אַל־טע היים. אין ציוניסטישען קלוב איז מען פשוט געווען אויסער

זיך פון פרייד. די התקוה האָט געהילכט פון די קלוב צימערען נישט ווי צוקונפט'ס מוזיק, פאַרבענקט־ראָמאַנטיש, נאָר ווי אַ מאַרש פון אַ זיגערישער אַרמיי. די פייערונג פון דער באַלפור דעקלאַראַציע איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פאָלקס־יום־טוב. פון דעם ציוניסטישען קלוב האָט זיך צעגאָסען אַ העלע פרייד איבער'ן שטעדטעל און ס'דאַכט זיך נישט געווען קיין איין הויז, וואו מען זאָל נישט האָבען גערעדט וועגען דעם. אפילו די עלטערע לייט, וועמענס אויערען זיינען שוין אַביסעל שטומפּיג אויפצוכאַפּען נייע טענער, האָבען אויך דערהערט דעם מעכטיגען ברום פונ'ם בריטישען לייב.

„ווען די וועלט ווערט פאַרפולט פון גאָלער רשעות, מוז קומען גערעכטיגקייט. איז דען די וועלט מלחמה נישט קיין מלחמה פון גוג ומגוג? איז אפשר דער דאָזיגער באַלפור גאָט'ס שליח, דורך וועמען דאָס פאָלק ישראל וועט אויסגעלייזט ווערען פון גלות".

אַזוי האָבען זיך דורכגעשמועסט די עלטערע אידען.

די „פאַראייניגטע" האָבען נישט געקענט דערלאָזען, אַז די ציוניסטען זאָלען איינגעמען דאָס גאַנצע שטעדטעל. אין דעם זעלבען טאָג, ווען די ציוניסטען האָבען געפייערט די באַלפור דעקלאַראַציע, האָבען די „פאַראייניגטע" געמאַכט פון איר אַש און בלאָטע. אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג, אין זייערע קלוב צימערען, האָבען די פירער פון די „פאַראייניגטע" אויסגעלאַכט זיך פון דעם גאַנצען באַלפור טאַראַראַם.

„ס'איז נישט מער ווי אַ כיטרער שפּיצעל פון די ענגלישע פּאָליטיקער, כדי אַריינצוקריגען פּאַלעסטינע, נישט ווי רויבער, נאָר ווי אויסלייזער, ס'איז שענער און פראַקטישער. די אידישע אַרבייטער מאַסען דאַרפען זיך אויסטשוכען פון דעם באַלפור טשאַד און איינאיינעם מיט די פּראָלעטאַרישע מאַסען פון אַלע פעלקער קעמפען, אַז די וועלט מלחמה זאָל זיך ענדיגען אָן זיגער און אָן באַזיגטע."

---

די אוקראַינישע ראַדע האָט נישט געקענט איינהאַלטען דעם באַלשעוויסטישען שטראָם, וואָס האָט זיך צעגאָסען, ווי אַ פאַרפלייצונג, פון די גרויס רוסישע פלאַכען. די באַלשעוויסטישע פּאַרטיזאַנען האָבען געריסען שטיקער פון דער זעלבסטשטענדיגער אוקראַינע און צום סוף פאַרכאַפּט קיעוו.

אָבער זייער ממשלה האָט לאַנג נישט געדויערט. פעטלורע, מיט דער הילף פון די דייטשען, האָט אַרויסגעטריבען די באַלשעוויקעס

פון קיעוו און די ראַדע האָט געפּרובירט מאַכען אָרדענונג אין לאַנד.[*] זי האָט אויך לאַנג נישט געוועלטיגט. די דייטשען האָבען אויפגע-לייזט די ראַדע און ערקלערט דעם העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי אַלס הערשער פון אוקראַינע. אין שטעדטעל איז אָראָפּגעקומען אַ העטמאַנישער סטאַראָסטע און גענומען געוועלטיגען איבער׳ן שטעד-טעל, ווי דער אַמאָליגער פּריסטאַוו. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, די „פאַראייניגטע״ האָט זיך אויפגעלייזט. אפילו די לעגאַלע ציוניס-טישע פּאַרטיי האָט זיך געפילט ווי נידערשלאַגען. די ענגלישע באַלפור דעקלאַראַציע איז געווען טריף אין די אויגען פון די דייטשען, די אמת׳ע הערשער פון אוקראַינע.

די גייסטיגע כחות פון דער אידישער יוגענט, אויפגעוועקטע דורך דער רוסישער רעוואָלוציע, זיינען נישט געגאַנגען לאיבוד אפילו אין דער צייט פון דער העטמאַנישער רעאַקציע. אויב די פּאַרטייען האָבען כמעט אויפגעהערט צו עקזיסטירען, האָבען אָבער די קול-טור-קלובען זיך פאַנאַנדערגעבליט. די ציוניסטישע פּאַרטיי, לעגאַל, און די „פאַראייניגטע״, אומלעגאַל, האָבען דעם גאַנצען זו-מער 1918 זיך אָפּגעגעבען מיט קולטורעלער אַרבייט. באַזונדערס האָט זיך צעבליט דער אידישער טעאַטער. דער עלטערער דור האָט קיין טעאַטער אפילו אין די אויגען נישט געזעהן. די סוחרים, וואָס פלעגען פאָרען אין די גרעסערע שטעדט נאָך סחורה, זיינען אויך אין „טריאַטער״ נישט געגאַנגען. „וואָס זעהט מען דען דאָר-טען, אַ חוץ וואָס נאַקעטע מוידען זינגען ניבול-פּה לידלאַך״.

די יוגענט, וואָס האָט געשטודירט אין די גרעסערע שטעדט, האָט באַזוכט דעם ערנסטען רוסישען טעאַטער. אויפ׳ן אידישען טעאַטער האָט זי, די יוגענט, אויך געקוקט פון אויבען אַראָפּ. און איצט האָט מען אין שטעדטעל געשפּילט אידיש טעאַטער.

אפילו אין ענין טעאַטער איז דאָס שטעדטעל געווען צעטיילט אויף צוויי צדדים, פּונקט ווי ביי רבנות, אָדער סטאַראָסטעריי. די ציוניסטען האָבען געשפּילט טעאַטער אין ישעיהו אברהמ׳ס הויז, און די „פאַראייניגטע״ — אין באָבע דוד-לייב׳ס הויז. אין אויסוואַל פון פּיעסען איז מען זיך אויך צעגאַנגען. די ציוניסטען האָבען גע-שטעלט מערסטענס גאָרדינ׳ס פּיעסען: „מירעלע אפרת״, „דער מטורף״. די „פאַראייניגטע״—שלום עליכמ׳ס „צעזייט און צעשפּרייט״, דימאָוו׳ס „שמע ישראל״, פּינסקי׳ס „די מוטער״. די טעאַטערס, די איינפאָר הייזער, זיינען געווען געפּאַקט. מ׳איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. צו דער ערשטער פאָרשטעלונג „צעזייט און צעשפּרייט״ זיי-

נען געקומען עטליכע הונדערט מענשען. (די אידישע באפעלקערונג פון שטעדטעל איז באשטאנען אינגאנצען פון צוויי טויזענט נפשות). דער עולם האָט מיט אומגעדולד געוואַרט, ווען דער פאַרהאַנג וועט זיך צערוקען, און די פאַרשטעלטע בחורים און מיידלאַך וועלען שפּילען טעאַטער.

— איך האָב אים נישט אָנגעהויבען צו דערקענען. ער שפּילט ווי ער וואָלט אַלט געווען פופציג יאָר.

— זי שפּילט ווי אַ ריכטיגע מאַמע! אויף אַ האָר נישט געמי־נערט! — שאַ, שטיל! האַלט זיך רוהיג, חברים.

ס'איז שטיל געוואָרען, און דער עולם, וועמענס גרעסטער טייל האָט קיינמאָל קיין טעאַטער פאַרשטעלונג נישט געזעהן, האָט גע־קוקט און געגאַפט, האָט געשלונגען יעדעס וואָרט, יעדע מינע, האָט זיך געהויבען פון די ערטער, איז פאַרכאַפּט געוואָרען. די אָנפירער און אַקטיאָרען פון דער „פאַראייניגטער" דראַמאַטישער סעקציע זיי־נען געווען: אליהו קאָרנבליט, אליה משה קאָרנבליט, א. בייזער, משה שווידלער, שטיינשלעגער, לאה'קע מינדלין.

די אָנפירער און אַקטיאָרען פון דער ציוניסטישער דראַמאַטישער סעקציע — שמואל סווינער, זיסיע סווינער, גיטעל גרינבערג. דעם גאַנצען זומער 1918 איז מען אין שטעדטעל געווען פאַרנומען מיט אידיש טעאַטער.

אין מיטען זומער איז אין שטעדטעל אַראָפּגעקומען אַן אונגאַ־רישער רעגימענט. האָט מען באַלד דערפילט, ווי די מיליטערישע לאַפּע קוועטשט און דריקט. ס'האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה רייי־ניגען. אין אַ שעהנעם פרימאָרגען האָבען זיך די אונגאַרישע זעלנער צעוואָרפען איבער'ן שטעדטעל, געכאַפּט יעדען איינעם, ווער נאָר ס'איז געקומען אונטער דער האַנט, אַלטע לייט, יונגע בחורים און מיידלאַך, און געצוואונגען זיי צו רייניגען דאָס שטעדטעל. ווער מיר האַנדעל, וואָס מיר אַרבייט! מ'איז געשטאַנען אויסגעשטעלט אין לאַנ־גע שורות און געקערט דאָס שטעדטעל. די אונגאַרישע זעלנער האָבען אַכטונג געגעבען, אַז די אַרבייט זאָל געטאָן ווערען בשלמות.

מיט איינמאָל אויסקערען דאָס שטעדטעל איז מען נישט פּטור געוואָרען. אין אַ וואָך אַרום האָבען די אונגאַרישע זעלנער ווייטער־אַמאָל געכאַפּט מענשען צום אויסקערען. האָט מען שוין געוואוסט מיט וואָס עס שמעקט. איז ווער ס'איז געווען פלינק, איז אַנטלאָפען און זיך אויסבאַהאַלטען איבער'ן טאָג. זיינען די אונגאַרן געפאַלען אויף אַ המצאה. גאַנץ פרי האָבען זיי זיך צעשפּרייט איבער'ן שטעד־

טעל און אַרויסגעשלעפּט אַלט און יונג פון די בעטען און געצוואונגען זיי אויסצוקערען דאָס שטעדטעל. דאָרטען, וואו עס קוואַרטירען אונגאַרישע זעלנער, מוז זיין צוּיבער־ריין!

---

אין יענער צייט האָט די פּרעסע נישט צירקולירט ווי עס באַדאַרף צו זיין. דערצו זיינען די נייעסען געוועזן מאָגערע, זיי האָבען מער פאַרשוויגען, ווי דערצעהלט. האָט זיך דאָס שטעדטעל גענערט פון קלאַנגען. אפילו פון דער דייטשער מפּלה אויפ׳ן מערב פראָנט האָט דאָס שטעדטעל ווייניג געוואוסט, נאָר מער זיך אָנגעשטויסען. עקשנות׳דיגע קלאַנגען האָבען זיך פאַרשפּרייט, אַז פּעטלורע איז אויפגעשטאַנען תחית המתים. ער זאַמעלט צונויף חיילות צו געהן אויף קיעוו און פאַרטרייבען דעם העטמאַן, דייטשלאַנד׳ס משרת, פון אוקראַינע.

דאָס שטעדטעל האָט אויפגענומען אַלע קלאַנגען־נייעסען מיט אָפענער פרייד. און ווען ס׳איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז דער העטמאַן איז אַנטלאָפען און פּעטלורא האָט פאַרכאַפּט קיעוו, איז דאָס שטעדטעל געוועזן אויפגעלעגט. פּטור געוואָרען פון אַ נייעם צאַר! ס׳איז נישט געוועזן יענע פרייד, וואָס בעת׳ן פאַלען פון די ראָמאַנאָווס. דעמאָלט האָט דאָס שטעדטעל געיובעלט. מ׳האָט זיך אָפּגעגעבען מזל טוב, געדריקט זיך די הענט. ס׳איז געוועזן יום טוב אין שטעדטעל. ס׳איז, דוכט זיך, נישט געוועזן קיין איין פאַרכמורעט פּנים. אויף אַלעמענס פּנים׳ער איז געוועזן צעגאָסען אַ גרויסע פרייד „מיר זיינען פרייע מענשען“. איצט איז מען געוועזן אַ סך איינגעהאַלטענער. זיכער, איז מען געוועזן צופרידען, וואָס פּעטלורא, דער פאָלקס מענש, איז צוריק אין זאַטעל. די צייט אָבער איז געוועזן אַן אַנדערע. דער האָריזאָנט איז געוועזן נישט קיין קלאָרער. ווער ווייסט, וואָס דער מאָרגען וועט ברענגען.

---

צו די וואַלען פון דער דעמאָקראַטישער קהלה האָט זיך די יוגענט געגרייט מיט אַ ברען. אין שטעדטעל האָט געקאָכט און געזאָטען, ווי ערב אַ גרויס געשעהעניש. די פּאַרטיי אָנגעהעריגקייט האָט זיך דוקא נישט געצויגען אויף דער ליניע פון רייך און אָרעם. עס זיינען געוועזן פאַרמעגליכע פאַמיליעס, וואָס האָבען אָפען אַרויסגעוויזען זייערע סימפּאַטיעס צום סאָציאַליסטישען צעטעל און פאַרקערט אויך, אַ סך אָרימע פאַמיליעס האָבען זיך איינגעשטעלט פאַר׳ן ציוניסטישען צעטעל. אָפּטמאָל איז אין די הייזער פאָרגע־

קומען אַ צעטיילונג פון כחות — איין טייל הויזגעזינט האָט באַלאַנגט צו דער ציוניסטישער פּאַרטיי און דער אַנדערער טייל — צו דער סאָציאַליסטישער. אין אַזעלכע הייזער איז פאָרגעקומען אַ פּערמאַנענטע דעבאַטע צווישען ציוניזם און סאָציאַליזם. אין איינינע פאַלען האָבען זיך אַזעלכע דעבאַטעס פאַרענדיגט מיט קריגערייען און אפילו ברוגז׳ערייען.

ביי שלמה מינדלין, איינער פון די פאַרמעגליכסטע באַלעבאַטים אין שטעדטעל, זיינען די מיידלאַך, עטליכע אין צאָל, געוועזן סאָציאַליסטקעס, און דער בן־יחיד, משה, אַ פייערדיגער ציוניסט. איז טאַקע אין הויז אָנגעגאַנגען אַ שטענדיגע מחלוקת צווישען די סאָציאַליסט־קעס און דעם ציוניסט. געזיגט האָבען די סאָציאַליסטקעס, ווייל זיי זיינען געווען אין אַ גרויסער מערהייט.

ביי שלום בייזער אין הויז איז געווען פונקט פאַרקערט. אַלע אין הויז זיינען געווען ציוניסטען, אַ חוץ איינעם, א. בייזער, וועלכער איז געווען דער אָנפירער פון די „פאַראייניגטע". איז אויסגעקומען, אַז דער אָנפירער פון די סאָציאַליסטען איז געווען אַרומגערינגעלט מיט שונאים אין זיין אייגען הויז. נישט איינמאָל טאַקע האָט מען אויס־געוואָרפען א. בייזער׳ן, ווען ער פלעגט אַגיטירען פאַר דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי : פאַרוואָס קען ער נישט פועל׳ן ביי זיינע אייגענע ברידער און שוועסטער, זיי זאָלען ווערען סאָציאַליסטען ?

וואָס נעהענטער ס׳איז געקומען צו די וואַלען, אַלץ היציגער איז אָנגעגאַנגען די פּראָפּאַגאַנדע, אַלץ פערזענליכער און שוימיגער זיינען געוואָרען די אָנגריפען פון איין צד אויפ׳ן צווייטען. מען האָט דוכט זיך אין שטעדטעל אָן אַלץ פאַרגעסען. אפילו די קאָנוואולסיעס פון דער ראַדע האָט מען נישט געשענקט קיין צופיל אויפמערקזאַמ־קייט. מ׳האָט רק גערעדט וועגען די קומענדיגע וואַלען, ווי וועגען אַ וועלט געשעהעניש.

עטליכע טעג פאַר די וואַלען איז געוואָרען שטיל אין שטעדטעל. ביידע צדדים האָבען פאַרוואָרפען די פּאַרטיי דיסקוסיעס. די אַק־טיווע פּאַרטיי מענשען זיינען געגאַנגען פון הויז צו הויז, צו שטאַר־קען די שוואַכע און צו באַקערען צום אמת׳ן גלויבען די וואַקעל־דיגע.

דער טאָג פון די וואַלען איז געווען אַ קאַלטער, אַ וואָלקענ־דיגער. פון צייט צו צייט האָט אַ דריבנע געטאָן אַ קליין רעגענדעל, ווי דער וואָלקענדיגער הימעל וואָלט זיך געריי צט מיט׳ן שטעדטעל

— וועט זיך מיר גלוסטען, וועל איך אַ גיס טאָן מיט אַ שטאַרקען רעגען און טו מיר עפּעס.

אויף די פּאַרטיי מענשען האָט געציטערט די הויט. ווער וועט זיך עס שלעפּען אין אַ גאַס רעגען אין קלויז אַריין אָפּצוגעבען זיין שטים? מ׳איז אָפּגעקומען נאָר מיט שרעק. קיין שטאַרקער רעגען איז נישט געגאַנגען און אַ גאַנצען טאָג האָבען אידען, אי־דענעס, בחורים און מיידלאַך געריכט זייער גאַנג צו איין פּלאַץ — צו דער זינקאָווער שול, וואו עס זיינען געשטאַנען די שטים־קעסטלאַך. אין שול איז געווען טומעלדיג און רעש׳יג. די פּאַר־קאָכטע פּאַרטיי מענשען זיינען געשטאַנען אין רעדלאַך און זיך צו־געקוקט צו די וואַלען, געפּרובירט טרעפען, ווער פּאַר וועמען ס׳האָט געשטימט. אויבען אָן, ביים מזרח וואַנט, לעבען די שטים־קעסטלען, איז אַמאָל פּאַרגעקומען אַ קריגעריי, וועגען דער פּאַסיגקייט פון דער אָדער יענער פּערזאָן צו שטימען. יעדער פּאַרטיי אינספּעקטאָר האָט זיך באַמיט, ווי נאָר ס׳האָט זיך געמאַכט אַ געלעגענהייט, צו פּסל׳נען די שטים־רעכט פון אַן אָנהענגער פון דער געגנערישער פּאַרטיי. צו קיין ערנסטע מחלוקת׳ן איז נישט דערגאַנגען, מ׳איז ווי אַזוי ס׳איז נישט דורכגעקומען. ס׳איז דאָך נישט קיין סטאַ־ראָסטע וואַלען. אַ קלייניגקייט! זינט דאָס שטעדטעל איז אַ שטעד־טעל זיינען נאָך אַזעלכע וואַלען נישט פּאַרגעקומען. מענער און ווייבער, בחורים און מיידלאַך — אַלע זיינען גלייך, האָבען די זעל־בע רעכט צו שטימען. דערצו נאָך איז די גאַנצע זאַך געלעגען אין די הענט פון דער יוגענט, וואָס איז נאָך נים פּאַרהאַרטעוועט גע־וואָרען אינ׳ם יאַריד פון לעבען, און אויף אַלץ געקוקט מיט נאַאיווע גלויביגע אויגען.

דער עלטערער דור האָט אָפּגעטראָטען אָן אַ זייט, און ווי געזאָגט: אַ נייע צייט איז געקומען, אַ צייט פון בויען אַ ניי לעבען. טוט זשע, יונגע, ווי איר פּאַרשטעהט. מיר ווילען אייך נישט שטערען. און דער עלטערער דור האָט זיך טאַקע נישט געמישט, געלאָזט די יונגע פירען די גרענדע. זיינען די קאַנדידאַטען געווען ס׳רוב יונגע מענשען. פון דער „פּאַראייניגטער״ פּאַרטיי איז דאָך שוין אָפּגערעדט. אַלע אירע קאַנדידאַטען זיינען געווען יונגע מענשען. קיין שום עלטערער איד, אַ בר דעת, וועט דאָך נישט זיין אַ קאַנדי־דאַט אויפ׳ן סאָציאַליסטישען צעטעל, מעג ער אפילו זיין אַ פּאַר־ברענטער חסיד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אפילו די קאַנדידאַטען פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי זיינען באַשטאַנען פון יונגעלייט, אַ חוץ אַ פּאָר אויסנאַמען, אברהם ברענ־מאַן, אַן אַלטער חובב ציון, און נאָך אַ פּאָר.

ווי מ'האָט געקענט דערוואַרטען, האָבען די ציוניסטען גע־זיגט אין די וואַלען, זיי האָבען אויסדערוועהלט עלף מיטגלידער און די „פּאַראייניגטע" — אַכט. איז די קהלה באַשטאַנען פון ניינצעהן מיטגלידער. כאָטש די „פּאַראייניגטע" זיינען געווען אין דער מינדערהייט, האָבען זיי אָבער געהאַט אַ בייטש אויף די ציו־ניסטען. אַן די „פּאַראייניגטע" האָט צום קוואָרום, צוויי דריטעל פון ניינצעהן, געפעלט צוויי, צום סכום פון דרייצעהן. האָבען די ציוניסטען נישט געקענט אָנגעהן מיט דער אַרבייט פון דער קהלה אָן די „פּאַראייניגטע". האָבען די ציוניסטען דעריבער געפּרואווט קומען צו אַ פאַרשטענדיגונג מיט די „פּאַראייניגטע", פּאָרגעשלאָגען זיי, אַז דער וויצע־פּאָרזיצער פון דער קהלה זאָל זיין אַ „פּאַר־אייניגטער". די „פּאַראייניגטע" האָבען נישט געוואָלט פאַרבינדען זיך מיט די ציוניסטען און אַזוי אַרום זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער אַרבייט פון דער קהלה — און באַשלאָסען אָנטיילצונעמען אין דער קהלה אָבער אָן שום בינדענדע הבטחות. זיי ווילען האָבען פרייע הענט, זיי ווילען זעהן, ווי די אַרבייט וועט אָנגעהן.

אַלס פּאָרזיצער פון דער קהלה איז ערוועהלט געוואָרען דער ציוניסט אברהם ברענמאַן און אַלס וויצע־פּאָרזיצער — דער ציו־ניסט שמואל סווינער. אין די קאָמיסיעס זיינען אויך אַריינגעטראָטען די „פּאַראייניגטע". די אַרבייט אָבער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. די קהלה, וועמענס צוועק ס'איז געווען צו אָרגאַניזירען דאָס שטעדטעלשע לעבען אויף פרייע יסודות פון ברייטער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, האָט ממשות'דיג גאָרנישט ניט אויפגעטאָן. אויף די זיצונגען האָט מען זיך געאַמפּערט וועגען אידיש און העברעאיש, גלות'יזם און ציוניזם, עמיגראַציע און חלוציזם. אויפ'ן סדר היום פון דער קהלה זיינען געשטאַנען די זעלבע פראַגען, וואָס אויפ'ן סדר היום פונ'ם הויפּט ראַט אין קיעוו. און אַזוי ווי דאָרטען, אין קיעוו, האָט מען נישט געקענט קומען צו קיין טאָלק, אַזוי האָט מען דאָ, אין שטעדטעל, געטאָפּטשעט זיך אויף איין אָרט. די קליינע קייען, וואָס די גרויסע שפּייען. די קהלה איז געווען אַ פּלאַץ פאַר דיסקוסיעס צווישען ציוניזם און סאָציאַליזם. ס'האָט אפשר אַנדערש נישט געקענט זיין. אין אידישען לעבען איז געשעהן פּונקט דאָס פאַרקערטע, וואָס אין דער באַפרייטער רוסלאַנד. דאָס

רוסישע פאָלק, אַראָפּוואַרפענדיג די פּענטעס פון צאַריזם, האָט געזוכט נייע פאָרמען פון לעבען, האָט געבלוטיגט אין חלומ׳ען פון אַ נייער וועלט, וואו מענש צו מענש איז נישט קיין וואָלף. דאָס אידישע פאָלק אין רוסלאַנד, אין זיין גרעסטער מערהייט, האָט גע־בענקט נאָך ציון, האָט גע׳חלומ׳ט פון יהודה המכבי, און געוואָלט אויפבויען דעם „חורבן בית־שני״.

אין מיטען פון אַ גרויסען שטראָם, וואָס האָט זיך אימפּעטיג גע־ריסען פאָראויס, איבער בערג און טאָלען, האָט אַ קליין שטראָמעלע געוואָלט געהן אויף צוריק, צו די בערג פון יהודה.

דאָס איז געווען דער שבת־קודש און אין דערוואַכען האָט דאָס אידישע פאָלק אין רוסלאַנד געגאַרט נאָר איין זאַך: — גלייכבאַ־רעכטיגונג אין האַנדעל און פרייע פּראָפעסיעס.

---

די ציוניסטען און די „פאַראייניגטע״ פלעגען זיך איינע די אַנדערע באַקעמפען נישט נאָר אויף פאַרזאַמלונגען, נאָר אויך אין פּריוואַטע געשפּרעכען. אין קליינעם שטעדטעל האָט נישט גע־קענט זיין קיין געזעלשאַפטליכע מחיצה צווישען מענשען פון באַ־זונדערע פּאַרטייען. אידייאישע געגנער האָבען זיך באַגעגענט אין גאַס, האָבען געהאַט דעם זעלבען קרייז באַקאַנטע — און דער ווערטער־קאַמף צווישען ציוניזם און סאָציאַליזם האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט. ס׳האָט אויך געטראָפען, אַז נאָהענטע חברים זיינען זיך געוואָרען אידייאישע שונאים. אליהו משה קאָרנבליט און שמואל סווינער זיינען געווען נאָהענטע חברים פון קליינערהייט אָן, זיינען געווען זעהר צוגעבונדען איינער צום אַנדערען — און דאָך ביטער אויסגעלאַכט איינער דעם אַנדערען׳ס אידעאָלאָגיע. אליהו משה קאָרנבליט איז געווען אַן אָנגעזעהענער מיטגליד פון די „פאַראייניגטע״, און שמואל סווינער — דער פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי.

די פאָרשטעהער פוןביידע פּאַרטייען האָבען קיינמאָל נישט אַרויסגעטראָטען אויף איין אונטערנעמונג, נישט באַקעמפענדיג איינע די אַנדערע. ס׳איז צו פאַרצייכענען איין אויסנאַם. אויפ׳ן ליטעראַרי־שען אָוונט, וואָס דער הילפס־פאַראיין האָט איינגעאָרדענט, האָבען ביידע פּאַרטייען אַרויסגעטראָטען געאייניגט.

אחריות פאַר דער געזעלשאַפט האָט אין יענער צייט געמערקט זיך אומעטום, אפילו צווישען גאָר יונגע. בחורים און מיידלאַך פון זעכצעהן־זיבעצעהן יאָהר האָבען אויף זייער אייגענער איניציאַטיווע

אָרגאַניזירט אַ הילפס־פאַראיין לטובת די אָרימע אלמנות. מיטגלי־דער פון פאַראיין האָבן זיך אַליין ביישטייערט ווער מיט 25, ווער מיט 50 קאָפּיקעס אַ וואָך. די צוניפגעזאַמעלטע קליינע סומע געלט האָט אָבער נישט געקלעקט אויף צו באַזאָרגען אַלע אלמנות מיט באַהייצונג און וואַרימע הלבשה. האָט דער הילפס־פאַראיין באַשלאָסען דורכצופירען אַן אומפּאַרטייאישען ליטעראַריש־געזעלשאַפטלי־כען אָוונט מיט דער באַטייליגונג פוןביידע פּאַרטייען. די הכנסה פון דעם אָוונט האָט געדאַרפט איבערגעהן אין רשות פונ׳ם הילפס־פאַראיין. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען האָבן ביידע פּאַרטייען מסכים געווען אָנטיילצונעמען אין אַזאַ אָוונט. ביי מאַנישען אין הויז, אין ציוניסטישען קלוב, איז פאָרגעקומען דער דאָזיגער אָוונט, אין אַ שבת צו נאַכט. „אָרים און רייך" איז געווען די טעמע פון ביידע רעדנער. וואָלף שניידער, פון די ציוניסטען, האָט אין זיין רעדע אונטערגעשטראָכען, אַז דאָס אידישע פאָלק האָט זיך תמיד אויסגעצייכענט מיט דער מדה טובה פון העלפען דעם אָרימאַן. „אין זיין לאַנגען גלות האָט דער איד קיינמאָל נישט אָוועקגעשיקט מיט ליידיגען דעם אָרימאַן". א. בייזער האָט אַרויסגעבראַכט דעם סאָ־ציאַליסטישען שטאַנדפּונקט „אָרים און רייך מיינט, אַז איין מענש עקספּלואַטירט דעם צווייטען. מיר שטרעבען צו אַ געזעלשאַפט, וואו עס זאָלען נישט זיין קיין רייכע און קיין אָרימע. אַלע זיינען גלייך".

דער זאַל איז געווען אַזוי געפּאַקט, אַז איניגע לאָמפּען האָבן אָנגעהויבען צו צאַנקען.

נאָך די רעדעס זיינען פאָרגעקומען פאָרלעזונגען און רעציטאַ־ציעס. מען האָט אויך געטאַנצט, געשיקט זיך קאָמפּלימענטען און שטעכווערטלאַך אין פלי פּאָסט־צעטעלאַך. דער רייכער בופעט האָט אויך נישט געפּוסטעוועט. מען האָט פאַרזוכט פון די געשמאַקע מאכלים און פאַרטרונקען מיט אַ גלעזעל ביר. דער עולם האָט זיך אַמוזירט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. דער דאָזיגער פרעהליכער אָוונט איז אויך געווען דער לעצטער „אָוונט־ברויט".

פון קיעוו האַלטען אין איין אָנקומען באַאומרוהיגענדע ידיעות. נאָך איידער פּעטלוראַ האָט זיך פאַרפעסטיגט אין זאַטעל, אַלס דער רעטער פון אוקראַינע, האָבן זיך אַרום כאַרקאָוו באַוויזען באָל־שעוויסטישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, וואָס האָבן פאַרכאַפּט גאַנצע שטעדט און שטעדטלאַך און געדראָט צו פאַרשפּרייטען זיך איבער גאַנץ אוקראַינע. דאָס שטעדטעל איז נישט געווען אויף דער

זייט פון די באָלשעוויקעס. יעדע נייע מפּלה פון פּעטלוראַ׳ס אַרמיי, אין איר קאַמף געגען די באָלשעוויקעס, האָט אַרויסגערופן טרויער.
און פּלוצים! טראַך — טאַ־ראַך! אַ פּאָגראָם אין זשיטאָמיר!
פּעטלוראַ׳ס אַרמיי איז באַפאַלן די אידישע באַפעלקערונג פון זשי־טאָמיר און געקוילעט רעכטס און לינקס, ממש כמעלניצקי׳ס צייטען.
אין שטעדטעל איז מען געווען אומרוהיג און נישט געוואוסט וואו מ׳איז אין דער וועלט. די באָלשעוויקעס מיט זייערע קאָנ־פיסקאַציעס, רעגיסטראַציעס און אַלע אַנדערע פּאַראַנדקעס זיינען דעם שטעדטעלשען אידען גאַרנישט געווען צום הארצען. ביי פּעט־לוראַ׳ן האָט שוין אָבער געשמעקט מיט פּקוח נפש. און פּקוח נפש איז דוחה... אפילו פּרנסה. דאָך האָט מען געהאָפט אויף בעסערע צייטען אונטער פּעטלוראַ׳ס פּירערשאַפט.

---

באַסיוק איז שוין עטליכע יאָהר געווען פּאָסט־נאַטשאַלניק אין שטעדטעל. ער איז געווען פריינטליך צו די אידען, געלעבט גוט מיט זיי. כאָטש פון זיינע רייד האָט געטריפט מיט חניפה, איז מאַלע וואָס? אַ סך מענשען האָבען זיך ליב צו חנפ׳ענען.
נאָך דער פעווראַל רעוואָלוציע איז באַסיוק געוואָרען אַן אוק־ראַינישער פּאַטריאָט און גערעדט נאָר אוקראַיניש. פריער פלעגט ער רעדען נאָר רוסיש. נאָכדעם ווי פּעטלוראַ האָט פאַרטריבען דעם העטמאַן, האָט באַסיוק געקראָגען אַן אַמט. ער איז געוואָרען דער פאַרוואַלטער פון דער אינפאָרמאַציע־ביוראָ אינ׳ם שטעדטעלשען ראַיאָן.
אָנהויב ווינטער האָט די ראַדע אַרויסגעלאָזט אַ באַפעל, די באַפעלקערונג זאָל אויסבייטען אויף דער פּאָטשט די אַלטע געלדער, צאַרישע און קערענסקים, אויף פּעטלורישע קאַרבאָוואַנצעס. די באַ־פעלקערונג, די קריסטליכע גיכער נאָך ווי די אידישע, האָט ווייניג צוטרויען געהאַט צו די קאַרבאָוואַנצעס און נישט גערן אויסגעביטען די אַלטע געלדער אויף נייע. באַזונדערס נישט געהאָרכזאַם איז געווען די פּויערישע מאַסע. זי האָט זיך גערן צוגעהערט צו די רייד פון די סאַמאָסטיניקעס (אָנהענגער פון זעלבסטשטענדיגער אוקראַינע) אָבער די צאַרישע רובעלס און קערענסקים פאַרבייטען אויף קאַרבאָווינצעס האָט זי קיין חשק נישט געהאַט.
שבת אינדערפרי, אַרום אָנהויב יאַנואַר 1919 זיינען איבער׳ן שטעדטעל צעקלעפּט געוואָרען מודעות מיט אַזאַ אינהאַלט: „צו דער אוקראַינישער מאַכט זיינען דערגאַנגען ידיעות, אַז די אידען

רעדען אַן די פויערים, זיי זאָלען נישט אויסבייטען די אַלטע געלדער אויף נייע. די מאַכט נעמט אַראָפּ פון זיך יעדע פאַראַנטוואָרטליכקייט אין פאַל פון פויערישע אומרוהען". אונטערגע'חתמ'עט באַסיוק.

אין שטעדטעל האָט מען אויסגעטייטשט די מודעה, ווי אַ העצע צו אַ פּאָגראָם. שבת צו נאַכטס האָט די קהלה זיך פאַרזאַמעלט צו באַטראַכטען דעם ענין. אויפ'ן פאָרשלאַג פון אליהו קאָרנבליט האָט די קהלה באַשלאָסען טעלעגראַפיש זיך ווענדען צום הויפּט ראַט אין קיעוו, ער זאָל אינטערפּעלירען אין דער ראַדע וועגען באַ־סיוק'ס העצערישער מודעה. אין שטעדטעל האָט מען נישט גע־וואוסט, אַז די ראַדע איז מאַכטלאָז. די גאַנצע מאַכט איז געלעגען אין די הענט פון עטליכע אַטאַמאַנען. באַסיוק, אַלס פּאָסט נאַטשאַל־ניק, האָט, פאַרשטעהט זיך, געוואוסט פון דער דאָזיגער טעלעגראַמע. אין עטליכע טעג אַרום האָט ער געזאָגט צו חיים פּלאָץ (קופּער):

— די אידען האָבען געשריבען אויף מיר מיט שוואַרצען און איך וועל שרייבען אויף זיי מיט רויטען.

דאָס שטעדטעל האָט געשפּירט, אַז פונ'ם הויף ביים קאָסטיאַל, פון דער פּאָטשט געביידע, לויערט אַ פאַרביסענער שונא. און טאַקע באַלד איז געקומען דער טאָג, ווען דער פאַרביסענער שונא האָט געהאַלטען וואָרט — ער האָט געשריבען אויף די אידען מיט רויטען. די פּאָגראָמען אין די אוקראַאינישע שטעדט און שטעדטלאַך האָבען ווי אַ מגפה פאַרכאַפּט אַלץ אַ גרעסערען שטח. וואָס גרעסערע מפּלות פּעטלורא האָט געליטען אין זיין קאַמף מיט די באָלשעוויקעס, אַלץ אָפטער און גרויזאַמער זיינען געוואָרען די פּאָגראָמען.

שבת פאַרנאַכט, דעם 17טען פעווראַל 1919, האָבען זיך אין שטעדטעל פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אין דער נאָהענטער שטאָדט פּראָסקוראָוו איז פאָר־געקומען אַ שרעקליכער פּאָגראָם, אַז די פּעט־לורעווצעס האָבען דאָרטען אויסגע'הרג'עט אַ פּאָר טויזענט אידען. אין שטעדטעל איז מען אַרומגעגאַנגען אָן אַ קאָפּ: „שוין? ס'האַלט שוין ביי פּראָסקוראָוו! ?"

שבת צונאַכטס האָט מען שוין אין שטעדטעל געוואוסט אַלע איינצעלהייטען פונ'ם פּאָגראָם.

עטליכע הונדערט פּעטלורעווצעס, באַוואָפענטע מיט ביקסען, רעוואָלווערען און גראַנאַטען, האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט אין די אי־דישע גאַסען און געסלאַך פון פּראָסקוראָוו, האָבען גע'הרג'עט יעדען פאַרבייגעהענדיגען אידען, האָבען זיך אַריינגעריסען אין די הייזער, געקוילעט, געהאַקט מיט שווערדען און אָמאָל אויך געשאָסען.

אין שטעדטעל איז מען אויפגעשוידערט געוואָרען. פּראָסקו־ראָוו מיט פעלשטין איז דאָך אַ שטוב מיט אַן אַלקער. דאָס שטעדטעל איז געווען אויסגעבונדען מיט פּראָסקוראָוו. אַ סך אידען האָבען געהאַט דאָרטען קינדער, קרובים, פריינט, באַקאַנטע.

זונטאָג איז דער מאַרק־טאָג אין שטעדטעל. פּויערים און פּוי־ערטעס קומען אין קאָסטיאַל אַריין און נאָך גאָטעס־דינסט לאָזען זיי זיך אַראָפּ אין שטעדטעל איינצוקויפען אין די צעלניק און שניט קראָמען. אויך דעם זונטאָג איז דער מאַרק־טאָג אָנגעגאַנגען ווי געוועהנליך. די פּויערים האָבען געקויפט, און די אידען האָבען פאַר־קויפט. ס'איז אָבער נישט געווען דאָס, וואָס אַלעמאָל. די פּויערים האָבען געשמועסט צווישען זיך וועגען פּאָגראָם אין פּראָסקוראָוו. איינינגע האָבען באַדויערט, אַנדערע האָבען פאַרדעכטיג געשוויגען. עס זיינען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבען זיך אָפּגעהאַלטען פון קויפען. ווער ווייסט, האָבען זיי זיך געטראַכט, אפשר וועלען די פעטלורעוועצעס אַראָפּכאַפּען זיך אַהערצו אַ הוליע טאָן, וועלען זיי, די פּויערים, דענסטמאָל קענען אַ ראַבעווע טאָן.

אַ סך אידען פונ'ם עלטערען דור האָבען נישט באַגריפען, וואָס דאָ קומט פאָר. ציימונגען לייענען זיי נישט, האָבען זיי איבערהויפּט נישט געוואוסט, וואָס ס'טוט זיך אין רוסלאַנד און אין אוקראַינע. און די ידיעות פון פּראָסקוראָווער פּאָגראָם האָבען זיך אָנגעשלאָגען אויף טויבע אויערען. דערפאַר אָבער האָט די יוגענט אויפגענומען די שלעכטע ידיעות מיט טיפען יאוש — אָט אַזוי איז דאָס!

זונטאָג אויפדערנאַכט איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון די קהלה־מיטגלידער און עטליכע חשוב'ע בעלי־בתים ביי משה'לע אברמ'ס אין הויז. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צונויפצוזאַמלען עט־ליכע טויזענט קאַרבאָווינצעס און די דאָזיגע סומע איבערגעבען דעם קאָמיסאַר צימער. אַן אונטערגעשמירטער, וועט ער אפשר זאָגען אַ גוט וואָרט בשעת הדחק. קיין גרויסע האָפענונג האָט מען אויף אים נישט געלייגט, ווייל די פאַמיליע צימער, וואָס האָט געוואוינט אין עק שטעדטעל, איז געווען באַוואוסט מיט איר אכזריות'דיגער האַרטקייט. ספּעציעל, דער פאָטער און איינער פון זיינע זין. אָבער קיין אַנדער עצה האָט מען זיך נישט געקענט געבען. וועגען ווערען זיך קעגען אַ רעגולערער אַרמיי האָט קיין רייד נישט געקענט זיין, ווייל קיין געווער איז אין שטעדטעל נישט געווען.

אַ גאַנצען אָווענט איז די יוגענט געווען אין גאַס. מען האָט גערעדט וועגען פּאָגראָם מיט אָראָפּגעלאָזטע קעפּ — כאָטש העננ זיך אויף אויף דער לבנה.

אַרום צוועלף אַזייגער ביינאַכט איז הערשקע קאַפּעץ (גרינבוים) אַריינגעפאַלען צו שלום חיה הינדע׳ס אין הויז מיט אַ שלעכטער בשורה. ער האָט געהערט פון אַ פּאָר סטראַזשניקעס, אַז די פּעטלו־רעווצעס קומען מאָרגען אין שטעדטעל אַריין אויסצוקוילען אַלע אידען.

א. בייזער איז אַראָפּ פונ׳ם געלעגער און צוזאַמען מיט הערש־קע׳ן איז ער אַריין צו שמואל סווינער.

— ס׳איז מסתמא אַ פּוסטער קלאַנג, — מאַכט שמואל סווינער, — מאָרגען וועלן מיר זעהן, וואָס צו טאָן.

— טו זיך באַלד אָן, — ענפטערט א. בייזער, — און לאָמיר אַרויסגעהן אין גאַס. אפשר וועלען מיר עפּעס געוואוירע ווערען.

שמואל סווינער האָט זיך געקווינקעלט, אָבער א. בייזער האָט זיך איינגעעקשנ׳ט — און אַלע דריי זיינען אַוועק אין מיליציע אַריין.

דאָרטען האָבען זיי געטראָפען אַ פאַרשלאָפענעם סטראַזשניק, וואָס האָט גאָרנישט געוואוסט פון וואָס צו זאָגען. פון דעם סטראַזשניק זיינען זיי געוואויר געוואָרען, אַז דער געהילף־קאָמיסאַר איז ערגעץ אויף אַ כאַסלערע אויף דער שישיווקע. דער דרויסען איז געווען אַ פראָסטיגער און אַ שנייאיגער. אַ לייכט ווינטעל האָט געבלאָזען. פאַרזונקען אין טרויעריגע מחשבות, האָבען אַלע דריי געשפּאַנט צו דער שישיווקע. ס׳האָט גענומען לאַנג איידער ס׳איז זיי געלונגען אויסצוגעפינען, אין וועלכען הויז ס׳קומט פאָר אַ גוי׳עשע חתונה.

דער געהילף קאָמיסאַר איז געשטאַנען לעם אַ סטאָדאָלע און איינגעטענה׳ט מיט אַ שיקסע. זיי האָבען אים נישט געוואָלט שטע־רען, האָבען זיי באַשלאָסען אויסצוואַרטען. זיי האָבען זיך גע־שעמט איינער פאַר׳ן אַנדערען און נישט גערעדט אַ וואָרט צווישען זיך. ענדליך האָט דער געהילף קאָמיסאַר געלאָזט זיך, אַ וואַקעלדי־גער, אין כאַטע אַריין. זיי האָבען אים אָפּגעשטעלט, געבעטען דער־צעהלען דעם אמת. קומען זיי טאַקע מאָרגען אין שטעדטעל אַריין, די פּעטלורעווצעס? ער האָט שכור׳לאַך געשמייכעלט און געדרייט מיט דער צונג: „זיי וועלען נישט קומען אַהער. מסתמא וועלען זיי נישט קומען. און אויב זיי וועלען יאָ קומען, וועלען זיי קיינעם נישט טשעפּען. זיי וועלען זיכער קיינעם נישט טשעפּען. צום ווי־דערזעהן, בירגער!

מיט נישט קיין זיכערע טריט איז דער געהילף קאָמיסאַר אריין אין הויז, פון וואַנען ס'האָבן זיך דערטראָגן דאָס ווילדע טאָפּטשען פון די טאַנצענדיגע פאַרלאַך און דאָס סקריפּען פון די קלעזמער.

ס'איז געווען קלאָר אפילו פאַר שמואל סווינער, אַז ס'איז גאָר־נישט גלאַטיג. אי ער, אי דער קאָמיסאַר צימער ווייסען מסתמא, אַז די פּעטלורעווצעס קומען אהער אַ הוליע טאָן. און אפשר האָבן זיי אַ האַנט אין דעם אויך? באַסיוק האָט דאָך בפירוש צוגעזאָגט, אַז ער וועט שרייבען אויף די אידען מיט רויטען.

— נישט גוט! — רופט זיך אָן שמואל סווינער.

א. בייזער האָט געשוויגען.

זיי האָבן געשפּאַנט איבער'ן שטעדטעל, נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן.

— אָט זיינען מיר לעם משה חיים'ס הויז. לאָמיר אים אויפ־וועקען און זיך דורכרעדען, — האָט גערעדט א. בייזער.

זיי האָבן אויפגעוועקט משה חיים'ען, דערצעהלט אים די גאַנצע געשיכטע.

— נישט גוט! — האָט זיך משה חיים אויפגעהויבען פונ'ם גע־לעגער, — אַ גרויסער אומגליק. כמעלניצקי'ס צייטען ימח שמו! מיר'ן איבערגעהן צו פסח אהרנ'ען. ער איז אַ גאַנצער שמעלקע מיט'ן קאָמיסאַר צימער. אפשר וועט פסח אהרן עפּעס קענען פועל'ן ביי אים. אפשר?

פסח אהרן לאַנדוי האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטען און אַלע פינף האָבן אָפּגעשטעקט אַ פרימאָרגען וויזיט דעם קאָמיסאַר.

ס'האָט זיי אַלעמען גע'חידוש'ט וואָס זיי האָבן געטראָפען צימער'ן אַזוי פרי אין קיך. ער איז געשטאַנען ביים קראַנט און זיך אַרומגעוואַשען נאָכ'ן ראַזירען. פסח אהרן איז געווען דער ראש המדברים. ער האָט צימער'ן צוגעזאָגט אַ גרויסע אפּותיקא, אויב ער וועט עפּעס טאָן פאַר זיין שטעדטעל, וואו ער איז אַליין אויפגע־וואַקסען און האָט אַזויפיל אידישע פריינט. צימער האָט געקוקט אויף די נעגעל, וועלכע ער האָט אָנגעהויבען צו רייניגען, האָט קוים נעשמייכעלט מיט זיין פולען פּנים. — ער פאַרט באַלד אָפּ קיין פאַ־רעטשע, ער קומט פאַרנאַכט צוריק, ס'וועט גאַרנישט זיין, נישטאָ זיך וואָס צו שרעקען, — האָט געשמייכעלט צימער און נישט אויפ־געהערט צו קוקען אויף זיינע נעגעל.

פאַרצווייפעלטע האָבן אַלע פינף פאַרלאָזט דעם קאָמיסאַר'ס צימער.

עטליכע מיטגלידער פון דער קהלה האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער׳ן שטעדטעל צו זאַמלען געלט פאַר צימער׳ס וועגן. אַ סך אידען האָבן גערן געגעבען, וויפיל מ׳האָט פון זיי פאַרלאַנגט. פון אַנדערע איז אָנגעקומען מיט כריין אַרויסצוקריגען עטליכע רובעל.

— עס וועט גאָרנישט זיין! — האָבן אייניגע אפילו גע׳טענה׳ט און דעם טייסטער נישט געוואָלט עפענען.

ברוך קופּער, אַ רייכער מוכר תבואה׳ניק, האָט אפילו נישט געוואָלט הערען, וואָס מ׳רעדט צו אים, אַזוי פאַרנומען איז ער געווען מיט זיין תבואה־מסחר:

— דרייט מיר נישט קיין ספּאָדיק און גייט זיך געזונטערהייט!

נאָך זונטאָג אָוועגט, צווישען מנחה און מעריב, אין גרויסען בית המדרש, האָט דער רב גוזר תענית געווען:

— אידען! איך בין גוזר אויף אייך, איר זאָלט מאָרגען פאַסטען דעם גאַנצען טאָג. אַ גרויס אומגליק רוקט זיך אָן אויף אונז. לאָמיר תפילה טאָן צום רבונו של עולם, ער זאָל אונז פאַרגעבען אונזערע זינד!

דער עלטערער דור האָט זיך צוגעהערט צום רב׳ס רייד און גע־פאַסט מאָנטאָג דעם גאַנצען טאָג. אין די בתי־מדרשים האָט זיך געפילט ווי אום תשעה באב. מען האָט געטרויערט נישט אויפ׳ן חורבן בית־שני, נאָר אויפ׳ן קומענדיגען חורבן פון שטעדטעל.

מאָנטאָג דעם גאַנצען טאָג איז דער עולם געווען אין גאַס. מ׳האָט זיך צוגעהערט צו אַלץ נייע איינצעלהייטען פונ׳ם פּראָס־קוראָווער פּאָגראָם. מ׳האָט גע׳חקירה׳ט, צי די פּעטלורעווצעס קומען אין שטעדטעל אַריין, צי נישט. אָט האָט עמיצער דערצעהלט, אַז ער ווייסט פון אַ זיכערען קוואַל, אַז זיי זיינען שוין אויפ׳ן וועג אין שטעדטעל אַריין. איז שפּעטער אַביסעל אַן אַנדערער געקומען מיט אַ שפּאָגעל נייער סברה, אַז פּעטלורא האָט באַשלאָסען מעהר קיין פּאָגראָמען נישט צו מאַכען. קלאָנגען און פּאַטשטען האָבען זיך געביטען פון שעה צו שעה, פון מינוט צו מינוט, און דער עולם איז אומגעגאַנגען ווי אין עולם התוהו. עטליכע פאַמיליעס האָבען פאַרלאָזען דאָס שטעדטעל אויף אַ פּאָר טעג, האָבען זיך איבער־געקליבען אין אַן אַנדער שטעדטעל. וואָס ווייטער פון פּראָסקוראָוו, — עד יעבור זעם.

פאַרנאַכט־צו זיינען אַ צוואַנציג פּעטלורעווצעס, קאַוואַלערים־טען, אַריינגעקומען אין שטעדטעל אַריין. זיי האָבען געריטען פאַר־זיכטיג, פּאַמעלאַך, ווי זיי וואָלטען מורא געהאַט נאָר אַן אָנפאַל

פון אַ באַהאַלטענעם שונא. אויפ׳ן באַפעל פון זייער עלטסטען, האָ־
בען די רייטער פאַרנומען וויכטיגע סטראַטעגישע פּאָזיציעס: זיי
האָבען כמעט אַרומגערינגעלט דאָס שטעדטעל, כדי די אידישע באַ־
פעלקערונג זאָל נישט קענען אַנטלויפען אָדער אַריינכאַפּען זיך צו
די שכנ׳ישע פּויערים. אַביסעל שפּעטער זיינען אָנגעקומען עטליכע
הונדערט סאָלדאַטען און אַ קליינע אָפּטיילונג אַרטילעריסטען מיט
עטליכע קאַנאָנען. אַ סאָניטאַרע קאָמאַנדע האָט אויך נישט געפעלט.
ס׳איז דאָך מלחמה. זיי זיינען דאָך אַראָפּגעקומען איינצונעמען דאָס
שטעדטעל. די אידען האָבען זיך פאַרמאַכט אין זייערע היימען.
נאָר אייניגע האָבען זיך, דורך שטעגען און וועגען, דורכגעריסען אין
גוי׳אישען דאָרף אַריין, פון דאָרטען — אין וועלדער, אין פעלדער,
אין ווייטערע דערפער און נאָך ווייטערע שטעדטלאַך. די סאָלדאַטען
האָבען זיך צושטעלט אין די איינפאָר הייזער, ביים פּיקעווער, באַבע
דוד לייבס א. אַ. וו. זיי האָבען געהייסען זיך דערלאַנגען עסען,
טרינקען און אַביסעל שנאַפּס. אַלץ האָבען זיי געקראָגען. זיי האָ־
בען אפילו פאַרזיכערט די אידישע בחורים און מיידלאַך, וואָס האָ־
בען זיי באַדינט, אַז ס׳וועט גאָרנישט זיין, ס׳איז נישטאָ פאַרוואָס צו
שרעקען זיך.

אייניגע פּעטלורעווצעס האָבען געוואָרענט די אידען, אַז ס׳וועט
זיין שלעכט. ביי די פּרייערס אין הויז זיינען איינגעשטאַנען אַ סך
פּעטלורעווצעס. שפּעט ביינאַכט איז צוריקגעקומען פון ערגעץ אַ
הויכער פּעטלורעווער מיט אַ פולען בוזים אָנגעראַבעוועטע זאַכען.
אַ פּנים האָט ער געהאַט ווי פון אַ גזלן.

— איך זעה, אַז איר זענט סאַמע מאָלאָדיאָזש! — האָט ער זיך
אָנגערופען, — עס טוט מיר וועה דאָס האַרץ פאַר אייך. ווען איר
זאָלט זיך קענען אויסבאַהאַלטען ערגעץ וואו.

זלאַטע פּרייער איז צוגעגאַנגען צו די פורמאַנעס פונ׳ם אָבאָז
און זיי געפרעגט:

— וואָס געהט דאָ זיין? זאָגט דעם אמת.

האָבען זיי אויפגעהויבען די הענט צו דער סטעליע:

— נאָר איין גאָט קען אייך ראַטעווען!

פון מאָלע סטערניק׳ס וועגען דערצעהלט מען אָטוואָס: אַ
פּעטלורעווער האָט זי מיט אירע קינדער אַרויפגעפירט אויפ׳ן בוי־
דעם. אַרום בוידעם שטיבעל, וואו זיי זיינען געלעגען באַהאַלטען,
האָט ער אָנגעוואָרפען קאַסטענס, אַלטע לאַכעס, כדי ס׳זאָל שווער
זיין צוצוקומען אַהין. ער האָט אויך נישט פאַרלאָזען מאָלע סטער־

ניק׳ס הויז די גאַנצע צייט פונ׳ם פּאָגראָם. נאָכ׳ן פּאָגראָם איז ער אַרויף אויפ׳ן בוידעם, אַוועקגענומען די קאַסטענס, איר געזאָגט, אַז אין שטעדטעל איז שוין שטיל, זי וועט מעגען באַלד פאַרלאָזען דעם בוידעם — און איז אַוועק. עס קלינגט, ווי אַ מעשה מיט אליהו הנביא.

מאָנטאָג אויפדערנאַכט איז קיין פּאָגראָם נישט געווען. נאָר איינצעלנע הריגות זיינען פאָרגעקומען דאָ און דאָרט. נאָך אַ ספּעציעלער אָנווייזונג, האָבען די פּעטלורעווצעס באַזוכט די היימען פון די אָנגעזעהענסטע באַלעבאַטים און קהלה פאָרשטעהער. וועמען די פּעטלורעווצעס האָבען געטראָפען, האָבען זיי אָנגעטאָן אַ מיתה משונה. יאָסעל חנא׳ס (האָפמאַן) — אַ חשוב׳ער באַלעבאָס און אַ פאַרמעגליכער, אַ קראַנקער, שוין אין די עלטערע יאָרען. אים האָבען די פּעטלורעווצעס באַפוילען, ער זאָל זיי אַרומפירען איבער די רייכע אידישע הייזער, בכדי אַרויסצוקריגען דאָס געלט פון די „זשידעס". יאָסעל חנה׳ס איז בעל כרחו געגאַנגען פון איין הויז אין צווייטען. חוה, פיני בייזער׳ס מיידעל, האָט איהם געפרעגט:

— וואָס ווילען זיי פון אייך, ר׳ יאָסעל?

— אַט אַזוי מוטשען זיי מיך ווי דעם גוי׳אישען גאָט! — האָט יאָסעל חנא׳ס אַ זיפץ געטאָן.

ווען די פּעטלורעווצעס האָבען קיינעם אין די הייזער נישט געטראָפען און קיין געלט נישט געקראָגען, זיינען זיי שטאַרק אין כעס געוואָרען אויף יאָסעל חנה׳ס און אים צעהאַקט מיט די שווערדען ביי ברוכ׳ס איידים אין הויז.

ביי אייזיק גענענדעל׳ס (אייזיק ברענמאַן) דעם קמצן און פראַצענטניק, האָבען זיי אַרויסגעקראָגען, וויפיל געלט ער האָט פאַרמאָגט, האָבען אַרומגעדרייט אַ האַנטוך אַרום זיין אַלטען האַלז — און אים דערוואָרגען.

מיט אייזיק ברענמאַן צוזאַמען איז שיעור נישט אומגעקומען יאָסעל זייגערמאַן, ירחמיאל איצי בדאני׳ס זון. די פּעטלורעווצעס האָבען אַרומגעבונדען זיין האַלז מיט אַ האַנטוך, אים שטאַרק געצויגען איןביידע זייטען. יאָסעל׳ס פּנים איז געוואָרען בלאָ, מיט אַרויסגעשטאַרטשטע אויגען און אַרויסגעשטעקטער צונג. זיי האָבען געמיינט, אַז ער איז שוין קאַפּוט, האָבען זיי אים אַראָפּגעוואָרפען אין קעלער אַריין. דאָרטען האָט דער האַנטוך נאָכגעלאָזט און יאָסעל

איז געקומען צו זיך. א שטיק צייט איז אים פארבליבען א סימן פונ׳ם מלאך־המות: די ארויסגעסטארטשעטע אויגען.

ביינאכט איז אויך דער־הרג׳עט געווארען אברהם סטאס (סאסטשין). מען דערצעהלט, אז אברהם איז ביינאכט ארומגעגאנגען איבער׳ן שטעדטעל, געזוכט זיין טאטען, וועמען די פעטלורעווצעס האבען ארויסגענומען פון הויז. די סטראזשע האט אברהמ׳ען געפרעגט, ווער ער איז. אברהם האט שטאלץ צוריק געפרעגט:

— וואוהין האט איר אהינגעטאן מיין טאטען?

— זשידאווסקי חוצפה׳ניק! — איז א פעטלורעוועץ אין כעס געווארען און א קויל האט דורכגעלעכערט אברהמ׳ס שטאלצען קאפ.

אברהם האט זיך באטייליגט אין דער וועלט מלחמה. אין די גרויסע שלאכטען ארום ווארשע האבען קוילען צעלעכערט זיין היטעל, זיין שינעל. ער איז געבליבען א גאנצער, איז אריינגעפאלען אין פלען צו די דייטשען. א פאר יאר האט ער זיך געוואלגערט אין אונגארן, געווען קראנק אויף פלעקען־טיפוס, שווארצע פאקען, געטאן כל עבודת פרך. אין דעצעמבער 1918 איז ער אהיים געקומען. האבענדיג געענדיגט א גימנאזיע, נאך פאר דער מלחמה, האט אברהם איצט נישט געוואלט מער זיך לערנען. האט באשלאסען צו ווערען א פשוט׳ער איד, געשטרעבט נאך רו. א קויל פון א פעטלורעוועץ האט אים געשאנקען די אייביגע רו.

דינסטאג פארטאג האבען זיך אין שטעדטעל פארשפרייט קלאנגען, אז ס׳וועט גארנישט זיין. זיי וועלען קיינעם נישט טשעפען. פון די קעלערם און קאמערם האבען זיך די אידען צוריק באזעצט אין די הייזער. די יעניגע, וואס האבען זיך אויסבאהאלטען אין דארף, האבען זיך צוריק אומגעקערט צו זייערע היימען. די פרומע אידען זיינען געגאנגען אין די בתי־מדרשים אריין דאווענען. פון וואנען די קלאנגען האבען זיך גענומען, צי זיי זיינען אומיסטען פארשפרייט געווארען דורך די פעטלורעווצעס, כדי די אידען ארויסצונארען פון זייערע באהעלטענישען, אדער זייער אורשפרונג איז פארוועבט אין יענע נישטיגע צופאלען, וואס ווערען אפטמאל פאטאל — פון וואנען די קלאנגען האבען זיך גענומען, איז שווער צו דערגעהן. זיי זיינען געווען זים און שלוי, ווי די רייד פון דער שלאנג.

דינסטאג, ארום זיבען אזייגער אין דער פרי, האט דער אטאמאן געהאלטען א קורצע רעדע פאר די פעטלורעווצעס:

— די אידען, די „כריסטאָפּראַדאָווצעס", און באָלשעוויקעס, זיינען אונזערע גרעסטע שונאים! קוילעט זיי אַלעמען אויס, בראַווע סאָלדאַטען!

עס האָט זיך דערהערט אַ פּיף. אַ סימן, אַז די הייליגע אַרבייט הויבט זיך אָן.

די פּעטלורעווצעס, ווי יאַגד־הינט, האָבען זיך צעשפּרייט איבער׳ן שטעדטעל און גע׳הרג׳עט, געקוילעט, געשענדעט. זיי האָבען קיינעם נישט געשאַנעוועט — אַלטע און יונגע, זויגענדיגע קינדער, קראַנקע אויף זייערע בעטען, פּאַראַליזירטע, בלינדע, לא תחיה כל נשמה.

מאיר׳קע הובערמאַן, אַ יונגער בחור, איז געלעגען קראַנק אויף פלעקען־טיפוס; יאָסעל דעם רב׳ס (יאָסעל קיטיווער) איז געווען פּאַראַליזירט, האָט נישט געקענט זיך אַ ריר טאָן פון אָרט, — אַלעמען האָט די פּעטלורישע שפּיז דערגרייכט. אייניגע פּעטלורעווצעס האָבען נישט געקענט פאַרליידען קיין צעריסענקייט אין דער פאַמיליע, זיי האָבען גאַנצע פאַמיליעס אַרויסגעפירט אין דרויסען און זיי אויסגעקוילעט איינס לעבען ס׳אַנדערע.

מען מוז אויך צוגעבען, אַז די פּעטלורעווצעס זיינען געווען זעהר פאָרזיכטיג. זיי האָבען זיך באַמיט נישט צו מאַכען קיינע טעותים. זיי האָבען געצווייפעלט, צי דאָקטאָר מאַזאָר איז אַ איד, ער האָט אויסגעזעהן ווי אַ קאַווקאַזער. כדי נישט אומצובערענגען אומזיסט און אומנישט אַ קריסטליכע נשמה, האָבען זיי איהם געפרעגט, צי ער איז אַ איד, צי נישט. דאָקטאָר מאַזאָר, וואָס איז געווען פאַרבונדען מיט׳ן אידישען לעבען, פונקט ווי אַ שטעדטעלשער איד — מיט׳ן כינעזישען לעבען, האָט שטאָלץ געענטפערט:

— געוויס בין איך אַ איד!

די פּעטלורעווצעס זיינען זיכער געווען, אַז זיי האָבען נישט קיין טעות און איהם טויטערהייט פאַרבונדען מיט׳ן אידישען גורל.

אויף די פאַרשיווע זשידעס איז נישט כדאי אויסצוברענגען קיין געלט, און קוילען קאָסטען געלט, האָבען די פּעטלורעווצעס ווי וויים מעגליך אויסגעמיטען צו באַנוצען קוילען. זיי האָבען זיך קאַלטבלוטיג באַנוצט מיט קאַלטען געווער. דאָרטען אָבער וואו זיי האָבען זיך נישט געקענט העלפען, האָבען זיי נעבאַך געמוזט נוצען אַ פּאָר קוילען. זיי האָבען דערשאָסען פייפער׳ן, אַ געהילף פּראָוויזאָר אין בודזינסקי׳ס אַפּטייק. מען האָט איהם געפונען אַ דער-

שאָסענעם מיט אַ פאַרביילטען פויסט. ער האָט, ווייזט אויס, גע־פּרואווט זיך ווערען, אָדער אפשר געוואָלט אָנפאַלען אויף זיין שונא. ער איז געווען אַ בראַווער יונג. זיי האָבען אויך דערשאָסען נתן בערעל קאַריטנער. אַ זשיד אַ חוצפה׳ניק! ער האָט געוואַגט אַקעגנ־צושטעלען זיך מיט אַ נאַגאַן אין דער האַנט.

די פּעטלורעווצעס האָבען זיך צעטיילט אויף צוויי מחנות. איין מחנה איז געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און געבראַכט אידישע קרבנות לזכר כמעלניצקי און גאָנטע. די צווייטע מחנה האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין שטעדטעלשען דאָרף, אַ זוך טאָן א נישטער טאָן, טאָמער האָבען זיך אַ פּאָר אידעלאך דאָרטען אויסבאַהאַלטען.

דאָס דאָרף, אויפ׳ן צפון זייט פון שטעדטעל, האָט געהייסען שישיווקע. דאָרט האָבען געוואוינט די אוקראַינישע קאַטאָליקען. זיי האָבען נישט אַרויסגעטריבען די אידען, וואָס האָבען זיך אויס־באַהאַלטען אין זייערע סטאַדאָלעס. די אוקראַינישע קאַטאָליקען האָ־בען אַביסעל מורא געהאַט פאַר די פּעטלורעווצעס. ווי קאַטאָליקען, זיינען יענע אוקראַינער נישט געווען אינגאַנצען כשר אין די אויגען פון די סאַמאָסטיניקעס (אָנהענגער פון אַ זעלבסטשטענדיגער אוק־ראַינע). אין מערב און אין דרום זייט פון שטעדטעל, אויף דער דראָבאָניווקע, האָבען געוואוינט די פּראַוואָסלאַווגע אוקראַינער. אַ סך פון זיי האָבען אַרויסגעטריבען די אידען פון זייערע כאַטעס, אַנ־דערע האָבען אָנגעוויזען, וואו די אידען האָבען זיך אויסבאַהאַלטען. פיליפּ טשאַרני האָט אָנגעוויזען אויף נח וואָסערפירער׳ס איידעם.

עס זיינען געווען פויערים, וואָס האָבען אויסבאַהאַלטען אידען. סטעפּאַן דער שוסטער האָט אָפּגעראַטעוועט עטליכע אידישע פאַ־מיליעס: מאָניש ברענמאַנ׳ס, משה קערדמאַנ׳ס. זיי זיינען געלעגען ביי אים אויפ׳ן בוידעם. סטעפּאַן האָט זיי אפילו אַרויפגעבראַכט עסען. דער רויטער קאָוואַל האָט נישט אַריינגעלאָזט די פּעטלו־רעווצעס צו זיך אין הויז אַריין. זיי האָבען געוואָלט אַ זוך טאָן ביי אים אין הויז. דער רויטער קאָוואַל האָט זיי געגעבען דאָס וואָרט, אַז ביי אים זיינען נישטאָ קיין אידען, אָבער אַריינלאָזען וועט ער זיי נישט. ער וויל נישט, זיי זאָלען מאַכען ביי אים אַן איבערקערע־ניש. און דער רויטער קאָוואַל האָט זיינס אויסגעפירט. די פּעט־לורעווצעס האָבען זיך אָפּגעטראָגען און די פיער פאַמיליעס, וואָס זיינען געווען אויסגעלייגט אין סטאַדאָלע אויפ׳ן שטרוי, זיינען ניצול געוואָרען פון אַ זיכערען טויט.

אין איינִיגע פלעצער האָבען די פּעטלורעווצעס טאַקע געמאַכט אַ גרינטליכע אונטערזוכונג. אין סטערדעס שטרוי האָבען זיי אַריינגעשטאָכען זייערע שווערדען, כדי צו איבערצייגען זיך, אַז דאָרטען ליגט קיינער נישט באַהאַלטען. משה מינדלין איז שיעור נישט צעשניטען געוואָרען פון אַזאַ אונטערזוכונג. ער איז געלעגען אַריינגערוקט אין אַ סטאָדאָלע שטרוי.

די גלח'טע פון שטעדטעל, אַ טיף גלויביגע פּראַוואָסלאַוונע, האָט אויסבאַהאַלטען ביי זיך אין הויף עטליכע אידישע פאַמיליעס, שרה יאַנקעלעס קינדער, וואָס זיינען געלעגען אין שפּיטאָל פאַרוואונדעטע, האָט זי, די גלח'טע, געשיקט צוקער און מילך.

איינִיגע מענשען זיינען אומגעקומען דורך אַ קליינעם צופאַל. ביי עקיבא גלייזער (פישביין) אויפ'ן בוידעם האָבען זיך אויסבאַהאַלטען עטליכע אידישע פאַמיליעס. צווישען זיי — מאַכליע, שמחה אמת'עס (גאָלדמאַן) טאָכטער, מיט אירע קינדער. ווען די פּעטלורעווצעס, נאָך אַ חקירה ודרישה, האָבען זיך שוין געקליבען צו פאַרלאָזען דאָס הויז, האָט מאַכליע'ס אַ קינד אָנגעהויבען צו וויינען.

— העי זשידעס! אַראָפּ פונ'ם בוידעם! —האָבען די פּעטלורעווצעס אַרויפגעשריען. אויף די בוידעמער זיינען זיי מערסטענס נישט געגאַנגען. מאַכליע האָט נישט געוואָלט שטעלען אין געפאַר די איבעריגע פאַמיליעס און איז אַראָפּ פונ'ם בוידעם מיט די קינדער.

— הרג'עט פריער די קינדער און דערנאָך מיך, — האָט זיך מאַכליע געבעטען ביי די פּעטלורעווצעס. זיי האָבען דערפילט איר בקשה.

אין דער ווייבערשער שול איז פאַרוואונדעט געוואָרען שמואל העלפאַנד (פון די דריי הייזער). ער האָט געקרעכצט: — אַ טרונק! אַ טרונק! — אברהם עליע דער משוגע'נער (ברענמאַן) איז געווען פאַררוקט אין אַ פינסטערען ווינקעל פון שול. ער איז פון דאָרטען אַרויסגעקראָכען צו דערלאַנגען שמואל'ן אַביסעל וואַסער. די טיר אין דער ווייבערשער שול איז געווען אָפען. אַ פּעטלורעווער איז גראָדע פאַרבייגעגאַנגען און דערזעהן אברהם עליע'ן מיט'ן קערטעל וואַסער אין דער האַנט. אברהם עליע'ן האָט מען שוין אַרויסגעטראָגען פון דער ווייבערשער שול.

עס זיינען געווען אויך פאַלען, ווען מענשען האָבען זיך געראַטעוועט דורך אַ צופאַל. הערשקע קאַפּעץ (גרינבוים) און אלעזר חיה־הינדעס (בייזער) זיינען געלעגען אַ גאַנצע נאַכט ביי פאָליק שוחט

אויפ׳ן בוידעם. קאַיאַר האָבען זיי דערזעהן דורכ׳ן בוידעם-פענסטער, ווי יחיאל יעקעל׳ס (קאַרנבלים) קערט זיך אום פונ׳ם שטעדטעלשען דאָרף. ס׳ווייזט אויס שטיל. האָבען זיי באַשלאָסען אַ קוק צו טאָן, וואָס ס׳טוט זיך ביי שלום חיה הינדעס (בייזער) אין הויז. ווי זיי שטעהען אַזוי לעבען שלומ׳ס שטוב און קוקען זיך אַרום, קומט אָן אלעזר׳ס פעטער, שלמה ליטוואַק (מינדלין).

— איך ווייס ניט וואו מיין לאה׳קע איז, אלעזר!

האָט שלמה מינדלין זיך אָנגערופען:

— קום מיט מיר אין וואַלאַסט אַריין אָדער צו צימער׳ן. אפשר וועלען מיר אויסגעפינען וואו זי איז.

אלעזר האָט זיך שוין געלאָזט געהן מיט זיין פעטער. הערשקע האָט אָנגעכאַפּט אלעזר׳ן ביי דער האַנט.

— געה נישט אין ערגעץ, עפּעס האָב איך מורא, — זיי זיינען אַריין צו אברם׳ן אין שטאַל און געבליבען לעבען.

שלמה מינדלין איז דער׳הרג׳עט געוואָרען שפּעטער מיט עט־ליכע מינוט, ווי נאָר ער האָט אַריבערגעטראָטען די שוועל פון זיין הויז.

די אידען, וואָס זיינען אַנטלאָפען אין נאָהענטע און ווייטע דערפער, זיינען ניצול געוואָרען פון טויט, אָבער שרעק האָבען זיי איבערגעלעבט אַ וועלט. ווייל דער קאָמיסאַר צימער האָט אַרוים־געשיקט דרינגענדע שטאַפעטען אין אַלע אַרומיגע דערפער, די פּויע־רים זאָלען תיכף ומיד צונויפנעמען אַלע אידען, וואָס געפינען זיך ביי זיי, און צוריקשיקען אונטער אַ שטאַרקער אָכראַנע אין שטאָדט אַריין. די דאָרפישע פּויערים האָבען זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטען. זיי האָבען צונויפגערופען אַ סכאָד און באַשלאָסען אויסצופירען צי־מער׳ס באַפעל. אין איינינע פאַלען איז די אידען געלונגען אויסצו־קויפען זיך פון דער אָכראַנע, ווען זיי זיינען שוין געווען אין מיטען פעלד, אויפ׳ן וועג אין שטעדטעל אַריין. די אידען האָבען זיך דאַן צעשפּרייט, ווי געיאָגטע חיות, איבער פעלדער און וועלדער, פאַר־קראָכען אין שניי-גריבער און זומער ביידלאַך. אין אַ סך פאַלען איז די אָכראַנע געווען טויב און שטום צו אַלע געבעטען און געוויינען פון די געטריבענע אידען. ווי אויף אָקסען, וואָס מען פירט אין דער יאַטקע, האָט די אָכראַנע גענוקעט אויף די פאַרוויינטע פרויען און זיפצענדיגע מאַנסבלען. ווען די דאָזיגע פּראָצעסיעס האָבען דערגרייכט דאָס שטעדטעל, איז שוין געווען נאָך דער שחיטה. זיי זיינען פּונקט אָנגעקומען צו דער גרויסער לויה.

נאָך בשעת די שחיטה איז אָנגעגאַנגען, האָבן די שטעדטעל־שע פויערים אָנגעהויבן צו ראַבעווען. ווי קראָהען באַפאַלן פגרים, אַזוי זיינען פויערים און פויערטעס באַפאַלן די אידישע הייזער און אַרויסגעשלעפּט אַלץ, וואָס איז נאָר געקומען אונטער דער האַנט — שניט סחורה, באַקאַליי, לעדער, פּעלצען און אפילו אַלטע הלבשה. אַלץ קומט צונוץ אין אַ פויערשער באַלעבאַטישקייט. אייניגע פויערים האָבן זיך נישט באַנוגענט מיט איין מאָל ראַבעווען. זיי האָבן אויף גיך אָפּגעוואָרפן די אָנגעראַבעוועטע קלומיקעס אין זייערע כאַטעס און היידא צוריק אין שטעדטעל אַריין — כאַפּ אַריין ווען ס'איז דאָ אַ געלעגענהייט.

צוויי אַזייגער ביי טאָג האָבן די פּעטלורעווצעס פאַרלאָזט דאָס שטעדטעל. פאַר'ן אַוועקגעהן האָבן זיי מיט גראַנאַטען צעשטערט די בעסטע הייזער. די „היסטאָריע" מיט די קלייטען, מנחם ווערבוכ'ס, מרדכי דעם רב'ס הויז א. אַ. האָבן זיך אָנגעצונדען פון די גראַנאַטען.

מען דערצעהלט אפילו, אז ברוך קופער האָט זיך אַזוי דערשראָקען, ווען ער האָט דערזעהן, ווי דאָס שטעדטעל איז אויסגעקוילעט און עס ברענט פון אַלע זייטען ,אז ער האָט זיך געלאָזט לויפען. ווייט איז ער נישט אַנטלאָפען. ביים אַרויספאָר פון שטעדטעל, פונקט אַנטקעגען קאַטוילישען צווינטער, האָט אים אַ פאַרשפּעטיגטער פּעטלורעווןעץ אָפּגעשטעלט... ברוך איז געבליבען ליגען, מיט די צעשפּרייטע הענט ווי אַ צלם, אַנטקעגען געקרייציגטען, וואָס האָט אַראָפּגעהאַנגען פונ'ם קאַטוילישען צווינטער.

דאָס שטעדטעל האָט געברענט. ס'איז געווען אַ גליק, וואָס עס איז געווען אַ שטילער דרויסען, אַ ניט וואָלט דאָס גאַנצע שטעדטעל געווען אומגעקומען אין פייער. מי לחרב ומי לשרפה.

ביסלעכווייז האָבן זיך די באַהאַלטענע אידען אַרויסגעשאַרט פון זייערע לעכער. ווער ס'איז אַראָפּגעקראָכען פונ'ם בוידעם, ווער ס'איז אַרויסגעקראָכען פונ'ם קעלער. יעדער איינער האָט געזוכט זיינע נאָהענטע. די קינדער האָבן געזוכט זייערע עלטערען, און עלטערען — זייערע קינדער. ברידער האָבן געזוכט זייערע שוועסטער, און שוועסטער — זייערע ברידער. מ'האָט געקרעכצט, געוויינט, געכליפּעט, געקוויטשעט מיט באַנומענע קולות. יעדער איינער האָט געקלאָגט אויף זיין אייגענעם בראָך, ווייל אין בית אשר אין שם מת.

אין די שטיבער איז געווען פינסטער און אויפ'ן גאַס איז געווען ליכטיג, ליכטיג פון די ברענענדיגע הייזער, וואָס די פעטלורעווצעס האָבען אונטערגעצונדען, איידער זיי האָבען פאַרלאָזט דאָס שטעד-טעל. די שטיבער זיינען געווען ליידיג און די גאַס איז געווען פול מיט מענשען, וואָס האָבען זיך געדרייט הין און הער אָן אַ שום זינען.

די הייזער האָבען זיך אומגעשטערט געברענט, געקנאַקט מיט פייערדיגע צונגען, קיינער האָט זיי ניט געשטערט זיך אויסצוברענען ביז'ן סוף.

די עלטערע אידען האָבען זיך אַ נעם געטאָן צו דער הייליגער מצוה פון מקבר זיין די הרוגים. מ'האָט געקלי-בען די טויטע, ווי מ'קלייבט שפּענער אין וואַלד. אָט ליגט אַ בר מנן, אָט ליגט נאָך איינער. מ'האָט די הרוגים צונויפגעוואָרפען אויף פורען און זיי געפירט ווי מיסט אין פעלד אַריין. אין אהל של אמת האָט מען די טויטע אויסגעלייגט איינעם לעם אַנדערען, און די נאָהענטע אָדער קרובים האָבען שוין דערקענט די אומגעקומענע. מ'האָט די מתים באַגראָבען אין עטליכע גרויסע גריבער, צו עטליכע צענדליג אין אַ גרוב.

די יוגענט האָט זיך פאַרנומען מיט אַן אַנדער הייליגער אַר-בייט — היילען די וואונדען פון די פאַרוואונדעטע.

אין די גרויסע צענדליגער זיינען זיי געלעגען, די נישט דער-קוילעטע, אין די הייזער, לעבען די הייזער, און שטיל געקרעכצט אָדער קוים געזשיפּעט. נאָר די שווער פאַרוואונדעטע איז געלונגען אַריבערצופירען אין שטעדטעלשען שפּיטאָל. די איבעריגע זיינען געבליבען ליגען אין זייערע היימען, ווייל קלאַנגען האָבען זיך פאַר-שפּרייט, אַז די פעטלורעווצעס האָבען אומיסטנע פאַרלאָזט דאָס שטעדטעל, כדי אויפדערנאָכט, ווען די אידען וועלען אַרויסקריכען פון זייערע באַהעלטענישען, פּלוצים אָנפאַלען און אויסקוילען אַלע ביז צו איינעם.

פון וואַנען די קלאַנגען האָבען זיך גענומען, צי האָט די שרעק זיי געבוירען, אָדער די פּויערים האָבען זיי אומיסטען פאַרשפּרייט, כדי צו פאַרענדיגען דאָס ראַבעווען, —איז שווער צו באַשטימען. אין שטעדטעל איז געוואָרען שטיל. די קוויטשערייען און קרעכצען האָבען זיך פאַרקליבען אין די הייזער. און פון דאָרטען — אין די קעלערס. ס'איז פינסטער, טיר און טויער צוגעמאַכט.

די אידען זיינען געלעגען אין די קעלערס, אין די בוידעם־לעכער, ווי צעשראָקענע מייז, האָבען שטיל געקלאָגט אויפ׳ן גרויסען בראָך און אויפגעציטערט יעדע רגע ביים קלענסטען שאָרך — ס׳הויבט זיך שוין נאָכאַמאָל אָן? די „היסטאָריע״ מיט די שניט־קלייטען און אַנדערע הייזער האָבען גוסס׳דיג דערברענט. קליינע שטילע פלעמלאַך האָבען טונקעל־אבל׳דיג באַלויכטען דאָס פינסטערע שטעדטעל. די פּאַריטשער סטראַזשניקעס האָבען אַרומגעבלאָנקעט איבער די געסלאַך, היטענדיג דאָס איבערגעבליבענע אידישע האָב און גוטס, די שטעדטעלשע פּויערים זאָלען עס נישט צעטראָגען.

פון צייט צו צייט האָט זיך דערהערט אַ שאָס פון אַ ביקס. דאָס האָבען די סטראַזשניקעס אויסגעשאָסען כדי עמיצען אָנצושרעקען אָדער טאַקע דערשיסען.

מיטוואָך אינדערפרי, ווען די אידען זיינען אַרויסגעקראָכען פון זייערע לעכער, האָבען זיי דערזעהן, אַז דאָס שטעדטעל איז אויס שטעדטעל. די בעסטע הייזער — אָפּגעברענט. אין די איבעריגע הייזער זיינען די פענסטער אויסגעזעצט, די טירען צעהאַקט, די קלייטען צעראַבעוועט. און די אידישע באַפעלקערונג איז האַלב אויסגעה׳רג׳עט, פאַרוואונדעט. אַ פאַרוויסטונג האָט זיך אַ טראָג געטאָן איבער׳ן שטעדטעל.

די לעבען געבליבענע האָבען קיין צייט נישט געהאַט צו קלאָגען אויף זייער בראָך. דאָ און דאָרטען האָבען זיך געוואַלגערט הרוגים, שטיקלאַך הענט, פיס, פינגער. האָט מען דאָס אַלץ געדאַרפט ברענגען צו קבורה. אין די אָפּגעברענטע הייזער האָט מען אַלע ווייטע געפונען אָן אַנדער קרבן: מרדכי דעם רב׳ס און זיסי פסח׳ס פאַמיליעס האָט מען געפונען, פאַרברענטע, אונטער די חורבות פון די הייזער. צי זיי זיינען פאַרברענט געוואָרען לעבעדיגערהייט אָדער גע׳הרג׳עטערהייט, ווייסען נאָר די פעטלורעוועצעס, אויב זיי געדענקען אַזעלכע קלייניגקייטען. באַגראָבען די טויטע האָט נישט גענומען לאַנג, איינס און צוויי און אַ לאָפּעטע ערד האָט זיי צוגעדעקט. דערנאָך איז געקומען די זאָרג פאַר די פאַרוואונדעטע, עטליכע צענדליג אין צאָל. די פעטלורעוועצעס זיינען געוועזען גענים אין זייער פאַך. פון די זעקס הונדערט געקוילעטע זיינען געבליבען נישט דערקוילעט נאָר עטליכע צענדליג. דער שטעדטעלשער שפּיטאָל איז נישט געוועזען גרויס גענוג פאַר אַלע פאַרוואונדעטע, האָט מען געמוזט אויפשטעלען נייע שפּיטאָ־

לען. מאַנישעס, נעכי'ס און פּיני לאַזער'ס הייזער זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין צייטווייליגע שפּיטאַלען.

וואָלף שניידער האָט נישט גערוט טאָג און נאַכט, ביז וואַנעט אַלע פאַרוואונדעטע האָבען זיך נישט געפונען אין די שפּיטאַלען.

פון קאַמענעץ זיינען אַראָפּגעקומען עטליכע אידישע דאָקטוירים און באַרמהערציגע שוועסטער. די דאָקטוירים האָבען געמאַכט איין אָפּעראַציע נאָך דער צווייטער, און די אָפּערירטע האָבען געקרעכצט, ווער העכער, ווער שטילער. איינציגע זיינען געזונט געוואָרען און אַנדערע זיינען נאָך אַ לאַנגער גסיסה אַנטשוויגען געוואָרען.

ביי פּיני בייזער'ס זון, מאָטעל, האָבען די פּעטלורעווצעס אָפּגעהאַקט אַ שטיק שאַרבען. די געהירען האָבען זיך אַרויסגעזעהן. ס'איז נישט געווען קיין שום האָפענונג, ער זאָל בלייבען לעבען. און ווען אפילו עס געשעהט אַ נס און ער בלייבט לעבען, וועט ער זיין אַ פולשטענדיגער אידיאָט, האָט געזאָגט דער דאָקטאָר. מאָטעל'ס שוועסטער האָבען געכליפּעט, צוקוקענדיג, ווי ער מוטשעט זיך, און שבע, זיין מאַמע, האָט געבעטען ביים רבש"ע: זאָל ער זיין אַ אידיאָט, אַבי בלייבען לעבען. קיין נס איז נישט געשעהן און ער האָט פאַרשפּאָרט צו לעבען אַ אידיאָטיש לעבען. בעטי ווערבוך, מנחם ווערבוכ'ס פרוי, האָט געהאַט עטליכע וואונדען אין בויך. אָפּמוטשענדיג זיך אַ פּאָר וואָכען, האָט זי צוגעמאַכט אירע יונגע אויגען און פאַרשפּאָרט צו זעהן, ווי איר איין און איינציגע טאָכטער, לוסי, רירט נישט מיט ביידע פיס — אויך אַ מתנה פון די פּעטלורעווצעס. פון דעם פּיקיווערם הויז־געזינט זיינען דער'הרג'עט געוואָרען אַלע: ביילע, שפרה, איר מאַן שמואל סווינער און יחיאל — נאָר אברהם־עליע איז געבליבען אַ פאַרוואונדעטער. ער איז געלעגן אין פּיני לאַזער'ס הויז און האָט זיך געבעסערט פון טאָג צו טאָג. ס'האָט זיך אויסגעוויזען, אַז ער וועט זיכער געזונט ווערען. פּלוצים האָט ער זיך אויסגעצויגען און איז אַנטשלאָפען געוואָרען. אליהו־משה קאָרנבליט האָט געלעבט אַ פּאָר טעג אין שטעדטעלשען שפּיטאָל. דער פאָטשט־נאַטשאַלניק, באַסיוק, האָט קאָרנבליט'ן אַרויסגערופען פון יחיאל רופא'ס שטוב. אליהו־משה האָט געמיינט, אַז באַסיוק וויל מיט אים, אַ פאַרשטעהער פון דער קהלה, פאַרהאַנדלען וועגען שטעדטעל. מען דערצעהלט, אַז אַ קורצער געשפּרעך איז טאַקע פאָרגעקומען צווישען אליהו־משה'ן און באַסיוק'ן.

דאָס לעצטע וואָרט אינ'ם געשפּרעך האָבען געהאַט די שווערדען פון די פּעטלורישע אָפיצערן, וואָס האָבען באַגלייט באַסיוק'ן.

— מיך האָבען דער'הרג'עט אינטעליגענטען! — האָט אליהו־משה געמורמעלט אין גוסס'דיגען באַוואוסטזיין. דער ווייכער סענטימענטאַלער אליהו־משה איז געשטאָרבען אַן אַנטוישטער אין די אינטעליגענטען.

נתן צולאַג (חסיד) איז אויך געשטאָרבען פון די וואונדען. ער איז אַמאָל געווען איינער פון די גרעסטע שלעגערס אין שטעדטעל. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס הייסט אָפּטרעטען אין אַ געשלעג. זיין גבורה איז געוואַקסען, ווען בלוט איז אים געראָנען איבער'ן פּנים. לייכטער און דרענגלאַך האָבען תמיד זיך געצילט אין זיין שטאָלצען קאָפּ. די לעצטע צייט איז ער שטיל געוואָרען, האָט זיך פאַרנומען מיט שטריק־דרייעריי. ער האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען די פּעטלורעווצעס — און איז געפאַלען אַ פאַרוואונדעטער. אויפן גסיסה בעט האָט ער געזאָגט צו זיין זון:

— חיים, הער נישט דיין פאָטער, דעם טיפּש, ווי נאָר דו וועסט קענען, פאָר באַלד אוועק קיין פּאַלעסטינע.

נתן חסיד איז געווען אַ ציוניסט. זיין ברודער, לייבוש חסיד, איז געווען אַ „פאַראייניגטער". אים האָט עס נתן גערופען „טיפּש".

די לעבען געבליבענע האָט מען אויך געדאַרפט פאַרזאָרגען. דאָס אידישע האָב און גוטס האָבען די פּויערים צעראַבעוועט, איז פּשוט נישט געווען פון וואָס אַ טאָג איבערצוקומען. אפילו די פאַרמעגליכע פאַמילעס זיינען געבליבען הויל און נאַקעט. פון די אַרומיגע שטעדטלאַך זיינען באַלד אָנגעקומען יונגעלייט מיט אַלערליי שפּייזען און מזומן געלט. ס'איז געשאַפען געוואָרען אַ קאָמיטעט פון דער שטעדטעלשער קהלה און פאָרשטעהער פון די שכנ'ישע שטעדטלאַך. די שפּייז־פּראָדוקטען זיינען געלעגען ביי מאָניש'ן אין קעלערהויז און דאָרטען זיינען זיי פאַרטיילט געוואָרען צו די נויט־באַדערפטיגע. כמעט אַלע אידישע איינוואוינער האָבען זיך גענויטיגט אין הילף. אַ שטעדטעל פון סאַמע בעטלער.

אין דער פינסטערער מרה שחורה, וואָס האָט זיך צעלייגט איבער'ן שטעדטעל נאָך דער שחיטה, האָט אַ בלישטשע געטאָן אַ פריידיג פּייערעל. דערלעבט זיך אַ נקמה!

קאָליאַ קוטשער האָט געשאָסען אויף באַסיוק'ן און אים שווער פאַרוואונדעט! בליץ־שנעל האָט זיך די נייעס צעשפּרייט איבער'ן שטעדטעל. און אַלע האָבען לייכטער אָפּגעאָטעמט: כן יאבדו!

די פּאַטשט געביידע איז געווען אַ טייל פונ׳ם גוט באַזיצער׳ם הויף און האָט באַלאַנגט צו דער פאַמילע קוטשער. באַסיוק, וואָס איז לעצטענס געוואָרען אַ גאַנצער קנאַקער און געפילט זיך תקיפ׳דיג, האָט אין אַ געשפּרעך מיט מאַדאַם קוטשער זי שטאַרק באַליידיגט און אָנגערופען מיט שמוציגע נעמען. קאַליאַ, איר יונגער זון, ווען ער האָט דאָס דערהערט, איז געוואָרען אָן אויפגעקאָכטער. ער האָט אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און געשאָסען אויף באַסיוק׳ן. אַ פּאָר טעג האָט ער געשוועבט צווישען לעבען און טויט. דאָס שטעדטעל האָט פאַרגעסען אָן אירע אייגענע וואונדען און שטאַרק זיך אינטערעסירט מיט באַסיוק׳ס געזונט. איז אים ערגער געוואָרען, האָט מען אין שטעדטעל זיך געפרעהט. קיין בעסערען סוף האָט ער זיך נישט פאַרדינט! אַ שיינע ריינע כפּרה! איז אים בעסער געוואָרען, איז מען אין שטעדטעל אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. — אַ גוי האָט מזל, ער וועט זיך מסתמא אויסדרייען און ער האָט זיך טאַקע אויסגעדרייט דאָס מאָל.

---

עס זיינען פאַראיבער עטליכע וואָכען און אַלץ איז געווען אין „בעסטער אָרדענונג". די קלענערע שפּיטאַלען האָבען זיך איינציגווייז צוגעמאַכט. אייניגע פאַרוואונדעטע זיינען געשטאָרבען און אַנדערע האָבען זיך אויסגעהיילט. דער הילף-קאָמיטעט איז אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבייט, ווי ער וואָלט זיך באַזעצט אין שטעדטעל אויף שטענדיג. ביי אַזאַ „נאָרמאַלער לאַגע" דאַרף מען אַ טראַכט טאָן וועגען רוחניות. די חדרים פוסטעווען און די רוסיש-אידישע שולען — זיי האָבען דען אַמאָל עקזיסטירט? האָט דער הילפס-קאָמיטעט באַשלאָסען אויפצונעמען די פראַגע וועגען חינוך אויף אַ ספּעציעלער זיצונג. ביי מאָניש׳ן אין קעלער-שטוב איז פאָרגעקומען די ספּעציעלע זיצונג מיט׳ן נאַטשאַלניק מיליציע, אַלס פאָרזיצער.

דער נאַטשאַלניק — אַ קריסט — האָט זיך צוגעשאָרט צו אַלע מאַכטען. ביי ניקאָלאַי׳ען איז ער געווען אַ פּריסטאַוו אין אַ קליין שטעדטעל, נאָך דער פעווראַל רעוואָלוציע איז ער געוואָרען אָן אָנהענגער פון דער נייער מאַכט. האָט געדינט ביים העטמאַן און... איז אויך געוואָרען אַ חסיד פון דער אוקראַינער ראַדע, ווען דער העטמאַן איז אַנטלאָפען פון אוקראַינע.

די פאַרזאַמעלטע זיינען געזעסען אַרום אַ קליין טישעל, אויף וועלכען ס׳האָט געקאָפּטשעט אַ פיניפער לעמפּעל מיט אַ לאַטע פון

ווייסען פּאַפּיר אויפ׳ן צעבראָכענעם גלעזעל. גיב אַ קראַץ אַ רוס, וועט אַרויסשפּרינגען אַ טאַטער. גיב אַ פּיפּס „שולע״, וועלען זיך שוין אידען אַמפּערען וועגען אידיש און העברעאיש. די זיצונג איז געפירט געוואָרען אויף רוסיש. דאָס ערשטע וואָרט האָט באַקומען וואָלף שניידער. אין אַ פיינעם קלינג־דיגען רוסיש האָט וואָלף שניידער באַוויזען מיט אַלערליי היסטאָרישע אַרגומענטען, אַז העברעאיש איז די איינציגע נאַציאָנאַלע שפּראַך פונ׳ם אידישען פאָלק. ער האָט דאַרום געפאָדערט, די אונטערריכטונג אין דער קינפטיגער שולע זאָל פאַרקומען אויף העברעאיש. א. בייזער איז געווען דער ראש המדברים פון די „פאַראייניגטע״. ער האָט זיך געהיצט און סאַרקאַסטיש אויסגעלאַכט די היסטאָרישע אַרגומענטען פון וואָלף שניידער. „די מוטער שפּראַך פון אַ פאָלק איז זיין נאַציאָנאַלע שפּראַך. ביים אידישען פאָלק איז אידיש די מוטער־שפּראַך און במילא שוין די נאַציאָנאַלע שפּראַך. די למודים דאַרפען פאַרקומען אויף אידיש״. א. בייזער האָט אפילו אַפּעלירט צום נאַטשאַלניק אַלם פאָרשטעהער פונ׳ם אוקראַאינישען פאָלק, ער זאָל זיך אָננעמען די קריוודע פון דער אידישער שפּראַך, וואָס ווערט גע׳רודפ׳ט פון דער אידישער בורזשואַזיע, פונקט ווי די אוקראַאינישע שפּראַך ווערט גע׳רודפ׳ט פון דער אוקראַאינישער בורזשואַזיע.

ס׳האָבען גערעדט נאָך איינינע פאָרשטעהער פון קאָמיטעט און דאָס לעצטע וואָרט האָט באַקומען דער פאָרזיצער. ער האָט דוקא געגעבען גערעכט וו. שניידער׳ן. העברעאיש איז היסטאָריש די שפּראַך פונ׳ם אידישען פאָלק און די למודים אין אַ אידישער שולע דאַרפען געפירט ווערען אין העברעאיש. די ציוניסטען האָבען געהאַט אַ מערהייט און ביי דער אַפּשטימונג האָט העברעאיש געזיגט. די טעכנישע פראַגען פון דער קינפטיגער העברעאישער שולע האָט מען אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדערש מאָל, ווייל ס׳איז שוין געווען זעהר שפּעט. אונטער פעטלורא׳ם הערשאַפט איז דאָס „אַנדערש מאָל״ שוין מעהר נישט געקומען און די העברעאישע שולע האָט זיך נישט געעפענט. דער שפּראַכען־דועל אין בית־עולם־שטעדטעל קוקט איצט אוים לעכערליך דאָן־קיכאָטיש, אָבער דענסטמאָל איז עס געווען נאַטירליך — אַ צייט פון הרת עולם.

דאָס שטעדטעל האָט זיך צוגעוואוינט צו דער ירידה. איינינע קלייטען האָבען זיך אפילו האַלב געעפענט. מ׳קען דאָך נישט איי־ביג לעבען פון קצבה, וואָס די אַנדערע שטעדטלאָך שיקען אריין. כאָטש די פעטלורישע אַרמייען האָבען געקעמפט אויף טויט און

אויף לעבען (גיכער אויף טויט!) מיט די באָלשעוויסטישע פּאַרטי־זאַנען, זיינען אָבער קיין פּאָגראָמען מער נישט פאָרגעקומען. האָט מען זיך ביסלעכווייז באַרוהיגט. איין איבערשרעק האָט איבערגע־לעבט דאָס שטעדטעל. אין אַ ווינטערדיגען פאַרנאַכט זיינען צו מאָניש׳עס הויז, וואו ס׳האָט זיך געפונען דער הויפּט שפּיטאָל, צוגעפאָרען צוויי רייטער. זיי האָבען געוואָלט זעהן די חשוב׳ע באַלעבאַטים. הינטער׳ן שטעדטעל געפינט זיך אַ גאַנצע מחנה פּעטלורעווצעס, האָבען פאַרזיכערט די רייטער. די פּעטלורעוו־צעס זיינען גרייט יעדע רגע אַריינצומאַרשירען אין שטעדטעל אַריין און אויסקוילען עס. אויב אָבער מ׳וועט זיי, די רייטער, אַריינ־לייגען אין דער יד אַריין עטליכע טויזענט רובעל, וועלען זיי שוין זעהן ,אַז די פּעטלורעווצעס זאָלען זיך פאַרקירעווען אין אַן אַנדער ריכטונג.

ס׳איז קלאָר געווען פאַר יעדען איינעם, אַז די גאַנצע מעשה איז נישט געשטויגען און נישט געפלויגען. צוויי כיטרע פּעטלו־רעווצעס, האָבען זיך געטראַכט, אַז זיי וועט געלינגען אָנצושרעקען דאָס נישט־דערקוילעטע שטעדטעל און אויסנאַרען אַ פּאָר טויזענט רובעל.

די שרעק האָט אָבער גובר געווען דעם שכל הישר. אין איינע צעהן מינוט האָבען פרויען און קינדער אָנגעפילט מאָניש׳עס הויז, גלייך ווי אין שפּיטאָל, וואו עס ליגען די פאַרוואונדעטע פונ׳ם פּאָ־גראָם, וועלען די פּעטלורעווצעס נישט וואַגען אַריינצוגעהן. אַ בליי־כער האָט זיך דער שפּיטאָל דאָקטאָר אַרומגעדרייט צווישען די אָנגעלאָפענע פרויען און קינדער. ער האָט געוואוסט, אַז אין אַן עת צרה איז דער שפּיטאָל נישט קיין באַוואָרעניש. ער האָט אָבער קיין הארץ נישט געהאַט צו זאָגען זיי דעם אמת.

פּסח אהרן לנדוי האָט זיך נישט פאַרלוירען. ער איז אַוועק צום נאַטשאַלניק־מיליציע, מיט וועמען ער איז געווען אַ גאַנצער פּאָני בראַט, און אים געבעטען, ער זאָל עפּעס טאָן צו באַרוהיגען דאָס איבערגעשראָקענע שטעדטעל. דער נאַטשאַלניק־מיליציע איז געווען זיכער, אַז אין די רייד פון די צוויי רייטער איז קיין שמץ אמת נישטאָ. אָבער שטעלען אויף זיך און אַרעסטירען די צוויי פּעטלורעווצעס האָט ער נישט געוואַגט. אין אַזאַ משוגע׳נער צייט איז גלייכער צו זיין זעהר פאָרזיכטיג. דורכ׳ן טעלעפאָן האָט ער זיך אָנגעפרעגט אין פּראָסקוראָוו וואָס צו טאָן. נישט אַזוי גיך האָט ער געקראָגען אַן ענטפער. די צוויי רייטער האָבען חוצפה׳דיג

געפאָדערט געלט און דאָס שטעדטעל האָט געציטערט פאַר שרעק. ענדליך האָט דער נאַטשאַלניק־מיליצע, אויף אַ באַפעל פון פּראָס־קוראָוו, אַרעסטירט די צוויי רייטער און דאָס שטעדטעל איז דאָס מאָל אָפּגעקומען נאָר מיט שרעק.

דאָס שטעדטעל האָט אויך געוואוסט פון שטילער פרייד, גע־מישט מיט צער. עס זיינען פאָרגעקומען חתונות אין שטעדטעל. נישט די יוגענט איז געגאַנגען צו דער חופּה מיט טאַנצן און פּוי־קען. פון בויען נייע נעסטען האָט די יוגענט אפילו נישט גע׳חלום׳ט. אָבער די אַלטע צעבראָכענע נעסטען האָט מען זיך גענומען צו פאַרריכ־טען.

יאָסעל מאַדיק איז געבליבען איינער אַליין. זיין ווייב און צוויי קינדער זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרען. — כאָטש טו זיך אַ מעשה אָן, — טענה׳ט יאָסעל, — אין שטוב איז קיינער נישטאָ, נאָר די קאַץ דרייט זיך אַרום און מיאוקעט. זיין ווייב שיינדעל האָט יאָסעל מאַדיק שטאַרק ליב געהאַט. סוף ווינטער האָט ער חתונה געהאַט. ביי שכנא לייב קנאָבל׳ס (פּייערמאַן) האָט מען אוים־גע׳הרג׳עט דאָס גאַנצע הויז־געזינט אַ חוץ אַרקען. שכנא פלעגט גאַנצענע טעג אַזוי יאָמערען און קלאָגען, אַז דער עולם האָט אַזש מורא געהאַט צוצוגעהן צו אים. אויך שכנא האָט אָנהויב זומער חתונה געהאַט.

---

אין די פאַרביטערטע שלאַכטען, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען צווי־שען די באָלשעוויקעס און די פּעטלורעווצעס, זיינען די לעצטע צעקלאַפּט געוואָרען. די פּעטלורעווצעס האָבען פאַרלוירען קיעוו, וויניצע און ביסלעכווייז אָפּגעטראָטען צו דער גאַליצישער גרעניץ. דאָס שטעדטעל האָט געוואוסט, אַז מיט׳ן אָנקומען פון די באָלשע־וויקעס, וועט אויך אָנקומען אַ נייער סדר לעבען. צום אַלטען האַנ־דעל־וואַנדעל וועט נעמען אַ סוף. דאָס שטעדטעל האָט קיין חשק נישט געהאַט צו שיידען זיך מיט׳ן אַלטען שטייגער לעבען, דאָך האָט קינד און קייט שוין געוואָלט דערלעבען די מינוט, ווען באָלשע־וויסטישע רייטער וועלען זיך באַווייזען אויפ׳ן שטעדטעלשען שאָסיי. „ביי די באָלשעוויקעס ביסטו כאָטש זיכער מיט׳ן לעבען", האָט יעדער איינער איבערגע׳חזר׳ט איינס און דאָס זעלבע.

ווען די פּעטלורעווצעס האָבען זיך דערנעהענטערט צו דער גאַליצישער גרעניץ, האָט מען אין שטעדטעל, וואָס איז נישט ווייט פון דער זעלבער גרעניץ, געהערט ווייטע הילכען פון קאַנאָנען־

שיסעריי. בייטאָג האָבען זיך רעדלאַך אידען געזאַמעלט לעבען די קלייטען און צוגעהערט זיך צו אַלערליי קלאַנגען און פּאַטשטען, וואָס האָבען זיך געביטען פון טאָג צו טאָג, פון שעה צו שעה. איינינע יונגעלייט האָבען זיך אַרויסגעלאָזט אויסער'ן שטעדטעל אויף די דערבייאיגע בערגלאַך און פון דאָרטען געפּרואווט דער־געהן, ווי ווייט די שיסעריי קומט פאַר און אין וועלכער ריכטונג.

ביינאַכט איז מען געשלאָפען מיט אַ גרינגען שלאָף און מיט קלאַפּענדיגע הערצער, זיך אויפגעכאַפּט פון יעדען קליינעם שאָרך. ווייל די פּעטלורישע פּאָלקען האָבען געמאַכט זייער צוריקטריט ביינאַכט, אויסגעמיטען ווי ווייט מעגליך מענשליכע ישובים און באַזונדערס אידישע שטעדטלאַך. דאָך איז מען נישט געווען זי־כער, אַז אַ פּעטלורישע אָפּטיילונג זאָל זיך נישט אַריינכאַפּען אין שטעדטעל אַריין און אויסקוילען די לעבען געבליבענע.

איינמאָל אין אַן אינדערפרי איז מען אין שטעדטעל געוואָיר געוואָרען, אַז דער קאָמיסאַר צימער איז אַנטלאָפען, אויך זיין גע־הילף האָט נישט געסטאַיעט. אַ סימן, אַז צו פּעטלוראַ'ס ממשלה וועט באַלד נעמען אַ סוף. און נייעסען האָבען זיך פאַרשפּרייט אַלערליי. די באָלשעוויקעס זיינען שוין לעבען פּראָסקוראָוו, זיי האָבען שוין פאַרנומען פּראָסקוראָוו, זיי זיינען שוין אויפ'ן וועג קיין יאַרמעלינעץ, באַלד, באַלד וועלען זיי שוין זיין אין שטעדטעל.

דעם ערשטען טאָג פּסח האָט זיך טאַקע באַוויזען אין שטעד־טעל אַ באָלשעוויסטישע אָפּטיילונג פון אַ מאַן צוואַנציג. קינד און קייט איז אַרויסגעקומען צו באַקוקען די באַפרייער. ס'איז געווען אַ וואַרימער ליכטיגער אָנהויב פרילינג טאָג. אַ פרייד איז געווען צעגאָסען איבער אַלעמענס פּנים'ער. דאָס יונגוואַרג האָט אַזש אונטערגעטאַנצט. די באָלשעוויסטישע רייטער האָבען זיך אויך אָנגעשטעקט מיט דער פרייד פונ'ם עולם און האַרציג געשמייכעלט צו יעדען איינעם. איינינע רייטער זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פון זייערע פערד און אויסגעמישט זיך צווישען עולם. די שטעדטעלשע אידען האָבען באַלד דערצעהלט דעם עלטסטען וועגען פּאָגראָם, וועגען צימער'ן און באַסיוק'ן. דער קאָמיסאַר צימער איז אַנטלאָפען און באַסיוק איז פאַרבליבען אין שטעדטעל, ווייל ער האָט זיך נאָך נישט אויסגעהיילט פון דער וואונד, וואָס ער האָט באַקומען אין אַ קריגעריי מיט קאָליאַ קוטשער. דער עלטסטער האָט באַשלאָ־סען צו אַרעסטירען באַסיוק'ן און אים אָפּפירען אין פּראָסקוראָווער טשעקאַ. דער עלטסטער האָט שנעל אָוועקגעריטען צו באַסיוק'ס

הויז, לעבען קאַסטיאַל. די באַלשעוויסטישע אַפּטיילונג האָט אַרומ־גערינגעלט באַסיוק׳ס הויז און דער עלטסטער מיט אַ פּאָר קאַ־וואַלעריסטען זיינען אַריין אינווייניג צו אַרעסטירען אים. אין הויז האָבען זיי געטראָפען באַסיוק׳ן מיט זיין פרוי. דער עלטסטער האָט אים ערקלערט, אַז דאָס שטעדטעל האַלט אים פאַר׳ן הויפט אָנפירער פון׳ם פּאָגראָם און דעריבער מוז ער זיך גלייך גרייטען צו דער נסיעה אין אויעזדנע טשעקאַ אַריין. באַסיוק האָט געליי־קענט שטיין און ביין.

— ער ווייסט פון גאָרנישט, ר׳איז שוין עטליכע יאָר דער פּאָסט פאַרוואַלטער אין שטעדטעל און תמיד געלעבט גוט מיט די אידען. ס׳איז אַ מיספאַרשטענדעניש.

באַסיוק׳ס פרוי האָט געבעטען דעם עלטסטען, ער זאָל אים נישט אָפּשיקען תיכף ומיד קיין פּראָסקוראָוו.

—אַז ער איז ביז אַהער נישט אַנטלאָפען, וועט ער ווייטער אויך נישט אַנטלויפען. די אידען האָבען אויסגעטראַכט אַ בלבול אויף אים. ער איז אין גאָרנישט ניט שולדיג. ווען ער וועט זיך ערהאַלטען, וועט ער אַליין זיך יאַווען אין טשעקאַ אַריין.

דער עלטסטער האָט זיך שוין אָנגעהויבען צו קווענקלען, נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

דערווייל האָט זיך אַרום הויז צונויפגעזאַמעלט אַ גרויסע מחנה אידען. דאָס איז מען געקומען אַ קוק טאָן, ווי מען פירט אַוועק באַסיוק׳ן אין טשעקאַ אַריין. דער עולם איז געווען שטיל. אָבער ווען דער עלטסטער איז אַרויסגעקומען פון הויז אין דער באַגלייטונג פון באַסיוק׳ס פרוי, וואָס האָט געהאַלטען אין איין איינ׳טענה׳ן מיט אים, איז דער עולם געוואָרען אומרוהיג. ווער ווייסט, אפשר וועט אים געלינגען אַרויסצודרייען זיך. דער הויכער געזונטער בנימין הייבער׳ס האָט אויסגעשריען:

— חבר נאַטשאַלניק, ער האָט די פּאָגראָמשטשיקעס געגעבען אַ צעטעל פון אַלע קהלה מיטגלידער, מען זאָל זיי אַלעמען אויס־הרג׳ענען.

יאָסעל דעגאַליאָוו (הויפּטמאַן) האָט זיך געהיצט:

—ער האָט אַרויסגערופען אליהו־משה קאָרנבליט פון זיין הויז און די פּעטלורעווצעס האָבען אים דערשטאָכען. די טעלעגראַמע פון פּראָסקוראָוו, אַז מען זאָל אָפּשטעלען דעם פּאָגראָם, האָט ער פאַרהאַלטען.

דער איבעריגער עולם האָט אונטערגעהאַלטען:

— דערשיסען אים.

דער עלטסטער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— בירגער, איך וועל טאָן מיין פליכט, איך וועל אים אָפּפירען אין טשעקאַ אריין, און דאָרטען וועט מען שוין זעהן, צי ער איז שולדיג, צי נישט!

דער עולם האָט זיך בארוהיגט, האָט אָבער נישט אָפּגעטראָטען ביז וואַנעט באַסיוק איז ניט אָפּגעפירט געוואָרען אין טשעקאַ אריין.

די יוגענט האָט זיך נישט בארוהיגט:

—אויב מ'וועט אָפּלאָזען די זאַך אויף גאָט'ס באראָט, קען זיך באַסיוק נאָך ארויסדרייען פון דער טשעקאַ'ס הענט.

אויף אַ בעראַטונג פון עטליכע קהלה-מיטגלידער איז באַשלאָסען געוואָרען אָוועקצושיקען אַ פּאָר יונגעלייט קיין פּראָסקוראָוו, זיי זאָלען שוין זעהן, אַז באַסיוק זאָל קיין לעבעדיגער פון דער טשעקאַ'ס הענט נישט ארוים. און כדי צו איבערצייגען די טשעקאַ, אַז באַסיוק איז באמת שולדיג אינ'ם פּאָגראָם, האָט מען די משולחים מיטגעגעבען אַ באַשטעטיגונג גע'חתמ'עט פונ'ם גאַנצען שטעדטעל, אַז באַסיוק איז איינער פון די הויפּט שולדיגע אין דער שחיטה.

אין טשעקאַ האָבען שיינגאָלד און אייזמאַן אָנגעטראָפען זיך אויף אַ סוק. ווייל באַסיוק'ס פרוי, וואָס איז באַלד נאָכ'ן ארעסט פון איר מאַן אָפּגעפאָרען קיין פּראָסקוראָוו, האָט געקערט וועלטען. זי האָט גע'פועל'ט ביים טעלעגראַפיסטען פאַראיין, ער זאָל, אין אַ פּעטיציע אין טשעקאַ אריין, מאָלען באַסיוק'ן אין די העלסטע פאַרבען און בעטען, מ'זאָל אים באַפרייען. זי האָט זיך משתדל געווען ביי די אוקראַאינישע כלל טוער, זיי זאָלען פועל'ן אין רעוו־קאָם, אַז די טשעקאַ זאָל מאַכען וועגען באַסיוק'ן אַ גרינטליכע אויספאָרשונג, ד. ה. די זאַך פאַרציען. און ס'האָט שוין געהאַלטען דערביי, אַז באַסיוק'ס פרוי זאָל האָבען איר'ם אויסגעפירט. דער אויספאָרשער פון טשעקאַ האָט בעת'ן אויספרעגען שיינגאָלד'ן גע־שטעלט אים אַ האַרבע קשיא: „האָט איר אויספירליכע און גרינט־ליכע באַווייזען, אַז באַסיוק איז באמת שולדיג אינ'ם פּאָגראָם. עס קען זיין, אַז ס'האָט אים נישט געאַרט, וואָס די פּעטלורעווצעס האָבען אויסגעקוילעט עטליכע הונדערט אידען. דערפאַר קומט נאָך נישט קיין שיסען".

שיינגאָלד ,אַ צעפלאַמטער, אַ צעשרויפטער, האָט געקוויטשעט אויפ'ן קול:

—ער האָט נאָך פאַר'ן פּאָגראָם געזאָגט, אַז ר'וועט שרייבען אויף די אידען מיט רויטען. ער האָט אַרויסגערופען אַ. קאַרבנליט'ן, די פעטלורעווצעס זאָלען אים דער'הרג'ענען אַ. אַ. וו.

נישט דער אויספאָרשער און נישט שיינגאָלד האָבען געשטרעבט צום אמת, צום אַבסאָלוטען אמת. דער אויספאָרשער, וואָס איז נישט געווען קיין פאַרברענטער באָלשעוויק, האָט צוגעזאָגט באַסיוק'ס פרוי, אַז ער וועט די זאַך ווי ווייט מעגליך פאַרציען. און אין שיינ-גאָלד'ן האָט געזאָטען דער נישט איינגעשטילטער נקמה-געפיל פאַר'ן פאַרגאָסענעם בלוט.

אין דעם זעלבען טאָג האָט דער אויספאָרשער אויך אויסגעע-פרעגט באַסיוק'ן. ער האָט געלייקענט שטיין און ביין, אַז ער האָט געהאַט עפּעס אַ שייכות צום פּאָגראָם.

— עטליכע יאָר האָט ער געוואוינט אין שטעדטעל און איז תמיד געווען אין די בעסטע באַציהונגען מיט דער אידישער באַפעלקערונג. די גאַנצע מעשה וועגען זיין אָנטיילנעמען אינ'ם פּאָגראָם איז נישט געשטויגען און נישט געפלויגען. אַ פאַרדריסליכע מיספאַר-שטענדעניש.

אין קאָרידאָר פון טשעקאַ האָבען זיך שיינגאָלד און באַסיוק באַגעגענט.

באַסיוק האָט זיך הכנעה'דיג געווענדעט צו שיינגאָלד'ן:

— חבר שיינגאָלד! גלויבט מיר, אַז איך בין גאָרנישט שולדיג אין דער שחיטה.

שיינגאָלד איז אויפגעקאָכט געוואָרען:

— וואָס פאַר אַ חבר בין איך דיר, דו הינטישער זון! האָסטו נישט געזאָגט קופער'ן פאַר'ן פּאָגראָם, אַז דו וועסט שרייבען אויף די אידען מיט רויטען? האָסטו נאָכ'ן פּאָגראָם נישט געזאָגט מאָשקע זילבערמאַן, אַז אַ געדיכטען וואַלד דאַרף מען שיטערער מאַכען! אַוועק פון מיר, דו הינטישער זון!

ווען נישט דער סטודענט מילשטיין און מיכעל דער רויטער, מיטאַרבייטער פון טשעקאַ, וואָלט באַסיוק'ס „דיעלע" געוויים זיך פאַרצויגען און אפשר צעריבען געוואָרען. ווייל אפילו דער שכור'-ניק קאָבילין, דער פאָרזיצער פון טשעקאַ, איז געווען גענויגט נישט צו איילען זיך מיט באַסיוק'ס „דיעלע". אַזוי טיכטיג און ווירקזאַם האָט געאַרבייט באַסיוק'ס פרוי.

דער סטודענט מילשטיין האָט זיך געזעהן מיט זשופּאַנען, דעם קאָמאַנדיר פון דער באָלשעוויסטישער בריגאַדע, וואָס האָט פאַר-

נומען פראסקוראווו. זשופאן איז ספעציעל צוגעפארען אין משעקא אריין. ער האט אין א ברוגז'ן טאן, פאכענדיג מיט דער אראפגע-נומענער הענטשקע פון דער לינקער האנט, — האלב געווארענט און האלב גע'עצה'ט קאבילינ'ען:

—איך זעה נישט איין, צו וואס מען דארף זיך צערעמאניען מיט באסיוק'ן. וועט זיין ווייניגער מיט א פאגראמשטשיק!

מיכעל דער רויטער האט זיך געזעהן מיט'ן פארזיצער פון רעווקאם. אויך ער האט אפגערופען קאבילינ'ען און אים געבעטען, ער זאל וואס גיכער פארטיג ווערען מיט באסיוק'ס „דיעלא". און באסיוק'ס גורל איז פארזיגעלט געווארען: מי למות!

אויפ'ן צווייטען טאג נאך זיין ארעסט, איז באסיוק קאיאר דער-שאסען געווארען אין ריוו לעבען דער זעמסקע באלניצע.

אין שטעדטעל האבען זיך די אידען געזאמעלט אין רעדלאך אויפ'ן שאסיי און לעבען די בודקעס, ווידעראמאל און אבעראמאל גערעדט וועגען באסיוק'ן: דערלעבט זיך א נקמה אין א פאגראמ-שטשיק! אידיש בלוט איז נישט הפקר פעטרישקע. איצט וועט זי (באסיוק'ס פרוי) אויך פילען דעם טעם פון א פאגראם! א גע-זונט לעבען אויף קאליא קוטשער! ווען נישט ער, וואלט דאך באסיוק נעלם געווארען אינאיינעם מיט צימער'ן!

אויך צימער האט געקראגען זיין שטראף. מיט צעהן יאר שפעטער האט א שטעדטעלשער יונגערמאן אים דערקענט, ווען ער האט געשפאצירט איבער די גאסען פון לענינגראד. מ'האט אים ארעסטירט, געבראכט קיין פראסקוראוו, געשטעלט צום געריכט און פאר'משפט צום טויט.

---

איך האב פארצייכענט כמעט אלץ, וואס איז געבליבען אין מיין זכרון פון יענער הרת-עולם'דיגער צייט.

עס קען זיין, אז אייניגע פאסירונגען האב איך איבערגעגעבען ניט פינקטליך און אנדערע — אינגאנצען אויסגעלאזט.

דער מענשליכער מוח איז דאך נישט קיין פאטאגראפישער אפאראט, וואס כאפט אראפ אלץ און לאזט גארנישט אויס. מעגליך, אז איך האב געמאכט טעותים. נישט במזיד האב איך דאס געטאן.

.35 ,19 ,11

## הרב דוד נאָוואָסעליר

# די דרייצען שאלות



דרייצען שאלות זיינען נאָכ'ן פּאָגראָם געפרעגט געוואָרען ביי מיר, ליגענדיג נאָך א שטאַרק פאַרוואונדעטער. די נעמען פון די פרעגערס אויך מיינע ענטפערס זיינען ניט וויכטיג אין ענין.

**ערשטע שאלה:**

ווען די פּעטלורעווצעס זיינען אויפ'ן בוידעם אַרויף, בין איך און מיין ברודער ארוים דורכ'ן קוימען, און אוועק. נאָכ'ן פּאָגראָם ווען מיר זיינען צוריקגעקומען און ווידער ארויף אויפ'ן בוידעם, האָבען מיר דאָרט געפונען א קופּע פלייש צעהאקט, צעשניטען — נישט צו דערקענען, צי דאָס איז א מענש אמאָל געווען. ווייסען מיר נישט, צי איז דאָס דער טאַטע, וועלכען מיר האָבען איבער־געלאָזט אויפ'ן בוידעם, צי ניין? ווילען מיר וויסען צי מיר זאָ־לען נעמען דאָס פלייש און באַגראָבען לעבען דער מאמען, וועלכע מיר האָבען געפונען א גע'הרג'עטע אויפ'ן פאַרפרוירענעם טייך?

**צווייטע שאלה:**

בשעת'ן אַנטלויפען, האָבען פּעטלורעווצעס געכאַפּט מיין פרוי, זי גע'הרג'עט אין דרויסען. חזירים האָבען איר פלייש געגעסען. נאָכ'ן פּאָגראָם, בין איך מיט מיינע לעצטע כחות אַרוים פון באַ־העלטעניש, אוועקגעטריבען די חזירים. עטליכע שטיקלאָך פלייש האָב איך געפונען ווייטלאָך פון איר קערפּער — דאַרף איך זיי איר מיטגעבן אין קבר אריין?

**דריטע שאלה:**

נאָכ'ן פּאָגראָם האָב איך מיין מאַנ'ס קערפּער אָהן דעם קאָפּ גע־פונען אין בית הכסא און איך האָב אים אזוי מקבר געווען. עטליכע טעג נאָכ'ן פּאָגראָם, האָב איך ניט געבעטען קיין גלעלעגער, ניט אויסגע־טאָן זיך. ווען מיר האָבען דערפילט א שלעכטען גערוך, האָבען מיר אָנגעהויבען רייניגען, זוכען און געפונען מיין מאַנ'ס קאָפּ אריינגע־

שטעלט אין אַ כלי מיט אומריינס און גוט פאַרדעקט. זאָל איך דעם אומריינעם קאָפּ אַריינגראָבן אין מיין מאַנ'ס קבר?

**פערטע שאלה:**

כ'האָב מיין מאַן באַגראָבן אָהן די פיס. געזוכט און געזוכט — ניטאָ קיין פיס. מילא, באַגראָבן אָהן די פיס. מיט עטליכע טעג שפּעטער האָט מען גערייניגט דאָס איינפאָר־הויז, געפין איך מיין מאַנ'ס שטיוועל. איך גיב אַ קוק: פיס זיינען דאָ אין די שטיוועל. — זאָל איך זיי אַריינגראָבן אין מיין מאַנ'ס קבר מיט די שטיוועל?

**פינפטע שאלה:**

רב! מיר האָבן גענומען ברענגען צו קבורה אייער רבי'צין מיט די צוויי מיידלאַך אייערע — געפינען מיר אַ שטיק גראָבע פוס־פלייש. מיר זעען אָבער, אַז די רבי'צין און די מיידלאַך האָבן גאַנצע פיס — וועמעס איז עס, און וואו באַגראָבט מען עס? איך האָב געענטפערט: דאָס איז מיין פוס־פלייש — באַגראָבט עס מיט זיי צוזאַמען.

**זעקסטע שאלה:**

מ'האָט מיין כשר'ע פרוי אַריינגעשלעפּט אין בעט, אַלע מאָל אַן אַנדער סאָלדאַט אַריינגעלאָפן, און זי האָט געקרעכצט. אוי, רבי! ליגענדיג באַהאַלטען אונטער'ן בעט, האָב איך געפילט, אַז איך בין אַן אכזר, וואָס איך לעב — ווי איז דער דין־תורה?

**זיבעטע שאלה:**

די דאָרפס־גוים האָבן געפאָדערט פון די פּעטלורעווצעס אונ־טערצוצינדען דאָס ראַטהויז, ווייל אידען האָבן זיך דאָרט פאַרבאַ־האַלטען. די פּעטלורעווצעס האָבן געפאָלגט. אַז דער רויך האָט אָנ־געהויבן שטיקען, האָבן מיר אַ וואַנט אויסגעבראָכען און אַריבער אין אַן אַנדער סעקרעט. באַלד האָט דאָרט אויך דער רויך אָנגעהויבען עסען די אויגען, שטיקען אין האַלז. האָבן מיר אַ דינע ווענטעל אויס־געבראָכען און אָנגעהויבען אַראָפּשפּרינגען. איך האָב אַראָפּגעשלעפּט און אַוועקגעשליידערט אַ פרוי, וועלכע האָט געוואָלט אַרויס פאַר מיר, און איך בין אַרויסגעשפּרונגען. זעהר שווער איז מיר אויסגעקומען זיך צו ראַטעווען פון די גוים־סאָלדאַטען, וועלכע האָבן באַלאַ־גערט דאָס ראַטהויז פון דרויסען. די פרוי אָבער איז פאַרברענט געוואָרען — קען איך האָבן אַ תשובה?

**אַכטע שאלה:**

ווי באַגראַבט מען די איינצעלנע קעפּ, פיס, הענט, געהירען, ני־רען קישקעס, וועלכע מיר האָבען צוזאַמענגעשאַרט פון שאַסיי, געס־לאַך, קופּעס מיסט, און מיט איבערגעבראָכענע ביינער פון די קינדער, וועלכע די פּעטלורעווצעס האָבען לעבעדיגערהייט געוואָרפען אין ברענענדיגען ראַטהויז? וואָס טוט מען מיט זיי?

**ניינטע שאלה:**

מיין זון האָט מען אָנגעשטאָפּט אַ מויל מיט פּאַפּיר און אַזוי איז ער דערוואָרגען געוואָרען. דאַרף איך דעם פּאַפּיר אים מיטגע־בען אין קבר?

**צענטע שאלה:**

אַכט מענשען זיינען מיר געווען פאַרבאַהאַלטען אין קעלער. מיין זויגענדיג קינד האָט הויך געוויינט. וואָס איך שטופּ אים די ברוסט אין מויל, עס העלפט נים. זיי בעטען מיך אים איינשטילען, אָבער איך קען נישט. זאָג איך זיי: „נאָט אייך ס'קינד טוט דערמיט וואָס איר ווילט". „ח"ו", שרייען אַלע אויס, „מיר'ן ניט טשעפּען ס'קינד". פּעטלורעווצעס זיינען באַלד אַריין אין קעלער, יעדען גע'הרג'עט, מיין קינד אויך. מיך געלאָזט לעבען. יעצט, רבי, פּייניגט מיך מיין געוויסען, כ'קען ניט שלאָפען. כ'דענק, אז איך בין דער גורם אין זייער טויט?

**עלפטע שאלה:**

זיבען אַזייגער אין דער פרי ווען סאַמאָסענקאָ האָט זיין פּאָגראָם רעדע געהאַלטען פאַר די אַכט־הונדערט סאָלדאַטען און אויסגע־שריען: „אין נאָמען פון גאָט, ווער ס'לאָזט לעבען אַ אידען פאַר אויסקויף־געלט, דער הייסט אַ פאַררעטער. אין אידיש בלוט וועלען מיר דערטרינקען אונזערע שונאים און אויפלעבען אונזער סאַמאָס־טיני! נעכטען אָוועגט האָט איר געטאָן וואָס איר ווילט, יעצט טוט דעם ווילען פון באַטקאָ פּעטלורע!"—האָט מיין בחור ארויסגע־כאַפּט זיין רעוואָלווער און געוואָלט אויסשיסען אַ קויל אויף סאַ־מאָסענקאָ'ן, האָב איך אים ניט געלאָזט. יעצט, אַז דער אומגליק איז געשען, האָב איך מורא: אפשר ווען ער הרג'עט אים, וואָלט קיין פּאָגראָם ניט געווען?

**צוועלפטע שאלה:**

מיט מיין גוי'איש רעדען, מיט מיין פּאָנים, בין איך ענליך צו אַ דאָרפס־גוי'ע. צו מיין אומגליק בין איך גראָדע אין פעלשטין גע־ווען. אין דער נאַכט פאַר'ן פּאָגראָם האָב איך זיך אָנגעטאָן ווי

אַ דאָרפס־גוי׳ע, צוגעפּוצט זיך אַביסעל און אַריין אין דער הויפּט־קוואַרטיר. דאָרט האָט מען צוואַנציג אידען געבראַכט, אַ סך פון וועלכע איך האָב געקענט, מיט מיתות משונות זיי גע׳הרג׳עט. איי־נעם האָט מען געגעבען עסען זאַלץ, אייניגע — אָפּגעהאַקט די פינ־גער, אייניגע אַנידערגעלייגט אויף דר׳ערד אַרויפגעשטעלט אויף זיי אַ סאָפע, אויף דער סאָפע זיינען ארויפגעגאַנגען אַ סך פּעטלו־רעווצעס און געזונגען „זאַכוואַטילי שרהקי״ און זיי צעקוועטשט. אייניגע האָט מען די פּיס אַרויסגעשלעפּט פון קערפּער, אייניגע סתם געשלאָגען מיט נאַהייקעס, ביז זיי זיינען געפאַלען טויטע. מוזיק האָט דערביי געשפּילט, פּעטלורעווצעס האָבען געטאַנצט, מיך אַריינגעשלעפּט אין קאָן. יעצט לאָזט מיך דער געוויסען ניט רוען. זאָגט מיר, רבי, בין איך אין עפּעס חייב?

דרייצענטע שאלה:

אין אַלע זיבען מקומות־קדושים זאָגט יעדער קדיש און קיינער איז ניטאָ צו ענטפערען אמן. מעג מען עפ״י דין אזוי?

## יוזף בוים

# מרדכי יוזפ׳ס



מאנטאג פארנאכט נאכ׳ן תענית האבען זיך אידען פארזאמעלט אין בית־מדרש. דאס בית־מדרש איז געווען איבערפילט מיט אידען וואס האבען זיך געריכט אויף „א צרה שלא תבא״... אלע אין בית־מדרש האבען געהאפט אויף א „נס״...

מיין פאטער, מרדכי יוזפ׳ס, איז געווען דער בעל־קורא אין בית־מדרש. ער האט געלייענט „ויחל״. דעם טאטענס לייענען „ויחל״ יענעם מאנטאג פארנאכט האט צעבראכען די אידענס הערצער, גערירט זיי ביז צו טרערען. זיפצען און קרעכצען האבען זיך געריסען פון די צעשראקענע אידען און אנגעפילט דאס בית־מדרש...

(עס זיינען מיר דעמאלט געקומען אויפ׳ן זינען מיין טאטענס נביאה׳שע ווערטער, ווען קערענסקי האט איבערגענומען די רוסישע רעגירונג און ביי אונז אין שטעטעל איז געווען א גרויסע שמחה. מען האט פאראדירט, געזונגען און געטאנצט אין די גאסען. דעמאלט האט מיין פאטער, מרדכי יוזפ׳ס, געזאגט צו די אידען אין רעדעל: — אידען! פרעהט זיך ווינציגער... עס וועט זיך נאך גיסען אידיש בלוט אין די גאסען!...)

מיטאמאל זיינען אריינגעלאפען מענשען אין בית־מדרש און א זאג געטאן:

— די „היידאמאקעס״ זיינען דא!...

האט דער עולם געלאזט זיך ארויסלויפען פון בית־מדרש. געלאפען איז מען דערוויל א היים, צו ווייב און קינד. מען האט אבער גלייך דערזען, אז די „היים״ איז מער ניט זיכער, האט מען זיך גענומען לויפען צו די גויים אויפ׳ן דארף, צו באהאלטען זיך ביי זיי. די גויים האבען אבער שוין ניט אריינגעלאזט צו זיך... איז מען געלאפען צוריק אהיים און זיך ארויפגעקליבען אויפ׳ן בוידעם. פילע זיינען אראפ אין די קעלערס. אנדערע האבען מורא געהאט צו פארדוקען זיך אויפ׳ן בוידעם אדער אין קעלער, זיינען זיי אוועק אין פעלד אריין. אין פעלד האבען פילע שוין אבער באגעגענט דעם טויט...

מיין פֿאָטער, מיט דער שטיף־מוטער, מיט מיין שטיף־ברודערל און איך אליין — זיינען נים געלאָפּען אין ערגעץ. דער טאַטע האָט נים געלאָזט לויפען. ער האָט געזאָגט: — עס איז נישטאָ וואוהין צו לויפען, איין גוי איז נישט בעסער פאר'ן צווייטען...

זיינען מיר געלעגען א גאַנצע נאַכט אין שטוב אין דער פינסטער, נים ארויסגערעדט א וואָרט איינס צום אַנדערן.

ווי ס'איז נאָר טאָג געוואָרען האָבען זיך מענשען אָנגעהויבען באַווייזען אין גאַס. מיין פאָטער האָט זיך געשטעלט דאַוונען. ווי ער האָט נאָר אָפּגעדאַוועט, האָט ער דערזען דורכ'ן פענסטער א „היידאַמאַק" מיט א בלויזער שווערד.

— קינדער! — האָט ער א זאָג געטאָן צו אונז — ס'איז שלעכט. מען מוז זיך ערגעץ באַהאַלטען...

מיין שטיף־ברודערל איז גלייך ארויף אויפ'ן בוידעם. איך בין אריין אין קאַמער און אויף גיך זיך איבערגערעקט מיט א פּאַק קליאַטשעוואָס איז געלעגען אין קאַמער. דער טאַטע מיט דער שטיף־מוטער זיינען אויך אריין אין קאַמער. זיי האָבען שוין אָבער נים באַוויזען צו פאַרמאַכען די טיר נאָך זיך.

פינף היידאַמאַקעס האָבען אויסגעהאַקט די פענסטער פון שטוב און זיינען אריין ווען דער טאַטע האָט געהאַלטען אין פאַרמאַכען די טיר.

— וויכאַדי — האָט איינער א געשריי געטאָן. דער טאַטע מיט דער שטיף־מוטער האָבען שוין קיין ברירה נים געהאַט. זיי האָבען געמוזט פאָלגען...

— איז נאָך עמיצער פאַראַן דאָרט? — האָט א היידאַמאַק א פרעג געטאָן.

— ניין!... קיינער נים!... — האָט דער טאַטע געענטפערט.

די היידאַמאַקעס האָבען זיך געהייסען געבען געלט. דער טאַטע האָט זיי אוועקגעגעבען וויפיל געלט ער האָט געהאַט מיט זיך. די שטיף־מוטער מיט'ן טאַטען האָבען געציטערט פאַר שרעק...

— וואָס ציטערט איר אזוי? — האָט א רוצח א פרעג געטאָן זיי — „כוזשע סמערטי ניע בודעט" (ערגער פון טויט וועט נים זיין).

— „אָבראַבי איך" — (ווערט פארטיג מיט זיי) — האָט איינער א קאָמאַנדעווע געטאָן צו די איבעריגע. אזוי האָט א רוצח דורכגעלעכערט דעם טאַטענס באַקען מיט דער שטיקע. דער טאַטע איז גלייך אנידערגעפאַלען מיט'ן פנים צו דער ערד און די רוצחים האָבען אים געשטאָכען מיט דער שטיקע אין דער פלייצע.

מיין טאַטע איז אַלע זיינען יאָרען געווען אַ „קאַלעכניק”. ער האָט געטראָגען אונטער דער קאַפּאָטע אַן אַלט פּעלצעל. דאָס פּעלצעל איז, פון לאַנגע יאָרען, געווען אָנגעפּאָפּט מיט מעל־קאַלך. אָט דאָס פּאַרהאַרטע־וועטע, אָנגעשלאָגענע פּעלצעל האָט ניט דורכגעלאָזט די שאַרפע שטיקע. דער טאַטע האָט דערפילט, אַז די שטעך גהען ניט דורך דעם פּעלצעל, האָט ער זיך געמאַכט פאַר טויט.

דערווייל האָבען די רוצחים דער׳הרג׳עט מיין שטיף־מוטער מיט׳ן גראָבען זייט פון ביקס — מיט איין קלאַפּ איבער׳ן קאָפּ. זי האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט און געבליבען זיצען אָנגעשפּאַרט מיט׳ן פּנים צו דער וואַנט...

נאָכדעם ווען זיי האָבען שוין אָפּגעטאָן זייער ראַזבאָיסטוואָ, האָבען זיי געטראָטען אויפ׳ן טאַטען, געגאַנגען איבער אים אַהין און אַהער. זיי האָבען געוואָלט זיין זיכער, אַז ער איז טויט...

דער טאַטע האָט אַלעס געפילט, אַלעס געהערט און געזען. דאָס בלוט האָט געיושעט פון די קינבאַקען און ער האָט אַלץ געשוויגען, גע־מאַכט זיך פאַר טויט... ביז די רוצחים זיינען אַרויס פון דער חרוב׳ער שטוב.

ער איז אַזוי אָפּגעלעגען נאָך אַרום אַ פערטעל שעה, מורא געהאַט אַ ריר צו טאָן זיך פון אָרט, טאָמער קומען זיי צוריק. דערנאָך האָט ער זיך אַריינגעשלעפּט אין קאַמער אַריין וואו איך בין געלעגען באַהאַלטען.

אין קאַמער האָט מיר דער טאַטע דערצעהלט וואָס ס׳איז מיט אים פאָרגעקומען און אַז מען האָט דער׳הרג׳עט די שטיף־מוטער.

— זון מיינער! — האָט ער געזאָגט צו מיר — באַהאַלט זיך גוט, אפשר וועסטו ניצול ווערען פון טויט. איך וועל שוין במילא לאַנג ניט געדויערען...

דאָס חיות האָט זיך אים אָבער גענומען אויסלאָזען, האָט ער געזאָגט צו מיר:

— גיב מיר עפּעס אין מויל אַריין, אויב דו קענסט, איך גהע אויס!...

בין איך אַרויסגעקראָכען פון באַהעלטעניש און אים דערלאַנגט אַ לעפעלע איינגעמאַכטס, וואָס איז געשטאַנען פאַרקעלטערט אין קאַמער. ער האָט זיך מיט דעם דערקוויקט.

אין וואַנט ביי דער ערד איז געווען אַ לאָך דורך וועלכער עס האָט אַריינגעווייעט דער שניי אין קאַמער אַריין. האָט מיין פאָטער אַרויסגע־שטרעקט די האַנט דורך דער לאָך און געקוויקט זיך מיט דעם שניי פון דרויסען. אַזוי איז דער טאַטע מיט מיר אָפּגעלעגען אין דער קאַמער פיר שעה, ביז ס׳האָבען זיך דערהערט פון דרויסען געשרייען:

— אידען, ארוים פון די לעבער... דער רעש איז שוין פאַראיבער...
ס'איז שוין שטיל, אידען... ארויסט פון די באהעלטענישען...

האָב איך גענומען דעם טאַטען אויף די פּלייצעס און געטראָגען אים אין שפּיטאָל אריין.

די שטיף־מוטער האָב איך איבערגעלאָזט אליין, א טויטע, אין דער חרוב'ער שטוב. זי איז אזוי געלעגען אליין אין דער אָפענער שטוב פיר טעג ביז מען האָט זי מקבר געווען.

פון אונזער שטוב ביז צום שפּיטאָל איז געווען א מהלך פון א פּאָר וויאָרסט. דער טאַטע איז געווען מיט א קאָפּ העכער פון מיר. ס'איז מיר געווען שווער אים צו טראָגען. איך האָב אים קוים דערטראָגען ביז צום בריק. ביים בריק איז אָנגעפאָרען א שליטען מיט הרוגים, האָב איך ארויפגעלייגט דעם טאַטען אויף דעם שליטען און אזוי געבראכט אים צום שפּיטאָל.

מען האָט אָנגעהויבען ברענגען אין שפּיטאָל אריין פאַרוואונדעטע, שליטען נאָך שליטען. די קולות האָבען זיך געריסען ביז'ן הימעל. און אלע מאָל איז געשטאָרבען אַן אנדער פאַרוואונדעטער.

דעם אויסגעגאַנגענעם האָט מען באלד ארויסגעטראָגען פונ'ם שפּי־טאָל און אים ארייגעוואָרפען אין אַן אָפענעם קעלער וואָס איז געווען לעבען שפּיטאָל.

דער קעלער האָט געזאָלט זיין א „לעדאָווניע" פאַר'ן שפּיטאָל. דער גרוב איז אָבער געבליבען שטעהן אָהן א דאַך, ניט פאַרענדיגט. אין דעם גרוב האָט מען אלע מאָל ארייגעוואָרפען א טויטען פונ'ם שפּיטאָל.

די פאַרוואונדעטע האָבען צוגעזען ווי מען טראָגט ארוים די טויטע פונ'ם שפּיטאָל. זיי האָבען געוואוסט וואוהין מען טראָגט זיי ארוים. און זיי האָבען פאַרשטאַנען, אַז אָט־אָט קומט זייער צייט, ווען מען וועט אויך זיי ארייגוואָרפען אין דעם קאַלטען קעלער... אזוי קוקענדיג ווי מען טראָגט ארוים די טויטע, זיינען פילע פאַרוואונדעטע אויסגעגאַנגען פאַר שרעק!...

אין שפּיטאָל האָט דער פעלדשער פאַרבונדען דעם פאַרוואונדעטען מיט א באנדאַזש אָהן אביסעל יאָדע אפילו, ווייל עס איז נישט געווען קיין יאָדע אין שפּיטאָל. מען האָט דעם פאַרוואונדעטען פאַרבונדען מיט א באנדאַזש און געלאָזט אים ליגען אויף דער ערד.

ווען איך האָב צוגעבראכט דעם טאַטען צום פעלדשער האָט ער גע־טאָן מיט אים וואָס ער האָט געטאָן מיט אלע אנדערע פאַרוואונדעטע. נאָר דעם טאַטען האָט ער אָפּגעשווירען די באָרד ווייל ביי אים זיינען

געווען דורכגעשטאָכען די באַקען און דאָס פּנים איז געווען ביי אים זעהר געשוואָלען.

דער פעלדשער איז געווען א פאַרביסענער שונא־ישראל און אים האָט הנאה געטאָן וואָס ער קען, ביי אַזאַ אידען, ווי מרדכי יוזפ׳ס, אָפּשניידען די באָרד ... טאָמער האָט דער טאַטע נאָך געהאַט אַביסעל חיות אין זיך, האָט ער דאָס צוגענומען ביי אים מיט דעם וואָס ער האָט אים אָפּ־געשוירען די באָרד ...

מיין פאָטער איז אַזוי געלעגען אויף דער ערד און די וואונדען האָבען אים געברענט ווי מיט פייער. ער האָט געזען, אַז דער באַנדאַזש וועט אים גאָרניט העלפען, האָט ער געזאָגט צו מיר, אַז איך זאָל ברענגען אַן עמער קאַלט וואַסער און אים לעגען קאַלטע האַנטיכער צום פּנים. האָב איך אַזוי געטאָן און דאָס האָט אים געהאָלפען אַביסעל.

ער איז אַזוי אָפּגעלעגען צוויי טעג אין שפּיטאָל ביז עס איז אָנגע־קומען הילף פון ארומיגע שטעטלאַך.

ווען עס איז אָנגעקומען הילף פון די ארומיגע שטעטלאַך, האָט מען אָנגעהויבען איינאָרדענען שפּיטאָלען אין שטאָט. מיין טאַטען איז אויס־געקומען צו ליגען ביי באָבע דוד לייב׳ס (רוויזען) אין שטוב. דאָרט איז ער געלעגען צוויי וואָכען. איך בין ניט אָפּגעטראָטען פון אים טאָג און נאַכט. איך האָב געטאָן פאַר אים וואָס נאָר ס׳איז געווען מעגליך.

ווען ער האָט זיך געבעסערט אַביסעל, האָט ער געזאָגט צו מיר:

— זון מיינער! נעם מיך אַהיים. פאַר מיר וועט זיין געזינטער, אַז איך וועל ניט צוזען די צרות מיט די אויגען ... — האָב איך אַזוי געטאָן, געבראַכט אים אַהיים.

אין דער היים איז מיר געווען זעהר שווער מיט אים. איך האָב אַליין באַדאַרפט געהן אַרום אים, אַליין מאַכען אַ לעפעל געקעכץ פאַר אים.

אַ דאַנק אונזערע שכנים — אייזיק און וויטיע כץ — וואָס האָבען זיך מרחם געווען אויף אים, איז מיין פאָטער געקומען צו זיך.

אַ שטיקעל צייט נאָך דער שחיטה האָט זיך דאָס שטעטעל גענומען ווידער צום רודעווען. מען האָט זיך אָנגעהויבען פאַרגעסען אינ׳ם אומ־גליק. און אפשר האָט מען זיך געוואָלט פאַרגעסען. דאָס לעבען האָט גע־פאָדערט וואָס ס׳איז נויטיג געווען צום לעבען ...

פאַר פּסח בין איך געשטאַנען אין קלייט און האָב געלעזט געלט. די זון האָט געשיינט, איז מיין פאָטער אַרויסגעקומען אין מאַרק אַריין און זיך אוועקגעזעצט אויף אַ בענקעל לעבען דער קלייט און געקוקט ווי עס רודערט זיך אין מאַרק, ווי עס וואָלט גאָרניט געשען ...

היימישע, פריינטליכע גוים האָבען געפרעגט ביים טאַטען: —
„מאַרדקאָ! זאשטשאָ טיבע בילע? טי זשע ספּראַוואַדליווע זשיד״ (פאַר־וואָס האָט מען דיך געשלאָגען? דו ביסט דאָך אַ ערליכער איד).
האָט זיי דער טאַטע געענטפערט: — גאָט האָט אַזוי געוואָלט!...
דער טאַטע איז צוביסלאַך געקומען צו זיך. ער איז שוין אָבער ניט געווען מער דער ענערגישער מרדכי יוזפ׳ס...
דעם קומענדען שבועות זיינען די פּעטליורעווצעס ווידער אריין אין שטאָט, זיי האָבען געצוואונגען דאָס שטעטעל צו עפענען די קלייטען אום יום־טוב.
דער טאַטע האָט מיר געהייסען עפענען די קלייט. דערנאָך געהייסען איר לאָזען אָפען און מיר זיינען אנטלאָפען אין פעלד אריין.
אין פעלד זיינען מיר ווידער ווי דורך אַ נס ניצול געוואָרען פון טויט.
ווען דער אַמעריקאַנער דעלעגאַט איז געקומען קיין פּעלשטין און געזאָגט דעם טאַטען, אַז די קינדער אין אַמעריקע זיינען גרייט צו שיקען אים געלט אויף הוצאות אויב ער וויל פאָרען קיין אַמעריקע — דער טאַטע האָט קיינמאָל ניט געוואָלט פאָרען קיין אַמעריקע — האָט ער איינגעוויליגט און באַשלאָסען צו פאַרלאָזען פּעלשטין...
מיר האָבען זיך אָפּגעוואָלגערט אַכט חדשים אין פּוילען איידער די קינדער אין אַמעריקע האָבען באַקומען אַ „וויזע״ פאַר אונז.
די זעלבע וואָך ווען די וויזע איז אָנגעקומען, איז דער טאַטע געוואָרען מסוכן קראַנק. ער האָט זיך אָפּגעמוטשעט זיבען וואָכען און איז געשטאָרבען.
אַ פּאָר טעג פאַר זיין טויט — ער האָט שוין קוים געקענט אָטעמען — האָט ער געזאָגט צו מיר:
— קינד מיינס! די באָבע דיינע ע״ה ליגט אין פּעלשטין. מיין פאָ־טער, ע״ה, דער זיידע דיינער, איז געשטאָרבען אין טילינעשט, אַ שטעט־על אין בעסאַראַביע. קינד מיינס! איך שטאַרב!... וועל שוין בלייבען דאָ!... אין וואָלימען, פּוילען. דו, זון מיינער! פאָרסט קיין אַמע־ריקע צו די איבעריגע קינדער... ווער וויסט וואו איר וועט... ער האָט ניט פאַרענדיגט. אַ שטראָם טרערען האָבען זיך געלאָזט פון זיינע אויגען... — ריבונו של עולם!... — האָט ער קוים אַרויסגעזיפּצט — וואוהין פירסטו אונז?!... וואוהין יאָגסטו אונז?!...

## הרב דוד נאָוואָסעליר

# א בריעף נאָכ'ן פאָגראָם



לדודי היקר והנכבד שו"ב מובהק ונעלה ספרא רבא כש"ת
מוה"ר אברהם מרדכי נ"י גאָלדים
ולכבוד דודתי היקרה אחות אמי מנב את מרת חיה"תחי!

שטאָלט אָן אייערע נערווין „מיינע טהיירע!" קיפערט אָן אייער הארץ פריער, איידיר איהר לייענט מיין בריעף! ווארום קיין מענשליכע הארץ און נערווין קענען אָזוינס ניט איבערטראָגן הערענדיג. היינט שטעלט אייך פאָר אַז מיר האָבין דאָס גיזעהן...

מיר האָבין גיזייהן וויא מ'איז אָנגעפאַלען אויף אינזיר שטאָדט פלוצלינג, ארום גישטעלט זיא מיט סאָלדאַטען, ניט געלאָזט קיינעם ארויס, אין אין שטאָט האָבין גיבושיוויט סאָלדאַטען גיהרגיט, אין גיקוילעט, ווי מ'האָט נור אידין גיפינען. פון דיא קיילערס, אין ביי-דימיר זייאַ אַפּיהר גינימען, אין אָן גיטוהן זייא ארבע מיתות בית-דין... דיא טויטע קערפערס זענין אויף דיא גאַסען גיליגין... דיא זוהן איז ניט איבירראַשט גיוואָרען אין וויא אַלע טאָג האָט זי היינט אויך גישיינט אין אפשר האָט דיא זוהן אימיסטין גישיינט, וויא איינער רעדט: לאָז דיאַ ווען זייהין... האָבין אַפּנים אינזירי גויים, דיא שכינים, דאָס פערשטאַנען אין באַלד ארויס גישיקט זייערע חזירים... עסין אין אַפּ ראָמין דיא אידישע קרבנות... אין אפשר האָבין זייא דאָס גלאָט אַזוי גיטוהן, ווארום, אין אמת'ן, אין אוקראינה וויא קען מען באַקומען עסען פון חזירים ווייגין, אויב ניט יודיש פלייש...

600 יודישע נפשות האָט מען אין אָנ-ערך פין אַ האַלבען מעת-לעת אין פילשטין אויסגיהרגיט אין אין דער ציפער איז אויך פע-רעכנט מיין פרוי אין מיינע צוויי טעכטיר. מיך אַליין האָבין זייא שוויער גיראַניט פון וועלכע איך בין באַלד חלשות גיפאַלען, אין

אַגיליגין 12 שעה טויט... אויפגעהאַפּט זיך פון חלשות דערזיי איך וויא נייבין מיר ליגט גיהרגיט מיין פרוי אין מיט איהר קינד, אַ זייגידיגס, באַ דער בריסט... ביידע דערהרגיט! אין מיין עלצט מיידילי „גאָלדיני״ איז אין דרויסין גיליגין און חזירים האָבין איהרע קישקעליך גיגעסין מיט גרוים אַפּעטיט... אוי, גאָט! אין איך, איהר טאַטע, שטיי אין קיק אין דאָס בליט יושיט פון מיינע ראַנים...

באַלד איז אַריין נאָך אַ באַנדי רוצחים אין אויפגיהויבין זייערע שווערדין, פערשמירטי מיט בלוט, און מיט פיני (שוים) בלוט אין גיוואָלט מיך דערקאַנטשין האָב איך מיין פערמייגין אַוועקגיגיבין. האָבין זייא דאָס ציגינימין, נאָר כפר נפש איז דאָס ניט גיווייהן... נאָר גאָט האָט אַווינק גיטאָן ציא מיינע ראַנים — האָבין זייא מיך מיט טאַכין בלוט בעגאָסין האָבין זייא מיך צירוה גילאָזט רעכי־נינדיג מיך פאַר אַ „גברא קטולא״...

צווייא חדשים בין איך ציבעט גיליגין. אין אין דעם משך האָבין מיר זיך גיניג גיבאַלטין פאַר פערשידיני באַנדים רוצחים. אין ביז יעצט האָט גאָט זיין שלאַקסאַנד נאָך ניט ציגינימין, היירשט (ערשט) ווינטיר האָבין מיר איבירגלייבט אַ גראַנדיעזין גראַבעזש, אויך מיינע עלטערען אין טשערנאָסטראָוו האָבין איביר גילייבט שווייר און ביטער אַגיקויפט זייעהיר לייבין ביי דיא רוצחים מיט זייעהיר גאַנץ ביסול פאַרמייגין אין גיבליבין אָדם נאַקיט...

4 יאָהר אַז כ׳בין קיין פילשטין גיקומין מיט אַ פרוי מיט 3 קינדיר, האָב אַגיקויפט דאָ דיא חזקת־הרבנות. דאָס פילשטין האָביך (האָב איך) גיטראָפין פיל מיט מענשין זייעהיר ראַך, אין פריילין, ממש אַ קליין בערלינדיל... אַ גליקליכיר (אַ גליקליכער) ביניך גיווייהין אין האָב פרנסה גיהאָט אין גישפאָרט... יעצט בין איך אַליין (מיין פערבליבין איינציג קינד איז אין טשערנאָסטרי באַ מיינע עלטערין זאָלין לייבין) אָן אַ פרוי אין אָן אַ קינד אין פין דעסטווייגין לייד איך דחקות, נויט, אָרים. דיא סיבה איז: באַם פּאָגראָם האָט מין אַסאַך אויסגיהרגיט, פין דיא איבריגי טוידט־שרעקין זענין זיך צילאָפין דיא איבריגי קיין גליציע, אַמעריקאַ, פּאַלעסטינאַ, ארגינטינאַ — אויף אַלע שבעה ימים זיך צישפּרייט... מיינגים דירות האָטמין איבירגילאָזט אין אַוועקגיפאָרין... אַסאַך דירות ציוואָרפטמען אויף גיהילץ, אַסאַך זענין פערברענט גיוואָרין אין פּאָגראָם נאָך, אין פון דעם שיינים פילשטין. איז אַ דערפיל גי־בליבין... אין יעצט אַלט דאַבאַי (האַלט עס דערביי) אַז ס׳זאָל

אוים דערפיל אויכיט ווירין... דאס זעלבע קומט פאר אויך אין טשערנאסטרי בא די עלטירין.

יעצט טייערער פעטער! ליבע מומע! הירט אייך ציא איך אליין חאטשי איך בין שטערבלאך גיראניט גיוויהן, אין בין גי־בליבין ארים ביז צום העמד אין האב ניט קיין מיטלען צום לייבין א עני שבעניים, פין דיסטוויייגען איז נאך דער „אני" א שטאלצער אין מיר איך האף מיט זיכערהייד אז גאט וועט מירעלפין דערפאר וואס איך האב אייך אין אמעריקא... איך גלייב אז מיינע ווער־טיר וועלכע זענין (גיסי) צום ערשטין מאל ער שיינין, וועלין ווירקין אויף אייך בנוגע ציא מיר איך גלייב אז הארימטען (הארמאטען) פער־ניכטען נור שטומע מאטעריאלין אביר ניט קיין מענטשין־גיפיהלין, איך גלייב אז אין דער בראנדען מדבר־זועלט איז נאך פארהאן א שאטען פאר דיאה וועלכע האבין איהם דערווירט, איך גלייב אז אפילו ווען א חאאס שווייבט ארום אויף דער וועלט, איז דאמאלס אויך „ורוח אלהים מרחפת" שווייבט ארום גאטס גייסט אין אינטעסיוויש עלעקטעריזירט ער דיא מענטשען מיט מאראלישין שטראהל וועל־כער פיהרט זייא ארוים פין אלע לאבירינטין, איך גלייב אז שוועס־טיר וועלכע זענין אינטיר איין הארץ גיליגין איז זייעהיר פערבינ־דינהייט א אייביקייט אין ווען איינע פיהלט זיך אינארמאל איז דורך דיא אייביג־פערבינדיהייט דערפיהלט דאס הארץ פון דער אנדערער שוועסטער טיליפאניש, און סי הייבט אן קלינגין... מיר בייטען אייך אז איהר זאלט אינז ראטיווין אוקראיני איז גיווארין א ים פון בלוט און טריירען, שוואכע ווירען דערטרונקען גיזינטי שווימין אריביר, מיט בייטען אייך מאכט אינז נישט פאר שוואכע... דער וואס טרינקט זיך, קען ניט אין ווייסט ניט וויא אזוי זיך צו ראטיווין, ווייסין ווייסט דער לייבידיגער וויא אזוי מ'דארף ראטיווין, נאר יעדענספאלס פינם וואסער מוז מין איהם ארוים נעמין, מיר טרינקען זיך איהר לייבט נעמט אינז פין וואסיר ארוים, שיקט אינז ארויס, געלד, פאפירין, שיפ'ס קארטין וועלין מיר ארויף קומין וועלין מיר אייך אפגיבין אין גיכין, מיר גלייבען אין זיך, אז גאט וועט אינז עלפין, ס'שיינט די זוהן בא אייך... שיינקט אינז אויך א שטראהל... דאס הייסט אנטלייהיט אינז מיר וועלען אייך אפ־גיבען מיט פרייד.

האט רחמנות אויף אינז פעטיר! מומע! איהר קענט מיט אייערע דאלארס מחיה מתים זיין, פערגעסט ניט אין אינז. שיקט אינז הילף וויא אויבין שטייט שווייגט ניט ווארום דיא היירד אין

אוקריינה ברענט אין מיר קענין דערשטיקט ווערען אין רויך נאך אײדיר מיר וועלען דערפיהלען א ברוה אוי! ראטיוועט אינז ווארום מיר צאנקין, מיר גייעהין אוים אין קיין עלפיר איז נישטא. חוץ אייך. שווייגט נים, ווארום דער חלף ליגט אויפן האלץ דיא הילף דארף זיין מאקסימים, אין א באלדיגי יעדיר רגע איז טייער ווארום מ'קען פערשפעטיגין... שווייגט נים ווארום מיר שרייען יאמעריש גסיסיש אין איהר פערמאגט א לייבינס-פראשיק פאר אינז... שיקט ב'בייט אייך...

איך דיינק אז דיא ווערטיר וועלין ארוים ריפין א גראנדיעזין הילף אין אינזירי הייסטע טריירין וועלין דערוואריפין בא אייך דאס בלוט פין טאטין אברהם אבינו ע"ה אין וועט אנווענדין מוט אין ענערגיה אין שוצען אין שטוצען, אינז תיכף מיט אכט, אין אינטים אייער פלימעניק ה"ק דוד בן הרב ר' משה הכהן נאוואסעליר.



# פּראָטאָקאָלן פון פּעלשטינער רעטונגס־קאָמיטעט



## באמערקונג

מיר דרוקען דאָ איבער פיר פּראָטאָקאָלען פון זיצונגען פון דעם רעטונגס־קאָמיטעט אין פּעלשטין.

דער דאָזיגער קאָמיטעט איז אין פּעלשטין געגרינדעט געוואָרען נאָכ־דעם ווי מען האָט דאָרטען דערהאַלטען אַ בריף פון די אַמעריקאַנער פּעלשטינער לאַנדסלייט מיט אַ צוזאָג זיי צו העלפען.

### פּראָטאָקאָל נומער איינס

זיצונג פון דעם קאָמיטעט, וועלכער איז אויסגעקליבען געוואָרען, לויט דער איני־ציאַטיוו פון דעם פּעלשטינער־אַמעריקאַנער רעליף אין פּעלשטין. אין קאָמיטעט געהען אַריין די פאָלגענדע מיטגלידער: מ. ח. רויעזנמאַן, ש. י. שטיינשלעגער, מ. פוינעל, פּ. ראבער, ש. פייערמאַן, מ. כהן, י. אופּה, מרדכי בוים, ש. ש. הורוויץ, ש. הובערמאַן און פּ. קערדמאַן.

פּאָרזיצער איז חיים רויזענמאַן.

מיט גרויס באַגייסטערונג און ענטהוזיאַזם ווערט איבערגעלעזען דער אויסצוג אינם פּראָטאָקאָל און די רעזאָלוציע, וועלכע איז אַרויסגעטראָגען געוואָרען פון פּעלשטי־נער־אַמעריקאַנער רעליף. מיט פרייד ווערט געלעזען וואָרט ביי וואָרט די רעזאָלוציע דורך דעם פּראָטאָקאָל־סעקרעטאָר, זעליג ברענמאַן.

זייענדיג איבערציינט, אַז די סאָלידאַריטעט צווישען אונז אומגליקליכע און אונזערע אַמעריקאַנער ברידער און שוועסטער איז ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרען, נאָר להיפּוך, וואָס מעהר און מעהר ווערט זי פאַרשטאַרקט, ווי עס ווייזט אונז אַרויס דער איבערגעשיקטער וואַרימער ברודער־גרוס, האָבען די אויסדערוועהלטע מיטגלידער פון דעם פּעלשטינער קאָמיטעט דערפיהלט, אַז אונטער דער ווירקונג פון דעם פרישען אימפּולס לעבט אויף אין זיי אַ נייע קראַפט וועלכע דאַרף זיין אונערמידליך געווענ־דעט אויף צו העלפען די אומגליקליכע פּעלשטינער, פאַרמאַטערטע אידען.

מיט דער שטאַרקייט פון אַן עלעקטרישען שטראָם האָט זיך דערפיהלט דער וואַרי־מער ברודערליכער גערוס פון אַמעריקע אין יעדען איינציגען האַרץ פון פּעלשטינער

נעפלאגטע מארטירער און מיט א גרויס שטארקייט זיי אויפגעמונטערט און באפרייט פון דעם גרויסען יאוש, וועלכער איז שוין אזוי טיף אריינגעדרונגען אין יעדען איינ־ציגענס נשמה פאר דער לעצטער שרעקליכער צייט, וועלכע האט געבראכט אזויפיל שווערע אומערטרעגליכע ליידען און דערצו נאך אונז אפגעריסען פון אונזערע אמע־ריקאנער ברידער און שוועסטער, וועלכע זיינען געווען פאר אונז דער קוואל פון הילף און נחמה.

אלע אנוועזענדע ביי דער זיצונג האבען געפיהלט, אז מיר קאנען האפען אויף אן ענדליכען אויסגאנג פון אונזער שווערער און טרויעריגער לאגע, אז ביי אונז האבען זיך דאך נאך ניט אויסגעשעפט די כחות, אז אונזערע אמעריקאנער ברידער און שוועס־טער וועלען זיין פאר אונז, אין א באדייטענדער מאס, דער „מעין הישועה" . . .

נאך דער איבערלעזונג פון דעם איבענדערמאנטען פון אמעריקע צוגעשיקטען פראטאקאל, טרעט דער קאמיטעט צו צו ענטשיידען די פראגע וועגען אויסזוכען א נאמען פאר דעם פעלשטינער קאמיטעט.

לויטן פארשלאג פון דעם מיטגליד הבר ש. שטיינשלאנער ווערט אנגענומען צו רופען דעם איינגעוועהלטען קאמיטעט „רעטונגס קאמיטעט".

דער „רעטונגס קאמיטעט" הויבט אן צו אנצייכענען דעם פלאן פון ווייטערדיגער טעטיגקייט.

ביי דער גרויסער אויפמערקזאמקייט פון אלע מיטגלידער פון קאמיטעט, נעמט צוערשט דאס ווארט דער מיטגליעד, חבר ש. י. שטיינשלאנער, וועלכער צייכענט אן אין א קורצער אבער אינהאלטספולער רעדע דעם פלאן פון ווייטערדיגער ארבייט. לויט זיין מיינונג באדארף דער קאמיטעט מיט זיין טעטיגקייט אנטשפרעכען דעם נאמען „רע־טונגס קאמיט.ט".

דער קאמיטעט דארף ווערען אויס צדקה־אנשטאלט. ער דארף באזירען זיין טע־טיגקייט אויף דעם פרינציפ פון ראטעווען די אומגליקלאכע באפעלקערונג, וועלכע ווערט דא דערשטיקט פון אומבאהאלפענקייט.

דער „רעטונגס קאמיטעט" דארף ווייניגער אויפמערקזאמקייט אפגעבען דער הילף, וועלכע איי צוזאמענגעבונדען מיטן צוטיילען דאס געלט צווישען דער נויטבאדערפ־טיגער באפעלקערונג, און וואס מעהר אויפמערקזאמקייט אפגעבען דערברייטער הילף צו ראטעווען די מענשען, וועלכע ווילען עמיגרירען און מיט דעם גענצליך אויסלייזען זיי פון דער לאגע, ביי וועלכער זיי וועלען אייביג זיך נויטיגען אין שטיצע. נישט אויף דעם פרינציפ פון אונטערשטיצונג דארף דער קאמיטעט בויען זיין טעטיגקייט, נאר אויף דעם פרינציפ פון פולקאמער שטיצע . . .

דערביי מערקט אן אויך דער חבר שטיינשלאנער, אז מען דארף נישט מיינען אין דעם זינען, מען זאל אנטזאגען די שארף־נויטבאדערפטיגע אין זייער גיכער הילף. ניין! די גיכע הילף מוז געגעבען ווערען.

דער קאמיטעט מוז קומען אין פארבינדונג מיט דעם פעלשטינער אמעריקאנער רעליף און זעהען באקומען פון איהם גרעסערע סומען געלט אויף צו ארגאניזירען די ברייטע הילף־אקציע פאר די פעלשטינער, וועלכע ווילען און מוזען עמיגרירען נאר האבען ניט אויף וועג־הוצאות.

איינשטימיג ווערט אנגענומען דעם חבר ש. י. שטיינשלאנערס פארשלאג.

נאך דעם וואס דער פארשלאג ווערט אנגענומען, שליסט דער „רעטונגס קאמיטעט" די זיצונג מיט דעם טיפען גלויבען, אז ס'איז ניט ווייט די צייט, ווען די פעלשטינער אידישע באפעלקערונג וועט מיט דער הילף פון די אמעריקאנער ברידער און שוועס

טער זיך באפרייען פון „דאמאקאלס שווערד”, וועלכער הענגט איבער זייערע קעפ און האלט זיי אין איין שרעק, אז אונזער קול, וואס רופט נאך הילף וועט ניט זיין קיין קול קורא במדבר, אז די גאנצע אידישע וועלט וועט ארויסגעהן פון פאסיוויטעט און וועט זיך אויף דעם אקטיוווסטען אופן הערצליך אפרופען אויף אונזער אומגליק, וועלכער איז אויך א טיפע נאציאנאלע טראגעדיע . . .

די צוואה וואס אונזערע קדושים האבען אונז בירושה איבערגעלאזט: „געדענקט די קדושים מיט עהרע! שיצט די קרבנות וועלכע זיינען געפאלען אויף דעם מזבח פון ווילדער שנאה צום גאנצען אידישען פאלק!...” די צוואה וועט ניט פארגעסען ווערען!

די צוואה וועט ניט פארגעסען ווערען!

די זיצונג ווערט געשלאסען מיט טרערען אין די אויגען ביי אלע אנוועזענדע אין וועמענס הערצער ס'איז אנגעגאנגען א מלחמה צווישען טיפען יאוש מיט דער אויפ־געלעבטער האפנונג . . .

פארזיצער — חיים רויזענמאן; פראטאקאל סעקרעטאר — זעליג ברענמאן.

## פראטאקאל נומער צוויי

אונטער דעם פארזיץ פון חבר רויזענמאן ווערט די זיצונג געעפענט. עס ווערט צוגעטראטען צו באהאנדלען די פראגען, וועלכע זיינען צוזאמענגעבונדען מיט דער ווייטערדיגער ארבייט פון קאמיטעט.

ווי ס'האבען זיך נאר אנגעהויבען באהאנדלען די פראגען, איז אריינגעקומען אין זיצונגס־זאל דער ה. מענדעל אקס, וועלכער לעבט קיינמאל ניט בשלום מיט דעם קאמיטעט, ווייל דער קאמיטעט איז א שטערונג פאר איהם, אויף זיין וועג צו די שאנטאזשיסטישע אפמאכען מיט די ארעמע אמעריקאנער געלדער און רייסט אונטער די זיצונג.

דער ה' מ. אקס פארהילכט דעם זאל מיט זידלערייען און באליידיגונגען, וועלכע ער ווארפט אויף די קעפ פון די קאמיטעט־מיטגלידער דערפאר, וואס דער מיטגליד, חבר ש. י. שטיינשלאגער, האט איהם געבעטען פארלאזען די זאל בעת עס דארפען באטראכט ווערען פראגען, ביי וועלכע א זייטיגער פערזאן האט נישט דאס רעכט צו זיין.

אויף דער באמערקונג פון ח' שטיינשלאגער, האט מענדעל אקס זיך אפגערופען מיט זידלערייען, ווי עס פאסט פאר אז "אינטערעסאנטען" מענשען.

באמת איז נישט די באמערקונג פונם חבר שטיינשלאגער געווען די הויפט־סיבה פון זיין נידעריגען ארויסטרעטען געגען קאמיטעט. די סיבה ליגט גאר טיפער. זי באשטעהט אין דעם, וואס דער קאמיטעט האט זיך אפגעזאגט פון פאראנטווארטליכקייט פאר די מעשים פון ה' מ. אקס בנוגע די געלדער, וועלכע מ. אקס האט צופעליג, בעת זיין באזוכען לעמבערג, באקומען פון מ. קערדמאן — דעם אמעריקאנעם דעלעגאט, פאר דער פעלשטינער געליטענער באפעלקערונג, נישט האבענדיג אויף דעם געלט קיין שום דאקומענט, וועלכער זאל באשטעטיגען די גרויס פון דער סומע.

נאך מעהר דער ה' מ. אקס האט געהאט א השגה צו פאדערען פונם פאראנטווארט־ליכען קאמיטעט, אז ער זאל סאנקציאנירען די עולה, וועלכע ער, מ. אקס, האט באגאנגען מיט די געלדער, צוטהיילענדיג דאס אויף דעם קורס, וואס איז איהם געפעלען.

פאַרשטענדליך, אַז אַזאַ פּערזאָן ווי מ. אַקס האָט גענומען זיך שטעלן פאַר אַ ציל אַרונטעררייסן די זיצונג פון קאָמיטעט און עס איז איהם צום ערשטען מאָל געלונגען, שיטענדיג באַליידיגונגען אויף דעם פאַראַנטוואָרטליכסטען מיטגליד ש. י. שטיינשלאַגער.

די מיטגלידער האָבען דעם זאָל פאַרלאָזט מיט דעם געדאַנק צונויפצורופען אין ניכסטען אַן אַנדער זיצונג.

פאָרזיצער — חיים רויזענמאַן, פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר — זעליג ברענמאַן

## פּראָטאָקאָל נומער דריי

די זיצונג ווערט אָפּגעהאַלטען אונטער'ן פאָרזיץ פון'ם מיטגליד ח' ש. י. שטיינשלעגער. אין דער זיצונג באַטייליגען זיך פאָלגענדע מיטגלידער: שטיינשלאַגער, רויזענמאַן, הורוויץ, הובערמאַן, אופּה, כהן, פייערמאַן און קערדמאַן. עס פעהלען: מרדכי בוים, פאַליק ראַבער און מאיר פּוינעל.

סדר היום:

1. וועגען דעלעגירען צוויי מענשען צום ה' מאָטיע קערדמאַן — אַמעריקאַנער דעלעגאַט.

2. אַרויסטראָגען אַ רעזאָלוציע אויף קערדמאַנס בריף, וועלכער איז צוגעשיקט געוואָרען צום פעלשטינער רעטונגס קאָמיטעט.

3. באַוואָרענען די צוגעשיקטע געלדער פאַר דער שטאָט אין לעמבערג.

4. אויסוועהלען אַ פּרעזידיום.

א. איינשטימיג איז אויסגעוועהלט געוואָרען צו דעלעגירען צוויי מענשען קיין לעמבערג. די צוויי זיינען יעקב אופּה און ש. י. שטיינשלעגער. די צוויי זאָלען באַקומען אַלע געלדער, וועלכע זיינען צוגעשיקט געוואָרען פון אַמעריקע דורך דעם פאַרשטעהער מ. קערדמאַן פאַר דער פעלשטינער באַפעלקערונג. און די צוויי זאָלען האָבען אַלע רעכט צו טאָן מיט די געלדער וואָס זיי וועלען געפינען פאַר נויטיג.

וואָס אַנבאַלאַנגט די פּריוואַטע געלדער, זאָלען זיי האָבען די פולע רעכט צו באַוואָרענען פאַר די מענשען, וועלכע ווילען באַלד עמיגרירען קיין אַמעריקע. וועגען די געלדער פון די מענשען, וועלכע פאָהרען ניט קיין אַמעריקע, ווערט אָנגענומען, אַז אויב ס'וועט נאָר זיין אַ מעגליכקייט דורך אַ וואָסער ס'ניט איז אופן זיי אַהיים צו ברענגען קיין פעלשטין, זאָלען זיי דאָס געלט אַהיים ברענגען.

דער קאָמיטעט גיט אַרויס די נויטיגע סומע געלט, וואָס די דעלעגאַטען דאַרפען אויף הוצאות קיין לעמבערג און צוריק.

ב. איבערלייענענדיג דעם בריף פון ה' מ. קערדמאַן פון ערשטען יאַנואַר, טראָגט דער קאָמיטעט אַרויס דעם טיפען באַדויערען אויף דעם וואָס ה' מ. קערדמאַן קומט אויס איבער סיבות, וועלכע זיינען נישט אָפּהענגיג פון אונזער קאָמיטעט, זיין אַזוי לאַנג אָפּגעריסען פון אונז, און האָפט, אַז אין גיכען וועט ער זיך פאַרבינדען מיט „ר. ק." דורך די אויבענדערמאָנטע דעלעגאַטען.

דער ר. ק. טראָגט אַרויס איינשטימיג, אַז קיין שום „ראַסקלאַדעס" — צוטיילונגס־צעטלען טאָר נישט געמאַכט ווערען פון ר. ק., ווייל דער קאָמיטעט שטעהט אויף דעם שטאַנדפּונקט פון עפענען אַ ברייטע הילפס אַקציע פון פאַרשידענע אָפּטיילונגען, אין וועלכע ס'וועט געוועהנליך אויך זיין אַ סאָציאַלע קאָמיסיע, וועלכע וועט זיך פאַרנעמען מיט אַרויסגעבען גיכע הילף דער אָרימער באַפעלקערונג.

טראָץ דעם, וואָס אַזאַ קליינע סומע געלט וואָס איז צוגעשיקט געוואָרען, וועט אפילו ניט קלעקען אויף דער ארבייט, וואָס דער קאָמיטעט האָט אנגענומען אין פריהעריגער זיצונג צו העלפען דער באַפעלקערונג אויף צו עמיגרירען, דאָך דריקט אויס דער קאָמיטעט זיין האָפנונג, אַז מיט דער סומע וועט געלינגען צו לעגען דעם פונדאַמענט פון דעם גרויסען אַרבייטס בנין, וועלכען דער ר. ק. האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל.

דער קאָמיטעט געפינט, אַז דער ה. מאָטי קערדמאַן דאַרף איבערגעבען דאָס געלט אין רשות פונם ר. ק. און דער לעצטער וועט פיהרען זיין אַרבייט אויף זיין אייגענער אחריות, אָפּגעבענדיג אַ דין וחשבון דעם פעלשטינער־אַמעריקאַנער רעליף פון זיין טעטיגקייט.

די דעלעגאַטען זיינען מחויב באַוואָרענען די אַלע געלדער אין אַ באַנק און אַ טייל אַהיים ברענגען.

דער רעטונגס־קאָמיטעט טראָגט אַרויס, צום באַדויערען, אַז ער קען ניט אַרויס זעהען פריהער אַלץ, וואָס די דעלעגאַטען וועט אויסקומען צו טאָן און דאַרום קען ער ניט געבען זיי די געהעריגע אינסטרוקציעס און ניט זיי דאַרום אַלע רעכט צו טאָן וואָס זיי וועלען געפינען פאַר נויטיג.

די פראַגע וועגען אויסוועהלען אַ פּרעזידיום ווערט אָפּגעלעגט אויף דער קומענדיגער זיצונג און מיט דעם ווערט די זיצונג געשלאָסען.

פאָרזיצער — ש. י. שטיינשלאַגער ; פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר — ד. גאָלדמאַן

## פּראָטאָקאָל נומער פיר

זיצונג פונם רעטונגס קאָמיטעט. אַנוועזענד זיינען די פאָלגענדע מיטגלידער : שטיינשלאַגער, רויזענמאַן, פייערמאַן, כהן, אופה, הורוויץ און ש. הובערמאַן.

אויף דער זיצונג ווערט באַהאַנדעלט די פראַגע : צי זאָל דער ר. ק. ביי אַזאַ אומנאָרמאַלער לאַגע, ביי וועלכער ס'קומט איהם אויס צו אַרבייטען, אָנפירען זיין אַרבייט ווייטער אָדער צייטווייליג אָפּשטעלען די אַרבייט.

נאָך לאַנגע דעבאַטען ווערט אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציע :

„דער קאָמיטעט געפינט, אַז ביי אַזעלכע אומשטענדען קענען זיך שטענדיג געפינען שעדליכע עלעמענטען, וועלכע זיינען גרייט צוליב זייערע פּערזענליכע אינטערעסען אַרונטעררייסען די אַרבייט פון קאָמיטעט און דער לעצטער קען דערפון ליידען און דאַרום ווערט אָנגענומען אָפּשטעלען צייטווייליג די אַרבייט ביז אין אַ גינסטיגען מאָמענט”.

(אונטערצייכענט) פאָרזיצער ש. י. שטיינשלאַגער, ש. פייערמאַן, חיים רויזענמאַן, פאַליק קערדמאַן, שלום שכנא הורוויץ, יעקב אופּה, משה כהן, שמואל ברי זעליג הובערמאַן, פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר — ד. גאָלדמאַן.

# צום פעלשטינער רעליעף־קאָמיטעט



**גוטע ברידער, מיטגלידער פון פעלשטינער רעליעף אין ניו יאָרק, אויך באַרעמהערציגע שוועסטער, מיטגלידער פון פעלשטינער פרויען־פאראיין „מחסה־יתומים" פון ניו יאָרק!**

שילדערען פאר אייך די ביטערע לאגע דא, אין גאליציע, פון די היימלאָזע פעלשטינער עמיגראַנטען, רעכן איך פאר איבעריג איבער צוויי טעמים: ראשית, רעכן איך, אז יעדער פון אייך, ווי אַמאָל געוועזענע עמיגראַנטען, מוז מסתמא נאָך געדענקען די מאַטערנישען און די איבערלעבונגען, וואָס אַן עמיגראַנט האָט געהאַט אויסצושטעהן אויף זיין רייזע, איידער ער האָט זיך דערשלאָגען אין גאָלדענעם לאַנד. עס איז אָבער נאָך נישט גלייך דער אַמאָליגער עמיגראַנט צום היינטיגען.

די עמיגראַציע אין פרידענס־צייט איז געווען אַ נאַטירליכע עמיגראַציע. און דער עמיגראַנט איז געווען אַ פרייער מענש, וואָס איז געפאָרען זוכען אַ פלאַץ פאַר אַ בעסערען לעבען.

אַנדערש איז אָבער דער איצטיגער עמיגראַנט. איצט עמיגרירט מען נישט, נאָר מען אַנטלויפט אין טויט־שרעק פאַר דעם גלאַנץ פון שווערד און מעסער, וואָס לאָזען זיך אַראָפּ איבער דעם אידישען האלז. אָט די סכנה שוועבט איבער יעדען אוקראַינער אידען ביי זיך אין שטוב. מען אַנטלויפט פאַר דעם הונגער, פאַר דער עפּידעמיע, וואָס הערשט אין דרויסען איבער'ן גאַנצען לאַנד. דער איצטיגער איד, וואָס איז אַנטלאָפען פון אוקראַינער גיהנום, ווייסט גאַנץ גוט, אַז דער וועג צוריק אַהיים איז אָפּגעשניטען. אַלע בריקען אויף דעם וועג צו דער אַלטער היים זיינען פאַרברענט, און עס קאָן גאָר קיין רעדע ניט זיין פון אומקערען זיך צוריק אַהיים. איצט לויפט מען און מען ווייסט ניט, וואוהין מען לויפט... מען לאָזט נישט אַריין די מענשען, וועלכע זוכען זיך צו ראַטעווען פון טויט דורך שווערד, הונגער און מגפה. אַזוי איז שוין אַצינד דער

מענשליכער יושר. די לאַגע פון דעם איצטיגען עמיגראַנט איז אַזוי ווי די לאַגע פון אַ מענשען, וואָס איז פאַר׳משפּט צום טויט. אין אַזאַ לאַגע געפינען זיך די היימלאָזע דאָ אין גאַליציע.

דער צווייטער טעם וואָס איך רעכן פאַר איבעריג צו ריידען איז: עס פעלט אויס ווערטער אויסצודריקען דעם גרויסען אומגליק. ווען איך וועל שילדערען זייער לאַגע אַזוי: „אָרעם, נאַקעט און באַר־וועס, אומגליקליך, קריטיש, קאַטאַסטראָפאַל”, נו, איז שוין דען גענוג?! ווועט עס דען שטימען מיט דער ווירקליכקייט? ווועט עס דען שילדערען אפילו אַ הונדערט חלק פון דער ביטערער לאַגע? ניין! טויזענט מאָל ניין! עס איז נישטאָ קיין ווערטער אויסצודריקען דעם אומגליק אויף פּאַפּיר! מען דאַרף זען מיט די אויגען דעם בראָך פון מיין פאָלק... אַזוי ווי ירמיהו האָט געזאָגט: „אני הגבר ראה עני”... דעמאָלט קאָן מען האָבען אַ באַגריף, וואָס עס הייסט צעברעכן אַ פאָלק, דעמאָלט קאָן מען וויסען דעם פּשט פון די ווערטער „שבר בת עמי”, דאַרום רעכן איך, אַז מיר זאָלען ניט שמועסען איצט פון דער לאַגע פון די היימלאָזע עמיגראַנטען, ווייל איך גלויב, אַז ווייניג, גאָר ווייניג קאָנט איר, ערליכע ברידער און שוועסטער, אויפטאָן פון זייערט וועגען צו פאַרבעסערען זייער אומ־גליקליכע לאַגע. אויף אַביסעל הילף פאָדערען זיך גאָר גרויסע קאָלאָסאַלע סומען, וואָס איך בין איבערצייגט, אַז אַזעלכע קליינע צדקה־אַנשטאַלטען ווי אייער „רעליף” און מחסה יתומים זיינען גאָר ניט בכח אויפצוטאָן וועגען די היימלאָזע עמיגראַנטען...

אָבער ברידער און שוועסטער!...

אונזער אומגליק איז אַ צוויי גאָרענדיגער. אויף דעם אומגליק פון היימלאָזע עמיגראַנטען, וואָס וואַלגערען זיך אין גאַליציע, פרעמ־דע, אָרעם, אָהן אַ היים, אָהן באַשעפטיגונג, איז דאָ נאָך אַ גרעסערער אומגליק, וואָס זיין שפּיץ דערגרייכט ביז׳ן הימעל. דער אומגליק איז וואָס מיר האָבען אַ גרויסע, גאָר גרויסע מחנה פּאָגראָם־יתומים, קיילעכדיגע און האַלבע יתומים. 64 יתומים האָבען מיר דאָ אין לעמבערג. איבער 80 יתומים האָבען מיר אין פעלשטין. ביידע מחנות יתומים, סיי די לעמבערגער, סיי די פעלשטינער, געפינען זיך אין זעהר אַ קריטישער לאַגע. עס איז ניטאָ ווער עס זאָל פאַר זיי זאָרגען. כמעט אַלע זייערע נאָענטע קרובים זיינען נעבאָך פאַר׳ן כלל ישראל געפאַלען קרבנות אונטער די מעסערס און באַיאָנעטען פון פעטלורע׳ס און דעניקינ׳ס פּאָגראָמשטשיקעס...

ברידער און שוועסטער!

אַט פון דער לאַגע, פון די אָרעמע קליינע שעפעלאַך, אומשול־דיגע עופ׳עלאַך, וויל איך מיט אייך יעצט יאָ שמועסן.

מיט דעם בריף בין איך אויסען נאָר די יתומים־פראַגע צו לייזען, קאָן זיך קיין איינציגער אין דער וועלט נישט אָפּזאָגען און נישט אָפּרוקען זיך אויף אַ זייט. די אחריות פאַר די פּאָגראָם־יתומים ליגט אויף יעדען אידען, וואָס האָט נאָר די מעגליכקייט צו פאַרדינען פאַר זיך און פאַר זיינע קינדער אַ שטיקעל ברויט.

צעטיילען זיך מיט די יתומים מיט׳ן ביסען פון מויל. זיי, די אומשולדיגע עופ׳עלאַך האָבען די מאָראַלע רעכט צו פאָדערען און רופען נאָך הילף צו דעם גאַנצען כלל ישראל, ניט נאָר צו אייך. רופען, שרייען און פאָדערען „העלפט אונז!..." ראַטעוועט אונז אָרוים פון אונזער אומגליק! לאָזט אונז נישט אַליין, זאָרגט פאַר אונזער עקזיסטענץ, זאָרגט פאַר אונזער ערציהונג, זעט מיר זאָלען ניט קומען צו אַ פאַרלענדונג. מיר האָבען דאָס רעכט צו פאָדערען פון אייך, פון יעדען אידען, ווייל מיר זיינען גאָרניט ניט שולדיג אין דעם, וואָס אונזערע פאָטערס און מוטערס זיינען געפאַלען קרבנות. אונזערע עלטערען האָבען אויסגעשטרעקט זייערע העלזער אויף דער עקידה פון אידישקייט פאַר דעם גאַנצען כלל ישראל...

דאָס בלוט פון אונזערע קרבנות וועט זיך ניט באַרואיגען... ביז ס׳וועלען זיך ניט אָפּזוכען אידען פון דעם כלל ישראל, וואָס וועלען זיך ערנסט נעמען זאָרגען פאַר אונז, פאָטערליך און מוטערליך. דע־מאָלט ערשט וועלען זיך, אפשר, אונזערע עלטערען אין זייער ברו־דער־קבר באַרואיגען...

ברידער און שוועסטער!

אַט אַזוי שרייען און רופען צו אייך און פאָדערען פון אייך די פּאָגראָם־יתומים, דאָס איז זייער „קול קורא לעזרה". מיר מוזען זיי העלפען. מיר מוזען פאַר זייער עקזיסטענץ און גוטער דערציאונג זאָרגען. נאָך מיין מיינונג האָט קיין שום איד אין דער וועלט ניט דאָס רעכט אַ שטיקעל ברויט אין מויל אַריין נעמען, ביז ער וועט זיך ניט אָפּגעבען אַליין אַ חשבון הנפש און פרעגן — וואָס האָב איך עפּעס אויפגעטאָן פאַר די אידישע פּאָגראָם־יתומים? קיין שום איד אין דער וועלט האָט ניט דאָס רעכט זיינע קינדער אַ שטיקעל ברויט צו געבען, ביז ער וועט דאָס אויף דער העלפט ניט צעטיילען — האַלב געבען צו זיינע קינדער, און די צווייטע העלפט — צו די אָרעמע אומשולדיגע עופ׳עלאַך, צו די פּאָגראָם־יתומים.

ווייל זייערע עלטערען האבען זייערע העלזער פאר אונז, פאר׳ן כלל ישראל, געשטרעקט. זיי מוזען ווערען אונזערע קינדער און מיר מוזען זיי צו לייטען ברענגען, גלייך מיט אונזערע אייגענע קינדער...

ברידער און שוועסטער!

אונזער וועה-געשריי אויף דער לאגע פון די יתומים ווענדען מיר צו אייך, פון יענער זייט אקעאן, דערפאר ווייל אונזער לאגע, ד. ה. די לאגע פון אוקראינער אידענטום איז איצט זייער א קא־טאסטראפאלע. מיר זיינען אליין אלע רואינירט. אונזערע היימען און פרנסות האבען מיר איבערגעלאזט און אוועק מיט׳ן בלויזען שטעקען אין האנט און א טארבע, די בעטלערישע גלות-טארבע, אויף די פלייצעס. אין טארבע פארמאגען מיר גארניט צום לעבען.

חוץ דאס אלטע תורה׳לע וואס דעם עיקר פון איר קען מען אויף איין פוס אויסלערנען, ד. ה. „ואהבת לרעך כמוך". דער עיקר פון אונזער תורה איז, אז יעדער איד טראגט באזונדער דאס אחריות פאר דער גאנצער נאציע. אונזער תורה לערענט: „עני חשוב כמת". אונזער תורה לערענט: „לועג לרש חורץ עושהו", ד. ה. אז פון אן ארעמען טאר מען ניט פאדערען קיין צדקה, ווייל מען שפעט פון אים און דאס איז גלייך ווי מ׳לעסטערט זיין ליבען נאמען אליין. אן ארעמאן איז גלייך צו א מת — איז ער פטור פון מצוות.

ווען מיר זאלען שטעהן אין אונזער אמאליגען צושטאנד, ווען מיר זיינען געזעסען יעדער אין זיין היים, יעדער ביי זיין פרנסה, וואלטען מיר זיך צו קיינעם פון יענער זייט ים ניט געווענדעט נאך הילף. מיר וואלטען אלץ געטאן פאר אונזערע אומגליקליכע, ארעמע, פאגראם-יתומים. מיר וואלטען אונזער אומגליק מיט גדלות און דרייסטקייט אליין אויף אונזערע פלייצעס געטראגען און אלץ וואל־טען מיר געטאן פאר די יתומים וועגען. ווי עס קען אויף אונז עדות זאגען די היסטאריע פון אלע אמאליגע אומגליקען, וואס זיי־נען געשען צו אונזער נאציע, ווי אזוי מיר פלעגען זיך תיכף אפרופען און שפרייטען געלט און ארבייט צו פארבעסערען די לאגע פון די געפאלענע קרבנות פאר דער נאציע.

אבער איצט, ליבע ברידער און שוועסטער!

איצט זיינען מיר עניים אביונים. גלייך ווי געשטארבען. מיר קענען פאר די יתומים גארניט אויפטאן... עס וועט זיין גענוג פון אונזער זייט, ווען מיר וועלען פאר די יתומים מקריב זיין צייט און מי...

דארום ווענדען מיר זיך צו אייך, ברידער און שוועסטער!

אויף אייך ליגט דאָס אחריות פאַר די יתומים. איר זאָלט זען זיי אַריבערנעמען צו זיך און זיי איינאָרדענען: אַ טייל — אין יתומים-הייזער, און אַ טייל — ביי זייערע קרובים, וועלכע געפינען זיך אין אַמעריקע און וועלען נעמען צו זיך די יתומים.

ביידע אַנשטאַלטען — דער „רעליף" און דער „מחסה-יתומים" — מוזען זיך פאַראייניגען, בכדי די אַרבייט זאָל זיין ברייטער און ענערגישער. זיי מוזען אָפּגעבען דעם גאַנצען ערנסט נאָר דער יתומים-פראַגע און וואָס גיכער זי צו לייזען.

די אויבען-דערמאָנטע פראַגע לאָזט ניט קיין אָפּלייגאַכצען. זי איז אַ דרינגענדע, ווייל די קינדער דאַרפען און מוזען ערצויגען ווער-רען. עס איז קינדער, און זיי קענען אַ תל ווערען, חלילה... גיכער נאָך ווי אַן עלטערער מענש, ווען מען קוקט זיך ניט אום אויף אים.

די פאַראַנטוואָרטליכקייט צו די קינדער איז אויף אונז דאָ, און אויף אייך דאָרט, אויף יענער זייט ים.

עס איז איצט באַשאַפען געוואָרען אַ לאַגע פאַר די יתומים, אַ פיל גרינגערע אויף איבערפירען זיי קיין אַמעריקע. איך מיין דערמיט דאָס, וואָס קינדער אינגער פון 14 יאָר באַדאַרפען ניט קיין „וויזע" בכלל, און עס איז קיין חילוק ניט צו וועמען זיי פאָרען. עס מעג אפילו זיין צו אַ ווילד-פרעמדען לאָזט מען אַריין קיין אַמעריקע, בפרט יתומים לאָזט מען גאָר גרינג אַריין. אויך קינדער פאַר 10 יאָר באַדאַרפען וויינינגער געלט אויף שיפסקאַרטען. דאַרום שיקען מיר אייך אַ רשימה פון די יתומים, וואָס מיר האָבען דאָ אין לעמבערג און וויפיל געלט זיי האָבען דאָ. מאַכט אַ סמעטע, וויפיל ס'דאַרף קאָסטען זייער איבערפירען קיין אַמעריקע און זעט, טוט עפּעס פון זייערטוועגען, מען זאָל זיי קענען אָפּשיקען קיין אַמעריקע. פאַר יעדען יתום מוז צוגעשיקט ווערען אַן „אַפּידייוויט" פון אַ קרוב, מיט דער נויטיגער סומע געלט, און פאַר יעדען יתום מוז מען זיך משתדל זיין פאַר דעם „דזשאַינט" אין אַמעריקע, ער זאָל די קינדער אַריבערנעמען.

דערפילענדיג דעם חוב צו די קינדער, וועט איר דערפילען דעם חוב פאַר דעם אָנדענק פון די קדושים, וועלכע זיינען געפאַלען אַלס קרבנות פאַר דעם גאַנצען אידישען פאָלק.

מיט אַכטונג,

**פעלשטינער הילפס קאָמיטעט**

**א. בייזער, פאָרזיצער**

**שמואל לאַנדוי, פאַרן סעקרעטאַר.**

# צום פּעלשטינער-אַמעריקאַנער רעליף

זינט די פּאָגראָמען איז ניט אוועק קיין טאָג, וואָס זאָל ניט ברענגען מיט זיך נייע אומגליקען פאַר אונז — עמיגראַנטען. מיט יעדען נייעם טאָג ווערט אונזער אומגליק שרעקליכער און גרויזאַמער. מיט יעדען טאָג קומט אויף אונז אַ נייע, אומערוואַרטעטע צרה, וואָס מאַכט נאָך שווערער און ביטערער אונזער אומגליקליכען לעבען.

איצט שטעהען מיר פאַר אַ ווענדי־פּונקט, וואָס וועט זיכער ברענגען אויף אונז אַ נייע צרה, נאָך פיל שרעקליכער און גרויזאַמער ווי די צרות פון אַלע אונזערע וואַנ־דערונגען...

ערשטוינט און פאַרלוירען שטעהען אונזערע עמיגראַנטען פאַר דעם נייעם „גזר" פון דעם לעצטען טאָג...

נאָר אומגעריכט איז אָנגעקומען אַ שרעקליכע ידיעה, אַז מיר האָבען ניט קיין רעכט מערער צו בלייבען, וואו מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט. ניט האָבענדיג זיך אפילו אָפּגערוט פון די שווערע וואַנדער־מאַטערנישען, מוזען מיר שוין פאַרלאָזען דאָס אָרט, וואו מיר האָבען זיך געמוזט אָפּשטעלען. עס ווערט אונז אַנטזאָגט גאַסט־פריינטליכקייט אפילו אויף אַזאַ קורצער צייט, ווי מיר דאַרפען כדי צו קומען אַביסעל צו זיך...

די זאַך איז פאָלגענדע: פּלוצים זיינען די עמיגראַנטען „באַשאַנקען" געוואָרען מיט אַ פאַראָרדנונג, אַז זיי מוזען פאַרלאָזען גאַנץ מזרח־גאַליציע. "מזרח־גאַליציע", וואו עס זיינען קאָנצענטרירט געוואָרען די עמיגראַנטען־מאַסען אַנטזאָגט זיך צו טראָגען די שווערע „לאַסט", וואָס די עמיגראַנטען־מאַסע האָט געבראַכט מיט זיך.

וואָס זאָלען מיר איצט טאָן? צו וועמען זאָלען מיר זיך איצט ווענדען?

פאַר אונז מוז זיך איצט אָנהויבען באַנייעס אַ צוועקלאָזע, זינלאָזע עמיגראַציע פון איין אָרט אויף אַן אַנדער אָרט און אויף יעדען נייעם אָרט קענען מיר נאָר צייט־ווייליג פאַרבלייבען, ווען אפילו אין בעסטען פאַל...

נישט גענוג נמאס איז שוין דאָס לעבען פון עמיגראַנט, וועמען עס קומט אויס צו זיין אַזאַ לאַנגע צייט אַ "פורח באויר", באַדאַרף מען אים נאָך וואַרפען פון איין אָרט אויף ד ז צווייטען...

ווער עס האָט ניט צוגעזען די פאַרלאָרענקייט פון די עמיגראַנטען, וועלכע באַלאַגערען די רעטונגס־אַנשטאַלטען, כדי צו באַקומען פון זיי קלאָרע ידיעות איבער דעם נייעם גרוש — דער האָט נאָך קיין יאוש אויסדרוק נישט געזען אין לעבען...

ווי אַ דונערשלאַג האָט די שרעקליכע ידיעה געטראָפען די עמיגראַנטען. זיי בעטען ביי די רעטונגס־אַנשטאַלטען עקלערונגען וועגען דעם „גזר"...

די רעטונגס־אַנשטאַלטען זיינען אויך נאָך נישט געקומען צו זיך פון דעם קלאַפּ. זיי פילען זיך גאַנץ הילפלאָז בנוגע דער דערכפירונג פון דער „עוואַקואַציע" פון אַזאַ גרויסען שטראָם מענשען, וואָס דאַרף דורכגעפירט ווערען אין די עטליכע טעג, וואָס זיינען געגעבען געוואָרען.

יעדער עמיגראַנט פילט זיין אומבאַהאָלפענקייט און פאַרשעלט דאָס לעבען, וואָס האָט אים אַזוי־פיל אומדערטרעגליכע ליידען פאַרשאַפט.

פאַר די פּעלשטינער עמיגראַנטען, וואָס שטעלען פאַר מיט זיך אַן ענג־צוזאַמען־געבונדענעם קבוץ, שטעהם פאַר צו ווערען צעזייט און צעשפּרייט, אָפּגעריסען איינער פון׳ם אַנדערען, אָפּגעריסען פון די צענטראַלע עמיגראַציאָנס־אַנשטאַלטען, וועלכע געפינען זיך אין לעמבערג.

מיר מוזען אָפּפאָרען פון לעמבערג, וואו עס געפינט זיך די גאַנצע מאַסע פּעלשטינער עמיגראַנטען, ערגעץ אין פּאַרוואָרפענע געגענטען — אין געגענטען, וועלכע זיינען אונז אומבאַקאַנט, ווייט אַוועק פון די „צענטערען"... ווען אַלץ זאָל אפילו געהן „כשורה ורצון", וואָלט דאָס אויך געווען דער גרעסטער אומגליק פאַר אונז. ווייל אין אַ קלענערער געגענט פאַרלירט דער עמיגראַנט יעדע האָפנונג אויף, אפשר, אַמאָל צו פאַרדינען אַליין אויף זיין שטיקעל ברויט. ער פאַרלירט די מעגליכקייט, צו זיין אונטער דער השגחה פון די רעטונגס־אַנשטאַלטען, וועלכע זיינען דאָך אַ וואַנט אויף וועלכער דער מידער עמיגראַנט קען זיך אַנשפּאַרען.

עס איז אַ שוידערליכע לאַגע. דערצו קומט נאָך צו די מורא און דער פּחד — וואוהין ? ! און צו וואָס וועט עס אונז ברענגען ? ! עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס עס הערשט אַזאַ גרויסער יאוש צווישען די עמיגראַנטען.

די עוואַקואַציע איז אַ דרינגענדע, און פילע פון אונזערע עמיגראַנטען זיינען געבאָך נאַקעט און באָרוועס. מיר ווילען איר זאָלט וויסען, אַז אַלע אונזערע פּעלשטינער האָבען אויסגעמידען די שעדליכע און שענדליכע וועגען פון שנאָרעריי און בעטלעריי. שנאָרעריי און בעטלעריי האָבען זיך אין אונזערע רייען אפילו ניט באַוויזען. די מערסטע פון די פּעלשטינער האָבען געזוכט צו אַרבייטען, זאָל זיין אפילו ביי דער שווערסטער אַרבייט, אַבי אַליין צו פאַרדינען אויף אַ טרוקען שטיקעל ברויט.

יעצט איז די לאַגע פון אונזערע עמיגראַנטען אַן אמת קאַטאַסטראָפאַלע.

אין די נייע ערטער, וואוהין עס וועט ערשט אַנגעוויזען ווערען צו פאָרען, וועלען מיר ניט האָבען קיינע אויסזיכטען אויף צו פאַרדינען אויף אַ טרוקען שטיקעל ברויט.

וואוינונגען וועלען געוויס אויך זיין שווער צו געפינען, און עס וועט פיל טייערער קאָסטען, ווייל קלענערע פּונקטען קענען נישט אַריינעמען אַזאַ גרויסע צאָל עמיגראַנטען. און אין די ענגע ספערען, מיט אונזערע געמיטער, ווער ווייסט, קענען נאָך אייניגע עמי־גראַנטען דערשטיקט ווערען ניט האָבענדיג גענוג לופט צו אָטעמען...

עס געהט צו ווינטער. די עמיגראַנטען זיינען אָהן וועש, אָהן קליידער. פון וואַרעמע קליידער שמועסט מען שוין ניט. אויב אונזער עמיגראַנטען־קאָמיטעט וועט ניט זיין אומשטאַנד איינצואָרדענען די פּעלשטינער עמיגראַנטען אויף די נייע ערטער מיט לעבענס־מיטלען און וואוינונגען, איז אַ גרויסע סכנה פאַר אונזערע מענשען...

אין קורצען ווילען מיר אייך זאָגען, אַז זינט די פּעלשטינער זיינען אָפּגעפאָרען פון דער היים, זיינען זיי נאָך נישט געשטאַנען ביי אַזאַ שווערען נסיון: אָפּגעריסען צו ווערען איינער פון דעם צווייטען, אָפּגעריסען צו ווערען פון די צענטערען, וואו עס געפינען זיך די צענטראַלע הילפס־אינסטיטוציעס, אָפּגעריסען צו ווערען פון די פּלעצער, וואו זיי קענען נאָך אַמאָל אַרבייטען און עפּעס פאַרדינען און אַוועקגעהן אין פרעמדע, אומבאַקאַנטע ערטער... פאַרלירען די פאַרבינדונג מיט דעם פּעלשטינער עמיגראַנטען־

קאמיטעט, וועלכער איז די גאנצע צייט אויף דער וואך. און ועל כולם, מיט א צעבראכענע הארץ געהן, מיט אן אנגעשטרענגטען מורא־קוק, און וואוהין ? !

דער פעלשטינער הילפס־קאמיטעט ווענדעט זיך צום פעלשטינער־אמעריקאנער רעליף און בעט ערנסט צו נעמען אין אכט די ביטערע לאגע פון די פעלשטינער עמיגראנטען און צו שיקען א גרויסע סומע געלט, מיט וועלכער מיר זאלען קענען צייטווייליג איינאר־דענען די צעשראקענע מענשען אויף נייע ערטער.

מיט אכטונג,

**פעלשטינער הילפס־קאמיטעט**

**א. בייזער, פארזיצער**

**שמואל לאנדוי**

**ז. ברענמאן, סעקרעטאר**

# פעלשטינער יתומים אין לעמבערג



דאָס איז א רשימה פון די פעלשטינער יתומים, וואָס זיינען נאָכ'ן פאָגראָם אריבער קיין לעמבערג מיט דער האָפענונג צו פאָרען קיין אמעריקע.

1 רבקה לערנער, 23 יאָר אַלט

2 דוואָסי לערנער, 16 יאָר אַלט

3 גאָלדע לערנער, 14 יאָר אַלט

אַלע דריי — קיילעכיגע יתומים. זייער פאָטער, זלמן לערנער, און זייער מוטער, איטע לערנער, זיינען צוזאַמען מיט זייער עלטערען זון, יחזקאל, און עלטערער טאָכטער, סימע, געפאַלען קרבנות בעת דעם ערשטע פאָגראָם אין פעלשטין — דעם 18טען פעווראַל, 1919.

4 איטע סאָסטשין, 15 יאָר אַלט

א קיילעכדיגע יתומה. איר פאָטער, ראובן, און איר מוטער, ציפע, זיינען מיט זייער עלטערען זון, אברהם, גע־הרג'עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פאָגראָם אין פעלשטין. זי אַליין האָט אויך פיל געליטען: זי האָט פארלוירען א האַנט, און די ווילדע רוצחים האָבען זי געמאַכט פאר אַן אייביגער קאַליקע אויף די הענט.

5 איטע קאָוולער, 16 יאָר אַלט

6 איטע קאָרענבליט, 5 יאָר אַלט

א מומע מיט א פלימעניצע. ביידע קיילעכיגע יתומים. איטע קאָוולער'ס פאָטער, משולם קאָוולער, מיט איר מוטער זיינען אויף א ווילדען אופן געפייניגט געוואָרען און גע־שטאָרבען בעת דעם פאָגראָם אין פעלשטין.

איטע קאָרענבליט איז געבליבען די איינציגע פון איר פאַמיליע, וועלכע איז באַשטאַנען פון 7 פערזאָן. איר פאָ־

טער, יחיאל, קאָרענבליט, און איר מוטער מרים קאָרענבליט, זיינען אויף דעם דאָרף גע׳הרג׳עט געוואָרען נאָך דעם, ווי א פויער האָט זיי ארויסגעטריבען פון זיין הויז און זיי ניט געוואָלט פּארהיטען פון אריינפאלען אין די הענט פון די מערדער. מרים קאָרענבליט איז גע׳הרג׳עט געוואָרען מיט א קינד פון איינינע וואָכען אויף די הענט. מיט זיי זיינען אויך גע׳הרג׳עט געוואָרען זייערע טעכטער: חנה, ציפּע און רעכעל.

7 מייקע שיינבערג, 16 יאָר אַלט
8 טאָבי שיינבערג, 14 יאָר אַלט
9 חיה שיינבערג, 12 יאָר אַלט

דריי שוועסטער, יתומות אָהן א פאָטער: זייער פאָטער איז גע׳הרג׳עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פּאָגראָם אין פּעלשטין. דעם זומער פון יאָר 1920 איז זייער עלטערער ברודער שמחה געשטאָרבען פון טיפוס־קראַנקהייט. זייער מוטער איז אין טיפסטער נויט געבליבען אין פּעלשטין.

10 אסתר שאַפּיראָ, 16 יאָר אַלט
11 יעקב שאַפּיראָ, 15 יאָר אַלט
12 לייבוש שאַפּיראָ, 10 יאָר אַלט

2 ברידער מיט א שוועסטער — יתומים, אָהן א פאָטער. זייער פאָטער, זיסע שאַפּיראָ, איז פון טיפוס־קראַנקהייט געשטאָרבען. זייער מוטער, סאָסי, איז געבליבן ביי די די שווערסטע מאַטעריעלע באַדינגונגען אין פּעלשטין.

13 סאָסי ראַבין, 10 יאָר אַלט
14 ביילע ראַבין, 8 יאָר אַלט
15 העטי ראַבין, 6 יאָר אַלט

דריי שוועסטערלאַך — יתומות, אָהן פאָטער־און־מוטער. זייער פאָטער, מענדעל ראַבין, און זייער מוטער זיינען גע׳הרג׳עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פּאָגראָם אין פּעלשטין.

16 אליעזר קליגמאַן, 15 יאָר אַלט
17 חוה קליגמאַן, 12 יאָר אַלט
18 גיטעל קליגמאַן, 10 יאָר אַלט

א ברודער מיט צוויי שוועסטערלאַך — לעבעדיגע יתומים. זייער פאָטער, יוסף קליגמאַן, איז שוין 12 יאָר אין ארגענ־

טינע און לאָזט פון זיך ניט הערען. זייער מוטער לעבט אין גרויס דחקות אין פעלשטין.

19 משה־חיים זילבערמאַן, 15 יאָר אַלט

20 ברכה זילבערמאַן, 10 יאָר אַלט

21 טשאַרני זילבערמאַן, 8 יאָר אַלט

22 עלקע זילבערמאַן, 6 יאָר אַלט

א ברודער מיט דריי שוועסטערלאַך, וועמעס עלטערען זיינען קראַנק און אָרעם, ניט ארבייטס־פעהיג.

23 מענדעל מילשטיין, 13 יאָר אַלט

24 חנה מילשטיין, 15 יאָר אַלט

יתומים אָהן א פאָטער. זייער פאָטער, מיכל, איז צו־ריק מיט עטליכע יאָר געשטאָרבען. זייער מוטער לעבט אין דער שרעקליכסטער, טיפסטער נויט אין פעלשטין.

25 מאַני גרינבוים, 17 יאָר אַלט

א טאָכטער פון אָרעמע, קראַנקע ניט ארבייטס־פעהיגע עלטערען. איהר פאָטער, וועלוועל, מיט איר מוטער, נעסי, לעבען אונטער די שרעקליכסטע און שווערסטע באדינגונגען אין פעלשטין.

26 מענדעל דובעטשער, 13 יאָר אַלט

27 מאַני דובעטשער, 12 יאָר אַלט

28 נפתלי דובעטשער, 9 יאָר אַלט

29 דוד דובעטשער, 7 יאָר אַלט

פיר ברידערלאַך, יתומים אָהן א פאָטער. זייער פאָטער איז פארפאַלען געוואָרען און מען ווייסט ניט וואוהין ער איז אהינגעקומען. זייער מוטער, דבורה, געפינט זיך אין לעמ־בערג. לעבט אונטער די שווערסטע באדינגונגען, וועלכע זיינען צוזאמענגעבונדען מיט דעם עמיגראַנט.

30 מייקע וויינטרויב, 16 יאָר אַלט

31 חוה וויינטרויב, 9 יאָר אַלט

32 וועלוועל וויינטרויב, 7 יאָר אַלט

א שוועסטער מיט צוויי ברידערלאַך — יתומים, אָהן פאָטער־און־מוטער. זייער פאָטער, משה־חיים וויינטרויב, מיט זייער מוטער, רבקה, זיינען גע׳הרג׳עט געוואָרען בעת דעם פאָגראָם אין פעלשטין. זייער עלטערע שוועסטער, טשאַרני, איז געשטאָרבען פון טיפוס־קראַנקהייט.

33 זעלדע קעלאַנזאַן, 13 יאָר אַלט

34 געלי קעלאנזאן, 11 יאָר אַלט

35 לייב קעלאנזאָן, 6 יאָר אַלט

אַלע דריי יתומים, אָהן אַ מוטער, וועלכע איז בעת דעם ערשטען פּאָגראָם גע'הרג'עט געוואָרען. זייער פאָטער לעבט אין טיפּסטער דחקות אין פעלשטין.

36 שבע קעלאנזאן, 10 יאָר אַלט

37 שפּרינצע קעלאנזאן, 6 יאָר אַלט

38 גאָלדע קעלאנזאן, 3 יאָר אַלט

אַלע יתומים אָהן אַ פאָטער. זייער פאָטער, יצחק־יוסף, איז גע'הרג'עט געוואָרען צוזאַמען מיט זיין שווער, הערץ באַרנבוים, בעת דעם צווייטען פּאָגראָם, וועלכער איז פאָרגעקומען יום טוב שבועות פון יאָר 1919.

39 שמואל כ"ץ, 14 יאָר אַלט

אַ יתום, אָהן פאָטער־און־מוטער. זיין פאָטער, שלמה כ"ץ, (שלמה יהודה ישראל־הירש'ס) און זיין מוטער זיינען גע'הרג'עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פּאָגראָם אין פעלשטין. זיין יונג ברודערל, מאיר, מיט זיין יונג שוועסטערל, פּייגע, זיינען געבליבען אין פעלשטינער יתומים־הויז.

40 ביילע ראַבער, 15 יאָר אַלט

41 יצחק ראַבער, 10 יאָר אַלט

42 חייקע ראַבער, 14 יאָר אַלט

יתומים, אָהן פאָטער־און מוטער. זייער פאָטער, יוסף ראַבער (יוסף שוחט) און זייער מוטער, הענע, זיינען גע'הרג'עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פּאָגראָם אין פעלשטין.

43 יענטע קרישטאַל, 16 יאָר אַלט

44 פריידע קרישטאַל, 14 יאָר אַלט

45 משה קרישטאַל, 12 יאָר אַלט

יתומים, אָהן פאָטער־און ־מוטער. זייער פאָטער־און־מוטער זיינען פאַרברענט געוואָרען אונטער די חורבות פון זייער הויז, וואָס איז פאַרברענט געוואָרען בעת דעם ערשטען פּאָגראָם. אונטער די חורבות פון דעם דאָזיגען הויז איז פאַרברענט געוואָרען אויך זיסיע קרישטאַל מיט זיין גאַנצער פאַמיליע.

46 דוואָסי העלפאַנד, 17 יאָר אַלט

אַ יתומה, וועלכע איז געבליבען די איינציגע פון איר גרויסער פאַמיליע, וואָס איז באַשטאַנען פון 9 פּערזאָן.

איר פּאָטער, עקיבא, מיט איר מוטער, מיט ברידער און שוועסטער, צווישען וועלכע עס איז געווען דער לערער פון דער פעלשטינער פאָלקס־שול — איר ברודער שמואל — זיינען געה'רג'עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פּאָגראָם.

47 בריינע טוט, 9 יאָר אַלט

48 הערשעל טוט, 7 יאָר אַלט

יתומים, אָהן א פּאָטער. זייער פּאָטער, מאטי טוט, איז געה'רג'עט געוואָרען בעת דעם צווייטען פּאָגראָם אין פעלשטין. זייער מוטער איז געבליבען אין פעלשטין, וואו זי לעבט אין דער שרעקליכסטער מאַטעריעלער נויט.

49 מיכל כ"ץ, 14 יאָר אַלט

א יתום, אָהן א מוטער. זיין פּאָטער, בעריש כ"ץ, (בעריש חיים־מענדעל'ס) לעבט אין פעלשטין אונטער די שווערסטע באַדינגונגען.

50 אלעזר לאבער, 16 יאָר אַלט

51 חיים לאבער, 12 יאָר אַלט

52 שמואל לאבער, 10 יאָר אַלט

יתומים, אָהן א פּאָטער. זייער פּאָטער איז צוריק מיט עטליכע יאָר געשטאָרבען פון דער טובערקולאָז־קראַנקהייט. זייער מוטער לעבט אין גרוים דחקות אין פעלשטין.

53 מאיר שפּאנץ, 14 יאָר אַלט

54 זיסיע שפּאנץ, 10 יאָר אַלט

יתומים, אָהן א פּאָטער. זייער פּאָטער אפרים (פּרויקע) שפּאנץ, איז געשטאָרבען פון הארץ־אָפּריים נאָך דעם צוויי־טען פּאָגראָם אין פעלשטין.

55 טויבע פורמאַן, 14 יאָר אַלט

56 גוני פורמאַן, 12 יאָר אַלט

57 ציפּע פורמאַן, 8 יאָר אַלט

58 יוסף פורמאַן, 5 יאָר אַלט

יתומים, אָהן א פּאָטער. זייער פּאָטער, פראָאים פור־מאַן, איז געה'רג'עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פּאָגראָם אין פעלשטין. זייער מוטער לעבט אין לעמבערגער שול, וואו זי געניסט אַלע צרות, וועלכע קערען צו דעם שול־עמיגראַנט, היינו: קעלט, אנטי־סאַניטאַרע באַדינגונגען פון לעבען, טייל־ווייזער הונגער און אַזוי ווייטער...

59 **יהודה קרישטאל, 12 יאָר אַלט**

אַ יתום, אָהן אַ פאָטער. זיין פאָטער, משה, איז צוריק מיט עטליכע יאָר געשטאָרבען. זיין מוטער, אַלטע, לעבט אונטער די שרעקליכסטע באַדינגונגען: זי איז קראַנק און אָרים.

60 **יצחק וואַסערמאַן, 14 יאָר אַלט**

אַ יתום, אָהן אַ פאָטער. זיין פאָטער, יחיאל וואַסער־מאַן (יחיאל שוחט) איז גע'הרג'עט געוואָרען צוזאַמען מיט זיין זון, וועלוועל, בעת דעם ערשטען פאָגראָם. זיין על־טערער ברודער, הערשעל וואַסערמאַן, געפינט זיך אַלס עמיגראַנט אין לעמבערג אונטער די ערגסטע באַדינגונגען.

61 **בריינע פאַמעראַנץ, 11 יאָר אַלט**

אַ יתומה, אָהן אַ פאָטער. איר פאָטער, חיים פאַמע־ראַנץ, איז, נאָך לאַנג־יאָריגע ליידען פון אַ קראַנקהייט, גע־שטאָרבען. איר מוטער, באָבצי פאָמעראַנץ, מיטביידע עלט־סטע טעכטער און איידעם, געפינען זיך אין לעמבערג און לעבען אונטער די שווערסטע באַדינגונגען.

62 **יצחק צינעס, 19 יאָר אַלט**

63 **חיים צינעס, 9 יאָר אַלט**

64 **שרה צינעס, 7 יאָר אַלט**

65 **אברהם צינעס, 2 יאָר אַלט**

יתומים, אָהן אַ פאָטער. זייער פאָטער, אברהם צינעס, איז גע'הרג'עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פאָגראָם אין פעלשטין. זייער מוטער, עטעל צינעס, געפינט זיך אין לעמבערגער שפיטאָל, וואו זי היילט זיך פון איר רעוומאַ־טיזם־קראַנקהייט.

66 **משה שמוראַן, 16 יאָר אַלט**

67 **אברהם שמוראַן, 14 יאָר אַלט**

יתומים, אָהן פאָטער־און־מוטער. זייער פאָטער, איי־זיק, איז שוין לאַנג אין ארגענטינע, פון וואַנען ער גיט ניט פון זיך קיין ידיעה. זייער מוטער איז מיט אַ אינגערער שוועסטער גע'הרג'עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פאָגראָם אין פעלשטין.

68 **בתיה סאָסטשין, 8 יאָר אַלט**

אַ יתומה, אָהן אַ פאָטער. איר פאָטער, יואל סאָס־טשין, איז גע'הרג'עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פאָ־

גראַם אין פּעלשטין. איר מוטער איז מיט אַ דריי־יאָריג קינד אין לעמבערג, אין שול.

69 משה באַרנבוים, 7 יאָר אַלט

אַ קיילעכדיגער יתום, אָהן פאָטער־און־מוטער. ביידע זיינען גע'הרג'עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פּאָגראַם. ער איז אַן איינציגער געבליבען לעבען פון זיין גאַנצער פאַמיליע.

70 ישעיה גורטמאַן, 14 יאָר אַלט

71 מאַני גורטמאַן, 10 יאָר אַלט

שוועסטער און ברודער, יתומים, אַן אַ מוטער, וועלכע איז צוזאַמען מיט נאָך 2 קינדער גע'הרג'עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פּאָגראַם. זייער פאָטער, שלמה גורטמאַן, מיט זייער עלטערען ברודער געפינען זיך אין אַרגענטינע.

72 אסתר לייבאָוויטש, 16 יאָר אַלט

אַ קיילעכדיגע יתומה, אָהן פאָטער־און־מוטער. ביידע זיינען גע'הרג'עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פּאָגראַם אין פּראָסקוראָוו. זי איז די איינציג לעבען־געבליבענע פון איר צאָל־רייכער פאַמיליע.

73 יחיאל בערנשטיין, 9 יאָר אַלט

74 וועלוועל בערנשטיין, 6 יאָר אַלט

יתומים, אָהן פאָטער־און מוטער. זייער פאָטער, יאַנקעל בערנשטיין, מיט זייער מוטער זיינען גע'הרג'עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פּאָגראָם אין פּראָסקוראָוו.

75 זיסעל מאדיק, 12 יאָר אַלט

76 אידע מאדיק, 10 יאָר אַלט

יתומים, אָהן אַ פאָטער, וועלכער איז שוין לאַנג צוריק געשטאָרבען. זייער מוטער געפינט זיך אַלס עמיגראַנטקע אין לעמבערג.

77 נח זילבערמאַן, 7 יאָר אַלט

78 שיינדעל זילבערמאַן, 4 יאָר אַלט

יתומים, אָהן אַ פאָטער, וועלכער איז צוריק מיט אַ יאָר געשטאָרבען. זייער מוטער, בתיה זילבערמאַן, געפינט זיך אין לעמבערג אַלס עמיגראַנטקע.

79 קריינע קרישטאַל, 14 יאָר אַלט

80 משה קרישטאַל, 12 יאָר אַלט

יתומים, אָהן פאָטער־און־מוטער. זייער מוטער איז שוין לאַנג געשטאָרבען. זייער פאָטער, נפתלי קרישטאַל, איז געשטאָרבען אונטער דעם דרוק פון די שווערע איבערלע־בונגען, ארויסגערופענע דורך די אומגליקליכע געשעהענישען.

81 שבע וועקסלער, 10 יאָר אַלט

82 שרה וועקסלער, 6 יאָר אַלט

יתומים, אָהן פאָטער־און־מוטער, אָן עלטערע ברידער־און־שוועסטער.

83 שרה ליאַכאָוועצקי, 14 יאָר אַלט

א יתומה, אָהן א פאָטער. איר פאָטער, איתמר ליאַ־כאָוועצקי, איז גע׳הרג׳עט געוואָרען בעת דעם ערשטען פאָ־גראָם אין פעלשטין.

84 שפרה גאָלדמאַן, 11 יאָר אַלט

א יתומה, אָהן א מוטער. איר מוטער איז צוריק מיט אייניגע יאָרען געשטאָרבען. איר פאָטער, מאָטעל גאָלדמאַן, איז קראַנק, אָרים, און לעבט אונטער די שווערסטע מאַטע־ריעלע באַדינגונגען. געבליבען אין פעלשטין.

85 יוסף קאַרשענבוים — 11 יאָר אַלט

א קיילעכיגער יתום, אָהן פאָטער־און־מוטער. זיינע עלטערען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע זיינען גע׳הרג׳עט גע־וואָרען בעת דעם ערשטען פאָגראָם אין פעלשטין. ער איז דער איינציגער לעבען־געבליבענער פון זיין גאַנצער צאָל־רייכער פאַמיליע.

86 יוסף גענדליער, 11 יאָר אַלט

א קינד פון אָרימע עלטערען. זיין פאָטער, חיים גענד־ליער, איז אינגאַנצען בלינד, זיין מוטער איז שטאַרק אָרים לעבט אונטער די שווערסטע מאַטעריעלע באַדינגונגען.

87 מעני פאָמעראַנץ, 23 יאָר אַלט

א יתומה, אָהן א פאָטער. איר פאָטער, חיים פאָמע־ראַנץ, איז נאָך א לאַנג־יאָריגער קראַנקהייט געשטאָרבען. איר מוטער, באָבצי פאָמעראַנץ, געפינט זיך אין לעמבערג אַלס עמיגראַנטקע, ביי די שווערסטע באַדינגונגען.

88 משה קאַם, 4 יאָר אַלט

א קיילעכדיגער יתום, אָהן פאָטער־און־מוטער. זיין פאָטער, זיסיע קאַם, מיט זיין מוטער זיינען גע׳הרג׳עט גע־

וואָרען. ער איז דער איינציגער לעבען־געבליבענער פון זיין גאנצער פאמיליע.

89 לאה גערשגאָרן, 4 יאָר אַלט

א יתומה, אָהן פאָטער־און־מוטער. איר מוטער מיט די שוועסטער אוןברידער זיינען געפאַלען קרבנות בעת דעם ערשטען פאָגראָם אין פעלשטין. זי איז די איינציגע לעבען־געבליבענע פון דער גאנצער צאָל־רייכער פאמיליע.

## חיים רויזענמאַן

# הילף אין נויט



### א. ווי אזוי פעלשטין האָט געהאָלפען סאָטאָנאָווער און טאַרנארודער פליכטלינגע

אין א שעהנעם זומערדיגען פרייטאָג צו נאכטס פון 1914, ווען דער עולם איז נאָך פון די שוהלען ניט ארויס, איז אָנגעקומען פון סאטאנאָוו און טארנארודע די טרויעריגע בשורה, אז די אידען ווערען פון דאָרט ארויסגעטריבען און זיי מוזען פארלאָזען די שטעט אין משך פון דריי טעג.

די סאטאנאָווער און טארנאָרודער אידען האָבען, דורך דעם טעלע־פאָן געבעטען ביי זייערע פעלשטינער קרובים און פריינט, מען זאָל זיי שיקען פוהרען פון פעלשטין, ווייל אין סאטאנאָוו און טארנארודע איז ניט געווען גענוג טראנספּאָרטמיטלען אלע אידען ארויסצופיהרען אין אזא קורצער צייט.

די שבת'דיגע רוהיגקייט פון שטעטעל איז באלד פארשוואונדען. די מלחמה־שרעק, וועלכע איז טיילווייז פארגעסען געוואָרען, ווען די רוס־סישע ארמיי האָט אָנגעפאנגען ארייננדרינגען טיפער אין גאליציע, האָט מיטאמאָל באהערשט יעדען. וואָס וועט זיין מיט די סאטאנאָווער און טארנאָרודער אידען? ווי ווייט איז טארנאָרודע פון פעלשטין? וואָס וועט זיין מיט אונז? וואָס טוט מען? אז עפּעס מוז געטאָן ווערען, האָט יעדער גלייך פארשטאַנען. אָבער וואָס צו טאָן, האָט קיינער ניט געקענט ראטען אזוי שנעל.

אויף מאָרגען אָבער האָט זיך צווישען די מעהר באוואוסטזיניגע פעל־שטינער פארשפּרייט אַן ענטפער אויף דער פראגע: „וואָס טוט מען?" דער ענטפער איז געווען: העלפען די פליכטלינגע ווי ווייט מעגליך. און אז מען וועט אונז טרייבען, וועלען אונז אנדערע העלפען. דאָס איז גע־ווען דער איינציגער לאָגישער ענטפער ביי יענע אומשטענדען, ווייל קיין

אנדער זאַך האָבען מיר ניט געקענט טאָן די קאַטאַסטראָפּע צו פאַרמיידען. איך ווייס ניט ווער עס איז געווען דער ערשטער דעם לאַ־זונג ארויסצושטעלען. איך האָב דאָס צום ערשטען געהערט פון אליעזר בייזערן, אָבער די פעלשטינער האָבען דעם לאָזונג אָנגענומען און האָבען זיך ביי איהם געהאַלטען אַ לאַנגע צייט.

דאָס ערשטע צו טאָן איז געווען אויסצוגעפינען די איינצעלהייטען פון דער גזירה. און מיר האָבען זיך צוליב דעם פאַרבונדען טעלעפאָניש מיט דר. גורעוויטש, זכרונו לברכה. ווער עס געדענקט ד"ר גורעוויטש פון פּראָסקוראָוו, דער וועט זיך ניט וואונדערען, וואָס ער האָט שוין גע־האַט די פולסטע אינפאָרמאַציע. ער האָט אונז געזאָגט, אַז לויט אַ באַפעל פון קאָמאַנדיר פון דער זידליכער אַרמיי, ווערען די אידען פון טאַרנאַרודע, סאַטאַנאָוו און הוסיאַטין ארויסגעשיקט פון זייערע היימען אזש קיין ניזשני נאָווגאָראָד. עס פאַרשטעהט זיך, אַז אָפּשרייען אָדער אָפּבעטען די גזירה איז געווען אוממעגליך. אָבער די פּראָסקוראָווער כלל־טוער האָבען זיך באַמיהט מיט אַלערליי מיטלען ביי דער לאָקאַלער מאַכט די זאַך צו פאַרלייכטערען.

די פּראָסקוראָווער כלל טוער זיינען געווען זעהר נייגעריג צו האָבען די פעלשטינער יוגענט צו הילף אין דער פאַרשטעהענדיגער גרויסער שווע־רער הילפסאַרבייט און האָבען אונז צוגעזאָגט צו שטעהן אין פאַרבינדונג מיט אונז. אַזוי שנעל ווי די ערשטע פּליכטלינגע זיינען אָנגעקומען פון סאַטאַנאָוו, זיינען אויך געקומען פון פּראָסקוראָוו איינציגע מיטגלידער פון אַ שנעל־פאַרמירטען הילפס קאָמיטעט. זיי האָבען געהאַט אַן ערלויבעניש פון דער מאַכט פאַר אַ געוויסער צאָל ניט סאַטאַנאָווער אידען צו פאַר־וויילען אין סאַטאַנאָוו איין איבעריגען טאָג, כדי איבערצונעמען און פאַר־שרייבען דאָס געבליבענע האָב און גוטס, וואָס די ארויסגעטריבענע האָבען קיין מעגליכקייט ניט געהאַט צו פאַרנעמען.

פון פעלשטין זיינען אויך מיטגעפאָרען עטליכע יונגעלייט אין דער אַרבייט ארויסצוהעלפען און איך בתוכם. אַ שרעקליכען איינדרוק האָבען אויף אונז געמאַכט די פּליכטלינגע, וועלכע מיר האָבען אויפן וועג באַ־געגענט. מיט געבויגענע קעפּ און צעבראָכענע געמיטער האָבען די מע־נער געשפּאַנט לעבען די פוהרען אָנגעלאָדען מיט רעשטלאַך פון היימי־שער באַלעבאַטישקייט. די פרויען און קינדער זיינען געזעסען אויף די וועגענער. מיט אויגען פול מיט צער, האָבען זיי געקוקט אויף דער באַ־קענטער געגענט, ווי געזעגענענדיג זיך מיט איהר אויף שטענדיג.

דעם ערגסטען איינדרוק האָט אויף אונז געמאַכט די ליידיגע פאַר־לאָזענע שטאָט. אַזאַ שטילקייט איז זיך שווער פאָרצושטעלען. פון די

לײדיגע הײזער האָט געשלאָגען אַ פינסטערניש. אַ מאָדנער פחד האָט אונז אַלעמען ארומגעכאַפּט. אין דער אויסערגעװײנליכער שטילקייט האָבען מיר, װי ניט געװאָגט צו רעדען צװישען זיך, און מיר זײנען אַלע געװען צופרידען, װען מיר האָבען אויסגעפונען, אַז מיר װעלען לאַנג דאָרט ניט דאַרפען פארבלײבען. מיר האָבען גאָר ניט געפונען אין די פארלאָזענע הײזער. די אײנװאוינער האָבען אין זײ גאָר ניט איבערגעלאָזט. און אויב עפּעס איז געבליבען איז דאָס געװען צעבראָכען. אין אײניגע הײזער האָבען מיר געטראָפען סחורה, איז דאָס געװען באַגאַסען מיט קעראָסין. נאָך עטליכע שטונדען ארומװאַנדערען איבער דער טויטער שטאָט, האָבען מיר באַשלאָסען, אַז עס איז ניט געװען װאָס צו טאָן אין סאַטאַנאָװ און מיר זײנען צוריקגעפאָהרען.

װען מיר זײנען אויפען צװײטען טאָג צוריקגעקומען קײן פעלשטין, האָבען מיר אונזער אײגען שטעטעל ניט דערקענט. עס האָט גע׳רעש׳ט אין שטעטעל. פון פּראָסקוראָװער קאָמיטעט האָט מען קײן פעלשטין געלאָזט װיסען, אַז די גזירה האַלט זיך בײם פארשפּרײטען אויף די ארומיגע שטעטלאַך, און מען האָט גערעטען צו פארהאַלטען אין פעלשטין אַזוי פיל פּליכטלינגע, װי מעגליך, און זײ ניט לאָזען לויפען װײטער.

אָהן אַ שום פיהרערשאַפט און אָהן אַ שום פּלאַן האָט זיך אָרגאַניזירט אין פעלשטין די הילפס־ארבײט פאַר די פּליכטלינגע. אין דעם קלײנעם אָרימען פעלשטין, װאָס האָט פארמאָגט ניט מעהר פון 1800 אײנװאוינער, האָבען ארום 600 פּליכטלינגע געפונען פּלאַץ. עס פארשטעהט זיך, אַז קײן ניסים זײנען ניט געשעהן: די הײזער זײנען גרעסער ניט געװאָרען. אָבער די פּליכטלינגע זײנען אין גאַס ניט געבליבען. מען האָט זיך, װי עס איז, אײנגעאָרדענט און געמאַכט פּלאַץ פאַר די היימלאָזע. יהודה בער דער שמש האָט זײן הויז אָפּגעטראָטען און באַלד איז דאָס פארװאַנדעלט געװאָרען אין אַ קיך פאַר די היימלאָזע. די פעלשטינער מײדלאַך האָבען צוגעגרײט—איך װײס ניט פון װאָס—די מענער האָבען צונויפגעבראַכט פּראָדוקטען — איך װײס ניט פון װאַנען — נאָר די פּליכטלינגע האָבען געקראָגען פרײע מאָלצײטען פון דער ערשטער מינוט אָן. עס איז פּשוט צום באַװאונדערען, װי שנעל דאָס איז געטאָן געװאָרען — און אײנגאַנצען אָהן מיטלען. און עס איז אויך צום באַװאונדערען דעם אויסדויער װאָס די פעלשטינער האָבען באַװיזען. װײל לאַנגע מאָנאַטען זײנען אַ סך פון די פּליכטלינגע פארבליבען אין פעלשטין און זעהר פיל אָנשטרענגונג האָט געמוזט אָנגעװענדט װערען די היימלאָזע בײם לעבען צו דערהאַלטען.

מיט דער צייט האָבען זיך די פאַרמעגליכע פּליכטלינגע אַליין איינגע־אָרדענט, און אייניגע זיינען זיך צופאָהרען אין נאָענטע שטעט און שטעט־לאַך. זעהר ווייניג זיינען אוועקגעפאָהרען קיין טיף רוסלאַנד, וואוהין די מאַכט האָט זיי געשיקט. די אָרימסטע (אייניגע הונדערט) זיינען פאַר־בליבען אין פעלשטין און מען האָט געמוזט פאַר זיי זאָרגען.

עס איז געווען א שווערע זאַך פאַר דעם קליינינקען אָרימען פעל־שטין אויפצוהאַלטען אזוי פיל פּליכטלינגע. עס איז אפשר ניט גענוג געטאָן געוואָרען פאַר די היימלאָזע. אָבער ווערליג די מיטלען און די כחות, וואָס פעלשטין האָט פאַרמאָגט, איז געטאָן געוואָרען זעהר א סך.

צום אָנפאַנג האָט יעדער געפונען פאַר נויטיג עפּעס צו טאָן, אָבער מיט דער צייט זיינען ביי דער הילפס־ארבייט פאַרבליבען נאָר די יונגע־לייט. צום אָנפאַנג איז געווען זעהר טעטיג משה דעם רב'ס זוהן, זיסיע. ער האָט אָבער געוואָלט טאָן אַלעס אָהן א שום קאָנטראָל און האָט טאַקע געטאָן אייניגע זאַכען אויף זיין אייגענער אחריות. ער איז געפאָהרען זאַמלען געלד אין די אָרומיגע שטעטלאַך ניט פרעגענדיג קיינעם, בלויז מיט א בריף פון זיין פאָטער, דעם רב, און האָט גערעכענט, אז חשבון דאַרף ער אויך אָפּגעבען נאָר זיין פאָטער. האָבען מיר, די מיטארבייטער, פון אזא פיהרערשאַפט זיך באַלד אָפּגעטרייסעלט, און אָרגאַניזירט א קאָ־מיטעט, וועלכער האָט געטאָן די ארבייט מיט א סדר און אונטער דעם קאָנטראָל פון דער עפענטליכקייט.

צו דער הילפסארבייט איז דאַמאָלסט צוגעשטאַנען דער רב מרדכי קיטעוועד, וועלכער איז געווען זעהר באַליבט ביי דער פעלשטינער יוגענד פאַר זיין טיפען שכל. ער האָט געבראַכט פיל נוצען דער הילפס־ארבייט, ווייל ער האָט געוואונען א סך רעספּעקט פאַר דעם פעלשטינער קאָמיטעט סיי אין פּראָסקוראָוו, סיי ביי די פאָרשטעהער פון קיעווער קאָמיטעט פון וואַנען מען פלעגט קומען אין פעלשטין זעהן אונזער ארבייט.

כאָטש די שטיצע, וואָס די פּליכטלינגע האָבען צום אָנפאַנג באַקומען, איז באַשטאַנען נאָר אין צוויי מאָהלצייטען א טאָג, האָט פעלשטין דאָך ניט זעהר לאַנג געקענט שאַפען די מיטלען דאַצו אין דער היים. מיר האָבען זיך געווענדעט נאָך שטיצע קיין פּראָסקוראָוו, נאָר דער פּראָסקו־ראָווער קאָמיטעט האָט אַליין ניט געהאַט גענוג מיטלען. האָבען מיר געמוזט פאָהרען אין די אָרומיגע שטעטלאַך צו זאַמלען געלט. און דאָס איז געווען די שווערסטע אויפגאַבע.

די אידען אין אונזער געגענט זיינען דאַמאָלס אין אָנפאַנג מלחמה געווען אין א קריטישער מאַטעריעלער לאַגע. דער מאָראַטאָריום האָט אָפּגעשטעלט אַלע קרעדיטען. געשעפטען זיינען געווען אין א שטיל־

שטאנד, און אפילו די קליינע קרעמער האָבען ניט געהאט וועמען זייער סחורה צו פארקויפען. איך געדענק אז אין די שטעטלאך ,וועלכע איך האב באזוכט צוזאמען מיט ישראל שטיינשלענער, האָט מען אויף אונז געקוקט, ווי אויף אָן אָנשיקעניש, כאָטש עס איז אונז שטענדיג געלונגען צו דערוועקען בעסערע געפיהלען ביי די דערשלאָגענע קליינשטעטעלדיגע אידען, און מיר האָבען אומעטום געקראָגען ניט ווייניגער, ווי זיי האָבען געקענט געבען.

צו ווייט פון דער היים האָט מען ניט געקענט אוועקפאָהרען, און קיין סך פאָהרערס האָט פעלשטין אויך ניט פארמאָגט. אויף די וועגען איז דעמאָלט געווען ניט זעהר זיכער פאר אידען צו פאָהרען. אויפן קורצען וועג פון פראסקוראָוו ביז מעזשביזש האָבען מיר געהאט צוויי איבערפאַלען. איינמאָל האָבען אונז געראַטעוועט די הארטע שטרויענע קאפעליושען, וואָס מיר האָבען געטראָגען. זיי האָבען באשיצט אונזערע קעפ פון די שטיינער, מיט וועלכע שאָסיי־ארבייטער האָבען אונז באַוואָרפען. און דאָס צווייטע מאָל האָבען אונז געראַטעוועט די גוטע פערד פון אונזער בעל־העגלה, וועלכע זיינען געלאָפען שנעלער פון די פויערישע פערדלאך. ווי א סטאַיע וועלף זיינען די פויערים אונז נאָכגעלאָפען און געוואָיעט... און ווען זיי זאָלען אונז געווען אָניאָגען, וואָלטען מיר גאנץ פון זייערע הענט ניט געווען ארויס.

דאָס ארומפאָהרען אין די שטעטלאך האָט געמוזט שנעל אויפהערען, און מיר זיינען אויסגעזעצט געוואָרען אויף אונזערע אייגענע מיטלען. עס האָט געהאַלטען זעהר שלעכט; ניט איינמאָל האָט זיך אונז געדאכט, אז מאָרגען וועלען די היימלאָזע ניט טרעפען קיין מאָלצייט אין קיך. אָבער יעדעס מאָל האָט זיך געפונען עמיצער, וואָס האָט ארויסגעהאָלפען אין דער קריטישער לאַגע.

איך דערמאָן זיך אָן אברהם זשישקאָוויצער: יעדע וואָך, און אמאָל — צוויי מאָל א וואָך, פלעגט ער צושטעלען פראָדוקטען פאר א פולען מאָהלצייט. און ניט איין מאָל וואָלטען די היימלאָזע געווען געהונגערט, ווען ניט דער גוטהארציגער אברהם זשישקאָוויצער.

עס איז אויך ווערט צו דערמאָנען אברהם־משהלע'ס צוויי מיידלאך — שפרה און פעסי, וועלכע האָבען געארבייט איבער די כחות אין קיך צוגרייטענדיג בא'טעמ'טע מאָהלצייטען פאר די היימלאָזע.

איינמאָל, ווען די לאַגע איז געווען זעהר קריטיש, אלע רעסורסען זיינען געווען אויסגעשעפּט, און יעדער איינער איז געווען מיד, — איז צו אונז געקומען א פאָרשטעהער פון „קיעווער קאָמיטעט פאר פליכט־

לינגע", ה. גומינער. ער האָט געבראַכט אַביסעל געלט און האָט צוגע־זאָגט צו שיקען שטיצע מאָנאַטליך.

מיט דער צייט האָבען זיך די פּליכטלינגע באַזעצט אין שטעטעל. אייניגע האָבען זיך צו ביסלאַך איינגעאָרדענט און מעהר ניט געוואָלט קומען אין קיך נאָך די מאָהלצייטען. נויטבאַדערפטיגע איז געוואָרען אַלעמאָל וויינינגער, אָבער די געבליבענע זיינען געווען אינגאַנצען אומבאַ־האָלפען.

האָבען מיר באַשלאָסען צו העלפען די היימלאָזע מיט פּראָדוקטען און אויך צו געבען זיי מעדיצינישע הילף. יעדע וואָך האָט מען געזאַמעלט געלט און פּראָדוקטען אין שטעטעל, פון צייט צו צייט פלעגט אָנקומען אַביסעל שטיצע פון קיעווער קאָמיטעט.

איך רעכען אַז עס איז ווערט צו דערמאָנען וואָס דער פאַרשטעהער פון קיעווער קאָמיטעט, ה' גומינער, האָט אונז דערצעהלט, נעמליך אַז דער גרעסטער טייל פון די געלטער, וואָס דער קיעווער קאָמיטעט האָט אויסגעגעבען צו העלפען די פּליכטלינגע פון די גרענעץ־שטעט, איז גע־שאַפען געוואָרען ניט פון די אידישע גבירים, נאָר פון דער אידישער אינטעליגענץ. קיעווער אידישע דאָקטורים, אַדוואָקאַטען און אַנדערע פּראָ־פעסיאָנאַלען פלעגען אַוועקגעבען דעם גרעסטען טייל פון זייערע פאַר־דינסטען צו העלפען די אידען, וואָס מ'האָט אַרויסגעטריבען פון זייערע היימען.

צוזאַמען מיט די קיעווער מעגען די פּעלשטינער אידען אויך זאָגען, אַז זיי האָבען געטאָן זייער חוב, ווען אַנדערע אידען האָבען געליטען. ווייל מיט גרויס מיה און אָנשטרענגונג האָבען זיי געהאָלפען די סאַטאַ־נאָווער איבערוואַרטען דעם שטורעם ביז זיי האָבען זיך געקענט אומ־קערען אַהיים.

## ב. די הילפס אַרבייט אין פּעלשטין פאַר היימישע — פאַר פּעלשטינער נויטליידענדע

עס האָט ניט גענומען לאַנג, סך הכל אַ פּאָר יאָהר, און די סאַטאַ־נאָווער אידען האָבען געקראָגען די געלעגענהייט אָפּצודאַנקען פּעלשטין. באַלד נאָך דעם שרעקליכען פּאָגראָם זיינען די לעבענגעבליבענע פּעלשטי־נער געווען אַזוי דערשלאָגען און צוּשראָקען, אַז זיי האָבען פּשוט ניט געקענט טאָן די מינדעסטע זאַך פאַר זיך אַליין. פיעלע פאַרוואונדעטע האָבען געוואַרט אויף מעדיצינישער הילף אָבער נאָר זעהר ווייניג פּעל־שטינער זיינען נאָך אַזוינע שרעקליכע איבערלעבונגען געווען פעהיג עפּעס

צו טאָן פאַר די קראַנקע אָדער פאַר זיך. פיעל זיינען געווען אַזוי דער־שיטערט, אַז זיי זיינען געוואָרען גלייכגילטיג צו אַלץ און אַלעמען און זיי האָבען ארומגעבלאָנדזשעט, ווי שאָטענס. דערצו פלעגען פון צייט צו צייט אַנלויפען עטליכע פעטלוראָוועצעס און אָנוואַרפען אַ מורא אויפן שטעטעל. עפּעס ווי זיי האָבען ניט געוואָלט דערלאָזען, אַז מען זאָל פאַרגעסען, וואָס עס איז אין יענעם שרעקליכען טאָג פאָרגעקומען — גלייך ווי אַזוינס קען אַזוי שנעל פאַרגעסען ווערען.

אָט אין יענער שרעקליכער צייט, ווען פעלשטין האָט זיך אַזוי גענוי־טיגט אין הילף, האָבען די אָרומיגע שטעטלאַך זיך וואָרים אָפּגערופען. איך בין דעמאָלט אין פעלשטין ניט געווען. מ׳האָט מיר אָבער דער־צעהלט, אַז סאָטאָנאָווער, גרײדינגער און קוזמינער יוגענט האָט פעלשטין אַ סך ארויסגעהאָלפען.

איך ווייס ניט קיין איינצעלהייטען, ווי אַזוי מען האָט צונויפגעזאַ־מעלט די געבליבענע יתומים. איך ווייס ניט ווי אַזוי דער שנעל־פאַר־מירטער צייטווייליגער שפּיטאָל אין מאָניש בערענמאַנס הויז איז פאַר־וואַנדעלט געוואָרען אין אַ בית־יתומים, נאָכדעם, ווי די פאַרוואונדעטע זיינען אויסגעשטאָרבען אָדער אויסגעהיילט געוואָרען. ווען איך בין געקומען קיין פעלשטין — דריי חדשים נאָך דעם פּאָגראָם — איז דאָס יתומים הויז שוין געווען אָרגאַניזירט און די גאַר־פּאַראָרימטע, אינגאַנצען הילפלאָזע פּאָגראָם־קרבנות פלעגען קריגען צוגעטיילט אַמאָל אַ ברויט פון דער אָרימער שטיצע, וואָס די קליינע שטעטלאַך ארום פלעגען צושיקען. קיין פאַרשטעהערשאַפט איז ניט געווען. נאָר פסח אהרן לאַנדאָ און אַנשעל בראַווער, וועלכע זיינען ארויס פון דעם פּאָגראָם ניט־אינגאַנצען דערשלאָגען, האָבען ערגעץ געקראָגען צו ביסלאַך שטיצע און האָבען עס צעטיילט ווי אַזוי זיי האָבען פאַרשטאַנען. עס פלעגען פאַרקומען צאַנ־קערייען צווישען די ביידע, און דאָס האָט געצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פעלשטינער יוגענט.

מיר האָבען זיך צוזאַמענגערעדט און באַשלאָסען, אַז מען טאָר ניט זיצען און קלאָגען נאָך די טויטע און דערוויילע פאַרגעסען אָן די לעבעדיגע, וועלכע האָבען זיך גענויטיגט אין דער הילף פון די מער־ענערגישע יונגע־לייט. מיר האָבען זיך גענומען צו דער הילפס־ארבייט מיט אַ פּלאַן. צוערשט האָבען מיר אויפגעלעבט די קהילה. פאַרשטעהט זיך, אַז עס זיינען געבליבען פון איר נאָר רעשטלאַך, אָבער אַן אָרגאַניזאַציע איז דאָס דאָך געווען. דער נאָמען אַליין איז שוין געווען עפּעס. די קהלה האָט אָרגאַניזירט אַ הילפס־קאָמיטעט פון קהלה־מיטגלידער און אויך קאָאָפּטירטע מיטגלידער. דער קאָמיטעט איז געווען פאַראַנטוואָרטליך צו

דער קהלה. די מיטגלידער פון ערשטען קאָמיטעט זיינען געווען: מאיר פויגעל, מעכעל קראַכמאַלניק, שמואל ישראל שטיינשלעגער, אַנשעל בראַ־ווער און דער שרייבער פון די שורות. אַנשעל בראַווער איז מיט דער צייט אַרויסגעטראָטען פון קאָמיטעט, און מיר זיינען געבליבען פיר. מיר, די דאָזיגע פיר, זיינען געשטאַנען ביי דער הילפס־אַרבייט די גאַנצע צייט ביז אָנפאַנג 1921, ווען יעדע הילפסאַקציע איז געוואָרען אוממעגליך, ווייל פאַרבאָטען פון דער ראַטענמאַכט.

כדי עס זאָל ניט הייסען אַז מיר האָבען דעם קאָמיטעט פאַרכאַפּט און אַז מיר טוען אַלעס אויף אונזער אייגענער פאַראַנטוואָרטליכקייט, פלעגען מיר אָפט צונויפרופען זיצונגען פון דער קהלה און אָפּגעבען באַריכטען. ווען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פלעגט ווערען אויסערגעוועגליך גרויס, למשל, ווען מיר פלעגען קריגען גרויסע סומען געלט, אָדער, פאַרקעהרט, ווען די קאַסע פלעגט זיך אינגאַנצען אויסליידיגען, פלעגען מיר ווירקען אויף דער קהלה, זי זאָל קאָאָפּטירען נייע מיטגלידער צום קאָמיטעט. דער קאָמיטעט איז שטענדיג געווען אַן אינסטיטוציע, אַזוי צו זאָגען, אָפען פאַר אינספעקציע. אַלעס איז געטאָן געוואָרען אַזוי, אַז קיין חשד זאָל ניט קאָנען פאַלען אויף גאָר ניט. אום אַ פולער קאָנטראָל זאָל שטענדיג מעגליך זיין, איז אָנגעפיהרט געוואָרען אַ סיסטעם פון אָפיציעלע ביכער און אַלערליי דאָקומענטען. פיעל מיה און ענערגיע איז דערויף אַוועק. ניט איין נאַכט איז מאיר פויגעל ניט דערשלאָפען צוליעב דעם. עס איז אָבער ווערט געווען די גאַנצע מי. די גוטע אָרדנונג אין דער בוכהאַלטע־ריע האָט פיעל נוצען געבראַכט דער גאַנצער הילפסאַרבייט. איך מוז דערביי דערמאָנען דוד גאָלדמאַן, וועלכער האָט זעהר פיעל געהאָלפען אין דער אַרבייט. מיר האָבען זיך קיינמאָל ניט באַדאַרפט זאָרגען פאַר קיין סעקרעטאַר. דוד גאָלדמאַן איז שטענדיג גרייט געווען צו טאָן די אַרבייט.

די אַרבייט פון קאָמיטעט האָט זיך אָנגעפאַנגען אין מיטען זומער 1919, ווען די פעטלוראָווצעס האָבען צוריק פאַרכאַפּט די מאַכט אין אונזער געגענט. וועלענדיג זיין מיט רעגירונגען גלייך, האָט פעטלוראַס רעגירונג, וועלכע האָט זיך דעמאָלט געפונען אין קאַמענעץ, געלאָזט ווי־סען, אַז זי וויל פאַרגיטיגען די מאַטעריעלע שאָדענס פון די פּאָגראָמען. אַזוי ווי אונזער שטעטעל איז געווען זעהר אָרים און די נויט איז געווען זעהר גרויס, האָט די קהלה מיט דעם קאָמיטעט באַשלאָסען, אַז מען מוז איינשטימען צו נעמען געלט פון די פאַרבלוטיגטע הענט, כדי עס זאָל זיין מיט וואָס אויסצוהאַלטען די יתומים און צו דערהאַלטען ביים לעבען די גאָר־פאַראָרימטע און די פילע קראַנקע.

אַנגעלאָדען מיט רשימות פון געליטענע, מיט צעטלען פון צעראַ־בירטע האָב און גוטס, נעמען פון דער׳הרג׳עטע און פאַרוואונדעטע און פון יתומים, זיינען אַנשעל בראַווער און שמואל ישראל שטיינשלעגער אַוועקגעפאָהרען קיין קאַמעניץ פאַרהאַנדלען מיט פעטלורעס מיניסטאָרען. נאָך איינינע טעג מאַטערניש אין קאַמענעץ, זיינען זיי געקומען צוריק מיט אַביסעל פעטלוראָווסקע אייגענע געדרוקטע פּאַזיטלאַך, מיט וועלכע די רוצחים האָבען גערעכענט צו פאַרשטאָפּען די אידישע מיילער. ביי אַזאַ אָרימקייט, וואָס־האָט דעמאָלט געהערשט אין פעלשטין, איז יעדע קליינינ־קייט געווען אַ הילף. אָבער ווי לאַנג האָט פעטלוראָס הילף אָנגעהאַלטען? אין איין וואָך אַרום איז שוין פון דעם פעטלוראָווסקע געלט גאָרניט גע־בליבן.

הילף איז אָבער אומבאַדינגט נויטיג געווען. עס זיינען געבליבען אָהן שום מיטלען צום לעבען פיל עלטערע מענשען, ווייל אַפילו יונגע־לייט האָבען זיך ניט געקענט העלפען. פיל קראַנקע האָבען זיך געוואַלגערט אין מעדיצינישער הילף און ממש אין אַ שטיקעל ברויט. פעלשטין אַליין האָט גאָר ניט געקענט שאַפען, ווייל די פאַרבליבענע זיינען גע־ווען אין אַזאַ צושטאַנד פון שרעק און אַפּאַטיע, אַז זיי האָבען זיך אַליין ניט געקאָנט העלפען. מען האָט זיך געמוזט אַרויסצולאָזען אין די אַרו־מיגע גליקלאַכערע שטעטלאַך און זוכען שטיצע. קיין סך האָט מען ניט געקאָנט ערוואַרטען, און גרינג איז עס אויך ניט אָנגעקומען. איך גע־דענק ווען מעכצי רובינשטיין איז איינמאָל אַוועקגעפאָהרען אין אַ פּאָר שטעטלאַך, האָט ער צוריק ניט געקענט קומען אַ פּאָר וואָכען צייט ווייל יענע שטעטלאַך זיינען פאַרכאַפּט געוואָרען פון די באָלשעוויקעס. אונזער געגענט איז נאָך געווען אונטער דער מאַכט פון די פעטלוראָווצעס.

ווען די ראַטענמאַכט האָט געהערשט אין אונזער געגענט, פלעגען מיר אויך קריגען שטיצע פון דער רעגירונג. אונזער געגענד איז אָבער אַזוי אָפּט איבערגעגאַנגען פון איין מאַכט צו דער צווייטער, אַז עס איז ניט געווען גענוג צייט די שטיצע אַרויסצוקריגען. עס זיינען געווען צייטען, ווען די קאַסע אין קאָמיטעט פלעגט זיך אינגאַנצען אויסליידיגען, און די הילפס־אַרבייט פלעגט זיך אינגאַנצען אָפּשטעלען. דאָס יתומים־הויז אָבער האָט מען געמוזט אויפהאַלטען. וואָס האָט מען געקענט טאָן מיט אַרום פופציג יתומים, איינס קלענער פונם צווייטען? און דאָס איז געווען גאָר ניט קיין גרינגע זאַך.

איך געדענק אין אַ קאַלטען ווינטערדיגען טאָג האָט מען מיר גע־לאָזט וויסען, אַז שכנא פייערמאַן, וועלכער האָט דעמאָלט פאַרוואַלטעט מיט׳ן יתומים־הויז, האָט רעזיגנירט פון זיין אַמט. דאָס הייסט, ער האָט

פשוט איבערגעלאָזט אַלעם אויף הפקר און ער איז ניט געקומען אין יתומים־הויז צוויי טעג נאָכאַנאַנד. עס איז ה׳ שכנא פייערמאַן ניט גע־ווען וואָס צו באַשולדיקן. אַזוי ווי עס איז ניט געווען קיין שום מיטלען, און אַלע קרעמער האָבען שוין מעהר ניט געוואָלט באָרגען דעם יתומים־הויז, און זיין אייגענס האָט ער שוין אויך אוועקגעגעבען מעהר וויפיעל ער האָט געקענט — האָט ער געמוזט אַלעם איבערלאָזען מיט דער האָפנונג, אַז די שטאָט וועט שוין זעהן באַזאָרגען דאָס יתומים־הויז אָהן איהם.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען דאָס בילד וואָס איך האָב דער־זעהן, ווען איך בין אין יתומים־הויז אריינגעקומען. עס איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט אין דרויסען און אין יתומים־הויז איז געווען ניט וואַרימער. קיין באַלייכטונג, קיין שטיקעל האָלץ אפילו צו מאַכען אַ פייער. ווען איך האָב מיט אַ שוועבעלע באַלויכטען דעם צימער, האָב איך דערזעהן די קליינע קינדער פאַרוויקעלט אין די קאָלדרעס זיך קאָר־טשען פון קעלט און פון הונגער. ביי פילע זיינען די הענטלאַך געווען געשוואָלען פון קעלט. די עלטערע קינדער, וועלכע האָבען זיך נאָך גע־האַלטען אויף די פיס, און די באַדינערשאַפט האָבען מיר אָנגעפאַנגען דערצעהלען, ווי שלעכט עס איז געווען. אָבער איך האָב ניט געקענט הערען, וואָס זיי האָבען גערעדט צו מיר, אַזוי ערשטוינט בין איך געווען . . .

לאַנג טראַכטען איז קיין צייט ניט געווען. עס איז שוין געווען נאַכט. און איבערלאָזען די קינדער אין דער פינסטער און קעלט אָהן עסען, אויף אַ גאַנצער נאַכט, האָב איך ניט געקענט. ווען איך האָב די קינדער געזאָגט, אַז איך נעם איבער די פאַרוואַלטונג פון יתומים־הויז, איז געוואָרען פרעהליכער. עפּעס דען אַ קליינע שמחה? אַ דערוואַקסע־נער מענש זאָגט זיי צו זיך צו זאָרגען פאַר זיי! צוויי טעג אָהן אַ פאַר־זאָרגער און שוין דאַרף מען פרירען און הונגערען.

די גרעסערע אינגלאַך האָבען ערגעץ געקראָגען אַ שליטען און מיר האָבען זיך באַלד איינגעשפּאַנט און געגאַנגען פון הויז צו הויז זאַמלען שטיקלאַך האָלץ. לאַנג האָט מען צו די פּעלשטינער אידען ניט באַדאַרפט רעדן, כאָטש האָלץ איז אפילו ביי די גרויסע גבירים ניט געווען קיין ביליגע זאַך. ווען זיי האָבען אָבער געזעהן, ווי מיר שלעפּען דעם שליטען, האָבען זיי פאַרגעסען דעם פרייז פון דעם האָלץ. ברויט, צוקער און קעראָסין האָב איך אויסגענאָרט ביי אַ פּאָר קרעמערס. און ווען איך האָב צעהן אַזייגער ביינאַכט פאַרלאָזט דאָס יתומים־הויז, זיינען שוין די קינדער געשלאָפען זאַטע אין אַ ליכטיגען וואַרימען הויז און האָבען אודאי גע־

חלום'ט פון א זאטען מאהלצייט, אדער, ווער ווייסט, אפשר גאר פון זייער צעשטערטער היים.

איך האב זיך באמיהט צו מאכען געלט־זאמלונגען אין שטעטעל פארן יתומים־הויז אבער ביי וועמען האב איך געקענט זאמלען? אז אודאי ניינציג פראצענט פון דער באפעלקערונג זיינען געווען פולשטענדיג רואינירט און די איבעריגע צעהן פראצענט זיינען אויך געווען כמעט קבצנים. אבער ווי ארים פעלשטין איז ניט געווען, האט מען דאך ניט געלאזט פאלען דאס יתומים־הויז.

ערשט איצט באגרייף איך, וויפיל עס איז געטאן געווארען אין פעל־שטין דאס יתומים־הויז אויסצוהאלטען, און וואס פאר א שווערע אויפ־גאבע דאס איז געווען ביי יענע אומשטענדען.

אבער ווער ווייסט צו וואס עס וואלט געווען געקומען, ווען ניט די הילף פון אמעריקע! אט די הילף איז צו אונז געקומען פונקט אין א קריטישער צייט.

איך בין איינמאל געפאהרען צום פראסקוראוור הילפס־קאמיטעט בעטען שטיצע פאר דעם פעלשטינער בית־יתומים, און ווען איך האב שוין געזאלט אהיים פאהרען מיט דער פארזיכערונג אונז צו העלפען, ווען די צייטען וועלען זיך פארבעסערען, האט מען מיר בסוד סודות דערצעהלט, אז עס זיינען געקומען אמעריקאנער און זיי האבען געבראכט געלט.

עס איז באשטימט געווארען א זיצונג פון דער פראסקוראווער קהלה לכבוד די אמעריקאנער און כאטש די זיצונג איז געווען א געשלאסענע, בין איך איינגעלאדען געווארען, אלס פארטרעטער פון פעלשטינער קאמי־טעט. די אמעריקאנער זיינען געווען ריכטער פישער פון שיקאגא און מאקס פיין. איך רעכען, אז זיי זיינען געקומען פון „פיפעלס רעליף”. דער פארזיצער פון דער פראסקוראווער קהלה האט באגריסט די אמעריקאנער און האט אין זיין רעדע באמערקט, אז די אוקראאינער אידען ערווארטען פון אמעריקאנעם אידענטום ניט נאר מאטעריעלע שטיצע. דאס אמעריקאנער אידענטום דארף אנווענדען זיין איינפלוס אויף דער אמע־ריקאנער און אייראפייאישע רעגירונגען, אז זיי זאלען אפשטעלען די פא־גראמען. מאקס פיין האט געענטפערט אויף דער באגריסונג. ער האט געבראכט זעהר א גוטען גרוס פון די אמעריקאנער אידען. צום סוף האט ער דערצעהלט, אז די אמעריקאנער אידען האבען געטאן אלעס וואס זיי האבען געקענט אפצושטעלען די פאגראמען און אויב עס האט ניט גע־האלפען, איז דאס נור דערפאר, וואס די אידען האבען ניט גענוג איינ־פלוס.

מיר זיינען אַלע געווען אַנטוישט וואָס אַמעריקאַנער אידען קענען אונז פּאָליטיש ניט העלפען. אָבער די טויזענטער זיינען דערווייל געקומען אין צייט און האָבען געבראַכט פיל נוצען. דאָס גאַנצע געלט איז אָנפּאַרטרויעט געוואָרען דעם פּראָסקוראָווער הילפס־קאָמיטעט, וועלכער האָט באַדאַרפט פאַרזאָרגען די קליינע שטעטלאַך. דערווייל האָב איך געקראָגען הונדערט טויזענט צארישע רובעל (ארום טויזענט דאָלאר) פאַר פעלשטין, און אַ סך מער איז מיר צוגעזאָגט געוואָרען אויף שפּעטער. ווען איך בין אַהיים געקומען האָט זיך די אַרבייט באַלד אָנגעפאַנגען.

אויף אַ פאַראייניגטער זיצונג פון דער פעלשטינער קהלה און דעם הילפס־קאָמיטעט איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז מיט דעם געלט דאַרף מען אַרויסהעלפען ניט נאָר דער גאָר־אָרימער באַפעלקערונג, נאָר דעם גאַנצען שטעטעל. מ׳האָט מיר געזאָגט אין פּראָסקוראָוו, אַז געלט וועט זיין אַ סך. האָבען מיר זיך גענומען אָרגאַניזירען די הילפס־אַרבייט אויף אַ ברייטען מאַסשטאַב.

עס איז געווען פאַר פּסח. אַ פּאָר סוחרים האָבען שוין געלאָזט וויסען, אַז זיי וועלען באַקען מצות צום פאַרקויפען. מען האָט ערוואַרטעט, אַז די פּרייזען זאָלען זיין גאָר גרויסע און די פעלשטינער אידען האָבען שוין געהאַלטען אין זאָרגען, וואו נעמט מען געלט אויף מצות.

די ערשטע זאַך, וואָס מיר האָבען געטאָן איז געווען צו עפענען אַ מצה בעקעריי פאַר דעם גאַנצען שטעטעל. די באַפעלקערונג איז איינגעטהיילט געוואָרען אין פיר קאַטעגאָריעס. צו דער ערשטער קאַטעגאָריע האָבען באַלאַנגט אַלע, וועלכע האָבען ווי עס איז געקענט זאָרגען פאַר זיך אַליין. זיי האָבען באַקומען מצות אויף קאָסט־פּרייז. די צווייטע קאַטעגאָריע האָט געצאָהלט האַלב פון קאָסט־פּרייז. די דריטע קאַטעגאָריע האָט געצאָהלט אַ פערטעל פון קאָסט פּרייז. די פערטע קאַטעגאָריע האָט געקראָגען מצות אינגאַנצען פריי.

אַ דאַנק די אַמעריקאַנער געלדער האָט יעדער געהאַט מצות דעם פּסח. דאָס איז געווען דער איינציגער פּסח, וואָס אין פעלשטין איז מען ניט ארומגעגאַנגען מיט קאָשיקעס צו זאַמלען מצות פאַר אָרימע לייט. יעדער האָט געקראָגען מצות און בכבוד גדול. מען האָט ניט באַדאַרפט בעטלען. פאַרקערט, אייניגע זיינען געקומען פאָדערען, אַז מען זאָל זיי צורעכענען צו אַ העכערער קאַטעגאָריע.

די צווייטע זאַך איז געווען מעדיצינישע הילף פאַר אָרימעלייט. דער איינציגער דאָקטאָר אין שטעטעל, דר. פעניאַראָוו, האָט געקראָגען אַ געהאַלט פון קאָמיטעט און ער האָט באַהאַנדעלט אַלע קראַנקע אָרימעלייט פריי און האָט אויך געהאַט די אויפזיכט אויף דעם בית־יתומים. די

דריטע אַפּטיילונג איז געווען גיכע הילף. קראַנקע אַלטע און פּשוט אָרי־מעלייט פלעגען זיך ווענדען נאָך שטיצע צום קאָמיטעט. נאָך אַ קליינער אויספאָרשונג פלעגן די אַפּליקאַנטן קריגן שטיצע אין געלט. מען האָט אויך אָרגאַניזירט אַ שולע.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז ביי יענע אומשטענדען, האָבען די פעלשטינער קיין שכר למוד נישט געקענט צאָהלען. עס איז געווען שוין איבער אַ יאָהר צייט וואָס די קינדער האָבן קיין שולע נישט באַזוכט. און ווען דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו עפענען אַ שולע פאַר אַלע קינדער פון שטעטל, איז געוואָרן אַ שמחה. דער פּראָסקוראָווער קאָמיטעט האָט אפילו ניט געוואָלט אַזוי גרינג געבן דאָס געלט, וואָס האָט זיך געפאָדערט פאַר דער שולע, אָבער ער האָט געמוזט געבן.

און דאָס לעצטע אָבער דאָס בילכערסטע איז געווען דאָס יתומים־הויז. דאָס יתומים־הויז איז פאַרוואַלטעט געוואָרן אויף אַזאַ שטייגער, אַז עס איז שוין מעהר ניט געשטאַנען פאַר די קינדער קיין געפאַהר צו ליידען הונגער אָדער קעלט.

אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען אַ לאַנגע צייט. וואָסערע שוועריגקייטען מיר האָבען געהאַט אָנצוגעהן מיט דער אַרבייט, אפילו ווען עס איז געווען גענוג געלט, דערמאָנט מיך דער פאָלגענדער פאַקט:

עס איז געווען פאַר איינעם פון די אָפטע איבערבייטען פון די מאַכ־טען ביי אונז אין שטעטעל. די פּאָליאַקען האָבען געהאַלטען אין אוועק־געהן פון אונזער געגענט און די באָלשעוויקעס האָבען געזאָלט אריינ־קומען. אין אַזאַ איבערגאַנגס־צייט האָט מען געקענט ערוואַרטען רויבער און אפילו אַ פּאָגראָם.

איך האָב דעמאָלט געהאַט ביי זיך זעהר אַ גרויסע סומע געזעלשאַפט־ליכע געלט. וויפיל געלט איך האָב געהאַט האָבען געוואוסט נאָר די אָק־טיווע מיטגלידער פון קאָמיטעט. דאָס זיינען געווען: מאיר פויגעל, שמואל ישראל שטיינשלעגער און מעכעל קראַכמאַלניק. די איבעריגע האָבען גראָדע דעמאָלט ניט געוואוסט קיין דעטאַלען: מיר האָבען מורא געהאַט, אַז פיל מענשען זאָלען וויסען פון דעם געלט, ווייל אין צייט פון פּאָגראָמען פלעגען די רויבער סטראַשען מיטן טויט און פאָדערען אַז מ'זאָל זיי געבען געלט אָדער אָנווייזען, וואו עס איז פאַראַן געלט. און וואָס טוט אַ מענש ניט כדי צו ראַטעווען זיין לעבען?

הכלל, מיר האָבען זיך ניט געקאָנט קיין עצה געבען וואָס צו טאָן מיט דעם געלט. יעדער איינער האָט דאָס געוואָלט איבערגעבען דעם צווייטען, און קיינער האָט דאָס ניט געוואָלט נעמען. דער סוף איז געווען, אַז מיר האָבען דאָס געלט באַגראָבען ביי שכנא פייערמאַן אין שטוב,

כאַטש שכנא פייערמאַן איז דעמאָלט קיין מיטגליד פון׳ם קאָמיטעט ניט געווען. מיר זיינען אַלע געווען זיכער, אַז שכנא פייערמאַן וואָלט ניט אויסגעקויפט זיין לעבען מיטן געלט פון די יתומים. עס איז גראָדע דעמאָלט קיין פּאָגראָם ניט פאָרגעקומען, אָבער איידער מיר האָבען דאָס געלט באַהאַלטען, האָבען מיר איבערגעלעבט דעם טעם פון פּאָגראָם ניט איינמאָל.

די קהלה, דער הילפס־קאָמיטעט און יעדער איינער אין שטעטעל האָט צוגעלייגט אַ האַנט אַז די מעגליכע בעסטע הילף זאָל געגעבען ווערען צו די נויטבאַדערפטיגע און דער עיקר צו די נעליטענע פון פּאָגראָם.

שטענדיג האָבען די פעלשטינער איינוואוינער זיך אַרויסגעשטעלט צו זיין בעסער ווי מען האָט געקענט דערוואַרטען. עס ווייזט אויס, אַז דער גרויסער אומגליק האָט די מענשען פאַרברידערט און זיי געמאַכט פאַר זעהר מיטפילענדע.

איינמאָל נאָר, געדענקט איך, האָט פעלשטין געהאַנדעלט ניט ריכטיג, נאָך מיין מיינונג און נאָך דער מיינונג פון איניגע יונגע חברים אין דער הילפס־אַרבייט. דאָס איז געשעהן, ווען מאָטי קערדמאַן איז געקומען אַלס דעלעגאַט פון אַמעריקע און האָט מיטגעבראַכט רעליעף־געלט. אַזוי ווי איך רעכען, אַז דאָס איז זעהר אינטערעסאַנט פאַר די פעלשטינער, וועלכע זיינען דעמאָלט שוין געווען אין אַמעריקע, וועל איך זיך באַמיהען די געשיכטע רעליעף געלט דערצעהלען אין קורצען, כאָטש עס איז ניט קיין גרויסער כבוד פאַר די פעלשטינער.

ווען די נייעס, אַז מאָטי קערדמאַן קומט פון אַמעריקע אַלס דעלעגאַט האָט זיך פאַרשפּרייט אין פעלשטין, איז דאָס שטעטעל ווי אויפגעברויזט געוואָרען. אומעטום האָט מען גערעדט פון אַמעריקע און אַמעריקאַנער קרובים. יעדער איינער האָט געהאָפט, אַז עפּעס וועט דער דעלעגאַט פאַר איהם ברענגען אַ נייעס. און ווען מאָטי קערדמאַן איז געקומען, האָט די פעלשטינער באַפעלקערונג ממש באַלאַגערט דאָס הויז, וואו ער האָט זיך געפונען. יעדער האָט געוואָלט איהם פריהער זעהן און זיך נאָכ־פרעגען אויף זיינע אייגענע אין אַמעריקע. עפּעס האָט מען ווי דער־פיהלט, אַז אַ טיר האָט זיך געעפענט, און אַז דורך אָט דער טיר וועט קומען די הילף. מען האָט זיך דערפיהלט פאַרבונדען מיט אַ גרויסער שטאַרקער וועלט, וועלכע וועט באַפרייען פון דער שטענדיגער מורא און פון דער פּלאָגעניש. אפילו קינדער זיינען געלאָפען זעהן דעם דעלע־גאַט און אָפּנעמען גרוסען פון אַמעריקע. אפילו די קינדער פון בית־יתומים, וועלכע זיינען געווען מעהר דיסציפּלינירט פון די איבעריגע קינדער אין שטעטעל, האָבען ניט געוואַרט אויף קיין ערלויבעניש פון

אויפזועהער און זיי זיינען אַלע אַרוים פון הויז און געלאָפען זעהן דעם דעלעגאַט פון אַמעריקע . . .

ווען דער ערשטער גרויסער טומעל איז אַריבער, האָב איך זיך גע־ווענדעט צו ה׳ קערדמאַן און געוואָלט אויסגעפינען, וואָס פאַר אַ הילף ער האָט געבראַכט פאַר דעם שטעטעל, אַחוץ די אינדיווידועלע הילף, און ווי אַזוי ער רעכענט די הילף איינצואָרדנען. ער האָט מיר ניט־אָפיציעל געזאָגט, אַז ער האָט געבראַכט געלט. נאָר ער וועט לאָזען וויסען אָפי־ציעל נאָכדעם ווי ער וועט זיך באַקענען מיט דער לאַגע.

אין משך פון אַ פאָר טעג צייט האָט דער הילפס־קאָמיטעט באַקענט געמאַכט ה׳ קערדמאַנען מיט דער גאַנצער הילפס־טעטיגקייט און אויך מיט די גרויסע נויטען פון די פילע אומגליקליכע און געליטענע פון די פּאָגראָמען. הער קעדרמאַן איז גאָר געווען באַגייסטערט פון אונזער אַרבייט. באַזונדערס פון דעם גוטען סיסטעם אין די ביכער און דאָקו־מענטען, צו וועלכע יעדער האָט געהאַט אַ צוטריט און וועלכע האָבען נעגעבען אַ קלאָהרע רעכענונג און דאָקומענטאַלע באַווייזען פאַר יעדער אויסגאַבע. דאָך האָט ער מיט אונז ניט געוואָלט פאַרהאַנדלען אָפיציעל, ווייל דאָס, האָט ער געזאָגט, איז געווען געגען די דירעקטיוועז, וועלכע ער האָט געהאַט פון אַמעריקע.

נאָך דעם וואָס ה׳ קערדמאַן האָט זיך מיט אַלעמען גענוי באַקענט, האָט ער צונויפגערופען איניגע מענשען פון שטעטעל און אויך די מיט־גלידער פון קאָמיטעט און דערצעהלט, אַז ער האָט געבראַכט אַ גרויסע סומע געלט פאַר די נויטבאַדערפטיגע און ער וויל דאָס געלט צוטיילען וועדליג די דירעקטיוועז פון אַמעריקאַנער פעלשטינער קאָמיטעט. ער האָט אונז געבעטען אַז מיר זאָלען צונויפרופען אַלע פעלשטינער איינ־וואוינער אין שוהל אַריין, כדי דאָרטען אויסצוקלייבען מענשען, וועלכע זאָלען דאָס געלט צוטיילען. דער הילפס קאָמיטעט איז געווען געגען אַ חלוקה פון געלט. מיר האָבען פאַרשטאַנען, אַז אין אַמעריקע האָט מען ניט געקענט וויסען, וואָס אין פעלשטין האָט זיך געטאָן, האָט מען דער־פאַר געגעבען ה׳ קערדמאַנען דירעקטיווען דאָס געלט צו צוטיילען. מיר האָבען זיך באַמיהט צו באַווייזען, אַז אויב דאָס געלט וועט צעטיילט ווע־רען צווישען דער גאַנצער באַפעלקערונג, וועט דאָס קיין הילף ניט זיין. עס וועט זעהר קליינע נוצען ברענגען. מיר האָבען געפאָדערט דאָס גאַנצע געלט זאָל איבערגעגעבען ווערען דעם קאָמיטעט, וועלכער האָט שוין אָנ־געפיהרט אַ ברייטע הילפס־אַרבייט. מיר האָבען געוויזען אַ רשימה פון קראַנקע, וועלכע זיינען געווען אונטער דער אויפזיכט פון קאָמיטעט, אָבער האָבען ניט געקענט קריגען גענוג שטיצע, ווייל די מיטלען האָבען

ניט ערלויבט. מיר האָבען געוויזען אַ רשימה פון אָרימע לייט, וועלכע מיר וואָלטען געקענט שטעלען צוריק אויף די אייגענע פיס, ווען מיר זאָלען האָבען די מיטלען. מיר האָבען אָנגעוויזען אויף דעם יתומים־הויז, אין וועלכען די קינדער האָבען טאַקע ניט געהונגערט, אָבער זיי האָבען ניט געהאַט גענוג שיך און קליידונג, אפילו ניט גענוג וועש און בעט־צייג. מיר האָבען אויך אָנגעוויזען, אַז אויב מען וועט דאָס געלט צעטיילען, וועט דאָס גאָר אריינפאַלען אין די הענט פון אַזוינע, וואָס נויטיגען זיך ניט אין קיינעמס הילף.

אָבער הער קערדמאַן האָט געהאַט דירעקטיווען צו אויסקלייבען לייטע אין בית המדרש און זיי איבערגעבען דאָס געלט אויף צו צעטיילען און ער האָט געוואָלט די דירעקטיווען אויספאָלגען. כדי איהם צו באַפרידיגען, האָבען מיר פאָרגעשלאָגען, אַז מען זאָלט טאַקע אויסקלייבען לייטע אין בית המדרש און זיי איבערגעבען דאָס געלט אויף צו צוטיילען, נאָר די לייטע זאָלען אריינטרעטען אין הילפס־קאָמיטעט און מיטארבייטען אין קאָמיטעט, און דער פאָרגרעסערטער קאָמיטעט זאָל דאָס געלט פארנוצען אויף דער געוויינטליכער הילפס־ארבייט.

אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. מען האָט גערופען אַן אסיפה און די אסיפה האָט באַשלאָסען דאָס געלט צו צעטיילען. דער קאָמיטעט האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען אַנטייל אין דער גרויסער חלוקה. דעמאָלט זיינען די פעלשטינער ניט געשטאַנען אויף זייער געוועהנליכער הויך.

איך ווייס גאָרניט וואָס עס איז מיט די מענשען געשעהן: ערשט ניט לאַנג האָבען זיי מיר אַוועקגעגעבען דאָס בעסטע שטיקעל ברויט פאַר דעם יתומים־הויז! און פּלוצלונג — יעדער וויל אַ חלק פון די הילפס־געלדער! ערשט ניט לאַנג האָבען זיי זיך מיט מיר גע־דונגען: יעדער האָט געוואָלט צאָהלען וואָס אַ העכערען פּרייז פאַר די מצות, וואָס דער קאָמיטעט האָט פארקויפט! און פּלוצלונג — יעדער וויל רעליף געלט! עס ווייזט אויס, אַז די דאָלארען האָבען געהאַט אַזאַ כח. די פעלשטינער האָבען געהערט פינף טויזענט דאָלאר — האָט יעדער גע־מיינט, אַז עס וועט אויף זיין חלק אָנקומען כאָטש אַ פּאָר הונדערט דאָ־לאַר — אָט אַ חלום!

זעהר ווייניג מענשען האָבען זיך אָפּגעזאָגט, אָדער ניט געמאָנט קיין חלק. דאָס זיינען געווען אָדער די גאָר שטאָלצע אָדער די פאַרמעג־ליכע. ערשט ווען דאָס געלט איז צעטיילט געוואָרען, האָט יעדער איינ־געשטימט, אַז קיין גרויסע נוצען האָט עס ניט געבראַכט.

פאַר די וועלכע האָבען זיך ווירקליך גענויטיגט אין שטיצע זיינען די עטליכע פּוילישע מארקען וואָס זיינען אָנגעקומען אויף זייער חלק

געווען א נישטיגע הילף. און די, וועלכע האָבען זיך ניט זעהר גענויטיגט אין שטיצע, האָבען זיך אודאי געקענט באַגעהן אָהן די מאַרקען. פאַר דעם בית יתומים האָט מען אָפּגעשפּאָרט זעהר א קליינע סומע. אויך די קליינע סומע מאַרקען האָט מען געהאַלטען אַזוי לאַנג, ביז דאָס יתומים הויז האָט שוין קיין נוצען דערפון ניט געקענט האָבען. מען האָט דעם קאָמיטעט איבערגעגעבען די פּוילישע מאַרקען א פּאָר טעג איידער די באָלשעוויקעס האָבען צוריק אָקופּירט אונזער געגענט און די מאַרקען האָבען שוין געהאַט א קליינעם ווערט.

איך רעכען ניט, אַז מען האָט דערמיט געוואָלט שאַדען ברענגען דעם יתומים הויז. נאָר די מענשען, וועלכע האָבען געהאַט צו זאָגען איבער דעם געלט, זיינען ניט געווען פעהיג גענוג צו פאַרוואַלטען מיט אַזא זאַך.

יעדעס מאָל וואָס די באָלשעוויקעס פלעגען אָקופּירען אונזער געגענט, פלעגט די אַלגעמיינע הילפס־אַרבייט זיך אָפּשטעלען אין פעלשטין, און מיר פלעגען זיך נאָר באַמיהען אויסצוהאַלטען דאָס יתומים הויז און די שולע. דאָס פלעגט זיין מעגליך א דאַנק דער פּראָסקוראָווער קולטור־גע־זעלשאַפט, וועלכע פלעגט פאַר אונז קריגען געלט פון דער ראַטענמאַכט פאַר דער שולע און פאַר דעם בית־יתומים. אָבער ווען די באָלשעוויקעס פלעגען די געגענט פאַרלאָזען און מיר פלעגען זיך פאַרבינדען באַנייעס מיט דער איבעריגער וועלט, פלעגען מיר קריגען פרישע שטיצע פון אַמע־ריקאַנער „דזשאָינט" און פלעגען אָנפאַנגען די הילפס אַרבייט פון דאָס ניי. אָבער זייט די פעלשטינער האָבען זיך אַזוי צעטיילט מיט דעם געלט, וואָס איז אָנגעקומען פון די אייגענע לאַנדסלייט, האָבען מיר שוין מעהר קיין געלעגענהייט ניט געהאַט צו קריגען געלט פאַר דער אַלגעמיי־נער הילפס־אַרבייט. פאַרזאָרגען דאָס יתומים הויז איז געבליבען די איינציגע אויפגאַבע פון דעם הילפס־קאָמיטעט. און די אויפגאַבע איז געווען ניט קיין גרינגע אונטער דער הערשאַפט פון די באָלשעוויקעס. עס איז געווען זעהר שווער ארויסצוקריגען פון דער רויטער מאַכט דאָס ביסעל פּראָדוקטען אָדער די עטליכע סאָוועטישע רובל, וועלכע האָבען כמעט קיין שום ווערט ניט געהאַט. דערפאַר אָבער פאָדערונגען האָבען זיי געשטעלט גרויסע.

זיי האָבען געפאָדערט, אַז די באַפעלקערונג זאָל אַליין אויסהאַלטען דאָס יתומים הויז. איך געדענק, ווי א פּאָר וואָכען פאַר מיין פאַרלאָזען פעלשטין איז געקומען א קאָמוניסטישער קאָנטראָליער באַזוכען דאָס יתומים הויז, האָט ער מיך באַלד גענומען אויפן צימבעל — פאַרוואָס מאָניש ברענמאַן, אין וועמעס הויז דער בית יתומים האָט זיך געפונען,

באוואוינט דריי ליכטיגע צימערען, ווען איינס פון די קינדערשע שלאָף־צימערען האָט אינגאַנצען קיין פענסטער ניט געהאַט.

איז ער אפשר געווען גערעכט, אָבער איך בין געווען צוגעוואוינט צום געראַנק, אַז דאָס הויז האָט באַלאַנגט צו מאָניש ברענמאַן.

עס פאַרשטעהט זיך אַז מאָניש האָט באַלד אָפּגעגעבען צוויי פון זיי־נע דריי צימערען. עס איז באַלד אַרויס אַ באַפעהל צו רעקוויזירען ביי די קרעמערס, די בורזשויעס, געגנוג קאַלך און אויך צו מאָביליזירען די בורזשויסקע טעכטער, אַז זיי זאָלען קומען קאַלעכען דאָס יתומים־הויז. ווען איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרוואַלטען דאָס יתומים הויז אויף אַזאַ אופן, האָט ער מיך אָנגעקלאָגט פאַר דער העכערער מאַכט אין פּראָסקר־ראָוו פאַר סאַבאָטאַזש. ווען ניט די קולטור־געזעלשאַפט אין פּראָסקוראָוו, וואָלט איך געווען ניט־גוט אָפּגעשניטען פאַר אַזאַ זאַך.

ווען די ראַטענמאַכט האָט פאַרטריבען די לעצטע ווייסגוואַרדייער פון אונזער געגענט און האָט פאַרהאַנדעלט מיט פּוילען וועגען שלום, האָ־בען די פעלשטינער דערפיהלט, אַז דאָס איז געווען זייער לעצטע געלעגענ־הייט זיך צו פאַרנעמען פון רוסלאַנד און זיך לאָזען אין וועג אַריין קיין אַמעריקע. ווער עס האָט געהאַט די קלענסטע האָפנונג זיך צו דער־שלעפּען קיין אַמעריקע, איז געלאָפען קיין פּוילען. אַ סך קינדער פון יתומים הויז זיינען אויך אַרויסגעפיהרט געוואָרען קיין פּוילען מיט דער הילף פון ה׳ מאָטי קערדמאַן, וועלכער איז דאַן שוין געקומען דאָס צווייטע מאָל פון אַמעריקע.

צווישען די אַלע אַנטלאָפענע פון רוסלאַנד בין איך, דער שרייבער פון די שורות, אויך געווען, דאַרום מוז איך דאָ ענדיגען די געשיכטע פון פעלשטינער הילפס־פאַראיין.

## מינא יובערמאן

# איינדרוקען פון אַ באַזוך אין פּעלשטין



איך נעם מיר די ערלויבעניש זיך צו טיילען מיט אייך, מיינע ליבע לאַנדסלייט, מיט די איינדרוקען, וואָס אונזער שטעטעל פּעלשטין האָט אויף מיר געמאַכט, ווען איך האָב עס באַזוכט מיט עטליכע יאָר צוריק.

ווי אַ מאַגנעט האָט עס מיך צו מיין געבורט־שטעטעל געצויגען! געוואָלט מיט מיינע אויגען זען צי דער חורבן פון אונזער שטעטעל איז ווירקליך אַזוי גרויס, ווי מען מאָלט דאָ, ביי אונז אין אַמעריקע.

געווען איז דאָס אַ פרייטאָג נאָך האַלבען טאָג — מאַי דעם 12טען, 1931 — ווען איך מיט מיין אינגסטער טאָכטער, לאה׳לע, זיינען אַריינגעפאָרען אין פּעלשטין.

און דאָ, מיינע טייערע לאַנדסלייט, ביי דער דאָזיגער ערינערונג, אַבוואָל עס איז שוין פאַרביי עטליכע יאָר, ווערען מיר מיינע גלידער פאַרגליווערט... מיין שפּראַך — אָרעם, מיין פעדער — שוואַך, מיינע געדאַנקען — פּוסט, צו שילדערען דעם איינדרוק, וואָס דאָס שטעטעל, מיט אירע איינוואוינער, האָבען אויף מיר געמאַכט. איך האָב, וואָס אמת, פיל דערוואַרט, אָבער אַזאַ ארמוט, עלענט, מוטלאָזיגקייט, און פינסטערניש — האָט די שרעקליכסטע פאַנטאַזיע ניט געקענט אויסטראַכטען!...

ניט איבערטרייבענדיג, פריינט לאַנדסלייט, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז דער גאַנצער עולם, אַלע פרויען און קינדער, וואָס זיינען מיר אַנטקעגען געקומען, האָבען געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זיי אַלע וואָלטען זיך פון זייערע קברים אַרויסגעריסען צו פּראָטעסטירען געגען די אינקוויזיטאָרישע גיהנום־משרתים.

אַלע אַהן אויסנאַם, סקעלעטען, פון הונגער אויסגעצערטע, נאַקעטע, באָרוועסע, אין פולען זין פון וואָרט. עס איז מיר פשוט אוממעגליך צו שילדערען איינצעלנע פערזאָנען, אָרים און רייך, וואָס האָבען אַמאָל געשפּילט אַ שעהנע ראָלע אין אונזער שטעטעל פעלשטין.

איך האָב באַזוכט כמעט יעדען פון שטעטעל, געפונען האָב איך פילע געשוואָלענע פון הונגער: יונגע מאַמעס, מיט אָנגעגריפענע לונגען, פאַרלאָזענע פון זייערע מענער, טראָגען זיך אָרום מיט זייערע הונגעריגע קינדער, וואָס האָבען געוויינט „אַ שטיקעל ברויט", מערסטענס, פון קלייען געבאַקען... און דאָס האָט געקאָסט 2 רובעל מיט 50 קאָפּ. אַ פונט! און ניט יעדער האָט געהאַט דאָס גליק צו קריגען דעם טייערען מאכל...

די מערסטע הייזער אַהן — פאַרניטשור. אַנשטאָט אין בעטען, שלאָפט מען אויף טאַפטשאַנעס, געמאַכט פון ברעטער. די שטיבער — סאַזשע-שוואַרץ, שוין פון יאָרען ניט געקאַלעכט.

די אַרבייטער — ניט אַלע האָבען דאָס גליק צו קריגען אַרבייט, ספּעציעל די בורזשואַזיע, ניט פאַר קיין שום מענשען געדאַכט... אַזוי האָב איך געזען אַלטע, ווייס-באַבערדעלטע אידען — נאַקעטע, באָרוועס, גייען מיילען און דרייען שטריק. אַ סך האָבען געאַרבייט אויף די פעלדער.

געוועזען בין איך דאָרטען מיטאָג-צייט,ווען אַ געוויסער משה-אברהם האָט זיך איינגעשפּאַנט אין אַ וועגעל און האָט פאַר די אַרבייטער געבראַכט צו שלעפּען אַ טאָפּ מיט שוואַרצע גרויפּען און אַ פערטעל פונט ברויט פאַר יעדען. דאָס אַלץ וואָס זיי האָבען געקראָגען פאַר זייער שווערער פּראַצע...

די פעלשטינער מיידלאַך האָבען געאַרבייט (אַ גאַנץ קליינער פּראָצענט) ביי וואָליקעס (געפלאָכטענע נעצען) און געקראָגען 5 קאָפּיקעס פאַר אויסאַרבייטען 20 אַרשין.

אַכט טרויעריגע טעג האָב איך דאָרטען פאַרבראַכט, מיטגעפילט די צרות פון מיינע לאַנדסלייט, געשטיצט זיי, ווי ווייט איך האָב געקענט, זיי אָפּגעגעבען אַלץ וואָס איך האָב פאַרמאָגט!

דער טאָג פון מיין אָפּפאָרען איז געוועזען אַ יום-כיפור אין שטעטעל... איך בין אוועק מיט אַ צעבראָכען הארץ, אָבער מיט דעם פעסטען באַשלוס אַליין צו העלפען און זען אַנדערע מאַכען העלפען די אָרעמע האַלב-פאַרשטאַרבענע מענער, פרויען און קינדער פון אונזער שטעטעל פעלשטין.

## לואיס שלוגאָוויטש

# דערצעהל מיר...

דו קומסט פון דעם שטעטעל וואו איך בין געבאָרען?
דערצעהל מיר, ברודער, וואָס פון דעם איז געוואָרען.
דערצעהל מיר, איך בעט דיך, דערצעהל מיר פון אַלעס!
באַהאַלט ניט די מעשים פון טויט און פון דלות...

דערצעהל מיר, צי פליסט דאָרט נאָך רוהיג אין דרימל
דאָס טייכעל, און שפּיגעלט אין זיך אָפּ דעם הימעל,
אָדער עס יאָגט זיך מיט אימפּעט מיט שווערען
און טראָגט אין זיך שטראָמען פון בלוט און פון טרערען.

פליען נאָך פייגעל דאָרט איבער די גאָסען?
צי אפשר שפּאַצירט דאָרט דער טייפעל געלאָסען
און ס'טראָגט זיך פון וויטען זיין טייפלישער לאַכען
און ס'וואָגט ניט קיינער טיר און טויער אויפצומאַכען.

דערצעהל מיר, וואָס טוען די אידישע טעכטער,
צי הערט מען נאָך איצט זייער זיסען געלעכטער,
אָדער זיי ליגען פאַרשעמט און באַהאַלטען
צונויפגעטוליעט פון שרעק אין אַ ווינקעל אַ קאַלטען.

דערצעהל מיר, וואָס טוען די אידישע טעכטער,
צי לאַכען זיי פריי און מונטער, די ריינע,
צי קלינגט זייער ניגון ביים לערנען אין חדר,
אָדער זיי בעטען און וויינען כסדר?

וואָס שווייגסטו, וואָס האַלסטו דעם קאָפּ געבויגען?
ווסאָ האַלסטו די ליפּען צוזאַמענגעצויגען?
וואָס דריקט אויפ'ן הארץ דיר מיט טרויער מיט שווערען?
אָדער ווילסטו מיט שווייגען מיר אַלעס דערקלערען?

וואָס־זשע, דו ווילסט מיר קיין נעמען פון טויטע דערמאָנען,
איך זאָל צווישען זיי מיינע ליבסטע ניט דערקאָנען...
שווייג ניט, איך בעט דיך, דערצעהל מיר, דערצעהל, איך וועל הערען
און וועל אין זיך שטיקען די הייסע און בלוטיגע טרערען...

## יונה בוים

# די פאַמיליע צימאַר




אווריק צימאר איז געווען א פויער אין די מיטעלע יאָרן, אפשר דער איינציגער גוי אין שטאָט מיט א באָרד — א ברייטע, צעטיילט אין מיטען, אזוי ווי ביי דעם דעמאָלט־דיגען גלח פון דער פּראוואָסלאַוונער קירכע.

וואווריק איז געווען א הויכער, א ברייטביינערדיגער פויער מיט א גע־לען פנים, ווי ביי דער געלער ראסע. די ליפּען פולע, די אויגען שווארצע, שאר־פע, ברענענדיגע. די שטים א הייזעריגע, א רייסענדיגע. ווען ער האָט גע־רעדט, האָט די לופט זיך געטרייסעלט ארום אים. ער האָט נאָר באַראַרפט א געשריי טאָן אויף זיינס א קינד און מען האָט גלייך דערקענט ווער און וואָס וואווריק איז...

וואווריק איז געווען אפשר דער רייכסטער פויער אין שטאָט. פעל־דער האָט ער פארמאָגט א סך. פערד האָבען זיך ביי אים געפונען ניט א פּאָר, נאָר עטליכע פּאָר, און די שענסטע אין שטאָט. קי האָט ער פאר־מאָגט עטליכע, שאָף און עופות גאָר א סך. געווען א גוטבאַזיצער פון א קליינעם מאַיאָנטעק.

צו דעם אלעמען האָבען ביידע — ער און זיין פויערטע — געהאנ־דעלט מיט חזיר.

זיין חזיר־שטעל איז געווען די ערשטע פון דער רייע חזיר'ניקעס אין מארק. פאַרוואָס די ערשטע? ווייל ער איז געווען „וואווריק צימאר" — א ביטערער פויער. מיט וואווריקען האָבען זיך ניט געוואָלט איינרייסען אפילו די פויערים פון שטאָט.

וואווריק האָט געהאט דריי קינדער. אן עלטערע פארזעסענע שיקסע, זעהר א מיאוסע, א פארזויערטע, מיט א געל פנים און גראָבע ליפּען ווי ביים „באַיטקאָ". אויך איר שטים האָט געגרילצט אין די אויערען. זי איז עס געווען די אכטונג־געבערין און די באַדינערין פון שטוב.

און צוויי זין האָט דער ערל געהאַט. דער עלטערער — אַ געשטור־פּעלטער שגץ אויך זעהר אַ מיאוס'ער, אַ פאַרזויערטער. אָט דער געשטור־פּעלטער שגץ האָט געאַרבייט אַרום דער כאַזאַיסטוואַ. און דער אינגערער — אַ מאָגער שגצ'ל וואָס האָט מורא געהאַט פאַר דעם איינענעם שאָטען.

אָט דער אינגסטער שגצ'ל איז עס דער היסטאָרישער קאָמיסאַר „צימאַר" — דער פאַרטיליגער פון אַן ערך זעקס הונדערט אידישע לעבענס...

די פויערטע צימאַר, וואַוריקס ווייב, די מאַמע פון דעם שונא־ישראל צימאַר, איז געווען אַ קליינינקע, אַ מאָגערע, אַ מרשעת, איינע אויף דער וועלט, פיל ערגער פונ'ם מאַן. זי האָט עס פאַרקויפט חזיר אין מאַרק. איר פעלץ, איר גרין פּנים און אירע הענט זיינען שטענדיג געווען איינגעטונקען, איינגעוויקט אין חזיר־פעטס. זי איז געזעסען יעדען טאָג אין מאַרק ביי דער חזיר־שטעל און ניט איין מאָל האָט זי, מיט איר רשעות, פאַרכאַפּט מיין אויפמערקזאַמקייט... איין מאָל אין אַ יאַריד איז אַן עלטערע אָרימע אידענע צוגעגאַנגען צו דער פויערטע צימאַר און געבעטען זי זאָל איר צעבייטען אַ קערבעל אויף מינץ. מינץ האָט זיך שטענדיג געפונען ביי דער פויערטע אַ פולע טאָרבע.

אויף דער אידענע האָט געוואַרט אַ גוי'ע, ביי וועמען זי האָט איינגעהאַנדעלט עפּעס אַ „מציאה". די אידענע האָט זיך געאיילט צו באַצאָלען דער פויערטע, זי האָט אָבער ניט געהאַט די פּינקטליכע מטבעות.

האָט די צימאַריכע אָפּגעצעהלט דאָס קערבעל מינץ צו דער אידענע אין דער האַנט אריין, געצעהלט מטבע נאָך מטבע. זי זאָל חלילה ניט איבערגעבען אַ גראָשען.

די אידענע מיט'ן קליינגעלט אין האַנט האָט זיך געלאָזט לויפען צו דער פויערטע וואָס האָט געוואַרט אויף איר לעבען אַ דערבייאינער קלייט מיט דער מציאה.

— שרה'קאַ... שרה'קאַ... — האָט די צימאַריכע גערופען צוריק די אידענע צו דער שטעל. די אידענע מיט'ן מינץ אין דער האַנט האָט זיך אומגעקערט צו דער שטעל.

— איך האָב דיר איבערגעגעבען געלט — האָט די צימאַריכע געזאָגט צו דער אידענע — לאָז מיך נאָך אַמאָל איבערצעהלען דאָס געלט.

די אידענע האָט אויפגעשטעלט די האַנט מיט'ן געלט און געזאָגט:
— נאַ, צעהל.

די צימאַריכע האָט נאָך אַמאָל איבערגעצעהלט דאָס געלט און ניט געפונען קיין טעות. האָט זי געלאָזט געהן די אידענע.

ווי נאָר די אומגעדולדיגע אידענע האָט אָפּגעטראָטען אַ פּאָר שפאַן פון דער שטעל, אַזוי האָט די צימאַריכע ווידער גערופען די אידענע צוריק.

— שרה'קא... שרה'קא... קום שוין צוריק. איך האָב געמאַכט א טעות. קום שוין אהער...

די אידענע, נעבאַך, האָט זיך ווידער אומגעקערט צו דער חזיר־שטעל, נאָך אלץ מיט'ן געלט אין האַנט.

— ווייז אהער דאָס געלט — באַפעלט די גוי'ע — לאָם איך נאָך אמאָל איבערצעהלען...

די אידענע האָט ווידער אויפגעשטעלט די דלאָניע מיט'ן מינץ און גע־זאָגט: — מיט'ן גרעסטען כבוד, נאַ, צעהל!...

די צימאַריכע האָט ווידער איבערגעצעהלט דאָס געלט, כלומרשט גע־צעהלט נאָך אמאָל און נאָך אמאָל. — ס'איז ריכטיג — האָט די גוי'ע ענדליך באַשלאָסען.

— גאָט צו דאַנקען! — שטאַמעלט די אידענע און יאָגט שוין גיכער ווי פריער נאָך דער „מציאה".

— שרה'קא... שרה'קא... — שרייט ווידער די צימאַריכע נאָך דער אידענע, ווי זי וואָלט איר שוין וועלען נאָכלויפען, אויב די אידענע קערט זיך באַלד ניט אום צו דער שטעל.

די אידענע בלייבט שטעהן ווי עס וואָלט זיך אָפּגעריסען ביי איר דאָס הארץ. ווי נאָר זי האָט זיך אָבער צוריקגעקערט א שפּאַן, איז עפּעס ביי דער אידענע פּלוצים קשה געוואָרען. זי האָט געעפענט די האַנט, געשווינד א צעהל געטאָן דאָס געלט, געכאַפּט א פאַרדעכטיגען בליק אויף דער גוי'ע: „א חזיר'ניטשקע! — האָט זי א שפּיי געטאָן — טפו זאָלסטו ווערען! — און איז אוועק איר וועג...

די צימאַריכע מיט די איבעריגע חזיר'ניטשקעס, וואָס האָבען צוגעזען דאָס שפּיל, האָבען פאַרהילכט דעם חזיר־מאַרק מיט זייער געלעכטער אויף דער אָרימער אידענע'ס חשבון...

---

ביי וואָווריק צימאַר איז געוועזן א הונט — א הונט, ניט ווי ביי די אַנדערע גוים פון שטאָט. וואָווריקס הונט איז געוועזן גרויס ווי א לייב. פאַרביינגעהן וואָווריקס שטוב, איז מען איבער דעם הונט ניט געוועזן זי־כער מיט'ן לעבען. אָט דעם דאָזיגען הונט האָט איין מאָל דער היצעל געכאַפּט און אים שיעור ניט דערוואָרגען ביים אריינוואַרפען אין הונט־קאַסטען.

ווען וואָווריק האָט זיך דערוואוסט, אז דער היצעל האָט געכאַפּט זיין הונט, איז ער געוואָרען מלא רציחה... ער איז אָבער געקומען צום היצעל, מעשה סוחר, און זיך גענומען דינגען מיט אים אויסצוקויפען דעם הונט, ווי ער וואָלט זיך דינגען ביים האַנדלען א פעטען חזיר אויפ'ן

יאריד. דער היצעל האָט אָבער ניט געוואָלט הערען פון וואוריקס אָנבאָט,
— ער האָט דאָך דעם הונט אין קאַסטען.

וואוריק האָט אויסגעוואָרפען דעם היצעל, אַז ער האַנדעלט ניט מענשליך, ניט מעשה סוחר...

דער היצעל, שימאַנסקי — אַ שיכור, אַליין אַ דורכגעטריבענער כלב
— האָט געלאַכט פון וואוריקען און זיין אָנבאָט.

וואוריק האָט זיך לאַנג געדונגען, האָט אָבער געמוזט באַצאָלען וויפיל דער היצעל האָט פאַרלאַנגט.

ווען דער היצעל האָט אַרויסגעשלעפּט דעם הונט פונ׳ם קאַסטען, האָט דער הונט ניט דערקענט מער דעם באַלעבאָס... ניט געווען מער דער „כלב" וואָס פריער...

אַז וואוריק האָט דערזען דעם הונט אַ פּריטשמעליעטען, האָט ער גלייך געפאָדערט צוריק זיין געלט, וואָס האָט באַטראָפען עטליכע צענדליג קאָפּיקעס.

דער היצעל האָט אָבער געזאָגט צו וואוריקען — לאַ מיט אַ ספּאָדיק.
דאָס איז שוין ניט מעשה סוחר. געשעפט איז געשעפט. אָפּגעמאַכט איז אָפּגעמאַכט. — און געלאַכט פון וואוריקען ס׳גרעסטע געלעכטער... געהייסען וואוריקען אים אָנקלאָגען פאַר׳ן געריכט, און טאָקע ניט צוריקגעגעבען דאָס געלט. געשעפט איז געשעפט...

וואוריק האָט געזידעלט און געשאָלטען דעם היצעל און געשריען —
ווען ער, דער היצעל, וואָלט ניט געווען קיין אָנגעשטעלטער פון דער פּאָליציי, וואָלט ער אים דערשלאָגען מיט אַ „דובינע", ווי ער — דער היצעל
— דער׳הרג׳עט די הינט.

דער היצל שימאַנסקי האָט געלאַכט אין די הויפענס פון אים...

פאַר רציחה האָט וואוריק זיך געכאַפּט שלאָגען דעם הונט און שרייען אויף אים, אַז ער זאָל לויפען אהיים. דער הונט, אַ צעטומעלטער, האָט אָבער ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז...

ניט געווען מער דער „כלב" וואָס פריער...

דעם זעלבען סוף האָט געהאַט וואוריק אַליין. געווען אַ כלב און געהאַט דעם סוף פון אַ כלב...

ביטער איז נאָר אונז, וואָס דעם כלב׳ס סוף האָט געקאָסט אַזוי פיל אומשולדיגע אידישע לעבענס...

וועגען דעם סוף פון דיזע איינגסטען צימאַר — דעם באַנדיט —
שרייבט ברייניצי, איציק אריהיס טאָכטער, פון רוסלאַנד.

## ברײנצע קײסער

# דער סוף פֿון דעם באַנדיט צימאַר



צימאר איז געווען פעטלורע׳ס קאמיסאר אין פעלשטין, ווען פעטלורע איז געווען אויפ׳ן פערד.

צימאר האט אליין געבראכט קיין פעלשטין די היידאמאקעס, זיי אנגע׳שכור׳ט און באפוילען צו מאכען דעם בלוטיגען פאגראם אין פעלשטין.

ווען פעטלורע איז שוין געלעגען אונטער׳ן פערד, האט צימאר דערזען, אז די ראטענמאכט וועט זיך אפרעכענען מיט אים, איז ער אנטרונען געווארען פון פעלשטין און קיינער האט ניט געוואוסט וואו עס איז אהין געקומען זיין געביין.

ערשט אין עלף יאר ארום האט זיך ארויסגעוויזען, אז צימאר איז געווען אין לענינגראד. דארט האט ער זיך פארשריבען אויף א פרעמדען נאמען און איז געווארען א שפיגעל־מאכער.

דערוואוסט פון אים האט זיך א פעלשטינער סאלדאט — א קאוואלעריסט — וואס איז געשטאנען אין לענינגראד אין יענער צייט.

דער קאוואלעריסט איז אריינגעקומען צו א פאריקמאכער ראזירען זיך, האט ער דארט אנגעטראפען דעם באנדיט... איז דער קאוואלעריסט גלייך אוועק צו דער מאכט און דערצעהלט וועגען דעם באנדיט צימאר און וואו ער האט אים באגעגענט.

צימאר האט געמיינט, אז ער וועט זיין א קלוגער — ער וועט אפנארען די ראטענמאכט, און האט זיך ניט מודה געווען. ער האט געזאגט, אז ער ווייסט גאר ניט פון אזא שטעטעל, ווי פעלשטין, און, אז ער איז גאר קיינמאל ניט געווען אין יענעם „ראיאן״ און אז זיין נאמען איז ניט צימאר...

מען האט אים אבער דאך ארעסטירט און אפגעשיקט קיין פראסקוראוו.

אין פראסקוראוו האט די מאכט זיך גענומען אויספארשען דעם אמת וועגען דעם נאמען „צימאר״ און וועגען דעם „אומשולדיגען״ מענשען, וואס וויל ניט וויסען פון אט דעם נאמען. די מאכט האט גערופען פיל

פעלשטינער עדות און אלע פעלשטינער האבען אים גלייך דערקענט.

און צימאר האט אלץ געלייקענט...

דער ערשטער עדות איז געווען משה שווידלער. ער האט אים גלייך דערקענט. משה שווידלער האט איבערגעגעבען דער מאכט, פאדראבנע, וועגען צימארס „לייטישקייט". די איבעריגע עדות האבען אויך ניט ווייניגער דערצעהלט וועגען אים ווי משה, און דער באנדיט צימאר האט אלץ געלייקענט, אז ער איז עס דער, וועמען מען באשולדיגט, און געשריען, אז דא ווערט געמאכט א בילבול אויף אים. און עס האט שוין גע־האלטען דערביי, אז מען זאל אים באפרייען.

נאר דער אמת מוז דאך ארויסקומען, מוז דאך ארויסשווימען ווי בוימעל אויפ'ן וואסער...

ווען מען האט ארויסגערופען „אלטער מאנטאג" (ישראלעוויטש) פאר אן עדות, האט „אלטער מאנטאג" געבעטען דעם אויספארשונגס־געריכט, אז מען זאל אים ארייגלאזען מיט דעם „אומשולדיגען" אין א באזונדער חדר. דער געריכט האט דאס אים באוויליגט. און ווען אלטער האט זיך — אין דעם באזונדערען חדר — צערעדט מיט צימאר'ן, און אנגעוויזען אים ווי אזוי ער האט אנגעפירט דעם פאגראם, און צימאר האט זיך אלץ געהאלטען ביי זיינעם, געלייקענט און געלייקענט, — האט „אלטער מאנטאג" באקומען היסטעריקע און האט אנגעמאכט א גוואלד, אז מען האט זיין גוואלד דערהערט אין געריכט זאל. — באנדיט! — האט ער געשריען, — באנדיט דו איינער! פאר מיר?! פאר מיר לייקענסטו?

פון דעם גוואלד איז צימאר איבערראשט און דערשראקען געווא־רען, און א זאג געטאן צו אלטער'ן: — שא! דו, מאנטאג! מאך ניט אן אזא רעש... מאך צו דיין מויל, מאנטאג!...

ווען דער אויספארשונגס געריכט האט דערהערט, פונ'ם באזונדערען חדר, אז דער באשולדיגטער רופט אן אלטער'ן ביים צונאמען „מאנטאג", איז דער געריכט געווען איבערצייגט, אז צימאר איז עס דער ריכטיגער באנדיט...

מען האט זיי ביידען ארויסגענומען פונ'ם באזונדערען חדר און אל־טער האט ניט אויפגעהערט שרייען היסטעריש:

— זעט איר שוין איצט ווער דאס איז?! זעט איר שוין, אז דאס איז דער באנדיט צימאר?!...

און דער געריכט האט באשולדיגט צימאר'ן אין דעם בלוטיגען פא־גראם.

אין געריכט זאל. אוי! ווי טרויעריג עס איז געווען אין געריכט זאל פון דעם געוויין, וואס האט זיך געריסען פון די עדות־זאגער... אז

אפילו די פארטיידיגער זיינע און דער געריכט אליין, האָבען זיך ניט גע־קענט איינהאלטען פון געוויין...

שעהן איז גאָר געווען ווען מען האָט ארויסגערופען צימאר׳ס עדות. און אויך זיי האָבען באשטעטיגט, אז ער איז דער שולדיגער אין דעם פּאָגראָם. משה אברם׳ס איז געווען זיין עדות. דער באנדיט האָט געמיינט, אז משה אברם׳ס וועט אויפ׳ן „סוד" זיין איינער פון זיינע פארטיידיגער. משה האָט אָבער דערצעהלט אין געריכט, אז ווען זיי זיי־נען נאָך געווען קינדער און געשפּילט זיך צוזאמען, האָט ער — צימאר — געהאט א לאנג מעסערל מיט וועלכען זיין „באיטקאָ" פלעגט דערשטעכען די חזירים. — אָט מיט דעם מעסערל — האָט צימאר געזאָגט צו משה׳ן — וועל איך קוילען אידען...

דער געריכט האָט איינגעזען און פעסטגעשטעלט, אז ער — צימאר — איז דער אמת׳ער באנדיט.

דער געריכט האָט צימאר׳ן פאר׳משפּט, אויסגעטיילט אים די שטראָף, ווי ער האָט פארדינט...

צימאר האָט זיך אָבער נאָך אלץ געריכט, אז ער וועט אָפּנארען די ראטענמאכט און ער האָט איינגעגעבען א „קאסאציע". דער העכערער געריכט האָט אָבער דעם משפּט פון „טויט־שטראָף" גוטגעהייסען און מען האָט דעם טויט־אורטייל דורכגעפירט.

אָט אזוי איז אָפּגעראָמט געוואָרען פון דער וועלט דער באנדיט פּעט־לוראָוויץ — צימאר... כן יאבדו!

# שלמה צווייג

# די פעלשטינער סאַמאָבאָראָנע פון יאָר 1882

●



נאָך דעם טויט פון אלעקסאַנדער דעם צווייטען, האָבען זיך ארויסגעלאָזט קאַצאַפּען-באַנדעס, פון באַלטער געגענט איבער די אידישע שטעטלאך צו נעמען נקמה פאַר'ן טויט פון דעם „צאַר-באַטיושקא", וועלכער איז צעריסען געוואָרען פון א באָמבע אין יאָר 1881. אין וואָס איז באַשטאַנען זייער נקמה? פּשוט און פּראָסט: אין מאַכען פּאָגראָמען אויף אידען.

יענע פּאָגראָמען זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבען ארויפ-געוואָרפען אַ מרה-שחורה אויף מיר, נאָך אַלס קינד.

די פּאָגראָמען און פּאָגראָמשטשיקעס פון יענער צייט זיינען אָבער געווען אַנדערש פון די פּאָגראָמען און פּאָגראָמשטשיקעס אין היינטיגע צייטען. יענע פּאָגראָמשטשיקעס האָבען ניט אומגעבראַכט קיין אידישע לעבענס. יענע פּאָגראָמשטשיקעס האָבען נאָר געשלאָ-גען אידען, אויסגעזעצט פענסטער, צעבראָכען מעבעל, צעריסען דאָס בעטגעוואַנט און געלאָזט די פעדערען מיט'ן ווינט, געראַבע-וועט וואָס זיי האָבען געקענט, און אַוועקגענומען מיט זיך וואָס נאָר ס'האָט זיך געלאָזט. יענע פּאָגראָמשטשיקעס זיינען אַזוי געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט און אָפּגעטאָן — אין נאָמען פון נקמה — זייער ווילדע טייוועלשע ארבייט.

ווען איך נעם זיך דערמאָנען אָן יענע צייטען, טויכען אויף אין מיין זכרון בילדער. פאַר מיינע אויגען וואַנדערען אַרום אונזערע טאַטעס און מאַמעס פאַרפינסטערטע, פאַרוויסטע, ווי מען פלעגט דעמאָלט זאָגען: געלייגט זיך שלאָפען אָן וועטשערע, אויפגעשטאַ-נען און ניט אָנגעביסען.

דאָס דעמאָלטיגע גביר'שאַפט פון אונזערע פעלשטינער אידען איז באַשטאַנען פון אַביסעל אָרים באַלעבאַטישקייט אין אַ צעבראָ-כענעם שטיבל, וואו עמער און שיסעל זיינען געווען אונטערגעשטעלט

פאר דעם רעגען וואָס האָט אריינגערונען דורכ'ן צעבראָכענעם דאַך אין אַלע ווינקלען.

ווען אונזערע פעלשטינער אידען, פון יענער צייט, האָבען דער־הערט, אַז קאַצאַפּעס באַפאַלען אידישע שטעטלאַך און מאַכען אַ תל פון דעם ביסעל אָרימקייט, איז אויף זיי אָנגעפאַלען אַ שרעק.

יעדער איד אין שטעטעל, פון יונג ביז אַלט, האָט גענומען טראַכטען און גיבען עצות ווי אַזוי אָפּצוראַטעווען דאָס ביסעל אָרימקייט פון די קאַצאַפּעס-כוליגאַנעס.

בייטאָג איז נאָך געווען צו דערליידען. ווען עס האָט זיך אָבער אָנגערוקט די נאַכט, איז געוואָרען הימעל-עפּען-זיך!

איינער האָט געפרעגט ביים צווייטען וועגען נייעסען פון די פּאָגראָמען. איינער האָט דערצעהלט דעם צווייטען: אַז די און די נייעס קומט פון דאָרט און דאָרט. קלאַנגען, אַלערליי קלאַנגען, האָבען זיך אַרומגעטראָגען אין דער לופט.

אין יענע צייטען זיינען געבוים געוואָרען נייעסען ביי אונז אין פעלשטין נאָר אויף קלאַנגען, נאָר אויף וואָס מען האָט געהערט פון דאָרט און דאָרט.

אין פעלשטין איז נאָך דעמאָלט ניט געווען קיין פּאָסט-פאַר־בינדונג. קיין „גאַזעט" איז אין יענער צייט אויך ניט אָנגעקומען אין שטעטעל. און אויב יאָ (ווי מיר דאַכט זיך, פלעגט אַמאָל אָנקומען אַ גאַזעט צו איינעם אַ משה שרה'קעס), פלעגט דער גאַ־זעט געבראַכט ווערען מיט עטליכע וואָכען שפּעטער ווי ער איז אַרויס.

איז דאָרום קיין חידוש ניט וואָס פעלשטינער אידען האָבען מיט אָנגעשפּיצטע אויערן געשעפּט נייעסען פון קלאַנגען.

פון די וויכטיגסטע נייעסען איז מען ערשט ריכטיג געוואָר גע־וואָרען פרייטאָג אין באָד. ווייל פרייטאָג אין באָד זיינען זיך צונויפ־געקומען אַלע אידען, וואָס זיינען אַ גאַנצע וואָך ניט געווען אין דער היים. פון באָד איז מען שוין אהיים געקומען מיט פולע קע־שענעם „נייעסען". און אין יענער צייט זיינען אַלע נייעסען געווען נאָר פון דעם „צאַר'ס קאַצאַפּעס".

איינער האָט געזאָגט, אַז ער האָט געהערט, אַז איירערנעכטען זיינען די קאַצאַפּעס געווען דאָרט און דאָרט; אַ צווייטער — אַז נעכטען זיינען „זיי" געווען אויף יענעם און יענעם אָרט; אַ דריטער האָט געזאָגט... הכלל, אונזערע פעלשטינער אידען, מיט זייערע צושראָקענע געמיטער, האָבען אין יענער צייט געקענט

זאָגען היינט, וואו די קאַצאַפּעס וועלען אַריינדרינגען אין צוויי־דריי טעג אַרום. מיט'ן איינעם וואָרט, ווען צוויי־דריי אידען זיינען זיך צונויפגעקומען, איז דעמאָלט אין פעלשטין קיין אַנדער שמועס ניט פאָרגעקומען ווי נאָר וועגען די קאַצאַפּען־באַנדעס.

דאָס ערגסטע איז געווען, ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט דער לעצטער קלאַנג: אַז די קאַצאַפּעס פאַלען אָן נאָר ביינאַכט.

דעם פּחד, וואָס איז דעמאָלט געפאַלען אויף אונזער פעלשטין, בין איך ניט בכח צו שילדערען. איך קען נאָר זאָגען: אַז ווען בן ציון שליאָמעס האָט געגומען לייענען „קריאת שמע" און דער הימעל האָט זיך ניט געשפּאָלטען, איז איבער אונז גאָר קיין הימעל ניטאָ... טעג און נעכט האָבען זיך אַזוי געצויגען, אין שרעק און אין שוידער...

מיטאַמאָל ווערט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג: אַז די קאַצאַפּעס זיינען שוין ניט ווייט פון וואָלאָטשיסק און אַז אין צוויי־דריי טעג אַרום וועלען זיי באַפאַלען פעלשטין... אָן אומגליק! וואָס טוט מען?! וואו באַהאַלט מען דאָס ביסעל אָרימקייט?

אייניגע האָבען גע'עצה'ט אַז יעדער זאָל אַריבערפירען זיין ביסעל אָרימקייט צו די שטיבער, וואו עס געפינען זיך טיפע קע־לערס. און אַזוי איז טאַקע געווען. אין איין שעהנעם טאָג איז דאָס פעלשטינער ביסעל אָרימקייט איבערגעפירט און באהאלטען גע־וואָרען אין עטליכע טיפע קעלערען. איבערגעלאָזט האָט מען נאָר אַ טעפּעל צום קאָכען און אַ לעפעל צום עסען. געשלאָפען איז מען אויף דער הוילער ערד.

באַוואָרענט דאָס ביסעל אָרימקייט, האָבען פעלשטינער אידען פרייער אָפּגעאָטעמט.

ווען קלאַנגען האָבען זיך צעשפּרייט, אַז די קאַצאַפּישע אָנ־פאַלען קומען שוין פאַר נאָענט צו פעלשטין, איז געוואָרען אַ יללה: וואָס טוט מען? וואָס הויבט מען אָן צו טאָן! יעדער גיט עצות ווי אַזוי מען זאָל זיך באַגעהן מיט די קאַצאַפּעס, ווען זיי וועלען אַריין אין שטאָט.. און פון אַלע עצות האָט אויסגעזען צו זיין די בעסטע עצה וואָס גדליה זלמן יעקב'ס האָט געגעבען. זיין עצה איז געווען: אַז יעדער מאַנסביל, יונג און אַלט, זאָל פּשוט צו־גרייטען אַ דרענגעל, און ווי נאָר עס וועט ווערען פינסטער, זאָל מען זיך פאַרזאַמלען אַלע מיט די דרענגלאַך אויף דעם וועג, וואו מען ערוואַרט זיי זאָלען זיך אַריינרייסען אין שטאָט.

גדליה'ס עצה איז טאַקע יעדען געפעלען געוואָרען, „וואָס איז? וואָס זיינען מיר עפּעס, מלופים־קינדער אין מייטקעס? די

קעפּ וועלען מיר זיי צושפּאַלטען!" האָט גדליה זיך געשטעלט ווי אַ גיבור.

און אַזוי איז טאַקע געווען. יעדער איד האָט אויפגעזוכט, אויף זיין בוידעם, אַן אמת'ן „ביטשיק", און גדליה איז געווען דער ראש איבער אַלע. וואָס ער האָט געהייסען טאָן, האָט מען אים געפאָלגט. גדליה אַליין האָט זיך פאַרשאַפט אַ לאַנגען גראָבען שטעקען, אין וועלכען אַ קאָוואַל האָט אריינגעזעצט אַ שאַרפען טשוואָק.

גרייט מיט זיין געווער, האָט גדליה ווידער פאַרטראַכט אַ פּלאַן: באַשר, אַזוי ווי די קאַצאַפּעס פאַלען נאָר אַן ביינאַכט און אַזוי ווי ביינאַכט איז דאָך שטאַרק פינסטער, בכן איז זיין פּלאַן צו באַהענגען דעם וועג מיט „לאַמטערנעס". און אין לאַמטערנעס איז גראַדע קיין מאַנגעל ניט געווען ביי אונז אין פעלשטין. מחמת אַלע אידישע קינדער זיינען געווען באַזאָרגט מיט לאַמטערנעס צו באַלייכטען ווינטער ביינאַכט זייער וועג פון חדר אַהיים.

די קשיה איז נאָר געווען: וואו הענגט מען אויף די לאַמטערנעס אַז זיי זאָלען באַלויכטען דעם וועג?

גדליה, ווי אַן אמת'ער גענעראַל, האָט לאַנג ניט געטראַכט און זיך באַלד געגעבען אַן עצה.

ער האָט געהייסען פאַרציען שטריק איבער'ן וועג, אָנקניפּען זיי פון ביידע זייטען שטיבער, פון שמשון סטערניק'ס שטוב אַזש ביז יהודה באַהעלפער'ס דירה, און אויף די שטריק זאָל מען אויפהענגען די לאַמטערנעס. און אַזוי האָט מען טאַקע געטאָן.

זעהר אַנטוישט זיינען אָבער אונזערע פעלשטינער העלדען געוואָרען, ווען די לאַמטערנעס זיינען אָנגעצונדען געוואָרען מיט די גראָשענע ליכטלאַך און עס איז מיט זיי געוואָרען נאָך פינסטערער אין די אויגען ווי אָהן זיי. דערצו זיינען זיי, סיי ווי אויסגעגאַנגען אין גאָר אַ קורצער צייט.

אויף דעם האָט זיך גדליה ניט גערעכנט און ער איז טאַקע געווען דערשלאָגען וואָס זיין פּלאַן איז ניט געראָטען נאָך אַזוי פיל מי...

נאָך לאַנגען ישוב־הדעת פון גאַנץ פעלשטין, איז גדליה'ן ווידער איינגעפאַלען אַ פּלאַן, און ער האָט באַפוילען אָפּצובינדען די לאַמפּען פון די סטעליעס, אָדער אוועקנעמען זיי פון די טישען און אַנידערשטעלען זיי לעבען די פענסטער.

דער פּלאַן איז געראָטען. עס איז די העלדען געוואָרען ליכטיג אין די אויגען.

ביי אזא ליכט איז זיך דאָס שטעטעל צונויפגעקומען נאַכט נאָך נאַכט, אויף אַן אַנדער וועג, לויט די ידיעות פון טאָג: היינט — אויף פראָסקוראָווער וועג, מאָרגען — אויף יאַרמיליניצער וועג, איבערמאָרגען — אויף קוזמינער א. ז. וו.

מיטאמאָל ווערט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די קאַצאַפּעס זיי־נען שוין אין וואָלאָטשיסק און אַז פון דאָרט גהען זיי אויף פּעל־שטין. מאָרגען אָדער איבערמאָרגען וועלען זיי באַפאַלען פעלשטין!

יענע פּחדים׳דיגע טעג און דאָס „קריאת־שמע״ לייענען פון בן ציון שליאָמעס, קען גאָר ניט אָפּגעווישט ווערען פון מיין זכרון...

ווען די נייעס האָט זיך פאַרשפּרייט, אַז אָט־אָט און די קאַ־צאַפּעס זיינען שוין דאָ, האָט דאָס גאַנצע שטעטעל, מיט גדליה׳ן בראש זיך גענומען צוגרייטען אויף אַן אמת׳ן, צו גיבען די קאַ־צאַפּעס אַ שעהנעם „ברוך הבא״...

דערווייל, ווי אויף צו־להכעיס, האָט זיך דער הימעל פאַר־כמאַרעט און עס האָט גענומען פליוכען אַ רעגען. עס איז געוואָרען פינסטער, „וימש חושך״, אַז איינער האָט דעם צווייטען ניט געזען. דאָך האָט זיך דאָס שטעטעל פאַרזאַמעלט. איין גרופּע לעבען יהודה באַהעלפער אויפ׳ן באַרג, אַ צווייטע גרופּע, איבער׳ן וועג, לעבען פּעטראָ־יאָרקע׳ס אויפ׳ן באַרג און מען האָט געוואַרט אויף די געסט!

גדליה׳ס פּלאַן איז געוועזן: אַזוי ווי די קאַצאַפּעס וועלען צו־קומען צו קובאַ׳ס מילכעל, זאָל מען זיך גיבען אַ לאָז אַראָפּ אויף זיי און זיי תיכף דערלאַנגען מיט די דרענגלאָך איבער די קעפּ און דערנאָך זיי אַריינוואַרפען אין טייך אַריין...

דערווייל איז יעדער געשטאַנען מיט אָנגעשטרענגטע אויגען און מיט אָנגעשפּיצטע אויערען און געקוקט אין דער טיפער פינס־טערניש, צו דער אָבאָלאָניע, אויף דעם וועג, וואָס פירט קיין וואָ־לאָטשיסק.

פּלוצים הילכט איינער אַרוים אַ געשריי, ניט מיט זיין קול:

— קינדער, זיי־געהען!

אַלע זיינען געוואָרען ניט־טויט, ניט־לעבעדיג... אַלע האָבען גענומען אָנשטרענגען זייערע בליקען אין דער ווייטער פינסטער־ניש און אלע ווי איינער האָבען אין איין קול אויסגעשריען:

— יאָ! זיי געהען!

אין דער פינסטערניש האָבען זיך טאַקע לאַמטערנעס באַוויזען און זיך גערוקט נעענטער און נעענטער צו דער שטאָט. אָט זיי־




„וואָסווילט איהר האָבען? דאָס בין איך דאָך! פֿאַן זילנעצקי!“

נען די לאַמטערנעס שוין פון יענער זייט אַבאַלאַניע. און אַט שוין לעבען קובאַס מילכעל...

גדליה, אַ גיבור אַ איד, פול מיט צאָרן, האָט אַ געשרעה געטאָן:

— אידען, קומט! זייער טויט אָדער אונזער טויט! קומט, אידען!

און גדליה מיט'ן גראָבען שטעקען לאָזט זיך דער ערשטער, די אידען מיט די דרענגלאַך — ראַפּטאַם נאָך אים, אַנטקעגען די לאַמטערנעס.

די לאַמטערנעס רוקען זיך וואָס אַ רגע אַלץ נעענטער צו זיי.

אין דער שטאָק־פינסטערנישׁ און פאַר גרויס פּחד, האָבען די אידען ניט געזען ווער און וואָס די לאַמטערנעס זיינען — צי מענשען טראָגען זיי, צי זיינען עס לאַמטערנעס פון אַ קאַרעטע וואָס פאָרט אָן.

אַזוי ווי זיי האָבען זיך אַ לאָז געטאָן און שוין געווען גאָר נאָענט צו די לאַמטערנעס, האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ קול אין פּויליש: „דליאַ באָגאַ, ליודזי! וואָס ווילט איר האָבען? דאָס בין איך דאָך! פאָן זילנעצקי!..."

אַלע זיינען געבליבען ווי פאַרשטאָרט און זעהר פאַרשעמט.

עס האָט גענומען עטליכע מינוט ביז מען איז געקומען צו זיך.

ביי פאָן זילנעצקי'ס קאַרעטע איז געווען אָן אַקס אָפּגעבראָכען און אונטערגעשפּאַרט מיט אַ דרענגעל, האָט זיך די קאַרעטע געהעצקעט און די לאַמטערנעס האָבען זיך געהוידעט אַהין און אַהער, האָבען די אידען דאָס אָנגענומען פאַר אָן אַ שיעור לאַמטערנעס.

ווען מען האָט דעם פּריץ דערקלערט וואָס דאָ טוט זיך, האָט דער פּריץ אַליין — כאָטש דערשראָקען פון דער געשעעניש — דערציילט די אידען: אַז די קאַצאַפּעס האָבען טאַקע געזאָלט זיין אין וואָלאָטשיסק, נאָר מען האָט זיי ניט אַריינגעלאָזט אין שטאָט אריין; אַז די פּאָליציי האָט באַקומען אַ באַפעל: ניט צו לאָזען די קאַצאַפּעס מער בושעווען.

אַזוי האָט זיך געענדיגט די בהלה און דער פּחד, וואָס האָבען אַרומגעכאַפּט די פּעלשטינער אידען אין יענער צייט.

און אַזוי איז געקומען אָן ענדע צו דער פּעלשטינער „סאַמאָאָבאָראָנע פון יאָר 1882.

## יונה בוים

# פעלשטין



עלשטין איז א קליין שטעטעלע אין פּראָסקוראָווער אויעזד, פּאָדאָליער גובערניע אוקראַינע, זעהר נאָענט פון די אַמאָליגע עסטרייך־גאַליצישע גרעניצען.

די נאָענטסטע שטעט און שטעטלאַך אַרום פעלשטין זיינען: פּראָסקוראָוו, יאַרמעלינעץ, טשאַרנאָ־אָסטראָוו, שאַריפקע, קוזמין, גריידינג, טאַרנערודע און וואָלאָטשיסק.

די דערמאָנטע שטעטלאַך זיינען מיט פעלשטין, ווי אַ שטוב מיט אַן אַלקער — איינגאַנצען אַן ערך פון צוואַנציג, פינף־און־צוואַנציג וויאָרסט אַוועק.

די שטעטלאַך — פעלשטין איינגעשלאָסען — האָבען דער־האַלטען איינס דאָס אַנדערע ביים לעבען.

די נאָענטסטע דערפער אַרום פעלשטין זיינען: נפתליפקע, חמילפיקע, געלעטעניץ, דאָבראַשטש, דאַניוק, טראָסטינעץ, נאָוואָ־סוויאַט, פּאַריטש, קאָריטנע, מאָסקאַליוווקע, רייקאָוויץ, מאַלינעטש און נעמיטשענעץ.

די דערמאָנטע דערפער זיינען ניט מעהר ווי דריי ביז פינף וויאָרסט ווייט פון שטאָט. ווי אַ רייף נעמען זיי אַרום דאָס שטע־טעל.

אַרום פעלשטין האָבען זיך אויך געפונען סקיביניעצקי׳ס אַ צענדליג „פולווארקעס".

די גוים פון די דערמאָנטע און פון די איבעריגע, ניט־דער־מאָנטע דערפער, וועלכע צעהלען זיך אין די צענדליגער און רינגלען אַרום פעלשטין, האָבען אַריינגעפירט זייערע פּראָדוקטען אין שטעטעל און פאַרקויפט זיי צו די אידען, און דאָרט איינגעקויפט אַלץ, וואָס זיי האָבען באַדאַרפט.

ס'האָט אויסגעזען נאַטירלאַך: איינס האָט ס'אַנדערע באַ־דאַרפט. איינס האָט ס'אַנדערע געזוכט. ס'האָט גאָר אַנדערש ניט געקענט זיין.

פון די שטעט וואָס אין מזרח זייט פון פעלשטין, ווי קאַמענעץ, דינעוועץ, פראַסקוראָוו, יאַרמעלינעץ א. אַז. וו., האָבען זיך שטענדיג געצויגען פורען מיט שווערע משאות דורך פעלשטין צו די עסטרייך־גאַליצישע גרעניצען. אין פעלשטין האָבען זיי זיך אָפגעשטעלט אָנ־האָדעוועץ די פערד.

פעלשטינער איינפאָר־הייזער און קרעמער האָבען טאַקע ניט דערלייגט צו די פאַרביירפאָרענדיגע „פורמאַנעס". די „חזיר'ניקעס" אָבער, האָבען אָפגעלעקט אַ פעט ביינדעל פון זיי.

אין פעלשטין האָבען זיך געפונען ארום צוויי הונדערט אידישע הייזער־„כאַטעס" און אַ מאַרק מיט קלייטען אין דער הויפט־גאַס פון גלאַוונעם דורכפאָר.

אין דעם מאַרק אריין זיינען זיך צונויפגעפאָרען פויערים פון אַלע אַרומיגע און אויך פון גאָר ווייטע דערפער כמעט אַלע זונטאָג און אויך יעדע צוויי וואָכען, אין אַ דינסטאָג, אויפ'ן יאַריד צו האַנד־לען און וואַנדלען מיט די פעלשטינער אידען. איינס האָט אויף ס'אַנדערע געוואַרט, איינס האָט ס'אַנדערע געזוכט, איינס אָהן דעם אַנדערען האָט זיך גאָר ניט געקענט באַגעהן.

פון מזרח ביז מערב און פון צפון ביז דרום איז דאָס שטעטעל פעלשטין באַוואוינט מיט אַ גוי'אישער באַפעלקערונג, פיעל מער אין צאָל ווי די אידישע באַפעלקערונג.

דער הויפט־דורכפאָר פון שטעטעל צעטיילט די גוי'אישע באַ־פעלקערונג אויף צוויי טיילען. דער טייל פון דרום זייט רופט זיך „אָרבאַניווקע" און דער טייל אין צפון זייט טראָגט דעם נאָמען „שענזשיווקע". פון וואַנען די נעמען שטאַמען, איז אונז אומבאַ־קאַנט, פונקט ווי עס איז אונז אומבאַקאַנט פון וואַנען עס קומט דער נאָמען „פעלשטין" אליין.

ס'איז אַ סברה אַז דער נאָמען פעלשטין זאָל שטאַמען פון אַ פריץ מיט'ן נאָמען פאַלשטיין. און ס'איז דערביי פאַראַן אַזאַ מעשה:

אויפ'ן פלאַץ וואו עס שטעהט „פאַרטשעווסקי'ס פּאָלוואַריק", האָבען געוואוינט, אין „כמעלניצקי'ס צייטען, אַ צוואַנציג אידישע פאַמיליעס. אין יענע צייטען איז געקומען „גאַנטע" מיט אַ באַנדע

און האָט געהייסען די אידישע פאַמיליעס פאַרנעמען זיך פון דאָרט, אַז ניט וועט ער זיי פאַרניכטען.

אין דעם הינטערגעסעל, וואו די שול געפינט זיך, איז אין יענע צייטען געווען אַ „כוטער", וועלכער האָט באַלאַנגט צו אַ דייטש מיט'ן נאָמען „פאַלשטיין". אַט דער פאַלשטיין זאָל עס האָבען גע־נומען די עטליכע פאַמיליעס אונטער זיין שוץ און געלאָזט זיי בויען זייער ישוב לעבען זיין „כוטער". אַט דעם ישוב זאָלען יענע אידען האָבען אַ נאָמען געגעבען „פאַלשטיין".

יאַנקעל קעצעלע'ס שטוב וועלכע מיר האָבען נאָך דערוואַשט, זאָל עס האָבען געווען אַ ראַט-הויז, געבויעט פונ'ם ישוב מיט'ן פריץ פאַלשטיין בראש.

יאַנקעל קעצעלע'ס הויז, איז אין אונזער צייט, געווען אַן אַלטע חורבה מיט אַ שטרויענעם דאַך, מיט זעהר אַלטע, אָבער גראָבע ווענט, געבויט פון טיף רויטע ציגעל.

פון די ציגעל האָבען זיך געשיילט דינענקע שיכטעלאַך און געפאַלען אויף דער ערד לעבען די ווענט. אונז האָט שטענדיג געוואונדערט, ווי קומט אין יענער גאַס אַזאַ אַלטע חורבה, געבויט פון אַזעלכע רויטע ציגעל? און ווי קומט יאַנקעל קעצעלע'ס צו איר?...

ס'קען זיך זעהר געשיקען, אַז דער נאָמען „פאַלשטיין" איז פאַר־גרייזט געוואָרען אויף „פעלשטין".

ס'איז אויך אַ סברה אַז ביי שרייבען אַ „גט" האָט מען גע־שריבען — „פאַלשטיין" הנקרא „פעלשטין".

ביי די ראַנדען פון די צעטיילטע צוויי דערפער שפּיגלען זיך צוויי שמאָלע אָבער זעהר שעהנע טייכלאַך. די טייכלאַך פלעגען אַמאָל זיין אין אידישע הענט און אָפטמאָל פלעגען זיי איבערגעהן אין גוי'אישע הענט. די גוים האָבען זיי דעם אידען ניט פאַרגונען און זיי אויסגעדונגען ביים שטאָט-פּריץ. אַ גוי מיט'ן נאָמען איג־נאַך איז עס געווען דער ערשטער גוי אויסצודינגען די טייכ־לאַך. זיי האָבען אים ניט געפעלט. ער איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט האָב און גוטס. וואָס ער האָט פאַר'שיכור'ט אין אַ טאָג, האָט דערמיט אַ אידישע פאַמיליע געקענט לעבען אַ וואָך.

פון די טייכלאַך האָבען אידען באַקומען זייערע פיש אויף שבת און אָנגעפילט די „ליאַדאָווניעס" מיט אייז אין ווינטער. פון די טייכלאַך האָבען אידישע אינגלאַך געבראַכט גרינעם „אָטשע־

רעט" צו באַדעקען די ערד און שטוב לכבוד שבועות, און אויך גענוצט דעם „אַטשערעט" פאַר סכך אויף די סוכות.

דער חילוק אין אויסזען צווישען דער אידישער שטאָט און דעם גוי'אישען דאָרף איז אַזאַ גרויסער, אַז עס לייגט זיך גאָר ניט אויפ'ן שכל ווי אַזוי אַזאַ אונטערשייד זאָל זיך גאָר האָבען געקענט אַנטוויקלען אינ'ם לויף פון די הונדערטער יאָרען זינט פעלשטין איז אַנטשטאַנען: דאָס גוי'אישע דאָרף פון ביידע זייטען שטאָט פאַרנעמט אַ גרויסען שטח. עס איז פול מיט שעהנע גערטנער און פיינע סעדער, און עס זעט אויס ווי אַ מין גן עדן אויף דער וועלט.

דאָס אידישע שטעטעל, דאַגעגען, איז באַרגיג, ענג, פאַרטריקענט, פאַרמיסטיגט, מיט איינגעהויקערטע, אָפּגעריסענע כאַטעס.

דאָס שטעטעל — ווען אַ קינסטלער וואָלט דאָס געמאָלען — וואָלט אויסגעזען ווי אַ קאָפּ פון אַ מענשען אָדער ווי אַ שאַרבען. אַזוי זעט טאַקע אויס פעלשטין, ווען מען קוקט אויף דעם פון אַ הויך אין דרום זייט.

די אַמאָליגע „באַשטע" אויסערן שטאָט אין דרום זייט וואָס „אַלעקסאַנדער'ס אַרמיי האָט אַמאָל איבערגעלאָזט, און אויף וועלכער פעלשטינער אינגלאַך האָבען געקלעטערט, דוקא אום שבת, האָט געגעבען די אינגלאַך אַ געלעגענהייט אַ קוק צו טאָן פון דער ווייטער הויך ווי זייער געבורט-שטעטעל פעלשטין זעהט אויס פון ווייטענס.

די וועגען פון שטעטעל ציען זיך פון מזרח צו מערב. די שורות הייזער שטעהען פון צפון צו דרום. אויף דער צפון זייט שטעהען פיר ציילען הייזער. די ערשטע צייל וואָס לעבען דאָרף איז קירצער און נידעריגער פון דער צווייטער צייל. די צווייטע צייל נידעריגער און קירצער פון דער דריטער און די דריטע קירצער און נידעריגער פון דער פערטער, וואָס איז די העכסטע און די לענגסטע פון שטאָט. די פיר ציילען הייזער שטעהען אין אַן עטוואָס געבויגענער ליניע, ווי זיי וואָלטען געשטאַנען אויף די קנייטשען פון אַ ריזיגען שטערען.

די גאַסען, געסלאַך און די איינציגע הייזער אין דרום זייט פון שטאָט שטעהען צעוואָרפען אין אומאָרדענונג איבער אַ שטח פון בערגלאַך און טאָלעלאַך ווי זיי וואָלטען געשטאַנען צעוואָרפענע אויף די באַקען, אויף די אויערען און אויף דער נאָז פון אַ ריזיגען פנים.




פעלשטין האָט אויסגעזעהן ווי אַ שאַרבען

אויף די ערטער פון די אויגען־לעכער, געפינען זיך צוויי ריזי־גע גריבער — ניט קיין נאַטירלאַכע גריבער — נאָר אויסגעגראָבענע, פון וועלכע דאָס שטעטעל גראָבט נאָך עד היום ליים און זאַמד אויף צו „רעפּראַוּוען" און פּאַרקלעפּען די אַלטע, זינקענדיגע שטיבער. איינע פון די גריבער האָט געטראָגען דעם נאָמען „גי־צלמות" און דעם צווייטען האָט מען גערופען „פּאַנסקע באַרג".

פון די צוויי גריבער איז, ווייזט אויס, פעלשטין אמאָל געבויט געוואָרען. די צוויי גריבער זיינען ווי אומיסטען אויסגעגראָבען גע־וואָרען, כדי צו דערגאַנצען דאָס בילד פון א מענשליכען געשטאַלט אָדער פון אַ שאַרבען.

אין די צוויי גריבער האָט דאָס שטעטעל אויסגעשאָטען אַלע מיסטען, אָפּגעוואָרפען דעם גאַנצען גנאַי, פאַרשלעפּט אלע פגירות און נבילות. אין די צוויי גריבער האָט דער רעגען אַראָפּגעטראָגען און אַראָפּגעוואַשען דאָס גאַנצע שמוץ פון שטאָט. פון דאָרטען האָט זיך דער שמוץ אַריינגעגאָסען אין דעם טייכעל אַריין, וואָס וואָלט פאַר א קינסטלער זיכער אויסגעזעהן ווי דאָס מויל פון א מענשען־גע־שטאַלט. די ראַם פון די אַרומיגע גוי'עשע סעדער וואָס רינגלען אַרום פעלשטין, וואָלט ביים קינסטלער אין די אויגען אויסגעזעהן, ווי די האָר פון א קאָפּ און ווי אַ באָרד און פאות...

ווי אַלט איז דער אידישער ישוב אין פעלשטין? ווען און ווי אַזוי איז דאָס שטעטעל פעלשטין געקומען צום לעבען? דאָס איז אונז אוממעגליך געווען צו דערגעהן...

מיר האָבען זיך אָנגעפרעגט ביי עלטערע מענשען: אפשר האָבען זיי עפּעס באַקומען פון די פריערדיגע דורות, בעל־פּה, וועגען דער געשיכטע פון פעלשטין. האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז קיינער פון די עלטערע פעלשטינער אידען ווייסט ניט וואָס צו זאָגען וועגען דעם ענין.

ווי ווייט מיר האָבען אַליין געקענט, האָבען מיר נאָכגעזוכט אין דער ניו יאָרק־לייברערי וועגען דעם ענין. מיר האָבען דאָרט גאָרניט געקענט געפינען חוץ באַשרייבונגען וועגען דעם פּאָגראָם און דאָס אויך פון אַ צווייטער האַנט.

מיר האָבען זיך געווענדעט צו אונזער חשוב'ן חבר, דר. מ. זילבערמאַן, אין באָסטאָן, מאַסאַטשוזעטס, קלערענדיג: אפשר ער

— אַ שריפטשטעלער, אַ יודע ספר — ווייסט עפּעס מכוח דעם, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער ווייסט גאָרניט וועגן דעם ענין.

מיר האָבען זיך דורכגעשריבען מיט נאָך לאַנדסלייט אויסער ניו יאָרק. אַלע האָבען אונז געענטפערט, אַז זיי קענען וועגן דעם ענין גאָרניט שרייבען.

מיר האָבען זיך געווענדעט מיט דעם ענין און מיט נאָך אַנדערע ענינים דירעקט קיין פּעלשטין. נאָך לאַנגען וואַרטען האָבען מיר באַקומען פון פּעלשטין אַן אומדירעקטען ענטפער, אַז דאָס וואָס מיר פאַרלאַנגען פון פּעלשטינער צו באַשרייבען קען קיינער וועגן דעם ניט שרייבען און קיינער וועט מיר ניט שרייבען.

עס זעהט אויס, אַז פּעלשטין האָט מורא געהאַט זיך צו באַטייליגען אין דער אַרבייט פון שאַפען דאָס בוך. די אורזאַכע דערפון איז אומפאַרשטענדליך פאַר אונז...

מיר האָבען ספּעציעל אַנגעשטעלט אַ חשוב'ן מענשען מיט'ן נאָמען י. ליפשיץ, אַ פּעהיגער און געלערענטער יונגערמאַן, אַז ער זאָל נאָכזוכען אין פאַרשיידענע שפּראַכען, אפשר וועט ער עפּעס געפינען איבער דער געשיכטע פון פּעלשטין.

פאָלגענדען ענטפער האָבען מיר באַקומען פון דעם הער י. ליפשיץ:

חשוב'ער מר. בוים:

מיר טוט זייער לייד אייך צו אינפאָרמירען, אַז פאַר מיר וועט זיין אוממעגליך צו שרייבען אַ היסטאָרישע אָפּהאַנדלונג וועגען אייער שטעטעל. איך האָב אָפּגעגעבען אַ סך צייט — אַ סך מעהר ווי איר קענט זיך פאָרשטעלען — און איבערגעגאַנגען אַלע ווערק אין רוסיש, פּויליש, דייטש, אידיש און העברעאיש, וואָס איך האָב געקענט קריגען אין היגע ביבליאָטעקען און ניט געפונען גענוג מאַטעריאַל צו קענען אַזאַ אַרבייט שרייבען. און מאַכען פון שניי גאָמעלקעס, וויל איך ניט.

וועגען דעם שטעטעל אַליין קען מען נאָר עפּעס צוזאַמענשטעלען, נאָר וועגען די אידען פון אייער שטעטעל, איז מיט'ן אויסנאַם פון עטליכע פאַרביילויפענדיגע באַמערקונגען כמעט גאָרניט באַקאַנט.

גלויבט מיר, אַז מיך פאַרדריסט ניט ווייניגער פון אייך.

מיט דרך ארץ,
י. ליפשיץ

דעם 12טען אָקטאָבער, 1935.

פון טיפען האַרצען דאַנקען מיר פריינט י. ליפשיץ פאַר זיין אָנשטרענגונג וואָס ער האָט געמאַכט און פאַר דער צייט וואָס ער האָט אַוועקגעגעבען גאַנץ אומזיסט.

מען האָט אונז געראַטען זיך צו ווענדען צום אידיש-וויסענ־שאַפטליכען אינסטיטוט אין ווילנע, טאָמער ווייסט דער אינסטיטוט עפּעס וועגען דער אַלטער געשיכטע פון פעלשטין.

האָבען מיר זיך געווענדעט אהין צום חשוב׳ן הער זלמן רייזען, און האָבען באַקומען דעם פאָלגענדיגען ענטפער:

סעפּטעמבער 13, 1934

צום פעלשטינער בוד־קאָמיטעט, ניו יאָרק.

זעהר חשוב׳ע פריינט!

אונזער ענטפער אויף אייער אָנפרעג האָט אזוי לאַנג געדויערט, ווייל מיר האָבען ארומגעזוכט ביי אונזערע היסטאָריקער מאַטעריאַלען איף דער טעמע וואָס אינטערע־סירט אייך. וועגען דער עלטערער געשיכטע פון פעלשטי׳ האָבען מיר ליידער קיין שום ידיעות ניט געקענט קריגען. נאָר דער סעקרעטאַר פון אינזער היסטאָרישער סעקציע, פּ׳ א. טשעריקאָווער שרייבט אונז, אַז ביי אים איז פאַראַן מאַטעריאַל וועגען די פּאָגראָמען אין פעלשטין אין דער צייט פון בירגער־קריג איי רוסלאַנד. אויב אייך אינטערעסירט דאָס, קענט איר זיך ווענדען דירעקט צו אים. זיין אַדרעס איז:

מיט פריינטליכע גרוסען,

זלמן רייזען

אַ האַרציגען דאַנק זלמן רייזען פאַר זיין מי און טרחה.

צו לעצט האָבען מיר זיך געווענדעט צו אונזער זעהר חשוב׳ן און באַליבטען חבר שמואל לאַנדוי וועגען דעם ענין און ער האָט אונז צוגעשיקט פאָלגענדען ארטיקעל איבער דער געשיכטע פון פעל־שטין.

שמואל לאנדוי

# ווי אַלט איז דער אידישער ישוב אין פּעלשטין?



געווים נעם איך זיך ניט אונטער צו באַווייזען היסטאַריש־דאָקומענטאַל ווי אַלט דער אידישער ישוב אין פּעלשטין איז היינט צו־טאָג. איך בין יעצט צו־ווייט פון די היסטאַרישע קוואַלען, פון וועלכע מען וואָלט געקענט שעפּען גרינטליכע געשיכטליכע באַווייזען דורך דאָקומענטען און אפילו דורך גראַבונגען, אויף וועלכע די באַלשעוויסטישע רעגירונג איז תמיד גרייט אַרויסצוגעבען אַן ער־לויבניש. יאָ, מען וואָלט געקענט באַווייזען גרינטליך, מיט אייזען־פעסטע באַווייזען, אַז דער פּעלשטינער אידישער ישוב איז אַלט, לערך, אַכט הונדערט יאָר. ליידער, איז מען צו ווייט פון דאָרט. דאַרום וועל איך זיך מוזען באַנוגענען בלויז מיט פּאַרשיידענע מעשות, וועלכע געהען אַרום אין פאָלק — מעשות אידישע און קריסטליכע, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט אין דער אַלטער היים.

ווען איך בין געווען אַ פּאַרשער, אַ זוכער און אַ נישטערער, אין דער היים נאָך, האָב איך מיט נאָך מענשען, וועלכע האָבען געהאַט אַ חוש פאַר פאָרשונג, אונטערזוכט דעם עלטסטען בית־עלמין אין פּעלשטין — דעם בית־עלמין, וואָס איז ניט ווייט פון וואָ־לאָסטנאָיע אופּראַוולעניע. האָבען מיר דאָרט געזען אַלטע מצבות, שוין שטאַרק צעשעדיגטע: די שריפט אָפּגעריבען פון אַלטקייט, ניט איבערצולייענען. איין מצבה, וועלכע מיר האָבען יאָ געקענט אי־בערלייענען אויף איר דעם דאַטום, איז געווען פון שנת תנ״ו, דאָס מיינט, 239 יאָר אַלט.

איז אָבער דער דאָזיגער בית־עלמין ניט דער עלטסטער אין פּעלשטין. אַלע עלטערע פּעלשטינער אידען, וועלכע געפינען זיך היינט צו־טאָג דאָ אין אַמעריקע, דאַרפען געדענקען, פּונקט ווי איך

געדענק, דאָס ווען מען האָט אויף דעם פּלאַץ, וואו די אַלטע „פּאָליציע" איז געשטאַנען, געבויט יהודה-איצי סטערניק'ס דירה, אויך דעם אַפּטייקער באַדזינקע'ס דירה, אויך ראובן סטאַסע'ס דירה, געבויט אויף אַ ליניע, פון לערך 200 סאַזשען די לענג, האָט מען דעמאָלט, גראָבענדיג די פונדאַמענטען, געפונען אויף דעם גאַנצען שטח, מענשליכע ביינער: שאַרבענס, און צוואָרפּענע מענשליכע סקעלעטען. די דאָזיגע סקעלעטען זיינען שוין געווען ווייט, ווייט אין אַ צעפוילטען צושטאַנד. מענשען מיט אַ חוש פאַר פאָרשונג, ווי, למשל, דער דעמאָלטדיגער אויעזדנער דאָקטאָר פון פּראָסקוראָוו, די פעלשטינער אינטעליגענץ מיט הרב ר' ישראל קי-טעווער בראש, האָבען געזאָגט, אַז עס איז מער ווי זיכער, אַז דאָרט איז אַמאָל געווען אַ אידישער בית-עלמין — אַן אור-אַלטער.

די טיפקייט אין דער ערד, וואו מען האָט געפונען די ביינער — דריי מאָל אַזוי טיף, ווי אַ געוויינליכער קבר — ווייזט, אַז פון לאַנגע, לאַנגע צייטען האָט זיך אָנגעשאָטען אַ גראָבער שיכט ערד. אויך לויט דעם צושטאַנד פון די ביינער, פילע שוין צעשטויב-טע, קען מען דרינגען, אַז דער בית-עלמין איז שוין אַריבער 500 יאָר אַלט. אויך האָט מען געקענט ציען אַ שלוס, אַז ס'איז נאָר אַ אידישער בית-עלמין דאָרט געווען, ווייל מען האָט געפונען גלייך-געטעסעטע, אָבער צעבראָכענע שטיקער שטיינער אַזוי ווי מצבות, כאָטש קיין שפּור פון בוכשטאַבען אויף איבערצולייענען איז ניט געווען.

איז אָבער דאָס נאָך ניט אַלץ.

אַלע פעלשטינער ווייסען, דאָס אויף די פעלשטינער פעלדער, ביי אַ דריי וויאָרסט פון שטאָט, וואו מען פאָרט צום פעלשטינער סטעפּ, דורך פּאַרטשעווסקי'ס פּאָלוואַריק, געפינט זיך אַ שפּיציגער בערגעל, וועלכען מען דערקענט, אַז דאָס איז ניט קיין נאַטירליכער בערגעל, נאָר אַ אָנגעשאָטענער. און עס סטאַרטשען אַרויס, פון דעם בערגעל, דאַ און דאָרט לענגליכע, געטעסעטע, אָפּגעריבענע פון אור-אַלטקייט, שטיינער — מצבה שטאַלטיגע. די פּריצים, אויך די פּויערים לאָזען זיך צו דעם בערגעל ניט צורירען מיט קיין לאָ-פּאַטע און מיט קיין אַקער אייזען, ווייל זיי טענה'ן, אַז דאָס וועט זיין אַ חילול-הקודש. זיי זאָגען, אַז דאָס איז אַ ברודער-קבר פון אומגעקומענע אידען בעת דער שוואַרצער פּעסט, וועלכע האָט געבושעוועט אין אייראָפּע אין דרייצענטען יאָרהונדערט. אויך זאָ-גען די פּויערים, אַז זיי האָבען דאָס בקבלה איש מפּי איש פון טאַטע

צו זון, און אזוי האָט אַמאָל געזאָגט דער אַלטער פּריץ זילנעצקי. אַז אויך ביי די גראַפען מאָסלאָווסקי, ביי וועלכע זילנעצקי איז געווען אַן איידעם, און וואָס צו אים האָט באַלאַנגט פעלשטין, הונדער־טער און הונדערטער יאָרען,—אַז ביי די גראַפען אין די הויף־ביכער איז פאַרשריבען דאָס בערגעל פאַר אַ ברודער־קבר פון אידען, וועל־כע זיינען אומגעקומען אין דער צייט ווען די שוואַרצע פעסט האָט געבושעוועט אין אייראָפּע; דאָס איז מיט 700 יאָר צוריק. די קרים־טען שוינען און האַלטען ערליך דעם ברודער־קבר און לאָזען זיך צו אים ניט צורירען. זיי גלויבען, דאָס אויב מען איז מחלל אַ קבר, ווער שמועסט, א ברודער־קבר, שאַדט דאָס צום וואַקסען פון תבואה; עס קומט דערפאַר אַ הונגער אויף דער וועלט.

עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, דאָס אויך דערנעבען פעלשטין געפינט זיך אַ דערפעל ביי אַ 4 וויאָרסט ווייט, מיט דעם נאָמען — נפתליוזקע. אויך דערנעבען גריידינג געפינט זיך אַ דאָרף גרשוניוזקע. דער גאַנצער שטח ערד האָט אַמאָל באַלאַנגט צו די פּוילישע גראַפען מיט דעם נאָמען מאָסלאָווסקי, וועלכע האָבען געוואוינט אין פעלשטין. צוריק מיט אַ 300 יאָר האָט דער גראַף באַזעצט זיינע הויפס־שליאַכטען, אויף אַ שטח ערד ניט ווייט פון פעלשטין, האָט ער דאָס דאָרף אַ נאָמען געגעבען נפתליוזקע, אויף דעם נאָמען פון אַ ניי־געבוירענעם זון ביי אַ פעלשטינער אי־דען, וועלכער איז ביי אים געווען אַ גרויסער חשוב. אויך איז דער איד געווען רייך, און אויך דאָס דאָרף גרשוניוזקע איז געווען אויף דעם נאָמען פון דעם אידענס צווייטען זון, וועלכער האָט געהייסען גרשון. די דאָזיגע צוויי דערפער זיינען שוין אַלט ביי דריי הונדערט יאָר, און רופען זיך זינט דאַן מיט די דאָזיגע אידישע נעמען. און די משפחות פון דעם אויבען־דערמאַנטען נפתלי און גרשון, געפי־נען זיך נאָך היינט צו־טאָג אין פעלשטין, אָדער ערגעץ אַנדערשוואו, דאָס איז די משפחה פון די סאָשטשינעס און די לאָפּאַטינס. ס׳איז געווען ביי אונז אין פעלשטין אַ חיים סאָשטשין, האָט מען אים גערופען חיים נפתלי־קעס, ער האָט געשטאַמט פון יענעם נפתלי. אויך איז געווען ביי אונז אַן אליעזר גרשונ׳ס. לאָפּאַטין איז געווען זיין פאַמילען־נאָמען. ער האָט געשטאַמט פון יענעם אויבען־דערמאַנטען גרשון.

פּנקסים אַלטע איז אין פעלשטין ניט געווען. ווי אַלטע אידען האָבען מיר איבערגעגעבען, זיינען אין פעלשטין געווען צוויי גרויסע שריפות, איינע איז געווען צוריק מיט 200 יאָר, און די צווייטע

— צוריק מיט 120 יאָר. אין די שריפות זיינען פאַרניכטעט געוואָרען פילע פנקסים, שולען און בתי־מדרשים און אויך פילע אלטערטימליכ־קייטען. געגוג, גענוג האָט זיך שוין אונזער ליבע שטאָט פעלשטין, די אָרימע פעלשטין, אָנגעליטען פון די מקרה'ס פון דער צייט. זאָל שוין פון יעצט אָן און ווייטער, גאָט האַלטען זיין רעכטע האַנט צו־גוטען איבער פעלשטינער אידען, וואו זיי וועלען זיך קערען און ווענדען. אמן.



# באַמערקונג

צו אונזער שמואל לאַנדוי'ס באַשרייבונג איז ניטאָ וואָס צו צוגעבען. נאָר באַשטעטיגען קענען מיר אז ס'איז זעהר מעגליך אז פעלשטין שטעהט אויף קברים. מיר און פיל פון אונזערע חברים האָבען דאָס מיט די אייגענע אויגען געזען.

מיט פיל יאָרען צוריק איז אָראָפּגעקומען אויף דעם יאַריד ראַכ־מאַנסקי אַ דראָטען־געהער. צו פאַרציען דעם דראָט האָט ער געמוזט אריינשטעלען טיף אין דער ערד צוויי הויכע סלופּעס . האָבען גוים — דעם דראָט־געהערס באַהעלפערס — גענומען גראָבען צוויי גריבער אונטער דער „היסטאָרי"־געביידע. דאָרטען האָבען זיי אויס־געגראָבען ביינער און שאַרבענס פון מענשען. אידען און קינדער האָבען זיך אַרומגעשטעלט און זיך געוואונדערט. אונזער גרויסער און קלוגער מלמד „לייב־רייזע'ס" ע"ה האָט גענומען אין האַנט אריין איינעם פון די שאַרבענס און אים באַטראַכט ... קאַלונטשוק, דער אוריאַדניק איז אָנגעלאָפען און געכאַפּט זיך זידלען דעם פּאָט־ריאַך, אונזער לייב־רייזע'ס : „טי אַבראַזאַוואַנע טשעלאָוועק ? !" דאָס איבעריגע וואָס ער האָט געזאָגט קען מען שוין אויף פּאַפּיר נים אָנשרייבען.

די גראָבער האָבען די ביינער מיט די „ריסקאַליעס" צעהאַקט, ווייל די ביינער האָבען זיי געשטערט אין דער אַרבייט און מען האָט די סלופּעס אַריינגעשטעלט אויף די קברים, און דער קונצען־מאַכער איז געגאַנגען אויפ'ן „קאַנאַט". אַ קאָמעדיאַנט האָט זיך משוגע געמאַכט אונטער'ן דראָט, געשראָקען דעם עולם, אַז אָט־אָט פאַלט דער דראָטען־געהער אַראָפּ. דער דראָטען־געהר האָט

אים געהערט ווי דעם קאַטער... דאָס בילד איז מיר איינגעקריצט אין זכרון.

יאָ, ווי עס זעט אויס, שטעהט פעלשטין אויף קברים און אפשר טאַקע אויף אידישע קברים, ווי שמואל לאַנדוי דענקט. אָבער וואָס איז דער חילוק: דער קונצען-מאַכער טאַנצט אַ קאָזאַצקע אויפ׳ן דראָט; די פויערים לאַכען... אידען מיט בערד און פאות — ווער ווייסט וואָס זיי דענקען? און לייב-רייזע׳ס קוקט אויף דער ערד וואו דער סלופּ שטעהט איינגעגראָבען און טראַכט וועגען שאַרבען... וואָס טראַכט ער?... ווי אַלט פעלשטין איז?...

**י. ב.**



## יצחק אייזיק

# א בליק אויף פעלשטין



צווישן פלאַכע פעלדער און גרינע לאַנקעס, דאָ און דאָרט אַ בערגעל, ערטערווייז ברייטע טאָלען, דורך וועלכע עס שלענגלען זיך קלאָרע, שמאָלע וואַסערלאַך, געפינט זיך אונזער אָרים שטעטעל פעלשטין.

אין מערב זייט פון דעם שטעטעל איז דער אַריינפאָר באַרג־אַראָפּ, צווישן ליימענע, ווייס־געקאַלכטע כאַטקעס, מיט גערטנער, מיט אַלערליי פרוכט־בוימער, ארומגעצאַמט מיט הילצערנע פלויטן. אין אָט דעם געגנט פון שטעטעל וואוינען מערסטענס די שטעטעלשע קריסטען, ערד־ארבייטער. זיי האָבן שטענדיק געהאַט חיונה. ניט ווי מיר, אידישע איינוואוינער, וואָס האָבן געלעבט פון ווינט...

אַריינפאָרענדיק דורך דער מערב־זייט, ציט זיך דער וועג אין שטאָט אַריין — ווי שוין געזאָגט — באַרג אַראָפּ וואו די פערדלאַך מיט די טאַראַדייקעס לאָזן זיך ראַפּטאָם אַראָפּ אין טאָל אַריין איבער דעם שמאָלן בריקעל וואָס לעבן „קובאַס" מילכעל אַזוי, אַז מען מוז זיין זעהר פאָרזיכטיג ניט צו קומען אין צוזאַמענשטויס מיט אַ פור וואָס טראָגט זיך אויך באַרג־אַראָפּ צו דער בריק, פונקט אַנטקעגען אייך פון שטאָט ארויס.

איבערלאָזענדיג הינטער זיך דעם טייל פון שטעטעל מיט די גוי'אישע כאַטעס, וואו עס געפינט זיך דער פעלשטינער „וואָלאָסט", פאָרט מען איבער אַ שמאָלן בריקעל. רעכטס פון בריקעל זיל־בערט זיך דאָס פעלשטינער טייכעל, דער „סמאָטריטש", וואָס ציט זיך אויף צענדליגער מיילען. פון דעם דאָזיגען טייכעל, זאָגט מען, איז היינט כמעט ניט פאַרבליבען קיין זכר, ווי עס וואָלט דינען אלס סימבאָל צו אלע אַנדערע קוואַלען פון אידישען לעבען, וואָס האָבען

אַנגעוואָרען זייער יניקה און ענדליך איינגעשרומפּען און אויסגע-טריקענט געוואָרען...

אויף דער לינקער זייט פון דעם בריקעל שטעהט אַ מילכעל — אויב עס שטעהט נאָך — און עס דרעהט זיך און רוישט אַ גרויסער מיל-ראָד און צעשטויסט אויף מיליאָרדען טראָפּענדלאַך דאָס וואַסער, וואָס רינט נאָכדעם אָפּ אין אַ ריטשקע דורך אַ שטענדיג-פייכטער, גרינער לאָנקע, וועלכע מען רופט אָן „אַבאַלאָניע".

אויף דער דאָזיגער אַבאַלאָניע האָט מען אָפט געקאָנט באַמער-קען אַ אידיש קינד, אַ מיידעלע אָדער אַ בחור'ל, מיט אַלטע אָפּגע-בליאַקעוועטע בגדים'לאַך, האַלטענדיג אויף אַ שטריקעל אַ ציג אָדער אַ קו, וואָס האָט זיך געפּיטערט גאַנץ געמיטליך, געווים מיט'ן חסד פון די ארומיגע גויים אדער פון שטאָט-פּריץ, וואָס האָבען געקוקט מיט ביטול אויף די קליינינקע זשידקעס מיט זייער „כאָ-דאָבע".

אויף דער צווייטער זייט פון בריקעל, וואָס צום שטאָט צו, ציען זיך צוויי ציילען אידישע שטיבלאַך, איינס גרעסער, איינס קלענער, איינס נידעריגער, איינס העכער, ווי זיי וואָלטען געשטאַ-נען אויף טרעפּ און די טרעפּ וואָלטען זיין איבערגעשניטען און פאַנאַנדערגערוקט אין צוויי טיילען און צווישען די צוויי טיילען אַ חלל. דער חלל, דאָס איז דער וועג באַרג אַרויף וואָס פירט אין שטאָט אַריין. דער חלל איז טאַקע אַ דורכגעשניטענער באַרג. אַרויפפאָרען דעם באַרג, ווי ער איז אַמאָל געווען, מיט אַ פערד און וואָגען, וואָלט מען ניט געווען געקענט, און ווי עס זעט אויס, איז דער אַריינפאָר אין שטאָט אַריין, אַמאָל געווען, טאַקע גאָר אַן אנדערער און אויך אַ פאַרדרעהטער. און אפשר איז אויף דעם הויכען טייל פון שטאָט, אין די אַלטע צייטען, נאָך גאָר קיין שטאָט ניט געווען.

ווען און ווער עס האָט דעם באַרג אויסגעשניטען, איז אונז אויך ניט באַקאַנט, ווי עס איז אויך ניט באַקאַנט ווען און ווער עס האָט געבויט די גרויסע צוויי מויערען, אין מארק, וועלכע האָ-בען אין אונזערע צייטען שוין געהאַלטען אין איינפאַלען... אויך ווייסען מיר ניט ווען אונזער גרויסע, שעהנע פעלשטינער שול איז געבויט געוואָרען.

ווען איר פאָרט צווישען די צוויי הויכע, ליימענע ווענט, פון וועלכע עס שיט זיך דאָס ליים, ווען ס'איז טרוקען, און רינט אַראָפּ מיט'ן רעגען, ווייזט זיך אויס, אַז עס וועט באַלד ניט בלייבען קיין

„סטעזשקא" פאַר אַ דורכגאַנג. און ווען איר קוקט אויבען אויף די אידישע שטיבלאך, וואָס שטעהען אויף די ברעגען פון די ווענט, טראַכט איר זיך, ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג, אַריין אין דער עפּאָכע ווי אויך אינ'ם מצב פונ'ם אידישען פאָלק אין די גאַר גרויע צייטען. און עס קומט אייך אויף דער מחשבה — אַז ניט אַנדערש, נאָר אַן עת־צרה, אַן אומגליק האָט עס געצוואונגען די אידישע משפחות צונויפזאַמלען זיך, צוזאַמענדריקען זיך אויף אַזאַ אומבאַקוועמען, באַגרעניצטען שטח, ווי איר זעט פאַר אייערע אויגען.

צי ס'איז דאָ אויף וואָס צו חידוש'ן זיך צי ניט — דאָס איז פעלשטין.

אַ שטעטעל פול מיט אידען. אידען מיט מעלות און חסרונות, אידען וואָס טראָגען זיך אַרום מיט חלומות, מיט ברייטע לעבענס־אַנשויאונגען, אידען וואָס זיינען, בדרך כלל, געניוגט אין כאַראַק־טער צו די דורות וואָס האָבען געפירט מחלוקות'ן צווישען זיך לשם שמים און זיך געאָפּפערט איינער פאַר'ן צווייטען ממש ביז סכנות־נפשות — און אויך אידען — מענטשעלאך — מיט קליינע השגות און מאָדנע פּרעטענזיעס.

פון אויבען אויף זעט פעלשטין אויס צו זיין אַ שטעטעל, אַזוי ווי אַלע אַנדערע אוקראַאינער שטעטלאך. דאָס איז אָבער נאָר פון אויבען־אויף. וואָרים ווערענד די מערסטע שטעטלאך — לאָמיר אָננעמען אפילו נאָר אין פּאָדאָליע — זיינען כמעט אָפּגעריסען פון דער אַרומיגער וועלט, איז אָבער פעלשטין פולשטענדיג אַרומגע־רינגעלט מיט אַ גאַנץ היבשער קריסטליכער באַפעלקערונג פון אוקראַאינער פויערים, רוסען און פּאָליאַקען. איבערהויפּט דער דרום־מערב'דיגער טייל וועלכער טראָגט דעם נאָמען „אורבאַניוווקע".

אָנהאַלטענדיג דעם גאַנג באַרג אַרויף, פאַרנעמט זיך דער וועג צום מזרח זייט און פירט אַריין אין אַ סאָרט „עגול" מיט אַ גאַנץ היבשער צאָל קראָמען און קלייטלאך מכל המינים, וואָס ציען זיך אין דריי זייטען, ווי אַ חת, מיט הילצערנע בודקעס און אַלערליי שטעלעכלאך אין סאַמע צענטער, וועלכע זיינען געווען אַ דערוויילִיגע זאַך. ווי אויף הינערשע פיסלאך „בבחינת המ"ם וסמך שבלוחות בנס היו עומדין". זייער עקזיסטענץ האָבען זיי געהאַט צו פאַרדאַנקען אַ „גוטען" פּריסטאַוו, אַ כאַבאַרניק וועמענס האַנט ס'האָט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט פאַרמאַכען, מחמת די אייביגע

פּראָטעסטען מצד איינציגע קרעמער, וועמען די דאָזיגע בודקעס זיי־
נען געשטאַנען ממש ווי אַ ביין אין האַלז.

אָט דער סאָרט עגול האָט געהייסען „פּעלשטינער מאַרק״, אויף
וועלכען די מערסטע צאָל תושבים פון שטעטעל האָבען געלעגט
אלע זייערע האָפנונגען אויף חיונה פאר זיך און זייערע בני־בית און
גלייכצייטיג גע׳חלום׳ט פון שטיקלאך „נדן״ פאַר זייערע דערוואַק־
סענע טעכטער...

שטעלען מיט סחורות מכל המינים זיינען, בשעת הדחק, אַוועק־
געשטעלט געוואָרען אין אַלע מעגליכע און אוממעגליכע פּלעצער.
בכן איז קיין וואונדער ניט וואָס מאַנכע אידען האָבען זיך — און
אפשר מיט רעכט — באַנוצט מיט פּאַרטרעפליכע געלעגענהייטען
און דורך פאַרשיידענע תחבולות איז זיי דאָך געלונגען כלאחר יד
אויפצושטעלען אַ רייע בודקעס אין סאַמע צענטער, וואו דער האַנ־
דעל האָט זיך מערסטענטייל קאָנצענטרירט. און די טענות מצד
די קרעמער, די אַזוי גערופענע „בעלי החזקה״, געגען די בודקעס,
אַלס אַ צו׳להכעים׳דיקע זאַך בכיוון אַריינצוקריכען יענעם אין די
גרגרת, האָבען לחלוטין ניט געהאָט קיין זינען און זיינען מהאי טעמא
דורכאוים פאַלש.

אגב אורחא איז כדאי צו באַמערקען, אַז אויף די פּעלשטינער
יאַרידים איז דאָס שטופּעניש און די ענגשאַפט אין די קלייטלאך
געווען ממש אין לשער... און דאָך זיינען אפילו די קרעמער, מיט
עטליכע אויסנאַמען, געווען אָרימע אידען...

דער דאָזיגער פּעלשטינער מאַרק האָט זיך אויסגעצייכענט
מיט צוויי אויסערגעוויינליכע גרויסע מויערען לגבי די קליינע
שטיבלאַך. אָט די מויערען האָבען, אַ חוץ אייניגע וואוינונגען, אויך
געהאַט אַ באַדייטענדע צאָל קראָמען און קלייטלאַך.

די דערמאָנטע געביידעס זיינען געווען צוויי גאָרענדיגע מוי־
ערען מיט גראָבע ווענט — הגם זיי האָבען שוין אָנגעהויבען איינ־
צופאַלען. די געביידעס האָבען געטראָגען דעם נאָמען „היסטאָרי״.
וואָס עפּעס „היסטאָרי״, ווען היסטאָרי, און ווער האָט זיי געקרוינט
מיט אַזא שעהנעם נאָמען? דאָס האָט קיינער ניט געקענט ערקלע־
רען מיט זיכערקייט.

און היות אַזעלכע סאָרטען געביידעס זיינען בנמצא אויך אין
די מיטעל־פונקטען פון אַנדערע אוקראַינער שטעטלאַך, דרינגט
מען דערפון, אַז אַזעלכע „בנינים״ לויט זייער געבוי און אַרכיטעק־
טור מיט זייערע גראָבע ווענט, רונדע סקלעפּעס, זיגזאַגישע קע־

לערען, האָבען אודאי געמוזט שפּילען אַ גאַנץ באַדייטענדע ראָלע בימי דער פּוילישער ממשלה און האָבען, בלי ספק, געדינט פאַר אַ סאָרט ראַט־הויז. און דאַרום „היסטאָרי״...

ווען די אַריסטאָקראַטישע פּריצים זיינען באַזיגט און דערני־דעריגט געוואָרען פון די קאָזאַקען און מאָסקוויטער, האָבען, אגב אורחא, אַט די סאָרטען געביידעס אָפּגעלעבט זייער נוצליכקייט און זיינען דאַרום פאַרדונגען אָדער פאַרקויפט געוואָרען צו די אידען, און די אידען האָבען שוין, אונטער די אומשטענדען, געפוּ־נען אַ וועג אויף צו ציען די פולע נוצען פון אַזעלכע געביידעס. זיי האָבען געבראָכען ווענט, איינגעאָרדענט דירות און געבויט קליי־טען, וועלכע האָבען אַריינגעבראַכט הכנסה פאַר זיך און אויך פאַר פילע אַנדערע פון דער געמיינדע.

דאָס רוב אידישע באַפעלקערונג פון׳ם קבוץ האָט זיך קאָנצענ־טרירט אין דעם דרום׳דיגען טייל. דער אידישער ישוב האָט זיך געענדיגט ניט ווייט פון׳ם אַמאָליגען טייך וואָס האָט ווי בכיוון פאַנאַנדערגעטיילט צוויי טיילען פון דער באַפעלקערונג — די אידען און די קריסטען.

דער חלק שטאָט, ניט קוקענדיג אויף זיין היבשען פאַרנעם, האָט קיין אַנדער נאָמען ניט געהאַט ווי „אונטער־גאַס״. פאַרוואָס עפּעס אונטער־גאַס? אויף דעם זאָל מען קיין קשיות ניט פרעגען. משמעות, אַז אין יענע צייטען זיינען נעמען ניט אָפּגעשאַצט גע־וואָרען לויט זייער באַדייטונג, נאָר זיינען ממש אַרויסגעשפּרונגען פון דער העלער הויט. אַט האָט עמיצער עפּעס געזאָגט, דער צוויי־טער נאָכגעזאָגט, דער דריטער אונטערגעכאַפּט, און אַזוי, כהרף עין, איז אויסגעוואַקסען אַ נאָמען און איז ווי אַ מזמור געגאַנגען מפּה אל פּה.

ווערענד אין די איבעריגע טיילען פון׳ם ישוב זיינען די גאַסען מער־ווייניגער פּלאַנמעסיג און ציען זיך מכלומר׳שט אין אַ געוויסען סדר, וואו מען קען עס זען פון די מאַרק גאַסען און אפילו אין גרי־נעם געסעל, קען מען דאָס אָבער ניט באַמערקען אין אונזער „אונטער־גאַס״. די אונטער־גאַס איז אַ מיש־מאַש פון הייזער און שטיבלאַך אָהן שום סדר, אָהן דער מינדסטער פּרעטענזיע אויף אַרכיטעקטור אָדער געשמאַק. משמעות, אַז די אונטער־גאַס האָט זיך, לכל־הדעות, געמוזט בויען די ערשטע און די באַלעבאַטים האָ־בען, אין תהו ובהו, זיך ניט אָפּגעגעבען קיין שום רעכענונג. מען

האָט גלאַט אַזוי געבויט, וואו ס'האָט זיך געלאָזט. מען האָט גע־וואוסט, אַז אַ איד דאַרף האָבען אַ דירה, ניט מער.

און היות די אַזוי גערופענע „אונטער־גאַס" האָט אַריינגענומען דעם רוב מנין ובנין פון'ם קבוץ,' איז דאַרום קיין וואונדער ניט, וואָס דאַרטען האָבען זיך געפונען די מערסטע מקומות קדושים. דהיינו: די גרויסע שול, דאָס בית־מדרש, די זינקעווער קלויז און אויך, להבדיל, דאָס מרחץ — די פעלשטינער באָד, וואָס האָט, לויט פילע פעלשטינער אידען, געהאַט אַ שם אפילו אין ווייטע מקומות.

וואָס די מעלות זיינען געווען אין דער באָד און מיט וואָסערע באַקוועמליכקייטען די פעלשטינער באָד האָט זיך בכלל אויסגע־צייכענט לגבי אַנדערע קליינשטעטעלדיגע בעדער, פרעגט אונז בחרם: מיר ווייסען ניט עד היום. די באָד איז אָבער געווען ביים פעלשטינער אידען טייער ווי זיין לעבען.

אויף מזרח זייט פון שטעטעל ציען זיך צוויי פלאַכע שליאַכען, איינער קיין יאַרמעלינעץ, דער צווייטער קיין פראָסקוראָוו. די צוויי שליאַכען ציען זיך אונטער'ן שאָטען פון געדיכטע הויכע בוימער, פאַרביי דעם פריצ'ס הויף פון איין זייט, און די אויסגעקאָלעכטע כאַטקעס פון דער „שענזשיוקע" אויף דער צווייטער זייט, איינ־שליסענדיג די „דריי הייזער" — דריי אידישע הייזער אויסען שטאָט, האָט מען זיי אָנגערופען די „דריי הייזער".

פאַרביי דעם דאָקטאָר נאַזאַרקעוויטש'עס הויף מיט זיין באַ־רימטען „סאָד", וואָס די פרוכטען זיינע זיינען געווען, באמת אַ זעלטענהייט פאַר דער זשעדנער יוגענט. בחורים און מיידלאַך פלעגען געהן אום שבת, בגנבה, קויפען פאַר אַ פאָר קאָפּיקעס עפּעל, באַרען, פלוימען אָדער אַגרעסען און זיי טאַקע אויפגעגע־סען אין סאָד.

די שליאַכען ציען זיך פאַרביי דעם גרויסען קאַטוילישען קלויסטער און פאַרביי דער פראַכטפולער פאַנאָראַמע פון'ם „קסיאָנדז'ס" הויף, וואָס דרעמעלט אויף אַ באַרג איינגעטונקען אום זומער אין אַ געדיכטער מאַסע פון שעהנע און דופטיגע בלומען און פאַרשיידענאַרטיגע בוימער; דעם קאָפּ מוז מען פאַררייסען צו דערזען ווי די בוימער הענגען כמעט ווי אין דער לופטען.

# באַמערקונג

לעבען קסיאָנדז׳ס הויף איז מיט אַ יאָר פערציג צוריק געווען אַ שפּאַציר-גאַנג, וואו די אידישע יוגענט האָט אין די אָווענטען און שבת נאָכ׳ן טיש געלופטערט זיך און אויך די רוסישע שפּראַך. אויף איין זייט פון דעם שפּאַציר — אויפ׳ן באַרג — האָט זיך געדרעמעלט דעם קסיאָנדז׳ס הויף. אויף דער צווייטער זייט זיינען געשטאַנען טיף-פאַרוואָרצעלטע בוימער פון אוראַלטע צייטען, פון ריזיגען וואוקס. יונגוואַרג פלעגט — שבת-פאַרנאַכט — וואַגען אַרויפקלע-טערען אויף דעם באַרג צו כאַפּען אַ קוק אין הויף אַריין.

שבת-פאַרנאַכט, ווען דער קסיאָנדז איז ניט אַרויסגעפאָרען מיט זיין קאַרעטע — ווי ער פלעגט דאָס טאָן כמעט יעדען פאַר-נאַכט — פלעגט ער אַרומשפּאַצירען אינווייניג צווישען די בוימער. ווען ער האָט אַמאָל באַמערקט די אידישע בחורים׳לאַך פון יענער זייט פּאַרקען, פלעגט ער זיך בייזערען און זיי פאַרטרייבען. די בחורים׳לאַך האָבען זיך ווי געוויינליך אַראָפּגעשאָטען פון באַרג ניט טויט, ניט לעבעדיג...

איינמאָל, אין אַ שעהנעם זומער טאָג, זיינען זיך פּלוצים צו-זאַמענגעקומען אָהן אַ שיעור פויערים און פויערטעס פון די אַרומיגע דערפער. זיי האָבען אויסגעהאַקט די ריזיגע בוימער, צעגראָבען דעם באַרג און פאַרשאָטען דעם שפּאַציר-גאַנג...

פונ׳ם שליאַך ביז אַרויף צום פּאַרקען האָט מען אָנגעשאָטען אַן ערדענע פּיראַמידען-וואַנט. די וואַנט האָט מען פאַרלעגט מיט פּירעקיכיגע, באַוואַקסענע שטיקער ערד, אויסגעגראָבען פון אַ גרי-נער לאָנקע, און צווישען יעדען פּירעקיכדיגען מיט גראָז באַוואַק-סענעם פלאַסט ערד, האָט מען אַריינגעקלאַפּט אַ פרישען ווערבע-פלאָקען וואָס האָט זיך טאַקע דעם זעלבען זומער נאָך צעשפּראָצט און אין די שפּעטערע זומערען צעוואָקסען זיך ווי באַ וואַסער...

און אַזוי האָט די פּיראַמידען-וואַנט, וואָס דער קסיאָנדז האָט פאַרפלאַנעוועט, געמאַכט אַ סוף צום קלעטערען פון די אידישע בחורים׳לעך און אויך צום פעלשטינער אמת שעהנעם שפּאַציר-גאַנג.

י. ב.

## דר. י. קלינג

# פעלשטינער סאַניטאַר־צושטאַנד



אויב די באַדינגונגען — סאַניטאַרע, היגיעניִשע און מעדיציניִשע — זאָלען אָנגענומען ווערען ווי אַ ריכט־שנור פאַר דעם אַלגעמיינעם קול־טורעלען צושטאַנד פון אַ לאַנד אָדער שטאָט, מוזען מיר קומען צום אומ־פאַרמיידליכען שלוס, אַז מיין געבורטס שטעטעל, פעלשטין, איז געשטאַנען אויף אַ זעהר נידעריגער קולטורעלער מדרגה. איך מיין אין דעם פעריאָד אַרום סוף פון לעצטען יאָרהונדערט. איצט, אונטער דעם סאָוועטישען רעזשים, איז אפשר אויך ניט פיל בעסער.

די איינוואוינער פון שטעטעל האָבען געלעבט אונטער די שווידער־ליכסטע סאַניטאַרע און היגיעניִשע באַדינגונגען. פון די סאַניטאַרע און היגיעניִשע כּללים, וואָס ווערען אָפּגעהיט אין אַ ציוויליזירט לאַנד, האָבען זיי ניט אָנגעהויבען צו וויסען; און אויב אפילו זיי וואָלטען יאָ געוואוסט, וואָלט עס אויך ווינציג וואָס געווען געהאָלפען, מחמת דעם, וואָס עס איז ניט געווען דער ווילען, די מאַכט און די מעגליכקייט אַזוינע כּללים דורכצופירען.

סיי אין שטוב און סיי אינדרויסען, אויף דער גאַס, האָבען די מענ־שען געלעבט און געלאַכט אויף צו־להכעיס אַלצדינג, וואָס האָט די מינדסטע שייכות מיט פאַרהיטען דאָס געזונט. וואָלט אפילו זיך געווען געפונען אַזאַ משוגע'נער, וואָס ביי זיך אין שטוב וואָלט ער געוואָלט איינפירען אַ מי־נימום פון ריינליכקייט, וואָלט אים דאָס ווינציג וואָס געהאָלפען. דער גאַנצער אַ ר ו ם, די ס ב י ב ה, איז געווען נעגען אים.

די גאַסען און געסלאַך, מ'שטיינס געזאָגט — ניט ברוקירט און בלאָטיג. ווינטער איז נאָך געווען צו דערליידען. די ערד, אַ פאַרפרוירענע קאָרע, איז געווען האַרט, ווי שטיין. דער שניי האָט אַליין באַדעקט מיט אַ ווייס־געפרוירענעם מאַנטעל און פאַרשטעלט די אומריינקייט פון פאַר דעם אויג.

אָבער אין פרילינג און אין הארבסט, ווען די בלאָטעס האָבען זיך צעשפּילט, איז דאָס גאַנצע שטעטעל־לעבען געווען אַן אָפּקומעניש. די געדיכטע קלעפּיגע בלאָטע האָט דערגרייכט כמעט ביז׳ן גאַרטעל, און עס איז געווען אוממעגליך פאַר אַ מענשען זיך צו האַלטען ריין.

קיין ספּעציעלער אָרט פאַר מענשענס נויטיגסטע באַדערפעניסען איז ניט געווען בנמצא, און דעריבער האָט דער דרויסען פאַר דער טיר אָדער דער ווייטער דרויסען געדינט פאַר אַן אָפּטריט.

עס פאָדערט זיך ניט קיין גרויסע און רייכע פאַנטאַזיע זיך פאָרצו־שטעלען וואָס פאַר אַ ריינקייט עס איז מעגליך געווען אונטער אַזוינע באַדינגונגען.

אין שטוב ביים אָרימאַן איז ניט געווען אַ סך בעסער.

די פאַמויניצע, אַ גרויסע שיסעל אָדער אַ צעבער — אַ כלי, אין וועלכער מען האָט אַריינגעוואָרפען אַלץ, וואָס מען האָט ניט באַדאַרפט — איז געשטאַנען אינעווייניג אין שטוב גלייך לעבען דער טיר. דער דיל אָדער „פאָל" איז געווען פון פשוט׳ן ליים אָדער גאָר ערד, קאַלט און האַרט, און בלויז משבת לשבת צוגעראַמט, צוגעקערט און באַשאָטען מיט געלען זאַמד. די ווענט, וואָס זיינען געווען געבויט מיט ליימענע וואַלקעס געמישט מיט שטרוי, האָבען ווינטער־צייט געשוויצט און גענעצט און אַמאָל פלעגען אפילו גרויסע טראָפּענס אַראָפּרינען פון די ווענט. אַמאָל האָט אויך געראַנען פון דער סטעליע, ווייל דער דאַך איז געווען צעבראָכען. ווינטער איז אין שטוב געווען קאַלט. די לופט אָנגעזאָפּט מיט פייכטקייט, מיט ווילגאָטש, און טוכלע ריחות האָבען זיך דאָרטען געקליבען און אָפּגע־זעצט אויף אַ לאַנגער צייט.

אפילו זומער האָט מען די פענצטער געהאַלטען צוגעמאַכט, ווער שמועסט נאָך ווינטער! אויף ווינטער פלעגט מען דאָך אַריינשטעלען דאָפּעלטע פענצטער — דאָס לופטשיקעל פלעגט מען עפענען אַמאָל אין אַ שמיטה. מ׳האָט געציטערט פאַר אַ פאַרקילונג, און נאָך מעהר פאַר אַ צוג־ווינט. וואו אַ שפּעלטיקעל פלעגט מען פאַרקלאַפּען און פאַרקלעפּען. די קרירות זיינען טאַקע געווען גרויסע. באַהייצונג איז געווען טייער. האָט מען טאַקע אויף די קבצנים ניט געקענט קיין פאַראיבעל האָבען. פאַר אויסהיטען זיך אַזוי שטאַרק פון די קעלטען.

די פאַמויניצע פלעגט מען אַ גיס טאָן אינדרויסען פאַר דער סאַמע טיר. דאָס איז פאַרפרוירען געוואָרען און ס׳איז דעם גאַנצען ווינטער גע־ווען אַ גליטש, און ווער ס׳איז אַריינגעגאַנגען אָדער אַרויסגעגאַנגען האָט געקענט ברעכען האַלז־און־נאַקען.

אין משך פון ווינטער האָט זיך אָנגעקליבען אַ שעהן בערגעל שמוץ פאַר דער טיר.

ארום דער שול, בית־מדרש און קלויז איז ניט געווען קיין סך בעסער, אפשר נאָך ערגער, ווייל דאָרטען האָבען זיך געפונען אַ גרויסע צאָל מענשען.

איבעריג איז דאָ אויסצורעכענען די אַלע שעהנע מידות, תנועות און געוואוינהייטען, וואָס האָבען געבראַכט דערצו, אַז דאָס מקום קדוש זאָל מיט אַזאַ גרינג הארץ פאַראומרייניגט ווערען.

אין הארבסט און אין פרילינג האָבען די טיפע בלאָטעס, אין זייער צייט פון געוועלטיגען, פאַרביטערט דאָס לעבען פון קליין ביז גרוים. שטיוועל און קאַלאָשען זיינען געווען אַ גאַנץ קליינע באַוואָרעניש. אָהן זיי איז געווען אוממעגליך ארויסצוטרעטען אין דרויסען, און אפילו מיט זיי איז מען אַמאָל געבליבען שטעקען אין דער בלאָטע — ניט־אַהין, ניט־אַהער, ביז עס איז געקומען עמיצער און פון דער בלאָטע אַרויסגעשלעפּט. ניט איינמאָל, געהענדיג פון חדר, בין איך געבליבען שטעקען אין דער בלאָטע אין מיטען מארק, און געמוזט אַרויסשלעפּען די פיס פון די שטיוועל. און דערנאָך, מיט די בלאָטיגע שטיוועל אין די הענט און מיט די באָרוויסע פיס, זיך קוים פאַרשלעפּט אהיים ניט־טויט, ניט־לעבעדיג.

גלייך נאָך פורים, ווען דער פראָסט האָט פאַרלוירען די כחות און נאָכגעלאָזען: און ווען די פייערדיגע קויל פון דער זון האָט מיט אירע שטראַלען געמאַכט אַ תל פון דעם שניי און אייז און האָט אָנגעוואָרעמט די פאַרפרוירענע הינטערשטע קאָרע ערד — דעמאָלט האָבען זיך ערשט די בלאָטעס צעשפּילט און מיט יעדען טאָג געוואַקסען ווי אויף הייוועז גרעסער און גרעסער...

ארום די שטיבער איז געוואָרען נאָך אומריינער, מחמת דעם, וואָס דער איינגעפראָרענער שמוץ פון אַ גאַנצען ווינטער איז אויך אָפּגעגאַנגען און זיך אויסגעמישט מיט דער פּשוט'ער בלאָטע. עס פלעגט ווערען אַזאַ שטיקעניש אַז מען האָט ניט געקענט אָפּכאַפּען דעם אָטעם.

פאַר דעם יונגוואַרג איז דאָס געווען אַן אמת'ע מיאוסע, אַן אמת'ער סם המות.

אַז דער שניי און דאָס אייז פון די דעכער און פון דער ערד זיינען צעגאַנגען, האָבען זיך פאַרמירט קליינע טייכעלאַך, געמויזעכצען אין די נידריקע ערטער. דערנאָך האָבען זיך אַ לאַז געטאָן פון די העכערע אין די נידעריגערע ערטער, ריטשקעלאַך און גרעסערע ריקעס און האָבען פאַר־פלייצט די קעלערס אין די אָרימע איינגעבויגענע שטיבלאַך, וואָס זיינען געשטאַנען נידעריג אַראָפּ צום ·שטעטעלשען טייכעל. די ריקעס פלעגען אויפ'ן וועג ווערען אָנגעשוואָלען און מיט גרוים אימפּעט און טומעל

סוף כל סוף זיך אריינרייסען אין דעם טייכעל פון שטעטעל. אויף זייער רוקען פלעגט שווימען דער גאַנצער אָפּפאַל, וואָס האָט זיך געקליבען און אָנגעזאַמעלט אין פאַרלויף פון ווינטער אויף דער פאַרפרוירענער ערד און אריינגעשוואומען אין טייכעל, וואו מיר פלעגען זיך זומער באָדען מיט אַזאַ גרויסען ברען און פאַרגעניגען.

דאָס אומריינע וואַסער פון דעם צעלאָזענעם שניי און אַמאָל אויך פון אַ שטאַרקען גוס רעגען האָט פון צייט צו צייט זיך דערשלאָגען אַ וועג צו די שטאָט־ברונימער, וואָס האָבען זיך געפונען אויף נידעריגע ערטער, אָהן אַ געהעריגען שטיינערנעם צוים, און האָט פאַראומרייניגט אויך די ברונימער — דאָס וואַסער צום טרינקען.

ריין אָדער אומריין, דאָס וואַסער האָט מען געמוזט טרינקען, קיין אַנדערס איז ניט געווען.

האָט טאַקע צווישען פּורים און פּסח געבושעוועט די מגפה פון בויך־טיפוס צווישען דעם יונגוואַרג פוןביידע געשלעכטער, און אַ שורה נייע קברים איז אויסגעוואַקסען אויפ׳ן בית־עולם.

זומער צייט, אין די גרויסע היצען, ווען דאָס אויבס איז פאַרטיג געוואָרען, האָבען געבושעוועט אַנדערע מיני מגפות: דיזענטעריע, און „כאָלערי נאָסטראַ" און אפשר אַמאָל אויך די אמת׳ע כאָלערי — די אַזיאַטישע.

אין נאָרמאַלע צייטען האָט מען פון סאַניטאַרע כּללים ניט געוואוסט און ניט געוואָלט וויסען. אָבער בעת אַן עפּידעמיע איז געוואָרען אַ טרעוואָגע. ביי אידען האָט מען געזוכט חטאים. מען האָט דערמאָנט יעדענס זינד און גערופען צו תשובה. און, להבדיל, ביי גוים איז אויך געוואָרען אַ סומאַטאָכע און אַ גערודער. די האַלב־טויטע און קאָרופּטע רעגירונגס־מאַכט איז אויך צעטומעלט געוואָרען. וואָס־וואָס — פאַר אַ מגפה האָט נאַטשאַלסטוואָ מורא געהאַט. די גאַנצע שטעטעלשע פּאָליציי, מ׳שטיינס געזאָגט, האָט זיך געשטעלט אויף די פיס. דער „אוריאַדניק", דער „פּריסטאַוו" און די „סאָטסקים" זיינען ארומגעלאָפען פאַרשמייעט. אַמאָל איז ארונטערגעקומען אַ סאַניטאַרע קאָמיסיע פון די גרעסערע שטעט. מען האָט געשריבען פּראָטאָקאָלען, געמאַכט אַקטען, געצוואונגען אידען זיך שטעלען קערען די גאַסען מיט גרויסע בעזימער פון פּרוטיעס, וואָס האָבען נאָר אָנגעמאַכט אַ גרויסען שטויב... מען האָט פאַרקערט דעם שמוץ פון איין אָרט אויף אַ צווייטען, און דערביי איז דאָס געבליבען. פורען מיט אויבס האָט מען געוואָרפען אין טייך אריין און די גאָר אומריינע ערטער האָט מען באַשאָטען מיט קאַלך אָדער באַגאָסען מיט רויען קאַרבאָל. אַזוי האָט זיך געטומעלט אַ שטיקעל צייט, ביז די מגפה האָט

אויסגעברענט. דאָן איז געוואָרען שאַ, שטיל, און אַלץ איז געבליבען ביים אַלטען שטייגער.

ביי אַזוינע סאַניטאַרע באַדינגונגען האָבען מיר געלעבט. ווי אַזוי מיר זיינען, חלילה, ניט אויסגעשטאָרבען איז טאַקע אַ וואונדער. דער מענש, ווי עס ווייזט אויס, איז טאַקע שטאַרקער פון אייזען. מען האָט טאַקע געקרענקט אַ סך, און קיין דאָקטוירים האָט מען ניט גערופען. פונדעסטוועגען איז דאָס שטעטעל געוואַקסען און זיך געמערט אויף־צו־להכעיס אַלע נאַטור־געזעצען.

דאָס שטעטעל האָט זיך אַליין געהיילט, די מאַמעס האָבען געהאַט אַ סך פּראַקטיקע; געהאַט אייגענע רפואות, איינרעדענישען, זאַבובאָנעס, אַ סך געוויינט, אַמאָל אויך אַ לאַך געטאָן, און מגדל געווען דורות לחופּה און מעשים טובים אָהן סאַניטאַרע געזעצען.

## דר. מ. האָפמאַן

# פון וואָס האָט פּעלשטין געצויגען פּרנסה



ביי אונז אין פּעלשטין זיינען ניט געווען קיין פאַבריקען, וואו מען זאָל קענען ארבייטען און פאַרדינען אויף פּרנסה. כמעט דאָס גאַנצע שטעטעל האָט געלעבט פון האַנדעל. די מערסטע פּעלשטינער זיינען געווען קרעמער אָדער הענדלער אָהן קראָמען. געווען ביי אונז שניט־קרעמער, באַקאַליי־ניקעס און אויך א פּאָר מוטשניקעס — אזעלכע, וואָס האָבען געהאַנדעלט מיט מעהל, קאַלעכניקעס און טעפּערס. אבער די לעצטע האָבען אויך אָפט צוגעהאַנדעלט מיט באַקאַליי סחורה.

די שניט־קרעמער זיינען געווען די מעהר פאַרמעגליכע. אויף איינצואָרדענען א שניט־קראָם האָט זיך געפאָדערט א גרעסערע סומע געלט. און דערפאַר זיינען זיי געווען א סך ווייניגער אין צאָל פון די באַקאַלייניקעס. פונדעסטוועגען זיינען אפילו צווישען זיי געווען נאָר געצעהלטע, וועלכע האָבען פּרנסה ברוח געהאַט. די איבעריגע האָבען זיך געמאַטערט, גע־דאַרפט אַלעמאָל באָרגען גמילת חסדים כדי צו קענען צאָלען די וועקסלען צום טערמין.

אי, די וועקסעלאך! ווי די אָרימע קרעמער פלעגען ארומלויפען באָר־גען און זאָרגען, כדי צו פאַרהיטען זיי פון פּראָטעסטירט צו ווערען, א־ניט איז דער קרעדיט קאַפּוט, און אָן קרעדיט האָט קיין שניט־קרעמער ניט געקענט עקזיסטירען.

די באַקאַלייניקעס זיינען געווען זעהר אָרים. כאָטש זיי האָבען ניט געהאַט קיין גרויסע חובות צו צאָלען, האָבען זיי זיך אזוי געמאַטערט, אז ס'איז מיט ניסים, ווי אזוי זיי האָבען געקענט לעבען.

די הענדלער מכל המינים זיינען באַשטאַנען פון שטאָטישע און דאָרפישע. די שטאָטישע פלעגען זיך ארומדרעהען אין מארק און ארויס־קוקען טאָמער וועט א פויער ארויספירען עפּעס צו פאַרקויפען: אייער, פלאַקס, תבואה א. ד. ג. און אז מען האָט דערזעהן א פויער מיט עפּעס א פּראָדוקט צו פאַרקויפען, איז מען איהם באַפאַלען פון אַלע זייטען און

יעדער האָט געוואָלט קויפען די מציאה. דער פויער פלעגט זיך פילען תקיף און בעטען א גרויסען מקח. האָבען אידען און אידענעס זיך גענומען דינגען און רעדען און שרייען. ס'פלעגען פאָרקומען קאָמישע און טראַגישע סצענעס, וואָס באַשרייבען זיי וואָלט פאַרנומען גאַנצע ביכער.

פונדעסטוועגען זיינען אויך געווען אַזעלכע סוחרים, וועלכע זיינען ניט אַרומגעגאַנגען אויפ'ן מאַרק צו זוכען מציאות. יענע האָבען געהאַט איינענע סקלאַדעס אָדער שפּייכלערס, און צו זיי פלעגען די מאַרק־הענדלער ברענגען די אויפגעקויפטע סחורות. צווישען אָט די סוחרים זיינען גע־ווען די מוכרי־תבואה'ניקעס און די אייער־הענדלער. די מוכרי תבואה'ניקעס האָבען מייסטענס אָוועקגעשיקט זייער סחורה קיין טשערנאָאָסטראָוו צו דער באַן, און פון דאָרט פלעגט זי געהן אין די ווייטע מקומות. די אייער־הענדלער פלעגען שיקען זייער סחורה קיין וואָלאָטשיסק אָדער קיין הוסיאַטין. מיט די איבעריגע פּראָדוקטען, ווי פלאַקס, חזיר־האָר וכדומה פלעגט מען וואַרטען, ביז ס'איז געקומען א סוחר פון א צווייטער שטאָט און זיי אָפּקויפען.

די דאָרפישע הענדלער פלעגען אַרומגעהן אָדער אַרומפאָרען איבער די אַרומיגע דערפער און קלאַפּען ביי די פויערים אין די טירען און פרעגען צי זיי האָבען עפּעס צו פאַרקויפען. די, וואָס האָבען נעביך געמוזט געהן צו־פוס, פלעגען פאַרבלייבען אין די דערפער די גאַנצע וואָך און אַהיים קומען בלויז אויף שבת. אָבער אַרומשלעפּען זיך צו־פוס און טראָגען אויף זיך שווערע משאות איז זעהר שווער, האָבען אידען געטאָן אַלץ אין דער וועלט כדי זיך איינקויפען א פערד און וועגעלע. זיי פלעגען באָרגען, פאַרזעצען משכנות אבי צו קויפען א געשפּאַן, און דערפאַר טאַקע איז אונזער שטעטעל געווען באַוואוסט אלס „פעלשטינער פערד־און־וועגעלאך".

נאָר ווי שווער די הענדלער האָבען געאַרבייט, האָבען זיי כאָטש געהאַט די מעגליכקייט צו געהן צום פויער אַהיים און אויסגעפינען וואָס ער האָט צום פאַרקויפען. שלעכט איז געווען די קרעמער. זיי האָבען ניט געקענט פירען זייערע סחורות צו די פויערים אַהיים. זיי האָבען געמוזט זיצען אין זייערע קלייטלאַך און וואַרטען, אַז עמיצער זאָל קומען ביי זיי עפּעס קויפען. לעבעדיג איז אין די קראָמען געוואָרען אויף די יאַרידים, וועלכע זיינען געווען איינגעפירט ביי אונז פון ימים קדמוניות.

ס'איז אונמעגליך צו וויסען אַקוראַט ווען די יאַרידים זיינען איינגע־פירט געוואָרען. ביי אונז איז ניט געווען קיין פּינקס, וואו אַזעלכע זאַכען

זאָלען זיין פאַרצייכענט, דארום וועל איך זיך באַנוגענען מיט דעם, וואָס איך וועל באשרייבען ווי אזוי די יארידים זיינען געווען איינגעאָרדענט.

צום ערשטען זיינען געקומען די זונטאגדיגע מארק־טעג, וועלכע האָבען געטראָגען א רעליגיעזען כאראַקטער. מחמת זונטאג איז דאך א הייליגער טאָג, און אזוי ווי די מערסטע פויערים פון אַלע ארומיגע דערפער זיינען געווען קאַטאָליקען, וועלכע האָבען אונטער דעם צאַר'ס רעגירונג ניט געטאָרט האָבען זייערע אייגענע קלויסטערס אין די דערפער, פלעגען זיי מוזען קומען קיין פעלשטין אין דעם בארימטען קאָסטיאָל. זייענדיג אין שטאָט זיינען זיי שוין אריינגעקומען אין די קלייטלאך עפּעס איינצוקויפען. און ווייל דאָס זיינען געווען רעליגיעזע יארידים, זיינען די קרעמער אויס־געשטאַנען צרות פונ'ם אוריאדניק, וועלכער האָט ניט געלאָזט עפענען די קלייטען איידער מ'איז געגאַנגען פון קלויסטער — ארום 12 אזייגער בייטאָג. אָבער אידען האָבען זיך אַן עצה געגעבען: מ'האָט זיך גע־שטעלט צו צאָלען וואָכען־געלט, א צעהנער פון א קאָפּ, און מ'האָט דעם „אדון" צופרידענגעשטעלט.

צווייטענס, האָט מען איינגעפירט צוויי וואָכעדיגע יארידים, וועלכע זיינען פאָרגעקומען יעדען צווייטען דינסטאָג. אָט די יארידים האָבען שוין ניט געהאַט קיין רעליגיעזען אונטערשלאָק. זיי זיינען געווען אמת'ע יארי־דים, צוליב וועלכע פויערים זיינען געקומען אין שטאָט אריין מיט זייערע פּראָדוקטען אויף צו פאַרקויפען און פאַר דעם געלט איינקויפען אַלעס, וואָס זיי האָבען געדאַרפט.

דריטענס, זיינען געקומען די יאָהר־יארידים. די צוויי וויכטיגסטע זיינען געווען דער ראַכמאַנסקי יאריד, וועלכער איז אויסגעפאַלען דריי וואָכען נאָך פסח און דער גראָמעניץ־יאריד, וועלכער פלעגט פאָרקומען דעם 21טען יאַנואַר. ביידע יארידים פלעגען אָנהאַלטען צו צוויי טעג. צו די יארידים פלעגען קומען ניט נאָר פויערים פון די ארומיגע דערפער, נאָר אויך סוחרים פון אַנדערע שטעט, ווי פּראָסקוראָוו, קאַמעניץ, יאַרמאָלינץ, לוצק און אפילו פון בערדיטשעוו. יענע סוחרים פלעגען ברענגען לעדער, צעלניק, שניט־סחורה, גלאָזוואַרג א. ז. וו. און זיי פלעגען האַנדלען ניט נאָר מיט די פעלשטינער קרעמער, נאָר אויך מיט פילע סוחרים און קרעמער, וועלכע זיינען געקומען צו אונז פון די ארומיגע שטעטלאך, ווי קוזמין, גריידינג, סאַטאַנאָוו א. ז. וו.

ס'פלעגען אויך ארונטערקומען ליפעראַנטען מיט טייערע פערד און די פריצים פון ארום פעלשטין פלעגען קומען קויפען אדער בייטען זייערע אַלטע פערד. אונזער קסאַנדז, וועלכער איז געווען זעהר פאַרקאָכט אין פערד, איז געווען אַן אָפּטער באַזוכער אויף דער טאַרהאָוויצע, וואו ער

פלעגט אלעמאל בייטען זיינע פערד. מיר, חדר אינגלאך, האבען ניט גע־קענט פארשטעהן, וואס אזא הייליגער מענש, וועלכער איז ביי „זיי" אזוי ווי, להבדיל, א רב ביי אונז, זאל גאר אין זינען האבען פערד. אויף די יארידים פלעגט מען אויך אראפברענגען קארעטעס און בריטשקעס צו פאר־קויפען. מיט איין ווארט, דאס זיינען געווען יארידים פונ'ם גרויסען שניט. אויף ראכמאנסקי, וואס איז אויסגעפאלען אום זומער פלעגט אפילו אראפ־קומען א „קאמעדיע", וואס האט אזוי גערעגט און צוגעצויגען דאס קליינ־ווארג.

אלע גערענקען נאך מסתמא די „קאמעדיע", וועלכע איז געשטאנען נעבען דער „היסטאריע" און אנטקעגען דעם אפטייק. די „קאמעדיע" איז באשטאנען פון א גרויסער לייווענטענער פאלאטקע, באהאנגען מיט גרויסע פלאקאטען, אויף וועלכע ס'זיינען אויסגעמאלט אומגעלומפערטע מאדנע ברואים: א גרויסע, גראבע פרוי מיט דריי אויגען, אדער א באַ־שעפעניש פון האלב־פיש און האלב־מענש און נאך אזעלכע אנטיקען. די קינדער, וועלכע האבען צוליב דעם יאריד ניט געדארפט געהן אין חדר, זיינען געשטאנען פון אלע זייטען און געגאפט, אבער אריינגעהן אינווייניג האבען זיי ניט געוואגט. ערשטענס, האט מען מורא געהאט, טאמער דארף מען דארט געהן אהן א היטעל. צווייטענס, האבען זיי נעביך פשוט ניט געהאט די גרויסע סומע פון פינף קאפיקעס איינטריט־געלט. אבער פון דרויסען זיינען זיי געשטאנען און געווארט ביז דער פאיאץ איז ארויס־געקומען משונה־מאדנע אנגעטאן און מיט א געפארבטען פנים. אט דער קאמעדיאנט פלעגט ארויפקריכען אויף א לייטער און מאכען אזעלכע קאַ־מישע גרימאסען, אז מ'האט געקענט צופלאצט ווערען פון געלעכטער. דאס פלעגט ער טאן, כדי אריינצונארען דעם עולם אינווייניג. ס'פלעגען טאקע אמאל אריינגעהן א פאר שקצים מיט שיקסעס, אבער אידישע קינדער, דאכט זיך, קיינמאל ניט.

עס פלעגען אויך קומען אויף די יארידים קאצאפעס און אויפשטעלען ביידלאך אנטקעגען דעם פיקאווער'ס הויז. אין די ביידלאך האבען זיי אויסגעשטעלט אחוץ איקאנעס, צלמ'לאך און אנדערע רעליגיעזע ארטיקלען אויך שפילצייג צו פארקויפען. די קינדער פלעגען שטעהן און באוואונ־דערען די שעהנע מעסערלאך, פייפעלאך און האנעכלאך. זיי האבען נעבאך געשלונגען די סלינע און ס'האט זיך זיי געגלוסט צו האבען די אלע שפילערייען. אבער זעהר ווייניג פון זיי האבען געהאט דאס גליק, אז זייערע מוטערס זאלען פאר זיי עפעס איינקויפען. די מעהרסטע פון זיי האבען זיך נעביך באנוגענט בלויז מיט'ן קוקען.

אויף גראמיניץ האָבען פארנומען דעם אויבענ־אָן די כאראטשניקעס, לערערניקעס און די „זשערטקע״, וואו מען פלעגט פארקויפען אויפגענעהטע שטיוועל. די לערערניקעס פלעגען איינשטעהן אין דע גאנצער רייע הייזער פון לייבוש שאבסים׳ן, וואו די פּאָטשט איז אמאָל געווען, ביז חיים מאלים הויז. די „זשערטקע״ מיט די שטיוועל איז געווען לעבן פייגע שאול׳ס און בער פתחיה׳ס הייזער. וויפיל שטיוועל ס׳פלעגען זיך דאָרט געפינען! איך האָב קיינמאָל ניט געקענט פארשטעהן פון וואנען ס׳האָבען זיך גענומען אזוי פיעל שטיוועל און וואוהין מע וועט זיי אלע אהינטהון. היינט די קירזשנער מיט די שמ סענע היטלען, וועלכע זיינען געשטאַנען אין דער רייע פון אַלטער יאַכעט׳ס דירה ביז צו גרשון לייזער׳ס שטוב. אמת, די קירזשנער פלעגען זיין פארטראָטען אויף אלע יארידים, אבער אויף דעם גראָמיניץ זיינען זיי געווען א סך מעהר ווי אלע מאָל.

אחוץ אונזערע אייגענע קירזשנער פלעגען קומען אידען מיט גויעשע היטלען אויך פון א סך אַנדערע שטעדט, און ס׳איז געווען זעהר טשיקאווע צו שטעהן און צוקוקען, ווי אזוי דער האנדעל פון די היטלען געהט אָן. אין אָנהויב פלעגט מען דעם פויער אָנמיטען אדער פרעגען א גרויסען מקח, אז דעם ערל איז געפעלען געוואָרען דאָס היטעל, האָט זיך דער קירזשנער ניט געשעהמט בעטען פאר דעם דריי רובעל, אבער דער ערל האָט זיך ניט איבערגעשראָקען און פאָרגעלעגט פינף און דרייסיג קאָפּיקעס (צוויי גילדען מיט צעהן גראָשען). דער סוחר איז אבער אויך ניט נתפעל געווארען און געפרעגט ווי פיעל דער „גוטער סוחר״ דענקט צו געבען מעהר פון צעהן גילדען, כאָטש יענער האָט גאָר ניט אנגעהויבען טראַכטען וועגען געבען מעהר פון א האלבען רובעל. דער סוף איז געווען, אז מ׳האָט זיך אויסגעגלייכט פ״ר פיר גילדען אָהן צעהן גראָשען — פאר 55 קאָפּיקעס, הייסט דאָס, נאָר מיט א באַדינג, אז דער קירזשנער קריגט אויך דאָס אַלטע היטעל.

די קירזשנער האָבען געהאַט געוויסע שבועות זיך צו שווערען, אז זיי קענען ניט נעמען ווייניגער פונ׳ם אנגעבאָטענעם פּרייז. א שטייגער: „ס׳זאָל זיך מיר זעצען סיעם (זיבען) לחם (ברויט) אין האלדז אויב איך קען נעמען זיבען גילדען״... און נאָך אזעלכע שבועות. דער גרעסטער מומחה אויף די זאכען איז געווען שמחה קירזשנער, ער איז אין אלגעמיין געווען א קלוגער איד און א ורויסער לץ. איך פלעג אָפּשטעהן שטונדען און הערען ווי ער האנדעלט מיט די פויערים. אחוץ די אלע שבועות פלעגט ער האָבען א צויבער־וואָרט. אויב דער גוי האָט ניט געוואָלט געבען דעם מקח פלעגט שמחה א זאָג טאָן: דאָס איז א „קרימסקע״ היטעל! און אָפטמאָל פלעגט דאָס ווירקען, כאָטש איך וויים ניט צי שמחה אליין האָט

געוואוסט וואָס ער מיינט מיט'ן וואָרט „קרימסקי", און איך בין זיכער, אַז דער קונה האָט אוודאי ניט געוואוסט. ער לייגט דאָס אבער זאָגען מיט אַזאַ איבערצייגענדיגען טאָן, אַז דער פויע. פלעגט אָנהויבען קוקען אויף דעם היטעל מיט מער אָבשיי און אָפט ארויפוואַרפען נאָך אַ גריווגע אויפ'ן מקח.

נאָך אַ יעהרליכער יאַריד איז געווען ביי אונז אין פעלשטין און מ'האָט איהם גערופען „גרין־חגא". ער האָט געדויערט איין טאָג — דאָס איז געווען אַ מין גויעשער שבועות. תמיד איז ער אויסגעפאַלען אויף אַ זונטאג ווען ס'האָט במילא געדאַרפט זיין אַ מאַרק־טאָג. דער יאַריד האָט ך מיט קיין שום זאַך ניט אויסגעצייכענט און איז דעריבער ניט געווען זעהר וויכטיג.

אנאנדער ניט זעהר וויכטיגער יאָהר־יאַריד איז געווען „קוויטני נידילי". אין אַמעריקע רופט מען דעם טאָג „פּאַלם סאָנדעי". די וויכטיגסטע סחורה אויף דעם יאַריד זיינען געווען די „קאַריניעס" (וואָרצלען),געווירצען, וואָס די פויערים פלעגען איינקויפען אויף פּאַסכא. דעמאָלט פלעגען אחוץ די קרע־מער אויך אנדערע מענשען ארויסברענגען שטעלעכלאָך אין מאַרק אריין און אויסשטעלען אַלערליי מינים קרייטיכער, ווי נעגעלאָך, געלען אינגבער, צימרינג, ראָזמארין, זאפרען און אנדערע, וועלכע די פויערים פלעגען איינ־קויפען פאר זייערע געבעקסען און געטראַנקען. דערביי האָבען אידען פאר־דינט אַ גראָשען.

דער וויכטיגסטער פון די איינטאָגיגע יאָהר יארידים איז געווען נאַטיע. דער יאַריד איז אויסגעפאַלען אַ דאָנערשטאָג פאַר וויינאַכטען. דעמאָלט פלעגען די פויערים קומען אין שטאָדט אריין איינקויפען פאר זייער גרוי־סען יום־טוב. און ווייל דער יאַריד איז אויסגעפאַלען אין מיטן ווינטער, פלעגט אָפט זיין אַ גרויסער פראָסט אדער גאָר אַ זאווערוכע. פונדעסט־וועגען פלעגט דאָס ניט אָפּהאַלטען די פויערים פון קומען אין שטאָט אריין. מיט באַשליקעס אויף די קעפּ און פּאָסטעלעס אויף די פיס און שווער אָנגעפּעלצט פלעגען זיי זיך אַ לאָז טאָן איבער די קלייטען איינצוקויפען זייערע נויטיגע זאכען פאר'ן יום־טוב.

דאָס גאַנצע שטעדטעל האָט זיך גע'רעש'ט אויף דעם יאַריד. אפילו אזעלכע מענשען וואָס זיינען ניט געווען קיין קרעמער, פלעגען אויך אָנגערייטען געוויסע סחורות, ווי ליכט, פיש, הייווען א. א. וו. און ארויס־טראָגען אין מאַרק אריין צו פארקויפען. אויף דעם יאַריד האָט מען אָנ־געקויפט נאָר עסענוואַרג און ליכט. אויך די קרעמערס פלעגען ארויס־שטעלען אין דרויסען די ארטיקלען און געדונגען מענשען זיי זאָלען העלפען פארקויפען. אפילו די מלמדים האָבען אויך גענומען אַן אנטייל

אין דעם יאריד. זיי פלעגען דינען אלס שומרים, צו היטען מען זאל עפּעס ניט צו׳גנב׳ענען, און היטען האָט מען זעהר געדאַרפט, מחמת די פויערים זיינען אויך געווען זעהר אָרים, האָט מען געפּרואווט אמאָל שלעפּען אין די קעשענעס אריין. דערפון האָבען זיך אָפּט גענומען געשלעגען. און דערפאַר טאַקע האָט מען גערופען דעם יאריד „נאַטיע גנב״.

אלזא, די יארידים האָבען טאַקע געזאָלט זיין א גוטער מיטעל אויף צו העלפען די ארימע קרעמער. אבער ווען־זשע איז דאָס גערעדט געוואָרען, אז ס׳האָט צוגעשפּילט דאָס וועטער. ווען די זון שיינט, און ס׳איז טרוקען אין דרויסען דעמאָלט גלוסט זיך דעם פויער צו קומען אין שטאָדט אריין. אונזערע פעלשטינער זיינען אבער געווען אזעלכע בר מזלן, אז ווען ס׳האָט געדאַרפט זיין א יאריד האָט געפּליוכעט א רעגען. איך געדענק נאָך ווי אַלע שבת־צונאַכט זיינען אונזערע אָרימע קרעמער ארומגעגאַנגען פאַרזאָרגט, ווען זיי האָבען געזעהן אז ס׳רוקט זיך אָן א כמאַרע. אויף מיר פערזענליך האָט דאָס אזוי געווירקט, אז אפילו ווען איך בין שוין געווען דאָ אין אמעריקע, פלעג איך אלע שבת אווענט אומבאוואוסטזיניג קוקען אויפ׳ן הימעל און זיך ערגערען אז איך האָב איהם געזעהן פאַרוואָלקענט.

מיט די זונטאָגדיגע מאַרק־טעג איז נאָך געווען א האַלבע צרה. אז עס רעגענט איין זונטאָג, איז דאָך באַלד פאַראַן אַן אנדער זונטאָג. שלעכט איז ווען עס רעגענט אין א יאָהר־יאריד. פאַר די גרויסע יאָהר יארידים האָבען זיך אונזערע פעלשטינער אָנגעהויבען צו זאָרגען נאָך מיט פילע וואָכען איידער זיי זיינען געקומען, ווייל אויב די יארידים זיינען געווען שעהן, האָבען אידען פאַרדינט געלט און געקענט אָפּשפּאָרען אויף שפּעטער אויך. אבער, מעשה שטן, אלע ראַכמאַנסקי האָט גענאָסען מיט צעבערס און אלע גראַמיניץ, וועלכער איז אויסגעפאַלען אום ווינטער (און ביי אונז זיינען גראַד געווען אמת׳ע רוסישע ווינטערס) פלעגט נאָכלאָזען דער פראָסט, דער שניי איז צעגאַנגען און די וועגען זיינען געוואָרען אזוי שלעכט, אז מ׳האָט ניט געקענט פאָרען ניט מיט קיין שליטען און ניט מיט קיין וואָגען.

ווענען ראַכמאַנסקי האָט מיר מיין מוטער דערקלערט, אז עס רעגענט, ווייל א גוטער־איד האָט אָט דעם יאריד פאַרשאָלטען. אין די גוטען צייטען, ווען די ראַכמאַנסקים זיינען געווען געראָטען, פלעגען אידען ממש שאַרען גאָלד. דאַרף זיך טרעפען, אז איינמאָל איז א גרויסער צדיק אריינגעפאָרען קיין פעלשטין פונקט אין מיטען ברען פונ׳ם יאריד. אלע מענשען זיינען געווען פאַרנומען. אלע הייזער זיינען געווען פול מיט צונויפגעפאָרענע סוחרים, און ס׳איז ניט געווען קיין פלאַץ וואו אויפצונעמען דעם גוטען אידען. איז ער זעהר בייז געוואָרען, אוועק פון פעלשטין און עס פאַרשאָלטען, אז

אויף אַלע ראַכמאַנסקי זאָל רעגענען. זיין קללה איז מקוים געוואָרען. פאַרוואָס אָבער עס האָט גערעגענט אויף אַלע אַנדערע יאַרידים, אויף דעם האָט מיין מוטער קיין תירוץ ניט געהאַט. דאָס האָט אָפּנים געמוזט זיין אַזוי דאָס מזל פון אונזערע אומגליקליכע לאַנדסלייט.

פונדעסטוועגען דאַרף מען ניט מאַכען קיין טעות און מיינען, אַז דאָס גאַנצע שטעטעל איז באַשטאַנען פון קרעמער און הענדלער. ניין. ס'האָבען זיך געפונען אויך אַנדערע פּרנסות, מיט וועלכע אַ קליינער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט זיך באַשעפטיגט און געצויגען פון זיי דאָס שטיקעל ברויט.

ערשטענס, זיינען געווען די כלי קודש, ווי דער רב, די שוחטים מיט די קצבים, די מלמדים א. ז. וו.

צווייטענס, זיינען געווען די בעלי מלאכות, די מענשען וועלכע האָבען געמאַכט אַ לעבען פון יגיעת כפים. געלעבט האָט זיך זיי שלעכט. דער רב, למשל, האָט קיין שכירות פון שטאָדט ניט באַקומען. דערפאַר האָט ער געהאַט עטליכע קוואַלען פון וואַנען צו שעפּען חיונה. ערשטענס, האָט זיין פרוי, די רבצין, פאַרקויפט הייווען אויף שבת און יום־טוב צו די פעלש־טינער באַלעבאָסטעס. צווייטענס, האָט ער פאַרקויפט דעם חמץ פאַר די באַלעבאַטים. דריטענס, פלעגט איהם עפּעס אריינפאַלען פון אַ דין־תורה. פערטענס, פלעגט ער קריגען רח"ש פון חתונות און ברית'ן. פינפטענס, זיינען פאַרגעקומען גט'ען, און צו גט'ען איז אונזער פעלשטין דווקא געווען זעהר מזל'דיג, מחמת אַז מען שרייבט אַ גט דאַרף מען אריינשטעלען דעם נאָמען פון דער שטאָדט וואו מען גט זיך און דעם נאָמען פון דעם שטאָד־טישען טייך. און נאָך אַ זאַך, דער נאָמען פון שטאָדט מוז זיין אַזעלכער וואָס ווערט אָנגערופען מיט דער זעלבער אויסשפּראַך אויף אַלע שפּראַכען, וועלכע ווערען גערעדט אין דער באַטרעפענדער שטאָדט און אויך דער טייך מוז האָבען אַ באַשטימטען נאָמען. זיינען גראַדע פילע פון אונזערע שכנישע שטעדט ניט געווען געבענשט מיט די מעלות. למשל, פּראָסקוראָוו אדער גריידינג פלעגען קלינגען אַנדערש אויף אידיש ווי אויף רוסיש אָדער פויליש. קוזמין ווידער האָט גאַר קיין טייך ניט געהאַט. דארום, אַז עס האָט אין יענע שטעדט געדאַרפט פאַרקומען אַ גט האָט מען געמוזט אָנקומען צו אונזער פעלשטין, ווייל דעם נאָמען האָט מען אַרויסגערעדט אויף אַלע שפּראַכען מיט דער זעלבער אויסשפּראַך. פעלשטין האָט אויך פאַר־מאָגט דעם באַריהמטען טייך סמאָטריטש, כאָטש דער טייך איז ניט געווען זעהר ברייט האָט ער זיך אָבער אוועקגעצויגען גאַנץ ווייט, אַזש ביז קאַמענעץ. אַלזאָ, מיט אַזוי פיל איינקונפטען וואָלט זיך אונזער רב געדאַרפט לעבען אין פריידען, דאָך געדענק איך אליין ווי אונזער אַלטער

רב ר׳ ישראל קיטעווער איז ארומגעגאַנגען צווישען די בתי־מדרשים און זיך געבעטען ביי די באַלעבאַטים זיי זאָלען איהם ארויסהעלפען אין דער פרנסה, ווייל ער האָט ניט געגונג צום לעבען.

די שוחטים פלעגען גראָד יאָ קריגען שכירות פונ׳ם בעל טאַקסע. געווען ביי אונז דריי שוחטים. דער עלטסטער, ר׳ ליב, האָט דאַכט זיך געקראָגען אכט גילדען א וואָך און ר׳ יאסל און ר׳ משה האָבען געקראָגען וועניגער פון דער גרויסער סומע. זיי האָבען אויך געהאַט א זייטיגען איינקונפט פון די פעדערען, וועלכע זיי האָבען אראָפּגעפליקט פון די עופות, און די מאָגענס מיט אנדערע קלייניגקייטען וועלכע זיינען ארונטערגעפאַלען פון די געקוילעטע בהמות. מיט דער הכנסה האָבען זיי געדאַרפט מפרנס זיין זייערע פאַמיליעס, יעדע פון זעקס ביז זיבען נפשות.

און אַזוי קען מען זיך שוין משער זיין ווי אַזוי עס האָבען געלעבט די קצבים, אַז זיי האָבען געדאַרפט ציהען זייער פרנסה פון דעם וואָס זיי האָבען פאַרקויפט פלייש צו אונזערע פעלשטינער גבירים.

די מלמדים זיינען גאָר געווען אויף צרות. דורכשניטליך האָבען זיי געהאַט צו צען תלמידים, וועלכע האָבען געצאָלט פון זעקס ביז אַכט רובעל א זמן. דאָס האָט אויסגעטראָגען אַן ערך פון דריי רובעל א וואָך. און כאָטש זייערע ווייבער זיינען מערסטענס געווען „אשת־חיל׳ס" און ארויסגעהאָלפען אין דער פרנסה — מאָטעל ליב פאָליקס ווייב, ענע, האָט פאַרקויפט טעפּ; מרים דבורה האָט פאַרקויפט סטענגעס אין מארק; זיסי חנה חיה׳ס ווייב האָט פאַרקויפט קאַלך — פונדעסטוועגען זיינען זיי נעביך שיר אויסגעגאַנגען פאַר הונגער.

ניט בעסער האָט זיך געלעבט אונזערע ארבייטער, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון שניידער, שוסטער סטאָליארעס און באָנדארעס.

די שניידערס זיינען געווען איינגעטיילט אין דריי באַזונדערע קאַטעגאָריעס: אַזעלכע וואָס האָבען גענייט קליידער פאַר מענער און פרויען; שניידער, וואָס האָבען גענייהט גויעשע קאַפּטאַנעס, און שניידער, וואָס האָבען פאַרריכט אַלטע פעלצען.

די ערשטע האָבען געדאַרפט ארויסקוקען אויף פסח אדער סוכות, ווען א פעלשטינער איד האָט זיך פאַרגונען אויפצונייען א מלבוש פאַר זיך אָדער פאַר עמיצען פון זיין פאַמיליע. פאַרשטעהט זיך, אַז אַלע האָבען געוואַרט ביז ערב יום־טוב, ווייל פריער האָבען זיי ניט געהאַט דאָס געלט אויף איינצוקויפען די מאַטעריע. אַלע האָבען אָבער געוואָלט האָבען זייערע מלבושים אויף יום־טוב. די אָרימע שניידערס האָבען, נעבעך, געאַרבייט און געהאָרעוועט בייטאָג און ביינאַכט, און ערשט צום סוף האָבען פילע באַלעבאַטים ניט געהאַט צו באַצאָלען קיין שניידער־געלט. און

אז ס'איז געקומען דער ליבער יום־טוב, האָבען די שניידער ניט געהאַט מיט וואָס צו געהן צום טיש.

ביי די קאַפּטאַנעס האָבען געאַרבייט ניט בלויז אמת'ע שניידער, נאָר אויך פילע באַלעבאַטישע מיידלאַך, מחמת אויפנייהען א גוי'אישען קאַפּטאַן איז ניט געווען קיין גרויסע מלאכה. דער עיקר איז געווען דאָס צושניידען. דארום פלעגען א סך מיידלאַך, וועלכע האָבען געוואָלט און, נעבעך, גע־דאַרפט ארויסהעלפען זייערע עלטערען מיט דער פרנסה, נעמען די צוגע־שניטענע קאַפּטאַנעס פון דעם שניידער און זיצען טאָג און נאכט און נייהען. דאָס פאַרדינסט איז אָבער געווען אזוי קליין, אז זיי האָבען זעלטען געקענט אָפּשפּאָרען פאַר זיך אויף א שטיקעל מלבוש.

די פעלצניקעס פלעגען אַרומפאָרען איבער די דערפער און זוכען אויב עמיצער דאַרף פאַרריכטען א פעלץ, ווייל נייע פעלצען האָט מען אין פעלשטין ניט גענייהט. ווען א פויער האָט געקויפט א נייעם פעלץ האָט ער איהם געטראָגען ביז אין טויט אריין, און נאָכדעם ערשט פלעגט זיין זון איהם איבערניצעווען. דערפאַר פלעגען די פעלצניקעס האָבען ארבייט ביי אלטע פעלצען. זיי האָבען אויך אויפגעקויפט אלטע שמאַטעס און גע־בראַכט אין שטאָדט אריין צו פאַרקויפען צו מיין פעטער אברהם יהודה, וועלכער איז געווען דער איינציגער שמאַטיאַר אין שטאָדט.

די שוסטערס זיינען געווען אויף גרעסערע צרות פון די שניידער. און דערפאַר טאקע פלעגען הערץ און יעקב יוזיפּס, וועלכע זיינען געווען די בעסטע שוסטערס אין שטאָדט, אלע זומער האַנדלען מיט סעדער, אַנ־דערש וואָלטען זיי געווען אויסגעגאַנגען פאַר א שטיקעל ברויט.

די סטאָליאַרעס זיינען אויך ניט געווען קיין גרעסערע גבירים, ווייל ווער האָט געדאַרפט נייע מעבעל אין פעלשטין ? דאָך זיינען געווען א פּאָר סטאָליאַרעס, וועלכע האָבען זיך ספּעציאַליזירט אין מאכען א געוויסען מין קאַסטען, וועלכע די פויערים פלעגען קויפען אלס דאָס וויכטיגסטע שטיק מעבעל אין זייערע הייזער. דער קאַסטען איז געווען אזוי גרויס ווי א טיש און פלעגט טאקע דינען אלס טיש, אבער אינוועניג פלעגען די פויערים אריינלעגען געוויסע חשוב'ע חפצים, ווי זונטאַגדיגע קליידער, און, אמאָל, אויך געלט. אזא קאַסטען פלעגט זיך געפינען אין יעדען פויערס שטוב, און דערפאַר טאקע האָבען די קאַסטען־מאַכער געמאכט א שטיקעל לעבען.

באַנדאַרעס זיינען געווען נאָר א פּאָר. זיי האָבען אויך קיין גליקען ניט געמאכט. מען מוז דאָ אויך פאַרצייכענען דעם איינציגען מוליער, וואָס מיר האָבען געהאַט אין פעלשטין. אלע גערעדענקען געוויים חיים מענדעל מוליער. קיין גרויסע מויערען האָט ער ניט געבויט, אבער ער פלעגט פאַ־

ריכטען אן אויוועז, אמאָל געמאכט א נייע הרובע. ער האָט תמיד געהאלטען די ליולקע אין מויל און געטאָן זיין ארבייט זעהר געלאסען. וואו ער האָט זיך אויסגעלערענט די מלאכה, איז שווער צו זאָגען, אבער אידען פלעגען זאָגען, אז ר׳ חיים מענדעל איז דער גרעסטער בריה צו מאכען א הרובע.*)

אויך זיינען ביי אונז געווען דריי וואסערפירעס: ר׳ אלטער, ר׳ נח און ר׳ חיים. און אויב ס׳איז חידושים ווי אזוי אלע אנדערע ארבייטער האָבען פארדינט אויף א שטיקעל ברויט ביי אונז אין פעלשטין, האָבען די דריי אידען פשוט געלעבט מיט ניסים. א חוץ וואָס זיי האָבען געדארפט מפרנס זיין זייערע פאמיליעס האָבען זיי נאָך געמוזט פאר־מאָגען פערד אויף צו שלעפען די שווערע טעליגעס וואסער, און פערד האָבען א טבע, אז זיי ווילען עסען, און אמאָל איז א פערד זיך מיישב און פגרט אין גאנצען אוועק... ווי אזוי די ארימע האָרעפּאשניקעס האָבען באוויזען אויסצוהאלטען די פערד, און וואו זיי האָבען גענומען געלט צו קויפען אן אנדער פערד, ווען דאָס אלטע פערד האָט אויסגעצויגען די פיס, ווייסט איין גאָט אליין . . .

פונדעסטוועגען האָבען אונזערע וואסער פארזאָרגער ניט אויסגעזעהן צו זיין פארצווייפעלט. פארקערט, זיי זיינען געווען גרינגע לונג און לעבערס און האָבען אָפט ליעב געהאט צו זאָגען א גלייכווערטעל. ווער שמועסט ר׳ אלטער איז תמיד געווען גוט געשטימט און אימער געהאט ניט נאָר א גלייכווערטעל, נאָר טאקע א קלוג וואָרט. אָט זיינען א פּאָר פון זיינע ווערטלאך. אז מ׳האָט איהם געזאָגט — ר׳ אלטער, מיר זיצען אָהן וואסער — פלעגט ער ענטפערען: ווער הייסט אייך זיצען, שטעלט זיך אוועק. אָדער אז מ׳האָט איהם געזאָגט — ר׳ אלטער, מיר קוקען ארויס אויף אייך — פלעגט ער ענטפערען: קוקט ניט ארויס, מחמת איך האָב ארויסגעקוקט, בין איך געוואָרען א וואסער פיהרער . . . קוקט אריין וועט איהר ווערען לייט.

און אז מיר שמועסען פון אונזערע פעלשטינער ארבייטער, דאַרף מען דאָ פארצייכענען, אז מיר האָבען אויך געהאט א שטיקעל ארבייטער באוועגונג. אמת טאקע, דאָס האָט לאנג ניט אָנגעהאלטען, אבער דער פאקט איז, אז פעלשטין איז אויך דערין ניט אָפּגעשטאַנען פון לייטען.

אָט די באוועגונג האָט זיך אָנגעהויבען אין יאָהר 1905. ווען פרייע ווינטען האָבען אָנגעהויבען בלאָזען איבער דעם צארישען רוסלאנד און

*) ס׳איז מערקווירדיג וואָס די אלע באלמעלאָכעס, כאָטש זיי זיינען געווען אזוי אָרעם און האָבען אזוי שווער געארבייט, פונדעסטוועגען זיינען זיי כמעט אלע געווען פרום און זיך קיינמאָל ניט באקלאָגט אויף׳ן ריבונו של עולם. פארקערט, ס׳זיינען געווען צווישען זיי פילע לעבעדיגע יונגען וועלכע האָבען ליב געהאט צו שפּאָסען און טרייבען קאָטאָוועס גלייך ווי ס׳וואָלט זיי גאָר ניט געפעלט.

דער רעוואָלוציאָנערער גייסט האָט זיך פאַרשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד, האָבען מיר אין פּעלשטין אויך גערופען די אַרבייטער צו פאַראייניגונג. אין א קורצער צייט האָבען מיר געשאַפען אַן אָרגאַניזאַציע פון עלף אַרבייטער, צווישען וועלכע ס'האָבען זיך שוין געפונען יאַנקעל און הירשל, ישראל שניידערס און הירשל לייבעניו שוסטערס, וועלכע האָבען געאַרבייט ביי זייערע אייגענע עלטערען און אויך ניסעל יונה'ס (נייטען פאַרמאַן), וועל־כער האָט פאַרגעשטעלט די פריקאַזטשיקעס מחמת ער פלעגט אַרוים־העלפען ביי זיין פאָטער אין קלייט. און ס'זאָל דאָ דערמאָנט ווערען, אַז ער, ניסעל, האָט געטאָן גוטע אַרבייט פאַר דער באַוועגונג. ער פלעגט צו־זאַמענרופען די אַרבייטער צו אונזערע געהיימע פאַרזאַמלונגען, וועלכע פלעגען פאָרקומען אַמאָל הינטערן שטאָדט און אַמאָל ערגעץ אין א שטוב, וועלכע האָט זיך געפונען אויפ'ן „פּאַנסקי באַרג". ער האָט אויך געהיט אַז עמיצער זאָל ניט אָנקומען און אויסגעפינען וואו מיר געפינען זיך. מיר פלעגען פאַרלעזען פאַר די אַרבייטער אומלעגאַלע ביכלאַך און אויך אַגיטירט זיי צו ווערען אמת'ע רעוואָלוציאָנערען.

די באַוועגונג האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטען מחמת ביי לייזער שניידער האָט געאַרבייט א פרעמדער בחור, וועלכער איז געקומען פון א גרויסער שטאָדט. ער איז טאַקע געווען אַן אמת'ער רעוואָלוציאָנער, האָט ער געוואָלט איינפירען „סטרוקציע", ד. ה. מען זאָל אָנהויבען אַרבייטען באַשטימטע שטונדען און קריגען באַשטימטע שכירות. לייזער איז געוואויר געוואָרען, אַז איך מיט מיין, איצט פאַרשטאָרבענעם, חבר אלי משה זיינען די גאַנצע רעדעל פיהרער, איז ער געקומען צולויפען צו אונזערע עלטערען מיט א געוואַלד, אַז מען וויל איהם אומגליקליך מאַכען און, אַז ער וועט ניט שווייגען, ער וועט געהן צו נאַטשאַלסטוואָ. די עלטערען האָבען זיך דערשראָקען און דערווייל האָט דאָס גאַנצע שטעדטעל זיך דערוואוסט, אַז ס'געפינען זיך „ציציליסטען" אין פּעלשטין. ס'איז אפילו פאָרגעקומען ביי מיר א הויז־זוכונג (אָביסק) מחמת מ'האָט מיך פאַר'מסר'ט צו פּאָליציי — און מיר האָבען געמוזט אויפגעבען אונזער אַרבייט.

איצט, ווען מען זאָל נאָך דערמאָנען די פאַר פּראָצענטניקעס, וואָס פּעלשטין האָט פאַרמאָגט, ר' ישעיה אברהם דעם שדכן, מיין פאָטער ר' יאָסעל חנה'ס, דער איינקויפער פון שטעטעל, און א פאָר מעקלער וואָס האָבען זיך נעדרעהט אין די הויפען פון די אַרומיגע גוט־באַזיצער, וועט מען, דאַכט זיך, האָבען א פולשטענדיג בילד וועגען אונזערע פּעלשטינער ברידער'ס פרנסות.

## יונה בוים

# די פאַרגרעזניעטע קאַרעטע



אַר פסח, נאָך דעם לאַנגן שווערן ווינטער, ווען דער שניי, וואָס פאַרדעקט די פאַרמיסטיגטע ערד פון שטאָט, נעמט צוגעהן אונטער דער וואַרימער פריה־לינג־זון און דאָס וואַסער שלענגעלט זיך אין שטראָמען אריין אין די צוויי טייכען, וואָס שפּיגלען פוןביידע זייטען שטאָט, לאָזט עס איבער הינטער זיך, אויף אַלע פעלשטינער גאַסען, א קלעפּיגע, בלאָטע, אויסגעמישט מיט אָפּפאַל פון פערד און קיה.

אויף דעם גלאַוונעם און לענגסטען דורכפאָהר פון שטאָט, וואָס ציהט זיך פון בריק, ביז צום קאַטוילישען קלויסטער און צו די דריי הייזער, איז די בלאָטע א טיפערע און א געדיכטערע.

אַריבערגעהענדיג דעם וועג, אין מיטען מאַרק, ביים פּיקעווערס אוליצע, איז שוין ניט איין מאָל יונגוואַרג שטעקען געבליבען, מיט א יאָמער . . . ווי אַ ניט־גוטער וואָלט זיי אויף אייביג אין דער שוואַרצער, עפּושדיגער בלאָטע וועלען איינקנעטען . . .

און אויך ניט איין מאָל שוין, האָט אַ אידענע, איהרען, אָדער איהר מאַנס אַ שטיוועל אין דער בלאָטע פאַרלוירען . . . געשריהען ניט מיט איהר קול: „געוואַלד, אידען, ראַטעוועט! . . . ״ און אַמאָל ווען איהר רעטער איז ניט געווען גאָר פאַרזיכטיג, איז אויך ער, מיט דער אידענע צוזאַמען, געבליבען שטעקען אין דער בלאָטע.

און ווער עס האָט אַמאָל נאָכגעקוקט און צוגעזעהן לייזער דעם באָנדער, וועלכער איז אויך אַ טרעגער געווען, אַריבערראַטש־קעווען זיך איבער דעם בלאָטיגען וועג פון דעם מיטען מאַרק, מיט אַ פינף־פודיגען זאַק מעהל אָדער זאַלץ אויף די פּלייצעס, צי מיט אַ וואַרעטע (ליילאַך) מצות, וואָס ער פלעגט פאַר פסח פון בעקעריי

טראָגען צו די באַלעבאַטים פון שטאָט, — ביי יענעם פלעגט דאָס בלוט אין די אָדערען פאַרגליווערט ווערען.

וועה איז־גאָר געוועזן צו דעם, וואָס האָט זיין גלייכגעוויכט פאַרלוירען און איז אין דער פעלשטינער בלאָטע אַריינגעפאַלען!...

אָבער מיט לייזער באַנדער, אין דער גאַנצער קאַריערע זיינער אַלס טרעגער, האָט זיך אַזאַ אומגליק קיינמאָל ניט געטראָפֿן. ניט אַנדערש, נאָר אַ מלאך פלעגט איהם, מיט דער משא אויף זיינע פּלייצעס, דעם זומפּיגען וועג אַריבערפיהרען . . .

ניט איינער פלעגט זאָגען, אַז די פּאָר/פסח'דיגע בלאָטע האָט פיל פעלשטינער זייערע יאָהרען געקירצט.

אין שניי האָט מען נאָך ווי ס'ניט איז געקענט די אָפענע שטיוועל מיט אַ שטריק פאַרבינדען. אָבער ווען די בלאָטעס זיינען געקומען, איז געווען ביטער. קינדער זיינען ליבערשט באָרוועס געגאַנגען איידער אין זייערע ווינטערדיגע שטיוועל די בלאָטע צו קנעטען . . .

וויפיל לעבענס זיינען פון אַזאַ באָרוועס געהן טאַקע געגאַנגען אַ גאַנג?!... ווער ווייסט? קאָן דען ווער וועגען דעם חשבון אָפּגעבען? . . .

אין אַזאַ פּאָר פסח'דיגען בין השמשות, קאַטשעט זיך אַריין „פאָן זשוראַקוסקי" מיט זיין קאַרעטע אויף נאַשפּיץ, מיט פיר שניי־ווייסע פערד און בלייבט שטעקען אין דער בלאָטע ביים סאַמע אַריינפאָר פון שטאָדט, פונקט הינטער עזריאל סטאָליערס שטוב.

וויפיל דער לאָקיי האָט מיט דער לאַנגער בייטש ניט גע־קנאַלט, וויפיל ער האָט די פערד ניט צוקאַטעוועט, וויפיל שוואַר־צע פאַסען ער האָט אויף זייערע שניי־ווייסע סאַמעטענע פעלען ניט אויסגעשניטען, האָט ניט געהאָלפען. זיי האָבען די קאַרעטע פון אָרט ניט געקאָנט ריהרען.

פאָן זשוראַקוסקי איז פון קאַרעטע אַ בייזער אַרויסגעקראָכען און מיט זיינע געפּוצטע שטיוועלעטען געמוזט די בלאָטע קנעטען אַריבערשפּאַנענדיג צום ברעג פון וועג. ער האָט געקריצט מיט די ציין פאַר כעס.

אויך דער לאָקיי האָט געמוזט פון זיין קעלניע אַרונטער — די קאַרעטע גרינגער צו מאַכען — און גענומען קירעווען די פערד מיט די לייצעס אַהין און אַהער. די פערד האָבען זיך געפּלאָנטערט איינס אין אַנדערען, געטראָטען פוס אויף פוס און צעקאַליעטשעט זיי מיט די פּאָדקאָוועס. דער לאָקיי האָט געשוונדען פאַסעס פון

זיי... ס'האָט ניט געהאָלפֿען: די קאָרעטע רירט זיך ניט פון אָרט, ווי מיט צעמענט צו דער קלעפּיגער ערד צוגעסקלעפּעוועט געוואָרען.

די פאַרפּסח'דיגע בלאָטע האָט געהאַלטען כמעט דאָס גאַנצע שטעטעל אידען אין דער היים, און מען איז זיך צונויפגעלאָפען.

דער געלאָף האָט אויך אָנגעטראָגען דעם אוריאַדניק קאַלענ־טשוק, אַ ריזען־פיגור מיט וואַנצעס ווי די הערנער ביי אַ באַראַן.

זשוראַקוסקי האָט איהם געזידעלט און געשאָלטען פאַר אַזאַ שטאָט פאַראַנדעק.

דאָס רעדעל אידען ארום זיי, וואָס האָט דאָס צוגעהערט, האָבען געעפענט מויל און אויערען און געגאַפט... ס'ערשטע מאָל אין זייער לעבען ווי זיי הערען — אפילו אַ פּריץ — זידלען אַן אוראַדניק ווי דער לעצטער וואָלט זיינער אַ פּאַנשטשעווניק זיין. אידען גאַפען און זיינען זיך מחיה.

— די בעבעכעס צו פאַרזעצען, אַבי אַ פּריץ צו זיין! — שוש־קעט איינער דעם צווייטען אין אויער אריין.

קאַלענטשוק שוויגט איהם אָבער אויך ניט אָפּ. ער לאָזט איהם וויסען, אַז זיינע סוסים זיינען געראָטען אין די קוקלעס וואָס ער האָט איבערגעלאָזען אין אויסלאַנד; אַז זיי קומען גאָר פון אַ צירק, וואו מיידלאך אָהן קליידלאך האָבען אויף זיי „שוויטקע" קונצען באַוויזען און ס'וואָלט בעסער געווען, ווען ער שיקט זיי אָפּ מיט דער באַהן קיין אויסלאַנד אַלס מתנה צו די מיידלאַך אָהן קליידלאַך...

זשוראַקוסקי איז אַזוי אריין אין דער רציחה, אַז ער האָט גע־נומען אויסלאָזען זיין צאָרען אויף זיין לאַקיי פאַרוואָס ער שלאָגט די פערד אומברחמנות'דיג. ער האָט אויף איהם געשריען מיט באַ־נומענע קולות. מען האָט געקענט זעהן, אַז ווען דער פּריץ האָט די לאַנגע בייטש אין דער האַנט, וואָלט ער מיט איין כוואַשטש זי פאַר־דרעהט ארום דעם לאַקיי'ס האַלז און איהם אַ דערוואָרגענעם אין בלאָטע געשליידערט און מיט די פיס פאַרטאָפּטשעט. אַזוי האָט זיך געקענט דוכטען פון די געשרעהען.

דער לאַקיי איז געבליבען שטעהן ביז די קניה אין דער בלאָטע, וואָס האָט צו דער נאַכט־צו גענומען איינפרירען. פאַרשעהמט און טאָמעוואַטע האָט ער געקוקט אויף דעם פּריץ, ניט וויסענדיג וואָס ווייטער צו טאָן...

זוסיע סטאַראָסטע איז אויך אָנגעלאָפען צו דער סצענע און אויך ער האָט באַקומען אַ היבשע פּאָרציע פון זשוראַקוסקי'ן...

זוסיע סטאַראַסטע האָט זיך אבער אויך ניט אָפּגעשראָקען — געראַטען דעם פריץ ווענדען זיך צו דער „קאָזנאַטשעיסטווע” ווע־לען זיי שוין בויען אַ שאָסיי, ספּעציעל פאַר איהם.

מאיר קלאָרעס, וועמענס פרנסה איז אָפּגעהאַנגען פון די פרי־צים, וואָס פלעגען קומען אין שטאָט איינקויפען, האָט אין דער בלאָטע, זיך גאַר קיין אָרט ניט געקענט געפינען. ווען דער לאַקיי האָט די פערד געטריבען, האָט מאיר קלאָרעס, דרעהענדיג זיך ארום פריץ, ווי ער וואָלט אויף איהם רחמנות האָבען אין זיין אומגליק, מיט זיין גאַנצען גוף און מיט די הענט זיך אזוי געהוידעט ווי ער וואָלט ווען די קאַרעטע אונטערשטופּען. און ווען ער האָט דער־פיהלט,אַז נאָך דער שטן האָט זיך געמוזט פאַר די פערד אַוועקשטעלען, האָט ער זיך גענומען חנפענען און לאַשטשען צום פריץ, גע׳סוד׳עט זיך מיט איהם, געשושקעט איהם אין אויער אריין, ווי ער וואָלט איהם גע׳עצה׳ט עפּעס צו טאָן, און דער פריץ האָט ווי איינגע־שטימט. פלוצים האָט מאיר קלאָרעס — כאָטש שוין אַ זיבעציגער — מיט אימפּעט, אַוועקגעלאָזען זיך צווישען עולם, הויבענדיג די פּיס פון דער בלאָטע ווי ער וואָלט טרעטען אויף ספּרוזשינעס. ער האָט אויפגעזוכט נתן צולאג, הירשקע גדליה׳ס, פּישעל ליבעס, בער אברהמ׳ס, חיים קאַטאַרע, יאָסעל ריזשולינעצער און נאָך איינגע פון די פעלשטינער כוואַטסקע חברה, זיי פאַרגעלעגט אלעמען אַ גאָל־דענעם „פּריאַל” אַרויסצושלעפּען די קאַרעטע פון בלאָטע.

די כוואַטסקע אידען האָבען זיך אפילו געקווינקעלט — איז דאָס אַן עובדה פאַר אידען?... אָבער וואָס טוט ניט אַ איד פאַרן שטיקעל ברויט?!...

מאיר קלארעס האָט צונויפגעליען אַ פאָר לאָפּעטעס צווישען די שכנים פון גאַס, אַ פאַרזשאַווערטען ריסקאַל און געבראַכט צו־טאַסקען.

די גיבורים האָבען פאַרקאַטשעט די פאָלעס, אריין אין דער בלאָטע ביז די קניה. ווער עס האָט געהאַט לאַנגע כאָליאַוועס, האָט זיי העכער ארויפגעצויגען, און ווער ניט — האָט נעבעך אָנגענומען פולע שטיוועל מיט בלאָטע.

מיט די לאָפּעטעס האָבען זיי אביסעל די בלאָטע אָפּגעשאַרט. פון די רעדער האָט מען פּשוט, מיט די הענט, די בלאָטע אָפּגע־גראַבעלט. דעם לאַקיי האָט מען געהייסען שפּאַנען די פערד אנשטאָט נאַשפּיץ — אין דער ברייט. איינציגע פון די כוואַטסקע חברה האָבען מיט די אַקסלען די קאַרעטע געהויבען. אַנדערע האָבען

מיט די הענט די רעדער געפּרואווט דרייען. דער לאַקיי קנאַלט מיט דער בייטש. די פערד טוען א האַסטיגען צי... א שטיק געשפּאַן רייסט זיך איבער, און די קאַרעטע בלייבט אויף איהר אָרט...

דער געשפּאַן ווערט פאַרריכט. ווידער אמאָל ווערט געשאַרט און געגראָבען די בלאָטע פון אונטער די רעדער. ווער קאַפּאָטעס, ווער פּידזשאַקען, ווער הויזען!... די קוואַטסקע חברה זיינען מיט זייערע פּלייצעס, מיט זייערע קעפּ הינטער דער קאַרעטע. מען הויבט ביז צום אונטערדרייסען זיך. מען שרייט... ביז דער אָטעם ווערט אָפּגעהאַקט. די פערד זיינען טויב, טרעטען איבער מיט זייערע פיס פון איין אָרט אין אנדערען, פון איין לאָך אין צווייטען, און די קאַרעטע הויבט זיך ניט אָן ריהרען פון אָרט...

דאָס צונויפגעלאָפענע שטעדטעל קייכט פון געלעכטער...

די קוואַטסקע אידען ווערט קאַלט און וואַרעם. זיי האָבען זיך טאַקע געריכט אהיים צו ברענגען א רובעל אדער צוויי פאַרדינסט און, ווי עס האָט אויסגעזעהען, אָהן בויך וועהטאַג... מילא, וועט מען זיך אביסעל איינשמירען אין דער בלאָטע. די שטיוועל וועט מען אָפּשקראָבען, דאָס לייבעל אדער דעם פּידזשאַק וועט מען אויס־טריקענען און אָפּרייבען. אָבער, אז די קאַרעטע, ווי א ניט־גוטער וואָלט איהר צו דער בלאָטיגער ערד צוגעקאָוועט, רירט זיך ניט פון אָרט...

מאיר קלאַרעס בייזערט זיך, הייסט זיי געהן נייען איילען אין דער ערד: „זיי וועלען גיכער מיט מכות געשלאָגען ווערען איידער דעם „פּריאל" אין די אויגען אָנזעהן"... אַליין שפּאַרט ער אויך אונטער דעם אָקסעל. אבער, די קאַרעטע ריהרט זיך דאָך ניט פון אָרט...

דער געלעכטער ווערט נאָך העכער. די אידען־גיבורים בלייבען מיט א פּנים פון חוזק... א רחמנות אויף זיי צוקוקען...

איוואַן קוצע, אַ קליין פויערל, מיט'ן פּעלץ פאַרהויבען, כדי אין בלאָטע ניט איינטונקען, וועלכער איז געשטאַנען צווישען עולם, כמעט לעבען זשוראַקוסקי'ן, צוגעקוקט צו די איינפאַלען און ספּאָסאָ־בען, וואָס די קלוגע אידען טראַכטען אויס די קאַרעטע פון בלאָטע ארויסצושלעפּען, און ער האָט געלאַכט ס'גרעסטע געלעכטער...

דאָס געלעכטער זיינס האָט דעם פּריץ גערעגט און דערצאָרענט ביז דער פּריץ האָט זיך אויף איהם אָפּגעריסען:

— כאַמולאַ!... וואָס לאַכסטו?!

דאָס פויעריל דערשרעקט זיך ניט, כאַפּט ארונטער זיין קוטשמע פאַרנויגט זיך ווי פאר א גלח:

— פאַני זשוראַקוסקי! — רופט ער זיך אָן צום פּריץ, — איך לאַך פון זיי... ניט פון אייך און ניט פון אייערע צושראַקענע פערד... גאָט באַהיט!... זאָגט מיר צו, פאַני זשוראַקוסקי, אז איהר וועט מיר צושיקען א פוהר שטרוי, שלעפּ איך פאר אייך די קאַרעטע ארויס...

— ווי אזוי וועסטו דאָס טאָן? מוזשיק דו איינער! צאָרענט דער פּריץ נאָך אַלץ אויף דעם גוטמוטיגען פויעריל.

— וואָס אַרט אייך ווי אזוי? — שטעלט דאָס פויעריל אינ־גאַנצען אויף זיך. — איהר זאָגט צו א פוהר שטרוי? יאָ, פאַני זשוראַקוסקי?...

— כאַמולא! שליידערט דער פּריץ דאָס וואָרט דעם פויעריל אין פנים אריין, — איך וועל דיר צושיקען צוויי פוהרען שטרוי... שלעפּ! אויב דו קאָנסט...

— גוט! אין איין אויגענבליק, פאַני! — און דאָס פויעריל ווערט נעלם.

עס נעמט ניט לאַנג און דאָס פויעריל באַווייזט זיך רייטענדיג מיט זיינע צוויי מוציקעס. ער הייסט דעם לאַקיי אויסשפּאַנען די פּריצישע פאַרמוטשעטע פערד.

דער לאַקיי קווינקעלט זיך, קוקט אויף דעם פויעריל ווי אויף א משוגע'נעם, אָבער זשוראַקוסקי'ס קול דונערט פון ווייטענס:

— שפּאַן אויס, דו פאַרשיוועץ!... — און די פאַנסקע פערד ווערען אויסגעשפּאַנט און אוועקגעפירט איבערן וועג וואו זיי ווערען אַרומגערינגעלט פון נייגעריגען עולם.

די פערד טוליען זיך איינס צום אנדערען, ווי זיי וואָלטען פאר עפּעס זיך געשראָקען. זייערע פעלען זיינען אויסגעניאַרעט אין בלאָ־טע: ראַב אָנשטאָט ווייס. די פיס — צוקאַליעטשעט, ציטערען, ווי זיי וואָלטען קיין באָדען אונטער זיך ניט געפילט. מיט דעם עולם אַרום און אַרום זיי — געפינען זיך די פערד ווי פאַרטריבען אין א שטייג...

קאַלענטשוק לויפט אָן, צוטרייבט דעם עולם פון אַרום די פערד, זידעלט פּונקט ווי דער עולם וואָלט באַגאַנגען עפּעס אַ זינד...

איוואַן קוצע טשעפּעט צו מיט שטריק זיינע צוויי מוציקעס. אָן ליאַרעם, אָן טאַראַראַם, נעמט די לייצעס אין דער האַנט אריין, שטעלט אונטער זיין אַקסעל און טהוט א לאַנגען אויסגעצויגענעם געשריי:

— וויאַ!... קליינינקע... וויאַ! פּיצעלאַך...

און די פערדעלאַך ציהען זיך אויס אזוי פּאַמעלאַך און די רעדער נעמען זיך ריהרען, דרעהען. טראַט נאָך טראַט שניידען זיי די בלאָטע, וואָס אמאָל מעהר און מעהר, גלייך ס'וואָלט גאָר ניט פּאַסירט ביז אַ טשאָך־טשאָך ריטם דערהערט זיך פון זייערע קליינינקע קאָפּיטקעלאַך, אזוי אז דאָס פוּיעריל קאָן שוין באַלד ניט מיטהאַלטען מיט זייער שטעלען פיס.

דאָס פוּיעריל און, עס זעהט אויס, אויך זיינע מוזיקעס, לאַכען ס'גרעסטע געלעכטער... זיי האָבען דאָס די זכיה צו שלעפען אַ פּריצישע קאַרעטע.

— וויאַ!... קליינינקע... וויאַ! פּיצעלאַך... וואָס צו קייען וועט שוין זיין... וויאַ!... צוויי פוהרען שטרוי וועט שוין זיין! וויאַ, פּיצעלאַך!

די כוואַטסקע חברה זיינען געבליבען שטעהן מיט אָפענע מיי־לער, פאַרגאַפט אָהן לשון... דערנאָך האָבען זיי געהאַט טענות צו מאיר קלאַרע'ס און צום פּריץ אליין — באשר, ווען ניט זיי, וואָס האָבען די בלאָטע אוועקגעשאַרט, וואָלט איוואַן קוצע די קאַרעטע בשום אופן ואופן ניט געוועזן אַרויסגעשלעפט. זיי האָבען געמאַנט כאָטש עפּעס פאַר זייער „טרוד"... אָבער געהאַט האָבען זיי פאַרפוילטע פיש און פאַרשטונקענעם הערינג.

אַז איוואַן קוצע איז שטעהן געבליבען מיט דער קאַרעטע אויף אַ זייטיגער גאַס, איז דער עולם — וואָס האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך דער קאַרעטע מיט די ברעגען פון ביידע זייטען גאַס — ווידער שטעהן געבליבען און איהם, איוואַנען, מיט דער קאַרעטע נאָך אַמאָל ארומגערינגעלט.

נייגעריגע אידען האָבען דערוויל דורכ'ן פענסטער געכאַפּט אַ קוק אינעווייניג, באַוואונדערט דעם פּליוש... אי! אי! אייניגע האָ־בען די קאַרעטע אַ שאָקעל געטאָן ווי זיי וואָלטען וועלען אויספּרובי־רען ווי שווער זי איז. אַנדערע האָבען גאָר באַטאַפּט קוצע'ס פערד־לאַך און ניט אויפגעהערט זיך חידוש'ן — דאַכט זיך ניט מעהר ווי קעץ!... און דאָך... פלא פלאים!...

אירע יוזפ'ס, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און גע־פירט אַ שמועס מיט יאַסעל בריינעס, חוזק מאַכענדיג פון די פעלש־טינער גיבורים, האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו קוצע'ן מיט אַ קשיה:

— איוואַן! ווי קומט עס, וואָס אזעלכע פיר לייבען, מיט אלע אונזערע באַהעלפערס, האָבען די קאַרעטע פון אָרט ניט געקענט

ריהרען און דיינע צוויי לאָשיקלאך זיינען אוועק מיט איהר ווי א רוח אויפ'ן ווינט?...

און קוצע ענטפערט לאכנדיג: — מיינע צוויי לאָשיקלאך זיינען א טאָכטער מיט אַ מאַמען. די טאָכטער האָט דער מאַמען געהאָלפען, און די מאַמע האָט דער טאָכטער געהאָלפען. אז זיי האָבען זיך איינס ס'אַנדערע ארויסגעהאָלפען, האָבען זיי די קאָרעטע פון דער בלאָטע געמוזט ארויסשלעפען. דעם פריץ'ס פיר ווייסע אָדלערס זיינען דאָך רויב-פויגלען, פרעמדע איינס צום אַנדערען, און זייער געבוי ליגט גאָר ניט דער געפיהל צו העלפען איינער דעם אנדערען...

און אירע כאַפט איהם אונטער:

— קוצע! מיינסטו צו זאָגען, ווייל אונזערע כוואטסקע אידען האָבען זיך צונויפגעפאָרט מיט רויב-פויגלען, דעריבער איז זיי ניט געלונגען ארויסצושלעפען די קאָרעטע פון בלאָטע?!

— ריכטיג!... ריכטיג!... פּאָטאָקעוועט קוצע.

— קוצע! — שרייט אירע אוים אַ צופרידענער און קלאַפּט איהם איבער דער פּלייצע — ביזט אַ מאַלאָדעץ!... א שטוהל אין גן-עדן ביסטו ווערט!...

## שמואל לאנדוי

# לייזער באַנדער — אַ פּעלשטינער אביון



ווער אין שטאָט האָט ניט געקענט לייזער באַנדער? דאַכט זיך אפילו קינדער אין די ווינקעלאַך האָבען אים געקענט. ער איז דאָך שטענדיג געווען אַזאַ גוטמוטיגער, שמייכלענדיגער אביון, אַזאַ צופרידענער מיט זיין דאָליע, מיט זיין אביונ׳דיגען גורל. אפילו דער שטן־מקטרג אליין האָט ניט געוואַגט אריינצוברענגען אַ קלאָגע צום רבונו־של־עולם, אַז לייזער איז ניט צופרידען מיט דעם אָרימען שטיקעל ברויט, מיט וועלכען ער האָט זיך קיינמאָל ניט אָנגעגעסען זאַט; אַז ער איז ניט צופרידען מיט די אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע בגדים אויף זיין מידען, אויסגעמאַטערטען קערפּער.

לייזער האָט געצויגען זיין, משטיינס־געזאָגט, חיונה פון צווייערליי ארבייטען. כמעט אַ גאַנץ יאָהר, איז ער געווען אַ טרעגער. וואַגאָנעס זעק מיט מעהל, זעק מיט זאַלץ, תבואה, האָט לייזער וואָך־איין וואָך־אויס, טאָג־איין טאָג־אויס, אויף זיינע פּלייצעס איבערגעטראָגען פון די אָפּטאָווע סקלאַדעס צו די קרעמערס; און אַמאָל אויך דאָס מעבל פון די וואָס האָבען געוואוינט ביי יענעם אין קאָמערינע. אין די טיפסטע בלאָטעס, אין די שטור־רעמדיגסטע שנייען פלעגט לייזער זיך ראַטשקעווען מיט דער שווערער משא, מיט׳ן בלוט אין פּנים און אָנגעצויגענע אָדערען אין האַלז, אָבער אָן אַ קרעכץ אפילו...

מען האָט קיינמאָל ניט געהערט פון לייזערען, אַז ער זאָל זיך, חלילה, באַקלאָגען אויפ׳ן כביכול, אָדער אויף „זיינע" גבירים, וואָס האָבען איהם באַצאָלט אַזוי ווייניג פאַר זיין שווערער פּראַצע — דריי גראָשען פאַר איבערדזשווינגען אַ זאַק, ווער ווייסט ווי ווייט... פאַרקערט, ביי לייזער׳ן איז אויסגעקומען, אַז מען טוט איהם אַ גרויסע טובה, ווען מען גיט איהם צו דזשווינגען די שווערע משאות, און ער קאָן זיך פאַרדינען עטליכע צענדליג קאָפּיקעס דורכ׳ן טאָג. אי ס׳איז אביסעל שווערליך צו טאַסקען פאַר די דריי גראָשען פינף־פודיגע זעק אין די טיפע בלאָטעס און מיט צוריסענע

שטיוועל דערצו... „נו! וואָס קאָן מען מאַכען? ס'לוינט דאָך אָבער אויך ניט די סקלאַדטשיקעס צו צאָהלען מעהר... זיי בעדאַרפען דאָך אויך לעבען פונקט אזוי ווי ער"...

און לייזער דאַנקט גאָט דערפאַר, וואָס ער בעדאַרף ניט בעטלען ביי יענעם א נדבה: „ס'איז ש ו י ן גוט, אז מען דאַרף ניט אָנקומען צו לייטענס גאָב". אזוי האָט לייזער געלערענט דעם „פשט־פּרנסה" און איז תמיד געווען צופרידען מיט דעם רבונו־של־עולם און מיט זיינע גבירים...

די צווייטע פּאָזיציע וואָס לייזער האָט פאַרנומען אינ'ם פעלשטינער לעבען, איז געווען באַנדעריי. אָבער דאָס מיינט נאָך ניט, אז לייזער האָט געקאָנט מאַכען א נייע פאַס אָדער א נייע דייזשקע. ניין! דאָס האָט ער טאַקע ניט געקאָנט. א חוץ דעם האָט מען צו דער דאָזיגער מלאכה בע־דאַרפט פאַרמאָגען א מאַיאָנטעק. אַן אמת'ר באָנדער האָט בעדאַרפט פאַה־רען אין וואַלד אריין און ברענגען פון דאָרט אפשר פאַר א פּופּציגער גע־הילץ. אזא באָנדער האָט בעדאַרפט האָבען גאָר אַנדערע מינים געצייג, וואָס האָבען געדאַרפט קאָסטען מי־יודע וויפיל... און וואו נעמט מען אזא פאַרמעגען?... האָט זיך דערפאַר טאַקע אונזער ר' לייזער ספּעציאַ־ליזירט בלויז אויף פאַרריכטען אַלטע, שברי־כלים.

ביי אונזערע פעלשטינער אידען האָבען זיך געפונען צולעכצטע פעס־לאַך, וואָס זיינען באַנוצט געוואָרען נאָר אויף פסח'דיג וואַסער, און אויך צוטריקענטע דייזשקעס, אין וועלכע מען האָט געשטעלט פסח'דיגען באָרשט. א גאַנץ יאָהר האָבען זיך די כלים געוואָלגערט אויפ'ן בוידעם, אָדער אין קאַמער, צי גאָר אין קעלער. פאַר פסח איז געקומען לייזער „באָדנער" און זיי מחיה־מתים געווען. (באָדנער האָט מען איהם גערופען, ווייל די שטאָט האָט איהם געהאַלטען פאַר א פאַרטאַטש א באָנדער).

לייזער איז נישט געווען ווי פנחס און שלום באָנדער, וואָס מאַכען נייע כלים פאַר טמא ערלים צו זויערען אין זיי טריפ'ע קרויט, טריפ'ע אוגערקעס און טריפ'ען באָרשט. אָ, ניין! לייזער האָט גאָר ניט מקנא געווען די באָנדערעס וואָס האָבען געמאַכט כלים פאַר די גויים. טאַקע גאָר נישט מקנא געווען, כאָטש זיי זיינען, לויט לייזער'ס באגריף, געווען „עשירים". ביי לייזער'ן איז אויסגעקומען, אז דער גוי איז טריפ'ע און זיין גראָשען טריפ'ע. דער גראָשען וואָס ער, לייזער, פאַרדינט איז א כשר'ער. ער באַקומט איהם פאַר א דבר־מצוה. אָרט עס איהם שוין ווענינ, וואָס מען צאָלט איהם אינגאַנצען עטליכע גראָשען פאַר אָנשלאָגען א רייף אויף א פאַס: אידען זיינען דאָך נישט בכוח צו באַצאָהלען אזא פּריז פאַר א רייף ווי די גויים, וואָס זיינען אָנגעשטאָפּט מיט אַלדאָס־גוטס...

באַלד נאָך פורים האָט לייזער פאַרלאָזט די „טרעגער"־פּאָזיציע און פאַרנומען זיך מיט דער „באַנדער"־פּאָזיציע. שוין אויף מאָרגען נאָך פורים, און יעדען טאָג ביז ערב פסח, פלעגט מען זעהען לייזער׳ן זיך ארומשלעפען איבער די שטאָטישע, טיף־בלאָטיגע גאַסען מיט א פּאָר טוץ הילצערנע רייפען אויפגעהאַנגען אויפ׳ן אָרעם, די לענדען ארומגעגארטעלט מיט א גראָבען שטריק; אין דעם שטריק־גארטעל אריינגעשטעקט א באַנדער־האַק מיט א קלעפּקע־סטרישניק און א רייפען־צײַנגעל. נאָך גאָר פון ווייטענס האָט מען געקאָנט הערען דאָס סוויסטשען פון לייזער׳ס לעבער־דיגע שטיוועל, וואָס האָבען ביי יעדען שפּאַן זיינעם אריינגעפּאָמפּעט די שיטערע בלאָטע און דורך דעם דרוק פון זיינע „רומאַטיזעמדיגע" פיס צוריק ארויסגעפּאָמפּעט דאָס בלאָטיגע וואַסער פון די שטיוועל. אזוי שלעפּענדיג זיך איבער די פעלשטינער, בלאָטיגע גאַסען, אויס־סוויסטשענדיג מיט די צעריסענע שטיוועל קוויטשענדיגע, גרילצענדיגע, הארצרייסענדיגע אקאָרדען, פלעגט איהם א בעל־הבית דערזעהען און אריינרופען פארריכטען די פסח׳דיגע פאַס, אָדער די פסח׳דיגע דייזשקע.

לייזער האָט תיכף ארויסגעקאַטשעט די שברי־כלי פאר דער שטוב, זי פאָרזיכטיג באַטראַכט און מיט חשק א נעם געטאָן זיך צו זיין הייליגער מלאכה...

אַי, אַי! ווי לוסטיג און פרעהלאַך לייזער פלעגט ווערען, ווען ער האָט מיט דער באַנדער־האַק און רייפען־צײַנגעל גענומען באַפּעסטיגען די נייע רייפען, וואָס ער האָט אַרויפגעצווינגען אויף דעם אַלטען פאַס. דאָס קלאַפּען מיט דער שטאָלענער האַק אויף דעם שטאָלענעם רייפען־צײַנגעל האָט געקלונגען אזוי מוזיקאַליש אין זיינע אויערען... ער פלעגט אזוי קונציג קלאַפּען מיט דער האַק אויפ׳ן צײַנגעל, אזוי ריטמיש קלינגען מיט איהר, אז עס האָט זיך געקענט אויסדאַכטען, אז לייזער וויל אויסקלאַפּען א טרויעריגע מעלאָדיע, וואָס האָט זיך געריסען פון זיין אינערליכען, פאַר־באָרגענעם וועזען... דעם בעל־הבית האָט זיך אויסגעוויזען, אז דאָס וויל לייזער איהם ווייזען מיט זיין קונציגען, פלייסיגען קלאַפּען, אז ער איז אַן אמת׳ער באַנדער, נאָר זיין ביטערער מזל האָט עס איהם געמאַכט פאַר א טרעגער...

איז עמיצער פאַרביינגעגאַנגען בעת לייזער האָט געקלאַפּט אין דעם פאַס אריין, האָט עס יענעם א צופּ געטאָן ביים הארצען פאַר גרויס רחמנות אויף לייזער׳ן, אָבער לייזער׳ס פּנים האָט געשטראַהלט פון שמחה און גליק...

לייזער האָט געהאָפּט, אז ער וועט אין די פאַר־יום־טוב'דיגע טעג — פון פורים ביז פּסח — פאַרדינען אפשר א רובל יעדען טאָג און אפשר אמאָל נאָך מעהר פון א רובל...

זיין פאַנטאַזיע האָט איהם אָנגעהויבען צו מאָהלען פרעהליכע און מונטערדיגע בילדער. לייזער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אז אָט, באַלד־באַלד וועט ער זיך קענען פאַרגינען אריינצוגעהן, מיט זיינע צוריסענע שטיוועל צום שוסטער, אז ער זאָל זיי אויסלאַטען פאַר איהם לכבוד יום־טוב... אך! ווי מחיה עס וועט זיין יום־טוב אריינצושטעקען די קראַנקע פיס אין טרוקענע שטיוועל!... לייזער שטעלט זיך פאָר, ווי ער דערלאַנגט זיין אויסגעמאָרעטער פרוי דריי רובל, אז זי זאָל געהן אין שניט־קראָם נעמען שטאָף אויף זעקס העמדער: צוויי פאַר איהם אליין, נייע, טאַקע ריכטיג נייע העמדער; צוויי נייע העמדער פאַר דער ווייב; און פאַר דער בת־יחידה — א מיידעל פון א יאָהר פופצעהן, טאַקע אויך צוויי נייע העמ־דער...

זיין פאַנטאַזיע האָט איהם געמאָהלען דעם פאַרגעניגען פון דער ערב־פּסח'דיגער שוויץ־באָד, וואָס ער וועט זיך פאַרגינען צו נעמען, און טאַקע באַצאָלען דעם בעדער פינף קאָפּיקעס מזומן — מעשה שטאָט בעל־הבית...

מיט אזוינע און נאָך עהנליכע פאַנטאַזיעס אין זיין מוח, האָט לייזער געקלאַפּט, געקלאַפּט, און געקלאַפּט אין די ליידיגע פעסער אריין, ווי ער וואָלט געהאַלטען צוויי טאָצען אין האַנט און פאַרהילכט די גאַס, טאַקע מיט א שטאָלענעם אָבער הארציג זיסען קלאַפּען, וואָס האָט די שכנים פון גאַס געצופּט די נשמות פון רחמנות אויף לייזער'ן...

און ווען דער פּסח איז אריבער, און דער פריהלינג איז אָנגעקומען, און די קאָמערניקעס האָבען זיך איבערגעפירט פון איין דירה אין א צוויי־טער, און לייזער פלעגט דזשווינגען אויף די אויסגעמאַטערטע פּלייצעס א ברייטע, הויכע און שווערע קליידער־שאַפע, קריכענדיג מיט איהר אין דער נאָך ניט אויסגעטריקענטער בלאָטע, פלעגט לייזער אזוי־אַ אמאָהל באַגע־גענען דעם שטאָט־גביר יאַנקעל מעלער'ס, וואָס האָט פאַרמאָגט, אפשר פינף טויזענט רובל, וואָס נאָך לייזער'ס באַגריף האָט עס געהייסען, „אַן עשירות—קרח'ס עשירות!”.... פלעגט לייזער א טראַכט טאָן: „אַך, ווען איך וואָלט זיין יאַנקעל מעלער'ס!”...

— וואָס וואָלסטו, לייזער, געטאָן ווען דו וואָלסט זיין יאַנקעל מעלער'ס? — האָט מען איהם אמאָל א פרעג געטאָן.

— וואָס איך וואָלט געטאָן, ווען איך זאָל זיין יאַנקעל מעלער'ס?!... אָט וואָס: ס'קומט צו צו לייזער'ן חיים־קאַטשער און בעט: לייזער! גיב מיר א פינף־און־צוואַנציגער א גמילת־חסד! וואָלט איך געזאָגט:

נ־נא!... ס׳קומט צו מיר צו ר׳ יוזף שוסטער און זאָגט: גיב אהער א פופציגער א גמילת־חסד! וואָלט איך געזאָגט—נ־נא! . . . זעליג פינגרי־שעס קומט צו — לייזער! א הונדערטער א גמילת־חסד?! נ־נא... זע־ליג!.. אָט וואָס איך וואָלט געטאָן!...

— יאָ... יאָ! לייזער, — זאָג איך אמאָל צו איהם מיט א שמייכעל— ניט אומזיסט זאָגט די וועלט א ווערטעל, אז יעדער קבצן איז א בעל־צדקה. — לייזער׳ס פנים פארקרימט זיך פלוצים, ווי מיט עקעל פון זיך אליין, און שליידערט ארויס פון מויל די ווערטער: „אויב אזוי, מעג די גאנצע שקר׳דיגע וועלט געהן אין דרערד אריין!״...



ב׳ה, יום ג׳ לסדר ויגש, שנת תרצ״ה לפ״ק, פה קליוולאנד, אהייא.

מיין טייערער, טייערער פעלשטינער פאראיין, מיט זיין, מיר טייערען, סעקרעטאר, מר. יונה, מרדכי יוזיפס, באום:

אי! ס׳א מחיה, ס׳שמעקט אזש ארום מיר, מיט פעלשטין. אך! וואס פאר אן אנגענעמענער ריח! ס׳שמעקט מיט טאטע, מאמע, ברודער, שוועסטער, קרובים, גוטע ברידער.... לעבעדיגע. גאט! זאלען זיי נאך לעבען א סך יארען! גוטע ברידער, המבדיל בין חיים למתים, גאט! לאז זיי רוען אונטער דיין כסא הכבוד. אך! ווי א באלזאם צו דער פארקרענקטער און פארבענקטער נשמה, עפעס א קלייניגקייט? לאזען דורכלויפען דורכ׳ן זכרון פעלשטין! ס׳קען דאך דאס הארץ פלאצען! נו, העלפט גאט מיט א רפואה: טרערען. טרערען מאכען דעם וועהטאג גרינגער...

מיינע טייערע! אויף אייער רוף, אייך צו העלפען ארויסגעבען דעם זאמעלבוך, שיק איך אייך צו יעצט א כאראקטעד בילדעל פון אונזערען א פעלשטינער אביון. ס׳איז ווערט אזא בילד צו פאראייביגען. זאלען אונזערע קינדער זעהן וואס פאר א זיסע, צוקערדיגע עלטערען זיי האבען געהאט, זאלען לייענען שונאי־ישראל, וועלכע זאגען אז נאר אידען זיינען קאמוניסטען, וועלען זיי זעהן אויף וואס א איד, א הארעפאשניק, האט זיך געוואונשען צו האבען געלט.

אין דיזען בילד איז יעדער שטריכעלע אמת ויציב. די לעצטע עטליכע ווערטער פון לייזער׳ס וואונש, וואס ער האט זיך געוואונשען, זיינען אזוי אמת, ווי אמת איך לעב נאך אויף דער וועלט. איך האב זיי אליין געהערט פון זיין מויל, און איך ביז דעמאלט ערשטוינט געווארען פון דעם וואונש פון אן אביון. דערפאר האב איך געפונען פאר ראטזאם צו פאראייביגען אזא בילד.

בלייבט אלע מיינע טייערע, טייערע, און טייערע, פעלשטינער, געזונט און גליקליך, רייך און פרעהליך, ווי ס׳ווינשט אייך, אייערער

שמואל לנדוי

## שמואל חיים פאָרטנאָי

# אַ תכלית פאַרן זוהן

●



ען ער איז אַלט געוואָרען צעהן יאָהר און איז ארויס פון חדר, האָבען זיינע עלטערען גענומען קלערען וועגען א תכלית פאר אים. פון קלערען וועגען א תכלית ביז דער־גרייכען אים, איז אָבער געווען זעהר ווייט.

אַז דאָס בחור'ל איז געוואָרען מיט א יאָהר עלטער און האָט זיך נאָך אַלץ ארומגעדרעהט פוסט־און־פּאַס, האָבען טאַטע־מאַמע זיך מיאש געווען און אויפגעהערט צו טראַכטען וועגען אַ תכלית פאַר זייער קינד. זיי זיינען שוין געווען גרייט צו באַנוגענען זיך, באַדאַי, מיט וואָס ס'ניט איז, אבי דאָס קינד זאָל ניט דאַרפען אַרומגעהן פוסט־און־פּאַס. עס איז אָבער ניט געווען אין פעלשטין וואו עפּעס צו געפינען.

דעם בחורל'ס טאַטע איז געווען איינער פון די פעלשטינער אידען, וואָס פלעגען אַוועקשפּאַנען אין דאָרף אַריין יעדען פאַרטאָג, נאָך איידער די הענער האָבען געקרעהט, און אַהיים קומען, ווען די לבנה האָט שוין געהאַלטען ווייט אין איהר מאַרשרוט, — און אָפט... אַהיים קומען מיט ליידיגע הענט.

דאָס בחור'ל האָט גענומען ווערען אַ לאַסט אויף די עלטערענס פּלייצעס, ווייל די קלענערע קינדער זענען, איינס נאָכ'ן צווייטען, אונ־טערגעוואַקסען, און דער ביסען איז געוואָרען וואָס אַמאָהל קלענער. האָט מען אָנגעהויבען טראַכטען: אפשר זאָל מען אָפּגעבען דאָס קינד לערנען פאַר אַ שניידער, אַ שוסטער אָדער אַ סטאָליאַר?

דער געדאַנק אַליין וועגען לערנען דעם בחור אַ מלאכה, האָט דער מוטער געמאַכט אויפשווידערען. זי וועט גיכער שטאַרבען, איידער זעהן איהר קינד ווערען אַ שניידער, אַ שוסטער, אָדער אַ סטאָליאַר!...

מיט דער צייט האָט זיך אָבער די מוטער צוגעוואוינט צום געדאַנק וועגען לערנען איהר קינד אַ מלאכה — שוין ניט אַזוי צוליעב תכלית,

ווי פשוט צוליב דעם אז איהר קינד זאָל האָבען וואָס צו עסען. כאָטש, מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס דאָס פעלשטינער עסען איז געווען: אַ שטיקעל הע־רינג מיט ברויט, אָדער אַ פּאָר קארטאָפעל מיט ברויט...

דאָך ווען עס איז דאָ אין שטוב אַן „עסער" ווייניגער, איז פאָרט גרינגער דעם טאָג איבערצוקומען.

האָט זיך די מוטער צוגעוואוינט צו טראַכטען וועגען לערנען איהר קינד אַ מלאכה. זי איז אָבער געבליבען ביים טראַכטען.

וואָרום וועלכער פעלשטינער שניידער, שוסטער אָדער סטאָליאַר, מיט פינף־זעקס, אייגענע קינדער אין שטוב, האָט זיך געקאָנט פאַרגינען אריינעמען אַ צעהן־צוועלף יעהריגען אינגעל און איהם געבען עסען?

אויף אַן עלטער אינגעל האָט זיך דער פעלשטינער בעל מלאכה געראַדעוועט אַמאָל. פון אַן עלטער אינגעל וועט ער קענען אַ נוץ האָ־בען: ער וועט ברענגען אַ פּאָר עמער וואַסער פון קרעניצע, צעהאַקען האָלץ, געהן אַ גאַנג, און אָפּטראָגען אַ שטיקעל ארבייט. אָבער אַזאַ יונג בחור׳ל? וואָס פאַר־אַ נוץ קען מען פון איהם האָבען? וואָלט ער ניט באַדאַרפט אַליין אויסטיילען דעם ביסען זיינע אייגענע קינדער... איז אפשר... אָבער אַזוי...

איז דאָס בחור"ל ארומגעגאַנגען פּוסט־און־פּאַס און זיינע טאַטע מאַמע האָבען געזאָרגט און בעדויערט זיך און זייער קינד׳ס מזל...

איין מאָהל איז די מאַמע אהיים געקומען מלא שמחה און דער־צעהלט דעם טאַטען די גוטע בשורה, אַז ר׳ הירש יואל׳ס בחור האָט פאַר־לאָזען דעם רב ר׳ ישראל קיטעווער און איז אַוועק אין אַ גרויסער שטאָט זוכען זיין גליק.

דעם בחורל׳ס באָבע האָט געשטאַמט פון רב׳ס משפחה, האָט די מאַמע אָפּגענוצט זכות־אבות און גענומען ארבייטען מיט דער באָבע, אַז זי זאָל פּועל׳ן ביים רב, ער זאָל אריינעהמען איהר אייניקעל צו זיך און מאַכען אַ מענשען פון איהם... און זי האָט גע׳פּועל׳ט.

אָבער עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז עס איז געווען גרינגער פאַר דעם בחור׳ל צו באַקומען די שטעלע ווי זי אָנצוהאַלטען.

דען די נייע רבי׳צין, וועלכע איז געווען די צווייטע פרוי ביים רב און בלויז ערשט אַ פּאָר יאָהר אין פעלשטין, האָט קיין חשק ניט געהאַט צו צו־נעמען דאָס יונגע בחור׳ל פאַר דער זעהר פאַראַנטוואָרטליכער שטעלע.

„אראָפּצונידערען אין קעהלער און ארויפברענגען אַ פּעקעל הייוועז יעדעס מאָהל, ווען אַ קונה קומט קויפען פאַר עטליכע גראָשען הייוועז — איז קיין קלייניגקייט ניט" — האָט די רבי׳צין דערקלעהרט דער באָבע

זיינער. אָדער צו דערלאַנגען דעם רב אַ ספר, וואָס געפינט זיך אין די די גרויסע שאַפעס — און די ספרים זענען דאָך אַזוי גרויס — צו דער־לאַנגען דעם רב זיינע ברילען ווען ער נעמט זיי זוכען איז אויך קיין קלייניגקייט ניט; אַרויסלויפען אין מאַרק אַריין עטליכע מאָל אין טאָג, איינקויפען וואָס די שטוב באַדאַרף האָבען, איז אויך ניט קיין קלייניגקייט"...

די רבי'צין איז געווען זעהר ניט־פריינדליך צום רב'ס משפחה. איהר האָט זיך תמיד אויסגעדאַכט, אַז דעם רב'ס משפחה פאַרגינט איהר ניט, וואָס זי האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון דער פריהעריגער רבי'צין מירעל. אָבער די רייד פון דעם בחור'ל באַבע האָבען איבערגעוואויגען: דאָס בחור'ל איז אָנגעשטעלט געוואָרען צו זיין אַ משרת ביים רב.

דאָס בחור'ל איז אויסגעשטאַנען גרויסע יסורים פון זיין שטעלע און פון דער נייער רבי'צין. ער האָט זיך אָבער, ווי ס'ניט איז, צוגעוואוינט צו די צרות.

צו איין ארבייט האָט ער זיך אָבער בשום אופן ניט געקאָנט אַזוי גיך צוגעוואוינען, און דאָס איז געווען: אויפצושטעלען און אַריינ־ברענגען דעם אויפגעזאָטענעם סאַמאָוואַר פון קאַמער אין קיך אַריין און איהם אַרויפשטעלען אויפ'ן טאַפּטשאַן.

אַ סך מאָהל איז דער סאַמאָוואַר האַלב אויסגעקאַכט געוואָרען ביז די רבי'צין אַליין איז געקומען צו הילף דעם בחור'ל אַריינצוברענגען דעם סאַמאָוואַר אין קיך אַריין.

דאָס האָט דער רבי'צין געמאַכט זעהר אונצופרידען. און דאָס בחור'ל פלעגט זיך פיהלען זעהר דערשלאָגען ווען די רבי'צין פלעגט נעהמען טענה'ן: אַז ער איז געקומען נאָך איהרע יאָהרען.

דאָס בחור'ל פלעגט אָפט בייז ווערען אויף די טיי־טרינקערס — און טיי־טרינקערס זיינען ביים רב געווען איבער אַ מנין: יהודה־איצי סמער־ניק, אשר בייזער, שלום־חייה־הינדעס, גרשון פּאָטיקער, משה בריינה דוואָ־סיעס, ליב שוחט, עלי פון קרעטשמעלע, דוד חזן, ליב רייזעס, הירש שמואליקס און נאָך אַנדערע.

אויף די טיי־טרינקערס, פאַר וועמען איין גלאָז טיי איז געווען וויניג, האָט דאָס בחורל באמת שטאַרק פאַראיבעל געהאַט. וואָרום צוליעב זיי האָט ער געמוזט דערגיסען דעם סאַמאָוואַר און איהם נאָך אַמאָל אויפקאָכען. און נאָכאַמאָל אויפקאָכען דעם סאַמאָוואַר האָט מען געמוזט נאָכאַמאָהל צובלאָזען קוילען. און אויף צו בלאָזען קוילען האָט דאָס בחור'ל געהאַט זעהר אַ שוואַכען אָטעם.

ניט איין מאָהל פלעגט ער זיך צוואויינען, ווען דער סאַמאָוואַר האָט זיך ניט געוואָלט צוברענען און די רבי'צין האָט איהם געמוזט קומען צו

הילף און דערבײ גאָט בעטען וואָס גיכער פּטור צו ווערען פון איהר מאַנ׳ס משפּחה־אַנשיקעניש.

אויף הירש־שמואליקס, אײנעם פון די טײ־טרינקערס, פּלעגט ער באמת אין כעס זײן: אז פאַר איהם איז פיר־פינף גלעזער טײ אויך ווייניג. ער פּלעגט ניט קאָנען פאַרשטעהן דעם רב, פאַרוואָס ער פּלעגט נאָך הײסען דער רבי׳צען — ניט אָנרופענדיג זי בײם נאָמען — „הײס נאָר דאָרטען אָנגיסען ר הירש׳ען — דעם נאשער, נאָך א גלעזעלע טײ״... נאשער האָט ער איהם גערופען ניט אזוי דערפאַר, וואָס הירש שמואליקס האָט ליעב געהאַט א גלעזעלע טײ, נאָר פּשוט דערפאַר, וואָס הירש שמואליקס האָט שטענדיג געלעכצט נאָך דעם אײנגעמאַכטס, וואָס די רבי׳צען האָט געשטעלט צו דער טײ, אָדער נאָך דעם צוקער־געבעקס וואָס זי פּלעגט געבען צו צובײסען.

דאָס בחור׳ל איז עלטער און גרעסער געוואָרען. אפילו דעם סאַמאָוואר אויפצושטעלען איז שוין געוואָרען א שפּיעלכעל בײ איהם. ער האָט אָבער גענומען דערפילען, אז אין פעלשטין צו זײן א משרת, אפילו בײם רב, איז אויך קײן תכלית ניט. און אין א שעהנעם טאָג האָט ער פונקט ווי הירש יואל׳ס בחור פאַרלאָזען דעם רב און אויך זײנע פעלשטינער אָרעמע טאַטע מאַמע און זיך אַוועק געלאָזט אין די גרעסערע מקומות צו זוכען דעם אמת׳ן תכלית.

אָבער פון זוכען ביז צו דערגרײכען איז נאָך זעהר ווײט, אפילו אין די נאָר גרויסע מקומות.

# יונה בוים

# פעלשטינער פרנסות

●



אין פעלשטין זיינען פאַראַן אידען, וועלכע מען רופט אַן „יאַיעטשניקעס". אַ „יאַיעטשניק" איז דער, וואָס פאָהרט אַרום מיט אַ פערד און־וועגעלע איבער די דערפער און נעמט אויף די איינגעהאַנדעלטע אייער פון די אידען, וועלכע רופען זיך „דאָרפ׳ס געהער". אַ דאָרפס געהער איז איינער, וואָס געהט אַרום איבער׳ן דאָרף, קלאַפּט אין די טירען און פרעגט די סקאַרבאָווע פראַגע: — יע שטשאָ פּראָדאַוואַטע?"...

די אייער ווערען געפּאַקט אין געשניטענער שטרוי אין „סיטשקע", שיכטענווייז, אַזוי אַז זיי ליגען זיך אין וועגעלע, ווי קניידלאַך צווי־שען פאַרפעל.

ווען מען בריינגט די אייער פון דאָרף אין שטאָדט אַריין, פּאַקט מען זיי אויס פון וועגעלע אין קעסטלאַך אַריין און מען שטעלט די קעסטלאַך אַוועק אין שטאַל, וואו דאָס פערד שטעהט, אָדער אין קאַמער, וואו עס געפינט זיך די קאָטשערע, די לאָפּעטע, דאָס זאַלץ ברעטעל, דאָס לאָקשען ברעטעל, די מולטער, די דייזשע, דאָס פעסעל וואַסער, און נאָך אַנדערע שטוב־מכשירים.

ווען מען האָט אָנגעקליבען אַ פול וועגעלע מיט אייער אין קאַמער, פּאַקט מען זיי צוריק אין וועגעלע אַריין, זעהר פאַרזיכטיג, אין פרישער סיטשקע, שיכטענווייז, און מען פירט זיי אַוועק קיין „וואָלאָטשיסק" — אַ שטעדטעל ביי דער עסטרייכישער גרעניץ — און דאָרט פאַרקויפט מען זיי דורך אַ קאָמיסיאָנער צו די גרויסע אייער־הענדלער.

מיט אַזאַ פרנסה באַשעפטיגט זיך ישראל אברהם „יאַיעטש־ניק". צו דער דאָזיגער פרנסה העלפט איהם סאָסיע, די אידענע זיינע. „מיין גאָלדענע סאָסיע", רופט איהר ישראל אברהם מעהר

אין לצנות, ווי אין ערנסט. זי נעמט צונויף אייער ביי אידענעם פון שטאָדט, וואָס קויפען זיי אויף ביי די פויערטעס אין די מארק־טעג און אויף די יאַרידים. עס העלפען איהם אויך אין דער פרנסה הערשעל מיט נאָטע׳ן, זיינע צוויי זיהן. חוץ אויספאַקען און ווידער פאַרפאַקען די אייער, מאַכען זיי אויך די נסיעה קיין וואָלאָטשיסק. פיער מענשען אַרבייטען קאַטערזשנע — און ישראל אברהם האָט ניט קיין לייטישע קאָפּאָטע און קיין גאַנצע פּאָר שטיוועל...

— צו דעם גרויסען פאַרדינסט, — באַקלאָגט זיך ישראל אברהם פאַר אַ דאָרפסגעהער, ביי וועמען ער האָט אָקאָרשט אויפגענומען עטליכע שאָק אייער, — ווערט אַמאָל אַ גאַנצער שיכט אייער צו־קוועטשט. אַמאָל, ס׳זאָל זיך נישט טרעפען, רייסט זיך אַ גאַנץ קעס־טעל אייער פון די הענט אַרויס. מען איז דאָך ניט מעהר ווי אַ מענש און אַ איד דערצו, אָן די ידים ידי עשו. אַמאָל ווערען פיעלע שאָקען אייער פון היץ פאַר׳עיפּוש׳ט, אָדער פון פראָסט צעביסען, נאָך איידער זיי דערגרייכען וואָלאָטשיסק. און אַמאָל איז גאָר די וואָלאָטשיסקער אייער־בירזשע אַזוי אַרונטערגעזונקען — כאָטש נעם שיינק זיי אַוועק צו מיסטיגען מיט זיי די פעלדער...

—אַז דיר איז ביטער, וואָס זאָל איך שוין זאָגען? — ענטפערט איהם דער דאָרפסגעהער,—אַז מען פאַרקלאַפּט מיר די טיר אונטער דער נאָז; אַז איך וואלגער זיך ביים גוי אויף דער ערד, עס אַ שטי־קעל פאַרטריקענט ברויט די גאַנצע וואָך און, צווישען אונז זאָל עס בלייבען, ווייניג בין איך איינגעשטעלט מיט׳ן לעבען צוליב די פּאָר רובעל, וואָס איך טראָג אַרום ביי זיך!... — לייענט איהם דער דאָרפסגעהער ווייטער זיין צעטעל נומער ערגער...

— נו, איז אונזביידען וואויל, ווי די אידען ביי פּאָניען... — מאַכט ישראל אברהם אַ סוף צו דעם באַקלאָגען זיך איינער פאַר׳ן אַנדערען, און ער פּאָרט זיך זיין וועג ווייטער.

אָפּטמאָל קומט ער פון דאָרף אַהיים מיט דעם וועגעלע אייער שפּעט אין דער נאַכט, הויבט זיך אויף דאָס גאַנצע הויזגעזינד פון די געלעגערס, און ביי אַ גאַז־לאָמפּ פּאַקט מען די אייער אויס, און מען טאַסקעט זיי אַריין אין שטוב אַריין.

ווען ישראל אברהם פראָוואָדיעט אַרויס איינעם פון זיינע זין מיט אַ וועגעלע אייער קיין וואָלאָטשיסק, און איז פאַרטיג מיט׳ן געזעגענען זיך, געהט ער דעם זון נאָך אַ פּאָר טריט, בלייבט שטעהן און קוקט איהם נאָך אַ ווייַלע, שטעקט אַריין זיינע גראָבע פינגער

אין זיין געדיכטער באָרד אריין און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ... ווי ס'וואָלט איהם עפּעס ניט געפעלען — ניין! ניין!...

סאָסיע, די מאַמע, געהט דעם זון נאָך אַ פּאָר שפּאַן ווייטער, ווי דער פאָטער. די זון רוקט זיך נידעריגער. עס ווערט טונקעל און טונקעלער. אַ טרער שפּאַרט פון איהר אויג אַרויס, זי וואָלט איהר מיט'ן פאַרטוך אָפּגעווישט, האָט זי מורא טאָמער וועט זיך ישראל אברהם בייזערען אויף איהר. לאָזט זי די טרער פאַלען אויף דער טרוקענער ערד און די ערד זאַפּט איין די טרער אין זיך...

עס געהט פארביי זיין שכן, שייע-אברהם דער „שדכן", באַמערקט ישראל אברהם צו איהם:

— ווי געפעלט דיר מיין איזוואָזטשיק, וואָס איך האָב אויסגעהאָדעוועט?... אַ שעהנער תכלית, האַ? נישט אַנדערש נאָר זיין זיידע האָט זיך פאַר זיין אייניקעל געמיט... (זיין זיידע איז געווען אַ בעל עגלה).

— זינדיג ניט!... זינדיג ניט, ישראל אברהם! וואָס זאָל איך טאָן, אַז מיין שמואל געהט גאָר אַרום פוסט-און-פּאַס, און מען זעהט ניט קיין סוף? — וויל איהם שייע-אברהם גרינג מאַכען אויפ'ן האַרצען און איז איהם אויף אָן אמת'ן מקנא.

— אַ רחמנות אויף די קינדער... — באַדויערט זיי ישראל אברהם.

— גאָט זאָל זיך מרחם זיין אויף זיי! — איז שייע-אברהם מסכים.

— ער זאָל זיך מרחם זיין? — וויל ישראל אברהם ניט ליידען... — ער מוז זיך מרחם זיין אויף זיי! — נעמט ער זיך עקשנ'ען האַלב-ערנסט, האַלב אין שפּאַס.

— ער וועט זיך מרחם זיין אויף זיי, איה"ש! — פאַרזיכערט איהם שייע-אברהם.

— איה"ש!... — קראַצט זיך ישראל אברהם אין קאָפּ דורכ'ן היטעל, וואָס איז האַרט ווי בלעך פון דעם איינגעזאַפּטען שוויים און שטויב...

ווען הערשעל אָדער נטע, איינער פון זיינע צוויי זין, ציהען אָפּ מיט'ן וועגעלע אייער קיין וואָלאָטשיסק, בלייבט ישראל אברהם ווי אָהן אַ קנעלונג, ער ווערט עפּעס ווי אַ ליידיג-געהער, אַ „מרגל" איבער'ן מאַרק, שטעלט זיך אָפּ ביי די קלייטען, ביי די שטעלען. מיט יעדען איז ער גערן צו כאַפּען אַ שמועס.

טרעפט ער אָן אויפ׳ן וועג צום מאַרק שלמה בנימינ׳ס אויסריכ־טען זיין פערד און וועגעלע, גרייט אָפּצופאָרען.

— גוט־מאָרגן, שלמה.

— גוט־מאָרגען, ישראל אברהם.

און ישראל אברהם פרעגט איהם:

— פאַרוואָס זיינען עפּעס די אָקסען וואָס ער טרייבט קיין „וואַרשע" תמיד מאָגער? און פאַרוואָס וואַרשע קאָן זיי ניט פאַר־דייען? און פאַרוואָס זיינען די פיש, וואָס ער כאַפּט אין די טייכען ביי די דערפער וואָס אַרום פעלשטין, אַזוי גרויס, אַז זיי גליטשען זיך אַזש אַרויס פון אהרן נטע׳ס און מיכל מאיר מענ־דעלס וואַליקעס, וועלכע אונזערע אַלטיטשקע באָבעס האָבען אַזוי געטריי אויסגעשטריקט פאַר זיי?

און שלמה בנימינ׳ס ענטפערט איהם מיט דעם זעלבען נוסח, אַז זיינע אָקסען, וואָס ער טרייבט קיין וואַרשע, שטאַמען ניט פון שור הבר; און זיינע פיש, וואָס ער כאַפּט, זיינען אפילו ניט קיין ווייטע קרובים מיט׳ן לויתן; און דאָס וואָס וואַרשע קאָן זיי ניט פאַרדייען, איז גאָר פּשוט: וואַרשע רינט חזיר איבער דער באָרד...

ישראל אברהם שטעלט אָן אַ פאַרוואונדערט פּנים:

— רחמנה לצלן! וואָס זשע איז געדרונגען, שלמה בר׳ בנימין? אַז פעטע אָקסען מוזען שטאַמען פון שור הבר, גרויסע, געשמאַקע פיש, מוזען זיין קינדס־קינדער פונ׳ם לויתן, און דאָס וואָס וואַרשע רינט חזיר איבער דער באָרד, איז אַ סימן אַז זיי זיינען נאָך אַלץ גוים על פּני המים... אַי!... אַי!... הערסטו, שלמה, ניט אומ־זיסט שטאַמסטו פון אונזער גרויסען שלמה חכם, זצ״ל... זאָג מיר נאָר, שלמה, און ווי האַלט דאָס מיט דיין האָניק־האַנדעל? — וויל ישראל אברהם וויסען אין איין אָטעם פון שלמה׳ס גרויסע געשעפטען.

— ווי זאָל עס האַלטען? — זינגט שלמה אַרויס דעם ענטפער מיט׳ן זעלבען ניגון פון פריהער, — עס בלייבט ביים: לא מדבשך ולא מעקצך...

— וואָס זשע, שלמה? — שטעהט ישראל אברהם אַלץ צו צו איהם, האַלב־ערנסט, האַלב אין שפּאַס, — ווערסטו, הייסט עס, שוין ביי דיין לעבען נאַ־שפּיץ ניט פאָהרען?...

— צום באַדויערען... — ענטפערט שלמה שוין גאָר ערנסט, — אַזוי זעהט עס אויס, כאָטש פעלשטין איז זעהר גערן מיך האַלטען פאַר גאָר אַ גרויסען גביר...

— אזוי גאָר ?! — מאַכט ישראל אברהם זיך כלא ידע, — איז דאָך גאָר אַן עבירה וואָס איך פאַרזאַם זיך אַ רגע מיט דיר... האָב זשע מיר אַ גוטען טאָג, שלמה, און פאָר געזונט...

— און דיר אַ גוטען יאָהר, ישראל אברהם, און געה געזונט...

ישראל אברהם שיידט זיך אָפּ פון איהם כלומרשט מיט גיכע טריט, שפּאַנט אויפ'ן וועג צום מאַרק, וואַרפענדיג זיינע גרויסע אויגען אויף ביידע זייטען גאַס. איידער ער דערגרייכט צום מאַרק, יאָגט פאַרביי איהם מאיר קלאָרעס מיט אַ שעהנעם שטעקען אין האַנט, וואָס אַ גלח האָט איהם געשענקט.

מאיר קלאָרעס איז אַ איד אַן אלמן, אָהן קינדער, שוין אין די זיבעציגער יאָהרען, מיט אַ ווייסער קורץ-געשוירענער באָרד, מיט אַ רויטע פּנים און אַ שטייפען קאַרק — אַ איד, אַ „זוויר" און ניט ער געהט נאָר ער שפּאַנט, רירט קוים מיט די פיס די ערד אָן.

— מאיר!... מאיר!... — שטעלט איהם ישראל אברהם אָפּ, — וואָס לויפסטו אזוי ?! דער מלאך המות יאָגט דאָך דיר ניט נאָך!...

— האָסט אַ טעות, ישראל אברהם, — ברומט אַרויס מאיר קלאָרעס מיט זיין לייבען-שטים, — איך לויף, כדי דער מלאך המות זאָל מיר ניט קענען נאָכיאָגען!...

און ישראל אברהם מוז איהם טאַקע נאָכשפּאַנען אביסעל גיכער.

— אבי איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט מוכן ומזומן איהם אי־בערצוגעבען דעם רויטען קאַרק דיינעם אָהן ודוי אפילו... — שפּאַסט ישראל אברהם.

— אַ פּייג איהם אין פּיסק!... — ברומט מאיר אַרויס, — זאָל ער פּראַצעווען פאַר זיין טויטען לעבען, ווי מיר פּראַצעווען פאַר'ן לעבעדיגען טויט!... — ענטפערט מאיר אָפּ מיט אַ טיפען כריפּ.

— מאיר! גאָט איז מיט דיר! דו זאָלסט אַזוי רעדען! — שטויננט גנב'יש ישראל אברהם, — אויף דעם האָב איך זיך ניט גערעכט. ניט אומזיסט באַקלאָגט זיך דיין ברודער הירש, אַז דו ביסט אַן עזות פּנים...

— אזוי! איך — אַן עזות פּנים, און ער אַ — יפות פּנים, — ברומט מאיר מיט כעס, — איך הייס מאיר קלאָרעס און איהם רופט מען הירש יואל'ס. וואָס ווייסט ער, דער באַנק-קוועטשער? ער קוועטשט די באַנק מיט זיינע תלמידים און האָט ניט וואָס צו עסען. וואָס האָט ער געוואָלט? וואָס האָט ער ערוואַרט? איך זאָל זיין פּוס-בענקעלע זיין און פּעכנען אויפ'ן פּיסק באַגלייך מיט איהם?

איך רייב זיך לעבען די גלחים, לעבען די פריצים, האָב איך כאַטש אַ שטיקעל ברויט זאַט זיך אָנצועסען...

— דאָס קאָן מען זעהן פון דיין פּעמפּיק... — שטורכעט איהם ישראל אברהם אין זיין רונדען פעטען בויך אַריין.

— פּעמפּיק... פּעמפּיק... — רעוועט מאיר צערודערט, — מעגסט מיר אויך געהן אין דער ערד אַריין, ישראל אברהם'טשיקעל בעל-עגלה!... דו מיינסט אויך, אַז איך האָב דעם גן-עדן דאָ אויף דער פאַרשאָלטענער „פלישתים"-ערד!... אַט... זעהסטו דעם שטעקען מיט אָט דער ווייסער גאָלקע? דאָס האָט מיר איהם אַ גלח גע-שענקט. מיינסטו דאָך אודאי, אַז מיר איז ליעב דעם שטעקען מיט-צושלעפּען מיט זיך? אסור! איך וואָלט דעם שטעקען צובראָכען אויף שטיק-שטיקלאַך און מיט זיי די הרובע איינגעהייצט. איך טאָר דאָס אָבער ניט טאָן. איך מוז דעם שטעקען מיטשלעפּען ווי מען שלעפּט מיט דעם שאָטען מיט זיך... וואָרים, ווען דער גלח קומט אָן און טרעפט מיך אָן דעם שטעקען, מיינט ער, אַז זיין מתנה איז ביי מיר ניט אָנגעלעגט, און איך פאַרליר די פאַר קאָ-פּיקעס, וואָס איך באַקום ביי איהם פאַר דעם וואָס איך נעם פאַר איהם אָפּ די פּאָטשט, און יאָג זיך פון איין קלייט צו דער צווייטער, פון שטעל צו שטעל איינצוקויפען פאַר איהם פון שוועבעלאַך ביז אַ „נאַשילניק", קאָלבאַס און אַ ברעטעל „סאַלע". חוץ דעם, ביי דעם גלח איז איינגערעדט, אַז זיינע מתנות, וואָס ער שענקט מיר, וועלען מיך סוף כל סוף פאָרט ברענגען צום שמד...

— ניט דערלעבען זאָל ער דאָס!... — שפּייט ישראל אברהם אויס.

— ניט דערלעבען וועט ער דאָס! — פאַרזיכערט מאיר ישראל אברהם'ען, — ער וואָלט מיך געוואָלט האָבען פאַר זיין שטענדיגען באַדינער. אָהן דעם שטעקען וואָלט עס ביי איהם געהייסען, אַז איך שפּיי אויף איהם, אויף אונזער באַרימטער שוועסטער מרים, און אויף איהר גערויטענעם זון. אַ שעהנער שטעקן, האַ!? ער האָט אָבער צוויי עקען: אויבען — אַ שעהנע ווייסע גאָלקע, און אונטען — אַ שווערען שטאָלענעם שפּיץ... דער שטעקען רייסט אָלעמען די אויגען אויף! — ער כאַפּט אָן ישראל אברהם'ס האַנט, טרייסעלט מיט איהר אַזוי, אַז יענער דערזעהט מזרח און מערב אין איין הרף-עין, — ישראל אברהם'טשיק! — דרינדזשעט ער איהם אין אויער אַריין, — דאָס איז ניט קיין עץ-חיים שטעקען!...

ישראל אברהם רייסט זיך פון איהם:

— לאָז אָפּ ! דו פאַרטויבסט מיך מיט דיין געשריי !... הם ! זעה נאָר ווי ער מאַכט דאָס א צימעס פון א שטעקען,—מאכט איהם ישראל אברהם אויסצודרעהען,—און אז משה רבינו האָט געהאט א שטעקען, מיט וועלכען ער האָט באַוויזען גאַנצע קונצען — נו ? מאַכען אידען אַ צימעס פון דעם שטעקען ? ... ווייס איך וואָס דיר פאַלט איין . . .

— וואָס מיר פאַלט איין ? — ברומט מאיר קלאָרעס בייז ווי אַ ווילדער אָקס.

— דו ווילסט מיר איינרעדען, אַז איך בין אַ מאַפּס ? אַ גולם ? געהן זאָלסטו אין דער ערד אַריין ! דו — ביסט אַ גולם !

— אָט זעהסטו דעם סיגנעט אויפ'ן פינגער ? — שטופּט איהם מאיר די רעכטע האַנט, אין וועלכער ער האַלט זיין שטעקען, פאַרענט פון זיין באָרד, אַזוי אַז דער שטעקען קלאַפּט איהם אין קני. ישראל אברהמ'ס קני טוט אַזש אַ ציטער.

— געה מיר צו אַלדי רוחות מיט דיין קלאַפּער-געצייג ! . . .

— שטופּט ישראל אברהם אָפּ מאיר'ס האַנט מיט'ן שטעקען.

— מאיר קלאָרעס געהט אַנגעטאָן אין גאָלד ! . . . אין גאָלד !...

ווילסט וויסען, ווי אַזוי דער גאָלדענער „סיגנעט" קומט צו מיר ? איך האָב זיך געמוזט „קליאַנען" צום אַקציזניק, ער זאָל מיר דעם רינג פאַרקויפען — זאָל ער אַזוי באַדאַרפען לעבען, ווי איך באַדאַרף האָבען דעם רינג ! איך האָב אָבער געמוזט ראַטעווען פייגע שואל'ס פון טורמע . . . אַן אלמנה מיט דריי קינדער. זי מוז דאָך פון ערגעץ ציהען איהר חיונה. זי האַלט פופציג צי הונדערט פלעשער ביר אין קעלער. וואָס זאָל זי נעבאָך טאָן ? ער נאָגט פון איהר אויס די נשמה. וויפיעל איך זאָל איהם ניט דערלאַנגען אין דער יד אַריין, איז פאַר איהם קיינמאָל ניט גענוג. דאָס לעבען זאָל איהם ווינציג זיין ! אַז ער האָט זי נאָך אַלעם דעם פאַר'מסר'ט פאַר פּראָסקוראָוו ווייסטו דאָך. נו, זאָל איך אפשר געווען זיצען און שווייגען ? וואָלסטו, ישראל אברהמ'טשיקעל, אפשר עפּעס געווען געטאָן פאַר איהר ? אָדער אפשר מיין אחי, הירש יואל'ס דער באַנק-קוועטשער ? אין אַן עת-צרה . . . ווערט איהר דאָך, אַלע, פּריטשמעליעט, פאַרטשאַדעט, דאָס לשון נעמט דאָך אייך אָפּ . . . איך בין געלאָפען אַהין, געלאָפען אַהער, אָפּגענוצט זכות-אבות ביי די פּריצים, וואָס קומען צו איהר שיכור'ן, און וואו וואו איך באַדין זיי. וואו זי האָט נאָר געהאָט ערגעץ אַ קערבעל, האָב איך ביי איהר צוגענומען און דעם פּראָסקוראָווער שפּיאָן אָוועקגעגעבען. אונזער אַקציזניק, דעם

כלב, האָב איך געמוזט „וואָכערס״ צוזאָגען... די וואָכערס זיינען פאַר דעם כלב שבכלבים אָבער ניט געווען גענוג. צו די כלבים, אַז מען פאַלט אַריין אין זייערע ציין, איז זיך ניט אַרויסצורייסען, ניט צו ראַטעווען זיך פון זיי... וואָס זשע איז מיר געבליבען צו טאָן?... האָב איך זיך געקליאַנעט פאַר איהם, געבויגען זיך אין דרייען פאַר איהם: פאַני אַהער, גאָספּאָדין אַהין, דריידעל אַהער, דריידעל אַהין — עס העלפט ניט! אַז ער דאַרף האָבען כאָטש ת״ק אלפים... געה פיל אָן אַ לעכערדיגען זאַק... האָב איך פּלוצים דערזעהען דעם רינג אויף זיין פינגער, איז מיר איינגעפאַלען אַ גע־דאַנק: לאָם איך כאָטש צונעמען ביי איהם דעם רינג פאַר די שווער פאַרהאָרעוועטע פאַר קערבלאַך וואָס איך וועל איהם שוין מוזען דערלאַנגען... האָב איך גענומען איהם דערצעהלען אַ מעשה, אַז אויפ׳ן בוידעם איז אַ יאַריד... אין מצרים פויקט מען... אז איך האָב אַ קונה וואָס וועט באַצאָהלען פאַר דעם רינג אַ פופ־ציגער, אויב ניט נאָך מעהר, און אַז ער וועט פאַר דעם געלד קאָנען קויפען דריי רינגען, אָדער גאַר אַ גאָלדענעם זייגער פון היינטיגער מאָדע, און ער איז איינגעגאַנגען אויף דעם מקח און ממכר... וואו זשע נעמט מען אַ פופציגער? ביי דיר, ישראל אברהמ׳טשיקעל, וואַלגערען זיך אַ סך פופציגערס? ׳וועֶן אפילו ביי דיר זאָלען זיך וואַלגערען פופציגערס, ׳וועֶן אפילו דו זאָלסט וויקלען אייער אין פאָזיטלאַך, וואָלסטו מיר, מאיר קלאָרעס, געליהען אַ פופציגער? אַזוי זאָלסטו שוין לעבען און געזונט זיין!...

ישראל אברהמ׳ען האָט שוין באַנג געטאָן, וואָס ער האָט פאַר־טשעפּעט, פאַרקניפּט אַ שמועס מיט מאיר קלאָרעס און ער האָט אויף אָן אמת גענומען טראַכטען ווי אַזוי זיך אַרויסצודרעהען פון איהם. אָבער פון מאיר קלאָרעס דרעהט מען זיך אַזוי גרינג ניט אַרויס. מאיר קלאָרעס קלאַפּט ווייטער:

— לויף איך אַרום. וואוהין? אַ פאַר גמילת־חסדים איז מיר געקומען... נאָר געה נעם אָפּ, ריים אַרוים אַ חוב ביי אַ פעלשטינער אידען!... ביי זיי קומט גאַר אוים, אַז איך האָב זיך אָן זיי אָנגע־טשעפּעט... איינגעשפּאַרט זיך ווי אַ גוי צום פּגר׳ן. שונאים האָב איך זיך געמאַכט דורך דעם סיגנעט! און נאָך דעם אַלעמען האָב איך ערשט געמוזט דעם כלב, דעם אַקציזניק, דערצעהלען, אַז דער קונה וויל אפילו קיין פערטעל געלט ניט גיבען. זאָל עס געווען דער היפך זיין מיט דעם, נישט געשטויגענעם נישט געפלויגענעם קונה, וואָלט ער די פּאָפּלעקציע געווען באַקומען, וואָלט ווייטער ניט געווען

געטויגט... און דער סוף וועט זיין אַז איך וועל איהם דעם רינג מוזען צוריקגעבען און ער וועט מיר נאָך אַ טובה טאָן ווען ער וועט איהם פון מיר צוריקנעמען... מאיר קלאָרעס געהט אין גאָלד אָנגעטאָן!... מאיר קלאָרעס האָט ניט די ווערט וואָס די ערד טראָגט איהם אָרום... מאיר ליגט איבער מיט די גלחים, מיט די פריצים... נישט אַנדערש, ער איז שוין אליין אַ משומד!...

ישראל אברהם וויל געפינען אַ תירוץ, כדי פּטור צו ווערען פון איהם. דערזעהט ער אברהם איצי כהן פאָרען זיך לעבען זיין שטוב, לאָזט ער זיך געהן צו איהם.

— האָסט, דאַכט זיך, געוואָלט געהן אָפּנעמען די פּאָסט, — דערמאָנט ער מאיר'ן, — לאָמיך דיך מעהר ניט פאַרהאַלטען. איך וויל אַ שמועס טאָן מיט אברהם איצי'ן וועגען עפּעס געשעפט. אַ גוטען טאָג, מאיר.

— אַ... אַ... גוטען טאָג, ישראל אברהם.

און מאיר לויפט טאַקע אין פּאָסט אַריין... אַ גלאָק דערהערט זיך אָנקומען פון דער בריק אין דער מערב זייט פון שטאָדט, און מאיר קלאָרעס בלייבט פּלוצים שטעהן אין מיטען וועג, שטעלט אָן די אויערען ווי אַ כלב ווען ער דערשפּירט עפּעס און וואַרט...

אברהם איצי כהן, אויך אַ יאַיעטשניק, און ישראל אברהם, הערען דעם גלאָק אָנקומען און קוקען נאָך מאיר'ן, ווי ער איז פּלוצים שטעהן געבליבען, מיט פאַרשפּיצטע אויערען, ווי ער וואָלט פון קלונג גלייך וועלען דערקענען, ווער דער אדון איז וואָס קומט אָן.

— וואָס איז דער חילוק וואָס פאַר אַן אדון ס'קומט אָן, — באַ־מערקט אברהם איצי שמייכלענדיג, — ער וואַרט אויף זיין משיח'ן און ער קומט איהם אַנטקעגען...

ישראל אברהם לאַכט ניט מיט מיט אברהם איצי'ן: „מאיר קלאָ־רעס דאַרף מען קענען", טראַכט ער צו זיך—„ווער ס'האָט ניט געזעהן און ניט געהערט, מאיר קלאָרעס אין קלויז, פאַר „כל נדרי" קלאָגען און רעווען, דער האָט מאיר קלאָרעס ניט געקאָנט און ניט פאַר־שטאַנען...

— קומסט ערשט צוריק פון וואָלאָטשיסק? — פרעגט ישראל אברהם ביי אברהם איצי'ן.

— יאָ, — ענטפערט אברהם איצי, — ערשט נעכטען אויף דער נאַכט צוריקגעקומען.

— וואָס הערט זיך דאָרט? — פרעגט ווייטער ישראל אברהם.

— פרעג בעסער ניט... — ענטפערט ווייטער אברהם איצי.

ישראל אברהמ'ען געהט איבער אַ סקרוך איבער'ן לייב, כאַטש עס איז אַ זומערדיגער, פרישער פרימאָרגען.

— כ'האָב באַגעגענט דיין נטע'ן שלעפּען זיך, — גיט איהם אברהם איצי איבער, — כ'האָב מורא, אַז דיין פערדעל וועט ווען עס איז אָפּגעבען די פעל...

ישראל אברהם בלייבט שטעהן, קאָן זיך קוים רירען פון אָרט...

— אָבער דער וועג איז אַ גוטער? — פרעגט ער איהם זעהר שטיל.

— ס'וואָלט געמעגט זיין בעסער: ס'האָט אביסעל גערעגענט, אָבער... — וויל אברהם איצי כלומרשט טרייסטען ישראל אברהמ'ען, — זאָרגען דאַרפסטו ניט: ער וועט זיך מסתמא דערשלעפּען...

— מיט גאָט'ס הילף! — טרייסט זיך ישראל אברהם, און איהם ווערט אביסעלע גרינגער אויפ'ן האַרצען. — הערסטו, אברהם איצי, — קומט ישראל אברהם וואָס מעהר צו זיך, — שלעכט צו זיין אַ יאַיעטשניק! וואָ... ווען דיינע עלטער זיידעס וואָלטען דעמאָלט און דאַרטען ניט געווען זיין אַזעלכע ביסטרע כהנים... וואָלסטו נאָך ביז היינט צו טאָג געווען גע'כהנ'עוועט, אַז ס'וואָלט אַזש געגאַנגען אַ רויך... און איך, ר' ישראל אברהם בר' משה הלוי, וואָלט דיר ביז היינט צו טאָג אַזוי פּאַראַדנע באַגלייט... אַזש אין הימעל וואָלטען זיי געלאָפּען קוקען אויפ'ן חידוש... האָב מיר אַ גוטען טאָג, אברהם איצי...

— אַ גוט יאָהר, משוגע'נער!...

ישראל אברהם שפּאַנט אַריבער דעם וועג וואָס צוטיילט אברהם איצי'ס און לייביש מעלים דירות. דראַפּעט זיך אַרויף די טרעפּלאַך וואָס פאַרענט פאַר לייביש מעלים שטוב, די טרעפּלאַך, וואָס פירען צום צווייטען גאָרען און גלייך אין פּאָסט אַריין.

אַזוי ווי ישראל אברהם האָט פון פּאָסט גאָרניט ערוואַרט, און ווען אפילו, ער זאָל יאָ ערוואַרטען אַ בריוועל, צי עפּעס אַ קאַרטעל, וואָלט ער דאָך במילא זיך געשראָקען אין פּאָסט אַריינצוגעהן, כאַפּט ער בלויז אַ בליק אויף דער גלעזערנער טיר, וואָס מען טאָר איהר שוועל ניט אַריבערטרעטען סיידען מען טוט אַהין זעהר נויטיג באַדאַרפען. — און ווען אפילו מען איז שוין פון יענער זייט טיר און פון דער זייט קאָנטור — טראַכט זיך ישראל אברהם, — מוז מען ערשט שטעהן כעני בפתח, טאַקע נאָר ווי אַ בעטלער מיט'ן

מיצעל אין האנט, ימח שמם... וויל ישראל אברהם אזש אויס־שפייען און טוט זיך א לאז געהן זיין וועג...

---

פארבייגעהענדיג שמואל חיים סיטשקארניקס שטוב, טרעפט ישראל אברהם אן אלטער דעם וואסערפירער׳ס טעליגע שטעהן פא־רענט פאר׳ן פארמאכטען טויער. בלויז דאס קליינע טירעל איז אפען. ס׳איז פרי אין טאג. פעלשטינער אידען זיינען נאך פארנו־מען מיט דאווענען, און די סיטשקארניע דרעהט זיך נאך ניט.

אלטער פאליאק׳ס פערד פארכאפט ישראל אברהם׳ס אויג. בלייבט ער שטעהן און באטראכט איהם. אין א ווײלע ארום שיילט זיך ארויס פון טירעל, ווי א קראליק פון זיין לאך, אלטער וואסער־פירער מיט ליידיגע קאנען. ביידע געבען זיך אפ גוטמארגען. אלטער רעדט ניט מעהר. ער ציט גלייך דעם צאפען פון פאס, כאפט פלינק אויף דעם שטראם וואסער אין די ליידיגע קאנען אריין, ביז זיי ווערען אנגעפילט. ער שטעקט צוריק אריין דעם צאפען אין פאס אזוי קונציג, אז קיין טראפען וואסער געהט ניט לאיבוד.

מיט פולע קאנען וואסער אין ביידע הענט, גלייכט אלטער אויס זיין קליין מאגער קערפערעל און וואקעלט זיך אריין, צו שמואל חיים סיטשקארניק אין טירעל אריין. אין א ווייל ארום, באווייזט זיך אלטער צוריק מיט ליידיגע קאנען.

איצט פרעגט ער ישראל אברהם׳ען נאך וואס ער האט עפעס אהער פארבלאנדזשעט? און איידער נאך ישראל אברהם שטעלט צונויף אן ענטפער, שפאצירט שוין אלטער מיט די קאנען וואסער אין טירעל אריין. ווען אלטער קערט ווידער זיך אום צוריק מיט זיינע ליידיגע קאנען, פרעגט ער איהם ווידער:

— ביסט אודאי געקומען א חוב אפגעבען שמואל חיים׳ען פאר סיטשקע? — און איידער ישראל אברהם ענטפערט, איז שוין אלטער מיט די קאנען וואסער ווידער אין טירעל. ווען אלטער איז שוין צום פערטען מאל ארויסגעקומען מיט די ליידיגע קאנען, איז שוין אויך שמואל חיים אליין ארויסגעקומען.

— גוט מארגען, ישראל אברהם!

— גוט מארגען, שמואל חיים!

— דארפסט סיטשקע, ישראל אברהם?

— ווער דארף היינט סיטשקע, מיין ליבער שמואל חיים? פון היינט אן און ווייטער נעם איך זיך פאקען אייער אין פארפעל...

— הער אויף רעדען פון פארפעל. שמואל חיים'ען וועט באלד נעמען רינען די סלונע פון מויל, — שפאסט אלטער און ווערט נעלם מיט די קאנען וואסער.

די צוויי אידען שמייכלען.

ישראל אברהם דערצעהלט שמואל חיים'ען, אז זיין נטע איז נעכטען אפגעפארען קיין וואלאטשיסק, אז ער האט א גאנצע נאכט ניט געקענט שלאפען, טראכטענדיג וועגען איהם, אז ער האט אין קלייזעל מיט'ן ערשטען מנין אפגעדאווענט און זיך ארויסגע־לאזט הערען, וואס אידען מאכען אין שטאדט; אז ער האט אנגע־טראפען דעם און יענעם, און, ווען ער מיט שמואל חיים'ען פאר־מאגען, וואס זיי אלעמען פעלט, וואלטען זייביידע באדארפט אבי־סעל וויינינגער זיך מוטשען אויף דער וועלט פאר'ן שטיקעל ברויט... פון אברהם איצי'ן דערצעהלט ער איהם, האט ער גאר אפגענומען א שלעכטען גרוס:

— וואלאטשיסק שינדט די הויט פונ'ם יאיעטשניק און נטע שלעפט זיך, נעבאך אהין... און דער סופ'ל, ניט פאר קיין אידען געדאכט, פלאנטערט קוים מיט די פיס ווי אן אלטער שיכור'ער גוי... דער רוח זאל עס נעמען!... אלטער'ס פערד האט פאר־כאפט מיין אויג, האב איך זיך אפגעשטעלט איהם באטראכטען... הערסטו! אויף א חידוש מעג מען איהם געהן זעהן...

— יא, — כאפט שמואל חיים אונטער, — ער האט מזל צו זיינע פערד... ווען ער זאל ניט זיין אזא מבין אויף פערד, וואלט ער געוועזען נאך א גרעסערער קבצן פון נח און חיים וואסערפירערם.

אלטער קומט צוריק מיט די קאנען.

— ווייסטו וואס איך קלער, ישראל אברהם? — באמערקט אלטער ווען דאס וואסער פון פעסעל ברעכט זיך שוין און נעמט רינען פלאכלאך, — איך קלער, אז דיין איינפאל מיט די פארפעל איז גאר א גוטער איינפאל... דו, ישראל אברהם, פאק די אייער אין פארפעל, וועט וואלאטשיסק האבען אביסעל מעהר דרך־ארץ פאר זיי. די ווייבער וועלען איבערלאזען די פריזבעס און זיך א נעם טאן בראקען פארפעל, ווי זיי קאטשען מצות אויף פסח, און שמואל חיים וועט זיך געזעגענען מיט דער סיטשקארניע און שוין מעגען זיך אביסל אפרוען. זיינע פריאלען ביי איהם אין שיפ־לאד זשאווערען שוין אביסעל צו סיי ווי סיי...

ווען אלטער באווייזט זיך צום לעצטען מאל מיט זיינע ליידיגע קאנען, וועלכע ער הענגט אויף מיט'ן דנא ארויף, אויף צוויי פלא־

קענם וואָס שטעקען פוןביידע זייטען טעליגע, באַמערקט ער ווייטער:

— פּאַקען סחורה, ישראל אברהם, איז אַ וויכטיגער ענין... ווען דו זאָלסט פּאַקען די אייער, ווי מען פּאַקט, למשל, אתרוגים, וואָלסטו גאָר אין גיכען געוואָרען אַ מיליאָנטשיק... ניט-אומזיסט טוט מען אונזערע כלות אָן ווי מלכות, ווען מען פאַרשלייערט זייערע פּנים'ער... אונזערע באָבעס און זיידעס האָבען שוין גאָר געוואוסט ווי אַזוי צו פּאַקען סחורה...

שמואל חיים און ישראל אברהם צולאַכען זאַך.

— פאָלג מיך, ישראל אברהם! נעם דיין פערדעל און ציער איהם אוים אין לעדער און אין מעש, ווי איך האָב דיר שוין לאַנג געראַטען, און איך מאַך אָפּ מיט „מיטוואָך הירשען" דעם אוריאַדניק, אַז ער זאָל מיט דיר אַ בייט מאַכען, פאַר זיין „קאָבילע", מיט'ן לאַשיקעל צוזאַמען. פאַר מיין מעקלעריי וועסטו מיר געבען דאָס לאַשיקעל, און אויב דיין סאָסיע וועט ניט מסכים זיין דערצו, פיר איך איהר צו אַ פעסעל וואַסער יעדע וואָך פאַר אַ גאַנץ קיילעכדיג יאָהר אָהן אַ פּרוטה געלט... וואָס זאָגסטו, שמואל חיים?...

— וואָס איך זאָג? ס'אַ שאַד וואָס דו ביסט אַ וואַסערפירער,—לאַכט שמואל חיים, — דו וואָלסט כאָטש באַדאַרפט זיין אַ „זשאָנצע" ביי זילנעצקי'ן. אפשר וואָלטען זיינע זינדלאַך לייט געוועזן...

— דו מיינסט ה י י נ ט י ג ע לייט?... — העלפט איהם ישראל אברהם.

— וואָס וואָלט דיר ארויסגעקומען? — ווערט אַלטער ערנסט, — ווען זילנעצקי'ס זינדעלאַך וואָלטען געוועזן לייט, היינטיגע לייט, ווי ישראל אברהם וויל פאַרריכטען, וואָלסטו דאָך אפילו קיין בלינד פערד פאַר דיין סיטשקאַרניע ניט פאַרמאָגט...

— איז טאַקע בעסער, וואָס דו ביסט אַ וואַסערפירער... — מאַכט ישראל אברהם אַ סוף צו דעם שמועס, — זאָג מיר בעסער, אַלטער, — שטעהט ישראל אברהם צו צו איהם, ווען יענער נעמט שוין קריכען אויף דער טעליגע, — וואו ליגט דער סוד, וואָס דו האָסט תמיד אַזאַ שעהנעם, אַזאַ געזונטען פערד, אָהן אַן עין הרע?

אַלטער, וועלכער האָט שוין געהאַלטען זיין פוס אויפ'ן רעדעל, איין האַנט איינגעפּלאָנטערט אין עק פון פערד, די צווייטע — אויף דער פּאָס, גרייט אַרויפצוהעצקען זיך אויף דער טעליגע, נידערט דעם פוס פּאַוואָלינקע אַרונטער צוריק אויף דער ערד, קערט זיך

אום צו ישראל אברהמ׳ען, גלייכט אוים זיין קורץ, שיטער בערדעל און פרעגט איהם:

— אזוי? ווילסט וויסען, וואו ס׳ליגט דער סוד, וואס איך האב שטענדיג אזא געזונטען און שעהנעם פערד?... ישראל אברהם! דאס איז אן ענין וואס אפילו אונזער צדיק, דער רב ר׳ ישראל קיטע־ווער, וואלט איבער איהם ניט געקענט רעדען...

— אלטער, זאלסט מיר געזונט זיין! וואס דיר פאלט איין...

— לאכט ישראל אברהם, — דער רב — געוויס ניט! ליגט דען עפעס א תורה אין דעם?

— א גרויסע תורה!...—ענטפערט אלטער זעהר ערנסט.

— א תורה שבעל פה? — לאכט שמואל חיים, — זאג נאר אלטער פאליאק! פון וועמען האסטו זי גע׳ירשנ׳ט?...

— פון עמיצען. יא, פון עמיצען... פון וועמען — ווייס איך ניט, — ענטפערט ער שמואל חיימ׳ען זעהר און זעהר ערנסט, און רעדט ווייטער נאך ערנסטער, — איהר מעגטביידע לאכען און חוזק מאכען. דער אמת אבער איז, אז אין דעם ענין ליגט א גרויסע און אמת׳ע תורה...

ביידען, שמואל חיימ׳ען און ישראל אברהמ׳ען, פעלען, גאט צו דאנקען, קיין צרות ניט פון זייערע פערד און הערענדיג דאס ווארט תורה, געזאגט און איבערגע׳חזר׳ט, ווערען זיי טאקע טויט ערנסט, אוןווארטען מיט אומגעדולד צו הערען פון אלטער וואסער־פירער׳ס מויל די נייע תורה.

— מויל און אויערען וועלען מיר אנשטעלען, — פארזיכערט איהם ישראל אברהם.

— אדרבא, לאמיר הערען! — איז אויך שמואל חיים מסכים.

און אלטער הויבט אן:

— ווען א אידענ׳ס פרנסה איז פארקנופט און פארבונדען מיט א פערד, און ער אליין איז קיין מבין ניט אויף דעם, דארף דער איד זעהן, אז אן אמת׳ער מבין זאל פאר איהם ,בשעת׳ן קויפען דאס פערד, געענוג הוקר ודורש זיין, ווער און וואס דאס פערד איז.

ישראל אברהם און שמואל חיים צולאכען זיך אויף א קול.

— הא? אלטערעל פאליאק! דאס דרשנ׳סטו שוין פאר זיך אליין... — שרייט אוים ישראל אברהם און ער טוט איהם א קניפ אין בעקעל.

חיים געצי קאפלאן, אויך א סיטשקארניק, שמואל חיימ׳ס א שכן און א קאנקורענט, פון יאהרען ברוגז מיט שמואל חיימ׳ען,

עפּענט זיין טויער און דערזעהט דריי אידען שמועסען, טוט עס איהם א ציי צו זיי. ער וואַגט אָבער ניט צוגעהן. רופט ישראל אברהם איהם צו:

— גוט מאָרגען, חיים! גוט וואָס דו ביסט צוגעקומען, — נעמט ישראל אברהם איהם מקרב צו זיין צום רעדעל, — ווערסטו הערען ווי אַלטער לערענט אונז, ווי אַזוי צו זיין מבינים אויף פערד...

— שפּאַסען און אויסלאַכען, וועט אייך פּאַר מבינים אויף פערד ניט מאַכען, — נעמט אַלטער ווידער רעדען, — איהר האָט מורא, אַז איך רעד פאַר זיך אַליין. גיב איך אייך מיינע ביידע הענט, אַז איך וועל אייך פירען וואַסער אַזוי לאַנג ווי גאָט וועט מיר שענקען כח, און ביי אייך קיין מעקלעריי ניט נעמען. נאָר ווען אפילו איך זאָל ביי אייך יאָ אַמאָל פאַרדינען אַ קערבעל מעקלעריי, וואָלט דאָס דען געווען אַזאַ גרויסער חטא?... די פּאָר קערבלאַך, וואָס איך פאַרדין פון מעקלעריי, פאַרגינט מיר יעדער מיט'ן גאַנצען האַרצען. ווען ניט די פּאָר קערבלאַך, וואָס איך פאַרדין פון מעקלעריי, מיט דעם שטיקעל פאַרדינסטעל, וואָס איך מאַך ביים פאַרקויפען מיין אייגען פערד, יעדען גראַמניץ און ראַכמאַנסקי — פון וואַנען וואָלט איך מיין ווייב און קינדער מפרנס געווען?... פון די זעכצען גראָשען פאַר'ן פעסעל וואַסער, וואָס נעמט מיר אַ שעה, צי צוויי, אויף צו פירען?... איך זאָג זעכצען גראָשען, אָבער דאָס איז אפילו ניט קיין זעכצען גראָשען, ווייל מיט שמואל חיים'ען און מיט חיים געצי'ן בייט איך זיך: זיי געבען מיר סיטשקע, און איך פיר זיי וואַסער. און תמיד בין איך נאָך זיי שולדיג, דאַרף נאָך זיי שטענדיג דערצאָלען. ישראל אברהם דאַרף זיך אויך ניט שעמען. ער וויל מיר נאָר אָפּ־צאָלען מיט אָנגעבראָכענע אייער. נו, זאָל איך זיך צוקריגען מיט איהם?

— רייס איהם אוים די באָרד... — עצה'ט איהם חיים געצי, מעשה־גיבור. אלע לאַכען.

— זאָל ער איבערגעהן אויף אַנדערע הענט, — איז איהם אַל־טער מוחל און רעדט ווייטער:

— יונה הערצאָוועס וויל מיר נאָר אָפּצאָלען מיט דזשעגאַכטס, מיט אַ פלאַש גאַז פאַר'ן לאָמפּ, און טראָן מיט סאַזשע פאַר די שטיוועל. גרשון פּאַטעקער וויל נאָר איך זאָל ביי איהם אָנקלייבען פאַר אַ קאַפּאָטע אויף פסח. דער שוסטער וויל נאָר מיר פאַרלאַ־טען די שטיוועל... און אַזוי אַלע... ווען איך זאָל ניט פאַרדינען עפּעס פון מעקלעריי, וואָלט מיין גאַנץ הויזגעזינד געמעגט אויפהענגען

די ציין אויף די באַנטעס. אַ מוסטער האָבען מיר דאָך פון נח און חיים וואַסערפירערס. דערצו נאָך העלפען נח'ס קינדער אין דער פּרנסה און חיים וואַסערפירער איז אויך אַ קברות מאַן. האָבען אפשר חיים'ס קינדער אַ העמדעל אויף זייער לייב? האָט איהר אַמאָל געזעהן אויף חיים'ס קאָפּ אַ ניי היטעל? ס'אַ גאָט'ס רחמנות אויף זיי!... אַ מערכה נאָך, וואָס איך האַנדעל זיי איין פערד, און גלויבען מעגט איהר מיר, אָהן אַ פּרוטה מעקלעריי"...

— אַלע פאַרגינען מיר דיר דיין מעקלעריי... — שטעלט איהם ישראל אברהם אָפּ און ווייזט איהם, אַז ער איז גאָר אַרונטער פון וועג, אַז מען רעדט גאָר ניט וועגען דעם ענין...

— איך בין פון וועג ניט אַרונטער, דאָס האָט איהר מיך פון וועג אַרונטערגעפירט — עקשנ'ט זיך אַלטער.

— זאָל זיין ווי דו ווילסט, — איז איהם ישראל אברהם מוחל, — דו זאָג אונז: פאַרוואָס זאָל דיך יעדער מקנא זיין מיט דיין פערד, ווען מיר ווערען אויסגעריסען מיט אונזערע...

— איך זוך אימער צו קויפען אַ פערד פון אַ געוויסען מין, — גוט זיי אַלטער צו פאַרשטעהן, — ער מעג זיין אַ מאָגערער, אַן אויסגעמאַרעטער, אַן אויסגעמוטשעטער. מחמת דער מין שפּילט אַ גרויסע ראָלע. איהר אַלע געדענקט, ווען זשוראַקאָווסקי איז מיט זיינע פיער פערד נאָ־שפּיץ פאַרגרעזניעט געוואָרען אין בלאָטע, און די פיער פאַנסקע פערד האָבען די ליידיגע קאַרעטע בשום אופן ניט געקאָנט אַרויסשלעפּען פון דער בלאָטע, ביז ס'איז געקומען איוואַן קוצי, מיט זיינע צוויי קליינינקע, מאָגערע לאָשעקלאָך און זי פון בלאָטע אַרויסגעשלעפּט. וואָס זשע באַווייזט דאָס? עס באַווייזט, אַז שקר החן והבל היופי! מיר, אָרימע אידען, וואָלטען שטענדיג דאָס באַדאַרפט אינזינען האָבען. אַ איד דאַרף ניט גאַרען דוקא נאָך אַ שעהנעם פערד, דאַרף זיך ניט אויסברענגען, אַבי צו פאַרמאָגען אַ שעהנעם פערד... אַ שעהנער פערד האָט, גאָר ליב צו קאַטאַיעווען; אַ כאָמוט, אַ נאַשילניק, קאָן זיך איהם גאָר אויס־ווייזען, ווי אַ תליה אויף זיין האַלז, אַ צי טאָן אַ שווערע משא, קאָן זיך איהם גאָר אויסווייזען, אַז דער רוח ציט איהם אויף צוריק... אַ בהמה, אַ חיה, האָט אויך חושים און שכל, און ווער ווייסט, אפשר נאָך מעהר פאַר'ן מענשען, דעם אויבערשטען פון שטייסעל... אַ איד דאַרף, קודם כל, ווייכען פון שעהנע פערד. ער זאָל זיך נאָר זוכען אַ פערד פון אַ געוויסען מין, וועלכער וועט איהם געטריי דינען.

און אויך באַדאַרף ער חוקר ודורש זיין — ביי וועמען ער קויפט איהם.

— וואָס זשע, אפילו ביים קויפען אַ פערד פון אַ געוויסען מין, שפּילט יחוס אויך אַ ראָלע? — פרעגט חיים געצי שפּאַטיש.

— ניין, — יחוס שפּילט דערביי קיין ראָליע ניט; אפילו ניט ווי דו טייטשסט עס אויס, חיים, — ענטפערט אַלטער געלאַסען.

— דו מוזט אַרויפּברענגען דיינע משוגע'נע שטיק, — וואַרפט ישראל אברהם אויס חיים'ען, — לאָז איהם רעדען.

און אַלטער רעדט ווייטער:

— יחוס שפּילט דערביי, טאַקע, קיין ראָליע ניט. אַ סך איז אָבער געוואָנדט דערין, ווער זיין בעל-הבית איז געוועזן. אויב דו ווילסט וויסען, קאָן מען אויך אַ פערד דערגעהן די יאָהרען... פון זיין בעל-הבית קאָן מען זיך דערוויסען, צי דאָס פערד איז ניט געקאָרמעט געוואָרען מיט'ן שטרוי פונ'ם דאַך, צי ער איז ניט פאר'עיפּוש'ט געוואָרען פון זיין אייגענעם גנאַי... פאַרשטעהסט זיך, מען דאַרף אויך זיין אַ מבין אויף זיינע ציין, אויף זיין דעך, אויף די אויגען, אויערען, אויף די פיס און אויף זיינע נערוועז. און ווען אַ איד האָט שוין דאָס מזל צו האָבען דעם ריכטיגען פערד...

— אַלטער גלייכט זיך אויס, דערפילט אַז ער איז ביי זיך אין דער היים, און ער נעמט צעהלען די ווערטער און טאַקעוועט צו מיט דער פּוזשעלקע אויף זיין דלאָניע: — ווען אַ איד וויל ציען זיין חיונה, פריהער — מיט גאָט'ס הילף, און דערנאָך — מיט דער הילף פון אַ פערד, וואָס איז אויך גאָט'ס באַשעפעניש, באַדאַרף ער דעם פערד פונקט אַזוי גוט באַהאַנדלען, ווי ער טוט גאָט אַליין באַדינען... ער מיט זיין הויז-געזינד מוז טיילען דעם ביסען פון מויל מיט'ן פערד. די שטאַל מוז זיין אַ ריינע, אַ גראַמע און אַ לופטיגע. דאָס פערד מוז גערייניגט ווערען, ווי אַ קינד; אַזוי ווי אַ קינד איז פאַר זיך ניט פריי, אַזוי איז אויך דאָס פערד, ווען אין אונזער רשות, ניט פריי... מיר צוימען איהם, מיר קאָוועץ איהם, עס ווערט ביי אונז הילפלאָז ווי אַ קינד... „דער וואָס פּראַצעוועט מיט אַ פערד, באַדאַרף און מוז אינזינען האָבען, אַז פונקט ווי ער אַליין ווערט מיד, אַזוי ווערט אויך מיד דאָס פערד. און אַזוי ווי דער מענש מוז האָבען מנוחה, אַזוי דאַרף אויך דאָס פערד האָבען רוה. דער וואָס אַרבייט מיט אַ פערד, דאַרף באַרעכענען, אַז פונקט ווי ער אַליין קאָן קיין זאַך ניט טאָן איבער זיין כח, אַזוי טאָר ער זיין פערד ניט לאָזען שלעפּען קיין משא איבער זיין כח. דאָס פערד מוז תמיד פילען, אַז

דער אַנטרייבער איז זיין פריינט און אַז ער האָט איהם ליב, און העלפט איהם שלעפּען די שווערע משא, צו וועלכער ער איז מיט שטריק צוגעבונדען, מיט רימענעס צוגעשנורעוועט, מיט קייטען צוגעשלאָסען...

„ווען דאָס פערד דערפילט, — און עס דערפילט, — אַז זיין אַנטרייבער האָט רחמנות, וועט ער איהם פון דער טיפסטער בלאָטע ארויסשלעפען. און ווען זיין אַנטרייבער זאָל זיך פאַרוועלען מיט איהם אַ שטיף טאָן אין געיעג, וועט ער פליען איבער די וואָלקענס מיט איהם!...

דאָס פערד באַדאַרף ביים אידען זיין ווי אַ צאַצקע! מען דאַרף עס היטען, ווי דאָס אויג אין קאָפּ...

„מיין פערד שלעפט ניט מעהר ווי אַ פעסעל וואַסער, און דאָס איז שוועך גענוג פאַר דעם. עס ווייסט אַז הינטער'ן באַרג, לעבען דער באָד, שטעל איך אונטער מיין אַקסעל און ווען פון מיר רייסט זיך שוין אַמאָל ארויס אַ געשריי, איז עס ניט אַ געשריי פון אַ קאַט... מיין געשריי טוט איהם בעטען. ביים נאָמען רוף איך איהם, און עס פאָלגט מיך: עס בויגט זיך אין דרייען, רייסט מיט דער נאָז די ערד, און שלעפּט די טעליגע אויף דעם באַרג ארויף.

„און ווידער, ביי מיר שלעפט ער תמיד אַ משא פון איין וואָג. אמת, עס איז איהם שווער. אָבער די משא איז ניט איבער זיין כח. איבער'ן כח אַז מען טוט עפּעס — רייסט מען זיך אונטער...

„פונקט ווי איך רו ביינאַכט, אַזוי רוט אויך מיין פערד. קומט דער שבת קודש, רוט אויך מיין פערד מיט מיר. פונקט ווען איך נעם אַ שפּאַציר צו דער ביעלער קרעניצע שבת נאָכ'ן קוגעל צו טרינקען אַ גלאָז קאַלטע וואַסער, אַזוי געהט אויך מיט מיין פערד מיט מיר...

„און ווידער, מיינע כשר'ע אידען! ווער ווייסט? אפשר איז דאָס גאָר אַ השגחה־זאַך, וואָס מיין פערד איז אַזוי שעהן און גע־זונט... ער פירט דאָך פולע פעסלאָך מיט פרישען קוואַל־וואַסער און שטילט דעם דורשט פון זיין ליבען פאָלק, ער לעשט פייער, ווען גאָט באַהיט, עס נעצט... איז דען פאַראַן אַ טרחה אויף דער וועלט, וואָס זאָל אַזוי נויטיג זיין פאַר דעם מענשען, ווי די טרחה פון מיין פערד?!... ווען אַ איד דינט גאָט, ברוך הוא, בלב ונפש, — טוט ער דען מעהר אויף ווי מיין שטום פערד?!"...

— דיינע צוויי „כאַדאַבעס", — ווענדעט ער זיך צו שמואל חיים'ען, — זיינען טויב און בלינד, פאַלען פון דער פעל אַרויס. דו

וואָלסט, נעבאָך, וועלען פאַרמאָגען צוויי פערד, ווי די לייבען. אַזוי וואָלט אויך זעהר וועלען חיים געצי, און ניט וויינינגער פון אייךביידען, דער עני ואביון, עקיבה סיטשקאַרניק פון די „דריי הייזער״. דו, מיין ליבער שמואל חיים, קאָנסט זיי אָבער בשום אופן ניט האָבען. חיים געצי קען ניט, און אויך ניט עקיבה פון די דריי הייזער. מחמת דיינע פערד זיינען פאַרשאָלטען, אַזוי ווי מיר, אחינו בני ישראל... דיינע פערד שלעפּען די סיטשקאַרניע, דרעהען זיך אין אַ רעדעל, אַרום־און־אַרום, אויף אַ שטח פון ניין איילען, וואו זייער שווערער טראָט האַלט אין איין זינקען אין עיפּוש׳דיגער פּיטשנאַסקייט. זיי דרעהען זיך אַזוי לאַנג, ביז זיי נעמען הינקען און „חולה״ ווערען. זיי דרעהען זיך אין אַן ענגען צירקעל, טאָג איין טאָג אויס, ווערען פאַרטומעלט פונ׳ם געראויש און געררודער פונ׳ם צאַק־צאַק־צאַק פון די שנייד־מעסערס... וואו ס׳האַלט ביי ניין איילען, מיינע טייערע אידען, דאָרטען געוועלטיגט דער מלאך המות. ליגען מיר ניט לעבעדיגערהייט באַגראָבען אין די ניין איילען ערד פון פעלשטין? און אויב דאָס איז נאָך ניט גענוג, זאָלסטו, מיין טייערער שמואל חיים, מיר מוחל זיין... נערסטו זיי מיט סיטשקע פון טוכלער שטרוי, וואָס די גוים זעהען שוין דיר איבערצולאָזען אויף דיין חלק פאַר׳ן שניידען זייער סיטשקע... דערפאַר ווערען טאַקע דיינע פערד ביי דיר טויב און בלינד, אויסגעמאַרעטע און אויסגעמוטשעטע פּגירות... געוויס, פון אַזעלכע נבלות קען מען בשום אופן ניט פּטור ווערען, סיידען, נאָר זיי אוועקשענקען פאַר דער פעל...

— דו, שמואל חיים, און דו, חיים געצי, איהר ביידע זענט ניט די איינציגע, וואָס נאַרען זייערע פערד מיט סיטשקע. ישראל אברהם, זאָל ער מיר אויך מוחל זיין, האָט אויך אַ פול וועגעלע מיט סיטשקע, און ער זשאַלעוועט ניט דעם פערד קיין סיטשקע. חלילה! ער דערלאַנגט איהם מיט דער פולער האַנט, אַן אַנגעשטאָפּטען טיימטער מיט די אייער שאָלעכץ אפילו... און אַז די סיטשקע מיט די אייער שאָלעכץ פאַסמאַקעווען דעם פערד, קען מען דאָך זעהן ווי גיך ער פאַרשלעפּט זיך קיין וואָלאָטשיסק און צוריק...

— וואָס וואָלסטו געוואָלט? — רייסט זיך חיים געצי אַפּ אויף אָלטער׳ן, — אַז מיר זאָלען, ווי דו, כראָמדזשקען רעטאָך מיט ברויט און אונזערע פערד זאָלען מיר קאָרמענען מיט האָבער און מיט קלייען?! מיר זאָלען צונעמען די שטרוי פון דער הרובע, ליידען קעלט און שפּרייטען פרישע שטרוי אונטער די פערד?!... זאָלען

זיי פּראַצעווען און הונגערען פאַר זייער ביסען, ווי מיר פּראַצעווען און הונגערען פאַר אונזער ביסען ברויט... אַלטער! באַזין דיך!...

די אידען, וואָס זיינען אָהן לשון געבליבען, בשעת אַלטער האָט זיי געפּלעפּט מיט זיין דרשה, זיינען געקומען אַביסעל צו זיך נאָך חיים'ס אויסגוס אויף אַלטער'ן. זיי האָבען זיך אביסעל אויסגעגלייכט, די קעפּ אויפגעהויבען...

— וואָס איז דאָס פערד שולדיג? — בעט זיך אַלטער ביי חיים'ען, — ווען עס איז הונגעריג, קען עס קיין „ויצעקו" ניט מאַכען... און גאָט קען איהם ניט שפּייזען, ווי ער שפּייזט אַ פויגעלע. דאָס פערד איז דאָך אין צוים ביי אונז און הינטער'ן ריגעל, אָפטמאָל געפּענטעט מיט אַ קייט, מען זאָל איהם, חו"ש, פון שטאַל ניט אַרויס'גנב'ענען...

די פיער אידען — אַלטער בתוכם — דערפילען אַ דרינדזש איבער זייערע לייבער. שמואל חיים נעמט זיך קראַצען אין קאָפּ. ישראל אברהם טוט זיך אַ טרייסעל אונטער זיינע בגדים, ווי ער וואָלט זיך האָבען צו־פרי אויפגעכאַפּט פון שלאָף. אַלטער בלייבט שטעהן פאַרטראַכט אַ רגע, טוט זיך אַ דרעה צום פערד און שרייט אוים: גלית! מיין ריזיגער העלד!... ווען דו וואָלסט ניט זיין שטום, און קענען אַ רעד טאָן... וואָס וואָלסטו די אידען דערצעהלט?"...

ער כאַפּט זיך פלינק אַרויף אויף דער טעליגע, באַווייזט קוים צו זאָגען „אַ גוטען טאָג" און העצקעט אַוועק מיט איהר, איבערלאָזענדיג אַ סימן פון פרישען קוואַל־וואַסער וואָס די טרוקענע ערד האָט גערן איינגעזאַפּט אין זיך...

ישראל אברהם מיט חיים געצי'ן געהען זיך זייער וועג. שמואל חיים רוקט זיך אַריין אין טירעל פון זיין שטוב. אַריינקומענדיג פון דרויסען צו זיך אין פירהויז, איז איהם עפּעס נאָך קיין מאָל אַזוי פינסטער אין די אויגען ניט געווען ווי איצטער. אין פירהויז איז די סיטשקאַרניע. ער געהט צו צו די פערד, קוקט אויף זיי מיט רחמנות, נעמט רעכענען וויפיל ער איז שוין שולדיג יעקעל פאַרטעגולע פאַר האָבער און טראַכט, צי וועט יעקעל איהם באָרגען נאָך אַ פוד האָבער?...

ישראל אברהם לאָזט זיך געהן אַ היים. ער איז מיד. אַלטער פּאָליאַקס דרשה האָט איהם אָנגעפילט מיט טרויעריגע מחשבות. זיינע פים זיינען ביי איהם שווער געוואָרען. ער פאַרלעגט די הענט אויף הינטען, שערעוועט מיט די שווערע פים די אויסגעזאָכעטע

ערד. ער געהט אזוי פארביי אפרים שרה׳קעס שטוב און טרעפט אן אפרים׳ען באקוקען זיינע פענסטער, צי דער קיט איז פון די שויבען ניט אפגעקרישעלט. זאגט ער איהם:

— גוט מארגען, ווי געהט עס דיר, אפרים?

— ווי זאל עס געהן? — ענטפערט אפרים מיט ציטערדיגע ליפען אויף זיין דינעם שוואכען קול׳כעל,—אידען האלטען די „ווייסע חברה׳ניקעס" אין די חדרים, און די צדדים האבען זיך שוין לאנג ניט געשלאגען, ווערען ווייניג פענסטער אויסגעזעצט. און אז ביי אידען זיינען שויבען גאנץ, ווי זאל עס געהן אפרים שרה׳קעס, דעם גלעזער?...

— און וואס מאכען דיינע אייגענע ווייסע חברה׳ניקעס? — איז ישראל אברהם שוין טאקע נייגעריג צו וויסען.

— מיינסט מיין קאיען, מיט מיין לאשען, מיט מיין בונציע׳ן?

— וויל אפרים וויסען, צי מיינט ער עם טאקע זיינע גרויסע בחורים.

— א, זיי?... —זיפצט אפרים און זיין קול׳כעל ציט זיך נאך שוואכער, — זיי וועלען שוין קיין גלעזערס ניט זיין...

— פארוואס? — פרעגט ישראל אברהם שוין גלאט, מאכענדיג זיך ניט וויסענדיג, — וואס דען וועלען זיי טאן, ספרים שרייבען?...

— וואס וועלען זיי גלאזען?!... — רייסט זיך אפרים׳ס קול׳כעל, ווי ער וואלט זיך פיעסטען צום וויינען, — די קברים פון בית עולם?!...

— האב מיר א גוטען טאג, אפרים!... — מאכט ישראל אברהם נערוועז מיט דער האנט, ווי ער וואלט וועלען פון אפרים׳ען פטור ווערען...

ווען די שטאכעטען פון אלטער־יחד׳ס דירה נעמען זיך רוקען אין בלענדען זיינע אויגען, פארקלענערט ישראל אברהם זיין שפאן. ער דערמאנט זיך אז מאיר קלארעס האט נאר וואס גערעדט צו איהם פון פייגע שואל׳ס. ער זעהט דורך די שטאכעטען דאס הינטער־שטיבעל, וואו זי וואוינט מיט איהרע דריי קינדער. זי איז דאס די אלמנה, וואס איז זיך מפרנס בגנבה. „אויף איהר פאסט דאס מאיר קלארעס אזוי געטריי אויף, ווי זי וואלט געווען זיינע אן אייגענע טאכטער", טראכט ער, אקוראט ווי ער וואלט דאס פריהער ניט געוואוסט. „זי איז א שטילע, צוריק־געצויגענע, ניט קיין פרייזבע־אידענע", נעמט ישראל אברהם ווייטער טראכטען וועגען איהר. זעלטען ווען, האט ער זי אנגעטראפען פאר׳ן פיר־הויז,

אין גאס אדער אין מארק. פאמעליכער רוקט ער זיך פארביי די שטאכעטען, ווי ער וואלט זיי צעהלען. ער רוקט זיך, האלט די הענט הינטען. די קאפאטע איז אויפגעקנעפעלט, די פאלעס צו־שפרייט, זיי פלאטערען, הויבען זיך און דרעהען זיך.

אין גרויסען זאל, פארענט, אין אלטער יחד'ס דירה, איז דער שענק, וואס א פויער פון דער פרעמד האלט אויף איהם דעם פאטענט. ישראל אברהם, מיט א פארזארגט פנים, באדויערט: „אלטער יחד'ס דירה! ... דער גרויסער אלטער יחד'ס, מיט דער שעהנער אידישער בארד — שוין אויפ'ן עולם האמת! ... זיין היים... זיין היים, אין וועלכער ער האט זיין נשמה איינגעבויט, איז איצט פון פאר־טאג ביז שפעט אין דער נאכט אנגעפילט מיט ווילדע שמוציגע קולות, מיט קללות! ... די געוועקסעלטע פאדלאגע, וואו ער האט פרייטאג נאכט נאכ'ן מקבל שבת זיין ארומגעשפאצירט פון מזרח צו מערב, פון צפון צו דרום, און געזונגען „שלום עליכם מלאכי השרת מלאכי עליון", ווערען איצט באשפיגען און פארכראקעט פון שכור'ע ווילדע פויערים און פויערטעס... ישראל אברהם'ען שווימט ארויף אויפ'ן מוח דאסווארט פון נביא — זייהען וועט איהר, אבער שניידען וועט איהר ניט! ... און ווער עס זיינען דאס די יורשים, רחמנה לצלן! די אויגען שליסען זיך איהם צו און די געדאנקען מישען זיך ביי איהם אזוי שנעל, אז עס בלייבט ניט אויף וואס זיך אפצושטעלען...

---

דער שטויב פון מעהליגע זעק, וואס בלאזט פארביי צוקערמאנס „אוליצע" ברענגט ישראל־אברהם'ען צו זיך. דערזעהענדיג פונוויטענס ווי וועלוועל אברהם־אליה'ס טרייסעלט די זעק, שפאנט ישראל־אברהם אריבער די פייכטע, ווייכע ערד פון צוקערמאנ'ס אוליצע, וואס האט נאך ניט באוויזען זיך אויסצוטריקענען, כאטש עס איז שוין א האלבער זומער אריבער. ער גיט אפ וועלוועלען דעם פעלשטינער אידענס גוט מארגען... וועלוועל ענטפערט איהם אפ מיט'ן זעלבען נוסח און פרעגט איהם, וואס ער טוט עפעס אין זיינע מקומות אין א פראסטען וואכעדיגען טאג. ווייל ישראל אברהמס שטוב איז די ערשטע, ווען מען צעהלט די פעלשטינער הייזער פון מזרח, און די לעצטע — ווען מען זאל זיי צעהלען פון מערב. און וועלוועל אברהם אליהו'ס שטוב, מעג מען זאגען, געפינט זיך אין סאמע מיטען שטאדט.

**פאר א פעלשטינער אידען, וואס וואוינט אין עק שטאדט, צו פארקריכען אין מיטען שטאדט אין א פראסטען וואכעדיגען טאג**

איז געווען א זעלטענהייט. ווארים, וואוהין געהט א פעלשטינער איד? אדער ער געהט אין בית מדרש צי אין קלויז אריין דאווענען און פונ׳ם דאווענען אהיים, אדער ער געהט פון שטוב אין קלייט אריין, צי צו זיין שטעל אין מארק אריין. ווידער, א איד וואס האט ניט קיין קלייט און האט ניט קיין שטעל אין מארק און פאהרט גאר ארום אויף די דערפער אויפקלייבען אייער, קומט דאך אהיים בלויז משבת לשבת. איז טאקע א חידוש צו זעהן אזא אידען אין מיטען שטאדט אין א פראסטען װאכעדיגען טאג.

אין א יאריד איז קיין קשיה ניט. אין א יאריד מעסטען אלערליי אידען אוים די שטאדט טויזענט מאל דעם טאג. ס׳איז א הו־הא. מען יאגט און מען פאריאגט ווער ווייסט וואוהין... אבער אין א פראסטען טאג?...

— וועלוועל! זאל דיר קיין חידוש ניט זיין, — סאפעט ישראל אברהם ארוים, נאכדעם ווי ער האט זיך שוין אנידערגעזעצט אויף דעם איינגעריבענעם שטיין, וואס ליגט ביי דער וואנט און דינט פאר א פריזבע, — איך האב זיך היינט ארויסגעלאזען צו זיין א מרגל אין אונזער כרך פעלשטין...

— זיין א מרגל אין פעלשטין? וואס זשע, פעלשטין איז דיר נאך פרעמד? אדער דו האסט אפשר ערשט די ליכטיגע וועלט פאר זיך דערזעהן? — חידוש׳ט זיך וועלוועל.

— א, א, וועלוועל. פעלשטין איז ניט צו דערגרונטעווען... — וויל ישראל אברהם, אז וועלוועל זאל איהם גלויבען.

— אזוי!? וואס פאר א נייעם האסטו עפעס אויסגעפונען אין דער אלטער מלוכה?... — וויל וועלוועל איהם צודריקען צו דער וואנט.

— קיין נייעס, וועלוועל. דאס אלטע, ווי א זאקיציע, וויל ניט אפטרעטען! — רעדט ישראל אברהם גאנץ אפען.

— האסט דאס קוים אנטדעקט? — חידוש׳ט זיך ווייטער וועלוועל, — איך האב דאס שוין לאנג געוואוסט, — וויל וועלוועל ווייזען, אז ניט ישראל אברהם, נאר ער, איז דער גאנצער ווייסער.

— וויים איך וואס! וואס דו האסט געוואוסט... — מאכט ישראל אברהם וועלוועלען צו גאר ניט.

— וואס אזוינס האסטו אויסגעפונען, וואס איך וויים ניט, וואס איך האב ניט געוואוסט? — שטעלט זיך וועלוועל פונקט אזוי הויך, אדער נאך העכער פאר איהם.

— וואָס איך האָב אויסגעפונען? — בורטשעט ישראל אברהם, ווי ער וואָלט ניט וועלען רעדען פון דעם, — וואָס איך האָב אויס־געפונען? — שטאַמעלט ער צו זיך, ווי עפּעס וואָלט איהם בלייבען אין האַלז... ענדליך שיסט ער אַרויס, טאַקע נאָר וועלוועלען אויף צו־להכעיס: — איך האָב אויסגעפונען: אַז ווי פיל זעק דו זאָלסט ניט אויסטרייסלען, וועלען זיי אַלץ ניט סטייען, אַלץ זיין ניט גענוג פאַר אַלע אידען, וואָס באַדאַרפען זיך, נעבאַך, זעצען זאָרגען...

— הם... הם... מיינסט צו זאָגען: עס וועט ווערען אַ מאַנגעל אין זעק און איך וועל אפשר לייזען גוט געלט פאַר זיי. איך קען דיין קעפּעלע... אגב, וואָלטען אידען זיך נאָר באַדאַרפט זעצען אויף מעהליגע זעק זאָרגען, וואָלט שוין גאָר ניט געווען אַזוי שלעכט, — לאַכט וועלוועל אויס ישראל אברהם'ען. וועלוועל כאַפּט זיך אָבער צוריק, איז חושד ישראל אברהם'ען אין ליצנות און לאַכט אַליין... — ישראל אברהם? אַז דו קענסט נאָך לצ'עווען, מוז דיר זיין גוט ווי די וועלט...

— אַלץ הייסט גוט... — ציט ישראל אברהם די ווערטער, — ביי מיר שיטען זיך די רענדלאַך פון זאַק אין מויל אַריין, פּשוט די ציין נעמען זיך ביי מיר ברעכען פון קייען רענדלאַך... — ער דריקט אַרונטער די הינטערשטע ליפּ און ווייזט איהם דעם חלל צווישען זיינע ציין...

וועלוועל לאָזט דעם קאָפּ אַרונטער און שווייגט. „ישראל אברהם דער גבור!" טראַכט ער צו זיך. זיין אייגענע עלטער, כאָטש ער איז ווי ישראל אברהם אין די מיטעלע יאָהרען, האָט איהם מיט אַמאָל געטאָן אַ בויג אַרונטער... זיין לאַנגער שמאָלער פּנים, מיט'ן שוואַרצען, שיטערען בערדעל דריקט אויס טיפען צער...

ישראל אברהם פאַרנעמט זיין צער און וויל איהם טרייסטען. אָבער מיט וואָס טרייסט איין איד דעם צווייטען? זאָגט ער איהם:

— וועלוועל! — ער כאַפּט וועלוועלען ביי דער האַנט און ציט איהם אַרונטער זעצען זיך אויפ'ן שטיין לעבען זיך, — ניט געזאָרגט, חבר וועלוועל! גאָט וועט שענקען דאָס לעבען. און מכּה פּרנסה? אידען מוזען האָבען ברויט! אידען דאַרפען האָבען חלה אויף שבת, חלה אויף יום טוב, פּורים־קוילעטשען אויף פּורים, מצות אויף פּסח... די אידישע וועלט געהט חו"ש נאָך ניט אונטער! אי, טאָמער האָט זיך נאָך אַ איד געמאַכט אַ קלייטעל פון מעהל... זאָל איהם גאָט העלפען. וואָס זאָל אַ איד נעבאַך טאָן? ער דאַרף דאָך, ער מוז דאָך מפרנס זיין ווייב און קינד... וואָס זאָל

איך טאָן, אַז „לייב יאַריד׳ס זין, שלום און משה, זיינען געוואָרען פּאָלנע יאַיעטשניקעס? אַז אברהם איצי׳ס בחורים האָבען גענומען לויפען אין דאַרף אַריין נאָך אייער? און וואָס מיינסטו קען זיין דער סוף פון מיין הערשלען מיט נטע׳ן? קענען זיי דען עפּעס אַנדערס טאָן? וועלוועל! ס׳איז אונז אַלעמען גוט ווי די וועלט... און דאָס וואָס אונזערע ציין וועלען מיט אונז אין קבר אַריין ניט מיט־געהן — דאָס איז „זיין״ עסק!... זאָג מיר בעסער, וועלוועל! וואָס שרייבט דיין ליבוש פון אַמעריקע? מיין נטע׳ן, ווייסטו דאָך, אַז אָט באַלד־באַלד דאַרף ער זיך שטעלען צום פּריזיוו. איהם איז אויך אַריין די מאַנקאָליע אין קאָפּ: „אַמעריקע...

— ער קען נאָך נעמען דאָס לייזונג פון וואָלאָטשיסק, פאַרקוי־פען דעם „סוס׳ליק״ מיט דער „טאַראַדייקע״ און מאַכען אַ ויברח...

— פאַלט וועלוועל אויף דעם געדאַנק און לאַכט איהם אַרוים הויך אויפ׳ן קול...

— וועלוועל! זאָל אונז אַזוי דער אויבערשטער העלפען אין אונזער פּרנסה, ווי דו האָסט געטראָפען, — טורקעט ישראל אברהם איהם אַריין אין אויער אַריין, — טאַקע פאַר אַזאַ ספּעכע ציטער איך!...

און וועלוועל לאַכט נאָך העכער...

— דיר איז גוט צו לאַכען, אַז דו האָסט דיין לייבוש׳ן אַרוים־געפּראַוואַדעט ווי חסידים באַגלייטען זייער רבי׳ן...

— ישראל אברהם! מאַכסט אַ טעות, חלום׳סט גוזמאות!...

איך האָב איהם ניט אַרויספּראַוואַדעט, ווי אַ חסיד זיין רבי׳ן, — פאַרענטפערט זיך וועלוועל, — אמת, איך האָב זיך פאַר איהם אויסגעבראַכט, כאָטש עס איז מיר מעהר ניחא געווען דער טויט, איידער איהם אַוועקלאָזען עבר לים. מיר איז דאָס הארץ געווען צובראָכען: אָט האָב איך שוין קוים אויסגעהאָדעוועט אַ זון, אַ געראָטענעם, אַן איידעלען, אַ לייטישען, אַ שפּיגעל פאַר אַנדערע. מען איז מיך מקנא מיט איהם, מיין גאַנצע און איינציגע טרייסט אין לעבען... וואָרים וואָס נאָך פאַרמאָגט אַ איד אין לעבען? וואָס נאָך דאַרף אַ איד פאַרלאַנגען פון לעבען? גיב דעם אידען לייטישע קינדער, און ער וועט משיח׳ן דערלעבען... און אַז מען דאַרף זיך שיידען מיט אַזאַ זון... וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט שוין דעמאָלט פאַרמעגען?!... מיין לעבען וואָלט איך איהם געוועזן אָוועקגעגעבען, אַבי ער זאָל ניט פאָהרען... אָבער אַז דאָס קינד נעמט בעטען רחמים: „טאַטע! וואָס קען איך דאָ טאָן? וואָס זאָל

איך דאָ ווערען?! וואָס פאַר אַ צוקונפט שטעהט מיר דאָ פאָר? טאַטע! צווינגסטו מיך דאָ צו פאַרבלייבען, וועל איך דאָ משוגע ווערען!"... און ער נעמט וויינען, ווי ער וואָלט איבער־אַ־נייעס אַ קליין קינד זיין... און איך וויין מיט איהם...

פון וועלוועלס אויגען טריפען טרערען. ער גלעט זיי אַרונטער פון זיין באָרד...

— אָבער וואָס שרייבט ער פון דעם לאַנד אַמעריקע? — בעט זיך ישראל אברהם ביי וועלוולען.

— אוי... ישראל אברהם! — זיפצט וועלוועל, — ווען ער וואָלט שרייבען וואָלט מיין ווערהטאָג ניט געווען אַזוי גרויס... ווי איך פאַרשטעה, קען ער נעבאַך ניט שרייבען... ער האָט זיך אויסגעלערענט שטעפען אויף דער מאַשין, מיין לייבוש, מיין נשמה, מיין שפּיגעל, מיין קדיש!... איז געלאָפען פון'ם פאַרשאָלטענעם פעלשטין, אינ'ם לאַנד פון גרויסע האָפענונגען, צו ווערען, מ'שטיינס געזאָגט, אַ שטעפער ביי העמדער!... צי ביי קינדער־הויזען!... זינט ער איז אַוועק פון מיר, בין איך אויס מענש געוואָרען... דאָס האַרץ זאָגט מיר... און איך האָב אויף אַן אמת מורא, אַז מיט מיין לייבוש'ן געהט עס דאָרט גאָרניט גוט... גאָרניט גוט!...

— ישראל אברהם! ווי גאָט איז דיר ליב — לאָז דיין נטע'ן ניט פאָהרען קיין אַמעריקע. צושייד זיך ניט מיט דיין קינד פאַר דער צייט!... לאָז זיך איהם פון בוים ניט אָפּרייסען!... פון דעם וואָס לעבט אייביג קען מען ניט אַנטלויפען. ווי עס זעהט אויס, זיינען אידישע פרנסות אומעטום איינס און דאָס זעלבע. וואוהין דער איד זאָל ניט לויפען, שעפען זיך איהם די כחות אויס און ער געפינט זיך אַלץ כמים עד נפש!...

ישראל אברהם, דערשלאָגען, קען זיך קוים פון שטיין אויפהויבען. ער זאָגט וועלוולען אַ גוטען טאָג און פלאָנטערט אַוועק מיט די מידע פיס אַהיים. ער וואָלט שוין איצטער וועלען אויסמיידען מענשען. אין פעלשטין קען מען זיי אָבער ניט אויסמיידען. וואוהין מען זאָל זיך ניט אַ קער טאָן, קומען זיי אַנטקעגען.

אויפ'ן וועג אַהיים, טרעפט ער אָן יונה הערצאָוועס ביי זיין בודקע. גיט ער איהם אָפּ גוט מאָרגען און ניט־ווילענדיג, לאָזט ער זיך אַרונטער אויף דעם טרעפּעל, וואָס פאַר'ן אַריינגאַנג צו דער בודקע.

יונה הערצאָוועס, אַ הויכער, ברייט־ביינערדיגער איד, אין די מיטעלע יאָהרען, גלייך ווי אַ ווירע, מיט אַ רויטליכער געדיכטער

באָרד, וואָס איז פון טראַן, קעראָסין און דזשעגזאַכץ, שטייף געוואַ־רען ווי אַ בעזים, באַגעגענט איהם מיט אַ ברייטען שמייכעל. זיין קול איז פאַרדומפּען, הייזעריג, קומט ווי פון אַ פאַס אַרויס. ער רעדט וויינינ, קריגט זיך מיט קיינעם ניט. ער שפּאַנט אַרום־און־אַרום זיין בודקע מיט ברייטע טריט, ערנסט, געשעפטסמעסיג, מיט די אויגען אָפען איבער'ן גאַנצען שטח פון מארק, אויסקוקענדיג די אויגען אויף פויערים מיט „מאַזניצעס", פויערים, וועלכע זיינען זיינע געשוואוירענע קונים. דאָס גיט ער אַכטונג, אַז אַנדערע קרע־מער זאָלען זיי ביי איהם, חלילה, ניט צונעמען.

זיין לאַנגער קאַרטענער זשאַקעט, מיט'ן שפּאַלט פון הינטען, איז האַרט, ווי מיט סמאָלע באַקלעפּט, אַזוי אַז מען קען די לאַטעס אויף איהם מעהר ניט אַרויסזעהן. אַז ער שפּאַנט קלאַפּט ער זיך אָן אין זיינע כאָליעוועס מיט אַ פּליאַסק, טראַסק, ווי מען וואָלט איהם, ערב יום כפור, מלקות שלאָגען...

טרעפט אמאָל, אַז אַן אַנדער קרעמער וויל פאַרפירען יונה'ס אַ קונה צו זיך אין קלייטעל אַריין און ער דערכאַפּט זיך... אַזוי איז יונה פייל פון בויגען שוין לעבען קונה און אָהן אַ וואָרט אפילו אויסרעדען, דרעהט ער אַרוים די מאַזניצע פון פויערס האַנט און איז באַלד צוריק ביי זיך אין בודקע, פילט אָן די „מאַזניצע" מיט דיאָהאָט און וואַרט ביז דער קונה וועט קומען נאָך דער ליידיגער מאַזניצע. אָבער אז די מאַזניצע איז שוין אָנגעפילט מיט דיאָהאָט און דער פויער ווערט אַמאָל ווילד, מלא רציחה, און שרייט — וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער געהאַט אָנצופילען די מאַזניצע אָהן זיין ווילען?... אין אַזאַ פאַל, איז ער דעם פויער מכבד מיט אַ ליולקע מאַכאָרקע, מיט אַ געטרוקענטער פלוים... און אז עס האַלט שוין גאָר שמאָל — מיט אַ שטיקעל האַלוואַ. און קויפט דער פויער אויך זאַלץ, גיט ער איהם צו אַ פּריטשיניק צו דער וואָג, ווערט מיט דעם פויער פּאַני־בראַט, און דער פויער בלייבט אויף ווייטער זיין געשוואוירענער קונה...

דאָס וואָס דער אַנדערער קרעמער לאָזט פאַלען אַ קללה אויף יונה'ס קאָפּ — קען זיך אויסדאַכטען — אַז עס אַרט איהם אפילו אין דער לינקער פּיאַטע ניט. ס'איז זיין קונה — טראַכט יונה, און זאָל יענער וויסען, אַז ביי יונה'ן נעמט מען ניט צו קיין קונים. וויינינגסטענס, אַזוי זעהט עס אויס...

ישראל אברהמ'ען איז יונה מכבד מיט אַ האַלבער זשמעניע רויזען־קערלאַך, וואָס ער דערביוועט אַרויס פון אַ זאַק, וועלכער

ליגט פארלעגט אין בודקע. די צווייטע האלבע זשמעניע לאזט ער איבער פאר זיך, און זעצט זיך אראפ אויף דעם טרעפעל לעבן ישראל אברהמ'ען. ביידע זיובען די קערלאך, און רעדען, רעדט מען צווישען די ציינער...

אז צוויי אידען זיצען צוזאמען און קייען, זאל אפילו זיין קער־לאך, וויל זיך עפעס ערנסט ניט זיין.

ישראל אברהמ'ען האט זיך א גאנצען פרימארגען ניט איינ־געגעבען א שטיף צו טאן. ער איז מיד און ער וויל ניט פארציען קיין ערנסטען שמועס. איהם גלוסט זיך גלאט יונה'ן פיקען די גאל.

— ווייסט, יונה? — הויבט ישראל אברהם אן מיט א געמאכ־טען ערנסט, — איך האב היינט אנגעטראפען אלטער פאליאק. ער האט מיר דערצעהלט גאר ניט קיין שעהנע מעשות וועגען דיר.

— אזוי! גאר ניט קיין שעהנע מעשות? — שרעקט זיך יונה וועניג וואס איבער. פונדעסטוועגען פרעגט ער: — וואס א שטיי־גער? איך האב איהם א קינד געקוילעט?...

— חוש! — טרייסעלט זיך ישראל אברהם אפ פון אזא מחשבה אפילו, — ער זאגט נאר, אז ער זעהט, פשוט ניט א גראשען פון דיר; אז פאר יעדען פעסעל וואסער, וואס ער גיסט ביי דיר אויס, גיסטו איהם אן א האלבע מאזניצע דיאהאט. קען ער שמירען ברויט מיט דיאהאט?...

— אזוי האט ער געזאגט?! — ווערט יונה א צוקאכטער גאר ניט ווי זיין טבע... — דער פאליאק! דער קריליק!... דעם צאפען פון טעליגע וועל איך איהם ארויסציען!... ער נעמט דיאהאט, גאז, טראן מיט סאזשע, גראבע זאלץ פאר'ן פערד. די אידענע נעמט שוועבעלאך, צוקער, זאלץ. זי האלט אין איין נעמען, אזוי אז איך ווייס אפילו ניט פון קיין חשבון... און ער האט נאך צו מיר טענות... ווי איך בין א איד — דעם צאפען פון טעליגע וועל איך איהם ארויסציען!...

— שא!... קאך זיך ניט אזוי. אפשר מאכסטו א טעות, — פסקנ'ט ישראל אברהם.

— ווער?! — רעגט זיך יונה נאך מעהר, — איך מאך א טעות?! — ישראל אברהם! ביסט עובר בטל!...

— נו, שא... היץ זיך ניט אזוי! — וויל ישראל אברהם שוין צוגעבען, — נו, מאכט ער א טעות. וואס זשע איז דארט אזוינס?... טעות — פטור בלא כלום.

אַנגעצויגען יונה'ן נעמט ער איהם ווייטער פּיקען די גאַל:
— צי אַלטער פּאַלאַק איז דיר שולדיג וואַסער, צי דו איהם דיאַהאַט — דער דיאַהאַט וועט במילא אַרויסקומען אויפ'ן וואַסער. וואָס איך דענק איז פּשוט און פּראָסט, יונה! אַז איהר, קרעמער, וואָלט באַדאַרפט האָבען אַביסעל מעהר איינזעהן מיט אַזעלכע פּראָסטע אידען ווי אַלטער וואַסערפירער...
יונה קוקט איהם אָן ווי משוגע... אָהן דעם מינדסטען חשד אויף לצנות... און ישראל אברהם רעדט ווייטער:
— דו ביסט אַ קרעמער, תמיד אין דער היים. עסט דיר פּאַוואַלינקע דיין אָנבייסען יעדען טאָג, דיין וועטשערע יעדען אויף דער נאַכט, שלאָפסט זיך אויס, רוהסט זיך אויס אויף דיין אייגען געלעגער...
— אַ־זאַ מ־ז־ז־ל אויף דיר! ווי גוט מיר איז!... — פּלאַצט יונה אַרויס מיט דער יאַדרע אין מויל, — מיר איז גוט, און דיר איז נעבאַך שלעכט?! דיר איז טויזענט מאָל בעסער פּאַר מיר!...
— כאַפּט זיך יונה אַרויף אויף ישראל אברהם'ען, — דו האָסט ערוואַקסענע בחורים, זיי האָרעווען, פּאָהרען קיין וואָלאָטשיסק, און דו דרעהסט זיך אַרום פּוסט און פּאַס... אַט ביסטו איצט זיך אַ פרייער פויגעל און דרעהסט זיך אַרום ווי יואל אויפ'ן באַדעקענס... פּאַרוואָס איז מיר עפּעס בעסער פּאַר דיר, האַ? אין בודקע קען איך דאָך אפילו קיין רגע ניט איינשטעהן... ווען איך וואָלט אין בודקע געשטאַנען, ווי אַ קרעמער דאַרף און וואַרטען ביז די קונים וועלען קומען צו מיר, וואָלט מיין ווייב און קינדער ניט געגעסען קיין אָנבייסען און ניט קיין וועטשערע!...
— איך מוז, אויב דו ווילסט וויסען, אַרומטאַנצען ווי עשו בקשתו, און קוקען אין דער לופטען... און וואַרטען ביז אַ ווילדער פויגעל וועט אָנפליען... און ווען אַ ווילדער פויגעל באַווייזט זיך שוין אין דער לופטען, דערזעהסטו ערשט, אַז אַ צווייטער צילט אויף איהם... און ווען דער פויגעל פאַלט שוין, צו וועמען זאָל ער געהערען?... איך פרעג דיך, ישראל אברהם!... קינדער מוזען דאָך עסען... ווער איך אויס יעקב און טו אָן די בגדי עשו! גלויב מיר, מיך וואַרגט דער אָנבייסען, די וועטשערע און אפילו מיין אייגענער געלעגער איז מיר אויך ניט ניחא!...צו מיר נעמט זיך גאַר קיין שלאָף ניט, ווען איך נעם טראַכטען פונ'ם מעמד פון שטעדטעל!... ווען איך הויב אָן טראַכטען וועגען אַ תכלית פאַר די קינדער, נעמט מיר שווינדלען אין די אויגען... וואָס קען פון זיי ווערען? קרעמע־

ריי זאָל גוט זיין, וואָלט איך זיך באַדאַרפט זאָרגען?!... קרעמעריי איז אָבער אין דער ערד מיט די ביינער...

א וואָגען פאָהרט אָן. יונה שפּרינגט אויף, לאָזט איבער ישראל אברהם׳ען זיצען אויפ׳ן טרעפּעל, און לויפט צום וואָגען.

ישראל אברהם הויבט זיך אויך אויף און שרייט איהם נאָך:

— איך וועל זאָגען אַלטער׳ן אַז ער זאָל זיך היטען פאַר דיר און ווען דו וועסט אַרויסציען דעם צאַפּען פון פעסעל, זאָל עס געהן אויף דעם חשבון פון דיין וואַסער...

— שיק איהם צו אַל־די רוחות, ווען דו וועסט איהם זעהן, — שרייט יונה צוריק.

ישראל אברהם געהט אָפּ און לאַכט אין באָרד אַריין...

---

ווען ער טרעט אַריבער אויף יענער זייט בודקע, דערפילט ער, אַז זיין מידקייט ציט איהם צו דער ערד. דער קאָפּ דרעהט זיך איהם. ער רייבט און דריקט דעם שטערען... „שוין געהאַט גענוג היינט", טראַכט ער זיך. ער וועט שוין געהן אַהיים, עפּעס איבער־כאַפּען און זיך צולעגען אַביסעל. דערזעהענדיג אָבער מרדכי יוזיפס זיצען אויפ׳ן טאָפּטשאַן אַ פאַר׳חלום׳טען, היטענדיג זיין שטעל מיט דער מולטער קאַלך, דערנעהענטערט ער זיך צו איהם, אָבער טאַקע שוין ניט ווילענדיג. איהם גיט ער שוין אָפּ אַ „גאָט העלף" און שפּאַרט זיך אויך צו אויף דעם טאָפּטשאַן. ער נעמט ביי מרדכי׳ן טוטין און פאַרוויקעלט אַ פּאַפּיראָסעל.

— וואָס הערט זיך עפּעס ביי דיר, מרדכי׳לע!? — מרדכי איז געוועזן מיט עטליכע יאָהר אינגער פאַר איהם.

— וואָס זאָל זיך הערען? — פרעגט מרדכי, ווי די טבע איז פון אַ אידען, און ענטפערט אַליין: — ס׳איז וויסט און פינסטער! ישראל אברהם!

— וויסט און פינסטער? — קרומט איהם נאָך ישראל אברהם, — דו זאָלסט עס זאָגען! — בייזערט ער זיך אויף איהם, — דו לייענסט און לערענסט גאָט׳ס תורה, ווי קיין אַנדער איד אין שטאָדט. ווי קען דיר זיין וויסט און פינסטער?!...

— אמת, גיט מרדכי צו, — דער, וואָס לערענט תורה, דעם קען וויסט און פינסטער ניט זיין... דאָס מאַכט ניט אָבער פון שפּל — גוט, פון קרום — גלייך. דאָס ווייב מיט די קליינע קינ־דערלאַך קענען זיך פאַרט מיט דער תורה ניט שפּייזען. פאַר זיי

מוז מען האָבען מזונות. אם אין קמח, אין תורה... און דערפאַר איז טאַקע וויסט און פינסטער...

ישראל אברהם שווייגט, ווי ער וואָלט צו זיך זאָגען „און מרדכי דאַרף דאָס מיר דערצעהלען״...

— דער וועהטאָג איז אין צווייען, מיין טייערער ישראל אברהם!

— רעדט מרדכי ווייטער, — די ביטערע פרנסה שלאָגט אָפּ פון לערנען תורה, און דאָס ניט לערנען תורה, פאַרפינסטערט און פאַרוויסט דאָס גאַנצע אידישע לעבען...

ישראל אברהם ציט אַריין דעם רויך אין זיינע לונגען ווי ער וואָלט וועלען זיינע אייגענע יאָהרען איינשלינגען...

האַסטיג שפּרינגט ער אויף פון טאָפּטשאַן און פאַרלאָזט מרדכי׳ן מיט אַ שווער, ביטער האַרץ. זיינע שפּאַן זיינען ברייט און שווער. ער זוכט ניט מעהר מיט די אויגען אויף אַלע זייטען גאַס, ווי איינדערפרי, כדי עמיצען אָנצוטרעפען. ער וויל אויסמיידען יעדען, וואָס קומט איהם אַנטקעגען. ער וויל זיין וואָס גיכער ביי זיך אין דער היים, זיך צולעגען... פאַרשלאָפען דעם אומגעהייער לאַנגען טאָג...

---

אין שטוב באַגעגענט סאָסיע ישראל אברהמ׳ען מיט אַ „גוט מאָרגען, געלע! וואָס הערט זיך עפּעס אויף די פּריזבעס?״...

— סאָסיע, נעם איין שטומעניש און דערלאַנג עפּעס אין מויל אַריין!... — ענטפערט ישראל אברהם אָנגעבלאָזען.

— אַ מערכה דער האַלז צושפּאַרט זיך ביי איהם, — ברומט סאָסיע כמעט אַ וויינענדיגע אין איהר פאַרטוך אַריין, פאַרשפּרייטענדיג אַ קיך־האַנטוך אויפ׳ן טיש צו לעגען ברויט מיט זאַלץ.

ער וואַשט זיך, זאָגט „שאו ידיכם״ און מאַכט המוציא. דער אָנבייסען קריכט איהם ניט אין האַלז אַריין. ביי יעדען קיי, קומט איהם עפּעס אַנדערש אויפ׳ן מוח. אין בענטשען, פאַרגעסט ער עטליכע מאָל וואו ער האַלט און מוז ווידער און נאָך אַמאָל אָנהויבען.

ביינאַכט האָט ער אָן אויג ניט צוגעמאַכט, מאַרעט איהם איצט דער שלאָף. ער ציט אַראָפּ די שטיוועל, שאָקעלט אַרונטער די אָניטשעס פון די פיס און וואַליעט זיך אַריין אין בעט מיט׳ן אָנטאָן — צו פאַרשלאָפען דעם אומגעהייער לאַנגען טאָג!...

---

ווען נטע האָט זיך דאָס מאָל צוריקגעקערט פון וואָלאָטשיסק, איז געווען אַ רחמנות צו קוקען אויף דעם בחור. ער האָט געשוואוי־

רעך, אז ער פּאַרט ניט מעהר קיין וואָלאָטשיסק מיט דער גרויער „קאַנדרעמיגע"... „אַז די פּאָדקאָוועס האַלטען זיך שוין אפילו מעהר ניט אויף איהרע קאָפּיטעס!" — שרייט נטע הויך אויפ'ן קול...

— נו, וועל איך פאַרזעצען דיין מאַמעס חופּה-„סאַקניע" און דיר קויפען אַ פּאַנסקע אָגער... — האַקט ישראל אברהם איבער זיין געשרעה.

לויט דעם חשבון, וואָס נטע ווייזט אָן ישראל אברהמ'ען, איז געבליבען פון וועגעלע אייער אָן ערך פון פינף קערבלאַך ריוח. נאָר אַזוי ווי די קאַנדרעמיגע האָט ער באַדאַרפט אין מיטען וועג איבער־קאָוועס, און אַ נייע שלייע געמוזט קויפען, ווייל די אַלטע שלייע, וואָס ישראל אברהם האָט אַליין מיט דראַטווע פאַרצויגען, האָט איהר אויפ'ן קאַרק אַ וואונד אָנגעריבען, און ביי איהם איז די פיטע מיט'ן רייפטעל ברויט, וואָס די מאַמע האָט איהם מיטגעגעבען, אויסגעגאַנגען — האָט ער זיך געמוזט אַ בולקע קויפען, „און עסען טרוקען ברויט"... היקעט נטע אונטער, כמעט וויינענדיג, „פאַרען אין וועג און עסען די גאַנצע צייט טרוקען ברויט"... האָט ער אין וואָלאָטשיסק געגעסען אַ וועטשערע אויף דער אכסניה... נו, איז נאָך די הוצאות, — ווייזט ער איהם אָן, — איז געבליבען קאַרגע פיער קערבלאַך ריוח...

לויט ישראל אברהמ'ס חשבון, איז ניט געבליבען אפילו קיין דריי רובעל ריוח... שרייט ישראל אברהם, און נטע שרייט אויפ'ן טאַטען צוריק:

— ועסטו מיך מעהר קיין וואָלאָטשיסק ניט שיקען!... — וואַרפט איהם נטע דעם גט פאַר די פיס, — ביז סאָסיע, די מאַמע, מישט זיך אַריין:

— וואָס טשעפּעסטו זיך צום קינד?!...

קיין זאַך מאַכט ישראל אברהמ'ען ניט אַזוי צוטראָגען, ווי ווען אַ קינד וואַרפט איהם דעם גט פאַר די פיס און ווען סאָסיע מישט זיך איהם אַריין אין מיטען דרינען....

— אז בייזערען זיך העלפט שוין ניט מעהר היינטיגע צייטען, איז דאָך שוין גאָר אויס!... — ענדיגט ישראל אברהם זיינע טענות...

נאָך אַזאַ וואָלאָטשיסקער יאַזדע, איז דער בית-מדרש געוועזען פאַר ישראל אברהמ'ען אָן אמת'ער גן-עדן... דאָרט טרעפט ער שטענדיג זיין גלייכען. דאַרף ער צו עמיצען אַרויפקוקען, טוט ער דאָס מיט גרויס דרך ארץ. ווילענדיג אָדער נים-ווילענדיג, וואַרפט

מען דאַרט אַראָפּ פון זיך דעם עול פּרנסה. מען לאָזט זיך אַריין און שמועסן, אין חקירות. דאָס מקום קדוש עפענט דעם מוח, צווינגט אַ טראַכט צו טאָן. און אַז עס וויל זיך אַמאָל אַ שטיף טאָן, וואו איז נאָך אַזוי גרינג צו שטיפען, ווי אין בית-מדרש?... „אַי, דער בית-המדרש!״ פלעגט ער זאָגען, „אַ חיות! אַ גן-עדן! דאָס העמד צו פאַרזעצען און זיצען זאָל מען אין בית-המדרש!...

---

פרייטאָג לאָזט זיך ישראל אברהם אַרוים פאַרטאָג איבער די דערפער, אויפצוזעמען די אייער, וואָס די דאָרפסגעהער האָבען דורך דער וואָך אָנגעקליבען. עס איז זיין שווערסטער טאָג אין דער וואָך, ווייל אידען דאַרפען זיך צוריקקערען אַהיים אויף שבת. שלעפּט זיך ישראל אברהם נאָך אַ שווערען טאָג האָרעוואַניע אַהיים, מיט אָן אָנגעפּאַקט וועגעלע אייער.

עס איז אַ זומער-טאָג, שניט-צייט, היים. אָבער די לופט איז טרוקען און פריש. אויף שטיקער פעלדער וויגט זיך נאָך ווייץ, טוקט זיך און בלישטשעט אויף אונטער דער שיינענדער זון. ער קוקט אויף די פעלדער און זעהט ווי זיי זיינען אַזוי באַלאָדען: דאָ מיט האָבער, דאָרט מיט גערשטען. ווייטער זעהט ער רעטשקע, קאַר־טאָפעל, בוריקעס, קוקורוזע, פּראָסע, ליאָן... אַזאַ ווייטקייט... אַזאַ ברייטקייט!... מיט אַזוי פיל שפע!... און ער — אַזוי קליין, אַזוי נישטיג...

דאָס היטעל אויפ׳ן קאָפּ ווערט איהם פּלוצים ענג. כאַפּט ער דאָס אָן ביים דאַשעק, דרעהט דאָס איבער פון איין אויער צום צוויי־טען און דער דאַשעק בלייבט קוקען קיין בויבעריק...

דאָס פערדעל כאַפּט פון איהם אַ פּאָר שמיץ. עס שרעקט זיך ניט איבער און רוקט זיך פונקט אַזוי פּאַמעלאַך, ווי פריהער, אַקוראַט ווי עס וואָלט וועלען פעלד שבת האַלטען... די גראָזען ביי די ברעגען פון שליאַך פאַרשמעקען איהם און עס דרעהט דעם קאָפּ, דאָ — אויף רעכטס, דאָ — אויף לינקס. דאָס וואָס די זון איז שוין ווייט אַרונטער און עס איז פרייטאָג פאַרנאַכט, הויבט דעם פערד גאָר ניט אָן צו אַרען... אַ פערד בלייבט אַ פערד.

דערלאַנגט ער דעם פערדעל נאָך אַ פּאָר שמיץ: — וויאָ!...
— שרייט ער. עס העלפט אָבער ווי אַ טויטען באַנקעס...

שלעפּט זיך ישראל אברהם, פרייטאָג פאַרנאַכט, אַהיים מיט זיין פערדעל, וואָס הערט איהם ווי די קאָץ, אפילו נאָך די שמיץ וואָס עס כאַפּט אַריין.

אז ער וועט שוין היינטיגען ערב שבת אין מרחץ אריין ניט געהן, דאס זעהט ער שוין. „נו, מילא... אבער וואס איז היינט פאר א כאראבע אויף דעם? דער רוח זאל עס נעמען!"... און ער זשאלעוועט ניט נאך א פאר שמיץ: — וויא!... — ס'זאל זיך אבער אנהויבען רירען...

פון ווייטענס דערבליקט ישראל אברהם א אידען געהן צו־פוס, די קאפאטע אויף דער רעכטער האנט, פארנומען פון הינטען, אויף א זייט, מיט א שטעקען אויפ'ן לינקען אקסעל פון וועלכען עס הענגט א קלומעקעל...

„דאס איז פרידעל!" כאפט זיך ישראל אברהם און א פרייד נעמט איהם ארום, אבער אויך א שרעק: מיט פרידלען, האלט ער שבת אין פעלד...

פרידעל, דערפילענדיג, אז עמיצער פארט אן, דרעהט זיך אום אוןווארט ביז ישראל אברהם דערנעהענטערט זיך צו איהם.

— פרידעל! — שיסט ישראל אברהם אוים דער ערשטער, — גיין־ניין!... א מייל די וויט וואלט איך דיך דערקענט. וואס מאכט א איד, ר' פרידעל?!

— וואס — זאל — מען — מאכען? — ציט פרידעל די ווער־טער, — וואס א איד ר' ישראל אברהם מאכט, דאס ש'מאכט א איד ר' פרידעל!...

נאכגעהענדיג, לעגט פרידעל ארויף א האנט אויפ'ן פערד'ס קריזש און גלעט דאס. דאס פערד דערפילט א פריינטליכען גלעט פון א האנט אויפ'ן קערפער, נעמט עס געהן נאך לאנגזאמער...

— וואס פאר א שטן האט דיך היינט צוריקגעהאלטען פון מרחץ? הא? —פרעגט ישראל אברהם, ווי ער וואלט איהם חושד זיין אין אן עבירה.

פרידעל פארשטעהט וואס ישראל אברהם איז אויסען.

— דיין שטן! ב'מיין ווארט... ער האט דיר אפילו געלאזט גריסען... — שרעקט פרידעל ישראל אברהם'ען.

— אז דו ביסט מיין שטנ'ס שליח, מעג דיך טאקע כאפען דער רוח!... — לאזט ישראל אברהם אוים דאס הארץ צו איהם פאר דער בשורה טובה...

לאזען ר' פרידלען געהן צו־פוס איז דאך עפעס ניט מעשה־איד... און ווידער, ישראל אברהם וועט עס לאזען פרידלען געהן צו־פוס? הייסט ער איהם ארויפכאפען זיך אויפ'ן וועגעלע.

וועןביידע זיצען שוין, איינער לעבען אנדערען, אויפ׳ן וועגעלע, דערפילט ישראל אברהם, ווי ער וואלט איבער־א־נייעם דרייצעהן יאהרט אלט זיין, איהם ווילט זיך א שפאס טאן מיט פרידלען.

— וואס מאכט עפעס דיין צירעל? זי איז נאך אלץ אויפ׳ן פירעל?... — הויבט אן ישראל אברהם.

— מיין צירעל?... וואלט זי זיין אויפ׳ן פירעל, וואלט שוין ניט געווען אזוי שלים..., די צרה איז, וואס איך בין שטענדיג אויפ׳ן פירעל און זי האלט פארמאכט דאס טירעל... — חכמה׳ט זיך פרידעל אויף זיין אידענעם חשבון און איידער ישראל אברהם באוויזט ווידער צו עפענען דאס מויל, כאפט איהם פרידעל אן: — און וואס מאכט דיין סאסיע? — אז דו פרעגסט שוין אויף מיין צירלען, איז א סימן אז דיין סאסיע „זלאטע” מאכט דיך נאך אלץ מיט דער בלאטע...

— מיין סאסיע?! ווי קומט דיין צירעל צו מיין סאסיען? — נעמט זיך ישראל אברהם שפארען מיט פרידלען. — דיין צירעל האט דאך א פיסקעלע ווי א שנירעלע...

— און דיין סאסיע — א צינגעלע ווי א שרייפעלע...

— ווייסיך וואס... — וויל ישראל אברהם ניט הערען.

— ניש קשה! זיי קענען ביידע די ווייבערשע דרשה... — וויל זיך פרידעל מיט איהם אויסגלייכען...

— א דרשה וועט דיר צירעל האלטען, ווען דו וועסט זיך היינט אריינשטעלען אין שטוב נאך ליכט בענשען... און זי וועט זיין גערעכט... — נעמט ישראל אברהם איהם טרייבערען, — דעם פריצ׳ס פאלאווע וואלט דער ווינט געווען אוועקגעטראגען, ווען דו פארלאזסט דעם פולווריק מיט א פאר שעה פריהער?... מילא איך, איך בין פארקויפט צו מיין כאדאבע... אבער דו?... אפילו דער פרייטאגדיגער ראסעל־פלייש האט דיך אהיים ניט געצויגען!...

— דיר איז גרינג צו רעדען, — פארענטפערט זיך פרידעל, — אז דו ביסט דיין אייגענער פריץ. ווען אבער דו ביסט ביים פריץ אין די הענט, און ער טוט א קאמאנדעווע: די פאלאווע מוז אין די זעק פארפאקט ווערען! ער וויל ניט עס זאל בלייבען פאלאווע הינטער דער מאשינע איבער שבת און זונטאג. טאמער געהט א רעגען. נו, קען איך זיך שטעלען איהם אנטקעגען? און אפשר איז ער טאקע גערעכט? די פאלאווע קען דאך טאקע פארנעצט ווערען. מיינסט אפשר, אז דער „אדון” ווייסט ניט, אז „ער”, וואס איך האב זיך די הענט ניט געוואשען, האט אונז צוגעזאגט, אז דעם רעגען וועט

ער אונז צוגעבען פרייטאָג־נאַכט? און ער ציטערט טאַקע, טאָמער האַלט ער וואָרט... בעט איך זיך ביים פויער וואָס פירט מיר די פּאָלאָווע: ס'איז ערב שבת! טו זיך אַ מאָרדעווע און שטאָפּ אָן דעם זאַק אַביסעל גיכער!... רעד צו שטיין!... אַז דאָס רירט זיך ניט פון אָרט... לא די, ער איז פויל ווי אַ בער, טוט ער מיר נאָך אויף צו־להכעיס און ווערט אַנטרונען... איך רייס זיך ביים קאָפּ: „ערל! וואו ביסטו געווען?" „דאָרטען, וואו די דברים אחרים האָבען געוואָרט אויף מיר"... ענטפערט ער מיר אַזוי קאַלטבלוטיג, און גלייך האָב טענות צו איהם... אַז איך האָב שוין קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, האָב איך דערטאַפּט אַ שייגעץ, געגעבען איהם אַ צי ביים אויער מיט אַ זעקסער אַ פּריטשיניק, אַז ער זאָל העלפען פאַרנעמען די פּאָלאָווע. און אַליין האָב איך זיך אַוועקגעלאָזען צו־פוס... אַזאַ פרנסה! אויפ'ן פריץ געזאָגט געוואָרען!...

— דאַנק גאָט דערפאַר, פרידעל! אַנדערע אידען וואָלטען זיך געוואונשען האָבען דיין פרנסה, — טרייסט איהם ישראל אברהם.

— אויף אַלע אונזערע שונאים געזאָגט געוואָרען!... — איז פרידעל מוחל זיין פרנסה. ער קוקט אויף דער זון: — ווער זאָל זיך ריכטען, אַז מען וועט ניט אַנזעהן אַ פור אין די אויגען? — באַמערקט פרידעל, — אַבער צו גאָט אַ האָפענונג. איך וועל נאָך הערען דודי חזן זינגען „לכו נרננה" און דו, דאַכט זיך, וועסט זינגען, „לכא דודי" צו דער לבנה...

— ניט דערהערען וועסטו דאָס... — איז איהם ישראל אברהם מכבד מיט אַ ברכה און דעם פערדעל מיט אַ פּאָר פרישע שמיץ.

— וועדליג, דיין פיער־פוסיגע „כערדיע" קריכט, וועט דיר, דיין סאָסיע מוזען איבערלאָזען דעם קוגעל אויף מלוה מלכה...
— איז זיך פרידעל נוקם אין איהם.

אַזוי ווי דאָס פערד קריכט, אַזוי ציט זיך זייער שמועס פון אידישע פרנסות צו ליצנות און פון ליצנות צו צו־להכעיס. פּלוצלונג דערזעהען זיי ווייט פאָראויס נאָך אַ אידען מיט אַ שווערען זאַק אויף די פּלייצעס, ביז צו דער ערד געבויגען, אוןביידע, ישראל אברהם און פרידעל, פּרובירען טרעפען, ווער דאָס קען זיין. און ביידע טרעפען טאַקע ניט. ביז זיי דערהערען ניט, דאָס שערעווען פון דעם אידענ'ס פאַרדריפעט־פאַרהאַרטעוועטער קאַפּאָטע זיך אַנשלאָגען אָן זיינע שטיוועל.

— פרידעל! — שרייט ישראל אברהם אויס, דערלאַנגענדיג איהם אַ קלאַפּ אין קני אַז יענער שפּרינגט אַזש אונטער, — דאָס איז יעקעל!...

— יאָ! ב'מיין וואָרט! — כאַפּט זיך פרידעל, — יעקעל פּאַרטיגולע!

— יעקעל! יעקעל! — שרייט ישראל אברהם.

יעקעל דערהערט פון דער העלער הויט אַרוים אויסשרייען זיין נאָמען אין פעלד, — פאַלט דער זאַק פון זיינע פּלייצעס אַראָפּ... און ער בלייבט שטעהן ווי פּריטשמעליעט. ער האָט דעם גאַנצען וועג גאָט געבעטען, אַ פור אַנצושיקען, די כחות זאָלען זיך איהם ניט אויסלאָזען. און ווען ער האָט זיין נאָמען דערהערט אויסשרייען, האָט ער געדענקט אַז דאָס איז ניט אַנדערש, נאָר אַ בת־קול פון הימעל!... נאָר ווען ער האָט דערזעהן ישראל אברהמ'ען מיט פרידלען דערנעענטערען זיך צו איהם, איז איהם די נשמה ממש איינגעפאַלען...

פון יעקלען רינען ריקעס שוויים. עס ווערט איהם אָבער קאַלט און וואַרעם, ווען ער דערפילט, אַז די צוויי לצים וועלען שוין האָבען אַ גאַנצען לעבען צו רעדען וועגען איהם...

ישראל אברהם שטעלט אָפּ דאָס פערד און שפּרינגט אַראָפּ פון וועגעלע.

— יעקעל! — שרייט ער, — אַ „צווייטע" ברכה אויף דיין קאָפּ!... האָסט ניט געקענט אָפּנאַרען דעם גוי און אַננעמען אַבי־סעל וועניגער תבואה, כדי ס'זאָל גרינגער זיין צו דערטראָגען?...

יעקעל שטעהט תמ'עוואַטע און גלאָצט די אויגען. ער קלערט וואָס ער זאָל ישראל אברהמ'ען, דעם ליץ, ענטפערען?

ישראל אברהם פּרובירט הויבען דעם זאַק.

— ווייסיך! נאָך שווערער פון אַ קעסטעל אייער... דער זאַק הויבט זיך ניט אַזוי גרינג, — רעדט ער ווי צו זיך אַליין, און באַלד טוט ער אַ פרעג:

— וויפיל פוד האָסטו דאָ, יעקעל? דריי?

— דריטהאַלבען, — זשיפּעט יעקעל קוים אַרויס.

— נעם אָן דעם זאַק, יעקעל! — קאָמאַנדעוועט ישראל אברהם.

ביידע נעמען אָן דעם זאַק און וואַלגערען איהם אַרויף אויפ'ן וועגעלע.

— טשעפּע זיך שוין צו, וואו ס'ניט איז, יעקעל! — קאָמאַנ־דעוועט ווייטער ישראל אברהם: — ס'איז שפּעט!... ס'זאָל ניט

זיין ערב שבת, וואָלט איך דיך געלאָזען אין פעלד נעכטיגען, מיט'ן זאַק צו קאָפּענס... אַזאַ זאַק נעמט אַ איד שלעפען פון דאָרף אין שטאָדט אריין ?!... גט'ן וואָלט דיך דיין „ברכה" איטע דערפאר באַ־דאַרפט...

עס האָט גענומען אַ פּאָר סעקונדען, ביז יעקעל האָט דעם אָטעם געקענט אָפּכאַפּען, און מיט זיין רויטער פאַטשיילע דעם שוויים אָפּווישען...

— וואָס זעה איך, יעקעל ?! — הויבט פרידעל אָן צעהלען זיי־נע ווערטער, ווי ער וואָלט זיי געצויגען פון מויל, — האָסט זיך גע־נומען צו אַ נייער פרנסה, אויף דער עלטער?... געוואָרען אַ דאָרפסגעהער גאָר ? וואָס זשע, ווילסט אַלץ אַליין אויפזשערען ?...

— זאָ—לסט מיר מו—חל זיין, פרידעל, — ווערט יעקעל ברוגז און היקעט אַרוים : — רעדסט ווי אַ פּאַרך !...

ישראל אברהם און פרידעל גלייכען זיך אוים די פּלייצעס, קו־קען זיך איבער און שמייכלען. יעקעל זיצט הינטער זיי ביידען. ער זעהט גאָרניט און איז זיי אין גאָר ניט חושד, חוץ אין שפּל־קייט...

— מיינסט, אפשר, יעקעל, אַז פרידעל איז ניט גערעכט ? — לייגט ישראל אברהם צו, — וואו שטעהט עס טאַקע געשריבען, אַז אַ מענש זאָל אַליין וועלן אַלעם אויפזשערען אויף דער וועלט ?...

— דו, דו !... — פּאַרלירט שוין יעקעל דאָס גערולד, — דו רעדסט דאָך אַזוי און אַזוי, ווי אַ פּאַרך !... — און ווייטער געהט ער ניט. נאָר ער און זיין לאַנגע באָרד נעמען זיך הוידען, ווי אַן אומרו וואָס מען האָט ערשט צושאָקעלט.

— ווען ניט, — טשעפּעט זיך פרידעל ווייטער צו איהם, — ווי קומסטו אין דאָרף אריין ? אויב ניט בכיון צו־צונעמען ביי אַ אידען זיין פרנסה ?...

— ווייסיך וואָס ! — קנייטשט זיך יעקעל, ווי ער וואָלט ניט וועלען הערען אפילו, וואָס פרידעל דרעהט איהם אַ ספּאָדעק : — ביסט אַ פּאַרך און ווייסט ניט וואָס דו רעדסט !...

— ווען דאָס זאָל ניט זיין אמת, — ציפּט ישראל אברהם נאָך אַ שטיק פון יעקלען, — וואָס פאַר אַ משא ומתן האָסטו אין דאָרף, אויב ניט אַרויסצורייסען דעם ביסען ברויט פון אַ אידענ'ס מויל ?...

— איהר זייט ביידע פּאַרכעס ! און ס'איז ניטאָ מיט אייך ביי־דען וואָס צו רעדען !... — צאַרענט יעקעל אַרוים היקעוואַטע און נעמט זיך הוידען נאָך האַסטיגער...

— קענסט דאָך ניט לייקענען, יעקעל! ווי קען איינער לייקענען ווען מען כאַפּט איהם ביי דער האַנט?... — טענה'ט פרידעל זיינס, ווי ס'וואָלט איהם אין לעבען געגאַנגען. און יעקעל האַלט זיך ביי זיינעם: — אַז דו ביסט אַ פּאַרך! וואָס זשע איז דאָ צו רעדען מיט דיר וואָס?...

ישראל אברהם מיט פרידלען זאָלען אפילו אַ שמייכעל טאָן. פרידעל לאָזט ניט אָפּ:

— דאַרפסט זיך ניט בייזערען אזוי, יעקעל! כעס'ן זיך איז ניטאָ וואָס. צו קיין דין תורה וועלען מיר דיך ניט רופען. חלילה! אבער מענשען ווייסען, אַז אַזאַ זאַך קאָן מען לאַנג ניט פאַרהוילען. און אויב ס'זאָל קומען צו אַ דין תורה, און דער רב ר' ישראל קיטובער, זאָל שיקען איצי שמש אונז רופען עדות זאָגען, זיינען מיר דאָך אידען, ב"ה! און וועלכער איד וואָגט ניט געהן עדות זאָגען, ווען דער רב באַפעלט?...

— וואָס אמת איז אמת, — האַלט ישראל אברהם שטאָל און אייזען מיט פרידלען, — אַז מען רופט צו אַ דין תורה, קען מען קיין תקיף ניט זיין, מו מען במחילה געהן...

יעקעל ענטפערט שוין גאָר ניט. ער איז ברוגז ביז גאָר... פאַר דער לאַנגער באָרד זיי ער, קען ער שוין גאָר קיין אָרט ניט געפּי־נען... — ליידאַקעס! פּאַרכעס! — בורטשעט ער אין דער באָרד אריין, — ס'איז דאָ מיט וועמען צו רעדען!...

— קענסט דאָך פאָרט ניט לייקענען, אַז דו האָסט מסיג־גבול געווען! אַז דו ביסט געגאַנגען איבער יענעמ'ס קאָפּ... — שפּאַרט זיך פרידעל.

— הער שוין אויף דולען אַ ספּאָדיק! פּאַרך איינער! — רייסט זיך יעקעל פון די כלים.

— וואָס הייסט דולען אַ ספּאָדיק? — נעמט זיך ישראל אברהם אָן פרידעל'ס קריוודע, — ס'איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג: ווען אַ איד האָט זיך פון דאָרף אהיים געקערט אויף שבת, האָסט זיך אריינ־געכאַפּט אין דאָרף אריין און אויסגעקויפט יענעמס דריטהאַלבען פוד תבואה...

— דאָס קען מען דאָך זעהן באַשיינפּערלאָך... — שטימט צו פרידעל, — אַז דו האָסט אפילו ערב שבת געכאַפּט דעם זאַק אויף די פּלייצעס און אַנטלאָפען... קאַטיי אוועק!...

— וואָס אויסגעקויפט? ווער אויסגעקויפט? וואָס אויסגע־כאַפּט„ ווער איז אַנטלאָפען! וואָס פאַר אַן אַנטלאָפען! — פּלאַצט

שוין יעקעל ארוים, — איך האב זיך געזעגנט און געקושט און ארוים, — איך האב זיך אוועקגעלאזען אין דארף אריין, אויסרייסען א חוב ביי אן ערל!... ליידאקעס וואס איהר זייט!...

— א חוב?! — ציען ביידע אוים דאס ווארט ווי א תקיעה גדולה, און האלטען זיך איין מיט אלע כוחות ניט ארויסצופלאצען מיט א הילכיגען געלעכטער. — וואס־זשע האסטו דאס באלד ניט געזאגט?...

— אז איך טענה און טענה... און איהר האלט זיך ביי אייערס,
— ווערט יעקעל ווייכער און צוגעלאזענער...

— און צוליב א חוב אפנעמען, שטעלט א איד איין אין קאן דעם שבת־קודש?!... — מוסר'ט ישראל אברהם יעקלען.

— ווער זאל זיך ריכטען אויף אזא אומגליק?! — בעט זיך יעקעל ביי ישראל אברהמ'ען. און יעקעל נעמט דערצעהלען:

אינדערפרי האב איך זיך ארומגעדרעהט אין מארק, אהין, אהער. ניטא א הונט אין מארק, ניטא וואו א פירער צו פארדי־נען... טראכט איך זיך: ס'קומט מיר ביי דעם ערל דריי קערב־לאך שוין באלד א יאהר. בלוטיג געלט... ניט מיינס!... טראכט איך זיך — וואס וועל איך זיך ארומדרעהען אין מארק, זוכען פו גע'פגר'טע פערד פאדקאוועס?...

— אוי וועה איז מיר! — כאפט זיך ישראל אברהם, ווען ע דערהערט די ווערטער גע'פגר'טע פערד, — געוואלד! ס'איז נאכט!... — ער שמייסט דאס פערדעל און שרייט: — שטעל פיס, פגירה!... א ניכפה אויף דיר! גיכער! גיכער! וויא!...

— טראכט איך זיך, — נעמט יעקעל ווידער דערצעהלען, — וואס וועל איך זיך ארומדרעהען און קוקען וואו דער ווינט בלאזט? טראכט איך זיך: אויב זוכען פון גע'פגר'טע פערד פאדקאוועס, וועל איך זיך בעסער אריבערכאפען אין דארף אריין, אויסזוכען דעם ערל. וואס איך וועל ביי איהם אויסרייסען, וועט זיין גוט... זאל דעם ערל געווען דער רוח נעמען!... אז ס'איז באשערט אן אומגליק קומט עס צו דיר אין שטוב אריין.

„איידער איך האב דעם ערל אויפגעזוכט... דאס גאנצע דארף האב איך אויסגעמאסטען... איך קום שוין צום ערל, טרעף איך איהם ערשט ניט אין דער היים. זאגט מיר די צנועה זיינע, אז ער איז אין פעלד. מילא, ווארט איך, וואס זאל איך טאן? איך ווארט און ווארט, א שעה, צוויי און דריי. זאגט מיר די ערל'טע — אז „פאלודניא", וועט זי איהם טראגען עסען, וועט זי איהם

זאָגען וועגען מיר. נו, בין איך איהר מוחל. אָבער וואָס זאָל איך טאָן? זי פאַרפאַקט איהם אַן אָנבייסען...

— ניט ווי ביי אונזערע ווייבער? — שלאָגט איהם ישראל אברהם איבער, — וואָס, אַ שטייגער, פאַר אַן אָנבייסען, יעקעל? אדרבא, לאָז אונז הערען, וואָס אַן ערל פאַרגינט זיך אין אַ פּראָס-טען טאָג? — ישראל אברהם האָט ליב געהאַט אריינצוטעסען, און יעקעל האָט, נעבאַך, תמיד געוואָלט עסען... אַז ישראל אברהם האָט געוואָלט יעקלען אריינציען אין אַ שמועס האָט ער נאָר באַ-דאַרפט אָנהויבען ריידען וועגען עסען.

— וואָס פאַר אַן אָנבייסען? — נעמט זיך יעקעל דערמאָנען, און אינגאַנצען פאַרגעסען דעם פריהערדיגען ענין, — אַ גאַנצען האַלבען ברויט מיט אַ טאָפּ באָרשטש, מיט אַ וואָרעק קעז, מיט אַ געבראָטענער דיניע, מיט אַ טעפּעלע וויינשעל...

— לאָז שוין אוים דאָס איבעריגע, יעקעל! — שרייט אוים ישראל אברהם, — נאָך אַ מאכל, און דו האָסט ניט ווער ס'זאָל אָנטרייבען דעם אָדלער מיינעם... און דיר איז, נעבאַך, גערונען די סלונע פון מויל, האַ? — פרעגט זיך פרידעל נאָך ביי יעקלען.

— וואָס מיר סלונע, ווער מיר סלונע... איך האָב זיך גע-טראַכט: דאָס איז אַן אָנבייסען פאַר אַ צענדליג פויערים. ווי קען דער ערל, נאָך אַזאַ אָנבייסען, קומען צולויפען און מיר אָפּגעבען דעם חוב?!... בין איך געזעסען אין געהאַקטע וואונדען און געוואַרט. אַ ברירה האָב איך געהאַט? הכלל, די ערל'טע איז דאָ צוריק. „ער הייסט וואַרטען", זאָגט זי. בין איך מלא שמחה!... איך וואַרט און וואַרט. און דאָ איז ערב שבת! וואָס טוט מען? ווער איך אין כעס און לאָז אוים מיין האַרץ צו דער ערל'טע... וואָס הייסט, זאָג איך, מען נאַרט אוים ביי אַ אידען דריי קערבלאַך אויף תבואה און ס'איז שוין באַלד אַ יאָהר און ניט קיין געלט און ניט קיין תבואה?!... לאַכט זי די ערל'טע און זאָגט: אַז איהר „טשאַלאָוויק" זאָגט — אַז ניט דריי קערבלאַך, נאָר אָנדערט-האַלבען קערבלאַך האָט ער ביי מיר אַנטליהען... אַז איך דער-הער דאָס, שטאַרבען אין מיר אָפּ אַלע אברים!... וואָס זאָל איך דאָ טאָן? שריי איך צו דער ערל'טע: „וואָס הייסט נאָר אָנדערטהאַלבען קערבלאַך, אַז ער האָט ביי מיר גענומען דריי קערבלאַך?" זאָגט זי: „וואָס שרייסטו?! טו נאָך איין געשרעה אַזוי טשעפּע איך אָפּ דעם הונט פון קייט און פּאַריאַג דיך פון דאַנען, אַז דיין געביין וועט זיך אין דאָרף מער ניט

געפינען?... נו? — פרעג איך אייך, חריפים, וואָס איהר זענט! וואָס איז מיר געבליבען צו טאָן?... איך וואָלט איהר שוין געווען מוחל געווען די צעהן גילען אויך... אָבער ווי אַזוי דרעהט מען זיך אַרוים פון איהר שטוב?! וואָלט עס געווען שעהן, ווען איך רוק זיך אַרוים פון איהר שטוב ווי אַן אָפּגעשמיסענער כלב?!...

— אוי! ווי איך האָב שוין געוואָלט אַרוים פון דער שטוב!... אָבער ווי אַזוי טוט מען דאָס? נעם איך טענה׳ן צו דער ערל׳טע, שוין מיט גוטען, אַז זי דאַרף ניט זיין אין כעס. „אַ מענש, זאָג איך, „קען דאָך מאַכען אַ טעות. אפשר”, זאָג איך, „האָב איך געמאַכט אַ טעות”. זאָל זי אַזוי לעבען, צי איך האָב געמאַכט אַ טעות... אַ גאַנץ דרייערל איהם געגעבען. נאָר וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? „גוט וואָס איך וועל עפּעס כאַטש אַרויסרייסען”, טראַכט איך זיך.

— איך האָב אָבער דעם ערל, בשום אופן, ניט געוואָלט לייען. אַ גאַנצען טאָג האָט ער זיך געטשעפּעט צו מיר, נאָכגעגאַנגען מיר פוס־טריט, נאָר ווי אַ שאָטען... געבראַכט צוויי גוים עדות זאָגען אַז ער איז אַ „כאַדזאַאין”, טויזענט מאָל זיך גע׳צלמ׳ט און גע־שוואוירען, אַז זיינע כאַדאָבעס זאָלען ביי איהם אוים׳פגר׳ן, אויב ער וועט מיר ניט אָפּגעבען מיט פּראָצענט! האָב איך געמיינט, אפשר, טאָמער וועל איך דערביי פאַרדינען אַ פּאָר גילען... ווער זאָל זיך ריכטען, אַז ס׳וועט אַוועק כמעט אַ יאָהר און צום סוף וועט ער גאָר לייקענען, אַז ער האָט גאָר ביי מיר געליען דריי קערבלאַך! און דאָ איז ערב שבת! איך רייס דאָס פליייש פון זיך... קוים־קוים! דער „בעל דבר” אליין איז דאָ!

— נעם איך טענה׳ן: „איך בין אַן אָרימאַן! האָסט מיך גע־בעטען אויף צוויי וואָכען. זאָל זיין אויף צוויי חדשים... וויפיל איז דער שיעור?! מילא, זאָל זיין צעהן גילען, אָבער אַן עק, אַ סוף”...

— טענה׳ט ער: קיין געלט האָט ער ניט, אויב איך וויל דריטהאַלבען פּוד גערשטען, וועט ער מיר גיבען דריטהאַלבען פּוד גערשטען... טראַכט איך זיך: לאָם איך שוין זעהן די דריט־האַלבען פּוד גערשטען!...

— הקיצור, ער האָט מיר אָפּגעוואויגען מיט אַ קליין קאַנ־טערעל, צו ביסלאַך, די דריטהאַלבען פּוד גערשטען און איך האָב געכאַפּט דעם זאַק אויף די פּלייצעס, רעכענענדיג, אַז אימיצער וועט

אַנפּאַרען אין שטאָט אַריין, וועל איך זיך אויפכאַפּען... ווער זאָל זיך ריכטען, אַז מען וועט ניט אַנזעהען אַ פור אין די אויגען?...

— אַז ס׳באַשערט אַן אומגליק קומט עס צו דיר אין שטוב אַריין: מסתמא, בין איך נאָך ניט גענוג אָפּגעקומען, דאַרף מיר צוגעשיקט ווערען אַן ערל, אַ שד, ימח שמו!... די הענט ציטערען מיר אַזש פון האַלטען דעם זאַק אויף די פּלייצעס...

ישראל אברהם שמייסט דאָס פערדעל ווי ער וואָלט זיין גאַנ־צען צאָרען וועלען אויסלאָזען צו דעם: וויאָ! וויאָ!...

יעקעל קוקט אויף זיינע הענט:

— ס׳זאָל איהם אַזוי ציטערען דאָס האַרץ, ווי מיר ציטערען די הענט!... — רעדט שוין יעקעל צו זיך אַליין, — מיט אַביסעל ציקאָריע האָב איך אָפּגעלעבט דעם טאָג... — קלאָגט יעקעל.

— טרינק אויס אַ רוי איי, יעקעל! — ישראל אברהם שטופּט אַריין די האַנט אין וועגעלע צווישען דער סיטשקע, דערביוועט אַרויס אַן איי און שטופּט עס יעקלען אין דער באָרד אַריין: — טרינק אויס, יעקעל!

יעקעל שטופּט עס צוריק: — איך וויל ניט דיין רוי איי...

— טרינק אויס, כויקעל וואָס דו ביסט... — באַפעלט ישראל אברהם.

— איך וויל ניט קיין רוי איי! — עקשנ׳ט זיך יעקעל, — וואָס בין איך, אַ קינד? אַ רוי איי גאָר זאָל איך איהם טרינקען...

— און יעקעל האָט דאָס איי טאַקע ניט געטרונקען יעקעל איז זעהר באַזאָרגט. ס׳איז ערב שבת. און ער קוקט אויפ׳ן הימל...

— אידען! ס׳איז טאַקע שפּעט! ווי ווייט איז נאָך אין שטאָט אַריין?...

— אַ פּאָר ווייאָרסט, — ענטפערט ישראל אברהם און טוט אַ שמייס זיין פערדעל, שוין ניט מיט דער בייטש, נאָר מיט דער פּודזשאַלקע. די פּודזשאַלקע העלפט אַביסעל, דאָס פערדעל נעמט אַ פּאָר גיכערע שפּאַן. אַלע דריי אידען שטרענגען אָן די אויגען צו דערבליקען עפּעס פון שטאָדט, צו וויסען ווי ווייט מען איז נאָך פון שטאָדט. ס׳זעהט זיך אָבער נאָך קיין סימן ניט פון שטאָדט...

פון ווייטענס זעהען זיי אַ מענשען געהן... דאָס ערשטע וואָס פאַלט ישראל אברהם׳ען איין איז, אַז דאָס איז אַ גוי.

— הלואי איז עס אַ גוי און ניט קיין איד!... ביי אַ גוי איז ניט ערב שבת... עס איז אָבער שווער צו דערקענען. דאָס

אויג קען איהם נאָך פונ'ם הלוך ניט דערבליקען, ניט אויפכאַפּען. מאָדנע זעהט אָבער אוים דער מענש פונדערוואייטענס... עפּעס אזוי ווי ער וואָלט זיין אין א שאָל איינגעהילט. עס איז דאָך זומער! „וואָס איז דאָס פאר א שווארץ יאהר!?" שטאַמעלט ישראל אברהם און שמייסט דאָס פערדעל. „זאָל עס שוין זיין אזוי שפּעט אַז די אויגען ווערען שוין פארבלענדט?! וואָס זאָגסטו, פרידעל? צו דיין ראיה דארפסטו דאָך נאָך קיין ברילען ניט.

פרידעל שטרענגט אָן זיינע אויגען, ווי ער וואָלט קוקען אויף א שפּאַקטיוו.

— ניט אַנדערש, נאָר אליהו הנביא געהט אונז פאַראויס, — זאָגט פרידעל צו זיך. — זכר צדיק לברכה! שעפּטשען די אנדערע צוויי אידען ארוים.

— נאָר אליהו הנביא! געהט אונז פאַראויס מיט א שאָל אויפ'ן קאָפּ. וואָס זאָגסטו, יעקעל? — וויל פרידעל צופּען יעקלען ביי דער נשמה.

— ווייסעך! דו מיט דיינע שטיק! — ווערט יעקעל אויפגע-קאָכט אויף פרידלען, — דאָס מוז אודאי ציען א שלעפּער, א צו-דרעהטער אורח אין שטאָדט אריין אויף שבת...

— אַז ער איז א צודרעהטער, — וויל פרידעל וויסען, — וואָס-זשע דארף ער זיך פארדרייען מיט א שאָל אום תמוז? יעקעל, אפשר איז עס גאָר א משוגע'נער בעטלער מיט א פעלץ איבער די אויערען? וואָס שווייגסטו, יעקעל?

— געה פרעג איהם!... — ברוגז'ט זיך יעקעל. — ביי דיר: אָדער עס איז אליהו הנביא, אָדער, להבדיל, א משוגע'נער בעטלער!... איין משוגע'נער וואָלט באַדארפט דעם צווייטען דער-קענען!...

— עס קען דאָך זיין דער רוח אויך! ניין, יעקעל?

— פאַרוואָס זאָל עס זיין דער רוח, רחמנת לצלן? — פרעגט יעקעל. — וואָס האָבען מיר חוטא געווען?!...

— הלמאי האָט עס דיך אָנגעטראָגען? — רייבט פרידעל יעקלען א זייט.

— דער שטן האָט אייך ביידען אָנגעטראָגען! — פּלאַצט ארוים ישראל אברהם.

— אויב יאָ? איז עס נאָר בכדי דיך צו פארטראָגען — ווער ווייסט וואו!... — איז זיך פרידעל נוקם אין ישראל אברהם'ען...

צווישען אייךביידע אז מען זיצט, איז אפילו גאַנץ תהילים אָפּזאָגען אויך ניט גענוג!... — איז יעקעל מודה ומתודה.

— יעקעל! מעגסט שוין טאַקע אָנהויבען זאָגען. וואָרים ווי עס זעהט אויס פאַרען מיר אַריין אין אַ צרה, — שיט פרידעל יעקלען זאַלץ אויף די וואונדען...

— אַז ס'באַשערט אַן אומגליק, קומט עס דיר אין שטוב אַריין! דאַרף ער מיך צונויפפאַרען מיט פרידלען... אַז ער וויל אַזוי... מסתם מוז איך דאָך אָפּקומען... — שלינגט יעקעל די ווערטער אין זיך אַריין.

— דאָס איז אַ איד, אידען! ווי מיר אַלע זיינען אידען! — שיסט אַרויס ישראל אברהם. — איך זעה אַ ווייס קלומעקעל אונטער'ן אָרעם. דאָס מוז זיין אַ טלית און תפילין. — אַלע קוקען און שטומען איין:

— יאָ. ביז מיר קומען אין שטאָדט אַריין, וועלען מיר ב"ה האָבען אַ גאַנצען מנין! — זאָגט פרידעל נביאות.

— ביים דיר אָפּ דעם צונג, דו געלער פערד! — ווינשעוועט ישראל אברהם צו פרידלען.

אַזוי ווי זיי קוקען פאַראויס, אַזוי טוט דער, וואָס געהט פאַר־אויס, קוקען, ווער עס קומט הינטער איהם. זייענדיג זיכער, אַז אַ פור קומט אָן, לאָזט זיך דער פוס-געהער אַרונטער אָפּרוען אויף דעם ברעג פעלד.

— פרידעל, דו זעהסט? — שטורכעט ישראל אברהם פריד־לען מיט'ן עלענבויגען. — ער האָט זיך צוגעזעצט וואַרטען אויף מיר!... וואָס זאָגסטו, יעקעל? ס'באַשערט אַן אומגליק אויף דער וועלט.

— אָבער וואו איז ער אַהינגעקומען, ישראל אברהם? מען זעהט דאָך איהם מער ניט. אפשר איז ער גאָר אַנטרונען געוואָ־רען? וואָס זאָגסטו, יעקעל? אפשר איז עס טאַקע דער שטן? ציהט פרידעל יעקלען ביי דער נשמה...

— אפשר, איז עס דער שטן!... ווערט אייך ביידע דער רוח נעמען!... — דערלאַנגט זיי יעקעל ביידע אַ פאַרציע אויף שבת.

— ער איז ניט אַנטרונען געוואָרען, פרידעל! די תבואה פאַרשטעלט איהם, — פאַרזיכערט ישראל אברהם, — אידען! איך האָב מורא אַז מיר דערגרייכען ניט די שטאָדט צו ליכט בענטשען...

— אַן אמת'ע מורא פאַלט אָן אויף זיי אַלע דריי... ישראל אברהם ציט די לייצעס און בעט דעם פערד:

— געוואַלד! גיב זיך שוין אַמאָל אַ ריר אַביסעל!... נו שוין, נו — גיכער...

די זון רוקט זיך. זי איז שוין ווייט הינטער זיי. אַ קיל ווינטעל נעמט בלאָזען. דעם פערד ווערט די משא עטוואָס גרינגער און עס פאָלגט ישראל אברהמ'ען. עס רירט זיך אַביסעל און די אידען הויבען זיך פון די ערטער, ווי זיי וואָלטען וועלען דעם פערד ער־מוטיגען אין ציען די שווערע משא...

דער וואָס איז געגאַנגען פאָראויס, וואַרט, פאַרשטעלט פון די הויכע גראָזען וואָס ביים ברעג פעלד. און ווען דאָס פערד־און־וועגעלע קומט שוין צו גאַר נאָענט צו איהם, טוט ער זיך ראַפּטאָס אַ הויב אויף און פאַרשטעלט דעם פערד דעם וועג. דאָס פערד דערשרעקט זיך, רייסט דעם וואָגען אויף צוריק, שטעלט זיך דיבאָס און ברעכט שיעור ניט איבער דעם דישעל.

מיט ישראל אברהמ'ען טוט דאָס אַ וואָרף. פרידעל גליטשט זיך שיעור פון וועגעלע אַרונטער. יעקעל ווערט ווייס, ווי די פּיענע אויף זיינע ליפּען, ווען ער קאָכט זיך.

אירע יוזיפּס, מיט אַ קעלבעל אויפ'ן קאַרק און אַ גאַנער אונ־טער'ן אָרעם, שטעהט פאַר'ן פערד און טוט זיך ניט אַ ריר פון אָרט...

— אירע שמד'ניק!... געה אַוועק פון פערד!... — שרייט ישראל אברהם ניט מיט זיין קול.

אָבער אירע געהט ניט אַוועק.

— בלעם, טרעט אָפּ פון דעם אייזעל! — געוואַלדעוועט ישראל אברהם.

אירע טרעט ניט אָפּ פון אָרט...

— אירע, נו, טרעט שוין אָפּ! — ווערט ישראל אברהם ווייכער, — פאַר אַ פערד אפילו, מעגסטו אויך אַמאָל דרך ארץ האָבען.

— ניט ווען אויפ'ן פערד, זיצען דריי פערד... — לאָזט אירע קוים הערען זיין קול.

— נו, האָב איך אייך ניט געזאָגט, — ווענדעט זיך ישראל אברהם צו פרידלען מיט יעקלען, — אז אונז געהט נאָך דער שטן!

— אירע שמד'ניק! לאָז דעם פערד געהן זיין וועג, אַ־ניט געה איך אַראָפּ פון וועגעלע, בלייבט דיין נאָמען נאָך דיר!...

אָבער אירע'ן הויבט ניט אָן צו אַרען. ער שטעהט מיט'ן קעלבעל אויפ'ן קאַרק פאַר'ן צושראָקענעם פערד.

— אירע, לאָז דורך. לכו נרננה וועט אויף אונז ניט וואַרטען.

אירע צושמייכעלט זיך, לאָזט דעם וועג פריי און דאָס פערד נעמט ווידער געהן.

— פאַר'ן לכו נרננה האָט אפילו אירע דרך ארץ... — באַמערקט ישראל אברהם נאָכ'ן זיג איבער אירע'ן.

דאָס פערד, צורודערט פון שרעק, וואָלט שוין איצט געשטעלט פיס, אָבער ישראל אברהם טרייבט איהם ניט.

אירע געהט נאָך ביי דער זייט פון וועגעלע.

— וואָס אַ טאַבאַטשניק... נעמט זיך אונטער! — כאַפּט זיך פרידעל אָן ביי זיין געלער באָרד.

— וואָס אירע שמד'ניק קען אָפּטאָן!... — קען יעקעל ניט פאַרשטעהן.

— וואָס אירע שמד'ניק קען אָפּטאָן!... קען קיינער ניט פאַרשטעהן... — העלפט ישראל אברהם אַרוים יעקלען...

— אירע! דאַכט זיך, דיין גאַנער גאַגערט צו פיל... — חוזק'ט פרידעל ציענדיג די ווערטער פון זיין מויל.

— יאָ, פרידעל, — גיט אירע צו, — ער גאַגערט טאַקע צו פיל. ער וויל זיך אודאי לייגען און האָט ניט קיין „נאַסידעלע״...

— ישראל אברהם! גיכער! נעם צו ביי אירע'ן דעם גאַנער, אַ ניט וועט פאַרלוירען געהן אַן איי... — חוזק'ט ווייטער פרידעל.

ישראל אברהם פילט, אַז דאָס איז ניט חוזק געמאַכט. ער הייסט זיך אַרויפדערלאַנגען דעם גאַנער...

— אירע שמד'ניק! דורך דיר וועט מען אונז אַלע אין חרם אַריינלייגען... — פייערט ישראל אברהם. ער גיט איבער דעם גאַנער יעקלען אויף צו האַלטען און יעקעל איז איהם גרייט דורם צו זיין פאַר דעם כבוד...

דאָס פערד דערפילט, אַז די אידען האָבען אַן איהם פאַרגעסן, האָט דאָס ווידער אָנגעהויבען צו שמעקען די גראָזען וואָס וואַקסען אויף ביידע זייטען פון וועג און בעטען זיך מען זאָל זיי עסען...

— ישראל אברהם, וואָס קלערסטו? וואָס אַ־שטייגער וואָלט געשעהן, ווען דו נעמסט אַרויף אירע'ס קעלבעל אויפ'ן וועגעלע אייער? — פרעגט פרידעל.

ישראל אברהם ענטפערט ניט, ווי ער וואָלט זיך שלאָגען מיט דער דעה... אנשטאָט אָן ענטפער, שמייסט ער דאָס פערדעל...

— וואָס אַשטייגער וואָלט געווען, — לאָזט פרידעל ניט אָפּ, — ווען דו נעמסט עס אַרויף, און דאָס קעלבעל טוט זיך אַ שטעל-אויף,

קריכט אריין מיט איין פוס אין דער סיטשקע אריין, ווי אין אַ טיפען שניי ?... און אַ צווייטער פוס געהט נאָך... — פרידעל ציט די ווערטער: — און דער דריטער וויל צוריק באַקומען זיין גלייכ־געוויכט... און דער פערטער צווינגט די איבעריגע דריי, צו געהן ווי דאָס פערד ביי שלמה בלאָך אויפ׳ן דאַפּטאַק ?

— נו, וואָס־זשע מיינסטו פרידעל ? — גיט איהם ישראל אברהם דעם אמת׳ן ענטפער, — וואָלטען מיר געהאַט אַ וואוילען פוציע אויף שבת !...

אירע שמד׳ניק ! ווער וועט ביי דיר קויפען אַ קעלבעל נאָך ליכט־בענטשען ? ! — פרעגט ישראל אברהם טאַקע אויף אַן אמת׳ן ברוגז.

— וואָס הייסט ווער ? — חידוש׳ט זיך אירע. — אַלעקסאַנדער קאַוואַק.

— אַלעקסאַנדער קאַוואַק ? — ווערט שוין ישראל אברהם אין כעס, — זאָל דיר זיין דאָס לעצטע מאָל ! ניט גענוג וואָס ער נעמט צו ביי אידישע קצבים די פרנסה, נעמסטו נאָך פאר איהם אויף זיך אַזאַ ערב שבת ? !... און ערשט ווילסטו דאָס איהם פאַר־קויפען נאָך ליכט־בענטשען ? אירע ! דו וועסט שוין משיח׳ן ניט דערלעבען !...

— נעם זשע טאַקע צו דאָס קעלבעל פון איהם!... — אַ׳ניט וועט דיך דער אומגליק, אירע יוזיפּס, אַפּזוכען אפילו אויף יענער וועלט... — עצה׳ט פרידעל ישראל אברהמ׳ען.

— וואו זאָל איך דאָס לייגען, פרידעל ? — בעט זיך ישראל אברהם ביי איהם. פלוצלונג שטעלט ער אָפּ דאָס פערד.

— אירע שמד׳ניק ! דער רוח וואָס האָט דיך אַנגעטראָגען, זאָל דיך אַוועקכאַפּען !...

— יעקעל ! רוק זיך אַראָפּ פונ׳ם טייסטער מיט סיטשקע און זעץ זיך מיט׳ן גאַנער אויף דיין זאַק גערשטען. און דו פרידעל ! קריך אַראָפּ, איך דאַרף דיין הילף... — קאָמאַנדעוועט ישראל אברהם.

יעקעל פאָלגט נעבאַך. אַ ברירה האָט ער ? נאָר וואָס ער ווינשט אַן אירע׳ן, ווייסט נאָר איין גאָט...

פרידעל האָט זיך שוין אַזוי אויך געפילט פאַרזעסען. איז ער געווען צופרידען, וואָס ער דאַרף אויף אַ ווײלע פון וועגעלע אַראָפּקריכען. און דאָס וואָס אירע וועט פטור ווערען פון דער משא אויפ׳ן קאַרק, האָט איהם אויפגעמונטערט צו גבורה׳דיגער אַרבייט.

ער איז אראפ פון װעגעלע װי א בחור׳ל פון פופצעהן יאהר, גרייט ישראל אברהמ׳ען צו העלפען...

ישראל אברהם האט אראפגעשלעפט פון װעגעלע דעם טייסטער, האלב אנגעפאקט מיט סיטשקע, און געקאמאנדעװעט מיט אירע׳ן אריינצורוקען אין דעם טייסטער דאס קעלבעל...

אירע שמייכעלט, װי איהם װאלט געפעלען ישראל אברהמ׳ס איינפאל.

זיי האבען דאס קעלבעל אריינגערוקט אין טייסטער. בלויז דעם קאפ געלאזען שטעקען אינדרויסען. האבען אנגעקנופט א שטריק אויףביידע שטעקענס, װאס האלטען אויף זיך דעם טייס־טער, פארװארפען דעם שטריק איבער׳ן װעגעלע, אויפ׳ן צװייטען זייט, און שטארק פארבונדען ארום איינעם פון די דרענגען, דורך װעלכע דאס װעגעלע אייער איז געװען פארשנורעװעט, אזוי אז דער טייסטער מיט׳ן קעלבעל איז געבליבען הענגען אויף איין זייט װעגעלע. אירע׳ן הייסט ישראל אברהם זיך צוטשעפען אויף א ליעשנע...

— אידישע פרנסות! ניט געדאכט זאלען זיי װערען!... — לאזט ישראל אברהם אוים דאס הארץ צום פערד מיט עטליכע פרישע שמיץ, װען אלע דריי זיצען שוין צוריק אויף זייערע ערטער, מיט אירע׳ן, װי אן איבעריגער, הענגענדיג אויף דער ליעשנע...

דאס פערד, נעבאך, װאס זאל עס טאן? ס׳שלעפט די משא, װאס װערט װאס אמאל שװערער און שװערער. די אידען זיצען נעבאך אין געהאקטע װאונדען און קוקען אויפ׳ן הימעל... דער שבת רוקט זיך אן... כאטש נעם רייס זיך די האר פון קאפ...

אלע פיער שװייגען. דאס שװייגען רעגט ישראל אברהמ׳ען און ער זוכט א װעג, דאס שװייגען איבערצורייסען...

— אירע! װאו זיינען דיינע תפילין? צו שװער געװען צו דערטראגען?... — נעמט ישראל אברהם אירע׳ן אויפ׳ן צימבעל.

— חלילה, ישראל אברהם! איך האב געװאוסט, אז דיין פערד װעט זיין שװער צו דערשלעפען האב איך זיי אין דארף איבערגע־לאזען... — ענטפערט אירע גאנץ אומשולדיג.

— לאזען זאלסטו מיט דער נשמה!... — בענטשט איהם ישראל אברהם, — שמד׳ילניק, װאס דו ביסט... ניט אומזיסט איז דיין פרומער טאטע געשטארבען ערגעץ אין א הקדש, געהענדיג איבער די הייזער!...

אירע ענטפערט ניט...

פרידלען געפעלט ניט, וואָס ישראל אברהם האָט אירע׳ן אַזוי טיף אַנגערירט און ער זוכט צו פאַרגלעטען די זאַך מיט אַ שפּאַס... ער ווענדעט זיך צו יעקלען:

— יעקעל, אפשר וואָלטען מיר אונזערע טליתים און תפילין אַרונטערגעוואָרפען, כדי גרינגער צו מאַכען די משא דעם פערד?...

— דו ביסט אַ געלער לץ און אַ פאַרך! — ווערט יעקעל גיך פאַרטיג מיט פרידלען.

— מיין הירשל זאָגט, — מיינט פרידעל יעקלען צו טרעפען, — אַז ווען מען זאָל פונ׳ם טלית האַנטשעם מאַכען, וואָלט געוועזן וואַרעם אין די פיס. וואָס זאָגסטו, יעקעל?...

— ווי דער טאַטע, אַזוי דער זון! ווי דער זון — אַזאַ אַפּעקוין!... און דער צונג מעג זיי ביידען הינטען שטעהן!... — איז זיך יעקעל נוקם אין פרידלען.

ניט ווייט הינטער זיי דערהערט זיך אַ וואָגען אָנקומען. אַלע דרעהען זיי אוים די קעפּ:

— יאָ! אַ פור קומט אָן! — לאָזען אַלע אַרוים אין איין קול. אַלע ווערען דערפרעהט — מעג אפילו קאָסטען געלט, זיינען אַלע גרייט זיך איבערצוזעצען און פאָרען אין שטאָדט אריין.

אַ פויער קומט מיט זיין לייטער־טאַראַדייקע, וואָס ווערט אין שניט צייט באַנוצט. דער פויער פאָרט זיי שנעל פאַרביי און צולאַכט זיך אַזוי הויך אויפ׳ן קול, אַז עס הילכט אָפּ איבער׳ן גאַנצען פעלד...

די אידען, פאַרשעמטע, קוקען זיך איבער ווי זיי וואָלטען ווען זאָגען איינס צו ס׳אַנדערע: „עשו בלייבט עשו"...

און דאָ וויל די זון ניט בלייבען שטעהן. אָט... אָט... און דאָס פערד? דאָס פערד וויל דוקא יאָ בלייבען שטעהן.

אַלע שווייגען. אפילו אירע אויף דער ליעשנע פילט זיך דערשלאָגען...

פרידלען געפעלט אָבער ניט דאָס שווייגען און ער נעמט חוזק מאַכען פון אירע׳ן: — אירע, וואָס וועסטו גיבען עסען דעם קעלבעל? וועסט קריגען אָן אַם פאַר דעם אויף שבת?

— איינע? — פרעגט איבער אירע, — ביי יעקלען זיינען פאַראַן, אָהן אָן עין הרע, דריי פעטע קי...

יעקעל פאַרשטעהט, נעבאַך, וועמען אירע מיינט און ער צינדט זיך אָן:

— אירע שמד׳ניק! ימח שמו!...

ביי ישראל אברהמ׳ען, ביי פרידלען און ביי אירע׳ן איז חוזק מאכען געווען דאָס לעבען, ווערענד ביי יעקלען איז עס געווען סם־המות.

קיין געלעכטער האָט מען צווישען די פיער אידען פאַר אַ רענדעל ניט געקענט הערען. מען האָט זיך איבערגעקוקט און מעהר ווי אַ שמייכעל האָט איינער פונ׳ם אַנדערען ניט געקענט אַרויסציען.

פאַר יעקלען איז די יאָזדע מיט די איבעריגע געווען אַן אמת׳ע אַפּקומעניש. איצט ווען אַלע האָבען דערפילט, אַז נאָר אַ נס קען זיי פאַרהיטען פון מחלל שבת זיין, האָבען זיי פאַרגעסען לצנות. זיי זיינען אַנטשוויגען געוואָרען. זיי האָבען זיך אויפ׳ן וועגעלע קיין אָרט מעהר ניט געקענט געפינען...

און עפּעס ווי אַ נס איז טאַקע געשעהן. מיט וואָס פאַר אַ שמחה די אידען האָבען דעם נס אויפגענומען, איז ניט צו דער־צעהלען... נאָר אויפ׳ן הימעל איז זייער באַגער דערהערט גע־וואָרען.

עס האָט זיך דערהערט פון הינטען אַ קלינגען פון גלעקלאַך. דאָס קלינגען פון די גלעקלאַך איז זיי באַקאַנט געווען.

דאָס איז פון ערגעץ אַנגעפאָרען שמואל אברמ׳ס מיט זיינע צוויי מוזיקעס, מיט אַ ליידיג וועגעלע...

שמואל אברמ׳ס פלעגט בייטען זיינע פערד יעדען יאַריד. אַט האָט ער זיין רויטען פערד אויסגעביטען אויף אַ שוואַרצען. דעם שוואַרצען אויף אַ ווייסען; דעם ווייסען — אויף אַ ראָבען; דעם ראָבען — אויף אַ געלען; דעם געלען — אויף אַ גרויען... דאָס מאָל האָט ער זיין דערעשׁ גאָר אויסגעביטען ביי אַ ציגיינער אויף צוויי מוזיקעס, מיט׳ן געשפּאַן, מיט די גלעקלאַך, מיט הכל בכל כל...

איידער נאָך ער האָט זיך דערנעהענטערט זיינען שוין אַלע פיער אַראָפּגעשפּרונגען פון וועגעלע. אירע האָט אַ כאַפּ געטאָן פון יעקלען דעם גאַנער און גענומען זיך שלעפּען דאָס קעלבעל פון טייסטער...

— אירע!... ניין!... ניין!... — גלעט ישראל אברהם אירע׳ן די באַק, און בעט זיך ביי איהם און צאַפּעלט: — ד ו מוזט אַהיים ברענגען דאָס וועגעלע אייער!... דעם פערד וועט גרינגער ווערען. דו וועסט זיכער אַהיים קומען פאַר בענטש־ליכט... איך בעט דיך אירעלע טייערער! שפּאָר מיר דעם עגמת נפש!

ישראל אברהם שטופּט איהם די בייטש אין האַנט אריין, און ער מיט די אַנדערע צוויי אידען לויפען שמואל'ן אַנטקעגען, וואַרפען זיך אריין אין וועגעלע און פליען אוועק ווי מיט'ן ווינט...

— זיי געזונט, אירע! — שרייט שמואל צו איהם און לאַכט אַז די גלעקלאַך ווערען אַזש פאַרטויבט...

אירע בלייבט שטעהן מיט דער בייטש אין דער האַנט און מיט'ן גאַנער אונטער'ן אָרעם, אַ צומישטער... ער קראַצט זיך אין פּאַטילניצע, ווי ער וואָלטווירקליך ניט וויסען וואָס פריער צו טאָן... ער קומט אָבער באַלד צו זיך און אַ ברייטער שמייכעל צושפּרייט זיך איבער זיינע פולע ליפען, אַ שמייכעל וואָס נאָר אויף אירע'ס ליפען האָט זיך אַזאַ שמייכעל געקענט צושפּילען...

אירע קריכט אַרויף אויף דעם וועגעלע, בינדט צו דעם גאַנער לעבען יעקעל'ס זאַק גערשטען, פאַרוויקעלט אַ פּאַפּיראָס טיטון און נעמט די לייצעס אין די הענט אריין.

דאָס פערד דערפילט, אַז אירע'ס שמיץ זיינען ניט ישראל אברהמ'ס. זיין קול איז דעם פערד אויך ניט געפעלען; עפּעס אַזוי ווי עס וואָלט וועלען אַנטלויפען פון אָט-דעם קול, האָט עס אָנגע-הויבען צו שטעלען פיס.

די זון איז ניט געשטאַנען אויף אָן אָרט. זי האָט זיך געהאַלטען אין איין אַראָפּלאָזען נידעריגער און נידעריגער און אָט... האָט זיך נאָר דער זוים איהרער שוין בלויז אַרויסגעזעהן.

אָבער דעמאָלט האָט שוין אירע דערגרייכט דעם טאָל פון דער אורבאַניוזקע וואָס אַרום דער גרויסער מיל.

אַריינציען אין שטאָדט אַריין וואָלט שוין געווען עט... עט... נאָך ליכט-בענטשען, האָט אירע גענומען באַרעכענען: ווי אַזוי וועט ער דעם גאַנער מיט'ן קעלבעל פון ישראל אברהמ'ס שטוב צו זיך אַהיים ברענגען?

אירע פאַרשטעהט, אַז דאָס איז אוממעגליך... און ווי קען ער גאָר אין שטאָדט אַריינפאָרען, ווען די פרויען דרעהען זיך אַרום פאַר די שטיבער אויסגעפּוצט אין זייערע שבת'דיגע בגדים און וואַרטען אויף זייערע מענער אהיים צו קומען פון די בתי מדרשים?... זיי וואָלטען דאָך אויסגעבייטעלט צו איהם אַלע זייערע בייזע חלומות... און אפשר גאָר איהם פאַרשאָלטען!...

און אירע באַשליסט אָפּצושטעלן דאָס פערד: בעסער אַריינ-צוקומען אין שטאָדט, ווען ס'איז שוין פינסטער... ער זי ט אויף אַ שגץ, באַדינגט זיך מיט אים פאַר אַ צענער ער זאָל . טען דאס

פערד און וועגעלע ביז ער וועט זיך טאָן א באַד אַפּ אין אַטפּוסט און דערנאָך אריינפירן דאָס אין שטאָדט אריין...

ישראל אברהם אהיים קומענדיג פון קלייזעל, דערזעהענדיג, אז זיין פערד־און־וועגעלע איז נאָך ניטאָ, האָט זיך אים שיעור די נשמה ניט אויסגעלאָזען...

ער איז אַוועק צו דער שול, באַגעגענט פרידלען קומענדיג פון שול, יעקלען קומענדיג פון בית־מדרש און זיי דאָס געלאָזען וויסען.

די צוויי אידען האָבען זיך אַנגעכאַפּט ביי די בערד!...

אנדערע אידען, מיט מרדכי־יוזפ׳ס, אירעם אַן עלטערער ברודער, בתוכם, דערזעהענדיג די דריי אידען — ישראל אברהמ׳ן, וואָס דאַוועגט אין הוסיאַטענער קלייזעל, פרידלען, וואָס דאַווענט אין שול, צוזאמען מיט יעקלען ביים בית־מדרש, צוטומעלטע זיך סוד׳ן, — קלייבען זיך ארום זיי אין א רעדעל און נעמען פרעגען:

„וואָס טוהט זיך עפּעס דאָ?"

ישראל אברהם דערצעהלט מרדכי׳ן מיט אַלע איבעריגע אידען אין רעדעל וואָס און ווי אזוי עס איז געשעהען — ער האָט זיכער געוועזן געקענט אַנקומען צו ליכט־בענטשען, און אירע איז נאָך ניטאָ!...

מרדכי יוזפ׳ס דרעהען זיך שיעור ניט איבער די געהירען אין קאָפּ...

— ניט גענוג וואָס זיין ברודער, דער תכשיט, איז וואָס אין דער קאָרט, דאַרף ער נאָך זיין א מחלל שבת׳ניק אויך!... זיין הארץ נעמט וויינען...

— וואָס האָבען מיינע אבות אזוינס געזינדיגט, אז ביי זיי זאָל אויסוואקסען אזא זון?!... אזא חרפּה! אַזאַ בושה!... און אַזאַ עבירה!... מחלל שבת זיין!

יאַנקעלע חנא׳ס, א בחור׳ל א געבאָרענער לץ, פאַרבייגט אַפּט דעם דרך ארץ פאַר עלטערע פון זיך, כאַפּט יעקלען אָן ביי די לאַצען פון זיין קאַפּאָטע און שרייט אוים בקול רם: — יעקעל! מעגסט שוין אָפּזאָגען רבנן קדיש נאָך דיין גערשטען...

יעקעל שטופּט איהם אָפּ: — געה צו אַלדי גוטע יאָהר! לץ, וואָס דו ביסט!...

ישראל אברהם, פרידעל, יעקעל, יאַנקעל און מרדכי מיט אַלע אַנדערע אידען לאָזען זיך צום מאַרק. אין מארק בלייבען זיי שטעהן און ווענדען זייערע אויגען אַן צו מערב זייט, וואו אירע וואָלט באַדאַרפט אַנקומען. ס׳איז אָבער קיין סימן פון אים ניטאָ.

וואָס אין די מוחות פון די אידען קומט פאָר איז שווער זיך פאָרצושטעלען.

אַזאַ זאַך איז זיך נאָך אין פעלשטין ניט פּאָרלאָפען... קרעכצען די אידען.

מיט אַמאָל דערהערט זיך אויף דעם מזרח זייט פון מארק אזוי ווי עס וואָלט געקומען פון הינטער זיסע סטערניק'ס דירה, דאָס אָפּגעהאַקטע גאַגערען פון אַ גאַנז, גאַ־גאַ — און שטיל געבליבען... גאַ־גאַ און ווייטער שטיל, ווי די גאַנז וואָלט שלוקערצען...

— יעקעל! — שרייט יאַנקעלע, אַז עס הערט זיך אזש איבער'ן גאַנצען מארק. — דיין שאָדען האָט זיך אָפּגעזוכט!... און נעמט לויפען, פייל פון בויגען, אָנזאָגען אירע'ן, אַז ער זאָל זיך למ"השם אַפּטראָגען...

אַלע לאָזען זיך געגען אירע'ן דעם מחלל שבת'ניק.

מרדכי יוזיפ'ס געהט מיט, ווי צו זיין ברודער'ס לויה! אבער אַ שגץ, געהט צופּים און פירט דעם פערד ביים צוים און פון אירען איז קיין זכר ניטאָ... מרדכי יוזפ'ס פאַלט ארונטער אַ מילשטיין פונ'ם הארצען.

דער גאַנער זיצט זיך פון אויבען, ווי ער וואָלט שווימען אויף אַ טייך און שלוקערצט: גאַ־גאַ־גאַ.

— וואו איז אירע?! — פרעגט ישראל אברהם דעם שגץ אָהן אָטעם.

דער שגץ ווערט צוטומעלט, זעהענדיג אַזאַ עולם... און אויך דער גאַנער ווערט דערשראָקען און נעמט גאַגערען העכער און העכער...

דער שגץ טוליעט זיך צו דער מאָרדע פון פערד, ווי די אידען וואָלטען איהם וועלען קעפּען... און אַזוי פירט ער צו דאָס פערד צו יאָסל בריינע'ס איינפאָר־הויז און שטעלט זיך אָפּ פאַר דעם טויער.

— וואו איז אירע? — פרעגט יאָסל ביים שגץ. און דער שגץ דערצעהלט איהם, אַז אירע איז נאָך, איידער ס'איז נאַכט געוואָרען, מיט די גערטנער און איבער דער אָבאָלאָניע אַהיים גע־לאָפען, און אַז איהם האָט ער געהייסען נעמען דעם וועג, וואָס לעבען טייך, אַרויף, דורך דער אורבאַניווקע, און אַזוי צופאָרען אַהער...

יעקלען פלאַצט דאָס געדולד און ער שטעלט אַרויף אַ פוס

אויף א ראָד געוואויר ווערען צו זיין זאַק גערשטען און ער שרייט אוים:

— אוי! א בראָך! אירע שמד׳ניק, ימח שמו!...

דער גאַנער האָט אויסגעפּיקט אין זאַק לעכער און דער גער־שטען איז איבער׳ן גאַנצען וועגעלע צעשאָטען.

— וואָס איז געשעהן, יעקעל! — שרייט אוים יאַנקעלע און שטעלט זיך אויף דער ראָד ארויף, — איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דו מעגסט אָפּזאָגען רבנן קדיש נאָכ׳ן גערשטען...

יעקעל שלעפּט אַרונטער דעם זאַק גערשטען פון וועגעלע און באַווייזט איהם: „אירע שמד׳ניק! ימח שמו!...

צו אלעמענס שטוינען באַווייזט זיך אירע ארויסקומענדיג פון מאַנישעס אוליצע, אויסגעבאָדען, אויסגעצוואָגען, מיט זיין שבת׳דיגען סורדוט און פריצ׳ישער שליאָפּע — די איינציגע אין שטאָט. ער שפּאַנט אַזוי רוהיג, ווי ניט איהם מיינט מען דאָ.

יאָסעל בריינע׳ס טוט ער א קניפּ, אַז יענער דערזעהט קראַקע מיט לעמבערג: „עפן אויף דעם טויער און לאָז אריין דעם שגץ מיט׳ן וועגעלע". און יאָסעל עפענט דעם טויער.

נטע ישראל אברהם׳ס לויפט אָן. כאַפּט אָן אירע׳ן ביי דער האַנט און נעמט פרעגען: וואָס? ווי אַזוי?

— דו, דומעווילע! פרעג ניט... נעם אהיים דעם טאַטען און קום צוריק נאָכ׳ן פערד, אַ׳ניט... — ענטפערט איהם אירע און ער טוט איהם אַ קניפּ אַז אויך נטע דערזעהט יענע וועלט...

מרדכי וויל אירע׳ן אויסרעדען. אָבער אירע שלאָגט איהם גלייך איבער:

— געה! געה אהיים! מרים וואַרט אויף דיר... האָב ניט מורא. איך האָב ניט מחלל שבת געווען. געה, געה, אהיים.

נטע שלעפּט דעם פאָטער אהיים. ער קען איהם אָבער ניט אוועקרייסען.

ארום דעם צולעכערטען זאַק גערשטען שטעהט יעקעל פון איין זייט, פרידעל פון דער צווייטער זייט קעגענאיבער יעקלען, ישראל אברהם אין דער דריטער זייט קעגענאיבער יאַנקלען. בויגט יעקעל אראָפּ דעם קאָפּ צום זאַק גערשטען און ברעכט די הענט ווי איבער אַ מת, לאָזען די דריי לצים אויך זייערע קעפּ אראָפּ. הויבט יעקעל אויף דעם קאָפּ, הויבען אויך זיי אויף די קעפּ און קוקען איהם גלייך אין די אויגען אריין אָהן אַ פּיפּס צו טאָן... ביז יעקעל דערפילט, אַז די לצים זיינען געקומען נאָך




„אײנע?“ פרעגט איבער אירע, „בײ יעקלען זײנען פאראן אָן עין הרע דרײ פעטע קי“

זיין לעבען! ... נאָר אַזוי ווי ס'איז שבת, שטופּט ער זיי אָפּ און הייסט זיי געהן צו אַלדי גוטע יאָהר...

ווען דער שגץ איז אַרויסגעקומען פון טויער, האָט איהם יעקעל צוגעזאָגט אַ צווייערעל מיט אַ שטיק בולקע, אַז ער זאָל איהם דעם צולעכערטען זאַק גערשטען צו זיין שפּייכלער פאַר־טראָגען.

דער שגץ טראָגט דעם זאַק גערשטען אויף די פּלייצעס און יעקעל געהט איהם נאָך פון הינטען, צוהאַלטענדיג מיטביידע הענט די לעכער, וואָס דער גאַנער האָט אין איהם אויסגעפּיקט. „אירע שמד'ניק, ימח שמו!"... מורמעלט יעקעל.

דער עולם צוגעהט זיך, יעדער זיין וועג. אירע און יאָסעל ברייגע'ס קאָמאַנדע בלייבען שטעהן פאַר דער שטוב, און אירע פאַרנעמט זיך צו דערצעהלען וואָס אויף דער יאַזדע איז געשעהן...

## מרדכי יוזפ'ס האָט במילא אַ פאַרשטערטען שבת

ווי די אידען האָבען זיך גענומען צוגעהן פון יאָסעל ברייגע'ס הויז, האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ געוואַלד און אַ מורא'דיגער קוויטשען פון אַ פרוי...

דער היסטערישער געוואַלד־געשריי איז געקומען פון יצחק „מיט די טייגלעכ'ס" דירה. אַלע האָבען זיך געלאָזען לויפען אַהין פון וואַנען די געוואַלדען זיינען געקומען.

יעקעל האָט פאַרגעסען אָן די לעכער פון זאַק, פאַרגעסען אַז פון זאַק גערשטען וועט קיין העלפט ניט בלייבען, ביז דער שגץ וועט זיין שפּייכלער דערגרייכען, און זיך געלאָזען לויפען, וואו אַלע אידען זיינען געלאָפען.

ביי מרדכי יוזפ'ס האָט יאַנדרוך מאַזור אָפּגעלייגט אַ פורעל קאַלך, וואָס ער האָט פאַר איהם געבראַכט פון אַ „וואָפּניאַרקע". און אַזוי ווי עס איז שוין געווען נאָך ליכט־בענטשען און מרדכי איז אַוועק אין בית מדרש אַריין מקבל שבת זיין, האָט די אידענע זיינע — מרים פייגע די רויטע — געמוזט שטעהן ביים קלייטעל ביז יאַנדרוך מאַזור וועט דאָס פורעל קאַלך אָפּלייגען און פאַר איהר דאָס קלייטעל פאַרשליסען.

מרים פייגע די רויטע, אברהם לייבעלע'ס בת־יחידה, איז גע־ווען אַ יפת־תואר. זי מיט איהר מאַן און איהרע צוויי קינדערלאַך האָבען העמאָלט געוואוינט ביי איהר פאָטער אינ'ם זייטיגען שטיבעל.

בשעת יאַנדרוך מאַזור האָט אַפּגעוואָרפּען דעם קאַלך און מרים פייגע איז געשטאַנען ביי דער טיר פון קליטעל, אויסגעפּוצט אין איהרע שבת׳דיגע בגדים, מיט׳ן שמאָלען גאָלדענעם פּאַרוקעל אויף איהר גאָלדענעם קאָפּ האָר, האָבען יאַנדרוכ׳ס אויגען פון קאָפּ אַרויסגעשטאַרצט. זי האָט דערפילט זיינע אויגען אויף זיך און געדאַנקט גאָט די מינוט, ווען דאָס קלייטעל איז שוין פאַר־שלאָסען געוואָרען און זי האָט געקענט אַוועק אַהיים.

איידער אידען זיינען אַרויס פון די בתי מדרשים, יאַוועט זיך צו איהר אין שטיבעל אריין יאַנדרוך מאַזור, טויט שכור, און פאַרלאַנגט פון איהר וואָס איהם קומט פאַר זיין פורמאַנקע. וואָס זי האָט זיך ביי איהם ניט צובעטען: „יאַנדרוך! ס׳איז שבת! מיר טאָרען אום שבת קיין געלט ניט האַלטען. שבת־נאַכט וועט דיר „מאַרדקאַ״ אָפּגיבען וואָס דיר קומט״... האָט יאַנדרוך זיך אָבער איינגעשפּאַרט: „דאַוואַי זשידיווקאַ הראָשי״...

עס העלפט ניט איהר געבעט. יאַנדרוך נעמט קריצען מיט די ציין, טופּען מיט די פיס — גיב געלט, אַ־ניט דערשלאָג איך דיך!... ער גרייפט איהר אָן, נעמט רייסען ביי איהר פון בוזים, ווי זי וואָלט דאָרטען זיין געלט געהאַלטען... מרים ווערט זיך מיט אַלע כחות און שרייט: „יאַנדרוך! לאָז מיך אָפּ! יאַנדרוך! איך שריי געוואַלד! לאָז מיך אָפּ! יאַנדרוך!...״ דער פּאַרוק פון איהר קאָפּ פאַלט אַראָפּ, ער צעשויבערט איהרע האָר, פון איהר שבת׳די־גער בלוזקע רייסט ער פּאַסען. איהר נאַקעטע לייב אויפגעדעקט, איהרע צוויי פּיצלאַך קינדער צעיאָמערען זיך און מרים שרייט ניט מיט איהר קול:

— געוואַלד! מאַמע! געוואַלד, אידען ראַטעוועט! געוואַלד!

ליבע, די מוטער איהרע, לויפט אַריין ניט טויט ניט לעבעדיג, און כאַפּט זיך אָפּרייסען יאַנדרוכ׳ן פון איהר גאָלדענער טאָכטער... טוט ער איהר אַ שליידער אַז זי פאַלט צו צום בעט און קען זיך מער ניט אויפהויבען.

מרים שרייט געוואַלד מיט משונה׳דיגע קולות, רייסט זיך פון איהם מיט אַלע כחות, גראַבעלט זיין פּנים, רייסט איהם ביי די האָר. דאָס האָט איהם נאָך ווילדער געמאַכט. צו קילען זיך ,האָט ער מיט׳ן פוס אַ זעץ געטאָן אין טיש. דער שבת׳דיגער טיש, מיט די חלות, מיט די בענטש־ליכט, מיט דעם ראַזשינקע־וויין, האָט זיך מיט אַ קראַך געטאָן אַ קער איבער און שיעור ניט איינגעוואָ־קעלט די שטוב אין פייער. דער קראַך פון טיש האָט איהם, ווייזט

אוים, דערשראָקען. דען ער איז אַרוים פון שטוב מיט אַ געשרעה, אָנ־רופענדיג מרים'ען און איהר מוטער מיט די מיאוס'טע שמוציגסטע און שענדליכסטע נעמען, ווי זיי וואָלטען זיין גאַסען־פרויען. צו פאַרמיידען אַ פייער האָט די צושלאָגענע מרים אויף־גיך אַפּיר־געשלעפּט דאָס אָנגעכאַפּטע טישטוך און צוטראָטען מיט די פיס. אויף־גיך אויפגעהויבען דעם טיש, די לייכטער מיט די אויסגע־לאָשענע חלב'נע ליכט, אַרויפגעשלעפּט די מוטער אויפ'ן בעט און איהר דערמינטערט. זי האָט זיך געכאַפּט איינשטילען די קינדער.

דאָס שטיבעל איז באַלד פול געוואָרען מיט אידען, ווייבער און קינדער. דער געדרענג, דער טומעל, די פינסטערניש אין שטי־בעל האָבען אויף יעדען אָנגעוואָרפען אַ פּחד. אירע יוזיפס האָט אַ כאַפּ געטאָן און אָנגעצונדען די ליכט — דאָך מחלל שבת געווען.

— וואו איז ער ? ! — האָט אירע גענומען נאָכיאָגען יאַנדראָכ'ן. ער האָט אליין איהם געזעהן לויפען אַ שכור'ן אין שענק אַריין און איהם דורכגעלאָזט. — וואו איז ער ? ! — יאָסעל ברײנע'ס און יאַנקל־גדליה'ס האָבען איהם צוריקגעהאַלטען...

— וואוהין לויפסטו ? משוגע'נער ! ער איז שוין אין שענק...

— זיי האַלטען איהם צוריק מיט אַלע כחות. אירע בלייבט איינגע־קלאָמערט אין זייערע אָרעמס. ער ציטערט אַזש פאַר כעס : „אָך ! ווען איך האָב איהם אַצינד !... מיין טויט אָדער זיין טויט וואָלט געווען !...“

מרים זיצט לעבען דער מוטער אויפן' בעט און וויינט. זי דערצעהלט איהר מאַן וואָס איז געשעהן.

— עשו וועט בלייבען עשו — מורמלען אידען.

מרדכי שטילט איין זיין מרים'ען. און ער בעט דעם עולם זיך צוגעהן אַהיים : — ס'איז שבת ! אידען... — און אידען פאַר־לאָזען דאָס שטיבעל, איינציגוויז און אין פּאַרען געהען זיי אַהיים, ווי עס וואָלט געווען ניט שבת נאָר „תשעה באב“...

ישראל אברהם, פרידעל און יעקעל געהען צוזאַמען. יעקעל זיפצט : — אידישע פרנסות !... רבונו של עולם !... — אַלע דריי אידען מיט שווערע טריט געהען און שווייגען...

ווען מרים'ס מוטער איז געקומען צו זיך, האָט די טאָכטער איהר פאַרבונדען דעם קאָפּ מיט אַ נאַסען האַנדטוך און איהר איבער־געפירט צו איהר אייגענעם שבת־טיש.

מרים האָט אַרויפגעצויגען איהר וואָכעדיג יאַקעל אויף זיך, איבערגעדעקט מיט אַ פאַטשיילע איהר קאָפּ, און מרדכי יוזפ'ס

האָט גענומען זינגען און צופליעסקען מיט די הענט — שלום עליכם מלאכי השרת מלאכי עליון מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא... שלום עליכם!... מיט זיין זינגען און צופליעסקען האָט ער מרים'ס האַרץ אַזוי צובראָכען, אַז ריקעס טרערען האָבען פון איהרע אויגען זיך גענומען גיסען.

אירע און יאָסעל בריינעס מיט זייערע חברים שפּאַצירען אַרום איבער'ן מאַרק ביז שפּעט אין דער נאַכט, אויפגערעגטע, רעדען און רעדען, איבער וואָס?... איבער ווען?...

אין מאַרק איז שטיל, אידען רוען זייער שבת'דיגע רו... נאָר פון שענק רייסען זיך גרילצענדע ווילדע קולות...



## שמחה גאָלדמאַן

# דער ערשטער שטרייק אין פּעלשטין



דער אָפּקלאַנג פון דער ארבייטער־באַוועגונג אין די גרויסע שטעט פון ליטע, פוילען און רוסלאַנד האָט ענדליך אויך דערגרייכט פּעלשטין, כאָטש קיין פאַבריקען זיינען אין פּעלשטין ניט געווען.

דאָס שטעטעלע איז געווען א קליינס, סך־הכל מיט א צוויי טויזענט אידישע איינוואוינער, און דאָך איז געקומען צו אַ שטרייק, וואָס האָט זיך צעברויזט און אריינגעצויגען א היבש ביסעל מענשען.

אין פּעלשטין איז די גאַנצע אינדוסטריע, די משטינס געזאָגט אינ־דוסטריע, געווען אַ שניידערשע. פון די מענער־ און דאַמסקע־שניידער, וואָס האָבען גענייהט קליידער פאַר דער אידישער באַפעלקערונג, ווערט דאָ ניט גערעדט. יענע זיינען געווען שניידער פון דור־דורות, פּאַכלייט, אָבער גרויסע קבצנים. דעם דאָזיגען פאַך האָט מען געמוזט לאַנג לערנען, און די פּעלשטינער אינגלאַך איז ניט אָנגעשטאַנען לערנען זיך שניידעריי. זיינען טאַקע געווען נאָר אַ פּאָר פאַמיליעס פון דעם פאַך, וואָס האָבען זיך קוים מפרנס געווען. יענע שניידער זיינען ניט אריינגעצויגען געוואָרען אין דעם „היסטאָרישען" שטרייק.

מיר רעדן דאָ נאָר פון די שניידער וואָס האָבען געניהט קאָפּטאַנעס פאַר די פויערים פון שטעטעל און פון די ארומיגע דערפער. צו דעם סאָרט שניידעריי האָט זיך ניט געפאָדערט קיין גרויסע קענטעניש. האָבען זיך טאַקע דערמיט תמיד אָפּגעגעבען אַ פּאָר לאָטוטניקעס. מיט דער צייט האָבען אָבער די דאָזיגע פּאָר אידען ניט געקאָנט באַקליידען די פאַר־מעהרטע גוי'עשע באַפעלקערונג, און זיי האָבען, אחוץ זייערע אייגענע קינדער, אויך צוגעצויגען אָרימע, אָבער באַלעבאַטישע מיידלאַך, און זיי אויסגעלערענט נייהען מיט דער נאָדעל.

אַז דאָס איז אויך ניט געווען גענוג צו באַפרידיגען די גוי'עשע באַ־פעלקערונג, האָבען די שניט־קרעמער, וואָס האָבען פאַרקויפט די מאַטעריע צו די פויערים מיט'ן באַדינג זיי צוצושטעלען אַ גרייט־אויפגענייהטן קאָפּ־

טאן, צעגעבען די מאטעריע צו יעדער פרוי אָדער מיידעל, וואָס האָט גע־וואָלט נייהען אין דער היים.

אָט דאָס נייהען קאפּטאַנעס אין דער היים האָט געפיהרט דערצו, אַז אייניגע באַלעבאַטים פון שטעטעל האָבען זיך אויך גענומען צו דעם סאָרט שניידעריי און אָנגעשטעלט ביי זיך אין שטוב ביז אפשר א צעהן מייד־לאַך. דער באַלעבאָס האָט זיך אויסגעלערענט און געטאָן דאָס צושניידען, און די מיידלאַך האָבען געפאַסטריגעוועט און גענייהט. און אָט אזוי האָט זיך ביי אונז אין פעלשטין אַנטוויקעלט אָט דער סאָרט שניידעריי, ביז עס איז געקומען די צייט ווען מען האָט עס געמעגט אָנרופען א שטיקעל אינדוסטריע.

פון דעם גענייה האָט דער שניט־קרעמער גאָרניט געהאַט. דאָס וואָס דער גוי האָט באצאָלט פאַר'ן אויפנייהען דעם קאַפּטאַן, פלעגט געהן פאַר'ן שניידער. דער פּרייז פאַר דער ארבייט איז אָבער געווען אזא בצמצומ'דיגער, אַז ניט דער שניידער האָט געהאַט פּרנסה און ניט די מיידלאַך האָבען באַ־קומען די שכירות פאַר זייער שווערער און ביטערער פּראַצע.

די מיידלאַך, וואָס האָבען געאַרבייט ביי אָט די שניידער־באַלעבאַטים, האָבען ניט געוואוסט, אַז א טאָג ארבייט דאַרף זיך ווען עס איז ענדיגען. מען האָט געאַרבייט, און ווען דער באַלעבאָס אָדער די באַלעבאָסטע האָט געהייסען געהן אַהיים, איז מען געגאַנגען. עס איז רעכט געווען, אַז מען זאָל ארבייטן פון פאַרטאָג ביז צוועלף אזייגער ביינאַכט.

די ווינטערן פלעגען זיך ציהען לאַנג און שווער. זיי פלעגען זיך קוים דורכרוקען. די פרילינגען זיינען געווען נאַסע און קאַלטע. די זומערן פלעגען אריינקומען ראַשיג. די פעלדער זיינען שנעל באַגאָסען געוואָרען מיט שפע. פון די פעלדער האָבען זיך געטראָגען די ריחות פון דעם פריש־געשניטענעם היי, פון אויפגייענדיגע תבואות און בוריקעס, ביי וועלכע טויזענטער קריסטליכע אינגלאַך און מיידלאַך האָבען געאַר־בייט. זייערע געזאַנגען האָבען זיך געטראָגען ווערסטען־וויט. מיר, די אידישע יוגענט, האָבען אויך געזונגען לידער, ווען מיר פלעגען שפּאַצירען אויף די פעלדער, אָבער אונזערע לידער זיינען געווען אַנדערע. מיר האָבען געזונגען די „שבועה", „ברידער, מיר האָבען געשלאָסען", און נאָך רעוואָלוציאָנערע לידער, וואָס האָבען זיך צו אונז דערטראָגען פון די ווייטע שטעט.

מיר האָבען וועגען די לידער גערעדט. יעדעס וואָרט איז פאַר אונז געווען א גאַנצער געדאַנק. מיר האָבען דורך זיי געוואָלט פאַרשטעהן די וועלט־פּראָבלעמען. עס האָט פאַר אונז אָנגעהויבען קלאָהר ווערען, אַז עס איז ניט ריכטיג, אַז אייניגע זאָלען זיין אָרים און אַנדערע רייך.

מיר האָבען זיך פאַראינטערעסירט אין לייענען. דעמאָלט איז שוין אין פעלשטין געווען אַ ביבליאָטעק. מיר פלעגען געהן אַהין אַמאָל און לייענען און זוכען וואָס מעהר צו פאַרשטעהן. אַהין פלעגען קומען אינ־טעליגענטע אינגלאַך און לייענען רעפעראַטען.

ביי די רעפעראַטען פלעגט מען שוין טאַקע קלאָהר זאָגען: מיר ווילען אַ וועלט, וואו אָרים און רייך זאָלען זיין גלייך. מיר ווילען פריי־הייט און גלייכהייט".

אַזוי האָט זיך דער געדאַנק צושפּרייט צווישען די שניידער מיידלאַך און בחורים, אַז מען דאַרף מעהר פרייהייט. דער דאָזיגער געדאַנק האָט פאַרכאַפּט אַלע מחות.

טאַקע אין ביבליאָטעק פלעגט מען רופען די מיידלאַך צו קעמפען פאַר פרייהייט. וואָרום אויך די שניידער־מיידלאַך, אייניגע פון זיי, לכל הפּחות, פלעגען אַהין קומען און זיך אויסזעצען אין די ווינקעלאַך און שלינגען יעדעס וואָרט. אַלע האָבען זיך געפילט גוט. וואָרום אין ביב־ליאָטעק האָט געהערשט אמת'ע פרייהייט און גלייכהייט. און מען פלעגט נאָך אַרויסגעהן פון דאָרט אַלע צוזאַמען. דאָס האָט ביי אַלעמען גע־שטאַרקט די הערצער.

און איינמאָל, עס איז געווען אַ שבת'דיגער טאָג, סוף אויגוסט, 1906. מיר זיינען זיך צונויפגעקומען ביי עקיבה פישביין אין שטוב, ווי מיר פלעגען דאָס טאָן יעדען שבת. דאָרטען פלעגען מיר זיך לערנ־נען טאַנצען. זוסיע סווינער איז געווען אונזער טאַנצמייסטער. אין טאַנץ האָבען אַנטייל גענומען כמעט אַלע אינגלאַך און מיידלאַך, וואָס האָבען שפּעטער געפירט דעם סטרייק. נאָך דעם טאַנץ זענען מיר גע־גאַנגען שפּאַצירען אויף רייקאָוויצער וועג. מיר האָבען צוזאַמען שעהן פאַרבראַכט, אויסגעזונגען אַלע לידער, וואָס מען האָט צו יענער צייט אין פעלשטין געזונגען.

פרעכטיג און שעהן איז דאַמאָלס דער שבת פאַרנאַכט געווען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ זינגט מיט אונז מיט: די זאַנגען און די פאַרגעהענדיגע זון. געזונגען האָבען מיר מיט אַזאַ פייער, וואָס בלויז די יוגענט קען. אין דער לופט אָבער האָט זיך עפּעס שוין אַרומגעטראָגען — עס קאָן זיין אַז דאָס איז געווען אַזוי, ווייל אין יענעם יאָהר האָבען זיך די פּויערים פון די אַרומיגע דערפער געבונטעוועט אַקעגען די פּריצים. אין געוויסע דערפער זיינען גאַנצע מאַיאָנטקעס פאַרברענט געוואָרען. עס קען אויך זיין, אַז דאָס זיינען געווען אָפּקלאַנגען פון די זאַבאַסטאָווקעס, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די גרויסע רוסישע שטעט, און עס קען זיין,

וואָס פאַרענדיג אין די דערפער פלעגען מיר געפינען גאַנצע פּעק רעוואָ־לוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס צווישען די זאַנגען. מיר פלעגען זיי מיט־נעמען אין שטאָט און פאַרשפּרייטען.

מען איז ארויסגעגאַנגען אויף די פעלדער, געזונגען אונזערע לידער און נאָכדעם געשמועסט וועגען אונזער לאַגע. מיר האָבען עפּעס אַלע געפילט, אַז עפּעס מוזען מיר אויך טאָן. אייניגע בחורים האָבען זיך אַפילו אויסגעדריקט, אַז ווען מיר וועלען קריגען די „סטרוקציע" וועלען מיר האָבען מעהר צייט צו פאַרברענגען מיט די מיידלאַך.

פון דעם שפּאַציר זיינען מיר געגאַנגען דורך דער גוי'אישער גאַס. עס איז נאָך געווען ווייט פון דעם כהן'ס הויז, אָבער קולות האָבען זיך געריסען דורך די טירען און פאַרמאַכטע פענסטער. אַלע האָבען גע־רעדט און געשריען — מעהר געשריען ווי גערעדט. גאָלדע נחום דעם רב'ס האָט גערעדט און זיך גע'רעש'ט מעהר פון יעדען. ווען נחום זייגערמאַן איז מיט די עלטערע צוויי קינדער געפאָרען קיין אַמעריקע, האָט זיך באָבע זייגערמאַן איבערגעקליבען צום כהן און דאָרטען פלעגט מען מאַכען „סכאָדקעס"

באָבע זייגערמאַן איז געווען אַ גאַסט־פריינטליכע פרוי. די מייד־לאַך און זייערע חברטעס — סימפּאַטישע. מיר זיינען אַלע אריין אהין אין שטוב.

אריינקומענדיק אין שטוב, האָבען מיר געטראָפען אַן אמת'ע פאַר־זאַמלונג. עס זיינען דאָרט געווען מיידלאַך און בחורים פון פאַרשיידענעם עלטער, מאַנכע נאָך קינדער.

די מעהר־באַריידעווודיגע האָבען דערצעהלט וועגען דער שווערער פּראַצע און וועגען די אויסערגעוועהנליך לאַנגע שטונדען וואָס זיי האָבען געאַרבייט פאַר זעהר קליינע שכירות. מאַנכע האָבען געאַרבייט כמעט אומזיסט. די שילדערונגען פון די מיידלאַך זיינען געווען מיט פיעל ביטערקייט און צאָרען, וואָס האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ שטאַרקען און טרויעריגען איינדרוק.

מיר האָבען איינגעזעהן, אַז ווייטער קען אַזוי ניט אַנגעהן, אַז עפּעס מוז געטאָן ווערען. מיר האָבען ניט אויסגעאַרבייט קיינע פּלענער. מיר האָבען ניט געהאַט קיין שטרייק־ערפאַהרונג. מיר האָבען ניט באַגריפען, אַז עס איז מעגליך דורכצופיהרען אַ סטרייק פון נייטאָרינס—און דאָך איז די שטימונג געווען אַזאַ, אַז מיר האָבען געמוזט באַשליסען, אַז די מיידלאַך זאָלען זונטאָג ניט געהן צו דער אַרבייט. און אַזוי האָבען מיר דערקלעהרט דעם ערשטען שטרייק אין פעלשטין.

עס איז שוין געווען זעהר שפעט אין דער נאכט. עטלאכע אינגלאך און מיידלאך זיינען פארבליבען אויסצואַרבייטען פלענער אויף אָרגאַני־זירען די נייטאָרינס, וואָס זיינען ביי דער פאַרזאַמלונג ניט געווען.

יענעם זונטאָג זיינען א סך אינגלאך ניט געפאָרען אין די דערפער. מען האָט אפילו די שבת׳דיגע מלבושים ניט איבערגעביטען. די שטי־מונג איז געווען א יום־טוב׳דיגע. מיר זיינען גאַנץ פריה געווען אויף די גאַסען און צוגעצויגען צו זיך סתם ליידיג־געהער. אלע צוזאַמען זיינען מיר געווען אויף דער וואַך, אז קיין מיידעל זאָל ניט געהן צו דער ארבייט.

עס קלינגט ווי א פאַנטאַסטישע געשיכטע, אָבער עס איז דאָך א פאַקט: די שטרייק־אָנפירער האָבען ניט געהאַט קיין ערפאַהרונג און קיין באַגריף אין אַזעלכע אַנגעלעגענהייטען, און דאָך האָבען מיר איינ־געשטעלט אַן אַפּאַראַט, וואָס האָט געפיהרט דעם שטרייק מיט פולע קאַמפּסמיטלען, ווי מיר פאַרשטייען איצט, וואָס א שטרייק פאָדערט.

מיר האָבען אויסגעאַרבייט פאָדערונגען: באַגרעניצטע ארבייטס־שטונ־דען און העכערע שכירות. מיר האָבען איינגעשטעלט א פינאַנץ־קאָמיטעט מיט גאָלדע זייגערמאַן אלס קאַסירערין. אין דער צווייטער וואָך פון דעם שטרייק האָט דער פינאַנץ־קאָמיטעט אויסגעצאָלט געוויסע סומען צו זעהר אָרימע מיידלאך.

אַזוי ווי ניט אלע נייטאָרינס זיינען ארונטער אין סטרייק, איז געווען וויכטיג צו שאַפען א קאָמיטעט, וואָס זאָל ארונטערנעמען די איבעריגע מיידלאך פון זייערע ארבייטס־פּלעצער. מען האָט אויך געדאַרפט אכ־טונג געבען, אין זעהר ווייניג פאַלען, אז מיידלאך זאָלען זיך צוריק ניט אריינ׳גנב׳ענען צו דער ארבייט.

די ערשטע „מאַסטערסקאַיאַ", וואו מען האָט ארונטערגענומען די מיידלאך, איז געווען „בערעל דעם רויטענס" (בערעל קאַרשענבוים). גע־ארבייט האָבען דאָרטען ארום צעהן מיידלאך. צוויי מיידלאך זיינען צוריק־געגאַנגען ארבייטען אויף דעם צווייטען טאָג. — האָבען מיר אָפּגעשטעלט איינע פון די צוויי מיידלאך און ביי איהר געפרעגט, פאַרוואָס זי געהט צוריק. האָט זי געענטפערט: „וואָס פעלט דאָרטען די מיידלאך? אויף דער נאַכט גיט מען אונז קאַרטאָפליעס צו עסען און טיי צו טרינקען".

די צווייטע שטוב, וואו עס האָבען געאַרבייט זעקס אָדער אכט מייד־לאך איז געווען „יאָסעל שמואל חיים׳ס" (בא יאָסעל צווייג). דאָ זיינען אויך צוריקגעגאַנגען א פּאָר מיידלאך. ביי שרה יעקב כינעס האָ־בען געאַרבייט דריי מיידלאך. דאָרט איז ניט צוגעגאַנגען אַזוי גוט. מען האָט דאָרטען צובראָכען א פענסטער.

ביי יחיאל יעקיל׳ס (יחיאל קאָרענבליט) איז אויך ניט אַזוי לייכט צוגעגאַנגען. געאַרבייט האָבען דאָרט אַכט אָדער צעהן מיידלאך. אויך ביי אָדע יאַנקעל שיינצים האָבען געאַרבייט צוויי מיידלאַך. איינע פון זיי האָט ניט געוואָלט אַרויסגעהן. אָדע אַליין האָט איר געבעטען, אַז זי זאָל אַרונטערגעהן, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען, ביז עס איז געקומען אַ קאָמיטעט פון מיידלאַך און מען האָט זי אַרויסגענומען.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז ניט מיט די עטלאַכע הייזער שעפּען זיך אויס אַלע ווערקשטאַטען פון יענעם פאַך. עס זיינען נאָך געווען צעהנדליגער שטיבער, וואו עס זיינען געווען באַשעפטיגט צו צוויי און דריי מיידלאַך.

אונטער וועלכע אומשטענדען עס האָבען געאַרבייט קינדער פון פער־צעהן און פופצעהן יאָהר (און עס זיינען געווען אַרבייטאָרינס פון עלף און צוועלף יאָהר) איז אוממעגליך צו שילדערען. די מעהרסטע פון זיי האָבען געאַרבייט פאַר כמעט אומזיסט, ווייל זיי זיינען געווען אין דער לערע. און מיט וואָס זיי האָבען אָפּגעלעבט דעם טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט, דאָס לאָז איך איבער פאַר פּאָעטען צו באַקלאָגען.

איך וויל איבערגעבען איין בילד פון אַ שטוב, וואו נייטאָרינס האָבען געאַרבייט און עס וועט זיין פּונקט אָנגעמאָסטען פאַר אַלע, ווייל כמעט אַלע — פּילייכט מיט אַ פּאָר אויסנאַמען — האָבען געהאַט דעם זעלבען אויסזעהן. די קלענערע ווערקשטאַטען זיינען אַלע מאָל געווען אין אַל־קער. דאָרט זיינען געשטאַנען צוויי און דריי מאַשינען. דאָרטען האָט זיך אויך געפונען די משפחה, סיי גרויס און סיי קליין — איבערהויפּט די קינדער.

איהר געדענקט אויך, אַז די קיך איז כמעט אַלעמאָל געווען לעבען אַלקער. אין קיך איז געשטאַנען די פּאַס מיט וואַסער, און נאָך כלים, וואָס זיי פלעגען פון זיך קיין פּערפומען ניט אַרויסגעבען. אונטער די אומשטענדען האָבען זיך יונגע צאַרטע קינדער פיזיש און גייסטיג אַנט־וויקעלט און זייערע מיידעלשע חלומות אויסגעטרוימט, און זייערע ליבע־לידער אויסגעזונגען.

נאָך מיינע חדר און בית־המדרש יאָהרען האָב איך געלעבט עטליכע יאָהר אויף דער פרייער לופט. איך האָב דורכגעמאָסטען טויזענטער ווייאָרסטען פעלד און וואַלד. אַהיים קומענדיג פון דאָרף, פאַרנאַכט, פלעג איך באַזוכען אַמאָל אַ הויז פון די אויבענדערמאָנטע הייזער. האָב איך געזעהן קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער, וואָס האָבען אָפּגע׳חושכ׳ט זייערע טעג און נעכט אין פאַרפּעסטעטע אַלקערס, וואו די זון איז קיינמאָל ניט אַריינגעקומען, וואו אַ דעמפּקייט איז געהאַנגען אין דער לופטען. ווינטער זיינען די ווענט אין די שטיבער געווען נאַס. שיינע בליהענדע מיידלאַך

האָבען אויסגעזעהן ביי די מאַשינען ווי פינסטערע שאָטענס. יעדע מאַשין איז געשטאַנען ווי אַ מצבה איבער אַ קבר, אין וועלכען אַ פריהצייטיג פאַרלאָשען לעבען איז געלעגען.

ווי איך קען זיך ערינערען, איז צו יענער צייט אין פעלשטין דאָס וואָרט „סטרוקציע" געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּען: אָרים און רייך, יונג און אַלט, קליין און גרויס — אַלע האָבען גערעדט פון דער „סטרוקציע". אַלע ארבייטער האָבען ארויסגערעדט דאָס וואָרט מיט עפּעס אַ מין הייליגקייט. עס האָט ביי זיי ארויסגערופען אַ ים פון פרייד און באַגייסטערונג, אַ ים פון האָפענונגען אויף אַ בעסערען און פרייערען לעבען.

אויף די באַלעבאַטים און באַלעבאָסטעס האָט דאָס וואָרט „אינסטרוקציע" ארויפגעוואָרפען אַ פּחד. זיי אַליין זיינען געווען גרויסע אָרימעלייט. זיי אַליין האָבען שווער און ביטער געארבייט. און פּלוצלונג נעמען גאָר די נייטאָרינס און מאַכען אַ בונד — און ווילען דיקטירען, אז מען זאָל ארבייטען באַגרעניצטע שטונדען און מען זאָל צאָהלען העכערע שכירות. עס פאַרשטעהט זיך, אז אַזא זאַך האָבען די באַלעבאַטים און באַלעבאָסטעס ניט געוואָלט און ניט געקאָנט נאָכגעבען.

ווי איך האָב שוין באַמערקט, איז אין יענער צייט דאָס שלאָג־וואָרט געווען „אינסטרוקציע. דער קאַמף איז געווען אַ פאַר'עקשנ'טער. די באַלעבאַטים און די באַלעבאָסטעס האָבען פאַר קיין פאַל ניט געוואָלט שלום מאַכען מיט דעם געדאַנק, אז זיי וועלען שוין קיינמאָל ניט קענען האַלטען די נייטאָרינס אַזוי לאַנג ווי זייער האַרץ גלוסט; אַז די נייטאָרינס זאָלען מעהר ניט מוזען ארבייטען פאַר זיי פון שבת־צו־נאַכטס נאָך הבדלה ביז פרייטאָג נאָך ליכט־בענשען, יעדען טאָג פון גאַנץ פריה ביז צעהן און צוועלף ביינאַכט, און ערב יום־טוב אַ גאַנצע נאַכט.

מיט דעם ארבייטען שפּעט אין אָוועגט איז בעת דעם שטרייק דערציילט געוואָרען דער פאָלגענדער אנעקדאָט:

איינמאָל, שפּעט אין אָוועגט, האָבען די מיידלאַך געבעטען ביי „בערל דעם רויטען", אַז ער זאָל געהן אויסגעפינען ווי שפּעט עס איז. ר' בערל, קוים וואָס ער רירט זיך, פאַרלאָזט די שטוב און געהט אַריבער צו משה'קע קום, ביי וועמען עס איז געווען אַ זייגער, אויסצוגעפינען ווי שפּעט עס איז.

משה'קע קום האָט דעמאָלט געוואוינט ביי משה לעטמאַן אין קאָמערינע. צו משה'קע קום און צו משה לעטמאַן פלעגען זיך אין אָווענט צונויפקומען אידען צו הערען איינס ס'אַנדערע דערציילען מעשיות, איבערהויפּט אין די ווינטער־נעכט. בערל האָט זיך פאַרגעסען נאָך וואָס ער איז געקומען, געבליבען זיצען און זיך איינגעהערט אין די וואונדער־מעשיות וואָס אידען האָבען דערציילט.

משה לעטמאן האָט אין שפּאַס דערמאָנט בערלען, אַז ער זיצט שוין איבער אַ שעה און משה'קע קום האָט אים אין שפּאַס אַ פרעג געטאָן: ר' בערל, וויפיל מיידלאך ארבייטען ביי אייך"? — ווען ר' בערל ענטפערט: „ארום צעהן", רופט משה'קע אוים מיט אַ געלעכטער: — „אזוי! ?... האָט איר דאָך פאַרדינט ארום צעהן שעה ארבייט!"

ערשט דעמאָלט האָט זיך ר' בערל געכאַפּט, אַז ער איז געקומען זעהן ווי שפּעט עס איז.

ר' בערל האָט אהיימגעפירט די מיידלאך שפּעט אין דער נאַכט מיט אַ לאַמטערען.

ביי די נייטאָרינס איז קלאָהר געוואָרען, אַז אין זייערע הענט ליגט די מאַכט, אַז דורך איינינגקייט קענען זיי צונעמען ביי זייערע באַלעבאַטים די פריווילעגיעס, וואָס מען וויל זיי ניט נאָכגעבען.

אַ דאַנק דער ענערגיע און אָפּפערווילינגקייט פון עטליכע אינגלאך און מיידלאך, איז געלונגען אויפצוהאַלטען די סטרייקערס אין אַ קעמפערישער שטימונג. די ארבייטער האָבען זיך געהאַלטען מיט מוט און זיי האָבען ארויסגעוויזען אַ שטאַרקע דיסציפּלין. נאָך צוויי וואָכען קאַמף האָבען זיי אָפּגעהאַלטען אַן אַנטשיידענעם זיג אין דער פראַגע פון שטונדען.

דאָס מיינט, אַז פון דער צווייטער וואָך אין סעפּטעמבער ניינצעהן־הונדערט־און־זעקס האָבען די פעלשטינער מיידלאך געאַרבייט לויט די „אינסטרוקציעס", וואָס זיי האָבען געגעבען צו זייערע באַלעבאַטים און באַלעבאָסטעס.

און אַזוי האָבען מיר געוואונען דעם ערשטען סטרייק אין פעלשטין.

אויף וויפיל דער זכרון דינט מיר וועל איך אויסרעכענען די נעמען פון דער גרופּע, וואָס האָט זיך באַטייליגט אין און ארום דער פירערשאַפט:

גיטעל סיגעל, גאָלדע־נחום־דעם־רב'ס, פּעסיע פישביין, שרה הורוויץ, שבע יונה'ס, שפרה אברהמ'ס, מענדעל שטיינשלעגער, שבח סיגעל, זוסיע סוויניר, שמואל לייב קליבאַן, מאַני האַראָוויטש, זוסיע קליבאַן, לייב וועלוועל פּייווישים און דער שרייבער פון אָט דעם ארטיקעל.

אויב איך האָב אויסגעלאָזט נעמען פון מענשען, וואָס זיי זיינען געווען אַקטיוו באַטייליגט אין דער פּאַסירונג, זאָלען זיי מיר אַנטשולדיגען, ווייל עס איז שוין אַ לאַנגע צייט, און עס איז שווער צו געדענקען אַלעמען.

# בנימין האָפמאַן

## די פּעלשטינער שוהל



איך קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, אַז מיר זאָלען ארויסגעבען א בוך וועגען פּעלשטין אָהן א באַשרייבונג פון אונזער מערקווירדיגער אַלטער שול.

איך בין שוין געווען אין פיל אַנדערע שולען אין א סך אַנדערע און גרעסערע שטעט ווי אונזער פּעלשטין; איך האָב שוין געזעהן פיל רייכערע און מעהר מאָדערנע שולען; איך האָב שוין געזעהן שולען, וואָס האָבען געקאָסט אוצרות אויף צו בויען זיי — אָבער אַזאַ מערק־ווירדיגע שול, ווי אונזערע, האָב איך קיינמאָל ניט געזעהן.

ס׳קען אפשר זיין אַז איך זאָג דאָס, מחמת ס׳איז מיינס, אַז איך בין ווי יענע אידענע, וואָס האָט געבעטען, מען זאָל איר ארויסשיקען איר קינד פונ׳ם חדר און אַז מ׳האָט זי געפרעגט, וועלכעס קינד איז איהרס, האָט זי געענטפערט, אַז דאָס שענסטע קינד איז איהרס... דאָך וועלען אַלע מיט מיר איינשטימען, אַז אונזער שול איז טאַקע געווען שענער און אַנדערש פון אַלע אַנדערע שולען.

איך בין שוין עטליכע און דרייסיג יאָהר פון פּעלשטין, אָבער די שול שטעהט מיר נאָך פאַר די אויגען, גלייך ווי איך האָב זי נעכטען געזעהן.

ווען און ווער ס׳האָט אונזער שול געבויט געדענקען ניט אפילו אונ־זערע עלטסטע לאַנדסלייט. ס׳האָט זיך אפילו געפונען א שטיקעל באַ־שרייבונג וועגען דער ענטשטעהונג פון דער שול. די באַשרייבונג גע־פינט זיך אויף דער מערב־וואַנט, פונקט איבער דעם אריינגאַנג צו דער שול. אָבער די אותיות זענען שוין אַזוי אַלט און אָפּגעריבען, אַז מען האָט זיי ניט געקענט איבערלייענען.

פונדעסטוועגען זאָגט מיין פריינט שלמה צוויג, אַז ער האָט געהערט פון זיין פאָטער, אַז די שול איז געבויט געוואָרען דורך אונזער חשוב׳ען לאַנדסמאַן ר׳ שמואליס (ר׳ הירש שמואליקס שווער) מיט דער הילף

פון דעם זונקאָוועד רבי׳ן ר׳ זוסעלי. עס זאָל הייסען, אַז דער ר׳ שמואליק, וואָס איז געווען זעהר אַן אָנגעזעהענער בעל הבית אין שטעטעל און אַ גע־שוואָרענער חסיד פון ר׳ זוסיעל׳ען, איז געווען דער גאַנצער אָנפיהרער פון זאַמלען געלט און מעגליך מאַכען, אַז די שול זאָל געבויט ווערען. איך פערזענליך, האָב זיך תמיד פאַרגעשטעלט, אַז די שול איז געבויט געוואָ־רען אין הימעל און מע האָט זי אַ פאַרטיגע אַראָפּגעלאָזט צו אונז אין שטעדטעל נאָך איידער ס׳זענען געווען הייזער אַרום דעם געגענד. און דערפאַר האָבען אונזערע לאַנדסלייט געבויט דערנאָך זייערע שטיבער ניט זעהר נאָהענט צו דער שול, צוליב דרך־ארץ פאַר דער הייליגער גע־ביידע.

די שול איז אַ פיר עקיגע געביידע צוויי הונדערט פוס סקוועער, מיט צוויי ווייבערישע שולען פון ביידע זייטען פון צפון און פון דרום. אויך זענען פאַראַן צוויי קליינע ווייבערשע שולעכלאַך אין דער מערב זייט. אָבער די שולעכלאַך זיינען אויף אַן אויבערשטען גאָרען. דער אריינ־גאַנג צו דער שול איז געוועהנליך אויף מערב זייט. דאָרט געפינט זיך דער פּאָליש. אַריינקומענדיג אין פּאָליש, געפינט מען דריי טירען: צוויי פון ביידע זייטען, — צו דרום און צפון, — וועלכע פירען צו צוויי קליינע שולכעלעך. רעכטס איז דאָס שניידערשע שולכעל, און לינקס — דאָס חברה־נושאים שולכעל. פאַראויס איז דער אריינגאַנג אין דער גרויסער שול. כדי אריינגעהן אין דער גרויסער שול דאַרף מען אַרונטערגעהן אַן ערך אַכט אָדער צעהן ברייטע טרעפּ. דאַן דערזעהט מען דעם באַלעמער, וועלכער שטעהט פּונקט אין מיטען שול. דער באַלעמער איז אַ געמויער־טער, אַ גרויסער.

אויף דעם באַלעמער איז פאַראַן אַ בימה, וואו מען לייענט די תורה. לייכטער מיט ליכט שטעהען אויסגעשטעלט אַרום דעם באַלעמער, איינס לעבן צווייטען. אַז מען צינדט אָן די ליכט, גיט דאָס דער שול אַ פייער־ליכען אויסזעהן.

דער ארון קודש איז איינגעמויערט אין דער מיט פון דער מזרח וואַנט, און מען דאַרף אַרויפגעהן אַ צעהן טרעפּ כדי איהם צו עפענען. אויף די טרעפּ פלעגען מיר קליינוואַרג וועלען זיצען ווען ס׳איז געקומען אַ שבת אָדער אַ יום טוב. אָבער די בעלי בתים וואָס זענען געזעסען נאָהענט, אַשטייגער, אברהם זייגערמאַן, זעליג משה׳לעס און אהרן איצי בעדייניס, פלעגען אונז טרייבען פון דאָרטען. ביי דער רעכטער זייט פון די טרעפּ שטעהט דער עמוד מיט דעם שעהנעם מזרח, מיט די צוויי פויג־לען. דאָרט פלעגט אונזער חזן ר׳ דוד אַזוי שעהן און האַרציג דאַווענען.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען די פּאַרכטיגקייט, וואָס האָט גע-הערשט אין אונזער שול ווען ס'איז געקומען יום כפור ביינאַכט. דער עולם איז געווען אָנגעטאָן אין די טליתים, ר' דוד איז געשטאַנען פאַר'ן עמוד מיט זיינע משוררים: פישעלע ליביטשקעס, יאַנקעל יאָסעל חנא'ס, שמואל חיים פּאָרטנאָי, מענדעל דעם חזנ'ס און נאָך עטליכע און זיי האָבען מיט אַזאַ התלהבות געזונגען דעם כל נדרי.

איך געדענק אפילו ווי טשיפּאַנסקי, דער גוי'אישער שוסטער, וואָס האָט געקענט רעדען אידיש פלעגט אַלע יום כפור קומען צו כל נדרי, און שטעהען אין דער צפון זייט פון דעם באַלעמער לעבען יאַנקעל קע-צעלעס שטאָט.

אין דער מזרח וואַנט זענען איןביידע זייטען פונ'ם ארון קודש געווען צוויי לאַנגע פענסטער מיט קאָלירטע שויבען, רויט, געל און בלוי, וועלכע האָבען באַשיינט די שול.

די שול איז געווען זעהר אַ הויכע און אַז מען האָט געוואָלט זעהן די סטעליע האָט מען געדאַרפט פאַררייסען דעם קאָפּ אַזוי, אַז דער קאָפּ זאָל אָנרירען דעם נאַקען. דאַרום וויסען טאַקע ניט פילע לאַנדסלייט, ווי אַזוי די סטעליע איז געמאַכט. איך האָב אָבער אָנגעשטרענגט מיין קאָפּ און געזעהן אַז די סטעליע איז געווען איינגעטיילט אין צוועלף קעסטעלאַך און אין די קעסטעלאַך זענען געווען אויסגעמאָלט די צוועלף מזלות. פון יעדען קעסטעלע האָט אַראָפּגעהאַנגען אַן אייזערנע שטאַנג, וועלכע האָט דערגרייכט ביז אַרום אַ צעהן פוס איבער דעם באָדען, און אויף די שטאַנגען האָבען געהאַנגען גרויסע מעשענע הענג-לייכטער, יעדער הייננ-לייכטער האָט געהאַט אַרום דרייסיג רערען. אין די אַלע רערען זענען געשטאַנען ליכט און אַז מען האָט די אַלע ליכט אָנגעצונדען איז די גאַנצע שול באַלויכטען געוואָרען אַזוי ווי מיט עלעקטרישער באַליכטונג. איך פלעג מיך אימער הידוש'ן ווי אַזוי די סטעליע האַלט זיך אָהן שום סלופּעס. איך האָב תמיד געדענקט, אַז זי האַלט זיך מיט ניסים.

די ווענט פון דער שול זיינען געווען געמאַכט פון ציגעל און זעהר גראָב, היינו: איך געדענק אַז ווען איך בין געווען אַ קינד פון אַ יאָהר צוועלף און זיך געשפּילט מיט נאָך קונדסים אין דער וויבערשער שול, האָט זיך מיר פאַרגלוסט אַרויפצוקריכען אויף אַ פענסטער, וואָס האָט געפיהרט פון דער וויבערשער צו דער מענערשער שול. אַזוי ווי די פענסטער, אָדער, ווי מען האָט זיי גערופען, די גראַטעס, זיינען געווען ברייט אָבער נידריג, האָב איך זיך געלייגט אויפ'ן בויך און זיך געפּרואווט דורכדראַפּען. און אַזוי געדענק איך אַז די גרעב פון דער וואַנט איז געווען לענגער פון מיין קערפּער — אַן ערך פינף פוס.

איך געדענק אויך אז אין אונזער שול האָבען זיך געפונען דריי ערליי דאַוונער. גרופּע נומער איינס האָבען לחלוטין גאָרניט געדאַוועַנט, פּלעגען זיי שטענדיג שטעהען אין פּאָליש און דערצעהלען מעשות מיט וויצען. גרופּע נומער צוויי פּלעגט יאָ כאַפּען אמאָהל א אידיש וואָרט, דער עיקר האָבען די מענטשן פון אָט־דער גרופּע געוואָלט הערען ר׳ דוד'ן דעם חזן א זינג טאָן. זיי פּלעגן זיך געפינען הינטער דעם באַלעמער, ד. ה. צווישען דעם באַלעמער אין מערב זייט. און גרופּע נומער דריי וועלכע האָט טאַקע געדאַוועַנט. אָט־די מענשען זיינען געווען אין דער פראָנט פון'ם באַלעמער.

אז ס'זיינען געקומען די פּראַכטיגע טעג, פּלעגט די שול זיין פול אָנגעפּאַקט מיט מענטשן, און אַפילו די קנאַפּע דאַוונערס זענען גע־וואָרען זעהר ערענסט און זיך צוגעהערט צו יעדען וואָרט, וואָס דער חזן, ר׳ דוד, האָט אַרויסגעלאָזט פון מויל. איך דערמאָן אונזער חזן אזוי פיעל מאָל, ווייל מען קען זיך גאָרניט פאָרשטעלען אונזער שול אָהן איהר חזן ר׳ דוד. און ס'ווערט טאַקע זעהר טרויעריג אויף דעם הארצען, ווען מען דערמאָנט זיך אז איצט איז אונזער אַלטע שול געוואָרען א פּשוט'ער מלוכה־שפּייכלער, און אונזער באַליבטער דודיע חזן איז אין א ניו יאָרקער מושב זקנים און די לאַנדסלייט וועמען ער האָט אזוי פיעל גייסטיגען פאַרגנ־ניגען פאַרשאַפט, קומען איהם אַפילו ניט זעהען.

## משה גלאַנץ

# פאַרשטערט די הקפות

●



ז עס איז אָנגעקומען שמחת־תורה, איז ביי אונז אין פּעלשטין געווען באמת ששון ואורה. פרומע אידען און אפיקורסים, למדנים און עם הארצים, איידעלע מענשען און גראָביאַנעס, קלוגע און נאַראָנים, פאַרמעגליכע און קבצנים, יונג און אַלט — אַלע האָבען זיך געפרייט.

אונזערע שכנים, די גויים, וואָס רינגלען ארום דאָס גאַנצע שטעטעלע פּעלשטין, האָבען אָנגערופען דעם טאָג „שמחת־תורה" (סקאַזשעני דען) דער משוגע'נער טאָג. זיי האָבען גאָר ניט געקענט פאַרשטעהן: ווי אַזוי מענשען וואָס אַ גאַנץ יאָר זיינען זיי פאַרזאָרגט, פאַריאָגט, פאַרשלונגען זוכענדיג פּרנסה, וואָס מער ווי זיפצען און קרעכצען הערט מען פון זיי ניט, זאָל גאָר פּלוצים קומען אויף זיי אַזאַ פרייד... עסען, טרינקען, זינגען און טאַנצען, איינציגווייז און אין קאַראהאָד, אין די שטיבער, אויף דער גאַס, אין מקום קדוש, יונג און אַלט אויסגעמישט — איז דאָס ניט משוגעת? זיי האָבען דאָס ניט געקענט פאַרשטעהן. בשום אופן ניט.

מיין טאַטע, ע"ה' אַ איד אַ ברוגז'ער, שטענדיג אָנגעדרודעלט, זעלטען ווען אַ לאַך געטאָן, איז שמחת־תורה אויך געוואָרען גאָר אַן אַנדער טאַטע. גאָר ניט דער זעלבער וואָס אַ גאַנץ יאָר: ניט געשלאָגען די קינדער דעם טאָג, ניט געשריען אויף דער מאַמען, פאַרשוואונדען דער רוגז, אָפּגעטאָן האָט זיך דער כעס פון אים אינ'ם טאָג פון שמחת־תורה. אַן אויפגעלייגטער האָט ער שפּילעווריג געשפּאַסט און געלאַכט.

מיר, קינדערלעך, האָבען דערפילט די לויזקייט פון די שטריק מיט וועלכע מיר זיינען געווען געפּענטעט אַ גאַנץ יאָר. פריי פון חדר, פריי פון רבי'נס רשות, פריי פון טאַטענס ממשלה, און אין מיטען פון אַזאַ שמחה, האָבען מיר געגומען נאָכטאָן די עלטערע. וואָס־דען עפּעס צוריק־

שטעהן? קינדערלאך האבען צוזאמען מיט די עלטערע געזונגען און גע־טאנצט, געפילדערט און געשריען ביז צום הייזעריג ווערען.

ביי אונז אין פעלשטין איז געווען א גרויסע און זעהר א שעהנע שול, וואס פון איר איז איצט געווארען ווייס איך ניט. פאר אזא שטעטעלע ווי פעלשטין איז אונזער שול געווען א זעלטענהייט. ווי אזוי אזא שול האט געקענט אויסגעבויט ווערען אין אזא ארים שטעטעלע — איז ניט צו פארשטעהן. ווייזט אויס, די אידען פון יענע צייטען זיינען נאר ניט געווען, ווי די אידען פון אונזער צייט, ווייזט אויס, אז קיין גוטס האלט זיך ניט לאנג ביים אידען. פאר די קינדערשע אויגען וואס האבען ארום זיך געזען בלויז איינגעהויקערטע, האלב־חרוב'ע שטיבלאך, האט די גרויסע, הויכע שול אויסגעזען ווי א ריזיגער, גראנדיעזער בנין אויסגעבויט נאר פון גאט אליין.

אינווייניג — די געמאלטע סטעליע, די קאלירטע מזרח־פענסטער, דורך וועלכע עס האט ארייגעשיינט די זון און אפגעשפיגעלט די אלערליי קאלירען פון די שויבען אויף די ווענט, אויף דעם בעלעמער, אויף די בענק, אויף די ראוונער. די אינווייניגסטע שעהנקייט האט אנגעפילט דעם פעלשטינער אידען מיט „יראת הכבוד". זיצענדיג אין שול, האט מען באמת דערפילט, אז דארט וואו גאט איז, דארט איז ריינקייט און שעהנקייט אויך דא. און ווען דער בייזער טאטע האט גענומען די קינדער אין שול אריין, זיינען זיי געלאפען מיט קינדערשער פרייד און מיט קינדער־שען פייערדיגען פארגעניגען.

ביים דאווענען האבען קינדער נאכגעטאן אלץ וואס דער טאטע האט געטאן. האט ער אויסגעשריען דאס דאווענען, האבען קינדער אויך אויס־געשריען דאס דאווענען, כאטש ניט וויסענדיג וואס זיי שרייען. זיי האבען זיך געשאקעלט און זיך געווארפען ווי דער טאטע, געשפרונגען קדוש ווי דער טאטע. די מינדעסטע קליינינקייט האבען זיי ניט דורכגעלאזט. זיי האבען אלץ נאכגעטאן דעם גרויסען טאטען.

שמחת־תורה באדארף מען דאך געהן מיט הקפות, איז פאר די קינדער דאס געהן מיט הקפות געווען א שפיל, וואס זיי האבען אויסגע־קוקט די אויגען אויף דעם א גאנץ יאר.

אין שול איז ליכטיג — ליכטיגער ווי א גאנץ יאר. אלע רערלאך פון די ענגלייכטער זיינען אנגעפילט מיט אנגעצונדענע סטערינאווע ליכט. אויף אלע פנים'ער ליגט צעגאסען א פרייד, א ליכטיגקייט, וואס נאר שמחת־תורה קען דאס געשען.

אינגלאך און מיידלאך מיט זייערע פאנדעלאך, אויף וועלכע עס איז אפגעדרוקט „שישו ושמחו בשמחת תורה", און אויף וועלכע עס איז

אַרויפגעשטעקט א קאַרטאָפעל אָדער גאָר אַן עפּעל און אין קאַרטאָפעל אָדער אין עפּעל איז אַריינגעשטעקט אַן אָנגעצונדען חלב'ן ליכטעלע, שטופּען זיך, קריכען אויף די בענק, אויף די שטענדערס, אויף די ווענט טומלען און ליאַרעמען און וואַרטען אויף דעם שעהנעם שמחת־תורה שפּיל.

חיים שמש, א געזונטער איד, מיט א הייזעריגער אָבער הויכער שטים, שטייגט אַרויף די טרעפּ צום ארון קודש און לאָזט אַרויס דעם ערשטען געשריי, וואָס דערהערט זיך אין שול איבער דעם גרויסען געפּילדער פון יונג און אַלט: „אליף התורני, ר' זעליג בר' משה הכהן, תן כבוד לתורה!" און דער ר' זעליג וואָס האָט פאַרמאָגט א שטאָט אויבען אָן, אין מזרח וואַנט פון שול, לאָזט זיך געהן צום ארון קודש איבערצונעמען דאָס ספר־תורה פון חיים שמש.

און איינמאָל, נאָכדעם ווי חיים שמש האָט אויפגערופען ר' זעליג בר' משה הכהן, האָט זיך פּלוצים דערהערט פון מערב זייט ביי דער טיר אַן אויסגעשריי: „קעפּ וועלען געשפּאָלטען ווערען ביי די, וואָס וועלען געהן מיט הקפות!" דאָס געשריי, וואָס האָט זיך דערהערט צווישען דער פריי־ליכער און שמחת־תורה'דיגער שטימונג, איז אַרויסגעלאָזט געוואָרען פון איצי מאיר סטאָליער, א יונג מיט ברייטע פּלייצעס און ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, איז ער ניט געווען אַליין אין דעם געוואַגטען שריט, וואָס האָט געמיינט חלול השם!...

אין שול האָבען געדאַווענט באַלעבאַטים, פאַרמעגליכע אידען, סוחרים, קרעמער, און אויך אידען אָרימע — בעלי מלאכות, וואָס האָבען פּשוט ניט פאַרדינט גענוג אויף פרנסה.

די בעלי מלאכות האָבען זיך געפילט געקריוודעט: באשר מען האָט זיי, די האָרעפּאַשנע מענשען ניט אָפּגעגעבען דעם כבוד וואָס זיי קומט. „פאַר דער תורה", האָבען זיי גע'טענה'ט, „זיינען אַלע אידען גלייך".

אַז עס איז געקומען צו די הקפות, אויסגערוט איז מען געווען און פריילין אויך — אפשר טאַקע דערפאַר, ווייל מען האָט איבערגעכאַפּט די מאָס אויך — האָט מען דערפילט, אַז מען איז מיט מענשען גלייך, און אַז איצט איז די צייט זיך אָוועקצושטעלען און צו פאָדערען גלייכהייט פאַר אַלעמען.

אין שול איז געווען איינגעפירט מקדמונים: אַז מיט די ערשטע זיבען הקפות האָט מען מכבד געווען באַלעבאַטים, שעהנע אידען... און דערנאָך ערשט גערופען די אָרימע און די בעלי מלאכות. דאָס האָט די אָרימע אידען און די בעלי מלאכות פאַרדראָסען און געברענט. און זיי זיינען נאָך יאָרען און יאָרען פון פאַרדרוס און ברענעניש אַרויס מיט א פּראָטעסט צו די הקפות. מיט איין וואָרט, זיי ווילען ניט קיין „ערשטע

זיבען" אַלע אידען זיינען גלייך ביי דעם איין־און־איינציגען גאָט. רופט מען צו די הקפות, זאָל מען רופען אָרים און רייך באַגלייך. ניטאָ קיין יחסנים פריער און גאָרנישטען צו לעצט!

אַז איצי מאיר איז אַרוים מיט זיין הויכען אויסגעשריי „קעפ וועלען געשפּאָלטען ווערען", האָבען זיינע אָנהענגער אויך ניט געשוויגען. מיט זייערע געשרייען האָבען זיי איצי מאיר'ן נאָך ווילדער געמאַכט. עס איז געוואָרען אין שול אַן איבערקערעניש.

אָנפאַנגס האָבען די באַלעבאַטים געשוויגען. אָבער באַלד האָבען זיי זיך אויפגעכאַפּט, דערזעענדיג אַז דאָס טאָר ניט פאַרשוויגען ווערען און גענומען שרייען נאָך העכער. עס איז געוואָרען פון דער גאַנצער שמחה אַ מישמאַש, אַ סומאַטאָכע.

עס האָט זיך אַזוי אָפּגערווישט אַ שטיקעל צייט. די ליכט האָבען אָנגעהויבען צאַנקען און מען איז שוין ניט געגאַנגען מיט די הקפות. מען איז זיך צעלאָפען פון דער שול. ווער אין אַן אַנדער מקום־קדוש און ווער גאָר אַהיים.

פון אָנפאַנג האָט עס אויסגעזעהן, אַז אין שוהל איז נאָר פאָרגעקומען אַן אינצידענט, וואָס וועט באַלד פאַרגעסען ווערען. עס איז אָבער אַזוי ניט געווען.

איך געדענק ווען מיין פאָטער, ע"ה, איז אַהיים געקומען פון שול נאָך די צעשטערטע הקפות, האָט ער אויסגעלאָזט זיין כעס און צאָרען אינגאַנצען אויף די קעפּ פון די באַלמעלאָכעס:

— אידען זאָלען אין אַ מקום קדוש, אין טאָג פון שמחת־תורה, אַזוינס דעראַרבייטען! אַזוינס באַווייזען! ווער האָט נאָך אַזוינס געזען? ווער האָט נאָך אַזוינס געהערט? פאַרטרייבען דאַרף מען זיי פון שול...

אין מאַרק אויף דעם פּלאַץ, וואו אידען פלעגען שטעהן אין רעדלאַך און אויפכאַפּען אַלע נייעסען פון דער וועלט, האָט מען זיך אין די עטליכע טאָג פון שמחת־תורה ביז שבת בראשית איינגעטיילט אין צוויי צדדים. די באַלעבאַטישע אידען אין איין צד און דער אַרבייטער־קלאַס אין צווייטען צד, און מען האָט זיך געגרייט צו עפּעס געוואַלדיגעס.

מען האָט צוזאַמענגענומען די קרעפטען, ווער עס קען שרייען הויך, ווייל שרייען איז ביי אידען אויך אַ מיטעל צום קאַמף, און ווער עס קען — טאַקע געבען קלעפּ אויך.

די צוויי צדדים, וועלכע האָבען זיך פאָרמירט אין דער קורצער צייט זיינען געשטאַנען ווי צוויי העגער איינער אַנטקעגען אַנדערען.

דאָס האָט געזאָלט פאָרקומען שבת בראשית. אי, ס'איז דאָך שבת בראשית! נו, וועט גאָט אידען מוחל זיין!

דער אָרימער קלאַס מיט די באַלמעלאָכעס בראש זיינען געווען מער פארביטערט, מער קאמפּסלוסטיג פון די באַלעבאַטים. זיי האָבען זיך באמת געקאָכט, געשריען מיט אַלע זייערע כחות: אז ס'וועט מער ניט זיין, ווי עס איז געווען ביז איצט, אז אין שול וועלען אַלע אידען זיין גלייך. עס וועט ניט זיין מער איין איד שענער פאַר'ן צווייטען! אַלע גלייך!

געקומען שבת בראשית. דאָס דאַווענען איז אָפּגעגאַנגען גלאַטיג ביז מען האָט ארויסגענומען די ספר־תורה צום לייענען. און ווידער האָט זיך דערהערט דער זעלבער אויסגעשריי פון זעלבען געזונטען יונג איצי מאיר סטאָליער — „קעפּ וועלען געשפּאָלטן ווערען ווען מען וועט לייענען די תורה! יעדער זאָל זיין גלייך פאַר דער תורה!" דאָס האָט ארויסגע־רופען נאָך מער געשרייען און געוואַלדען פון איצי מאיר'ס אָנהענגער.

די שעהנע אידען זיינען שוין מער ניט דערשראָקען געוואָרען. האָבען גענומען שרייען נאָך העכער:

— פארנעמט זיך פון אונזער שול! אַ סך האָט איר דאָ אריינגע־לייגט?! דעה זאָגער ווילט איר דאָ זיין?! ארויס'ט פון דאַנען!

און די קולות זיינען געווען עד לב השמים! ביז איינינע האָבען זיך טאַקע געכאַפּט געבען פּעטש. און אין אַלע פיר ווינקלען פון דער שול האָבען זיך גענומען קנוילען בינטלאַך אידען מיט טליתים אויף זיך, געריסען און געשטופּט זיך, דורס צו זיין איינער דעם אנדערען, געשריען מיט באַנומענע קולות... געשלאָגען האָט מען זיך טאַקע ווייניג, אָבער געסטראַשעט אַ סך... און אַזוי האָט איין איד דעם צווייטען גענאַרט מיט סטראַשונקעס, ביז עס איז אריבער די סומאַטאָכע און קיין הרוג איז ניט געווען צו געפינען...

דער איינציגער, וואָס האָט יאָ אָפּגעשניטען שלעכט, איז געווען דער שטאַרקער איצי מאיר. ווייל ווען עס איז געקומען צום געשלעג האָט ער געמיינט זעהר ערנסט: אז שלאָגען, איז שלאָגען... האָט מען אים טאַקע אונטערגעשלאָגען אַן אויג.

דער סוף איז געווען, דער „אוריאַדניק" מיט'ן „סאָצקי" זיינען אָנגע־קומען. ארעסטירט איצי מאיר'ן מיט'ן אונטערגעשלאָגענעם אויג, געפירט אים איבער'ן שטאָט צום פּריסטאַוו.

יונג און אַלט זיינען נאָכגעלאָפען. קיין איינציגער האָט ניט געהאַט קיין גוט וואָרט פאַר אים: אַ קליינינקייט, צעשטערט די הקפות און פאַר־שטערט דעם שבת קודש!...

ער איז געגאַנגען צווישען „אוריאַדניק״ און „סאָצקי״ מיט פעסטע טריט ווי אַ סאָלדאַט, שטאָלץ, דעם קאָפּ אויפגעהויבען, ווי איינער, וואָס האָט געזיגט, ניט פאַרלוירען...

כאָטש די באַלעבאַטים זיינען געוועזן די זיגער, האָבען זיי זיך אָבער געפילט באַליידיגט, און זיי האָבען איינציגווייז גענומען עמיגרירען פון שול אין די אַנדערע בתי מדרשים. ביסלעכווייז האָבען זיי זיך פון שול ארויסגעקליבען, ביז די שול איז כמעט געבליבען פאַר די ארבייטער אַליין, פאַר דעם אָרימען קלאַס, וואו יעדער האָט געזאָלט זיין גלייך פאַר גאָט און זיין תורה.



יוסף בײַר ישראל פעלד

# זכרונות פון אַ בית־מדרש׳ניק



ורכגעגאנגען די חדרים, אָנהויבענדיג מיט דעם ״דרדקי מלמד, אברהם בער־לייבס, פון אים צו לייב־פּאַליקס, צו יאָסי בערצעס, דודי חזן און אפשר צו נאָך אייניגע מלמדים, ענדיגענדיג ביי ר׳ בן ציון שליאָמעס, בין איך — צום פערצענטען יאָר — אָנגעקומען אין בית־מדרש אריין.

ווערענדיג אַ בית־מדרש׳ניק, האָב איך ווי עס איז דעמאָלט געווען דער מנהג צווישען די בחורים, פריער געמוזט דורכגעהן געוויסע צערע־מאָניעס. און די צערעמאָניעס זיינען געווען שווער דורכצומאכען, טאקע באמת שווער. היינו: אַ ניי־אָנגעקומענער בית־מדרש׳ניק האָט געמוזט דערלאַנגען אַ באַדייטענדע סומע „תקנה״. געמוזט זיך לחלוטין אונטער־וואַרפען צו דער עלטערער חברה, שוין פון לאַנג „תושבים״ אין בית־מדרש. געמוזט אומבאַדינגט פּאָלגען, ווען מען האָט געהייסען ברענגען אַ פלאַש וואַסער אַ טרונק צו טאָן, פּאָלגען אַזוי אַ גאַנג, וועלכער איז ניט אימער געווען אַנגענעם, און נאָך פילע אַנדערע זאַכען, וועלכע זיינען ניט געווען גאָר צום הארצען. אין מיינע צייטען איז אַ נייעם בית־מדרש־ניק ניט גאָר גרינג אָנגעקומען צו ווערען אַ פּאָלקאָמענער תושב אין בית־מדרש.

מיט מיר אָבער האָט זיך גראָדע געטראָפען אַ „נס״ (אויף אַ ווײַלע) וואָס האָט מיר פארשפּאָרט צו זיין אַ „נאָוואָבראַניעץ״ אין בית־מדרש־פּאָלק.

מיך האָט צוגענומען ר׳ ישראל־הירש צו לערנען צוזאַמען מיט זיין אייניקעל שלמה־לייב ישראל הירש׳ס. און מיר — ניטביידע — נאָר טאקע אַלע דריי, האָבען זיך אוועקגעזעצט און גענומען זאָגען „גמרא״. ווען איך זאָג — זאָגען גמרא, מיין איך עס פשוטו כמשמעו. און אַזוי האָבען מיר אַלע דריי, אין גאָר אַ קורצער צייט אָפּגעזאָגט גאַנץ „עירובין״,

„בבא בתרא" און נאָך אַ פּאָר מסכתות. אַזוי בין איך אויסגעלייזט גע־וואָרען פון די אומצאָליגע „מדורי גיהנום", וואָס איך וואָלט געמוזט געווען דורכמאַכען אַנקומענדיג אין בית־מדרש אַריין.

אַזוי זאָגענדיג די גמרא האָט מיך אָבער גענומען פּלאָגען, ווייל איך האָב ניט געזען קיין ציל אין אַזאַ לערנען. איך האָב אויך געוואוסט, אַז אַזאַ לערנען קען ניט באַפרידיגען מיין טאַטע־מאַמע — ישראל יאָסי נאַמנ'ס ע"ה און גיסי־רחל לאה'ס זאָל געזונט זיין. כאָטש זיי זיינען געווען גרויסע קבצנים, האָבען זיי דאָך געשטרעבט, אַז וויינינגסטענס זייער עלטסטער זון זאָל זיין אַ יודע ספר.

איך האָב דערזען, אַז גמרא דאַרף מען לערנען און ניט בלויז זאָגען. איך האָב זיך אָבער שוין פון ר' ישראל־הירש'ן ניט געקענט אָפּטשעפּען. דערצו האָט שלמה מיר געבראַכט יעדען טאָג אַן אַנדער מין צוקערקע און טאַקע די שפתי חלקות פון דעם אַלטען זיידען האָבען מיך ניט געלאָזט שיידען זיך פון זיין אייניקעל. ביז השי"ת האָט זיך איבער מיר מרחם געווען און עס איז מיר ווידער געשען אַ „נס".

איינמאָל בין איך געקומען אַהיים עסען אָנבייסען, זאָגט מיר מיין פאָטער, ע"ה:

— זון מיינער! דו וועסט שוין אוים בית־מדרש'ניק...

בין איך זעהר דערשראָקען געוואָרען: וואָס הייסט עפּעס, גאָר פּלוּ־צים אוים בית־מדרש'ניק? איך וויים דאָך נאָך אפילו ניט קיין סימן פון הלכות בית־מדרש און דאָ, נאַ דיר גאָר — אוים בית־מדרש'ניק!

דערזעענדיג, אַז איך בין געבליבען זיצען אַזוי געפּלעפט און דער־שראָקען מיט מויל און אויערען אָפען, האָט מיך דער טאַטע באַלד באַ־רוהיגט, ערקלערענדיג מיר, אַז ר' לייב שוחט וויל, איך זאָל לערנען ביי אים אין שטוב מיט זיין יחיאל'ן. דער פאָטער האָט מיר געגעבען צו פאַר־שטעהן, אַז ער האָט שוין מסכים געווען דערצו און אַז איך מוז אים אויס־פאָלגען. וואָס האָב איך, אַ חדר אינגעל, געוואוסט? זאָגען דעם טאַטען ניין? האָב איך אויך מסכים געווען דערצו און טאַקע באַלד מודיע געווען ר' ישראל־הירש'ן און עס איז געוואָרען צווישען מיר און שלמה'ן אוים שידוך.

ביי ר' לייב שוחט האָבען מיר אָנגעהויבען לערנען די מסכתא „חולין". דאָ איז געווען פּונקט דער היפוך פון מיין פריערדיגען לערנען, היינו: פון איינס אַזייגער בייטאָג ביז פינף פאַרנאַכט האָבען מיר קוים אָפּגע־לערענט אַ דף פון דער מסכתא, ווייל ר' לייב שוחט האָט געוואָלט זיין זעהר שאַרף אין לערנען מיט אונז, כאָטש ער איז געווען פון גאָר די שוואַכע לערנערס אין שטאָט. ניט נאָר יעדע שורה, נאָר אפילו יעדעס וואָרט האָט

ביי אים געמוזט ארומגערעדט ווערן און גוט דורכגעקייעט ווערן, אַ־ניט, איז מען ווייטער ניט געגאַנגען.

מיר האָט דאָס גראַדע ניט געשאַדט, ווייל איך האָב געהאַט אַ גוטע תפיסה. איך האָב באַלד איינגעזען, ווען ר׳ לייב לערענט שלעכט אַ פשט און האָב אים טאַקע ניט דערלאָזט צו פאַרפירען אונז.

איינמאָל האָבען מיר אַלע דריי אַזוי געלערענט און ווי געוויינליך איז ר׳ לייב געווען פון די ראשי המדברים. ער האָט זיך געזאָגט זיין פשט, איך האָב אָבער געזען אַז ער קריכט אויף די גלייכע ווענט. האָב איך זיך ניט געלאָזט אַראָפּפירען פון גלייכען וועג. עס איז געקומען צו אַ גרויס שפּאַרעניש — ער זאָגט אַזוי, זאָג איך אַנדערש און צו קיין טאָלק איז מען טאַקע ניט געקומען. וואָס־זשע טוט מען? בלייבט אַז מען באַדאַרף האָבען אַ דריטען מענשען ער זאָל מכריע זיין. האָב איך געבראַכט דעם אַלטען ר׳ הירש־שמואל׳יקס, ע״ה. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. ר׳ לייב האָט ניט געוואָלט נאָכגעבען. דערווייל איז אַזוי אוועק צוויי טעג. בין איך געפאַלען אויף אַ שכל: אַז מיר זאָלען נעמען גראַדע אַ יונגענמאַן, וואָס איז נאָר עטוואָס בקי אין לערנען און ווי ער וועט פסק׳נען, אַזוי זאָל בלייבען.

ר׳ לייב׳ן מיט יחיאל׳ן איז געפעלען געוואָרען מיין איינפאַל. וואו אָבער נעמט מען אַזאַ יונגענמאַן? וועמען זאָל מען נעמען? אַזוי טראַכטענדיג, עפענט זיך די טיר און עס שטעלט זיך אריין מעכיל־מאיר שמואל׳ס מיט אַ קעלבעל צו שעכטען. שרייען מיר אויס: אָט האָבען מיר דעם ריכטיגען יונגענמאַן.

מעכיל איז געבליבען שטעהן אביסעל דערשראָקען. ווען מיר האָבען אָבער קלאָר געמאַכט פאַר אים אין וואָס עס האַנדעלט זיך, האָט ער מיט גרויס חשק אָנגענומען אונזער פּלאַן און טאַקע תיכף זיך געזעצט צום טיש און פאַרגעסען אָן קעלבעל...

ר׳ לייב, דער ערשטער, זאָגט זיך זיין פשט און מעכיל אָהן פיל טראַכטען, אַ מסיח לפי תומו, האָט באַלד געזאָגט:

— ר׳ לייב! איר זאָלט מיר מוחל זיין, איר לערענט זעהר שלעכט. ניט אַזוי איז דער פשט.

דערהערענדיג דאָס, ווען אפילו עס קומט פון מעכלען — בין איך, דער 14־יאָריגער בחור, ארויס מיט לשון און מעכיל האָט צוגעלייגט קאָפּ. ווי נאָר איך האָב פאַרענדיגט מיין זאָגען, שרייט מעכיל אויס:

— ריכטיג! דאָס איז דער ריכטיגער פשט.

מיט דעם ענדיגט זיך דער „אנעקדאָט" וואָס איז איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל צווישען די בית־מדרש׳ניקעס.

נאָך דעם בין איך ביי אַלעמען געוואָרען געהאַרט און געקרוינט. ר׳ לייב האָט מיך זעהר ליב באַקומען. מיין פאָטער, ע״ה, און די מאַמע, זאָל געזונט זיין, האָבען אויך נחת געהאַט פון מיר. איך בין געוואָרען אַ גאַנצער בן בית ביי ר׳ לייב׳ן אין שטוב, דאָרטען געגעסען און געטרונקען און טאַקע געלערענט אויך.

ווען ר׳ לייב איז געווען פאַרנומען אין „באַינע״ אָדער ערגעץ אויף אַ ברית (ער איז אויך געווען דער „מוהל״ אין יענע צייטען) זיינען מיר אַוועק לערנען אין בית־מדרש.

איך בין געוואָרען אַ יחסן. די גרויסע בחורים האָבען מיר שוין ניט געטשעפּעט. אפילו אהרן שמש, ע״ה, וואָס איז געווען דער שטרענגער דיקטאַטאָר פון בית־מדרש, אפילו ער האָט דרך ארץ געהאַט פאַר מיר און שוין אויך פאַר מיין חבר יחיאל דעם שוחט׳ס. ביי דער נאַכט האָט ער אונז דערלאַנגט צום ערשטען אַ גאַנץ גראָשעדיג ליכטעל מיט יראת הכבוד, וואָס דאָס איז געווען אַן אויסנאַם, ווייל אַלע אַנדערע בחורים פלעגען באַקומען בלויז אַ דענושקאַווע ליכטעל.

אונזער בית־מדרש איז דעמאָלט געווען ווי אַן אמת׳ע ישיבה, נאָר אָהן אַ ראש־ישיבה און אָהן „עסען טעג״.

די בחורים, די יונגע און די עלטערע, זיינען באמת געווען די באַלע־באַטים פון בית־מדרש. די עלטערע בחורים, געוויינליך, האָבען געהאַט מער דעה. אויף אונז, אינגערע, האָט מען אויך געקוקט מיט דרך ארץ און טאַקע אויך אַביסעל מורא געהאַט פאַר אונז, ווייל מיר, די אינגערע, האָבען זיך געהאַלטען מער צוזאַמען ווי די עלטערע. דערפאַר האָט מען זיך געמוזט רעכענען מיט אונז.

ר׳ אהרן שמש — ווי אַן אמת׳ער „צאַר ניקאָלאַי״ — האָט געפירט דעם בית־מדרש „ביד חזקה״. די באַלעבאַטים זיינען געווען צווישען צוויי פייערען. פון איין זייט — די בחורים, מיט וועמען זיי האָבען זיך געמוזט רעכענען און טאַקע געמוזט מורא האָבען פאַר זיי — אַ קשיה אויף אַ מעשה: וואָס די הולטייעס קענען אָפּטאָן! — און פון דער צווייטער זייט — אהרן שמש, וואָס איז געווען אַ „מלך בקיפה״. פאַרוואָס אידען אין בית־מדרש האָבען מורא געהאַט פאַר אים, און אין וואָס איז געלעגען זיין שטאַרקייט — ווייס איך עד היום ניט.

מיר האָבען זיך צוגעוואוינט צום בית־מדרש. דער בית־מדרש איז געוואָרען אונזער היים. מיר זיינען איבערגעלינגען אין אים.

מיין שותף, יחיאל דעם שוחט׳ס, איז ניט געווען פון די גרויסע מתמידים. דערצו נאָך האָט ער געהאַט אַ שוואַכען קאָפּ צום לערנען. קיין תפיסה האָט ער גאָר ניט געהאַט. און כאָטש ער איז געווען אַ בן־יחיד,

פלעגט אים זיין פאטער, ר׳ ליב, שלאגען אהן רחמנות. און אז די מוטער, הינדע־ריסיע, האט זיך אמאל אריינגעמישט אין מיטען, ווי א מאמע, געוויינליך, האט ר׳ לייב, וואס האט פארמאגט א געשליפען צינגעל, זיך ניט געפוילט און דערפאר איר דערלאנגט א היבשע פארציע פון די „ברכות", וועלכע געפינען זיך אין אונדזער הייליגער תוכחה . . .

צו שלום־בית האט דאס געוויס ניט געהאלפען. דאך איז יענע שטוב געווען א גן עדן פאר מיר: ביי לייב שוחט איז געווען גענוג אויף זאט אפצועסען. הינדע־ריסיע האט ניט געזשאלעוועט קיין הייטער, מילץ, געבראטענע קישקע און דאס גלייכען. די מילצען מיט די הייטערס און די קישקעס האבען באלאנגט צו די שוחטים. איז טאקע געווען אין שטוב וואס צו עסען. די שלש־סעודות׳ן מיט די מלוה מלכות זיינען געווען גאר אויסערגעוויינליך.

רוחניות האט אונז דארט אויך ניט געפעלט. מיר האבען טאג און נאכט געלערענט און זיך גע׳פלפול׳ט אין דער וועלט אריין.

מיר האט זיך אבער צוגעגעסען אזא לעבאכץ. יענע שטוב איז מיר פלוצים ענג געווארען, און אין א שעהנעם טאג האב איך זיך אפגעזאגט פון דער גאנצער גדולה און בין אוועק אינגאנצען אין בית־מדרש אריין, און טאקע געווארען דארט א שטענדיגער תושב.

אין בית־מדרש האב איך זיך צוזאמענגעפארט מיט שכנא לייב קנאבעל׳ס פייערמאן, און טאקע אויף לאנגע יארען. שכנא איז געווען א גרויסער מתמיד. דערצו פלעגט ער קויפען נייע און שעהנע ספרים און אפילו משכיל׳ישע ביכלאך אויך. זייענדיג שוין פון די גרעסערע בחורים, האבען מיר אויך אויסגעשריבען דעם „הצפירה". מיט דעם האבען מיר זיך גאר אנגעהויבען אנזען אין בית־מדרש.

צווישען די גרויסע בחורים האבען זיך דעמאלט געציילט: הירשל און דודי יעקעל־עטיטשקעס, בן־ציון משה־חיים שמואל׳ס, מרדכי דעם רב׳ס, בנימין דער מרדכי יואל׳כעס און נאך אנדערע, וועמענס נעמען איך האב שוין פארגעסען. עס האבען זיך אויך, צווישען די גרויסע בחורים, געפונען עטליכע פארהייראטע יונגעלייט, און צוזאמען מיט זיי האבען מיר געפירט די בית־מדרש מלוכה.

די גרויסע בחורים האבען באפוילען, און די קליינע: פנחס בן־ציונ׳ס, פנחס הירש־שמואל׳יקס, שמואל מאיר קאשטעניקס, איציק משה־סטאליער׳ס און די איבעריגע, וועמענס נעמען איך הויב שוין ניט אן צו געדענקען, — האבען געמוזט אויספאלגען. דאך איז אלץ צוגעגאנגען אויף א פיינעם אופן.

די גרויסע בחורים האָבען באַפוילען די אינגערע, אַז זיי מוזען אַריינ־ברענגען נייע ספרים אין בית־מדרש. אויף נייע ספרים דאַרף מען דאָך אָבער האָבען געלט. איז וואו נעמט מען געלט? האָט מען באַשלאָסען צו קויפען ווייבערשע ספרים, היינו: אַ קרבן־מנחה, אַ צאינה וראינה, צום פלעטען — פינף און צוואַנציג קאָפּיקעס אַ פלעט. אַ סך באַלעבאָסטעס האָבען אונז אויפגענומען בסבר פנים יפות. איינינע אָבער האָבען זיך געקווענקעלט, אָדער טאַקע ניט געוואָלט נעמען קיין „פלעט". מיט אַזעלכע האָבען שוין די חברה בית־מדרש'ניקעס געוואוסט וואָס צו טאָן — ומלאך רע בע"כ יענה אמן...

איך געדענק נאָך, ווי היינט, ווי איך מיט פנחס בן ציונ'ס זיינען אַריין צו יאַנקעל מעלער'ס און ער האָט טאַקע ניט געוואָלט נעמען קיין פלעט. האָבען מיר זיך ניט איבערגעשראָקען און אים געוואָרענט, אַז ער וועט שלעכט אָפּשניידען אין בית־מדרש. ער איז געוואָרען אין כעס און אונז אפילו אַרויסגעטריבען פון שטוב. מיר, קונדייסים, האָבען זיך ווייטער ניט דערשראָקען און פאַמעלאַך זיך געלאָזט אַוועקגעהן. ער האָט אונז במחילת כבודו צוריקגערופען און גענומען פאַר פינף און צוואַנציג קאָ־פּיקעס אַ פלעט, נאָר בתנאי, אַז מיר זאָלען קיינעם ניט דערצעהלען.

מיר האָבען אויף דעם פלעט געאַרבייט ווי די בינען. ס'האָט דאָך וויינ־ציג אַריינגעבראַכט. האָבען מיר געמאַכט אַן אסיפה און באַשלאָסען: אַזוי ווי עס גֹעהט ר"ח אלול זאָל מען זיך אַרויסלאָזען אויף דעם הייליגען אָרט און מאַכען „אל מלא רחמים'ס". אי, דאָס באַלאַנגט צו דוד חזן, און ער איז אַ קבצן אויף דריקעס, נו, זאָל עס אים אַרען...

געזאָגט און געטאָן. ניין פאַרלאַך האָבען זיך אַרויסגעלאָזט איבער אַלע קברים און פאַר דעם חזן איז שוין ווינציג־וואָס געבליבען.

מיר האָבען אויך געמאַכט מנינים אום שמיני עצרת און שמחת תורה און דאָס אַלעס האָט אונז אַריינגעבראַכט קנאַפּע צוויי הונדערט רובעל...

האָבענדיג אַזאַ מאַיאָנטעק, האָבען מיר געשריבען קיין ווילנע. פון דאָרט האָט מען צוגעשיקט טייערע ש"ס'ן, משניות'ן און עין־יעקב'ס און נאָך אַנדערע טייערע ספרים. הכלל, מיר האָבען באַשיינט דאָס בית־מדרש. צווישען אונזערע בית־מדרש אידען זיינען מיר געוואָרען גאָר דערהויבען. מען האָט אויף אונז געקוקט מיט גרויס דרך ארץ...

מיר האָבען אויך איינגעפירט אַז ווען אַ פעלשטינער באַלעבאָס מאַכט חתונה זיינע אַ טאָכטער און ברענגט דעם איידעם אין בית־מדרש אַריין, מוז ער געבען „תקנה" און טאַקע אַ היבשע סומע אויך.

טרעפט זיך, אַז ר' שלמה בנימינ'ס ברענגט, מיט מזל, אַן איידעם צו אונז אין בית־מדרש אַריין און וויל נאָר געבען פופציג קאָפּיקעס

תקנה־געלט. מאכען מיר א שוויג. אויף מארגען קומט אריין ר׳ שלמה מיט א געוואלד: שקצים! איר וועט עס מאכען א תל פון מיין איידעמס טוליפ? ! אבער, כאשר בא כן הלך. מען האט אים נאך געמאכט א הורא.

אויף מארגען איז ר׳ שלמה ווידער דא אין בית־מדרש, שוין ניט אזוי אין כעס ווי נעכטען, אבער מיט מער תקיפות: ער וועט ברעכען ביינער! האבען מיר אים אויסגעלאכט. דערנאך האט ער זיך שוין גע־בעטען ביי אונז: ער וועט געבען א רובעל. מיר אבער ווילען שוין דריי רובעל. איז ער ווייטער אוועק מיט ירגזון. אויף מארגען: ויבוא המן! ער איז ווייטער דא, און גיט שוין צוויי רובעל. אבער לא! הכלל, ער גיט שוין דריי רובעל. חברה אבער וויל שוין פינף רובעל. דער סוף איז געווען, ער האט זיך ביי חברה אפגעבעטען פאר פיר רובעל און נאך גענעבען אויף בראנפען מיט הרעטשענע פלעצלאך און עס איז געווארען שלום ושלוה.

אזוי איז אוועק א שעהנע פאר יאר. ד ער בית־מדרש האט זיך געפירט אויף׳ן בעסטען אופן. אהרן שמש האט געהאט נחת־רוח און דערלאנגט די גרעסטע ליכטלאך. עלטערע בחורים האבען חתונה געהאט. א סך פון זיי זיינען אוועק אין „דינסט״. עס זיינען צוגעקומען אינגערע בחורים, באצאלט זייער „תקנה״ און עס איז געווען אלס כשורה.

ויהי היום, און וואו „ויהי״ איז דאך א צרה — האבען מיר גאר פלוצים באקומען אן אולטימאטום פון די בני בעלי־מלאכות בזה הלשון: איר, בית־מדרש׳ניקעס, וואס א גאנצע וואך איז דער בית־מדרש אייערער, זאלט זיך פארנעמען פון דארטען שבת בייטאג און אינגאנצען אים איבער־לאזען צו אונז, אויב ניט ,וועלען מיר ברעכען ביינער!...

האבען מיר באלד געמאכט אן אסיפה און באשלאסען פאר קיין פאל ניט דערלאזען דערצו. וואס טוט מען אבער, אז די באלעבאטים שלאפען שבת בייטאג און קענען אונז ניט ארויסהעלפען? האבען מיר באשלאסען אויסצוקעמפען די מלחמה גאנץ אליין.

הכלל, מען מוז זיך צוגרייטען. מיר האבען צוזאמענגעשטעלט אונ־זער „ארמיי״.

אירע יוזפ׳ס האבען מיר געמאכט פאר אונזער הויפט־גענעראל. ער איז געווען א יונג מיט ביינער, שטארקער פאר אונז אלע און אויך מיט פיל מער מוט.

שבת בייטאג, תיכף נאכ׳ן קוגעל, זיינען מיר זיך צונויפגעקומען אין בית־מדרש. יעדער בחור האט איינגעוויקעלט א לייכטער אין א האנטוך און געווארט אויף דעם שונא.

מיר האָבען ניט באַדאַרפט וואַרטען צו־לאַנג. אַלע מיטאַמאָל זיינען זיי אַריין אין פּאָליש און אַ געשריי געטאָן:

— וואָס טוט איר דאָ?! אַרויס'ט פון דאַנען! אייער דעך זאָל זיך דאָ ניט געפינען!...

— חברה, וואָס שווייגט איר?! — האָט אירע יוזפ'ס געגעבען אַ קאָמאַנדעווע, און מיר האָבען זיך אַ לאָז געטאָן אויף זיי.

זייער אָנפירער איז געווען שלמה מעכיל קעצעלע. ער האָט דער ערשטער געכאַפּט אַ כמאָל מיט אַזאַ האַנטוך אַז ער האָט באַלד פאַרגעסען וואו ער איז אין דער וועלט. די איבעריגע האָט מען אויך דערלאַנגט, ווי עס באַדאַרף צו זיין, אַז זיי זיינען קוים אַרויס לעבעדיגע פון פּאָליש...

דעם צווייטען שבת זיינען זיי ווידער געקומען אַרויסטרייבען די בית־מדרש'ניקעס פון זייער בית־מדרש און שוין אויך מיט כלי זיין, אָבער אירע יוזפ'ס קאָמאַנדע האָט ווידער געזיגט. דעם זעלבען סוף האָבען זיי באַקומען אויך דעם דריטען שבת, אַז זיי האָבען פאַרזאָגט קינדס־קינדער ניט צו פאַרטשעפּען זיך מיט אונזערע בית־מדרש'ניקעס.

מיט יאָרען שפּעטער, ווען שלמה מעכיל איז געקומען פון דינסט צו־גאַסט אַהיים מיט אַ שעהנעם מונדיר, מיט שפּאָרען אויף די שטיוועל, מיט אַ שווערד ביי דער זייט און אַ שעהנער סאָלדאַט איז ער טאַקע געווען, האָט זיך אים נאָך דאַן פאַרוואָלט נעמען נקמה פאַר יענער מלחמה. ער האָט אָבער אויך דעמאָלט געקראָגען געבראָכען די ביינער. דער סאָלדאַטסקער יחוס איז אים אויך ניט בייגעשטאַנען אין דער מלחמה מיט די בית־מדרש'ניקעס.

נאָך דעם איז אין בית־מדרש געווען שטיל אַ לאַנגע צייט. אַלץ האָט זיך געפירט אין דער בעסטער אָרדנונג.

שחריתים האָט געדאַוועגט איצי שוחט, אַמאָל אויך ר' ישראל הירש און לייב שוחט, (שוין אַלע אויף דער אמת'ער וועלט). מוספים האָט געדאַ־וועגט אברהם יהודה, ע"ה. די בחורים האָבען אַלץ געהאַט די אויבער־האַנט אין בית־מדרש און ביי יעדער געלעגענהייט געזאָגט אַ דעה.

אין שטעטעל זיינען עטליכע באַלעבאַטים געוואָרען „יורדים" און האָבען ניט געהאַט צו באַצאָלען זייערע נדרים צו אהרן שמש, און אהרן שמש האָט זיך מיט זיי געוואָלט אָפּרעכענען. דערוויסט האָט מען דאָס זיך דערפון, וואָס זעליג מאַליעס פלעגט פון אַלע יאָרען האָבען ראש השנה שלישי און אויך שעהן מנדר זיין און טאַקע אויך באַצאָלען דעם גאַנצען נדר. טרעפט זיך אָבער, אַז איין יאָר האָט זעליג מאַליעס ניט געהאַט צו באַצאָלען דעם נדר, און אהרן שמש גיט אים מער ניט דעם ראש השנה'דיגען שלישי. האָט זעליג אָנגעמאַכט אַ געוואַלד, ממש גע־

וויינט ווי א קליין קינד: ס'טייטש, וואס איז? ס'איז שוין הפקר די וועלט?!... באלעבאטים האבען זיך גענומען קאכען, באשולדיגט אהרן שמש, אז די גאנצע הכנסה פון בית־מדרש פאלט אריין צו אים אין די הענט. און די בית־מדרש בחורים האבען אויך ניט געשוויגען. עס איז געווארען א גאנצע סומאטאכע, אזוי אז אהרן אליין האט שוין חרטה באקומען אויפ'ן גאנצען עסק. ער האט זיך אבער ניט געוואלט אונטער־געבען. זיין שטאלץ און עקשנות האט אים פשוט ניט דערלאזט זיך אונ־טערצוגעבען.

מרדכי יוזפ'ס, ע"ה — דער בעל קורא פון ביתמדרש מיט אברהם יהודה'ן, ע"ה, און נאך עטליכע באלעבאטים,האבען אנגעהויבען צו רע־וואלטירען...

דעמאלט האט אהרן שמש אויסגעלאזט זיין ביטער הארץ צו די בית־מדרש־בחורים, גענומען דערקוטשען זיי, ניט געוואלט געבען קיין ליכטלאך, ווען מען האט באדארפט — עס זיינען אפילו שוין דעמאלט בליץ־לאמפען געווען אין בית־מדרש — א ליכטעל האט אבער יעדער באדארפט האבען אויף זיין שטענדער. איז וואס־זשע טוען די בית־מדרש־בחורים? מאכט מען אן אפרייד ארויסצוציען זיך פונ'ם בית־מדרש אין קלויז אריין. גע־זאגט און געטאן. מען האט איבערגערעדט מיט די קלויז באלעבאטים. זיי זיינען געווען צופרידען, האבען אונז אויפגענומען מיט אפענע ארעמס.

אלץ איז געווען גוט. וואו נעמט מען אבער ספרים? אביסעל ספרים האבען זיך געפונען אין קלויז. ס'איז אבער געווען ווייניג. האט מען גענומען קלערען און אזוי זיך דערוואוסט, אז ביי משה־שרה'קעס געפינען זיך ספרים פון קלויז. איז מען אוועק צו אים אין קלייט אריין און אים דערצעהלט וועגען וואס עס האנדעלט זיך.

ער האט גלייך איבערגעלאזט די קלייט און איז אוועק מיט אונז צו זיך אהיים, ארויפגעקלעטערט אויפ'ן בוידעם און פון דארט אראפגעשלעפט ש"ס און נאך אנדערע ספרים — געגוג פאר אן אנהויב. און אזוי זיינען מיר, בית־מדרש'ניקעס, אריבער אין קלויז און געווארען „קלויזניקעס".

די ערשטע צייט האט זיך אונז דארטען געלעבט גוט. מען האט אונז געבעטען צוריק אין בית־מדרש אריין. מיר האבען אבער געזאגט לא! ביז — קפיץ עלינו רגזו של משה שוחט.

משה שוחט האט אין בית־מדרש ניט געקענט געוועלטיגען, ווייל דער רב ר' ישראל קיטעווער, ז"ל, איז דארט געווען און פיל פון משה'ס חסידים האבען זיך געפונען גאר אין קלויז. האט ער זיך זעהר געוואלט אריינכאפען אין קלויז אריין און געווארט אויף א געלעגענהייט. די גע־לעגענהייט איז געשאפען געווארען אן ערב ראש השנה.

די הויפט באַלעבאַטים פון קלויז האָבען אים צוגענומען פאַר בעל תפילה. נו, מילא, האָט ער געדאַווענט ראש השנה און יום כפור. ער איז שוין אָבער פאַרבליבען ביז איבער אַלע ימים טובים. ס'איז שוין נאָך סוכות, משה שוחט געהט ניט. האָבען די בחורים אָנגעהויבען אביסעל אונטערצורעדען און פרעגען דרייסטע שאלות. אָבער אין קול ואין עונה. און אַזוי איז דערווייל אַוועק דער ווינטער.

עס זיינען אפילו פאָרגעקומען קליינע צוזאַמענשטויסען צווישען די באַלעבאַטים און די בחורים. צו קיין ערנסטען צוזאַמענשטויס האָט עס אָבער נאָך ניט דערפירט. ביז עס איז אָנגעקומען אסתר תענית.

מען דאַרף לייענען די מגילה. יעקב סופר, איצי שוחט'ס איידעם, איז געווען דער שטענדיגער בעל קורא. דאָס מגילה־געלט האָט געהערט צו אים: ער האָט עס נעבאָך זעהר באַדאַרפט האָבען.

פּלוצים טוט ר' גרשון פאַסציוועס — דער שענסטער באַלעבאָס אין קלויז — אַ געשריי:

— ר' משה, געהט אַרויף לייענען די מגילה!

איז משה ניט פויל, און איז שוין אויפ'ן בעלעמער. יעקב סופר איז געבליבען שטעהן ווי אָפּגעגאָסען מיט הייסן אָקרופּ. און משה מישט די מגילה.

מיר, בחורים, זיינען דאָך שוין פון לאַנג געווען אָנגעצויגען אויף משה שוחט. דערצו נאָך האָבען מיר געוואוסט, אַז ער איז געוואָרען שוחט ביי אונז אין פעלשטין כמעט ווי דורך אַ שווינדעל... גערעדט האָט מען אין פעלשטין, אַז זוסיע סטערניעק, דער בעל־טאַקסע פון שטאָט, האָט געהאַט אַ סכסוך מיט די שוחטים, באשר זיי האָבען געוואָלט אַ הוספה אויף זייערע שכירות. האָט זוסיע אויסגעמאַכט אַ פּאַפּיר, אויסגעשטעלט חתימות פונ'ם גאַנצען ערב רב, גענוג אין צאָל, און איז מיט חתימות אַוועק צו ר' חיימ'לען דעם זינקאָווער, ז"ל. ר' חיימ'על, דערזעענדיג חתימות פון אַזויפיל באַלעבאַטים, האָט זיך פיל ניט מיישב געווען און אַריינגעשיקט משה'ן פאַר שוחט קיין פעלשטין. און עס איז געווען פאַר־פאַלען...

דערצו האָבען מיר נאָך געוואוסט, אַז משה וויל נאָך דורך אַזעלכע דריידלאַך אויך פאַרנעמען דעם כסא הרבנות ביי אונז אין פעלשטין. האָבען מיר זיך אַוועקגעשטעלט ביים בעלעמער פון ביידע זייטען און אויסגעשריען: — ר' משה! אַראָפּ פון בעלעמער!

עס איז געוואָרען אַ סומאַטאָכע... באַלעבאַטים זיינען צוגעלאָפען מיט גרשון פאַסציוועס בראש און זיך געוואָלט נעמען צו אונז. האָבען

מיר ווייטער אויסגעשריען: — ווער עס וועט צוגעהן צום בעלעמער וועט אוועקגעהן מיט א צעשפּאָלטענעם קאָפּ!

און באַלעבאַטים האָבען זיך טאַקע דערשראָקען... זיי האָבען שוין געוואָלט נאָכגעבען: אז דאָס מגילה־געלט זאָל געהן צום בעל קורא, נאָר לייענען זאָל משה. עס איז אַזוי אַוועק אַ פּאָר שעה. דער עולם איז געוואָרען פּשוט הונגעריג און דאָ שטעהען מיר און רירען זיך ניט פון אָרט, ווילען גאָר ניט נאָכגעבען. די באַלעבאַטים שטימען שוין איין, אַז יעקב זאָל לעהנען די מגילה אויך. מיר אָבער זאָגען — לאָ!

— וואָס ווילט איר, שקצים? ! — הערען זיך קולות איבער דער קלויז.

אונזער ענטפער איז געווען: — מיר ווילען, אז משה שוחט זאָל אַוועק פון קלויז איינגאַנצען!...

באין ברירה האָבען זיי קוים גע'פּועל'ט ביי אונז: אז משה זאָל ארונטער פון בעלעמער און פון מאָרגען אָן זיך מער אין קלויז ניט געפינען. און אַזוי איז טאַקע געווען.

ב"ה, יום א' לסדר משפטים, שנת תרצ"ה, 27טען פעברואר, 1935.

טייערע און טייערע קאמיטע, פון „זאמעל־בוך" פון פעלשטינער פאראיין, מיט איר, מיין טייערען סעקרעטאר, מר. יונה באום, שלום.

מיינע טייערע:

איך שיק אייך דעם מאנוסקסיפט: "דרייסיג יאר רבנות פון ר' ישראל קיטיוועד אין פעלשטין". ס'איז זעהר נויטיג און ווינשענסווערט צו פאראייביגען אין אונזער זאמעל־בוך דעם, אונז אלעמען באליבטען נאמען, פון אזא גרויסען זון, פון אונזער חרוב געווארענעם שטעדטעל פעלשטין.

איך וויל אייך בעטען, איר זאלט מיר שרייבען ענטפער, צי איר האט דעם מאנוס־קריפט ערהאלטען, און וואס איר האט בדעה צו טאן מיט אים. איך וויל אייך בעטען, ווען דער בוך וועט ערשיינען פון פרעס, זאלט איר שיקען אן עקזעמפליאר, דעם קאסט פון דעם וועל איך אייך באלד אפשיקען „סי א די".

בלייבט אלע געזונט און גליקליך, אלע ,אלע פעלשטינער, ווי ס'ווינשט אייך אייער בעסטער פריינט,

שמואל לאנדוי, קליוולאנד, אחייא

שמואל לאַנדוי

# דרייסיג יאָהר רבנות

## פון הרב הגאון ר' ישראל קיטובר פון פעלשטין



רום זעכציג יאָהר צוריק, ווען שווערע וואָלקענס פון אונוויסענהייט און פאַנאַטיזם האָבען זיך געקנוילט אונטער די היטלען איבער דער אידישער יוגענד אין די אוקראַינער קליינע שטעדטלאַך, האָט זיך דורך אונזער פעלשטינער פאַרוואָלקענטען הימעל דורכגעריסען די שיין פון א העל־לויכטענדען שטערען. דער שטערען האָט געפינקעלט און גערופען די אידישע יוגענט נאָכצוגעהן נאָך זיין ליכטיגקייט, אַרויפצוגעהן אויף דעם וועג, אויף וועלכען תורה מיט חכמה געהען געאַרעמט, אום די יוגענט זאָל פון בײדע גלייך געניסען און האָבען א פּנים מיט מענשען גלייך. אָט דער שטערען איז געווען הרב ר' ישראל קיטובר זכר צדיק לברכה, וועלכער האָט אין יאָהר 1880 (שנת תר"ם לפ"ק) אָנגענומען דאָס רבנות ביי אונז אין פעלשטין.

ר' ישראל איז געוועזען טאַקע אונזערער א פעלשטינער פּראָדוקט. צוויי ליכטיגע זונען, צוויי פייערדיגע זיילען האָבען אַראָפּגעשטראַהלט פון הימעל צו זייער פאָטער, דעם פעלשטינער בעל הבית, איצק דוד דער זייגערמאַכער: ר' ישראל און זיין עלטערער ברודער, ר' שבתי (זכר צדיקים לברכה). זיי זיינען געבוירען און אויפגעצויגען געוואָרען אין פעלשטין. אונזער אַלטער איינגעהויקערטער בית־מדרש, מיט זיין הרובע אָפּגעריבען דורך מתמיד'ישע פּליצעס, דער פון אַלטקייט פאַר'חושכ'טער אָבער ליבער בית־מדרש, וואו צעצוויגטער שפּינוועבס איז אַראָפּגעהאַנגען פון דער סטעליע — האָט די דאָזיגע צוויי ברידער געהאַלטען טאָג־ווי־נאַכט ביי דער גמרא און ביים יורה־דעה. עפּעס אַזוי ווי צוגעקייטעלט צו זייערע שטענדערס, פלעגען זיי שטענדיג זיצען אָדער שטעהן און לערנען. דאָרטען האָבען זיי זיך געגרייט צו ווערען גאונים וגדולי ישראל. און אַזוי איז טאַקע געווען: ר' ישראל און זיין עלטערער ברודער, ר' שבתי, זיינען אַרויס פון אונזער

בית־מדרש און האָבן גע'שמ'ט איבער גאַנץ אוקראַינע פאַר די גרעסטע גאונים.

איז אָבער געווען א גרויסער אונטערשייד אין ענין פון לערנען צווי־שען די דאָזיגע ברידער גאונים. דער עלטערער, ר' שבתי, איז קיינמאָל ניט ארויס פון די פיער איילען פון הלכה. פון קיין אנדערע לימודים, אחוץ ש"ס און פוסקים, האָט ער ניט געוואָלט וויסען. איז ער טאַקע פארבליבען א גרויסער למדן אין רבנישער און אויך חסידישער ליטעראַטור און נישט מעהר. ער איז אויפגענומען געוואָרען פון דעם גרויסען חסידישען רבין ר' איציקעל באָהאַשער, (מאָלדאַוויע־וואָלאַכיע) פאַר רב, טאַקע ביי דעם גרויסען צדיק אין שטאָדט און איז ביז צו זיין פטירה פארבליבען רב אין באָהאָש והסביבה.

אנדערש איז אָבער געוועזען דער אינגערער ר' ישראל. ער האָט זיך ניט באַנוגענט מיט לערנען בלויז די רבנישע ליטעראַטור. פאַר אים איז נישט גענוג געווען דאָס פאַרטיפען זיך בלויז אין גמרא און פוסקים. נאָך אין זיינע גאָר יונגע בחור'שע יאָהרען האָט אים שוין געצויגען צו כאַפּען א בליק אין די אַלט־אידיש־פילאָזאָפישע ספרים, ווי דעם רמב"מ'ס „מורה נבוכים", רבנו בחיי'ס „חובות הלבבות", רבנו סעדיה גאונ'ס „האמונות והדעות", אויך אין אריסטאָטעל'ס „ספר המדות", און אין נאָך און נאָך פילע ספרים פון די גרויסע אַלט־אידישע פילאָזאָפישע שרייבער און דיכטער.

איך האָב זיך אויסגעדריקט מיט א מאָדנעם אויסדרוק „צו כאַפּען א בליק אין די פילאָזאָפישע ספרים", ווייל, וויסען דאַרף מען, אז צו יענער צייט, מיט אכציג־ניינציג יאָהר צוריק איז ביי אונזערע אידען געווען כמעט ווי א פארברעכען פאַר א חסידישען למדן־בחור צו לערנען פילאָ־זאָפישע ספרים. אפילו אידיש־פילאָזאָפישע ספרים האָט מען געמוזט לער־נען בגנבה. חסידים האָבען שטאַרק געהאַלטען פון דער גמרא, וועלכע זאָגט: „מנעו בניכם מן ההגיון", דאָס מיינט, איהר זאָלט פארמיידען אייערע קינדער פון צו לערנען פילאָזאָפיע. דארום האָט ר' ישראל אין זיינע יונג־בחורשע לומדישע יאָהרען, געמוזט אָפּשפּאָרען יעדען טאָג פון זיין אזוי אויך וועניג פרייער צייט עטליכע שטונדען, שפּעט ביינאַכט, בגנבה צו לערנען און פאַרטיפען זיך אין דער פילאָזאָפישער ליטעראַטור. נישט נאָר האָט ר' ישראל געשטודירט פאַר זיך זעלבסט די אַלט־אידיש־פילאָזאָפישע ליטעראַטור, נאָר האָט אויך געשטרעבט צו קענען לערנען אַנדערע אָט די שווערע און טיפע לימודים. האָט טאַקע ר' ישראל זוכה געווען ביי זיינע מיטעלע יאָהרען אַרויסצולאָזען צוויי חבורים אויף דעם אַלט־אידיש פילאָזאָפישען געביט: דער ערשטער ספר זיינער הייסט: „בירורי המדות"

א פירוש אויף דעם „ספר המדות לאריסטו". דער צווייטער ספר הייסט: „שבילי אמונה", א פירוש אויף דעם פילאָזאָפישען ספר „האמונות והדעות" לרב סעדיה גאון. ער האָט אויך צוגעגרייט צום דרוק א דריטען ספר אויף דעם רבנישען געביט, אָבער ער איז איבערגעבליבען אין מאַ־נוסקריפּט. דער ספר באַהאַנדעלט פאַרפלאָנטערטע פראַגען אין הלכות גיטין, וועלכע ווערען פאַרענטפערט און אויסגעגלייכט אויף א מייסטער־האַפטען רבניש־לומדישען אופן. ליידער אבער האָט שוין ר' ישראל זיך ניט דערוואַרט איהם אָפּצודרוקען, און ווער ווייסט צי דער מאַנוסקריפּט געפינט זיך נאָך ערגעץ־וואו, אָדער ער איז פאַרלאָרען געגאַנגען בעת דעם חורבן אין פעלשטין...

אַט דער ר' ישראל, דער גאון און פילאָזאָף, האָט באַלד נאָך זיין חתונה געמוזט אויסוואַנדערען פון פעלשטין צו זוכען זיין חיונה פאַר זיך און פאַר זיין פאַמיליע. ער האָט אָנגענומען די שטעלע פון א מלמד ביי א גרויסען גביר אין דאָרף טשיפּליוואָף, בעסאַראַביע. דער גביר האָט ר' ישראל'ן מיט זיין פאַמיליע אָפּגעגעבען זעהר א שעהנע וואוינונג ביי זיך אין הויף און איהם געגעבען פולע הספקה אויף א גאַר ברייטען שטייגער. ר' ישראל האָט מיט דעם גביר'ס צוויי זיהן געלערענט צוואַנציג יאָהר און זיי זיינען געוואָרען די גרעסטע לומדים אין בעסאַראַבער געגענט. ס'איז ביי זיי געווען תורה וגדולה במקום אחד.

אין משך פון די צוואַנציג יאָהר, וואָס ר' ישראל איז געוועזען פאַר־זיכערט מיט גענוג פרנסה פאַר זיך מיט זיין פאַמיליע, האָט ער צייט געהאַט זיך משתלם צו זיין אין זיינע גרויסע און הויכע למודים, הן רבנישע, הן פילאָזאָפישע. און טאַקע אין משך פון דער צייט האָט ער פאַרפאַסט זיינע דריי חבורים, וועלכע האָבען איהם באַריהמט געמאַכט פאַר א גרויי־סען גאון און פילאָזאָף.

אין יאָהר 1880 (שנת תר"מ), איז נפטר געוואָרען אין פעלשטין דער אַלטער רב ר' עזרא, זצ"ל, אויך א פעלשטינער פּראָדוקט. האָט די שטאָדט געשיקט א דעלעגאַציע מיט א כתב רבנות צו ר' ישראל'ן איהם בעטען און אויך פאָדערען פון איהם, ער זאָל זיך אומקערען אין זיין געבורטס־שטאָדט צו פאַרנעמען די שטוהל פון רבנות. ר' ישראל האָט געוואוסט, אז אין באַצוג צו פרנסה וועט ער אויף בעסערען נישט אויסבייטען. דער אויבענדערמאָנטער גביר האָט זיך געבעטען ביי איהם ער זאָל איהם און זיינע קינדער און קינדס־קינדער נישט פאַרלאָ־זען. ער האָט איהם צוגעזאָגט געבען הספקה פאַר זיין גאַנץ לעבען, פאַר איהם מיט זיין פאַמיליע. און אין פעלשטין האָט ר' ישראל אויף זיכער געוואוסט, אז ער וועט אפילו קיין לחם צר ומים לחץ ניט האָבען און אז דאָס

פעלשטינער רבנות קאָן איהם ניט מספּיק זיין צו מאַכען אַפּילו אַ האַלבען לעבען — פונדעסטוועגען האָט ער צוגעשטימט אָנצונעמען דאָס רבנות אין זיין געבורטס־שטאָדט.

די ליבשאַפט צו זיינע שטאָט מענשען האָט אויף איהם משפּיע גע־ווען אָנצונעמען די רבנות־שטעלע אין פעלשטין, כאָטש ער האָט געוואוסט, אַז עס וועט זיך איהם באַצאָלען בלויז מיט אַ שטיקעל טרוקען ברויט און מיט אַ פּיסטנע קאַרטאָפליע.

ר׳ ישראל איז תמיד געוועזען אַ צופרידענער און קיינמאָל זיך ניט באַקלאָגט פאַר קיינעם אויף זיין מעמד פּרנסה. ווי אַן אמת'ער תלמיד חכם, אויף וועלכען עס ווערט געזאָגט, אַז ער גלעט און צערטעלט מיט זיינע רייד, האָט ר׳ ישראל גערעדט צו יעדען איינעם אין שטאָדט, פון דעם קלענסטען ביז צום גרעסטען. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט יעדען איינעמ'ס לײדען און פריידען. מיט אַ טרייסט וואָרט, מיט אַן עצה האָט ער געשטערעבט, יענעם גרינגער צו מאַכען זיין לעבענס־לאַסט.

אָבער דאָס בעסטע און דאָס נאָבעלסטע האָט ר׳ ישראל, מיט זיין אָנקומען קיין פעלשטין פאַר רב, אריינגעבראַכט צו דער שטאָדטישער יוגענט, צו די בחורים־לומדים, וועלכע האָבען געלערענט אין בית־מדרש. אַך, ווי געשמאַק ס'איז געווען ביי זיי דאָס לערנען, ווי ־באַ'טעמ'ט ס'איז געוועזען ביי די לומדים דאָס שווימען אין דעם טיפען ים־התלמוד, וויסענדיג, אַז ר׳ ישראל שטעהט הינטער די פּלייצעס און הערט זיך איין ווי זיי לערנען, און גיט אַכטונג אַז יעדער לערנער זאָל אַרויסברענגען קלאָר און דייטליך די פאַרפלאָנטערטע פּראָבלעמען אין דער גמרא. ווען אַ בחור מאַכט אַ טעות אין אַ סוגיא אָדער אַ פּשט, פאַרריכט איהם באַלד ר׳ ישראל דעם טעות און ברענגט איהם באַלד אַרויף אויף דעם גלייכען וועג. ר׳ ישראל פלעגט ניט פאַרפעהלען יעדען טאָג זומער און ווינטער, נאָך מיטאָג און נאָך מנחה און מעריב, צו שטעהען שעה'ן לאַנג הינטער די פּלייצעס פון די בחורים־לומדים און צוהערען זיך ווי אַזוי זיי לערנען, פאַרריכטען יעדען זיין טעות, קלאָר מאַכען יעדען זיין ספק, און פאַרענטפערען יעדען איינעם זיין קשיא. דאָס וואַכזאַמע אויג, וואָס ר׳ ישראל האָט תמיד גע־האַלטען איבער די מתמידים בעת זייער לערנען, זיין הדרת פּנים, זיין גרויסער טאַלאַנט מסביר צו זיין קורץ און שאַרף אַ פאַרפלאָנטערטען ענין אין לערנען מיט גוטע, האַרציגע, ווייכע רייד — דאָס אַלעס האָט געגעבען מוט די בחורים צו לערנען, זיך פאַרטיפען אין דעם ים התלמוד און אַרויס־קומען פון דאָרט געלייטערט און געזויבערט מיט וויסען און אינטעליגענץ. יעדער פון די מתמידים האָט געשטרעבט צו געפעלען ווערען דעם תלמיד־

חכם, דעם גאון ר׳ ישראל׳ן, און אַט די קאָנקורענץ האָט שוין ממילא גע־שאַפן און פאַרגרעסערט די אינטעליגענץ און דאָס וויסען ביי די בית־מדרש בחורים.

צו דער אַנטוויקלונג פון דער פּעלשטינער אינטעליגענץ, האָט אויך פיל בייגעטראָגען ר׳ ישראל׳ס זעלטענע ביבליאָטעק, וואָס איז געווען רייך הן אין תלמודישער, הן אין אַלט־אידיש־פילאָזאָפישער ליטעראַטור. זיין ביבליאָטעק איז צו יענער צייט געוועזען כמעט די זעלטענסטע און רייכסטע אין אונזער געגענד. די זעלטענסטע און טייערסטע ספרים וואָס מען קען ווען און וואו עס איז געפינען, האָט די ביבליאָטעק פאַרמאָגט. זי איז געווען פריי און אָפען פאַר יעדען בחור אריינצוקומען שטודירען און לערנען צו יעדער צייט. ר׳ ישראל איז תמיד מוכן ומזומן געווען צו פאַרברענגען און לערנען מיט אַ בחור שטונדען און שטונדען. ס׳האָט ניט אויסגעמאַכט ווי שפּעט אין דער נאַכט דאָס לערנען האָט זיך ביי איהם אין הויז פאַרצויגען. גוטמוטיג, בסבר פנים יפות, פלעגט ער ריין און דייטליך מפורש זיין יעדען שווערען ענין, אז ס׳האָט פּשוט ווי דורך מאַגנעט געצויגען אַריינצוגעהן צו איהם אין הויז, צו שטודירען די זעל־טענע ספרים, וועלכע האָבען זיך אין זיין ביבליאָטעק געפונען.

נישט נאָר איז ר׳ ישראל׳ס הויז געוועזען אַ בית־ועד פאַר לערנערס, נאָר אויך אפילו פאַר פּשוט׳ע מענשען פון בעל הבית׳ישן שטאַנד. אויפ־דערנאַכט, נאָך דער אַרבייט, נאָך אַ טאָג האַווען און שמאַיען אין מאַרק צו זו־כען אַ גראָשען פאַרדינסט, פלעגט עס ציהען דאָס האַרץ אַריינצוקומען צום רב אין הויז, צוצולייגען אַן אויער און הערען ר׳ ישראל׳ס חבר׳שע, פון האַרץ צו האַרץ שמועסען. אַך, ווי הערליך און שעהן עס האָט אויסגעקוקט אין די ווינ־טערדיגע לאַנגע אויפדערנאַכטען זיין לאַנגער טיש, באַזעצט אַרום־ און־אַרום נישט מיט קיין לערנערס, נאָר מיט פּראָסטע בעלי בתים, וואָס שטרענגען אָן זייערע אויערען און הערען זיך איין אין דעם, וואָס ר׳ ישראל דערצעהלט. ער איז דאָך געוועזען אַזאַ זעלטענער דערצעהלער, אַזאַ טאַלאַנטפולער שמוע־סער! יעדעס וואָרט פון אַ פּשוטער וועלט־פּאַסירונג, וואָס ער פלעגט דער־צעהלען, איז געוועזען אַזוי דורכגעפלאָכטען און דורכגעוועבט מיט תורה און חכמה, מיט איידעלען הומאָר, אַז ס׳האָט זיך פּשוט ניט געגלוסט אַוועק־צוגעהן. מען האָט געקענט, דוכט זיך, זיצען יאָהרען־לאַנג אָהן אויפהער און הערען זיינע שמועסען און ערצעהלונגען. זיינע שמועסען האָבען זיך יעדע מינוט געביטען פון וועלט־זאַכען אויף תורה און חכמה, און פון תורה און חכמה אויף וועלט־פּאַסירונגען און אַלץ מיט צערטליכקייט און ליבשאַפט צו יעדען איינציגען פון קליין ביז גרויס.

די ליבשאַפט פון ר׳ ישראל׳ן צו זיינע שטאָדט בעלי בתים, כאָטש זיי האָבען איהם אויסגעהאַלטען מיט זעהר א מאָגערער הספקה, כמעט אין אָרימקייט, קען מען זעהן פון דער פאָלגענדער געשיכטע:

איינמאָל איז צו איהם געקומען א דעלעגאציע פון דריי — די גרעסטע און שעהנסטע בעלי בתים — פון דער שטאָדט סמילא, א גרויסע שטאָדט אין אוקראינע, און האָבען איהם געבראַכט א כתב רבנות מיט א ביטע אָנצונעמען די רבנות־שטוהל אין יענער שטאָדט מיט א וועכענטליכען געהאַלט פון פינף און צוואַנציג רובעל א וואָך. אין פעלשטין האָט ער קוים געהאַט זעקס רובעל א וואָך. דאָך האָט ר׳ ישראל בשום אופן זיין פעלשטין ניט געוואָלט איבערלאָזען צו געהן אין אן אנדער שטאָדט פאר רב. ער האָט זיך געבעטען ביי זיין פרוי און גע׳טענה׳ט צו די דעלעגאַטען, אז ער קען געגען זיין געבורטס־שטאָדט אזא עולה ניט באגעהן, ער קען ניט איבערלאָזען זיין פעלשטין אויף ווער ווייסט וואָס פאר א רב ס׳וועט אָנקומען דאָרט פאר אזא מאָגערער הספקה, וואָס דאָס שטעדטעל קען צאָלען. ניין, און ניין! ער פאַרט ניט. ווי לאָזט מען עס איבער א געבורטס־שטאָדט אזוי אויף הפקר צו געהן אין א פרעמדער שטאָדט צוליב מעהר געלט פאר רבנות? היינט נאָך א זאך: אין פעלשטין זיצט ער און לערענט ווי טאָג אזוי נאכט, הן פאר זיך זעלבסט, הן מיט אנדערע. אָבער דאָרט, אין דער גרויסער שטאָדט, וועט מען דאָך פון איהם פאָדערען מבטל צו זיין זיך פון תורה. אמת, די קאָמערציעלע דין תורות פון דער אידישער גרויס־שטאָדטישער באפעלקערונג וועלען איהם טאקע ארייגברייגנען א גרויסע הכנסה. אבער וואָס פאר א ווערט האָט געלט ביי ר׳ ישראל׳ן געגען ביטול תורה. ניין, ער פאָרט ניט! די דעלעגאַטען זיינען, שטארק באדויערענדיג, אהיים געפאָרען מיט ליידיגען. אָט אזוי האָט ר׳ ישראל ליב געהאַט זיין געבורט־שטאָדט, זיין תורה און זיינע שטאָדט בעלי בתים.

א גרויסען ווייטזעהענדיגען חוש האָט ר׳ ישראל פאַרמאָגט, ממש גלייך צו נבואה. ער איז געוועזען פון די ערשטע אָרטאָדאָקסישע רבנים, וועלכע האָבען אָנגענומען דעם פּאָליטישען ציוניזם פאר א ראַיעלער זאך צו לעזען די אידען־פראַגע. באַלד ווי ד״אָקטאָר הערצל האָט אָפּגעדרוקט זיין בוך וועגען ציוניזם „דער יודענשטאַט" און ר׳ ישראל האָט איהם געלעזען אין דער העברייאישער איבערזעצונג, האָט ער זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיט די גרעסטע אָרטאָדאָקסישע רבנים פון יענער צייט, אין דער שפּיצע פון וועלכע עס איז געשטאַנען הרב הגאון ר׳ שמואל מאָהליווער זצ״ל. און ר׳ ישראל האָט געארבייט פאר דעם, אז עס זאָל באַלד פאררופען ווערען א רבנישע קאָנפערענץ צו באשפּרעכען און קלאָר מאכען דעם ציוניסטישען געדאנק, בכדי צו קענען פארשפרייטען איהם צווישען די אָרטאָ־

דאָקסישע מאַסען און זיי ערמוטהיגען אָנצושליסען זיך אין דער ציוניס־טישער באַוועגונג. אַזאַ קאָנפערענץ איז טאַקע באַלד גערופען געוואָרען פון הרב ה"ג ר' שמואל מאָהליווער אין וואַרשע. די שטאַרקע רעדע, וואָס ר' ישראל האָט געהאַלטען דעמאָלסט אין וואַרשע האָט באַגייסטערט אַלע רבנים. ער האָט באַגרינדעט דעם ציוניזם אויף דער נבואה פון ישעיה הנביא, וועלכע זאָגט: „ציון במשפט תפדה". דאָס מיינט: ציון קען זיך צו אידען נישט אומקערען אנדערש, נאָר סיידען אויף דעם יורידישען וועג. אידען מוזען פריער אויף אַ נאַטירליכען וועג באַזעצען ארץ ישראל, מאַכען איהרע חורבות פאַר אַ בליהענדען לאַנד, אינדוסטריאַליזירען די שטעדט, און דאַן קומען די אומות העולם מיט אַ יורידישער טענה, זיי זאָלען אָנערקענען די אידישע רעכט אויף דעם לאַנד, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרען פאַר אידיש געלט און דורך אידישער פראַצע. היינט צו טאָג זעהען מיר אַז זיין דעמאָלסדיגע רעדע איז פּשוט געווען אַ נביאישע.

אָט דאָס איז געווען ר' ישראל קיטובר, זכר צדיק לברכה — אַ בכבוד'ער זון פון אונזער יעצט חרוב געוואָרענער שטאָדט פעלשטין. זאָל זיין נשמה רוהען אין גן עדן און אויף אונז מלמד זכות זיין.

יום א' פּ' תשא, פּורים קטן, תרצ"ה לפ"ק.

בעסטער פריינט, מיין טייערער סעקרעטאַר פון דער קאָמיטע פאַר'ן זאַמעל־בוך פון פעלשטינער פאַראיין, מר. יונה באָום, נ"י.

ווי ווייט מיין האַנט האָט געקענט דערגרייכען, האָב איך נאָכגעזוכט אין אַלע באַרימטע ביבליאָטעקעס פון קליוולאַנד צו געפינען דיזע צוויי ספרים פון הרב ר' ישראל קיטיווער, ספר „בירורי המדות" און ספר „שבילי אמונה" און ליידער האָב איך זיי ניט געפונען. אָבער עפּעס אַ שפּור צו זיי האָב איך יאָ געפונען.

אין דער ביבליאָטעק פון קליוולאַנדער אידישען צענטער איז אין קאַטאַלאָג דאָרט פאַרצייכענט דער ספר „האמונות והדעות" לרב סעדיה גאון מיט דעם פּירוש „שבילי אמונה" להרב ר' ישראל קיטיווער. הייסט דאָס, אַז דער ספר איז דאָרט געווען אין דער ביבליאָטעק, נאָר ער האָט ניט געסטאַיעט... מענשען, באַזוכער פון דער ביב־ליאָטעק, זאָגען מיר, דאָס זיי האָבען אין דעם ספר אליין געלעזען צוריק מיט אַ פּאָר יאָר, נאָר ער האָט פּלוצים ניט געסטאַיעט. אויך אין דער ביבליאָטעק פון אַ היגען רב האָב איך געפונען אַ לעקסיקאָן אין וועלכען עס ווערען דאָרט אויסגערעכנט אַלע באַרימטע אַלט־אידיש־פילאָזאָפישע ספרים מיט די פּירושים, וואָס אויף זיי איז גע־מאַכט געוואָרען. זיינען אין דעם לעקסיקאָן פאַרצייכענט אויך דיזע צוויי ספרים פון הרב ר' ישראל קיטיווער. הרב העקשטיין, דער אייגענטימער פון דער ביבליאָטעק, האָט מיר געראָטען זיך צו ווענדען אין דער ביבליאָטעק פון שעכטער'ס סעמינאַר אין ניו יאָרק. ער פאַרזיכערט אַז דאָרט געפינען זיך זיכער דיזע צוויי ספרים. על כן, אויב דו ביסט אַ בעלן, פּרואוו זיך צו זוכען זיי דאָרט, אין יענער ביבליאָטעק, ווענדען זאָלסטו זיך צו מר. יצחק ריבקינד אין שעכטער סעמינאַר.




**הרב ר׳ ישראל קיטאווער**

געצייכנט פון נאָטע קאָזלאָווסקי

לויט׳ן זכרון פון י. ב.

פינקטליך די נעמען פון דיזע ספרים זיינען: 1) ספר „בירורי המדות", א פירוש אויף „ספר המדות לאריסטו", באזונדער אפגעדרוקט, נישט מיט דעם ספר המדות צו־זאמען. 2) ספר "האמונות והדעות" לרב סעדיה גאון עם פירוש „שבילי אמונה", געדרוקט צוזאמען.

איך דענק, אז דארט וועסטו זיי אויף געווים געפינען.

יעצט, מיין טייערער, וויל איך, דו זאלסט מיך פארשטעהן, פארוואס איך האב זיך באנוגענט מיט אזוי ווינציג מאטעריאל צו שילדערען אזא גרויסע פערזענליכקייט ווי הרב ר' ישראל קיטיווער זצ"ל איז געווען.

ס'איז טאקע אמת, אז דער פעדעסטאל איז אפשר נישט אזא הויכער ווי ער דארף זיין אויף אוועקצושטעלען אזא בריליאנטענע פערזענליכקייט, ווי ר' ישראל איז געווען. האבען מיר, אידען, אבער, אונזערע באזונדערע דירעקטיוון אין דער גמרא, און אויך אין אונזערע עטישע ספרים, ווי אזוי צו שילדערען גרויסע פערזענליכקייטען. און געגען דיזע דירעקטיוועז האב איך בכלל גארנים געזינדיגט.

די גמרא זאגט אויף איין ארט:

אין עושין נפשות לצדיקים, כי מעשיהם הם זכרונם.

דאס מיינט: ביי אידען מאכט מען ניט קיין מאנומענטען מיט קיין הויכע פעדעס־טאלען פאר צדיקים, גרויסע פערזענליכקייטען, ווייל זייערע טאטען זיינען זייערע געדעכעניש. מאנומענטן מיט הויכע פעדעסטאלן זיינען אן איבערבלייבאכץ פון דער גריכישער קולטור. אבער אבסאלוט ניט קיין אידישע. אונזערע עטישע ספרים, למשל: „פרקי אבות", לערנען אונז ווי אזוי צו שילדערען א גרויסע פערזענליכקייט. אין ערשטען פרק זאגט הלל הזקן: הוה מתלמידיו של אהרן הכהן, זאלסט זיין פון די תלמידים פון אהרן הכהן, און הלל הזקן שילדערט די גרויסקייט פון אהרן הכהן אזוי: אוהב את הבריות, ומקרבן לתורה. דאס מיינט, אז אהרן האט ליב געהאט זיינע מיט־מענשען, און האט געארבייט, זיי צו דערנעהענטערען צו דער תורה, צו דער אידישער קולטור, טו איך אויך אזוי, און דאס אלעס, נישט מעהר. און דיזע צוויי שילדערונגען האב איך, דאכט זיך, ברייט און דייטליך ארויסגעבראכט אין מיין ארטיקעל וועגען הרב הצדיק ר' ישראל קיטיווער זצ"ל. אנטקעגען דיזע דירעקטיוועז פון אונזער עטישען ספר „פרקי אבות" האב איך, דאכט זיך, גארנישט, גארנישט געזינדיגט.

יעצט, מיין טייערער יונה, דו שרייבסט מיר אין דיין לעצטען בריף, איך זאל דיר שרייבען צי בין איך גערן דיך אויסצוהערען און זיך דורכשרייבען מיט דיר? אודאי, בין איך גערן דיך אויסצוהערען! און אודאי! אודאי! בין איך גערן דיר צו ענט־פערען אלע מאל, מיט דעם גרעסטען פארגעניגען! דו ווייסט, יונה? אז איך בין שטאלץ אויף אזעלכע פעלשטינער יונגעלייט ווי דו ביסט. איך זאג דאס אן חניפה. שרייב און שרייב און איך וועל דיר ענטפערען און ענטפערען.

בלייבט אלע פעלשטינער געזונט, גליקליך און פרעהליך, ווי עס ווינשט אייך אייער בעסטער פריינט,

**שמואל לנדוי**

## דר. מ. האָפמאַן

# א סכסוך אין בית המדרש

●



'איז געווען אין מיטען ווינטער. דאָס גאַנצע שטעטעל איז געווען באַדעקט מיט שניי. דער פראָסט האָט גע־ברענט, און ס'איז געווען א סכנה ארויסצוגעהן אין גאַס. אפילו אין די הייזער איז געווען שרעקליך קאַלט, קוים איינ־צוזיצען. נאָר אין בית־מדרש איז געווען מחיה ווארים. כאָטש עס איז ערשט געווען ארום צוויי אזייגער בייטאָג, פונדעסטוועגען איז שוין געווען גאַנץ טונקעל, און עס האָט זיך געדאַכט, אז די נאַכט פאַלט שוין צו. קיין סך מענשען זענען ניט געווען. חיים טאַלים מיט גדליה דעם לאַנגען זיינען געזעסען אין א ווינקעל און האָבען געשמועסט מכח דעם שווערען ווינטער. ביים לאַנגען טיש, אויף וועלכען ס'זיינען געווען אויס־געקריצט קעסטלאַך פאַר א טערקישען דאָם, זיינען געזעסען נטע בן־ציון'ס מיט שמואל חיים אידעל דאַבראָשטשער און געשפּילט מיט ציגעלאַך, וועלכע זיינען געווען געמאַכט פון שטיקלאַך קוילען פאַר שווארצע, און פון שטיקלאַך קאַלך פון די ווענט — פאַר ווייסע.

א פּאָר בחורים זיינען געזעסען איבער אָפענע גמרות, אָבער זיי האָ־בען ניט געלערענט, ווייל בייטאָג האָט זיך עפּעס ניט געגלוסט צו לער־נען. דאָס בעסטע לערנען איז געווען אויף דער נאַכט, ווען מען האָט אראָפּגעצויגען די לאָמפּען אויף לאַנגע דראָטען, כדי ס'זאָל זיין ליכטי־גער צו זעהן די דריבנע אותיות אין דער גמרא. דעמאָלט זיינען אַלע בחורים און אויך אייניגע יונגעלייט, וועלכע האָבען געגעסען קעסט, גע־זעסען ארום די טישען און מיט קלינגענדיגע שטימען געלערענט גמרא. אָבער בייטאָג איז דאָס לערנען ניט געווען אזוי געשמאַק. דעריבער זיינען די פּאָר בחורים געזעסען איבער די אָפענע גמרות און געכאַפּט א שמועס וועגען פּשוט'ע איינגעלשע אינטערעסען.

ביי דער הרובע איז געשטאנען ר׳ בן ציון שליאָמעס, איינגעהויקערט איבער א גמרא. אין איין האנט האָט ער געהאלטען א שמעק טאבאק און מיט דער צווייטער האנט האָט ער געטאפּט די אותיות. ווייל כאָטש ער איז געווען א איד אין די זיבעציגער, האָט ער דאָך קיין ברילען ניט באנוצט. נאָר אזוי ווי די אויגען זיינע זיינען געווען אלט און ווייטזיכטיג, האָט ער געהאלטען דעם קאָפּ פארריסען און מיט דער האנט געפירט איבער די קליינינקע שורה׳לאך און געמיטליך געברומט: דאָ־דאָ־די־טי־אָ־דאָ. מיט דעם גראָבן פינגער פון דער רעכטער האנט האָט ער גענומען צורייבן דעם שמעק־טאבאק, כדי ער זאָל דאָס קענען גרינגער ארײנשטופּען אין דער, אזוי אויך אָנגעשטאָפּטער, נאָז. פּלוצים איז ער געבליבען שטעהן. ניט דערטראָגענדיג די האנט צו דער נאָז, און שטארק פארקניטשענדיג דעם שטערען, איז ער עפּעס פארוואונדערט געוואָרען און האָט באלד געביטען דעם שטילען געמיטליכען טאָן און אָנגעהויבען רעדען צו זיך: „הא? וואָס? נאָך אמאָל . . .״ און מיט נאָך א העכערער שטים האָט ער אָנגעהויבען אונטערברומען זעהר צעצויגען: „טאָ־דאָ־טאָ־דאָ?״ און גענומען זיך נאָך מעהר חידושן און ריידען צו זיך: „כ׳פארשטעה ניט . . . פּאוואָליע . . . לאָמיר נאָר זעהן . . .״ און מעכאניש צוגעטראָגען דעם שמעק־טאבאק צו דער נאָז און דאָס ארײנגעשטופּט אָהן דעם געוויינלעכען שטארקען זופּ. ווי ס׳האָט אויסגעזעהן האָט ער אפילו ניט געטראכט דערפון. זיין קאָפּ איז געווען פארנומען מיט דעם שווערען ענין, וואָס ער האָט אָנגעטראָפען.

ער איז אזוי אָפּגעשטאנען עטליכע מינוט און געברומט און געפירט א וויכוח מיט זיך אליין. פּלוצים האָט ער אויפגעהויבען די אויגען צו דער סטעליע און באלד זיי געווענדעט צום פענסטער, ווי ער וואָלט געזוכט מער ליכט, דענקענדיג, אז ער זעהט אפשר ניט פּינקטליך, וואָס עס שטעהט געשריבען. און אזוי זוכענדיג מיט די אויגען, האָט ער דערזעהן א יאָרצייט־ליכט ברענענדיג אויפן׳ עמוד. האָט ער באלד גענומען די גמרא, זיך צוגעשלעפּט צום עמוד און האָט אָנגעהויבען ווידער קוקען און זיך חידוש׳ן. אָבער עס געהט ניט. עס העלפט ניט זיין טראכטען.

„בע״, טוט ער פּלוצים א זאָג צו זיך אליין, „ווּעלען מיר א קוק טאָן וואָס ער זאָגט״. און ער נעמט בשעת מעשה מישען די בלעטער, כדי ארײנצוקוקען אין מרשא״ה. ער געפינט אוים דאָס פּלאַץ, נאָר ער ווערט נאָך מעהר פארחידושט און רעדט ווידער צו זיך: „א מעשה נורא! ער מאכט זיך גאָר ניט וויסענדיג דערפון . . . לאָמיר נאָר ווידער זעהן״... און ער מישט צוריק אויף דעם שווערען ענין און הויבט ווידער אָן צו ברומען און רעדען צו זיך, אזוי אז ער איז אָפּגעשטאנען א שטיקעל

צייט. מיטאמאָל איז זיין פּנים אויסגעלייטערט געוואָרען, און ער האָט אויסגעשריען: „אי, ס'איז גוט! . . .” ער עפענט דאָס טאַבאַק-פּושקעלע און מיט אַ צופרידענער מינע שטופּט ער אַריין אַ גרויסן שמעקטאַבאַק אין דער נאָז, אַז ער פּאַרניסט זיך אַזש. אָבער ער רייסט ניט אָפּ די אויגען פון דער גמרא. ער הויבט אָן מיט אַ פרעהליכען ניגון: „עי־דיי־דאַ־דיד! אַ־אי, גוט!” ער נעמט די גמרא און לאָזט זיך געהן צוריק צו זיין אָרט.

פונקט דאַן איז אַריינגעקומען ר' מאָטיל לייב פּאַליקס דאַווענען מנחה. ר' מאָטיל איז געווען אַ גמרא־מלמד און טאַקע אַ איד אַ למדן. ער איז געווען איינגער פון בן־ציון'ען. ר' בן-ציון כאַפּט איהם אָן ביים אַרבעל, זאָגענדיג: „קום נאָר אַהער, מאָטל, אַ נו, גיב נאָר אַ קוק אָט־דאָ און זאָג מיר וואָס דאָס מיינט”. ער צייגט איהם אָן דאָס ריכטיגע אָרט. ר' מאָטעל איז זעהר ניט צופרידען, ווייל אַ גאַנצען טאָג לערענט ער מיט די קינדער, און פּאַרנאַכט געהט ער אין בית מדרש אַריין דאַוונען, כדי ער זאָל זיך אַ ביסעל אָפּרייסען פונ'ם לערנען. ער וויל בעסער אביסעל שמועסען וועגען וועלט־זאַכען. אָבער פאַר ר' בן־ציונ'ען האָט ער דרך ארץ און פון יוצא וועגען קוקט ער אַריין אין דעם ספר. ער קוקט שנעל איבער די שורות און פרעגט ביי בן ציונ'ען וואָס ער וויל האָבען. ס'איז דאָך, זאָגט ער איהם, גאַנץ גלאַט.

— האַ, — פרעגט בן ציון איראָניש, — וואָס זאָגסטו? ס'איז גלאַט? טאָ זיי זשע מוחל און גיב נאָכאַמאָל אַ קוק.

ר' מאָטל האָט ניט קיין ברירה און קוקט ווידער אַריין, נאָר פּלוצים ווערט ער פאַר'חידוש'ט און הויבט אָן אונטערברומען:

— טאַ־דאַ-דאַ־דיי־דאַ . . . —טאַקע עפּעס ניט גלאַטיק . . . — רעדט ער צו זיך אַליין. ער זעצט זיך שוין פּאַמעלאַך אַוועק און נעמט ערענסט אַריינקוקען און קנייטשען דעם שטערען. ענדליך טוט ער אַ זאָג:

— סאיז גוט, ר' בן ציון. — און ער הויבט איהם אָן צו דערקלערען דאָס שטיקעל גמרא. אָבער בן־ציון שלאָגט איהם איבער: — מאָטעל דו ביזט דאָך עפּעס אַ רבי וואָס לערענט מיט תלמידים, ווי זשע קומט דאָס וואָס דו ווילסט זיך נאַרען? מילא מיך ועסטו דאָך ניט נאַרען, אָבער וואָרום זאָלסטו זיך אַליין ווענלען נאַרען?

**ר' מאָטעל, וועלכער איז בטבע אַ כעסן, פּאַרלירט זיין געדולד** און נעמט זיך בייזערן:

— וואָס מיינט איהר? נאָר איהר ווייסט? איהר האָט עס די אדענדע אויפן לערנען און קיינער, אַ חוץ אייך, קען ניט פּאַלען אויף קיין גלייכען שכל? נאָר איהר?

ר' בן ציון ווערט אָבער ניט געפּאַלן און ענטפערט איהם גוטמוטיג:
— דו שוטה! ניט נענוג וואָס דו קענסט ניט, בייזערסטו זיך נאָך?!

דערווייל האָבען שוין מעהר מענשען אָנגעהויבען קומען דאַוונען און צווישען זיי האָט זיך באַוויזען יעקעל עטיטשקעס אויך. ר' יעקעל איז געווען אַ נידעריג אידעל מיט אַ קליין גרוי בערדעל און מיט אַ פּאָר קלוגע דורכדרינגענדע אויגען. אַמאָל איז ער געווען רייך און טאַקע אַ שטיקעל באַנקיר אין שטעטעל, נאָר ווען ער איז פאַראָרימט געוואָרען, האָט ער זיך געמאַכט אַ קלייטעל פון לעדער. די לעדערניקעס פלעגען האַלטען זייערע קלייטלאַך פאַרמאַכט אין די אָווענטען, און אַזוי ווי ר' יעקעל איז געווען אַן איידעלער איד, פלעגט ער אויפדערנאַכט קומען אין בית מדרש אריין לערנען אַ בלאַט גמרא. קיין גרויסער למדן איז ער ניט געווען, אָבער ער פלעגט לערנען מיט אַזאַ שעהנעם ניגון, אַז ס'איז געווען אַ מחיה איהם צו הערען. די קלענערע בית־מדרש'ניקעס האָבען איהם זעהר ליב געהאַט, ווייל אַז מען איז געקומען איהם פרעגען אַ שטיקעל גמרא, האָט ער ניט אָפּגע'פּטר'ט קורץ און שאַרף ווי אַלע אַנדערע האָבען דאָס געטאָן. ער פלעגט פּאַמעלאַך דערקלערען דעם אינגעל די הארבע שטעלע, און איהם ארויספירען אַ ביסעל ווייטער, כדי ס'זאָל איהם זיין גרינגער פאַרטצוזעצען זיין לערנען. ווען ר' יעקל האָט דערזעהן אַזעלכע צוויי גרויסע לערנער זיך אַמפּערען איבער עפּעס אַן ענין, איז ער צו זיי צוגעגאַנגען, פּאַמעלאַך ארויסגע־נומען די ברילען פון בוזים־קעשענע, זיי אָנגעטאָן און געפרעגט ביי ר' מאָטלען וועגען וואָס ס'האַנדלט זיך.

ר' בן ציון האָט ווייניג געהאַלטען פון ר' יעקעלס לומדות, האָט ער זיך געמאַכט ווי ער זעהט איהם אפילו ניט. אָבער ר' מאָטעל האָט איהם געוויזען וועגען וואָס מען שפּאַרט זיך און ר' יעקעל האָט באַלד אָנגע־הויבען מיט זיין שעהנעם ניגון: „באָ־באָ־בי־בוי־בו". און ניט קלע־רענדיג קיין סך, ווענדעט ער זיך צו ר' מאָטלען: „איך זעה גאָר ניט וואָס דאָ איז אַזוי שלעכט". און פרואווט איהם דערקלעהרען ווי אַזוי ער פאַרשטעהט דאָס שווערע שטיקעל גמרא. אָבער ר' בן ציון שלאָגט איהם איבער מיט איין וואָרט: שטותים"! און ר' מאָטל דער־ענדיגט שוין פאַר בן ציונ'ען: „ווייס איך וואָס איהר דרעהט אַ מוח. ווי אַזוי לייגט זיך דאָס אויפן שכל?" ר' יעקל לאָזט זיך ניט און פרואווט איבערשרייען ר' מאָטלען, טייטשענדיג יעדעס וואָרט באַזונדער און ר' מאָטעל וויל איהם אַלע מאָל אָפּשטעלען. און בעת זיי האָבען זיך אַזוי געשפּאַרט, איז אָנגעקומען ר' לייב רייזים. ר' לייב איז געווען פאַר־

רעכענט פאַר'ן בעסטען מלמד אין פעלשטין. ער האָט געהאַט אַ שאַרפען מוח, איז געווען באַהאַוונט ניט בלויז אין לערנען נאָר אויך אין „חכמת החשבון און פילאָזאָפיע", און האָט ליב געהאַט צוצוטראַכטען זיינע אייגענע פשט'לאַך און דריידלאַך איבער געוויסע שווערע און פאַרדרייטע ענינים. ר' בן ציון האָט זעהר וויניג געהאַלטען פון ר' לייב'ס איינפאַלען. און אַז ער האָט דערזעהן ר' לייב'ן צוקומען און ווילען אריינשטופען זיין נאָז צווישען די דע־באַטאַנטען, האָט ער פּלוצים אָנגעהויבען זאָגען „קטורת". דאָס איז געווען אַ וואונק, אַז מען דאַרף זיך שוין שטעלען דאַוונען מנחה. און דערוויילע וועט ר' לייב פאַרשפּאָרען צו דרייען אַ היטעל מיט זיינע דריידלעך. ר' לייב איז אָבער ניט געווען אַזאַ פאַרברענטער פרומאַק, און צוליב אַ שווערען ענין האָט ער געקענט אָפּשטופען די מנחה אויף שפּעטער. ער האָט טאַקע באַלד אויסגעפונען ביי די איבעריגע צוויי אידען איבער וואָס מען שפּאַרט זיך אַזוי, און גלייך אָנגעהויבען מאַכען מיט די הענט, ווי זיין שטייגער איז געווען.

דער גאַנצער עולם האָט זיך שוין דערוויילע געשטעלט דאַוונען. בלויז ר' לייב איז געבליבען שטעהן איבער דער גמרא און געפירט אַ וויכוח מיט זיך אַליין. די איבעריגע דריי אידען האָבען געפּרואווט דאַוונען. אָבער מען האָט געקענט לייכט באַמערקען, אַז זייערע קעפּ זיינען גע־ווען פאַרנומען מיט דעם שווערען ענין. און אַלע מאָל האָבען זיי גע־וואָרפען בליקען צום ספר און צו ר' לייבען, וועלכער האָט פּלוצים אויפ־געשטראַלט. ער האָט אָוועקגעלייגט די גמרא און גענומען ווינקען צו די איבעריגע לומדים, אַז ס'איז שוין גוט, אַז ער האָט שוין דעם ריכטיגען פשט, און אַז באַלד נאָכ'ן דאַוונען, וועט ער דאָס פאַרטייטשען. ר' בן ציון האָט געצויגען מיט די אַקסלען, ווי איינער רעדט, אַז ער הויבט נאָר ניט אָן צו טראַכטען אַז ר לייב האָט געטראָפען דעם ריכטיגען פּירוש. ר' מאָטעל מיט ר' יעקלען זיינען געווען פאַרנומען מיט זייערע אייגענע מיי־נונגען, און האָבען גלייכגילטיג געקוקט צו ר' לייב'ן.

ווי נאָר מהאָט אָפּגעזאָגט „עלינו", זיינען זיך די פיר אידען צו־נויפגעקומען. ר' לייב האָט אָנגעהויבען מאַכען מיט די הענט און גיבען זיין דערקלערונג וועגען דעם שטיקעל גמרא. ר' בן ציון אָבער איז גלייך אַרויס פון די כלים און זיך צושריען:

— וואָס מיינט ער, וואָס? — רעדנדיג אין דער דריטער פּערזאָן — ס'איז חכמת החשבון, צי פילאָסופיה, וואָס ער דרייט אַ ספּאָדיק? דאָס איז די הייליגע גמרא און מען דאַרף דאָ לערנען פשט... פשוט'ן פשט!

ר' מאָטעל, וועלכער האָט גראָד געהאַלטען פון ר' לייבן און פון זיי־נע פיקאַנטע איינפאַלען, האָט אָבער איצט געמוזט האַלטען מיט ר' בן

ציונען און אביסעל געלאַסענער פונ'ם לעצטען האָט ער אָנגעהויבען פאַ־נאַנדערצוּוויקלען דעם ענין און דערווייזען, ווי ניט ריכטיג ר' לייב האָט אים אויפגעפאַסט. ר' יעקעל וועלכער האָט נאָך אַמאָל איבערגעקוקט די זאַך און זיך ווידער איבערצייגט, אַז זיין מיינונג איז די בעסטע, האָט אָנגעהויבען שלעפּען די אַנדערע ביי די אַרבעל און ביי די בערד און געפּרואווט נאָכאַמאָל איבערגעבען זיין פּשט. אָבער די אַנדערע אידען האָבען איהם גענומען איבערשרייען. סאיז געוואָרען אַ גאַנצע מחלוקה. אַנ־דערע אידען זיינען אויך צוגעקומען, כדי צו הערען איבער וואָס מען האַמפּערט זיך דאָ. עס איז געוואָרען אַ גאַנץ רעדעל. נאָר פּלוצים האָבען זיך אידען גענומען אוועקרוקען און מאַכען פּלאַץ פאַר דעם רב, ר' ישראל קיטאָווער, וועלכער האָט זיך געלאָזט געהן אַהיים.

ר' בן ציון איז געווען מיטן רב פון דערוויטענס, ערשטענס, ווייל ער, בן ציון איז געווען פון די ברענמאַנס — אַ משפּחה, וועלכע האָט אַמאָל ניט געוואָלט דערלאָזען, מען זאָל צונעמען ר' ישראל'ן פאַר רב קיין פעלשטין. צווייטענס, האָט ער זיך געהאַלטען כמעט פאַר אַ גרע־סערען למדן פונם רב. טראָץ דעם האָט אָבער ר' בן ציון געוואוסט, אַז דער רב איז אַ גרויסער קענער. און ווען ער האָט איהם דערזעהן פאַרבייגעהן, האָט ער איהם צוגערופען, אַז ער זאָל געבען זיין טייטש אויף דעם שטיקעל גמרא. ער האָט איהם אָבער ניט אָנגערופען ביים נאָמען. קיין „רבי" האָט ער איהם ניט געוואָלט רופען, איבער די פ־׳ער דערמאָנטע טעמים, און רופען איהם פּראָסט „ר' ישראל", וואָלט געווען אַ באַליידיגונג. האָט ער אויף שטום-לשון געזאָגט:

— אַט־אַ־דאָ־אַ איז עפּעס ניט גלאַטיג.

ר' ישראל איז גראָדע געווען צוגעגרייט צו דער איינלאַדונג, ווייל ער האָט נאָך פריהער באַמערקט, אַז עס רודערט זיך אַרום בן ציונ'ען. האָט ער גלייך אויסגעטאָן זיינע אויסערגעוועהנליך גראָבע ברילען און אַרויסגענומען אַ פּאָר נאָך גרעבערע ברילען, וועלכע ער האָט באַנוצט צום לערנען און גענומען קוקען אין ספר און ברומען אָן אַ שום ניגון, ווי זיין טבע איז געווען. באַלד אָבער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן צו זיך: וואָס איז דאָס? עפּעס איז דאָך דאָס ניט קיין לשון" . . . ער האָט נאָך אַמאָל אַריינגעקוקט און ווידער געזאָגט: „ניין, ס'איז עפּעס ניט גלאַטיג" . . . און טראַכטענדיג אַביסעל האָט ער אויפ־געהויבען די אויגען פון ספר און געפרעגט: „איז מאיר דאָ?" דאָס האָט ער געמיינט מאיר משה לייב פּאַליקס, וועלכער איז געווען אָן אַריינגעהער צום רב און וואָס פלעגט איהם אָפּט פּאָלגען אַ גאַנג. אַלע אידען האָבען אָנ־געהויבען רופען: „מאיר, מאיר", ביז מאיר האָט זיך באַוויזען.

— גנאָ, זײ מוחל, — האָט איהם דער רב געבעטען, און ברענג מיר פון מײן הויז די גמרא שבת. ר׳ ישראל האָט פאַרמאָגט אַ זעלטענעם ש״ס, געדרוקט אין זשיטאָמיר.

ס׳האָט לאַנג ניט גענומען און מאיר האָט געבראַכט די גמרא. דער רב האָט שנעל אויפגעמישט דעם דף און, קוקענדיג אין דעם, האָט זיך באַוויזען אַ איראָניש שמײכעל אויף זײן פּנים. ער האָט זיך בעת מעשה געווענדעט צו די מתווכחים:

— אַ נו, לאָמיר נאָר הערען אײערע פּשטים. זײ האָבען גענומען רעדען, אַלע מיט אַמאָל, אָבער ר׳ ישראל האָט פאַרלאַנגט, אַז יעדער אײנציגער זאָל זאָגען זײן מײנונג באַזונדער. האָבען זײ איהם געפאָלגט און אַזוי געטאָן. אויסהערענדיג אַלעמען, רופט זיך אָן דער רב:

— איהר זײנט אַלע גערעכט, איהר האָט אַלע גוט גע׳דרשנ׳ט. די צרה איז אָבער וואָס אַלע אײערע פּירושים זײנען איבריג, ווײל סהאָט זיך פּשוט ארײנגעכאַפּט אַ גרײז אין דער גמרא.

אַלע אידען זײנען געוואָרען פאַרוואונדערט און שטאַרק אַראָפּגע־פאַלען בײ זיך. זײ האָבען אַלע אָנגעהויבען רײסען דעם רב׳ס גמרא, כדי זיך איבערצײגען, אַז ס׳איז טאַקע אַזוי. נאָר אײן ר׳ בן ציון איז געבליבען פון װײטען און ניט געוואָלט אהין ארײנקוקען. דער רב האָט געוואָלט אַביסעל פאַרגלעטען דעם שווערען אײנדרוק, וואָס זײן אַנט־דעקונג האָט געמאַכט אויף די לומדים, האָט ער דערנאָך צוגעגעבען מיט אַ פרײנדליכען טאָן:

— מי יודע וויפיל גרײזען עס זײנען ארײנגעפאַלען אין אונזערע הײליגע ספרים, און דערנאָך האָבען אונזערע גרויסע גאונים געדאַרפט שאַרפען זײערע מחות צו פאַרטײטשען און צו פאַרענטפערען.

—ר׳ בן ציון, וועלכער איז געווען אָרטאָדאָקסיש פרום, האָט זיך צעשריען:

— וואָס מײנט איהר, ס׳זײנען ארײנגעפאַלען גרײזען. אין דער הײליגער תורה זײנען ניטאָ קײן גרײזען. אונזער תורה קען מען טײ־טשען אויף אַלערלײ אופנים, אַבי מען האַלט זיך נאָענט צום פּשט, מיט וועלכען די תורה איז געגעבען געוואָרען פונ׳ם באַרג סיני.

דער רב, וועלכער האָט בטבע פײנט געהאַט צו האָבען וויכוחים און נאָך איבער אַזאַ דעליקאַטנער טעמע, האָט גענומען זײן גמרא אונ־טער׳ן אָרעם, אַ קוש געטאָן די מזוזה און איז אַוועק אהײם. די איבעריגע אידען זײנען אויך זיך צעגאַנגען. נאָר ר׳ בן ציון איז געבליבען און ניט געקענט זיך באַרואיגען, רעדנדיג צו זיך אַלײן:




**א סכסוך אין בית־המדרש**
געצייכענט פון נאָטע קאזלאָווסקי
לויט׳ן זכרון פון י. ב.

— שטותים! אין דער הייליגער תורה זיינען ניטאָ קיין גרייזען...
— ער האָט גענומען אַ געשמאַקען שמעק טאַבאַק און זיך ווידער אָנגע־הויבען צו ברומען: — דאָ־די־דאָ־דאָ! . . . . — און געטאַפּט מיט דער האַנט די שורות פון דער גמרא . . .



## דר. מ. זילבערמאַן

# זכרונות פון מיין שטעטעלע

●

## די בלאָנדע מיידעלע



אָס איז געווען אין די 80'גער יאָרען, ווען איך בין געגאַנגען צו מאָטעל לייב פאַליק'ס אין חדר אריין. און ס'איז געווען אין א ווינטער.

אין אָנפאַנג האָט מען זיך געשושקעט. איינער האָט אריינגעשושקעט דעם אַנדערען אין אויער אריין. מען האָט עס געהאַלטען בסוד... שפּעטער איז עס געוואָרען אַן אָפענע זאַך... און ווען ס'איז שוין געוואָרען אַן אָפענע זאַך, האָט זיך ערשט אָנגעהויבען צו קאָכען אין שטעטעל!... אנשים, נשים וטף האָבען גערעדט, געפלאַפּעלט און באַלבעטשעט...

ס'האָט ניט געהאַט צו טאָן מיט א יונג פּאָרפאָלק, וואָס ס'האָט געהאַלטען ביים „שיידען" זיך. ס'האָט ניט געהאַט צו טאָן מיט א מיידעל, וואָס האָט זיך, חלילה, „באַנאַרישט"... ס'האָט אויך ניט געהאַט צו טאָן מיט אַן „אונטערגעוואָרפען" קינד... (א זאַך„ וואָס איז שכיח אין יעדער שטעטעל) ס'האָט געהאַט צו טאָן מיט א בלאָנדער מיידעלע...

מען האָט אָנגעהויבען צו רעדען, אַז אַזוי גיך ווי ס'ווערט פינסטער אין שטעטעל, אַזוי הויבט אָן א „בלאָנדע מיידעלע" ארומשפּאַצירען אין די גאַסען בכלל און בפרט אין די הינטערגעסלאַך... פאַרוואָס אין די הינטערגעסלאַך בפרט, ווייס איך עד היום ניט.

מענער האָבען געשוואוירען ביי זייערע פּאות און ציצית און ווייבער ביי זייערע „דריי" מצוות, אַז זיי האָבען אַליין, מיט זייערע אייגענע אויגען, געזעהן די „בלאָנדע מיידעלע" ארומשפּאַצירען אין די גאַסען און געסלאַך, און אַז ווען ער אָדער זי זיינען געקומען נאָהענט צו איהר, איז „ואיננה!" איז זי ניט געוואָרען... (איינע פון די קליינשטעטעלדיגע

אבערגלויבענס). זיי האָבען אפילו געזאָגט, אז זיי ווייסען בפירוש פון וואנען דאָס מיידעלע קומט ארויס. אז זי קומט ארויס פון שלמה חנה־עטי'ס שטוב. ס'הייסט, ניט דער שטוב גופא, נאָר פון דער „אָסנאָ־וואניע". (שלמה'ס שטוב איז געווען מיט אַן אָסנאָוואניע, ס'הייסט מיט נייע ווענט אין דרויסען איידער מען האָט די אלטע אינווענינ ארויסגע־וואָרפען. אזוי פלעגט מען טאָן אין די קליינע שטעדטלאך).

א פחד, אַן אימה, איז געפאַלען אויפ'ן שטעדטעל!... אזוי שנעל ווי ס'איז פינסטער געוואָרען אין דרויסען, האָבען מאַמעס מורא געהאַט ארויסצושיקען זייערע קינדער אין גאַס ארויס... די „בלאָנדע מיידעלע" זאָל זיי, חלילה, ניט אויסכאַפּען... פאַר אונז, חדר־אינגלאך, וואָס זיי־נען געגאַנגען „ביינאכט", איז געווען ערגער, ווי פאַרבייצוגעהן די שול, ארום וועלכער ס'איז געווען אויסגעוועבט אזויפיל מיסטעריעזע און אבער־גלויבישע לעגענדעס פון דור צו דור: שדים... מתים... ריינע נשמות... פאַרבלאָנדזשעטע נשמות, גלגול'דיגע נשמות... אין א כנופיה זיינען מיר געגאַנגען... אָנגעהאַלטען זיך איינער אין צווייטען מיט אַלע כחות... כמעט מיט די נעגעל זיך איינגעגראָבען . . . איינער פון אונזערע טאַטעס פלעגט וואַרטען און יעדעס איינגעל פלעגט אָפּגעפירט ווערען ביז אין שטוב אריין...

אזוי איז עס אָנגעגאַנגען א צייט, ביז איינמאָל איז ארויס א קלאַנג, אַז די מיידעלע איז פאַרשוואונדען! ווער, וואָס, ווען האָט קיינער ניט געוואוסט. אַן אצבע אלהים!

און טאַקע פון דעמאָלט אָן האָט מען מער ניט געזעהן און מער ניט געהערט פון דער „בלאָנדער מיידעלע".

## „שבת אויבם"

ס'איז געווען בסוד סודות. די עלטערע האָבען דערפון ניט געטאָרט וויסען. ס'איז געווען א גוואַלדיגער חילול שבת!... ס'האָט געשמעקט מיט מי יודע וואָס! כמעט, כמעט מיט חרם... מיט ובערת הרע מקרבך! (איר מוזט וויסען, אז איך רעד פון א צייט קרוב צו 45 יאָר צוריק, און דאָס נאָך אין פעלשטין!) נאָר אזוי ווי א טייל פון זיי האָט געבראָפּעט אין די בעטען און דער אנדערער טייל איז געזעסען אין שול ביים תהילים און זיך געקוויקט מיט'ן קאַלטען וואַסער, פון די עמערס, וואָס יוזפּא שוסטער האָט זיי, לשם שמים, לשם מצוה, לשם עולם הבא, פאַרזאָרגט, איז דריי פערטעל פון אונזער מורא בטל ומבוטל געוואָרען.

איינציניגוויז, כמעט בגנבה, האָבען מיר אוועקגעשפּאַצירט. הינטער׳ן קאַסטיאָל האָבען מיר זיך באַגעגענט און אין צוויי און אין דריי זיך פאַר־מירט. פון דאָרטען האָבען מיר מיט פסיעות גסות, — גאָר איינגאַנצען פאַרגעסען, אז שבת קודש טאָר מען שנעל ניט געהן, — אוועקגעשפּאַנט צום דאָקטאָר נאַזאַרקעוויטש׳עס הויף.

די הינט האָבען אָנגעהויבען צו האַוקען. דאָס איז געווען דער סיג־נאַל! באַלד איז אַן אַלטע גוי׳ע צוגעקומען צום טירעל מיט אַ פאַרטוך פול מיט עפּעל, אָדער באַרנעס. — די אַלטיטשקע האָט שוין געוואוסט, וואָס דאָס האַוקען פון די הינט מיינט. — און מיר האָבען געקויפט! איינער פאַר צוויי קאָפּיקעס, איינער פאַר דריי, איינער פאַר פינף און איינינגע פאַר מער. אין „אָטשערעד" זיינען מיר געשטאַנען. ס׳הייסט, מיר, בית מדרש חברה, און אז אַ פּאָר „וואוילע יונגען", פון די הינטער־געסלאַך, האָבען זיך געוואָלט אריינשטופּען, ביד חזקה, נאַטירליך, זיינען מיר גראָדע ניט געווען קיין עקשנים... (זאָל עס בלייבען אַ סוד. מיר האָבען פשוט מורא געהאַט... יעצט קען איך דאָך שוין אויסזאָגען דעם אמת).

און אז מען האָט שוין אָפּגעקויפט, זיינען מיר אַרונטער, כמעט הינ־טער דעם הויף, אויך בגנבה... איר ווייסט דאָך: מים גנובים ימתקו... און מיר האָבען מיט געשמאַק און מיט גרויס הנאה גענעסען דעם „שבת אויבס".

## ביים קרענעטשקעלע

ס׳איז געווען די „קיצעלדיגע" פּעריאָדע... איר ווייסט דאָך, וואָס איך מיין?... מאַכט איך ניט תמ׳עוואַטע, איך בעט אייך. וואָס איז? איר זייט קיינמאָל יונג ניט געווען?... איך מיין יענע פּעריאָדע, ווען אז אַ איינגעל באַגעגענט זיך מיט אַ מיידעל ווערט ער רויט... פאַרשעמט. עפּעס אַ מין ציטער געהט אים דורך דעם גאַנצען קערפּער... ער באַקומט היץ... פיבער... — זי, נאַטירליך, געהט דורך דעם זעלבען „חיבוט הקבר"... — און אז זיי רעדען איינער צום אַנדערען, בלאַנד־זשען זייערע אויגען ערגעץ צום הימעל... צום קוימען... פּנים אל פּנים צו רעדען האָבען זיי ניט דעם מוט... דעם קוראַזש... אָבער צו וואָס באַשרייבען דאָס, וואָס יעדער איינער פון אייך איז, בלי ספק, אַליין דורכגעגאַנגען און דורכגעלעבט? איך וויל דאָ דערציילען פונ׳ם „קרע־נעטשקעלע". אָבער ווי איך זאָל מיך ניט ווילען דרייען, מוז איך פאָרט קומען צום ענין פון יוגענטליכער איבערלעבונג, פון יוגענטליכען חשק.

וואָרים ווי זאָגט דאָרט די גמרא: הא בהא תליה... איך פאַרשטעהס, די מעשה דערפון איז געווען אזוי: דאָס האַרץ האָט גענאָגט... גע־נויעט... דער קאָפּ איז געווען הייס... און צעטראָגגען... עפּעס האָט זיך ניט נעגעסען ווי ס'באדאַרף צו זיין... די קישען זיינען מיטאמאָל האַרט געוואָרען... דער קאָפּ האָט אויף זיי ניט געפילט אזוי באקוועם... די מאַמע האָט אָנגעהויבען צו זאָרגען און זאָגען צום טאַטען: „דאָס קינד פילט עפּעס ניט מיט אַלעמען. עפּעס אינגאַנצען פאַרענדערט גע־וואָרען". און דער טאַטע האָט אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען: „וואָס ווייס איך?" און די מאַמע האָט ווייטער געזאָגט: „מען דאַרף אים אפשר אָפּשפּרעכען „אַ גוט אויג" אָדער אויסגיסען וואַקס".

און מען האָט אַ גוט אויג אָפּגעשפּראָכען און מען האָט וואַקס אויס־געגאָסען . . . אָבער אַ נעכטיגער טאָג! דעם אינגעל אָדער דער מיידעל האָט זיך, פאַנימאַיעטע, געוואָלט „סווידאַניעס"... און אין אַ שטעד־טעלע, ווי פּעלשטין, זיינען געווען מער אויגען, ווי מענשען און די ווענט האָבען געהאַט אפשר טויזענטער אויערען... איך דאַרף אייך דען דער־צעהלען? ניט געווען אזוי פויגעלדיג...

אין ווינטער איז נאָך ניט געווען אזוי שלעכט. ס'ווערט פריה פינסטער אין דרויסען. מענשען אין גאַס זיינען וועניג. אַ בריוועלע, דורך אַ שליח'ל, אהין און צוריק... (איך זאָג אוים פונ'ם חדר, אַ?) און ס'איז פאַרטיג... אַרויסגע'גנב'עט זיך פונ'ם בית־מדרש אָדער פון קלויז, באַלד נאָך מעריב, פאַר אַ שטונדע און מען האָט זיך „װסטרעטשאיעט" הינטער אַ פּלויטעל... הינטער אַ פינסטערער וואַנט... הינטער באָבע דוד לייב'ס שטוב און מען האָט „פאַרבראַכט"... (מ'שטיינס געזאָגט). אין ציטער־ניש... אין מורא... פאַרן מינדסטען שאָרך... און איידער וואָס ווען, איז מען זיך שוין „צעגאַנגען". זי צוריק אין שטוב אַריין און ער צוריק צו דער גמרא... מילא, אַ ברירה האָט מען געהאַט?...

זומער, זעהט איר, איז שוין געווען צרות! אַ סך מענשען אין גאַס, „טריפה'נע", ווי מען זאָגט... אַ סך אויגען... אַ סך אויערען... . שוין אָפּגערעדט פון „מיילער"... איז טאַקע חברה געוואָרען אַביסעל פאַר־צווייפעלט... געזאָגט: „הבה נתחכמה!..." און מיר האָבען אויסגע־פונען אַ קרעגעטשקעלע, העט־העט אַרונטער, אַרונטער פון דעם באָדנער'ס הויז, צווישען די גויאישע שטיבלאַך, און עס געמאַכט פאַר דעם „ראַנ־דעוואו־פּלאַץ".

און שבת בייטאָג, ווען די טאַטעס, די מאַמעס, פלעגען זיך, נאָך דעם שווערען „טשאָלענט", צולייגען זיך אביסעל שלאָפען, ס'הייסט, מקיים זיין דעם: „שינה בשבת תענוג", פלעגען מיר, חברה, אַריינכאַפּען גלע־

זער אין די קעשענעס אריין, (פארשטעהט איר מיך, א תירוץ פאר די בענטש־ליכט. אז טאמער באגעגענט אונז עמיצער, וואס איז „טריף״ און הויבט אן שטעלען קשיות, קענען מיר זאגען, אז מיר געהען נאך א קאלטען טרונק . . . פארט גמרא קעפלאך! . . .) דער תחום שבת האט אונז ווייניג וואס גקימערט... און זיך א לאז געטאן שפאצירען! און אחד ואחד, אחד ושנים, אחד ושלשה שפאצירט פארביי דעם באדנער׳ס הויז און ארונטער, ארונטער מיט דער שמאלער, געדיכט־באוואקסענער סטעזשקע, שוין טאקע צווישען די גוי׳אישע כאטקעס, און בעת מעשה גע־ציטערט, אז א כלב זאל זיך פון ערגעץ ניט ארויסכאפען און אונז מכבד זיין מיט א „מתנה״... און מיר זיינען, ענדליך, געווען, ווי דאס חומש זאגט: על העין, ביים קרענעטשקעלע!

אייגענטליך איז דאס געווען טאקע נישט מער ווי א קוואליכעל, אן עין, אבער מיר האבען עס גערופען: „קרענעטשקעלע״. וואס האט עס דען אויסגעמאכט? דאס איז דאך נישט געווען דער עיקר...

און מיר האבען טאקע געטרונקען די ריינע, קרישטאלענע, קאלטע וואסער און טאקע הנאה געהאט אויך, ווארים ס׳איז אונז טאקע געווען היים!

און באלד זיינען אנגעקומען די „פריילענס״ (איך בין זיכער, אז איר פארשטעהט, אז ס׳איז געווען אן אפגעמאכטע זאך ס׳זאל אזוי פאסירען. נסים, פריינט, זיינען ניט געשעהן . . .) און מיר האבען געטאן טאקע, ווי דאס חומש זאגט דארט, ס׳הייסט, מיר האבען זיי אויך אנגע־טרונקען... ראשית, האבען זיי קיין גלעזער ניט געהאט, ושנית, זיינען מיר דאך געווען עפעס „קאוואליערען״, מ׳שטיינס געזאגט!...

אפגעטרונקען די קאלטע וואסער, האבען מיר זיך פארלאכוויי אוועקגעלאזט איבער ליימענע וועגען, איבער סטעזשקעס, איבער סטעזש־קעלאך און געהאט „עונג שבת״.

אז ס׳איז געווארען שפעטלאך, נאהענט צו מנחה צייט, האבען מיר זיך אלע ווידער באגעגענט ביים „קרענעטשקעלע״, ווידער געטרונקען און צוזאמען ארויפגעשפאצירט (ס׳איז גרינג צו זאגען — די נשמה האט אין אונז געציטערט). ביים באדנער׳ס הויז איז געווארען א פרשת הדרך. די פריילענס האבען גענומען איין וועג, די קאוואליערען אן אנדערען און מיר האבען, מיט אומגעדולד, געקוקט פארווערטס צום קומענדען שבת, ווידער צו טרעפען זיך „ביים קרענעטשקעלע!...״

## דער „גיא צלמות"

צווישען אברהם סאָלדאַט'ס און מאָניש ברענמאַנ'ס הייזער אויף איין זייט, און סאָסי דער גראָבער'ס באַטקע אויף דער אַנדערער זייט, איז ביי אונז אין שטעטעל געווען אַ גרויסער, רונדער טיפער טאָל.

אין דעם טאָל זיינען דאָ און דאָרט געווען גריבער און גריבלאַך, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען פון די עטליכע גוי'עס, וואָס האָבען פאַר־זאָרגט פעלשטין מיט זאַמד. און זיי האָבען טאַקע די חזקה דערויף געהאַט. קיין אַנדערע האָבען ניט געוואָגט אין יענעם טאָל אַריינצוגעהן, חוץ בין־השמשות און בגנבה...

און וואָס פאַר אַ זאַמד דאָס איז געווען! עפּעס אַ מין רויטליך־געל, אַ מין גאָלד־קאָליר. און ווען מען האָט פרייטאָג בייטאָג „אויסגע־ליימט" די ערד אין די שטיבלאַך, און אויסגעשאָטען יענעם זאַמד דערויף, האָט עס צוגעגעבען אַ זעלטענעם חן צו דער מלכה־שבת! און, ווען מען האָט עס אַמאָל געטאָן אינמיטען דער וואָך, האָט דאָס שטיבעלע, אין יענעם טאָג, אויסגעזעהן שבת'דיג און יום־טוב'דיג... עפּעס אַ באַהאַלטענע קראַפט איז געלעגען אין יענעם זאַמד, וואָס האָט געקענט שאַפען די מחיה'דיגע אַטמאָספערע...

אין די זומער־פאַרנאַכטען, נאָכ'ן חדר, פלעגט דער דאָזיגער טאָל זיין אונזער שפּיל־פּלאַץ. וואָס האָבען מיר דאָרטען ניט געשפּילט?! פערד־לאַך, סאָלדאַטען, אין קנעפּלאַך, אין וויינשעל־קערלאַך, אין שטעקעלאַך, אין באַהעלטעניש און נאָך קינדער־שפּילערייען. ס'איז געווען אונזער אייגען וועלטעל! קיינער האָט ניט געוואָגט אונז צו שטערען, ביז די מאַמעס אָדער די טאַטעס אָדער די שוועסטערלאַך האָבען אונז גערופען עסען וועטשערע... אַן אמת'ע עבירה געהאַט אין אונז...

ווען דער „היציל" פלעגט קומען אין שטעטעל אַריין, איז דער טאָל לגמרי געווען אונטער זיין ממשלה... ער האָט דאָרט די הינט גע'ממית'ט...

פאַר אונז, יונגוואַרג, זיינען יענע טעג — ווען דער „היציל" האָט געכאַפּט די הינט — געווען ווילדע טעג. אין די פאַרנאַכטען, נאָכ'ן „חדר", זיינען מיר נאָכגעגאַנגען דעם „היציל" טריט נאָך טריט. און אַז ער האָט געכאַפּט אַ הונט, און דער הונט האָט גענומען שפּרינגען, בייסען די „מיטשקע" און רייסען זיך פון פּעטליע, וואָס האָט אים געוואָרגען, האָבען מיר זיך געטוליעט איינס צום אַנדערען פאַר שרעק...

און אז דער „היציל" האָט דעם הונט אַרונטערגעשלעפּט אין יענעם טאָל אַריין און מיט אַ דובינע אים אכזריות'דיג דעם קאָפּ צעשפּאַלטען, האָט עס אַ סך פון אונז — אָט די מעשה־חבלה — געמאַלאַטשעט אויפ'ן האַרצען ביז צום ברעכען... מיר האָבען אַ צייט אויף קיין עסען ניט געקענט קוקען... און דאָך האָט אונז געצווינגען צום „היציל"... און יעדען טאָג נאָכ'ן „חדר" זיינען מיר אים ווידער נאָכגעלאָפען...

אָט דעם טאָל האָט מען אַ נאָמען געגעבען „גיא צלמות".

## וועלוועל קום

# דער ערשטער קאַפּעליוש

●



אין מיין זכרון טויכט אויף א טשיקאַווע בילדעל פון אונזער געבורט־שטעדטעל. איך רעכען, אז ס'וועט זיין כדאי דאָ עס איבערצוגעבען.

משה חיים רתל מרים'ס איז געווען שוין אין די מיטעלע יאָהרען. אין פעלשטין האָט מען אויף איהם געקוקט ווי אויף אַן אויפגעקלערטען און איידעלען מענשען. מען האָט גערעדט אין שטעדטעל, אַז משה חיים איז אַ מענש פון צוויי וועלטען, — אי פון דער אַלטער וועלט, אי פון דער נייער. פעלשטינער לצים אָבער פלעגען זאָגען: וויים איך! משה חיים איז ניט צו דער אַלטער וועלט און ניט צו דער נייער וועלט.

משה חיים'ען האָט זיך אָבער פאַרוואָלט דוקא ווערען אַ היינט־וועלטיגער. עס האָט זיך איהם פאַרגלוסט צו זיין דער ערשטער אָנצוטאָן אַ קאַפּעליוש אין פעלשטין. האָט ער טאַקע לאַנג ניט געטראַכט, איז אוועקגעפאָרען קיין פּראָסקוראָוו און האָט זיך איינגעהאַנדעלט אַ קאַפּעליוש מיט דעם אמת'ן קנייטש.

און ווי ער האָט שפּעטער דערצעהלט, האָט ער דעם קאַפּעליוש גע־האַלטען פאַרשטעקט פיער וואָכען צייט, און קיינער פון שטוב האָט דער־פון ניט געוואוסט. אָבער יעדען אויפדערנאַכט, ווען דאָס גאַנצע בני־בית איז שוין געשלאָפען, פלעגט ער ארויסשלעפּען דעם קאַפּעליוש פון באַ־העלטעניש און איהם אָנמעסטען. ער האָט זיך געשטעלט פאַר'ן שפּיגעל, געדרעהט דעם קאָפּ אַהין און אַהער און גערעדט צו זיך אַליין: ס'איז דאָך טאַקע גאַנץ שעהן!... און ס'פּאַסט מיר טאַקע אויך!... נאָר... נאָר די באָרד צום קאַפּעליוש איז אַביסעל צו לאַנג... ער בויגט אונטער די באָרד אַביסעל און טוט דערביי עפּעס אַ קלער און אַ ברום צו: הם... ניין... ניין!... ער גלייכט אוים צוריק די באָרד און שלאָגט אָפּ דעם שפּל'ן געדאַנק וואָס קריכט איהם אין קאָפּ אריין...

ווי אזוי אָבער געהט מען ארוים דאָס ערשטע מאָל אין גאַס און אין שוהל אריין מיט דעם קאַפּעליוש? ישוב'ט זיך משה חיים, אַלץ מיט'ן קאַפּעליוש אויפ'ן קאָפּ, שטעהענדיג פאַר דעם שפּיגעל, אַלץ אונטערבוי־גענדיג די באָרד. און אזוי ישוב'ענדיג זיך, באַשליסט משה חיים טאַקע אויף אַן אמת'ן דאָס ערשטע מאָל פּטור צו ווערען פון דער באָרד. געזאָגט און געטאָן!

צו ביסלאַך האָט משה חיים אזוי שטילענקערהייט אונטערגע־טשיקעט דאָס בערדעל, און דאָס בערדעל איז געוואָרען קלענער און קלע־נער, ביז עס איז שוין כמעט ניט געבליבען וואָס צו טשיקען.

איין מאָל אין אָוועגט רופט זיך אָן משה חיים'ס פרוי:

— משה חיים! ווערסט ניט לאַכען פון מיר, וועל איך דיר עפּעס זאָגען.

— וואָס, ריווצע? — פרעגט משה חיים זיין פרוי.

— משה חיים! — זאָגט זי צו איהם — מיר דוכט זיך, אז דיין באָרד ווערט קלענער.

צעלאַכט זיך משה חיים און זאָגט:

— ווי איך זעה, ביסטו הפנים פאַרליעבט אין דער באָרד. דאָס וואָס מען האָט ליב, דאָס איז ניט גרוים אין די אויגען . . . — און לאַכט.

משה חיים'ס ווייבעל ווערט די זאַך קשה און זי נעמט זיך גוט איינקוקען אין איהר מאַן.

— משה חיים! ? . . .

משה חיים הייגט, משה חיים מאַרגען! משה חיים'ס ווייב האָט זיך ענדליך דערוואוסט, אַז איהר מאַנ'ס האַלבע באָרד איז אזוי פּאַוואָלינקע געגאַנגען לעוואזל . . .

ריווצע מיט משה חיימ'ען האָבען זיך ביידע געלאַכט אין די פּנים'ער אריין.

אַז אין שטוב איז דער עסק אים אָפּגעגאַנגען גלאַטיג, האָט משה חיים באַקומען מעהר מוט און גענומען ארויסשלעפּען דעם קאַפּעליוש.

און איינמאָל, אין אַ זומערדיגען שבת אינדערפריה, האָט זיך משה חיים פאַרפּוצט אין זיין חתונה סורדוט, מיט דער ראָזעוואָילקע אויף די אַקסלען, אָנגעטאָן דעם קאַפּעליוש און זיך געלאָזט געהן אין שוהל אריין.

ער איז ארוים אויף דער גאַס, געטאָן אַ פּאָר שפּאַן און געבליבען שטעהן ווי צוגעקאָוועט צו דער ערד, ניט אַהין, ניט אַהער . . .

קומט אָן זיינער אַ חבר, מעסט ער איהם אָפּ פון קאָפּ ביז די פיס און מאַכט:

— משה חיים, דו שטעהסט? הא!?...

— יאָ, ברודער, — ענטפערט איהם משה חיים, — איך קען ניט געהן ווייטער און איך שעהם זיך געהן צוריק!...

דער חבר צעלאַכט זיך און זאָגט:

— צוריק? ניין, צוריק ניט! קום משה חיים, איך וועל דיך שוין אריינפירען אין שוהל אריין.

מיט א קלאַפּענדיג הארץ, און מיט אראָפּגעלאָזטע אויגען, איז משה חיים דאָס ערשטע מאָל אריין אין שוהל און זיך קוים דערשלאָגען צו זיין שטאָדט...



## בערל בוים

# די ערשטע ביבליאָטעקע אין פּעלשטין

●




ין מיטען זומער, ווען די היץ ברענט זעהר שטאַרק, האָבען פּעלשטינער אידען ווייניג וואָס צו טאָן. זיצען אין שטוב? קען מען זיך אָבער אין די ד׳ אמות פון שטוב ניט געפינען קיין אָרט. געהט מען אין גאַס, כלומרשט — אָנצושעפּען זיך מיט אביסעלע פרישער לופט.

געוויינליך, אז מען געהט שוין אין גאַס, האָט מען בדעה אָנצו־טרעפען זיך מיט עמיצען, בכדי... ווייס איך, גלאָט אזוי, א שמועס צו טאָן.

ס׳רעדט זיך נאָר אזוי אין גאַס — דאָס ערשטע מקום וואו א פּעל־שטינער איד לאָזט זיך ארויס, איז געוויינליך — דער „מאַרק". וואוהין דען וועט א פּעלשטינער איד א שפּאַציר טאָן נאָך אביסעלע קילער לופט? אויף דער „אורבאַניוועקע"? צי איבער דער „שעגזיווקע" צווישען די גוי׳אישע „סעדער"? די הינט וועלען דאָך אים באַפאַלען און פּאַריאָגען פון יענע דופּטענדיגע ערטער...

געהט דער איד אין מאַרק אריין. און אז ער געהט שוין אין מאַרק אריין — ס׳הייסט, גלאָט אזוי זיך, ניט צוליב האַנדעל — טוט ער דוקא א קלער וועגען האַנדעל: עס קען זיך דאָך אים מאַכען עפּעס א מציאה... כאָטש דער מאַרק איז, אין די גרויסע היצען, אזוי ווייט פון האַנדעל, ווי מזרח פון מערב. און אויב קיין מציאה וועט זיך אים ניט מאַכען, טראַכט ער ווייטער, וועט ער שוין אין איין וועגס טאַקע געוואויר ווערען, ווי עס האַלט מיט׳ן מאַרק־האַנדעל. א־ניט וועט ער זען ווי אזוי יענער האַנדעלט און דערביי שוין טאַקע א האָרך טאָן, וואָס עס הערט זיך אויף דער וועלט...

אז אידען לאָזען זיך ארויס אין מארק, ווען די היצען ברענען, קלייבען זיי זיך צונויף לעבען א קליטעל, וואו די זון האָט ניט קיין שליטה — ערגעץ אונטער א „פידאשעק”.

מיט אזא קלייטעל איז געבענשט „עזרא כהן גדול”, טאקע א כהן און א הויכער, שטארק־געבויטער, רויטער איד. דערפאר רופט מען אים „כהן גדול”.

אז מען קלייבט זיך צוזאמען און מען ווישט דעם שוויים מיט די בלויע און רויטע פאטשיילעס און אויך מיט די פאָלעס פון די קאפאָטעס, שמועסט מען טאקע וועגען די גרויסע היצען:

— ס'א סברה, אז אויב ס'וועט, חס ושלום, אזוי אָנהאַלטען, וועלען די תבואות פארברענט ווערען... און ווער ווייסט, די פויערים קענען זיך נאָך הייסען געבען א קערבעל פאר א פוד ווייץ... און אידען וועלען, חלילה, באדארפען הונגערען...

אידען פארלירען אָבער ניט קיין האָפנונגען.

— טא־טא... מען הונגערט שוין ביי אים! כאפט זיך ניט! — טרייסט איינער דעם עולם, — דער אויבערשטער וועט ניט פארלאָזען. ער וועט געבען רעגען. ס'וועט ניט זיין קיין הונגער. ס'וועט נאָך זיין א גערעטעניש און א זול א גרויסער...

דער שמועס וועגען די היצען איז נאָר אן אָנהויב. מען פארקירעוועט זיך מיט'ן שמועס אויף צוריק, אויף זאכען נאָך פון פאר ששת ימי בראשית. מען לופטערט דורך יציאת מצרים, מען געהט דורך אַלע גזרות, אַלע גירושים אויף אידען. מען פירט דורך אַלע מלחמות. מען באוויינט אַלע פאָגראָמען אויף אידען. דער שמועס פארציט זיך ביז ימי המשיח... און מען קומט צוריק, וואו מען שטעהט, אונטערן פידאשעק, וואו די זון האָט ניט קיין שליטה... אָט אזוי קומט מען ארויף — צו דער לעצטער נייעס פון שטאָט: „די ביבליאָטעקע” וואָס דאָס יונגוואַרג האָט זיך „פאָזוואָליעט” אוועקצושטעלען אין פעלשטין צום ערשטען מאָל און „איין מאָל פאר אַלעמאָל”...

— ערשט א וואָך צייט אז די „ביבליאָטעקע” האָט געעפענט א טיר, און שוין האָט זי אָנגעמאכט צרות אין שטאָט, — איז אהרן־נטע דער ערשטער ארויס מיט זיין קריוודע געגען די ווייסע'חברה'ניקעס, — אויב מען וועט עפּעס ניט זען טאָן צו דעם, מעג מען באצייטענס עוקר זיין פון שטאָט, ווייל ס'איז שוין, חוץ מדרך הטבע!... האָסטו געהערט א המצאה?! — היצט זיך אהרן־נטע, א קליינינקער אידעל, און זיינע קליינע, שארפע אויגעלאך דרעהען זיך אין אַלע זייטען און טרעפען יעדען פונ'ם געזעמעל אידען, — איך זאָג אייך, אז אזוינס האָט זיך נאָך ניט

פארלאָפּען אויף א האלבער וועלט... דאָס בית־מדרש פּוסטעוועט, און דאָרטען, ביי אים, בא... ביי „מוניש'ן" איז געוואָרען א... א „ביבליאָ־טעקע"?! א „סאָלדאַטסקע קלייזעל", זאָג איך, איז דאָרטען געוואָרען! מיט, ווייס איך, מיט עטליכע זשאַרגאָנישע ביכלאָך, פון עפּעס א פּאָר אפּיקורסים און דערמיט ווילען די פּאָר ווייסע'חברה'ניקעס ארויסציען די בחורים פונ'ם בית־מדרש!... האָסטו געהערט אַזוינס?!

אהרן נטע באַטראַכט דעם עולם און זעט, אַז זיינע ווערטער ווירקען, הויבט ער זיך אָן קאָכען נאָך שטאַרקער:

— א „טשיטאַלניע" הייסט 'עס ביי זיי! איך זאָג אייך, אידען: ווי איך בין א איד, אַז דאָ מיינט מען פּשוט א ניי „סדרה'לע": ס'פּאַסט ניט געהן הינטער'ן קלויסטער מיט א מויד, האָט מען עס אויסגעפונען א המצאה'לע — א „ביבליאָטעקע"! אַבי בחורים און מוידען זאָלען זיך קענען צונויפקומען... לייענען יאַקבי... ווייסט איר, אידען, וואָס דאָס מיינט?! זיי שפּאַרען דאָך שוין, ב"ה, אָן ביים „צירולניק" אויך!... דאָס איז ניט קיין שפּילעכעל, אידען... אידעל איז מיין עדות... אדרבה, אידעל! זאָג: בין איך גערעכט, צי ניין?...

— וואָס אַזוינס איז שוין געשען?! — הערען זיך שטימען פונ'ם געזעמעל מיט עפּעס א מורא, ווי עס וואָלט דאָ שמעקען חלילה מיט טורמע אָדער מיט עפּעס אַן אַנדער אָנשיקעניש אויף דער שטאָט.

— אדרבא, זאָל אידעל זאָגען, צי בין איך ניט גערעכט! — שטעהט אהרן־נטע צו צו אידלען, אַז ער זאָל ברעכען זיין שטילשווייגען.

ער כאַפּט אָן אידלען ביים לאַץ פון זיין קאַפּאָטע און שרייט:

— אידעל! וואָס שווייגסטו?!

אידעל קען זיך ניט ארויסדרעהען פון אהרן־נטע'ס קלאַמערעס און ער הויבט אָן, אויף זיין שטייגער, רעדען. אַביסעל פּאַנפּעוואַטע און אַביסעל היקעוואַטע:

— יאָהן, יאָהן! אהרן־נ'נטע אי...ז גערעכט! ס'איז... איז אָך און וועה דאָס צו זעהן! מיינע חברה האָבען שוין אויך א... ארייגגע־שמעקט אהין־צו־צו... אוהן ס'א סברא א—אַז באַ—לד־באַלד... כ'על עס אָבער ניט דערלאָזען... ניט דער—לאַ—זען! כ'האָב געזאָגט מיין „קריסען", האָב איך געזאָגט, אַז זייער פו—פוס זאָל זיך דאָרט דאָרנט ניט געפינען!...

—אָבער, אידעל, אידעל! — שלאָגט אים איבער עזרא־כהן־גדול,

— וואָס אַזוינס איז געשען? לאָז שוין אַמאָל הערען, וואָס אַזוינס איז געשען?!

אהרן־נטע מישט זיך אריין: —

— זאג, אידעל, זאג. נישטא וואס צו באהאלטען...

— אדרבא! — בייזערט זיך עזרא, — לאמיר הערען. גלאט רע־דען? ס'איז דאך אן עברה צו בארעדען אידישע קינדער!...

— אט, אט, א! — פלאצט ארויס אידעל, — טא—נקע, טאטע דער־פאר וויל איך ניט זאגען. ווייל... ווייל ענם קען נאך ווארפען א אידען פון פאר—נאטע קען עם אים ווארפען!...

אהרן־נטע געהט ארויס פון די כלים, טוט א קלאפ אין לאדען פון עזרא'ס קלייטעל און כאפט אן אידלען:

— היקע ניט ,אידעל! וואס היקעסטו, וואס?! וואס האסטו מורא? מען וועט, חס ושלום, אסר'ן דעם תכשיט'ס טאטען פון דער שחיטה? וואס איז דער טאטע שולדיג?!...

פלוצלונג, אינמיטען דערינען, פאלט אריין גאר א אידענע, חוה־ווערוועל־מרים'ס, א „קאליכניצע", וואס איז געשטאנען אין א זייט פונ'ם געזעמעל אידען און זיך איינגעהערט צום ויכוח, ביי וועלכען אידען האמפערען זיך:

— יא, יא, אידען! — הויבט זי אן אוועקלייגען איהר לשון, — ביי מיין ווארט א חידוש... א חידוש! איר קענט ניט טרעפען וועמען אידעל מיינט? ס'איז דאך דודי... דודי, יאסעל שוחט'ס בחור. אמת, אידעל? — קערט זיך חוה אום צו אידלען נאך א תשובה, — ס'איז דאך קלאר, ווי מיין קאלך איז קלאר, ווי מיין דבורה'לע, זאל געזונט זיין, איז קלאר. ווי דער טאג איז קלאר, אז ס'איז יאסעל שוחט'ס בחור... און... אוי, א בראך!... מיר דאכט אז ניט נאר יאסעל'ס בחור איז אראפ פונ'ם וועג. איך האב מורא, אז „ישראלי" דער שמש'טעס איז אויך פארמישט אין דער מעשה... איך וואלט געשווארען... היינט קומט ער צו מיר צו: „חוה!" זאגט ער צו מיר, „צעבייט מיר א קערבעל אויף מינץ, טאמער מאכט זיך מיר עפעס צו קויפען, וועל איך האבען ס'קערבעל אין מינץ". איך וויים? דער שמש'טעס א קינד — נעם איך זיך צו דער קעשענע, זעהן, צי איך האב א קערבעל מינץ. איך טו א קוק אויף דעם ישראלין... ס'איז ניט דער זעלבער ישראלי!... איך וואלט געשוואוירען אז אט ערשט האט ער זיך אונטערגעטשיקעט דאס בערדעל... אוי! טראכט איך זיך, ס'האט שוין טאטע ארומ־געכאפט די באלעבאטישע קינדער אויך! און מיר ציטערען שוין די הענט, ווען איך דערלאנג אים דאס קערבעל מינץ... ישראלי! זאג איך...

— ס'וועט גארניט העלפען! — שפרינגט ארויס משה־לייב פאליקס מיט אן אמת'ן ירגזון, — מען וועט מוזען אזוי ארויפגעהן אויפ'ן צווייטען

גאָרען, מיט שטעקענס און צעטרייבען די ווייסע'חברה'ניקעס! — משה'ס גרויע באָרד ווערט אַזש דראַטיג, אַזוי ברענט אין איהם דער כעס.

די מוידען מיט די „בעזרוקאַוויטשיקעס" האָבען דאָס אָנגעאַרבייט! — שרייט משה און איז טאַקע אויסער זיך... — שולדיג איז דער לערער זייערער! דער... ימח־שמו'ניק! ווער ווייסט אים דאַרטען, ווי ער הייסט... איך האָב שוין לאַנג געזאָגט, אַז מען זאָל דעם וואַרשעווער חברה־מאַן ניט אַריינלאָזען אין קיין אידישער שטוב, האָב איך געזאָגט. אַ לערער, אַ לע—רער — האָט זיך זיי פאַרוואָלט! „יאָסעל שרייבער" האָט שוין ניט פאַר זיי קיין תורה... שוין!... האָסטו געהערט?... פאַראַיאָרען, פלוצים, פון דער העלער הויט — ס'דאָ אַ טאַנץ־קלאַס... זאָג איך צו שייע־אברהמ'ען: דיין בחור לויפט אין טאַנץ־קלאַס! נו? מיט אַ שטעקען איבער'ן קאָפּ האָט ער דעם רויטען בחור מכבד געווען... מילא, אין דעם טאַנץ־קלאַס, ווער איז אהין געגאַנגען? אָבער דאָ? דאָ רירט עס דאָך אָן דעם בית־מדרש... דעם בית־מדרש־אידען!... אַ קלייניגקייט! געסקאָמפּאַניעוועט זיך מיט מוידען און מען לייענט! וואָס לייענען, ווער לייענען? ! הלואי זאָל איך זאָגען אַ ליגען: מען וועט נאָך לייענען אין די גאַזעטען, וועט מען נאָך, ווער ווייסט וואָס! און דערנאָך שריי חי וקים!...

משה'ס רייד האָבען אָנגעוואָרפען אַ שרעק אויף די מערסטע אידען פון געזעמעל, זיי האָבען טאַקע ממש מורא באַקומען, אַז אָט־אָט פּאַסירט שוין ווער ווייסט וואָס... ביז עזרא כהן גדול האָט זיך אַ נעם געטאָן צו משה'ן מיט די איבעריגע אידען:

— יאָ, יאָ, משה! זאָלסט מיר מוחל זיין, טאַקע דערפאַר זיילען מיר, אידען אין דר'ערד מיט די ביינער — ניין איילען די טיף... אַ מערכה מיר זיינען קליינשטעלטעלדיגע אידען און אונזער געשריי מיט'ן טומעל וועט בלייבען אונטער'ן פּידאַשיק וואו די זון האָט ניט קיין שליטה, און ניט געהן ווייטער. אַ־ניט וואָלט, חו"ש, די גאַנצע וועלט פאַרברענט געוואָרען... ווייל מיר אליין וואָלטען זי געלייגט אויפן פייער!...

עזרא קנייטשט איין דעם שטערען און רעדט ווייטער:

— וואו ליגט דאָ דער חטא?... נאָך הונדערטער יאָרען, האָבען זיך קינדער צוזאַמענגענומען און געמאַכט אַ שטיקעל ביבליאָטעקע, זיי ווילען, נעבאך, וויסען וואָס ס'טוט זיך אויף דער וועלט. וואָס־זשע איז דאָ אַזוינס? וואו ליגט דער סכנות'דיגער חטא? די זעלבע מחברים וואָס שרייבען אין „הצפירה" און „הצופה", שרייבען אויך די זשאַרגאָנישע ביכלאַך. מיר הערען דאָך, אַז עס לעבט ערגעץ אַ מענדעלע מוכר ספרים, אַ פּרץ, אַ פרוג, אַ שלום עליכם. אמת, טאַקע אפיקורסים — אָבער

למדנים זיינען זיי דאָך! ווער און וואָס זיינען מיר, איהר זאָלט מיר מוחל זיין! קענען מיר זיך דען פאַרגלייכען מיט זיי? פאַרוואָס זאָל עס זיין אַ סכנה פאַר די קינדער צונויפזאַמלען עטליכע פון זייערע ביכלאַך? פאַרוואָס זאָלען קינדער ניט טאָרען לייענען, וואָס וועלט־מענשען האָבען צו זאָגען? אדברא, ענטפערט מיר!...

— וואָס זאָגסטו? מרדכי! בין איך ניט גערעכט? — ווענדט זיך עזרא צו מרדכי יוזפ'ס, וואָס שטעהט אָנגעשפאַרט אָן לאָדען, — דאַכט זיך, — רעדט ער שוין צו מרדכי'ן אליין, — אז לויט זיי, וואָלט דיין ברו־דער, אירע, ע"ה, געווען באַדאַרפט ליגען אין חרם דערפאַר וואָס ער האָט געלערענט דעם פשט „קאַצעבילע", אָדער פאַר דעם וואָס ער פלעגט שפּילען אין קאָרטען. אי... הלואי וואָלט אירע היינט געלעבט. ווער ווייסט צי אַפילו פּראָסקוראָוו וואָלט זיך געקענט פאַרמעסטען מיט פעלשטין.

צווישען עולם הערט זיך: — האַ, האַ! ער וויל שוין מרדכי'ן אויך אָפּ'שמד'ן... ניט גענוג וואָס אירע איז שוין ע"ה... (אירע'ס צונאָמען איז געווען „שמד'ניק").

מרדכי יוזפ'ס, אַ איד וואָס האָט פון תמיד אָן ליב געהאַט מער צו הערען און וואָס ווייניגער צו רעדען, האָט בעת דעם ויכוח געביסען די עקען פון זיין שוואַרצער באָרד און געקוקט פאַר זיך, מיט זיינע שוואַרצע שאַרפע אויגען, ווי ער וואָלט וועלען עפּעס דורכדרינגען. ס'האָט זיך אים געמישט אין קאָפּ: דער אַלטער דור, דער יונגער דור, זיין ברודער אירע, וועמענס דרייסטקייט ס'איז ניט געווען צו פאַרשטעהן, וואָס איז געשטאָרבען נאָך אַ בחור, זיין אייגען קינד, וואָס איז אַוועק עובר לים, ווער ווייסט, וואָס ס'וועט פון אים ווערען...

ווען עזרא האָט זיך געווענדט צו אים, האָט מרדכי ניט געהאַט קיין חשק צו ענטפערען. ווען עזרא האָט זיך צו אים געווענדט נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל, האָט מרדכי יוזפ'ס געזאָגט:

— אודאי איז ניט קיין יושר צו זוכען חטאים אויף יענעמס קינדער,

— ער האָט זיך אויסגעגלייכט און ווייטער אַ זאָג געטאָן צו די אידען:

— ווייסט איר, אידען, וואָס איך וועל אייך זאָגען? מיר דוכט, אַז עס איז גאָר אַ השגחת הבורא... דאָס קינד איז אַ קינד! מיר ווייסען אַז ס'האָט „סאַוועסט", מעג מען עס שיקען אַפילו אין שאול תחתיה, וועט עס זיין אַ קינד! אלא וואָס? מען האָט מורא... וואָס־זשע־טוט מען אַז דאָס קינד פאַרט אַוועק אין דער פרעמד? אָט ווי מיין יונה, און מען קען אַפילו ניט זען וואָס דאָס קינד טוט... פונדעסטוועגען, אַז גאָט העלפט, ס'ווערט אַ מענש און ס'פאַרשטעהט אפשר גאָר מער פון טאַ־טען, כאָטש ס'איז אפשר ניט לויטען טאַטענס גוסט, מוז דער טאַטע דאָך

שווייגען... איך ווייס ניט — זעהר מעגליך, אז ווען מיר זאָלען איצטער זיין אין זייערע יאָרען — צי מיר אַליין וואָלטען ניט געלאָפען אין „ציר־ רולניע", צי מיר אַליין וואָלטען אויך ניט געשאַפען ביבליאָטעקעס... ס'איז דאָך א רחמנות: אַט ערשט א קינד, און אַט איז עס שוין א איד מיט א באָרד... אז ס'איז געווען ביי אידען „בן שמונה עשרה לחופה" — האָט דאָס קינד ניט באַמערקט און ניט דערפילט דעם איבער־ גאַנג פון יוגענט צו מאַנסביל. היינט איז עס דאָך אַהן אַן עק און אַהן א סוף... מיר דאַכט, אז איידער אַוועקלאָזען דאָס קינד אין דער פרעמד און ניט וויסען, וואָס ס'ווערט פון דעם, איז בעסער ס'זאָל זיין לעבען טאַטען אין דער היים! אַי, ס'וויל געהן אַהן א באָרד?... זיינען מיר אַליין דען גאַנצע אידען? פעלט אונז דען ווייניג צו זיין אמת'ע אידען? אַי, ס'וויל ניט לערנען אין בית־מדרש? מילא, אז מען דאַרף שוין צווינגען א קינד, ס'זאָל לערנען, איז אַן עברה זיין לערנען... אויב א קינד וויל ניט לערנען, איז דאָס דען אין גאַנצען דעם קינד'ס שולד... נאָר צי לערנען, צי ניט לערנען, צי מיט א באָרד צי אַהן א באָרד — אידען וועלען זיי זיין, וואוהין זיי זאָלען ניט לויפען, וואוהין זיי זאָלען זיך ניט קערען און ווענדען!... ביבליאָטעקע? זאָל זיין א ביבליאָטעקע. א לערע איז עס דאָך! ס'איז דאָך ניט קיין קלויסטער, להבדיל. אַי, טאָמער קען זיך, חלילה, עפּעס מאַכען אַן אומגליק, ווי איר זאָגט: מייד־ לאָך מיט אינגלאָך... דערווייל איז זיך אַזעלכעס ניט פאָרלאָפען ביי אונז אין פּעלשטין. און אפשר יאָ! פּעלשטין שטעהט דאָך שוין א שעהנע פאָר הונדערט יאָר. קען מען דאָס זיכער איבערציילען אויף די פינגער. און ווידער, מיר זיינען דאָך טאַטעס. מיר קענען אויך אַמאָל ארויפגעהן אַהין און געוואויר ווערען. איז דען די טיר פאַרמאַכט? מיר קענען א קוק טאָן וואָס זיי טוען דאָרטען. די וועלט איז דאָך נאָך אַלעמען ניט משוגע...

הגם ס'איז געוואָרען שטיל צווישען דעם געזעמעל אידען, איז אָבער איין איד אַרוים מיט א יללה:

— ס'א חילול השם... יוזפ וואָלט באַדאַרפט אויפשטעהן פון'ם קבר און דאָס הערען... מרדכי יוזפ'ס, דער בעל קורא, רעדט דאָס אַזוינע דבורים! ס'א חילול השם! אָפּגע'שמד'ט איז ער! די ביבליאָטעקע האָט אים אויך שוין אָפּגע'שמד'ט... ער טאָר ניט לייענען אין דער תורה!... ס'א חילול השם! זאָג איך...

פלוצים טוט זיך א איד פון געזעמעל א כאַפּ:

— אידען! ס'איז דאָך שטאָק נאַכט, שוין באַלד שפּעט צו דאַווענען מנחה...

— אוי, טאַטע! — קוקען זיך אידען אַרום און טוען זיך אַ לאָז אָוועק פון עזרא כהן גדול'ס קלייטעל, ווער אין בית־מדרש, ווער אין קלויז און ווער אין שול אַריין מתפלל צו זיין, ווער ווייסט, אפשר פאַר זייערע אייגענע חטאים און שוין אויך פאַר די קינדער, זיי זאָלען, חס ושלום, ניט אָוועק מיט'ן קרומען וועג איבער דער — ווי אזוי רופט מען זי דאָרטען — איבער דער ביבליאָטעקע.



## שמחה (יוסף שמחה׳ס) קופער

# פעלשטינער פון אַמאָל און היינט



פעלשטין איז ביי אונז אַלעמאָל געווען א קוואַל פון זיסע ערינערונ־גען. זיינען זיך פעלשטינער צוזאמענגעקומען, אמאָל צו א לאנדסמאַן אין שטוב, אָדער ערגיץ אויף א שמחה, צי אויף א פארזאמלונג פון פעל־שטינער פאראיין, איז פעלשטין שוין ניט אראָפּ פון צונג.

האָט מען זיך נאָר צערעדט איבער פעלשטין, איז די לופט ארום געוואָרען פריש און אנגענעהם . . .

דער געשפרעך וועגען פעלשטין האָט צוריקגעבראכט צום „אַלקיר" וואו פון סטעליע האָט אראָפּגעהאנגען דאָס ווינגעלע אויף פיר שטריק־לאך, אין וועלכען די מאמע האָט ניט אויפגעהערט וויגען איהרע קינדער, ביז זי האָט געפירט די עלטערע קינדער צו דער חופה.

מען האָט זיך דערמאָנט אָן די חדרים, מלמדים. אוי, וועה!... וואָס פאַר אַן ענין עס איז געווען ביי אונזערע טאַטעס און מאַמעס דער חדר מיט דעם מלמד! . . . א קלייניגקייט דער חדר! זיין גאַנצע האָפ־נונג האָט דער פעלשטינער איד געלייגט אויף דעם חדר . . .

ווען דער ענין פון חדר איז אויסגעשעפּט געוואָרען, האָט מען זיך דערמאָנט אָן די בתי־מדרשים, אָן די שבתים און ימים טובים, אָן די חתונות, אָן די ברית׳ן, אָן די „קרישמעלייענעס" און אָן די בלאָטעס, וואָס מען האָט באַדאַרפט קנעטן צו דערגרייכען דעם „קרישמעלייענען". מען האָט זיך דערמאָנט אין דעם טייכעל, וואו מען האָט זיך געגליטשט ווינטער מיט די צוריסענע שטיוועל און געלאָפען זיך באָדען זומער באַר־וועס און אין הוילען לייבצודעקעל. מען האָט זיך דערמאָנט אָן די רעד־לאך אידען אויפן מארק און אין די טשיקאַווע מענשען, וואָס האָבען זיך געפונען אין דעם קליינעם שטעטעלע פעלשטין. דער אינטערעס צו פעל־שטין צווישען דער היגער לאַנדסמאַנשאַפט האָט גאָר קיין שיעור און קיין ערך ניט.

אויב פעלשטין האָט זיך ניט געקענט איבערנעמען מיט איהרע שעה־נע גאַסען און רייכע הייזער, האָט אָבער פעלשטין געמעגט שטאָלצירען מיט איהרע אידען און אידענעס, וואָס זיינען אין אַ סך הינזיכטען געווען אַנדערש ווי אַנדערע קליינשטעטעלדיגע אידען אין אוקראַינע.

פעלשטין האָט פאַרמאָגט איהר אייגענאַרטיגען אידען, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט פאַרטונקלען אפילו פון די גאַר גרויסשטאָטיגע אידען.

פעלשטינער אידען בעטען זיך מען זאָל זיי מאָהלען ,דערצו באַדאַרף מען אָבער האָבען אַ קינסטלער, וואָס, לײַדער, פאַרמאָגען מיר ניט.

בעט איך טאַקע דערפאַר אַנטשולדיגונג פאַר די פּאָר טיפּען בילד־לאַך, וואָס איך באַמיה זיך דאָ צו איבערגיבען. די טיפּען בילדלאַך זיינען טאַקע ניט מעהר ווי שאָטענס פון יענע מענשען. אָבער די שאָטענס זיינען ווי אַן עמוד־האש פאַר דעם היינטיגען פעלשטינער, וואו ער זאָל זיך ניט געפינען.

ניט ווייניג שטורכעס און בוכצעס האָב איך באַקומען פון מיין גאָט־זעליגען, בייזען פאָטער איבער די אידען, ווען מען איך דערמאָן דאָ, און ניט ווייניגער מוסר האָט מיר מיין נאַאיווע מוטער געזאָגט — אַלץ צוליב די זעלבע אידען.

— אַ רוח האָט זיך באַזעצט אין דעם קינד, — פלעגט מיין פאָטער טענה'ן, — שטעהט מען שמונה־עשרה, שטופּט ער זיך זעהען וואָס זעליג טענצער טוט אונטערען טלית, אַ ניט ראַמט ער אויף מאיר דעם „סבאָר־שטשיקס" טאַבאַקערקע, און די שוהל געהט כאַדאַראַם, וואָרים מען קאָן זי ניט געפינען . . . און טוט נאָר יאָסל חנה'ס אַ זינג,— ער איז שוין דאָרטען! וואָס איז דיין עסק, אַז זעליג טענצער וויינט ניט ביי „על חטא"? אַז ער מאַכט זיך ווי ער וויינט? וואָס איז עס דיין עסק?

זעליג „טענצער", פאַרוואָס עפּעס „טענצער" און ניט „אובערמאַן"? ווייס איך ניט עד היום. אויב דער „שפּיץ־נאָמען" האָט געזאָלט באַצייכענען דעם אידען מיט עפּעס אַ שאַנד־פלעק, ווייס איך ניט וואָס דער שאַנד פלעק איז געווען אויף „זעליג טענצער".

זעליג טענצער איז געווען אַ איד, וואָס האָט געהאַנדעלט מיט אַלעם און מיט אַלעמען: מיט תבואה, מיט פלאַקס, מיט בהמות. ער פלעגט אָפּ־דינגען טייכען ביי פּריצים צו כאַפּען פיש און פירען זיי אין די גרויסע שטעט. זעהר אָפט האָט ער געמוזט נעכטיגען אין קרעטשמעס און שטי־לען דעם הונגער מיט אַ גוי'עשע פּלעצעל, מיט אַ גלאָז מילך, וואָס די גוי'ע האָט אויסגעמאָלקען אין זיין אייגענער כשר'ער גלאָז.

זעליג טענצער האָט געדאַווענט אין דער קאַלטער שוהל, אין מזרח. ער האָט מיט זיין צובראָכענער, כמעט אינגעלשער שטימע אַרויסגעהאָל־

פען זינגען דעם בעל־שחרית, הר׳ יאָסעל חנה׳ס, וואָס האָט באמת שעהן געזונגען.

פאַר אָט דעם זעליג טענצער האָט מען מיך פאַר׳מסר׳ט.

ווען מיין בייזער פאָטער האָט אין שוהל, טאַקע ביים דאַווענען, גע־וואָלט מיר מסלק זיין פאַר מיינע קונדס׳עריייען, איז אויסגעוואַקסען דער מלאך הגואל הר׳ זעליג און האָט מיך ממש אָפּגעראַטעוועט. — א פאַרשייט אינגעל! — פלעגט ער זאָגען צום טאַטען, נאָר שלאָגען באַ־דאַרף מען ניט. — און ביי מיין פאָטער איז געבליבען הענגען די האַנט אין דער לופטען . . .

אַזוי ווי זעליג טענצער אַזוי זיין אידענע. דער באַלעבאַטישער אויס־זעהן איז געווען צושפּרייט אויף איהר פּנים. אַזאַ גוטע, אַזאַ פרומע. געשיקט אָרימע אידען פיש אויף שבת. איז ביי איהר געווען א שמחה, האָט זי געטיילט די קינדער ניסלאַך, געגלעט זיי איבער די בעקעלאַך און געפרעגט די קינדער, וועמענס זיי זיינען און דערביי צוגעגעבען דעם קינד נאָך א פּאָר ניסלאַך. איך בין נאָך דעמאָלט געווען אין פעלשטין, ווען יענטע זעליגס ע״ה איז געשטאָרבען און איך מעג באמת זאָגען „חבל על דאבדין״! . . .

אַזעלכע אידען ווי זעליג טענצער און זיין פרוי האָב איך אין ערגיץ ניט באַגעגענט. איך האָב זיי געזעהן נאָר אין פעלשטין . . .

אין שכנות מיט זעליג טענצער האָט געוואוינט ר׳ מאיר דעם סבאָרשטשיקס — א פּאַטריאַרך א איד. ער האָט אויך געדאַווענט אין דער קאַלטער שוהל אין מזרח־וואַנט. גערעדט האָט ר׳ מאיר הייזעריג און אויף גיך. יעדען טאָג האָט ער געדאַווענט בציבור. די גוים האָ־בען צוגעפירט זייערע תבואות צו זיין שפּייכלער, ניט געדונגען זיך מיט איהם און געגלויבט זיין וואָג.

זיין אידענע, א קליינינקע, אויך אַזאַ באַשיידענע, אַזאַ גוטינקע. זי האָט גערעדט שטיל ווי א קליין מיידעלע, געגעבען גמילת־חסדים צו אָרי־מע ווייבער. איין זוהן האָבען זיי געהאַט — חיים שלום דער בלינדער. צו איהם האָבען מענשען ארויפגעקוקט. אפילו גויים האָבען פאַר איהם דרך ארץ געהאַט.

און יאָסעל חנה׳ס? ער איז געווען נאָך גאָר א יונגערמאַן. א זעלטען שעהנער יונגערמאַנטשיק. שטענדיג א לאַכענדיגער. געווען פול אין אַלע שטיבער. איינגעקויפט אין דער גרויסער שטאָט סחורה פאַר די קרעמער. יעדער איז איהם שולדיג געלט און ער מאָנט מיט א גלייכ־ווערטעל: א מענש אָהן א גאַל, ווערט קיינמאָל ניט בייז, אז מען גיט איהם ניט.

דער עיקר דאוועגט ער שעהן. צוזינגט ער זיך, ווערען אידישע הערצער פארכאפט.

מיין פאטער ע"ה האט מיך געשיקט פארהערען צו יאסעל חנה'ס, האב איך מיך נאך גאר פריה באקענט מיט רבקה יאסעל חנה'ס, זיין אי־דענע. אן אמת'ע אידישע מאמע. כאטש נאך גאר א יונגע, איז זי שוין געווען אויסגעמוטשעט פון ווישען קינדערשע נעזלאך און פון לייגען „ריבארבערע" צו קינדערשע בייכעלאך. פונדעסטוועגען האט זי איהר לאכעדיגען, זינגענדיגען מאן מיט דעם רבי'ן, וואס איז געקומען מיט מיר, שבת'דיג באדינט און צוגעטיילט אויך מיר שבת־אויבס — א צוגעלעגערט עפעלע. דאס גיבען אבער האט געהאט אלע טעמים. אן אמת'ע מאמע איז זי געווען, די גוטסקייט האט ארויסגעשיינט פון איהרע אויגען.

ווען איך בין עלטער געווארען האב איך געוואוסט ווען רבקה יאסעל־חנה'ס האט אפגעקאכט א גוטען בארשטש, צי געבאקען א פריש געבעקעל ברויט, ווייל מעהר ווי איין מאל האט זי מיט מיר געשיקט א טעפעל וואַ־רעמס אדער א פרישען „פאטפאליס" צו אן ארימען אידען ערגעץ אין הינטערגאס . . .

שעהנע טיפען אידען האט פארמאגט פעלשטין. קיין וואונדער ניט, וואס דער דור נאך זיי קאן יענע פעלשטינער אידען בשום אופן ניט פארגעסען . . .

# דר. מ. האָפמאַן

# מיינע מלמדים

●



איך רעכען, אז דאָ, אין דעם „פעלשטינער בוך", איז דאָס ריכטיגע פּלאַץ צו באַשרייבען אונזערע מלמדים. ווייל, ערשטענס, זיינען זיי געווען די אמת'ע פעלשטינער, וועלכע האָבען געהאט א פּאָזיטיווען איינפלוס אויף אונז צום גוטען אדער צום שלעכטען. צווייטענס, וועט דאָס מיר געבען א מעגליכקייט צו דערמאָנען פילע פון אונזערע לאַנדסלייט און אזוי ארום שאַפען א בילד, וואָס וועט כאַראַקטעריזירען אונזער שטעטעל.

ר' אברהם בער ליבס

ביי אונז אין פעלשטין זיינען געווען דריי דרדקי מלמדים: ר' אברהם בער ליב'ס, ר' שלמה און ר משה מלמד. אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלען צו לערנען ביי ר אברהמ'ען. ער איז געווען א ביסעל נידעריגער פון מיטעלען וואוקס, מיט א קאָפּ קויל־שווארצע האָר און א לענגליכער שווארצער באָרד, אין וועלכע ס'האָבען זיך שוין באוויזען פילע ווייסע פעדים.

ער האָט פאַרמאָגט א פּאָר טיפע שווארצע אויגען מיט א שאַרף־פאַרשפּיצטער נאָז, וועלכע איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט טאַבאַק. זיין פּנים איז געווען געל, ווי וואקס, און האָט קיינמאָל ניט באוויזען קיין פרעהליכע מינע. ר' אברהם איז שטענדיג געווען מרה־שחורה'דיג, און אויף די קינדער פלעגט ער שרייען און זיי זידלען גלייך ווי זיי וואָלטען געווען דערוואקסענע און פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל פון זיי האָבען. אַלע זיינע אמאָליגע תלמידים געדענקען געוויס, ווי ער פלעגט זיך צושרייען אויף א דריי־ אָדער פיר־יאָריגען קינד: „אוי, א רוח אין דיין טאַטען!" און לאַנג אויסצגעצויגען דאָס וואָרט — ט־אַ־ט־ע־ן!

און אין אמת'ן איז ר' אברהם ניט געווען קיין שלעכטער מענש, נאָר די ביטערע פּרנסה האָט איהם אַזוי דערשלאָגען. וואָרים כאָטש ער האָט פאַרמאָגט אין חדר אַרום דרייסיג־פערציג תלמידים, איז אָבער דער שכר־לימוד געווען ניט מעהר ווי דריי רובל אַ זמן. דורכשניטליך, הייסט עס, האָט ער פאַרדינט אַרום דריי רובל אַ וואָך. כאָטש זיין פרוי, אַ הויכע, אַ דינע, מיט קאַליע אויגען, האָט איהם אַביסעל אַרויסגעהאָלפען אין דער פּרנסה (זי האָט געהאַט אַ שאַפּקעלע מיט סטענגעס, וועלכע זי פלעגט אַרויסטראָגען אויף די יאַרידים), פונדעסטוועגען איז דאָס אַלץ געווען וויניג צו דערנערען אַ פאַמיליע פון זיבען אָדער אַכט מענשען: ווייל דער רבי האָט געהאַט עטליכע דערוואַקסענע מיידלאַך. איינע האָט געהייסען רויזע. די נעמען פון די איבעריגע געדענק איך ניט. איך געדענק נאָר, אַז זיי פלעגען עסען ברויט מיט הערינג און בעטען ביי דער מוטער אַ ציבעלע, און זעהר זעלטען דאָס געקראָגען. דאָרום איז ר' אברהם תמיד געווען אַ פאַרזאָרגטער און אַן אויפגערעגטער. פונדעסטוועגען פלעגט ער אונז פאָרט אַמאָל אַרויסווייזען אַ ביסעל צערטליכקייט. דאָס פלעגט פאָרקומען, ווען ער האָט אויסגעליידיגט אַ פעקעל טאַבעקע. דעמאָלט פלעגט ער פאַמעליך צורייסען דאָס זילבערנע פאַפּירל אויף פילע קליינע שטיקלאַך און אונז עס צוטהיילען. מיר פלעגען זיך אַלע צונויפדריקען און וואַרטען ביז ער האָט דאָס געטאָן. דאַן האָבען מיר אַלע זיך גענומען רייסען און פּרוואָווען כאַפּען דעם טייערען אוצר. דער רבי פלעגט גוטמוטיג צוקוקען, ווי מיר האָבען זיך געריסען און געשטופּט איינער דעם צווייטען, און האָט אויף אונז ניט געשריגען, כאָטש מיר האָבען בשעת מעשה געמאַכט אַ היבשען טומעל.

איך געדיינק נאָך די גרויסע קויטיגע שטוב, וואו דער חדר איז געווען. ביי דער רעכטער זייט פון אריינגאַנג איז געשטאַנען דעם רבי'נס טישעל. אויפ'ן טישעל איז געלעגען פון איין זייט אַ גרויסער סידור און נעבען סידור — דער קאַנטשיק. אויף דער צווייטער זייט זיינען געלעגען די קינדערס וואַרמעסען: ברויט מיט שמאַלץ, הערינג מיט ברויט, ברויט מיט פּוטער און אויך ברויט מיט איינגעמאַכטס. די פליגען פלעגען געמיטליך אַרומשפּאַצירען און פאַרזוכען פון יעדען וואַרעמעס. אויפ'ן טישעל איז אויך געלעגען דעם רבי'נס פאַטשיילע, זאָרגפעלטיק צונויפגעלייגט, פּונקט אונטער זיין עלענבויגען, ס'זאָל אים זיין ווייכער צו האַלטען זיין דאַרען אויסגעמוטשעטען אָרעם. אין דער צווייטער זייט פון שטוב איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש מיט בענק, אויף וועלכע די קינדער זיינען געזעסען. ביי די עקען פון טיש זיינען געזעסען צוויי באַהעלפערס און אויך געלערענט מיט די קינדער. די צוויי באַהעלפערס געדענק

איך נאָך. איינער האָט געהייסן אידעל און דער צווייטער — הירש־וואָלף. ס'איז אַ מערקווירדיגע זאַך, וואָס תמיד פּלעג איך זיך פאָר־שטעלען, אַז הירש־וואָלף זעהט אויס, ווי משה רבנו און אידעל — ווי אהרן הכהן. און ביז היינטיגען טאָג, ווען ס'קומט מיר אויפן געדאַנק משה רבנו, שטעלט זיך מיר פאָר דאָס בילד פון הירש וואָלפ'ן. און דאָס זעלבע איז מיט אהרן הכהן. ער דערמאָנט מיך אָן אידלען.

ס'געדענקט זיך נאָך פילע קליינינקייטען פון יענער פאַרפלויגענער צייט. אָבער איך קען ניט פאַרנעמען צופיעל פּלאַץ אַלעס צו באַשרייבען. דאָך ווילט זיך מיר פאַרצייכענען דעם פאָלגענדען עפּיזאָד:

מיר האָבען דעמאָלט געוואוינט קאָמעריני ביי יעקיל „קונה הכל". זיין אַלי משה איז געגאַנגען מיט מיר צוזאַמען צו ר' אברהם אין חדר. האָט זיך איינמאָל געמאַכט, אַז עס איז געגאַנגען אַ רעגען, אין חדר איז געווען פינסטער און וויסט, און אויפ'ן הארצען — אומעטיג. פּלוצים איז אריינגעקומען באָבע יעקילס, אלי משה'ס מאַמע, און גערופען אלי משה'ן אהיים. ווען איך האָב זי דערזעהן, האָב איך זיך אָנגעהויבען דרעהען ארום איהר דענקענדיג, אַז פיליכט וועט זי מיך באַמערקען און מיך אויך מיטנעמען אהיים. אָבער זי האָט זיך אויף מיר אפילו ניט אומגעקוקט. ווען איך האָב דערזעהן, אַז עס האַלט שמאָל, האָב איך זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און זי געפרעגט, צי האָט מיין מאַמע זי ניט געבעטען מיך אויך מיטצונעמען. אבער זי האָט זיך כמעט ווי ניט צוגעהערט צו מיר, נאָר צווי־שען די ציין אויסגעזייעט, אַז זי האָט מיין מוטער יענעם טאָג אפילו ניט גע־זעהן. איך האָב זיך געפילט אזוי נידערגעשלאָגען, אַז יענע פּאַסירונג האָט זיך איינגעקריצט אין מיין מוח ביז צום היינטיגען טאָג. איך געדענק נאָך עטליכע נעמען פון יענע תלמידים, וועלכע זיינען געגאַנגען מיט מיר צוזאַמען: אלי משה יעקילס, זוסקי מיט יחיאל משה שוחט'ס, נתן יעקיל איצים, מאַני עני דבורה'ס און „דאָס גענזעלע".

ווען איך בין אַלט געוואָרען זעקס יאָהר, האָב איך געדאַרפט אַרי־בערגעהן צו אַ גמרא מלמד. גמרא מלמדים זיינען געווען עטליכע: הירשל ליב פאָליקס, מיין פעטער יצחק אריה, משה יעקב און דער „כהן". מיין כיתה, וועלכע איז באַשטאַנען מייסטענס פון די אויבענדערמאָנטע חברים, איז אריבער צו הירשל ליב פאָליקס. נאָר ווייל ביי אונז איז דע־מאָלט די צייט געווען שלעכט, האָט ר' הירשל מיך ניט אַריינגענומען אין דעם צעטעל. איך געדענק נאָך ווי מיין מוטער ע"ה איז געלאָפען זוכען אַ צד ביי משה שוחט'ס ווייל זי האָט זיך געפילט באַליידיגט, וואָס איך בין אַרויסגעפאַלען פון דער כיתה. אָבער ס'האָט גאָר ניט געהאָלפען.

איך בין אָנגעקומען צו משה יעקב׳ן, וועלכער איז געווען אונזערער א קרוב.

ר׳ משה יעקב

ר׳ משה יעקב איז געווען א הויכער איד מיט א קליין גרוי בערדעל און פאַרדעכטיג־רויטע באַקען. ער איז געווען א יאַדישליוועך און זעהר א גרויסער כעסן. אָט די צוויי אייגענשאַפטען זיינען געווען זעהר ניט גינציג פאַר אונז קליינוואַרג, ווייל ער פלעגט אונז אָפט אַריינציטבלען און טאַקע פיל מער, ווי מיר האָבען זיך פאַרדינט. און מחמת ער איז געווען א איד — א חלוש, פלעגט ער אום ווינטער תחילת־נאַכט זיך אַריינ־לייגען אין בעט אַריין און אונז לאָזען חזר׳ן דעם חומש און אליין דערווייל אַנשלאָפען ווערען. אז ער האָט זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט און מיר האָבען זיך ערגעץ פאַרהאַקט ביי א שווערען טייטש־וואָרט, פלעגט ער ווערען מלא כעס און קיין פּעטש מיט קאַנטשיקעס האָבען אונז שוין ניט געפעלט.

איך געדענק א קאָמישע פּאַסירונג: איינמאָל בעת דער רבי איז איינגעשלאָפען, זיינען מיר צוגעקומען צו דעם שווערען וואָרט „ולקטו" און געבליבען שטעהן. האָבען מיר אויפ׳ן קול איבערגעזאָגט דאָס וואָרט פילע מאָל, כדי דער רבי זאָל דערהערען און דאָס אונז פאַרטייטשען.

פּלוצים האָט זיך ר׳ משה יעקב אויפגעכאַפּט און מיינענדיג הפּנים, אז עס איז שוין שפּעט, האָט ער א געשריי געטאָן: „געהט אהיים!" מ י ר האָבען דאָס אָנגענומען פאַרן׳ טייטש פון דעם וואָרט און זיך גע־נומען חזר׳ן: „ולקטו — געהט אהיים... „ולקטו געהט אהיים"...

דאָס איינציגע שטיקעל פאַרגעניגען, וואָס מיר האָבען געהאַט ביי משה יעקב׳ן אין חדר איז געווען, ווען זיין ווייב עטיטשקע האָט זיך מיט איהם צעווערטעלט, און דאָס איז פאַרגעקומען ניט זעלטען. ווייל זי, עטיטשקע, האָט געהאַט א נאָמען אין שטאָט פאַר א יאַבידניצע, אָבער זי איז געווען זעהר א פרומע. אָלע מאָל פלעגט זי פאַרדעקען די אויגען מיט די הענט און שרייען: „שמע ישראל"... און ווען זי פלעגט פאַרפירען א דעבאַטע מיט אונזער רבי׳ן, האָבען מיר אביסעל פרייער אָפּגעאָטעמט... ערשטענס, האָט איהם גענומען זעהר א סך צייט מיט איהר זיך דורכצורייען. צווייטענס, פלעגט זי, די רבי׳צין, תמיד אונז נעמען פאַר בוררים, און מיט אונז זיך עדות׳ן וועגען געוויסע זאַ־כען, וועלכע מען קען דאָ ניט אַרויסשרייבען . . . אָבער יענע תלמידים, וועלכע האָבען געלערענט ביי משה יעקב׳ן געדענקען געוויס, וואָס איך האָב אין זינען. מיינע חברים דעמאָלט זיינען געווען: יאָסעל שלמה

חנה עטעס, וועלוועל ליבמאן, יונה און הירש מרדכי יוזפ׳ס, אלי מיכעל גיצים, משה וועלוועלעס, שמואל ליב און זיסי בארער און משה חיים שמש.

### ר׳ לייב פאליקס

נאך צוויי יאהר לערנען ביי ר׳ משה יעקב׳ן, בין איך אריין צו ר׳ לייב פאליקס. ר׳ לייב איז געווען אן עלטערער מאן מיט א פאט־ריארכאלישען אויסזעהן. ער איז געווען א הויכער איד, מיט א לאנגער, ווייסער בארד, מיט א שטריימעל אויפן קאפ. ער איז געווען איינער פון די געצעהלטע כלי־קודש, וועלכע האבען געטראגען אזוינע שטריימלען. ער פלעגט געהן אנגעטאן אין א לאנגער זשופעצע און האט געטראגען ווייסע לאנגע זאקען ביז די קני. ער האט שטענדיג געהאלטען אין מויל א לאנגע לולקע־ציביק. די לולקע־ציביק פלעגט ער רייניגען מיט דעם גרעס־טער פארזיכטיגקייט — אמאל מיט א שטרוי, אמאל מיט א ריטעל פון בעזים, און אמאל פלעגט ער דורכציען א שטריקעל, ווען אים איז ניט געלונגען אויסצורייניגען דעם ציביק דורך אן אנדער מיטעל... ר׳ לייב איז תמיד געווען מרה־שחורה׳דיג, אנגעבמורעט און רעליגיעז פארטיפט. דעם חדר האט ער געהאלטען אין דער קליינער קיך פון זיין הויז, ווייל אין דער גרויסער שטוב האט זיין איידים, הירשל, געלערענט מיט זיינע תלמידים. אין דער ענגער קיך איז געשטאנען זיין בעט, וואס האט בייטאג געדינט אלס א שטול צום זיצען, און א טישעל מיט בענק פאר אונז תלמידים. דערנעבען איז געשטאנען א קליין קעסטעלע, וואו זיין טאכטער, מרים דבורה, הירשלס ווייב, האט צוגעגרייט דאס עסען צום קאכען, ווייל ר׳ לייב איז געווען אן אלמן. ער איז ניט געווען קיין זעהר שטרענ־גער רבי, אבער זעהר אן ערענסטער. ער האט פיינט געהאט שפאס. דער־פאר איז געווען אזוי אומעטיג ביי איהם צו זיצען דעם גאנצען טאג און חזר׳ן גמרא און חומש. ער האט געהאט נאך א שטיקעל חסרון, נעמ־ליך: ער פלעגט ליב האבען צו זאגען מוסר די תלמידים. אז ער פלעגט זיך צוטשעפען צו א קינד מיט זיינע רייד, איז דאס אונז אלעמען דער־גאנגען ביז צו דער לעבער. פונדעסטוועגען פלעגט אמאל פאסירען, אז דער רבי האט אויך באוויזען א פרייע מינע. און א פרייע מינע האט ער באוויזען, ווען זיין זון, ר׳ מאטעל, וועלכער האט אויך געהאט א חדר ניט ווייט פונ׳ם פאטער, פלעגט אמאל אריינקומען.

ר׳ מאטעל האט תמיד געהאלטען א שטיקעל פאפיראס און גע־בעטן ביי הירשלען אביסיל טיטון אויף א ציגייער, אדער, פארקערט, ער האט געהאלטען א ביסעל טיטון אין זשמעני און געבעטען ביי הירשלען

א שטיקעל פאפיראס. בעת מעשה האט ער געכאפט א שטיקעל שמו־עס מיט'ן פאטער. מען האט געקענט זעהן, ווי דער טאטע שעפט נחת פונ'ם זון. ווייל ר' מאטל האט געקענט גוט לערנען און ר' לייב האט איהם זעהר ליב געהאט. דעמאלט פלעגט זיך דעם רבינס פנים אויסלייטערען און ער פלעגט אפילו זיך אמאל צולאכען, און דערביי נאך ארויסגעוויזען זיינע ביידע שורות שורות ציין, נאר אין מיטען מיט א חלל פון אן אויסגע־בראכענעם צאן, דורך וועלכען די צונג האט זיך געשטויסען דורכצו־שפארען. ר' לייב'ס געלעכטער איז געווען אזא הארציגער, אזא זיסער, אזא חנ'עוודיגער, אז מיר תלמידים האבען זיך פשוט מחיה־געווען, ווען דער רבי האט זיך אמאל אזוי צולאכט.

מיר פלעגען אויך אביסעל פרייער אפאטעמען, ווען דער רבי האט געשניטען דעם טוטון פאר זיין ליולקע, אדער ווען ער האט צורעכט גע־מאכט די פיש לכבוד שבת, ווייל אזוי איז געווען זיין מנהג: אלע דא־נערשטאג האט ער אליין אנגעזאלצען די פיש. ביי די ארבייטען פלעגט ער ניט זיין אזוי ערענסט אנגעשטרענגט, און מיר האבען זיך אפילו דערלויבט א שטיפ צו טאן. ווייטער איז אלעס געווען גרוי און נודנע, און איך האב זיך דערפילט דערלייכטערט, ווען איך בין ענדליך, נאך צוויי יאהר צייט, ארויס פון זיין חדר און אריין צו בן ציון שליאמעס.

צוזאמען מיט מיר זיינען געגאנגען צו ר' לייב פאליקס די פאל־גענדע: יונה און הירש מרדכי יוזיפס, מרדכי יאסי זילבערמאנס, הירש שאקעלע, בערל שמחה קערזשנער, דוד יאסעל שוחט'ס און יעקב יאסי פיקעווער.

## ר' בן ציון שליאמעס

ר' בן ציון איז געווען א קורץ איינגעהויקערט אידעל, מיט א ווייס שפיציכיג בערדעל. ער האט געהאט א שארף־איינגעבויגענע נאז, וועל־כע איז געווען בלוילאך־רויט און אנגעשטאפט מיט טאבעקע. ער איז געווען א גרויסער למדן, טאקע דער גרעסטער למדן אין שטאט. אפילו אין א סך אנדערע שטעט האט מען געדארפט זוכען אזא שארפען קאפ, ווי ער האט געהאט ניט נאר צום לערנען נאר אויך צו וועלט־זאכען. באמערקונגען, וואס איך האב געהערט פון איהם אינגעלווייז, האב איך ערשט אנגעהויבען פארשטעהן, ווען איך בין אויסגעוואקסען. ער האט אבער געהאט איין גרויסען חסרון, נעמליך: ער האט ליב געהאט דעם ביטערען טראפען. ער אליין פלעג זאגען: „אז איך נעם זיך לערנען א שווערען ענין אין דער גמרא, מוז איך אויסטרינקען פאר צען גראשען

בראנפען". ער האָט אָבער געטרונקען מער, ווי פאר צען גראָשען. ער האָט פארטרונקען וויפיעל ער האָט פארמאָגט. דערפאר פלעגט ער ניט קע־נען אָנהאַלטען קיין חדר. ווייל ווי נאָר ער האָט דערטאַפּט אַ פּאָר גראָ־שען, איז ער גלייך אַוועק צו דער מאיר־שמוליכע און געמאַכט „לחיים".
אָבער אזוי ווי ער איז פּאָרט געווען אַ גרויסער למדן און אַ וואונדערליכער מסביר, פלעגען בעלי בתים איהם איינשפּאַנען אין אַ חדר צו לערנען מיט זייערע קינדער. ר' בן ציון האָט אָבער קיינמאָל ניט דערצויגען ביז צום סוף זמן, מחמת אַרום תשעה באב פלעגט ער שוין אַוועקפאָהרען קיין טריסק צו זיין רבי'ן אויף ימים נוראים.

קיין טריסק איז דוקא געווען ניט זעהר ווייט. אָבער ר' בן ציון פלעגט ניט פאָרען גלייך קיין טריסק. ער פלעגט דינגען אַ פור און אַרומ־פאָרען אין די אַרומיגע שטעטלאַך, וואו ס'זיינען געווען טריסקער חסידים און פון זיי מיטנעמען קוויטלאַך צום רבי'ן. דערווייל האָט מען געמאַכט אַ לחיים . . . ער פלעגט אָפּט אַזויפיל „לחיים'ען", אַז ער איז אָנגעקומען קיין טריסק פונקט נאָך יום כפור. צוריק פאָרען האָט ער זיך אויך ניט געאיילט. זעלטען ווען פלעגט ער אַהיים קומען פאר חנוכה. דעמאָלט איז שוין געווען צו שפּעט צוזאַמענשטעלען אַ חדר. פלעגט ער שוין דעם גאַנצען ווינטער אָפּשטעהען אין בית־מדרש ביי דער הרובע און לערנען, און אַרויסקוקען אויף עפּעס אַ יאָהרצייט אָדער גלאַט ער־געץ קריגען אַ פּאָר גראָשען און מאַכען לחיים.

ווען איך בין אַרוים פון ר' לייב פּאַלעקס האָט זיך מיין פאָטער אונטערגענומען און טאַקע צונויפגעשטעלט אַ חדר פון די פאָלגענדע: דודי יאָסעל שוחט'ס, איציק משולמ'ס, מרדכי זילבערמאַן, מאָטל נעמע־ריניציער, נפתלי פון די דריי הייזער, זוסקע און יחיאל משה שוחט'ס.

איך האָב תחילת דעם רבי'ן ניט גענומען זעהר ערענסט. ערשטענס, ווייל ער פלעגט טרינקען און מ'האָט איהם גערופען מיט דעם מיאוס'ן נאָמען שיכור. צווייטענס, ווייל איך בין געווען אַ שוואַך קינד און מיין מוטער האָט איהם פאַרזאָגט, אַז ער זאָל מיך ניט שלאָגען. האָב איך, הייסט עס, ניט מורא געהאַט פאר איהם. איך האָב דערפאַר ביים אָנהויב זיך דערלויבט געוויסע זאַכען, ווי אַ שטייגער אַרויסקוקען דורכן פענסטער, אָדער שפּילען מיט זיין זון נאָטע אין פערצען־איין־און־דרייסיג . . . אָבער איינמאָל האָט זיך דער רבי אויף מיר צושריען: — „מאָטיק, איך האָב אפילו פאר דיין מאַמען ניט קיין מורא . . . פון דעמאָלט האָב איך זיך באַרעכענט, אַז עס וועט זיין גלייכער איך זאָל איהם באַטראַכטען פאר אַן אמת'ען רבי'ן און איהם פאָלגען. און עס איז כדאי געווען זיך צו איהם צוצוהערען. ער פלעגט זיין אַנדערש, ווי די איבעריגע מלמדים.

ער האָט זיך נוהג געווען אַזוי: ווען ער האָט געדאַרפט אָנהויבן אַ ניי. עם שיעור אָדער אַ ניי קאַפּיטעל פּסוק, האָט ער פריהער אונז איבערגע־געבען דעם אינהאַלט פון דעם ענין און דערנאָך ערשט געלערענט דעם טעקסט. דאָס איז געווען זעהר אַ גוטע מעטאָדע און איך האָב ערשט דאַן אָנגעהויבן פאַרשטעהן, אַז מען דאַרף וויסען ניט נאָר די טייטש־ווערטער, נאָר מען דאַרף טאַקע פאַרשטעהן וועגען וואָס ס'האַנדעלט זיך. אין דער קורצער צייט, וואָס איך האָב געלערענט ביי איהם, האָב איך געהאַט זעהר אַ גרויסע פּעולה. דאָס לערנען ביי איהם האָט אפילו אויף מיר געווירקט אויף שפּעטער צו וויסען, ווי אַזוי צוצוגעהן און זיך פאַנאַנדערקלייבען אין מיינע שפּעטערדיגע לימודים.

ר' בן ציון איז אָבער געבליבען געטריי צו זיין טראַדיציע, און ער האָט ניט פאַרענדיגט דעם זמן. ער האָט באַלד נאָך תשעה באב געדונגען אַ פור און זיך אוועקגעלאָזט קיין טריסק. ווי געוויינטליך, איז ער צוריק־געקומען ערשט אַרום חנוכה. תחילת ווינטער האָט אפילו מיין פאָטער געוואָלט וואַרטען: אפשר וועט ער קומען צוריק אין צייט. אָבער ס'איז געווען אומזיסט און איך האָב געמוזט אין מיטן זמן אַוועק צו ר' לייב רייזים — דעם גרעסטען מלמד אין שטאָט.

ר׳ לייב רייזיס

ר' לייב רייזעס איז געווען אַביסעל העכער פון מיטעלען וואוקס. ער האָט געהאַט אַ ווייסע קייל־עכדיקע באָרד מיט גרויסע ברעמען איבער די אויגן און אַ פלייש־יגע פאַררי־סינע נאָז. אַז ער איז געגאַנגען, האָט ער געהאַלטען דעם קאָפּ פאַרריסען און איז געווען פאַרטראַכט. ער האָט שטענדיג געמאַכט מיט די הענט, גלייך ווי ער וואָלט מיט עמיצען געפירט אַ וויכטיגען שמועס. שטענדיג האָט ער גע'מלאכה'ט מיט די הענט, געשניצט און גע־מייסטרעוועט. ער איז געווען אַן אמת'ער דערפינדער. צווישען פילע זאַכען, וואָס ער האָט דערפונדען, איז געווען עפּעס אַ מאַשינקע, וואָס האָט גע־אַרבייט אַלס אַ מין וואָג. ער האָט די מאַשינקע אוועקגעפירט קיין פּעטער־בורג, נאָר ווייל ער האָט ניט געקענט די רוסישע שפּראַך, האָט דאָס עמי־צער ביי איהם אויסגענאַרט פאַר עטליכע קערבלאַך און יענער איז פון דער דערפינדונג רייך געוואָרען. דערפאַר טאַקע פלעגט זיין ווייב, חיה שרה, איהם אַלע מאָל פאָרוואַרפען: „לייב דער קלוגער האָט זיך באַנאַרישט".

ער איז אויך געווען אַ באַרימטער מאַטעמאַטיקער. אַז ס'פלעגען אַמאָל קומען קיין פּעלשטין סטודענטען פון די גרויסע שטעט אויף וואַקאַ־ציע, ווי הירשל זיסי סטערניק און אַנדערע, האָבען זיי זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען פון זיינע מאַטעמאַטישע קענטענישען.

אלס א רבי'ן האָבען מיר איהם זעהר ליב געהאט. ווייל ער פלעגט אונז ניט אָנשטרענגען מיט טרוקענע לימודים, ווי גמרא און פוסקים. ער האָט ליבערשט אונז געוואָלט לערנען חכמת־החשבון און גלאט פארפירען וועלטליכע און פילאָזאָפישע שמועסען.

אין פעלשטין האָבען די פרומע אידען אויף איהם געקוקט מיט חשד, ווייל מ'האָט געוואוסט, אז ער האָט ליב צו לערנען ספרים חיצונים און טריף־פסול'ן — ביכער וואָס האָבען צו טאָן מיט פילאָזאָפיע און גלאט וועלט־זאכען. און ער איז אויך געווען ראדיקאל געזאָנען. א סברה, אז ער איז געווען אָנגעשטעקט מיט דער סאָציאַליסטישער תורה. איך נעם דאָס דערפון, וואָס ער פלעגט רעדן וועגן עקאָנאָמישע זאכען אין דעם זינען וואָס איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, אז עס שטאמט פון קאַרל מארקס'עס לערע. צווייטנס, האָט ער טאָקע געהאט א בילד פון קארל מארקס, וואָס איז געהאנגען אויף דער וואנט. נאָר ווייל דער גרויסער סאָציאַליסטישער דענקער האָט ניט געטאָרט ווייזען זיין פּנים אין יענער צאריסטישער רוס־לאנד, האָט זיך ר' לייב אן עצה געגעבען און האָט אליין צוגעמאָלען א יארמעלקע אויף מארקסעס קאָפּ, און דאָס בילד האָט דעמאָלט געהאט א מערקווירדיקע ענליכקייט, צו אים, צו מיין רבי'ן, ר' לייב רייזים.

ר' לייב איז געווען דער איינציגער מלמד אין שטאָט, צו וועמען ס'פלעג־נען אריינקומען יונגעלייט, זיינע פריערדיגע תלמידים. דעמאָלט פלעגען פארקומען זעהר לעבעדיגע דיסקוסיעס. אָבער מיר, צוועלף־יאָהריגע איננ־לאך, האָבען ווייניג וואָס פארשטאנען זייערע רייד. האָבען מיר זיך גע־לאָזט וואוילגעהן און געמאכט א פיינעם טומעל. אויף דעם פלעגט ר' לייב גוטמוטיג באמערקען, אז ער זיצט מיט א חברה משוגעים ארום טיש. און ער איז געווען גערעכט. ווייל אָנשטאָט מיט אונז צו לערנען האָט ער געדארפט האלטען לעקציעס אין א גרויסען אוניווערסיטעט.

נאָר איין חסרון האָט ר' לייב געהאט. ער איז געווען זעהר א קארגער, און זיין קארגשאפט האָט דערגרייכט ביז צו נארישקייט. א חוץ דעם וואָס ער האָט אלע יאָהרען, וואָס איך האָב איהם געקענט, געטראָגען דאָס זעלבע היטעל מיט דעם זעלבען קורצליכען זשאקעטל, פלעגט ער אליין צוגעבען, אז דאָס ביסעל מעבעל וואָס ער פארמאָגט האָט ער נאָך ניט געביטען זינט זיין חתונה — א חשבון פון ארום פערציג יאָהר. קיין ניי מעסער האָט ער קיינמאָל ניט געקויפט, נאָר אויסגעשניצט א הילצער־נעם הענטעל און פארשארפט דאָס קלינגעל פון אן אלטען מעסער און דאָס אריינגעשטעלט אין דעם נייעם הענטעל. ער איז געווען א לײדענשאפט־ליכער רויכערער. האָט ער גערויכערט דעם ביליגסטען טיטון און יעדען פאפיראָסעל האָט ער געשפּאָלטען אויף דריי טיילען. ס'איז טאָקע געווען

שווער צו פארוויקלען א ציגאר אין אזא שמאלען שטיקעל פאפיראס־פאַ־פיר. פלעגט ער אָבער געבען צו פארשטעהן, אז דער עיקר הנאה פונ'ם רויכערען ליגט אין פארוויקלען דעם ציגאר... און וואָס שווערער ס'איז צו פארוויקלען, אלץ מעהר הנאה האָט מען. א שוועבעלע האָט ער זעהר זעלטען געצונדען צו פאררויכערען דעם ציגאר, און פלעגט תמיד געהן צום אויוועז נאָך פייער. און אויב ס'איז ניט געווען קיין פייער אין זיין אויוועז, האָט ער געשיקט א קינד צו ברענגען א קויל פייער פון דער צווייטער שטוב פון א שכן. נאָר אז דאָרט איז אויך ניט געווען קיין פייער, פלעגט ער צעשפאלטען א שוועבעלע אויף צווייען. לצים פלעגען אפילו זאָגען, אז ער האָט צעשפאָלטען א שוועבעלע אויף פירן. אָבער איך בין ניט זיכער אין דעם. דערפאר בין איך אָן עדות, אז ער פלעגט עס זעהר אָפט שפאלטען אויף צווייען.

קיין שטארקע משקה האָט ר' לייב קיינמאָל ניט געטרונקען. ער פלעגט תמיד זאָגען, אז ער פארשטעהט ניט דעם שכל, וואָס אז עס קלעמט א מענשען דאָס הארץ, טרינקט ער א ביסעל בראָנפען. „נו, דאַרף דאָך דעם מענשען דערנאָך קלעמען דאָס הארץ פארן געלט וואָס ער האָט אויסגעגעבען . . .” ס'געדענקען זיך נאָך זעהר פילע טשיקאווע זאכען וועגען ר' לייב רייזעס, אָבער איך וויל ניט פארנעמען צופיל פלאץ. איך וויל אָבער באמערקען אז טראָץ זיין קארגשאפט, איז ער געווען זעהר אַן אינטערעסאנטער מענש. איך האָב ביי איהם געלערענט דריי יאָהר און דאָס זיינען געווען די שענסטע און אינטערעסאנטסטע יאָהרען פון מיין יוגענד. איך האָב אָבער מיין גרויסען רבי'ן אָנגעהויבען צו פארשטעהן שפעטער מיט יאָהרען, ווען איך בין א סך עלטער געוואָרען. און נאָך ביז היינטיגען טאָג דערמאָן איך מיט ליבע און בענקשאפט יענע יאָהרען, וואָס איך האָב פארבראכט ביי ר' לייב רייזים אין חדר.

מיט מיר האָבען דאָרט געלערענט : אברהם אלי דעם סטאראָסטעס, וועלוועל ליבמאַן, שמחה יאַנקל שענצים, משה וועלוועלעס, שמואל האל־פערין, שמואל לייב און זוסי שמואל בינדערס, וועלוועל יהודה בערס, נפתלי פון די דריי הייזער און אלי משה יעקעלס.

## אברהם־סיל גרינבערג

# מיין מלמד—דער כהן



ביז היינטיגען טאג קאן איך זיך בשום אופן ניט דערמאנען ווי ער האט געהייסען. אפשר איז עס דערפאר וואס איך האב איהם קיינמאל ניט געהערט אנרופען ביים נאמען. מיר חדר־אינגלאך האבען נאר גע־וואוסט, אז מיר געהען אין חדר צום „כהן".

דעם כהן האט מען אויך גערופען דער „רביעי"־מלמד, ווייל די קינדער וואס זענען געגאנגען צו איהם אין חדר זענען ארויס פון דרדקי־מלמד און מעהר ווי ביז „רביעי" האבען די תלמידים ביי איהם ניט דערלערענט.

דער כהן, ווי ער וואלט שטעהען פאר מיינע אויגען, איז געווען א הויכער, ברייט־ביינערדיגער, מאגערער איד, מיט א שיטער בערדיל און צעשויבערטע פאות. אין גאס, אין קלויז, אין רעדעל — א גוט־מוטיגער לאכענדיגער איד, און אין חדר — זאל דער אויבערשטער שומר ומציל זיין! . . . ער איז קיינמאל ניט איינגעזעסען ביים טיש. אלע ווילע פלעגט ער אויפשפרינגען פון באנק, ווי א בין וואלט איהם א שטאך געטאן, און ארומשפאנען איבערן חדר ווי א בייזער לייב . . .

ווען ער פלעגט אזוי אויפשפרינגען, פלעגט ער אויסשפייען: טפוי! און פאר זיך א הוק טאן — אחי . . . — נאך אזא אויפשפרינגען האבען די תלמידים'ס אויערען גענומען פלאמען. ער האט די אויערען געצויגען אזוי ווי ער וואלט זיי באטראכט פאר איבריגע גלידער . . . אויב א פעלש־טינער איד איז פארבליבען מיט לאנגע אויערען, מוז עס זיין א סימן, אז ער האט געלערענט ביים „כהן" . . .

מאכט זיך, אז דעם כהן'ס ציג האט ציגעלאך — א זי און אן ער — דער ער איז געווען דער בכור און א בכור מוז מען דאך האלטען ביז'ן טויט. האט זיך דער כהן געגעבען אן עצה. איין מאל קומט דער כהן אהיים פון דאווענען און נעמט זיך שארפען א מעסער, אונטערברומענדיג א חסידי־

שען ניגון. אונז תלמידים איז עפעס קשה געווארען — וואס עפעס פון דער העלער הויט שארפען א מעסער, מיט א חסידישען ניגון, אינמיטען דעריגען? ווען דער כהן איז פארטיג געווארען, האט ער זיך פלוצים א לאז געטאן נאך דעם בכור, וואס איז זיך אזוי לעבעדיג ארומגעשפרונגען איבער'ן שטוב, א כאפ געטאן און אוועקגעשטעלט אויפ'ן טאפטשאן; און איידער וואס־ווען, איז דער בכור שוין געווען מיט א שטיקעל אויער קירצער...

מיר תלמידים האבען זיך דערשראקען, פשוט ניט געוואוסט וואס דאס באדייטעט, און מיר האבען מורא באקומען, אז דער כהן זאל אויך ביי אונז ניט אפשניידען די אויערען — א קשיא אויפ'ן כהן? שפעטער האבען מיר זיך דערוואוסט, אז דער בכור האט געמוזט האבען א מום, אנדערש וואלט מען איהם ניט געטארט ברענגען לשחיטה.

גאר אן אנדער מענש איז דער כהן געווען פרייטאג, ווען זיין שווער, דער קצב, שלמה יוסף אייזיקס, האט איהם צוגעשיקט אן אייטער אויף שבת. ער פלעגט אליין צעשניידען דעם אייטער אויף פיר־עקעכיגע שטיקלאך, ארויפשטעקען זיי אויף א דראט, און דערביי האט ער מיט אונז מעביר־געווען די סדרה מיט א באזונדער מין התלהבות, ער האט דעם דראט מיט די שטיקלאך אייטער אליין פאררוקט אין טשאלענט און אליין פארקלעפט דעם אויוועץ. ווען ער איז פארטיג געווארען, האט ער מיט א צעפלאמט פנים א קאמאנדעווע געטאן: נו, חברה! איצט א היים'ט!... און מיר, ווי פרייע פויגעל האבען זיך א לאז געטאן פון שטוב מיט האלד־און־נאקען־ברעכענדיגער שנעלקייט.

אויך איז גארניט געווען צו דערקאנען דעם כהן אין א יומא־דפגרא, שוין ניט רעדענדיג פון שמחת תורה, ווען די הוסיאטענער חסידים זיינען זיך צונויפגעקומען צו איהם אין שטוב צוליב אביסעלע משקה. דער כהן, אנגעטאן אין זיין סאמעטענעם היטעל, מיט א גארטעל ארום דער שבת'די־גער קאפאטע, פלעגט זיך א שטעל־טאן אינמיטען שטוב און ארויסלאזען א געשריי: „צאן־קדשים"! און מיר האבען, ווי שאף, אויסגעשריגען: מע, ע, ע... מיר האבען זיך אנגעהאלטען אין זיין גארטעל, נעדראפעט זיך אויף זיינע אקסעל, געצופט איהם ביים בערדעל, ביי די פאות און ס'זאל איהם אפילו אנהויבען ארען... פארקערט, ער האט עס גאר אנגע־נומען באהבה. און מיר האבען אין אזא יום־טוב טאקע אויך פארגעסען אלע קריוודעס וואס מיר האבען געהאט געגען איהם. נאכמעהר, מיר האבען פלוצים דערפיהלט אן אמת'ע ליבשאפט צו איהם.

ביים רבי'ן, דעם כהן, האט אויך ניט געפעהלט קיין שפאס אין שטוב. שפאס, וואס האט זיך אפטמאל אויסגעלאזט מיט טרויער.

אונזער רבי׳צען — די כהן׳טע — איז געווען אויף דער צייט, און ווי עס האָט זיך געפירט ביי אונז אין פעלשטין, האָט מען צוגעגרייט פוטער־קיכלאַך פאַר דער קינדפּעטאָרין. נאָר אזוי ווי פוטער־קיכלאַך איז געווען א צו־טייערער ביסען פאַר דעם כהן׳ס פּרנסה. כאָטש דער כהן האָט אויך פאַרקויפט ווייַן אויף פסח און די כהן׳טע האָט געהאַנדעלט אין מאַרק, איז ער דאָך געווען אן עני ואביון. האָט מען אָפּגעבאַקען פּשוט׳ע בולקעס און זיי ארויפגעלעגט אויפ׳ן פּעקעליק פאַרדאַרט צו ווערען. ווען די צייט איז געקומען, די רבי׳צען האָט מיט מזל געבוירען א אינגעל, איז דער כהן ארויפגעקראָכען אויף דעם פּעקעליק אראָפּגעשלעפּט די בול־קעס און אוועקגעלעגט זיי אויפ׳ן טיש.

דער כהן האָט א נעם געטאָן אין האַנט א בולקע צו זעהען צו זי איז גוט אויסגעטריקענט און עפּעס איז איהם געוואָרען א חידוש — די בולקע האָט זיך איהם אויסגעוויזען צו זיין צו גרינג, אדער אפשר גאַר צו שווער. האָט ער גענומען באַטראַכטען די בולקע פון אלע זייטען — ווענען זי אין האַנט און שאָקלען מיט איהר... פּלוצים האָט זיך פון דער בולקע געטאָן א לאָז ארויס א גאַנצע מחנה שרצים...

ביז היינט צו טאָג לאַך איך נאָך, ווען איך דערמאָן זיך מיט וואָס פאַר א מינע דער כהן האָט א שפּיי געטאָן — טפו!... און ארויסגע־לאָזט זיין באַריהמטען „אחי!“...

אז עס איז געקומען חנוכה־צייט, ווען מיר זיינען נעגאַנגען בייַנאַכט אין חדר אריין, האָט דער כהן געפּראַוועט א סעודה פאַר אונז כיד המלך...

מיר האָבען געבראַכט, ווער א צענער און ווער א גריוונע, און דער כהן האָט איינגעקויפט הערינג, צובראָקט ציבעלעס און איינגעווייקט אין עסיג. ער האָט געבראַכט פרישע בייגעל פון בעקער און אפילו אויך גע־קויפט אין מאָנאָפּאָל א „שטאָפּיקעל“ בראַנפען.

געוויינליך פלעגט פון דעם „שטאָפּיקעל“ מעהר הנאה האָבען אברהם דעם שוחט׳ס, וואָס פלעגט ניט פאַרפעלען קיין איין שמחה, ווי גרויס אָדער קליין די שמחה איז ניט געווען. אָבער ביי אונז האָבען געפלאַמט די בעקעלאַך, פונקט ווי מיר וואָלטען האָבען איבערגעכאַפּט די מאכלים און מיר האָבען געזונגען חסידישע ניגונים גאָר ווי דערוואַקסענע אידען...

איך שענק אייך צעהן באַנקעטען פאַר איינער פון יענע סעודות...

## דר. מ. האָפמאַן

# אַ פּעלשטינער באַנקיר



כאָטש אונזער שטעטל פּעלשטין איז געווען זעהר קליין און אָרים, פונדעסטוועגען האָבען זיך געפונען ביי אונז אַ פּאָר באַנקירען, אָדער וואָכערניקעס, ווי מע פלעגט זיי רופען. וויפיל געלט די באַנקירען האָבען פאַרמאָגט, האָט מען ביי אונז ניט געוואוסט. מע פלעגט זיי שאַצען אין די צענדליגער טויזענטער, אָבער, ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויס־געוויזען, איז זייער פאַרמעגען געווען אַ סך ווייניגער אפילו פון אַ האַלב פון דעם, וואָס די ראָטשילדס האָבען פאַרמאָגט. דאָך האָבען זיי געהאַט געַנוג געלט אויף „אַרויסצוהעלפען" די פּעלשטינער קבצנים, – [illegible]פּען זיי דאָס בלוט און פאַראומערען זיי דאָס לעבען.

איינער פון אָט די באַנקירען איז געווען זעהר אַ טשיקאַווער מענש, און איך וויל איהם דאָ פאָרשטעלען. גערופען האָט מען איהם א. ב. אָדער א. ג. געווען איז ער אַ איד אַריבער די פופציגער, אַ ביסעל העכער פון מיטעלען וואוקס, מיט אַ קליין גרוי בערדעל און מיט אַ שוואַרצען קאָפּ האָר.

ער איז געווען זעהר אַן אָפּגעהיטער און פּינקטליכער מענש — איינער פון די געצעהלטע מענשען אין שטאָט, וועלכע האָבען געטראָגען אינדערוואָכען אַ שוואַרצען סורדוט מיט אַ ווייס־געפּרעסטען העמד. לצים האָבען אפילו געזאָגט, אַז דער סורדוט שטאַמט נאָך פון זיין זיידען און אַז דאָס העמד ווערט געוואַשען נאָר צוויי מאָל אין יאָהר — אויף פּסח און אויף סוכות. פונדעסטוועגען האָט דער מענש געהאַט אַ געשמאַק אָנצוטאָן זיך מיט אַזאַ פּינקטליכקייט, אַז מען האָט ניט געקענט באַ־מערקען, צי ער טראָגט אַלטע קליידער.

שטענדיג פלעגט ער געהן זעהר פּאַמעליך, מיט זיין באַוואוסטען ביינערנעם שטעקעלע אין דער רעכטער האַנט און מיט אַ פּאַבריטשנעם

סיגארעט אין דער לינקער האנט. דער סיגארעט, וועלכען ער פלעגט אליין אנשטאפען, איז תמיד געווען פארלאשען, נאר ער האט דאס גע־טראגען בלויז „פאר פאנטאזיע". ער האט געפילט, אז דאס גיט איהם צו מער ווירדע. אבער אז ער איז אריינגעקומען אין בית־מדרש אריין דאווענען, האט ער אויסגעזוכט א שטיקעל פאפיר, פאוואליע דאס אנ־געצונדען ביי א יאהר־צייט־ליכט און פאררויכערט דאס סיגארעטעל. ער האט געמיטליך געגעבען א פאר צי, פארלאשען דאס סיגארעטעל און זארגפעלטיק דאס אוועקגעלייגט אויפן פענסטער. נאכן דאווענען האט ער ווידער פאררויכערט און געגעבען א פאר צי און ווידער עס פאר־לאשען. נאכדעם האט ער זיך געלאזט געלאסען געהן אהיים, אדער צו א קרעמער, זיינעם א קונד, וועלכער האט פארפעלט צו צאהלען א וואכער. ווען דער קרעמער האט איהם דערזעהן, פלעגט איהם איינפאלען דאס הארץ. אבער ר' א. ב. האט גאר קיין געלט ניט געמאנט. ער פלעגט נאר בעטען א שוועבעלע אויף צו פאררויכערען דאס סיגארעטל. יענער האט שוין אבער גוט געוואוסט, צוליב וואס דער באנקיר איז צו איהם געקומען. מיט פלאטערניש פלעגט דער קרעמער איהם דערלאנ־גען א פעקעל שוועבעלאך און בעת מעשה זיך פארענטפערען פארוואס ער האט פארפעלט צו צאהלען דעם וואוכער און בעטען רחמים אז ר' א. ב. זאל קיין פאראיבעל ניט האבען. ר' א. ב. פלעגט גארניט ענט־פערען און זיך געמיטליך אוועקגעהן. אבער אז דער ארימער קרעמער האט געדארפט נאכאמאל אנקומען נאך א הלואה, האט ער שוין קיין האניג ניט געלעקט.

ר' א. ב. איז געווען אויסגערעכענט און פינקטליך ניט נאר מיט די סיגארעטען, נאר מיט יעדער זאך וואס ער האט געטאן. למשל, ס'האט זיך אמאל געפונען א בעלן וואס האט געוואלט אפקויפען ביי איהם זיין שטוב, וועלכע ער האט אליין געלאזט בויען. האט ער ארויס־גענומען פון קאמאד א קליין ביכעלע, אין וועלכען סאיז געווען פאר־שריבען יעדע קאפיקע, וואס ער האט אויף דער שטוב אויסגעגעבען. צו א שטייגער, אז אונזער באנקיר איז אמאל קראנק געווארען אויפן מאגען איז ער ניט געגאנגען צום שטעטעלדיגען דאקטאר, ווייל ער האט מורא געהאט, אז ווען מען וועט איהם זעהן געהן צום דאקטאר — און וואס האט מען ביי אונז אין פעלשטין ניט געזעהן? — וועט באלד ווערען א רעש אז ר' א. ב. איז געגאנגען צום דאקטאר, איז ער כ'סתם זעהר קראנק און אויב אזוי, וועלען זיך שוין די בעלי חובות זיך מתיר נדר זיין און אויפהערען צאלען די וואוכערס. דעריבער איז ער געפארען קיין פראסקוראוו, כלומרשט קויפען א נייע זיידענע היטעל, און דערווייל

אריינגעגאַנגען צום דר. שפּאַליאַנסקי, וועלכער האָט איהם פאַרשריבען א רעצעפּט.

אָבער ווען ער איז אַהיים געקומען און איינגענומען דעם רעצעפּט, האָט ער נאָך אַמאָל געוואָלט אויסגעפינען, ווי אַזוי זיך ווייטער אויפצופירען: גבירים האָבען ניט ליב צו קרענקען. נאָר ווידער אַמאָל פאָרען, וועט, ערשטענס, ווערען אויפפאַלענד — „וואָס האָט זיך 'עפּעס ר' א. ב. גענומען פאָרען קיין פּראָסקוראָוו?" — צווייטענס, איז דאָך דאָס א הוצאה . . . האָט ער זיך אַן עצה געגעבען: ער האָט אַריינגערופען יאַנקעל יאָסעל חנה'ס, וועלכער פלעגט אָפט פאָרען קיין פּראָסקוראָוו איינקויפען סחורה פאַר די פעלשטינער קרעמער, און איהם בסוד סודות צוגעזאָגט צו באָרגן פינף און צוואַנציק קאַרבן אויף פיר וואָכען אָהן פּראָצענט, און דערפאַר זאָל ער, יאַנקעל, ווען ער וועט זיין אין פּראָסקוראָוו, אַריינגעהן צום דאָקטאָר און איהם איבערפרעגען עטליכע זאַכען. אָבער אַזוי ווי ער האָט געוואוסט, אַז יאַנקעל איז אַ פאַר'רעש'טער מענש, וועט ער דאָך ניט געדענקען אַלע פראַגען, האָט ער איהם איבערגעגעבען אַ בויגען פּאַפּיר, אויף וועלכען סזיינען געווען אויסגעשטעלט אַרום הונדרט פראַגען. אייניגע פון די פראַגען געדענק איך נאָך, ווייל איך האָב גראַד יענעם דאָקומענט געלייענט.

ער האָט געפרעגט:

צי מעג ער עסען באָרשטש אונטערגעשלאָגען מיט קאַטשענע אייער. צי מעג ער טרינקען וואַסער נאָך לאָקשען מיט יויך, צי מעג ער עסען ראָסל־פלייש מיט הייסע בולקע, צי מעג ער טרינקען זויער־מילך נאָך טייגלאַך מיט קעז, און נאָך, און נאָך . . .

אָבער גאָר פּינקטליך און אויסגערעכענט איז אונזער גביר געווען, ווען אַ איד איז געקומען צו איהם לייען געלט. ערשטענס, האָט ער דעם בעל־דבר געהייסען קומען נאָך שבת, כדי ער זאָל האָבען גענוג צייט זיך איבערצוליגען צי זאָל ער גאָר איינגאַנצען מיט איהם אריינגעהן אין פאַרהאַנדלונגען. דערנאָך, ווען דער מאַן איז געקומען צום צווייטען מאָל, האָט ער איהם געהייסען זיצען און איהם גענומען אויף אַ פאַרהער. צום אַלעם ערשטען האָט ער געוואָלט וויסען, פאַרוואָס ער דאַרף אַלע יאָהר באָרגען געלט — אויב דאָס איז געווען אַן אַלטער קונד. און פון אַ נייעם קונד האָט ער געוואָלט וויסען גלאַט אויף וואָס דאַרף ער האָבען דאָס געלט. און אויב יענער האָט געוואָלט טאָן מסחר, האָט ר' א. ב. געוואָלט וויסען, ווי אַזוי ער ווייסט, אַז דער מסחר וועט אַריינברענגען פאַרדינסט, אפשר קען ער, חלילה, דערלייגען געלט . . . וואו וועט ער נעמען אויף אָפּצוגעבען. ווידער האָט ער געפאָרשט, צי דער סוחר

רעכענט געהן מיט עמיצען בשותפות. און אויב יאָ, פון וואַנען ווייסט ער, אַז דער שותּף איז אַן ערליכער מאַן. און צום סוף האָט ער געוואָלט וויסען, פאַרוואָס דער איד בעט אַזאַ גרויסע סומע. אפשר קען מען טאָן דעם מסחר מיט ווייניגער געלט... און אַזוי פלעגט אונזער באַנקיר אָפּזיצען שעה׳ן און ציהען די אָדערען פון זיין קרבן . . .

אָט איז אַ קאָמישער פאַל, וועלכען איך האָב אַליין בייגעוואוינט: איינמאָל האָט מיך מיין פעטער אברהם־יהודה געשיקט אָפּצוטראָגען אַ וואוכער צו א. ב. מיין פעטער האָט גענומען אַ רובל מיט אַ פערציגער. דער פערציגער איז געווען פּראָצענט. דאָס געלט האָט מיין פעטער אַריינגעלייגט אין אַ לעדערנעם טייסטערל, עס גוט פאַרבונדען און מיך אַוועקגעשיקט מיט דער שליחות. פאַר׳ן וועג האָט ער מיר געגעבען אַ שטיק באָקסער. איך בין גלייך אַוועק צו א. ב., קייענדיג מיט גרויס אַפּעטיט דעם באָקסער. ווען ר׳ א. ב. האָט מיך דערזעהן קייענדיק דעם באָקסער, האָט ער ביי מיר צוגענומען דאָס טייסטערל און באַלד גענומען זיין ביינערן שטעקעלע, לאַנגזאַם אַוועקשפּאַצירט צו מיין פעטער אין קלייט אַריין און איהם אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל מער מיט מיר ניט שיקען קיין געלט.

— פאַרוואָס? — האָט מיין פעטער פאַרוואונדערט געפרעגט.

— מחמת — האָט ר׳ א. ב. איהם געלאַסען געענטפערט — אַז אַ אינגעל עסט באָקסער אין אַ וואָכעדיגען טאָג, ניט אום חמשה עשר, טאָר מען איהם ניט געטרויען קיין געלט" . . .

## דר. מ. האָפמאַן

# אַ פּעלשטינער וויצלער



א זעהר אינטערעסאנטער טיפּ אין פּעלשטין איז געווען ר. פ. — א איד, וועלכער האָט פאַרזאָרגט מיט א געוויסען מין שפּייז יענע פּעל־שטינער בעלי־בתים, וועלכע האָבען פאַרמאָגט מעלקעדיגע קי אָדער ציגען. ער איז געווען א הויכער מאַן מיט א שמאָלער שטרוי־קאָליר־טער באָרד און מיט א כלומרשט תמ׳עוואטען פּנים. אויף זיין פּנים האָט מען קיינמאָל ניט געקענט וויסען, צי דער מענש איז טרויעריג אָדער פריי־לאך. כאָטש ער איז געווען א וויצלינג און האָט אָפט ליב געהאַט אָפּ־צוטאָן שפּיצלאך, פונדעסטוועגען האָט ער קיינמאָל ניט באַוויזען קיין שמייכעל אויף זיין פּנים. ער האָט שטענדיג אַרומשפּאַצירט אין מארק מיט די הענט אונטער די פּאָלעס פון זיין לאַנגען וואַכעדיגען זשאַקעט און ווען ער האָט באַגעגענט, האָט ער געפּרואווט פאַרלייגען מאָדנע קאָמישע פּלענער, און דערביי איז ער געווען אזוי ערענסט, אַז מ׳האָט ניט געקענט וויסען, צי ער מיינט דאָס באמת אָדער ער טרייבט קאַטאָוועס. למשל, אַז ער האָט דערזעהן ישראל אברהמ׳ען פרייטאָג פאַרנאַכט אַנ־קומענדיג פון דאָרף מיט זיין פערד און וועגעלע, א פאַר׳חושכ׳טען און א מידען, איילענדיג זיך אהיים, כדי אָראָפּצוואַוואַרפען פון זיך דעם וואָ־כעדיגען יאָך, האָט ער איהם אָפּגעשטעלט און זעהר לאַנגזאַם ציענדיג די ווערטער, איהם גע׳עצה׳ט, אַז ער זאָל שנעל זיך אומקערען קיין נימי־טשיניץ (א דערבייאיק דאָרף), ווייל ער האָט ערשט מיט א פּאָר וואָכען צוריק געזעהן ביי א פּויער עטליכע שאָק אייער, וואָס מען קען אָפּקויפען פאַר א שיבוש. ער האָט גערעדט מיט אַזאַ ערנסטקייט, אַז ווען ישראל אברהם זאָל איהם ניט קענען פאַר א וויצלינג, וואָלט ער אָדער צוריקגעפאָרען אין דאָרף אריין און דערוייל מחלל שבת געווען, א ניט, וואָלט ער זיך א גאַנצען שבת געזאָרגט טאָמער וועט עמיצער אוועק צום פּויער און אָפּ־קויפען די מציאה.

אָדער אז אַן אָרימער שליאַכטיטש, זיינער אַ באַקאַנטער, איז גע־קומען צו איהם בּאָרגען אַ גמלת חסד, האָט ער איהם ניט אָפּגעזאָגט, נאָר האָט איהם פאַרזיכערט, אז ער אליין האָט קיין געלט ניט, אָבער ער וועט איהם פירען צו אַ אידען, וועלכער איז אָנגעשטאָפּט מיט געלט און ער וועט איהם געוויס בּאָרגען. ער פירט דעם פּאַרשוין צו שמעון בער רופאַס. שמעון איז אַ גרויסער אָרימאַן, אָבער אַ איד אַ לץ. ר. פ. זאָגט צו שמעון'ען אויף פּויליש: בּאָרג דעם וואויל־געבוירענעם פּריץ אַ פּאָר הונדערט רובעל" — און אויף אידיש זעצט ער צו: „גיב איהם, דאַי יעמו געלט . . . אַ גרויסער בטוח . . .

שמעון פאַרשטעהט בּאַלד וואָס מען מיינט, און ער הויבּט אָן צו פאַרהאַנדלען מיט'ן פּריץ וועגען דער הלוואה. ר. פ. העלפט יאַקבי אַרויס. און אז מענשען דערזעהן די צוויי וויצלינגען מיט עפּעס אַן אָפּגעבּליאַקעוועטען פּאַרשוין שטעהן און איינ'טענה'ן, זעהט מען שוין אז עפּעס קאָמישעס קומט דאָ פאָר. קומען אַלע צו און עס ווערט אַ גאַנץ רעדעל מיט מענשען און מע האָט אַ סך שפּאַס. אָבער אונזער העלד איז טוים ערענסט און גיט אפילו ניט קיין פּינטעל מיט אַן אויג.

איינמאָל אום ערב יום כיפּור, איז אין שטעטעל געקומען אַ פּויער־טע מיט אַ שעהנעם ווייסען האָן, ווייל זי האָט געוואוסט, אז אידען דאַר־פען ווייסע העהנער אויף דעם הייליגען טאָג. אידען רינגלען זי אַרום און ווילען אָוועקקויפען די שעהנע כּפּרה. אָבער זי וויל אַ זעהר גרויסען מקח און מען קען דעם האָן ניט קויפען. בּאַלד קומט אָן ר. פ. ער דערהערט, וואָס דאָרט געהט אָן, רופט ער זיך אָפּ צו דער פּויערטע:

— סגעפעלט מיר זעהר דיין האָן און איך בין גרייט דיר צו בּאַ־צאָלען וויפיל דו ווילסט פּאַראויס, נאָר מיט איין בּאַדינג, איך וויל וויסען, צי קען דער האָן קרייען".

— געוויס קען ער קרייען, — היצט זיך די פּאַרקויפערין.

— אָבער, — פרעגט זי ווידער ר. פּ. — ווי אזוי קען איך זיכער זיין, אז ער קען די האָנישע מלאכה? פּאַרגעס ניט, אז אויב דער האָן קען ניט קרייען, טאָר מען מיט איהם ניט שלאָגען קיין כּפּרות.

די פּויערטע ווערט דערשראָקען און פרעגט מיט אַ בעטענדיג קול:

— ווי אזוי קען איך דיר באַווייזען, אז ער קען קרייען? ער קרייעט דאָך נאָר פּאַרטאָג.

— אויב אזוי, — ענטפערט איהר ר. פּ. געלאַסען — איז טאַקע שלעכט. וועסטו טאַקע מוזען וואַרטען דאָ ביז ביינאַכט, און מע וועט הערען צי ער קען קרייען . . .

די פויערטע ווערט א פארציטערטע און דאנקט גאט, אז זי פאר־קויפט דעם האן פאר וועלכען ס'איז פרייז, כדי זי זאל ניט דארפען ווארטען אין שטאט ביז ביינאכט.

איינמאל דערזעהט ר. פ. ווי יעקיל פארטוגאל לויפט צו א גע־וויסען ארט. יעקיל האט שטענדיג געליטען פון א שלעכטען מאגען . . . שטעלט ער איהם אפ און לייגט איהם פאר, אז ער זאל אריינגעהן צו איהם אין הויז, וועט ער איהם געבען צו פארזוכען טייערען פאלין־בראנפען, וואס זיין צירעל האט געמאכט. יעקלען לויפט דורך א געדאנק, אז פאלין בראנפען איז, ערשטענס, א גוטער טרונק און, צווייטענס, איז דאס גוט פאר זיין מיחוש. אבער ער פילט, אז ער טאר קיין צייט ניט פאר־לירען, זאגט ער צו, אז ער וועט זיין אן אנדערש מאל און לאזט זיך ווידער לויפען. אבער ר. פ. האלט איהם ביים ארבעל און רעדט געלאסען:

— פאלג מיך, יעקעל, קום אריין, וועסט קיין חרטה ניט האבען.

יעקעל איז ניט קיין איבערגעשפיצטער איד און מיינט, אז ר. פ. איז זעהר ערענסט. בעט ער זיך בתחנונים, ער זאל איהם אפלאזען און רייסט זיך קוים ארויס פון זיינע הענט שווערענדיג זיך, אז ער וועט אן אנדערש מאל אריינקומען.

איך וויל נאך פארשטעלען א פאסירונג, מיט וועלכער דאס גאנצע שטעטעל האט געקלונגען. דאס איז פארגעקומען אין א מיטען זומער, ארום שניט־צייט. אלע פויערים זיינען געווען אין פעלד פארנומען ביי זייער ארבייט. אין שטעטעל האבען זיך אידען ארומגעדרעהט און ניט געהאט וואס צו טאן. האבען זיך עטליכע בעלי־בתים אוועקגעזעצט אויף א באנק לעבען זיסי האבער'ס דירה און מע האט געשמועסט. אזוי רע־דענדיג, האבען אידען פארוויקעלט פאפיראסען. אבער קיין שוועבעלע האבען זיי קיינס ניט געהאט אויף צו פאררויכערען. פלוצים דערזעהט מען ר. פ. שפאצירען מיט זיין לאנגען זשאקעט איבער'ן שאסיי, און אין מויל האלט ער א ברענענדיגען ציגאר. אידען הויבען אלע מיט אמאל אן צו שרייען: — ר. פ., ר. פ., זייט זשע מוחל.

ר. פ. פארוואונדערט זיך: וואס א שטייגער דארפען איהם די אידען האבען? נאר דערזעהענדיג זייערע ניט פאררויכערטע סיגארעטען, שטויסט ער זיך אן וואס זיי ווילען. ער געהט פאמעליך צו, און ווען ער איז שוין גאר נאענט, שפייט ער אויס זיין סיגארעט און פארטרעט עס מיט די פיס און מיט א תמ'עוואטע מינע פרעגט ער זיי: — וואס ווילען עפעס אידען זאגען?

דר. מ. האָפמאַן

# דער פּעלשטינער שדכן



זוי ווי אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלאַך, האָט אויך פּעלשטין פאַרמאָגט אַ שדכן. דאָס איז געווען אַ הויכער איד, מיט אַ לאַנגער געלער באָרד און פלאַקסענע ברעמען איבער אַ פּאָר קלוגע גרויע אויגען. ער איז שטענדיג געגאַנגען מיט׳ן קאָפּ פאַרריסען און גלייך — ווי אַ סטרונע. ער איז געווען אַן איידעלער איד, ניט קיין נאַר און אַ גרויסער נצחן. אין די אינגערע יאָהרען איז ער געווען אַ סוחר פון מעהל. ווען די געשעפטען זיינען געוואָרען זעהר שלעכט, האָט ער אָנגעזעצט. ס׳איז דאַן געוואָרען אַ רעש אין שטעטעל: י. אַ. האָט אָנגעזעצט!

די בעלי־חובות זיינען געקומען צולויפען פון אַלע זייטען מאָנען געלט: מע האָט געוואָלט ביי איהם די פענסטער אויסשלאָגען . . . אָבער ס׳האָט גאָרניט געהאָלפען: קיין געלט האָט מען ניט געקענט אַרויסצאַפּען פון די ווענט.

אַלזאָ, ווען י. אַ. האָט פאַרלוירען זיין געלט, און פּרנסה האָט מען פאָרט געדאַרפט, און אַז קיין מסחר האָט ער ניט געהאַט מיט וואָס צו טאָן און קיין מלמד האָט ער ניט געוואָלט ווערען — איז ער געוואָרען אַ שדכן. ער פלעגט אָבער קיינמאָל ניט פאָרשלאָגען קיין נייע שידוכים. ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז עס האַלט ערגעץ ביי אַ שידוך, פלעגט ער קומען און צוקנעלען, כדי צו פאַרענדיגען די זאַך און דערנאָך געמאָנט שדכנות געלט. כאָטש אין פילע פאַלן האָט מען איהם גאָרניט געדאַרפט אָדער ניט געוואָלט האָבען פאַר אַן אַרויסהעלפער, מחמת ס׳איז אָדער געווען אַן אַנדערער שדכן, אָדער ס׳זיינען געווען אייגענע טוער, דאָך האָט דאָס איהם ווייניג געקימערט. ער האָט זיך צוגעטשעפּעט און דערנאָך געמאָנט שדכנות־געלט. און אויף מאָנען איז ער געווען אַ בריה! קיינער

האָט זיך פון איהם ניט געקענט אַרויסדרעהען, ווען ער האָט זיך צו־געטשעפּעט צו אַ שידוך.

איך געדענקט אַ פאַל, ווען אַ געוויסער בעל־הבית האָט זיך משדך געווען מיט זיין אייגענעם ברודער און האָט ניט געוואָלט אַנערקענען י. א. אַלס שדכן. ער האָט איהם אָבער ניט אָפּגעלאָזט. און ווי ער האָט איהם דערזעהן, האָט ער געמאָנט שדכנות. ביז איינמאָל האָט ביי דעם מחותן געפּלאַצט דאָס געדולד און ער האָט גענומען זידלען אונזער שדכן און רופען איהם נעמען ווי, אַנזעצער, נודניק, א. א. וו. אָבער י. א. האָט זיך ניט געפילט באַליידיגט נאָר געמיטליך געענטפערט:

— יאָ, איך בין אַ נודניק, אַן אַנזעצער . . . אָבער די שדכנות געלט, דאָס גיט . . .

אַ חוץ שדכנות פלעגט י. א. פאַרדינען אַ ביסעל געלט פון דאַווגען פאַרן עמוד אין דער זינקאָווער קלויז. מיינט איהר דאָך, אַז ער האָט געהאַט אַ שעהן קול אָדער ער האָט געקענט זינגען? ניין! ער האָט געהאַט אַ שטים, וואָס האָט געכריפּעט, ווי מע רייסט אַ זאַק . . . ער האָט פשוט ליב געהאַט צו דאַוונען פאַרן עמוד. און אַז די קלויז באַלעבאַטים האָבען אים ניט געוואָלט פאַר קיין חזן צוליב זיין אומאַנגענעמער שטימע, האָט ער געהאַט אַ טענה: אַזוי ווי ער האָט שוין געפּרואווט דאַוונען אין שול און אין בית־מדרש און אין אַנדערע קלייזלעך, האָבען אַלע דאָר־טיגע בעלי־בתים געבעטען ער זאָל דאַוונען אין קלויז. — נו, — פלעגט ער זאָגען — אַז אַ גאַנצע שטאָט וויל איך זאָל דאַוונען אין קלויז, וועל איך הערען די עטליכע קלויזניקעס?

ווען י. א. האָט געדאַרפט צוגעהן צום עמוד דאַוונען, פלעגט ער זיך נוהג זיין צו האַלטען פאַרמאַכט די אויגען און מיט דער זייט זיך צושאַרען צום עמוד, מחמת פילע מאָל פלעגען אַנדערע אידען פאַרכאַפּען דעם עמוד כדי איהם ניט צוצולאָזען. דערפאַר האָט ער זיך געמאַכט ווי ער זעהט ניט קיינעם און יענעם אָוועקשאַרען און אַליין זיך שטעלען דאַוונען.

אַז ער האָט געדאַוונט אין דער זינקאָווער קלויז, האָט ער שוין געמוזט זיין אַ זינקאָווער חסיד, און פאָרען אַמאָל צום רבי'ן אויף אַ שבת. כאָטש ער האָט זייער ווייניג געגלויבט אינ'ם רבי'ן . . . און ניט נאָר איז ער געפאָרען צום רבי'ן, נאָר ער פלעגט ליב האָבען נאָכדער־ציילען ניסים פון איהם, כאָטש ער אַליין האָט געהאַט ווייניג אמונה אין זיי.

איינמאָל האָט ער דערצעהלט מיין פאָטער, אַז ווען ער איז אַמאָל געפאָרען צום ר' חיים'לען אויף אַ שבת, האָט ער מיטגענומען אַ פלאַש

גוטען ווייַן אויף שטעלען צום רבינס טיש. פרייטאָג־צו־נאַכטס, ווען דער גבאי האָט אויסגערופען די נעמען פון די חסידים, וועלכע האָבען גע־שטעלט ווייַן און האָט דערמאָנט זייַן נאָמען, האָט דער רבי פּלוצים אַ זאָג געטאָן: „ווייז מיר נאָר די פלאַש ווייַן, י. אַ., דער ווייַן מוז זייַן נסך" . . . און נעמענדיג די פלאַש ווייַן אין דער האַנט אַרייַן, האָט ער דעם ווייַן אויסגעגאָסען אויף דער פּאָדלאָגע. י. אַ. האָט זיך דאַמאָלס שטאַרק פאַרחידושט. נאָר ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ווען ער איז אַראָפּ פון דעם וואָגען האָט איהם דער גוי דערלאַנגט דעם ווייַן, און ווי באַ־וואוסט, ווערט דער ווייַן נסך אויב אַן ערל באַריהרט איהם.

איך געדענק ווי איך האָב זיך שטאַרק פאַרוואונדערט ווי אַזוי דער רבי האָט געקענט וויסען, אַז דער גוי האָט אָנגערירט דעם ווייַן. אָבער מייַן פאָטער, וועלכער איז געווען אַ הוסיאַטינער חסיד און זעהר ווייניג געהאַלטען פון די רוסישע גוטע־אידען, האָט אונזער שדכן געפרעגט אַ קלאָץ־קשיה:

— ווי קומט דאָס, אַז דו זאָלסט שטעלען ווייַן, וואָס איז נסך בייַם רבי'נס טיש?

דאָ האָט זיך י. אַ. אַביסעל פאַרלוירען, אָבער ער האָט באַלד גע־פונען אַ תירוץ:

— וואָס פרעגסטו, — האָט ער געזאָגט, — איך וועל טאָן אַזאַ זאַך? איך האָב בפירוש גענומען אַן אַנדער פלאַש ווייַן פאַרן רבי'ן.

— אויב אַזוי, — פרעגט איהם ווידער מייַן פאָטער, — ווי זשע קומט עס, וואָס דער רבי האָט אַזוי געהאַנדעלט?

— ווייל — מאַכט י. אַ מיט אַ פיל באַדייטענדע מינע, — ווייל דער רבי האָט אַזוי געגלויבט אין מיר אַלס חסיד, ווי איך האָב געגלויבט אין איהם אַלס רבי . . .

פונדעסטוועגען האָט י. אַ. ניט געהאַט קיין שונאים ביי אונז אין שטעטעל. פאַרקערט, מע האָט געהאַט צו איהם זעהר וואַרימע געפילען. ווען מע האָט איהם געזעהן געהן מיט עפּעס אַ אידען און ערענסט איינ־טענהן, האָט מען שוין געוואוסט, אַז דאָס שמעקט מיט אַ שידוך, און מיט אַ חתונה, און אַז ס'איז געווען אַ חתונה ביי אונז אין שטעט־על, האָבען אַלע פעלשטינער אויפגעלעבט, ווייל דאָס לעבען איז געווען אַזוי גרוי און אומעטיג, אַז מע פלעגט זיך דערפרייען ווען מען האָט געהערט כלי־זמר שפילען, מעג עס אפילו זייַן אויף אַ פרעמדער חתונה. און אַ חוץ דעם איז טאַקע י. אַ. געווען אַ טיפּישער פעלשטינער און זעהר אַ נוצליכער בירגער.

## דר. מ. האָפמאַן

# אַ פּעלשטינער „גביר"



איך וויל דאָ באַשרייבן אונזערן אַ פּעלשטינער מענשען וועלכען איך בין זיכער איהר וועט גלייך דערקענען כאָטש איך וועל זיין נאָמען ניט דערמאָנען.

דאָס איז געווען אַ נידעריג, רירעוודיג אידעל, מיט אַ ברייטער צו־פלאַטשעטער באָרד, שוין אַביסעל גרויליך, און אַז ער האָט גערעדט, האָט ער זעהר געשפּריצט מיט'ן מויל און אַלע מאָל האָט ער איבערגע'חזרט די ווערטער: האָסטו געהערט אַ ספּאָסאָב?"

ער איז שטענדיג אַרומגעלאָפען אין מאַרק צווישען די פּויערים און געשנישטערט און געזוכט, צי זיי האָבען עפּעס צו פאַרקויפען. אַלע מאָל זיינען זיינע הענט געווען פאַרנומען, אין איין האַנט האָט ער תמיד עפּעס געטראָגען: אַן עוף, אַ קוישעל אייער אָדער אַ „פּאָלאָוויני־קע", און אין דער צווייטער האַנט — אַ סיגאַרעטעל. ער איז געווען אַ ליידענשאַפטלעכער רויכערער, אָבער קיין טיטון האָט ער קיינמאָל ניט געקויפט. ווען מען ער האָט באַגעגענט, האָט ער געבעטען אַ ציגאַר טיטון, און אויב ניט אַ גאַנצען ציגייער איז אַ שטיקעל אויך גוט געווען . . . אָבער קיין שטיקעל ציגייער האָט ער ניט געבעטען, נאָר ער האָט דאָס גלייך אַליין אַרויסגענומען פונם מויל פון'ם רויכערער, ניט אָנפרעגענדיג זיך ביי יענעם צי וויל ער זיך שיידען מיט די לעצטע עטליכע צי, אָדער ניט.

ער איז אַזוי צוגעוואוינט געוואָרען צו אַרומלויפען, אַז אפילו שבת פלעגט ער אויך לויפען, אָבער ניט, חלילה, אין מאַרק אַריין פאַר מסחר, נאָר צו עמיצען אויף קידוש . . . ער האָט קיינמאָל ניט געוואַרט, אַז מען זאָל איהם איינלאַדען. ווי נאָר ער האָט געהערט, אַז ס'איז ערגעץ פאַראַן אַ קערמישעל אין שטעטעל, איז ער אַהין געגאַנגען אויף קידוש, און ניט נאָר אויף קידוש איז ער געגאַנגען. ניין, ער פלעג זיך מטריח

זיין און צוריק קומען נאָכן עסען אויף ברכה אויך. כאָטש ס׳איז געווען איינגעפיהרט, אז נאָכן עסען פלעגען בלויז קומען אייגענע, אָדער ספּעציעל געלאַדענע מענשען, פונדעסטוועגען פלעגט ער זיך, אונזער פארשוין, אַן עצה געבען. און ווען ער איז אַהיים געקומען פונ׳ם קידוש, האָט ער כלומרשט עפּעס פארגעסען ביים בעל שמחה אין הויז: למשל, דעם סידור, דעם גארטעל, אָדער גאָר דעם טלית . . . נאָכן עסען פלעגט ער קומען אויפזוכען זיינע פארגעסענע חפצים און שוין דערווייל פאַרבליבען אויף ברכה.

געווען איז ער א ביטערער אָרימאַן און כאָטש ער איז געווען א איד א סוחר, פונדעסטוועגען האָט ער ניט געקענט מפרנס זיין זיין הויזגעזינד, און זיינע טעכטער האָבען געמוזט ארבייטען אויף אויסצושטיקעווען די פרנסה. און דערפאַר טאָקע איז ער ארומגעלאָפען בעטען א ציגייער טיטון, אָדער צו עמיצען אויף קידוש, ווייל ער האָט פּשוט ניט געהאַט קיין געלט אויף צו פארגינען זיך אזא פארגעניגען, ווי צו קויפען אייגענעם טיטון, אָדער א ביסל בראַנפען אויף קידוש. פונדעסטוועגען פלעגט שמואל דער באַראַבאַנשטשיק איהם נאָך מער מקנא זיין ווי לייבעניו דעם שוסטער: „ווייל", פלעגט שמואל פילאָזאָפירען, „כאָטש לייבעניו איז דאָך דער בעסטער שוסטער אין שטאָט, און לאָזט זיך זעהר טייער באַצאָהלען פאר זיין ארבייט, דאָך דאַרף ער אַלע פרייטאָג ארומלויפען ערגעץ באָרגען א פּאָר גראָשען אויף צו מאַכען שבת . . . און ער, אונזער סוחר, כאָטש א גרויסער אָרימאַן, פונדעסטוועגען האָט ער תמיד געגוג קליין־געלט אויף אויסצובייטען א פינף רובעלדיגען. „אָט דאָס", פלעגט ער צוגעבען, „איז דער חילוק צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט"...

# בערל בוים

# דער שטאָט קברן — זיידע קרופּניק



●

זיידע קרופּניק האָט, ווי די מערסטע פּעלשטינער אידען, געצויגען זיין חיונה פון צוויי גאַנץ פאַרשיידענע קוואַלען. אויף דער עלטער, האָט זיידע קרופּניק, מיט זיין אידענע, וואָס האָט אים פון תּמיד אָן ארויסגעהאָלפען אין דער פּרנסה, געזוכט נאָך א דריטען קוואַל, כּדי צו דערנערען דאָס הויזגעזינד. מיט אַלע דריי קוואַלען פון חיונה איז זיידע דאָך געווען און פאַרבליבען אַן עני ואביון אַלע זיינע יאָרען.

דער ערשטער קוואַל פון זיין פּרנסה איז געווען: מאָלען גרויפּען, גרייפּלאַך און הרעטשענע מעל אין זיין אייגען מילכעל, וואָס האָט פאַרנומען דאָס קעמערעל, א העלפט פון זיין איינגעהויקערטען שטיבעל אויף דער גרינער גאַס.

די גרויפּען, גרייפּלאַך און די הרעטשענע מעל, האָט ער און זיין אידענע פאַרקויפט אין דער היים לאַחדים צו די באַלעבאָסטעס פון שטעטעל, און אין די מאַרק־טעג — צו די גוים.

ער האָט אויך פאַרקויפט צו די אָרימע באַלעבאָסטעס פון שטעטעל די הרעטשענע ליסקע, וואָס זיי האָבען באַנוצט פאַר הייץ־מאַטעריאַל.

די קינדער, ווען די מאַמעס האָבען געשיקט צו זיידע קרופּניק נאָך א קוואַרט גרויפּען, האָבען זיך גערן צוגעקוקט ווי זיידע שטעהט ביי דעם מילכעל און אַרבייט. דאָס קעמערעל האָט שטענדיג אויסגעזען ווי עס וואָלט זיין איינגעוויקעלט אין א כּמאַרע... און עפּעס אין אָט דער כּמאַרע שטעהט זיידע מיט דער האַנט פאַרהויבען הויך און האַלט זיך אָן אָן א שטריק, וואָס הענגט אַראָפּ פון עפּעס א לייסטעל אין דער הויך און מיטן רעכטען פוס, וואָס ער באַוועגט ריטמיש ארויף און אַראָפּ, אַראָפּ און אַרויף, פירט ער דאָס מילכעל... און דאָס מילכעל קלאַפּט: טיק א טאַק, טיק א טאַק...

די קינדער פארגעסען נאָך וואָס זיי זיינען געקומען און נעמען זיך שטופען צווישען דער הילצערנער מאַשינעריע פון מילכעל און ווערען פארמעליגט. ביז זיידע סטראשעט זיי ניט אָן, אז די מאַמע וועט פארקאָכן א קאַשע מיט זיי, אויב זיי וועלען ניט לויפען אויף גיך אהיים מיט די גרויפען... לויפען די קינדער ניט אהיים.

טאָג איין טאָג אויס ביז שפּעט אין דער נאכט טראָגט זיך דער גערויש פון די הילצערנע רעדלאך און דאָס קלאַפּען פון די רוק־זיפּעלאך, אין וועלכע עס האָבען זיך געזופּט די געמאָלענע גרויפּען: גרויסע גרויפען — באזונדער, גרייפלאך — באזונדער און די הרעטשענע מעל ווידער באזונדער.

אין די גרויפען געפינען זיך קליינטשיקע שטיינדעלאך, פלעגט זיי זיידע אויסקלייבען קונציג, מיט א „רעשעטע": א טרייסעל אראָפּ, א טרייסעל ארויף — די שטיינדעלאך שפּרינגען ארויף אויבען און זיידע כאַפּט זיי געשווינד אויף אין דער זשמעניע.

שעה'ן לאנג טרייסעלט אזוי זיידע מיט דער רעשעטע ביז עס בלייבט ניט קיין איין שטיינדעלע אין די גרויפען. זיידע'ס גרויפען טאָרען ניט קריצען אונטער די ציין . . .

דער צווייטער קוואל פון זיידע'ס חיונה, איז געווען — קברנות. זיידע איז געווען דער עלטערער פון די צוויי שטאָט־קברנים. דער צווייטער איז געווען חיים וואסערפירער. ביי יעדער לויה האָט זיידע געקלאַפּט מיט דער פּושקע און געשריען: „צדקה תציל ממות!" מיט די עטליכע גראָשען וואָס זיידע האָט אָנגעקליבען מיט דער פּושקע, האָבען זיך ביידע קברנים צעטיילט.

זיידע'ס רוף צו „צדקה תציל ממות" האָט יעדען געקלונגען אין די אויערען א לאַנגע צייט נאָך דער לויה. און לויות זיינען ב"ה געווען אין פעלשטין זעהר אָפט... דערפאר איז זיידע'ס שטים געווען אלעמען באַקאַנט.

די, אָבער, וועלכע האָבען זיידע'ן נאָענט געקענט, האָבען געוואוסט, אז זיידע האָט א קורצען אָטעם, וואָס איז איהם געקומען פון שטענדיג זיין אין דעם פארשטיקטען, פינסטערען מילכעל, און אז זיידע האָט געשריען „צדקה תציל ממות" האָבען זיך יענע מענשען געוואונדערט — וואו עס נעמט זיך צו אים אזא קול וואָס האָט זיך געריסען ווי פון א יונגען, געזונטען מענשען און פארהילכט אזוי די גאַסען... וואָרים זיידע איז שוין געווען א זקן. ער איז שוין געווען שטאָט־קברן אפשר איבער פערציג יאָר.

ווען די בלאָטעס זיינען געווען גרויס, אָדער דער שניי — טיף, צי ווען דער רעגען האָט געפליוכעט, אָדער דער שניי האָט זיך געדרעהט אין א זאווערוכע, האָט זיידע, ווען ער האָט באדאַרפט ברענגען צו קבר־ישראל

אן עופ'על̈ע אָדער אַ גרעסער קינד, זיך קײנמאָל ניט אָפּגעשטעלט: גענומען דאָס קינד אונטער דער פּאַכווע און היידאַ אויפ'ן בית־עולם. זיידע שפּאַנט מיט דעם בר־מנן, ניט אַ קוק טוענדיג רעכטס אָדער לינקס, ווי זיין שליחות וואָלט באמת זיין באהעפט מיט דעם הימעל און גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט דער זינדיגער וועלט...

טרעפען אים אָן אידען מיט דעם בר־מנן אונטער'ן אָרעם, האָבען זיי באמת רחמנות אויף איהם. פון אַזאַ פּרנסה — כאָטש עס איז אַ מצוה — וואָלטען זיך אַלע אָפּגעזאָגט. פּראָסטע אידען באמערקען אָבער אמאָל, אַז זיידע לאָזט אַראָפּ דעם בר־מנן אין קבר אריין אָהן אַ טראָפּען צער, און ווען ער בעט דעם מת מחילה פאַר עמיצען, טוט ער דאָס אָהן אַ טראָפּען געפיל. דאָס זיינען אָבער אידען, וואָס האָבען שטענדיג געהאַט וואָס אויסצוזעצען געגן יעדען און געגן אַלץ.

גאַנץ פעלשטין האָט געוואוסט, אַז זיידע קרופּניק אַרבעט שווער און ביטער פאַר זיין שטיקעל ברויט, אַז די צוויי פּרנסות זיינע זיינען אים ניט גענוג אויף חיונה, און אַז ער האָט אפילו געמוזט ווערען אַ שטיקעל בעקער אויף דעת עלטער — דער דריטער קוואַל פון זיין חיונה — בכדי ער זאָל צו קיינעם ניט באַדאַרפען אָנקומען, בכדי ער זאָל קענען אויס־האָדעווען זיינע קינדער און אָנזעטיגען זיינע אייניקלאַך מיט געבראָטענע קאַרטאָפּעל, ווען זיי קומען צו־גאַסט צו אים. און געקומען זיינען זיי אָפּט צום זיידען נאָך די געשמאַקע געבראָטענע קאַרטאָפּעל...

פעלשטין האָט געוואוסט, אַז זיידע קרופּניק נעמט חלילה ביי קיינעם ניט. מישט זיך ניט אין שטאָט מחלוקת'ן, האָט נאָר זיין פּרנסה און זיין הויזגעזינד אין זינען.

אין דעם טאָג ווען מען באַדאַרף ברענגען עמיצען צו קבורה, פאַר־געסט זיידע זיין היים מיט זיין הויזגעזינד, לאָזט איבער דאָס מילכעל מיט דער בעקעריי און לויפט צום בראַך, וואָס קיינער קען שוין ניט גאַנץ מאַכען... און ווען די אָרימע און דערשלאָגענע אבלים נעמען זיך אמאָל דינגען און וויינען פאַר אים איבער דעם פּרייז פאַר דער „מטה" מיט די ליעסקעס, מיט די שטריק, מיט דעם טעפּעל וואָס מען באַנוצט פאַר שערבעלאַך אויף די אויגען. קלערט זיידע: צי ווייסען זיי, אַז צו זיין אַ קברן איז קריעת ים סוף... צי ווייסען זיי, אַז דעם טאָג פון קבורה פאַסט ער, אַ חוץ אפשר וואָס ער כאַפּט אמאָל אַ טרונק בראַנפען...

— פאַרדין איך דען עפּעס אין דעם? ס'קאָסט דאָך מיר אַליין אַזוי־פיל! ניט אַ גראָשען ווייניגער!... — פלעגט זיידע ענטפערען אויף דעם דינגעניש.

אמאָל דערגיט מען אים ניט צום סכום און זיידע לויפט נאָך מאָנען:

— איך בין דאָך אַליין אַן אָרימאַן! — טענה'ט ער, — גוואַלד, רייס פון מתים די הויט...

זיידע דאַנקט דעם רבונו של עולם, וואָס ער גיט אים כח איבערצו־טראָגן דעם צער און די יללות פון די אבלים.

ווען זיידע דאַרף מקבר זיין אַן אמת פרומען אידען, איז ער זיך גאָר אַנדערש מתעסק מיט דעם בר־מינן. ער איז באמת זיכער, אַז ער ברענגט דעם גוף מיט דער נשמה פון יענעם אידען למעלה העליונה...

ער פאַרגעסט ניט צו וואַשען זיך די הענט איידער ער פאַרלאָזט די שטוב. ער בעט דעם מת מחילה פאַר זיך און פאַר זיין הויזגעזינד.

ווען זיידע קערט זיך אום אַהיים פון קבורה אַן אויסגעמאַרעטער, פאַלט ער ממש אַוועק, אַזוי מיד איז ער. דעמאָלט דערפילט ער ערשט ווי קראַנק זיינע פיס זיינען... ער בעט ביי גאָט, אַז מאָרגען זאָל זיך שוין ביי אידען ניט טרעפען מער קיין אומגליקען, ער זאָל זיך קענען אָפּרוען אין דער היים, און זיין בכח צו אַרבייטען פאַר זיין שטיקעל ברויט.

אַמאָל דערהערט גאָט זיין געבעט און אַמאָל... ניט!

ווען זיידע קומט אַהיים פון קבורה, און אין שטאָט ליגט עמיצער, לא עליכם, קראַנק, כאַפּט איהם אַרום אַ מורא: טאָמער, זאָל דער וואָס לעבט אייביג אויסהיטען, טרעפט זיך עס מאָרגען... און עס טרעפט זיך אָפט מאָל טאַקע מאָרגען...

און איינמאָל איז דער אַלטער ר' ישראל קיטעווער קראַנק געוואָרען. וועה, וואָס פאַר אַ צער עס האָט אַרומגעכאַפּט זיידע'ן! דערצו נאָך איז דער רב טאַקע פון זיין משפחה, גאָר אַ נאָענטער קרוב זיינער. דער רב איז שוין געוועזן קראַנק אַ שטיק צייט. „איך בין גאָרניט ווערט צו האָבען אַזאַ צדיק פאַר אַ קרוב", טראַכט זיידע. דער רב געהט אים ניט אַרויס פון קאָפּ: ווער ווייסט ווי לאַנג ער קען נאָך געדויערען?! ווי אַזוי וועט ער זיך מתעסק זיין מיט אים? וואָלט ער כאָטש צייט געהאַט צו געהן אין וואַסער אַריין טובל'ען זיך...

זיידע ווייסט, אַז כאָטש ער דאַווענט מיט כונה, היט אָפּ די מצוות, וואָס אַ איד דאַרף אָפּהיטען, ווי עס געהער צו זיין, איז ער אָבער דאָך אַ פּראָסטער מענש. לערנען קען ער ניט, און ער וואָלט אַזוי געוואָלט אויס־פירען זיין שליחות כדת וכדין... ער איז דאָך דער שטאָט־קברן! ער ברענגט דאָך אידען צו קבר־ישראל!...

זיידע כאַפּט זיך, אַז ער זינדיגט. ער טראַכט פון רב'ס קבורה, ווען דער רב לעבט נאָך... „איך אַליין בין דאָך, גאָטעניו, ביי דיר אין די הענט! שוין קרוב שבעים. רבונו של עולם! זיי מיר מוחל!..." מורמעלט זיידע.

דער מסוכן קראנקער רב. געהט אָבער פון זיידע'ס קאָפּ ניט ארויס און ס'איז געשען! דער רב איז נפטר געוואָרען, נאָך פריער, ווי זיידע האָט זיך גערעכט. און פעלשטין האָט געטרויערט, ווי דאָס גאַנצע שטעטעל וואָלט חרוב געוואָרען...

זיידע קרופּניק האָט געטראַכט וואָס אַלע אידען האָבען זיך געטראַכט, נאָר אביסעל אנדערש: „פאַרלוירען! פאַרלוירען געגאַנגען זיין טייערסטער קרוב, מיט וועמען ער האָט שטאָלצירט כל ימיו... פאַרלוירען! ניטאָ מער אזעלכע אידען ווי זיין ישראל!... קלאָגען? פאַרגיסען טרערען? ער איז דאָך דער קברן... נישטאָ קיין צייט! ער מוז זיך מתעסק זיין מיט דער קבורה... ישראל! ישראל!..."

פון טבילה יענעם טאָג איז שוין אָפּגערעדט. זיידע האָט דעם גאַנצען טאָג געפאַסט. ער האָט זיך מכין געווען ווי נאָך קיין מאָל פריער זינט ער איז שטאָט־קברן: א קליינינקייט! ברענגען אזא צדיק צו קבר־ישראל! זיין ישראל'ן!... זיידע, דער שטאָט־קברן, קען זיך ניט אָפּהאַלטען פון וויינען... ער מוז אָבער לויפען... צוגרייטען וואָס מען באַדאַרף פאַר דער לויה...

פעלשטין באַדויערט זיידע'ן... פעלשטין ווייסט, אז זיין צער איז גרויס... וואָס פאַר א נסיון ער שטעהט עס היינט אויס!...

בשעת זיידע האָט געקלאַפּט מיט דער פּושקע „צדקה תציל ממות", האָט מען געקענט זען, אז עס לאָזען זיך אים אויס די כחות פאַר צער... זיין קול איז עפּעס ווי פאַרדומפּען, ווי עס וואָלט קומען פון ווייטענס און זיך ניט דערטראָגען צום עולם, וואָס ציט זיך נאָך דער מטה . . .

די לויה שטעלט זיך אָפּ ביי די בתי מדרשים. רבנים פון די ארומיגע שטעטלאָך מאַכען הספדים. זיידע'ס „צדקה תציל ממות!" לייגט זיך יעדען אויף דער ברוסט, ווי א גערדיכטער נעפּעל... און וואַרפט אָן א מרה־שחורה אויף יונגוואַרג...

טריט נאָך טריט געהט די גאַנצע שטאָט דערשלאָגען, מיט געבויגענע קעפּ, אָפּצוגעבען דעם לעצטען כבוד דעם פעלשטינער צדיק, דעם באַליבטען רב ר' ישראל קיטעווער, זצ"ל...

וואָס זיידע לעבט איבער, קען גאָר קיינער ניט וויסען. ער האַלט זיך קוים אויף די פיס. עס טריפט א דריבנער רעגענדעל און זיידע'ס שווערע שטיוועל קלעפּען זיך צו דער נאַסער ערד. זיידע בעט דעם אויבערשטען: „רבונו של עולם! גיב מיר כח! לאָז מיך האָבען די זכיה מקבר צו זיין דעם צדיק. האָב רחמנות. גיב מיר כח! איך וויל האָבען די זכיה, רבונו של עולם! גיב מיר כח!..."

און זיידע, מיט צוויי ברעטער אונטער'ן אָרעם, יאָגט אריבער די „חברה נושאי", כדי צו קומען אויף דעם בית־עולם פאַר דעם נפטר און צוגרייטען אַלץ, אַז מען זאָל ניט דאַרפען וואַרטען...

אויפ'ן בית־עולם ווייזט זיידע אָן דער „חברה נושאי" אויפ'ן אָרט, וואו מען זאָל דעם נפטר אַראָפּלאָזען און ווי אַזוי. אידען זאָגען תהילים: המלאך הגואל... רבנים מאַכען נאָכאַמאָל הספדים. זיידע שטעהט גרייט זיך נעמען צו דער קבורה.

אָן א זייט לעבען אויסגעגראָבענעם קבר זאַמלען זיך צונויף אַרום א מנין אידען, חשוב'ע און פרומע באַלעבאַטים מיט יהודה בער, דעם בית־מדרש־שמש בתוכם. באַראַטען זיך וועגען עפּעס און באַשליסען אויף גיך: אַזוי ווי דער רב ר' ישראל איז געוועזען א גרויסער צדיק בישראל, וואָס אַזוינס וועט שוין אפשר מער ניט זיין, בכן איז א יושר, אַז א פּאָר פרומע און חשוב'ע באַלעבאַטים זאָלען דעם נפטר מקבר זיין...

ווי דאָס האַרץ וואָלט זיידע'ן געזאָגט... ער דערפילט, אַז עפּעס רודערט זיך צווישען די אידען. און איידער וואָס־ווען, טוט זיידע א שפּרונג אַראָפּ אין גרוב און נעמט זיך צו דער קבורה.

די אידען דערזעהן דאָס, הייסען זיי דעם שמש יהודה בער'ן צוריק־האַלטען זיידע'ן.

יהודה בער לאָזט זיך צו צום קבר און שריט אריין:

— ר' זיידע! ר' זיידע! וואַרט צו א ווייל'ענקע! וואַרט א ווייל'ע!

— און ער נעמט זיידען דערקלערען: — היות, ווי דער רב איז געוועזען א צדיק בישראל, איז ניט מער ווי א יושר, אַז א פּאָר חשוב'ע באַלעבאַ־טים זאָלען דעם צדיק מקבר זיין...

זיידע, א פאַרלוירענער, א דערשלאָגענער, שטעהט אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע צום ווענטעל פון גרוב, ווי אָט אָט פאַלט ער אַוועק אין גרוב...

די אידען, פאַרגאַפּטע, שטעהען און קוקען אויף אים און ווייסען ניט וואָס צו טאָן. זיידע קומט צו זיך:

— וואָס בין איך? ! — הילכט זיידע'ס קול פון קבר אַרויס איבער'ן גאַנצען בית־עולם, אַז אידען ווערען באמת דערשראָקען, — כל זמן איך לעב, בין איך דער שטאָט־קברן און ניט קיין אַנדערער! כל זמן איך לעב, וועל איך איהם מקבר זיין! און... און ניט קיין אַנדערער!

די לעצטע ווערטער זיינען שוין געבליבען ביי אים אין האַלז...

אַלע זיינען שטיל געבליבען. קיינער האָט ניט גערירט מיט אַן אבר. ביז זיידע האָט כמעט אין היסטעריקע א זאָג געטאָן:

— מאַכט גרייט דעם נפטר!

די „חברה נושאי" האָט גליַיך דערגרעענטערט די מטה צום קבר און זיידע האָט געהאַט די זכיה מקבר צו זיין דעם גרויסען נפטר.

נאָך דער לויה האָט די שטאָט ניט אויפגעהערט צו רעדען פון זיידע'ן דעם קברן...

זיידע קרופניק האָט די בושה ניט געקענט אריבערטראָגען און ער איז קראַנק געוואָרען...

ווען אידען זיינען געקומען זיידע'ן מבקר־חולה זיין, האָבען זיי אים באמת געטרייסט. ער האָט פון קראַנקען־בעט ארויסגעקרעכצט:

—כל ימי בין איך געווען דער קברן! ... כל ימי בין איך געווען דער קברן!...

אידען האָבען חרטה געהאַט, וואָס זיי האָבען זיידע'ן מביש געווען. און ווען זיידע איז געזונט געוואָרען, טאַקע נאָר ווי פון יענער וועלט צוריק־געקומען, האָבען אידען געגעבען א לויב צום אויבערשטען, וואָס האָט זיי אומגעקערט דעם שטאָט־קברן — זיידע קרופניק.

# בערל בוים

# יואל דער בלינדער

●




יסיע, בער הערש רופא'ס, האָט געבוירען פערצעהן קינדער. פון זיי זיינען איהר געבליבען די אינגסטע פיר — שמעון, שמואל, יואל'יק און מוניש. יואל'ס דריי ברי־דער האָט מען גערופען: שמעון בער־רופא'ס, שמואל בער־רופא'ס, מוניש בער רופא'ס און יואל'ן האָט מען גערופען — יואל'יק דער בלינדער, ווי ער וואָלט גאָר ניט געווען פון בער־רופא'ס זיהן. און אז ער פלעגט זיך מיט די ברידער צעווערטלען, ווי עס טרעפט זיך אָפט צווישען ברידער, האָט מען צוגעלייגט: „בלינדער הונט", „פאַרמאַך דיין הינטישען פיסק"...

יואל איז געווען אינגאנצען בלינד. „ס'איז איהם געקומען פון א גוט־אויג, נאָך אין זיין וויגעלע", — פלעגט זיין מוטער גיסיע ניט אויפהערען צו דערצעהלען. יואל פלעגט בייז ווערען אויף דער מאַמען און הייסען איהר ווינציגער פלאַפלען וועגען דעם. „גוט־אויג נאָך אין וויגעלע" — פלעגט ער שפּאָטען פון איהרע מעשות: ניט געוואָלט, זי זאָל איהם דערמאָנען, אז ער איז בלינד. אז עמיצער האָט איהם אָנ־גערופען „בלינדער הונט" און יואל האָט זיך געקענט נוקם זיין אָן דעם, וואָס האָט איהם געשטעמפּעלט מיט דעם נאָמען, האָט ער עס געטאָן מיט ווילדער הנאה.

יואל איז אויסגעוואַקסען א שעהנער בחור, געהאַלטען זיך ריין און ציכטיג.

ער איז געווען נאָך גאָר א קינד, ווען ער פלעגט אַרומבלאָנקען אין גאַס טאַפּענדיג יעדען טראָט זיינעם. מענשען פלעגען איהם אָפּהיטען, ער זאָל זיך ח"ו ניט אָנשלאָגען אָן א שטיין אָדער ניט איבערגעפאָרען ווערען פון א פוהר.

זיינע עלטערען האָבען געהאַט ווייניגער צו טאָן מיט יואליק דעם בלינדען, ווי מיט די אנדערע קינדער. צרות האָט מען נאָר געהאַט

פון איהם, ווען ער פלעגט זיך פלוצים ארײנלאָזען פון קיך אין שטוב, ס'הייסט אין צירולניע ארײן. — יואל'ס פאָטער, ר' בער ,איז טאַקע גע־ווען אַ רופא'ס אַ זוהן. דער פאָטער, ר' הירש רופא, האָט נאָך געלעבט און איז געווען דער רופא פון שטאָט, האָט זיך דער זוהן בער פארנומען מיט שערערײ און די זיהן האָבען געהאָלפען, געוואָרען „פאָלנע צירול־ניקעס".

יואל, פּאַוואָליע! וואוהין שטופּסטו זיך? מען ראַזירט זיך דאָך! — פלעגט די מוטער אָנשרייען אויף איהם. — געה צוריק אין קיך ארײן!

אין קיך איז געווען זיין עיר מקלט.

נאָכ'ן אָנשרייען, פלעגט ער זיך אויסדרייען צוריק אין קיך ארײן, פלעגט זיך שוין אָבער פארטשעפּען אָן אַ בענקעל, אָן אַ טישעל . . . דער פאָטער מיטן שערעל אָדער מיט דער בריטווע אין האַנט פלעגט נאָך מעהר בייז ווערען, און שרייען אויף יואל'ן נאָך העכער פון דער מאַמען און פארזאָגען איהם צו זיצען אין קיך... עס האָט אָבער ניט געהאָלפען: יואל'ן האָט געצויגען אין צירולניע . . .

ביסלאַכוויז האָט יואל אָנגעהויבען שפּירען דעם ארום אין שטוב און וויסען וואו די בענקלאַך שטעהען, וואו די טישלאַך געפינען זיך. ער איז וואָס אמאָל זיכערער געוואָרען אין זיין טראָט, פאָרזיכטיגער ביי יעדען קעהר. בשעת דער פאָטער מיט די ברידער האָבען געשווירען קעפ פלעגט זיך יואל פארקלייבען אין אַ ווינקעל פון צירולניע, זיצען און זיך צוהערען צו דעם טשיקען פון די שערלאַך, אקוראַט ווי די שערלאַך וואָלטען פאַר איהם עפּעס אויסגעשפּילט . . .

אזוי זיצענדיג, פלעגט ער באַדויערען, וואָס ער איז אזוי אומ־גליקליך, וואָס זיינע ברידער גאָלען רייכע פּריצים, וועלען אמאָל זיין רופאים ווי דער זיידע, ר' הירש, און ער — ער איז בלינד... פאַר איהם איז די וועלט אייביג פינסטער . . .

מיט דער צייט איז יואל געוואָרען אַ בחור מיט בחורים גלייך. יואל דערקאָנט שוין אין גאַנג יעדען, וואָס קומט צו זיי אין שטוב ארײן. וועער שמועסט אין קול — אוראי און אודאי. ער ווייסט שוין, וועער עס איז אַ „פּראָסטאַק" און וועער אַ בעל־מלאכה, וועער ס'איז אַ גוטער שניידער און וועער עס איז אַ „קאַפּטאַנשטשיק", וועער ס'מאַכט אַ גוטע פּאָר קאַמאַ־שען און וועער עס פארלאַטעט אפּאָר „טשאָבאָטעס". קיין וואונדער: ביי דעם רופא אין הויז הערט מען פון אַלעמען און פון אַלץ . . .

יואל ווייזט ארויס אַ טיפען באַגער צו הערען דעם חזן זינגען, כלי־זמר שפּילען. ער לויפט צו חתונות, באַקענט זיך מיט די כלי־זמר. כאַפּט אויף וואו נאָר ער דערהערט עפּעס אַ לידעל, אַ ניגון, און זינגט נאָך.

זיין זינגען איז עפּעס אַנדערש, ווי דאָס זינגען פון אַנדערע, כאָטש ער האָט ניט קיין שעהנע שטימע.

ער איז אַזוי פאַרקאָכט אין שפּילען, אַז ער ווייסט פאַראויס ווער עס וועט חתונה האָבען און וואָס פאַר אַ כלי־זמר עס וועלען שפּילען אויף דער חתונה.

— יואל, זאָלסט קומען אויף דער חתונה, — פלעגט מען איהם אָנזאָגען. חתן־כלה איז געגאַנגגען אין לעבען יואל זאָל זיין ביי זיי אויף דער חתונה ,ווייל אין פעלשטין איז געווען ווייניג זאַכען, וואָס זאָלען פאַרשאַפען פרייד. און אין יואל דעם בלינדען האָט פון קינדווייז אָן עפּעס געשפּילט און געזונגען . . . און וואו יואל איז געווען אין מי־טען, איז דער אומעט פאַרשוואונדען.

דער חוש פאַר מוזיק איז געווען ביי יואל'ן אַזוי אַנטוויקעלט, אַז ער האָט נאָר באַדאַרפט הערען כלי־זמר שפּילען איין מאָל, און ער האָט שוין נאָכגעזונגען — ניט נאָר די מעלאָדיע, נאָר אויך דעם אַקאָמפּאַני־מענט. ער האָט זיך צוגעטאַקט מיט די פינגער, מיט די פיס, מיט אַ מעסער, מיט אַ גאָפּעל, מיט אַ לעפּעלע — מיט אַלץ, פון וואָס ער האָט נאָר געקענט אַרויסציהען אַ טאָן. און דאָס האָט פאַרכאַפּט יונג און אַלט.

מיט דער צייט האָט די גאַנצע שטאָט געוואוסט, אַז זינגען און שפּי־לען איז יואל'ס לעבען . . . שפּילען אויף אַלעם אין דער וועלט, חוץ אָן אינסטרומענט. פאַרוואָס ניט אויף אָן אינסטרומענט? וועלכער פעלשטינער איד וועט עס לערנען זיין קינד פאַר אַ כלי־זמר? און נאָך אַ בלינדען! אַז פעלשטינער טאַטע־מאַמע האָבען געהאַט אַ קינד מיט אַ מום, איז עס געליגען אויף זייערע פּלייצעס ביזן טויט אַריין!

יואל קען אַלע פּראָסקוראָווער כלי־זמר ביי די נעמען. ער זינגט און קלאַפּט אויס יעדען וואַלץ, יעדען קאַדריל, אַלע זייערע פאַרשפּילען און מאַרשען. די כלי־זמר שפּילען זאַכען פון זייגעטווענען בלויז, יואל זאָגט מבינות אויף זייער שפּילען, שטעלט אָפּ דעם פליוט: „פאַלש, פאַלש!" — מאַכט באַמערקונגען צום קלאַרנעט, הייסט דעם פּויקער ניט אַזוי באַמבעווען. דער דיריזשאָר פון דער קאַפּעליע קלאַפּט יואל'ן אין פּליי־צע: „מאַלאַדיעץ, יואל'יק! מיינע חברה וואָלטען זיך געמעגט לערנען ביי דיר" . . .

יואליק שיסט אַרויס אַ געלעכטער און פּאַטשט מיט די הענט, ווי אַ קליין קינד . . . ער דערלעבט זיך אַ נקמה אין דער קאַפּעליע. אייניגע פון דער קאַפּעליע ווינשען יואליקן ער זאָל נאָך טויב ווערען אויך . . . יואל'יק לאַכט, און מיט זיין געלעכטער נעמט ער די לעבער פון די כלי־זמר . . .

אין גאס פלעגט יואל׳יק פיהלען דעם וועג, געהן מיט געצעהלטע טריט, פאמעליך. קלוגע יונגען פלעגען איהם פרובירען אנשרעקען:

— יואל׳יק, וואוהין גייסטו? שטעה! ס׳ליגט א שטיין . . .

יואל׳יק ווייסט ווער דער קלוגער יונג איז, און לאכט זיך אויס פון איהם:

— וועסט עס דערצעהלען דער באבען דיינער, — לאזט איהם יואל הערען פון ווייטענס. ער טוט א פיר מיטן שטעקעלע אהין און אהער און געהט זיך זיין וועג.

געפינט זיך א בחור, וואס פארטשעפעט זיך מיט יואל׳ן בעת ער געהט זיך אזוי זיין וועג, און טרעט אן אויף יואל׳ס אפגעפוצטע קאמאשען מיט „סקריפ״, וואס לייבעניו שוסטער האט געמאכט ספּעציעל פאר איהם. איז דער בחור ניט זיכער געוועזן מיט די ביינער . . . כאפט איהם יואל, שלאגט ער איהם מכות רצח.

יואל האט מיטן חוש דערפיהלט, וואו און ווען אזא איינער האט זיך פארבאהאלטען פאר איהם און טאקע באלד געצילט א שטיינדעל און געטראפען. סוף־כל־סוף אבער פלעגט מען זיך אנטשולדיגען פאר איהם און ווערען מיט איהם וויטער גוט־ברודער...

ביי דעם רופא אין שטוב האט מען זיך אויפגעהערט זארגען פאר יואל׳ען, דעם בלינדען. מען האט געוואוסט, אז פונקט איינס אזייגער וועט ער קומען אהיים עסען אנבייסען; זיבען אזייגער עסען וועטשערע. אמאל פלעגט יואל אומיסטען א פרעג טאן איינעם ווי עס האלט דער זייגער. יענער האט געוואלט א טרייב טאן קאטאוועס מיט איהם און גע־זאגט:

— ס׳איז זעקס א זייגער.

— דו זאגסט א ליגען, — שעמט זיך ניט יואל׳יק אויסזינגען איהם אין די אויגען אריין. — איך מאך א וועט, אז ס׳איז פונקט זיבען אזייגער.

— יואל׳יקן איז ניט געווען גרינג אפצונארען.

— וואס לויפסטו שוין אהיים, יואל? ס׳איז דאך נאך פריה — פלעגט איינער וועלען איהם צוריקהאלטען. אבער יואל נעמט געהן גע־שווינד: — מען ווארט אויף מיר אין דער היים. ס׳איז שוין גאר ניט פריה.

אריינגעקומען אין שטוב, האט יואל אוועקגעשטעלט דאס שטעקעלע אויפן פינקטליכען ארט, צוגעגאנגען צום טאפטשאן. די קווארט וואסער איז תמיד ווי געקומען איהם צו דער האנט. ער האט זיך ארומגעוואשען. געטראפען פונקטליך אין „צעבער״, ניט פארגאסען אפילו א טראפען. ארומגעווישט זיך און געזעצט זיך עסען — באזונדער — ווי דער שטיי־נער איז געווען, אין קיך.

אז ער פלעגט זיך אויפהויבען א זאטער, א צופרידענער, האט ער זיך ארומגעווישט מיט א ריינעם האנטוכעל, אויסגעהוסט זיך און א נעם געטאן א טאן. פארדרויכערט א פאפיראסעל און געשטעלט זיך מיטן פלייצע צום בעט־ווענטעל. יואל טוט א ברום און לאזט אראפ א האגעל מיט זיינע פינגער אויפן בעט־ווענטעל . . .

די ערשטע צייט האט מען אין שטוב געשריען אויף איהם:

— יואל, וואס טאראבאנעוועסטו? מאכסט דאך א תל פונם בעט.

ווען גלאווגע אריינגעהער צו דעם רופא האבען אבער געזאגט, אז יואל מאכט אן אינסטרומענט פון בעט־ווענטעל, האט מען זיך אין שטוב אנ־געהויבען צו אים באנעמען ווייכער. און יואל'יק האט געטאראבא־נעוועט און מיט דעם טאראבאנעווען אנגעצונדען הערצער, אז אינגלאך און מיידלאך האבען באהאנגען די פענסטער.

— מ'באדארף מאכען דעם קינד א נייעם אנצוג, — זאגט גיסיע, די מאמע, צום מאן דעם רופא. — אן אנצונג מיט א פאר קעסטעלדיגע הויזען.

— וואס עפעס קעסטעלדיגע הויזען? — פרעגט בער. — וואס פאר א חילוק איז עס איהם וואס פאר א הויזען?

— אזוי וויל ער — ענטפערט גיסיע. — ס'איז די היינטיגע מאדע אזא, — זאגט ער, — און ער וויל נאר זיין אין דער מאדע.

און יואל האט טאקע ארויסגעשפאצירט אין מארק אריין מיט די קעסטעלדיגע הויזען שטענדיג צוגעפרעסט מיט א שארפען קנייטש. אמאל פלעגט ער זיך נאך אנבויגען ביז צו די קאמאשען אנצושטעלען פונקטליך דעם קנייטש אויף די הויזען. זיינע הויזען האבען שטענדיג געמוזט זיין געפרעסט מיט א שארפען קנייטש.

די שניידער אינגלאך האבען גערען געפרעסט די הויזען פאר יואל'יקען גאנץ אומזיסט. אז יואל איז געקומען אין א שניידערשער שטוב, איז מען געווען זיכער אז דער „וועטשער" וועט זיין „טשטא ניבוד אסאבענא", ווייל זינגען, שפילען און טאנצען פלעגט מען מעהרסטענס אין די שניידערישע שטיבער. און אזוי איז טאקע געווען. ניט נאר אין שטוב, אפילו אין גאס האט זיך געפיהלט א פרעהליכקייט.

ווען מען האט געפיהרט יואל'יקען אהיים שפעט אין דער נאכט, נאך אזא פרעהליכען אוונט, און מען האט איהם באדאנקט פאר דער פרייד, וואס ער האט פארשאפט, האט מען איהם שוין אויך צוגעזאגט אויסצופרעסען זיינע מלבושים.

יואל פלעגט א כאפ טאן א אינגעל פון גאס: „ברענג אריבער מיינע הויזען צו יאסעל ישראל שניידערס, זאג איהם: ס'יואל'ס". — און דאס

אינגעל איז געלאָפּען. אַפּזאָגען יואל׳יקען? דאָס בחור׳ל האָט מיט איהם געוואָלט זיין חבר: יואל׳יק וועט איהם מיטנעמען אויף א חתונה און אפשר אויך אויף א באַל ביים פריץ. מיט יואל׳יקען וועט מען זיכער אריינלאָזען. אָהן יואל׳יקען — וואָס פאר א מחותן איז מען?

אפילו ביי די פריצים, וואָס האָבען כמעט דעם גאנצען לעבען פארבראכט אין אויסלאנד, אפילו ביי זיי איז יואל געוואָרען אן אָנגעלעגטער גאסט, ווייל יואל איז ווירקליך געווען מעהר ווי א צייט־פארטרייב.

מיט זיינע דעליקאטע הענט און עמפינדליכע ליפּען פלעגט ער פארוואנדלען א פּראָסט פאָדעם־קלעצעלע אין אן אמת׳ען שפּיל־אינסטרומענט. דאָס רערעל פון דעם קלעצעלע האָט ער איבערגעדעקט מיט אזא רויט־פּאַפּירעל, וואָס ער פלעגט זאמלען פון א געוויסען מין טעה־פּעקעל און שטענדיג האָבען אין זאַפּאַס.

ווען ער האָט צוגעטוליעט דאָס קלעצעלע מיט דעם פּאַפּירעל צו די ליפּען און א האָגעל געטאָן מיט די פינגער אויפ׳ן בעטווענטעל, דעמאָלט האָט ניט נאָר אן אינסטרומענט א שפּיל געטאָן, נאָר א גאַנצער אָרקעסטער האָט זיך צעשפּילט. ער האָט פון דעם קלעצעלע ארויסגעצויגען טענער פון כמעט אַלע ווינט־אינסטרומענטען, וואָס ער האָט געהערט און אויך טענער פון סטרונע־אינסטרומענטען. זעהענדיג און הערענדיג יואל׳ן שפּילען, האָט מען געמוזט גאַפען און שטוינען . . .

אויף וואָס יואל האָט געשפּילט און ווי אזוי ער האָט געשפּילט, דאָס האָט געקענט נאָר ער אליין. קיינער האָט אים ניט געקענט נאָכמאכען. און יואל האָט מיט זיין שפּילען דערפרייט און דערקוויקט יונג און אַלט פאר א לאַנגער צייט. קיין וואונדער וואָס בער רופא׳ס שטוב איז אָפּט געווען באַלאַגערט מיט דער פעלשטינער יוגענט.

זומער, שפּעט אין די אָוונטען, ווען דאָס שטעטעל איז שוין געשלאָפען ,איז זיך יואל געזעסען גאַנץ אַליין לעבען זיין שטוב וואָס אויפ׳ן מארק, פארלייגט א פוס אויף א פוס און אויסגעפייפט פאר זיך אַזעלכע הארציגע זיסע מעלאָדיעס, אַז מען האָט ניט געוואָגט פארביי־געהן איהם, כדי איהם ניט צו שטערען, ניט איבערצורייסען דאָס שפּילען פון יואל׳יק דעם בלינדען.

יואל׳יקס ברידער זיינען געווען חברה לצים—און יואל׳יקען אַליין האָט אויך גאָרניט געפעלט, ווען ס׳איז געקומען צו מאַכען „שטיק" . . .

אַז בער רופא׳ס שטוב איז געווען פול, און יואל איז מיד געוואָרען שפּילען און זינגען, האָבען די פיר ברידער געמאַכט „קאַפּעליע". שמעון האָט געמיאוקעט ווי א קאַץ, שמואל מיט זיין באַס האָט געברומט ווי א בער, מונישעל האָט געשפּילט אויף דער שאַרף פון א מעסער, און

יואל האָט געקאָמאַנדעוועט... איז יואל'ן עפּעס ניט געפעלען געוואָרען, האָט ער געשווינד אָפּגעשטעלט דאָס שפּילען. אָפּגעשטעלט איז אָפּגעשטעלט. איז יעדער געוואָרען פאַר זיך. באַוויזען זיינע אייגענע משוגענע שטיק. שמעון האָט נאָכגעקרימט פרידלען און בן ציון שיכור. אַז שמעון האָט אָנגעהויבען נאָכמאַכען די צוויי אידען, האָט יואל פאַרגעסען אָן שפּיל, געבויגען זיך, געהויבען די פּיס און געהאַלטען זיך ביי די זייטען פון געלעכטער . . . טאַקע נאָר ווי אַ קינד . . .

פעלשטינער בחורים האָבען געהאַפּט, אַז זיי וועלען ווערען חתנים, וועלען זיי נעמען יואל דעם בלינדען אויף אַ „וועטשער", כאָטש יואל האָט זיך שוין געהאַט געהייסען גוט באַצאָהלען. אָט האָט ער ערשט געשפּילט ביים גלח אויף אַ באַל און פאַרדינט 15 רובעל! נו, ווי זשע וועט ער שוין געהן צו קבצנים? אָבער יואל איז דאָך געגאַנגען. יואל האָט געהאַט אַ סך גוטע ברידער און ניט געקאָנט זיי אָפּזאָגען. טאָמער אָבער האָט זיך יואל איינגעשפּאַרט און ניט געוואָלט געהן, איז געוועןן לעצט שלעכט. דעמאָלט האָט מען שוין געמוזט אָפּנוצען זכות אבות . . . און אַז דאָס האָט אויך ניט געהאָלפען, איז מען געקומען און געבעטען: יואל'יקעל, פאַרשעם אונז ניט! די ווערטער „פאַרשעם אונז ניט" האָבען יואל'ן צעגומען, און ער איז געגאַנגען.

בשעת פריזיוו פלעגט יואל וואָך זיין גאַנצע נעכט מיט די בחורים, וואָס האָבען זיך באַדאַרפט שטעלען און האָט זיי פריילאך געמאַכט. יואל שפּילט: זאָלען זיי פאַרגעסען אָן זייערע צרות, זאָלען זיי געדענקען, אַז יואל האָט פאַר זיי געשפּילט אין די לעצטע נעכט, ווען זיי זיינען נאָך פריי געווען.

און ווען אַ בחור האָט זיך „אָפּגעשטעלט" און יואל האָט פאַרבראַכט דעם אָווענט פון זיין באַפרייאונג ביי יענעם, דעמאָלט האָט יואל באַוויזען אַזוינס, אַז די גאַסען האָבען זיך געוויגט . . .

יואל האָט זיך געפרעהט מיט די בחורים וואָס האָבען זיך „אָפּגעשטעלט". ווען ער האָט אָבער אַ קלעהר געטאָן וועגען זיין אייגענעם פריזיוו, איז איהם געוואָרען טרויעריג אויפן האַרצען . . . איהם האָט מען געבראַכט אין פּריסוטסטווע, נאָר איין קוק געטאָן אויף איהם און — „ניע גאָדיען", — האָט מען אויסגעשריגען. צוואַנציג יאָהר פון זיין לעבען וואָלט ער אוועקגעגעבען אפילו דעם טייוועל, ווען ער וואָלט געקענט זיין מיט אַלע בחורים גלייך . . . איין קוק אויף איהם און — „ניע גאָדיען"! . . . טאַקע צו וואָס טויג ער און וועמען נוצט ער? . . . יואל טוליעט צו דאָס פּאַדים-קלעצעלע צו די ליפּען און פון דעם קלעצעלע צעשווימען זיך טענער, וואָס רייסען און צופּען ביי דער נשמה . . .

מיט דער צייט האָט דער עלטערער ברודער, שמעון, חתונה געהאַט און איז אַוועק פאַר זיך. געזאָגט, אַז די חזקה קומט איהם און גע־מאַכט פאַר זיך אַן אייגענע צירולניע. מיט עטליכע יאָר שפּעטער איז שמעון גאָר אַוועק קיין אַמעריקע.

דער צווייטער ברודער, שמואל, האָט אויך חתונה געהאַט. איז אָבער באַלד געשטאָרבען. מוניש, דער אינגסטער איז אויך אַוועק קיין אַמעריקע און דאָס אַלטע פאָר פאָלק פון פערצעהן קינדער איז געבליבען ביי יואל'יק דעם בלינדען . . .

דעם רופא'ס הענט האָבען שוין געציטערט, ניט געקענט מעהר גאָ־לען און ניט שערען און יואל דער בלינדער איז געוואָרען דער פּרנסה־געבער . . .

ווען יואל וואָלט ניט געווען בלינד, וואָלטען גיסיע און בער געבליבען אָהן איין קינד. און אפשר געמוזט לעבען פון צדקה. אַזוי האָבען אידען געשמועסט צווישען זיך: נו, איז דאָס ניט השגחת הבורא? . . .

ווען יואל דער בלינדער איז געבליבען איינער אַליין מיט די אַלטע טאַטע מאַמע, איז דאָס פאַדים־קלעצעלע בייגעשטאַנען איהם אין פאַר־טרייבען פון זיי די מרה שחורה — פון זיי און פון זיך . . .

ווען גיסיע האָט זיך אַרומגעזעהן מיט ווען זי איז פאַרבליבען אויף דער עלטער, האָט זי געדאַנקט זיין ליבען נאָמען וואָס דאָס „גוט אויג" נאָך אין ווינעלע איז ניט געווען איינגאַנצען אַ קללה . . .

## יונה בוים

# די פעלשטינער פרוי



י פעלשטינער פרוי איז ב״ה געווען באַשאָנקען מיט א פולער שטוב קינדער. צוליב די קינדער איז זי נע־באך געווען צוגעבונדען צו די ד׳ אמות פון איר אַרימער שטוב. כמעט אלע פעלשטינער פרויען האָבען געטראָ־גען אויף זיך דעם יאָך פון פרנסה, באַגלייך מיט׳ן מאַן, און אין א סך פאַלען, אפשר נאָך מער ווי ער. די קינדער זיינען געווען ביי איר דאָס אויג פון קאָפּ. וואָס וואָלט א פעלשטינער מוטער ניט געווען געטאָן פאַר אירע קינדער? אויב מקריב זיין איר לעבען וואָלט געווען געהאָלפען זיי מגדל צו זיין, וואָלט זי איר לעבען געווען אוועקגעגעבען מיט שמחה.

יעדע וואָך האָט די פעלשטינער פרוי געקנאָטן, געוואַלקעוועט און אָפּגעבאַקען אַ געבעקעל ברויט. ביטער איז געווען ווען זי האָט ניט געהאַט פון וואָס צו באַקען. טאָג־טעגליך האָט זי זיך, כמעט מיט ליידיגע הענט, אַרויסגעלאָזט אין מאַרק אַריין, מיט איין קינד אויף די הענט און מיט אַ צווייטן ביי איר פאַרטוך, איינצוקויפען די באַדערפענישען פאַר איר הויזגעזינד. איז איר געלונגען, עפּעס ממשות׳דיגס צו ברענגען אַהיים, איז עס איר אָנגעקומען מיט בי־טערע יסורים...

קומענדיג פון מאַרק אַהיים, אַן אויסגעמאַטערטע, האָט זי זיך גענומען איינהייצען אין „הרובע״ אָדער אונטער דער „טרינעשקע״, לויט דעם זמן פון יאָר, אָפּצוקאָכען פאַר דעם מאַן און די קינדער אַ לעפעל געקעכץ.

דאָס האָליץ, מיט וועלכען זי האָט איינגעהייצט איז, ווי אומיס־טען, תמיד געווען פיטש־נאַס. אַרויסצוציען פייער פון דעם נאַסען האָליץ איז געווען אַ מין ציען אָדערען פונם גוף. האָט זי געבלאָזען און געבלאָזען אויף די נאַסע קלעצלאַך, אָדער שפּענער ביז ס׳האָט

איר געכאַפּט שווינדלען אין די אויגען. אַמאָל איז זי גאָר פאַרפּלאָנטט געוואָרען און באַקומען אַ קאָפּווייטאָג פון צופיל בלאָזען אויף דעם נאַסען האָלץ. און אַמאָל איז זי שיעור ניט דערשטיקט געוואָרען פונ׳ם רויך, וואָס אָנשטאָט צו ציען דורכ׳ן קוימען אינדרויסען, האָט ער געשפּאַרט איר אין פּנים אַריין און אָנגעפילט די קיך ווי פאַרע פרייטאָג אין באָד.

אויף דער נאַכט, ווען די קינדער האָבען זיך געלייגט שלאָפען, האָט זי זיך ערשט אַוועקגעזעצט פאַרלאַטען דאָס ביסעל אָרימקייט, פאַרמערעזשען זאָקען, אָדער גאָר פליקען פעדערען. מיט פליקען פעדערען האָט זיך די פרוי פאַרנומען יאָרען... זי האָט דאָס באַדאַרפט צוגרייטען קישענס פאַר אירע דערוואַקסענע קינדער...

פרייטאָג, ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבען זשאַריען אויף טאָג, איז זי שוין געווען אויף די פיס. אַ גאַנצען טאָג ביז ליכט בענשען איז זי געווען פאַרטאָן מיט׳ן שבת מאַכען: באַקען חלה, קאָכען, שטעלען טשאָלענט, פאַרקלעפּען און אויסקאַלכען דעם פאַררויכערטען אויוועןן, געראַמט און געראַמט, כדי די „קויטיגע שטוב" זאָל אויסזען שבת׳דיג... וואָס האָט אַ פעלשטינער אידענע ניט געטאָן איר שטוב זאָל אויסזען שבת׳דיג? זי האָט אפילו געבראַכט אויף די פּלייצעס ליים און דעם גאָלד־געלען זאַמד פון גרוב אויף אויסצושמירען די שוואַרצע ערדענע „פּאָדלאָגע" און נאָכדעם זי באַשיטען מיט זאַמד. די פעלשטינער שטוב האָט געמוזט אויסזען שבת׳דיג...

דאָס רעליגיעזע לעבען האָט די פעלשטינער פרוי אויך געפירט אין די ד׳ אמות פון איר שטוב. די פעלשטינער פרוי — אפשר מיט איינינגע אויסנאַמען — איז שבת מברכים אויך ניט געגאַנגען אין שול אַריין. פאַרוואָס? ווייל זי האָט זיך פּשוט ניט פאַרגונען דעם וואוילטאָג. זי האָט ניט געקענט און אויך ניט געוואָלט איבערלאָזען די שטוב מיט די קינדער.

דערפאַר, אַז עס איז געקומען סוכות, האָט דער מאַן געשיקט צו דער פרוי אַהיים דעם אתרוג צו בענשען. און עס איז טאַקע געווען אָנגעלייגט ביי דער פרוי.

ווען אהרן שמש, ביי וועמען זי פלעגט קויפען די חלב׳נע ליכטלאַך אויף שבת, איז מיט׳ן לולב אין האַנט, ווי מיט׳ן ווינט, אַריינגעפלויגען צו איר אין סוכה און דורכ׳ן פענסטער געטאָן אַ רוף: „שרה... רבקה... רחל! אתרוג בענשען!..." האָט די פרוי דערפילט אַז דער מאַן האָט דאָך ניט פאַרגעסען אָן איר, און זי האָט געקוועלט פאַר נחת.

פורים האָט דער מאַן געלייענט די „מגילה" פאַר דער פרוי אין שטוב. האָט דער אייגענער מאַן ניט געקענט לייענען די מגילה, האָט אַ שכנ'טעם מאַן געקענט. זיינען זיך די שכנות צונויפגעקומען אין יענערס שטוב.

דער „בעל קורא" אַרומגערינגעלט מיט אַ פולער שטוב ווייבער, האָט געלייענט די מגילה מיט חשק, מיט אַפּעטיט, מיט טיפען אויסדרוק... און די ווייבער האָבען געשלונגען יעדען וואָרט, הגם זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען אַ וואָרט וואָס ער לייענט... זיי האָבען אָבער געוואוסט און גוט פאַרשטאַנען, ווער און וואָס „המן הרשע" איז געווען...

תשעה באב האָט די פעלשטינער פרוי געזאָגט „קינות" ביי זיך אין שטוב. האָט זי אַליין ניט געקענט אין דער „תחינה", זיי־נען שוין געווען ווייבער וואָס האָבען געקענט, נאָך ווי געקענט... די פרוי האָט ניט נאָר געוויינט אויף חנה'ן מיט אירע זיבען זין, וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרען „על קידוש השם", זי האָט נע־באָך געוויינט און געקלאָגט אויף איר אייגענעם פינסטערען מזל...

ניין, די פעלשטינער פרוי איז ניט געלאָפען אין שוהל אַריין ווי דער פעלשטינער מאַנסביל, פשוט דערפאַר, ווייל דער יאָך וואָס זי האָט געטראָגען אויף אירע שוואַכע פּלייצעס, האָט איר געהאַל־טען צוגעבונדען, צוגעקאָוועט צו דער שטוב און צו אירע קינדער...

און פון „וואוילטאָג" איז שוין אָפּגערעדט: די פעלשטינער פרוי האָט אפילו ניט באַגריפען די באַדייטונג פונ'ם וואָרט „וואוילטאָג"...

יונה בוים

# א פּעלשטינער קינד



פייגעלע אברהם לייב׳ס, איינע פון די פּעלשטינער פּרוי־ען, איז געווען אַ בת־יחידה ביי איר טאַטע־מאַמע. זי איז געווען אַ יונגע מוטער פון צוויי פּיצלאַך קינדער.

אין די יאָרען ווען דאָס עלטסטע קינד, איר דנ׳על, איז נאָך ניט געשטעמפּעלט געוואָרען מיט זיין צונאָמען „תקיף", ווען די מוטער האָט אים טאָקע נאָך ניט געקענט אָפּלאָזען פון אויג, ווען דער פאָטער האָט אויף אָן אמת׳ן דערפילט, ווי עס וואָלט אַרויפגעפאַלען אויף אים די גאַנצע וועלט — אין יענער צייט שוין, האָבען טאַטע־מאַמע ניט געזען קיין שטראַל פון האָפנונג פאַר זייער קינד. די איינציגע טרייסט, וואָס זיי האָבען געפונען, איז געווען די טרייסט פון גאָט׳ס ניסים. אויף „אים" מיט זיינע ניסים האָט מען זיך גע־מוזט פאַרלאָזען. קיין אַנדער ברירה איז ניט געווען...

מיט יעדען יאָר, וואָס עלטער דאָס קינד איז געוואָרען, אַלץ גרעסער זיינען געוואָרען זייערע יסורים. אַלע רייד וועגען קינד׳ס צוקונפט האָבען זיך אַלע מאָל געענדיגט מיט שווערע און פאַרצווייפעלטע זיפצען. ווי דאָס האַרץ וואָלט זיי פאַראויס גע־זאָגט אויף אַ טרויעריגען סוף...

וואָס האָט זיך דעמאָלט, אין יענע יאָרען, אַרומגעטראָגען אין דער פּעלשטינער לופט, וואָס האָט אַזוי שווער געדריקט די הער־צער פון טאַטע־מאַמע?...

אַ פרעהליכע מינע האָט מען ניט געקענט אָנזען אויף זייערע פּנים׳ער. געזונטער, פולהאַרציגער געלעכטער איז געווען אַ זעל־טענהייט. פּעלשטין איז געווען איינגעהילט אין טרויער...

טאָג איין טאָג אויס איז מען געווען פאַרנומען מיט׳ן צונויפ־שטעלען די קלאָגעדיגע פּרנסה. אפילו דעם גוטען ליבען שבת־

קודש האָט מען מיט קרעכצען פאַרדאַווענט, מיט טרויעריגע „זמירות" פאַרזונגען.

שבת-נאַכט, נאָך דער הבדלה, ווען אַלץ איז ווידער געוואָרען פּראָסט און וואָכעדיג, האָבען טאַטע-מאַמע אויף אַן אמת'ן דערפילט, אַז פון די סעודות-שבת, וואָס זיינען זיי אָנגעקומען מיט פיל גרימעניש, האָבען זיי גאָר ווייניג וואָס הנאה געהאַט...

דער זונטאָגדיגער טאָג האָט צוריקגעבראַכט די אומדערטרעגליכע זאָרגען, אויפגעריסען די אַלטע וואונדען, געבראַכט נייע יסורים, פיל פאַרגרעסערט די אייביגע צרות און אַ סך שווערער געמאַכט זיי צו דערטראָגען...

## קאָמערינע ביי יענעם

ווען צו די טאָג-טעגליכע זאָרגען האָט מען נאָך געמוזט וואוינען אין „קאָמערינע" ביי יענעם, דעמאָלט איז גאָר געווען — אָך און וועה!...

אין אַזאַ לאַגע האָבען זיך געפונען דנ'ס טאַטע-מאַמע באַלד נאָך זייער חתונה.

קיין אייגענע שטוב האָבען זיי נים פאַרמאָגט. נים עס איז געווען פאַר וואָס צו קויפען אַ שטוב, נים עס איז געווען ביי וועמען צו קויפען אַ שטוב. נים עס איז געווען פאַר וואָס צו בויען, נים עס איז געווען וואו צו בויען אַ נייע דירה — כאָטש בוי אַ געצעלט אין דער לופטען, אָדער פאַרנעם זיך פון פעלשטין...

פעלשטינער האָט מען דאָך אָבער געמוזט פאַרבלייבען, ווען ביידע צדדים זיינען געבוירען און אויסגעוואַקסען דאָרט — דאָס האָט געמוזט דינען אַלס אַ כלל — ווייל אַזוי האָט תמיד פּאַסירט. דארום טאַקע האָבען פעלשטינער, אין יענע יאָרען, זעלטען ווען געטאָן אַ שידוך צווישען זיך.

עס איז אויך זעהר מעגליך, אַז פעלשטינער האָבען זיך נים משדך געווען צווישען זיך דערפאַר, ווייל פעלשטינער טעכטער האָבען נים פאַרמאָגט קיין „נדן" און פעלשטינער בחורים האָבען זיך דוקא זעהר געניטיגט אין „נדן"...

עס זיינען אפילו געווען נאָך טעמים, פאַרוואָס פעלשטינער האָבען זעלטען ווען אויסגעפירט שידוכים צווישען זיך: ס'האָט געהייסען, אַז איינער שטעהט דעם צווייטען נים אָן. פאַרוואָס?... וואָס איז?... משפחות האָבען געפירט מחלוקת צווישען

זיך. ניט געקענט זיך איינטיילען מיט'ן פריצ'עס הויף... געפירט קריג איינס מיט ס'אנדערע איבער'ן רב. (איין רב איז געווען ווייניג אין שטעטל, האט מען באדארפט ארויפזעצען א צווייטען אויפ'ן כסא-הרבנות. טאמער האט איינער זיך מפרנס געווען בצמצום האבען צוויי באדארפט לעבען אין גרויס דחקות). מען האט געשפילט נצחון איבער עפעס א ירושה-שטאט אין בית-מדרש, איבער א דעה אין באד, איבער א קונה וואס איין קרעמער האט ארויסגעריסען ביי א צווייטען; אדער ווייסיך, גאר איבער א „פאמויניצע" וואס איז אויסגעגאסען געווארען ניט פינקטליך פאר דער אייגענער טיר א. אז. וו.

ווי עס זאל ניט געווען זיין, אויף דנ'ם עלטערען איז געפאלען דער גורל צו פארבלייבען פעלשטינער. דאס אליין איז געווען גענוג ארויפצואווארפען א מורא אויף זיי. דען פאר א יונג פאר פאלק צו פארבלייבען פעלשטינער איז ווירקליך געווען א געפאר. ווען מען איז שוין אבער פארבליבען פעלשטינער, האט עס געמיינט פשוט: ווי גאט וועט פירען, אזוי וועט זיין...

נאך דער חתונה האט מען גענומען אן אלקערעל ביי א שכן — וואס האט ניט ווילענדיג געמוזט אפטרעטען א ווינקעל פון זיין ענגער שטוב, ווייל די נויט האט אים געצוואונגען. דער "זרוב" האט געזונקען נידעריגער פון יאר צו יאר. דעם דאך האט מען גע- מוזט פאררעכטען, באנייען מיט פרישע שטרוי. האט זיך דער שכן געראדעוועט אין די עטליכע קערבלאך, וואס ער וועט בא- קומען פון „קאמעניק".

איז אבער געקומען א צייט, ווען מען האט געמוזט אנהויבען טראכטען וועגען א גרעסערען אלקער, ווייל דנ'עלע איז שוין ניט געווען דער איינציגער. דאס וואוינען אין דער פרעמד, ביי יענעם איינגעבעטען, יענער זאל זיך ווארפען מיט אירע פיצלאך קינדער, האט דער יונגער מוטער געעקט דאס לעבען... זי האט זיך פאר- שאלטען די יארען. זי האט באוויינט און באקלאגט איר פינסטער מזל און ניט איינמאל האט זי איר ביטער הארץ אויסגעלאזט צום מאן און צו אירע פיצלאך קינדער...

דער מאן, הגם א שטרענגער, האט איר אפילו ניט אפגעענט- פערט. נאר ווען מען איז געבליבען אליין, און פרעמדע מענשען האבען ניט געקענט אנשטעלען זייערע אויערען, האט די יונגע מא- מע געוויינט אין דער שטיל און מיט'ן פארטוך געווישט אירע פארוויינטע אויגען. דער מאן האט איר געטרייסט: אזוי איז אנגע- צייכענט פונ'ם אויבערשטען און עס וועט גארניט העלפען שטעלען זיך געגען זיין ווילען...

זי האָט געקוקט איר מאַן אין מויל אריין און אַזוי האָט מען ווייטער געלעבט און געמוטשעט זיך אין ענגעניש און אין שטי־קעניש.

דער יונגער מוטער מיט אירע פּיצלאַך קינדער האָט אָבער פאַרט געפעלט אַ מקום מנוחה, און זי האָט ניט גערוט. עס איז איר איין מאָל אַזוי דערגאַנגען צום הארצען, אַז זי איז אַוועק צו אירע עלטערען און וואָס איר האָט זיך אָנגעקליבען אויפ׳ן הארצען, האָט זי צו זיי אויסגעלאָזט...

זי האָט געמאַכט אַזאַ געוואַלד, געשריגען מיט אַזעלכע קולות, אַז פאַרבייגעהענדיגע שכנים האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביי די פענס־טער.

„האָסט מיך ארויסגע׳פּטר׳ט אַן נדן", האָט זי גע׳טענה׳ט און געפאָדערט פון איר טאַטען ניט אַנדערש, נאָר אַז ער זאָל דאָס פערדל — וואָס די גאַנצע פּרנסה הענגט־אָפּ פון דעם — משלח־זיין פון „הויז" און פאַר דעם ארומצאַמען אַ פּלאַץ הינטער דער שטוב. און דעם פערד׳ס שטאַל, האָט זי געזאָגט, וואָס איז שוין אַמאָל געווען אַ וואוינונג־צימער — אַ סימן אַז צוויי פענסטער, פאַר־קלאַפּטע מיט ברעטלאַך, געפינען זיך אין דעם — וועט זי אויסריי־ניגען, אליין אויסטינקעווען, אליין אויסקאַלעכען, און דאָרט מאַכען אַ שטיקעל היים פאַר זיך מיט אירע קינדער... אויב עס וועט אַזוי ניט געטאָן ווערען, האָט זי געסטראַשעט, טראָגט זי זיך אריין האַק־און־פּאַק מיט די קינדער גלייך צום טאַטען אין שטוב אריין און זאָל מען איר ארויסוואַרפען!...

ווי לאַנג קענען טאַטע־מאַמע שפּילען נצחון? אַז עס איז שוין געקומען אַזוי ווייט, וואָס טוט ניט אַן אַלטער טאַטע מיט אַן אַלטער מאַמען פאַר אַן איין און איינציגער טאָכטער?...

דער אַלטער טאַטע האָט גענומען אויפזוכען, אויפ׳ן בוידעם, דרענגלאַך, דורכגעפוילטע ברעטלאַך. ער האָט אָפּגעקויפט פאַר עטליכע גראָשען אַן אַלטען טויער. ער האָט אליין געגראָבען, אליין געקלאַפּט און אויפגעבויט הינטער׳ן שטוב אַ „שטאַלכעל — אַ מין סוכה — פאַר דעם פערדעל פונקט ווי די טאָכטער, די בת־יחידה, האָט געפּלאַנט.

און ווי אַ איד פאַרפעלט ניט דאַוונען יעדען טאָג, אַזוי האָט דער אַלטער טאַטע ניט פאַרפעלט — אַ פּאָר מאָל דורך דער נאַכט — געהן געוואויר ווערען, צי דאָס פערדעל נעכטיגט נאָך אין „שטאַלכעל"... ער האָט זיך געשראָקען פאַר דעם פערדעל, מיט

וועלכען ער פלעגט פאַרען אין דאָרף אַריין צו זוכען זיין חיונה, ווי אַ מענש שרעקט זיך פאַר׳ן טויט: גנב׳עט מען חו״ש צו ביי אים דאָס פערדעל, קומט אים אויס נאָר צו געהן אין די „הייזער" אויף דער עלטער!...

## דאָס איבערפירען זיך אין דער נייער דירה

אַ פּאָר וואָכען נאָך פּסח, ווען דער פרילינג רייסט זיך אין שטאָט אַריין, ווי ער וואָלט וועלען פאַרגרינגערען דאָס לעבען פון די פעלשטינער „אביונים", האָט די יונגע מאַמע מיט׳ן אַלטען טאַטען און מיט דער הילף פון אַ פּויערטע, וועלכע מען האָט צוגעדונגען אויפ׳ן טאָג, זיך גענומען רייניגען דעם פערד׳ס שטאַל.

אויסגערייניגט, אויסגעגראָבען די ערד אַ „ריסקעל" טיפער, אויסגעטינקעוועט די ווענט, אויסגעקאַלכט זיי, האָט מען זיך גענומען איבערפירען — ס׳הייסט, אַריינציען זיך אין דער נייער „דירה"...

די יונגע מאַמע האָט פאַרנומען די גרינגערע שטוב־זאַכען, דער יונגער פאָטער — אַ הויכער, אַ שלאַנקער מיט אַ פּוכיג־שוואַרץ בערדעל, מיט גרויסע שוואַרצע אויגען, וואָס האָבען ווייט געזען — ער האָט געטאַסקעט אויף די פּלייצעס די שווערע חפצים פון שטוב: די באַנק, דעם טיש, דאָס געפלאָכטענע וויגעל, וואָס פלעגט הענגען פון באַלקען אויף שטריק. דאָס בעט — אין טיילען צענעמען — געזוויגעט טייל נאָך טייל. די סאָפע — אַ לאַנגער קאַסטען, געבעט מיט שטרוי, וואָס האָט געדינט, אי פאַר דעם מאַנס־ביל׳ס געלעגער, אי פאַר אַ מקום, וואו אַוועקצולייגען דאָס ביסעל אָרימקייט פונ׳ם הויזגעזינד: דאָס גרעט, די שבת׳דיגע מלבושים, די חתונה „סוקנע", דעם מאַנ׳ס קיטעל און זיין ראָזעוואָלקע.

די סאָפע טראָגט ער אויף די פּלייצעס, אַרומגענומען מיט אַ שטריק. זי איז לענגער פון טרעגער, מען קען אים קוים אַרויס־זען פון הינטער איר. ער וויגט זיך מיט איר ווי אַ בוים אין אַ שטורעם... אָט, אָט, און די סאָפע דעקט אים צו...

אַ פּאָר היימישע ערלים, אויף זייער וועג אין מאַרק אַריין, טרעפען אים אַזוי אָן. מיט שפּאָט און געלעכטער שיסען זיי אַרויס: „פּאַל ניט מאַרדקאַ... פּאַלסטו, וועט די סאָפע זיין דיין „טרונע"... פּאַל ניט"...

מרדכי־לייב „דער הויכער״ פאַרקרעמפּעוועט דעם שטריק פּעם־טער, שטאַרקער ארום דעם האַלז, און קריכט ווייטער מיט דער „סאַפּע״ אויף אַלע פיר...

דער שוויים טריפט פון אים און פאַלט אויף דער טרוקענער ערד. אין האַרצען בעט ער דעם רבונו של עולם: צו פּרואוון די ערלים מיט דעם טעם פון איבערפּירען זיך, וועלען זיי וויסען ווי זיס עס איז...

די סאַפּע הויבט זיך באַרג אַרויף העכער און העכער, רוקט זיך באַרג אַראָפּ נידעריגער און נידעריגער. מרדכי לייב פילט ווי די כוחות לאָזען זיך אים אויס...

— דאַנקען דעם וואָס לעבט אייביג, פאַרטראַגען די סאַפּע!...

דנ׳עלען האָט מען אויך עפּעס געמוזט געבען צו טראָגען. אַן אָנגעפילט טאָרבעלע אָדער אַזוי עפּעס אַ קלומעקעל, אַ־ניט, וואָלט זיך געטאָן חושך. ער האָט ניט אַנדערש נאָר געוואָלט זיך באַשעפטיגען. זיין אין מיטען טאַראַראַם. אַי, פּלאָנטערסט זיך פאַר די פיס. ניין! ער וויל העלפען...

דאָס טאָרבעלע האָט זיך געהאַלטען אין איין אַרונטערגליטשען פון זיין שמאָלינקען אַקסעלע, ער האָט דאָס אַלע מאָל אונטערגע־העצקעט עס זאָל ניט אַראָפּפאַלען פון אַקסעלע און די צוויי עקען פון סטאָן, וועלכע האָבען אַרויסגעשטעקט פון די מאַטקעס, פון פאָרענט און פון הינטען, האָבען זיך ביי יעדען אונטערהעצקען אַ טרייסעל געטאָן.

די יונגע מאַמע, געהענדיג מיט אים, האָט אונטערגעשמיי־כעלט. זי האָט זיך פונדעסטוועגען געבעטען ביי אים: „זונעלע! ס׳איז שווער פאַר דיר! גיב אַהער, די מאַמע וועט טראָגען פאַר דיר״. ער האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט איין מאָל, ניין! און בשום אופן ניט געוואָלט איבערגיבען דער מאַמען דאָס טאָרבעלע. כאָטש געשוויצט האָט ער ווי אַ ביבער. די מאַמע האָט געקליבען נחת פון איר זון...

די גרעסטע שוועריגקייט האָט דער יונגינקער דן געהאַט, שלעפּענדיג די קאָטשערע מיט דער לאָפּעטע. די קאָטשערע — ווי אויף־צו־להכעיס — האָט זיך ניט אויפגעהערט פאַרטשעפּען און אָנשלאָגען אין עפּעס, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויף דער פעלשטינער ערד: דאָ אין אַ שטיין, דאָ אין אַ צעבראָכענער פלאַש, (פון וואָס קינדער האָבען זיך ניט איינמאָל פאַרשטאָכען די פיס), אין אַ צעפוילטען שטיוועל, אין אַ בערגעל ערד וואָס האָט אויס־

געזען ווי אַ גוליע אויף אַ קערפּער. פיל מאָל האָט די קאַטשערע אים אַ ריס געטאָן אויף צוריק. ביי יעדען מאָל וואָס די קאַטשערע האָט זיך פאַרטשעפּעט אין עפּעס, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, צוריק געלאָפען, אָפּגעוואָרפען וואָס ס'איז אים געלעגען אין וועג און ווידער גענומען שלעפּען די קאַטשערע מיט דער לאָפּעטע.

די מוטער האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבען פאַרלירען דאָס געדולד מיט אים.

ביי אַ גוליע ערד, וואָס האָט פאַרטשעפּעט די קאַטשערע און אים אַ ריס געטאָן אויף צוריק, האָט דן דערזען עפּעס אַ חידוש — עפּעס אַזוי ווי שטריקלאַך וואָלטען שפּראָצען פון דער ערד — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, געמאַכט אַן ערנסטע אונטערזוכונג, גרינטלאַך חוקר ודורש געווען און אַזוי פאַרפלענדיג די ערד גע־נומען אַרויסציען אַ פלאַכטע אויפרייסענדיג די גוליע ערד.

די מוטער האָט דערזען ווי ער שלעפּט עפּעס אַ צעפּוילטען זאַק פון דער ערד אַרויס, איז זי געוואָרען אין כעס, אָנגעשריען אויף אים ער זאָל צו־רו לאָזען. זי האָט צוגענומען ביי אים די קאַ־טשערע און געלאָזט אים פון הינטען...

דן איז ניט געפאַלען געוואָרען ביי זיך — איז אָהן דער קאַ־טשערע — מיט דער לאָפּעטע אַליין האָט ער זיך שוין געקענט בעסער ספּראַווען. ער האָט זיך געזעצט רייטענדיג אויף איר, אונ־טערגעהאַפּקעט גאַלאָפּ, פאָכענדיג רעכטס און לינקס מיט'ן שטריק וואָס ער האָט אַרויסגעצויגען פון דער ערד צוזאַמען מיט דעם צע־פּוילטען זאַק. אַזוי דורכטאַנצענדיג אַ „אוליצע", האָט ער זיך געטאָן אַ קערעווע אויס אויף צו גיך, און זיין „פערד" האָט אים אַזוי אַרונטער־געהעצקעט מיט'ן קאָפּ צום וואַנט, אַז עס האָט אָפּגעהילכט ווי אַ קלאַפּ אין אַ פויק. דער מוטער, וואָס איז דעם גאַנצען וועג געווען מיט אַ פּאָר שפּאַן ווייטער פאָראויס פון אים, איז איינגעפאַלען דאָס הארץ...

וואָס זי האָט זיך ביי אים ניט צעבעטען, מיט וואָס זי האָט אים ניט אָנגעסטראַשעט, עס האָט ניט געהאָלפען. ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט אָפּלאָזען די לאָפּעטע...

אַ שכנ'טע האָט צוגעזען ווי די יונגע מאַמע ראַנגעלט זיך מיט איר קינד איבער דער לאָפּעטע, האָט זי פאַר דער יונגער מו־טער מגלה געווען: אַז דאָס וואַקסט אַ „תקיף"!... און אַזוי איז דאָס פאַרבליבען: דן האָט באַקומען דעם צונאַמען „תקיף"...

רייטענדיג אויף דער לאָפּעטע און האָפּקענדיג גאַלאָפּ, האָט דן איינגעזען, אַז עס איז טאַקע עפּעס אַ געפאַר, האָט ער אויפגעהויבען די לאָפּעטע אין דער הויך, אָנגעלעהנט איר אויפ׳ן אַקסעל ווי די גוים טראָגען זייערע פענדלאַך און צלמים ווען זיי פירען אַ טויטען אויפ׳ן „צווינטער", און געגומען געהן טראָט נאָך טראָט און טאַקע נאָכגעפּרעפּעלט אויך. פילע מאָל האָט די לאָפּעטע שיעור אים ניט אַריבערגעוואויגען אויף צוריק. ער האָט זיך שטאַרק געראַנגעלט מיט דער לאָפּעטע און דאָך ניט אונטערגעגעבען זיך...

ביז דן איז פאַרגאַנגען מיט דער לאָפּעטע צו דער נייער היים, האָט די יונגע מאַמע, ניט איינמאָל זיך געמוזט אָפּשטעלען און אים רופען: „תקיף מיינער, קום שוין גיכער אַביסעל!... תקיף מיינער! וואָס האָסטו שוין דאַרטען דערזען?... קום שוין גיכער אַביסעל, תקיף מיינער"!... און אַזוי האָט דן באַקומען זיין צונאָמען „דן תקיף".

און כאָטש דן איז געוואָרען אַ תקיף ביי דער מאַמען, האָט די מאַמע פונדעסטוועגען איבערגעלאָזט אים מיט דער באָבען, ביז אַלע איבעריגע חפצים פון שטוב זיינען איבערגעפירט געוואָרען.

דאָס לעצטע פון שטוב, דאָס בעטגעוואַנט, האָט מרדכי לייב געבראַכט אין אַ ליילאַך איינגעבונדען אין אַ גרויסען פּאַק.

ביי דער טיר שטעלט אים אָפּ די יונגע מוטער און לאָזט אים, מיט דעם גרויסען פּאַק אויף די פּלייצעס ניט אַריין אין דער נייער שטוב.

„ניין!... ניין!... דו וועסט מיר אָפּווישען דעם גאַנצען קאַלך פון די ווענט", שרייט זי פון דער נייער שטוב, אַרויסלויפענדיג אים אַנטקעגען. זי העלפט אים אין דרויסען פאַר דער טיר אַרונטערלאָזען דעם פּאַק בעטגעוואַנט פון די פּלייצעס.

זי נעמט דאָס בעטגעוואַנט פאַנאַנדער און צעשפּרייט עס פאַר דער טיר פון שטוב קעגען דער וואַרימער פרילינג-זון. דנ׳עלען זעצט זי אַוועק מיט אַ שטעקען אין האַנט לעבען בעטגעוואַנט, ער זאָל אָפּהיטען, אַז הינט און חזרים זאָלען דאָס ניט באַטרעטען און ניט באַשמוצען.

דן מיט׳ן שטעקען אין האַנט פרעגעלט זיך פון נחת און אויך אין דער וואַרימער זון, פינטעלט מיט זיינע שוואַרצע אויגעלאַך, וועלכע די זון לאָזט אים ניט האַלטען ברייט אָפען.

אַ ציג האָט ער שוין אַוועקגעטריבען. אַ חזיר האָט שוין באַקומען פון אים אַ בוכצע אין זייט מיט׳ן שטעקען. אַ שוואַרצער

הונט האָט — ווייזט אויס — פאַר זיין שטעקען דרך ארץ געהאַט און אפילו ניט צוגעשמעקט צום בעטגעוואַנט.

דער חזנ'טעס האָן אָבער האָט דן ניט געקענט איינהיטען... דער האָן איז ווי פון דער ערד אַרויסגעוואַקסען און באַפלעקט דאָס ווייסע איבערבעט מיט „שינ'ען". ער ווייסט, אַז דאָס זיינען „שינ-ען", ווייל דער טאַטע האָט אים שוין געוויזען אין סידור ווי אַזוי עס זעט אויס אַן אלף, אַ בית, אַ גימל און אויך אַ שין. ער איז אויסער זיך פאַר כעס אויף דעם האָן. ער פאַכעט מיט'ן שטעקען, וואַרפט שטיינדלאַך אויף דעם האָן און בלאַבעלט עפּעס אויף טערקיש-לשון, כאָטש דער האָן איז שוין פאַרשוואונדען וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט.

די מאַמע דערזעט דאָס, נעמט זי מאַכען געוואַלדען, טוט דנ'ען אַ נהרג אויפ'ן בעטגעוואַנט. זאָגט ער, אַז דער האָן איז שולדיג און ניט ער. זאָגט זי אים צום טויזענטען מאָל, אַז ער טויג צו גאָרניט, אַז זי קען זיך מיט גאָרניט פאַרלאָזען אויף אים, אַז ער איז טאַקע נאָר אַ שד!... זאָגט ער, אַז ער טויג יאָ! אַז זי קען זיך יאָ פאַרלאָזען אויף אים און עס בלייבט ווי ער זאָגט. אַ תקיף ביי דער מאַמען... — אַך! ווען דער האָן קומט צו נאָכאַמאָל! ער וואָלט שוין אָפּ-געלייזט פון אים, ער וואָלט זיך שוין נוקם געווען אין אים...

## דנ'ס ערשטער חדר

נאָך די גוי'אישע חגאות פאַרשווינדט דער האַנדעל און וואַנ-דעל, כמעט אין גאַנצען פון שטעטעל. פאָטער און מוטער וואַנ-דערען אַרום איבער'ן מאַרק, דערזעט מען אָנקומען אַ פור, ווי מען וואָלט משיח'ן דערזען. מען באַפאַלט דעם פויער, מען טאַפּט אין וואָגען, לאָזט זיך מיט גאָרניט אויס, בלייבט מען ווי אָפּגעשמיסען. דער פויער — אַמאָל קייכט ער פון געלעכטער. ווייזט אויס די אידען פון מאַרק זעען דעמאָלט אויס זעהר קאָמיש אין זיינע אויגען, און אַמאָל דערלאַנגט ער מיט דער פּוזשאַלע (רוט) איבער די פינ-גער, גלייך ווי די אידען וואָלטען וועלען אַוועקרויבען אַלץ וואָס עס געפינט זיך ביים אים אין וואָגען. מען קוקט זיך איבער, פאַר-שעמטע פאַר זיך אַליין... וואָס קען מען אָבער טאָן? פרנסה! קינדער מאָנען ברויט!...

אין אָווענט, ווען די קינדער שלאָפען שוין, ווען אין שטוב איז שטיל, ווען מאַן-און-ווייב, מידע פון לאַנגען און שווערען טאָג, קומען

זיך צוזאַמען, רעדט מען וועגן זאַכען, וועלכע קענען ניט און וועלען ניט אויסגעמידען ווערען.

דאָס קינד איז שוין אַריבער דריי יאָר, פאַר דעם קינד איז שוין צייט צו געהן אין חדר אַריין. די מוטער איז זעהר נייגעריג שוין צו זען איר קינד געהן אין חדר אַריין.

דער פאָטער איז נאָך מער נייגעריג ווי די מוטער, אָבער ער לייגט אַלץ אָפּ אַריינצוגעבען דאָס קינד אין חדר אַריין. ער לייגט אַלץ אָפּ, פון היינט אויף מאָרגען, פון מאָרגען אויף איבעראַכטאָג.

פאַר דער מוטער איז איר מאַנ׳ס באַציהונג צום קינד׳ס געהן אין חדר אַריין אַ רעטעניש. — אַזאַ פרומער ווי איר מרדכי לייב איז, און דאָך — זי הויבט ניט אָן פאַרשטעהן. „וואָס וועט זיין דער תכלית״? נעמט די מוטער אויסרעדען איר מאַן. „שוין ניט צייט, וואָס? דאָס קינד איז שוין היבש און פאַרשטענדיג, אָהן אַן עין הרע. ס׳וועט דען אויספעלען? ווי ווייט מען וועט קענען, וועט מען אָפּרייסען און צאָלען שכר-לימוד פאַר׳ן קינד״.

דער מאַן גיט צו גערעכט דעם ווייב. ער האַלט אָבער עפּעס צוריק פון איר, רעדט מיט אַ האַלב מויל, ווי ער וואָלט איר עפּעס ניט געקענט מגלה זיין. ער זאָגט איר אָבער צו, אַז ער וועט זיך איה״ש אין גיכען זען מיט׳ן מלמד.

דעם פאָטער האָט געפייניגט דער געדאַנק, אַז זיין קינד וועט מוזען דורכגעהן אין חדר די זעלבע שטופען, וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט אין זיין יוגענט און צום סוף בלייבען ביי דעם, וואו ער האָט אָנגעפאַנגען.

פאַר זיינע אויגען זיינען געשטאַנען אַלע זיינע חדרים און מלמדים, ביי וועמען ער האָט געלערענט, און ער האָט זיך ניט באַדאַרפט משער זיין, וואָס מען קען דערוואַרטען פון אַזעלכע חדרים און מלמדים.

אים האָט זיך נאָך איינגעגעבען, אַליין צו דערגעהן עטוואָס אין די קליינינקע אותיות, ווייל אין זיין צייט פלעגט מען נאָך זיצען אין בית-מדרש און אַליין לערנען. וועמען עס האָט זיך איינגעגעבען און וועמען ניט. היינט אָבער ווערען וואָס אַמאָל ווייניגער און ווייניגער בית-מדרש׳ניקעס. דאָס בית-מדרש ווערט וואָס אַמאָל ליידיגער און ליידיגער, ווייל מען האָט אָנגעהויבען צווייפלען דערין, ווייל דאָס בית-מדרש האָט ניט דערפירט צו קיין „תכלית״.

אים האָט אויפגעשווידערט צוצוזען דעם צושטאַנד פון „פעל-שטינער חדר״: וואוהין קען אַזאַ „חדר״ דערפירען, ווען מיט דעם

חדר ענדיגט זיך דאָס לערנען? פלעגט ער פרעגען אין רעדעל די פעלשטינער אידען...

ער האָט אין זיין יוגענט אליין געקנעלט מיט קינדער אין אַ דאָרף ביי אַן „ארענדאַר" און ער האָט געפילט און פארשטאַנען וואָס פאַר אַ מלמד זיין קינד וואָלט באדאַרפט האָבען. נאָר געה בויג דעם הימעל צו דער ערד...

אין אַ שעהנעם פרימאָרגען האָט מרדכי לייב דער הויכער גע־נומען זיין „בכור", איינגעוויקעלט אים אין טלית, גענומען דאָס קינד אויף די הענט און געלאָזט זיך מיט אים אין חדר אריין...

די מוטער איז געבליבען שטעהן אין דרויסען פאַר דער טיר, נאָכגעקוקט דעם מאַן מיט'ן קינד אויף די הענט, ווי ער טראָגט אים צום ערשטען מאָל אין חדר אריין. פאַר פרייד האָבען טרערען אַ שטראָם געטאָן פון אירע אויגען...

מרדכי לייב מיט'ן קינד אויף די הענט האָט געשפאַנט, ווי זיין מי און טרחה, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר הייליג, וואָלט געווען אינגאַנצען איבעריג...

## משה־שטעמפעל (דער מלמד)

ביים אריינקומען צום מלמד אין שטוב — דורך דער קיך — האָט די רבי'צין, די „שטעמפליכע", אַ הויכע מאָגערע אידענע, מיט אויסגעבראָכענע פאָדערשטע ציין, אויפגענומען מרדכי־לייב'ן מיט איר געוויינטליכען גוטמוטיגען שמייכעל.

— וואָס פאַר אַ היבש קדיש'ל דו האָסט שוין, מרדכי־לייב!...

— מאַכט זי, אָפמעסטענדיג דאָס קינד פון קאָפּ ביז די פיס. — ער זאָל, מיט גאָט'ס הילף, אויסוואַקסען אַ גרויסער, גוטער און פרומער איד!... — ווינטשעוועט די רבי'צין און טרייסעלט דעם קינד'ס גוידערל.

— איה"ש, מיט גאָט'ס הילף! — כאַפּט מרדכי לייב אונטער די ווערטער מיט ציטערענדיגע ליפּען. אַ מאָדנער געפיל האָט אים אַרומגעכאַפּט ביים מלמד אין שטוב.

פון קיך האָט ער גלייך אריינגעשפאַנט אין דער צווייטער „אָפּטיילונג", וואו ער האָט געטראָפען „משה שטעמפעל", דעם דרדקי־מלמד, קנעלען מיט איינעם פון זיינע תלמידים.

אין דעם חדר, וואָס נאָך דער קיך, וואו דער רבי האָט געקנעלט,

האָט געוואוינט רבי משה׳ס היבשע פאַמיליע, דאָרטען געגעסען, דאָרטען געשלאָפען... און געלאָזט נאָך אַ חלק פאַר די תלמידים.

דער רבי, ר׳ משה, אַביסעל צערודערט איבער דעם גאַסט, האָט מרדכי לייב׳ן אויפגענומען בכבוד און מיט גרויס דרך־ארץ.

מרדכי לייב איז געווען אַן אָנגעזעענער יונגערמאַן אין שטעטעל, געווען פאַרעכענט פאַר איינעם וואָס איז אַ בקי אין די קליינע אותיות. דער מלמד איז געווען זיכער, אַז מרדכי לייב — הגם אינגער פאַר אים מיט אַ העלפט יאָרען — קען אים פאַרשטעקען אין אַרבעל בנוגע לערנען. אַז עס קומט מרדכי לייב׳ן כבוד, דאָס האָט דער מלמד אין האַרצען צוגעגעבען. רבי משה׳ן האָט אָבער געאַרט אין לעבען וואָס מרדכי לייב איז אַזאַ גרינטליכער מבין אויף אים. און דערפאַר האָט ער זיך געפילט אַביסעל פאַרלוירען אין זיין גענוואָרט און פשוט געגאַרט וואָס גיכער פטור צו ווערען פון אים. ער האָט כלומרשט געלויבט דעם תלמיד, קנייפענדיג אים אין בעקעל. געפילט האָט ער אָבער ווי ער וואָלט זיך שפּילען מיט פייער, האָבענדיג מרדכי לייב׳ן פאַר אַ בעל־הבית. אָפּזאָגען מרדכי לייב׳ן און ניט אָננעמען זיין קינד, האָט אָבער געמיינט אויסגעבען זיך אַליין. מרדכי לייב וואָלט אויסגעטייטשט זיין תירוץ אויף אַזאַ אופן, אַז איין וואָרט פון אים אין בית־מדרש צווישען די בעלי־הבתים קען נאָך מאַכען אים פאַר אוים קאַפּעליוש ־מאַכער. און וואָס טוט ניט אַ איד צוליב דער מ׳שטיינס געזאָגט פרנסה?...

כאָטש רבי משה האָט מרדכי לייב׳ן אויפגענומען מיט ווייכע רייד און גרויס דרך ארץ, האָט מרדכי לייב דאָך זיך געפילט זעהר צעשרויפט. ער האָט דעם מלמד איבערגעגעבען זיין קינד אָהן צערעמאָניעס, אָבער מיט אַן ערנסטער בקשה: — למה״ש רבי! זעט, אַז דאָס קינד זאָל אַרויפגעפירט ווערען אויף אַ דרך. זעט צו מאַכען פונם קינד אַ שטיקעל כלי...

מרדכי לייב׳ס בקשה האָט דעם מלמד אַ שטאָך געטאָן ווי מיט אַ שפּיז. דאָך האָט זיך אַ ברייטער שמייכעל צעשפּרייט אויף זיין פנים: „אַלץ ווענדט זיך אין תלמיד, אַלץ ווענדט זיך אין תלמיד״, האָט רבי משה ערנסט געגעבען אים צו פאַרשטעהן. בכדי, טאָמער, ווי אַ זאַך מאַכט זיך, זאָל ער דערנאָך ניט האָבען קיין טענות צו אים.

— אַי, רבי משה! ווען אַלץ וואָלט אָפּהענגען אין תלמיד, וואָלט מען דאָך קיין מלמדים ניט באַדאַרפט, — האָט מרדכי לייב שמייכלענדיג און אין שפּאַס געגעבען אים צו פאַרשטעהן.

רבי משה האָט ווידעראַמאָל דערפילט דעם שטאָך, האָט אים אָבער אַלץ שמייכלענדיג אָפּגעענטפערט: — נו, יאָ... יאָ!...

מרדכי לייב האָט זיך ניט געוואָלט אַריינלאָזען אין ווייטערען ויכוח מיט רב משה'ן, האָט געזאָגט אַ „גוטען טאָג" און איבערגע־לאָזט דאָס קינד אין חדר.

זייענדיג אויף יענער זייט טיר האָט מרדכי לייב ערשט ריכ־טיג גענומען באַדויערען זיין קינד. — אַ גאָט'ס עברה! טראַכט ער צו זיך. קומט אָבער צום שלום: איז דען דאָ אַן אַנדער ברירה?...

---

משה מלמד'ס שטוב איז אַמאָל אָפּגעברענט געוואָרען. מער ווי דער „זרוב" איז פון דער שטוב ניט געבליבען. ניט גענוג וואָס עס איז ניט געווען פאַרוואָס צו מאַכען אַ נייעם דאַך, איז נאָך דער זרוב געבליבען שטעהן נאָך דער שרפה ווי אויף הינערשע פיסלאַך, אַז עס איז פשוט געווען אַ סכנה צו פאַרציען אַ שטרויענעם דאַך אויף דער חורבה.

האָט מען אַרום דעם זרוב געלייגט אַ נייע לענגערע און ברייטערע „פּאַדוואַלינע", אויפגעשטעלט עטליכע דעמבענע סלו־פּעס, אַן „אַסנאָוואַניע", פאַרצויגען קראָקוועס און באַנייט זיי מיט שטרוי. מיט דער האָפנונג איה"ש אַמאָל צו צעוואַרפען דעם זרוב און אונטער דעם נייעם דאַך אויפשטעלען אַ נייע און גראַמערע שטוב.

איידער מען האָט דערלעבט צו זען געלייגט די פּאַדוואַלינע און די אויפגעשטעלטע אַסנאָוואַניע איז געווען קריעת ים־סוף. האָט געגאָסען אַ רעגען, האָט די „שטעמפּליכע" געגאָסען מיט טרע־רען, ווי די טרערען וואָלטען איר געהאָלפען, אַז דער זרוב זאָל חלילה ניט צערינען און צעשווימען ווערען.

וואָס מען האָט פאַרמאָגט האָט מען פאַרזעצט, פאַר'משכונ'ט זיך ביז'ן העמד. ס'איז ניט געווען גענוג. האָבען בעלי־בתים רחמנות געהאַט און געמאַכט אַ נדבה פאַר אַן „אָרימאַן, פאַר אַ אידען אין אַ נויט". אידען, וועלכע האָבען זיך געקענט אַ קנייטש טאָן און באַ־צאָלען שכר־לימוד פאָראויס, האָבען דאָס געטאָן לשם מצוה, ביז מען האָט דערלעבט צו זען די פּאַדוואַלינע מיט אַ דאַך איבער איר, האָט מען געבידעוועט עד אין חקר...

מיט יאָרען שפּעטער האָט מען פאַרבויט איין זייט — דעם טייל, וואָס איז פאַרצויגען געוואָרען לענגער אין מעריב זייט פון זרוב. דער טייל פון דער נייער שטוב איז אויך ניט פאַרענדיגט

געוואָרען. „דאַנקען דעם וואָס לעבט אייביג, וואָס דער זרוב האָלט זיך נאָך אויף די פיס, ווען ניט, ווער ווייסט וואָס דער סוף וואָלט געווען", פלעגט די שטעמפּליכע ענדיגען איר מעשה פאַר די ווייבער, ווען זי פלעגט זיי דערצעהלען ווי אַזוי זי האָט זיך אָנגעבידעוועט מיט איר שטיקעל שטוב. אין דעם צוגעבויטען „פליגעל" האָבען זיך זומער געשפּילט די קינדער, די תלמידים.

די זון האָט אַהין קיינמאָל ניט אַריינגעשיינט. קיין סטעליע איז אין דער קאַמער נאָך אויך ניט געווען. די פּאָוטיניע האָט געהאַנגען איבער די קינדער'ס קעפּלאַך, דאָס טרוקענע ליים פון די וואָלקעס האָט זיך געקרישעט און געשאָטען פון די ווענט. די ערד איז געווען שוואַרץ, פייכט און גריבערדיג. די קינדערלאַך האָבען זיך געשטויבט אין דער ערד, ווי די הינער אין מיסט. יעדעס מאָל ווען דער רבי, ר' משה, איז פאַרטיג געוואָרען מיט אַ תלמיד, פלעגט ער אַריינגעהן אין דעם צווייטען „פליגעל" נעמען אַן אַנדער תלמיד צום לערנען. זעהר אָפט פלעגט ער אַריינוואַרפען אַהין אַן אָפּגעשמיסענעם תלמיד ווי אַ שוחט וואַרפט אַוועק אַ געקוילעטע און טיילווייז אָפּגעפליקטע הון. די קינדער האָבען מורא געהאַט פאַר אים אימת מות... נאָך אַזאַ סצענע פלעגען די קינדערלאַך בלייבען זיצען צעשראָקענע מיט פאַרשטיינערטע פנים'לאַך...

דן וואָס איז קיינמאָל ניט אָפּגעטראָטען פון דער מאַמע'ס פאַרטוך, האָט פלוצים דערזען פאַר זיך אַ מאָדנע וועלט, מיט וועלכער ער איז געווען זעהר אומצופרידען און וואָס זיין יונג קעפּעלע האָט בשום אופן ניט געקענט באַגרייפען.

דאָס חדר מיט די אומבאַקאַנטע קינדערלאַך, מיט זייער ליאַרם און געוויין, האָבען אים צעשראָקען אויף טויט. ער האָט זיך צעוויינט בעת דער פאָטער האָט אים איבערגעלאָזט אין חדר, און עס איז אים ניט געווען איינצושטילען. דער רבי'צין איז קוים געלונגען צו פאַרשפּילען אים און טאַקע נאָר אויף אַ ווײַלע.

זיצענדיג צוזאַמען מיט די איבעריגע קינדער אין דער פינסטערער קאַמער, האָט ער ניט אויפגעהערט צו וויינען. רבי משה איז דעם פרימאָרגען, איבער מרדכי־לייב'ס וויזיט, געווען צעשרויפט, און דאָס וואָס זיין תכשיט בלעקעט אַ גאַנצען אינדערפרי, האָט אים געמאַכט מלא רציחה. תלמידים האָבען דעם טאָג געלייזט שמיץ מער ווי אַלע טאָג פון אַ גאַנץ יאָר. זיין אייגענער „מיזיניק", וואָס האָט זיך דעם גאַנצען טאָג אַרומגעשלייכט אין סטאַן, האָט זיך עפּעס צופיל געפּלאָנטערט פאַר דער רבי'צינס פאַרטוך און

שטאַרק איר דערקוטשעט. האָט זי, ווי געוויינליך, אויסגעלאָזט איר האַרץ צום מאַן... האָט דער רבי אַ כאַפּ געטאָן זיין מיזיניק ביים העמדעל פון הינטען, אויפגעהויבען אים, ווי מען וואָלט אויפּגעהויבען אַ גאַנז ביי די פליגעל, מיט איין האַנט און מיט׳ן קאַנטשיק אַריינגע׳סילוק׳ט אים אומצעהליגע מאָל, אַריינשליידערענדיג אים אין קאַמער אַריין צווישען די איבעריגע קינדער, אַ צע׳ממית׳טען, מיט פאַרטויבענדע קולות.

דנ׳ם הערצעלע האָט זיך שיעור ניט אָפּגעריסען פאַר שרעק. זיין געוויין און דאָס געוויין פון רבי׳נס מיזיניק האָט געקענט די שטוב איינלייגען. די איבעריגע תלמידים האָבען זיך שטום פאַררוקט אין די ווינקלען פון קאַמער און געטוליעט זיך צו די ווענט פאַר שרעק. דער רבי משה האָט זיך איינגעהאַלטען מיט אַלע כוחות. וואָלט דן געווען אַן אַלטער תלמיד און אויך ניט מרדכי לייב׳ס תכשיט, וואָלט ער אים צעריסען אויף שטיקער. ער האָט אים נאָר דערלאַנגט אַ קליין טראַסקעלע אין בעקעלע אַריין, טאַקע מער ניט ווי אַ וויש, אָבער אַזוי אַז ער זאָל עס גוט דערפילען. דערמיט האָט ער זיך געקילט.

ער האָט ענדליך געהייסען דעם באַהעלפער — זיינס אַ דערוואַקסען אינגעל — אהיימטראָגען דנ׳ען צו אַלדי שוואַרצע יאָר!...

אַזוי איז אָפּגעגאַנגען דנ׳ס ערשטער טאָג אין חדר ביי רבי משה מלמד.

ווען ביי משה מלמד האָט זיך געטראָפען עפּעס אויסערגעוויינליכעס, האָט ער שוין דעם גאַנצען טאָג מער ניט געקענט קנעלען מיט זיינע תלמידים. זיין צעטראָגענער צושטאַנד האָט אים געטריבען פון שטוב. ער פלעגט זיך גאַרניט קענען געפינען קיין אָרט אין שטוב. אין אַזאַ צעטראָגענעם צושטאַנד פלעגט ער, יעדע ווייַלע, אַרויסכאַפּען זיך פון שטוב אין דרויסען אין הוילען טלית-קטן מיט דער יאַרמולקע אויפ׳ן קאָפּ, אַוועקגעזעצט זיך אויף דער פאַדוואַליע וואָס האָט אַלע יאָרען געדינט פאַר אַ פריזבע, געגענעצט, געטשוכעט, און געקראַצט זיך ווי פון שלאָף. אָנגעפילט די נאָז מיט אַ היבשען שמעק טאַבאַקע און איינגעאָטעמט אַביסעל פעלשטינער פרישע לופט.

ער איז געווען ברוגז אויף זיין אידענע, וואָס באַווינט אים די יאָר, ברוגז אויף זיינע קינדער, אויף די תלמידים, וועלכע ער האָט געהאַלטען פאַר אמת׳ע מזיקים. ער איז געווען ברוגז אויף דער גאַנצער וועלט. זיין שטוב וואָס האָט אים שוין אויסגעמאַרכעט-

וועט — נאָר רעפּרעווען און רעפּרעווען — זיינע תלמידים, צוזאַמען מיט די בעלי־בתים — אַלץ איז אים געווען נמאס.

ער האָט געלעכצט נאָך אַ רוהיגער מינוט. „ווי אַזוי אָבער רייסט מען זיך אַרויס פון אַזאַ טומעל?!״ פלעגט ער טראַכטען ווען עס האָט אים צוגעטראָטען צום האַרצען. ער האָט אָבער קיינמאָל ניט געקענט פאַרענטפערען זיין פראַגע. פאַר׳משפט, פאַרשאָל־טען פון גאָט, צו זיין אַ מלמד אין פעלשטין!...״ פלעגט ער מורמלען צו זיך. אַ קוק צו טאָן אויף זיין פנים בשעת ער האָט זיך געפונען אין אַזאַ צושטאַנד, האָט מען געקענט זען ווי זיין שטערען מיט די געדיכטע, אייזענגרויע ברעמען איבער זיינע טיפע אויגען הערען ניט אויף צו צוקען און צו ציטערען...

פון דנ׳ען איז ער אויסגעשטאַנען געברווינטע ליידען. ער האָט געהאַט מיט אים צו זינגען און צו זאָגען. דאָס קינד האָט זיך, בשום אופן, ניט געקענט צוגעוואוינען צו דער פייכטער, שוואַרצער ערד פון רבי משה׳ס פינסטערער קאַמער. ווי נאָר דער באַהעלפער האָט אים געבראַכט אין חדר אַריין, אַזוי האָט ער געמוזט באַלד צוריקטראָגען אים אַהיים. זיינע געוואַלדען האָבען געקענט אויערען לעכערען. און רבי משה פלעגט ניט אויפהערען טראַכטען: ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון דעם „זניק״... ער האָט אָבער קיינמאָל ניט געפונען קיין עצה. מחמת וואָס פאַר אַ שריט ער זאָל ניט געווען נעמען אויף פּטור צו ווערען פון דעם „זניק״, איז עס — נאָר, ווי אויף צו להכעיס — געווען פאַרבונדען מיט שאָדען. אַזוי, וויניגסטענס, האָט רבי משה געטראַכט און געהאַלטען זיך מיט דער צרה ביז השי״ת וועט אויף אים רחמנות האָבען, די פאָר זמן ווערען פאַראיבער.

איינמאָל, אין בית־מדרש, צווישען מנחה־ומעריב, האָט מרדכי לייב גענומען רבי משה׳ן אויפ׳ן פאַרהער... און אַזוי ווי רבי משה׳ן איז שוין געווען דאָס וואָסער איבער׳ן האַלז, האָט ער פאַר מרדכי לייב׳ן מגלה געווען גאָר אָן שום ספק: אַז ס׳איז נאָך אַזאַ הולטיי ווי זיין „זניק״ אויף דער גאַנצער וועלט ניט געבוירען געוואָרען! אַז ניט מיט גוטען און ניט מיט שלעכטען! כ׳נעם אים צום טיש, גלעט אים אין בעקעלע, בעט אים: דנ׳עלע! נו... נו, זאָג, דנ׳עלע, קמץ אלף אָ... נו זאָג שוין, דנ׳עלע, פתח אלף, אַ... און דנ׳עלע וויינט... ריטשעט... אַז ריקעס טרערען גיסען זיך פון די אויגען גאָר אָהן אַ סוף, גאָר אָהן אָן עק... מען קען דאָך, אפילו, ווען מען זאָל זיין אַ מלאך, פון די כלים אַרויס!..

ווען עס איז געקומען צו פאַרטיידיגען זיין זאַך, אָפּגעבען דין וחשבון זיינעם א בעל־הבית, האָט זיך ר׳ משה מלמד דערצו אויסגעטויגט ביז גאָר. דאָס מאָל, אויף מרדכי לייב׳ס פאַרהער, האָט ער איבערגעטראָפען זיך אליין. ער האָט אוועקגעלייגט פאַר מרדכי לייב׳ן זיינע „גערעכטע״ טענות מיט אַזא איבערצייגונג, מיט אַזא פייער, אַזוי צעצויגען בקול רם איבער׳ן גאַנצען בית־מדרש, אַז אַ רעדעל אידען האָט זיך צונויפגעקליבען אַרום זיי ביידען און אויך צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון הרב ר׳ ישראל קיטעוועד זצ״ל, וואָס איז געשטאַנען אויף זיין „שטאָט״ לעבען ארון־קודש, מיט זיין ברייטער, ווייסער באָרד ווי אַ ווייסער, ריזיגער פעלז און געהאַלטען אין איין אַרונטערקוקען אויפ׳ן עולם דורך זיינע גראָבע, געפּראַסטיגטע ברילען...

משה מלמד האָט דערווייל אַזוי אויסגענוצט די געלעגענהייט און וואָס אַמאָל נעענטער און נעענטער זיך צוגערוקט צו דער מזרח וואַנט לעבען רב. און דערווייל אויסדערצעהלט פאַר דעם רב — וואָס פאַר אַ „ימח שמו׳ניק״ עס איז דער „דנ׳עלע תקיף״, בכדי צו באַקומען פונ׳ם רב אַ „הכשר״ אויף זיינע פילע יאָרען מלמדות...

אין דעם רב׳ס אַנוועזענהייט האָט מרדכי לייב ניט געוואָלט אַריינלאָזען זיך מיט רבי משה׳ן אין ווייטערע ויכוחים און ביי דער ערשטער געלעגענהייט אַוועקגעדרעהט זיך, איבערלאָזענדיג אים צו זיין אינגאַנצען גערעכט פאַר דעם רב.

אַ ווייל שפּעטער האָט מרדכי לייב פאַרפירט אַן ערנסטען שמועס מיט׳ן רב מכוח דעם ענין. „ס׳איז גאָר קיין סכנה ניט צו בייטען מלמדים״, האָט דער רב אים פאַרזיכערט.

געהענדיג אַהיים פון בית־מדרש האָט אָבער מרדכי לייב דער־שפּירט אַ מורא אַז אים שטעהט פאַר איינצונעמען חרפּות ובושות פון זיין זון, און פאַר איינגעמען חרפות ובושות האָט מרדכי לייב, דער יונגער טאַטע, געציטערט ווי פאַר פייער...

געקומען אַהיים האָט מרדכי לייב זיך גענומען צום קינד, אים אמת גע׳ממית׳ט. די מוטער האָט זיך געשטעלט געגען, געשריגען אויף דעם מאַן, זיך געריסען ביי די האָר... הכלל, עס איז געבלי־בען, אַז די מוטער זאָל זיך זען מיט שלמה בער לייב׳ס — אַ איד וואָס האָט זיך נעבאַך געמוזט נעמען צו מלמדות שוין אין די שפּעטע יאָרען — אַז ער זאָל אַריינגעמען דאָס קינד צו זיך אין חדר.

און פייגעלע די רויטע האָט זיך טאַקע גאָר איגגיכען געזען מיט באָבצי שלמה בער לייב׳ס, שלמה מלמד׳ס אידענע, און אָפּגע־

מאַכט מיט איר אַריינצונעמען דאָס קינד אין איר מאַנס חדר. און אַזוי האָט דן באַקומען אַ נייעם רבי׳ן.

דן האָט זיך אָפּגעוואָלגערט ביי שלמה מלמד אין פּיר־הויז ביז זיין פאָטער מרדכי לייב האָט איינגעזען, אַז אַ קינד אין דנ׳ס על־טער באַדאַרף שוין גייען צו אַ גמרא־מלמד. דאָס וואָס ער איז נאָך געווען שטומפּיג אין דער עברי, איז קיין תירוץ ניט געווען.

דן האָט אויף אַן אמת׳ן אָנגעהויבען טראָגען אויף זיך דעם יאָך פון חדר.

## זיין ערשטער גמרא־מלמד

דן האָט ניט אָנגעהויבען באַגרייפען וואָס דער רבי האָט גע־לערענט מיט אים. הגם דער רבי איז געווען זיכער, אַז ער גיט אים אַוועק די גאַנצע נשמה. וואָס דער רבי האָט ניט געלערענט מיט אים, האָט זיך עס געקלעפּט צו דנ׳ען ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט...

דער רבי האָט דערפאַר ניט געזשאַלעוועט אים קיין בוכציעס און קיין קאַנטשיקעס. האַלטענדיג דנ׳ען פאַר אַ גרעסערען הולטיי פון אַלע איבעריגע תלמידים, האָט ער אים אַוועקגעזעצט ביים ברעג טיש לעבען זיך. און ווען ער איז מיד געוואָרען צו דערלאַנ־גען אים אַ שטורקע אין זייט, אַ שמיץ מיט׳ן קאַנטשיק, האָט ער אים געטאָן אַ קניפּ אין באַק אָדער אין דער ליטקע לעבען דיך און אַלע מאָל אויפ׳ן זעלבען אָרט... אַזוי אַז דאָס אינגעל איז זיך ניט איינמאָל פאַרגאַנגען פון וועהטאָג.

איינמאָל האָט אַזאַ קניפּ אין ליטקע אויפ׳ן זעלבען אָרט אַזוי פאַרכאַפּט דנ׳ען ביים אָטעם, אז ער האָט זיך גענומען הויבען פון באַנק, אָפּ און אויף ווי אַ משוגע׳נער, ווי ער וואָלט דעם אָטעם ניט געקענט אָפּכאַפּען, מיט אַזעלכע משונה׳דיגע קולות, קלאַפּענדיג מיטביידע הענט אין טיש, רייסענדיג די בלעטער פון דער גמרא, אַז די רבי׳צין איז, נים טויט ניט לעבעדיג, אַריין פון קיך אין חדר אַריין וואו דער רבי האָט געקנעלט און אַפּיר געריסען דאָס קינד פון הינטער׳ן טיש איינצונעמען אים, אָנרופענדיג איר מאַן, דעם רבי׳ן: גזלן! רוצח!...

ווען די רבי׳צין האָט אַנטדעקט די ברוינע און בלויע צייכענס אויף זיין נאַקעטער ליטקע, איז זי געווען גרייט אויסצורייסען ביי איר מאַן די באָרד...

— גזלן! רוצח! — האָט זי געגעוואַלדעוועט, — מען בעט דיך ניט דו זאָלסט אַרויפזעצן דיין קאָפּ אויף אים! די גרויסע גליקען וואָס דו מאַכסט מיט דיין תורה, מעג ער זיך באַגעהן אָהן איהר!...

מער האָט ניט געפעלט פאַר די תלמידים — נאָר צו הערען פון דער רבי׳צינס מויל, אַז זיי מעגען זיך באַגעהן אָהן דעם רבי׳נס תורה...

דער גמרא-מלמד האָט געשמייכעלט אין זיין גרויער באָרד אַריין, ווי ער וואָלט זיך גאָר קיין ציםעס ניט געמאַכט פון זיין אידענע׳ס געשרייען, ווי אַלע מאָל, ווען זיין פלונית׳טע האָט זיך צעלאָזען אויף איר מענה-לשון...

דאָס מאָל איז זי אָבער אַרויס פון די כלים מער ווי אַלע מאָל, אַזוי אַז עס האָט געדויערט אַ שטיקעל צייט, ביז דער רבי האָט ווידעראַמאָל אָנגעהויבען, שוין מיט אַן איינגעהאַלטענער, ציטעריגער שטימע:

— זאָגט די משנה אַ דין.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געזוכט אין דער גמרא, ווי ער וואָלט אַליין פאַרלוירען די שורה... עס האָט גענומען מער ווי אַ רגע, איידער ער האָט געפונען די משנה. זיין אידענע׳ס טענות האָבען זיך טיף איינגעקריצט אין זיין מוח און גענומען בויערען...

אַזוי צו ביסלאַך האָט ער גענומען איבערטראַכטען, אַז, טאַקע, אַזעלכע אידען ווי ער טאָרען בשום אופן ניט זיין קיין מלמדים... געוואַלד! ווי אַזוי זשע ווערט מען פּטור פון מלמדות?! דאָס האָט ער אפילו ניט געקענט נעמען אויף זיין מוח...

דנ׳ען האָט ער איבערגעזעצט אויף אַן אַנדער באַנק. מער ניט געווען אַזוי שטרענג צו אים, האָט זיך באַנוגענט מיט אַ קרומען קוק בלויז.

די איבעריגע תלמידים האָט ער אויך אָנגעהויבען שאַנעווען מער. מיט דער צייט האָט ער די קינדער גאָר אינגאַנצען געלאָזען געהן זייער וועג: „טאַקע, ווער דאַרף עס האָבען לומדים? אפשר איז גאָר בעסער אַזוי?” האָט ער גענומען טראַכטען און כמעט פאַרנאַכלעסיגט זיינע תלמידים. דאָס האָט געשאַדט זיין פּרנסה. בעלי-בתים האָבען אָנגעהויבען זאָגען, אַז ער איז געוואָרען עובר בטל!... ער האָט זיין מלמדות ניט אויפגעגעבען, געלעבט אין נאָך אַ גרעסערער דחקות ווי פריער. ער האָט אָבער מער ניט געקענט זיין דער שטרענגער מלמד.

דן איז ביז דעם צענטען יאָר געגאַנגען אין נאָך חדרים, צו נאָך מלמדים און כאָטש זיי האָבען אַרויסגעצוואונגען אויף אים איבער־צונעמען עטוואָס פון דער הייליגער תורה, פונדעסטוועגען איז פאַרבליבען ביי אים אַ טרויעריגער און מורא׳דיגער איינדרוק פון יעדען פון זיינע מלמדים. ער האָט זיי אָבער אין שפּעטערע יאָרען ניט באַשולדיגט אין שפּל׳קייט. אויף יעדען פון זיי האָט ער געפונען אַ זכות... דאָס אָרימע און אָבגאַרמאַלע לעבען פון שטעטעל האָט יעדען טאַטען, יעדע מאַמע בייז געמאַכט, און דעם רבי׳ן — דעם אָרימסטען אידען — אודאי בייז געמאַכט, און דאָס קינד נעבאָך איז געווען דאָס כפּרה הינדעל...

## דן און זיין חבר יונה געהען זיך באָדען

אין אַ הייסען זומער־טאָג, באַלד נאָכ׳ן וואַרעמס, האָט דן מיט זיין חבר יונה אַרויסגעכאַפּט זיך פון חדר מיט אַן אָפּמאַך צווישעןביידע, צו געהען צום טייך זיך באָדען.

דנ׳ס און יונה׳ס חדר האָט זיך געפונען אין דער קלייזעל גאַס — די לעצטע גאַס פון שטעטעל אין צפון זייט. געהן צום טייך האָט מען געמוזט איבערשפּאַנען אַלע גאַסען פון שטעטעל. האָבען זיי מורא געהאַט צו לאָזען זיך איבער די גאַסען צום טייך, וואָס איז אין דרום־זייט פון שטעטעל, טאָמער וועט מען אָנטרעפען עמיצען וואָס קען זיי נאָך דערקענען, און ווער ווייסט, אַמאָל קען מען נאָך באַ־געגענען דעם אייגענעם טאַטען אויך... מער וואָלט מען ניט באַדאַרפט... האָט מען זיך אַוועקגעלאָזט מיט די עק גאַסען פון שטעטעל, וואָס גרעניצט זיך מיט׳ן דאָרף — מיט דעם וועג, וואָס פירט צום קאַ־טוילישען קלויסטער, און דורך דעם אַלטען דר. נאַזאַרקעוויטש׳עס הויף. ביים דאָקטאָר׳ס הויף שטעלען זיך די צוויי חברה אָפּ, באַ־וואונדערען מיט זשעדנע אויגען די הויכע, ברייט־צעוואַקסענע בוי־מער, מיט די גרינע און רויטע עפּעל, מיט די געלע און ברוינע באַרנעס, מיט די אייזען־גרויע אונגאַרישע פלוימען, מיט די גרויסע וועלשינע נים, וועלכע האָבען אַרונטערגעוואויגען די צווייגען פון די בוימער. די פרוכטען האָבען זיך עפּעס ווי געבעטען: „נעמט אונז אַרונטער, אונז איז שווער צו הענגען אויף די דינע צווייגען". די הערצלאַך ביי די קינדער האָבען זיך געצאַפּעלט און שיעור ניט געפּלאַצט... אַך! ווען מען וואָלט אונז נאָר אַריינגעלאָזט איג־וויניג!...

דעם דאָקטאָר׳ס הויף און דער גרויסער סאָד איז געווען אַרומגעצאַמט מיט אַ הויכען פּלויט און עס איז געווען שווער אים אַריבערצוקריכען. דורך די שפּאַרעס פון פּלויט קוקען די צוויי ווייסעחברה׳ניקעס — דן און יונה — אינווייניג אין סאָד אַריין, ווערען פאַרגאַפט... בוימער און בוימער, אָהן אַ שיעור. די צווייגען בויגען זיך ביז צו דער ערד אונטער דעם געוויכט פון די פּאַרטיגע פרוכטען. צווייגען און צווייגען מיט אַלערליי „אויבסען" קלאַפּען זיך אָן איינס אין ס׳אַנדערע. זונשטראַלען דרינגען אַריין צווישען די בוימער, בויגען זיך אויס, ווערען ווידער און ווידער אַמאָל גלייך, ציען זיך אויס אויף דעם הויך געדיכטען גראָז, לויפען אין זיג־זאַג, שיינען אויף און ווערען פאַרשוואונדען...

די שעהנע פויגעלאַך וואָס שפּרינגען פון איין צווייג אויפ׳ן צווייטען און וויגען זיך צוזאַמען מיט די צווייגען אונטער די זילבערנע און גינגאָלדענע שטראַלען פון דער זון און האַלטען אין איין צוויטשערען. איי... איי... ווען מען וואָלט אונז נאָר אַריינלאָזען!... זיי האָבען פאַרגעסען וואוהין זיי האָבען זיך געלאָזט געהן.

די הינט אויף די קייטען, דרימלענדיג אונטער דעם קילען שאָטען פון די בוימער, דערשפּירען דאָס גראַבלען פון מענטשעןנעגעל אויף זייער „גן־עדן" פּלויט, טוען זיך ראַפּטאָם אַ לאָז מיט אַ ווילדען, הינטישען, געביל, שיעור ניט איבעררייסענדיג די אייזערנע קייטען, וואָס האָבען זיך געפּלאָנטערט פאַר זייערע פיס, געקלאָנגעלט און אָפּגעהילכט איבער דעם גאַנצען לענג און ברייט פון סאָד...

מיט דנ׳ען און יונה׳ן האָט עס אַ וואָרף געטאָן, אַז זייערע ביינער האָבען זיך צעטרייסעלט... זיי האָבען פאַרגעסען אַרוםצוקוקען זיך און געכאַפּט שטעלען פיס... ניט וויסענדיג וואוהין זיי לויפען...

ווען עס האָט אויסגעפּעלט ביי זיי דער אָטעם, אַז זיי האָבען זיך שוין געמוזט אָפּשטעלען פון געלויף, האָבען זיי זיך אַרומגעזען, אַז זיי געפינען זיך לעבען ווייניוסקין און אונטער חיים וואַסערפּירער׳ס שטיבעל.

זיי האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, אַנגעשפּאַרט זיך אין וואַנט און אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, איבערקוקענדיג זיך, ווי זיי וואָלטען געראַטעוועט געוואָרען פון אַ זיכערען טויט...

## וויניוסקי

ביי וויניוסקי׳ן זיינען געווען צוויי הינט ווי די לייבן, וואָס האָבן געטריי געהיט זיין גאָרטען. אַז ס׳האָט אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט אַ אידישע ציג צו וויניוסקי׳ס גאָרטען, אָפּגעגריזשעט אַ גרעזעל וואָס האָט געשפּראָצט דורך דעם פּלויט אַרויס, האָט דער שליאַכטיטש וויניוסקי צעטרייסעלט זיינע אַריסטאָקראַטישע באַקענבאַרדען און זיך אַ לאָז-געטאָן מיט זיינע צוויי אָנגערייצטע הינט נאָך דער ציג — נאָר ווי צו פאַרצוקען איר... די הינט האָבן ממש אָפּגעריסען די פעל פון דער אומשולדיגער ציג.

די אָרימע ציג איז נעבאָך געווען גאָט די נשמה שולדיג. די ערד אַרום דער שטוב פון איר באַלעבאָס איז טרוקען און שטויביג. מער ווי שטעכעלקעס, קראָפּיווע און באַדיקעס קען זי דאָרט ניט געפינען, און די ריחות פון זאַפטיגע גראָזען האָבן זי צוגעצויגען און פאַרפירט...

ניט אַלע מאָל האָט וויניוסקי געקילט זיין רציחה בלויז מיט אָפּפליקען די פעל פון דער ציג. ערשט ווען ער האָט אַריינגעשלאָגען דער ציג צוועקעס אין די פיס און מיט אַ קלין פאַרקלאַפּט איר טראַכט — ערשט דעמאָלט האָט ער זיך באַרוהיגט... אָפטמאָל איז אַ ציג געקומען אַהיים, אויפגעהערט צו עסען און אין אַ פּאָר טעג אַרום גע׳פּגר׳ט. מען האָט גוט געוואוסט, אַז דאָס איז וויניוסקי׳ס אַרבייט. אָבער קיינער האָט ניט געוואָגט דאָס אַרויסצוזאָגען הויך...

דן און זיין חבר האָבן גוט געוואוסט ווער וויניוסקי איז. זיי האָבן געוואוסט, אַז ער איז אַ שונא-ישראל, אַ גזלן!... און עס האָט אויך זיי געציטערט די הויט פון דעם געדאַנק, אַז זיי געפינען זיך לעבען זיין גאָרטען. האָבן זיי זיך פאַררוקט אין אַ ווינקעל הינטער׳ן שטיבעל און געבליבען שאַ-שטיל.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט, נאָך איידער דן און זיין חבר האָבן באַוויזען אָפּצוכאַפּען דעם אָטעם פון געלויף, האָבן זיך דערהערט וויניוסקי׳ס הינט, וואָס זיינען ווילד געלאָפען און וויניוסקי נאָך זיי, מיט אַ „ציעפּ" אין האַנט... וואָס איז געשען?... אַ ציג! אַ ציג! אַ ציג גריזשעט אַ גרעזל לעבען פּלויט!...

די ציג האָט גלייך דערשפּירט די הינט און די טויטליכע געפאַר. זי האָט אויפגעשטעלט אירע אויערען. דאַכט זיך, אירע הערנער ווערען לענגער... זי נעמט שפּרינגען, יאָגען, וואוהין די אויגען טראָגען זי. זי איז אָבער צעטומעלט און אַנשטאָט רעכטס, צו די

אידישע גאַסען, האָט זי זיך פאַרנומען לינקס און אַריין אין שמאָ־
לען דורכגאַנג, וואָס צווישען ווייניוסקי'ן און זיין שכן וואַריבלוסקי'ן
— אויך אַ שונא־ישראל, ימח שמו!...

די הינט האָבען געיאָגט די ציג פון איין זייט, און ווייניוסקי
איז איר פאַרלאָפען דעם וועג פון דער צווייטער זייט. ער האָט זיך
אָוועקגעשטעלט מיט דעם ווינענדיגען „ציעפ" אין די הענט ווי
אַ תליון מיט דער האַק, און פאַרשפאַרט דער ציג דעם וועג.

די ציג האָט געפילט די געפאַר פון ביידע זייטען, און זי האָט
זיך גענומען אָוועקדרעהען פונ'ם מענשען און קעגען די הינט. מיט
די הערנער זיך געשטעלט קעגען זיי. די הינט האָבען אָפּגעטראָטען
אויף צוריק, אָבער באַלד, ווי אויף ספּרוזשינעס, צוריקגעשפּרונגען
קעגען דער ציג.

אַ צעטומלטע, אַ פאַרטויבטע פון ווילדען הינטישען געביל,
האָט זי זיך צוריק געקערט נעענטער צו דעם מענשען: דער מענש
בילט דאָך ניט. ער שווייגט דאָך, און דער „ציעפ" הענגט הויך
איבער איר קאָפּ, זי זעט אים ניט. זי הערט דאָך ניט פונ'ם מענשען
אפילו קיין פּיפּס.

זי האָט גענומען געהן פאַרביי דעם מענשען... ניט ווי אַ
שטומע, הילפלאָזע באַשעפעניש, נאָר ווי אַ פאַר'משפט'ער, וואָס
דערנענטערט זיך צו זיין תליון, מיט געצעהלטע טריט, טראָט
נאָך טראָט. די הינט מיט אויסגעשטשירעטע ציין און משונה'דיגען
בילען, נאָך איר... זי מוז געהן פאַרביי דעם מענשען! זי דרעהט,
בויגט דעם קאָפּ, זוכט אים צו באַהאַלטען פון דעם מענשען, וואָס
שווייגט, וואָס האַלט דעם אָטעם איין, וואָס איז אַזוי שטיל, אַזוי
געדולדיג...

אַ פּאַך! דער ציעפ שניידט דורך די לופט מיט אַ פּייף...
עס הילכט אָפּ אַ קנאַק, ווי אַ שאַרפער דונער וואָלט אַ קראַך גע־
טאָן... און ביידע פאָדערשטע פיס ביי דער ציג זיינען געבראָכען!...

די ציג לאָזט אַרויס אַ שווידערליכען „מע!" און פאַלט מיט
דער מאָרדע צו דער ערד. די הינט פאַלען אָן אויף איר: האָר
פליען ווי פעדערען אין דער לופטען...

ביי די צוויי אידישע קינדער האָבען זיך געשטעלט די האָר
קאָפּויר. די אויגען זיינען זיי געקראָכען פון קאָפּ, צוזעענדיג דאָס
שווידערליכע בילד. אין זייערע ווילדעסטע חלומות האָבען זיי אַזאַ
גרויזאַמקייט ניט געזען, ווי דאָס, וואָס זיי האָבען צוגעזען מיט זייע־
רע אייגענע אויגען.

זייערע פּנים׳לאַך זיינען געוואָרען ווייס ווי קאַלך. עס האָט ביי זיי אָפּגענומען הענט און פיס. זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס פריער צו טאָן.

דער ערשטער, וואָס איז עטוואָס געקומען צו זיך, איז געווען דנ׳ס חבר, יונה. ער האָט זיך דער ערשטער אַ שטעל געטאָן אויף די פיס און אויסגעשריען:

— אָ! ווען מיר וואָלטען געווען אַזוי גרויס און שטאַרק ווי אונזערע טאַטעס, וואָלטען מיר זיך אָפּגערעכענט מיט דעם חזיר וויניוסקי׳ן ווי עס באַדאַרף צו זיין!...

ער האָט אָבער ניט געוואַרט ביז ער וועט אויסוואַקסען. ער האָט גלייך אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיין און אים אַ שליידער געטאָן אויף די הינט. דער קוראַזש פון יונה׳ן, האָט דנ׳ען אויפגעמונטערט, און ער האָט נאָכגעפאָלגט מיט אַ צווייטען שטיין, אַ דריטען, אַ פערטען און אַ פינפטען. עס האָט גענומען האָגלען מיט שטיינער. די הינט זיינען אָפּגעשפּרונגען פון דער ציג, און וויניוסקי האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט׳ן ציעפּ אין האַנט נאָך די אינגלאַך.

דן און יונה האָבען געכאַפּט די פיס אויף די פּלייצעס און געמאַכט „ויברח״ דורכ׳ן גרויסען גרוב, וואָס פון דער צווייטער זייט פון חיים וואַסערפירער׳ס שטיבעל.

וויניוסקי מיט די הינט איז ניט דערלאָפען ווייטער, ווי ביז צום ראַנד פון גרוב. לויפען, וואָלט געהייסען אַריבערטרעטען זיין גרעניץ, און דערפאַר האָט ער, ווי עס האָט אויסגעזען, מורא גע־האָט...

דן און יונה האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף דער צווייטער זייט פון גרוב, לעבען יאָסעל ריזשילינייצער׳ס שטוב — אַזוי ווי עמיצער וואָלט זיי ניט געלאָזט לויפען ווייטער. זיי זיינען געבליבען שטעהן ניט מער ווי אַ רגע, און אומגעקערט זיך צוריק. זיי האָבען געוואָלט זען וואָס ס׳איז געוואָרען מיט דער ציג.

זיי האָבען זי געפונען זיך ראַטשקעווען אַרויף דעם בערגעל, אַקוראַט ווי אירע פיס וואָלטען זיין אָנגעשלאָגען מיט צוועקעס. דערשלעפּט זיך ביז צום שטיבעל און דאָרטען געבליבען ליגען, אָהן אַ מרוקע אפילו, ניט קענענדיג מער אַ ריר טאָן זיך פון אָרט.

וויניוסקי מיט זיינע הינט האָבען געהאַלטען אין פאַרשווינ־דען ווערען אין גאָרטען. די הינט האָבען זיך געלאַסשטשעט און אַרומגעטאַנצט אַרום זייער האַר.

דן און יונה האָבען די ציג דערקענט, געוואוסט וועמענס זי איז. זיי האָבען זי באַטאַפּט, געגלעט, פּרובירט זי אויפהויבען ביי די הערנער און זי צוריקשטעלען אויף די פיס. אָבער די ציג איז גלייך אומגעפאַלען. האָבען זיי גענומען זי שלעפּען ביי די הערנער דורך דעם גרוב, צו איר היים.

דער באַלעבאָס פון דער ציג איז געווען טאַקע יאָסעל ריזשילי-ניצער. זיין שטיבעל איז געשטאַנען אויפ'ן ראַנד פון דעם גרויסען גרוב. דאָס שטיבעל האָט פון תמיד אָן אויסגעזען, ווי אָט-אָט קערט זיך עס איבער אין גרוב, וואָס מ'האָט מיט לאַנגע, לאַנגע יאָרען צוריק אויסגעגראָבען.

אין די שעהנע זומער-טעג האָט אין פעלשטין די אידישע פּרנסה תמיד געפּרירט. דערפאַר איז יאָסעל געווען אין דער היים. ער האָט זיך גראַד דעמאָלט מתעסק געווען פאַר דער שטוב מיט די שמאַטעס, וועלכע ער האָט פון לאַנג שוין געהאַט אָנגעזאַמעלט אין די דערפער. ער איז אויך געווען אַ שמאַטע-קלייבער.

יאָסעל האָט זיך געפּאַרעט מיט די שמאַטעס, זיי איבער-געקליבען, אויסגעסאָרטירט, געפירט אַ ויכוח מיט זיין אידענע, וואָס האָט אים געהאָלפען סאָרטירען די שמאַטעס. פּלוצלינג האָט ער דערזען ווי צוויי ווייסע חברה'ניקעס שלעפּען זיין ציג ביי די הערנער... טוט ער זיך אַ לאָז באַרג אַראָפּ מיט אַ געשריי:

— אַכציג שווארצע יאָר אויף אייך... מזיקים! לאָזט אָפּ די ציג! לאָזט אָפּ די ציג, זאָג איך אייך!... מזיקים! ממית'ן וועל איך אייך! לאָזט אָפּ די ציג!...

די צוויי צוציקעס דערזעען יאָסלען לויפען צו זיי אַ צעווילדעווע-טער פאַר כעס, דערשרעקן זיי זיך, לאָזען אָפּ די ציג און יאָגען זיך אַוועק פון איר.

אַז די ציג איז אָבער געבליבען ליגען ניט רירענדיג זיך פון אָרט, איז יאָסלען קלאָר געוואָרען וואָס עס איז מיט איר געשען... האָט ער זיך גענומען בעטען ביי די קינדער מיט גוטען זיי זאָלען ניט מורא האָבען און קומען צוריק.

די צוויי קינדער האָבען זיך דערנעענטערט צו אים און דער-צעהלט פון אָנהויב ביז'ן סוף, וואָס מיט דער ציג איז געשען...

יאָסעל האָט באַטאַפּט די דינע צעבראָכענע פיסלאַך און אַ גרויל איז אים דורכגעגאַנגען איבער'ן לייב...

זיין אידענע איז אָנגעלאָפען אָהן אָטעם, און איידער וואָס-ווען, שוין געווישט מיט'ן פאַרטוך די אויגען... וויפיל קללות ס'איז

איר געקומען אויפ'ן צונג האָט זי זיי אַלע אויסגעשאָטען אויף ווייניוסקי'ס קאָפּ... קיין אַנדער זאַך האָט זי אָבער ניט געטאָן...
און די ציג איז געבליבען ליגען אין גרוב, וואו ס'איז געווען דער קבר פון אַלע שטאָטישע פּגירות און נבלות.

## הירשל לייב־פּאַליק'ס חדר

דן און יונה זיינען ארויס פון גרוב און געלאָזען זיך געהן צום טייך. ווען זיי זיינען דורכגעגאַנגען סאָסיע לייבעלע'ס שטיבעל, האָבען זיי דערהערט דאָס קול פון א „חדר" קומען פון דעם שטיבעל.

דער גמרא־ניגון האָט זיי געקלונגען אין די אויערען אפילו אין שלאָף. ס'האָט זיי אַ קלאַפּ געטאָן אין הארצען. זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט, איבערגעקוקט זיך און חרטה געהאַט וואָס זיי האָבען זיך ארויסגעכאַפּט פון חדר.

— איי! ווען דאָס מאָל וואָלט זיי אָפּגעגאַנגען גלאַטיג. ס'וואָלט געווען דאָס לעצטע מאָל, — טראַכטען זיך די חברים דן און יונה. פונדעסטוועגען, ווען אונטער דער וואַנט פון דעם שטיבעל האָבען זיך דערהערט שטאַרקער דעם רבי'נס געשרייען און נאָך העכער דעם תלמיד'ס געוויין, האָבען חברה גענומען צולייגען די אויערען צו דער וואַנט...

דאָס האָט אָבער זייער נייגעריגקייט ניט באַפרידיגט, האָבען זיי זיך גענומען רוקען צו דער טיר. די טיר איז געווען האַלב אָפען. האָט מען אַריינגעשטעלט אַ פוס. נאָכדעם אריינגעשטעקט די קעפּ...

אין אַ ווינקעל פון אַ פערד־שטאַל, וואָס האָט געפירט אין שטיבעל אריין, איז געזעסען הירשל לייב פאַליק'ס און געקנעלט מיט זיין כתה תלמידים, אין דעם שטאַל איז ניט געווען קיין סטעליע, די ווענט זיינען געווען ליימיגע, קויטיגע, פאַרגנויעוועט ביז אַ העלפט. די ערד שוואַרץ ווי קויל, פאַרמיסטיגט. אין אַ צווייטען ווינקעל, געגענאיבער דעם רבי'נס טיש מיט דער כתה קינדער, איז געשטאַנען אַ ראָבער פערד, מיט וועלכען סאָסיעס איידעם — משה שטריק־דרעהער—איז געפאָרען אין דאָרף אריין האַנדלען מיט די שטריק, וואָס ער האָט אָנגעדרעהט. דאָס פערד איז געשטאַנען פאַרזונקען אין נאַסען גנאָי, אַז ס'האָט געסווישטשעט אונטער זיינע פיס, און געטריבען די פליגען פון זיך. אין א דריטען ווינקעל איז זיך געלעגען סאָסיע'ס ציג, צוגעבונדען מיט אַ שטריק, גע'מעלה גרה'ט

און געדרעמעלט, אודאי צו פרידען וואָס די זון ברענט איר ניט, וואָס חברה רייטען ניט אויף איר, וואָס זי איז אויסער געפאַר באַפאַלען צו ווערען פון „וויניוסקי׳ס כלבים״... דער פערטער ווינקעל האָט געפירט אין קיך אריין. די טיר פון קיך איז געשטאַנען ברייט אָפען, אַ קאַץ האָט זיך געדרעהט פון קיך אין הויז אריין און צוריק, הויבענדיג פאַרזיכטיג די פיסלאַך — אודאי ניט צו פאַרפלאָנטערען זיי אין דעם צעוואָרפענעם שטרוי וואָס האָט זיך געוואַלגערט ארום דעם פערד און לעבען דער ציג.

אין דעם שטאַל זיינען קיין פענסטער ניט געווען. די ליכטיגקייט איז געקומען פונ׳ם דאַך. ווען סאָסיע׳ס איידעם איז נאָך דער חתונה געבליבען אין פעלשטין אויף אַ פאָר יאָר, האָט ער — זייענדיג אַ שטיקעל מייסטער — געעפענט אַ פליגעל אין דאַך צו לאָזען אַ חלל פאַר אַ סכך אויף אַ סוכה, וואָס ער האָט געמאַכט אין שטאַל אָנשטאָט אין דרויסען לעבען דער שטוב, וואו די מערסטע אידען האָבען זייערע סוכות אויפגעשטעלט. אָט דער פליגעל האָט עס געגעבען ליכט פאַר דעם חדר. ווען עס האָט גערעגענט, האָט מען דעם פליגעל אראָפּגעלאָזט און אָנגעצונדען אַ לעמפּעל.

פויגעלאַך זיינען דורך דעם פליגעל ארוים און אריינגעפלויגען. אז אַ תלמיד׳ס אויג האָט דאָס דערזען און פאַרקוקט זיך, האָט ר׳ הירשעל אַ זאָג געטאָן צום תלמיד: „קוקסט שוין ווי פויגעלאַך פליען? !״ אויך משה׳ס פאָרעל טייבעלאַך האָבען זיך ארומגעשפּאַצירט, אויף און ארום דעם פליגעל, און געטווירקעלט אויף זייער טויבען שפּראַך. דאָס אָפּפליען און צוריקקערען זיך פון די טויבען האָט רבי הירשעלס תלמידים אויך קיין גוטס ניט געטאָן.

דאָס ווינקעל, וואָס איז געווען פאַרנומען מיט׳ן חדר, האָט רבי הירשעל אָפּגעדונגען ביי סאָסיע׳ן פאַר דעם זומער־זמן — אודאי פאַר צען גילדען אויף אויסצוצאָלען, ווייל רבי הירשעל האָט געוואוינט צוזאַמען מיט זיין שווער, לייב פאָליק׳ס, אויך אַ מלמד.

ביידע מלמדים האָבען געקנעלט אין לייב פאָליק׳ס איינגעהויקערט שטיבעל, אין וועלכען עס זיינען געווען צוויי צימערען, אַ גרעסערער און אַ קלענערער, אַ שטוב מיט אַ קיך. הירשעל האָט געקנעלט אין שטוב און דער אַלטער ר׳ לייב פאָליק׳ס אין דער קיך. די קולות פון ביידע כתות האָבען בלי־ספק געשטערט צום קנעלען. אַמאָל אז אַ תלמיד פון איין כתה האָט זיך נעבאַך צעוויינט, האָט עס שוין געפירט דערצו, אז אַ תלמיד פון דער צווייטער כתה זאָל זיך אויך צעוויינען. און אַז פון ביידע חדרים האָבען

זיך די געוויינען צונויפגעמישט, איז עס געווען באמת א שעהן „געזאנג"...

אין דער קיך איז געשטאנען דעם אלטען לייב פאליק'ס בעט, אויף וועלכען ער איז געזעסען בשעת'ן לערנען. דער טיש מיט די קינדער, ארום וועלכען עס זיינען געזעסען די תלמידים אויף לאנגע בענק, איז געשטאנען פונקט געגענאיבער דעם אויוועז אזוי, אז מרים-דבורה, ר' לייב'ס טאכטער און ר' הירשעל'ס פרוי, האט זיך געמוזט היטען מיט דער לאפעטע, אז א תלמיד זאל חו"ש ניט באקומען א בייל אין קאפ אדער א בלוי אויג...

דערפאר ווען מען האט זיך דערוואוסט ביי די פאליק'ס וועגען סאסיע דער שכנ'טעס פליגעל, האט מען זיך צערעדט, אז ביי סאסיע'ן אונטער'ן פליגעל וואלט מען געקענט קנעלען מיט א חדר. אזוי ווי סאסיע איז א שכנ'טע האט מען זיך צערעדט מיט איר וועגען דעם.

סאסיע האט זיך נעבאך געגוטיגט אין די פאר גילדען. סאסיע איז אויך געווען א פרומע אידענע — פארדינגען דאס ווינקעל פאר'ן חדר? טראכט זי — זי וועט דאך נאך האבען געטאן א מצוה מיט דעם. האט זיך סאסיע גאר דערפרעהט און זי האט פארדונגען צו רבי הירשלען דעם ווינקעל מיט'ן פליגעל פאר דעם זומער-זמן.

מיט איינעם פון די תלמידים האט זיך עס רבי הירשעל געהאלטען אין אפרעכענען, ווען דן און יונה האבען געשטעקט די קעפ אין טיר אריין.

רבי הירשעל האט געהייסען דעם תלמיד איבער'חזר'ן די משנה ווידער און ווידער אמאל. דער גמרא-נגון פון דעם וויינענדיגען תלמיד האט זיך געצויגען ווי דאס געוויין פון א פארבלאנדזשעט צעשראקען קינד ערגעץ אין א געדיכטען וואלד אין דער פינסטערער נאכט...

דער תלמיד האט געגרייזט און געגרייזט, געגאנגען ווי אויף רודעס און אינמיטען דרינען נאך דערזען ווי דן און יונה שטעקען אריין די קעפ אין טיר אריין. דער תלמיד האט גאר פארגעסען וואו ער האלט אין דער גמרא און איז פלוצים שטיל געבליבען. רבי הירשעל — ניט וויסענדיג פארוואס דער תלמיד איז פלוצים שטיל געבליבען — האט אים געטריבען זאגען: — נו! נו, וואס זאגסטו ניט?! — דער תלמיד האט געזוכט מיט די פינגער צו געפינען די שורה...

ביי ר׳ הירשלען איז ניט געווען קיין גרעסערער פאַרברעכען ווי ווען אַ תלמיד האָט אַרויסגעקוקט פון דער גמרא, פאַרלוירען די שורה און פאַרגעסען וואו ער האַלט, בפרט נאָך ווען דער תלמיד האָט אַליין געהאַלטען אין זאָגען... דאָס מאָל האָט רבי הירשעל אַרויסגעצויגען דעם תלמיד פון צווישען די תלמידים, צע־לייגט אים פלאַך אויפ׳ן טיש און אים אַריינגעצ׳סילוק׳ט מיט אַ פאַרשמאַלצעוועטער רצועה אַלע עטליכע און דרייסיג מלקות... דער תלמיד האָט געבריקעט און געדריגעט מיט די פיסלאַך אַרויס־לאָזענדיג משונה׳דיגע געוואַלדען ווי דער דאַך מיט דעם פליגעל וואָלט אויף אַלעמען איינגעפאַלען. די ציג האָט זיך אַזש אויפגע־כאַפּט פון דרעמעל, גענומען קריכען אין די ווענט. דער ראַבער פערד האָט אויסגעדרעהט דעם קאָפּ אויף הינטען און נערוועז גע־דרעהט מיט׳ן עק. די קאַץ האָט אַ שפּרונג געטאָן ווי זי וואָלט אָפּגעקרילט געוואָרען מיט אָקרופּ, אַרויף מיט׳ן לייטער אויפ׳ן בוידעם און דאָרטען זיך פאַררוקט. די טויבען זיינען מיט אַ פלאַ־טער אָפּגעפלויגען. דן און יונה האָבען אַ פּראַל געטאָן מיט דער טיר, געלאָזען זיך לויפען, וואו די אויגען האָבען זיי געטראָגען...

משה, וואָס איז געלעגען אויפ׳ן בוידעם און געשמאַק געכראָ־פּעט, איז אַראָפּ פון בוידעם אַ צעשויבערטער מיט שטרויעלאַך צווי־שען דער באָרד, אויסגעגלאָצט אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגען אויפ׳ן רבי׳ן מיט די תלמידים, ווי איינער זאָגט: — וואָס טוט זיך דאָ?...

פון דרויסען ניט ווייט פון שטוב האָט זיך פלוצים דערהערט דער געשריי און געוויין פון די צוויי אַנטלאָפענע חברה׳לייט. משה איז אַרויס פון הויז זען וואָס ס׳טוט זיך דאָרטען...

דאָס געוויין און די געשרייען אין דרויסען האָבען אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט דאָס לערנען און אויך רבי הירשעל האָט זיך געלאָזט צו דיר טיר...

ניט ווייט פון דער טיר איז אָנגעגאַנגען אַן אמת׳ע מלחמה צווישען דנ׳ען און יונה׳ן מיט סאָסיע׳ס צוויי טעכטער, פייגע און רבקה. זיי האָבען געשלעפּט די צוויי חברה צוריק אין שטוב אַריין. די צוויי שוועסטער האָבען געקלערט, אַז דאָס זיינען דעם רבי׳נס צוויי תלמידים, אַז זיי האָבען זיך אַרויסגע׳גנב׳עט פון חדר אָדער אַ שאָדען אָנגעטאָן אין שטוב. ווען ניט וואָלטען זיי דאָך ניט געפלויגען פייל פון בויגען פון שטוב, אַז מען זאָל זיי דאַרפען נאָכ־יאָגען, ניט מורא געהאַט טאָמער ווערט מען זיי כאַפּען...

די צוויי חברה, מיט טרערען פאַרגאָסענע פּנים׳ער, האָבען זיך געריסען פון די צוויי שוועסטער׳ס איינגעקלאַמערטע הענט מיט אַלע זייערע כוחות, געבריקעט און געדריגעט מיט די פיסלאַך... ווען ניט משה, וואָלטען די צוויי חברה געווען איבערגעלאָזט די צוויי שוועסטער אין די הוילע העמדער...

משה האָט אַ כאַפּ געטאָן די צוויי חברה אונטער די אָרעמס און אַריינגעטאַסקעט זיי אין חדר אַריין, אַ פרעג טוענדיג רבי הירשלען: — וואָס האָבען זיי דאָ אָפּגעטאָן ? ! — און גלייך געכאַפּט זיך קוקען אונטער דער טיר צי די בייטש שטעהט נאָך דאָרט, נאָכאַמאָל אַרוים אין דרויסען פאַר דער טיר געוואויר ווערען, צי די „פּלעקלאַך״ געפינען זיך ביי די רעדער פון וועגעלע, צי דער „סוואָרען״ שטעקט נאָך אין דישעל א. אז. וו.

די אַלטע סאָסיע איז אַריין פון קיך אין שטאַל אַריין, האַלטענדיג זיך ביי די אויערען, חלילה ניט פאַרטויבט צו ווערען פון די צוויי חברה׳לייטס געוויין: — גאָט פון אברהם! וואָס טוט זיך דאָ היינט ? !

די טעכטער האָבען גענומען דערצעהלען, אַז זיי זיינען געזעסען אין שאָטען לעבען דער שכנ׳טע רחל חיים הירשעל׳ס שטוב און אויסגעניים די ציכעלאַך, וויזענדיג דער מאַמען די ציכעלאַך, וואָס זיי האָבען געהאַלטען אין די הענט, ווען פלוצים האָבען זיי דערזען די צוויי חברה אַרויסלויפען פון שטוב, האָבען זיי געמיינט, ווער ווייסט וואָס די חברה האָבען אָפּגעטאָן אין שטוב, האָבען זיי זיך ביידע אַ לאָז געטאָן נאָך זיי און קוים געכאַפּט.

— וואָס האָבען זיי דאָ אָפּגעטאָן ?... — האָט משה שוין אומגעדולדיג אַ פרעג געטאָן ביי רבי הירשלען.

רבי הירשעל צוקט מיט די אַקסלען, שטאַמעלט, הויבט ניט אָן וויסען פון וואָס צו זאָגען.

צווישען די תלמידים, וואָס האָבען זיך די גאַנצע צייט ניט גערירט פון די בענק, איז אָנגעגאַנגען אַ סוד׳ן זיך. דער ערשט־וויינענדיגער תלמיד האָט פאַרגעסען אין זיין געוויין, באַקומען גע־נוג קוראַזש און אַרויסגעגעבען די צוויי חברה.

— הם... אזוי גאָר! — האָט די אַלטע סאָסיע באַטראַכט נעענטער די צוויי קינדער, — קינדערלאַך! פוסט און פּאַס גאָר ? !

— ווער׳מענס ביסטו אינגעלע ? — האָט זי אַ פרעג געטאָן דנ׳ען דעם ערשטען.

ניט באקומענדיג קיין ענטפער פון אים, האט זי געפּרואווט סטראשען דנ׳ען:

— וועסט מיר ניט זאגען, קינדעלע, וועסטו שלאפען ביי מיר אונטער׳ן בעט. — צורוקענדיג זיך צו דער טיר, ווי זי וואלט די קינדער פארשטעלט דעם וועג, האט זי ווידערהאלט דעם סטרא־שונאק, — בעסער זאג, אינגעלע, ווי אזוי הייסטו?

דן, רייבענדיג זיינע נאסע אויגען, זאגט ווי ער הייסט און וועמענס ער איז.

— אזוי! פייגעלע אברהם לייב׳ס זונעלע... — האט סאסיע ווידערהאלט דעם נאמען.

— און וועמענס ביסטו, זונעלע? — איז די אלטע סאסיע אויך צוגעשטאנען צום צווייטען ווייסען חברה׳ניק. יונה — דער צווייטער — האט געווישט די נאז מיט׳ן ארבעל, קיין ברירה ניט געהאט און געענטפערט.

— אזוי! יונה׳לע מרדכי יוזפ׳ס! — ווידערהאלט סאסיע נאכאמאל דעם נאמען.

— שעהן! זעהר שעהן!...ווארט, קינדערלאך, איך וועל נאר נעמען א שאלכעל אויף זיך און איך פיר אייך שוין אפ אהיים, — האט סאסיע א זאג געטאן און איז פארשוואונדען אין קיך.

— ווארט, ווארט, ממזרים! איך וועל אייך שוין צושטעלען א גוט בענקעלע פאר אייערע טאטעס, — האט רבי הירשעל זיי אנגעשראקען און געדראָט זיי מיט׳ן פינגער. רבי הירשל׳ס תלמידים האבען זיך צעלאכט הויך אויפ׳ן קול...

דן און יונה האבען זיך שטארק פארשעמט, געזוכט לעכער אין דער ערד אויף איינצוזינקען...

סאסיע האט געהאלטען ווארט, צוריקגעקערט זיך פון קיך מיט א שאלכעל אויף די אקסלען, אנגענומעןביידע חברים ביי די הענט און זיך געלאזט ארויס פון שטוב מיט זיי.

די צוויי שוועסטער האבען נאכגעקוקט דער מאמען ווי זי פירט די צוויי חברה ביי די הענט און געלאכט, טאקע ווי נאר מיידלאך קענען לאכען. די נאך ניט פארהייראטע רבקה האט געכאפּט טו־פען מיט די פיס, מיט אן אנשטעל ווי זי וואלט זיי ווידער אמאל נאכגעיאגט. די צוויי חברה האבען זיך א ריס געטאן פון דער אל־טער סאסיע׳ס הענט און אוועק ווי מיט׳ן ווינט...

**די אלטע סאסיע האט זיך קוים געקענט צוריקהאלטען פון אימפּעטיגען רים פאראוים.**

דאָס געלעכטער פון אירע צוויי טעכטער איז געוואָרען נאָך שטאַרקער. זיי האָבען זיך אויפגעהאַנגען אויף דער מוטער'ס אַקס-לען און ניט געקענט זיך מער איינהאַלטען פון געלעכטער.

די אַלטע סאָסיע האָט נאָכגעקוקט די אוועקפליענדיגע קינ-דער, געשמייכעלט און אַרויסגעזיפצט: — קינדער! קינדער! מיר זאָל זיין פאַר אייך!...

קיין זאַך האָט שוין דנ'ען און יונה'ן ניט אָפּגעשטעלט. זיי זיינען געפלויגען ווי מיט פליגעל ביז זיי האָבען דערגרייכט די באָד לעבען טייך.

## די באָד

ביי דער באָד שטעלען זיך חברה אָפּ. מאַכען אַ שפּאַציר אַרום און אַרום דער געביידע, ווי תשעה באב אַרום דעם בית-עולם, און אַנטדעקן נייע חידושים ווי זיי וואָלטען זיי קיינמאָל פריער ניט באַמערקט.

פרייטאָג טראָגט זיי ניט די צייט אויף דעם. ערב שבת, דער טאַטע לויפט אין באָד אַריין און יאָגט אונטער — אויף גיך אַהיים — דער טאַטע האָט רק מורא אַז ער וועט פאַרשפּעטיגען אין שול אַריין...

דער ערשטער חידוש איז געווען ביי זיי, וואָס איין האַלבע געביידע איז העכער פון דער צווייטער האַלבער און איז געדעקט מיט אַ טשערעפּענעם דאַך. און די צווייטע האַלבע געביידע איז נידעריג ווי אַ „כליעוו", אַז אידען מוזען זיך אַזש איינבויגען ביים אַריינגאַנג. און דער דאַך איז באַדעקט מיט שטרוי. — פאַרוואָס זאָל די צווייטע זייט ניט זיין פון זעלבען הויך און אויך ניט זיין געדעקט מיט טשערעפּעס? — אַ קשיה, וואָס דן פרעגט ביי יונה'ן און יונה קען ניט ענטפערען.

דער צווייטער חידוש איז געקומען דנ'ען אויפ'ן מוח און זיי האָבען ביידע גערעדט וועגען דעם: זיי האָבען ביידע ניט געקענט פאַרשטעהן, *פאַרוואָס עס קומט אָפּט פאָר*, אין בית-מדרש און אין אַלע אַנדערע מקומות קדושים, קריגערייען איבער דער באָד, אַזוי ווי די באָד וואָלט געווען בילכער ווי דאָס מקום קדוש.

דן קען זיין אייגענעם טאַטען ניט פאַרשטעהן. קומט מען צו רייד איבער דער באָד, קאָכט ער זיך און שרייט... ער האָט רק מורא פאַר'ן שטרויענעם דאַך... ער זאָגט, אַז אידען וועלען נאָך

ווען עס איז שפּרינגען פון די אויבערשטע בענק, מיט די בעזימלאַך אין די הענט, און ווילען נאָך גומל בענשען פאַר דער זכיה, וואָס זיי האָבען געהאַט, אַרויסצורייסען זיך אויף דער ליכטיגער וועלט אין די קאָסטיומען פון אדם הראשונ׳ס צייטען פאַר דעם „עץ־הדעת”...

— און ער האָט נאָך אַ צד מיט זיך, — וואונדערט זיך יונה. דן איז זיכער געווען, אַז זיין טאַטע איז דאָס מאָל אין טעות און ער האָט זיך אַביסעל פאַרשעמט פאַר דעם חבר.

דער דריטער חידוש איז געקומען, ווען זיי האָבען אַנטדעקט דאָס „קאַריטקעלע”, דורך וועלכען דאָס קויטיגע זייפען־וואַסער רינט אַרוים פון באָד און שלענגעלט זיך אין טייך אַריין. די גאַנצע וואָך שטעהט זיך דאָס ריטשקעלע אונטער דער באָד, רוהיג, אָהן אַ שימער, איבערגעצויגען מיט אַ זייפענשוים, באַדעקט דאָ און דאָרט מיט צעפּוילטע אָפּגעשלאָגענע בעזעמעל־בלעטלאַך, ווי ס׳וואָלט זיך געשעמט ווייזען דאָס פּנים... ס׳האָט זיי אָפּגעעקעלט...

מיט דער גאַנצער באָד זיינען די צוויי חברים געווען זעהר אומצופרידען. זי איז זיי געלעגען אין די ביינער און זיי האָבען געהאַסט די באָד, ווי אַ מענטש האַסט דעם טויט. דער פרייטאָג איז זיי געווען אַן אמת׳ע אָפּקומעניש. דער טאַטע שלעפּט אויף דער הויכער באַנק, פאַרעט און בריט מיט דעם הייסען בעזעמעל ווי מיט אַ פייערדיגען רייבאייזען... ווערען זיך? זאָל גאָט אָפּהיטען! דערלאַנגט נאָך דער טאַטע אַ פליעסק אויף דעם צעבריטען, פוכיגען אָרט ווי פונקען וואָלטען שפּריצען אויף דער רויטער הויט... ווערען זיך איז דאָך נאָך טויזענט מאָל ערגער...

ווינטער פאַרשעלטען זיי זיך גאַר דאָס געביין. דאָס אויסטאָן זיך און דאָס אָנטאָן זיך איז אַן אמת׳ע מיקע... דער פראָסט יאָגט אַרום ווי אין אַ „פּסאַרניע”, אַז דער קערפּער ווערט אַרומגענומען ווי מיט אַ קאַלטער בלעך... דאָס אויסגעשפּרייטע שטרוי אויף דער פייכטער, שוואַרצער ערד איז צוזאַמענגעפרוירען אין „זמערזליוועקעס”, אַז עס צופּט אין די פיס...

אָפט מאָל מוז מען אַרויפשלעפּען אויף זיך עמיצענס אַ געפּריזעט העמד, ווייל אי דאָס קויטיגע העמד, וואָס מען האָט אויסגעטאָן, מיט דעם העמד וואָס די מאַמע האָט מיטגעגעבען זיינען נעלם געוואָרען... דאָס אַנטועכץ, וואָס מען האָט איבערגעלאָזט אין אַ קלומיק אויף אַ באַנק איז צעוואָרפען און פאַרמישט. דאָס היטעל קען מען בשום אופן ניט געפינען. די שטיוועל, איינער אין

ליסי און דער צווייטער אין סטריסי, און אַמאָל מוז מען גאָר געהן אַהיים מיט שטיוועל, וואָס זיינען ביידע אויף איין פוס...

דן און יונה דערנעענטערען זיך צו דער באָד־קרעניצע, איבער וועלכער עס העננט אַ הויכער „זשוראַוועל", מיט וועלכען וואַסיל־גאַנטע פילט אָן פרייטאָג די באָד מיט וואַסער. זיי מעסטען אָפּ די הויכקייט פונ'ם „זשוראַוועל", וואָס וויגט זיך אין דערלופטען און סקריפּעט ווי ער וואָלט קרעכצען, נעמען בליקען אין דער טיף פון דער באָד־קרעניצע, וואָס דער „זשוראַוועל" ליידיגט אוים יעדען פריי־טאָג, כמעט ביז צום דנאָ.

די ברעטלאַך וואָס צאַמען אַרום די קרעניצע זיינען צעפוילט און שאָקלען זיך פון די נעגעל אַרוים,—אָן אמת'ער געפאַר פאַר די קינדער צוצורירען זיך צו זיי...

דורכ'ן פענסטער דערזעט דער בעדער ווי די צוויי ווייסע־חברה'ניקעס בויגען זיך איבער דעם ברונען — נאָך איין בויג און זיי פאַלען אַריין... האָט זיך דער בעדער געלאָזט צו זיי אויף די שפּיץ פינגער, אָנגעכאַפּט זיי ביי די קאָלנערס, דערלאַנגט יעדען פון זיי אַ טראַסק אין די פּלודערען און פאַריאָגט זיי פון ברונען.

פון דער ווייטענס האָט זיי דער בעדער געסטראַשעט מיט'ן פינגער:

— שקצים!... אייער פוס זאָל זיך דאָ מער ניט געפינען!...

— אין דיין טאַטענ'ס טאַטען! — מורמעלט יונה פאַרריכטענ־דיג דאָס היטעל אויפ'ן קאָפּ...

— שאַ!... ער וועט נאָך דערהערען, — וואָרענט דן דעם חבר יונה'ן.

## קאַרמאַליטעס קרעניצע

פון דער באָד צו „קאַרמאַליטעס קרעניצע" איז שוין גאָר ניט ווייט. פאַר די צוויי חברה איז דאָך היינט עפּעס אַ נייע וועלט — פריי ווי די פויגעל... וואָס שפּעטער וועט זיין, זאָל זיך גאָט זאָר־גען... קלערען וועגען דעם? עס קריכט זיי אפילו ניט אין דער לינקער פּיאַטע אַריין.

קאַרמאַליטעס קרעניצע, וואָס געפינט זיך ביים אַריינגאַנג צו דער אורבאַניוזקע, איז דאָך אַזאַ חשוב'ע. פון איר שלעפּען אַל־טער, נח און חיים טעלעגעס וואַסער, וואָס טרינקט אָן דאָס גאַנצע שטעטעל. צו דער קאַרמאַליטעס קרעניצע מאַכען אידען, איינגלאַך

און מיידלאַך, שבת נאָכ׳ן קוגעל אַ שפּאַציר צו שטילען דעם דאָרשט.
באַקענען זיך מיט דער קערניצע, מוז מען דאָך אַמאָל...

נעמען חברה שפּאַנען צו דער קערניצע מיט׳ן קירצסטען וועג. אויסצומיידען דאָס בריקעל, ווייל דאָס בריקעל איז תמיד בלאָטיג, טריקענט קיינמאָל ניט אויס. געהן מיט׳ן קירצסטען וועג, מוז מען אַריבערשפּרינגען די ריטשקע, וואָס שלענגעלט זיך אין טייך אַריין. שפּרינגען באַדאַרף מען אָבער קענען. אידישע קינדער ליגען אין חדר, קוועטשען די באַנק דעם גאַנצען טאָג, זייערע פיסלאַך זיינען שטייף, קענען זיי קוים איבער דער באַנק אַריבערלייגען. אָבער אַז מען איז שוין ביי דער ריטשקע איז ניטאָ קיין ברירה, מוז מען שפּרינגען... טוט מען זיך אַ לאָז מיט אַ געלויף. דער סוף איז, איינער בלייבט שטעקען אין ריטשקע מיט ביידע פיס און דער צווייטער פאַלט גאָר צוריק און ראַטשקעוועט זיך קוים אַרויס פון ריטשקע...

מען שאָבט די בלאָטע פון די פלודערען, מען רייבט זיי מיט גראָז, מען וואַשט די פיס, מען שווענקט די הענט. עס נעמט ניט לאַנג, די הייסע זון טריקענט אַלץ אויס...

דערגרייכט די קערניצע, פילען זיך חברה שטאָלץ ווי העלדען און אויך זיכער... ווייל מען טרעפט דאָרט אָן חיים וואַסערפירער.

דאָס וואָס זיי האָבען אָנגעטראָפען חיים וואַסערפירער ביי דער קערניצע אָנפילען די טעלעגע מיט וואַסער, האָט פאַרטריבען פון זיי דאָס לעצטע ביסעל שרעק, וואָס זיי האָבען געהאַט איידער זיי האָבען זיך דערנעענטערט צו דער קערניצע, וואָרים עס איז דאָך צווישען גוים. די קערניצע איז דאָך אין רשות פון די גוים. ווי קען מען זיך ניט שרעקען?...

פון חיים׳ען מיט דער טעלעגע נעמען די חברה ניט אַראָפּ די אויגען. חיים איז אויך אַ קברות-מאַן פון שטאָט, היטען זיך חברה אויס צו רעדען אַ וואָרט אין זיין געגענוואַרט...

דאָס אָנטראָגען פון די חברה מאַכט אויף חיים׳ען קיין שום ווירקונג, ווי ער וואָלט זיי גאָרניט אָנזען. חיים זעט איבערהויפּט קיינעם קיינמאָל ניט אָן. זיין פּרצוף איז תמיד פאַרגליווערט, זיין גרויע קאַלטענעוואַטע באָרד טוט זיך ניט אַ בויג, איז שטייף ווי אַ בעזים. דאָס היטעל אויפ׳ן קאָפּ פאַרשמאַלצעוועט, שוואַרץ ווי סמאָלע, איז ווי צוגעקלעפּט צום קאָפּ. די קאַמזויל צעשפּאָלטען פון הינטען, פאַרשפּיליעט פון פאָרענט, אודאי ניט צו פאַרנעצען דעם טלית-קטן.

ער ציט פון קערניצע קאַן נאָך קאַן, געשווינד קערט ער זיי אוים, איינס נאָך ס'אַנדערע אין „ליעקע" אריין וואָס שטעקט אין פאַס. דאָס פערדעל אָהן אַ באַוועגונג שטעהט און וואַרט ביז די טעלעגע איז אין איבערפלוס. אינסטינקטיוו, צו דער רגע, רייסט דאָס פערד אַרויס די טעלעגע פון קאַליוזש, נאָך איידער חיים האָט צייט אַרויפצוכאַפּען זיך אויף דער טעלעגע.

טאָג איין טאָג אוים, זומער און ווינטער, מעג דער דרויסען זיין ווי צאָרענדיג, שלעפּט זיך חיים מיט זיין טעלעגע פון שטוב צו שטוב, שווענקט די פעסער און פילט זיי אָן מיט פרישען קוואַל־וואַסער. די פּאָר גראָשען פאַר׳ן פעסל וואַסער מאָנט ער און מאָנט ביז ער ווערט ברוגז ניט נאָר אויף די באַלעבאַטים, נאָר אויך אויף דער גאַנצער וועלט...

דן און יונה קוקען נאָך חיים'ען מיט רחמנות'דיגע אויגען. און אַזוי קוקענדיג אויף אים ווי ער שלעפּט זיך איבער דעם בלאָטע־דיגען בריקעל מיט דער טעלעגע, דערזעט דן חיים'ען ביי אַ לויה און ער דערהערט אים שרייען: „צדקה תציל ממות!" מיט אַ שטימע וואָס וויל זיך בשום אופן ניט אַרויסרייסען פון האַלז, רייסט זיך תמיד איבער און ווערט פאַרשטיקט. אַ גרויל געהט דנ'ען אי־בער דעם לייב...

אַ יונג שיקסעלע מיט אַ קריגעלע אין האַנט קומט אָן. דנ'ס און יונה'ס אויגען בעטען ביים שיקסעלע דאָס קריגעלע. דאָס שיק־סעלע שמייכעלט צו זיי און דערלאַנגט דנ'ען דאָס קריגעלע. דן בויגט זיך איבער דעם ברונען, גולגעט אָן דאָס קריגעלע מיט וואַ־סער און ביידע חברים שלינגען דאָס פרישע קוואַל־וואַסער פון קריי־געלע, ניט פילענדיג אַפילו ווי דאָס וואַסער רינט איבער'ן מויל.

אויפ'ן שיקסעלעס פּנים'ל איז צעשפּרייט אַ ברייטער קינדישער שמייכעל.

שקצים, רייטענדיג אויף פערד, טרייבען שאָף און קי צו דער קערניצע, פּילען אָן די קאָריטע מיט פרישען וואַסער. די שאָף, די קי און די פערד מיט די לאָשעקלאַך, טרינקען זיך אָן, ווערען ווילד, ניט איינצוהאַלטען זיי, יאָגען און בריקערען אַוועק פון ברו־נען און פאַרשווינדען צווישען גרינע בוימער און אין פּולען שטאָל אַריין...

שיקסעס, מיט רויטע באַקען, פולע ברוסטען, מיט שניי־ווייסע העמדער און פאַרשטעקטע קאָלירטע ספּאָדניצעס, שעפּען עמערם

וואסער, פארטשעפּען זיי אויף קראַמיסלעס ווי וואָג־שאָלען אויף א שטאַנג, און וויגען זיך אַוועק מיט געצעהלטע און רוהיגע טריט...

— און ביי אונז, — באַדויערט דן, —איז דאָס וואסער אין פּאַס קאָלעמוטנע.

— פּאַוואָליע מוז מען אָנשעפּען, ניט קלויצע דאָס וואַסער, — שרייט די מאַמע. און פאַלט חלילה אַ שפּין אין פּאַס וואסער אריין... וויגט זיך גאָר די וועלט... דאָס וואסער מוז מען אויס־גיסען... — זוך אוים דעם וואַסערפירער — שרייט די מאַמע — ווער קען זיין אַ טאָג אָהן וואַסער?... — און דן ברומט דעם וואַ־סערפירער'ם לידעל:

דער וואַסערפירער
אָט איז ער דאָ
אָט איז ער דאָרט
יאָג אים נאָך
פון אָרט צו אָרט.
אָט זאָגט ער שפּעטער
אָט זאָגט ער מאָרגען.
פאַר אַ טרונק וואַסער
מוזען אידען זאָרגען.

---

אַז ביי דער קרעניצע איז די חברה אַלץ אָפּגעגאַנגען גלאַטיג, און אַזוי ווי די זון איז נאָך געווען אַלץ הויך, און פון אַהיים געהן האָט נאָך קיין רייד ניט געקענט זיין, וואָרים עס האָט דאָך ניט געהאַט קיין זין אַהיים צוקומען פאַר דער צייט, האָט זיך ביי חברה דערוועקט אַ חשק אַריינצולאָזען זיך טיף אין דאָרף אַריין, צו באַקענען זיך מיט דער אורבאַניוווקע. מען האָט ניט פיל געקלערט און מען האָט זיך גענומען שלעפּען באַרג אַרויף...

האָט מען דערשפּירט אַ הונט איז מען געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער און מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם. זייער גליק איז געווען, וואָס זיי זיינען געווען באַרוועס, מיט די קאַפּאָטקעלאַך אַרונטער־געצויגען. טראָגענדיג די קאַפּאָטקעלעך אויף די אַקסלען האָט זיך זייער אויסזען וויניג וואָס אונטערגעשיידט פון דער אורבאַניוווקעס שקצים'לאַך און דערפאַר איז זיי דערוויייל געלונגען אויסצומיידען בייזע הינט.

וואוהין זיי האָבען זיך ניט אַ קער געטאָן, איז זיי איבערגעגאַנ־גען דאָס האַרץ. בוימער אָהן אַ שיעור, מיט שוואַרצע קאַרשען, מיט רויטע מאַרעלען, מיט בלויע פלוימען, מיט געלע באַרנעס, רויטע עפּעל... גערטנער און גערטנער איינגעטונקען אין אַלערליי גרינ־סען: מעערען, בריקוועס, קוקורוזעס און מאַקעוועקעס אויף דינענקע הויכע שטעקעלאַך הוידען זיך און וויגען זיך ווי קליינע קוקלעלאַך — כאָטש נעם און שלינג... דער נסיון איז גרויס און שווער בייצו־שטעהן. זיי האָבען אָבער ניט געוואַגט אָנצורירען אַ בלעטעל. פון דערווייטענס זעט זיך די „שקאָלע", האָבען זיי חשק דערנעענטערען זיך צו איר.

דערנעענטערענדיג זיך צו דער „שקאָלע" האָבען זיך חברה גענומען רוקען ענג איינס לעבען ס'אַנדערע, אָפּטרעטענדיג איינס ס'אַנדערע די פיס, געשטעלט זיך אויף די נעגעל, געשטרעקט די העלזער, געקוקט איבער'ן פּלויט, געגאַפט, ווי זיי וואָלטען פלוצים דערזען דעם „קייסער'ס פּאַלאַץ" אליין...

— דאָס איז די „שקאָלע"? האָבען זיי גאַפּענדיג אַרויסגע־שטאַמעלט, ניט גלויבענדיג זייערע אייגענע אויגען...

פון „שקאָלע" האָבען זיך גענומען אַרויסלאָזען שילער און שי־לערינס: דעם פריץ'עס קינדער, דעם פּריסטאַוו'ס קינדער, דעם אוריאַדניק'ס קינדער, דעם אַקציזניק'ס קינדער, דעם מאַנאַפּאָל־טשיק'ס קינדער, דעם אַפּטייקער'ס קינדער, דעם גלח'ס קינדער, דעם צלם־מאכער'ס קינדער און נאָך קינדער מיט פריצישע קנעפּ... די שילער, אין גרויע רעקלאַך, היטעלאַך מיט גלאַנציגע דאַשעקלאַך, אַלע שטאָלץ, ווי די וועלט וואָלט באַלאַנגט צו זיי...

בכדי אויסצומיידען שפּאָט און געלעכטער פון די שילער, האָבען זיך די צוויי חברים פאַררוקט אונטער אַ פּלויט, די שילער זאָלען זיי ניט דערזען.

דן און יונה האָבען נאָכגעקוקט די שילער מיט זשעדנע אויגען...

די צוגעפּוצטע שיכעלאַך און קאַמאַשעלאַך פון די שילער האָבען געטריבען דנ'ען און יונה'ן באַטראַכטען זייער אייגענעם הולך, זייערע באָרוועסע און צעדראַפּעטע פיס...

די שילערס געפרעסטע און געפּאַסטע הויזעלאַך האָבען גע־צוואונגען דנ'ען און יונה'ן אומאַבוואוסטערהייד אַריינצושטעקען די הענט אין די ברייטע, פאַרלאַטעטע הויזנקעשענעס, צעציענדיג זיי נאָך מער, צו דערפילען דעם גרויסען אונטערשייד פון זייערע פלודערען און די שילערס הויזעלאַך.

די געשווירענע קעפּעלאַך פון די שילער האָבען זיי דערמאַנט אין די טרעף אויפ'ן קאָפּ און אין די לאַנגע פאות וואָס די מאַמע האָט איבערגעלאָזט, ווען זי האָט אָפּגעטשיקעט די האָר. זיי האָבען באַטאַפּט די לאַנגע פאות, אָרונטערגעשלעפּט די צעקאָרטשעטע היטלען, ווי זיי וואָלטען געהאַט דעם „פּאָרך״, און מורא געהאָט עמיצער זאָל דאָס היטעל ניט אַראָפּכאַפּען פון קאָפּ און אויפדעקען די חרפּה...

זיי זיינען פּלוצים געוואָרען אַזוי קליין ביי זיך, אַזוי נישטיג געגען די שילער. זיי האָבען נאָכגעקוקט די שילער מיט קנאה, אָבער מיט ליבשאַפט אין די הערצער...

אַביסעל שפּעטער, ווען די שילער זיינען שוין געווען ווייט אַוועק, איז דער „אוטשיטעל״ אַרויסגעקומען פון דער „שקאָלע״. דאָס איז געווען אַ קאַצאַפּ פון דער פרעמד. אַ מענש פון ריזענגעוואוקס, מיט אַ רונד-געשווירענער שוואַרצער קודלע, מיט גרויסע שוואַרצע וואָנצעס. ער איז געווען אַנגעטאָן ווי אַ יעגער, געהאַלטען אַ ביקס אונטער'ן אָרעם. דאָס האָט ער זיך געלאָזט געהן צום „אָטפּוסט״ אויף געיעג.

מיט אים איז אַרויסגעקומען פון „שקאָלע״ אַלעקסאַנדער קאָוואַק מיט אַ יעגער-טאַש ביים זייט.

ווען אַלעקסאַנדער האָט דערזען די צוויי אידישע „לאַפּאַצאָנעס״, פאַררוקט אונטער'ן פּלויט לעבען דער „שקאָלע״, האָט ער אַ טופע געטאָן מיט די פיס און אויסגעשריגען: — פּאָשאָל! זשידאָווסקאַיאַ כאַראַ!...

די צוויי אידישע קינדער האָבען אַ רגע ניט געוואַרט... גענומען לויפען פאַר זייער לעבען...

דעם „אוטשיטעל'ס״ הונט און די הינט פון דער אורבאַניוויקע האָבען זיך אַרויסגעריסען פון די פּאָדווירעס און זיך אַ לאָז געטאָן נאָך די צוויי אידישע קינדער, ווי זיי וואָלטען נאָכגעלאָפען אַ ווילדע חיה אין געיעג...

דן האָט פאַרלוירען דאָס קאַפּאָטקעלע, יונה'ן איז אַראָפּגעפאַלען דאָס היטעל פון קאָפּ. דנ'ען האָט אַ הונט אַנידערגעשליידערט צו דער ערד, שיעור ניט אַרויסגעריסען אַ שטיק פלייש פון פוס...

זייער מורא'דיגער געשריי: — מאַמע! מאַמע! — האָט אַזש אויפגעוועקט אַלטער וואַסערפירער, וואָס האָט גראַד דעמאָלט אָנגעפילט די טעלעגע ביי דער קאַרמאַליטעס קרעניצע. אַלטער

האָט געלאָזט שטעהן די טעלערע, געכאַפּט די בייטש, און זיך גע-לאָזט לויפען באַרג אַרויף צו ראַטעווען אַ אידיש קינד...

דן איז אים אַריינגעפאַלען אין די הענט, בלוי ווי אַ מילץ, קוים וואָס ער האָט געזשיפּעט, אַ האַלבער הויז איז געווען אָפּגעריסען ביי אים, פון פּוס האָבען זיך שטראָמעלאַך בלוט געשלענגעלט. יונה האָט זיך באַהאַלטען אונטער אַלטער'ן ווי אונטער דער מאַמע'ס פאַרטוך...

— ממזרים! גנבים! ווי קומט איר אַהער?! — האָט אַל-טער אַ טרעבער געטאָן די קינדער, — די תליה האָט איר דאָך די ווערט... ווי קומט איר אַהער?!... די רגע זאָל זיך אייער דוך דאָ ניט געפינען!...

די חברה האָבען גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און אַוועק...

אַלטער האָט זיי נאָכגעקוקט מיט גרוים רחמנות... קוקענדיג אויף זיי, האָט ער זיין אייגענע כאַפּטע קינדער דערזען, איינס שמוציגער פאַר'ן אַנדערען, מיט אומריינע קעפּלאַך, באַרוויסע, מיט פאַרשטאָכענע פיס, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, וואַלגערען זיך אין גרוב, וואָס אונטער זיין שטיבעל, צווישען מיסט און פוילער נבלה...

דערזעענדיג איינעם פון די צוויי חברה אַהן אַ היטעל און דעם צווייטען אַהן אַ קאַפּאָטקעלע, איז אים איינגעפאַלען, אַז זיי האָבען געמוזט זיי פאַרלירען אין געיעג מיט די הינט. אַלטער האָט דער-פילט וואָס עס הייסט פאַר אַ טאַטען מאַכען אַ קאַפּאָטקעלע און קוי-פען אַ היטעל, ווען עס קומט אָן דער ערב פסח...

ער האָט זיך געלאָזט באַרג אַרויף נאָכאַמאָל, גלאַט אַ קוק צו טאָן, און ער איז געוואָרען מלא-שמחה, ווען ער האָט געפונען אי דאָס קאַפּאָטקעלע אי דאָס היטעל.

דער „אוטשיטעל" מיט אַלעקסאַנדער'ן זיינען אָנגעקומען:

— וואָס זוכסטו, אַלטער? פאַדקאָווע פון גע'פּגר'טע פערד?

— האָט אַלעקסאַנדער אַ שטאָך געטאָן אַלטער'ן. שפּאַס און גע-לעכטער האָבען זיך צעשפּרייט אויף זייערע רויטע פּנים'ער.

אַלטער האָט געוואוסט ווי אָפּצעווישען אַ שפּיי אין פּנים אריין און מאַכען אַ שווייג...

אַלטער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָבען זיי אָנגעשראָקען די צוויי קינדער און פאַריאָגט מיט די הינט. ער האָט זיך ניט הערענ-דיג, ניט זעענדיג און ניט וויסענדיג געמאַכט...

פאַרבייגעגאַנגען איהם האָט זיי אַלטער נאָכגעקוקט אַ געקריוו-דעטער, אַ באַליידיגטער... ער האָט געקוקט אויף דער ריזענ-

פיגור פון „אוטשיטעל" מיט דעם רויטען קארק און אין א שווארצען לעדערנעם פידזשאַק, ווי אין אַ פּאַנצער אָנגעטאָן, מיט שטיוועל ביז'ן דיך, די ביקס מיט אַ רימענט פארצויגען אויפ'ן אַקסעל — און אויף אַלעקסאַנדערן מיט ברייטע הויזען, שטיוועל מיט געקאָרטשעטע כאַליוועס און הויכע אַפּצאַסען, ארומגעגארטעלט מיט א רויטען גארטעל, מיט זיין סאָלדאַטסקי היטעל אויף דער זייט. ביידע האָבען געשפּאַנט, געשטעלט פיס פּאַ סאָלדאַטסקי, מיט די ברוסטען פאָראויסגעשטעלט, ווי אַלץ אַרום זיי וואָלט געשאַפען גע־וואָרען נאָר פאַר זיי...

אַלטער איז געשטאַנען מיט געבויגענע קני און באַקוקט זיך אליין. — יאָ ! — האָט ער א טראַכט געטאָן — פון וועטשערע דאַר־פען זיי שוין ניט זאָרגען, פון שבת מאַכען דארפען זיי ניט קלערען. אפילו די פויגעל אין דער לופטען האָט מען זיי צוגעטיילט, אלץ איז זייערס, די גאַנצע וועלט געהערט צו זיי...

אַלטער האָט אויף גיך אָנגעפילט די טעלעגע, דעריאָגט די צוויי חברה, צוגעוואָרפען איינעם דאָס קאַפּאָטקעלע, דעם צווייטען דאָס היטעל און מיט דער בייטש זיי געדראָט...

דן האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס קאַפּאָטקעלע און יונה דאָס הי־טעל, ווי נייע נשמות וואָלט אריין אין זיי ביידע...

זיי האָבען שוין גאָרניט געוואוסט ווי גיך זיך אַפּצוטראָגען...

# אינגנאָך

אָבער וואוהין טראָגט מען זיך אָפּ, ווען די זון איז נאָך הויך, דער טייך פאַר זייערע אויגען בליאַסקעט און שפּיגעלט און יונגוואַרג פּילדערט און פּליעסקעט זיך אין קילען פרישען וואַסער ?

וואָס פאַר אַן אומגליק עס זאָל ניט געשען צו קינדער, בלייבען זיי אַלץ ניט נידערשלאָגען אויף לאַנג, פאַרגעסען באַלד אַלץ...

צוגעקומען אונטער יוזפ שוסטער'ס שטיבעל, וואו דאָס אַנטועכץ פון די קינדער וואָס האָבען זיך געבאָדען אין טייך איז געלעגען צע־שפּרייט אין קלומקעלאך, ציען דן און יונה אראָפּ פון זיך די פּלודערען מיט די לייבצודעקלאך און די העמדלאך, לעגען זיי אוועק איינס לעבען ס'אַנדערע און לאָזען זיך מיט אַ געלויף אין טייך אריין.

ביים ברעג טייך איז שטענדיג אַ טיפע בלאָטע, אז פערד ראַטש־קעווען זיך קוים אריין און ארוים. זוכען חברה אַ טרוקען אָרט

ווירעמער אריינצוגעהן אין טייך און שפּאַנען אַוועק אַביסעל ווייטער פון׳ם אַריינגאַנג.

דן און יונה פאַרגעסען וואָס מיט זיי איז געשען זינט זיי האָבען זיך אַרויסגעכאַפּט פון חדר, טאַנצען און שפּרינגען אין וואַסער, קוליען זיך איבער, פּליסקען זיך און שפּריצען אָפּ איינס ס׳אַנדערע, פּרובירען אויך אַ שווים צו טאָן... קינדער!... ס׳איז זייער וועלט...

איגנאָך, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט אָפּגעדונגען דעם טייך און ניט געלאָזען באָדען זיך אין אים, איז פּלוצים פון דער העלער הויט אָנגעלאָפען פון בריקעל מיט אַ בייטש אין האַנט, צונויפגענומען די קינדער׳ס אָנטועכץ, וואָס איז געלעגען צעשפּרייט אונטער יוזף שוסטער׳ס שטיבעל, אַריינגעוואָרפען די קלומעקלאַך אין דער טיפער בלאָטע און פאַרטאָפּטשעט מיט די טשאָבאָטעס...

דערזעהענדיג דאָס האָבען די קינדער זיך געלאָזט אַרויסלויפען פון טייך. זיי זיינען אבער ניט דערלאָפען צום ברעג. איגנאָך מיט דער בייטש, ווי אַ תליון, האָט זיי צושראָקען אויף טויט. זיינען זיי געבליבען שטעהן אין טייך, ניט ווייסענדיג וואָס צו טאָן. ווען איג־נאָך האָט זיך געכאַפּט וואַרפען שטיינער אויף זיי, זיינען די קינדער אַוועק נאָך ווייטער אין טייך אריין.

און איגנאָך האָט זיך אַוועקגעזעצט פאַר׳ן אַרויסגאַנג פון טייך און געוואַרט...

די קינדער אין וואַסער האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט אויף איין אָרט, געקוקט שטום איינס אויף ס׳אַנדערע... אייניגע האָבען זיך צעוויינט... אַנדערע האָבען געציטערט פון קעלט און פאַר שרעק...

— וואָס וועט איצט זיין?!... מיט די קינדער האָט געוואָרפען אַ צאָן אין אַ צאָן... זיי האָבען זיך געטוליעט איינס צו ס׳אַנדערע ווי אַ צעשראָקענע טשערעדע שעפעלאַך... און איגנאָך זיצט און וואַרט. אויף וואָס וואַרט ער?! — וואָס וועט ער טאָן מיט זיי?!... וואָס וואָלט ער געוועזן געטאָן מיט זיי? צעשניטען אין פּאַסעס מיט דער בייטש, פאַרטאָפּטשעט אין דער בלאָטע מיט די פיס...

די קינדער זיינען אָבער ניט אַרויסגעגאַנגען פון טייך, זיי זיינען בלוי געוואָרען פון קעלט און ניט אַרויסגעגאַנגען. זיי האָבען געוואוסט ווער איגנאָך איז און געוואַרט אויף עפּעס אַ נס...

איגנאַכ׳ן איז נמאס געוואָרען צו זיצען און וואַרטען די קינדער זאָלען אַרויסקומען. ער האָט נאָך אַמאָל אַ שליידער געטאָן עטליכע

שטיינער אויף זיי און איז אוועק מיט׳ן וועג, וואס פירט צו דער אורבאניוווקע. די קינדער זיינען ארוים פון וואסער, ארויסגעשלעפט זייערע, קוים געפונענע אנטועכצען פון דער בלאטע, אויסגעשווענקט און נאסערהייט ארויפגעצויגען אויף זיך.

די קינדער האבען יענעם זומער־טאג קיינמאל ניט פארגעסען. איצט ליגען זיי אין א ברודער־קבר אויפ׳ן פעלשטינער בית־עולם מיט׳ן אנטועכץ און מיט אלץ.

## די שריפה אויף דער אורבאניוווקע

דעם זעלבען זומער, אין א שבת, האבען שקאצימלאך זיך געשפילט מיט שוועבעלאך און אונטערגעצונדען א כאטע אויף דער אורבאניוווקע.

די גאנצע אורבאניוווקע איז איינגעוויקעלט געווארען אין א וואולקאנישען פלאם. די שטרויענע דעכער, די סטערטעס תבואה, די גרינע פרוכט־ביימער — אלעס האט געפלאקערט. בהמות און עופות האבען ניט געהאט וואו זיך א קעהר צו טאן. זיי זיינען ארומגעלאפען, געפלויגען צעווילדעטע. מאנכע זיינען פארכאפט געווארען פון פייער.

פויערטעס האבען זיך געשטעלט מיט זייערע איקאנעס קעגען די פלאמען. אידען האבען מחלל־שבת געווען, זיינען אריין אין דער אורבאניוווקע צו ראטעווען די גויים׳ס האב און גוטס.

דן און יונה צוזאמען מיט נאך פיעל אידישע קינדער האבען געטריבען די גוי׳אישע בהמות אין שטאט אריין.

די וואסערפירער — אלטער, נח און חיים — האבען מחלל־שבת געווען, איינגעשפאנט די טעלעגעס, אנגעפילט זיי איינע נאך דער אנדערער און אריין מיט זיי צווישען די גהינום׳שע פלאמען.

וויפיל שטיבער, פערד און בהמות עם זיינען אין יענעם פייער אפגעראטעוועט געווארען אויף דער אורבאניוווקע, מעג עס צוגע־שטעלט ווערען צו דער העלדישקייט פון די מחלל־שבת׳דיגע וואסער־פירער.

נח וואסערפירער האט ניט דערלעבט צו זעהן ווי די גויים האבען אפגעצאלט די וואסערפירער פאר יענעם מסירת־נפש.

חיים וואסערפירער איז געפאלען א קרבן אין פאגראם.

אַלטער וואַסערפירער האָבען די רוצחים אריינגעוואָרפען אין טייך אריין דערטראָנקען צו ווערען. אלטער האָט זיך ארויסגע-ראַטשקעוועט פון טייך, קוים דערשלאָגען זיך אהיים און אויסגע-הויכט דעם לעצטען אָטעם...



## יונה בוים

# אַ פאַרלוירענער חסיד



ס איז אָנגעקומען א ידיעה אז דער הייליגער רבי קומט צו גאַסט קיין פּעלשטין.

דאָס איז געווען סוף ווינטער, ווען די פרעסט ווערען מילדער, ווען דער פּאַרהאַרטעוועטער שניי ווערט ווייכער און הויבט זיך שוין ביסלעכוויז אָן צו שמעלצען, און אָפּרינען אין די טיפע אָפּגרונטען.

בליץ־שנעל האָט די ידיעה זיך צוטראָגען איבערען גאַנצען שטעטל. עס האָט גענומען רוישען און רעש׳ן ווי פאַר א יום־טוב...

קינד־און־קייט האָבען אומגעדולדיג געוואַרט אויף דער שעה פון זיין אָנקומען.

„דן תקיף״, מרדכי לייב׳ס צעהן יאָהריגער זוהן, האָט גאָר פאַר־לוירען זיין קאָפּ...

דן האָט זיך אָנגעהערט מיט אַלערליי שמועסען און מיט פיל וואונ־דער־מעשיות וועגען דעם הייליגען רבי׳ן. די געהויבענע שטימונג, די פרייד וואָס האָט גענומען הערשען צווישען חסידים און צווישען פּראָסטען עולם, כמעט אָהן אויסנאַם, דאָס יאָגען, דאָס גרייטען זיך פון אַלערליי פאַכען מענשען צו פאָרען דעם רבי׳ן אַנטקעגען — דאָס אַלעס האָט ארויסגערופען ביים יונגענקען דן׳ען אַזאַ טיפען באַגער אַנטייל צו נעמען אין דער „רייזע״ אַנטקעגען רבי׳ן, אז ער האָט, ניט קוקענדיג אויף אַלע אוממעגליכקייטען, אָפּגעמאַכט ביי זיך: זיין פון די ערשטע אויף אָפּגעבען דעם רבי׳ן שלום עליכם און כאַפּען א בליק אויף זיין ליכ־טיגען פּנים, אויף וועלכען די באָבע, רוהען זאָל זי אין גן־עדן, פלעגט דערצעהלען, אז די שכינה רוהט אויף דעם.

איי, שנעק דו איינער! באַטראַכט דיין הילוך: נאַקעט און באָר־וועס... ס׳איז ווינטער... די מאַמע וועט שרייען, דער טאַטע וועט שלאָ־גען... און אויף וואָס וועסטו פאָרען? אויף דער ווייסער ציג?...

וועגן דעם אַלעם האָט דן אַפילו א טראַכט ניט געטאָן...

איהם האָט זיך אויסגעוויזען: בלייבט ער אין דערהיים, אין דעם טאָג פון רבינ'ס אָנקומען, לאָזט זיך איהם דאָס חיות אויס, געהט ער ממש פון זינען ארונטער. איהם האָט אזוי געצויגען צום הייליגען רבי'ן!... ער האָט געוואָלט וואָס גיכער זעהן דעם רבי'ן, ווייל ער האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט אזוי שעהן, אז טאקע נאָר אין א קינדערשער פאנטאזיע קען אזא שיינקייט אויפשיינען.

דער רבי איז יענעם מאָל אָנגעקומען פרייטאג. פרייטאג פלעגען די מלמדים צעלאָזען די חדרים פאר'ן אָנבייסען. פאר דעם פרייטאגדיגען אָנבייסען, ווען פעלשטינער אידען ערלויבען זיך עסען ראָסעל פלייש, האָט זיך דן ארויסגעלאָזען איבער'ן שטאָט, געלאָפען ווי א פארסמ'טער, אויפגע־זוכט חבר נאָך חבר, וועמענס פאָטער ס'האָט פארמאָגט א פערד און שליטען, און איהם אויסגעפרעגט—צו זיין טאטע נעמט איהם מיט באַגעגענען דעם רבי'ן. און ווען א חבר האָט איהם פארזיכערט, אז „יאָ", האָט איהם דן צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, אפילו דעם גאנצען ווארעמעס פון א גאנצער וואָך, וועט ער איהם אוועקגעבען, ווען ער וועט פועל'ן ביי זיין פאָטער, אז ער זאָל איהם, דן'ען, אויך מיטנעמען...

די גאָלדענע בערג וואָס דן האָט דעם חבר צוגעזאָגט, האָבען דעם חבר ווייניג וואָס גענומען. א ווארעמעס איז טאקע געווען א חשוב'ער ביסען, אָבער קיינער פון זיינע חברים האָט ניט גיעוואגט זיך איינשטעלען צו בעטען זיין טאטען, אז ער זאָל דן'ען אויך מיטנעמען, פאר מורא, אז דער טאטע זאָל נאָך איהם אליין אין דערהיים ניט איבערלאָזען.

דער חבר דערצעהלט דן'ען, אז אזוי פיעל אידען האָבען זיך אָנגעלייגט אויף זיין טאטען ער זאָל זיי מיטנעמען, אז ער האָט מורא דער שליטען זאָל זיך מיט אלעמען ניט צו שיטען אין מיטען וועג...

דן האָט זיך דעם פרייטאָג געוואָרגען מיט'ן אָנבייסען, כאָטש דאָס איז געווען דער ראָסעל פלייש פון דער וואָך.

דער פאָטער האָט דעם פרייטאָג געמוזט געהן אין באָד אריין אָהן איהם, דען דן איז ווי אין וואסער אריין...

דן האָט געזען אָפפאָהרען שליטען נאָך שליטען, אָנגעפאָקט מיט אָנגעפעלצטע, פרעהליכע אידען, ווי מחותנים וואָס לאָזען זיך ארויס אויף א חתונה, אז ס'האָט איהם אזש גענומען שווינדלען פאר די אויגען.

צו זיינע חברים וואָס זענען געפאָרען מיט זייערע טאטעס, אין קאָלדרעס איינגעוויקעלט, האָט זיין קנאה זיך אזוי צוברענט, אז ס'האָט אים אזש אָנגעהויבען צו שפּרינגען דאָס הערצעל...

ער האָט זיך גאָר קיין עצה ניט געקענט געבען. אונטערגעבען זיך, איז אָבער ניט געווען דן תקיף'ס טבע. איהם איז ארויף אויפ'ן געדאנק

אז ער קאָן געהן צו פוס... דעם וועג דאַרף מען איהם ניט ווייזען. ער ווייסט וואו זיי וועלען זיך אָפּשטעלען: אין טאָהל, לעבען דער גרויסער מיהל. דאָרטען וואו ער געהט זומער מיט אַ קאָמפּאַניע חברים זיך באָדען. ער וועט דורכשניידען די פעלדער אַזוי ווי זומער, ווען ער געהט זיך באָדען, און ער וועט אָנקומען נאָך גיכער, ווי זיי אַלע מיט זייערע פערד און שליטענס...

ניט־ווילענדיג אָבער, זענען זיינע אויגען דאָך געפאַלען אויף זיינע צוריסענע שטיוועל און אויף זיין אָפּגעטראָגענעם פּיזשאַקעל, וואָס די מאַמע האָט איבער געניצעוועט פון איהרען אַן אַלטען מאַנטעל, פון וועל־כען די קנעפּ זענען שוין לאַנג געוועזן אויסגעריסען מיט'ן געוואַנט... און איהם איז ביטער געוואָרען אויף'ן האַרצען... זיין צער איז געוועזן אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך שיעור ניט צעוויינט.

מיט זיינע שטיוועל האָט ער פאַר קיין פאַל ניט געטאָרט זיך לאָזען אין וועג אַריין. ער האָט זיך אָבער ניט אונטערגעגעבען.

ער איז אַריין אין שטוב. דער טאַטע איז נאָך געוועזן אויף'ן מאַרק. די מאַמע, פאַרטאָן מיט איהר שבת מאַכען, איז געוועזן צו פאַרנומען, אַז זי זאָל אויף איהם עפּעס באַזונדערס באַמערקען.

בגנבה האָט ער אַזוי דורכגענישטערט די גאַנצע שטוב, ווע־לענדיג געפינען עפּעס אַ בגד, וואָס זאָל איהם פאַרהיטען פון קעלט. צום באַ־דויערען אָבער, איז פּשוט גאָרניט געוועזן וואָס צו געפינען.

פיהלענדיג אַז די צייט שטעהט ניט, האָט ער שוין גאָר גענומען פאַר־לירען זיין געדולד. ער איז אַרויס פון שטוב, אַרויפגעקלעטערט אויף'ן בוידים און דאָרטען ווידער געזוכט און גענישטערט בגדים פאַר זיין נסיעה...

ער האָט אַראָפּגעצויגען אַלץ, וואָס עס האָט געהאַנגען אויף די באַנטעם, אַפּירגעשלעפּט וואָס נאָר עס איז געלעגען פאַרשטעקט הינטער די סטריכעס, אויפגעבערעט דאָס גאַנצע מיסט, וואָס האָט זיך אויף דעם בוידים אָנגעקליבען אפשר אין אַ משך פון הונדערט יאָהר, און אפשר נאָך מעהר, אַזוי אַז די מייז האָבען צושראָקענע גענומען לויפען פון איין ווינקעל צום אַנדערען און פון איין לאָך צו דער צווייטער...

צווישען די פילע פאַרוואַלגערטע שמאַכטעס, וואָס ער האָט אַפּיר־געגראָבען פון זייער לאַנג־יאָהריגען קבר, האָט ער קוים אויסגעקליבען: אַ פּאָר צוריסענע שטיוועל און אַ קאַפּטען אָן אַרבעל...

קוקענדיג אויף די שטיוועל און אויף'ן קאַפּטען, האָט זיך איהם זעהר ניט געגלוסט אַרויפצוציהען זיי אויף זיך. ער האָט אָבער קיין אַנ־דער ברירה ניט געהאַט: ער האָט געמוזט וואָס גיכער לויפען, כדי ניט צו פאַרשפּעטיגען.

איין שטיוועל מיט אַן אָפענעם מויל, האָט ער שטאַרק ארומגע־קרעמפּעוועט מיט אַ שטריק. נאָכדעם האָט ער אָנגעשטאָפּט ביידע שטי־וועל מיט שטרוי. ער האָט אראָפּגעשלעפּט אַ פּילקע פון'ם פּסח'דיגען געפעס, צוריסען אויף צווייען און ארומגעוויקעלט זיינע פיס אזוי דיק, אַז ער האָט די שטיוועל, אויף זיינע קליינע פיס, קוים ארויפגעצווינגען.

מיט דער באָבעס קאַפּטען האָט ער זיך איינגעוויקעלט און מיט אַ שטריק זיך שטאַרק ארומגעגאַרטעלט. און אום די מאַמע זאָל איהם ניט דערהערען און אויך ניט דערזעהן, איז ער פון בוידים שטיל אראָפּ־געקראָכען און בגנבה פון שטוב ארויס.

מיט ברייטע שפּאַן האָט ער זיך געלאָזען געהן דורך די הינטער געסלאַך פון שטאָט ארויס, דאַן דורכ'ן דאָרף... דאָ האָבען די הינט — עפּעס אזוי ווי זיין אויסזעהן וואָלט זיי געררייצט — איהם גענומען אויף גאָר אַ מיאוס'ן אופן ארויסבאגלייטען... די שקצים'לאך, האָבען איהם געהאַלטען אין איין באַווארפען מיט שניי און נאָכגעשריהען: „זשיד כאָלאָמיי"... ער וואָלט זיכער געווען מיאוס אָפּגעשניטען, ווען ניט זיין שטעקען, וואָס איז געווען לענגער פון איהם... דעם שטעקען האָט ער פון בוידים מיטגענומען... ער איז קוים אַ לעבעדיגער פון דאָרף ארויס...

אויפ'ן פעלד האָט אַ שטאַרקער ווינט געשלאָגען איהם אין פּנים אריין. דער שניי איז געווען אביסעל צולאָזט אָבער זעהר טיעף. דן האָט געבראָ־דזשעט אין דעם טיפען שניי, אַז אַ שוויים האָט איהם באַזעצט, ווי אין אַ הייסען זומער טאָג.

דעם קאַפּטען, איז איהם געוואָרען שרעקליך שווער צו דערטראָגען און ער האָט זיך געוואָלט פון איהם באפרייען. ער האָט אָבער ניט גע־וואַגט, מורא האָבענדיג פאַר אַ פאַרקילונג. ער איז שוין דעם ווינטער געהאַט געוועזן ביטער פאַרקעלטערט.

דן האָט געשפּאַנט און די פאַרע האָט געזעצט פון איהם. זיינע אויגען זיינען געווען אָנגעשטעלט אויף יענעם פּלאַץ, וואו כמעט דאָס גאַנצע שטעט־טעל מיט אידען זענען שוין געווען פאַרזאַמעלט צו באַגעגענען דעם רבי'ן...

ער זעהט דעם עולם ביים בארג, די שליטענס צושטעלט, ווי אין מאַרק אויף אַ יאַריד. אַ סך אידען שטעהען אין רעדלאַך ביי דעם בארג. אַנדערע — אויפ'ן בארג; אייניגע שפּאַצירען גאָר ארום און קלאַפּען איין פוס אָן אַן אַנדערען. אין דער לופטען טראָגט זיך אַ „הו־האַ" פון דער שוואר־צער מאַסע...

צוקומענדיג נעהנטער צום עולם, האָט אים פּלוצים אָנגעהויבען טיאָכקען דאָס האַרץ. ער האָט גענומען מורא האָבען, טאָמער וועלען די יונגע לייט, וואָס געפינען זיך דאָרטען, פון איהם חוזק מאַכען, גוט אָנזידלען

און אפשר נאָך פאַרטרייבען ווי אַ הונט. און דערצו נאָך קאָנען זיי זיין טאַטען דערצעהלען, און פאַר איינגעמען חרפות ובושות פון איהם, פלעגט זיין טאַטע, מרדכי לייב דער הויכער, איהם פשוט ממית׳ן...

די פיס זענען איהם אונטערגעהאַקט געוואָרען. ער האָט פאַרלאָ־רען דעם חשק צו דערנענטערען זיך.

אין דעם אויגענבליק האָט די מאַסע פון באַרג גענומען לויפען אַרונטער, מיט אַ ווילדען ליאַרם, וואָס האָט אויפגעציטערט די פראָסטיגע לופט.

גלייך נאָכדעם, האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פון אַ גלאָק, און טאַקע באַלד, האָט זיך אויפ׳ן באַרג, קעגען דער פאַרנאַכטיגער זון, באַוויזען אַ בליאַסקענדער שליטען, מיט פיר פאַנסקע פערד נאַ־שפּיץ, יאָ־גענדיג באַרג אַראָפּ פייל אויסן בויגען... און ווען דער שליטען איז שטעהען געבליבען, זענען איהם די אידען ווי די ביהנען באַפאַלען...

דערזעהענדיג אַזאַ סצענע האָט שוין דן גאָרניט געוואוסט וואָס פריהער צו טאָן.

מיט דעם קאַפּטען אויף זיך, האָט ער זיך געפיהלט ווי געפּענטעט. האָט ער מעהר קיין סעקונדע ניט געטראַכט און איהם פון זיך אַרונטער־געשליידערט און גענומען לויפען אין איין אָטעם, דורכשניידענדיג דעם טייך אויף וועלכען דער שניי איז שוין געווען וואַסערדיג, איבערקוליענדיג זיך אַ פּאָר מאָל... אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזען דעם פלאַץ צו דערגרייכען, האָט אַ לאַנגע בייטש אַ קנאַל געטאָן אין דער לופטען און די ווילדע פערד פאַררייסענדיג זייערע עקען, האָבען דעם שליטען אַ ריס געטאָן, אומגעשליידערט יעדען, וואָס האָט קיין צייט ניט געהאַט אָפּצו־שפּרינגען, און די פערד האָבען גענומען פליהען מיט דעם שליטען ווי אַ טויט־שרעק וואָלט זיי נאָכיאָגען.

די אידען האָבען קוים צייט געהאַט זיך אַרויסצוכאַפּען אויף זייערע שליטענס. פילע האָבען זיך פאַרמישט, האָבען זיך געמוזט אַרויפכאַפּען אויף אַ פרעמדען שליטען. און דער גאַנצער עולם האָט מיט דעם זעלבען אימפּעט, זיך אַ לאָז געטאָן און גענומען יאָגען אין שטאָט.

אָן איינעם פון די שליטענס, וואָס איז געבליבען אַביסעל הינטער שטעליג האָט דן נאָך באַוויזען זיך אָנצוכאַפּען. ער האָט זיך געוואָלט נאָכהענגען, אָבער דער שליטען האָט אים געטאָן אַזאַ שליידער אָן אַ זייט ,אַז זיינעביינער זענען שיעור ניט צושאָטען געוואָרען..

ער איז געבליבען ליגען אויפ׳ן בויך איינגאַנציען אַ צומישטער... עס האָט גענומען עטליכע רגע׳ס ביז ער איז געקומען צו זיך.

ניט זייענדיג בכח אויפצוהויבען זיך, איז ער געבליבען זיצען אויפ'ן שניי איניגע מינוטען און שטיל זיך ביטער צעוויינט...

ער האָט אזוי געגארט זעהען דעם רבי'ן, איהם האָט אזוי וועה געד טאָן, וואָס נאָך אזוי פיעל מיה און אָנשטרענגונג האָט ער דאָך זיין ציעל ניט דערגרייכט... אזוי וועה געטאָן... און דערצו נאָך איז ער, נעבאך, אַ פארמאַטערטער געבליבען, פארלאָזען, איינער אליין אויף אַ ווייסען פוסטען פעלד... איהם איז געוואָרען שרעקליך ביטער אויפ'ן הארצען...

זיצען איז אָבער קיין פלאַן ניט געווען, אַ קליינינקייט, פרייטאָג פארנאכט!...

ער האָט זיך קוים אויפגעהויבען, אָפגעטרייסעלט פון זיך אביסעל דעם שניי און זיך געלאָזען געהען אויף צוריק. אָבער שוין ניט מיט יענעם וועג מיט וועלכען ער האָט זיך ארויסגעלאָזען באגעגענען דעם רבי'ן.

יענער וועג, מיט דעם נאָכגעלאָזענעם טייך, וואו דער פוס מיט'ן פארבונדנעם שטיוועל איז איהם נאָס געוואָרען, דער טיפער שניי אויפ'ן פעלד, די שקצים מיט די הינט — יענער וועג האָט איהם גע־שראָקען. צוריק איז ער שוין געגאנגען מיט'ן שליאך, פלאָנטערענדיג מיט די פיס, האָפענדיג אויף אימיצען וואָס וועט אָנפאָהרען און איהם ארויפ־נעמען אהיים...

דער טאָג האָט זיך גענומען שנעל רוקען. עס איז געוואָרען טונקעל און טונקעלער. דער שוויים איז פארשוואונדען פון איהם, דאָס לייב האָט איהם איצט גענומען גרוילען פאר קעלט.

קיינער איז ניט אָנגעפאָהרען, און אזוי פלאָנטערענדיג מיט די פיס, איז ער קוים פארגאנגען אהיים.

אריינקומענדיג אין שטאָט אריין איז שוין געווען שטאָק פינסטער, אידען זענען שוין געזעסען ביי זייערע טישען און הנאה גע־האָט פונ'ם שבת קודש...

אויף אזוי שפעט אהיים צוקומען האָט ער זיך ניט געריכט... צוקו־מענדיג צו זייער שטוב, איז איהם דאָס הארץ איינגעפאלען פאר שרעק: ווי ווייזט מען זיך פאר דעם טאטען פרייטאג־צו־נאכטס אזוי שפעט ? !

אין שטוב ביי מרדכי לייב דעם הויכען איז געווען טויט שטיל. דער טיש געגרייט, חלה — פארדעקט. די ליכט און די לייכטער האבען געצאנקט. טאטע־ מאמע זענען איהם ארומגעלאָפען זוכען..

דערזעהענדיג דערווייל אזא געלעגענהייט ,איז ער אריין אין שטוב, אלעס פון זיך אראפגעשלעפט און ארויפגעדראפעט זיך אויפ'ן פעקאלעק.

אין אייניגע מינוטען ארום, איז די מאַמע זיינע אריין אָהן אָטהעם — כמעט ווי אריינגעפאַלען אין שטוב אריין, ברעכענדיג די הענט, ווישענדיג מיט'ן פאַרטוך די אויגען: גאָטעניו! פאָטער אין הימעל!... האָט זי געקלאָגט — וואָס פאַר א אומגליק, וואָס פאַר א צאָרן איז היינט אויף מיר אויסגעגאָסען געוואָרען?!...

דערשפירענדיג אָבער דן'ען אויפ'ן אויווען, איז זי ראַפּטאָם צו־געלאָפען, ארונטערגעשלעפּט איהם פון פּעקאַליק און גענומען טרעסלען מיט איהם... שרייענדיג אז די אָדערען אין האַלז האָבען ביי איהר שיעור ניט געפּלאַצט: „וואו ביסטו געווען?!”...

— אין ערגעץ ניט, האָט דן תמ'עוואַטע געענטפערט.

— גזלן! וואָס הייסט אין ערגעץ ניט?!... — האָט די מאַמע ניט אויפגעהערט צו געוואַלדעווען...

— אין ערגעץ ניט... — האָט דן זיך געהאַלטען ביי זיינעם.

— גזלן! דער טאַטע וועט דיך מערדערען. זאָג, וואו ביסטו גע־ווען?! — לאָזט איהם די מוטער ניט אָפּ...

מרדכי לייב איז אָנגעקומען און אריין אין שטוב, מלא רציחה... און ניט אויסריידענדיג א וואָרט, האָט ער אראָפּגעכאַפּט זיין פּאַסיק און גענומען שניידען דן'ען איבער די הענט, איבער די פיס, איבער'ן קאָפּ, איבער'ן פּנים...

— א, מחלל שבת'ניק! א, שגץ! ביי מיר אין שטוב? גיכער וועל איך דיך א טויטען אוועקלייגען — האָט ער געגוואַלדעוועט.

פון וויטאָג האָט דן געמאַכט אזא געוואַלד, אז די מוטער איז פאַר צער שיעור ניט משוגע געוואָרען. זי האָט גענומען דעם אויפגערעגטען פאָטער אוועקרייסען מיט איהר גאַנצען כח, שרייענדיג:

— מרדכי לייב! מרדכי לייב! מען וועט זיך צונויפלויפען אויף אונזער בייז־וואונדער!... מרדכי לייב! זאָל זיין גענוג! הער אויף! עס איז שבת!... זאָל זיין גענוג! גענוג, גענוג!...

דן האָט זיך אין דרייען געבויגען פאַר וועהטאָג. און אזוי כליפּענ־דיג, איז ער ביסלעכוויים, אנשוויגען געוואָרען.

מרדכי לייב האָט קידוש געמאַכט עפּעס גאָר ניט מיט זיין שטים... די הענט זיינע האָבען אים געציטערט און דער ראָזשענקע וויין האָט זיך פון כוס אריבערגעגאָסען איבער זיינע פינגער...

אזוי האָבען אויך די טרעהרען פון דער מוטערס אויגען געטריפט.

אויף דעם פאָטערס שטרענגען באַפעהל, האָט אויך דן גענומען קידוש מאַכען, ער האָט זיך אָבער אין מיטען קידוש אזוי צוכליפּעט, אז די

מוטער האָט דאָס גלעזעל ראָזשענקע־וויין פון זיינע הענטלאָך געמוזט ארויסנעהמען און ער האָט דעם קידוש ניט פארענדיגט.

דער פאָטער האָט איהם מיט זיינע בייזע אויגען דורכגעשטאָכען. די מאמע האָט איהם צערטליך געדריקט צו זיך און מיט ווייכע ווערטער איהם איינגעשטילט.

עסען האָט דן שוין ניט געקענט. דער קאָפּ האָט איהם שטארק וועה געטאָן, האָט ער זיך געבעטען שלאָפען.

די מוטער האָט טיף אָפּגעזיפצט, איהם אויסגעטאָן און צוגעהאָלפען איהם ארויפדראַפּען זיך אויפ'ן אויוועז.

מיד און דערשלאָגען, איז דן באלד איינגעשלאָפען. דעם טאַטענס טרויעריגע זמירות־זינגען האָט איהם אָבער געוועקט און געשראָקען...

אויף צומאָרגענס איז דן אויפגעשטאַנען מיט א שרעקליכען קאָפּ־וועהטאָג, ווי דער קאָפּ וואָלט געוועזן ביי איהם מיט א רייף ארומגעצויגען. יעדער אבר האָט איהם געבראָכען. די מוטער האָט דערפיהלט, אז מיט איהר קינד איז עפּעס ניט גלאַט און א גאַנצען טאָג איהם ניט ארויסגעלאָזט פון שטוב.

דן האָט קיין אָרט ניט געקענט געפינען פאר זיין קראַנקען קאָפּ. דערצו נאָך האָט איהם דאָס זיין אין שטוב א גאַנצען טאָג שיעור פון זינען ניט געטריבען... ער האָט נאָר געזעהן פאר זיך דעם רבי'ן...

אָט האָט ער איהם געהערט דאַווענען פאר'ן עמוד, אזוי שעהן, אזוי זיס; אָט האָט ער זיך פאָרגעשטעלט ווי ער לייענט די תורה און די אידען וואָס מאַכען א ברכה איבער איהר, ציטערען, שטעהענדיג לעבען איהם; אָט האָט ער געזעהן ווי די אידען כאַפּען שיריים; אָט האָט ער דעם רבי'ן געזעהן בענשען און ווינשען אַלע אידען גאָט'ס ברכות. וואָס האָט דן'ס יונגער מח זיך דען ניט פאָרגעשטעלט?...

היינט דער געפילדער פון דעם יונגוואַרג, וואָס האָט זיך ארומגע־טראָגען אויף די גאַסען, די פרייד פון זיינע חברים, וואָס האָבען איהם אָנגעקלאַפּט אין פענסטער, דאָס לויפעניש, דאָס יאָגעניש, דאָס זינגען, דאָס טאַנצען איבעראַל... זיין יונג הארץ האָט זיך געצאַפּעלט דעם גאַנצען טאָג ווי א פויגעל אין שטייג... ער האָט אָן זיין קאָפּ וועהטאָג פארגעסען און א גאַנצען טאָג נאָר געטראַכט: ווי אזוי כאַפּט מען זיך פון שטוב ארויס?!...

ערשט אויף דער נאַכט, נאָך מעריב, ווען ארויסגעגאַנגען איז מען שוין פון אַלע בתי־מדרשים און דאָס געזאַנג פון די אידען, וואָס האָבען דעם רבין אהיים געפירט, האָט זיך ווייט געטראָגען און הויך געהויבען ביז אין זיבעטען הימעל — ערשט דאַן האָט דן די געלעגענהייט

ענדליך געפונען: די מוטער זיינע — ווייזט אויס האָט זיך שוין אויך ניט געקענט איינהאַלטען מעהר — דען אויך זי איז, אויף אַ רגע, ארויס פון שטוב, נאָר כאַפּען אַ קוק אויפ'ן רבי'ן, ווי די אידען פיהרען איהם אהיים...

און אזוי האָט זיך דן ארויסגערוקט פון שטוב און אוועק אויפ'ן מאַרק צו „חיה־הינדעס הויז" וואו דער רבי איז איינגעשטאַנען.

חיה הינדעס הויז איז געווען באַלאַגערט. ארומגערינגעלט פון אַלע זייטען. אינגלאַך און מיידלאַך האָבען זיך אויף די פענסטער אָנ־געהאַנגען. צווישען די פיס איז דן געקראָכען. מען האָט געטראָמפּעלט אויף איהם. ער האָט זיין היטעל פארלאָרען, געפונען און ווייטער זיך געשטופּט; ווי אַ מויז, צווישען די שפּאַרעס פון טיהר און טויער איז ער געקראָכען ביז ער האָט זיך ענדליך דורכגעבראָכען, דורך דער קיך, דורך אַן אַלקער, איבער אַ בעט געשפּרונגען און אין אין זאַל אריין.

דער זאַל איז געווען געפּאַקט מיט אידען און בחורים. קאָפּ אויף קאָפּ איז מען געשטאַנען, בענק האָבען געקראכט. עס האָט געזאָמען ווי אין אַ קעסעל. די קולות האָבען פארטויבט...

דן'ס קערפּער האָט געציטערט, זיין הארץ האָט אים שטאַרק גע־קלאַפּט... ער האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטען.

צווישען דער פארזאַמעלטער מאַסע אידען, איז זיך דער רבי געזעסען ביים טיש ארומגערינגעלט פון אַלעמען. ער איז נאָר וואָס פון בית מדרש געקומען. פאַר איהם איז געשטאַנען אַ גלאָז קרישטאָל־ריינע וואַ־סער און אַ שעלכעל איינגעמאַכטס. ער איז געזעסען, דעם שטערען אונ־טערגעשפּאַרט מיט דער האַנט, פארשטעלענדיג דערביי זיינע אויגען וואָס האָבען ארונטערגעקוקט און ווי געשפּיגעלט זיך אין דעם קרישטאָל־ריינעם וואַסער.

דן איז געווען זיכער, אז ער איז אין טיפע רעיונות פארטאָן. פון וואָס דען האָט דער רבי געקענט טראַכטען? פון איינגעמאַכטס, אפשר, וואָס מאַכט זיין לעבען זיס?!...

דן איז מיט אַ זעלטענער געשפּאַנטקייט געשטאַנען צווישען עולם, אָנשטרענגענדיג זיך מיט'ן גאַנצען כח מען זאָל איהם פון די פיס ניט ווארפען. ער האָט זיינע אויגען ניט ארונטערגענומען פון דעם רבין'ס פארשטעלטען פּנים, געוואַרט און געהאָפּט טאָמער וועט דער רבי זיך אַ קעהר טאָן אין זיין זייט אזוי, אז ער וועט זיין גאַנץ פּנים דערזעהן און דער־מיט זיין יונגע צאַפּלדיגע נשמה בארוהיגען.

איז אָבער פּלוצים געוואָרען אזא שרעקליכער געטומעל מיט אזא שטופּעניש און וואַרפעניש אַז דער קליינער דן איז ממש שיעור ניט דערקוועטשט געוואָרען צווישען דער מאַסע אידען.

דאָס איז דער גבאי אריין פון אַן אנדער חדר, טראָגענדיג אַ שאַ־פענעם פּעלץ מיט אַ פּליושענער קוטשמע וועלכע ער האָט זעהר געשיקט ארויפגעוואָרפען אויפ׳ן רבי׳ן, שרייענדיג מיט זיין ריעזען־שטים:

— לאָזט אידען... לאָזט... דער רבי איז מיד!... דער רבי וויל זיך אביסעל דורכפּאַהרען.. לאָזט אידען, לאָזט!... און מיט זיינע ברייטע אַקסלען רוקענדיג זיך ריקווערטס, האָט ער דעם עולם צושטופּט און פאר דעם רבי׳ן אַ וועג געמאַכט...

דער גלאָק האָט אין דרויסען אַ קלונג געטאָן און דער רבי מיט׳ן גבאי זענען אויף דעם פּריצישען שליטען מיט די ווילדע פּאַנסקע פערד פאַרשוואונדען אין דעם וויטען, ווייסען פעלד אריין...

די אידען אין זאַל, האָבען, ווי עס שיינט, גאָר ווייניג וואָס זיך געקימערט. דען זיי האָבען פּאַרטגעזעצט, נאָך פייערדיגער ווי פריהער דאָס זינגען און טאַנצען.

זיי האָבען געזונגען: —דער רבי האָט געהייסען פרעהליך זיין ביז אין ווייסען טאָג אריין.. א. אז. וו.

פאר דן׳ען איז דאָס באמת געוועזן אַ טויט קלאַפּ... אַ מאָדנער גע־פיהל האָט דעם קינד ארומגענומען. דער זאַל מיט דער מעננע מענשען האָט פאַר איהם אין איין אויגענבליק פאַרלאָרען זיין גאַנצע באַדייטונג...

די אידען האָבען איהם מעהר ניט אינטערעסירט און אויפ׳ן רבי׳ן האָט ער גענומען שטאַרק פאַראיבעל האָבען...

ער האָט זיך גענומען ארויסרוקען מיט אלע זיינע כוחות פון דער ענגשאַפט, פון דער שטיקעניש...

אויפן מאַרק זענען זיינע אויגען געפאַלען אויפ׳ן שפּור וואָס דעם רבי׳נס שליטען האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט און איהם האָט פאַרדריקט ביים הארצען צום חלש׳ן: „אַזוי פיעל אידען! אזוי פיעל אידען אין זאַל!״ האָט זיך דן גאָרניט געקענט אָפּ׳חידוש׳ען —„איבערגעלאָזט אזוי פיעל אידען און אליין אוועק קאַטאַיעווען?! אַ גלח, להבדיל, קאַטאַיע־וועט... קאַטאַיעווען גאָר! די השגה פון אַ רבי׳ן?!״... אויף זיין יונגען האַרץ האָט דאָס געמאַכט אַ גרויזאַמע, אַ צושטערענדע ווירקונג...

אויפ׳ן מאַרק איז געוועזן הימעל עפּען זיך!...

אידען זענען געשטאַנען אין רעדלאַך, יונגעלייט האָבען געשפּאַצירט, מיידלאַך האָבען ניט אויפגעהערט צו לאַכען, דאָס יונגוואַרג האָט געוואָר־פען דעם שניי. בחורים האָבען אויף שטעקענס אָנגעוויקעלט קלאַטשע,

איינגעטונקען אין א פאס דיאהאט, וואס זיי האבען אויפגעבראכען ביי יונה־הערצאוועס בודקע, אנגעצונדען זיי און איבער'ן מארק מארשירט מיט ברענענדיגע שטורקאצען. ניט באנוגענדיג זיך מיט דעם, האבען זיי דערנאך דאס גאנצע פעסעל דזשעגעכטס — נאך וועלכען יונה האט חדשים לאנג געטרויערט, אין מיטען מארק צוגעקאטשעט און אנגעצונדען . . .

די פלאמען האבען זיך צום הימעל געריסען. דער מוראדיגער פייער האט ביי חברה אזא ווילדע פרייד ארויסגערופען, אז זיי האבען זיך מיט די שטורקאצען אוועקגעלאזען ארום און ארום דעם הוזשענדיגען פלאם מיט א לעבעדיגקייט און מיט א פרייד, און מיט א געזאנג, ווי שמחת־תורה צו די הקפות...

דן איז ארומגעגאנגען פלאנטערנדיג מיט די פיס... דאס געזאנג, דער זשום, די קולות, דער הו־הא... דער הוזשענדער פלאם — דאס אלעס האט איהם בשום אופן ניט געקענט אויפמונטערען... ער האט נאר געקוקט אויף דעם וועג, וואו דער רבי איז אוועק מאכען א „קאטאש־קע", און אויף דער זילבערנער לבנה, וואס איז געשוואומען אין הימעל איבער איהם און באלויכטען זיין לאנגען וועג...

איהם האט גענומען פינצטער ווערען אין די אויגען. די קעלט האט איהם ביטער דורכגענומען. עס האט איהם געווארפען א צאהן אן א צאהן. צווישען דעם רעש און געפילדער האט ער דערהערט זיין מאמע'ס שטימע. זי האט איהם גערופען:

— דנ'עלע!... דנ'עלע!... און טאקע באלד האט זיך אויך דער־הערט זיין פאטער'ס בייזע שטים:

— דן!... ד־א־ן...

דן איז זיי אנטקעגען געגאנגען אהן שום מורא... און אין זיין מוטער'ס ארעמס ארייגעפאלען..

זיי האבען איהם שוין אויף די הענט אהיים געטראגען.
דן איז געווען קראנק... מסוכן קראנק...

---

ביי מרדכי לייב'ן אין שטוב איז געווען תשעה באב. דן איז גע־ווארען וואס אמאל ערגער און ערגער. אברהם רופא האט געהייסען צום קאפ קאלטע קאמפרעסען לייגען, אליין האט ער יעדען טאג אן אנ־דער פלאש געפארבטע אדער קאלעמוטנע וואסער געבראכט און מיט דעם איהם געפאיעט.

די מוטער איז פון זיין בעט ניט אפגעטראטען, געוויינט און גאט געבעטען, גאט געבעטען, און ווידער געוויינט...

דער בייזער טאטע איז געלאָפֿען דעם רבי'ן אַן עצה פרעגען, האָט איהם דער רבי געהייסען מיט אַ מנין תהלים זאָגען...

שכנות האָבען זיך צו דער באַטריבטער מוטער צוגעזעצט: זי זאָל געהן צו נאַזאַר קעוויטשען דעם אַלטען דאָקטאָר, וואָס האָט זיך שוין לאַנג פון פּראַקטיקע צוריקגעצויגען. פאַלען פאַר זיינען פיס, ער זאָל ראַטעווען איהר קינד!...

וואָס טוהט ניט אַ מוטער פאַר איהר קינד? ווער שמועסט נאָך ווען דאָס קינד געפינט זיך אין געפאַר... זי האָט זיך איינגעשטעלט, געגאַנגען, און איהם טאַקע אויך געבראַכט.

ביים דאָקטאָר האָבען די הענט געציטערט פון אַלטקייט. אריינקומענדיג אין שטוב, האָט ער אויסגעזעהן בייז, ווי ער וואָלט וועלען אַלעמען פאַרשעלטען פאַר דעם, וואָס מען האָט איהם פון זיין הויף אַרויסגעשלעפּט. דער אמת אָבער איז געווען, אַז דאָס נידעריגע שטיבעל מיט די נאַסע ווענט, מיט די צוקרימטע פאַרקלעפּטע פענסטערלאַך — דאָס האָט איהם אַזוי אויפגערעגט. ער האָט אויף דעם קראַנקען אַ קוק געטאָן... אויפגעהויבען זיך און מיט זיין שטעקען אַ שויב אויסגעזעצט. אויפ'ן רופא האָט ער קרום אַ קוק געטאָן, זיינע פלעשלאַך געהייסען אין צעבער גיסען...

לאַנג איז ער לעבען דעם קינד געזעסען, געהייסען ברענגען אייז פון טייך, פון אַפּטייק עפּעס געשיקט נעמען און געהייסען נאָכאַמאָל קומען נאָך איהם...

„פריהער גאָט און דערנאָך נאַזאַר קעוויטש", פלעגט די מוטער דערצעהלען ווען דן איז געקומען אַ ביסעל צו זיך. זי האָט לחלוטין פון בעט ניט אָפּגעטראָטען. אַזוי האָט איהר נאַזאַרקעוויטש פאַרזאָגט — ניט אָפּצוטרעטען. ווען דן האָט איינגעדרעמעלט, האָט זי מיט אַ פעדער זיין אָטהעם געהיט און אַז ער האָט זיך געוועקט און פּלוצים מיט אַ שוידער זיך אויפגעכאַפּט... האָט זי איהם גענומען באַרוהיגען און מוטערליך איינשטילען.

— גאָט איז מיט דיר! קינד מיינס!... וואָס איז מיט דיר דנ'עלע?!
וואָס שרעקסטו זיך אַזוי?! וואָס שרעקט דיך, קינד מיינס?!...

ער האָט מיד געדרעהט דאָס קעפּעל:

— אַ חלום!... מאַמע!... — אָטעמט דן קוים אַרויס — איך האָב געזעהן ווילדע פערד — אָהן אַ צאָהל — מיט פאַררויסענע עקען — אידען מיט לאַנגע בערד — מיט לאַנגע פּאַלעס — פלאַטערען אין דער לופטען — טאַנצען — אַלע צוזאַמען אין קאַראַהאָד — ווילדע, משוגע'נע טענץ —

און איך אין מיטען — ווער געוואָרפען — געשליידערט— צוטראָטען — צודריקט!... די...

— פוסטע חלומות דן'עלע!... שלאָגט איהם די מוטער איבער, גלעטענדיג און צערטלענדיג איהם.. דו וועסט מיט גאָטס הילף געזונט ווערען און דו וועסט שטארק זיין און דו וועסט מעהר ניט מורא האָבען פאַר קיינעם, חוץ פאַר דעם וואָס לעבט אייביג... דן'עלע! פאַר קיינעם!...

מרדכי לייב, וועלכער האָט אויף זיך גענומען תשובה צו טאָן פאַר דעם וואָס ער האָט זיין קינד אזוי אומברחמנות'דיג געשלאָגען, דערצו נאָך אום שבת... האָט זיך געפרעגט — פאַר קיינעם?!...

אַ טרעהר פון זיינע אויגען איז ארונטער געפאַלען אויף דער שוואַרצער ערד פון שטוב און איז טיף איינגעזאפט געוואָרען.



## דר. י. קלינג

# אונזער מאַמעס וועלטעל

●



י פעלשטינער מאמע, וואָס האָט אויף אירע שמאָלע, שוואַכע פּלייצעס געטראָגען דעם יאָך פון דעם אָרימען לעבען און מיט איר האָרעוואַניע און בלוט באַשיצט די פאַמיליע פון אַל־דאָס בייז, האָט אויך אויפגעהאַלטען, געשפּייזט און אָפּגעהיט די טראַדיציעס, דאָס פאָלקס־מעשה׳לע, דאָס פאָלקס־ליד.

דער יאָך פון לעבען האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט זיין גאַנצער משא אויף אונזער מאַמען, ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין קינד.

אויב דאָס לעבען פונ׳ם אינגעל איז געווען שווער, ווייל ער האָט געמוזט ליגען אַ גאַנצען טאָג אין חדר ביים בייזען רבי׳ן, און שפּעטער — אין בית־מדרש, פאַר׳קנס׳ט צו דער תורה און צו די תרי״ג מצוות, האָט ער אָבער פאָרט געהאַט אַ סך פּריוויהייטען. ער איז געווען דער יחסן — דער מאַנסביל — אויף אים איז געשטאַנען די וועלט. ער האָט בלויז געטראָגען אויף זיך אַ גייסטיגען יאָך. ער איז געווען פריי פון מאַ־טעריעלע זאָרגען. צו אים האָט מען אַרויפגעקוקט: ער וועט אודאי זיין אַ רב ,אָדער אַזוי אַ גרויסער למדן, און אין זיין זכות וועט די מאַמע האָבען אַ גאָלדענע שטול אין גן עדן.

אָבער די יוגענט פונ׳ם מיידעל איז געווען אַ סך שווערער. אמת, זי האָט ניט געטראָגען קיין גייסטיגען יאָך. אין חדר איז זי ניט געגאַנגען. צו אַ שרייבער זיינען אפילו פון די פאַרמעגליכע פאַמיליעס אויך ווייניג מיידלאַך געגאַנגען. זי האָט דאָך קיין תורה ניט געדאַרפט לערנען — פאַר איר איז געווען גענוג אַביסעל עברי־טייטש און אַביסעל שרייבען. דערפאַר אָבער האָט זי געמוזט טראָגען אויף זיך דעם אומ׳ברחמנות׳דיגען יאָך פון לעבען.

אין די אָרימע און גרויסע פאַמיליעס איז דאָס מיידעל אין איר קינד־הייט נאָך געוואָרען די ניאַנקע, די קינדער־דערציהערין, און אַמאָל אויך

די גאַנצע באַלעבאָסטע, ווייל די מאַמע האָט באַדאַרפט לויפען אין מאַרק פאַרדינען. און אפילו דאָרט, וואו עס איז ניט געווען נויטיג צו זיין א ניאַנקע אָדער די גאַנצע באַלעבאָסטע, איז אויך געווען פאַר דעם מיידעל גענוג צו פראַצעווען.

שפעטער, ווען זי האָט שוין מיט מזל חתונה געהאַט, האָט זיך ערשט דעמאָלט אָנגעהויבען איר שווער לעבען. אָפטמאָל איז זי ניט נאָר גע־ווען די באַלעבאָסטע אין שטוב, נאָר אויך די פרנסה געבערין — אָדער די קרעמערין אויף דעם מאַרק, אָדער זי האָט אריינגענומען ארבייט צו זיך אין שטוב, ווי שניידעריי, וואָס האָט זיך כמעט ניט באַצאָלט און דורך וועלכען זי האָט ממש פאַרלוירען די אויגען נייענדיג ביי דעם פינס־טערען שטוב־לעמפעל.

ווי אַזוי אונזערע מאַמעס האָבען ביי אַזעלכע אומשטענדען ניט צוזאַמענגעבראָכען פיזיש און גייסטיג איז טאַקע א חידוש. הגם געלע־רענט האָבען זיי ווייניג אָדער כמעט גאָר ניט, האָבען דאָך א סך פון זיי באַזעסען גרויסע גייסטיגע כחות. איך פלעג אָפטמאָל באַוואונדערען דער אומוויסענדער מאַמעס כח החשבון. מיט חריפות׳דיגער שנעלקייט איז זי פאַרטיג געוואָרען מיט די קאָמפּליצירסטע חשבונות.

אין חדר ניט געגאַנגען און ניט געלערענט, דאָך זעלטען ווען האָט ווער פון זיי ניט געקענט לייענען דעם טייטש־חומש און די מוסר ספרים אויף עברי טייטש און אפילו כאַפּען א קוק אין א מעשה־ביכעל.

דער „צאינה וראינה" איז געווען איר תורה. דאָרט האָט זי געשעפּט די גייסטיגע אוצרות, וועלכע האָבען געשפּייזט איר דערשלאָגענעם גייסטיגען געמיט און איר געגעבען כח אָנצוגעהן מיט איר שווערען, ביטערען האָרע־פּאַשנעם און טרויעריגען לעבען. איר זכרון איז געווען פענאָמענאַל — אַן אומערשעפּליכער אוצר פון פאָלקס־לידער, פאָלקס־מעשות און פאָלקס־וויסען וואָס איז איבערגעגאַנגען בעל פה פון דור צו דור.

אין איר זכרון איז געלעגען באַהאַלטען א נייע תורה שבעל פה. אמת, א סך דערפון איז געווען שעדליכער און פינסטערער איבערגלויבען, אָבער א סך פון דעם איז געווען ליכטיג וויסען און לעבענס־חכמה, וואָס האָט איר געדינט אויף איר שווערען וועג.

עס וואָלט געווים געווען נאַריש צו זאָגען, אַז זי האָט געקענט אידיש. א ברירה האָט זי געהאַט? מען האָט זי דען געלערענט אַן אנדער שפּראַך?

וויכטיג איז אָבער, וואָס פאַר א אידיש זי האָט געקענט. איר אידיש האָט געקוועלט פון דעם ריינעם קוואַל פון פאָלקס געניוס. פון איין זייט האָט דער קוואַל געשטראָמט פון דעם טאַטענס למדנ׳ישען אידיש און פון טייטש חומש, און פון דער אנדערער זייט — פון מאַרק, פון דעם

לעבעדיגען לעבען. איר אידיש איז געווען א זאפטיגער, א ריטמישער, פול מיט בילדער וואס דערמאנט זעהר שטארק אין שלום עליכם'ס אידיש.

„א קינד, אן אומרו, א קונדעס איז זי געווען", „א פונק פון גיהנום", „א ניט געראטענער מענש", „א בלייענער פויגעל".

וויפיל שפאט און סארקאזם עס איז באהאלטען אין אט דער פראזע. זעלטען ווען עס האט זיך דורכגעווארפען א סלאוויש ווארט. זעלטען האבען זיי געדארפט אנקומען צו א פרעמד ווארט. און ווען זיי האבען גענוצט א פרעמד ווארט — און זיי האבען גענוצט אמאל ניט נאר גוי'אישע נאר אפילו איינציגע פראנצויזישע און לאטיינישע ווערטער — האבען זיי אבער ניט געהאט דעם מינדסטען באגריף, אז זיי באנוצען זיך מיט א פרעמד ווארט. מחמת דעם וואס דאס פרעמדע ווארט איז שוין געווען ארגאניש פארבונדען מיט דער טאג טעגליכער שפראך.

דאס פאלקס־ליד און די פאלקס־מעשה איז ביי דער מאמען גע־ווען א טייל פון איר לעבען. זעלטען ווען האט אונזער מאמע פארוויגט איר קינד אהן א ליד אדער א מעשה'לע. און כאטש זי האט ניט געהאט קיין שום אנונג פון דער ליבע, וואס ווערט דערצעהלט אין די ראמאנען, האט זי פונדעסטוועגען געזונגען, פול מיט בענקשאפט, הארציגע און טרויעריגע ליבעס־לידער.

פאלקס־לידער און שפעטער אפילו לידער פון דעם ערשטען אידישען טעאטער, גאלדפאדען'ס לידער און אנדערע — יענע לידער האבען גע־וואנדערט און זיך פארטראגען אין אונזערע ארימסטע שטיבעלאך און אונטער די שטרויענע דעכער האט זיך געהערט דער מאמעס צארטער פאלקס־געזאנג.

די קינדער זיינען געווען איר נחת, די איינציגע פרייד אין איר ארים לעבען — ווי אזוי זי האט זיי דערצויגען אין איר ארימקייט, אין איר אומוויסענקייט — איז שווער צו זאגען.

פון אירע דארע בריסט האט דאס קינד געזויגען איר חיות, און זעלטען ווען האט זי זיך דערלויבט צו געבען דעם קינד א פלעשעל.

אז די מאמע האט ניט געהאט וואס צו זויגען, האט מען צעקייעט א ביסען חלה און אריינגעלעגט דאס צעקייעכטס דעם קינד אין מויל אריין. א־יא, זעהר ניט־עסטעטיש? זיי האבען אבער בעסער ניט גע־וואוסט.

איז א קינד קראנק געווארען, איז די מאמע געווען דער רופא, דער דאקטאר, דער אפטייקער און די קראנקען־וואכטערין. זי האט ניט געגעסען, ניט געשלאפען און ניט גערוט. זי האט איינגעלייגט וועלטען, האט גע־שלעפט דעם הימעל צו דער ערד, אבי דאס קינד זאל געזונט ווערען.

נויט ברעכט אייזען. האָט זי טאַקע געהאַט אַ היפּשע ידיעה אין דער מעדיצין. ווי אַזוי זי האָט דאָס באַקומען ווייסט איין גאָט, אָבער געוואוסט האָט זי.

האָט די מעדיצין ניט געהאָלפן, האָט מען דאָס גלייך פאַרגעסן און זיך געוואָרפן צום גלויבן — צום גלויבן אין גאָט, און זיין תורה, צו תפילות, צום צדיק, צו קברים רייסן און צו זכות אבות.

און ווען דאָס האָט ניט געהאָלפן, האָט מען אַ שפּרונג געטאָן מיט אַ האַלז־ברעכענדיגער שנעלקייט צו דער טומאה, צום פּרימיטיווען וואַלד־אַבערגלויבן, צום זנאַכער, צום טאָטער, צו כשוף־מאַכערינס, פעלד מעסטען, אָפּשפּרעכען, פאַררעדן, קימפּעט־צעטעלאַך, וואַקס אָדער בליי גיסן, צו אַ רויטען פאָדים אויף דער האַנט, צו מטמא מאַכען מיט השתנה און אַנדערע אָפּשייליכקייטען...

איך געדענקט, אַז די קלוגע און פּראַקטישע מאַמע האָט מיר דערצעהלט ווי אַזוי אַ ציגיינערטע האָט איר אויסגעלעגט קאָרטען און האָט איר דערצעהלט וואָס מיט איר איז געשען, און פאָראויסגעזאָגט וואָס מיט איר וועט געשען... און כך הוה, אַזוי איז דאָס טאַקע געווען: מקוים געוואָרען. און ווען איך האָב אַ לייכטען שמייכעל געטאָן, וואָס דאָס האָט געמיינט, אַז איך גלויב ניט, האָט זי זיך געפונען שטאַרק באַליידיגט און האָט מיך אויסגע'שנצ'ט... ס'טייטש! איך זאָל ניט גלויבען, וואָס די מאַמע האָט אַליין געזען מיט אירע אייגענע אויגען!

אין דעם גאַנצען אַבערגלויבען האָט דאָס איר פונדעסטוועגען ניט געשטערט אָנצוזאַמלען אַ גאַנצען אוצר פון ראַציאָנאַלע רפואות וואָס האָבען געהאַט אונטער זיך גרויס דערפאַרונג און שכל הישר.

יאָ, די נויט האָט געצוואונגען אונזער מאַמע צו שאַפען גאַנץ אַליין איר ענג וועלטעלע אין דעם ענגען שטעטעלע פעלשטין. און אָט דאָס ענג וועלטעלע האָבען אונזערע שונאים אויך אָפּגעווישט, פאַרניכטעט מיט אַן אומ'ברחמנות'דיגער האַנט.

## דר. י. קלינג

# דער מאַמעס ניט־געשריבענער ספר הרפואות



עלשטין, אין מיין צייט, ביים סוף פון לעצטען יאָהר־הונדערט איז בנוגע מעדיצין און אַפּהיטען דאָס געזונט פון דעם מענשען, געשטאַנען מיט איין פוס, און אפשר מיטביידע, פאַרזונקען אין דעם טיפען מיטעלאַלטער. פאַרמאָגט האָט דאָס שטעטעל איין אידישען רופא און צוויי פּוילישע דאָקטוירים. די אָרימעלייט האָבען אמאָל אריינגערופען דעם רופא, ווייל בא אים איז מען אָפּגעקומען מיט א קליינער מטבע: די דאָקטוירים אָבער האָט מען גערופען גאָר זעלטען, בלויז דעמאָלט, ווען דער טויט איז שוין געשטאַנען פאַר די אויגען — בא גסיסה. אפילו דעם רופא האָט מען גערופען נאָר דאַן, ווען מען האָט שוין אויסגעפּרובירט אַלערליי באַבסקע רפואות.

בכלל, האָבען זיך די אָרימעלייט ניט געקאָנט פאַרגינען דעם לוקסוס צו־אָפט צו קרענקען. אז אן אָרימאַן האָט צו זיין שלעכטען מזל יאָ אָפּט געקרענקט, האָט מען דערפון שוין קיין צו גרויסען ווערזען ניט געמאַכט. ער האָט אזוי לאַנג געקרענקט, ביז ער איז אָדער געזונט געוואָרען, אָדער געשטאָרבען. פאַר א „געמיינער" קראַנקהייט איז די מאַמע געווען דער דאָקטאָר, דער רופא, דער אַפּטייקער און די קראַנקען ווערטערין.

מיט זיך אליין — ביי א קימפּעט אָדער אזוי ביי קראַנק ווערען — האָט זי זיך אויך ווינציג־וואָס געצערעמאָניעט.. אז די מאַמע איז געגאַנגען צו קינד — און דאָס איז געווען א גאַנץ אָפטע דערשיינונג בא אונזערע פעלשטינער קבצנים, — האָט מען ארויסגע׳פּטר׳ט דאָס קליינוואַרג און א רוף געטאָן די באָבע, א פּראָסטע אידענע, וואָס האָט קינדער־אָפּנעמען געמאַכט פאַר איר פאַך. פאַרשטייט זיך, אז פון דער מעדיצינישער וויסענשאַפט האָט זי גאָרנישט געוואוסט, און קיין עקזאַמען אפילו אויף א פּראַקטישער אקושערען האָט זי אויך קיינמאָל ניט אָפּגעגעבען. דער דאָזינגער פאַקט האָט איר ווייניג וואָס געשאַדט אָדער געשטערט אין איר שווערער און אחריותדיגער

ארביים. זי האָט אין פארלויף פון איר לאַנגער פּראַקטיק אָפּגענומען האַלב פּעלשטינער קינדער.

אויב די באָבע האָט אַמאָל פאַרשפּעטיגט און דאָס עופעלע האָט פלוצלונג זיך מיישב געווען און אויף גיך אַליין געקומען אויף דער וועלט, איז אויך ניט געווען קיין גרויסע סכנה.

די מאַמע אַליין, אָדער א שכנה, האָט מיט א בענדעלע פאַרבונדען דעם נאַפּעל־שנור און מיט׳ן שטומפּיגען שערעל איבערגעשניטען — און א נייער גאַסט אין דער אָרימער שטוב האָט געשריען און געוואַלדעוועט אויף וואָס די וועלט שטייט.

האָט זיך אָבער אַמאָל געטראָפען א קימפּעטאָרין, וואָס איז געגאַנגען זעהר שווער צו־קינד, עס געהט אוועק עטליכע טעג און עס נעמט אַלץ קיין סוף ניט — האָט מען זיך גענומען צו די אַלטע אויספּרובירטע מיטלען: מען איז געלאָפען בעטען אין בית המדרש באַ דעם אָפענעם ארון קודש, אָדער זיך געלאָזט אויפ׳ן בית־עולם צווישען די קברים בעטען באַ די געשטאָרבענע, אַז זיי זאָלען זיך מיהען אין הימעל, אָדער גאָר געשטאַנען טאָג ווי נאַכט אויף די פיס און געזאָגט תהילים. אַז דאָס האָט אויך ניט געהאָלפען, האָט מען זיך באַנוצט מיט אַזאַ מין אויסטערלישען מיטעל: פון דער קימפּעטאָרינ׳ס בעט ביז צום אָפענעם ארון קודש האָט מען געצויגען א שטאַרקען פאָדים, אָדער א שפּאַגאַטעל — א סאָרט קינדערשער טעלעגראַף־ אַפּאַראַט צום ריבונו של עולם: — דו ביסט דאָך אַן אב הרחמים און א כל יכול, זיי דו אַצינדער אונזער רופא חולים...

צי האָט דאָס טאַקע געהאָלפען איז ניט וויכטיג. אָבער אַז מען זאָל זיך דערמיט באַנוצען איז זעהר טשיקאַווע. פאַר מיין צייט, איז טאַקע אַזאַ נעשעעניש פאָרגעקומען אין פעלשטין. א יונגע מאַמע איז געגאַנגען שווער צו קינד. עס האָט גענומען דריי־פיר טעג. און אַז קיין סוף איז אַלץ ניט געווען, איז דאָס גאַנצע שטעטעל, פון גרויס ביז קליין, געגאַנגען כּאָדאָראָם. מען האָט אַלץ געטאָן, גע׳רעש׳ט און געטומעלט, געזאָגט תהילים, געגאַנגען אויפן בית עולם, און אַז ס׳האָבען זיך אויסגעלאָזען אַלע האָפנונגען, האָט מען זיך געכאַפּט פאַר דעם טשיקאַווען „טעלעגראַף"...

אַז דאָס קינד איז אָקערשט געקומען אויף דער וועלט, האָט מען דאָס גלייך געוויקעלט אין ווינדעלאַך, שטאַרק איינגעקרעמפּעוועט און איינגעשטייפט די הענטלאַך און די פיסלאַך, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, אַז טאָמער חלילה לאָזט מען עס פריי, וועט עס אויסוואַקסען א קאַליקע. אָדער אפשר צוליב עפּעס אַן אַנדער טעם. זיי האָבען זיך מסתמא געפירט נאָך א מנהג, וואָס זיי האָבען באַקומען בירושה פון גאָר אַלטע צייטען.

צו די אכט טעג האט מען די אינגלעך געמל'ט. דער מוהל האט נאך דער מילה, באנוצט א פראשעק צו פארהאלטען דאס בלוט. דעם פראשעק האט מען גערופען מול מעהל. דעם אייגענעם פראשעק האבען די מאמעס גענוצט, ווי מען נוצט היינט „טאלקום"־פולווער. מול מעהל איז געווען צעריבענע פארפוילטע האלץ, וואס איז צעפאלען אויף שטויב אויב מען האט עס נאר אנגערירט מיט די פינגער.

שפעטער־צו האט מען דאס קינד געבאדען טאקע אין די ווינדעלאך, אין דער מולטער, אדער אין א כלי, אין וועלכער מען פלעגט וואשען גרעט. פון אזא באד איז דאס ניט איבעריג ריין געווארען. דערפאר האט דאס קליינוואַרג געליטען פון אלערליי הויט־קראנקהייטען, אדער „וויסיפּסקעס".

די מאמע האט זיך גע'בריה'ט און צוגעגרייט פארשיידענע מינים וואנעס, אין וועלכע זי האט דאס קראנקע קינד געבאדען. אין די בעדער האט זי אריינגעשאטען זאלץ, קראכמאל, קלייען, דעמבענע קארע און קריי־טעכער. זיי האבען די בעדער ניט נאר באנוצט פאר דער הויט, נאר אויך פאר אלגעמיינע קראנקהייטען, ווי בלוט־ארימקייט, שלעכטע נארונג, שוואכקייט און סתם שמערצען, אדער שטעכעניש. די מאמע האט אויך אליין מיט אירע אייגענע מיטלען געהיילט אזעלכע קראנקהייטען, ווי מאזלען, שארלאך אדער סקארלעטין, פארקילונג, שוואכען אפעטיט, מאגען־קראנקהייט, פארשטאפונג, אדער הארט־לייביגקייט, ווערעם, ראכיטעס, אדער די ענגלישע קרענק, גריפ, קדחות, פיבער, שקראפעל, גוליעס, מאנדלען, האלדז־אנגינע, בראנכיטיס, דיזענטעריע, און נאך אנדערע קראנקהייטען.

די צוויי הויפּט־רפואות אין וועלכע די מאמע האט געגלויבט ווי אין תורת משה, זיינען געווען כינין, אדער ווי די מאמע פלעגט זאגען, „כינע" און פיש אויל, אדער פישטראן.

כינין איז באנוצט געווארען ווי א רפואה פאר אלערליי מינים קראנק־הייטען איבערהויפט פאר אזוינע, בא וועלכע מען האט געליטען פון פיבער.

די מאמע האט ניט פארמאגט קיין גראדוסניק, האט זי צוגעלייגט די באק, אדער די האנט צום קראנקען קינד'ס שטערען און האט א פאטש גע־טאן מיט די הענט: „אוי, וועה און ווינד איז מיר! דאס קינד האט דאך פיבער!" און זי האט גלייך געכאפט א פראשעק „כינע", וואס האט זיך געפונען אין שטוב, אדער גלייך ארויסגעשיקט אין אפטייק נאך א פאר פראשקעס כינין. אין אמת'ן אבער, האבען מיר, קינדער, די באריהמטע רפואה קיין חשק ניט געהאט צו נעמען, ווייל עס איז געווען ביטער ווי דער טויט. די מאמע האט צוגעזאגט גאלדענע בערג, זיך אנגערעדט ווי א פויק און מיט כל'ערליי הבטחות, ווי־עס־איז דעם קינד איינגערעדט די ביטערע רפואה איינצונעמען. אמאל האט די מאמע געדארפט באנוצען

געוואלט. נאָך דער „אָפּעראַציע" איז שוין די מאַמע געווען רוהיגער: די רפואה וועט שוין העלפען.

אויסער כינין האָט מען אויך געגלויבט, אַז באַ פיבער מוז מען שוויצען. האָט דער חולה געשוויצט, איז מען געווען זיכער, אַז ער וועט געזונט ווערען. האָט מען איהם געפּויעט מיט הייס וואַסער, הייסע טיי, טיי מיט געטריקענטע מאַלענעס, צוגעדעקט מיט אַן איבערבעט, פאַרמאַכט די פענ־סטער, אַלץ כדי ער זאָל שוויצען.

פיש־אויל איז געווען די צווייטע גרויסע רפואה, אויף וועלכע די מאַמעס האָבען געשטעלט גאַנצע מויערען. זיך געהאַלטען ביי איהר שטאָל און אייזען. די מאַמעס האָבען זיכער ניט געוואוסט דעם טעם און שכל פאַרוואָס די רפואה איז גוט צו געוויסע קראַנקהייטען. גרעסערע למדנים פון איר און אפילו גרויסע דאָקטוירים האָבען אויך ניט געוואוסט פאַר־וואָס די רפואה העלפט. ביי זיי איז דאָס אויך געווען נאָר אַן עמפּירישער מיטעל.

ערשט פאַר דער לעצטער צייט, ווען מען האָט אַנטדעקט די וויטאַ־מינען אין פאַרשידינע שפּייזען, האָט מען אויך אויסגעפונען אין פיש אויל דעם וויטאַמען „איי", און דעם וויטאַמען „די", וואָס האָט אַ ווירקונג אויף דעם וואוקס און דער פאַרקאַלעכונג פון די ביינער. איצטער ווייסען מיר פאַרוואָס פיש אויל איז געווען אַזאַ אויסגעצייכענטע און טרעפליכע רפואה פאַר ראַכיטיס. די רפואה האָט טאַקע אָפּגעראַטעוועט טויזענטער אידישע קינדער פון פאַרקריפּלונג. פיש אויל האָט די מאַמע אויך גענוצט מיט גרויס דערפאָלג פאַר בלוט־אָרימקייט, שלעכטע נאַרונג, בראַנכיטעס, שקראָ־פעל און פאַר „קשולע", אָדער עקזעמאַ.

צום שוואַכען אַפּעטיט האָט די מאַמע צוגעגרייט אַן אייגענעם פּרעפּ־פּעראַט, וואָס מען באַנוצט נאָך ביז היינטיגען טאָג אין דער מעדיצין.

באמת איז דאָך אַ קשה, ווי קומט צו קינדער פון אָרימעלייט אַ שוואַ־כער אַפּעטיט? אדרבה, די צרה איז דאָך געווען וואָס עס האָט געפעלט ברויט צום אַפּעטיט . . . לאָזט זיך אויס, אַז דער פּאַראַדאָקס איז גאָר קיין פּאַראַדאָקס ניט. אָט טאַקע דערפאַר, וואָס די שפּייז — איבערהויפּט ווינטער־צייט — איז באַשטאַנען בלויז פון טרוקען ברויט מיט אַ פּיצעל הערינג, אָהן פרוכט און אָהן גרינסען, אינגאַנצען אָהן די נויטיקע וויטאַ־מינען, וואָס באַשאַפען דעם אַפּעטיט, — טאַקע דערפאַר האָט געפעלט דער אַפּעטיט באַ די קינדער.

דאָ איז געקומען צו הילף דער פּרעפּעראַט, וואָס זי האָט אַליין צוגע־גרייט פון צווייערליי וואַרצלען, אָדער קרייטעכער, וועלכע זי האָט גערו־פען מיט די נעמען „גענסיאַן" און „קוואַססיע". אָנהייב ווינטער האָט זי

די וואָרצלען געקויפט אין דער אַפטייק, אַריינגעלייגט אין אַ גרויסען גלעזערנעם סלאָי, אַרויפגעגאָסען רויטען ווײַן ביז'ן ווערך און שטאַרק פאַרדעקט עס זאָל ניט אויסוועפּען. נאָך דעם ווי די וואָרצלען האָבען זיך אַזוי געווייקט אַ פּאָר וואָכען, איז דאָס געטראַנק געווען פאַרטיק. דאָס געטראַנק איז געווען ביטער ווי דער טויט; אַז מען האָט איינגענעמען אַ לעפעלע האָט מען דערזעהן די באָבע פון יענער וועלט.

ס'איז דער מאַמען ניט אָנגעקומען גרינג, אַז מיר זאָלען דאָס איננעמען. מיר פלעגען פאַרקרימען דאָס פּנים, פאַרמאַכען די אויגען און מיט איין שלונג דאָס אַראָפּשלינגען. דערפאַר אָבער האָבען מיר דערנאָך געגעסען ווי נאָך אַ קרענק, אויב אַפילו בלויז צו פאַרטרייבען דעם טויט ביטערען טעם אין מויל.

**ו ו ע ר י ם.**

ווען מיר זיינען געווען קליינע קינדער, האָבען מיר אַלע, כמעט אָהן אויסנאַם, געליטען אויף ווערים. מיר פלעגען דערשטוינט ווערען, ווען מיר האָבען זיי צום ערשטען מאָל באַמערקט בײַ זיך אָדער בײַ אַנדערע קינדער. שפּעטער האָבען מיר זיך צוגעוואוינט צו דער אומנאַטירליכער דערשיינונג. די ווערים זיינען געווען רונדע און אַרום זעקס צאָל, אדער מער די לענג, פון אַ בלאַסען אָדער וואַקסענעם קאָליר. זיי זיינען געווען ענליך צו דעם פּראָסטען ערד־וואָרים, וואָס מען באַמערקט ווען מען גראָבט אויף די ערד. פון אַנדערע ווערים, די פלאַכע ווערים, וואָס געפינען זיך אין רוי פלייש און אין פיש, האָבען מיר ניט געוואוסט, ווייל קיין רוי פלייש האָבען מיר קיינמאָל ניט געגעסען; ס'איז אַפילו אַ סברה, אַז געקאָכט פלייש, אָדער פיש האָבען מיר אויך נאָר געגעסען משבת לשבת. פאַר פּסח, יאָר־איין, יאָר־אויס, האָט אונז די מאַמע איינגעגעבען אַ לעפעלע ווערים־קרויט מיט איינגעמאַכץ. דעם איינגעמאַכץ — כדי מיר זאָלען האָבען חשק אַרונטערצושלינגען דעם ווערים־קרויט (אַ מין כאַבאַרעל).

צי עס האָט געהאָלפען? מסתמא נים. ווייל מיר האָבען זיך יאָרען מיט די ווערים אַרומגעטראָגען און ניט געקאָנט פון זיי פּטור ווערען.

**מ אָ ז ל ע ן.**

מאָזלען איז אַן אָנשטעקענדע קראַנקהייט, וואָס אַלע מענשען מוזען דורכמאַכען. אַזוי איז דער גלויבען באַם פאָלק. זעלטען דרעהט זיך אַ קינד אַרויס פון מאָזלען, ווייל די קראַנקהייט איז שטאַרק אָנשטעקענד, און איין קינד נעמט זיך גיך אָן פון אַנדערען. אַז אונזערס אַ קינד האָט געליטען אויף מאָזלען, האָט מען פאַרשפּאַרט און פאַרהאָנגען די פענצטער, עס זאָל ניט אַריין די שיין פון טאָג און קיין קאַפּ פרישע לופט. ניט קיין לופט — מען זאָל די מאָזלען ניט פאַרקילען; ניט קיין

ליכט, ווייל מען האָט מורא געהאַט פאַר די אויגען. אום צו זיין הונ־דערט פּראָצענט זיכער, האָט מען אויך דאָס בעט, וואו דער חולה איז געלעגען, פאַרהאַנגען מיט׳ן גרעסטען ליילעך. טאָמער איז דאָס נאָך געווען אַ צו קליינע אַפּקומעניש פאַר׳ן קראַנקען קינד, האָט מען נאָך צו דעם די איבעריגע געזונטע קינדער פון דער שטוב אויך אין בעט אריינגעלייגט, אַז זיי זאָלען זיך די מאָזלען אָננעמען און מיט איינמאָל פאַרטיג ווערען מיט׳ן גאַנצען פּאָדריאַד. דאָס קרענקען בקהל איז געווען אפשר פּראַקטיש און אפילו לאָגיש פאַר די גרויסע, פאַר די טאַטע־מאַמע. פאַר די קינדער אָבער איז דאָס געווען אַן אַפּקומעניש.

זיי זיינען געלעגען צוזאַמענגעפּרעסט אין ענגשאַפט, פאַרשמאַכט, מיט פאַרטריקענטע ליפּען; געפיבערט אין דער פינסטער אָהן אביסעל לופט, אָדער וואסער די הייסע לייבער אָפּצוקילען. נעצען איז געווען סכנות־נפשות; מאָזלען האָט מען ניט געטאָרט נעצען. דאָס האָט, חלילה, געקאָנט ברענגען צום ערגסטען, טרייבען אין דער ערד אריין. האָט מען דאָס הייסע לייב מיט קיין טראָפּען וואסער ניט באַנעצט — וואָס וואָלט געווען געלינדערט דעם פיבער און געשטאַרקט די נערוועז. אנדערע פלעגען נאָך צודעקען די קינדער מיט אַ רויטען טוך אָדער קאָל־דרע — אַ מאַגישער מיטעל פּטור צו ווערען פון דער קראַנקהייט. אין אָנהויב פון מיטל־אַלטער האָבען אפילו דאָקטוירים געגלויבט, אַז רויט העלפט געגען מאָזלען. רהאַזעס, איינער פון די גרעסטע אַראַבישע דאָקטוירים, וואָס האָבען געלעבט אין יענער צייט, האָט געהיילט מאָזלען מיט אַ רויטען טוך, און האָט אין דעם געגלויבט באמונה שלמה.

כ י ר ו ר ג י ע .

די מאַמע האָט זיכער קיין כירורגישען מעסער אין האַנט ניט גע־האַלטען, אָבער געהיילט האָט זי אַזוינע חלאת׳ן, וואָס געהען אריין אין די גרענעצען פון כירורגיע. לוינט וועגען דעם צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער.

ווען מ׳האָט זיך אַ שניט געטאָן מיט אַ שאַרפען מעסער, און דער שניט האָט שטאַרק געבלוטעט, האָט מען אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיק פּאַווי־טינע (שפּינוועבס), וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט, אויף דער סטעלע, אין אַ טונקעל ווינקעל פון שטוב אָדער קאַמער, און עס ארויפ־געלייגט אויפ׳ן שניט, פאַרבונדען מיט אַ שמאַטקעלע און פּטור. דאָס בלוט האָט זיך אָפּגעשטעלט ווי דורך כישוף. פון בלוט פאַרגיפטונג האָבען מיר ניט געוואוסט, כאָטש דער שטויב און די אומריינקייט אין דער פּאַוויטינע האָט צו דעם על פי לאָגיק געדאַרפט פירען. אי פאַר־וואָס טאַקע ניט? בלייבט אַ קשיה.

א גרעסערע וואונד, א כראָנישע, וואָס האָט זיך געיאָטערט, ניט געוואָלט פאַרהיילען זיך, און איז געווען באַוואַקסען מיט „ווילד־פלייש" האָט די מאַמע באַשאָטען מיט צעריבענעם אַלון.

דער „אַלון" האָט דאָס קראַנקע „ווילד־פלייש" אויסגעברענט און אויסגעגעסען אַזוי, אַז די וואונד האָט זיך נאָכדעם געקאָנט פאַרהיילען.

אָנרייסונגען, בלאָטערען, מכות, בלינדע טשערעקעס און אפילו קאַר־בונקלען פלעגען זיין אָפטע געסט בא די קינדער אויף די לייבער און אויף די פיס. אויף די פיס — ווייל די קינדער זיינען געגאַנגען זומער באָרוועס און פלעגען זיך פאַרשטעכען מיט גלאָז אָדער אַנדערע שאַרפע זאַכען; אויף דעם קערפּער — צוליב דער אומריינקייט. אָט־די אַלע פלאָגען האָט די מאַמע געהיילט מיט אַן אייגענעם פאַבריצירטען מי־טעל; מיט א האָניק־טייגעל — פשוט'ע ווייסע ווייכע טייג געקנאָטען מיט האָניק און באַשמירט מיט בוימעל.

דאָס האָניק־טייגעל האָט געהאַט די מעלות, וואָס עס איז געווען ווייך ווארים, האָט פאַרחתמעט דאָס קראַנקע פלאַץ און ניט צוגעלאָזט קיין לופט. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז די הויט איבערן געשוויר איז געוואָרען ווייכער און זיך שנעלער געעפענט. א פּרעפּעראַטיוו, וואָס האָט געדינט צו דעם אייגענעם ציל, איז געמאַכט געוואָרען אין א פּלאַס־טער פאָרם, פון זייף, בוימעל און ראָזשענקעס, צעהאַקט און גוט אויס־געמישט. אַז עס איז ניט געווען קיין צייט לאַנג זיך צו עסק'ען, האָט מען צוגעלייגט זויערטייג, אָדער פּשוט ווייך ברויט אויסגעקנאָטען מיט א ביסעל וואַסער און זאַלץ, דאָס זאַלץ פלעגט טאַקע אין אָנהויב אביסעל ברענען, אָבער דאָס ברענעניש האָט באַלד אויפגעהערט און דאָס רייסעניש און די ווייטיקען זענען געוואָרען גרינגער.

צו דעם, וואָס איז שוין אויסגערעכענט געוואָרען, דאַרף מען נאָך צוגעבען די טשיקאַווע רפואות: אַמאָל האָט מען גענוצט יאַכען־פּלאַס־טער, טשיקאַווע, וואָס איז אַזוינס יאַכען־פּלאַסטער? מען באַגעגענט אויך „יאַכנע" פּלאַסטער און מען קאָן דרינגען, אַז דאָס האָט עפּעס א שייכות מיט דער באָבע יאַכנע... איז אָבער לא היה ולא נברא — עס הויבט זיך ניט אָן.

יאַכען־פּלאַסטער שטאַמט פון אַן אַנדער אָרט. דער נאָמען איז א פאַרבינדונג פון לאַטיין און גריכיש און מען געפינט אים אין יעדער נאַציאָ־נאַלער פאַרמאַקאָפּעע, אָדער אוצר הרפואות, דאָס איז עמפּלאַסטרים דעאַכי־לאָן, אָדער בליי־פּלאַסטער, וואָס מען פלעגט אַמאָל נוצען פאַר אָנרייסונגען און קליינע געשווירען. פון דעם גריכישען „דיאַכילאָן" איז דאָס געוואָרען דער אידישער יאַכען.

פאר טיפערע און גרעסערע געשווילעכצען האט די מאמע גענוצט לאַין־זוימען — טרוקענע, הייסע, אין זעקעלעך, אָדער ווי א קאַשע אויס־געשפרייט אויף לייוועגט, אָדער אויף רונדיקע הייסע קאָמפּרעסען, אָדער אומשלאָגען. אמאָל האט מען אויך גענוצט הייסע מעהל און זאַלץ אין זעקעלעך.

אן אויבען־אויפיק געשווירעל, וואס האט זיך געעפענט, האט מען אויסגעקוועטשט די מאטעריע, אויסגעוואשען מיט ווארעם וואסער און פארבונדען. אין דעם פאל בא גרעסערע געשווירען און טיפערע אבצע־סען, וואס האבען זיך געפונען אונטער די מוסקולען, אָדער אפילו אין ביין, און די מאטעריע האט גערונען א לאנגע צייט, זיך אמאָל פארמאכט און אמאָל געעפענט, האט די מאמע זיך באנוצט מיט דעם פּאַרטעל, וואס מען רופט אויף ענגליש „עי דרעין", א רינווע. זי האט עס אָנגערופען א קנייטעל. א דרעין ווערט געמאכט פון מארלע, ארומגעוויקעלט מיט גומע־לייוועגט, מיט מארלע אליין, אָדער פון א גומענעם טרייבעל מיט לעכלעך. די מאמע האט עס געמאכט פון פעדעם צונויפגעלייגט און צוזאמענגעפלאָכטען אין אכטען אָדער אין מער און דערנאָך איין עק פארשטייפט מיט א פאדעם אין א הארט קעפעל. דאס קנייטעל מיט'ן קעפעל האט מען אריינגערוקט אין דער עפענונג פון דעם געשוויר. דאס האט ניט דערלאָזט, אז די עפענונג זאל זיך צומאכען און האט געהאָלפען אפּצוציהען די מאטעריע פון אינעווייניג.

אזא עפענונג, וואס האט געדויערט א לאנגע צייט און האט געהאל־טען אין איין רינען האט מען גערופען א „פיסטיל" („פיסטולא" אין לאטיין.)

היימישע רפואות צו קאָפּ ווערטאָג.

פעלשטינער אידען האבען א סך געליטען פון קאָפּ־ווערטאָג שוין דערפאר אליין, וואס זיי זיינען געווען אביונים און דער קאָפּ האט זיי געדרעהט און אויסגעדארט, וואו נעמט מען א קערבעל אויף א געבעקעל־ברויט, א פּאר גילדען אויף שבת. אויסער די געוויינטליכע וואכיקע קאָפּ דרעהענישען, האט מען שבת געליטען פון א פיזישען קאָפּ־ווערטאָג פון פארטשאדעט ווערען. שבת האט מען איינגאנצען, אָדער האלב פאר־שטעקט דעם קוימען, כדי דער טשאָלענט זאל זיין ווארים. דערפאר זיינען די בני־בית פארטשאדעט געוואָרען. דערצו איז די רפואה געווען רעפּט־לאך צעשניטענע קארטאָפעל, וועלכע מען האט ארומגעלייגט ארום קאָפּ און צוגעבונדען מיט א פאטשיילע. אויב דאס האט ניט געהאָלפען, האט מען געלייגט קאלטע אָדער הייסע קאָמפּרעסען, א פענכער אייז אָדער

שניי, וואָס אין ווינטער איז געווען פאַר דער טיר. זומער איז אייז געווען א לוקסוס, וואָס מען האָט זיך נאָר באַנוצט ביי אַן ערנסטער קראַנקהייט.

פאַר שטעכעניש אין די זייטען, האָט מען צוגעלייגט אַ פּלאַסטער פון גאָרשיטצע. פאַר וועהטאָגען אין די שלעסער, אין די געלענקען, אין די הענט אָדער פיס, האָט מען זיך באַנוצט מיט ספּירט, אָנגעוואַרעמטען עסיג און אַפילו קעראָסין.

פאַר בויך וועהטאָגען, אָדער פאַרשטאָפּונג און פאַר פיבער האָט מען זיך באַנוצט מיט דעם באַרימטען מיטעל, וואָס האָט אַזאַ שלעכטען טעם — ריצענאויל. טאַקע דערפאַר, וואָס ריצענאויל האָט געהאַט אַזאַ שוידערליך־שלעכטען טעם איז דאָס געווען דאָס אַפּפּיר־מיטעל פאַר עקסעלאַנס. ווייל עס איז געווען שווער איינצונעמען, און קינדער האָט מען עס באַדאַרפט געבען איבערגעוואַלט, האָט מען זיך דערצו ניט גע־כאַפּט אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, ווי היינט, ווען עס זיינען פאַראַן אויפ'ן מארק אַזוי פיל פאַרשידענע געשמאַקע אַפּפיר־מיטלען אַפילו טשאָקאָלאַדעס. האָט מען זיך טאַקע דערמיט באַנוצט נאָר ווען עס איז געווען אבסאָלוט נויטיג, און זיך פאַרהיט פון א סך צרות.

די אָרימקייט, אַ פּראָדוקט פון דלות, האָט אונז אַלעמען, קליין און גרויס, פאַראומערט דאָס לעבען. דער מאַנגעל אין זייף, אין מאָדערנע וואַנעס, אין הייס וואַסער, האָט געבראַכט דערצו, אַז אַפילו מפונקים האָבען זיך ניט געקאָנט האַלטען ריין. מען איז טאַקע געגאַנגען איין מאָל א וואָך אין באָד, אָבער דאָס האָט ווייניג־וואָס געהאָלפען. אין דער וואָכען איז מען געגאַנגען אין שמאַטעס, און דאָס אונטער־וועש האָט מען געוואַשען אין קאַלט וואַסער. דערפאַר איז א סך פון דעם אומריינ־קייט פאַרבליבען. האָבען אי קינדער, און אַפילו דערוואַקסענע מענשען געליטען פון פּרעה'ס דריטער מכה. קינדער האָבען דערפון געליטען פון אַן אויסשלאַג אויפ'ן קאָפּ, די איינפאַכע קאָפּ עגזעמאַ. דער אויסגוס אויפ'ן קאָפּ איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרען אין א מין קאָרע, אָדער פאַנצער, אין וועלכען די האָר האָבען זיך אריינגעפּלאָנטערט און האָבען ביי די קינדער געשאַפען די באַרימטע קאָלטענעס, וואָס מען האָט גע־קרוינט מיט דעם נאָמען פּליקא פּאָלאָניקוס.

דאָס וואָלט נאָך געווען צו דערליידען. זיי האָבען אָבער געליטען פון א סך ערנסטערע קאָפּ־קראַנקהייטען, וואָס האָט זיי געצייכענט אויפ'ן גאַנ־צען לעבען, און זיי באַשיינט מיט'ן צונאָמען פּאַרכען. פּאַרך, האָט מען גערופען אי דעם „רינג־וואָרים" אויפ'ן שיידעל, אי פאַוואַז. צוויי גאַנץ באַזונדערע, פאַרשיידענע קראַנקהייטען. ביידע האָט מען געהיילט מיט איין רפואה, שאַרע מאַסט, אַ זאַלב פון קוועק־זילבער.

פאַר פרעה'ס מכה אַליין האָט מען געטאָן אַלערליי מיטלען — גע־וואַשען, געצוואָגען, אַמאָל אפילו גענוצט קעראָסין, אָדער עסיג, אָבער אינגאַנצען זיך באַפרייען פון דער אָנשיקעניש איז געווען אוממעגליך. פון קאָכען וועש האָט מען דעמאָלט ניט געוואוסט. און וואָלט מען אפילו יאָ געווען געוואוסט, האָט מען בא יענע אומשטענדען דאָס ניט געקאָנט באַהויפּטען. די דריטע מכה האָט אויך געבראַכט אַ פּיל שעדלעכערען גאַסט — דעם פלעק־טיפוס, וואָס האָט אומגעבראַכט טויזענטער מענשען, אין דער וועלט־מלחמה.

אַ פּאָר מעדיצינישע אָדער פּאַטאָלאָגישע קללות.

שווער צו זאָגען אויב די מאַמעס האָבען געהאַט גענוג מעדיצינישע ידיעות פעסטצושטעלען אַ דיאַגנאָזע. פון מיין אייגענער דערפאַרונג ווייס איך, אַז ביי אַזוינע קראַנקהייטען ווי מאָזלען, סקאַרלאַטינע האָבען זיי כמעט מיט'ן אינסטינקט געשטעלט אַ קאָרעקטע דיאַגנאָזע; אָבער בא אַנדערע, מער קאָמפּליצירטע קראַנקהייטען, קאָנען מיר זיך אָנשטויסען אָן זייער וויסען דורך דער שפּראַך, ווערטלאַך און איבערהויפּט דורך די קללות. טשיקאַווע, וואָס גראָד אין די קללות ליגט פאַרבאָרגען אַ סך מעדיציניש וויסען.

אַז אידישע קללות זיינען פול מיט סאַטירע, גאַלגאַן־הומאָר, גיפט און גאַל, איז אַלעמען באַקאַנט. אָבער אַז אין זיי איז פאַרבאָרגען מעדיצי־ניש וויסען, איז אפשר פאַר פילע אַ נייעס. אָט האָט איר דאָ אַ פּאָר מעדיצינישע קללות, וועלען מיר זעהן:

„די פראַנצען זאָלען דיך עסען".

„זאָל דיך וואַרפען דאָס ניין יאָריגע קדחת".

„זאָלסט ברעכען מיט גרינע ווערים".

„אַ בראַנד דיר אין די געדערים, אָדער קישקעס".

„שפּייען מיט בלוט". „אויסשפּייען די לונג".

„זאָלסט באַקומען די געלע זוכט".

„זאָלסט ארויסגעהן מיט בלוט און מיט אייטער".

אָט די פּאָר קללות האָב איך בלויז געבראַכט, ווי אַביישפּיל. פאַראַן אָהן אַ שיעור נאָך, אָבער דאָ איז ניט נויטיג אַלע אויסצושרייבען.

וואָס מיינט פראַנצען? אין מיינע קינדערשע יאָרען האָב איך זיך געוואונדערט וואָס פאַר אַ מין חיות זיינען פראַנצען. איך האָב זיך געשעמט צו פרעגען. היינט איז קלאָר, אַז פראַנצען מיינט די באַ־קאַנטע ווענערישע קראַנקהייט סיפילים. פראַנצען דערפאַר ווייל מען האָט געגלויבט, אַז די קראַנקהייט שטאַמט פון די פראַנצויזען — פראַנ־צען, אָדער פראַנקען, און פראַנקרייך איז פראַנציע. באמת איז אפשר

ריכטיג די סברה אז די קראַנקהייט האָט קאָלאָמבוס מיט זיינע מענשען געבראַכט פון אַמעריקע. פריער האָט מען פון דער קראַנקהייט ניט גע־וואוסט. די שפּאַניער האָבען די קראַנקהייט געבראַכט קיין איטאַליע און די פראַנצויזען האָבען זי איבערגענומען בא די איטאַליענער. אָבער דער כבוד, אַז די קראַנקהייט זאָל הייסען נאָך זיי, איז געבליבען בא די פראַנ־צויזען. עסען? ווייל די קראַנקהייט פאַראורזאַכט וואונדען — מאַרבוס גאַליקוס — און לעבער, וואָס עסען זיך איין טיפער אין לייב און היילען זיך ניט.

ברעכען מיט גרינע ווערים, פאַרוואָס גרינע? אפשר דערפאַר ווייל די גאַל האָט זיי פאַרגרינט, אָדער אפשר איז דאָס געווען פאַרגרינטע שליים וואָס האָט אויסגעזען ווי ווערים. פון ווערים האָבען מיר אַלע געליטען ווי איך האָב שוין אויבען געשריבען. אַ סך קראַנקהייטען און סימפּטאָ־מען האָט מען צוגעשריבען צו ווערים; און די אַלגעמיינע דיאַגנאָזע ווערים איז געווען אַ תירוץ אויף אַ סך אומדיאַגנאָזירטע קראַנקהייטען, וואָס האָבען זיך מיט ווערים גאַרנישט אָנגעקערט.

„סיזאָל דיך וואַרפען דאָס ניין יאָריגע קדחת". קדחת,איז אַ מאַלע־ריע, און אַז מען ליידט אויף דער קראַנקהייט, וואַרפט עס טאַקע אַרוים פון בעט. עס קלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. דאָס „ניין־יאָריגע", דערפאַר ווייל אַ מאַלעריע איז אויך אַ כראָנישע קראַנקהייט און קאָן טאַקע גע־דויערען אַזויפיעל יאָר און אַמאָל מער. די איבעריגע קללות דערקלערען זיך אליין און דאַרפען ניט קיין פּרושים.

פיאַװוקעס, באַנקעס, טרוקענע און געהאַקטע, האַקען אַן אָדער.

פיאַװוקעס זיינען געװען אַ פּאָפּולערער אַרטיקעל אין דער מאַמעס ספר־הרפואות. פאַרוואָס איז שווער צו זאָגען. ווייניג האָט מען פון פּעלשטי־נער אידען געצאַפּט דאָס בלוט? אָבער אַזוי איז דאָס. צוערשט האָב איך זיך באַקענט מיט זיי אין דער פּעלשטינער אַפּטייק, וואו זיי זיינען געלעגען אין קרישטאָל־ריינע סלאָיעס און געוואַרט: „יבא יומו" — זייער צייט וועט קומען. שפּעטער האָב איך זיי געפילט אויף מיין אייגענעם לייב, און נאָך ביז היינטיגען טאָג קאָן איך אין זיי זיך ניט דערמאָנען אָן עקעל.

אַרום פּעלשטין, ווייט הינטער דער שטאָדט, האָבען זיך געפונען האַלב־זומפּען, האַלב־טייכלעך. אהין פלעגען מיר קינדער פאָר סוכות געהען שניידען טשערעט אויף סכך. שטעהענדיג אַזוי אין זומף, שטאַרק פאַרטאָן אין שניידען טשערעט, האָב איך דערשפּירט, אַז עס ציט צווישען די פינגער פון די פיס. כאַפּענדיק אַ קוק, האָב איך דערזען, אַז אַ פּאָר שוואַרצע זעקעלאַך האָבען זיך צוגעקלעפּט צו די פינגער. איך האָב זיי מיט עקעל אַראָפּגעריסען און פון דעם אָרט וואו די פּאַראַזיטען האָבען

געזויגען האָט געדונען בלוט. דאָס איז געווען אַן אמת׳ע באַקאַנטשאַפט אויף מיין אייגען לייב.

מיט מיינע אויגען האָב איך געזעהן בא אונז אין שטוב, ווי מ׳האָט צוגעלעגט פּיאַווקעס דעם טאַטען אויף דעם האַלדז. ער איז געווען קראַנק אויף אַ האַלדז קראַנקהייט. זיי האָבען אַזוי לאַנג געזויגען דאָס בלוט ביז זיי זיינען געשוואָלען געוואָרען און אַראָפּגעפאַלען אויף דער ערד. כּמעט אַלע האָבען געקוקט אויף פּיאַווקעס מיט עקעל. פונדעסטוועגען האָט מען שטאַרק געהאַלטען פון זיי. מען איז געווען שטאַרק פאַרגלויבט אַז זיי זויגען אויס דאָס שלעכטע בלוט.

זייער געשיכטע אין דער מעדיצין איז אַ גאַנץ אַלטע. גענוצט האָט מען זיי נאָך אין מיטעל־אַלטער, ווען די דומעראַלע טעאָריע האָט באַהערשט די מעדיצינישע וועלט. ערשט אין דער לעצטער צייט זיינען פּיאַווקעס אינגאַנצען אַרויס פון דער מאָדע. כּמעט אפילו אין אָנהייב פון היינטיגען יאָרהונדערט האָט מען נאָך געטראָפען אין מעדיצינישע האַנט־ביכער באַשריבען אַן אינסטרומענט, וועלכען מען האָט גערופען די קינסטלעכע פּיאַווקע, וואָס דאָקטוירים האָבען באַנוצט טאַקע פאַר דעם זעלביגען צוועק.

טרוקענע באַנקעס האָט מען געשטעלט בא די גרעסטע טייל קראַנקהייטען, איבערהויפּט אַזוינע, וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות מיט׳ן ברוסט־קאַסטען. די אַרבייט פלעגט שוין טאָן די רופא־טע; פאַר׳ן רופא איז דאָס שוין געווען אונטער זיין כבוד. אַמאָל פלעגט זיך די מאַמע בריה׳ן און שטעלען אַליין די באַנקעס. די גאַנצע קלאָפּערגעצייג איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר קידוש־גלעזלאַך, אַ שטעקעלע אַרומגעוויקעלט מיט אַ שמאַטקעלע, און אַביסעל בראַנפען. דאָס לייב פון חולה פלעגט ווערען אַלערליי קאָלירען. אַמאָל זיינען אויך אָנגעלאָפען וואַסער בלעזלעך. משמעות, אַז די ברוין און בלוי קאָלירען האָבען אימפּאָנירט דאָס אויג. מען האָט געזעהן באַשיינפּערליך, ווי די באַנקעס טוען אויף פּשוט וואונדער.

געהאַקטע באַנקעס האָב איך שוין ניט זוכה געווען צו זעהן מיט די אייגענע אויגען; נאָר די סימנים, וואָס זיי האָבען איבערגעלאָזט אויפן לייב, האָב איך פיעל מאָל געהאַט די געלעגענהייט גוט צו באַטראַכטען. האַקען אַן אָדער איז שוין געווען אַן אידעלע מלאכה. דאָס איז שוין געווען דעם רופא׳ס אַרבייט. קיין פּראָסטען בשר ודם האָט מען די מלאכה ניט אָנגעטרויט. עלטערע אידען האָבען זיך זעהר אָפט געלאָזט האַקען אַן אָדער אַזוי ווי, להבדיל, געהן אין מרחץ אַריין. אָט די אַלע אויסגעדעכענטע מיטלען האָבען געהאַט אַ זין. אין געוויסע אויסנאַם־פאַלען באַ־

נוצט מען זיך מיט זיי אפילו ביז היינטיגען טאָג.

די שפּאַנישע פּליג. א פּלאַסטער געמאַכט פון שפּאַנישען פּליגען־עקס־טראַקט, האָט מען אמאָל באַנוצט ארויסצוציהען א שאַרפען וועהטאָג אין דער ברוסט, אָדער הינטער די אויערען. אזא פּלאַסטער האָט מען אויך גערופען א בלאָז אָדער בלעזעל. איך דערמאָן עס דאָ צוליב א גאַנץ אַנדער טעם. סוף יוני פּלעגען די שפּאַנישע פּליגען זיך באַווייזען אין גרויסע מאַסען אויף די בוימער, וואָס זיינען געוואַקסען אין גאָרטען ארום א גרויסער שטוב לעבען מאַרק: מיר, קינדער, פּלעגען קלעטערען אויף די בוימער, טרייסלען די צווייגען און כאַפּען די פּליגען אין היטעל אריין, און אַז מיר האָבען אויפגעקליבען א פול היטעל, האָבען מיר זיי פאַר־קויפט דעם פעלשטינער אַפּטייקער פאַר א פּאָר גראָשען. בא מיר וואָלט איר געפּועלט, מען זאָל זיי רופען פעלשטינער פּליגען, ניט קיין שפּאַנישע, ווייל איך האָב זיך מיט זיי באַקאַנט אין פעלשטין. אין אמת'ן זיינען זיי גאָרניט געווען קיין פּליגען, נאָר זשוקעלאַך, אָדער „כאַרישטשעס", ענליך אויף אונזערע פייער־פּליגען. די האַרטע אויבערשטע פּליגלען און דער קערפּער זיינען געווען — גרין גאָלדיג און האָבען געלויכטען מיט א פּאָספאָר־שיין. זיי האָבען ארויסגעגעבען א שאַרפען אומאַנגענע־מען גערוך, וואָס איז שווער צו באַשרייבען. צוליב וואָס דער אַפּטייקער האָט זיי באַדאַרפט, האָב איך דעמאָלט ניט געוואוסט. ס'איז אַן אַלטע רפואה, וואָס מען געפינט אין יעדען אַפּטייק אין צוויי פּרעפּאַרא־טען, א לייזונג אין אַלקאָהאָל, און א פּלאַסטער. דעם פּלאַסטער באַנוצט מען ארויסצוציהען שמערצען, און דעם ספּירט פאַר האָר־טאַניקס.

## אָבערגלויבענס אין פאָלקס־מעדיצין

אַן עין הרע.

דער גלויבען, אָדער אבערגלויבען אין אַן עין הרע, אָדער, בלשון סגי נהור, אין א גוט אויג, איז פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, ביי אַלע פעלקער. בא אונז אין שטעטעל האָט מען דאָס אויך באַטראַכט, ווי א הויפּט־סיבה פון א סך, א סך קראַנקהייטען.

דער אָפּשטאַם פון דעם גלויבען אין אַן עין הרע, האָט זיינע וואָרצ־לען אין דער פּרימיטיווער קינדהייט פון דער מענשהייט.

דער פּרימיטיווער מענש האַלט, אַז קיין אינערליכע סיבות פון קראַנקהייטען זיינען ניט פאַראַנען; א קראַנקהייט קומט נאָר פון דרויסענדיגע פיינדליכע כוחות, וואָס ווילען אים טאָן שאָדען. אָט די פיינד־ליכע כוחות האָט ער אָנגערופען גייסטער, שדים, רוחות, קליפּות און מזיקים.

דער פרימיטיווער מענש האלט נישט, אז עס זיינען פאראן טויטע זאכען. ניט נאָר לעבט בא אים דער מענש, די חיה, נאָר אויך דער בוים, דאָס גראָז און אפילו דער שטיין, דער בארג, די האק,און דאָס געצייג מיט וועלכע ער באנוצט זיך. יעדע זאך לעבט און האָט א „נשמה" ד. ה., נאָר א מין שאָטען פון דער זאך, וואָס קאָן לעבען א באזונדער לעבען.

דער מענש קאָן אודאי לעבען אין צוויי אָדער מער עקזיסטענצען. ער קאָן לעבען בא זיך אין שטוב, און אין דער זעלבער צייט זיין ערגיץ אנדערש אין אן אנדער געשטאלט, ווי צום ביישפיל, א טיגער אָדער א וואָלף, און צערייסען א מענשען. פאר אונז איז דאָס אונזין, פאר'ן פרימיטיווען מענשען איז דאָס קלאָר ווי דער טאָג. ער האָט אויך נעגלויבט, אז די גייסטער פון די טויטע וואנדערען ארום, גרייט אים דורס צו זיין, אויב ער האָט זיי מיט עפּעס דערצערענט. לויט זיין גייסטיגען צושטאנד, איז דעם פרימיטיווען מענשען גרינג צו גלויבען, אז קראנק איז ער געוואָרען, ווייל אין אים האָט זיך ארייננעכאפּט א שלעכטער גייסט און אים קראנק געמאכט.

דער געדאנק ווידער, אז א מענש קאָן זיין א גוטער, ליגען רוהיג ביי זיך אין שטוב און אין דער אייגענער צייט אין אן אנדער געשטאלט ערגיץ אנדערש טאָן שלעכטס, האָט געקאָנט אין א שפּעטערער צייט ברענגען צו דעם געדאנק, אז אפילו א גוטער מענש קאָן בלויז מיט זיין אויג עמיצען שלעכטס טאָן, אָדער קראנק מאכען.

אונזער שטעטעל איז, אין דעם הינזיכט פון אבערגלויבען, נאָך געשטאנען אין דער פרימיטיווער עפּאָכע. מיר, קליינע קינדער, האָבען געלעבט אין שרעק און אין פחד פאר מתים, וואָס געהען ארום אויפן עולם התהו, פאר שדים, רוחות, דיבוקים, קליפּות, און מזיקים. די לופט איז געווען פול מיט זיי. אויף אלע וועגען און שטעגען. באם טייכעל, און אויף פוסטע ערטער, אין שטיבער, אויף בוידימער — אומעטום, וואו עס איז נאָר געווען פינצטער און וויסט האָבען זיי געוועלטיגט.

ווינטער באנאכט, ווען דער קאלטער ווינט פלעגט קלאפּען מיט די טשערעפּעס פון דאך, האָבען מיר מיט א פארכאפּטען אָטעם געשעפּטשעט, אז שדים געפינען זיך אויפן בוידעם.

די מתים קומען ביינאכט דאווענען אין שול, שטעהען אָנגעטאָן אין טליתים און שאָקלען זיך, און ווען דער האָן גיט א קרעה, צעלויפען זיי זיך אין זייער רוה אריין. מיר האָבען געזעהען מתים ארומגעהן באנאכט און זיך דערשראָקען צום טויט.

אויב אַ מענש איז אַראָפּ פון זינען, געליטען פון היסטעריע, אָדער גלאַט געווען אַן עקשן, אָדער אַזוי צעדרעהט — האָט מען געזאָגט, אַז אַ דיבוק איז אין אים אריין.

אין אַזאַ אַטמאָספערע איז גאָר קיין וואונדער ניט געווען, וואָס די מאַמע האָט געגלויבט אין אַלערליי זאַבובאָנעס און אויך אין אַן עין הרע.

די מאַמע האָט געקויפט אַ זעקעל מעל אין מאַרק און האָט עס געטראָגען אהיים. גייענדיג, טרעפט זי אָן אַ שכנה, אָדער אַ באַקאַנטע, וואָס מוסר'ט זי, אָדער באַוואונדערט זי, וואָס אַ שוואַכער מענש טראָגט אַזאַ שווערען פּאַק. די מאַמע האָט זיך פאַרקילט אויפן וועג דערפאַר, וואָס זי איז פאַרשוויצט געוואָרען, אָדער אפשר איז זי שוין פריער ניט געווען מיט אַלעמען. זי פאַלט אריין אין שטוב אָהן כוחות, פאַלט אַוועק אויפן בעט, פיבערט, און עס קלאַפּט איר אַ צאָן אָן אַ צאָן. זי איז זיכער, זי האָט געכאַפּט אַן עין הרע. און פון וועמען? טאַקע פון יענער אי־דענע, וואָס זי האָט אויפ'ן וועג באַגעגענט. איצט הויבט זיך אָן אַ נייע סדרה. מען דאַרף בסוד סודות ארויסבאַקומען פון דער קרימענאַלניצע אַ פּאָר האָר, אַ ברעקעל פון אַ קלייד אָדער שאַל און דאָס מיט די פּאַסיגע צערעמאָניעס פאַרברענען, זאָגען דעם ריכטיגען שפּרוך און די עין הרע איז בטול. די אייגענע מעשה האָט זיך אָפּגעשפּילט ווען, חלילה, אַ קינד איז קראַנק געוואָרען.

אַז אַ קינד איז קראַנק געוואָרען פון אַ שרעק, אָדער האָט זיך גלאַט איבערגעשראָקען, האָט מען אויסגעגאָסען וואַקס. פון דעם געשטאַלט אָדער פאָרם, וואָס דאָס צעגאָסענע וואַקס האָט צופעליג אָנגענומען האָט מען אויסגעטייטשט די סיבה פון דעם דערשרעק, צי דאָס איז געווען אַ מענש אָדער אַ חיה. אויסגעגאָסען וואַקס אָפּגעזאָגט דעם נויטיגען שפּרוך, איז מען געוואָרען ביי זיך רוהיג און תקיף: ניטאָ פאַרוואָס מורא צו האָבען. קינדע'ר האָבען געטראָגען קמיעות פון דעם אָדער יענעם גוטען־אידען פאַר אַ באַוואָרעניש געגען קראַנק ווערען. אויב ניט קיין קמיע, איז אַ וואָלף'ס ציינדעלע, אָדער אַנאַנדער שמאַכטע אויך געווען אַ סחורה.

מיר האָבען געגלויבט אין כישוף־מאַכעריי, אין מכשפות, אין אַלטע לאַמע גויעס, וואָס קאָנען צונעמען די מילך ביי אַ קוה, אויך ביי אַ זויי־גענדער מאַמע, — גויעס, וואָס קאָנען צאַפּען מילך פון די ווענט, וואָס באַזיצען דעם כוח אָפּצושפּרעכען אַן עין הרע, ריידען און פאַררריידען אַ קרענק. מען האָט געגלויבט, אַז זיי באַזיצען אסך געהיימע רפואות און מען האָט זיך ניט געשעמט מיט די משונעדיגע עצות און רפואות זיך צו באַנוצען, כאָטש כישוף איז דירעקט פאַרבאָטען אין דער תורה.

מען האָט געגלויבט און געהאַלטען אין דער איינגער צייט אי פון דער טומאה, אי פון דער קדושה. פון איין זייט דער רבונו־של־עולם, דערנאָך דער צדיק הדור, זכות אבות,די תורה און דער ארון קודש; און פון דער אנדערער זייט פון דער סיטרא אחרא דעם שטן, פון דער מכשפה, דעם זנאַכער און טאָטער... מיט א האלז־ברעכענדיגען שפרונג איז מען אריבער פון איינעם צום צווייטען און ניט געבראָכען האלז־און־נאַקען. זיי האָבען אין דעם ניט געזעהען קיין סתירה. אז דאָס ריינע האָט ניט געהאָלפען, האָט מען זיך אומגעקערט צו דעם אומריינעם. אומעטום אין דער גאַנצער וועלט געפינען מיר די אייגענע דער־שיינונגען ביים פשוט'ן פאָלק, באַם גוי, ווי באַם אידען.

ווען דאָס קריסטענטום האָט אָפּגעשאַפט און פארשטופט די אַלטע היידנישע רעליגיעס אין די פאַרוואָרפענע אָפּגעשטאַנענע ווינקעלאך, האָט דאָס פשוט'ע פאָלק אין געהיים, באַהאַלטען, געגלויבט און געדינט צו די אַלטע פארשטויסענע אָפּגעטער. מערניט, אצינד האָט דאָס אָנגענומען דעם געשטאַלט פון ניט כשר'ן אבערגלויבען.

אז דער גלח מיט זיין גרויסען צלם, מיט זיינע תפילות, פּרעפּלען, און הייליגען וואסער האָט ניט געהאָלפען, האָט מען אויסגעגראָבען די אַלטע פארשטויבטע געטער, זיך געבוקט צו זיי און זיי איבערגעבעטען, פאַרוואָס מען האָט זיי אזוי לאַנג פארנאַכלעסיגט. אמת, אין הארצען האָבען זיי אביסעל מורא געהאַט, אז זיי זינדיגען, זיי דינען צום טייוועל, אָבער לאָז זיין פון טייוועל, אבי געזונט צו ווערען.

דאָס איז די אנשויאונג פון פאָלק אומעטום און אויך באַ אונז. אין דער מאַמעס רפואות־קאָדעקס איז ניט געווען קיין „מען טאָר ניט". אַלץ איז געווען גוט, אויב דאָס האָט געבראַכט א רפואה שלמה, אָדער עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אז עס האָט געבראַכט א רפואה.

דערפאַר איז אין דעם קאָדעקס געווען אזא געוואַלדיגער מיש־מאַש פון זין און אומזין, שכל, לאָגיק און וויסטע שטות'עריי. גלויבען און אומגלויבען, וויסען און כישוף,טהרה און טומאה.

אָבער לאָמיר זיך מיט דער מאַמעס רפואות ניט שעמען. ס'איז נאָך אַלץ א קינדער שפּיל געגען דעם אזוי גערופענעם „וויסענשאַפטליכען" קאָדעקס פון מיטעל־אַלטער און שפּעטער, ווען אַלע אָפּשייליכקייטען און מיאוסע זאַכען אין דער וועלט זיינען באַנוצט געוואָרען ווי רפואות — דער וואונדער איז בלויז, ווי אזוי די חולאים האָבען די רפואות אראָפּגעשלונגען און האָבען נאָך ווייטער געלעבט, און אמאָל אויך געזונט געוואָרען. געגען דעם איז אונזער מאַמעס קאָדעקס — ליכטיגער פּראָגרעס.

## בערל בוים

# יאָסעל שרייבער



יענע צייט ווען דער מלמד האָט אי געקנעלט מיטן תלמיד, אי געלערענט איהם שרייבען לשון קודש — איז שוין געהאַט אוועק. עס איז אָנגעקומען די צייט פונ׳ם „זשאַר־גאָן”. דער „זשארגאָן” האָט דעם מלמד עפּעס ווי געמאכט פאַר אויס לעהרער פונ׳ם ניי־מאָדישען שרייבען. דער „זשארגאָן” האָט, ווי ס׳זעט אויס, געפאָדערט עפּעס א נייע טעכניק אין לערנען, און פאַר דעם מלמד איז אָט די נייע טעכניק געווען פרעמד און אויך פריקרע. ובפרט נאָך ווען דער זשארגאָן האָט געפירט דערצו, אַז אידישע קינדער זאָלען זיך שוין אויך כאַפּען צו לערנען רוסיש.

ביי דעם אמאָליגען מלמד איז זשארגאָן און רוסיש לערנען געווען טריף־פּסול, און ווען עס האָט זיך באַוויזען אין פּעלשטין א פרעמדער איד, וואָס האָט געעפענט — ווי מען האָט עס דעמאָלט אָנגערופען — א „שריי־בארניע”, האָבען די מלמדים גערען אויפגעגעבען די עובדה פון לערנען **דעם תלמיד שרייבען.**

ווען דער פּעלשטינער איד האָט דערפיהלט, אַז די מסחר־וועלט פאָדערט זיין קינד זאָל קאָנען אָנשרייבען א אידיש בריוועל און אויך א רוסישען אדרעס, איז ער געווען צופרידען, וואָס אזא לערער האָט זיך געיאַוועט אין שטאָט אריין, און ער האָט גערען געגעבען זיין קינד צום לערער, עס זאָל זיך לערנען שרייבען לויט דער נייער מאָדע.

אזא אידישער לערער איז געווען משה שרייבער.

משה שרייבער האָט באַגייסטערט פּעלשטין מיט זיין צייכענען און מאָהלען „מזרחים”. די צוויי ליבען, וואָס ער פלעגט אויסצייכענען מיט א פען אויפן „מזרח” זיינען געווען דאָס חידוש אין שטאָט.

משה שרייבער האָט זיך אָבער ניט געהאַלטען לאַנג אין פּעלשטין. ווייזט אויס, אַז ער האָט ניט געקענט מפרנס זיין זיך מיט זיין אידענע פון דער „שרייבארניע”.

פעלשטין האָט זיך אָבער אָהן אַ שטאָט־שרייבער שוין ניט געקאָנט באַגעהן. איז געקומען נחמן שרייבער.

נחמן שרייבער איז געווען אַן אמת'ער קינסטלער אין כתב־יד. זיין דריינאָרענדיגער „דען" אין אָנהויב פון דעם „גריסעל" האָט געהאַט אַ שם אין שטאָט. שילער האָבען זיך גערדעהט די הענט, האָבען אָבער בשום אופן ניט געקענט נאָכמאַכען דעם „דען". דאָס „גריסעל" וואָס די שילער האָבען געבראַכט ווייזען דעם פאָטער איז שטענדיג געווען באַציערט מיט אַ „דען" אָדער אַ „ב"ה" וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ משונה'דיגע צייכע־נונג פון אַן אומגעלומפּערטער קווייט.

נחמן שרייבער האָט זיך נעבאַך אָפּגעפּלאָגט פיעלע יאָהרען אין פעל־שטין, און פאַרשוואונדען.

נאָך איידער נחמן שרייבער האָט פאַרלאָזט פעלשטין, האָט זיך אברהם לייבעלעס גענומען צו דער פּראָפעסיע. אברהם לייבעלעס איז געווען אַ איד שוין אין די מיטעלע יאָהרען. ער האָט גע'ירש'ענט די מלאכה פון אַנדערע שטעט. ער איז אין די אינגערע יאָהרען געווען אַ פאַרוואַלטער פון אַ גרויסער מיהל און פון אַ וואַלד. דעם וואַלד האָט מען אויסגעהאַקט. די מיהל האָבען גויים אויסגעדונגען. ער איז גע־בליבען אָהן פּרנסה. געלאָזט זיך אַפילו פאָהרען קיין אַמעריקע, אָבער ווייטער פון בראָד ניט דערפאָהרען. און ער האָט זיך אומגעקעהרט „מיטן בייטשעל". צו וואָס נעמט זיך אַזאַ איד? ער איז געווען אַן אמת'ער בקי אין בוכהאַלטעריע, אָבער ווער דאַרף האָבען בוכהאַלטעריע אין פעלשטין? איז ער געוואָרען דער לערער פון דער עלטערער כיתה קינדער.

משה שרייבער, נחמן שרייבער און אברהם לייבעלעס זיינען אָבער נאָך אַלץ געווען פון אַלטען דור. די נייע צייט האָט געפאָדערט עפּעס אַנדערש.

אַז נחמן שרייבער איז אוועק פון פעלשטין און אברהם לייבעלעס איז ניט געוואָרען דער שרייבער פון קליין און גרויס, האָט הר' יאָסעל איבערגענומען די ממשלה און אויף לאַנגע יאָהרען.

אויך יאָסעל שרייבער — כאָטש אַ פעלשטינער — איז אויסגעווען אין פיל אַנדערע שטעט אין רוסלאַנד און אַפילו אין אויסלאַנד. ער האָט זיך אין די ערשטע יאָהרען געהאַלטען פאַר אַ גרויסען קענער. אין די שפּעטערע יאָהרען אָבער, ווען די פעלשטינער בחורים, וואָס משה, נחמן און אברהם לייבעלעס האָבען אַרויסגעלאָזט, האָבען זיך גענומען אַליין לער־נען, האָט יאָסעל שרייבער געמוזט געפאַלען ווערען ביי זיך. ער האָט זיך אָבער ניט אונטערגעגעבען ביז ער האָט ניט אויפגעגעבען דאָס שרייבעריי

און איז אוועק קיין כארקאוו, און פון דארט איז ער טאקע באלד צוריקגע־קומען און איז ווידער געוואָרען דער פעלשטינער שרייבער. דאָס מאָל שוין דער שרייבער נאָר פון די אינגערע קינדער.

יאָסעל שרייבער איז געווען א הויך־געוויקסיגער שלאַנקער מענש, א איד מיט א הדרת פנים. די באָרד ביי איהם — שטענדיג פארקעמט. די אויגען — ווייכע, גוטמוטיגע.

זיין שטוב האָט זיך געפונען אין דער דרום׳דיגער זייט פון שטאָט, לעבען די מקומות־קדושים.

און פונקט ווי אידען זיינען געגאַנגען מיט די טליתים דאַוונען, אזוי זיינען די קינדער געלאָפען מיט די אידיש־גוי׳אישע ביכלאך צו יאָסל שרייבער זיך לערנען שרייבען. צוויי דורות האָבען זיך אָנגעשלאָגען אויפן זעלבען וועג.

דער איד מיטן טלית און תפילין אונטער דעם אָרעם זעהט ווי דאָס קינד לויפט צום שרייבער מיט די טריף־פסולדיגע ביכלאך אונטערן אָרעם און ער טראכט . . . וואָס טראכט דער איד וועגען דעם קינד?

ניט איין מאָל, ווען דער פראָסט האָט געברענט אין דרויסן, פלעגט א בחור׳ל, איידער ער איז צוגעקומען צום שרייבערס שטוב, אריינלויפען אין בית־מדרש זיך אָנוואַרעמען ביי דער הייסער הרובע, דערביי וואַרפענדיג די ביכלאך מיט דער „ברעסטאָמאַטיע" אויף דער באנק אָדער אויפן טיש, וואו ספרים זיינען געלעגען.

— ארויס פון דאנען מיטן צלם! דו שייגעץ איינער! — פלעגט א איד אָנשרייהען אויף דעם בחור׳ל. — וואו ביסטו? אין א קלויס־טער? . . . — דאָס קינד האָט ניט איינגאַנצען באַגריפען דעם חטא, געכאַפּט די ביכלאך און ארויס פון מקום קדוש.

דער טאָג ביים שרייבער האָט זיך אָנגעהויבען גלייך אין דער פריה. טאקע באלד ווי הר׳ יאָסעל האָט אָפּגעדאַוונט און איבערגעביסען מיט די צוויי בייגעל און א גלעזעל ציקאָריע. דער ערשטער קלאַס איז באַ־שטאַנען פון די באַלעבאַטישע מיידלאך, וואָס די מאַמעס פלעגען צוזאַ־מענברענגען און זיך אין איין וועגס צוגעקוקט: וועלכע מאַמע האָט שע־נער אויסגעפוצט איהר מיידעלע, כדי זי זאָל מאָרגען אויספוצען איהר טעכטעריל נאָך שעהנער.

שפּעטער צו זיינען אָנגעקומען די מיידעלאך פון די אָרימערע על־טערען. פיהל מעהר אין צאָהל ווי די וואָס פלעגען קומען גלייך אין דער **פריה.**

די אינגלאַך זיינען געקומען ערשט מיטאָג צייט. ווען די חדרים זיינען אוממיסטען צולאָזט געוואָרען אויף צוויי שעה, כדי די תלמידים זאָלען קענען געהן צום שרייבער.

ניט אַלע תלמידים זיינען געגאַנגען צו יאָסעל שרייבער זיך לערנען שרייבען. וואָרים אי צאָהלען שכר לימוד דעם מלמד, אי צאָהלען דעם שרייבער — איז געווען אַן ענין פאַר אַן עושר. זיינען טאַקע דעריבער פאַרבליבען פילע תלמידים ביי די מלמדים גופא, ביי זיי צו לערנען זיך די מלאכה פון שרייבען.

די קינדער ביים שרייבער האָבען אָבער באַוויזען מעהר קענטעניש און פלעגען זיך רייצען מיט די תלמידים, וואָס זיינען פאַרבליבען אין חדר ביים רבי'ן. זיינען די אינגלאַך פון די אָרימערע עלטערען געקומען אהיים מיט אַ געוויין: „פאַרוואָס גיט מען זיי ניט צום שרייבער״?

עס האָט ניט געהאָלפען. מען האָט געמוזט אָנקומען צו יאָסלען: „נעם צו מיין בחור. ער דערגעהט מיר די יאָהרען״... און יאָסעל פלעגט מטיב זיין מיט אַן אָרימאַן.

— אָבער וויניגער ווי דריי קערבלאַך אַ זמן קאָן איך ניט נעמען, — פלעגט יאָסל טענה'ן.

„אַז איך וויל ניט דו זאָלסט איהם לערנען רוסיש. לערען איהם אוים שרייבען אַ אידיש בריוועל און אַביסעל חשבונ'ען״.

און יאָסל פלעגט אַ שמייכל טאָן אויף דעם אָרימאַנס קנאַפּע פאַר־לאַנגען, און אַזוי אַריינגענומען די צוריקגעשטאַנענע, גמרא־בחורימלאַך.

יאָסל האָט אָנגעהויבען מיט די אָרימע קינדערלאַך לערנען אויפסניי, געשריבען מיט זיי האַלב לשון־קודש, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר גמרא־אינגלאַך. גערעכענט מיט זיי „פּוד־פונט־לויט״. געוואָלט אַרויסברענגען די חברה אויף אַ וועג.

און די בחורים'לאַך האָבען טאַקע איבערגעיאָגט די מיידלאַך, וואָס זיינען געגאַנגען שוין פיר און פינף יאָהר צו יאָסעל שרייבער. אין ליי־ענען רוסיש זיינען אָבער די בחורימלאַך געווען שטומפּיג. די מיידלאַך האָבען געלייענט רוסיש ווי אַ וואַסער און די אינגלאַך האָבען אונטערגע־הונקען.

איינמאָל, געדענק איך, בשעת'ן לייענען אין דער הויך דעם „רוסקי רעטש״, האָבען זיך עטלאַבע אינגלאַך אַרויסגעכאַפּט פון קלאַס, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט די מיידלאַך זאָלען ניט לאַכען פון זיי. האָט יאָסעל געגעבען אַזאַ גאָב דערפאַר:

— פּאָדליעץ דו איינער! — האָט ער אויסגעקליבען איינעם און איהם באַפּאַלען — דו קענסט נאָך אפילו ניט דעם „אַזבוק״ און שוין כאַפּסטו

זיך ארוים פון קלאס ? ! . . . דערפאר וועט מען היינט לייענען א „סקאז־
קע”, אַנשטאָט נעמען „דיקטאָווקע”.

אויף די מיידלאך איז געקומען א פרייד. אויף די בחורימלאך איז
אַנגעפאַלען א שרעק. אָבער א ברירה האָט מען געהאַט ? מען האָט געעפענט
די אַלטע ביכלאך וואָס די עלטערע ברידער און שוועסטער האָבען גע־
נוצט און ס'האָט זיך אָנגעהויבען א לייענען... א היקען... ווי מען
וואָלט געגאַנגען אויף הרודעס. ס'האָט געגרילצט אין די אויערן. די
מיידלאך האָבען געלאַכט . . .

— „אָסטאַוו. דאַוואָלנאָ !” — האָט יאָסל געשריען און געבייזערט
זיך אויף די „דיאַוואָלס” פאַר לייענען אַזוי שלעכט . . .

יאָסל האָט געהייסען נעמען זיך צו „אַריפמעטיקע”. די „אַריפמע־
טיקע” האָבען שוין די חברה בעסער געקאָנט.

איבערגעלאָזט די חברה צו זייערע חשבונות, איז יאָסל אַוועק צום
מיידעלשען קלאָס ביים צווייטען טיש.

— דיקטאָווקאַ, — האָט יאָסל פּלוצלונג אויסגעשריען. די מיידע־
לאך האָבען געעפענט זייערע „טעדראַדען”.

— נו, — פלעגט יאָסעל אָנהויבען גוטמוטיג. — זיינען אַלע גרייט ?

— יאָ, — האָבען געענטפערט אַלע. די קינדער וואַרטען א ווײַלע
ביז יאָסל ברענגט צוזאַמען דעם געדאַנק פאַר דער דיקטאָווקע. ער הויבט
אָן :

— מיין טייערע פריינדין !

— מיין טייערע פריינדין ! — ווידערהאָלען די קינדער צו זיך יאָ־
סעלם ווערטער און קריצען מיט די פענען.

— האָט איהר אַלע „מיין טייערע פריינדין” ? — פרעגט יאָסעל.

— יאָ, — ענטפערען די קינדער.

— דאָס ערשטע קום איך דיר צו מעלדען פון מיין ליבען געזונט.
דאָס זעלבע פון דיר צו הערען, — דיקטירט יאָסעל מיטאַמאָל.

— וואַרט אוים, רעב יאָסל ! — בעט זיך ביי איהם א געפּעסטעטע
מיידעלע. — איך האַלט ערשט ביי „דאָס זעלבע”.

— פון דיר צו הערען, — חזרט יאָסעל איבער.

די איבעריגע מיידעלאך פרעהען זיך וואָס זיי האָבען געקאָנט אָפּ־
כאַפּען דעם אָטעם און וואָס זיי זיינען פאַרטיג צו הערען ווייטער.

— האָבען שוין אַלע „פון דיר צו הערען” ? — פרעגט יאָסעל.

— יאָ ! — הילכען אָפּ די מיידעלשע קולכעלאך.

— צווייטענס קאָן איך דיר שרייבען, אַז די וועלט זאָגט איין ווערטעל, אַז מען קאָן ניט קיין מענשען, ביז מען האַנדעלט ניט מיט איהם . . . .

און יאָסעל לויפט דערווייל אַ קוק טאָן, ווי אַזוי די בחורים מוטשען זיך מיט די „זאַדאַטשעס". ער מאַכט איינעם אַ באַמערקונג. דעם צוויי־טען זאָגט ער, אַז ס'טויג צו גאָר ניט, און לויפט ווייטער צו די מיידלאַך.

— וואו האַלט מען? — פרעגט ער.

— איך האַלט ביי „מענשען" — שרייט איינע.

— איך האַלט ביי „האַנדעלט" — שרייט אַ צווייטע.

יאָסעל געהט איבער דעם זאַץ און פּענען סקריפּען.

— גענוג „דיקטאָווקע" — ענדיגט יאָסעל. די קינדער אָטעמען אָפּ.

יאָסל פאַרגיט די קינדער צו מאַכען „טשיסטאָ־פּיסאַניע". מען נעמט אַרויס די גריפלאַך, וואָס יאָסל האָט פאַר יעדען אָנגעשריבען און צוגע־פּאַסט יעדענס גריפעל צו דער באַשעפטיגונג פונם שילערס עלטערען. האַנדעלט איינעמס פאָטער מיט פלאַקס שרייבט יאָסעל וועגען פלאַקס און פרעגט דעם מקח. אַ צווייטענס עלטערען האַנדלען מיט קאַלך. רעדט יאָסעל אינם גריפעל אויף קאַלך־לשון און הייסט זיך שיקען אַזויפיל און אַזויפיל קאַלך מן הפשוט, און אַזויפיל און אַזויפיל מן הפרימאַ . . .

אַלע קינדער מוזען נאָכשרייבען פּינקטליך און אויף דעם נייעם פּאַפּיר וואָס מען האָט געמוזט אָפּהיטען און ריין האַלטען פאַר דער „טשיסטאָ־פּיסאַניע". ער פאַרזאָגט די כללים:

— עס מוז זיין פּרימאַ! אַלאַ ניט, איז די „ווירע". צעהן ווירעס איבער די הענט, דאָס בלוט זאָל שפּריצען, אויב עס וועט זיין עפּעס אַ קלעק . . .

יאָסעל לאָזט איבער דעם מיידעלשען קלאַס און לויפט צו צום מיטעלען טיש, וואו עס זיצען גאָר קליינע קינדער, וואָס שרייבען ערשט אויף קריץ.

— רעב יאָסעל, — שרייט אויס אַ גביריש אינגעלע, — זי טונקט אין מיין טינטערל! . . . — און דערווייל רוקען זיי דאָס טינטערעל אַהין און אַהער ביז עס טוט זיך אַ קער איבער . . . דער טיש מיט די פּאַפּירען ווערען פאַרגאָסען, דאָס קליידעלע פון דעם מיידעלע וואָס האָט געטונקען אין טינטער, ווערט פאַרפלעקט און זי צוואַויינט זיך: „מיין ניי סוק־נאַלע! די מאַמע וועט מיך שלאָגען! . . .

יאָסעל לויפט צו, כאַפּט אַ שמאַטע, ווישט דעם טיש — שאַ, שאַ, קינדעלע! ס'איז גאָרניט, ס'איז גאָרניט! די מאַמע וועט ניט שלאָגען, וועט ניט שלאָגען . . . חנצעלע טייערע! — רופט ער צו זיין מיידעלע

— ברענג דיין טינטערל, טאָכטערל! . . . יאָסלען טוט באַנג פאַר דעם קינדס סוקנאַלע. ער ווערט אומרוהיג, נעמט ארומלויפען פון טיש צו טיש, קוקט געשווינד אויף יעדענס פּאַפּירען. ער שיקט די גרעסערע בחורים אין חדר אריין און זעצט זיך ביי זיין אייגענעם טישעל, כדי צו קומען אביסעל צו זיך . . .

ס'הויבען אָן צוקומען צו איהם די קינדער מיט דער „טשיסטאָ־פּי־סאַניע". ער נעמט קוקען, טוט אַ וואָרף דאָס פּאַפּיר מיט כעס.

— עטאָ טשיסטאָפּיסאַניע?! — שרייט ער אויס. — גיב אַהער די האַנט. איינס, צוויי, דריי, פיר, ביז צעהן. דאָס קינד צוואויינט זיך. די איבעריגע קינדער דערשרעקען זיך. ער הייסט אָנהויבען אויפסניי. קוקט ווידער אין די פּאַפּירען. ווערט אַ ביסעל ווייכער. ס'פּאַרדריסט איהם, וואָס ער האָט דעם קינד געגעבען די ווירעס . . . די קאָטשערעס מיט די לאָפּעטעס דערגעהען איהם אָבער די יאָהרען. ער וויל ניט מען זאָל זאָגען, אַז יאָסעל קאָן קיין שרייבער נישט זיין. כאָטש ער האָט פאַר דעם „זאָגען" קיין מורא ניט. פילע פון זיינע שילער האָבען שוין אפילו חתונה געהאַט. אַ סך זיינען זיך צופאַהרען קיין אַמעריקע, ארגענטינע. ער אַליין שרייבט די אדרעסען צו זיי פאַר זייערע מאַמעס און טאַטעס און לייענט די בריף וואָס קומען אָן פון די געוועזענע שילער צו זייערע טאַטעס און מאַמעס. לייענענדיג אַזעלכע בריף, איז ער זיך פּשוט מחיה: „דאָס איז מיינס", טראַכט ער זיך.

אין שפּעטערע יאָהרען האָבען אַ פּאָר פעלשטינער בחורים — טאַקע אמת'ע קענער — געעפענט — ווי זיי האָבען עס דעמאָלט אָנגערופען — אַ „פּענסיאָן" און די לערער פון דעם פּענסיאָן האָבען גענומען פּראַנטעווען מיט די פעלשטינער שילער און זייערע עלטערען. מען האָט אָבער פאָרט געשיקט די קינדער צו יאָסלען.

יאָסעל האָט ניט געפירט קיין חשבון ווער עס צאָהלט און ווער — ניט. ער האָט געוואוסט אויפן קאָפּ, ווער עס צאָהלט און וויפיל איינער צאָהלט. און כאָטש ער האָט געלערענט מיט אַ צוויי הונדערט קינדער, האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט קיין פּרנסה. דערפאַר האָט ער קיין חשבונות ניט געפיהרט. וואָרים וואָס וועט איהם העלפען, אַז ער וועט יאָ פירען אַ חשבון? אַהיים שיקען די קינדער וועט ער דאָך ניט . . .

זיין טאָכטער יוכבד — שוין אַ כלה מיידעל — האָט זיך אַמאָל געווענדעט צום טאַטען, דעם פעלשטינער שרייבער, וואָס האָט געלערענט חשבונען און אַליין ניט געפירט קיין חשבונות:

— **פּאַפּאַ! יאָס נערשנאָרען! דיין שווערע ארבייט איז גאַנץ אומזאָנסט — האָט זי געזאָגט צו איהם אויף דייטשמעריש לשון (זי איז**

געווען אַ שטיק צייט אין אויסלאַנד, און ווען זי איז צוריקגעקומען קיין פעלשטין איז זי געווען זיכער, אַז אַנדערש פּאַסט ניט צו ריידען פאַר יאָסעל שרייבערס טאָכטער... — איך וועל פיהרען דיין בוכהאַלטעריע!

— אָבער די בוכהאַלטעריע וועט דיר קיין נדן ניט ברענגען טאָכ־טערשע! — האָט יאָסעל פאַרזיכערט זיין טאָכטער מיט אַ פּאַטערליכען גלעט. — אָבער ניע בייעספּאָקאָיסיאַ, טאָכטער! אייביג וועט אַזוי ניט זיין —... ער טוט איהר אַ פרעג צי זי האָט שוין געלעזען דאָס רוסישע בלאַט און וואָס עס הערט זיך עפּעס אויף דער וועלט? ווי איינער זאָגט: „בעסער צו ריידען מיט דער טאָכטער פון וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט איידער צו ריידען פון זיך אַליין...

— יאָ, פּאַפּאַ! איך האָב געלעזען, און עס זעהט אויס ווי די וועלט קעהרט זיך איבער. עס האַלט שוין גאָר נאָהענט צו מלחמה מיט „יאַ־פּאַן". אין אַזאַ צייט, פּאַפּאַ, וואָלט זיך מיר מער געוואָלט זיין אין אוי־סענלאַנד, ערגיץ אין אַ גרויסער שטאָט. דאָ אין קליינעם, אָרימען שטעט־טעל איז אַלץ אַזוי צוריקגעשטאַנען, אַלץ אַזוי מאָנאָטאָן... און ווער ווייסט צו וואָס די מלחמה וועט נאָך ברענגען?

יאָסעל ווערט טאַקע פאַרזאָרגט פון דער טאָכטערס רייד.

— יאָ, מיין קינד, ווי עס זעהט אויס וועט ניט זיין פרעהליך ביי אונז. אָבער גראַד אין אַזאַ צייט, מיין טייער קינד, איז אפשר בעסער, אַז מען זיצט אין דער היים.

יאָסעל האָט גוט געוואוסט, אַז עס ציהט זיין טאָכטער שוין פון לאַנג צו פאַרלאָזען פעלשטין און ביי יעדער געלעגענהייט האָט ער זיך באַמיהט צו ווירקען אויף דער טאָכטער, אַז זי זאָל זיך ארויסשלאָגען פון קאָפּ דעם געדאַנק וועגען פאַרלאָזען דאָס אָרימע שטעטעל פעלשטין. ער דערצעהלט איהר, אַז אין זיין יוגענט פלעגט איהם אויך באַפאַלען אַ וואַנדערלוסט. דער וואַנדערלוסט האָט איהם טאַקע פאַרשלעפּט. אַ שטיק רוסלאַנד איז ער אויסגעוואָנדערט. זיין גאַנצע בילדונג האָט ער געגאָ־סען אין דער פרעמד, און אַז ער האָט זיך אויסגעלערענט דייטש גאָר אין „עסטרייך" און דאָך האָט ער זיך סוף כל סוף געמוזט צוריק־קעהרען אהיים צום געבורטס־שטעטעל פעלשטין...

— טאָכטערשע! ניט אַלעמען געהט גלאַט אפילו אין די גרויסע שטעט... — פלעגט ער ענדיגען מיט אַ זיפץ.

יאָסעלס טאָכטער איז געווען אַ יתומה, געהאַט אַ שטיפמאַמע — יאָ־סעלס צווייטע פרוי, ענ׳. שידוכים האָבען זיך ניט באַוויזען, און קיין נדן איז אויך ניט געווען צו געבען דער טאָכטער. איז טאַקע וואָס וועט זיין דער תכלית? יאָסעל׳ס פּרנסה — זינט עס האָט זיך געעפענט דער

„פענסיאָן" האָט אויך אָנגעהויבען געהן אַרונטער. און גערעדט האָט מען, אַז יאָסעל איז שוין צו אַלט־מאָדיש, אַז זיין זשאַרגאָן איז מיט „גאָלע" גרייזען און אַז העברעאיש קען ער לחלוטין ניט. איינציגע זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער און געזאָגט, אַז יאָסעל האָט גאָר געמאַכט אַ תל פון דער יוגענד, פשוט ערצויגען אַ שטאָט אַמעראַצים. דער „פענסיאָן" האָט טאַקע אָפּגעצויגען אַ סך תלמידים פון איהם. יאָסעל האָט דער־פיהלט, אַז דער באָדען זינקט אונטער איהם.

— פּאַדליעצעס! — פלעגט ער טענה'ן — איהר ווילט זיך ווערען שרייבער — געזונטערהייט . . . אָבער ווי קומט אַהער רכילות? ! . . .

— איהם האָט פאַרדראָסען: — וואָס ווייסען זיי ,די פּאַדליעצעס, פון קינדער דערציהען? . . . די קינדער זיינען געווען ביי איהם דאָס טייער־סטע אין זיין לעבען. ער ווייסט, אַז אָהן זיי וועט ער שוין ניט קענען לעבען. אפילו דעם פּרייטאָגדיגען טאָג לאַנגווייליגט ער זיך אָהן די קינ־דער. ער קוקט באַדיי איבער די נייע גריסלאַך, וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר דער נייער וואָך פאַר די קינדער, אַבי ס'זאָל איהם ניט לאַנגווייליגען.

יאָסעל טראַכט אין דער לאַנגווייליגער צייט וועגען דער טאָכטער און אויך וועגען זיך. — אפשר איז די טאָכטער טאַקע גערעכט? אָפּפאָהרען פון פעלשטין און אַ סוף. ער וועט שרייבען אַ בריף קיין כאַרקאָוו. ער האָט דאָרט קרובים. די קרובים פון כאַרקאָוו האָבען שוין אַ סך מאָל געשריבען צו איהם, אַז ער קאָן אין כאַרקאָוו גרינג באַקומען אַ שטעלע אַלס לעהרער. ער וועט עס ווייזען פעלשטין ווער יאָסעל שרייבער איז און ווי אַזוי זיך צו וואַרפען מיט יאָסעל שרייבער . . .

און יאָסעל שרייבער האָט אין אַ שעהנעם טאָג געלאָזט וויסען דער שטאָט, אַז ער צולאָזט דעם חדר . . .

— יאָסעל! פאַרוואָס? פאַרוועןְ? ! וואָס איז דיר אריין אַ מאַנקאָליע אין קאָפּ — כאַרקאָוו? ! . . .

עס האָבען ניט געהאָלפען די שטאָטישע טענות. יאָסעל איז אוועק קיין כאַרקאָוו אָהן דער פאַמיליע אפילו.

די ערשטע צייט האָט יאָסעל געשריבען פון כאַרקאָוו ערמוטהיגענדע בריף און געשיקט דער פאַמיליע צו לעבען און די טאָכטער האָט געהאָפט, אַז היינט מאָרגען „מאַכט זי די רייזע" קיין כאַרקאָוו.

פעלשטינער קינדער זיינען טאַקע געבליבען ווי יתומים. האָבען אַרומגעבלאָנקעט אָהן אַ „מדריך". אַלערליי שלעק זיינען געוואָרען לע־רער און צו פּוסט־און־פּאַסעוועט די קינדער. אידען האָבען באַדויערט יאָסעלס אָפּפאָהרען פון פעלשטין.

— פארזינדיגט יאָסעל שרייבער!... דאַרף מען שרייבען אַן אַנ־דערעם — ניטאָ יאָסעל שרייבער. באַדאַרף מען זיין אַן עדות ביי אַ „גט" — ניטאָ יאָסעל. באַדאַרף מען מאַכען אַ „סטאַראָסטע" — נישטאָ יאָ־סעל. אויב יאָסעל קומט ניט צוריק, וועלען נאָך די קינדער ווערען גוים חו"ש . . . — האָבען אידען געשראָקען איינס ס'אַנדערע.

---

אין אַ שעהנעם טאָג דערטראָגט זיך אַ קלאַנג, אַז יאָסעל קומט אַהיים צו גאַסט. אידען האָבען זיך דערפרעהט . . .

יאָסעל שרייבער איז אַהיים געקומען אָנגעטאָן אין שוואַרצען סור־דוט מיט אַ צילענדער אויפן קאָפּ. דאָס האָט איהם געמאַכט אויסזעהן אַריסטאָקראַטיש ווי אַ גראַף . . . און נאָך העכער ווי ער איז געווען. די שטאָט האָט פּלוצים דערזעהן פאַר זיך אַ נייעם יאָסעל שרייבער, מיט אַ נייעם סאָרט שטעל... „אודאי געמוזט לערנען אין דער גרויסער שטאָט עפּעס חדשות". מען האָט איהם אַרומגערינגעלט אין אַ רעדעל און יאָסעל האָט געמוזט דערצעהלען און נאָך אַמאָל איבערדערצעהלען, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, און ווי עס האַלט מיט דער רוסיש־יאַפּאַנעזישער מלחמה . . . און וואָס פאַר אַ „סטראַטעגיקע" די צוויי מלוכות ווענדען אָן . . . דער ענין „סטראַטעגיקע" האָט דעם עולם געהאַלטען אַזוי גע־שפּאַנט, אַז מען האָט פאַרגעסען צו געהן אַהיים. מען האָט יאָסלען גע־קוקט אין מויל אַריין, ווי ער וואָלט געווען אַ מיניסטער, אַ שטענדיגער אַריינגעהער צום קיסר אין פּאַלאַץ . . .

יאָסעל האָט זיך אַרומגעדרעהט אין שטאָט עטליכע וואָכען ווי אַ ליידיג־גייער און ענדליך געזאָגט, אַז ער פאָרט צוריק קיין כאַרקאָוו. האָט מען אויסגעבייטעלט תלומות. דערויף טאָקע האָט יאָסעל אַרויסגעקוקט. וואָרים וואָס האָט ער זיך אָנגעזעהן אין כאַרקאָוו? ער האָט דאָרטען אויס־געפעהלט?

און יאָסעל איז צוריק געבליבען אין פעלשטין, גענומען זיך צוריק קנעלען מיט די פעלשטינער קינדער.

יאָסעלס ברודער, משה יעקב, וואָס איז געווען כל ימיו אַ מלמד, איז געשטאָרבען. פלעגט יאָסעל אָפט געהן אין בית־מדרש אָדער אין קלויז לערנען אַ פּרק משניות.

— וואָס, גאָר משניות? — פלעגט אַ איד אַ פרעג טאָן יאָסלען צוזעצענדיג זיך לעבען איהם.

— איך וויל זיך דערמאָנען אין משה יעקב'ן, — האָט יאָסעל געענ־טפערט דעם אידען.

משה יעקב איז געווען א צייט קראַנק. ער האָט שטאַרק געהוסט. די לעצטע טעג איז משה יעקב געלעגען אויפן בעט און אזוי געלערענט מיטן חדר. ווען ער האָט שוין אָנגעהויבן פיהלען גאָר שלעכט, האָט משה יעקב באַפוילען צום ברודער יאָסעל, אז ער זאָל קומען פרייטאָג צו איהם: אזוי ווי ער איז דעם פרייטאָגדיגען טאָג פריי, זאָל ער, יאָסעל, קומען קנעלען מיט די תלמידים פון זיין חדר — איבערגעהן מיט זיי דעם חומש מיט דער רש״י און מעביר זיין די סדרה מיט זיי. און יאָסעל איז געקומען.

משה יעקב איז געווען דער היפוך פון יאָסלען — א כעסן. די קינדער האָבען פון איהם גענוג אָפּגעלעזט אפילו ווען ער איז שוין געלעגען אויפן קראַנקען בעט . . . משה־יעקב האָט זיך באַקלאָגט פאַר דעם ווייכהערציגען אינגערען ברודער, וואָס איז שוין געווען א וועלט־מענש:

— זיי זיינען הולטאַיעס . . . ס'אַרט זיי ניט! . . . דער רבי ליגט קראַנק — ווער חומש, ווער רש״י? . . . — אָבער יאָסעל האָט דעם קראַנקען ברודער באַרוהיגט — ס'זיינען דאָך קינדער! וואָס ווילסטו — זיי זאָלען האָבען דיין קאָפּ אויף זיך?!

יאָסעל האָט איבערגענומען ביים ברודער דעם חדר. ס'איז געווען גאָר אַן אנדער לערנען. יענעם טאָג האָבען משה יעקב'ס תלמידים פריי־ער אָפּגעאָטעמט. יאָסעל האָט די קינדער אָנגערופען ביי די פאַרצווייגענע נעמען, געמאַכט א שפּאַס און גאָר אָנגערופען איינעם ביים פאַמיליען נאָמען:

— לפּידות! דו קאָנסט ניט מאַכען קיין קאַטשערעס מיט לאַפּעטעס ביי „רש״י" . . .

יאָסעל האָט געקלאָגט נאָך משה יעקב'ן זעהר א לאַנגע צייט.

— עד מתי? — האָבען איהם אידען געפרעגט, — עד מתי, ער איז דאָך שוין געווען א זקן . . .

— יאָ, — האָט יאָסעל איהם באַוויינט, — אָבער וואָס פאַר א לע־בען האָט ער זיינע לאַנגע יאָהרען אָפּגעלעבט? ער איז געווען א לייטישער איד! א וואוילער מענש . . . ער האָט אָבער ניט געטאָרט זיין קיין מלמד אפילו א טאָג און אודאי ניט דאָס גאַנצע לעבען . . .

יאָסעל שרייבער האָט ערצויגען א נייעם דור אין פעלשטין. ער האָט געהאַט די זכיה ניט צו זעהן מיט די אויגען, ווי מען האָט דעם דור אויסגעקוילעט . . .

אין די מלחמה יאָהרען האָט ער נאָכאַמאָל פאַרלאָזען פעלשטין און איז ווידעראַמאָל אוועק קיין כאַרקאָוו, וואוהין דאָס האַרץ האָט איהם תמיד געצויגען, און אזוי אָרום אויסגעמידען די פעלשטינער שחיטה.

וואויל איז געוועזן צו איהם וואָס ער האָט עס נישט געזעהן! . . .

מיט אייניגע יאָהרען נאָכן פּאָגראָם איז יאָסעל ווידער אמאָל גע־קומען אהיים קיין פּעלשטין. ער איז שוין געוועזן א ווייסער זקן. אויף דעם בית הקברות האָט ער דערזעהן זיינע שילער — די איינגערע צוזא־מען מיט די עלטערע ליגען באַגראָבען אין ברידער־קברים. יאָסעל האָט באוויינט זיינע שילער און באַקלאָגט זיין לעבענס לאַנגע ארבייט, וואָס איז אזוי אומברחמנותדיג פאַרניכטעט געוואָרען . . .

יאָסעל האָט שוין לאַנג ניט פאַרזאַמט אין פּעלשטין. ער איז צו־נויפגעזאַמעלט געוואָרען לעבען די קברים פון זיינע שילער . . .

די שילער וואָס זיינען פאַרבליבען נאָך איהם פאַראייביגען זיין נאָמען — זכר יוסף הצדיק לברכה!

## דר. מ. זילבערמאַן

# מיין שטעדטעלע

(א בקשה צום קומענדען דור)



ון ווען איר וועט באַזוכען אוקראינע, צי אלס קוריאָזנער טוריסט, צי בתור שליח, צי אלס היסטאָריקער, צי פאַר וועלכער ס׳ניט איז מיסיע, און איר וועט קומען צו דער אויעזדנע שטאָדט פּראָסקוראָוו, פּאָדאָליער גובערניע, זאָלט איר, למען השם, ניט פארגעסען, איר הערט? ס׳הייסט, איך בעט טאקע ביי אייך א בקשה צו געדענקען, צו פאַרצייכענ׳ען אין אייערע נאָטיץ ביכלאך, כדי איר זאָלט טאקע זיין זיכער צו מאכען א קורצע נסיעה׳לע, אין גאַנצען אַן ערך פון א ווערסט 18, איבער דעם פּאָטשטאָווע, שאָסיינע וועג און מקבל פּנים זיין א שטעדטעלע, וועלכע ליגט צעוואָרפען, אין אומאָרדנונג, אויף א בערגעל שוין א קימה לן פון קרוב צו 900 יאָהר, און אפשר טאקע מעהר.

דאָס שטעדטעלע איז אַרומגערינגעלט מיט שעהנע גערטנער, מיט סעדער, מיט פעטע פּאַשע־לאָנקעס, מיט ברייטע און ווייטע תבואה־פעלדער און ביי זיינע פיס, צו לינקס, א טייכעלע. מערסטענטיילס שטעהט עס. אמאָל לויפט עס. ס׳הייסט, דאָס גאַנצע טייכעל לויפט קיינמאָל ניט. לויפען לויפט נאָר איין אָדערעל, א ריטשקעלע אינמיטען. אנשי־יודעים ווילען האָב׳ען, אז דאָס אָדערעל, דאָס ריטשקעלע, איז דער גאַנצער תמצית פון דעם טייכעל; אז ס׳קוועלט ארויס ערגעץ אין דאָרף רייקאָוויץ, א פּאָר ווערסט פון שטעדטעל, און אז סע לויפט און שלענגעלט זיך דורך גערטנער, פעלדער, ארונטער צו דער „בילער" קרעניצע, און פון דאָרטען שלענגעלט עס זיך וויטער ארונטער און ארונטער דורך יאָרקעס גאָרטען, הינטער דער שטאָט־באָד און אין טייכעל אריין. און הייסען הייסט דאָס „דער סמאָטריטש".

איך זאָג דאָס אלץ אייך, כדי איר זאָלט וויסען, אז דאָס ריטשקעלע, דער סמאָטריטש, מאכט דאָס שטעדטעלע אידיש אין א סך פּרטים. וואָרים איר מוזט וויסען, אז א אידישע סביבה׳לע, א אידישע קהלה׳לע, וואָס

האָט ניט קיין וואַסערעל מיט אַ באַשטימטען נאָמען, איז, על פּי דין, ניט בארעכטיגט צו גיבען אַ גט. איר פאַרשטעהט?

דאָס שטעטעלע, וואָס איך בין אַזוי נייגעריג איהר זאָלט זעהן, פאַרשטעהט איר מיך ,איז מיין שטעדטעלע, מיין טייער, מיין ליב שטעדטעלע — פעלשטין.

איר האָט פון דעם ניט געהערט? איז וואָס מאַכט עס דען אויס? האָט איר דען געהערט פון מיקאָלייעוו? פון באַזאַליע? פון קיפּעל? פון פראָמפּעל? איאָ, ניין? און דאָך, גלויבט מיר אויף מיין הן, אַז דאָס זיינען אַלע אידישע, אוקראַינישע שטעטלאַך. כשר אידישע. ווי מען זאָגט מהורתן ולידתן.

איר וועט עס זיכער געפינען אין טרויער, איינגעהילט אין שוואַרצע שמאַטעס און צעריסענע זעק פון קאָפּ ביז פיס און קלאָגענדיג אויף אירע חורבות, אין אַ מדרגה פון „איכה ישבה בדד העיר...”, איז מיין בקשה צו אייך, אַז איר זאָלט דעם ניט שטערען, ניט שטעלען דעם קיין פראַגעס, עס לאָזען צורו. איך, איך וועל אַלץ אייך דערצעהלען! אַן אומגליק, אַ גרויסער, אַ שרעקליכער אומגליק האָט עס מיט יאָרען צוריק געטראָפען! רוצחים, מערדער, ווילדע חיות אין מענשען געשטאַלט זיינען עס פלוצים באַפאַלען און צערויבט, צעבראַכען און רואינירט... אירע קינדער, אירע שענסטע, אירע בעסטע, אירע ליבסטע געשענדעט, פאַראומווירדיגט, אין שטיקער צעריסען, אויסגעשאָכטען, אוממענשליך ערמאָרדעט... ווארט... איך בעט אייך... ווארט... אפילו מיר איז אויך שווער אייך איבערגיבען די פרטים... איר'ט מיר מוזען אַנטשולדיגען... ס'הויבט אָן שטיקען און ווארגען אין האַלז... די צונג הויבט אָן פילען ווי אָפּגענומען... אין קיצור: זיי האָבען געמאַכט פון איר אָט ווי איר זעהט עס...

---

אין די גוטע יאָהרען, ס'הייסט איידער דער גרויסער אומגליק האָט עס געטראָפען, האָט עס אויסגעקוקט, ווי אַ שטאָלצע גביר'טע מיט אַ זיידען שטערען-טיכעל אויפ'ן שעהנעם קאָפּ און מיט גרויסע, דיקע שנירען פערל אויפ'ן אַלבאַסט-ווייסען האַלז. באַפּוצט און באַצירט פון קאָפּ ביז פיס, אַז ס'איז ממש געווען אַ מחיה צו קוקען אויף איר. אַ מיוחסת, אַ „מירעלע אפרת” צווישען אירע שכנות איז זי געוועזען!

איר זעהט דעם שטח צווישען זיסע סטערניק'ס הויז און פסח קרישטאָל'ס מויער? דאָס איז געווען איר מאַרק. אַרומגערינגעלט מיט קראָמען פון כל מין! און ווי שטאָלץ זי איז געווען מיט אירע מאַרק טעג אַלע צוויי וואָכען! דער גאַנצער שטח, ווי איר זעהט, איז געווען אָנגע־

פיקעוועט מיט פורען פון די פויערים, וואָס זיינען געקומען פון נאָהענט און ווייט. האַנדעל און וואַנדעל פון יעדען מין און סאָרט איז אָנגעגאַנגען מיט׳ן גרעסטען אימפעט! צעלניק־קליטען, שניט־קראָמען, זאַליאַזניקעס, קירזשנער, סאַליכניקעס, מוכר־תבואה׳ניקעס, פלאַקס־הענדלער, קצבים, בעקער־שטעלען. און איבעראַל האָט געברויזט און געקאָכט! קיין צייט אפילו ניט געווען אָנבייסען צו עסען. און אַזוי איז עס געווען סיי אין די שטאַרקע ווינטער־קעלטען, ווען די נעגעל פון הענט און פיס האָבען שיעור ניט אָפּגעשפרונגען, און סיי אין די גרעסטע זומער־היצען, ווען מען האָט זיך געבאָדען אין שוויים און מען האָט געמוזט געהן אין די גאַטקעס.

און היינט איר טאָראָוויצע! שייך עפּעס צו זאָגען! אַ פאַרנעם! פון דער פּאָטשט ביז צו באָבע דוד לייב׳ס הויז און פון דאָרט אַוועק הינטען ביז צום קלויסטער. זי האָט געהאַט אַ שם אויף מיילען און מיילען ווייט!

און ווער שמועסט פון אירע צוויי גרויסע יערליכע יארידים: ראַכמאַנסקי און גרין חגא! אַ וועלט האָט זיך דאַך אָפּגעשפּילט. עפּעס אַ קליינינקייט! דער גרעסטער פערד־מאַרק אין גובערניעס איז דאָך פּעלשטין געווען! פון׳ם קסיאָנדז׳ם הויף ביז׳ן קאָסטיאָל איז דער פּלאַץ געווען אָנגעשפּיגעוועט מיט פערד פון פאַרשיידענע קלאַסען און פאַרשיידענע פּרייזען. און די ליווערזאַנטען האָבען זיך, ווי טייוואָלים, געיאָגט אויף זייערע פערד! אָן אמת׳ער פערד־געיעג!...

אַקעגען וואָס איך דערצעהל עס אייך, פרעגט איר? אַקעגען דעם, פריינט, כדי איהר זאָלט ניט מיינען, אַז איהר האָט דאָ צו טאָן מיט אַ „קלאָגעדינער בעטלערקע" און וועלען אנטלויפען פון איר אַזוי שנעל ווי מעגליך. ניין. איך וויל איינוואָרצלען אין אייך דעם אמת׳ן איינדרוק, אַז איר זענט ביי אַן אָפּגעקומענער גביר׳טע... ביי אַ געוועזענער רייכער, שטאָלצער מאַמע, צו וועמען דער בייזער שיקזאַל איז געווען גרויזאַם און זי בארויבט פון אַלץ, וואָס זי האָט פאַרמאָגט... פון אַלץ, וואָס איז איר געווען הייליג... ליב... טייער... און זי געלאָזט עלענט, עלענט, עלענט... ווי אַ שטיין אין פעלד... יאָ. אָט דאָס וויל איך זאָל בלייבען איינגעקריצט אין אייער זכרון!

---

און איצט וויל איך, אַז איר זאָלט באַזוכען אייניגע פּלעצער, וועלכע זיינען מיר, אויך אַנדערע פעלשטינער קינדער, היים איינגעבאַקען אין האַרצען און טיף איינגעקריצט אין זכרון. פלעצער, וואו איך האָב מיינע אינגסטע, מיינע בעסטע, מיינע זיסטע טעג און יאָרען פאַרבראַכט!

ראשית, ווײל איך איר זאָלט אַרונטערגעהן מיט׳ן אילימשקעלע צווי־שען דעם פּיקעוווער׳ס און יאָסעל צביה׳ס הײזער, זיך האַלטען רעכטס, בײ אהרן שמש׳ס שטוב, און צוקומען צום בית־מדרש.

אויב איר׳ט עס אַ חורבה געפינען, זאָל באַלד אַ תוכחה פון אײערע ליפּען אויף די שונאים פאַלען און אַנטלויפען פון דאָרט! אויב זשע די כוליגאַנישע הענט האָבען דערצו קײן שליטה ניט געהאַט, זאָלט איר אַהין אַרײנגעהן מיט דעם גרעסטען יראת־הכבוד.

מעגליך, אַז איר׳ט דאָס מקום קדוש געפינען פאַרלאָזען, עלענט. מעגליך, אַז איר׳ט דאָרט געפינען אַ פּאָר בעטלער זיך קראַצען הינטער דער הרובע. מעגליך, אַז איר׳ט דאָרט טרעפען מענשען, וועלכע האָבען, דורך צרות און נויט, זײער פאַרשטאַנד פאַרלוירען און לויפען מיט משוגעת־פּחד זיך באַהאַלטען אין די ווינקעלאַך... אַ מורא פאַר מענ־שען אין זײ... וואָס ס׳זאָל ניט זײן, שטעלט אײך אָפּ לעבען שלחן און פאָלגט נאָך מײן אָנצײגונג אויף אײניגע פלעצער, וועלכע שטעהען בולט אין מײן זכרון.

איר זעהט דעם שטענדער טיף רעכטס אַקעגען דער הרובע? דאָס איז געווען דאָס געשוואָוירענע פּלאַץ פון יאָסי בערצים, אַ קלײן, שוואַך, דאַר אידעל מיט אַן אײנגעשרומפּט בערדעל, אָבער מיט אַ הדרת־פּנים פון אַן אמת׳ן למדן. עסען האָט ער ניט געוואָלט און טאָקע ניט געקענט איבער אַ מחלת־מעים, אָבער דער חשק צום לערנען האָט אַלץ גובר געווען. און אַזוי פלעגט ער זיצען לאַנגע, לאַנגע שטונדען איבער דער גמרא אָדער איבער דעם חושן־משפּט און געשמאַק געלערענט. איך האָב אים קײנמאָל אין כעס ניט געזעהן. און אַז מיר האָבען אים אַ שווערע סוגיא אין דער גמרא געפרעגט, האָט ער זי אונז בנעימות׳דיג ערקלערט. אין די יונגע יאָרען איז ער געווען אַ גרויסער גמרא־מלמד. ווען די על־טער האָט זיך אָנגעהויבען אָנצורוקען, האָט ער אויפגעגעבען די תלמידים און די כוחות האָבען איהם אויפגעגעבען. רײזיע די באָבע האָט זיך געפילט גדלות׳דיג ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט דעם אַלטעטשקען יאָסי. זי האָט אים פאַרזאָרגט מיט אַ רײנעם געלעגער און מיט אַ לעפעל וואַרעם געקעכטס און ער האָט איר צוגעזאָגט עולם הבא...

דרײ שטענדערס העכער איז געווען משה שוחט׳ס פּלאַץ. אַ יונגער־מאַנטשיקעל מיט אַ בלאָנד בערדעל, רירעווודיג, שאַרף און געשווינד. אַ ברענענדיגער חסיד און אַ פײער־פלאַקענדער למדן. אָט־די קאָמבינאַציע האָט אים קונה געווען אַ סך פאַרהערער, וועלכע האָבען זיך שטופּענווײז

פאַרוואַנדעלט אין זיינע חסידים. דאָס האָט אין אים ערוועקט אַ שטאַר־קען חשק צו ווערן, אויב ניט אַ רבי איז כאָטש, רב!

און דאָס בית־מדרש האָט זיך „געשפּאָלטען". און די מחלקה (מיר האָבען זי גערופען: מחלקה של בית רבן) צווישען איהם און דעם גרויסען, שעהנעם, חריפ׳דיגען, העכסט געלערענטען, משכיל׳ישען רב, ישראל קי־טעווער, האָט זיך צעברענט און צעפלאַקערט! די צדדים זיינען געווען אויף מעסער־שטעך און דער סוף איז געווען, אַז פעלשטין האָט געהאַט אַ רב און אַ רב׳טשיקעל. טאַקע בפועל ממש . . .

און יעצט קערט איך אום. איר זעהט די באַנק הינטער דעם שלחן אַנטקעגען דעם ארון קודש? פּונקט אינמיטען פלעגט זיצען דער אַלטער ישראל הירש. אַ שעהנער זקן מיט אַ שניי־ווייסער באָרד און מיט פּונקט אַזעלכע לאַנגע, פלאַכע פּיאות. זיין ווייב האָט געהאַט אַ קלייטעל, פון וועלכען זי האָט געצויגען חיונה פאַר ביידען און ער איז געזעסען על התורה. און געלערענט האָט ער שטאַרק, אָבער דער זכרון איז, לא עליכם, געווען שוואַך. און אַז „כטוב לב המלך ביין", ווען מיר, חברה, האָבען געוואָלט אַ הוליע טאָן, האָבען אַביסעל שפּאַס, פלעגען מיר, מיט ערנסטע פּנים׳ער צוגעהן צו אים, סיי זומער, סיי ווינטער, חנוכה און אין די „ניין" טעג, און זאָגען בזה הלשון:

„ר׳ ישראל הירש, מיר ווילען איר זאָלט אונז פּסק׳נען אַ הארבע שאלה!"

„בכבוד גדול, קינדער! וואָס איז די שאלה?" פלעגט ער פרעגען און בעת מעשה אוועקלעגען די רויט־בלאָע פאַטשיילע אויף דער גמרא און זי צומאַכען, אַרויפרוקען די ברילען אויפ׳ן שטערען, אונטערשפּאַרען דעם קאָפּ אויף ביידע הענט — פאַרטיג צו הערען.

און דער ראש המדברים (יעדעס מאָל אַן אַנדערער) פלעגט אָנפאַנ־גען:

ר׳ ישראל הירש, ווי איז דער דין, ווען אימיצער געהט צו צו אַ פאַס, וואָס איז אָנגעפילט מיט פּסח׳דיגער וואַסער, און שרייט אריין ברויט!? איז דאָס וואַסער חמצ׳דיג אָדער ס׳בלייבט פּסח׳דיג?! און דער אַלטיטש־קער פלעגט מאָמענטאַל אַן עפען טאָן די אויגען, ווי פון אַ חלום ערוואַכט, און ענטפערען:

„חמצ׳דיג, קינדער, חמצ׳דיג!"

און אין אַ וואָך אַרום שפּעטער פּונקט די זעלבע שאלה און דאָס מאָל פלעגט שוין זיין דער ענטפער, פאַרשטעהט איר מיך, מיט רייבען די הענט, קניטשען דעם שטערען, מיט אַ מין ספקות אויפ׳ן פּנים:

„א הארבע שאלה, קינדער, א הארבע שאלה! די וואסער קען זיין אי פסח׳דיג, אי חמצ׳דיג . . .״

„היתכן?״ פלעגן מיר אלע מיטאמאל אויסשרייען.

„ס׳געווענדט זיך, קינדער, ס׳געווענדט זיך ווי נאָהענט דער מאַן, דער עוקר מן השורש׳ניק, וואס האט איינגעשריען ברויט, איז געשטאַנען ביים פאס. אין אזא שאלה מוז מען זיין זהיר וזהיר, און איר׳ט מוזען ווארטען אויף מיין פסק דין...״

און מיר ווארטען נאָך . . .

---

און יעצט וויל איך איר זאָלט אריבערגעהן אין קלויז אריין. א ים מיט גוטע און אנגענעמע זכרונות ליגט איינגעזונקען אין יענער הייליגער געביידע. זי איז עס געוואָרען די „וויגעלע״, אזוי צו זאָגען, פון דער פעלשטינער השכלה! ס׳הייסט, משכילים אין מיין שטעדטעלע זיינען שוין לאנג פריער געווען. אזעלכע ווי זיסא דעם רב׳ס, דוד גרשון לייזער׳ס, די ברידער שלום און דוד יעבץ און נאָך אייניגע, אָבער זיי האָבען זיך באדארפט באהאלטען בחדרי־חדרים צו לייענען מאפו, יצחק בער לעווענזאָן, י. ערטער, סמאָלענסקין, לילענבלום, גאָטלאָבער וכדומם. דאָ אָבער, אין דער קלויז, וואו איר שטעהט, איז עס געוואָרען אַן אָפענער איין־און־דרייסיג.

אין בית־מדרש איז געווען לית מן דכר שמה! אז ס׳האָט שוין אָבער צוגעטראָטען ביז צום האלז און ס׳איז געווען: „נפשנו חשקה בהשכלה...״ האָבען זיך צוויי כיתות, איינע אַן עלטערע און איינע א איינגערע, אריבערגעטראָגען אין דער קלויז אריין. די עלטערע כיתה איז באשטאַנען פון פיני אליהו׳ס, שמואל לאנדוי, יחיאל זאפרין און יאָסעל חיים דעם רוויטענ׳ס. די איינגערע, פון שמואל חיים מענדעל שמואל חיימ׳ס, משה ניצים, לייבוש ברענמאַן און מיר אליין.

איך קען אייך ניט איבערגעבען אין ווערטער, וואָס מיר זיינען דורכ־געגאַנגען! ממש די שבעה מדורי גיהנום! מען האָט אונז ניט געוואָלט געבען ניט קיין ליכט און ניט קיין קעראָסין פאר די לאָמפען. דער הויפט שונא אונזערער איז געווען דער דאמאָלסדיגער גבאי דער אַלטער אליהו דער פיקעווער. אין טויט אריין האָט ער אונז געטאָן! און מיר, אלס נקמה, האָבען גענומען זיין גמרא, בבא מציעה, אין וועלכער ער האָט ליב געהאַט אריינצוקוקען (ווי א האָן אין בני אדם אריין) און זי באגראָבען אין דער ערד אריין אין פאָליש. פרעגט שוין ניט, וואָס ס׳האָט זיך דע־מאָלט אָפגעטאָן! אַן אָפענער קאמף, א שרעקליכער קאמף, א ביטערער קאמף! און ענדליך האָבען מיר מנצח געווען!!!

איר זעהט דעם שטענדער אין מזרח לינקס, ענג צום ארון קודש? דאס איז געווען פּיני אליהו'ס אָרט. ער איז געווען א שווערער בחור, אָבער מיט א לייכטען, פלינקען מוח. דער גוף איז געווען שווער, דער גאַנג שווער, ער האָט געלערענט שווער, דעבאַטירט שווער, דיסקוטירט שווער און געזונגען שווער! איך געדענק עס ווי היינט, אז יעדעס מאָל, וואָס ער האָט געזונגען: „על אם הדרך...״ פון צונזער, האָט ביי אים דאָס קנעפּעל פון'ם העמד קאָלנער אָפּגעשפּרונגען. איז ער געגאַנגען אָן א קנעפּעל. א דאגה האָט ער געהאַט. א זיסער בחור געווען!

רעכטס איז שמואל לאַנדאו'ס פּלאַץ. אַן אומרוהיגער, פלינקער יונג מיט א וואולקאַנישען מוח און ברילִיאַנטענע פעהיגקייטען! קיינמאָל ניט געקענט איינזיצען. א קאָך, א ברען! און ווען שמואל האָט דעבאַטירט מיט פּיני'ן איבער א „נפעל״ אָדער „התפעל״, איז ער געווען א „כל עצמותיו תאמרנה...״ יעדער אבר זיינער האָט געאַרבייט. ער איז טאַקע געווען א גוטער בעל דקדוק. זיין אַמביציע איז געווען צו זעהן זיין נאָמען געדרוקט אין „הצפירה״ אָדער אין „המליץ״ און דער רבש״ע האָט אים געהאָלפען. ער האָט געהאַט א רעפּאָרט, איבער א מחלקה אין שטעדטעל, אין „המליץ״. און שמואל'ס אַמביציע איז מקוים געוואָרען...

יחיאל איז געווען א לייכטער בחור. לייכט גערעדט, לייכט געלער־רענט און לייכט געשריבען. קיינמאָל זיך ניט אָנגעשטרענגט. געשאַנעוועט די בחות. דאָס האָט ער גע'ירשנ'ט פון זיין שעהנעם, שטילען, אינטע־ליגענטען טאַטען, אברהם.

יאָסעל איז געווען „שטילע וואַסער, וואָס גראָבט טיף״. שטיל אין רעדען, שטיל אין באַנעמען זיך צו חברים, אָבער טיף, רוישיג, אין לימודים. אַן אינטערעסאַנטער טיפּ.

דער „ארי שבחבורה״ אין דער יונגער כיתה איז געווען שמואל חיים. א גאונ'ישען קאָפּ געהאַט אויף זיך. קיין לימוד געווען שווער פאַר אים. אַלץ אריינגעשלונגען און געהאַלטען אין זיך! גענוג „מסכתות״ האָבען מיר צוזאַמען אריינגעשלונגען, אָפּזיצענדיג כמעט גאַנצע, קאַלטע ווינטער־נעכט לעבען דער לעבליך־וואַרימער הרובע.

---

פון דאָרטען געהט אַרונטער צו דער שול. ראשית, איז עס טראַדי־ציאָנעל, אז ווען מען באַזוכט א אידיש שטעדטעל, ספּעציעל אַן אַלט שטעדטעל, מוז מען זעהן די שול, וואָס איז דער יסוד פון א אידישער קהלה. ושנית, האָב איך אַנגענעמע זכרונות, וואָס איז שייך דער שול. ס'הייסט, ניט מיט איר גופא, נאָר מיט דעם פּלאַץ אין פראָנט. און טאַקע דאָ, אַנטקעגען לייב שוחט'ס שטוב, וויל איך אז איר זאָלט זיך אָפּשטעלען.

פארשטעהט איהר מיך, דא, אויף דעם פלאץ, פלעגען אלע חופות געשטעלט ווערען. ולשמחה מה זו עושה? איז וואס זשע די גדולה? וועט איר דאך מיך פרעגען. וועל איך אייך זאגען: מיר, די בית־מדרש חברה און די קלויזניקעס, פלעגען האבען די חזקה צו האלטען די „דרענגלאך״ פון דער חופה. אזוי שנעל ווי מיר האבען דערהערט די פויק אויספייקלען איינס, איינס, צוויי,דריי! האבען מיר באלד איבערגעלאזט אלץ און הענדעם־פענדעם שוין געווען דארט און שוין געהאלטען די „דרענג־לאך״. און אויב אימיצער, א זייטיגער, האט געוואלט זיין א „שגץ״, האט ער געזעהן די באבע פון יענער וועלט.

מיר האבען זיך געפילט וויכטיג! ס'האט זיך אונז געדוכט, אז אן אונז וואלטען חתן־כלה, חלילה, ניט געקענט חתונה האבען...

איז אונז דער חתן נעפעלען געווארען, האבען מיר געווארט ביז אלע זיינען ארויס פון אונטער דער חופה און דערנאך זי איבערגעגעבען צו חיים שמש. איז אבער דער חתן אונז ניט געפעלען געווארען, (צו דער כלה האבען מיר גארניט געהאט) איז אזוי שנעל ווי דאס גלעזעל איז צע־טראסקעט געווארען און דער „מזל טוב״ האט זיך דערהערט, האבען מיר מיטאמאל אפגעלאזט די חופה אויף חתן־כלה, אויף די מחותנים, אויף דעם רח״ש און געמאכט פיס! חיים שמש האט אונז נאכגעשיקט א פאר זידעל־ווערטער, אבער ווער האט אים געהערט? דער חתן איז אונז ניט געפעלען און געה טו אונז עפעס.

---

און איצט, איידער איר פארלאזט מיין שטעדטעלע, וויל איך אייך בעטען א בקשה, אז איר זאלט נאך באזוכען דעם בית עלמין. ניט דעם אלטען, נאר דעם נייעם... אויף דעם אלטען זיינען מתים באגראבען. אויף דעם נייעם... ליגען קרבנות... א גאנץ גרויסער חילוק, פריינט! קרבנות... אומשולדיגע קרבנות... קרבנות, וואס זיינען, פיליי‍כט, אריינגעווארפען געווארען, ווען זיי האבען נאך א רוח חיים געהאט... גרויסע קברים וועט איר דארט זעהן... ווער ווייסט וויפיל קרבנות מען האט אין איין קבר אריינגעווארפען?... פיליי‍כט דארט קיין מצבות ניטא... ווער איז געבליבען זיי צו שטעלען?... טרעט ניט אויף יענע קברים, איך בעט אייך... צו אונז, פעלשטינער קינדער, איז עס... אדמת קודש!... זייט עס ניט מחלל... שטעהט פון דערווייטענס מיט דער יראה, מיט וועלכער מען שטעהט ביי א קבר... און זאלען אייערע ליפען איבער׳חזר׳ן דעם מקונן׳ס ווערטער:

„על אלה אני בכיה, עיני, עיני יורדה מים...״

און זאָלען אייערע אויגען טריפען טרערען... ווער ווייסט? אפשר וועלען אייערע טרערען, אידישע טרערען, באַנעצען דאָרט קערנדלאך... און בוימעלאך... בלימעלאך... — א בוימעלע פון א צעריסען קינד'ס קערפערל . . . א בלימעלע פון א קינד'ס אויסגעהויכטער נשמה'לע . . . — וועלן ארויסוואַקסען... און וועלען אלס מצבה דינען... בלייבען לזכרון...

באָסטאָן, מאַסס.

## יונה בוים

# אַ שפּיצעל

●



ווישען ישראל אברהם „יאיעטשניק" און יעקעל „פּאַרטי־גולע" — אידען שוין איבער די פופציגער — געהט שטענדיג אָן אַ מלחמה. ווען די צוויי אידען קומען זיך צונויף, פעהלט שוין מעהר קיין פולוועד ניט.

ישראל אברהם איז בטבע אַ לץ און יעקעל „פּאַרטיגולע" זיין כשר'ער קרבן. מלחמה צווישען די צוויי שווער באַבערדעלטע אידען, ברעכט אימער אוים איבער עפּעס אַ שפּיצעל, וואָס ישראל אברהם פּלאַנעוועט אוים געגען יעקלען, און נעמט איהם דערמיט די גאַל.

ישראל אברהמ'ס באָרד וואָס ליגט צעשפּרייט אויף זיין גבורה'דיגער ברוסט, כמעט פון איין אַקסעל צום אַנדערען, ווערט נאָך ברייטער, ווען איהם געראָט אָפּצוטאָן יעקלען אַ שפּיצעל, און יעקעלס באָרד, וואָס ציהט זיך בלי גוזמא ביז צום הינטערשטען קנעפּעל פון זיין לאַנגער קאַפּאָטע, ווערט נאָך לענגער, און זי נעמט זיך וואַרפען און וויגען ווי אין אַ שטורעם, ווען ער נעמט מיט שוים אויף די ליפּען אַרויספּריסקען אויף אברהמ'ען זיין כעס:

— ביסט אַ לץ!... אַ פּארך!... אַ ליידאַק!.. אַ שרץ!... אין דיינע דלד אמות טאָר מען ניט שטעהן!...

ישראל אברהם, אירע יוזפס, יענקעל גדילהס, בום אהרן נטע'ס יאָסעל דעם רב'ס און די איבריגע פון זיינע שותפים־לצים, טרעטען דעמאָלט אָפּ פון איהם מעהר ווי דלד אמות.. מחמת יעקעל גע(ו)זט אמאָל ארויס פון די כלים און ווען דאָס טרעפט, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! ווען די שפּיעל קומט פאָר אין בית מדרש, פאַרוקען זיי זיך אין אַ ווינקעל און קייכען פון געלעכטער אז ס'נעמט זיי שפּארען אין די זייטען... און יעקעל שפּאַנט פון איין ווינקעל צום צווייטען ווי אַ ווילדע חיה אין אַ שטיינ. ער קאָכט זיך און הערט ניט אויף צו פּיענען, שפּריצען און

פריסקען מיט'ן מויל וואס איז אויף איין זייט עטוואס מעהר אפען ווי אויף דער צווייטער. דער כעס צווינגט איהם צו זיין אביסעל היקעוואטע און טשיפיליאווע. ווענען ער קען נאר, פארטשעפעט ער און נעמט פארקלאגען דעם לץ, דעם נבול־פה'דיגען ישראל־אברהמ'ען מיט זיינע שותפים־לצים... און הכלל... אין זיינע דלד אמות טאר מען ניט שטעהן!...

און ישראל אברהם לאזט ניט דורך קיין געלעגענהייט. טרעפט ער יעקלען אין בית מדרש, אזוי נעמט ער שוין מאנעווירען עפעס אן עסק מיט איהם. דער עסק געראט איהם תמיד, ווייל יעקלען איז זעהר גרינג ארייצוציהען אין פלען. מען דארף נאר א שפיעל טאן אויף זיין דינער סטרונע. יעקעל פארמאגט אבער מעהר ווי איין דינע סטרונע, און ישראל־אברהם איז א קינסטלער צו שפילען אפילו אויף דער דינסטער. א חריף א איד, קען ישראל־אברהם יעדען פעלשטינער אידען אויסגעבונדען, און יעקעל איז זיין שפילעכעל. ניט איין מאל מאכט ער אידען צום לאכען מיט זיין שטיפעריי, ווען זייערע הערצער זיינען שווער און זייערע קעפ געבויגען און דערשלאגען...

---

ארום דעם יאהר ניינצעהן הונדערט האט זיך ביי ר' ישראל אברהמ'ען „אפגעשטעלט" זיין אינגערער זוהן, נטע. ישראל אברהם איז געווען אין זי־בעטען הימל... פונ'ם הוסאטינער קלייזעל, וואס איז ניט ווייט פון זיין שטוב, העט אין דער הינטערשטער גאס (אין צפון זייט פון שטאט) איז ער שבת נאכ'ן דאווגען, געלאפען אין די אנדערע בתי־מדרשים (וואס גע־פינען זיך אין דרום זייט פון שטאט) פארבעטען אידען צו זיך אויף קידוש... און יעקלען צווישען זיי.

יעקעל אבער נעמט זיך קווינקלען, ער האט פשוט מורא טאמער וועט איהם ישראל אברהם מבייש זיין אפילו ביי איהם אין זיין אייגענער שטוב... א קשיה אויף ישראל אברהמ'ען?...

ישראל אברהם, זעהענדיג אז יעקעל קווינקעלט זיך עפעס, היקעט און שטאמעלט אביסעל צו פיעל, טוט ער אויף איהם א הוק: — יעקעל! איך נעם דיך אן ביי דיין לאנגער רויטער בארד, פארוואדף דיך אויף מיינע פלייצעס און טאסקע דיך איבער'ן מארק ווי פרידעל טאסקעט זיינע זעק פאלאווע!... א ווארט ניט מעהר פון דיר, דיין דוך זאל איך מעהר ניט הערען... קום!... — און דער ארבעל פון יעקעלס שבת'דיגער קאפאטע בלייבט שיעור ניט ביי ישראל אברהמ'ען אין האנט און יעקעל געהט... א ברירה האט ער?

און ישראל אברהם שפאנט איבער'ן מארק מיט איבער א מנין אידען און יעקעל בתוכם. זיינע הענט רוהען ניט, הויבען זיך און ווינען זיך

ווי די פליגלען פון א ווינט־מיהל: דעם א צופּ, דעם א שטופּ, דעם א ריס, דעם א קניפּ, ווי ער וואָלט שוין האָבען קידוש געמאַכט און איבערגע־כאַפּט די מאָס. יעקלען כאַפּט ער גאָר ארום ממש איהם צו דערדריקען, אזוי אז יעקעל ראַטעוועט זיך קוים ארויס פון זיינע בערישע לאַפּעס.

— געזעהען אזוינס! אין מיטען גאַס! נאָר ווי א גוי אין שענק!...

איוואַן! — אָטעמט יעקעל קוים ארויס, אויסגלייכענדיג זיין לאַנגע צע־שויבערטע באָרד, — געזעהען אזוינס! ווי... ווי... א — א... — און אידען לאַכען ווי קינדער אויף א „קריאת־שמע" לייענען...

— גוט שבת, סאָסיע!

— גוט שבת, אידען!

ביי ישראל אברהמ'ען אין שטוב איז שבת'דיג־יום־טוב'דיג. טאַקע אָרעם, אָבער לעבעדיג און פרעהליך, א מחיה... אידען מאַכען קידוש. מען טרינקט מיט ישראל אברהמ'ען און מיט נטע'ן „לחיים". סאָסיען, זיין גאָל־דענער סאָסיען, ווינשעוועט מען צו: זי זאָל זוכה זיין פיהרען איהר זוהן, נטע'ן, צו דער חופּה... און סאָסיע ישראל אברהמ'ס ענטפערט מיט איהר גאַנצער נשמה:

— איה"ש! ביי אייערע קינדער!... זאָל אויך דיר גאָט העלפען ביי דיין זוהן!

נאָכ'ן קידוש און נאָכ'ן קוגעל ווילען אידען זיך אויפהויבען און זאָ־גען — א גוטען שבת! ישראל אברהם לאָזט ניט.

— מיין נטע איז אויסגעלייזט געוואָרען פון'ם... ע ר האָט מיין נטע'ן אויסגעלייזט פון דינסט. פאַר זיין וועלט־סאָלדאַט וויל ער איהם האָבען!... נטע'לע, זוהן מיינער! טו איהם ניט נאַרען מעהר!... סאָסיע! דער־לאַנג די קיכלאַך מיט די געבראָטענע אייער...

ישראל אברהם טרינקט מיט די אידען נאָכאַמאָל לחיים. נעמט זינגען „מנוחה ושמחה אור ליהודים"... און צעטאַנצט זיך, אז די ערד נעמט ציטערען אונטער איהם, שלעפּט מיט די אידען, און צווינגט אויך יעקלען מיטצוטאַנצען. אָבער יעקלען טאַנצט זיך ניט... זיין בן יחיד, דוד, דאַרף זיך ערשט שטעלען, און טאַקע, אָט באַלד. וואָס פאַר א מורא דאָס שטע־לען זיך צום פּריזיוו וואַרפט אָן אויף דעם אידען!... אפילו מיט יעקלען וואָס פאַרמאָגט א בן יחיד, נעמט עס אויך וואַרפען, ווען ער דערמאָנט זיך אז זיין קינד דאַרף זיך שטעלען צום פּריזיוו.

ישראל אברהם איז אין זיבעטען הימעל:

—סאָסיע!... וואו ביסטו דאָרטען?! איך געה אריין אין קיך, מאַך איך דיר א תל פון'ם טשאָלענט! דערלאַנג שוין גיכער דיינע קיכלאַך מיט די געבראָטענע אייער.

און סאָסיע דערלאַנגט מיט דער פולער האַנט.

— עסט אידען זאָל אייך וואויל באַקומען !... און זאָל גאָט אויך אייערע קינדער אויסלייזען !...

אידען כראַמטשען די קרישלענדיגע קיכלאַך, שלינגען די ווייסלען מיט די געלעכלאַך און פיהלען אין זיי טעם גן־עדן.

— יעקעל ! — שרייט ישראל אברהם פון צווייטען טיש — דיין ביצה שניה איז א „ביצה שנולדה ביום־טוב, לאָז עס בעסער אויף נאָך שבת...

— וואויל דער באָבע דיינער פאַר דער גוטער עצה !... —ענטפערט יעקעל איהם אָפּ איבער'ן טיש.

— הער איהם ווי דעם קאַטער — מישט זיך סאָסיע אריין — עס, עס, יעקעל ! און זאָל דיר וואויל באַקומען...

יעקעל ברעכט דאָס צווייטע איי, אָבער ער שיילט עס שוין מיט ציטעריגע הענט — נאָר דער דבוק ליגט אין איהם ! אז אָהן לצנות קען ער גאַרניט לעבען ! דאַכט זיך, א איד, א בר דעת, און ווייסט גאַרניט, אז גאָט ברוך הוא האָט פיינט לצנות...

ביז אידען האָבען געזאָגט „א גוטען שבת", האָט ישראל אברהם נאָך געגוג צייט געהאַט צו נעמען פון יעקלען די לעבער... ביי זיין „גוטען שבת" זאָגען, האָט יעקעל געהאַט גאַנצע טענות צו ישראל אברהמ'ען... אז מען טאָר זיין שוועל ניט איבערטרעטען און ישראל אברהם האָט געקייכט פון געלעבטער...

---

א שטיקעל צייט נאָכ'ן פּריזיוו, נעמט נטע ישראל־אברהמ'ס, א לייטישער בחור און א גיבור א יונג, און לייגט זיך אוועק אין א שעהנעם זומער־טאָג, געוואַלדעוועט מיט משונה'דיגע קולות, רייסט זיך ממש אויף די גלייכע ווענט עטליכע טעג נאָכאַנאַנד און שטעהט מעהר ניט אויף !

וואָס מיט איהם איז געשעהן הויבט מען גאַרניט אָן צו וויסען. אברהם דער רופא האַלט נאָך אין זוכען די סבה פון זיין טוידט.

— אַן עפּידעמיע, — זאָגט ער, — א סך בחורים אוועקגעקומען דעם זומער פּונקט אַזוי ווי נטע...

און ישראל אברהם ?... אַזוי ווי דער מלאך־המות וואָלט פאַרשפּרייט זיינע שוואַרצע פליגלען איבער איהם... ער שטיפט שוין ניט מעהר, אפילו ניט מיט יעקלען...

דערזעהט איהם יעקעל אין מאַרק, דערנעהענטערט ער זיך צו איהם, וויל פאַרפירען א שמועס מיט איהם. אָבער צו פאַרפירען מיט ישראל אברהמ'ען א שמועס, מוזען זיינע דורכגעטריבענע, כיטרע אויגען שמייכלען. זיינע אויגען זיינען אָבער איינגעפאַלען, פאַרוואַסערט און די אַקסלען צוקען

ביי איהם ווי פון קעלט. טרעפט איהם יעקעל אָן אין בית־מדרש, נעמט ער זיך רוקען צו איהם מיט א ספר — כלומרשט א קשיה פרעגען, אומים־טען א קלאָץ קשיה, בכדי ישראל אברהם זאָל פון איהם לאַכען, אָבער ישראל אברהם לאַכט ניט, אפילו פון יעקלען שוין אויך גיט... ער קוקט אַריין אין דעם ספר... שטופט דאָס ספר אָפּ און ענטפערט איהם אפילו ניט.

יעקעל געהט ארום א פארלוירענער אין בית מדרש. קען זיך גאָר קיין אָרט ניט געפינען, ווי עמיצער וואָלט איהם געטריבען פון איין ווינקעל צום צווייטען, פון איין שטענדער צום אנדערען. — אַי, ווי ער וואָלט זיך מחיה געווען, ווען ישראל אברהם זאָל איהם אַצינד א שפּיצעל אָפּטאָן...

ישראל אברהם באַנעמט יעקעלס באַטריבטקייט. און צווישען מנחה למעריב, ווען ישראל אברהם שטעהט מיט נאָך אידען ביים בעלעמער און מען שמועסט וועגען דעם יאריד „ראַכמאַנסקי”, און אלע באַרויערען וואָס ס'איז שוין גאָר ניט דער „ראַכמאַנסקי” פון אַמאָל... רוקט זיך יעקעל אַריין אין מיטען, זייט ביי זייט לעבען ישראל אברהמ'ען.

ישראל אברהם כאַפּט ניט ווילענדיג א גנב'שען בליק אויף יעקלען און טוט איהם פּלוצים א פרעג:

— יעקעל! דו קענסט מיין פערדעל?

— יאָ. איך קען איהם. אַזאַ פערדעל ווי ביי דיין טאַטען עה"ש איז געווען — ענטפערט איהם יעקעל אָן שום חשד אויף עפּעס, — וואָס איז דען? — ווייל איהם שוין יעקעל ניט אָפּלאָזען פון שמועס.

— ער איז געראָטען אין דיר! — מאַכט ישראל אברהם.

ביי יעקלען נעמט זיך הויבען איין זייט ליפּ איהם א זידעל צו טאָן. אָבער, ער נעמט גאָר שמייכלען טאַמעוואַטע, און פרעגט איהם, ווי ער וואָלט זיך גאָר קיין צימעס געמאַכט פון דעם וואָס ער האָט איהם צווישען עולם מבייש געווען:

— פאַרוואָס בין איך עס געראָטען אין דיין פערדעל?

— ווייל מיין פערדעל איז בלינד בלויז אויף איין אויג און דו אויף ביידע, — האָקט איהם ישראל אברהם אריין אין זיין לאַנגער באָרד אריין.

יעקעל שפּרינגט פון דער הויט, געהט פון די כלים... אָבער, ער האַלט זיך מיט אלע כחות צוריק. „אידען ארום בעלעמער לאַכען? זאָלען זיי לאַכען”, טראַכט זיך יעקעל. „בעסער אַזוי. אָן אבל און א קראַנקען טאָר מען ניט מרגז זיין. זאָל ער חוזק מאַכען פון מיר, מיך אָרט נים, אבי זאָל ער שוין אַמאָל קומען צו זיך”. און ער באַרוהיגט זיך מיט א קראַץ אין פּאַטילניצע...

יעקעל'ס פאַרשווייגען רירט ישראל אברהמ'ען ביז צו טרערען... ער פאַרמאַכט די אויגען, שליסט מיט א הילכענדיגען פּליעסק צונויף זיינע

מאזאַלידיגע לאַפּעטע־הענט און זיפצט שווער אַפּ. א ווײַלע דענקט ער נאָך און וואַנדעט זיך ווידער צו יעקלען:

— יעקעל! דו ביסט עפּעס אַ מבין אויף סוסים?

— צו אַלדי גוטע יאָהר! — פאַרלירט שוין יעקעל דאָס געדולד — וואָס קריכען דיר עפּעס פערד אין קאָפּ אַריין דאָ אין בית־מדרש?

ישראל אברהם, ווי ער וואָלט איהם אפילו ניט הערען, רעדט ווײַטער:

— אַי, יעקעל! האָב איך געזהן אַ סוס! פון סוסים־לאַנד! ביי פּאַרטשעווסקי'ן, ביי זילנעצקי'ן, ביי טשובאַש'ן אין נעמיטשעניץ, ביי סקיבינעצקי'ן אין מאַסקאַליווקע, אויפ'ן סמאַטרעטש, אין גנעלטענעץ, אין רייקאָוויץ און אין יאַנדריקאָוויץ, ניטאָ אַזעלכע סוסים!—נאָר ביי פּרעה'ן, ביי עמלק'ן, ביי זיי האָבען זיך געמוזט האַדעווען אַלעכע סוסים... רויט איז דער פערד געווען... ווי די זון אין בין־השמשות. פון זיינע אויגען האָבען בליצען אויפגעלויכטען... זיין פעל, ווי דער סאַמעט פון אַ מלכ'ס מאַנטעל.. און ווען ער האָט גאַלאָפּירט, מיט די אויערען פאַרשפּיצט, האָט זיך געהערט דער טאַקט פון וואָיענע פּויקען און טאַצען קלאַפּען... זיין גריוועע האָט זיך געוויגט אינ'ם שיין פון דער זון, ווי די ווייץ אויף די פעלדער, און איהר גלאַנץ האָט די אויגען געבלענדט...

— וואו האָסטו געזעהן אַזאַ סוס?... — פרעגט שוין יעקעל, ווי ער וואָלט וועלען חוזק מאַכען פון ישראל אברהמ'ען.

— אין חלום! — ענטפערט ישראל אברהם געשווינד.

— האַ! לאָז מיך געמאַך!... — ווערט שוין יעקעל טאַקע אומגעדולדיג.

— און וואָס נאָך, יעקעל! — שטעהט ישראל אברהם צו צו איהם, — דעם חלום מוזטו אַליין מיר פּותר זיין.. דו שטאַמסט פון יוסף הצדיק ז"ל! אַלעס וואָס דו דאַרפסט טאָן איז זיך נאָר אַ גלעט טאָן ביי דיין באָרד ביז צום הינטערשטען קנעפּעל פון דיין קאַפּאָטע און אָנשטעלען דיין רעיון און דו...

— האַ? אויף מיין וואָרט, ישראל אברהם, ביסט עובר בטל!... — מאַכט יעקעל איהם אוועק מיט'ן האַנט.

— עובר בטל?! חלילה! אַזאַ שפּיצעל האָט מיר נאָך דער וואָס לעבט אייביג ניט אָפּגעטאָן... — פאַרריכט איהם ישראל אברהם.

אידען אינ'ם רעדעל פאַרגעסן אין מעריב דאַווענען, האָבען הנאה פונ'ם ויכוח צווישען ישראל אברהמ'ען און יעקלען.

— יעקעל! — גלייכט זיך ישראל אברהם אויס און נעמט ווייטער שפּינען, — צום עק פון דעם פערד איז צוגעבונדען אַ קינדער־וועגעלע, אויף צוויי קליינינקע רעדעלאך, און דאָס גאַנצע וועגעלע איז אַרומגעפלאָכטען מיט

טרוקענע פלאַנצען און שמעקעדיגע בלומען, צאַצקעס פון אַלערליי קאָלירען. און צו דעם וועגעלע איז אָנגעהאַנגען אַ קליין טאַבליצקעלע מיט אַן אויפ־שריפט: „יאַריד ראַכמאַנסקי״... יאַריד!... טאַראַראַם! הו... האַ... און דער פערד גאַלאָפּירט זיך, אַזוי געמיטליך מיט געצעהלטע טריט אויסקלאַפּענדיג מיט זיינע קאָפּיטעס אַ מין טאַנץ... ווי מען וואָלט איהם צושפּילען, ווי אין אַ צירק ביי די אַמאָליגע רוימער, ווי ביי די אַמאָליגע גריכען...

— ימח שמם! — שטאַמעלט יעקעל אַרוים.

— און וואָס אַמאָל דערנעהענטערט זיך דער פערד מעהר און מעהר אין שטאָדט אַריין, און טאַקע באַלד האָט דער גאַנצער מאַרק מיט מענשען גענומען גאַפען... גענומען קוקען און קוקען ניט אַרונטערנעמענדיג די אויגען, פערגנדיג איינער ביים אַנדערען — וואָס איז דאָס? ! אַ וואונדער פערד, וואָס אַזוינס האָט מען נאָך ניט געזעהן, אָהן אַן אָנטרייבער, מיט אַ קינדער־וועגעלע, פול מיט פלאַנצען און בלומען, צוגעבונדען צו זיין עק, מיט אַן אויפשריפט „יאַריד ראַכמאַנסקי״, געהט זיך פון דער העלער הויט, איבער׳ן שאָסיי? !... און ווי ער גאַלאָפּירט דאָס!... אַ גלאָק וואָלט ניט גע־קענט בעסער אויסקלינגען זיין געצעהלטען טראָט!... און וואוהין ציט ער דאָס אַזוי מאַיעסטעטיש? !...

— אויסגעזהן האָט עס, ווי עמיצער וואָלט דאָ אויסען זיין אַ שפּיצעל. וואָרום ווער האָט געהערט וועגען אַ קינדער־וועגעלע פול מיט צאַצקעס, צוגעבונדען צום עק פון אַ פאַנסקע אָגער? !... מען גאַפט, דער אָטעם פאַרכאַפּט און מען נעמט די אויגען פון איהם ניט אַרונטער... מען טרעט איהם אָפּ דעם וועג און ער גאַלאָפּירט זיך אַזוי געלאַסען: טאַק־טאַק, טאַק־טאַק!... און דאָס וועגעלע קייקעלט זיך גלייך, נים אַהין און נים אַהער, און העלפט פאַרבאָרגען דעם סוד, וואָס דאָס אויג זעהט און דער מוח קען ניט פאַרנעמען.

— מיטאַמאָל! ווי פון דער ערד אַרוים! ווערט דאָס וועגעלע אַרומגע־כאַפּט פון פלאַמען!... דאָס פערד דערשפּירט דאָס און נעמט האַסטיגער גאַלאָ־פּירען. און וואָס אַמאָל ווילדער און ווילדער... איך טראַכט — דאָ האָט אימיצער אויסען געוועזן נקמה און ניט קיין שפּיצעל!... דעם פערד דאַרף מען ראַטעווען!... איך וויל זיך לאָזען נאָך איהם. אָבער, ווי מען וואָלט מיך מיט צוואַנגען צוריקגעהאַלטען...

— דאָס פערד ווערט נאָך ווילדער... די יאַריד־מענשען צעלויפען זיך אין אַלע זייטען, שרייען: „געוואַלד!... ראַטעוועט! שטעלט איהם אָפּ!... ראַטעוועט!... דאָס פערד רייסט די ערד אונטער זיך!... ווער ס׳איז אין זיין וועג ווערט צעטראָטען, צעקוועטשט, געטויטעט!...

— דאָס פערד ווערט אין פייער איינגעוויקעלט!... עס לויפט שוין ניט מעהר! עס שפרינגט אהין און אהער, שטעלט זיך דיבאָם, וויל ארויס־טרייסלען דאָס ציימעל פון מויל!... זיין הירזשען: הו! הו! הו! דער־גרייכט ביז צום הימעל, ווי ער וואָלט וועלען רחמנות דערוועקען דאָרט... אידען צוקוקער געהען פון זינען!... פאַרדעקן זייערע פנים'ער און טרעטען אָפּ, טרעטען אָפּ!... דאָס איז ניט זייער אויפטו!... זיי זיינען ריין פון דעם!...

„דאָס איז ניט אונזער אויפטו", שרייען זיי.

— דאָס פערד ראַנגעלט זיך, רייסט זיך פון דער פעל ארויס!... ביז א שוואַרצער רויך פאַרדעקט דאָס בילד פאַר מיינע אויגען...

ישראל אברהם בויגט אַרונטער זיין קאָפּ און טרערען לאָזען זיך איהם פון די אויגען... פּלוצים פאַלט ער יעקלען אויפ'ן האַלז און קלאָגט ארויס: — יעקעל, פאַרוואָס האָט ער מיר אָפּגעטאָן אזא שפּיצעל! ?...

— אויף יעקעל'ס באָרד קייקעלט אַרונטער א טרער...

אידען ארום בעלעמער בלייבען שטעהן מיט געבויגענע קעפּ. פון עמוד רייסט זיך ארויס א קול פון אן אבל:

— ברכו — את ה' — המבורך!... — ישראל אברהם און יעקעל מיט די איבעריגע אידען נויגען געשווינד די קעפּ און ענטפערען:

— ברוך ה' המבורך לעולם ועד!....

איידער אידען כאַפּען אויף דעם מעריב דאַוונען באַמערקט נאָך ישראל אברהם: — וועלט־סאָלדאַטען האָט ער פון אונז געמאַכט און צו פאַרטיי־דיגען זיך האָט ער אונז ניט געלאָזען קיין קראַפט!...

— א שפּיצעל האָט ער אונז אָפּגעטאָן!... א שפּיצעל!...

ישראל אברהם רוקט זיך צו צו מזרח וואַנט. יעקעל נאָך איהם, ביידע כאַפּען אויף דאָס דאַוונען מעריב. זיי לייענען קריאת שמע: „ואהבת את ה' אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך וכל מאדך!..." ישראל אברהם שפּאַרט צו דעם קאָפּ צו דער וואַנט, ווי ער וואָלט דעם שטערען וועלען אָפּקיהלען, פאַרדעקט זיינע אויגען און צעהלט ארויס די ווערטער אויף זיין לשון: האָב ליעב דיין גאָט, מיט דיין גאַנצען לייב־און־לעבען, מיט אלץ וואָס דו פאַרמאָגסט, מיט אלץ וואָס איז אין דיר, מיט אלץ, וואָס איז פון דיר, אפילו ווען דיין גוף ווערט געמאַרעט, געפּלאָגט און געפּייניגט, אפילו ווען דיין נשמה ווערט דערדריקט, דערשטיקט, אפילו ווען דיין הארץ צאַפּעלט זיך און ווערט אין שטיקער צעריסען!... אוי!.. אוי!... „נטע! האָסט איהם געוואָלט נאַרען, און ער האָט דיר א שפּיצעל אָפּגעטאָן!... נטע! מיין קרוין! מיין קדיש!... אוי! אוי!...

יעקעל פאַרגעסט ווי ער האַלט אין קריאת שמע לייענען. ישראל אברהם מיט זיין קלאָגען האָט איהם אינגאַנצען צעבראָכען און פאַרפירט איהם צו זיך אהיים: פרנסה איז ניטאָ... זיינע טעכטער, איינע עלטער פאַר דער אַנדערער, קיין עק, קיין סוף... אוי ס'אַראַ ביטער שפּיצעל!...

ביידע הויבן נאָכאמאָל אָן קריאת שמע לייענען...

— ואהבת את ה׳ אלהיך... —ביידע שווער באַבערדעלטע אידען וואַשען זיך אין ביטערע טרערען...



## נ. פּאָרמאַן

# אין טורמע



ווען אונזער חשובער סעקרעטאַר, יונה בוים, האָט זיך א נעם געטאָן צו פאַרפלייצען די פעלשטינער לאַנדסלייט מיט קאָרעספּאָנדענץ, וואָס האָט זיי געוועקט און געטריבען צו שאַפען דעם נויטיגען מאַטעריאַל פאַר'ן בוך, האָבען זיינע אַפּעלירענדיגע בריף אויך מיך ניט אויסגעלאָזט, כאָטש איך בין געווען א מיטגליד פון בוך־קאָמיטעט און אויך דער פינאַנץ־טשערמאַן פונ'ם קאָמיטעט.

זיינע צודרינגענדע בריף זיינען אָנגעקומען איינער נאָכ'ן אנדערן. ביי די זיצונגען פון קאָמיטעט כאַפּט מיך יונה אָן און נעמט מיך טרייבערען: „וואָס הייסט א פעלשטינער קאָן ניט אָנשרייבען עפּעס וועגען פעלשטין?" בעט איך זיך ביי איהם: „יונה! וואָס ווילסטו האָבען פון מיר?! וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף מיר? ווי קומט צו מיר שרייבען? שוין פינף און דרייסיג יאָהר, אז איך האָב ניט אָנגעשריבען א אידיש וואָרט... איך בין א לאַנדרימאַן אין אמעריקע. בין פאַרנומען פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט מיט די וואַש־ און פרעס־מאַשינען... יונה! — בעט איך זיך ביי איהם, — לאָז מיך אויס. זאָלען שרייבען די וואָס קאָנען..."

פון יונה'ן איז זיך אָבער פּשוט ניט אָפּצוטשעפּען. און ער האָט מיך טאַקע ניט אָפּגעלאָזט, ביז איך האָב איהם געמוזט צוזאָגען, אז איך וועל זעהען עפּעס אָנצושרייבען.

אָבער ווי טיף איך זאָל זיך ניט אריינקלערען אין מיין מיערען, ליבען, וויסטען שטעטעלע פעלשטין, לויפען די בילדער פון מיינע קינדער־יאָהרען אין פעלשטין פאַרביי מיינע אויגען ווי די בילדער אין א קינאָ־טעאַטער, וואָס ווילען זיך פאַר מיר בשום אופן ניט אָפּשטעלען מעהר ווי אויף א רגע און איך בלייב ביי גאָרניט...

וואָס־זשע טוט מען פאַרט? פאַלט מיר איין א געדאַנק צו זעהען זיך מיט דודי חזן, א פעלשטינער איד שוין קרוב צו ניינציג, וואָס געפינט זיך אין א מושב זקנים אויף דער איסט סייד, אין ניו יאָרק. ביי דודי חזן, קלער

איך, וועל איך שוין זיכער אויפכאפן עפעס וואָס וועט זיך פּאַסן אויפצו־שרייבן פאר'ן בוך. וואָס דען ניט?... דודי חזן האָט דאָך אָפּגעלעבט אין פעלשטין עפּעס א וועלט מיט יאָהרען. אלעמען חתונה געמאכט, געווען ביי יעדענס ברית, ביי אלע לויות, אָנטייל גענומען אין יעדער מחלוקת פון שטאָט. א קליינינקייט — דודי חזן אליין איז דאָך א לעבעדיגער „פּינקס"... הכלל איך געה זיך זעהען מיט דודי חזן.

דודי חזן, כאָטש שוין א זקן, איז דער זעלבער דודי חזן וואָס מיט דרייסיג, פערציג און פופציג יאָהר צוריק. א מונטערער, א פרעהליכער, א שמייכלענדיגער, לאכענדיגער דודי חזן. זיצענדיג לעבען איהם און שמועו־סענדיג מיט איהם פארגעס איך ניט נאָר, אז ער איז א זקן, נאָר איך פאר־געס אפילו אין מיינע אייגענע יאָהרען און עס דאכט זיך מיר, אז ער און איך זיינען בחורים־לאך פון נאָך פאר די „שמונה־עשרה" יאָהרען.

דודי חזן דערצעהלט מיר, אז ער האָט געגעבען חופּה־וקדושין מיינע עלטערען ע"ה, און אז ער איז געווען אויף מיין ברית. ער געדענקט, זאָגט ער, יענע יאָהרען, ווי עס וואָלט פּאַסירט אָט ערשט נעכטען. ער פארגעסט, אז מיינע עלטערען זיינען דער'הרג'עט געוואָרען אין פּאָגראָם. ער שפּאַסט און לאכט־אָפּ פון יענע יאָהרען, ווי זיי וואָלטען האָבען געווען „נארישע צייטען". ער פּאַטשט מיר איבער דער קני מיט קינדערשער הנאה, און איך לאך־מיט מיט איהם, ווי יענע יאָהרען וואָלטען באמת געווען ניט מעהר ווי א שעהנער וויץ...

די מינוטען וואָס איך פארברענג מיט דעם אלטען־יונגען דודי חזן, זיינען מיר זעהר אָנגענעם. פון דעם שמועס מיט איהם זעה איך אָבער, אז עס בלייבט מיר גאָרניט ממשות'דיגעס, אין וואָס איך זאָל זיך קאָנען אָנכאַפּען דאָס צו באשרייבען פאר דעם בוך.

נעם איך פארציען מיט'ן חזן אן ערענסטען שמועס וועגען דעם נאָך וואָס איך בין ספּעציעל געקומען איהם זעהען, און דערצעהל איהם, אז די פעלשטינער גרייטען זיך ארויסצוגעבען א יזכור־בוך צו פאראייביגען די פעלשטינער קדושים, און אז איך וויל אז ער זאָל מיר דער־צעהלען וואָס ס'האָט זיך פארלאָפען אין פעלשטין דורך דער צייט פון זיין לאנגען לעבען אין דער אלטער היים.

דודי חזן איז שווער צו זיין ערנסט. ער ווערט אבער ערנסט אויף א מינוט, טוט א קלעהר און ווענדעט זיך צו מיר מיט די ווערטער:

„קינד! וואָס האָט זיך געקאָנט פארלויפען ביי אונז אין פעלשטין? אונזערע עלטערען זיינען געווען פרומע און עהרליכע אידען, האָבען געהאנ־דעלט און געוואנדערלט, געדאנקט גאָט, צי זיי האָבען געהאט פרנסה, צי ניט. זיי האָבען ווי ס'ניט איז מגדל־געווען קינדער לתורה, לחופּה ולמעשים

טובים. צער און יסורים האָבען ניט געפעלט. דאָך איז מען געווען אידען ווי גאָט האָט געבאָטען. מען האָט געלעבט א אידיש לעבען, מען איז גע־שטאָרבען ווי אידען. פון הרג'ענען יענעם, פון אליין אָנטאָן זיך א מעשה, ווי אין דעם אמעריקע, האָט קיינער ניט געוואוסט און אויך קיינמאָל ניט געהערט, מען זאָל אָפּגעהיט ווערען פון דעם... וואָס האָט זיך געקאָנט פארלויפען אין אונזער פעלשטין ?... טאָמער האָט מען זיך געקריגט איבער דער באָד, געפירט מחלוקת'ן איבערן רב, שוחט, בעל־טאַקסע. נו, איז דאָס עפּעס א נייעס ביי אידען ? דאָס איז אלץ בלאָטע, קינד ! אידען זיינען געווען אידען און אידען וועלען בלייבען אידען, אלע אונזערע שונאים אויף צוזעצעניש...

בין איך נאָך ר' דודי'ס סך־הכל ווידער געבליבען ביי גאָרנישט... וואָס־זשע טוט מען פּאָרט מיט דעם יונה'ן ? א פּחד כאַפּט מיך ארום... דער יונה נעמט זיך דאָך טאַקע עפּעס אזוי צום הארצען, ווען מיט דעם בוך געהט עס ניט גלאַטיג.

איך זיץ לעבען ר' דודי'ן און עס גלוסט זיך מיר ניט אוועקצוגעהן פון איהם. מיר טוט באַנג איהם צו פארלאָזען מיט גאָרנישט. פּלוצים ווער איך ביי זיך ווי איינגע'עקשנ'ט און טו איהם א פרעג: „ר' דודי ! וואָס פאר א מין איד איז געווען דער און דער ? יענער און יענער ?" — קלע־רענדיג, אפשר דאָ ארום וועט זיך מיר איינגעבען אראָפּצוכאַפּען א בילד פון עפּעס אן אמאָליגען, אינטערעסאַנטען אידען. און ר' דודי ענטפערט:

ער ? א איד א בעל־הבית — געווען א גרויסער סוחר און אזוי און אזוי... דער ? א איד א קבצן און עני־ואביון. יענער ?... און אזוי ווייטער און ווייטער. ביז איך בין צוגעקומען צו זוסיע שמשון סטערניק'ס. ביי זוסיע סטערניק טוט זיך דער חזן א כאַפּ אויף ווי פון שלאָף.

„דו ווייסט, ניסעל ! — זאָגט ער צו מיר מיט א געלעכטער, — איבער זוסיע סטערניק בין איך געזעסען פיר וואָכען אין טורמע ?...

„אין טורמע ?! — נעם איך זיך חידוש'ן — אין טורמע, — טו איך א קלער, און ווי עפּעס דורכ'ן שלאָף נעם איך זיך דערמאָנען, אז איך האָב עפּעס יאָ געהערט וועגען דעם חזן'ס טורמע, און געהערט האָב איך דאָס, דאַכט זיך, פון מיין אייגענעם פאָטער'ס מויל... יאָ, יאָ מען האָט טאַקע אמאָל גערעדט וועגען דעם אין שטוב, און איך האָב געפרעגט דעם טאַטען — וואָס איז ערגער „וועזשע" צי „טורמע" ? דער טאַטע האָט מיר דעמאָלט געענטפערט: — „פון וועזשע דאַרף מען זיך אליין אויסהיטען און פון טורמע זאָל שוין גאָט אָפּהיטען" !...

„וואָס־זשע, דו האָסט גאָר ניט געהערט וועגען דעם? אודאי בין איך געזעסען אין טורמע", און ר' דודי לאַכט, ווי די גאַנצע זאַך וואָלט געווען ניט מעהר ווי נאָך א שפּאַס אין זיין לאַנגען לעבען...

„ר' דודי! — זאָג איך, — ס'קאָן זיין, אז איך האָב יאָ עפּעס געהערט פון דער „טורמע", אָבער וואָס, ווען, קאָן איך ניט זאָגען אז איך געדענק. פאַרוואָס טאַקע זענט איהר עס עפּעס געזעסען אין טורמע?" — פרעג איך איהם שוין אויס פּשוט'ער נייגעריגקייט. ס'קאָן דאָך ניט זיין, אז ס'איז געווען איבער עפּעס א שווינדעל אדער א גנבה, אדער דערפאַר וואָס איהר האָט שעהן געזונגען, ר' דודי! — טרייב איך שוין שפּאַס אויף דעם חזן'ס חשבון.

„חס ושלום! — לאַכט ר' דודי. — ס'איז געווען איבער א חופּה... איבער א חופּה כדת משה וישראל.

„איבער א חופּה גאָר?! — צעלאַך איך זיך שוין און כאַפּ זיך ווירקליך חידוש'ן. — וואָס האָט א חופּה צו טאָן מיט טורמע? — פרעג איך איהם. — ר' דודי! איך בין נייגעריג צו הערען." — און ר' דודי נעמט דערצעהלען:

„יאָ! איבער א חופּה איז אמאָל פעלשטין געגאַנגען אויף רעדלאַך. און איבער דער חופּה בין איך געזעסען 40 טעג אין פּראָסקוראָווער טורמע... זוסיע סטערניק און פרומע, זיין צווייטע פרוי, זיינען עס געווען די חתן־כלה. זוסיע איז געווען א גרויש און פרומע א גרושה. ער האָט זיך גע'גט מיט דער ערשטער פרוי און זי מיט'ן ערשטען מאַן, בכדי זיי זאָלען ביידע חתונה האָבען. ס'איז געווען ביי זיי א ליבע. יאָ, אזא ליבע! נו, נו, פרעג שוין ניט וואָס ס'האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן אין פעלשטין...

„דו געדענקסט דאָך אודאי וואָס פאַר א שעהנער מענש זוסיע איז געווען אין דיינע יאָהרען, קאָנסטו זיך שוין פאָרשטעלען וואָס פאַר א פערזאָן זוסיע איז געווען ווען די זאַך איז זיך פאַרלאָפען. ווען מען זאָל איהם געווען אָנטאָן א שטריימעל וואָלט ער געווען אויסגעזעהען ווי דער שעהנסטער רבי, און ווען מ'זאָל איהם געווען אָנטאָן א מונדיר מיט די אַלע אָפּיצערסקע קנעפּ, וואָלט ער געווען אויסגעזעהען ווי דער שעהנסטער פּריסטאַוו, להבדיל, ווי דער שעהנסטער גענעראַל, ווי דער שעהנסטער גובער־נאַטאָר...

„און וואָס פאַר א פאַרשוין פרומע איז געווען באַדאַרף איך דאָך דיר ניט דערצעהלען. זי איז געווען... איך ווייס... ווי אין „שיר־השירים" די שחורה אני ונאוה בנות ירושלים... און זיי האָבען זיך טאַקע געלעבט ווי די טייבעלאַך. און אז ס'איז פון זיי ארויסגעקומען דער

זוהן, דער ליטישער מענש, דר. הירשל סטערניק, דארף איך דאָך דיר ניט דערצעהלען.

איך דערמאָן דעם חזן, אז זוסיע מיט פרומע'ן זיינען אומגעקומען אין פּאָגראָם און אז דער זוהן, דר. הירשל סטערניק, איז אוועק און זיך באַזעצט ערגעץ אין רומעניע.

„נו, יאָ! — באמערקט ר' דודי און טוט דערביי א זיפץ—ווען דער אלטער שמשון ע"ה זאָל אַצינד לעבען, וואָלט ער געזאָגט, אז צוליב דעם זוהנ'ס זינד איז געקומען דער פּאָגראָם אויף פעלשטין. דער אלטער שמשון האָט געוואָלט דעם זוהן, זוסיען, עוקר־מן־השורש זיין. ער האָט געזאָגט, אז ער וועט בשום אופן ואופן ניט דערלאָזען צו חופּה־וקדושין, און פרוּ־מע'ס עלטערען האָבען געסטראַשעט דעם רב, ר' עזרא זצ"ל מיט... איך וויים אליין ניט וואָס, אויב ער וועט ניט מקדש־זיין זוסיע'ן מיט פרומע'ן. און דאָס שטעטעל איז געגאַנגען כּאָדראָם, וואָרום אַזוינס האָט זיך טאַקע נאָך קיינמאָל ניט פארלאָפען אין פעלשטין"...

איך זעה, אז דער חזן פארנעמט זיך גאַנץ ברייטלאַך מיט דער מעשה און דאָ בין איך נייגעריג צו הערען פארוואָס די מעשה שמעקט מיט טורמע, און איך וויל איהם איבערשלאָגען.

— וואַרט, וואַרט, — האַלט מיך דער חזן איין, — וועסט באלד הערען. איינמאָל אין א פרימאָרגען קומט צוגעהן צו מיר אלעזר ריבעלעס און זאָגט צו מיר אזוי: „חזן, איהר זענט געבעטען צו קומען אויף דער נאַכט צו זוסיע סטאַראָסטע שטעלען א חופּה". ווער ס'איז די חתן־כלה, האָב איך ניט געפרעגט. וואָס זאָל איך וויסען? און צו וואָס זאָל איך פרעגען? איך וויים, אז מען רופט מיך, באַדאַרף איך געהן. ס'איז דאָך מיין פּרנסה. איך האָב איהם נאָר געפרעגט צי דער רב, ר' עזרא, וועט דאָרט אויך זיין. זאָגט ער: „וואָס הייסט צו „ער" וועט דאָרט אויך זיין? אודאי, וועט ער זיין. און דער שמש וועט אויך זיין און ער וועט שוין אויך ברענגען די חופּה. וואָס זאָל איך וויסען?

„אויף דערנאַכט טוה איך אָן די שבת'דיגע קאַפּאָטע און געה צו זוסיע סטאַראָסטע. געקומען צו זוסיע'ן, האָב איך שוין דאָרט געטראָפען חתן־כלה און, ווי מיר האָט דאָס האַרץ געזאָגט — זוסיע מיט פרומע'ן. עס איז שוין געווען דאָרט מאיר־שמשון, מאַניע עלי'ס, בנימין קייסער און נאָך בעלי־בתּים און מחותּנים, אלץ פון כּלה'ס צד. נאָר וואָס איז מיין עסק? מען האָט מיך גערופען, בין איך געקומען. דער רב ר' עזרא איז נאָך ניט געווען, און איך האָב געהערט, אז דער רב וויל טאַקע ניט קומען, ווייל דער אלטער ר' שמשון האָט איהם פארזאָגט, למ"ה, אז ער זאָל זיך

ניט דערוועגנען זיי צו געבען חופה־וקדושין. און אַן דעם רב, האָב איך געזאָגט, וועל איך ניט שטעלען קיין חופה...

איז אשר־גרשון, דער כלה'ס ברודער, געגאַנגען און געסטראַשעט דעם רב מיט אויסרייסען איהם די באָרד, מיט אויסזעצען ביי איהם די פענס־טער, מיט... איך ווייס אליין ניט מיט וואָס, אויב ער וועט ניט קומען צו דער חופה. א ברירה האָט דער רב געהאט? און אפשר האָט דער רב טאַקע אויך מורא געהאט. א סימן, ער איז טאַקע געקומען. ס'איז שוין אָבער געווען שפּעט נאָך האַלבע נאַכט.

„אריינגעקומען, זאָגט דער רב צו מיר: דודי! שטעל דו די חופה און מאַך שוין אויך די ברכות, מחמת איך האָב ניט קיין ריינע הענט. זיי האָבען מיך שוין ארויסגעשלעפּט פון בעט"...

ר' עזרא'לע איז געווען זעהר א פרומער. וואָס זאָל איך וויסען? בשעת מעשה זאָל איך וויסען, אז דאָס קאָן אפשר זיין נאָר א תירוץ? אזוינס איז מיר גאָרניט איינגעפאַלען.

„נעם איך זיך שטעלען די חופה און פרעג אויפ'ן קוויטעל. זאָגט צו מיר יצחק ראדוביר, דער קאַזיאָנער רב אליין, וואָס איז אויך געווען ביי דער חופה: „ר' דודי! אז איך אליין בין דאָ, דאַרפט איהר זיך ניט זאָרגען פאַר קיין קוויטעל, איך הייס אייך שטעלען די חופה. איך וועל שוין אריינשרייבען וואוהין מען דאַרף. — וואָס זאָל איך וויסען? אָפּגעפּראַוועט די חופה און מזל־טוב! און שוין...

„דריי טעג נאָך דער חופה טראָגט עס אָן צו מיר אין שטוב אריין פּאַוולאָ דעם סאָצקי, און ער זאָגט צו מיר: „דודקא, קום! דער פּריסטאַוו רופט...

„דער פּריסטאַוו?! — ווער איך דערשראָקען, און פּאַוולאָ לאָזט מיך שוין ניט אָפּ.

„אין שטוב ווערט א געוויין. מיר נעמט־אָפּ דאָס לשון. וואָס זאָל מיך דער פּריסטאַוו דאַרפען? און פּאַוולאָ לאָזט מיך ניט אָפּ אויף א רגע: קום!... און איך גיי... א ברירה האָב איך?

„פאַר'ן פּריסטאַוו שטעה איך ניט טויט ניט לעבעדיג...

„דו האָסט עס חתונה געמאַכט סטערניק'ן אָן א קוויטעל פונ'ם קאַזיאָ־נער ראַבינער? — טוט מיך דער פּריסטאַוו א פרעג, ווי איך וואָלט געווען א שווינדלער, א גנב. זאָג איך, וואָס הייסט אָן א קוויטל? דער קאַזיאָנער רב אליין האָט דאָך מיר געהייסען שטעלען די חופה.

„מיינסטו עס העלפט עפּעס מיין זאָגען? ווייסעך! ער האָט שוין א געשריבענעם פּראָטאָקאָל און הייסט מיר שוין פאָרען קיין פּראָסקוראָוו צום „סלעדאָוואַטעל"... און וואָס טויג עס דיר, איך האָב שוין געמוזט

אליין דינגען א פוהר, און מיט א וואך האט מען מיך אוועקגעפירט קיין פראסקוראוו.

„אין פראסקוראוו האט זיך אנגעהויבען אן אויספארשעניש ווי איך וואלט באמת געווען דער גרעסטער שווינדלער, דער גרעסטער גנב אין דער יועלט. איך האב געמוזט ברענגען עדות צו באווייזען, אז איך בין ניט שולדיג אין קיין פארברעכען. אבער ווי עס ווייזט אויס האט מען מיינע עדות געהערט ווי דעם קאטער...

„איך בין געווען א מיקאלאיעווער „נכתב״, האט מען מיך שוין אפגעשיקט מיט'ן עטאפ קיין מיקאלאיעוו אויסצוגעפינען צי דאס איז אמת. פון מיקא־לאיעוו האט מען מיר שוין געהייסען פארען אליין אהיים, האב איך געדאנקט גאט וואס זיי האבען מיך שוין אפגעלאזט. געקומען אהיים, האב איך גענומען קלערען, וואס האב איך דא חוטא־געווען? נאר געה האב טענות צו אידען...

„ס'איז אוועק א שטיק צייט. איך האב שוין אליין פארגעסען אין דער גאנצער מעשה. אפשר מיט צוויי יאהר שפעטער — ויבא המן! פאוולא דער סאצקי קומט מיר אנטקעגען, פונקט ווען איך געה אויף א ברית, און ער זאגט מיר אן די גוטע בשורה, אז טאראנטשין, דער פריסטאוו, רופט מיך און אז איך מוז שוין געהן — „זאראס״. פאוולא לאזט מיך שוין ניט אפ... און איך געה שוין ניט צום ברית.

„איך קום צום פריסטאוו, זאגט מיר דער ״אדון״, אז ס'איז אנגעקומען פון קאמענעץ א פאראָרדענונג, אז איך מוז זיצען אין פראסקוראוו פערציג טעג טורמע, און טאקע שוין. און טאראנטשין לאזט מיך שוין ניט געהן אהיים אפילו צו געזעגענען זיך מיט ווייב און קינדער.

„וואס זאל איך דיר לאנג דערצעהלען, איך בין געזעסען 40 טעג אין טורמע״.

דער חזן האט זיך אפגעווישט דאס פנים מיט'ן פאטשיילעכעל, א הויב געטאן די האנט ארויף און געזאגט: „גאט שיקט אבער צו די רפואה פאר דער מכה.״

פון דעם חזן'ס דאנקען און לויבען גאט האב איך געזעהען, אז צו דער מעשה איז נאך קיין סוף ניט, און איך האב איהם א פרעג געטאן: וואס־זשע ס'איז נאך פאראן עפעס צו דער מעשה?

„צי ס'איז פאראן! — טוט דער חזן א לאך, — אי, ניסעל! האבען מיר א טייערען גאט!... ווילסט הערען ווייטער, וועל איך דיר דערצעהלען. זאג איך איהם: „דערצעהלט, דערצעהלט, חזן! די מעשה איז זעהר אינ־טערעסאנט״.

„א יאָ אינטערעסנע? — איז זיך דער חזן מחיה, וואָס איך שטים איין מיט איהם.

„געוויס אינטערעסנע, געוויס, — פאַרזיכער איך, און דער חזן ווערט אַן אויפגעלעבטער פון נחת און דערצעהלט ווייטער.

„ניסעל! וואָס זאָל איך דיר זאָגען? ס'איז ניט צו דערצעהלען! מען מוז זיצען אין טורמע צו וויסען וואָס הייסט — טורמע... ווען מען האָט מיך אַריינגעפירט אין דער טורמע און די אייזערנע טירען האָבען זיך פאַרמאַכט, איז פאַר מיר אָפּגעשטאָרבען געוואָרען די גאַנצע וועלט. ס'איז מיר געוואָרען פינסטער אין די אויגען, אַז איך האָב זיך שיעור ניט צעוויינט. דערצו נאָך האָבען מיך אַרומגערינגעלט א באַנדע אַרעש־טאַנטען, מיך גענומען מקבל פּנים זיין. איינער האָט באַטאַפּט מיינע פּאות, א צווייטער האָט מיר א צופּ־געטאָן ביי דער באָרד, א דריטער האָט פון מיר אָפּגעהויבען דאָס היטעל און באַקוקט די יאַרמולקע אויפ'ן קאָפּ, א פערטער האָט געהויבען די פּאָלעס פון מיין קאַפּאָטע און געמאַכט תנועות, ווי ער וואָלט אויפגעהויבען דאָס פאַרטוך ביי אַן ערל'טע. און אין מיטען דערינען דערהער איך א געשריי: „ר' דודי! וואָס טוט איהר דאָ?!" — איך בין אַזוי צוטומעלט געוואָרען, אַז איך געדענק שוין ניט צו איך האָב גע'חלש'ט, צי ס'איז מיר געוועזן אַזוי פינסטער אין די אויגען, אַז איך האָב פשוט ניט געזעהען די וועלט פאַר מיר...

„ווען איך בין געקומען צו־זיך, איז מיר געלעגען אויפ'ן האַלז מרדכי גאַלופּ און געשריגען: ר' דודי! איהר דערקענט מיך ניט?!... און איידער איך האָב איהם געענטפערט א וואָרט, האָט מרדכי א געשריי געטאָן צו די אַרעשטאַנטען: „לאָזט־אָפּ דעם מענשען! ניט אָנרירען זאָלט איהר איהם! וועה וועט זיין צו דעם, וואָס וועט דעם אידען א שלעכט וואָרט זאָגען! דער מענש איז אונטער מיין שוץ! פאַרשטאַנען?! — אויף די אַרעשטאַנטען האָט גענומען ציטערען די הויט... מרדכי איז געוועזן א גיבור שבגיבור א איד. צעהן אַרעשטאַנטען האָט ער געקאָנט אוועקלייגען מיט איין פינגער. די אַרעשטאַנטען האָבען זיך פאַרנומען פון מיר, פאַררוקט זיך אין די ווינקעלאַך, ווי גאָר ניט זיי מיינט מען.

„מרדכי האָט מיך אוועקגעזעצט אויף זיין „טאָפּטשאַן" און אליין האָט ער זיך צוגעשפּאַרט לעבען מיינע פיס, און איך האָב איהם געמוזט אַלעס דערצעהלען, פונקט אַזוי ווי איך דערצעהל דיר. ער איז געוועזן מלא רציחה אויף דעם אַלטען שמשון'ען... מרדכי האָט ניט געקאָנט פאַרליידען קיין עוולות. אַז א פּויער איז באַגאַנגען אַן עולה געגען א אידען, האָט דער גוי שוין מעהר ניט באַדאַרפט. פאַר די עוולות וואָס גלחים באַגעהען גע־גען אידען, איז ער געוועזן גרייט נוקם ונוטר צו זיין זיך, אפילו ביז

מקריב זיין דאָס לעבען. ער פלעגט זאָגען, אז די גלחים זיינען א פלאָג, א קללה פאר דעם אידען. א גלח האָט טאקע איינגעגעבען אויף איהם, אז ער איז א פירער פון א באנדע פערד־גנבים.

„געווען איז מרדכי א שטיקעל ליוועראנט און אין שטאָט איז טאקע ארומגעגאנגען א קלאנג, אז ער איז פארמישט מיט אויסלענדישע ניט כשר'ע שותפים. אָבער ניט יעדער האָט זיך צוגעהערט צום קלאנג. מאלע וואָס ס'זיינען ארומגעגאנגען קלאנגען אין שטאָט... מרדכי'ן האָט מען ליעב געהאט, מען האָט געהאט פאר איהם דרך־ארץ. ער איז געווען א איד א בעל־צדקה. אָפט ארויסגעשלעפט א אידען פון א צרה. אידען פלעגען געהן שבת צו איהם אויף קידוש. אי וואָס מענשען האָבען איהם חושד געווען אין ניט כשר'ע געשעפטען ?... ביים האנט האָט איהם אבער קיינער ניט געכאפט. א גלח האָט אבער אזוינס דערארבייט מיט „נאטשאלסטווא”, ביז מען האָט מרדכי'ן איינגעזעצט אין טורמע. פעך און שוועבעל האָט ער געשאָטען אויף די גלחים...

„אויף מיין מזל איז די טורמע געווען פול מיט ארעשטאנטען, אז ס'איז אפילו ניט געווען פאר מיר קיין טאָפטשאן וואו איך זאָל דעם קאָפּ אָנשפארען. האָט זיך מרדכי אויפגעהויבען און א פרעג געטאָן צווישען די ארעשטאנטען ווער עס וויל אָפטרעטען זיין טאָפטשאן פאר א רובל. ס'האָט זיך געפונען אזא ארעשטאנט און ער האָט איהם באצאָלט א רובל. יעדען טאָג האָט מרדכי אזוי אָפגעקויפט א טאָפּטשאן ביז ס'האָט זיך אָפגעליידיגט א געלעגער. יעדען טאָג איז מרדכי געלעגען אויף אן אנדער געלעגער און איך בין געשלאָפען אויף זיין טאָפטשאן.

„איין פרימאָרגען קומט אריין דער „סמאָטריטעל” און זאָגט צו אונז, אז מיר זאָלען געהן ברעננען פון ערגעץ ווייט עטליכע סטויעס האָלץ אין טורמע אריין. בלייב איך שטעהן מיט אונטערגעהאקטע פיס... ס'איז פאר מיין כוח ?... טרערען שפארען מיר פון די אויגען און מרדכי קוקט רחמנות'דיג אויף מיר. אלע ארעשטאנטען מאכען זיך גרייט צו געהן נאָך דעם האָלץ און איך צווישען זיי. איך בין ראָך אן ארעשטאנט... מרדכי איז אבער צו צום סמאָטריטעל און א זאָג געטאָן צו איהם:

„לאָז אָפּ דעם מענשען! ער איז ניט געוואוינט צו טראָגען אזא משא... איך וועל ברענגען זיין חלק האָלץ”.

„דו הינטישער זוהן! דו זשיד מאשעניק! — צעשרייט זיך דער סמאָטריטעל אויף מרדכי'ן — דו וועסט שוין גארניט ברענגען פאר איהם. מארש! — שרייט ער און טרייבט אונז מיר זאָלען שוין געהן.

— „שטעה! — טוט מרדכי א קאָמאנדרעווע צו די ארעשטאנטען און ווענדעט זיך צום אויפגעקאָכטען סמאָטריטעל בזה הלשון: — דו ווייסט

דעם „זאקאן" פון דער טורמע?! קיינער פון אונז איז ניט מחויב צו דזשווינגען דאָס האַלץ... דו באקומסט נענוג געלט אויף צו ברענגען האַלץ אין טורמע אריין מיט פוהרען... דו נעמסט צו דאָס געלט און אונז הייסטו דזשווינגען האַלץ"?!...

„אוי! אז דער סמאַטריטעל ווערט אַנגעצונדען און נעמט שניידען מרדכי'ן מיט דער נאַגאַיקע איבער'ן קאָפּ, איבער'ן פּנים... — דו הינ־טישער זוהן! דו אזוינער און אזוינער!... — אז איך בין ניט אויסגע־גאנגען פאר שרעק, בין איך געווען שטארקער פון אייזען.

„מרדכי איז נאָך די נאַגאַיקעס געלעגען צוויי טעג אויפ'ן טאָפּטשאַן און זיך ניט געקענט רירען, אָבער קיין האַלץ האָבען שוין די ארעשטאַנטען ניט געבראכט.

„דער סמאַטריטעל האָט, ווייזט אויס, דערזעהען, אז ער האָט שלעכט אַנגעטראָפען און ער האָט מורא באקומען פאר מרדכי'ן. מרדכי האָט איהם געסטראַשעט, אז ער וועט זיך אָפּרעכענען מיט איהם ביי העכערער נאַטשאַלסטווא. מרדכי איז ניט געווען פון די אידען וואָס לאָזען זיך שפייען אין דער קאַשע אריין... אפילו ניט פון נאַטשאַלסטווא.

איך בין געזעסען מיט איהם אין טורמע 40 טעג. ער איז געווען מיין מלאך־הגואל.

„וואָס זיין סוף איז געווען? ווער ווייסט?! זאָל ער האָבען דעם ליכטיגען גן־עדן...

און אזוי איז מיין באזוך ביי דודי חזן ניט געווען אומזיסט. דודי חזן האָט מיך געראַטעוועט.

## דר. מ. האָפמאַן

# פון פּעלשטין קיין אַמעריקע

א קורצער איבערבליק איבער דעם לעבען און טעטיגקייט פון אונזערע לאַנדסלייט זינט זיי האָבען אָנגעהויבען עמיגרירען קיין אַמעריקע ביז היינטיגען טאָג.

●



'האָט מיך שטענדיג אינטערעסירט די פראַגע: ווען האָבען אונזערע פּעלשטינער אָנגעהויבען צו פאָרען קיין אמע־ריקע? און ניט נאָר קיין אַמעריקע, נאָר ווען האָט עמי־גרירען בכלל באַשלאָסען צו פאַרלאָזען אונזער שטעטעל און עמיגרירען אין אַנדערע לענדער, ווי, למשל, ענגלאַנד און ארגענטינע?

אויף וויפיל איך אַליין געדענק און פון דעם וואָס איך האָב אויס־געפונען פון עלטערע מענשען, איז זיכער, אַז די ריכטיגע פּעלשטינער עמיגראַציע האָט זיך ערשט אָנגעהויבען ארום דעם אָנפאַנג פון היינטיגען יאָרהונדערט. ביז דאַן האָבען זיך אונזערע לאַנדסלייט, מיט וויינינע אויסנאַמען, ניט זעהר געאיילט צו פאַרלאָזען זייערע היימען און פאָרען זוכען גליקען אין פרעמדע מקומות. כאָטש דאָס לעבען אין שטעטעל איז געווען זעהר טרויעריג, די אָרימקייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז מענשען זיינען ארומגעגאַנגען הונגעריגע און האַלב נאַקעטע, פונדעסט־וועגען האָט זיך קיינער ניט געוואָלט רירען פון אָרט. אפילו אין די אַכציגער יאָרען פונ'ם פאַריגען יאָרהונדערט, ווען דאָס לעבען פון די אידען אין רוסלאַנד איז געווען זעהר טרויעריג און א כוואַליע פון פּאָ־גראָמען האָט פאַרפלייצט פיל אידישע שטעט און שטעטלאַך, און אידען האָבען גענומען לויפען פון גאַנץ רוסלאַנד — ווער קיין אַמעריקע, ווער אין אַנדערע לענדער — אפילו דעמאָלט זיינען אונזערע פּעלשטינער גע־בליבען אין דער היים און דערפאַר טאַקע פלעגט מען ביי אונז זאָגען א ווערטעל: „פּעלשטינער וואַסער לאָזט ניט אַוועק"...

פאַרוואָס דאָס איז אַזוי געווען, פאַרוואָס אונזערע לאַנדסלייט האָבען זיך ניט גענומען צום וואַנדערען אין פאָריגען יאָרהונדערט? אויף דעם קען מען געבען עטליכע ענטפערס.

ערשטענס, זיינען אונזערע לאַנדסלייט געווען זעהר קליינשטעטעלדיג און האָבען פשוט מורא געהאַט אַרויסצולאָזען זיך אויף דער ווייטער וועלט.

צווייטענס, זיינען זיי געווען אַזוי אָרים, אַז זיי האָבען גאָרניט געהאַט אויף הוצאות צו אונטערנעמען אַ ווייטע רייזע. וואָרום אויב עמיצער האָט יאָ פאַרמאָגט אַ פופציג קאַרבען, האָט ער דאָך געקענט געהן אין דאָרף אַריין און טאָן מסחר, כאָטש דאָס האָט אים געקלעקט אויף וואַסער אויף קאַשע.

דריטענס, איז געווען אַ רעליגיעזער מאָטיוו, וואָס האָט געהאַלטען אונזערע פריינט אין פעלשטין. ווייל ביי אונז אין פעלשטין איז געווען אָנגענומען אַז אין די ווייטע לענדער, איבערהויפט אין אַמעריקע, געהט מען אַראָפּ פון'ם גלייכען וועג און מען פאַרגעסט אָן גאָט. און צו דעם זיינען נאָך געווען די רביים — גוטע אידען, וועלכע האָבען תמיד אָפּגע־ווענדט זייערע חסידים פון פאַרלאָזען זייער געבורטסשטאָט און אַוועק־וואַנדערען אין דער גרויסער וועלט. זיי פלעגען טענה'ן, אַז גאָט איז אומעטום און אַז „ער" וועט וועלען העלפען, קען ער דאָ אויך העלפען. דאָס לעצטע קען איך באַשטעטיגען פון אייגענער דערפאַרונג. איך ווייס, אַז מיין פאָטער האָט עטליכע מאָל געוואָלט פאַרלאָזען פעלשטין, נאָר איידער ער האָט דאָס געטאָן, האָט ער זיך אָנגעפרעגט ביי זיין הוסיאַ־טינער רבי'ן, און יענער האָט איהם אַלע מאָל אָפּגערעדט דערפון, אָנגיבענדיג דעם פריערדיגען תירוץ: גאָט איז אומעטום.

## דער ערשטער עמיגראַנט

פונדעסטוועגען האָבען זיך דאָך געפונען אייניגע פעלשטינער, וואָס האָבען פאַרלאָזט דאָס אָרימע שטעטעל נאָך אין דעם פאָריגען יאָרהונדערט. ווער־זשע איז עס געווען דער ערשטער עמיגראַנט? ווען האָט ער פאַר־לאָזט פעלשטין? און וואָס איז פון אים געוואָרען?

קיין רשימות וועגען פעלשטינער עמיגראַציע זיינען ניט פאַראַן. דאַרום וועל איך מיך מוזען באַנוגענען אַביסעל מיט מיין אייגענעם זכרון און אַ סך מיט דעם וואָס איך האָב אויסגעפונען נאָכפרעגענדיג זיך ביי עלטערע לאַנדסלייט, און דאָ דאַרף איך דערמאָנען, אַז געהאָלפען אין דער אַרבייט האָט מיר מיין פריינט און לאַנדסמאַן שלמה צווייג, וועלכער געדענקט אַליין פילע זאַכען און איינצעלהייטען פון פעלשטין פון צוריק מיט פופציג יאָר. ער האָט אויך געהאָלפען זוכען און נאָכפרעגען ביי פילע אַנדערע

לאנדסלייט, כדי פעסטצושטעלען געוויסע פאקטען, וואס איך וועל דא פארצייכענען.

אלזא, נאך פארזיכטיגע אונטערזוכונגען, איז פעסטגעשטעלט געווארען, אז דער ערשטער פעלשטינער עמיגראנט איז געווען ר' אברהם לייבעלעס (שווארצמאן).

דאס איז פארגעקומען אין יאר 1882. נאך דעם אטענטאט אויף דעם רוסישען צאר אלעקסאנדער דעם צווייטען, האט די צארישע רעגירונג אויסגעלאזט איר צארען אויף אונזערע אידען מיט א מאסע פאגראמען אין פיל אידישע שטעט און שטעטלאך. דעמאלט האט דער באוואוסטער פילאנטראפ בארא̈ן הירש אנגעהויבען א באוועגונג, וועלכע האט געשטרעבט צו באזעצען אידען אויף לאנד און דורך דעם פטור ווערען פון די פארפאלגונגען און פאגראמען. דער בארא̈ן האט פאר דעם צוועק איינגעקויפט גרויסע שטרעקעס ערד אין ארגענטינע און האט ארגאניזירט קאמיטעטען אין פיל אידישע צענטערס, כדי די אידען פון די ארומיגע מקומות זאלען זיך פארזאמלען אין די צענטערס און פון דארט זאל מען זיי אויף דעם בארא̈נ'ס הוצאות אפשיקען קיין ארגענטינע, וואו זיי וועלען באארבייטען די ערד און ווערען ערד־ארבייטער אנשטאט שטאט־מענשען.

איינער פון יענע קאמיטעטען איז געגרינדעט געווארען אין בראד, גאליציע — א צענטער, צו וועלכען אונזער פעלשטין האט באלאנגט.

דעמאלט האט זיך ביי אונז געפונען איין ר' אברהם לייבעלס וועלכער האט איינגעפאקט דעם טלית און תפילין מיט דער שבת'דיגער קאפאטע און איז אוועק קיין בראד. כאטש וויטער פון בראד איז ר' אברהם ניט געפארען און איבער עפעס אן אומבאוואוסטער סיבה האט ער זיך אין א קורצער צייט ארום אומגעקערט קיין פעלשטין, פונדעסטוועגען קומט אים דער קרעדיט פאר זיין דער ערשטער לאנדסמאן וואס האט זיך אנגענומען מיט קוראזש און איז אוועק פון דער היים, כדי צו זוכען גליקען אין פרעמדע לענדער. און אויב ר' אברהם האט זיין באשלוס ניט דורכגעפירט, האט אבער זיין שריט געהאט א ווירקונג אויף אנדערע לאנדסלייט, וועלכע האבען זיך דאן אנגענומען מיט מוט און אוועק פון פעלשטין.

דער ערשטער נאכצופאלגען ר' אברהם'ס ביישפיל איז געווען אברהם סיגאל — ישראל דעם סבארטשיקס א זון. ער איז אין יענער צייט אוועק קיין ארגענטינע צו ווערען א קאלאניסט.

די ערשטע צייט האט ער געטאן ערד־ארבייט און געמאכט דערפון א לעבען. דערנאך האט ער זיך גענומען צו מעבעל־געשעפט.

באַלד נאָך אברהמ׳ען איז אוועק קיין אַמעריקע „די שליאַפּע״. דאָס איז געווען חיים ישראל שניידערס אַ זון מיט׳ן נאָמען משה. אין פּעלשטין האָט מען אים גערופען „די שליאַפּע״, מחמת ער איז געווען דער ערשטער ביי אונז אין שטעטל צו וואַגען אָנצוטאָן אַ קאַפּעליוש, און ווי מען דערציילט, איז דאָס גאַנצע שטעטל געגאַנגען כּאַדאַראָם, ווען מען האָט דערזען משה׳ן געהן מיט אַ קאַפּעליוש. אַלע זיינען געלאָפען אים אָנקוקען — אַזאַ גרויס חידוש איז געווען אין יענער צייט — מיט פופציג יאָר צוריק — צו זען עמיצען טראָגען אַ שליאַפּע. אַט דער משה איז געווען אַזאַ כוואַט ניט נאָר אויף אָנצוטאָן אַ קאַפּעליוש, נאָר אין אַ שעהנעם טאָג האָט ער זיך אָפּגעזעגענט מיט זיינע איינענע און איז אוועק קיין אַמעריקע. ווי מען גיט איבער, איז משה געווען אַ פעהיגער שניידער אין דער היים, און דאַרום האָט ער ניט געהאַט קיין שווערינקייטען צו געפינען אַרבייט אין ניו יאָרק און ער האָט באַלד אָנגעהויבען צו פאַרדינען געלט, אַזוי אַז אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט ער באַוויזען צו מאַכען אַ לוסט־רייזע קיין פּעלשטין. ער איז באַלד צוריק אוועק קיין אַמעריקע, וואו ער איז פאַרבליבען אויף שטענדיג.

אין יענער צייט זיינען אוועק נאָך צוויי אידען. איינער איז געווען וועלוועל סיגאַל — אברהם סיגאַל׳ס אַ ברודער. דער צווייטער איז געווען ר׳ מענדעל שמואל חיימ׳ס.

ר׳ וועלוועל איז ניט געפאָרען גלייך קיין אַמעריקע. צוערשט איז ער געווען אין לאָנדאָן. דאָרט האָט ער זיך אָפּגעמאַטערט דריי יאָר, אַרבייטענדיג ביי פאַרשיידענע מלאכות. ערשט דערנאָך איז ער געקומען אַהער און זיך באַזעצט אין נוארק, וואו ער האָט תחילת געאַרבייט ביי עמעס און דערנאָך האָט ער געהאַנדעלט. ער איז געווען דער ערשטער פּעלשטינער איד, וואָס האָט אריינגענומען צו זיך אַ לאַנדסמאַן, אַלס באָרדער. דאָס איז געווען דר. דאַנציס, וועלכער איז געקומען אַהער אַבי־סעל שפּעטער פון וועלוולען. דר. דאַנציס איז איצט איינער פון די אָנגעזעענסטע כירורגען אין נוארק.

ר׳ מענדעל איז געפאָרען גלייך קיין ניו יאָרק, וואו ער האָט די ערשטע צייט געמוזט אַרבייטען ביי שניידעריי. דערפון נעמט זיך אַ געוויסער אַנעקדאָט, וואָס מען דערצעהלט נאָך ווענען אים צווישען לאַנדסלייט, נעמליך: ר׳ מענדעל, וועלכער איז געווען אַ גרויסער לערנער און דער גרעסטער מלמד אין פּעלשטין, האָט באַין אופן ניט געקענט זיך אויסלערנען צו אַרבייטען אויף דער מאַשין. האָט ער זיך זעהר געערגערט ווענען דעם. אַ געוויסער אַרבייטער פון שאַפּ האָט באַמערקט, ווי ר׳ מענדעל ערגערט זיך זעהר, האָט ער אים געפּרוואווט טרייסטען, זאָגענדיג צו אים: „ר׳

מענדעל, איר דארפט זיך ניט מצער זיין, ס'איז ניט אזא גרויסע תורה, איר וועט זיך דאָס אויסלערנען". אויף דעם זאָל ר' מענדעל האָבען גע־ענטפערט: „אדרבא גיט מיר א תורה וועט דאָס זיין א סך גרינגער פאַר מיר דאָס איבערצונעמען".

ר' מענדעל איז לאַנג ניט פאַרבליבען אין ניו יאָרק. אין א קורצער צייט ארום איז ער אוועק קיין פאָרט־וויין, שטאַט אינדיאַנא. וואָס עפּעס קיין פאָרט־וויין? ס'איז א סברא, אז דאָס איז געווען א דאַנק דער באַ־וועגונג, וואָס איז דאַן פאָרגעקומען צווישען די רייכערע אַלט־געזעסענע „יהודים" אויף צו צעשפּרייטען אונזערע אידישע אימיגראַנטען אין ווייטערע שטעט און שטעטלאַך, כדי זיי זאָלען זיך ניט קאָנצענטרירען אין ניו יאָרק און אויפרייסען לייטען די אויגען. פיעל אידען זיינען אויף דעם אופן דע־מאָלט אוועק אין די ווייטערע אַמעריקאַנער שטעט. צווישען יענע אידען האָבען זיך אויך געפונען אונזערע פעלשטינער, ווי ר' מענדעל און ר' שלמה חנה עטים קלינג (אונזער דר. קלינג'ס פאָטער) וועלכער איז אויך אוועק אהין. ר' שלמה האָט אָבער דאָרט ניט געקענט געפינען קיין ארבייט, האָט ער געפּרואווט מזל אין אַנדערע פּראָווינציעלע שטעט און שטעטלאַך. אָבער נאָך פיל פּלאָנעניש און וואַנדערען, איז ער צוריקגעקומען קיין ניו יאָרק.

ס'זיינען אין יענער צייט געפאָרען קיין אַמעריקע נאָך אייניגע לאַנדס־לייט פון פעלשטין. נאָר אזוי ווי מען קען ניט באַשטימט וויסען דעם דאַטום, ווען זיי זיינען געפאָרען, וועלען מיר דעריבער איינטיילען די פעלשטינער עמיגראַציע אין דריי פעריאָדען:

1) עמיגראַציע אין די יאָרען צווישען 1882 און 1890.

2) עמיגראַציע אין דעם לעצטען צענדליג פונ'ם פאָריגען יאָרהונ־דערט.

3) עמיגראַציע פון 1900 ביז איצט.

צו דער ערשטער גרופּע עמיגראַנטען באַלאַנגען, א חוץ די אויבען־דערמאָנטע, אויך עוזר פּרעס און חיים זאזולי. זיי זיינען געווים געווען צווישען די גאָר ערשטע עמיגראַנטען. ווייל, ווי איך געדענק, זיינען די צוויי געקומען צו גאַסט קיין פעלשטין, ווען איך בין נאָך געווען א קינד — אַן ערך פון א פאָר און פערציג יאָר צוריק. מן הסתם האָבען זיי דאָך געמוזט זיין א שעהן שטיקעל צייט אין דעם גאָלדענעם לאַנד, איידער זיי האָבען געקענט פאַרדינען און אָפּשפּאָרען גענוג געלט אויף צו פאָרען אהיים צו־גאַסט. ווער שמועסט נאָך, אז עוזר, ווי פיל געדענקען מסתמא, איז געקומען מיט א גאָלדענעם זייגער און א צוויי־זייטיגער גאָל־דענער קייט, וועלכע האָט געמאַכט אַלע אונזערע פעלשטינער צום חידוש'ן זיך ווי אזוי „מען שאַרט גאָלד אין אַמעריקע". זאזולין געדענק איך גוט,

כאָטש איך בין נאָך דעמאָלט געווען גאָר יונג. איך געדענק אפילו, אַז ער איז געקומען מיט אַ לאַנגער באָרד און אַלע האָבן זיך גע'חידוש'ט, וואָס מען האָט אים געלאָזט טראָגן אַזאַ לאַנגע באָרד אין אַמעריקע — אַ לאַנד, וואָס איז געווען באַוואוסט, אַלס אַ טריפה'נע מדינה.

מיט וואָס האָבן זיך די צוויי פעלשטינער אידען דאָ באַשעפטיגט?

זאַזולי איז געוואָרען אַ פּרעסער ביי קלאָוקס, און עוזר האָט זיך גע־נומען צו זיין היימישער מלאכה — שניידעריי. ער איז געווען זעהר ערפאָלגרייך. מען פלעגט דערצעהלען, אַז עוזר האָט געניייט נאָר פאַר דער פינפטער עוועניו און נאָר רעקלאַך — קיין הויזען האָט ער ניט געניייט, און ער פלעגט קריגען אפשר 20 דאָלאַר פאַר אַ רעקעל. ער איז טאַקע געוואָרען פאַרמעגליך און זיך גענומען צו ריעל־עסטייט. אָבער אין דעם קריזיס פון 1907 איז ער פאַראָרימט געוואָרען און צוריק זיך גענומען צו שניידעריי.

צו דער זעלבער גרופּע באַלאַנגט אויך מיין פעטער חיים דוד, מיין זיידע חנא דעם חזנ'ס אן איידעם. דאָס האָב איך אויסגעפונען פון זיינער אַ טאָכטער, וועלכע האָט מיר איבערגעגעבען, אַז חיים דוד איז אַהער געקו־מען אַרום 1888. ער איז געווען דער ערשטער פעלשטינער איד, וואָס האָט זיך ניט גענומען צו שאַפּ־אַרבייט. ער איז געווען אַן אַגענט ביי פייער־קאַסעס, און דערנאָך ביי לעבענס פאַרזיכערונג.

איך געדענק, אַז ווען איך האָב געלערענט ביי ר' אברהם בער־לייבס אין חדר — מיט עטליכע און פערציג יאָר צוריק — האָבען מיט מיר געלערענט מאַני עני־דבורה'ס און אורקע מרדכי־יאָסעל'ס, און מען האָט דעמאָלט געשמועסט, אַז זייערע טאַטעס זיינען שוין געווען אין אַמע־ריקע. אויך האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון, אַז ווען איך האָב געלערענט ביי דעם זעלבען רבי'ן, זיינען מיר, קינדערלאַך, אַמאָל געשטאַנען אויף דעם באַרג לעבען חדר און געזען ווי די כמאַרעס רוקען זיך, האָבען מיר אַלע געשריען אַז דאָרט, אויף די כמאַרעס, פאָרט „דאָס גענזעלע" קיין אַמעריקע. דאָס גענזעלע איז געווען אַ באַהעלפער ביי ר' אברהמ'ען, און דאָס ווייזט אַז ער איז אויך אַהער געפאָרען אין יענער צייט.

אויב ס'זיינען געווען נאָך אַ פּאָר וואָס זיינען אַוועק צווישען דער ערש־טער גרופּע איז אוממעגליך פעסטצושטעלען, דאַרום ווילען מיר אָנהויבען מיט דעם צווייטען פּעריאָד, פון 1890—1900.

גאָר דער ערשטער פון דער גרופּע איז געווען ר' שלמה חנה־עטים, וועלכער איז אַוועק קיין אַמעריקע ניט אַזוי צוליב פּרנסה, ווי צוליב דעם צאַר'ס פּאַראַנדקעס. ר' שלמה איז געווען ניט קיין צוגעשריבענער. האָט ער געהאַט גרויסע צרות צו קריגען אַ פּאַספּאָרט, און די פּאָליציי האָט אים

שטענדיג פארפאָלגט. מען פלעגט אָפט באַפאַלען זיין הויז אין מיטען דער נאַכט און ער האָט געמוזט אַנטלויפען. אָפטמאָל האָט ער ניט גע־קענט נעכטיגען אין זיין אייגענער הויז, ביז ס'איז אים דערגאַנגען צו דער לעבער און ער איז אַוועק קיין אַמעריקע. גאַנצע ביכער וואָלט מען געקענט אָנפילען, כדי צו באַשרייבען וואָס דער איינער לאַנדסמאַן אונזערער איז אויסגעשטאַנען אין דעם גאָלדענעם לאַנד; וואָס פאַר אַ עבודות פרך ער האָט דאָ איבערגעטאָן, און אין וויפיל שטעט און שטעטלאַך ער האָט אַרומגעוואַנדערט. דאָס פּלאַץ דערלאָזט אָבער ניט. איך וועל זיך באַנו־גענען מיט דעם, וואָס איך וועל אים פאַרצייכענען פאַר דעם ערשטען אימיגראַנט פון דער צווייטע גרופּע. ער איז אַהער געקומען אין דעם יאָר 1890. באַלד נאָך אים זיינען אַהער געקומען קלמן שניידער, אריה צינבערג, יאַנקעל דוד לייבס, לייבוש שניידער, מעכל פעלד, דניאל סטאָ־ליער, שלמה שרייער.

אין דער דריטער גרופּע, וואָס האָט אָנגעהויבען צו קומען אַהער אין דעם יאָר 1900, געהען אַריין די מערסטע, וואָס זיינען דאָ איצט אין אַמעריקע. איך וויל נאָר פאַרצייכענען אַז גאָר די ערשטע פון דער גרופּע זיינען געווען: בער פּראָוויאַנט, מיין שוועסטער גיטעל יאָסעל־חנה'ס, זע־ליג שוואַרץ, ברוך ברוידע.

## אָנהויב פון עמיגראַציע

אין די גאָר ערשטע יאָרען פלעגט זיין אַ גאַנצע געשעעניש אין שטע־טעל, ווען עמיצער האָט געדאַרפט אָפּפאָרען קיין אַמעריקע. דער מענש, וואָס האָט באַדאַרפט אַוועקפאָרען, האָט זיך פיל וואָכען געגרייט צו דער רייזע און איז אַרומגעגאַנגען זיך געזעגענען מיט פריינט און קרובים. איך געדענק נאָך ווי מען פלעגט צוגרייטען דאַרע סוכאַרעס און אַ סך קנאָבעל פאַר די, וואָס האָבען געדאַרפט פאָרען, ווייל מען האָט געוואוסט, אַז דאָס איז זעהר גוט צו האָבען אויף דער שיף ווען מען ווערט קראַנק אויפ'ן ים. די אַמעריקאַנער פלעגען שרייבען און וואָרנען אַז פאָרענדיג אויף דער שיף ווערט זעהר ניט גוט אויפ'ן האַרצען, אַז מען פילט ווי צו ברעכען און מען מוז עפּעס האָבען אויף צו קוויקען זיך און אַז די בעסטע זאַכען צו דערהאַלטען די נשמה זיינען געווען אַט די סוכאַרעס מיט'ן קנאָבעל. שפּעטער צו אָבער איז דאָס פאָרען קיין אַמעריקע געוואָרען אַ וואָכעדיגער גאַנג: פּלוצים איז מען אויפגעשטאַנען אינדערפרי און מען איז געוואויר געוואָרען, אַז דער־און־דער איז אַוועק קיין אַמעריקע. און ס'איז טאַקע אַזוי אַריין אין דער מאָדע, אַז מען האָט אַ געוויסען מענשען ניט געזען אַ פּאָר טעג אין מאַרק, האָט מען זיך אָנגעשטויסען, אַז ער איז

מן הסתם אוועק קיין אמעריקע. און ס'איז טאקע אזוי געווען. מען האט זיך באלד דערוואוסט, אז ס'איז אנגעקומען פון אים א בריף פון דעם וועג קיין אמעריקע. א יך געדענק א פאל, ווען מיר, יונגווארג, האבען אמאל אין א שעהנער לבנה־נאכט געשפאצירט אויפ'ן שאסיי. פלוצים איז פון שלמה גאלדע'ס גאס ארויסגעפארען יחיאל דער חיים לייביכע'ס מיט א ווייס פערד־און־וועגעלע. מיר האבען זיך אביסעל פאר'חידוש'ט, ווייל כאטש ס'איז שוין געווען שפעט ביינאכט, פונדעסטוועגן איז דאס געווען צו פרי צו פארען אין דארף אריין. עמיצער האט באמערקט: „מסתמא פארט יחיאל קיין אמעריקע". און ס'איז אזוי געווען. אויף מארגען האבען מיר אויסגעפונען, אז ער איז טאקע אוועק אין דער גאלדענער מדינה.

אין די גאר ערשטע צייטען זיינען קיין אמעריקע געפארען נאר אזעלכע מענשען, וואס דער חלק איז זיי געלעגען אויפ'ן האלז, דאס הייסט, אדער זיי זיינען געוועזן אזוי ארים, אז זיי האבען ניט געהאט קיין שטיקעל ברויט פאר זייערע פאמיליעס, אדער אזעלכע, וואס האבען געהאט אויף זיך עפעס א צרה און זיי האבען געמוזט עוקר זיין. שפעטער אבער זיינען שוין געפארען מענשען וואס האבען געוואלט זוכען גליקען אין דעם נייעם לאנד. אז עמיצען זיינען די מסחרים ניט געגאנגען אזוי גוט, האט ער ניט געוואלט זיך צו־פיל דרייען דעם קאפ, און ער האט זיך געזעגענט מיט'ן ווייב און מיט די קינדער און געמאכט פליטה. די, וואס האבען געדארפט געהן דינען „פאניען", האבען אודאי קיין סך ניט געטראכט און געמאכט א ויברח.

* * *

ווי אזוי ס'האט זיך געלעבט די ערשטע אימיגראנטען דא, אין אמע־ריקע, איז געווען גרינג אויסצוגעפינען פון די בריוו, וואס זיי פלעגען שרייבען צו זייערע קרובים. איך האב גראד געהאט די געלעגענהייט צו לייענען פיל פון יענע בריוו. אין מיינע גאר יונגע יארען פלעג איך צע־טראגען די פאטשט אין פעלשטין, און פיל מענשען פלעגען מיך בעטען איבערצולייענען די בריוו. און אפילו אזעלכע, וואס האבען געקענט אליין לייענען, האבען אבער ניט געקענט אנשרייבען די ענגלישע אדרעסען אויף צו שיקען זייערע ענטפערס קיין אמעריקע. און אזוי ווי איך בין געווען א שטיקעל מומחה אויף די זאכען, האט מען מיך אפט געבעטען אנצושריי־בען אן אדרעס און דערוויל מיר ווייזען אויף טשיקאוועס, וואס מען שרייבט פון דעם גאלדענעם לאנד.

אזוי ארום האב איך אויסגעפונען, אז אונזערע לאנדסלייט האבען אין אמעריקע קיין האניג ניט געלעקט. ס'פלעגט מיר אפט אויסקומען צו

ליינען, אז דער שרייבער פון דעם בריף איז ארומגעגאנגען א שטיק צייט אָהן ארבייט, און אז ער האָט געארבייט, האָט ער געשריבען, אז ער ארבייט צוועלף שעה א טאָג און אז מען האָט מורא ס'וועט באלד ווערען „סלעק". יאָ, די ווערטער „סלעק" און „סטרייק" פלעגען אָפט דערמאָנט ווערען אין יענע בריף. אייניגע שרייבער פלעגן די ווערטער פארטייטשען און אייניגע האָבען הפנים געמיינט, אז ביי אונז אין פעלשטין ווייסט מען אויך וואָס ס'הייסט „סלעק" און „סטרייק".

מען האָט אויך געקענט אָפּשאַצען די לאַגע פון אונזערע פעלשטינער אין אמעריקע פון דעם, וואָס ס'פלעגט זיי זיין שווער ארויסצונעמען זייערע פאמיליעס צו זיך. ניט איין מאָל פלעגט זיך מאַכען, וואָס א ווייבעל האָט זיך באַרימט מיט גרויס פרייד, אז נאָך פסח פאָרט זי אוועק צו איר מאַן, און צום סוף האָט זי נעבאַך געמוזט בלייבען ביז נאָך ימים־טובים, מחמת איר מאַן האָט, נעבאַך, ניט געהאַט די נויטיגע סומע אויף צו קויפען שיפסקאַרטען. און אז מען נעמט אין אָנבאַטראַכט וויפיל א שיפסקאַרטע האָט אינגאַנצען געקאָסט אין יענער צייט און דערצו נאָך האָט מען זי געקענט קריגען אויף אויסצאָלען, קען מען זיך שוין משער זיין וויפיל געלט מען האָט דאָ פאַרדינט.

שפּעטער, ארום סוף פון יאָר 1907, ווען איך בין אליין אהער געקומען, האָב איך אויסגעפונען פון די אַלט־געזעסענע אימיגראַנטען, אז די לאַגע איז אין געוויסע פאַלען געווען נאָך ערגער, ווי מיר האָבען זיך פאָרגעשטעלט. נאָר ווייל די לאַנדסלייט האָבען ניט געוואָלט פאַרשאַפען קיין יסורים צו זייערע אייגענע, פלעגן זיי א סך פאַרלייקענען. און אז מען האָט נאָך אהיים געשיקט פינף דאָלאַר, וועלכע האָבען אין פעלשטין באַטראָפען צען קאַרבען, האָט מען אודאי ניט געקענט האָבען קיין באַגריף וועגען דער אמת'ער לאַגע, אין וועלכער אונזערע לאַנדסלייט האָבען זיך געפונען.

## מיט וואָס האָבען זיך אונזערע פעלשטינער באַשעפטיגט?

כאָטש די מערסטע, וואָס זיינען אוועק פון פעלשטין, זיינען ניט געווען קיין ארבייטער, נאָר אידען סוחרים, קרעמער אָדער יונגעלייט, וואָס האָבען גאָרניט געטאָן אין דער אַלטער היים — פונדעסטוועגען האָבען זיי זיך דאָ כמעט אַלע גענומען צו דער נאָדעל אָדער צום פרעסעל. ס'איז גרינג זיך פאָרצושטעלען, ווי אַזוי די מענשען האָבען דאָ געליטען איידער זיי האָבען זיך אויסגעלערענט צו ארבייטען אויף א ניי־מאַשין. אפילו די היימישע ארבייטער האָבען אויך קיין האָניג ניט געלעקט אין די ערשטע צייטען וואָס זיי זיינען אהער געקומען. מחמת כאָטש זיי האָבען

יאָ געוואוסט ווי אזוי מיט דער מאַשין אָנצוגעהן, זיינען זיי אָבער ניט געוואוינט געווען צו דער דיסציפּלין פונ׳ם שאַפּ, מיט דעם לויפעניש און יאָגעניש, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין שאַפּ אונטער דער אויפזיכט פון דעם אמאָליגען טרויעריג־באַרימטען פאָרמאַן. ווער שמועסט די מענשען, וואָס האָבען ערשט געדאַרפט אָנפאַנגען פון „א־ב״, איז טאַקע געווען אויף זיי דאָס גרעסטע רחמנות. שטעלט זיך פאָר: אַ מענש קומט פון אַ קליין רוהיג שטעטל, וואו אַלע מענשען קענען זיך איינער דעם צווייטען. קיין שווערע פיזישע ארבייט האָט מען ניט געטאָן. מען איז פולשטענדיג פריי. און דאָ, פּלוצים ,קומט מען אריין אין דעם גרויסען קעסל־גרוב, ניו יאָרק, וואו מענשען לויפען און ראַשען און מען האָט קיינמאָל ניט קיין צייט. דערנאָך קומט מען אריין אין אַ שאַפּ פול מיט פרעמדע מענשען. מען קען ניט קיינעם, אַ חוץ דעם לאַנדסמאַן, וועלכער האָט דעם גרינעם אהין ארויפגענומען. און מען זעצט אזאַ מענשען אוועק ביי אַ מאַשין, ער זאָל נייען ארבעל, צי קאָלנערס . . . אי דאָס פלעגט אָנקומען מיט מאַ־טערניש ביז מען האָט געפונען אַ לאַנדסמאַן, וועלכער זאָל קענען ארויפ־נעמען אין אַ שאַפּ אריין ארבייטען. און אז מען איז שוין אָנגעקומען אין שאַפּ האָט מען געדאַרפט כאָטש דריי פיר וואָכען ארבייטען אָהן געלט. און אז גאָט האָט געהאָלפען מען האָט שוין אָפּגעארבייט די פינפטע וואָך פאַר געלט פאַר דער גרויסער סומע פון צוויי ביז דריי דאָלאַר, איז ווען ס׳איז געקומען שבת צום באַצאָלען, האָט דער פאָרמאַן דערלאַנגט דעם אָרימען ארבייטער אַ פּאָר טוצען קאָלנערס אָדער ארבעל, וועלכע זיינען אָנגענייט געוואָרען אויף דער לינקער זייט. האָט מען פון די גרויסע שכירות ארונטערגענומען וויפיל מען האָט באַדאַרפט אָדער געוואָלט און מיט דעם רעשט איז דער גרינער לאַנדסמאַן געגאַנגען אהיים.

ווי אזוי, אשטייגער, האָט ער געקענט פילען אין יענער צייט? און דאָס איז דאָך פאָרגעקומען כמעט מיט אַלע אונזערע פעלשטינער. און אַלע האָבען געפילט אָט דעם טעם אין די ערשטע צייטען פון זייער אימיגראַנטישען לעבען אין אמעריקע. מחמת דעם וואָס איין לאַנדסמאַן „האָט ארויפגענומען״ דעם צווייטען, זיינען פיל געוואָרען נאָדעל־ארביי־טער און צום מערסטען האָבען זיי גענייט ביי לײדיס־ווייסטס, וועלכע זיינען דעמאָלט זעהר געווען אין דער מאָדע. און דערפאַר האָבען מיר טאַקע געהאַט צוויי פעלשטינער קרבנות אין דעם טראַגישען „טרייענגעל״ פייער. עס זיינען פארברענט געוואָרען יהודית בער רופא׳ס מיט איר זון.

שפּעטער צו, ארום 1908, האָבען זיך פיל פון אונזערע פריינט גענומען צו פרעסען העמדער, מחמת אונזער חשוב׳ער לאַנדסמאַן, שלמה צוויג, איז אָנגעקומען אין אַ פאַבריק פון העמדער, און אזוי ווי ער איז אַ זעהר איבער־

נעגעבענער לאַנדסמאַן, האָט ער אַלע גרינע אַריינגענומען צו זיך אין שאַפּ און זיי געלערנט פּרעסן. שפּעטער מיט יאָרן האָט זיך פריינט צווייג געקויפט אַ לאָונדרי פאַר זיך, האָט ער דערנאָך געהאָלפן אַ סך פון אונזערע פּעלשטינער צו קויפן לאָונדרים. אָבער דאָס איז ערשט פאָרגעקומען אין די שפּעטערדיגע יאָרן ארום 1908-1912. ביז דעמאָלט זיינען אַלע אונזערע לאַנדסלייט, מיט קליינע אויסנאַמען, געווען שאַפּ־אַרבייטער און מערסטענס ביי דער נאָדעל. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי געווען איז אוממעגלאָך צו פאַרשטעהן. ס'איז אמת, אַז אונזערע לאַנדסלייט זיינען אַלע געקומען זעהר פאַראָרימט און האָבען פון קיין מסחר ניט געקענט טראַכטען. האָבען זיי דאָך אָבער געקענט געפינען אַרבייט אין קראָמען אַלס אַרויסהעלפער ווי מענשען פון אַנדערע שטעט פלעגען טאָן. אַ סך פון אונזערע פּעלשטינער זיינען געווען קרעמער פון דער היים, און וואָלטען זיך געווען געקענט אויסטוען אין געוויסע קראָמען און געשעפטען. דאָך האָבען זיי דאָס ניט געטאָן און דערפאַר טאַקע האָבען זיי גערדאַרפט לאַנג אָפּקומען אין די שעפּער, איידער זיי האָבען זיך געקענט נעמען צו אַנדערע געשעפטען.

מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז טאַקע אַלע לאַנדסלייט האָבען זיך גענומען צום נייען. ס'זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען זיך גענומען צו אַנדערע מלאכות, ווי, אַ שטיינער, וועלוועל סיגאַל און דער דאָקטאָר דאַנציס, איינער פון די גאָר ערשטע אימיגראַנטען. זיי האָבען געאַרבייט ביי העטס. צוזאַמען מיט דר. דאַנציס האָט אויך געאַרבייט ר' שלמה חנה עטיס. מיין ברודער בנימין האָפּמאַן האָט געאַרבייט אין אַ דעפּאַרטמענט סטאָר, מאָריס ברענמאַן האָט געאַרבייט אין אַ פּרוכט־מאַרקעט א. אז. וו.

אָבער דאָס זיינען געווען זעלטענע אויסנאַמען. די מערסטע לאַנדסלייט האָבען געאַרבייט אין שאַפּ ביי דער מאַשין אָדער ביים פּרעסעל.

און אַזוי ווי די עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען שלעכט און ביטער, פּונקט אַזוי איז דאָס גייסטיגע און געזעלשאַפטליכע לעבען געווען צרהדיג.

גייסטיג האָבען אונזערע ערשטע וואַגלער זעהר געליטען. פון פּעלשטין האָבען זיי קיין גרויסען גייסטיגען באַגאַזש ניט געבראַכט. און דאָ, אַרבייטענדיג 12 שעה אַ טאָג, האָבען זיי ניט געקענט געפינען קיין צייט צו באַקענען זיך מיט דער ענגלישער שפּראַך אָדער אפילו צו געהן אין אַזעלכע ערטער, וואו מען וואָלט געקענט הערען אַ אידיש וואָרט. איז דער גייסטיגער מצב זייערער געווען זעהר שפל'דיג.

געזעלשאַפטליך האָבען זיי זיך געשפּירט זעהר עלענט. זיי האָבען זעהר געבענקט אַהיים, און אייניגע פלעגן טאַקע אָפּשפּאָרען אַ פּאָר דאָ־

לאַר און אַהיים פאָרען. אָבער דאָרטען האָבען זיי שוין ניט געקענט פאַרבלייבען. ערשטענס, ווייל זיי האָבען זיך ווידער באַגעגענט מיט דער שרעקליכער אָרימער לאַגע. צווייטענס, ווען אפילו עמיצען האָט אָפּגעגליקט און ער האָט אַהיים געבראַכט אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר, וואָס אין רובעלס האָט די סומע באַטראָפען צוויי מאָל אַזוי פיל, האָט ער פאַר־פירט אַ שטיקעל מסחר און באַלד גע'פּטר'ט דאָס שווער־פאַרהאָרעוועטע געלט. דערפאַר פלעגט מען ביי אונז אין פעלשטין זאָגען, אַז אַמעריקאַנער געלט איז ניט מזל'דיג. דאָן איז געבליבען דער איינציגער וועג צוריק־צופאָרען קיין אַמעריקע. און דערפון נעמט זיך דער פאָלגענדער אַנעק־דאָט, וואָס לאַנדסלייט דערצעהלען נאָך וועגען ר' אברהם זאַפּראַן. מען דערצעהלט, אַז ווען זיין פלימעניק, איציק הירש רחל מרים'ס, איז אַהיים־געפאָרען און ר' אברהם האָט אים באַגלייט צו דער שיף, האָט ער אים אָנגעזאָגט, ער זאָל ניט פאַרגעסען מיטצוברענגען אַ פּאָר „פּעטערבורגער" קאַלאָשען, ווען ער וועט צוריקקומען... פון דעם קען מען זען, ווי אַזוי אונזערע לאַנדסלייט האָבען געבענקט אַהיים און נאָך זאַכען וואָס קומען פון דער אַלטער היים און אויך ווי מען איז געווען זיכער, אַז אפילו ווען מען פאָרט אַהיים, וועט מען זיכער דאָרט ניט פאַרבלייבען.

און ווייל די עלענטקייט און דאָס בענקעניש איז געווען אַזוי גרויס, האָבען זיך אונזערע לאַנדסלייט געטוליעט איינער צום צווייטען. ס'זיינען באַלד אָפּגעווישט געוואָרען די היימישע ליניעס צווישען מיוחסים און בעלי־מלאכות. פאַרקערט די היימישע אַרבייטער, כאָטש זיי זיינען דאָ געווען אין אַ בעסערער לאַגע, מחמת זיי האָבען געקענט די מלאכה פון דער היים, האָבען זיך ניט דערוואַיטערט פון זייערע לאַנדסלייט און ווען ס'האָט זיך געמאַכט אַ שטיקעל פרייע צייט, איז מען געגאַנגען איינער צום צווייטען. מיינסטענס פלעגען זיך די לאַנדסלייט צונויפקומען אין די באַוואוסטע צוויי הייזער אויף ראָטגערס סטריט — ביי גיטעל לאַזערס און ביי מעכל פעלד. אין יענער צייט, אַז מען האָט זיך געוואָלט טרעפען מיט אַ לאַנדס־מאַן, האָט מען אים געטראָפען אין איינעם פון די צוויי הייזער. אפילו אַז עמיצער האָט געשריבען אַ בריוו אַהיים, האָט ער ניט פאַרפעלט צו דערמאָנען וויפיל לאַנדסלייט ער האָט געקענט דערמאָנען, אַז זיי גריסען ג"פ. דערפאַר האָט זיך לייענענדיג יענע בריוו, געשאַפען אַ באַגריף, אַז אַלע פעלשטינער וואוינען צוזאַמען אין איין גאַס. און דער אמת איז טאַקע, אַז כמעט אַלע ערשטע אימיגראַנטען האָבען געוואוינט אין דער ניו יאָרקער דאַון טאַון אָדער אין בראָנזוויל. אין יענער צייט האָט מען נאָך פון קיין בראָנקס, באָראָ פּאַרק אָדער אַנדערע נייערע ישובים ניט געוואוסט, אפילו אַרום 1907—8, ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, זיינען כמעט אַלע לאַנדס־

ליט געקומען מיך זען און אָפּנעמען גריסען פון דער אַלטער היים. איך געדענק, ווי אין דער ערשטער צייט פון מיין קומען אהער האָבען מיך מיינע ברידער ארומגעפירט צו אַלע לאַנדסלייט, וואו מען האָט אונז אויפגענומען מיט אַזאַ פרייד, גלייך ווי מיר וואָלטען געווען לייבליכע קרובים.

## פעלשטינער פאַראיין

אַזוי ווי די יאָרען זיינען געלאָפען און צוביסלאַך זיינען צוגעקומען נאָך לאַנדסלייט, האָבען זיי אָנגעהויבען צו טראַכטען פּלענער, ווי אַזוי זיי זאָלען זיך צוזאַמענבונדען אביסעל ענגער, כדי צו פאַרגרינגערען זייער עלענטקייט. און זיי זיינען געקומען צום געדאַנק, אַז מען זאָל גרינדען אַ פעלשטינער פאַראיין. דאָס איז פאָרגעקומען אין דעם יאָר 1905. דער ערש־טער פון די טעטיגע ברידער, וועלכע האָבען גענומען אַ גרויסען אנטייל אין דער ארבייט פון גרינדען אַזאַ פאַראיין, איז געווען אונזער לאַנדסמאַן הערי אוילשטיין. אַן אויספירליכע באַשרייבונג פון אים ווי אַזוי דער פאַראיין איז צושטאַנד געקומען, געפינט זיך אין דעם בוך.

## דער פעלשטינער קלוב

מיט דעם גרינדען פון דעם פאַראיין האָט זיך דאָס געזעלשאַפטליכע ווי אויך דאָס גייסטיגע לעבען אביסעל פאַרבעסערט. ס'האָבען אָנגעהויבען אָנצוקומען פיל מער לאַנדסלייט, און מערסטענס — אינגערע מענשען, און פיל לאַנדסלייט האָבען זיך שוין געהאַט אביסעל אויסגעגרינט. ס'האָבען זיך שוין געפונען פיל פעלשטינער, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען צו בילדען און זיך באַקענען מיט דער ענגלישער שפּראַך. פיל פון אונזערע פריינט האָבען שוין אפילו באַוויזען צו ענדיגען אַ קאָלעדזש. אייניגע האָבען אויסגעשטודירט אויף לאַיערס, אַנדערע — אויף לערער און אַ פּאָר זיינען געוואָרען דאָקטוירים. צווישען די לעצטע איז געווען אונזער חשוב'ער לאַנדסמאַן, דר. קלינג, וועלכער האָט אַ חוץ דאָקטאָריי זיך אויך תמיד אינטערעסירט מיט קולטורעלער ארבייט. ארום 1908 האָט ער פאַר־טראַכט אַ פּלאַן צו גרינדען אַ פעלשטינער קלוב — אַ פאַראייניגונג פון די פעלשטינער אינגערע מענשען, כדי צו פאַראינטערעסירען אונזער יוגענט מיט קולטורעלער ארבייט. געטראַכט און געטאָן. ער האָט דעם פּלאַן פאָרגעלייגט פאַר די ברידער יונה און הירש בוים. די לעצטע האָבען איינ־געלאַדען מיך און מיינע ברידער, מאיר, בנימין און אלי, און צוזאַמען האָבען מיר באַשלאָסען צו רופען אַ מיטינג פון אַלע פעלשטינער יונגעלייט. דער מיטינג איז פאָרגעקומען אין קלינטאָן האָל, וואו כמעט אַלע אונזערע פעל־

שטינער יונגעלייט האָבען זיך פאַרזאַמעלט און אָפיציעל געגרינדעט דעם פעל־שטינער קלוב, מיט דר. קלינג אַלס טשערמאַן און יאָסעל זוסמאַן אַלס סעקרע־טאַר. מיר פלעגען זיך דערנאָך פאַרזאַמלען אַלע שבת־צונאַכט און הערען לעק־ציעס אָפט מאָל פון דר. קלינג איבער מעדיצינישער וויסענשאַפט און אויך איבער ליטעראַטור. מיר האָבען אויך איינגעלאַדען באַוואוסטע ליטע־ראַטען, וועלכע האָבען גערעדט צו אונז וועגען ליטעראַטור און וויסענשאַפטליכע געגענשטאַנדען. מיר האָבען געהאַט די געלעגענהייט צו הערען אונזער לאַנדסמאַן יאָסעל קלינג, דעם דאָקטאָר׳ס אַ ברודער, וועלכער איז, אגב, געווען מיין ערשטער לערער. ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט געענדיגט סיטי קאָלעדזש אַלס היי־סקול לערער, האָט געהאַלטען פאָרטראַגען וועגען געאָגראַפיע. מיר, מיטגלידער, זיינען אויך ניט געשטאַ־נען ליידיג. מיר פלעגען אַליין פאָרלעזען זאַכען פון באַוואוסטע אידישע שרייבער און נאָך די פאָרלעזונגען פלעגען פאָרקומען זעהר אינטערעסאַנ־טע דעבאַטעס. מיט איין וואָרט — אונזער קלוב האָט געטאָן זעהר וויכ־טיגע קולטורעלע אַרבייט. צום באַדויערען, האָט דער קלוב מער ווי איין יאָר ניט געלעבט. ערשטענס, ווייל דר. קלינג האָט זיך אַריבערגעצויגען אין די בראָנקס און איז טאַקע צו־ביסלאַך געוואָרען פאַרנומען מיט זיין מעדיצינישער פּראַקטיק. צווייטענס, האָבען איינגע אַנדערע וויכטיגע מיט־גלידער זיך פאַרנומען שטודירען, און ס׳איז ניט געווען ווער ס׳זאָל אי־בערנעמען די פירערשאַפט פון אונזער קלוב. און אַזוי איז געקומען אַ סוף צו איינעם פון די ליכטיגסטע פעריאָדען פון אונזער אימיגראַנטישען לעבען אין אַמעריקע.

אַזוי זיינען די יאָרען געגאַנגען. ווען די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע לאַגע אין אַמעריקע האָט זיך פאַרבעסערט, האָבען אונזערע פעלשטינער לאַנדסלייט אויך דערפון גענאָסען. זיי האָבען זיך אָנגעהויבען ביסלעכווייז אַרויסרייסען פון די שעפּער און זיינען אַליין געוואָרען פאַבריקאַנטען און זיך גענומען צו אַלערליי מסחרים און אויך צום שטודירען. אַ סך פון אונזערע לאַנדסלייט זיינען רייך געוואָרען און פיל זיינען געוואָרען פּראָ־פעסיאָנאַלען — דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען און לערער. ס׳איז כדאי דאָ צו באַמערקען אַז פון אונזער קליינינקען שטעטעלע, וואָס האָט בסך־הכל פאַרמאָגט 208 הייזער, זיינען אין משך פון איין דור אַרויסגעקומען אַ טוץ דאָקטוירים, אַ צענדליג אַדוואָקאַטען, פיל פּאָבליק־ און היי־סקול לערער, אַ טוץ דראָגיסטען. פאַראַן אויך אַ פּאָר סקול־פּרינציפּאַלס און איינִיגע ליטעראַטען.

ווען די לאַנדסלייט זיינען געוואָרען פאַרמעגליכער, האָבען זיי אָנגע־הויבען צו אַנטלויפען פון דעם דאַון־טאַון און בראָנזוויל — ווער אין די

בראָנקס, וועד קיין בענסאָנהורסט, באָראָ פּאַרק, פלעטבוש א. אז. וו. זיי האָבען זיך שוין ניט מער געטוליעט איינער צום צווייטען. פיל האָבען אפילו פארלאָזט דעם פאראיין און גענומען זיך שטופּען צווישען פרעמדע. און אזוי ווי איבער דער גרויסער וועלט־מלחמה פון 1914 איז אונזער היים־שטעטעל אָפּגעשניטען געוואָרען פון אונז, האָבען אונזערע לאַנדס־לייט שוין אפילו אָנגעהויבען פארגעסען זייער געבורטס־שטעטעל מיט זייע־רע קרובים און פריינט, וועלכע זיינען דאָרט פארבליבען.

## דער פּעלשטינער רעליף

ווען ס'איז אין 1919 אָנגעקומען די פינצטערע בשורה וועגען דעם שוידערליכען פּאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען ביי אונז אין פעלשטין, ווי אזוי די פּעטליורעשע מערדער האָבען אויסגעשאָכטען אריבער פינף הונדערט נפשות — מענער, פרויען און קליינע קינדער — האָט דאָס אונז אַלעמען געטראָפען ווי א דונער פון הימעל. מיר האָבען נאָך פון פריער געפילט אין דער לופט, אז עפּעס שרעקליכעס איז פאָרגעקומען ביי אונז אין שטעטעל. אָבער גענוי וואָס עס האָט פּאסירט האָט מען ניט געקענט וויסען, ווייל קיין דירעקטע פּאָסט־פארבינדונגען האָבען מיר נאָך ניט געהאָט. דאָס איינציגע שטיקעל נייעס, וואָס מיר האָבען געלייענט אין די צייטונגען, איז געווען אז אין פּראָסקוראָוו און פעלשטין זיינען פאָרגעקומען פּאָגראָמען. ס'איז אויך געווען דערמאָנט, אז אין פעלשטין האָט מען געזען ווי א חזיר האָט געריסען דעם טויטען קערפּער פון א אידען מיט'ן נאָמען שלמה יוסף אייזיקס. אין יענעם שטיקעל נייעס איז אָבער דער נאָמען פון אונזער שטעטעל ניט געווען ריכטיג אָנגעשריבען. האָבען מיר זיך געוואָלט טרייסטען, אז דאָס איז פאָרגעקומען ניט אין פעלשטין, כאָטש דאָס פארגאָסענע אידיש בלוט פון אן אנדער שטעטעל האָט אונז ניט ווייניג געמאכט שוידערען. אזוי זיינען אוועק א פּאָר מאָנאַטען, ביז ס'איז אָנגעקומען א בריף פון מיין קאָזין, מעכצי רובינשטיין, וואו ער האָט ניט נאָר באַשריבען דעם מערדערישען פּאָגראָם, נאָר ער האָט אויך אַרויס־געשריבען די נעמען פון אַלע אומגליקליכע קרבנות, וועלכע זיינען אויף אזא גרויזאמען אופן אויסגעשאָכטען געוואָרען, ווי די שעפּסען.

דעמאָלט האָבען זיך באַלד עטליכע לאַנדסלייט גענומען צו דער אַר־בייט. צווישען יענע לאַנדסלייט קען איך דערמאָנען סעם פאָרטנאָי, שלמה צווייג, מאיר האָפמאַן, הערי אווילשטיין.

זיי האָבען פאררופען א מאסען־פארזאַמלונג, אויף דעם 22טען דזשון, 1919, אין קלינטאָן האָל. אַלע לאַנדסלייט האָבען זיך אָפּגערופען ווי

איין מענש. זיי האָבען אָנגעפילט דעם גרויסען האָל. דר. קלינג איז אויס־געקליבען געוואָרען אלס טשערמאַן פון מיטינג. זיין רעדע איז פיל מאָל איבערגעריסען געוואָרען דורך געוויינען, שלוכצען און יאָמערען פון די פארזאמעלטע באטריבטע לאַנדסלייט. ס'נעמט מיך נאָך איצט דורך א שוידער, ווען איך דערמאָן זיך דאָס יאָמערען און די געוויינען וואָס זיינען פאָרגעקומען אויף יענעם היסטאָרישען מיטינג. ווען דער טשער־מאַן האָט געענדיגט, האָט דער עולם ניט וואַרטענדיג אויף קיין אפּיל אָנ־געהויבען צו טראָגען געלט פאר די אומגליקליכע, וואָס זיינען איבערגע־בליבען אין דעם פינצטערען פעלשטין. מענשען האָבען ניט נאָר געגעבען געלט, נאָר פיל האָבען ארונטערגענומען פון זיך ווערטפולע זאכען — פינגערלאַך, זייגערלאַך, וכדומה — און געבראַכט צו דער פּלאַטפּאָרם און דאָס אוועקגעגעבען.

יענער מיטינג איז געווען איינער פון די טרויעריגסטע און אויך דער־הויבענסטע מיטינגען, וואָס זיינען ווען עס איז פאָרגעקומען ניט נאָר ביי אונזערע לאַנדסלייט נאָר אויך ביי אנדערע גרעסערע לאַנדסמאַנשאַפטען.

ווען דער עולם האָט זיך אביסעל בארוהיגט האָבען מיר דערוועהלט א קאָמיטעט וואָס זאָל אָנפירען די הילפס־ארבייט פאר פעלשטין. אין קאָמיטעט זיינען אריין די פאָלגענדע פעלשטינער:

דר. מ. האָפמאַן — פאָרזיצער, דר. י. קלינג — עהרען־פאָרזיצער, הערי אוילשטיין — טרעזשורער, יאָסעל פעלד — דערוויילינער סעקרעטאַר, יאָסעל זוסמאַן — באשטענדיגער סעקרעטאַר. מאיר האָפמאַן, שלמה צוויג, סעם פּאָרטנאָי, וו. שיינקמאַן, מ. קערדמאַן, מ. אוילשטיין, יאָסעל רובין, יחיאל העלמאַן, מאַניש שטילערמאַן, יונה בוים.

דער קאָמיטעט האָט זיך באלד גענומען צו דער ארבייט און יעדער איינציגער פון זיינע מיטגלידער האָט געארבייט מיט אזא איבערגעגעבנ־קייט, אז ס'האָט ארויסגערופען די באוואונדערונג פון אלע אנדערע לאַנדס־מאַנשאַפטען. מיר פלעגען אָפט קריגען דעלעגאַציעס פון אנדערע פאר־איינען צו פרעגען ביי אונז עצות, ווי אזוי זיי זאָלען אָנגעהן מיט זייער הילפס־ארבייט.

דער קאָמיטעט האָט געארבייט א פּאָר יאָר. אלע דינסטאָג אָוועגט פלעגט ער אָפּהאַלטען א זיצונג. מיר האָבען אָנגעקניפּט פארבינדונגען מיט אונזערע לאַנדסלייט, וועלכע זיינען געווען צעשפּרייט איבער גאַנץ אַמעריקע. אין פילאַדעלפיע האָבען זיי ארגאַניזירט א באזונדערע אָפּ־טיילונג. דאָרט איז אונזער חשוב'ער לאַנדסמאַן, חיים ליבמאַן, געווען זעהר טעטיג און אלע דאָרטיגע פעלשטינער לאַנדסלייט האָבען בייגע־שטייערט זייער חלק. אזוי האָבען אויך געטאָן אונזערע פריינט אין נוארק,

דעטראָיט, שיקאַגאָ, אָמאַהאַ און אפילו אין קאַליפאָרניע... מיר האָבען אויך אַראַנזשירט קאָנצערטען און טעאַטער־אונטערנעמונגען און געזאַמעלט געלט דורך אַפּילס ביי די אונטערנעמונגען.

## וואָס דער קאָמיטעט האָט אויפגעטאָן

מיר האָבען געשיקט אַ דעלעגאַט — דעם לאַנדסמאַן מ. קערדמאַן — וועלכער איז צוויי מאָל געפאָרען קיין פעלשטין. ער איז געווען דער ערשטער דעלעגאַט, וואָס איז אין יענער צייט געפאָרען מיט אַזאַ מיסיע. ער האָט אהין אַריבערגעפירט אַרום פופצען טויזענט דאָלאַר, וועלכע אונזערע היגע לאַנדסלייט האָבען בייגעשטייערט מיט דער פולער האַנט. פאַר דעם געלט האָט מען געהאָלפען אונזערע אומגליקליכע פעלשטינער דאָרטען, און מען האָט פיל פון זיי אַרויסגעראַטעוועט פון דעם וויסטען גיהנום. ס'האָבען זיך געוואוינטליך געפונען אַזעלכע מענשען, וואָס האָבען געקריטיקירט די אַרבייט פון אונזער דעלעגאַט. נאָר, ערשטענס, האָט מען אונטער יענע אומשטענדען ניט געקענט אַלץ טאָן פונקט אַזוי, ווי מיר וואָלטען געוואָלט. צווייטענס, האָט ער דאָך מיטגעהאָלפען פיל צענדליגער לאַנדסלייט זיך אַרויסצורייסען פון פעלשטין. איך בין זיכער, אַז זיי דאַנקען דאָ גאָט אויפשטעהענדיג און לייגענדיג זיך, וואָס זיי זיינען געראַטעוועט געוואָרען פון דעם עמק הבכא און מען קען מיט זיכערקייט זאָגען, אַז די טעטיגקייט פון דעם קאָמיטעט שטעלט פאַר איינס פון די שענסטע קאַפּיטלען אין דעם לעבען פון אונזערע פעלשטינער לאַנדסלייט.

שפּעטער מיט עטליכע יאָר האָבען אונזערע לאַנדסלייט, דערהאַלטענדיג זעהר טרויעריגע נייעסען פון די איבערגעבליבענע אין פעלשטין, ווידער געמאַכט אַ פאַרזוך אויפצולעבען די פריערדיגע טעטיגקייט פונ'ם רעליף. אָבער די צייטען האָבען זיך שוין געהאַט געביטען. די גרויסע דעפּרעסיע אין אַמעריקע האָט זיך שוין געלאָזט פילען און ס'איז טאַקע געווען שווער זיך צו פאַרבינדען מיט פעלשטין. צום באַדויערען, האָט מען שוין מער ניט געקענט טאָן קיין סך, און זיי האָבען מיט גרויס פאַרדרוס די אַרבייט געמוזט אויפגעבען.

צום ערשטען האָבען איינגע געדענקט, אַז אונזערע לאַנדסלייט זיינען געוואָרען ענג־האַרציג און האָבען פּשוט ניט געוואָלט אַרויסהעלפען זייערע ווייניגער גליקליכע ברידער אויף יענער זייט ים. ס'האָט זיך אָבער דערנאָך אַרויסגעוויזען, אַז פיל פון אונזערע ברידער האָבען זעהר געליטען פון דער דעפּרעסיע און האָבען טאַקע ניט געקענט מער טאָן זייער חוב.

נאָר כאָטש פיל פון זיי זיינען שוין ניט אזוי נוט־אָפּ, ווי זיי זיינען געווען, האָבען זיי אָבער באוויזען צו דערציען זייערע קינדער אויף א זעהר אנשטענדיגען אופן. ס'איז מערקווירדיג וואָס קיינער פון אונזערע לאַנדסלייט האָט זיך ניט געוואָלט באנוצען מיט די פאַרדינסטען פון זייערע קינדער, נאָר האָבען געטאָן אַלץ, וואָס זיי האָבען געקענט צו שיקען זייערע קינדער ניט נאָר אין די מיטעלע שולען, נאָר כמעט אַלע האָבען געגעבען זייערע קינדער א מעגליכקייט דורכצוגעהן א העכערע שול.

דאָס האָט מען געקענט באמערקען ביי דעם באַל, וואָס איז לעצטענס פאָרגעקומען אין סטייוועסענט קאַסינאָ האַל, דעם 30טען מאַרטש, 1935.

דער זאַל איז געווען אָנגעפילט מיט אונזער פעלשטינער יוגענט. ס'איז פשוט געווען א פרייד אָנצוקוקען די איידעלע יונגע קינדער. איך האָב זיי אַלעמען באטראַכט און באוואונדערט. איך האָב געפילט, אז זיי זיינען ניט נאָר א שטאָלץ פאַר זייערע עלטערען נאָר אויך פאַר דעם גאנצען אידישען פאָלק. און איך האָף, אז זיי וועלען פאָרטזעצען אונזער ארבייט און אז מיר וועלען ארויסגעבען דעם צווייטען בוך, וועלען זיי אַלע אנטיילנעמען אין דער ארבייט און דעמאָלט וועלען מיר ארויסגעבען א בוך וואָס וועט זיין א נחת פאַר אונז, א שטאָלץ פאַר פעלשטין.

## הערי אוילשטיין

# מיר גרינדען אַ פאַראיין




עת איך בין שוין אָפּגעווען אין לאַנד א צוויי מאָנאַטען, פלעג איך זיך אָפט טרעפען מיט לאַנדסלייט, ווי געוויינט־ליך, פלעגען זיי מיך פרעגען:

— ארבייטססט שוין? וויפיל פאַרדינסטו?

זיי פלעגען זיך אויך נאָכפרעגען, צי איך האָב שוין געזעהען דעם אָדער יענעם לאַנדסמאַן. אין יענער צייט זיך זעהן מיט א לאַנדסמאַן איז געווען זעהר חשוב.

און ווען מען האָט זיך ווידער געטראָפען ערגעץ ביי אן אנדער געלעגענהייט, האָט מען געוואָלט וויסען, צי איך באַלאַנג שוין אין א פאַראיין. האָב איך געענטפערט, אז יאָ. ווייל אזוי שנעל ווי איך בין גע־קומען ארבייטען אין אַ שאַפּ האָט מען פון מיר פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל ווערען אַ יוניאָן־מאַן. האָב איך ניט געהאַט קיין ברירה און זיך אָנגע־שלאָסן אָן דער יוניאָן. דערפאַר האָב איך געזאָגט אַז איך באַלאַנג שוין: איך האָב געמיינט, אז א יוניאָן און א פאַראיין איז די זעלביגע זאַך.

האָט מען מיר ערקלערט אַז ניט דאָס מיינט מען, אז אַ יוניאָן איז ניט קיין פאַראיין, אַז דאָס זיינען צוויי באַזונדערע זאַכען. און ווען איך האָב איך געפרעגט מיט וואָס זיי אונטערשיידען זיך, האָט מען מיר ערקלערט, אַז אַ יוניאָן איז צוליב דער אַרבייט, און צו אַ פאַראיין דאַרף מען באַלאַנ־גען צוליב געגענזייטיגער הילף. טאָמער ווערט מען, חלילה, קראַנק — קריגט מען א דאָקטאָר און איבער הונדערט יאָהר, ווען מען שטאַרבט, קריגט מען קרקע און שבעה־געלט.

אָט די אַלע געשפּרעכען זיינען פאָרגעקומען מעהרסטענס ביי משה קלמן'ס אין הויז. דאָרט פלעג איך אָפט טרעפען חיים פרעס, לייביש שניידער און נאָך אייניגע לאַנדסלייט. ווען איך האָב געפרעגט משה'ן און חיים'ען צי זיי באַלאַנגען ערגעץ, האָבען זיי מיר געזאָגט, אַז זיי באַלאַנגען צו די קעשענעווער און אַז לייביש באַלאַנגט צו די גריידינגער. איך האָב אויך אויסגעפונען, אַז אַ סך פעלשטינער באַלאַנגען צו די גריידינגער. פרעג איך זיי, ווי קומט עס, וואָס קיין פעלשטינער פאַראיין זאָל ניט זיין? ענטפערט מען מיר:

— אַט האָסטו דיר, וואָס־זשע פעלשטינער זיינען אויך מענשען? קיין פעלשטינער פאַראיין וועט קיינמאָל ניט זיין!

זאָג איך צו משה׳ן, אַז ווען איך וואָלט געוועזן אַזוי לאַנג אין אַמע־ריקע ווי ער, וואָלט שוין אַ פעלשטינער פאַראיין לאַנג געווען. רופט זיך אָפּ משה:

— וואָס טויגען די רייד, גיב מיר בעסער 50 סענט און איך וועל דיך פאָרשלאָגען פאַר די קעשענעווער. זאָג איך איהם, אַז אויב אַזוי, וועל איך בעסער געבען די 50 סענט לייביש׳ן און זיך אָנשליסען אָן דעם גריידינגער פאַראיין, ווייל דאָרטען זיינען כאָטש פאַראַן אַ סך פעלשטינער לאַנדסלייט. דער סוף איז געוועזן, אַז איך האָב זיך געלאָזט איינשרייבען אין דעם גריידינגער פאַראיין מיט׳ן אַבזיכט איך זאָל זיך קענען דורכרעדען מיט די פעלשטינער און אפשר גרינדען אַן אייגענעם פאַראיין.

אָבער ניט אַזוי גיך טוט זיך, ווי עס רעדט זיך. ווען מען האָט מיך איינגעשוואוירען אין גריידינגער פאַראיין, האָב איך דאָרט געטראָפען אַ סך לאַנדסלייט: אהרן זוסמאַן, מעכל פעלד, יחיאל צינבערג, לייביש שניידער, שלמה שרייער, שלמה קלינג, יאָסעל נפתלי׳ס, יאָסעל פעלד, בער האָראָוויץ, מאניש געלמאַן. עס האָט מיך אָנגעהויבען פאַרדריסען: זעה נאָר, אַזוי פיל פעלשטינער לאַנדסלייט—און מיר דאַרפען גאָר זיין אונטערוואָרפען אַ פרעמדען פאַראיין. אין האַרצען האָב איך אָבער געטראָגען די האָפנונג, אַז מיר וועלען נאָך האָבען אַן אייגענעם פאַראיין פאַר זיך.

דערווייל דאַרף מען זיין אונטערוואָרפען און אויספאָלגען די גריי־דינגער. דערצו האָבען מיר נאָך געהאַט אַ שול, און ביי די מיטינגען פלעגען אַרויפקומען שול־ביזנעס מיט עליות און נדרים. דאָס פלעגט ברענגען צו פיל קריגערייען. ווען עס פלעגט קומען שבת, האָט מען געוואוסט, אַז מען דאַרף קאָלעקטען אויף קידוש׳לאך און מען האָט זיך געלאָזט וואויל געהן. אונז, פעלשטינער, פלעגט אפילו פאַרדריסען, אָבער ניט אַלעמען. אָבער דאָך ביי אַ ביסעל בראַנפען, פלעגען מיר זיך ווינשען צו דערלעבען אַן אייגענע שמחה — מיר זאָלען גרינדען אַן אייגענעם פאַראיין. דער נאַנצער אַגיטאַטאָר בין איך געווען. איך האָב אפילו אויסגעפונען, אַז מען דערצעהלט שוין די גריידינגער, אַז מיר פעלשטינער ווילען זיך אָפּטיילען.

געוויינליך איז דאָס ניט געוועזן אַנגענעם: מען באַלאַנגט צוזאַמען און מען האָט אַנדערע געדאַנקען. עס זיינען געווען צייטען ווען מען האָט נאָמינירט פעלשטינער אין קאָמיטעס, פלעגען זיי זיך אָפּזאָגען אָנצונעמען און אַז מען האָט שוין אַמאָל אָנגענומען, פלעגט מען ניט אַטענדען. מען האָט דאָס אונז פאַרגעוואָרפען און מיר פלעגען ניט וועלען ליידען. עס

האט אויסגעקוקט ווי א פאמיליע מיט שטיף־קינדער. צו יענער צייט האב איך שוין געהאט באלאנגט פיר יאהר.

איך האב שוין מעהר ניט געקאנט דולדען. און איינמאל, ווען מיר האבען זיך געטראפען ביי גיטל אלעזר׳ס (ביי איר זיינען דעמאלט געווען די פעלשטינער העדקוואדערס), האבען מיר זיך צוזאמענגערעדט און באַשלאסען, אז דעם צווייטען זונטאג זאלען מיר זיך ווידער צוזאמענקומען, טאקע ביי גיטלען, און גרינדען אן אייגענעם פאראיין.

מיר האבען געלאזט וויסען די פעלשטינער לאנדסלייט, אז זונטאג דעם 5טען אקטאבער, 1905, וועט ביי גיטעל אלעזר׳ס, 24 ראטגערס סטריט, פארקומען א מיטינג. זיינען מיר אהין געקומען. מיר הויבען זיך אן אויסציילען—זיינען בלויז פאראן פינף פערזאן. ווארטען מיר, פילייכט וועט מען נאך אנקומען. איך גיב א קוק, עס קומען אריין: אייזיק גינענדי׳ס אײדים, יצחק הערש רחל מרים׳ס און וועלוועל שענקמאן, און מען נעמט זיך פארשרייבען. כאטש געקומען זיינען אכט, האבען זיך פארשריבען בלויז זעקס, ווייל אייזיק׳ס אײדים און יצחק הערש האבען געהאלטען אין צוריקפארען קיין אייראפא. מיר זיינען אבער פארט געווען צופרידען. מיר האבען זיך גלייך גענומען אויסקלייבען באאמטע: פרעזידענט—לייביש ברענמאן, וויס־פרעזידענט—מעכל פעלד, סעקרעטאר—וועלוועל שענקמאן, טרעזשורער—הערשי אוילשטיין, טראסטי—אברהם קאהן. בלויז יחיאל צינבערג איז געבליבען אן אן אמט, ווייל ער האט קיין צייט ניט געהאט.

יעדער איינער האט איינגעצאהלט 50 סענט. האבען מיר שוין געהאט געלט אויך. וואס עס האט אונז איצט געפעלט, איז געווען א נאמען. האב איך פארגעשלאגען דעם נאמען: „ערשטער פעלשטינער־פאדאליער אונטער־שטיצונגס פאראיין”. האבען מיר שוין א נאמען אויך, און מען איז צוגעטראטען אינסטאלירען די באאמטע. דערביי האט אויך ניט געפעלט קיין שפאס. אזוי ווי קיין הויכער שטול איז ניט געווזען האט מען זיך געהייסען געבען א קישען. האב איך באמערקט, אז אזא שטול פאסט פאר א סנדק, האט מען ווידער געלאכט. דער סוף איז געוועזען, אז מען האט גענומען א פוס־בענקעלע און עס ארויפגעשטעלט אויף א בענקעל און צוויי ברידער האבען געהאלפען ארויפזעצען דעם פרעזידענט אויפ׳ן שטול.

דאס אלעס האט פאסירט ביי גיטעל לאזער׳ס אין קיך, ביים ליכט פון א געז־לאמפ. דער פרעזידענט, ברודער לייביש ברענמאן, האט געעפענט דעם ערשטען מיטינג פון פעלשטינער פאראיין מיט 6 גוטשטעהענדיגע מיט־גלידער און מיט א קאפיטאל פון 3 דאלער.

עס איז באשלאסען געווארען, אז דער צווייטער מיטינג זאל פארקומען אין צוויי וואכען ארום און אז יעדער איינער זאל זיך זעהן מיט לאנדס־

לייט און זיי ברענגען צום מיטינג ביי גיטל לאזער׳ס אין הויז. אויך איך האָב פּרובירט ווי ווייט מעגליך צו פאראינטערעסירען אונזערע לאנדסלייט מיט דעם נייעם פאראיין. עס איז מיר אָבער אָנגעקומען זעהר שווער. א סך האָבען זיך אויסגעלאַכט פון דער אידייע און ניט געגלויבט, אז מיר, פעלשטינער, זאָלען האָבען אן אייגענע סאָסייעטי. מיך האָבען אָבער אָט די רייד ניט אָפּגעשטעלט און איך בין מיר אָנגעגאַנגען מיט מיין ארבייט.

איך האָב זיך ניט געקענט דערוואַרטען אויפ׳ן צווייטען מיטינג. עס האָט זיך זעהר געוואָלט וויסען, וואָס די אַנדערע פינף ברידער האָבען אויפגעטאָן. זונטאָג, דעם 19טען אָקטאָבער, בין איך אוועק צום מיטינג. איך בין אָבער געקומען שפּעט. זאָגט מיר גיטעל, אז אזוי ווי א גרעסערע צאָל פעלשטינער זיינען געקומען און קיין פּלאַץ איז ביי איהר ניט געווען, איז דער עולם אוועק אין דעם סאַלון אויף עסעקס סטריט קאָרנער העסטער. איך בין אוועק אהין און געטראָפען דעם סאַלון א פארשלאָסענעם, ווייל עס איז דאָך געוועזען זונטאָג. נאָך א סך פרעגען האָט מען מיר געהייסען זוכען אין יארד. לויף איך אהין און אין איילעניש, בין איך גאָר אריין אין א שלאָף־צימער פון א פרוי, און געכאַפּט פון איר א פּסק. ענדליך האָב איך דערהערט א סך שטימען, ווי מען וואָלט זיך געקריגט. בין איך אוועק אהין און טאַקע אָנגעטראָפען א היפּשען עולם פעלשטינער. איינינגע האָבען פארלאַנגט מען זאָל שוין שאַפען א פאָנד צו העלפען נויטבאַדערפטיגע ברי־דער. אויב מען קען דאָס ניט טאָן, איז א שאָד די צייט, האָבען זיי גע־טענה׳ט.

אויף יענעם מיטינג האָבען נאָך דריי לאַנדסלייט זיך אָנגעשלאָסען און מיר האָבען שוין געהאַט 9 מיטגלידער, וואָס דאָס האָט אונז געגעבען א לעגאַלע מעגליכקייט צו קריגען א טשאַרטער.

מיר האָבען דעם ענין איבערגעגעבען צו א לאָיער און טאַקע געקראָגען א סיטי־טשאַרטער. מיר האָבען זיך אויך ארומגעזעהן, אז מיר דאַרפען האָבען א דאָקטאָר און מיר האָבען אָנגעשטעלט דעם דאָקטאָר פון דעם גריידינגער פאראיין — דאקטאר פרידלענדער. פון דעמאָלט אָן האָט אונזער פאראיין זיך גענומען בעסערען פון מיטינג צו מיטינג. מיר האָבען אריינגעקראָגען נייע מיטגלידער, און איך האָב אָנגעקוואָלען פון נחת.

אַז אונזער משפחה האָט זיך גענומען היפּש פאַרגרעסערען, האָבען מיר אויך גענומען טראַכטען וועגען סעמעטערי. מיר האָבען ארויסגעשיקט קאָמיטעס אין פאַרשידענע געגענטען צו זוכען לאָטס אויף קרקע, און מיר האָבען געקויפט לאָטס אין סטעטען־איילאַנד אויף אינסטאָלמענטס.

אָבער דאָ האָבען זיך אָנגעפאַנגען צרות. מען האָט זיך באַקלאָגט אַז מיכעל פעלד מאַכט קאָמישאָן. איך האָב פּרובירט מאַכען שלום. מיכעל

פעלד האָט צוגעזאָגט, אז אזוי שנעל ווי מען וועט מאכען א גדר, וועט ער געבען 50 דאָלער. דער סוף איז אָבער געווען, אז ווען מען האָט שוין געדארפט שטעלען דעם גדר, איז מיכעל שוין געווען אוים מאכער.

## פלענער צו מאַכען געלט פאר'ן פאראיין

איינמאָל האָט זיך איינינע פון אונז פארוואָלט צו מאכען געלט פאר'ן פאראיין. איז מען געפאלען אויף א פלאן: אזוי ווי עס איז יום־טוב־צייט זאָלען מיר דינגען א פלאץ און א ספר תורה, רופען די לאנדסלייט, געבען זיי עליות, מאכען מי־שברך'ס און פון די נדרים וועט ווערען געלט. דער סוף איז געווען, אז מיר האָבען פונקט געהאט אויף אויסגאבען פאר'ן לאָקאל, פאר דער ספר תורה און אויף שנאפס. ניט אלע האָבען געהאלטען וואָרט און באצאָלט דעם נדר.

דאָך זיינען מיר ביי זיך ניט ארונטערגעפאלען און ווייטער אָנגעגאנגען מיט דער ארבייט.

א צווייטען מאָל האָבען מיר באשלאָסען דורכצופירען א לעקציע און רעכענען 15 סענט איינטריט: אי מיר וועלען זיך רעכענען צווישען די פאָרגעשריטענע, אי מיר וועלען מאכען א פאָר סענט. האָט זיך אבער באלד ארויסגעוויזען, אז מיר האָבען צוויי צדדים. האָט מען זיך ארומגעריסען און דער סוף איז געווען, אז די אויסגאבען זיינען געווען גרעסער פון דער איינגאמע. דאָס איז אָבער ניט געווען אלעס. עס האָט זיך אָנטוויקעלט א קאמף, און מיר האָבען פארלאָרען א סך מיטגלידער.

מיט דער צייט האָט זיך אלעס אויסגעגליכען און מיר האָבען ארייננעקראָגען אנדערע מיטגלידער. די עמיגראציע האָט אונז א סך געהאָלפען. אָבער מיט דעם גרויסען שטראָם האָט זיך אויך אָנגערוקט א גרויסער וואָלקען וואָס האָט אונז געטראָפען ווי א דונער.

עפּעס האָבען מיר אָנגעהויבען צו באמערקען, אז וואָס אמאָל קומען ווייניגער ברידער צו די מיטינגען. אין אָנפאנג האָבען מיר געדענקט, אז דאָס איז גאָרניט. אָבער ווי איבערראשט זיינען מיר געוואָרען, ווען מיר האָבען זיך דערוואוסט, אז דער יונגער עלעמענט מיט דאקטאר קלינג אין דער שפּיץ האָט באשלאָסען צו גרינדען א יאָנג מענס סאָסייעטי און מאכען שבת פאר זיך.

## עס האַלט שמאָל מיט'ן פעלשטינער פאראיין

דער פאקט, וואָס די יונגע האָבען זיך אָרגאניזירט אין א סאָסייעטי פאר זיך, האָט זעהר ניט געשמעקט דעם עלטערען עולם. מען האָט זיך געטומעלט און געהיצט. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט און אויסגעפונען וואו

**די יונגע האַלטען אָפּ זייערע מיטינגען.** ווען איך בין אהין געקומען, האָב איך געטראָפען אַ שעהן באַזוכטען מיטינג און דר. קלינג האָט גע־האַלטען אַ לעקציע איבער אַ געוויסער טעמע, דערנאָך האָט די יוגענד זיך אונטערהאַלטען מיט אינטערעסאַנטע פאַרלעזונגען. איך האָב געמוזט צוגעבען, אַז זיי טוען זעהר גוטע ארבייט אין פאַרגלייך מיט אונז אַלטע.

איך בין געקומען צוריק צו אונזער פאַראיין מיט זעהר ניט קיין פרעה־ליכע נייעס. דאָס איז געווען אַ טרויעריגע בשורה, אַז מיר זיינען אויף **צרות.**

מיר האָבען זיך געשראָקען אַז זיי קענען נאָך ביי אונז צונעמען דאָס אייגענטהום און אויך דעם נאָמען, ווייל מיר האָבען בלויז אַ סיטי טשאַר־טער און אויב זיי זאָלען ארויסנעמען אַ סטייט־טשאַרטער, ווערען זיי די באַלעבאַטים איבער אַלעס.

מיר זיינען געווען אין אַ שלעכטער לאַגע. מיר האָבען געהאט אַ סך חובות און קיין שטענדיגען מיטינג לאָקאַל האָבען מיר אויך ניט געהאט. זיינען אוועק וואָכען און מאָנאַטען וואָס מיר האָבען אפילו קיין מיטינגען ניט אָפּגעהאַלטען.

איינמאָל טרעף איך אָן אונזער פרעזידענט, ברודער מייער האָפמאַן, שטעהן לעבען זיין פערד און וואָגען, און איך פרעג איהם: „וואָס וועט ווערען פון אונזער פאַראיין? ווען וועלען מיר שוין האָבען אַ מיטינג?

ענטפערט ער מיר מיט אַ פראַגע אויף אַ פראַגע: — טאַקע, ווען? און ער שפּרינגט ארויף אויף׳ן וואָגען, טוט אַ טרייב די פערד און שרייט:

— מיר וועלען שוין זעהן!

אָבער צו קיין מיטינג איז דאָס ניט געקומען.

אַ צווייטען מאָל טרעף איך אָן ברודער שלומה שרייער. מיר רעדען זיך דורך און באַשליסען אריבערפאָרען צו שמחה קופער און זעהן איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אַז אַ מיטינג זאָל גערופען ווערען.

שבת נאַכט פון דער זעלבער וואָך זיינען מיר אוועק צו שמחה׳ן — ערגעץ אויף פולאַסקי סטריט. מיר קומען אריין, טרעפען מיר צוויי פרעמדע מענשען, וואָס זיצען און שפּילען מיט שמחה׳ן אַ פינאָקעל. ער האָט זיך אפילו אויף אונז ניט אומגעקוקט. זיינען מיר געשטאַנען און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

ענדליך זיינען די פרעמדע מענשען אוועק און שמחה האָט אונז שוין באַמערקט און באַגריסט. ער האָט אונז געפרעגט, צוליב וואָס מיר זיינען געקומען. האָבען מיר איהם דערקלערט, אַז אזוי ווי ער איז אונזער סעק־רעטאַר, אפילו ניט קיין באַצאָלטער, אָבער דאָך אַ סעקרעטאַר, ווילען מיר, אַז ער זאָל ארויסשיקען בריף צו אַלע מיטגלידער און זיי שרייבען, אַז מיר

ווילען אויפלעזען דעם פאראיין און אלע זאָלען קומען אָפּנעמען זייער חלק. מיר האָבען פארשטאנען, אז אויף טיילען זיך מיט דער טרעזשורי וועלען זיין א סך בעלנים.

מיר האָבען גענומען א לאָקאל ערגעץ אויף סאָפּאָלק סט. און פאררופען דעם מיטינג. מיר האָבען זיך ניט גענארט: דער מיטינג איז געווען א גוט־באזוכטער. אפנים אז אויף נעמען חלקים זיינען אלע געוועזען גרייט. אבער אנשטאָט עפּעס נעמען, האָבען זיי שוין געדארפט איינצאָלען. דאָך האָבען מיר געהאט א פארלוסט: מיר האָבען אָפּגעווישט די אלטע שולדען און אלעמען געמאכט גוטשטייענדיג.

מען האָט גענעפענט אן ערנסטע דיסקוסיע איבער דער לאַגע פון פאר־איין און וועגען דעם פעלשטינער יאָנג מענס עדיוקיישאָנאל קלאָב. נאָך א סך דעבאטעס איז באשלאָסען געוואָרען איבערגעבען דעם ענין צו א לאָיער כדי צו פארזיכערען אונזער אייגענטהום. עס האָט אונז געקאָסט 75 דאָלער און מיר האָבען ארויסגעקראָגען א סטייט־טשארטער און געקראָגען דעם נאָמען: „פוירסט פעלשטינער פּראָגרעסיוו בענעוואָלענט אסאָסיאיישאן". מיר זיינען געווארען ביי זיך זיכערער און טאקע אָנגעהויבען ווידער טאָן גוטע ארבייט.

איהר ווילט אפשר וויסען וואָס עס איז געוואָרען פון דער יאָנג מענס סאָסייעטי? פּונקט ווי מיר האָבען ניט געוואוסט, ווען זיי האָבען זיך אָרגאניזירט, אזוי האָבען מיר ניט געוואוסט, ווען זיי האָבען זיך אויפגע־לעזט.

אָבער קיין צרות האָט אונז פאָרט ניט געפעלט. אזוי ווי מיר האָבען זיך רעאָרגאניזירט און זיך גערופען פּראָגרעסיווע, און אזוי ווי ביי אונז זיינען אין יענער צייט געוועזען איינינע פרומע אידען, ווי יאָסעל חיים מיכלס, אהרן לאנדעס, יחיאל צינבערג, נחום דעם רב'ס, אביגדור ראָזענטאל (דער זייגערמאכער) האָבען זיך יענע אידען ארויסגעזאָגט, אז אין א פּראָגרעסיווער סאָסייעטי טאָרען אזעלכע אידען ווי זיי ניט באלאנגען. דאָס מיינט ערב־רב, דער אָפּפאל פון דער געזעלשאפט. די פרומע אידען זיינען דאן כמעט אלע ארויס פון דעם פאראיין.

דאָן איז ביי אונז ארויפגעשוואומען די פראגע פון שאפען א קאָנס־טיטוציע. דאָס איז אָנגעקומען ניט לייכט. עס האָבען זיך אָנגעפאנגען מיטינגען און דעבאטעס. מען האָט צוזאמענגעשטעלט קאָמיטעס, און אין די קאָמיטעס זיינען ניט געווען אלע וואָס וואָלטען באדארפט געווען זיין. דערנאָך האָט מען פאררופען ספעציעלע מיטינגען און אלגעמיינע מיטינגען. מען האָט פאָרגעלעזען אלע פּונקטען וועגען דעם וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט. מען האָט זיך געהיצט און זיך געקרינגט. איינינע זיינען גע־

ווען קאפּריזנע און צוליב דעם פארלאָזען דעם פאראיין. זיי זיינען שפּע־טער מיט יאָהרען צוריקגעקומען און טאקע געוואָרען פון די בעסטע מיט־גלידער און דורכגעפירט די געזעצען, פאר וועלכע זיי האָבען געקעמפּט. א סך פון זיי טוען איצט וואונדערליכע ארבייט און מען דאַרף זיי געבען די פולסטע אנערקענונג.

## רעליף ארבייט פאר אונזערע פּאָגראָמירטע לאַנדסלייט

נאָך די בלוטיגע מלחמה־יאָהרען און די שוידערליכע פּאָגראָם־צייטען, האָט אונזער פאראיין אויף זיך גענומען די ארבייט פון זאמלען רעליף פאר אונזערע נויטבאדערפטיגע לאַנדסלייט אויף יענער זייט ים. א דאַנק אונזער חשוב׳ן ברודער סעם פּאָרטנאָי, וועלכער האָט דעמאָלט געוועקט אין אונז אונזער פליכט צו די ליידענדע ברידער, האָט דער פאראיין זיך אריינגעוואָרפען אין דער ארבייט.

מיר האָבען געקליבען אדרעסען פון פעלשטינער, וואָס געפינען זיך אין אלע עקען פון אמעריקע און אין ניו יאָרק פארופען א גרויסען מאסען־מיטינג, ביי וועלכען עס זיינען געוועזען ארום 300 פעלשטינער לאַנדסלייט. נאָר געציילטע מענשען האָבען געוואוסט דעם צוועק פון מיטינג. אָבער אזוי שנעל ווי א ברודער פון פאראיין האָט דערקלערט דעם צוועק פון דער פארזאמלונג, האָבען אלע איינגעשטימט אז דאָס איז א וויכטיגע ארבייט. עס איז באשלאָסען געוואָרען אז די נייע קערפּערשאפט זאָל הייסען „פעל־שטינער רעליף". מען האָט ערוועהלט א פאראנטוואָרטליכע קאָמיטע און זי אינסטרואירט צו זאמלען געלט מיט׳ן צוועק צו העלפען די נויטבאדערפ־טיגע. דאָקטאָר מאָרטין האָפמאַן איז ערוועהלט געוואָרען פּרעזידענט, יאָסעל זוסמאַן, פינאַנס סעקרעטאַר, ס. פּ. פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר און הערי אוילשטיין, טרעזשורער.

דער ערשטער מיטינג איז געווען א גרויסער ערפאָלג. עס איז אריינ־געקומען 1200 דאָלער. מיר האָבען אָפּגעהאַלטען מיטינגען צוויי מאָל א וואָך, און צו יעדען מיטינג זיינען געקומען א סך לאַנדסלייט. געלט האָט געהאַלטען אין איין אריינשטראָמען ניט נאָר פון ניו יאָרקער לאַנדסלייט, נאָר אפילו פון דעטראָיט, מילוואָקי, פילאַדעלפיע, נוארק און שטעט אין אינדיאַנאַ. מיר האָבען דורכגעפירט טעאטער־אונטערנעמונגען, קאָנצערטען און אפילו אויפגעהאַנגען פושקעס אין די היימען פון אונזערע לאַנדסלייט.

מיר האָבען דעמאָלט צונויפגעזאמעלט איבער זעקס טויזענט דאָלאַר. ארונטערנעמענדיג די הוצאות, איז אונז געבליבען קארגע זעקס טויזענט דאָלאַר, וועלכע מיר האָבען אװעקגעשיקט קיין פעלשטין דורך א שליח.

אויפזאמלען אזא סומע געלט איז אנגעקומען מיט גרויס אנשטרענגונג.

נאכדעם האט זיך אנגעפאנגען א מעשה מיט שיקען שלוחים. צוערשט האט זיך פארגעשלאגען בער־באבעס, ראזען, און מען האט שוין אלעם געהאט באשלאסען. עס האט זיך זעהר געטומעלט מיט דער נייעס, אז ער פארט קיין פעלשטין. מען האט שוין געהאט געמאכט אלע צוגרייטונגען. אין דער לעצטער מינוט אבער האט בער געקראגען חרטה און זיך צוריקגעצויגען. מען האט גלייך גענומען זוכען א צווייטען, און מאטי קרעדמאן האט זיך אונטערגענומען צו פארען. מיר האבען אבער קיין גרויסע הצלחה ניט געהאט פון זיין רייזע. דאך זיינען מיר געווען צופרידען מיט דעם, וואס ער האט ווי עס איז דורכגעפירט די שליחות.

## קראנקען בענעפיט

מיר פלעגען זיך אפטמאל שטעלען די פראגע פון קראנקען בענעפיט. ווען וועלען מיר שוין אמאל קענען אויסצאלען קראנקען בענעפיט צו אונזערע נויטבאדערפטיגע ברידער? אמת מיר פלעגען ניט לאזען קיינעם פאלען אין צייט פון קראנקהייט. אבער עס האט געהייסען אזוי ווי מיר וואלטען אויסגעטיילט טשאריטי; אז מען גיט פון די פאקעטס דירעקט, און עס האט געשמעקט מיט נדבות. דאס איז ניט געווען אנגענעם פאר אלע ברידער פון פאראיין. מיר האבען אויך געהאט שווערינקייטען, ווען מען פלעגט פארשלאגען א נייעם מיטגליד און יענער האט געפרעגט וואס פאר א בענעפיטען ער קרינט. מעהר ווי קרקע האבען מיר איהם ניט געקענט צוזאגען.

מיר האבען געמאכט אפטע אונטערנעמונגען, פארקויפט טעאטער טיקעטס אבער קיין דערפאלגען האבען מיר קיינמאל ניט געהאט. מיר פלעגען מעהרסטענס דערלעגען און קיין געלט פאר קראנקען בענעפיט האבען מיר ניט געהאט.

איינמאל אבער, ביי א מיטינג, האט זיך אויפגעשטעלט שמחה קופער און געזאגט, אז ער האט א פלאן ווי אזוי מען זאל שאפען געלט. ער האט פארגעשלאגען, אז מיר זאלען מאכען א שעהנעם ארטיסטישען טאוועל, אויף וועלכען מיר זאלען אויפשרייבען די נעמען פון יענע ברידער, וואס וועלען איינצאלען געלט פאר'ן צוועק פון קראנקען בענעפיט. פון דעם געלט וועט מען צאלען בענעפיט צו די קראנקע ברידער. אייניגע ברידער האבען פארגעשלאגען א טאוועל מיט שעהן־אויסגעמאלטע בילדער און עס איז געבליבען אז מען זאל דאס איבערגעבען צו אן ארטיסט. ברודער פאקסמאן האט גענומען דאס ווארט און דערקלערט, אז מיר דארפען ניט קיין פרעמדען

ארטיסט, מיר האָבען אַן אייגענעם — ברודער הערי אוילשטיין. אזוי ווי ער איז איינמאָל געווען אין הויז ביי ברודער הערי אוילשטיין און ער האָט דאָרטען געזעהן ווי יענער מאכט אויסערגעוועהנליך שעהנע בילדער אויף גלאָז, דערפאר שלאָגט ער פאָר אז הערי אוילשטיין זאָל מאכען דעם דזשאב.

גראד איז דעמאָלט, אין 1920, אונטערגעקומען דער 15 יאָהריגער יובילייאום פון אונזער פאראיין, און מען האָט באשטימט א באנקעט. איך האָב געבראכט דעם טאָוועל צום באנקעט און ווען אונזערע ברידער זיינען געוואָרען א היפש ביסעל צעוואָרימט פון דער שמחה, האָט מען גענומען אויספארקויפען נעמען און דאָס האָט אריינגעבראכט דרייצעהן הונדערט דאָלער.

דעם זעלבען יאָהר האָבען מיר פראָקלאמירט קראנקען בענעפיט.

* * *

מיר האָבען שווער געארבייט אויפצובויען אונזער פאראיין. מיט דער גרעסטער ליבע און איבערגעגעבנהייט האָבען מיר, די עלטערע מיט־גלידער, געטאָן די ארבייט. זאָלען איצט די אינגערע מיטגלידער נאָכטאָן אונזער ביישפיל און אוועקשטעלען דעם פעלשטינער פאראיין אלס איי־נעם פון די שענסטע פאראיינען צווישען די לאנדסמאנשאפטען דאָ אין לאנד.

## דר. מ. האָפּמאַן

# 30 יאָר טעטיגקייט פון פעלשטינער פאַראיין

דערציילט פון די ברידער:

## וו. שיינקמאַן, מאיר האָפּמאַן, נ. פּאָרמאַן, ש. צווייג, ה. אוילשטיין, ס. פּאָרטנאָי, וו. קום, ס. וואַסערמאַן, מ. האָלשטיין, מ. שטילערמאַן.

●



ינטערעסאַנט און דראַמאַטיש איז די געשיכטע פון דער גרינדונג און אנטוויקלונג פון דעם פעלשטינער פאַריין.

אין איר ווערט געשילדערט ווי אזוי אונזערע לאַנדסלייט, אידען פון אַ קליין, פּאַרוואָרפען, אוקראַיניש שטעטעלע, האָבען געשטרעבט דאָ אין אַמעריקע, צו פאַראייניגען זיך אין אַ ברודערליכער פאַמיליע און באַגעגענט אַלערליי שטערונגען, וועלכע זיי האָבען מיט עקשנות און כמעט מיט מסירת־נפש באַקעמפט און סוף כל סוף זיך דאָך פאַראייניגט.

נאָך דרייסיג יאָר פון שווערער און איבערגעגעבענער ארבייט זיינען זיי ארויס די זיגער. ניט נאָר האָבען זיי פיל גרויסעס און גוטעס אויפגעטאָן דורך די דרייסיג יאָר פון זייער עקזיסטענץ, ווי סע וועט דאָ שפּעטער באַשריבען ווערען, נאָר זיי האָבען אפילו באַשאַפען די מעגליכקייט ארויסצוגעבען צום דרייסיג־יאָהריגען יובילעאום אָט־דאָס בוך — דאָס פ ע ל ש ט י נ ע ר י ז כ ו ר ב ו ך, כדי צו פאַראייביגען די נעמען פון די קרבנות, וועלכע זיינען אומגעקומען אין פעלשטין אויף קידוש־השם דורך פעטלורע'ס רוצחים, ימח שמם וזכרם!

צו אָט־דער ארבייט, צו דער געשיכטע פון אונזער פאַראיין, זיינען מיר צוגעגאַנגען צוזאַמען, ווייל מיר האָבען ניט געוואָלט אונז אזאַ מענשען, וואָס זאָל אליין קענען טאָן אָט־די ארבייט. אין די ווייטערדיגע שורות איז פאַרצייכענט אַלץ, וואָס עס איז מיט אונזער פאַראיין געשעהן פון אָנפאַנג ביז איצטער. דאָס זיינען קאָלעקטיווע זכרונות פון די מעטיגע מיטגלידער פון אונזער פאַראיין.

צום ערשטען וועלען האָבען דאָס וואָרט די גאָר אַלטע ברידער. זיי זיינען געשטאַנען ביים וויגעלע פון אונזער פאַראיין, האָבען אויסגע־טרוימט דעם וואונדערליכען חלום — אונזער באַליבטען פ ע ל ש ט י ־ נ ע ר פ א ר א י י ן.

צום באַדויערען קענען ניט אַלע פון די גאָר אַלטע ברידער זיך באַטייליגען אין דער ארבייט, מחמת איינינע זיינען שוין ניט צווישען די לעבעדיגע. דער ערשטער און געאַכטעטער פּרעזידענט פון פאַראיין — לייביש ברענמאַן איז שוין אויף'ן עולם האמת, און איינינע פון דער אַלטער גווארדיע האָבען אונז פאַרלאָזט און געגאַנגען היטען פרעמדע וויינגערטנער.

פון די גאָר ערשטע מיטגלידער זיינען מיט אונז פאַרבליבען:

הירשל אוילשטיין, מאיר האָפמאַן, שלמה שרייער, בנימין האָפמאַן, וועלוול שיינקמאַן און שמעון וואסערמאַן.

ברודער הערי אוילשטיין, וועלכער איז תמיד געווען אַן איבערגעגע־בענער און געטרייער מיטגליד פונ'ם פאַראיין און אויך פילע יאָרען געווען אונזער טרעזשורער, האָט אליין אָנגעשריבען זיינע ערינערונגען וועגען דער טעטיגקייט פון אונזער פאַראיין, פונדעסטוועגען באַטייליגט ער זיך אין דער ארבייט צוזאַמען מיט די אַנדערע ברידער.

מיר וועלען דעריבער געבען דאָס ערשטע וואָרט צו אַן אַנדער ברודער, וועלכער איז אויך איינער פון די גרינדער פונ'ם פאַראיין — מיר וועלען הערען פון ברודער מאיר האָפמאַן, וועלכער איז איינער פון די וויכטיגסטע און איבערגעגעבענסטע מיטגלידער. ער איז געווען פיל מאָל פּרעזידענט פון אונזער סאָסייעטי.

## דער אָנפאַנג

ברודער מאיר האָפמאַן פאַנגט אָן זיינע ערינערונגען אַזוי: „אָ, וויפיל זיסע און אויך טרויעריגע עראינערונגען עס קומען אויף'ן מוח, אַז מען הויבט זיך אָן צו דערמאָנען אָן יענער צייט, אַן ערך דרייסיג יאָר צוריק, ווען אונזערע פעלשטינער לאַנדסלייט זיינען נאָך געווען זעהר ווייניג אין צאָל. דער אומעט און דאָס בענקען נאָך דער אַלטער היים איז געווען זעהר גרויס. דעם איינציגען פאַרגעניגען, וואָס מיר האָבען דעמאָלט געהאַט, איז געווען ווען ס'איז געקומען זונטאַג, דער טאָג, אין וועלכען מיר האָבען זיך געקענט אָפּרוהען פון דער שווערער ארבייט און פון דער דיסציפּלין אין שאַפּ, פונ'ם פאָרמאַן, צו וועלכען מיר זיינען ניט געווען געוואוינט אין דערהיים. אין די זונטאַג'ס פלעגען מיר

צום ערשטען נאָכאמאָל איבערלייענען די בריוו, וואָס מיר האָבען דורך דער וואָך דערהאַלטען פון דער היים, און נאָכדעם איז מען געגאַנגען צו לאַנדסלייט — ערשטענס, אויסצוגעפינען, צי איז ניט אָנגעקומען אַ גריי־נער, דאָס הייסט אַ פרישער לאַנדסמאַן, וועלכער זאָל קענען אָפּגעבען אַ לעבעדיגען גרוס פון דער היים, און צווייטענס, פלעגען מיר גלאַט פאַר־ברייננגען און זיך דערצעהלען מעשות פון פעלשטין. יעדער עפּיזאָד וואָס מען האָט דערמאָנט האָט אָנגעפילט די הערצער מיט בענקעניש און ליבע נאָך דער אַלטער היים. און אפשר האָט מען געבענקט נאָך די יונגע יאָרען, וועלכע זיינען אַזוי שנעל און טרויעריג פאַרשוואונדען.

אַז מען איז אין יענער צייט געקומען צו אַ לאַנדסמאַן, האָט מען זיך מיט דעם גאַסט דערפרייט גלייך ווי ער זאָל זיין אַ לייבליכער גע־שוועסטער קינד, און קיין טיי מיט לימענע האָט שוין ניט געפעלט. ניט נאָר דאָס, נאָר ביי יעדען לאַנדסמאַן פלעגט זיך געפינען אַזאַ גלעזערנע וואַזע אָדער טיפּע שיסעל וועלכע מען האָט אָנגעפילט מיט פרוכטען און באַלד דערלאַנגט צום טיש. מיר פלעגט זיך אויסוויייזען, אַז מען טראָגט אַרום די זעלבע שיסעל פון איין לאַנדסמאַן צום צווייטען. דאַרום, אַז איך פלעג קומען צו אַ לאַנדסמאַן, האָב איך בשעת איך האָב פאַר־מאַכט די טיר תמיד געקוקט אויף צוריק און זעהן צו טראָגט מען מיר ניט נאָך די וואַזע מיט די פרוכטען.

אַז מען פלעגט זיך צונויפקומען צו אַ לאַנדסמאַן, האָט פלוצים עמיצער זיך דערמאָנט עפּעס פון פעלשטין. אַלע האָבען אָנגעשטעלט מויל און אויערען. עס פלעגט זיך אָנהויבען אַזוי: איינער האָט גע־שטעלט אַ פראַגע:

— ווי אַזוי האָט מען געוואוסט ביי אונז אין פעלשטין, ווען אהרן נאָטע איז געגאַנגען דאַווענען?

— טאַקע ווי אַזוי? — זיינען די אַנדערע נייגעריג געוואָרען צו וויסען.

— גאָר פשוט, — האָט דער ערשטער דערקלערט: — ר׳ אהרן נאָטע האָט פאַרמאָגט אַזאַ מין קוויטשעדיג הוסטעלע, אַזאַ כי־כי. און אַז מען האָט דערהערט דעם כי־כי, האָט מען געוואוסט אַז אהרן נטע געהט דאַווענען.

אַן אַנדערער האָט גענומען דערציילען, וואָס עס פלעגט פאַרקומען ביי אונז אין פעלשטיין, ווען די רעקרוטען פלעגען פאַרען קיין קוזמין „זיך שטעלען”. ווי זיי פלעגען זיך אָפּשטעלען אין מאַרק לעבען טראַק־טיר, „געמאַכט קידוש” און געוואָרען פרעהלאַך. זיי פלעגן וועלען אַ הוליע טאָן. אָבער דאָ האָבען זיך צונויפגענומען די פעלשטינער גיבורים

מיט וועלוועל עזרא׳ס בראָש און זיך קעגנגעשטעלט און בייגעקומען די שיכור׳ע נאָוואָבראַנצעס.

איינער האָט זיך דערמאָנט ווי אַזוי יעקעל פּאַרטיגוז׳ע האָט דער־צעהלט אין בית מדרש אַז ער איז געפאָרען קיין פּראָסקוראָוו ארויסנעמען אַ „בראַטשני מעטריקע". דאָס וואָרט „בראַטשני" האָט אָבער צוויי טייטשען — איינע מיינט חתונה, ד. ה. אַ חתונה־מעטריקע. אָבער „בראַטש־ני" מיינט אויך אַ זאַך, וואָס האָט אַ חסרון. האָט זיך ר׳ יאָסעל דעם רב׳ס צוגעטשעפּעט צו ר׳ יעקלען: הלמאי האָט ער גענומען אַ בראַטשני מעטריקע און ניט אַ גוטע, פּערווי סאָרט? הער נאָר אַ מעשה!" האָט זיך ר׳ יאָסעל געהיצט: „אַ איד פאָרט איין מאָל אין זיין לעבען נאָך אַ מעטריקע, נעמט ער נאָר אַ בראַטשני אָן איבערגעקליבענע!"... ר׳ יעקעל וועלכער איז געווען אָן ערליכער אָבער ניט קיין איבערגעשפּיצטער איד האָט זיך געהאַלטען אין איין פאַרענטפערען און ניט געקענט זיך אויס־פּלאָנטערען פון דעם כלומר׳שט אויפגערעגטען ר׳ יאָסעל.

אין יענער צייט זיינען געווען צוויי הייזער, וואו פעלשטינער לאַנדס־לייט פלעגען זיך אָמערסטען צונויפקומען: ביי ר׳ מעכעל פעלד און ר׳ יחיאל צינבערג. אין אָט־די הייזער האָט מען געקענט אָפּנעמען גרוסען פון גאַנץ פעלשטין. דאָרטען פלעגען פאָרקומען די מערסטע פון די שמועסען, צווישען וועלכע עס פלעגט אַמאָל ארויפשווימען די פראַגע וועגען פאַראייניגען אונזערע לאַנדסלייט און אָרגאַניזירען אַ פעלשטינער סאָסייעטי. אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אַ סך אַנדערע לאַנדסלייט פון די שטעטלאַך ארום פעלשטין, ווי גריידינג, פּראָסקוראָוו א. אַז. וו. האָבען שוין געהאַט זייערע פאַראיינען, האָבען מיר אַזאַ פאַראיין ניט געקענט גרינדען. ערשטענס, מחמת פילע פון אונזערע לאַנדסלייט זיינען דאָ געווען נאָר אויף אַ ווייל, דאָס הייסט, זיי האָבען געטרוימט וועגען אָפּשפּאָרען אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר און מאַכען „השיבנו נאָזאַד", ווייל זיי האָבען זיך ניט געקענט צוגעוואוינען צו דעם היגען סאָרט לעבען און האָבען געבענקט אהיים.

צווייטענס, זיינען פּשוט נאָך ניט געווען צווישען אונז אַזעלכע פירער, וועלכע זאָלען אָנפאַנגען אַ באַוועגונג צו אָרגאַניזירען דעם פאַר־איין.

איבער דעם האָבען יענע לאַנדסלייט, וועלכע האָבען באַשלאָסען דאָ צו פאַרבלייבען, זיך אָנגעשלאָסען אַלס מיטגלידער פון אַנדערע, פרעמדע אָרגאַניזאַציעס. די מערסטע האָבען באַלאַנגט צו די גריידינגער, ווי למשל: מעכיל פעלד, אריה צינבערג, יאָסעל פעלד, שלמה קלינג און הערי אוילשטיין. זיי זיינען אָבער ניט געווען צופרידען צו זיצען ביי

א פרעמדען טיש. זיי האָבען זיך דאָרט געפילט ווי פרעמדע, און ס׳האָט זיי זעהר וועה געטאָן פארוואָס זיי האָבען ניט זייער אייגענעם פאראיין.

זעהר שטארק האָט דאָס פארדראָסען אונזער הערי אוילשטיין. ער האָט ניט געקענט פארשטיין פארוואָס „פעלשטינער זאָלען זיין באָרדערס ביי אנדערע פאראיינען".

## צווייטער מיטינג

ברודער שמעון וואסערמאַן, איינער פון די גרינדער, א זעהר־גע־טרייער מעמבער, געדענקט ווי אזוי דער צווייטער מיטינג איז פאָרגעקומען. ער דערציילט:

„דאָס איז געווען אין אָקטאָבער 1905. נאָכדעם וואָס די גרינדונג פון׳ם פאראיין איז פאָרגעקומען ביי גיטעל אלעזר׳ס אין הויז, איז דער צווייטער מיטינג פאָרגעקומען אין א זייטיגער רום פון א באָד ערגעץ אויף עסעקס סטריט. ס׳זיינען דעמאָלט געווען ניין מענשען: לייביש ברענמאַן — דער פרעזידענט; מעכיל פעלד — וויס־פרעזידענט; ווילי שיינקמאַן — דער סעקרעטאר; אברהם קאַהן — טראַסטי און מאיר האָפמאַן, שלמה שרייער, יחיאל ציגבערג, בנימין האָפמאַן און ער אליין, סעם וואסערמאַן. עס איז אויך דאָרט געווען מעבעל אוילשטיין. נאָר ער איז נאָך געווען צו־יונג און האָט זיך ניט אָנגעשלאָסען אלס מעמ־בער. ער איז אָבער אין א קורצער צייט ארום געוואָרען א מיטגליד און איז געבליבען געטריי דער פאראיין ביז היינטיגען טאָג".

## וואָס האָט מען גערעדט און באַשלאָסען ביי יענעם מיטינג?

דערציילט ברודער וויליאם שיינקמאַן, דער ערשטער סעקרעטאר פון אונזער פאראיין, אז דעמאָלט האָט מען נאָך דערוויל גאָרניט באַשלאָסען, מען האָט זיך אָבער געפרייט, וואָס ענדליך האָבען מיר אַן אייגענעם פאר־איין און מען דארף נאָר זיך סטאַרען אריינצוברייגנען נייע מיטגלידער. יאָ, מען האָט ווידעראמאָל גערעדט פון פעלשטין און זיך אָפגעגעבען גרוסען און פארלאָזט דעם לאָקאל אין א געהויבענער שטימונג און מיט דעם פעסטען באשלוס: צונויפצונעמען אלע אונזערע לאנדסלייט פאר דעם קומענדיגען מיטינג.

# דער דריטער מיטינג

און ס'איז טאַקע אַזוי געווען. אין צוויי וואָכען אַרום האָבען מיר זיך פאַרזאַמעלט אין אַ בעק־רום פון אַ סאַלון ערגעץ אויף ריווינגטאָן סטריט. דעמאָלט זיינען געקומען אַרום צוואַנציג פעלשטינער. גלייך ווי אונזער פּרעזידענט, לייביש ברענמאַן, האָט געעפענט דעם מיטינג, האָבען זיך געוועגדעט צוויי מענשען צו אים מיט אַ פּראַגע. דאָס זיינען געווען פישעל שווארץ און אונזער יונה בוים. זיי האָבען געפרעגט דעם פּרעזידענט אַ קשיא:

— וואָס איז דער צוועק פונ'ם פאַראיין און וואָס איז די פּראָגראַם וואָס דער פאַראיין נעמט זיך אונטער דורכצופירען?

(משמעות אַז אין יענע צייטען האָט די אַרבייטער־רינג באַוועגונג געווירקט אַזוי אויפ'ן גרינעם אַרבייטער, אַז ער זאָל פאַרלירען דעם צו־טרויען צו דער אייגענער ענגער לאַנדסמאַנשאַפט.)

דערהערט אַזאַ פּראַגע, איז אונזער לייביש, ע"ה, צום ערשטען אַביסעל מבולבל געוואָרען, מחמת ס'איז אים גאָרניט איינגעפאַלען, אַז מען דאַרף האָבען אַ צוועק אָדער אַ פּראָגראַם, כדי לאַנדסלייט זאָלען זיך קענען פאַראייניגען. נאָר נאָך אַביסעל טראַכטען, האָט ער זיי געלענטפערט מיט אַ פּראַגע:

— וואָס פאַר אַ צוועק ווילט איר האָבען? איז דען דאָס ניט גענוג, וואָס מיר וועלען זיין פאַראייניגט און מיר וועלען קענען זיך צונויפ־קומען און פאַרברענגען צוזאַמען? און אפשר אַז מיר וועלען טאַקע זיין אַ סך אין צאָל, וועלען מיר שמועסען וועגען פּראָגראַמען?

דער ענטפער איז ניט געווען צופרידענשטעלענד פאַר די פרעגער, און זיי האָבען זיך טאַקע באַלד אויפגעהויבען און פאַרלאָזט דעם לאָקאַל. אויף זיי קוקענדיג האָט נאָך איינער אָדער צוויי מענשען פאַרלאָזט דעם מיטינג. אָבער די מערסטע זיינען געבליבען און זיך אָנגעשלאָסען אָן אונזער פאַראיין. ווען דער מיטינג האָט זיך געענדיגט, האָבען מיר זיך איבערגעציילט און אויסגעפונען, אַז מיר האָבען גע'כפל'ט אונזער סכום. מיר האָבען אויך אויסגעפונען, אַז מיר האָבען אַריבער צען דאָלאַר אין דער קאַסע נאָך אַלע הוצאות. אויב אַזוי — האָבען די ברידער באַשלאָסען נאָכצוזוכען און דינגען אַ שטענדיגען לאָקאַל, כדי מיר זאָלען ניט דאַר־פען אַרומוואַנדערען, ווי די ציגיינער, פון איין פּלאַץ צום צווייטען.

# „אַ שטענדיגער לאָקאַל"

א קאַמיטע איז באַשטימט געוואָרען פאַר דעם צוועק און זי האָט געדונגען א פּלאַץ אויף סאָפּאָלק סטריט. מען קען ניט זאָגען, אז דאָס איז געווען איינס פון די שענסטע פּלעצער אין נויאָרק. דאָס איז געווען א קליין שולכעל, וואָס איז געשטאַנען איבער א סטייבעל פון פושקאַרטס, אזוי אז מען האָט געוואָלט ארויפגעהן צו אונזער לאָקאַל, האָט מען אַ־פריער געדאַרפט דורכגעהן די גאַנצע לענג פון דעם פינסטערען סטייבעל, דערנאָך האָט מען געדאַרפט זעהר־פאָרזיכטיג זיך שלעפּען אויף אַלטע, אויסגעקרומטע טרעפּ, וועלכע האָבען מורא׳דיג געקרעכצט ווען מען האָט אויף זיי געשטעלט א פוס, און ערשט דאַן איז מען אריינגעקומען אין א קליין איינגעבויגענעם קלייזעל, וואָס איז געווען שלעכט באַלויכטען פון אַלט־מאָדישע גאַז־ברענערס.

פונדעסטוועגען האָבען מיר זיך דאָרט געפילט פּונקט אזוי ווי ביי אונז, אין פעלשטין, פילט א איד ווען ער קויפט זיך זיינע אייגענע פיר ווינקעלאַך, מעג עס זיין א קליין, אויסגעקרומט ליימען שטיבעל — אבי אַן אייגענס. אזוי זיינען מיר געווען צופרידען וואָס מיר האָבען אונזער אייגענעם שטענדיגען לאָקאַל. ס׳מעג דאָ דערמאָנט ווערען אז אין יענער צייט זענען טאַקע קיין סך שענערע פּלעצער אויף דער ני־דעריגער „איסט סייד" ניט געווען. טאָמער איז געווען איין שענע און באַקוועמע קלינטאָן האָלל, איז אָבער די רענט געווען אזוי הויך, אז מיר האָבען דאָס ניט געקענט באַהויפּטען.

פון דעמאָלט אָן האָבען מיר אָנגעהויבען אָפּצוהאַלטען אונזערע מיטינגען יעדע צוויי וואָכען — אזוי ווי סע פירט זיך ביי לייטען.

צו יעדען מיטינג זיינען צוגעקומען אייניגע נייע מיטגלידער, און מיר זיינען צוביסלעך געוואָקסען. ווען מיר האָבען שוין געהאַט א פיינע צאָל מיטגלידער האָבען מיר ארויסגענומען א „סיטי־טשאַרטער" און דעמאָלט זיינען ארויפגעשוואומען די פאָלגענדע זעהר וויכטיגע און ערנסטע פראַגען:

1. קראַנקען־בענעפיט. דאָס איז דאָך די וויכטיגסטע אויפגאַבע פון א פאַראיין — צו שטיצען די מיטגלידער אין א נויט.

2. סעמעטערי, אַ בית הקברות... דאָס איז געווען אפשר וויכטיגער פון שטיצע, ווייל מיר זיינען געווען דאָ אין א פרעמד לאַנד און מען האָט געמוזט זיך אָנגרייטען א שטיקעל אָרט אויף איבער־הונדערט־יאָר.

3. אַ קאָנסטיטוציע.׳ אַז מען האָט שוין אַ שעהנע צאָל מיטגלי־דער, דאַרף מען זיך פירען פּאַרלאַמענטאַריש.

מילא מיט דער קאָנסטיטוציע האָט מען געקענט אַביסעל וואַרטען: מיר האָבען זיך דערווייל באַנוצט מיט די רולס און רעגולײשאָנס פון אַנ־דערע פאַראיינען.

## מעות חטים אָן בענעפיט

בענעפיט, ווידער, איז געווען צו אַ טייערער ביסען ווייל אונזער פאַראיין איז נאָך גאַר יונג און אָרים געווען — האָט מען דאָס אויך געמוזט אָפּלייגען אויף מער־גינסטיגע צייטען. פונדעסטוועגען האָט אונזער פאַר־איין אַ סך אויפגעטאָן אויף דעם געביט פון שטיצע, כאָטש קיין אָפיציעלער בענעפיט איז ביי אונז ניט געווען. ראשית האָט מען אַרויסגעהאָלפען אַ ברודער אין אַ נויט מיט אַ שטיקעל הלואה און, אָפטמאָל, מיט אַ מתנה, אַנשטאָט אַ נדבה. ס׳האָט זיך קיינמאָל ניט געטראָפען, זינט אונזער פאַראיין עקזיסטירט, אַז אַ ברודער זאָל זיך צו אונז ווענדען אין אַ נויט, און מיר זאָלען אים חלילה אָפּזאָגען. ווידער, איז מען ביי אונז אין פּעלשטין באַלד געוואויר געוואָרען וועגען דער גרינדונג פון אונזער פאַר־איין, און מען האָט זיך פון דאָרט געווענדעט צו אונז נאָך שטיצע. און דעם ערשטען פאַר פּסח פון אונזער עקזיסטענץ איז געקומען צו אונזער פאַראיין ר׳ בונם דאַנציס, ע״ה, אַן אַלטער אָנגעזעענער פּעלשטינער באַלע־באָס, וועלכער האָט געוואוינט אין נוארק, און געבעטען מען זאָל העלפען מיט מעות חטים די פּעלשטינער נויט־באַדאַרפטיגע. דעמאָלט האָט וואָ־לונטירט אונזער חשוב׳ער ברודער, מאיר האָפּמאַן, צו געהן מיט ר׳ בונמ׳ען צווישען די לאַנדסלייט צונויפצוקלייבען געלט אויף מעות חטים, נאָר מיט דעם באַדינג אַז דער פאַראיין זאָל אויך ביישטייערען. און פון דעמאָלט אָן איז געוואָרען אַ חוק, אַז אַלע ערב פּסח זיינען ר׳ בונם מיט ברודער מאיר האָפּמאַן אַרומגעגאַנגען צו די לאַנדסלייט און געזאַ־מעלט געלט און דערנאָך האָט אונזער פאַראיין צוגעלעגט אַ סומע פּאָדליג מיר האָבען געקענט. דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטען ביז אַרום דער צייט פון דער מלחמה — ביז 1914 — ווען מען האָט מער ניט געקענט זיך פאַרבינדען מיט פּעלשטין. שפּעטער־צו ווען ר׳ בונם איז געשטאָר־בען האָט אונזער ברודער שלמה צווייג אַנטייל גענומען אין דער מצוה.

ברודער האָפּמאַן האָט תמיד ליב צו שמועסען פון יענער צייט ווי אַזוי ער האָט זיך געשלעפּט מיט דעם אַלטען בונמ׳ען אויף פינפטע פלאָרס און אַרומגעפּאָרען מיט קאַרס און עלעוויטאָרס. ס׳איז אָבער ביי זיי

אַנגעלעגט געווען די אַרבייט. די זאַך האָט נאָר געקענט מעגליך זיין א דאַנק אונזער פאַראיין. דאַרום האָבען מיר ניט געזאָרגט זיך אַזוי פיל, וואָס מיר האָבען נאָך ניט קיין אָפיציעלען בענעפיט.

## „געקויפט סעמעטערי"

אָבער מיט סעמעטערי האָט מען ניט געקענט וואַרטען, און מען האָט טאַקע באַלד אויסגעקליבען אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל נאָכזוכען און אויסגעפינען אַן אָרט און דעם פּרייז פון אַ סעמעטערי.

„דעמאָלט", דערציילט ברודער וואַסערמאַן, „האָבען זיך שוין אָנגעהויבען צווייסטיגקייטען צווישען אונזערע מיטגלידער. ערשטענס, האָט מען באַשולדיגט איינעם פון דער קאָמיטע, אַז ער וויל קריגען קאָמישאָן. צווייטענס„ איז געווען אַ חלוקי־דעות צווישען די מעמבערס וועגען דעם פּלאַץ. אייניגע האָבען פאַרגעשלאָגען צו קויפען לאַנד אין ברוקלין אָבער די מערהייט האָט פאַרגעצויגען סטעטען איילאַנד און די לעצטע האָבען אויסגעפירט. ווייל, ערשטענס, זיינען די מערסטע ברידער געווען ניו יאָרקער, און פאַר זיי איז געווען גרינגער צו קומען קיין סטעטען איילאַנד. צווייטענס, איז טאַקע דער פאַרקער מיט ברוקלין אין יענע צייטען געווען זעהר אומגינסטיג. דערפאַר האָבען מיר ענדליך, אין יאָר 1906, געקויפט אַ פּלאַץ אויף באַראָן הירש סעמעטערי אין סטעטען איילאַנד. מיר האָבען די סעמעטערי צוגענומען אויף אַ ווירדיגען אופן און דאַן האָבען מיר אַלע געפילט אַז אונזער פאַראיין איז פולשטענדיג געזיכערט.

## אַ פאַרזוך צו שאַפען אַ קאָנסטיטוציע

נאָכדעם ווי מיר האָבען געקויפט די סעמעטערי, האָבען מיר אָנגעהויבען טראַכטען וועגען אַ קאָנסטיטוציע. מיר האָבען דערוויילט אַ קאָמיטע אויף אויסצואַרבייטען די אַרטיקלען. ברודער מ. האָפמאַן, וועלכער איז געווען איינער פון דער קאָמיטע, דערצעהלט וואָס ס'איז פאַרגעקומען מיט דער קאָמיטע:

„צווישען די מעמבערס פון דער קאָנסטיטוציע־קאָמיטע האָבען זיך געפונען, אַ חוץ מיר, אונזער סעקרעטאַר פון דעם בוך־קאָמיטעט — י. בוים, און אונזער געוועזענער ברודער מ. פעלד. מיר האָבען אָפּגעהאַלטען עטליכע זיצונגען. אָבער וואָס מער מיר זיינען אַוועק מיט דער אַרבייט, אַלץ מער שטרייטיגקייטען האָבען זיך אָנגעהויבען צווישען אונזערע ברידער. פיל מאָל האָט מען אַרגומענטירט שטונדענווייז איבער

אָן אות אָדער אַ וואָרט אין אַ געוויסען אַרטיקעל. די ארבייט איז דער־פאר געגאנגען זעהר לאנגזאם און ניט גלאטיג. אחוץ דעם האָט איין ברו־דער זיך פּלוצים איינגעשפּארט, מיר זאָלען האָבען אַ פּונקט אין אונזער קאָנסטיטוציע, אַז מיר נעמען אריין צו אונז אין דער סאָסייעטי נאָר פעלשטי־נער לאַנדסלייט. קיין שום פרעמדע זאָלען ניט קענען ווערען מיטגלידער פון דעם פאראיין. די איבעריגע מיטגלידער זיינען געווען געגען אַזאַ אומ־דעמאָקראַטישען פּונקט. דער ברודער איז אָבער געבליבען איינגעשפּאַרט, און ס'איז ארויסגעקומען אַ גאַנצע קריגעריי. דער סוף איז געווען, אַז דער ברודער האָט רעזיגנירט פונ'ם פאראיין, די קאָמיטע האָט זיך אויפ־געלייזט און מיר זיינען געבליבען אָן אַ קאָנסטיטוציע.

## שלעכטע צייטען

אין דער זעלבער צייט האָבען שווארצע וואָלקענס אנגעהויבען זיך אָנרוקען אויף אונזער ליכטיגען הימעל. ערשטענס, זיינען פאָרגעקומען געוויסע פּערזענליכע רכילות'ן צווישען איינינגע ברידער און דאָס האָט געפירט דערצו וואָס אַ פּאָר ברידער האָבען פארלאָזט דעם פאראיין. ס'איז מערקווירדיג ווי אַזוי אונזערע ברידער אין דער סאָסייעטי פארהאַלטען זיך צווישען זיך אַזוי ווי אמת'ע קרובים, און אַז איינער האָט עפּעס אַ סכסוך מיט'ן צווייטען, ברוגז'ט ער זיך אָן אויף'ן פאראיין און לאָזט זיך שטריי־כען אַלס מיטגליד. אַזוי איז אַמאָל פאָרגעקומען אַ קריגעריי צווישען אַ משפּחה, און דער סוף איז געווען אַז אונזער פאראיין האָט פארלוירען עט־ליכע מעמבערס. נאָר דאָס ערגסטע איז פאָרגעקומען, ווען איינינגע מער פאָרטגעשריטענע מעמבערס האָבען אָנגעהויבען אַ באוועגונג אַז דער פאראיין זאָל ווערען מער פּראָגרעסיוו. זיי האָבען געוואָלט, אַז ערשטענס זאָל מען בייִ־טען דעם נאָמען פונ'ם פאראיין, אנשטאָט וואָס ס'האָט דעמאָלט געהייסען „פּוירסט פעלשטינער פּאָדאָליער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן" זאָל מען אים אַ נאָמען געבען „פעלשטינער פּראָגרעסיוו פאראיין". צווייטענס, אַז מען זאָל איינפירען לעקציעס מיט פאָרלעזונגען און מעגליך קאָנצערטען ביי אונזערע מיטינגען. אין יענער צייט, אין דעם יאָר 1909, האָט זיך געגרינדעט אַ קלוב פון דער פעלשטינער יוגענט מיט דר. י. קלינג בראש. כאָטש יענער קלוב איז געגרינדעט געוואָרען נאָר צוליב בילדונג און אויפקלע־רונגס־ארבייט, פונדעסטוועגען האָבען אונזערע פּראָגרעסיווע מעמבערס גע'טענה'ט, אַז ווען מיר זאָלען ביי אונז אויך איינפירען לעקציעס מיט פאָרלעזונגען, וואָלטען מיר צוגעצויגען די אינגערע מעמבערס און זיי וואָלטען ניט נעדאַרפט מאַכען שבת פאַר זיך.

ס'האָבען זיך אָבער ביי אונז געפונען פילע אָרטאָדאָקסישע מעמ־בערס, וועלכע האָבען פון אַזעלכע נייע פּאַראַנדקעס ניט געוואָלט וויסען. האָט אויסגעבראָכען אַ מלחמה צווישען די פּראָגרעסיסטען און די קאָנ־סערוואַטאָרען. מען דאַרף ניט פארגעסען, אַז אין יענער צייט האָבען די ראַדיקאַלען אויף דער אידישער גאַס אָנגעפירט אַ מין צו'להכעיס קאַמף אַקעגען די „פינצטערע קאָנסערוואַטאָרען". דעמאָלט האָבען די סאָציאַליסטען אומיסטען דורכגעפירט זייערע עקסקורסיעס אום שבת און די אַנאַרכיסטען האָבען דוקא געמאַכט זייערע בעלער יום כפור צו כל נדרי. דערפאַר האָבען אונזערע עלטערע, קאָנסערוואַטיווע מעמבערס געקעמפט קעגן די פּראָגרעסיסטען".

כדי צו האָבען אַ באַגריף, וואָס ס'איז דעמאָלט פאָרגעקומען ביי אונז אין פאַראיין, גיט אונזער בר. מ. האָפמאַן איבער, וואָס ס'איז פאָרגעקומען ביי איינעם פון יענע מיטינגען ווען אונזערע מעמבערס האָבען געפירט אַן אמת'ע בירגער־קריג.

דער מיטינג, דערצעהלט בר. האָפמאַן, איז פאָרגעקומען אין דעם קליי־זעל אויף סאָפאָלק סטריט. ברודער שמחה קופער איז געווען טשערמאַן. נאָכ־דעם וואָס מען האָט דורכגעפירט דעם ערשטען טייל פונ'ם מיטינג רופט זיך אָן דער פּרעזידענט: „מיינע ברידער, מיר מוזען איינמאָל פאַר אַלעמאָל „צעטלען" די פראַגע פון בייטען דעם נאָמען פון אונזער סאָסייעטי". דאָן האָבען זיך כמעט אַלע ברידער אויפגעשטעלט און געבעטען דאָס וואָרט. ברודער קאָן פון די פּראָגרעסיסטען האָט געקראָגען דאָס ערשטע וואָרט. אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזען ארויסצורעדען אַ וואָרט, האָבען עט־ליכע ברידער אָנגעהויבען שרייען: „מיר ווילען ניט ווערען קיין גוים! מען דאַרף ניט בייטען דעם נאָמען."

ברודער קאָן האָט געפּרוּווט איבערשרייען טענה'נדיג:

— ווער זאָגט, אַז מיר געהן ווערען גוים? מיר ווילען נאָר ווערען אַביסעל מער פּראָגרעסיוו. די גאַנצע וועלט פּראָגרעסירט ווילען מיר אויך ניט בלייבען הינטערשטעליג, דערפאַר שלאָג איך פאָר אַז מיר זאָלען רופען אונזער פאַראיין: „ערשטער פעלשטינער פּראָגרעסיוו בענעוואָלענט אסאָסי־יישאָן".

ר' אהרן לאַנדע, ניט וואַרטענדיג אויפ'ן פּרעזידענט צו געבען אים דאָס וואָרט, שטעלט קאָנ'ען אַ פראַגע: וואָס מיינט איר מיר זאָלען זיין פּראָגרעסיוו? מיר זאָלען געהן אָן די היטלען אין האַלטען מיטינגען אום יום טוב? ר' נחום דעם רב'ס פּרוּווט כלומרשט ארויס־העלפען ברודער קאָן און מיט אַ גוט מוטינען שמייכעל זאָגט ער, אַז ער ווייסט וואָס זיי מיינען מיט דעם פּראָגרעסיוו — זיי ווילען אונז מאַכען פאַר

„סיציליסטען". „וואָס דאַרפט איר דאָ לאַנג ברייען", שרייט אויס אן אַנ־דער ברודער, „זיי ווילען רואינירען די סאָסייטי".

„ווער וויל רואינירען די סאָסייטי", צושרייט זיך ברודער קאַן, „מיר ווילען זיך פירען פּראָגרעסיוו, אזוי ווי דער ארבייטער רינג, א שטייגער".

— אָ, ווי דער ארבייטער רינג! — שלאָגט אים איבער ר' אהרן, „וואָס זשע, איר ווילט אפשר מאכען בעלער אום יום כפּור, און פאָרען אויף עקסקורסיעס אום שבת?"

— וואָס פאר א בעלער, וואָס פאר אן עקסקורסיעס, — שרייט צוריק קאַן, — מיר ווילען איינפירען פאַרלעזונגען.

— גערה, שוין גענוג, — לאַכט פון אים ר' שלמה קלינג. ס'איז עפּעס אין פעלשטין אין דער ווייבערשער שול, וואָס מען דאַרף פאַרלעזען? וואָס זשע קענסט אליין ניט לערנען?

— איר פאַרשטעהט ניט, ר' שלמה,—צעהיצט זיך א יונגער מעמבער.

— ביי די פּראָגרעסיווע פאַראיינען פירט זיך, אז מען לאַדעט איין א רעדנער, ער זאָל לעקטשורען איבער עפּעס א וויכטיגער טעמא אָדער מען לערנט פּאָר.

— וואָס מיר לעקטשורם! — שרייט אויס ר' יחיאל צינבערג. — יואָס איז דאָ א סקול, צי א קאַלעדזש וואָס מען דאַרף לעקטשורם? איר ווילט מאכען א שענעם תכלית פון'ם פאַראיין!...

ר' מעכיל פעלד האָט אפּנים ניט גענענט באַשליסען מיט וועלכען צד ער זאָל האַלטען. רופט ער זיך פּלוצים אָן, אז ער וויל פרעגען א פראַ־גע:

„למשל, — אז מיר ווילען איינפירען לעקטשורם — דאַרף מען צו־ליב דעם בייטען דעם נאָמען פון'ם פאַראיין?

אויף דעם האָט שוין דער פּרעזידענט אליין געענטפערט: „איר פאַרשטייט, ר' מעכיל? אונזער סאָסייטי איז קראַנק און מען מוז איר משנה השם זיין — בייטען דעם נאָמען.

— וואָס מיינט די סאָסייטי איז קראַנק? וויל ר' מעכיל וויסען.

— ווייל די סאָסייטי איז אַלט־מאָדיש, — ענטפערט אים דער פּרע־זידענט, — זי איז אַלט און קראַנק, מיר דאַרפען צוציהען די אינגערע לאַנדסלייט. מען דאַרף אריינגעבען פריש לעבען אין אונזער פאַר־איין. דערפאַר מוזען מיר בייטען דעם נאָמען אויף פּראָגרעסיוו.

— דערמאָן מיר ניט פּראָגרעסיוו! — צושרייט זיך ר' אהרן, — דאָס שמעקט מיט גוי'איש, מיט געהן אָנ'עם היטעל...

דער פּרעזידענט ווערט אומגעדולדיג און הייסט דעם ברודער זיך אוועקזעצען. הויבען זיך אויף אַנדערע ברידער און אַלע רעש'ען און

שרייען איינער העכער פונ'ם אנדערן. דערווייל איז שוין דער זייגער איינס פארטאָג. דער דזשעניטאָר איז אריינגעקומען און גענומען לעשען די לאָמפּען, און דער עולם איז זיך צוגאנגען אין אונאָרדנונג.

## „אַ נייער טשאַרטער"

אזוי האָט מען דעבאטירט ביי עטליכע מיטינגען ביז די פּראָגרעסיס־טען האָבען געזעהן, אַז זיי וועלען צו קיין טאָלק ניט קומען זיינען זיי אוועק און האָבען בשתיקה ארויסגענומען א „סטייט־טשארטער" אויף דעם נאָמען: „פּוירסט פּעלשטינער פּראָגרעסיוו בענ. אסאָס." ווען זיי האָבען געבראַכט דעם טשארטער צום מיטינג האָט דאָס די קאָנסערוואַטיווע מעמבערס שטארק פארדראָסען. זיי האָבען אָבער געמאכט א שוויג און הפּנים געוואַרט אויף א געלעגענהייט זיך אָפּצורעכענען מיט די רעוואָ־לוציאָנערען.

## די שפּאַלטונג

ברודער וו. שענקמאן דערציילט, ווי אזוי ס'איז געקומען צו אַן אָפּענעם ברוך:

„די פּראָגרעסיסטען האָבען אָנגעהויבען דורכצופירען זייער פּראָג־ראַם. זיי האָבען גענומען איינלאַדען רעדנער און פאָרלעזער, און מאנכע פון זיי האָבען אליין פאָרגעלעזען שריפטען פון מאָדערנע שרייבער. די קאָנסערוואַטאָרען האָבען אָבער אויך ניט געשוויגען, זיי האָבען גע'־טענה'ט אַז זיי ווילען אויך עפּעס פאָרלעזען האָט מען זיי נאָכגעגעבען.

„ביי איין מיטינג האָט זיך ר' אהרן לאַנדע אוועקגעשטעלט און גע־נומען פאָרלעזען עפּעס א רעליגיעזע זאַך פון א מדרש. ער האָט לאַנג געלייענט און דער אינגערער עולם האָט אָנגעהויבען ווערען אומגעדולדיג. איניגע מעמבערס האָבען געלאָזט פאַלען אומגינסטיגע באמערקונגען. פּלוצים האָט בר. ס. קופּער, וועלכער איז דעמאָלט געווען פּרעזידענט, א געשריי געטאָן:

— וואָס באַלעמעטשעט ער!

ר' אהרן האָט זיך דערפילט שטארק באַליידיגט. ער האָט מיט כעס פארמאכט דעם ספר און פארלאָזט דעם לאָקאַל. אויף אים קוקענדיג, האָבען אַלע עלטערע און קאָנסערוואַטיווע מיטגלידער זיך אויפגעהויבען און דעמאָנסטראַטיוו פארלאָזט דאָס פּלאַץ.

וואָס ס׳איז ווייטער פאָרגעקומען ביי אונז אין פאַראיין ווערט דער־ציילט פון צוויי טעטיגע מיטגלידער און העכסט־געטרייע ברידער פון אונזער פאַראיין. די ברידער ,כאָטש זיי האָבען ניט געהאַט דאָס גליק צו זיין פון די גרינדער, ווייל זיי זיינען נאָך דעמאָלט אין לאַנד ניט געווען, זיינען אָבער טעטיג געווען אין דער ארבייט פונ׳ם פאַראיין פונ׳ם טאָג וואָס זיי זיינען געוואָרען מיטגלידער. איינער פון זיי — ברודער ש. צווייג — איז געווען עטליכע מאָל פרעזידענט פונ׳ם פאַראיין. דער צווייטער, ברודער סעם פאָרטנאָי — איז פילע מאָל געווען סעקרעטאַר.

ברודער צווייג דערצעהלט און ברודער פאָרטנאָי פאַסט אויף, אז אלץ זאָל זיין קאָרעקט:

„דורך דער צייט וואָס דאָס מחלוקת צווישען די פּראָגרעסיסטען און קאָנסערוואַטאָרען איז אָנגעגאַנגען, האָב איך קיין טיכטיגען אנטייל ניט גענומען, מחמת איך בין נאָך געווען גרין. ס׳האָט מיך ניט אזוי פיל אינטערעסירט, וואָס עס קומט פאָר אין פאַראיין. איך בין געווען צו־פרידען מיט דעם אליין וואָס מיר האָבען אַ פאַראיין, וועלכער האַלט אָפּ מיטינגען און איך האָב וואוהין צו קומען און קאָן זיך זעהן מיט מיינע לאַנדסלייט. אָבער ווען די אַלטע גווארדיע האָט זיך אָפּגעריסען פונ׳ם פאַראיין, האָט אונזער אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבען געהן צו־גרונד. ניט נאָר האָבען זיך אַ סך מעמבערס געלאָזט שטרייכען, נאָר זיי האָבען נאָך צוגערעדט אנדערע — אזוי צו זאָגען —נייטראַלע מיטגלידער, אז זיי זאָלען זיך אויך אָפּרייסען פונ׳ם פאַראיין. און אָט־די ארבייט האָט זיך זיי זעהר אָפּט איינגעגעבען. און עס איז אזוי פאָרגעקומען, אז צו יעדען מיטינג זיינען געקומען אַלע מאָל ווייניגער מיטגלידער. פילע האָבען אויפגעהערט צו צאָלען דיוס. ס׳איז אוועק אזוי וויט, אז מיר האָבען שוין ניט געקענט קריגען קיין קוואָרום צו עפענען אַ מיטינג. דארום האָט שוין קיין פראגע ניט געקענט זיין וועגען ארייננעמען נייע מיטגלידער, מחמת אז מען האָט שוין אַמאָל פאָרגעשלאָגען אַ נייעם קאַנדידאַט, איז ניט געווען קיין אָפּענער מיטינג מען זאָל אים קענען איינשווערען.

„עטליכע עלטערע ברידער, ווי הערי אוילשטיין און זיין ברודער מעקס, שלמה שרייער, מאיר און בנימין האָפמאַן, וואָס דער פאַראיין איז זיי געווען טייער, האָבען זיך איינגעשפּאַרט און ניט געוואָלט אויפגעבען די האָפנונג אז דער פאַראיין וועט זיך נאָך צוריק שטעלען אויף די פיס. פלעגען מיר קומען אין דעם לאָקאַל אין דער צייט ווען ס׳האָט גע־דאַרפט זיין אַ מיטינג, אָפּזיצען דעם גאַנצען אָווענט און אַהיים געהן מיט נאָרנים, צו גאָר מיט עגמת נפש.

## אַ נייער פּלאַן

„איינמאָל זיינען צום מיטינג געקומען דריי געציילטע מיטגלידער: שלמה שרייער, הערי אוילשטיין און איך אליין. מיר זיינען אָפּגעזעסען דעם גאַנצען אָווענט און זיך געלאָזט געהן אהיים. גראדע האָבען מיר אָלע גערדארפט פאָרען מיט דער זעלבער קאר. אויפ׳ן וועג פאַלט אונז איין א געדאנק: מיר זאָלען געהן צו ברודער שמחה קופער, וועלכער איז געוועזען דער וויכטיגסטער פירער פון די פּראָגרעסיסטען. אזוי ווי אָבער ער איז געוועזען שטארק פארנומען מיט זיינע געשעפטען, האָט ער אויפ־געהערט איינטייל צו נעמען אין דער ארבייט פונ׳ם פאראיין. ער איז דאָך אָבער פאָרט א פעהיגער מענש, האָבען מיר באַשלאָסען זיך צו ווענדען צו אים: אפשר וועט ער פאר אונז אויסטראכטען א פּלאַן, ווי אזוי צו־נויפצורופען אונזערע ברידער און אריינברענגען א ביסעל לעבען אין אונזער פאר׳חלש׳טן פאראיין. פאָרענדיג, האָבען מיר אָפּגערעדט טאַקע דעם צווייטען טאָג זיך ווענדען צו ברודער קופער.

מיר האָבען אזוי געטאָן. אויף מאָרגען זיינען מיר אַוועק צו ברו־דער קופער און ער האָט אונז טאַקע פאָרגעגעבען א געוויסען פּלאַן, וועל־כען ברודער הערי אוילשטיין באַשרייבט אויספירליך אין זיינע ערינערונגען, און וועלכער איז געווען א פולשטענדיגער דורכפאַל.

## אַ מעהר געלונגענער פּאַרזוך

איז ווידער געוואָרען שלעכט. כאָטש ס׳האָבען זיך שוין אָנגעהויבען ווייזען מער מיטגלידער צו א מיטינג, איז דער פאראיין אָלץ געווען שפּל. ס׳איז אפילו איינמאָל פאָרגעשלאָגען געוואָרען א פּלאַן, אז מיר זאָלען זיך פאראייניגען מיט די גריידינגער. אָבער מיר האָבען זיך איינגעשפּארט: איינמאָל ניין. אָדער א זעלבסטשטענדיגען פאראיין, אָדער גאָרניט. אזוי האָבען מיר זיך געשלעפּט, ביז ארום סוף יאָר 1913. דעמאָלט האָבען מיר באַשלאָסען צו מאכען נאָך איין אָנשטרענ־גונג און צונויפרופען א מאַס־מיטינג פון אָלע אונזערע לאַנדסלייט, און איינמאָל פאר אַלעמאָל זעהן וואו מיר שטעהן, ווייל אזוי אָנגעהן האָט ניט געהאַט קיין שום זין.

אַזאַ מיטינג איז גערופען געוואָרען ארום נאָוועמבער 1913 אין 96 קלינטאָן סטריט. אונזערע פעלשטינער לאַנדסלייט האָבען זיך גראדע ניט געלאָזט בעטען און זיי האָבען אָנגעפילט דעם האָלל.

געוויינליך, זיינען געהאַלטען געוואָרען פיעל רעדעס. איינער פון די רעדנער איז געווען אונזער דר. מ. האָפמאַן, וועלכער איז נאָך דעמאָלט געווען אַ סטודענט און איז נאָך ניט געווען קיין מיטגליד. ער האָט זעהר הארציג אַפּעלירט צו די לאַנדסלייט, אז זיי זאָלען זיך פאראייניגען. דער סוף איז געווען אז מיר זיינען ארוים פון דעם מיטינג אביסעל געשטאַרקט. מיר האָבען צוגעקראָגען עטליכע נייע מיטגלידער און ס'האָט זיך אָנגעהויבען אביסעל צו רודערען אין אונזער פאראיין.

דעמאָלט האָט געהערשט עפּעס אַ מאָדנע סיטואַציע אין אונזער סאָ־סייטי. געוויינטליך פירט זיך, אז מענשען פאראייניגען זיך, כדי צו קריגען נעגענזייטיגע שטיצע אין אַ נויט אָדער אין פאַל פון קראַנקהייט. ביי אונז איז געווען פארקערט. מיר האָבען געשטיצט אונזערע ברידער, כדי זיי זאָלען זיך האַלטען צוזאַמען. מיר האָבען אָבער ניט געהאַט קיין פאָנד פאַר שטיצע. האָבען מיר געזוכט פּלענער ווי אַזוי צו מאַכען געלט.

איינמאָל זיינען מיר געפאַלען אויף אַ פּלאַן: אזוי ווי אונזער חזן ר' דוד איז דאַן גראַד אָנגעקומען קיין אַמעריקא זאָלען מיר דינגען אַ האָל פאַר שמחת תורה. דער חזן וועט דאַוונען און מ'וועט די ברידער אויפרופען צו דער תורה וועלען זיי מנדר זיין, וועט זיין געלט. איז טאַקע דער יום טוב געווען אַ דערפאָלג. פילע ברידער זיינען טאַקע געקומען דאַוונען און האָבען געמאַכט זעהר שעהנע לחיים'ס און טאַקע מנדר געווען אויך. נאָר דער פּראָפיט, וואָס איז אונז געבליבען, איז געווען וואָס מיר האָבען נאָך געדאַרפט באַצאָלען פאַר דעם האָל. ביים נעקסטען מיטינג האָט ברודער פּאָרטנאָי געמאַכט אַ פאָרשלאַג, וועלכער איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען, אז מיר זאָלען זיך מער ניט פארנעמען מיט רעליגיעזע זאַכען — און מיר היטען אָפּ דעם פאָרשלאַג ביז היינטיגען טאָג.

אַ צווייטער פּלאַן איז פאָרגעלעגט געוואָרען אז מיר זאָלען „לויפען" אַ באָל, ווי סע פירט זיך ביי אנדערע פאראיינען. האָבען מיר אַזוי גע־טאָן: געדונגען אַ האָל אויף אָרטשאַרד סטריט און אַלע ברידער און פילע לאַנדסלייט זיינען געקומען. די ענגשאַפט איז געווען גרוים, די היץ — אום'ברחמנות'דיג, אָבער מיר האָבען פון דעם באָל גאָרניט אָפּגעשפּאָרט.

מיר זיינען „געלאָפען" מיט אַ טעאַטער בענעפיט און אויך קיין גליקען ניט געמאַכט. ממילא האָבען מיר קיין „קראַנקען־בענעפיט" ניט געקענט עפענען. נאָר אַזוי ווי מיר האָבען ניט געהאַט קיין גרויסע הוצאות און די מעמבערס האָבען געצאָלט זייערע שולדען, האָבען מיר כאָטש געקענט עקזיסטירען און אַמאָל ארויסהעלפען אַ ברודער אין אַ נויט אָדער ארויסהעלפען די לאַנדסלייט פון דער אַלטער היים מיט וויפיל מ'האָט געקענט

# הילף

פונדעסטוועגן זיינען מיר ניט געפאַלען געוואָרען ביי זיך און כאָטש מיר האָבען קיין קראַנקען־בענעפיט נאָך אַלץ ניט געקענט איינ־פירען האָבען מיר אַלע מאָל געטאָן, וואָס מען האָט געקאָנט צו העלפען אונזערע ברידער. און ווען ס'איז אָנגעקומען א ידיעה פון פעלשטין, אז ס'זענען דאָרט פאַרברענט געוואָרען צוויי הייזער, האָט אונזער פאַראיין געהאָלפען די דאָרטיגע נשרפים. ברודער מאיר האָפמאַן, נאָכדעם וואָס ער איז, אַלע פאַר פסח, ארומגעלאָפען מיט'ן אַלטען ר' בונם צווישען די לאַנדס־לייט און געזאַמעלט אויף מעות חטים, פלעגט ער קומען און מאָנען מען זאָל דערלייגען ביז צו א גלייכען סכום. און אונזער פאַראיין האָט דאָס געגעבען מיט כבוד.

אזוי האָבען מיר זיך געפירט א שטיק צייט אָן שום גרויסע געשעהעני־שען. קיין צופיל מעמבערס האָבען מיר ניט צוגעקראָגען; קיין סך געלט אין דער קאַסע האָבען מיר ניט געהאַט און ניט געקענט האָבען. די מיטינגען פלעגן זיין שוואַך־באַזוכט. ווען ס'האָט אויסגעבראָכען די גרויסע וועלט מלחמה, אין 1914, און מיר זיינען אָפגעשניטען געוואָרען פון פעלשטין, האָבען מיר שוין אהיים קיין שטיצע ניט געקענט שיקען. דעמאָלט איז די טעטיגקייט אין פאַראיין פאַרגליווערט געוואָרען און ס'האָט אזוי אָנגעהאַלטען ביז זומער פון 1919, ווען די גרויסע קאַ־טאַסטראָפע האָט באַפאַלען אונזער געבורטס־שטעטעל פעלשטין.

## פעלשטינער רעליף פאָנד

אונזער פאַראיין האָט זיך דעמאָלט דערהויבען צו דער העכסטער שטופע פון וואוילטעטיגקייט און אָפּפערוויליקייט. ווען מיר זיינען גע־וואויר געוואָרען ווי אזוי אונזערע פאָטערס און מוטערס, שוועסטער און ברידער זיינען אויסגע'שחט'ן געוואָרען פון די מערדערישע כוליגאַנעס, די פעטלוראָווצעס — האָבען מיר אָנגעגורט אונזערע לענדען און אונזער פאַראיין האָט כמעט מיט איבער־מענשליכע כוחות געטאָן אַלעס, וואָס ס'איז מעגליך געווען, כדי צו ראַטעווען די וואָס זיינען לעבעדיג געבליבען און צו לינדערען די שמערצען פון די פאַרוואונדעטע און פאַרקריפּעלטע.

## גרינדונג

ברודער שמואל חיים פּאָרטנאָי, וועלכער איז געווען דער ערשטער ארויסצוברייננגען דעם גערואנק וועגן א רעליף פאר אונזערע פעלשטינער פּאָגראָם־קרבנות, דערציילט ווי דאָס איז פארגעקומען און ברודער צווייג, וועלכער איז געוואָרען איינער פון די טעטיגסטע מעמבערס אין דעם רעליף־קאָמיטעט ,העלפט אים ארויס:

„דאָס איז געווען אין דעם זומער פון 1919, ווען מיר האָבען שוין דאָ געהערט, אז ס׳זענען פאָרגעקומען א רייע פּאָגראָמען אין אוקראאינע, טאקע אין אונזער געגענט. קיין דירעקטע ידיעות האָבען מיר ניט געהאט, מחמת ס׳איז נאָך ניט געווען קיין פּאָסט־פאַרבינדונג. ס׳האָט זיך אָבער געטראָגען אין דער לופט, אז ביי אונז אין שטעטעל איז א גרויסער אומגליק געשעהן. אין א געוויסען טאָג האָבען די צייטונגען באריכטעט, אז ס׳איז פאָרגעקומען א פּאָגראָם אין פּראָסקוראָוו, און אין איינינע ארומיגע שטעטלעך אָבער קיין איינצעלהייטען זיינען ניט געמאָלדען געוואָרען.

ווען איך בין געקומען צום מיטינג פון אונזער פאראיין, האָב איך אויפמערקזאם געמאכט די ברידער וועגן די ידיעות פון פּראָסקוראָוו און אומגעגענד, און איך האָב געזאָגט מיין מיינונג, אז מען זאָל זעהן עפּעס טאָן: טאָמער קומט אָן שלעכטע נייעס פון פעלשטין זאָלען מיר זיין גרייט מיט הילף. ביי יענעם מיטינג, ווען ברודער מאיר האָפמאַן איז געווען פּרעזידענט, איז גראד געווען אונזער דאָקטאָר האָפמאַן. ווען ער האָט געהערט מיינע רייד האָט ער גלייך געמאכט א פּאָרשלאָג אז מיר זאָלען פאררופען א ספּעציעלען מיטינג, כדי צו באטראכטען די זאך. דער פּאָרשלאָג איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען. דער פּרעזידענט, מ. האָפמאַן, האָט באשטימט א קאָמיטע פון דריי צו פאררופען דעם מיטינג. די קאָמיטע איז באשטאנען פון מיר, ברודער הערי אוילשטיין, און בר. פוקסמאַן, דער דאמאָלסדיגער סעקרעטאר, וועלכער איז ליידער שוין ניטאָ צווישען די לעבעדיגע.

צו דעם ספּעציעלען מיטינג איז גראד אונזער פּרעזידענט ניט געווען. האָבען מיר דערוויילט ברודער ש. צווייג אלס טשערמאַן פאר דעם מיטינג. ברודער צווייג וועלכער האָט פאר א שטיקעל צייט זיך צוריקגעהאַלטען פון אונזערע מיטינגען, ווייל ס׳איז ניט געווען גענוג טעטיגקייט ביי אונז, האָט תחילת ניט געוואוסט וועגען וואָס עס האנדעלט זיך. נאָר אז ער האָט אויסגעפונען דעם צוועק פון דעם מיטינג, איז ער געוואָרען זעהר באגייסטערט, און ער האָט זיך אריינגעוואָרפען אין דער ארבייט מיט לייב

און לעבען. נאָך וויניג דעבאַטעס איז באַשלאָסען געוואָרען צו רופען אַ מאַסס־מיטינג פון אַלע פעלשטינער לאַנדסלייט צו באַטראַכטען וועגען און מיטלען ווי אַזוי צו זאַמלען געלט און טאַקע אַ סך געלט.

אַ קאָמיטע פון די פאָלגענדע מעמבערס איז דערוויילט געוואָרען אָנצוגעהן מיט דער ארבייט: ש. ח. פּאָרטנאָי, ש. צוויינ, ה. אוילשטיין, מ. האָפּמאַן, פוקסמאַן און דר. האָפּמאַן. די קאָמיטע האָט אָפּגעהאַלטען אַ פּאָר מיטינגען — איינעם ביי מיר אין הויז און דעם צווייטען ביי בר. מ. האָפּמאַן, וואו ס'איז ענדליך באַשלאָסען געוואָרען צו דינגען דעם גרויסען קלינטאָן האָל, צו דרוקען אַן אויפרוף און אים צושיקען צו אַלע לאַנדסלייט וואָס געפינען זיך אין גרייטער ניו יאָרק.

די קאָמיטע האָט דערוועהלט ברודער צוויינ אַלס דערוויילינגען טרעזשורער און פוקסמאַן — סעקרעטאַר. מיר האָבען אויך באַשלאָסען איינצולאַדען דר. קלינג אַלס טשערמאַן פונ'ם מיטינג.

דערוויל איז אָנגעקומען אַ בריוו פון אונזער לאַנדסמאַן, מ. רובינשטיין, צו זיין קאָזין דר. האָפּמאַן, אין וועלכען ער האָט ארויסגעשריבען ניט נאָר וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן ביי אונז אין דעם אומגליקליכען שטעטעל, נאָר ער האָט אויך ארויסגעשריבען די נעמען פון די קרבנות וועלכע זיינען געמאָרדערט געוואָרען פון פעטלוראַס ווילדע חיות. דאָס האָט ארויסגעהאָלפען אינ'ם ערפאָלג פון אונזער מיטינג".

וואָס ס'איז פאָרגעקומען ביי דעם מיטינג און דערנאָך, און ווי אַזוי דער רעליף האָט געארבייט איז אַ לאַנגע און הערואישע געשיכטע פאַר זיך אליין. מען וואָלט געקענט אָנשרייבען אַ גאַנצען בוך וועגען דער איבערגעגעבענער ארבייט פון די אכצען מענשען, וועלכע זיינען אויסגעקליבען געוואָרען אין דעם קאָמיטעט פונ'ם רעליף, און דעם וואַרימען אָפּרוף פון די פעלשטינער לאַנדסלייט. די גרעסטע זאַך איז צו באַוואונדערען די האַרמאָניע וואָס האָט געהערשט צווישען די מיטגלידער פון דער קאָמיטע. מען האָט געארבייט אריבער צוויי יאָר אונערמידליך, און דורך דער צייט, האָט מען דורכגעפירט קאָנצערטען, טעאַטער־אונטערנעמונגען, מאַס־מיטינגען. מיר האָבען זיך געדאַרפט פאַרבינדען מיט לאַנדסלייט פון דער גאַנצער ברייט און לייגג פון אַמעריקע. אין די נאָענטע שטעט ווי נוארק, פילאַדעלפיע, א. ז. וו. האָבען מיר געשיקט קאָמיטעס, און אפילו דאָ אין ניו יאָרק האָט מען פיל מאָל געדאַרפט געהן זוכען לאַנדסלייט ערגעץ אין די בראָנקס, בענסענהוירסט, קוני איילאַנד, סטעטען איילאַנד און וואו ניט? און דאָך איז קיינמאָל ניט געווען קיין איבעררייד צווישען די 18 מיטגלידער, אַז איינער זאָל וועלען ארויפלייגען די ארבייט אויפ'ן צווייטען. נאָר ווען מען האָט באַפוילען עפּעס

צו טאָן, האָט ער דאָס מיט ליבע אויסגעפירט.

דער הילפס־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון: דר. האָפמאַן, טשער־מאַן; ה. אוילשטיין, טרעזשורער; י. פעלד, סעקרעטאַר; י. זוסמאַן; ס. פאָרטנאַי, פינאַנס סעק.; מ. האָפמאַן, א. לאַנדעס און ס. צווייג — טראַס־טיס; מ. שטילערמאַן, י. רובין, מ. קערדמאַן, ס. פישער, מ. אוילשטיין, ס. וואַסערמאַן, ב. בוים, דר. קלינג, י. העלמאַן און ש. האָפמאַן.

## די שבועה צו האַלטען דעם יאָרצייט

נישט נאָר האָט אונזער פאַראיין געזאָרגט פאַר מאַטעריעלער שטיצע און הילף פאַר אונזערע אומגליקליכע ברידער אין פעלשטין, וועלכע זיינען ניצול געוואָרען פון די מערדער'ס הענט, נאָר ער האָט אויך געשטרעבט צו פאַראייביגען דעם אָנדענק פון אונזערע קדושים. און צום ערשטען יאָרצייט פון דעם גרויסן חורבן ביי אונז אין פעלשטין, ווען די וואונד איז נאָך געווען פריש, און אונזערע הערצער האָבען געבלוטיגט אויף דעם גרויסען בראָך, וואָס האָט געטראָפען אונזערע ליבע און טייערע, האָבען מיר א שבועה גענעבען, אז כל זמן אונזער פאַראיין וועט עקזיסטירען, זאָלען מיר אָפּהאַלטען דעם יאָרצייט. און מיר זיינען מקיים די שבועה. מיר האָבען אויך דעמאָלט באַשלאָסען, אז אונזער טשערמאַן פונ'ם רעליף, דר. מ. האָפמאַן, זאָל תמיד זיין דער טשערמאַן פונ'ם יאָרצייט און עס איז שוין דאָס 17טע מאָל וואָס אונזערע לאַנדסלייט קומען זיך צונויף, מעמבערס און ניט־מעמבערס. אונזער טשערמאַן האַלט תמיד א פאַסיגע רעדע דערנאָך מאַכט מען אַן „אל מלא רחמים". אין די ערשטע יאָרען האָט אונזער חזן ר' דוד געמאַכט די הזכרה.

נאָך דער „מלא" דערמאָנט אונזער טשערמאַן די פאַרזאַמעלטע אז דער יאָרצייט מיטינג האָט צוויי באַזונדערע צוועקען: דער ערשטער איז צו דערמאָנען די טויטע, און דער צווייטער — מען זאָל עפּעס טראַכ־טען וואָס צו טאָן פאַר די לעבעדיגע.

ביי איינעם פון די יאָרצייטען האָט מען באַשלאָסען אַרויסצוגעבען אונזער בוך, ווי עס וועט שפּעטער באַשריבען ווערען.

## באַרג ארויף

אונזער פאַראיין האָט אָנגעהויבען וואַקסען. פילע לאַנדסלייט האָבען אויסגעפונען, אז דער פאַראיין טוט וואונדערליכע ארבייט, און דערווייל האָבען זיי זיך ארומגעקוקט אז ס'איז בעסער צו באַלאַנגען צווישען

איינגענע. דעמאָלט איז צו אונז אריינגעקומען ברודער נייטען פּאָרמאַן, וועלכער האָט זיך באַלד פאַרבונדען מיט די עלטערע אויסגעפּרואוועטע פירער ווי מאיר האָפמאַן, ס. צווייג, ס. פּאָרטנאָי און הערי אוילשטיין. און ער האָט אָנגעהויבען צו טאָן גוטע ארבייט.

אז ס'איז געוואָרען אביסעל פרעהליכער האָט מען ווידער אָנגעהויבען טראַכטען פון קראַנקען־בענעפיט. ענדליך איז מען געפאַלען אויף א פּלאַן, אז מען זאָל מאַכען אזא מין טאָוועל, אויף וועלכען מען זאָל אויסקריצען די נעמען פון אַלע מיטגלידער, מיט'ן באַדינג, אז יעדער ברודער זאָל באַצאָלען א געוויסע סומע געלט פאר זיין נאָמען. דער פּלאַן, וואָס ווערט גענוי באַשריבען אין ה. אוילשטיינ'ס ארטיקעל, איז ג'זווען אַן ערפאָלג.

דערווייל זיינען צוגעקומען א סך נייע און טיכטיגע מעמבערס. מיר האָבען זיך ארומגעזעהן, אז מיר מוזען פּאָרט האָבען אַן אייגענע קאָנסטיטוציע. מיר האָבען דעמאָלט דערוויילט די פאָלגענדע ברידער אין א קאָמיטע אויסצואַרבייטען די קאָנסטיטוציע: ש. צווייג, פּרעזידענט; דר. האָפמאַן, משה גלאַנץ, ה. אוילשטיין, מאיר האָפמאַן, איזי קאָן, סעם פּאָרטנאָי, דזשאָו רובין, איזי פוקסמאַן, ישראל ניימאַן, וו. מיטקאָווסקי און שלמה שרייער.

די קאָמיטע האָט זיך גענומען צו דער ארבייט און אין א קורצער צייט פאַרפאַסט די קאָנסטיטוציע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג און מיר פירען זיך עד היום נאָך די פאָרשריפטען פון דעם דאָקומענט.

## אונזערע יערליכע קאָנפערענצן

וואָס מער נייע ברידער מיר האָבען צוגעקראָגען, אַלץ ברייטער איז געוואָרען אונזער טעטיגקייט. די ארבייט איז געוואָקסען אָבער אָן א באַשטימטען פּלאַן. דארום האָט איינמאָל ברודער ס. פּאָרטנאָי פאָרגעשלאָגען, אז מיר זאָלען רופען א ספּעציעלע פאַרזאַמלונג פון אַלע אונזערע ברידער און צו באַטראַכטען פּלענער, ווי אזוי אָנצופירען אונזער ארבייט אויף א ריכטיגען וועג. מיר האָבען דערוועהלט א קאָמיטע אויסצואַרבייטען א פּראָגראַם און רעקאָמענדאַציעס פאר דעם מיטינג. צו דער פאַרזאַמלונג זיינען געקומען כמעט אַלע ברידער. דער מיטינג האָט אָנגעהאַלטען א גאַנצען טאָג און איז באַשטאַנען פון צוויי זיצונגען. צווישען די זיצונגען האָבען מיר אַלע צוזאַמען געגעסען. דאָס איז אַלעמען געפעלען געוואָרען. פון דעמאָלט אָן האָבען מיר באַשלאָסען צו האָבען יערליכע קאָנפערענצען אין דעם חודש אָקטאָבער, ווען אונזער פאַראיין איז געגרינדעט

געוואָרען. אַלע ברידער קוקען ארויס אויף דער קאָנפערענץ, וואָס מען באטראַכט פאר אַ מין יערליכען יום טוב.

## 25 יעהריגער יובילייַ און דאָס יזכור בוך

אוועק 25 יאָהר, זינט מיר האָבען געגרינדעט אונזער פאראיין. גע־וויינליך קען מען אזא דאטום ניט דורכלאָזען. האָבען מיר טאקע באַ־שלאָסען צו פייערען אונזער 25־יעהריגען יובילייַ מיט אַ גרויסאַרטיגען באַנקעט. דער באַנקעט איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער, 1930.

דר. מ. האָפמאַן איז געווען טאָאסט־מייסטער. צווישען די רעדנער איז געווען אונזער חשוב'ער דר. י. קלינג. ווען דר. קלינג האָט גענומען דאָס וואָרט, האָט ער אָנגעריהרט די פראַגע וועגען ארויסגעבען אַ פעל־שטינער בוך. און שפעטער, ביי אונזערען אַ יאָהרצייט־מיטינג, האָט ער די זאַך לענגער ארומגערעדט. בר. י. בוים האָט אויך זעהר וואַרים גע־רעדט וועגען בוך. דער רעזולטאט איז געווען, אַז מיר האָבען שפעטער אויפגענומען דעם ענין ביי אונזערע פאראיין־מיטינגען, ווען בר. שליגאָ־וויטץ איז געווען פרעזידענט. אַ קאָמיטע איז דערוויילט געוואָרען מיט דר. האָפמאַן אלס טשערמאַן און דעם ענערגישען ברודער יונה בוים אלס סעקרעטאר. דאָ האָבען מיר זיך אויך געהאַלטען ביי אונזער מנהג איינצולאַדען אויך גלאַט לאַנדסלייט, ניט־מעמבערס פונ'ם פאראיין, אונז צו העלפען אין דער ארבייט, וועלכע איז געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג.

## די לעצטע פינף יאָהר — 1930—1935

אַלע אונזערע ברידער ווייסען, אַז פאר די לעצטע פינף יאָהר איז די ארבייט פון אונזער פאראיין געווען מער אינטערעסאַנט און דאָס לעבען זיינס פול מיט וויכטיגע פאַסירונגען. און דאָס האָבען מיר אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען אונזער ברודער נייטען פאָרמאַן. ווי פריער איז דערמאָנט געוואָרען איז דער ברודער געוואָרען זעהר טעטיג אין פאראיין פון דעם טאָג, וואָס ער האָט זיך מיט אונז פאַרבונדען. אָבער צוריק מיט פינף יאָהר איז ער דערוויילט געוואָרען אַלס פרעזידענט פון אונזער פאר־איין. און פון יענעם טאָג אָן, האָט ער אָנגעהויבען איינצופירען נייע און זעהר נוצליכע זאַכען פאר'ן פאראיין.

צו דער אַנערקענונג פון אונזערע ברידער, מוז דאָ געזאָגט ווערען, אַז זיי האָבען איהם פיל ארויסגעהאָלפען דאָס דורכצופירען. אויך דאַרף מען דערמאָנען, אַז דער פעהיגער פרעזידענט, נ. פאָרמאַן, האָט געהאַט

א זעהר פעהיגען סטעפּ ארום זיך. למשל, אונזער ברודער יונה בוים, דער געגעראַל סעקרעטאר פון אונזער בוך — איז געווען פּראַקטאַקאַל סעקרעטאר. און ער האָט ניט נאָר געטאָן גוטע ארבייט פאַר'ן פאראיין, נאָר ער האָט אויך מיטגעהאָלפען אין דער גרינדונג פון די צוויי אָרגאַניזאַציעס, וואָס מיר וועלען דערמאָנען. ער איז תמיד געווען אויף דער וואך, אז מען זאָל העלפען ארויסגעבען דעם בוך. ברודער יצחק פּישביינען, דעם פינאַנץ־סעקרעטאַר, קומט א גרויסער יישר־כח פאר זיין גוטער און איבערגעבענער ארבייט.

היינט טאָקע די פריהער־דערמאָנטע אַלטע פירער ווי אוילשטיין, צווייג, מ. האָפמאַן, פּאָרטנאָי, יאָסל אורבאנד, און אויך בעני בוים, וועלכער איז עטליכע מאָל געווען פּרעזידענט און אויך א זעהר פעאיגער סעקרעטאַר.

אַלע האָבען געהאָלפען דעם פּרעזידענט און אויף אַזאַ אופן האָט מען געקענט דורכפירען אַלע פאראיין־אַנגעלעגענהייטען אין א זעהר קורצער צייט. דעם איבעריגען טייל פון אָוועגט האָט מען אויסגענוצט אויף לעקציעס.

צום ערשטען האָבען מיר איינגעלאַדען אונזערע אייגענע דאָקטוירים: דר. מ. האָפמאַן האָט צו אונז גערעדט וועגען אידישער געשיכטע; דר. שניידער — וועגען מעדיצינישע פּראָבלעמען. שפּעטער האָט דער ברודער נ. פאָרמאַן איינגעלאַדען זיינע פריינט — דעם באוואוסטען פּעדאַגאָג לייבוש לעהרער און דר. עזריאל נאקס און זיי האָבען געהאַלטען זעהר אינטערעסאַנטע פאָרטראַגען וועגען דערציהונג.

איינמאָל האָט דער זעלבער ברודער פאָרמאַן פּאָרגעשלאָגען, אז מיר זאָלען דורכפירען אייניגע קאָנצערטען אָנשטאָט ביזנעס־מיטינגען, אי דאָס זאָלען די ברידער ניט דאַרפען צאָלען קיין איינטריט געלט. מיר האָבען געדונגען א זאַל און פאָרמאַן האָט איינגעלאַדען אידישע אַקטיאָרן, זיינע פּערזענליכע פריינט: מיכל ראָזענבערג, יהודה בלייך, צבי סקולער, וואָלף באַרזעל און אַנדערע שוישפּילער.

אזוי האָבען אונזערע ברידער געגומען איינזעהן, אז דער פאראיין קען דינען ניט נאָר כדי צו געבען שטיצע די נויט־באַדערפטיגע און א שטיקעל קרקע פאר די מתים, נאָר ער קען אויך מעגליך מאַכען, מיר זאָלען זעהר שעהן פאַרברייגגען און הנאה האָבען פון דער וועלט אויך.

## באַנקעט פאַר די גרינדער

איידער דער ברודער נייטען פאָרמאַן האָט פאַרלאָזט זיין פּרעזידענט שטול, האָט ער נאָך באַוויזען דורכצופירען אַ באַנקעט פאַר די גרינדער פון אונזער פאַראיין. אין אָקטאָבער 1932, צום 27־יעריגען יובילײ פון דעם פאַראיין, האָבען מיר געהאַט אַ גרויסאַרטיגען באַנקעט אין רענד סקול זאַל לכבוד די פאָלגענדע ברידער: וו. שיינקמאַן, ה. אוילשטיין, מאיר און בנימין האָפמאַן, שלמה שרייער און סעם וואַסערמאַן — די גרינדער פונם פאַראיין. נאָכן באַנקעט האָבען מיר געהאַט אַ גרויסאַרטיגען קאָנצערט דורכגעפירט פון די פריער־דערמאָנטע קינסטלער מיט בר. נ. פאָרמאַן אלס טאָסטמאַסטער.

שפּעטער, ווען ברודער פאָרמאַן איז שוין ניט געווען קיין פּרעזידענט, איז ער אַלץ געבליבען זעהר אַקטיוו אין די אָנגעלעגענהייטען פונם פאַראיין, און די וואָס האָבען איהם נאָכגעפאָלגט האָבען אויך געפירט דעם פאַראיין אויפן ריכטיגען וועג.

נאָך ברודער פאָרמאַן איז ברודער ל. שליגאָוויץ געוואָרען אונזער פּרעזידענט און ער האָט אויך זעהר ענערגיש געאַרבייט די גאַנצע צוויי יאָהר, וואָס ער איז געווען אין אַמט. ברודער שליגאָוויץ איז געווען זעהר סימפּאַטיש צו דער אידעע פון אַרויסגעבען דעם בוך, און אונטער זיין אַדמיניסטראַציע איז טאַקע אָנגענומען געוואָרען דער באַשלוס דאָס בוך אַרויסצוגעבען.

אונזער איצטיגער פּרעזידענט איז בר. וו. קום — אַ לאָגישער מענש און אַ זעהר איבערגעגעבענער ברודער צום פאַראיין. אויך ער האָט זיך באַצויגען זעהר סימפּאַטיש צו דער אידעע פון אַרויסגעבען דעם פּעלשטינער בוך. ער האָט פיעל געהאָלפען אין דער אַרבייט, און אונטער זיין אַדמיניסטראַציע איז דער בוך ערשינען.

##ליידיס אָקזילערי

מיר האָבען איינגעפירט, אַז אונזערע פרויען זאָלען קומען צו אונזערע מיטינגען און פאַרברייגען מיט אונז צוזאַמען. איינמאָל האָט ברודער פאָרמאַן פאָרגעשלאָגען, אַז זיי, די פרויען, זאָלען זיך אָרגאַניזירען אין אַ באַזונדערע סאָסייעטי. האָבען אַנדערע ברידער געהאַלטען אַז ס'איז מער וויכטיג צו אָרגאַניזירען אונזער יוגענד. אַממייסטענס האָט בר' יונה בוים אַגיטירט, אַז מיר זאָלען פאַראייניגען אונזערע קינדער, ווייל, האָט ער גע'טענה'ט, מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז אונזער פאַראיין איז גע־

גרינדעט געוואָרען מיט 30 יאָר צוריק און אפילו די ברידער, וואָס זיינען ניט געווען צווישען די גרינדער, זיינען אָבער דעמאָלט שוין געווען דערוואַקסענע מענשען. נאַטירליך האָבען מיר שוין איצט דערוואַקסענע קינדער. און סע מוז דאָ אונטערגעשטראָכען ווערען, אַז אַלע אונזערע לאַנדסלייט האָבען זעהר טייערע און גראָטענע קינדער. אַלזאָ, אונזער פאַרלאַנג איז דאָך, אַז אונזערע קינדער זאָלען געהן אין אונזערע פוס־טריט, אַז זיי זאָלען ציען ווייטער דעם פאָדים וואָס מיר האָבען אָנגעהויבען שפּינען, אַז זיי זאָלען אָן אונז ניט פאַרגעסען, אַזוי ווי מיר ווילען ניט פאַרגעסען אונזערע על־טערען. דארום איז טאַקע זעהר נויטיג, אַז מיר זאָלען פריער אָרגאַניזירען אונזער יוגענט.

ס'האָט זיך אָבער גראַדע געמאַכט אַ געלעגענהייט און די לײדים אָקזיליערי איז אָרגאַניזירט געוואָרען. און פאָרגעקומען איז דאָס אויף אַזאַ אופן:

אַ קאָמיטע פונם פאַראיין איז געפאָרען קיין סטעטען איילאַנד אָפּ־צורעקען דעם שטיין פון ציפּה קום. דאָס איז געווען אין יאָהר 1934. צוריקקומענדיג פון דער סעמעטערי זיינען די פאָלגענדע ברידער און שוועס־טער אַריינגעגאַנגען אין אַ רעסטאָראַן: בר. נ. פאָרמאַן און זיין פרוי, ש. צווייג און זיין פרוי, מ. האָפמאַן און זיין פרוי, וו. קום און זיין פרוי, יאָסל רובין, גיטל זאַפרען יאַחאַד לאַנדעס.

ברודער פאָרמאַן האָט פאָרגעשלאָגען אַז די אָנוועזענדע פרויען זאָלען פאַרשרייבען זייערע נעמען און גרינדען אַן אָקזיליערי.

ס'איז אַלעמען געפעלען געוואָרען דער געדאַנק און פאַרשרייבענדיג זיך, האָבען זיי באַשלאָסען אַרויסצושיקען איינלאַדונגען צו אַלע פעלשטי־נער פרויען צו אַ מיטינג אין אונזער מיטינג לאָקאַל. פילע פרויען זיינען געקומען און די אָקזיליערי איז געגרינדעט געוואָרען מיט די פאָלגענדע באַ־אַמטע:

יאַחאַד לאַנדע, פרעז.; פרוי שליגאַוויץ, וויִס־פּרעזידענטין; פרוי דאַרדיק, פינ. סעק.; של. צווייג, פּראָטאָקאָל סעק; פרוי פאָרמאַן, טרעזשורער.

פון דעם טאָג אָן וואָס די פרויען האָבען זיך אָרגאַניזירט טוען זיי גוטע אַרבייט. דאָס ערשטע זיינען זיי „געלאָפען" אַ באָל און דעם פּראָ־פיט געגעבען פאַר אונזער בוך. זיי האָבען שוין אויך דורכ־געפירט עקסקורסיעס, טעאַטער־אונטערנעמונגען און קאָנצערטען. דער עיקר אָבער פאַרברענגען זיי זעהר פרעהליך, ווען זיי קומען צו זייערע מיטינגען און דיסקוסירען די פּראָבלעמען וואָס אינטערעסירען זיי.

# דזשוניאָר ליג

אז די פרויען זיינען שוין געווען פאַראייניגט, איז געוואָרען אַ סך לייכטער צו אָרגאַניזירען אונזערע קינדער, ווייל זיי האָבען געזעהן, אַז זייערע מוטערס פאָלגען נאָך זייערע טאַטעס, טאָרען זיי אויך ניט אָפּ־שטעהן. אָבער דעם אמת זאָגענדיג האָבען דאָ אויך די טאַטעס געדאַרפט צולייגען אַביסעלע ענערגיע אום צו העלפען אונזערע אַמעריקאַנער קינ־דער זיך צו אָרגאַניזירען. ס'האָבען געגוג געאַרבייט די ברידער יונה בוים, מאיר האָפּמאַן און אַנדערע.

און די ארבייט איז זיי געלונגען. אין 1935 האָבען די קינדער פאַררופען דעם ערשטען מיטינג. זיי האָבען שוין ניט אָנגעהויבען אזוי ווי מיר—ערגעץ אויף עסעקס סטריט. זיי זיינען דאָך שוין דאָ דערצויגען געוואָרען און זיינען ניט דורכגעגאַנגען די „שבעה מדורי גיהנום", ווי מיר. דארום האָבען זיי זייער ערשטען מיטינג גערופען אין האָטעל ניו־יאָרקער. און יענע עלטערען, וועלכע האָבען דעם מיטינג בייגעוואוינט, וועלען קיינמאָל ניט פאַרגעסען דעם נחת וואָס זיי האָבען געהאַט צו־צוקוקען און זעהן, ווי זייערע קינדער פלייסען זיך אָנצוהאַלטען דעם בונד מיט די עלטערען און צו דער זעלבער צייט ציען זיי זיך אַוועק ווייטער און ווייטער, ווייל אַזוי פירט זיך די וועלט און דאָס איז דער סוד פונם לעבען.

צו ערשטען מיטינג זיינען געווען:

נוימאַן, דזשאַספער בוים, אוילשטיין, דאָראָטי שיינקמאַן, רייזלין האָפּמאַן, ווילי האָפּמאַן, סאָל אָפּטמאַן.

כאָטש פילע פון די גוטע זאַכען וואָס אונזער פאַראיין האָט אויפ־געטאָן האָבען מיר דאָ אַרויסגעלאָזט ווייל ערשטנס דאַרף מען ניט אַלעס פאַרצייכענען און צווייטענס קען מען ניט אַלעס געדענקען. אָבער פון דעם ביסעל, וואָס מיר האָבען דאָ איבערגעגעבען איז צו זעהן, אַז אונזער פאַראיין האָט געהאַט אַ רעכט אויף זיין עקזיסטענץ און אַז מיר מעגען זיך אַלע ברידער גראַטולירען, וואָס מיר האָבען געאַרבייט און מעגליך גע־מאַכט, אַז דער פּ. פּ. פּ. ב. א. זאָל לעבען און ווירקען.

## ש. ח. פּאָרטנאָי

# אויפ׳ן שוועל פון אַמעריקע



גלייך ווי כ׳האָב איבערגעטראָטען די אמעריקאנער שוועל און זיך פארלאָרען אינ׳ם אונענדליכען שטראָם מיט מענשען, האָט זיך מיר געוואָלט זעהען א פעלשטינער לאַנדסמאַן, ווי איינער וויל לעבען.

מיין ערשטע סטאַנציע אין אמעריקע איז געווען ביי קרובים, וואָס זיינען גראַד געקומען פון קיפּיטשינעץ, גאַליציע. אבער ווי אזוי געפינט מען, איינס־צוויי, א פעלשטינער לאַנדסמאַן אין דעם נויארקער קעסעל־גרוב ? פאר א גרויסשטאָטישען, וועלטליכען מענשען וואָלט עס אפשר געווען ניט מעהר ווי א שפּילכעל, אָבער פאר א פעלשטינער הינטער׳ן־אויוון־אינגעל, וואָס האָט אפילו ניט געהאַט קיין שכל אַנצוגרייטען זיך מיט א נויטיגען אדרעס, איז עס געווען ווי צו זוכען א מענשען פון יענער וועלט...

געוואַלד ! ווי אזוי געפינט מען א פעלשטינער לאַנדסמאַן ? — האָב איך זיך ניט איין מאָל געפרעגט, ווי א משוגענער וואָלט גערעדט צו זיך אליין. פעלשטינער לאַנדסלייט זיינען דאָך פאראַן א סך אין דעם אמע־ריקע. זיי האָבען דאָך אפילו אַן אייגענע „סאָסייעטי", האָט מען געזאָגט נאָך אין פעלשטין. אָבער געה געפין — און צו דער „סאָסייעטי" האָט מיך געצויגען ווי מיט א מאַגנעט...

עטליכע טעג זיינען אזוי אריבער און איך האָב קיין פעלשטינער ניט אָנגעזעהען אין די אויגען.

מיינע ווארשעווער שיך, וואָס איך האָב זיך איינגעקויפט פאר מיין אָפּפאָרען קיין אמעריקע, האָבען זיך צעהאַקט נאָך אויף דער שיף, און איך בין אָנגעקומען קיין ניו יאָרק כמעט באָרוועס. האָב איך געקלערט: וואָס פאר א פּנים וואָלט איך געהאַט ווען איך טרעף אָן א לאַנדסמאַן אין אָט אזעלכע שיך ?...

פירט מיך מיין פעטער פון קיפּיטשינעץ קויפען שיך אויף א פּוש־קאַרט (שטעל־וועגעלע) אין אָרטשאַרד סטריט. דאָרט, זאָגט מיין פעטער פון קיפּיטשינעץ, קריגט מען א שטאַרקע פּאָר שיך און אויך ביליג. און ביליג האָב איך טאַקע געזוכט.

די גרויסע סומע געלט, וואָס איך האָב געבראַכט קיין אמעריקע, האָט באַטראָפֿען א דאָלאר מיט פערציג סענט. און דער פעטער פון קיפּיטשינעץ האָט נעבאך געמוזט דערלייגען פינף־און־דרייסיג סענט צום פּרייז פאר די שיף, וואָס איך האָב געקויפט אויף א פוש־קאַרט אין אָרטשארד סטריט.

אויף אָרטשארד סטריט, מיט׳ן פּעקעל אונטער׳ן אָרעם, דערזעה איך פּלוצים געהן א לאַנדסמאַן, ווע‏מען איך האָב גלייך דערקאָנט, אויך מיט א פּעקעל אונטער׳ן אָרעם. לויף איך איהם נאָך מיט א געשריי — פישעל! פישעל! . . .

דער לאַנדסמאַן בלייבט שטעהן און דערקאָנט מיך אויך: „שמואל־חיים פּערילס״?

„יאָ! — ענטפער איך איהם און בין זיך גאָר מחיה וואָס ענדליך ווייס איך, אז איך בין אין אמעריקע . . .

דער לאַנדסמאַן איז געווען פישעל אברהם־ליבעלעס (שווארצמאַן). ער האָט מיר געזאָגט וואו ער וואוינט און טאקע דעם זעלבען טאָג האָב איך איהם באַזוכט. זיין פרוי לאה־דבורה האָט מיר געזאָגט וואו מינדע אָבערמאַן וואוינט . . . ערגיץ אויף סאַפאָלק סטריט.

ביי מינדען האָב איך שוין אָנגעטראָפֿען נאָך עטליכע לאַנדסלייט, צווישען זיי שמעון וואַסערמאַן. שמעון זאָגט מיר צו מיטצונעמען מיך צו דער פעלשטינער „סאָסייעטי״. איך בין אין זיבעטען הימעל! . . . א קליי־ניגקייט! זעהען זיך מיט אַלע פעלשטינער לאַנדסלייט אין אמעריקע מיט אַמאָל! . . .

שבת אויפדערנאכט ווארט איך אויף שמעון׳ען. איך קאָן זיך אָבער אויף איהם ניט דערוואַרטען. לאָז איך זיך געהן אליין ערגעץ אין א גאַס אויף דער איסט־סייד, וואו שמעון האָט מיר געזאָגט, אז דאָרט קומען זיך צונויף די פעלשטינער. איך דערפרעג זיך קוים און דערשלאָג זיך ענדליך צום לאָקאַל.

ביי דער טיר בלייב איך שטיין און וואַג איהר ניט צו עפענען. עפּעס א מורא האָט מיך ארומגעכאַפּט. פארוואָס די מורא — ווייס איך ניט ביז היינט צו־טאָג.

יואל וואַוויק׳ס (שניידער) איז אָנגעקומען. ער דערזעהט מיך שטעהן פאר דער טיר, ווערט ער איבערראַשט . . . „ווען ביסטו געקומען? — פרעגט ער מיך — און וואָס שטעהסטו דאָ? און פארוואָס געהסטו ניט אריין? . . .

ער עפענט די טיר און שלעפּט מיך אריין. אינעווייניג הייסט זיך מיר יואל זעצען און זיין שטיל . . .

אויפ'ן אויגענבליק האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז איך געפין זיך פלוצים אין פּראָסקוראָווער מאַראָוואָי סוד. אין מזרח און אין מערב זיינען געשטאַנען צוויי הויכע שטולען. אויף איין שטול איז געזעסען מאָניש געלמאַן און אויף דער צווייטער נחום דעם רב'ס. פאַר זיי שטעהען אַזעלכע שטענדערס, אויף וועלכע ס'ליגען הילצערנע העמערלאַך. אויף ביידע זייטען פון צימער זיצען אויסגעזעצט די לאַנדסלייט אויף לאַנגע בענק און אויך אויף בענקלאַך אין מיטען צימער. צוויי לאַנדסלייט — איינער וועלוויל שענקמאַן, דער צווייטער העניך סיגאַל (א גריידינגער) — זיצען לעבען טישלאַך מיט ביכער און פּאַפּירען.

מאָניש געלמאַן, זאָגט מיר יואל, איז דער „פּרעזידענט".

אזוי „פּרעזידענט !" וואונדער איך זיך. דאָס וואָרט „פּרעזידענט", קלער איך ביי זיך, איז דאָך ווי ביי אונז א קייסער ! ... מסתמא איז דער מאָניש געלמאַן געוואָרען א גרויסער מענש אין אמעריקע, אז מען רופט איהם שוין אָן מיט אזא גרויסען נאָמען.

דער פּרעזידענט טוט דריי קלאַפּ מיט'ן האמער אין שטענדאר און אלע ווי איינער שטעלען זיך אויף... שטעל איך זיך אויך אויף...

„ס'אזא געזעץ," זאָגט יואל. — שאַ ! האַלט ס'מויל ! — און איך האַלט ס'מויל, עפען אָבער די אויערען.

דער פּרעזידענט רופט־אויס : „אינ'ם נאָמען פון פוירסט פּעלשטינער בענעוואָלענט אסאָסיאיישאַן ערקלער איך דעם מיטינג געעפענט." ער דער־לאַנגט א קלאַפּ מיט'ן האמער און דער עולם זעצט זיך צוריק אויף די פּלעצער.

מיט וואָס דער פּרעזידענט האָט איינגעוויקעלט דעם נאָמען „פּעלש־טינער" האָב איך ניט אָנגעהויבען צו פאַרשטעהן. איך פרעג יואל'ן. „שאַ !" — זאָגט יואל און אז יואל הייסט שווייגען, שווייג איך.

דער פּרעזידענט הייסט דעם „סעקרעטאר" לייענען די „מינוטס" (פּראָטאָקאָל) „לייענען וואָס ?" פרעג איך יואל'ן. „שאַ !" — זאָגט יואל.

דער סעקרעטאר עפענט א בוך. דאָ געהט מען אודאי ארויסגעבען א משפט אויף עמיצען, קלער איך.

דער סעקרעטאר נעמט לייענען. איך שטעל־אָן מויל און אויערען... וואָס ? ! ער לייענט גאָר וויפיעל געלט עס איז אוועקגעשיקט געווארען קיין פּעלשטין אויף מעות חיטים ! וויפיעל ברידער עס האָבען שוין באַ־צאָלט פאר די „בענעפיט טיקעטס !" און וויפיעל ברידער עס זיינען נאָך שולדיג פאר די „טיקעטס"... וועלכע ברידער ס'האָבען זיך געמאָלדען קראַנק... ווענען מען האָט באזוכט און וועמען ניט... וויפיעל נייע ברידער ס'זיינען אריינגעקומען אין דער „סאָסייעטי", און ווער ס'האָט זיך

פאַרגעשלאָגען צו ווערען „מעמבערס"... ער לייענט וואָס עס איז פאַר־געשלאָגען געוואָרען און וואָס ס'איז באַשלאָסען געוואָרען, און אַזוי ווייטער און ווייטער.

געענדיגט לייענען, שטעלט זיך אויף מאיר האָפּמאַן און זאָגט: „ברוד־דער פּרעזידענט! איך וויל וויסען פאַרוואָס ס'איז ניט פאַרשריבען גע־וואָרען די פאַרהאַנדלונג וועגען דעם..."

פלוצים שפּרינגט־אויף אביגדור זייגערמאַכער און שרייט אויס: „ברוד־דער פּרעזידענט! איך מאַך אַ פּאָינט אָוו אָרדער... דער ברודער מאיר האָפּמאַן בלייבט שטיל, ווי ס'וואָלט איהם אָפּגענומען דאָס לשון און אביגדור נעמט עפּעס דערקלערען, און איך הויב ניט אָן צו פאַרשטעהן אַ וואָרט פון דעם וואָס ער זאָגט.

דער פּרעזידענט טוט אַ קלאַפּ מיט'ן האַמער: „אויסער אָרדער!" — און דער ברודער האָפּמאַן נעמט ווידער ריידען. ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען, טוט דער פּרעזידענט אַ קלאַפּ מיט'ן האַמער: „אוט אָוו אָרדער!...

וואָס די „אָרדערס" באַדייטען הויב איך ניט אָן פאַרשטעהן. אביסעל שפּעטער האָב איך זיך צוגעשאַרט צו הערשעל אוילשטיין און ער האָט מיר דערקלערט וואָס די „אָרדערס" מיינען. „פאַרשטעהסטו מיך," זאָגט ער, „ס'מוז זיין אַזוי ווי אין „מאַראָוואָי סוד" — דיעלאָ פּאַ דיעלאָם, סוד פּאַ פאָרמענו".

יאָ, יאָ! ס'מוז... ס'מוז... מורמעל איך צו זיך אַליין.

שפּעטער אין אָוועגט האָט דער פּרעזידענט ניט אויפגעהערט קלאַפּען מיט'ן האַמער. מיינע לאַנדסלייט האָבען גערעדט און געשריגען עטליכע אויף אַמאָל, ביז עס איז געוואָרען אַזאַ טומעל, אַז איך האָב נאָר מורא געהאַט, אַז אָט־אָט און מען וועט זיך צוקריגען פּונקט ווי אין דערהיים. אָבער דאַנקען גאָט, ס'איז ניט געקומען דערצו.

אין טומעל דערזעהט מיך מיכל פעלד. ער גיט מיר אָפּ שלום און זאָגט שוין דעם פּרעזידענט, אַז עס איז דאָ אַ פרישער לאַנדסמאַן און מען באַדאַרף איהם שוין טאַקע אריינגעמען פאַר אַ „מעמבער".

„וואָס הייסט עפּעס שוין?!" שרייט אויס בנימין האָפּמאַן — „פריהער באַדאַרף מען באַשטימען צי מען וויל איהם האָבען אין דער פעלשטינער סאָסייעטי, און מען דאַרף אויך אויסגעפינען צי וויל ער זיין צווישען די פעלשטינער. וואָטסי די האָררי"?!

וואָס איז דאָס „וואָטסי די האָררי"? פרעג איך יואל'ען. „שאַ!"... ווערט שוין יואל ברוגז אויף מיר.

איך בין שיעור ניט אַרוים פון די כלים: „וואָס הייסט צי ווילען מיך די פעלשטינער האָבען?!... וואָס בין איך אַ גנב?! צי וואָס?!...

און פארוואָס זאָל איך ניט וועלען זיין מיט מיינע פעלשטינער לאנדסלייט?! מיט וועמען דען זאָל איך זיין? מיט די קיפיטשעניצער? וואָס בין איך א גאַליציאַנער?

איך האָב זיך גענומען קאָכען און טאקע שוין שפּילען „תקיעה", ביז לאנדסלייט האָבען מיך בארוהיגט און געהייסען מיר איינצאָלען פופציג סענט צו ווערען א מעמבער פון דער פעלשטינער סאָסייעטי.

וואָס פאר א לאנגע צייט ס'איז שוין פון דעמאָלט אָן! וויפיעל שטור־רעמדיגע וואַסערען עס זיינען פארבייגעלאָפען אין דעם לעבען פון פעלשטי־נער פאראיין זינט יענער צייט. האָט זיך עמיצער געריכט, אז אָט דאָס קליינינקע, ברויזענדע, פעלשטינער פאראיינדעל וועט זיין דער איינציגער אמת'ער איבערבלייב פון אונזער חרוב־געמאכטען פעלשטין?!...



# מיטגלידער פון דעם פעלשטינער פאַראיין

מר. און מרס. ה. אוילשטיין
" " י. אוילשטיין
" " מ. אוילשטיין
דזש. אוילשטיין
מר. און מרס. י. אורבאַנד
" " י. אַקסמאַן
" " ש. אייזנער
" " ה. אַבערמאַן
" " ש. ברענמאַן
" " מ. ברענמאַן
" " ז. ברענמאַן
" " פ. בערלינסקי
" " י. א. בוים
" " ב. בוים
" " ה. בוים
" " י. בוים
" " ה. געלערשטיין
" " ב. גרינבערג
" " דזש. גאָרקין
" " ד. גינזבורג
" " מ. גאָלדשמידט
" " ל. גרינבערג
" " א. גאָלדמאַן
" " ש. גאָלדמאַן
" " א. דאָרדיק
" " י. הויפטמאַן
" " ס. הויפטמאַן
" " ב. האָפמאַן
" " מ. האָפמאַן
" " י. האָפמאַן

דר. און מרס. מ. האָפמאַן
מר. און מרס. י. וואָלאָך
" " ל. וואַסערמאַן
" " ש. וואַסערמאַן
" " ס. וואַסערמאַן
" " א. וויכעס
" " מ. זאַלצמאַן
" " ח. זאַפרען
" " ב. יוסקאָוויץ
מרס. מ. כהן
מר. און מרס. ל. לאָרענשטיין
" " ה. לאָדער
" " י. לים
" " וו. מיטקאָף
" " י. ניומאַן
" " ש. סילווערמאַן
" " ע. סילווערמאַן
" " א. סיגאַל
" " מ. סילווערמאַן
" " ש. נירענבערג
" " א. ניומאַן
" " מ. י. סילווערמאַן
" " ס. סיגאַל
" " י. סילווערמאַן
" " י. א. פישביין
" " א. פישביין
" " י. פישביין
" " ד. פישביין

מרס. פוקסמאַן
מר. און מרס. מ. פישמאַן
" " נ. פאָרמאַן
" " ד. פאָרמאַן
" " מ. פריעדמאַן
" " ד. פעלדמאַן
" " ש. ח. פאָרטנאָי
" " ד. פאָמעראַנץ
" " נ. פאובער
" " ש. צווייג
" " מ. קורים
" " י. קאַרשענבוים
" " א. קאָמינקער
" " וו. קום
" " מ. קאול
מרס. ש. קאַרשענבוים (גרעי)

מר. און מרס. ש. קומער
" " ה. קאָהן
" " דזש. קרישטאָל
" " ב. ריכטער
" " י. ריכטער
" " דזש. ריכטער
" " וו. שענקמאַן
" " ל. שליגאָוויץ
" " ש. שרייער
" " י. שניידער
" " י. שניידערמאַן
" " מ. שוואַרצבערג
" " ס. שוואַרצבערג
מרס. ד. שייפער
מרס. ח. שטומער
מר. און מרס. מ. שטילערמאַן

## הרב דוד נאָוויסעליר

# אַן אויסצוג פון אַ פאַרשפּעטיגטען אַרטיקעל

אין יאָהר 1920 האָט אַ ניו יאָרקער קאָמיטעט פון פּעלשטינער פאַראיין געגרינדעט אין פילאַדעלפיע אַ פילאַדעלפיער־פּעלשטינער־פאַראיין און דער־בײַ געשאַפען צוויי טויזענט דאָלאַר פאַר די פּאָגראָמירטע פּעלשטינער. יענער פּ. פּ. פּ. האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט.

אין יאָהר 1936, חודש אדר, איז ווידער געקומען אַ ניו יאָרקער קאָ־מיטעט פון פּעלשטינער פאַראיין קיין פילאַדעלפיע און מיט דער הילף פון הרב דוד נאָוויסעליר האָט דער קאָמיטעט ווידער געגרינדעט אַ פּ. פּ. פּ. דאָס מאָל שוין מיט'ן צוועק, צו פאַראייביגען די פּעלשטינער קדושים וואָס זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם. לאָמיר האָפען אַז דאָס מאָל וועט דער פּ. פּ. פּ. לאַנג לעבען און קיין מאָל ניט פאַרגעסען די פּעלשטינער קדושים...

די פאַרזאַמלונגען פון דעם פּ. פּ. פּ. זיינען קליינינקע. די מיטגלידער אָבער זיינען אינטעליגענטע מענשען. דערפאַר זאָג איך צו זיי, אַז דער פּ. פּ. פּ. איז אַ סימבאָל פון אונזער פּעלשטין „קטן וגדול שם הוא"...

פּעלשטין! — אַ קליין שטעטעלע מיט גרויסע צרות — זאָג איך צו זיי.

אַ קליין שטעטעלע, מיט אַ גרויסער שריפה!...

אינ'ם יאָהר וואָס ר' ישראל־נחום איז געוואָרען רב אין פּעלשטין, איז פאַרברענט געוואָרען אַ האַלבע שטאָט פּעלשטין.

אַ קליין שטעטעלע, מיט אַ גרויסער מגפה!...

בשנת תק"נ זיינען געפאַלען במגפה דריי און זעכציג קינדער.

זיי ליגען אין אַ קבר הינטער אַ גרויסען באַרג אויפ'ן אַלטען הייליגען אָרט.

אַ קליין שטעטעלע, און אַ גרויסער פּאָגראָם!...

אין פּעלשטין איז אויסגעקוילעט געוואָרען אַ דריטעל פון דער באַ־פעלקערונג.

אַ קליין שטעטעלע מיט גרויסע רבנים.

בשנת ר"ם איז געווען רב אין פּעלשטין הרב ר' דוד הכהן פון שפּאַניע.

הגאון הקדוש ר' ישראל־נחום איז געווען רב אין פּעלשטין פופציג יאָהר. וועגען איהם האָב איך זיך אָנגעהערט וואונדער דערציילען...

אויף דער עלטער איז ער אַוועקגעפאָרען קיין ארץ ישראל און געלאָזט נאָך זיך זיין תלמיד הרב ר׳ עזרא זייגערמאַן וועלכער איז, נאָך איהם, אויך געוועזן פופציג יאָהר רב אין פעלשטין.

נאָך הרב ר׳ עזרא איז הרב ר׳ ישראל קיטובר געוואָרען רב אין פעל-שטין. וועגען הרב קיטובר אליין וואָלט מען באַדאַרפט אָנשרייבען אַ גאַנץ באַזונדער ספר... ער איז געווען העכער פון יעדען מענשען אין שטאָט ברוחניות ובגשמיות... ווייט צו געפינען אַזאַ אידען!...

אַ קליין שטעטעלע און אַ גרויסער בוך...

דיזער ספר „פעלשטין" איז אַ מוסטער פאַר אַנדערע שטעטלאך. די וואָס וועלען לייענען דעם ספר, וועלען, ניט נאָר זעהן זייער אייגען שטע-טעלע, זיי וועלען אויך זעהן אין דעם ספר די גאַנצע אידישע וועלט...

פילאַדלפיע, פאַ., תרצ"ה.



**צום אנדענק פון די פאראיין מיטגלידער וואָס רוהען זייער אייביגע רוה אויף דעם פעלשטינער הייליגען אָרט, בית הקברות ד'באַראָן הירש אין סטעטאן איילאנד.**

אריה ליבוש בר' זאב ברענמאַן
ערשטער פרעזידענט פון פאַראיין
פנחס בר' יוסף האָפמאַן
ישכר דוד הלוי וואַסערמאַן
עקיבא בר' דוד פישביין
יצחק אברהם בר' ליב קאָהן
גרשון בר' חיים קאַפּלאַן
דוד בר' שמואל ראָזענצווייג
יעקב בר' מאיר האָפמאַן
צבי בר' זאב מיטקאָף
באָבצי בת שלמה פאָרמאַן
שרה בת יעקב הלוי אָקסמאַן
ציפה בת ר' בעריש קום
טובע מאַלי בת ר' משה יוספסאָן
משה בר' מאַנים הכהן ראָזענשטיין
און רייזע ראָזענשטיין
דבורה בת ר' גוטמאַן־גרינבערג
גיטל בת ר' יוסף ק גער
בתיה בת ר' יוסף קופער
שמואל בר' משה קום
אברהם בר' ברוך קופער
מרדכי יואל בר' נח הכהן (גרעי)
יקותיאל זלמן בר' אשר אָקסמאַן
שמעון בר' דב־בער שטילערמאַן
יצחק בר' מנחם מענדיל פוקסמאַן
מענדיל בר' דוד נירענבערג
מנחם בר' חיים מיכל ווערבוך
יוסף בר' נפתלי לעווין
יעקב בר' יצחק שטומער
מאיר יצחק בר' חיים שטומער
מנחם מענדיל בר' יחזקאל ראָזען
טשארני בת ר' עקיבא לעווין
הילדה שושנה בת יצחק פישביין
חיה שרה בת ר' חיים האָפמאַן
הילד וואַסערמאַן
יצחק יוסף גרובער
יהודית בת העניך האָכמאַן
הילד מרדכי צווייג
הילדה רחל נירענבערג
פרומה רחל בת ר' איזיק גאָלדשמיט
יונה האָכמאַן.

# אַבאָנענטען פאַרן בוך

מינדע הובערמאַן
בן ציון וואָלפסאָן
ס. וויקטאָר
ש. זייגערמאַן
ג. זאָפרין
דזש. זייגערמאַן
יוכבד לאַנדעס
מ. סטאָון
ר. ספילאַנסקי
ח. ט. סילווער
דזש. ראָזענבוים
מעכצי רובינשטיין
ס. פאָמעראַנץ
ל. פוירלשטיין
מיכל פעלד
ה. געליר
נפתלי פעלד
ה. פעלד
ש. פישמאַן

יוסף פעלד
ז. פאָמעראַנץ
ג. ציינבערג
י. צירולניק
ק. קופער
א. קרישטאָל
ס. קעץ
פרוי קיצעס
ש. קעלענזאָן
ח. קאָהן
וו. ראָזענבלום
מ. בערענשטיין
מ. גרינבערג
א. גרינבערג
ל. גאָרין
ח. הובערמאַן
ל. האָפמאַן
דזש. אָקסמאַן

צו די וואָלאָטשיסקער און גריידינגער לאַנדסמאַנשאַפטען דריקען מיר אויס א הארציגען דאנק פאר זייער פרייוויליגער שטיצע צו אונזער בוך. מיר האָפען צו קענען אויך אויסדריקען א דאנק צו די פּראָסקוראָווער, יארמולינעצער, קוזמינער און צו אַלע לאַנדסמאַנשאַפטען פון אומגעגענד פאר העלפען אונז פארשפרייטען דאָס בוך.

# א דערקלערונג

אמת, בילדער זיינען געווען אריינגערעכענט אינ׳ם אינהאלט, ווען מיר האָבען צוגעגרייט דעם פּלאַן פאר׳ן בוך. עס האָט זיך אָבער ארויס־געוויזען, אז בילדער זיינען פארבונדען מיט א צו־גרויסער סומע געלט. מיר זיינען דארום געווען געצוואונגען צו באגרעניצען די צאָל פון די בילדער אינ׳ם בוך.

מיר בעטען אלע די וועמעס בילדער עס זיינען ניט אריין אין בוך — ניט צו האָבען קיין פאראיבעל אויף אונז. צו אלץ מוז זיין א שיעור.
אויך די וועמעס מאנוסקריפּטען עס זיינען ניט אריין אין בוך, בעטען מיר, ניט צו האָבען קיין פאראיבעל אויף אונז.
דאָס בוך איז שוין אזוי אויך איבער דער מאָס.

---

דאָס לעבען דאָ ביי אונז אין אמעריקע איז אַן אָנגעשטרענגטס, א נערוועזעס, אַ פּיבערישעס. די זיצונגען פון קאָמיטעט, דאָס זאמלען און דאָס אויסקלייבען דעם מאטעריאל, דאָס צוגרייטען, דאָס רעדאקטירען, און אויך די ארבייט אין דרוקעריי, איז צוגעגאנגען אין אַן אָנגעשטרענג־טען, נערוועזען און פּיבערישען צושטאנד. אויב דאָס בוך איז ניט באַ־לאַנסירט, ווי עס בעדאַרף צו זיין, אויב גרייזען זיינען ניט אויסגעמידען געוואָרען, אויב די אָרטאָגראַפיע איז ניט קיין אויסגעהאלטענע, איז עס די שולד פון אונזער אָנגעשטרענגטען, נערוועזען און פּיבערישען לעבען דאָ ביי אונז אין אמעריקע . . .

מיר ווילען צו קיינעם קיין טענות ניט האָבען. מיר דאנקען פון טיפען הארצען אלע די וואָס האָבען אונז געהאָלפען שאפען דאָס מיט בלוט געשריבענע היסטאָריש בוך.

י. בויס.

The illustrations in the book were drawn by a stranger under our supervision and are true character and landscape sketches which can be easily identified.

Lastly, this short resumé of the purpose and content of the book is specially meant for our children who cannot read Yiddish.



it soon began. Two and one-half years of continuous devoted labor was necessary to complete it. Every contributor was born in Felshteen, and except two, none of them has done any professional writing.

Our plan was, first, to give a full list of the victims of the Pogrom; next to provide a permanent record of the Pogrom, written by those who lived through it, and then a complete picture of the life of the town from as far back as we could remember. Lastly, the life of the Felshteener emigrant to this country was to be included.

The complete list of the victims could not be obtained, but the list gathered is long enough to show the extent of the massacre.

The introduction to the book, written by Dr. Kling, conveys the idea that the best and finest monument to our dead is the written word.

The first article on the Pogrom is written by Mr. S. Landow. He proves that Petlura, believing the Jews to be Bolsheviki, in order to eliminate them without losing world-wide public good-will, sent some spies to Proskurove and Felshteen, who induced the young, inexperienced, Jewish labor leaders there to start an uprising against the Ukrainian government which was then in power. Such an uprising, he thought, would justify the Pogroms.

The next article, by M. Silberman, offers proof that Petlura was the actual instigator of the Pogroms.

All the articles dealing with the tragedies of the Pogrom, such as "Haunting Memories", by Deborah E. Rubinstein, are personal experiences. Each tells a harrowing story, more heart-rending than the one before.

The second section of the book contains stories of different characters in Felshteen, some of whom lived long before the Pogrom, and others who were killed during it.

The third section of the book deals mainly with the activities of the Felshteener Organization.

prostrated with grief. The sudden realization that we had lost so many of our relatives, so abruptly by such a cruel death, that never again would we see them — mother, father, sister, brother—filled us with great distress.

What were we to do? The dead were beyond all aid. It was the living who called for our help. We immediately set out to do all we could for those survivors who had miraculously escaped from a sudden, violent and cruel death. We formed a relief committee to collect funds. We sent large sums of money to Felshteen by special messenger, but that proved of little help, for the constantly changing authorities in their struggle for supremacy, on entering the town, always forced the population to accept their own official paper money.

The realization that we could in no way help those of our relations who remained alive, added greatly to our affliction. We mourn our loss and according to ancient Jewish tradition we congregate on the yearly memorial day to pay our respects to our martyred dead.

Each memorial day reopened our old wounds. Although fifteen years had gone by, the picture of the Pogrom and its attendant cruelty was still bright in our eyes. The Felshteener Organization, having arranged, through all these years, the assembly for the memorial days, felt that its duty was to create some monument to the memory of the dead. Some members thereupon suggested the erection of a memorial stone on their cemetery suitably inscribed with the names of all those who had been killed in the Pogrom. That suggestion was received with little favor, however, and therefore has never been brought to fruition.

To Dr. Jehiel Kling, all credit is due for the idea of this book as a monument to the massacred Jews of Felshteen. His idea was enthusiastically received. Plans for the projected book were promptly made. Work on

